# טשענסטאָכאָווער

# יידן

אַרויסגעגעבן פון

## יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט
## און ליידיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק

אונטער דער רעדאַקציע פון

**ד״ר רפאל מאַהלער**

מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע-קאָלעגיע :

**אלקנה כראַבאָלאָווסקי, רפאל פעדערמאַן, אבא קויפמאַן**
**און וואָלף גליקסמאַן**

קינסטלערישע רעפּראָדוקציעס

**אַרטור שיק**

גראַפישע אַרבעטן געצייכנט פון

**נאָטע קאָזלאָווסקי**

●

CZENSTOCHOVER YIDN



●

Printed in U. S. A.

GRENICH PRINTING CORP.

151 West 25th Street

New York City 1, N. Y.



ד׳




זייט


סאָרוואָרט פון רעדאַקציע — V—VI

הקדמה — ד"ר רפאל מאַהלער — VII—XII


## די אַנטוויקלונג פון ישוב


- יידן אין טשענסטאָכאָוו ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה — ד"ר יעקב שאַצקי — 3—31
- טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט — ח. ל. שוואַרץ — 32—46


## דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן


- יידן אין דער אינדוסטריע — ד. בעזבאַראָדקאָ — 47—50
- פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-פאַראייניגען — ד"ר ר. מאַהלער, י. ש. הערץ, א. בראָבאָלאָווסקי — 50—60
- פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון האַנדלס-אָנגע-שטעלטע — א. בראָבאָלאָווסקי — 60—61
- דער האַנטווערקער-פאַראיין און צעכן — א. גאָטליב — 61—64
- חלוץ בעל-מלאָכה — א. שימעונוביץ — 64—65


## קולטור און דערציאונג


- די גערטנער-שול — א. בוכמאַן — 66—68
- די האַנטווערקער-שול — א. גאָטליב — 68—70
- אַרבעטער קינדער-היימען און פאָלקס-שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ — חיה וואַגע-ראָטמאַן, א. בראָבאָלאָווסקי, ר. פעדערמאַן — 70—77
- די יידישע גימנאַזיע — ס. ווירסטעל — 78—79
- אָוונט-קורסן — א. בראָבאָלאָווסקי — 79—80
- „ליראַ" און „די יידישע ליטעראַרישע געזעל-שאַפט" — פּ. שמולעוויטש, א. בראָבאָלאָווסקי — 80—85
- יידישע ביבליאָטעקן — א. בראָבאָלאָווסקי — 85—87
- יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו — וו. גליקס-מאַן, א. בראָבאָלאָווסקי, ר. פעדערמאַן — 87—92
- די יידישע פּרעסע — א. בראָבאָלאָווסקי, מ. צע-שינסקי, ר. פעדערמאַן — 92—101
- יידישע ספּאָרט-באַוועגונג — א. בראָבאָלאָווסקי (לויט אַ יובילֵיי-אויסגאַבע) — 101—103
- דאָס נייע בית-המדרש — א. קויפמאַן — 103—104


## געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס


- „דאָבראָטשינאָשטש" — ד"ר קאָן-קאָלין, פּ. שמולעוויטש — 105—107
- דאָס יידישע שפּיטאָל (פון „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" פון 31-טן אָקטאָבער 1913) — 107—108
- פאָפּולערע בעקערייי — פּ. שמולעוויטש — 109—110
- „טאָז" — ד"ר קאָן-קאָלין — 110—111
- טשענסטאָכאָווער קאָאָפּעראַטיוון — א. בראָבאָ-לאָווסקי — 111
- בילדער צום אַרטיקל „אַרבעטער קינדער-היימען און פאָלק-שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ" — 112
- רעטונג-קאָמיסיע פאַר פּליטים פון דייטשלאַנד — צ. שפּאַלטן, פּ. שמולעוויטש — 113—114


## די יידישע אַרבעטער באַוועגונג


- ס. ס. (ציוניסטישע-סאָציאַליסטישע אַרבע-טער-פּאַרטיי), „פאַראייניקטע", „אומאָפּהענ-גיקע" — יצחק גורסקי, ס. פיינרייך, פייטל שמולעוויטש און א. בראָבאָלאָווסקי — 115—122
- ס. ס. אין קאַמף מיט די וואָוילע יונגען — מ. פיינרייך — 122—123
- דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-בונד — י. ש. הערץ — 123—144
- לינקע פועלי-ציון — יעקב קענער — 144—150
- „השומר הצעיר" — חיים לאַנדוי — 150—152
- פּאָליטישע רדיפות און פּראָצעסן — א. בראָבאָ-לאָווסקי, ה. זיגאָס — 152—156
- יידישע קעמפער אויף די פעלדער פון שפּאַניע — גינאַ מעדעם — 157—165


## פּאָגראָמען


- פאָרוואָרט — ד"ר רפאל מאַהלער — 165—166
- דער „ראַבונעק" — מאַרק ליבער, צוגאָב שמחה לעוו — 166—170
- צווייטער פּאָגראָם — ה. פּייוולאָוויטש, א. ברא-באָלאָווסקי — 170—177
- דריטער פּאָגראָם — י. ש. הערץ און קאָרעס-פּאָנדענצן פון ניו-יאָרקער „טאָג" — 177—183
- דאָס לעצטע יאָר — א. בראָבאָלאָווסקי — 183—186
- אייניקע מיטאַרבעטער פון דער יידישער פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו — 186


## חורבן טשענסטאָכאָוו


חורבן טשענסטאָכאָוו — 187

- די קאַטאַסטראָפע פון ישוב — ל. ברענער — 188—201
- גבית-עדות — א. (הרן) ב. (ראַנדס) — 201—206
- גבית-עדות — א. איזביצקי — 206—212
- יידן געטריבן קיין דייטשלאַנד דורך טשענסטאָ-כאָוו — שמעון גאָטיינער — 212—215
- די פאַרניכטונג פון דער סינאַגאָגע (נייע שול) — וו. גליקסמאַן — 215—218
- אַ נאַכט אין טשענסטאָכאָווער געטאָ — א. איזביצקי — 218—219
- די לעצטע 24 שעה אין „האַסאַג" — ד. קאָניעצ-פּאָלער — 220—222
- טעטיקייט פון יידישן אָרדענונגס-דינסט (ייד. פּאָליציי) — מ. קושניר — 223—226
- טעטיקייט פון „בונד" אונטער דער היטלעריס-טישער אָקופּאַציע — מ. קושניר — 226—230
- די טעטיקייט פון קיבוץ בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע — ל. יוריסטאַ — 230—232
- ווי אַזוי עס זיינען באַהאַלטן געוואָרן די פּאַר-טיי-פענער פון די לינקע פועלי-ציון — יחזקאל בזשעזשינסקי — 232
- די האַנטווערקער און דער חורבן — ד. קאָ-ניעצפּאָלער — 233
- פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט (פון אַרכיוו פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָ-רישער קאָמיסיע אין פּוילן) — 233—239

זייט


דער סוף — ד"ר יוסף קרוק 239—243

נקמה איז זיס (איבערגעדרוקט פון דער „לאַנדסבערגער לאַגער-צייטונג", אָרגאַן פון דער שארית הפליטה אין לאַנדסבערג, בייערן) 243—246

דער היטלערישער באַנדיט וועט הענגען אויף דער תליה (איבערגעדרוקט פון טשענסטאָ-כאָווער „גלאָס נאַראָדו") 246—247

צו דעם דריטן יאָרצייט פון ערשטן יידישן אויפשטאַנד אין טשענסטאָכאָווער געטאָ — ל. ברענער 247—249

דאָס נייע טשענסטאָכאָוו — וו. גליקסמאַן 249—252

קינדער-הויז אין טשענסטאָכאָוו — אידאַ מער-זשאַן (פון „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, יאַנואַר 12, 1945) 253—254


## טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע 255


דאָקומענטן צום אַרטיקל „אַלגעמיינער איבער-בליק איבער דער ברודער-הילף" 256

אַלגעמיינער איבערבליק איבער דער ברודער-הילף — א. כראָבאָלאָווסקי 257—264

„טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין" און „טשענ-סטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט" אין ניו-יאָרק — א. קויפמאַן 265—269

דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמי-טעט אין ניו-יאָרק — א. כראָבאלאָווסקי, א. קויפמאַן 269—277

טשענסטאָכאָווער רעליף-טוער אין ניו-יאָרק — א. כראָבאלאָווסקי 277—281

די טשענסטאָכאָווער שול אין ניו-יאָרק — י. קירשענבוים 281—282

די טשענסטאָכאָווער „יאָנג מענס" — יוסף קויפמאַן 282—285

טשענסטאָכאָווער יאָנג לײדיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק — א. קויפמאַן 286—288

טשענסטאָכאָווער בר. 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק — א. ליטמאַן 289—292

טשענסטאָכאָווער בר. 11 פון יידישן פראַטער-נאַלן פאָלקס אָרדן — ד. טאַנסקי 292—298

טשענסטאָכאָווער בר. פון יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד — י. ווין 298—299

דער טשענסטאָכאָווער פאַטראָנאַט אין ניו-יאָרק — ד. טאַנסקי 299—302

גרינדער, מיטגלידער און שטיצער פון טשענ-סטאָכאָווער הילף-פאַראיין און טשענסטאָ-כאָווער רעליף-קאָמיטעט 303

טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ — ר. פּוזנער 303—305

טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ — מ. צעשינסקי 306—309

טשענסטאָכאָווער פרויען הילף-פאַראיין אין שיקאַגאָ — פּ. פראָדעל 309—310

טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעט-ראָיט — י. גליקסמאַן 310—313

דער טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס-אַנדזשעלעס — ה. גרוימאַן 313—315

דער טשענסטאָכאָווער פאַטראָנאַט אין לאָס-אַנדזשעלעס — ה. גרוימאַן 315—316

ראָזענבלאַט-דיקערמאַן סוירקל אין ניו-יאָרק — ד. טאַנסקי 317

לאַנד-קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע — ר. פעדערמאַן 318—328


## שכנישע לאַנדסמאַנשאַפטן


אַמאָל איז געווען אַ שטעטל זאָלאָשין — מערי ראָזען 328—330

ערשטע זאָלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו-יאָרק — ר. פעדערמאַן 330—337

נאָוואָ-ראַדאָמסק — פּ. קאַלקע 337—340

נאָוואָ-ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו-יאָרק — פּ. קאַלקע 340—342

קאַמיק — ה. יעלין 342—344


## טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל


אַ צוזאַמענטרעף פון טשענסטאָכאָווער אין תל-אביב — פּ. שמולעוויטש, ג. פרייטאָג 345—350


## טשענסטאָכאָווער אין קאַנאַדע


דאָקומענטן פון טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און קאַנאַדע 350

טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף-פאַראיין אין טאָראָנטאָ — וו. גליקסמאַן 351—352

טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין מאָנטרעאָל — וו. גליקסמאַן 352—354



**טשענסטאָכאָווער אין אַרגענטינע** ס. ווירסטעל 354—355

**טשענסטאָכאָווער אין פאַריז** ד. וורואָצלאַווסקי 355—358


## זכרונות און בילדער


אַ טאָג אין טשענסטאָכאָוו — אברהם רייזען 359—360

טשענסטאָכאָוו, מיין טשענסטאָכאָוו — לייבוש לעהרער 360—361

אין און אַרום אַרבעטער קלוב — א. כרא-באָלאָווסקי 361—362

טשענסטאָכאָווער קוילנגרעבער — שמעון בירא 363—364

דאָקטוירים — ד"ר ל. לאַזאַראָוויטש 364—366

אַ בינטל בלומען — פּ. גערבאָווסקי 366—367

אַנאָנימע לאַנדסלייט — בעלאַ גאָלדווירט 367—368

די מאַלאַרסקיס (געשיכטע פון אַ טשענסטאָ-כאָווער פאַמיליע) — א. כראָבאָלאָווסקי 368—373

פון מיין לעבן — ר. פעדערמאַן 374—398

**די געשיכטע פון בוך** – רעדאַקציע-קאָלעגיע 399—403

**ביאָגראַפיע פון ד"ר ר. מאַהלער** 404

איניקע מיטאַרבעטער 404

**ווער איז ווער** I—CXIV

**טשענסטאָכאָווער אין קאַמף קעגן פאַשיזם** CXV—CXXXVIII

**די וואָס זיינען אַוועק אין דער אייביקער רו** CXXXIX—CXLIV


די לעצטע דריי אָפּטיילונגען זיינען באַאַרבעט געוואָרן, לויט דערהאַלטענע מאַטעריאַלן, מיט איינהאַלטן דעם אויסלייג פון נעמען, פון א. כראָבאָלאָווסקי, וו. גליקסמאַן און ר. פעדערמאַן.




בעת מיר זיינען צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך האָט דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו שוין געצאַפּלט אין די בלוטיקע נעגל פון די דייטשע מנוולים. איצט, בעת מיר גיבן דאָס בוך דער עפנטלעכקייט, איז דער בראָך פון טשענסטאָכאָווער יידן אַזוי טיף ווי דער ים.

מיטן אויסנאַם פון אַ קליין רעשטל האָט די קהילה פון דרייסיק טויזנט יידישע נפשות אין טשענסטאָכאָוו געטיילט דעם גורל פון די פערטהאַלבן מיליאָן פוילישע יידן און פון די זעקס מיליאָן יידישע קרבנות פון נאַציזם און פאַשיזם אין אייראָפּע. דאָך איז אונדזער בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" נישט פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ שטיינערנע מצבה אויפן בית־עולם פון יידישן טשענסטאָכאָוו, נאָר ווי אַ ספר־החיים. אין דעם דאָזיקן בוך פון לעבן האָבן מיר געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב צו פאַרשרייבן אַלע דורות און אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געקעמפט און געשאַפן אין אונדזער היים־שטאָט. דער אָנדענק פון יידישן טשענסטאָכאָוו איז טויזנט־פאַך געהייליקט געוואָרן דורכן מאַרטירער־טויט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער.

אונדזער ספר־החיים „טשענסטאָכאָווער יידן" איז אויך אונדזער ספר־היחוס. די קוואַרטאַלן פון טשענסטאָכאָוו, וואָס יידן האָבן געבויט און באַוואוינט, זיינען איצט אָדער חרוב ומוחרב, אָדער באַזעצט דורך נישט־יידן. אַ גרויסע צאָל אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען דער שטאָלץ פון דער יידישער קהילה וועלן מסתמא פאַרפרעמדט ווערן. אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" וועלן אָבער אַלע יידישע גאַסן, אַלע יידישע הייזער, אַלע יידישע אינסטיטוציעס געהערן צו אונדז. מיר וועלן שטענדיק שטאָלצירן מיט זיי און אָפּגעבן כבוד די, וואָס האָבן זיי געשאַפן.

מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס בוך איז לגמרי ניט אויסשעפּנדיק אין יעדן פּרט. אַ טייל געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו, ווי, למשל: די ציוניסטישע באַוועגונג מיט אירע פילע אָפּצווייגונגען, די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, זיינען נישט באַהאַנדלט געוואָרן מיט דער נייטיקער גרינטלעכקייט. די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אונדז אויסגעקומען צוצוגרייטן דאָס

בוך, די אָפּגעריסנקייט פון די אויטאָריטעטע פּערזאָנען, וואָס וואָלטן געווען געקאָנט געבן די נויטיקע אינפאָרמאַציע, איז די איינציקע סיבה פון די דאָזיקע בלויזן. אונדזער אויפריכטיקע כוונה איז געווען צו פאַרצייכענען לזכרון אַלע אָנטפּלעקונגען פון יידישן לעבן און שאַפן אין טשענסטאָכאָוו, אָן אַ חילוק פון ריכטונגען.

אַ טרייסט אין אונדזער גרויסן אומגליק איז, וואָס צאָלרייכע מאַסן פון יידישן טשענסטאָכאָוו האָבן באַצייטנס, אין משך פון צענדליקער יאָרן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, ארץ-ישראל און אין אַנדערע לענדער. זיי האָבן אומעטום געשאַפן זייערע אָרגאַניזאַציעס; מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין די נייע וואוין-לענדער; זיי, וואָס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט שטענדיק געשטיצט זייערע ברידער אין דער אַלטער היים האָבן אויך אויף זיך גענומען די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַרויסצוגעבן דורך דעם „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט" דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן". אויך דאָס בוך איז פאַרבונדן מיט דער הייליקער אַרבעט פון ברודער-הילף. די הכנסה פון דעם בוך איז באַשטימט פאַר דעם הילף- און אויפבוי-פאָנד פאַרן שארית-החורבן פון אונדזער היים-שטאָט. לאָמיר דאָ אויסדריקן אונדזער גרויסן דאַנק און אָנערקענונג אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אין ארץ-ישראל און אין אַלע אַנדערע לענדער, וואָס האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענ-גונגען, נישט געשפּאָרט קיין מי און געלט, כדי דאָס בוך זאָל דערזען די ליכטיקע שיין. זיי אַלע האָבן אַ חלק אין דעם דאָזיקן בוך, און דאָס איז זייער פאַרדינטער שטאָלץ און באַלוינונג.

זאָל דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" העלפן נאָך מער צו פאַרבינדן אונדזערע לאַנדסלייט איבער דער וועלט ווי אַן אינטעגראַלן באַוואוסטזיניקן קיבוץ אין די רייען פון אונדזער שווער-געפּרואווטן פאָלק. זאָל דאָס בוך זיין אין אָנדענק, אַז טשענסטאָ-כאָווער יידן וועלן נישט אָפּשטיין אין קאַמף פאַר דעם קיום און גליק פון פאָלק ישראל.




**די געשיכטע** פון יעדן גרעסערן יידישן שטאָט ישוב אין פּוילן שפּיגלט אָפּ אין מיניאַטור די וויכטיקסטע ליניעס פון דער אַנטוויקלונג פון גרויסן דערניקן און שעפּערישן יידישן קיבוץ, וואָס האָט פאַר דער קאַטאַסטראָפע געשמט ווי דאָס פּוילישע יידנטום. שוין דערפאַר אַליין, צוליב באַרייכערן און פאַרטיפן אונדזער קענטשאַפט פון דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום, דעם רוב מנין ובנין פון אַמאָליקן מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום, איז יעדע נייע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן אַ וויכטיקער יידישער קהילה אין פּוילן אַן אויפטו פון גאָר גרויסער באַדייטונג ניט נאָר פאַר דער יידישער געשיכטע — וויסנשאַפט, נאָר אויך פאַר דעם היסטאָרישן און ממילא נאַציאָנאַלן און קולטורבאַוואוסטזיין פון יידישן פאָלק איבער דער וועלט.

אַ געשיכטע פון אַ יידישער קהילה אין פּוילן איז אָבער אויך עפּעס מער ווי אַן אָפּגעצוימטער טיפּישער פראַגמענט פון דער געשיכטע פון קיבוץ אין לאַנד. יעדע קהילה איז געווען אַן עיר ואם בישראל נישט נאָר אין דער שיינער טראַדיציאָנעלער טיטולאַר, נאָר טאַקע לויט איר באַזונדערער באַדייטונג און ראָלע אין יידישן פאָלקסלעבן. יעדע קהילה האָט פאַרמאָגט איר אייגענע אויסגעפורעמטע אינדיווידואַליטעט, וואָס איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַן אייגנאַרטיקער, ספּעציפישער אַנטוויקלונג אין משך פון לאַנגע דורות.

די טשענסטאָכאָווער יידישע קהילה האָט געטיילט די ליידן און פריידן, דעם קאַמף פאַרן קיום און דעם געראַנגל פאַרן קולטוראויפשטייג פון גאַנצן יידישן מוטער-קיבוץ אין פּוילן. דערביי האָט זי אָבער אויך פאַרמאָגט איר אייגענע כאַראַקטעריסטישע פיזיאָגנאָמיע, איר אייגנאַרטיקן חן, און איר שטאָלץ באַוואוסטזיין וועגן אייגענע גרויסע דערגרייכונגען. הגם אַ סך קלענער פון דער לאָדזשער יידישער קהילה, דער צווייטער גרעסטער יידישער קהילה אין פּוילן, האָט זי אויפגעוויזן אַזויפיל ענלעכע שטריכן אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אין איר סאָציאַל-עקאָנאָמישער און קולטורעלער סטרוקטור, אַז זי קען מיט רעכט באַצייכנט ווערן ווי „קליין לאָדזש”. לאָדזש האָט נאָך צום סוף פון 18-טן י”ה געציילט קוים איין יידישע אַרענדאַר פאַמיליע און אין יאָר 1931 פאָרגעשטעלט אַ קהילה פון העכער 200 טויזנט יידישע נפשות. טשענסטאָכאָוו האָבן צום סוף פון דער תקופה פון אַלטן פּוילן באַוואוינט געציילטע 7 יידישע פאַמיליעס און ערב דער צווייטער וועלט-מלחמה איז דאָרט געווען אַ פאַרפעסטיקטע קהילה פון קרוב 30 טויזנט נפשות.

אין טשענסטאָכאָוו, ווי אין לאָדזש, איז די יידישע באַפעלקערונג געוואַקסן צוזאַמען מיט דעם אינדוסטריעלן אויפשטייג פון דער שטאָט און באַשטאַנען אין אַ גרויסער פּראָפּאָרציע פון פאַבריק-אַרבעטער. ביידע פאַרהעלטנישמעסיק יונגע קהילות

האָבן נישט געקאָנט זיך פאַררופן אויף קיין יחוס פון אַלטע שולן און בתי מדרשים, גאונים אין תורה און מנהיגים אין חסידות, דערפאַר האָבן זיי אָבער זיך געמעגט גרויסן מיט וואונדערלעכע אויפטוען פון יידישן אונטערנעמער-גייסט, עקאָנאָמישער איניציאַטיווע און ענערגיע און מיט אימפּאָזאַנטע דערגרייכונגען פון יידישע אַרבעטער און פאָלקסמענטשן אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלן און פּאָליטישן קאַמף, פונקט ווי אויפן געביט פון מאָדערנע יידישע קולטור-אינסטיטוציעס. ווייל דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו איז אָבער געווען „קליין לאָדזש” און ניט גרויס לאָדזש, האָט עס פאַרבונדן די אייגנשאַפטן און מעלות פון אינדוסטריעלן צענטר מיט דער היימישקייט און וואַרעמער, אינטימער אַטמאָספערע פון אַ מיטעלער יידישער קהילה. די געאָגראַפישע לאַגע ביי דער דייטשער גרענעץ האָט אויך געווירקט, אַז טשענסטאָכאָווער יידן זיינען בדרך כלל געווען מער אויפגעקלערט, ווי יידן אין אַן אַנדערער מיטעלער קהילה אין פוילן. בעיקר, ווי אַ יידישע קהילה אין אַן אינדוסטריעלער שטאָט פון מיטעלער גרויס איז טשענסטאָכאָוו געווען אייגנציקאַרטיק אין פוילישן יידנטום.

די ערשטע הונדערט יאָר פון דער געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו זיינען איין קייט פון עקשנותדיקן מוטיקן געראַנגל קעגן געזעצלעכע גזירות פאַרן רעכט צו לעבן און צו וואוינען אין דער שטאָט. אין אַלטן פוילן האָט דער קליינער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו, אַ „פּרזשיקאַוואַלעק” פון דער שכנותדיקער מוטער-קהילה יאַנעוו (יאַנאָוואַ) פאַרטיידיקט די ערשטע פּאָזיציעס קעגן דער פעודאַלער קלעריקאַלער מלוכה און שטאָטפאַרוואַלטונג, וואָס האָט לויטן געזעץ נישט דערלאָזט יידן צו באַזעצן זיך אין דער שטאָט ביים „ליכטיקן באַרג”. אונטער דער פּרייסישער אָקופּאַציע ווערט שוין לעגאַליזירט אַ געטאָ פאַר די יידן אין טשענסטאָכאָוו, הגם די אָרעמע „בעטליודען” האָבן אויך ווייטער געמוזט אָנווענדן אַלע המצאות כדי נישט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פון דער שטאָט אַלס „אומניצלעכער עלעמענט”. אין דעם האַלב-פעאודאַלן קעניגרייך פוילן ווערט דאָס געטאָ אין טשענסטאָכאָוו, פונקט ווי אין אַ ריי אַנדערע פוילישע שטעט, אָפיציעל פאַרפיקסירט אונטערן בעסער-קלינגענדן נאָמען „יידישער רעווир”, און אַחוץ געציילטע רייכע יהידים ווערט די יידישע באַפעלקערונג אַריינגעקוועטשט אין עטלעכע ענגע און שמוציקע געסלעך.

מיט די רעפאָרמען פון מאַרקיז ווילאָפּאָלסקי פון יאָר 1862 הייבט זיך אָן פאַר די יידן אין טשענסטאָכאָוו, ווי אין גאַנץ פוילן, אַ נייע תקופה. דער קאַמף פאַרן רעכט צו וואוינען אין דער שטאָט איז פאַרענדיקט, עס בלייבט אָבער דער נישט-ווייניקער שווערער קאַמף פאַר עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, פאַר אַ פּלאַץ אין לעבן.

מען ווערט פשוט דערשטוינט ווען מען לייענט די געשיכטע פון דער יידישער אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו. אָן באַדייטנדע קאַפּיטאַלן, אָן פאַכמענערישער צוגרייטונג, אָן שום שטיצע פון דער צאַרישער און שפּעטער פוילישער רעגירונג, האָבן יידן אין דער שטאָט אויפגעבויט כמעט די גאַנצע מיטעלע און קליינאינדוסטריע (די גרויסע פאַבריקן האָבן געהערט צו אויסלענדישע, על פי רוב בעלגיש-פראַנצויזישע פירמעס). יידישע יינגעלייט, וואָס האָבן זייער גאַנצע דערציאונג באַקומען אין בית-המדרש און וואָס פלעגן נאָך אַלס „פאַבריקאַנטן” איבעררייסן די אַרבעט פאַרנאַכט כדי מיט זייערע יידישע אַרבעטער אַריינצוגיין אין שולעכל דאַוונען מנחה-מעריב, האָבן אויפגעבויט גאַנצע צווייגן פון נייע אינדוסטריעס פון שפּילוואַרק און גאַלאַנטעריע, צעלולאָיד און פּאַפּיר, שפּיגל, פאַרבן און אַ ריי אַנדערע. די יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אַליין בלויז אַמאָל „אַ שמעק געטאָן” אויף אַ לייפּציקער מעסע, אָדער אין אַ דייטשער פאַבריק, האָבן זייערע אויסאַרבעטונגען עקספּאָרטירט ניט נאָר איבער גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אַפילו אויפן באַלקאַן קאָנקורירט מיט דייטשע פאַבריקאַנטן. להיפך צו לאָדזש איז די דאָזיקע אינדוסטריע געווען יידיש נישט נאָר לויט אירע אייגנטימער. יידישע אַרבעטער פון די הינטערגעסלעך פון דער זשיקע-גאַס און יאַטקע-גאַס, טעפּער-גאַס און קאַזשע-גאַס האָבן זייער חלק אין דעם דאָזיקן אימפּאָזאַנטן אינדוסטריעלן אויפשטייג מיט זייער מי און שוויים און מיט זייער דערפאַרונג און געניטקייט, נישט ווייניקער ווי די יידישע אונטערנעמער מיט זייער

איניציאַטיוו און רירעוודיקייט. מיט שווערער האָרעוואַניע, פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, דורך 12 און 14 שעה אַ טאָג, האָבן יידישע אַרבעטער — מענער, פרויען און אַפילו קינדער, וואָס האָבן קוים דערגרייכט צום אַרבעטסטיש, אויפגעבויט אַרבעטס־פּאָזיציעס פאַר זיך און פאַרן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון דער שטאָט. נישט איין יידישער פאַבריקאַנט, וואָס איז רייך געוואָרן פון יידישער אַרבעט, האָט שפּעטער די טויערן פון זיין פאַבריק פאַרמאַכט פאַר יידישע אַרבעטער. אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, אַז אַפילו אין דעם באַדייטנדיקן אינדוסטריע־צענטער איז דער גרעסטער טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט געווען אַריינגעקוועטשט אין די טראַדיציאַנעלע יידישע פאַכן פון שניידער, קירזשנער און היטלמאַכער, שוסטער, קצבים און בעקער.

אונטער דעם פלאַסט פון מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע און גרויס־האַנדל בלייבט נאָך אַלץ כמעט אומבאַרירט דאָס אַלטע שטעטל מיט זיין פאַרביקער, אַלטפרענקישער פיזיאָגנאָמיע. חיים לייב שוואַרצ׳ס באַשרייבונג פון נייעם מאַרק אין טשענסטאָכאָוו אויף דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט, מיט די יידישע טאַנדעטער, אויבס־הענדלער, הערינג־ און קאַשע־געוועלבער; מיט די געשטעלן אין אַ דינסטיקדיקן מאַרקטאָג מיט ערדענע טעפּ, שיסלען, קייבערס, קופּערטן, בעטן, שאַנקען, קאַלך, שטריק, לאָקשן־ברעטער, ריבאייזנס; מיט פאַרבן־געשעפטן, שניט־סחורות און גאַלאַנטעריע; יידן מיט וועגעלעך און פּעקל טרעגער — דערמאָנט די באַשרייבונג פון יריד אין שלום אַש׳ס „שטעטל", פונקט ווי זיינע פאַרקויפער פון לעמאָנאַדע, די קאָפּלס און די שעיה סטאָפּעס און נחום יאַנקלס זיינען לייבלעכע ברידער פון שלום־עליכמ׳ס מאָטל פּייסי דעם חזנס. אַ וועלט מיט ענערגיע און לעבנס־לוסט האָט געשפּרודלט אין דער קליינבירגערלעכער מאַסע פון קרעמער, הענדלער און בעלי־מלאָכות.

דער וועקער, דער אָרגאַניזאַטאָר און דער פירער פון די יידישע מאַסן, סיי אויפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן, סיי אויפן קולטור געביט איז אין טשענסטאָכאָוו, ווי אומעטום אין פּוילן, ליטע און אוקראַינע, געווען דער יידישער אַרבעטער־קלאַס. נישט געקוקט דערויף, וואָס די יידישע אַרבעטערשאַפט איז געווען צעבראָקלט אין קליינע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן, און אפשר טאַקע צוליב איר אומנאָרמאַלער לאַגע און שווערער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג האָט זי אַרויסגעוויזן מער רעוואָלוציאָנערן גייסט און קאַמף־ענערגיע ווי דער פאַרפאָלקסווערטער פּראָלעטאַריאַט פון אַרום. צוגעגרייט דורך אַן עקשנותדיקער סיסטעמאַטישער אויפקלערונגס־אַרבעט אויף אומלעגאַלע דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען אין וואַלד און אויפן בית עולם, אין דער שול און אין דער „טשיינע", איז דער טשענסטאָכאָווער יידישער אַרבעטערקלאַס אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן 1905־6 אַרויסגעקומען ווי דער אָנערקאַנטער העגעמאָן פון די יידישע מאַסן אין דער שטאָט. די יידישע אַרבעטער האָבן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין קאַמף קעגן צאַריזם נישט נאָר דורך סיסטעמאַטישער פּאָליטישער אויפקלערונג, נאָר אויך דורך אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן דער פּאָליציי (באָמבע אַטענטאַטן) און אירע אונטערוועלט־אַרויסהעלפער.

אַ ספּעציפישער שטריך פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו איז געווען די איבערוואָג פון די ס. ס. (טעריטאָריאַליסטן), וואָס האָט געדויערט ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זייער טרעפלעך באַמערקט א. כראַבאַלאָווסקי אין זיין סקיצע וועגן דער ס. ס. פּאַרטיי, אַז די פאַר־העלטניסמעסיקע שטאַרקייט פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו איז נישט געווען בלויז אַ רעזולטאַט פון צופאַל, וואָס זי האָט דאָרט פאַרמאָגט אַ ריי פירער, ווי ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי און ד״ר יוסף קרוק; וויכטיקער איז דאָ געווען די געאָ־גראַפישע לאַגע פון טשענסטאָכאָוו; ווי אַ גרענעץ־שטאָט און אַ וויכטיקער פּונקט פאַרן אַדורכפאָר פון עמיגראַנטן, האָט זי געהאַט די גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן וואוקס פון דער אַרבעטער פּאַרטיי, וואָס האָט דווקא די רעגולירונג פון דער עמיגראַציע אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון איר פּראָגראַם אין דער יידישער פראַגע.

נאָך דעם דורכפּאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 ווערט די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען (ס. ס., פּועלי-ציון און „בונד") אין טשענסטאָכאָוו, פּונקט ווי אומעטום אין פּוילן, איינגעשרומפּן. דערפאַר זיינען אָבער אין יענער צייט אויסגענוצט געוואָרן אַלע לעגאַלע מעגלעכקייטן פאַר קולטוראַרבעט. די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט, אין 1911 פּאַראייניקט מיט דער „לירא", פירט אָן מיט בשותפותדיקע כוחות פון אַרבעטער-טוער און דעמאָקראַטישער ציוניסטישער אינטעליגענץ אַ קולטור-אַרבעט, וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן ווי אַ ביישפּיל פון אויפשטייג פון וועלטלעכער יידישער קולטור אין פּוילן. אַ דראַמאַטישע סעקציע, כאָר און ספּאָרטקרייז, עפנטלעכע פאָרלעזונגען פון פּראָמינענטע לעקטאָרן (י. ל. פּרץ) און די ערשטע עפנטלעכע יידישע ביבליאָטעק — דאָס איז דער אופן ווי מען האָט געבויט מאָדערנע יידישע קולטור אין פּוילן נאָך אונטער דעם יאָך פון צאַריזם. אַ וויכטיקער קולטור-אויפטו איז אויך געווען די אָרטיקע יידישע פּרעסע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווי אַן אָרגאַן פון קאַמף קעגן אַסימילאַציע און פאַר פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן.

אַדאַנק דעם הויכן מצב פון אויפקלערונג פון אָרטיקן יידישן ישוב איז אויך טשענסטאָכאָוו געווען איינע פון די זעלטענע יידישע קהילות, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט פרייִדיקן פּראָדוקטיוויזאַציע, נאָר טאַקע געטאָן ממשותדיק אויף דעם דאָזיקן געביט. די גערטנערשולע (פּערמע) און די האַנטווערקערשולע וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן נאָך אויף דער שוועל פון 20-טן יאָרהונדערט, האָבן אויסגעבילדעט צענדליקער געניטע לאַנדווירטן, שלאָסער, טישלער און סטעלמאַכער. נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה האָבן אַ סך פון די אַבסאָלווענטן פוןביידע שולן עמיגרירט קיין ארץ-ישראל און מיט זייערע פאַך-קענטענישן געהאָלפן בויען דאָס יידישע לאַנד.

פילאַנטראָפּיע איז מיט רעכט אַ קאָמפּראָמירטע אינסטיטוציע אין געזעלשאַפט-לעכן לעבן. דאָך איז די טשענסטאָכאָווער „דאָבראָטשינאָשטש" (פּוילישער נאָמען פאַר „צדקה") אַ פּאָזיטיוו ביישפּיל וואָס עס פלעגט אויפטאָן יידישע געזעלשאַפט-לעכע זעלבסטהילף, איניציאַטיווע און ענערגיע. אַחוץ די אָרגאַניזאַציע פון דרינגענדער הילף, פון אַ מושב זקנים און יתומים-הויז האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט אויפגעבויט אין 1913 אַ שפּיטאָל, וואָס איז געווען מוסטערהאַפט מיט זיינע מאָדערנסטע איינ-ריכטונגען און אָפּטיילונגען פאַר אַלע געביטן פון מעדיצין.

אַזוי האָט דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה אונטערן יאָך פון צאַריזם געקעמפט, געבויט און געשאַפן.

די ערשטע וועלט-מלחמה און די דייטשע אָקופּאַציע האָבן געבראַכט אויסטערליש עלנט און נויט אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו. ווידער האָט זיך די אָרטיקע יידישע אַרבעטערשאַפט אַרויסגעשטעלט ווי דער רירעוודיקסטער און אחריותפולסטער כוח אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויסנוצנדיק די נייע לעגאַלע מעגלעכקייטן זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניען פון עטלעכע אינדוסטריע-צווייגן. די אַרבעטער-פּאַרטייען זיינען אויך געווען די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט זעלבסטהילף-אינסטיטוציעס פון יידישע מאַסן, ווי פאָלקסקיכן, אַ בעקעריי, אַ קינדערהיים און אַנטוויקלט אַ קולטור-אַרבעט אַרום דעם ניי-געגרינדעטן לעזע-זאַל.

אין דעם פריציש-קאַפּיטאַליסטישן פּוילן איז די לאַגע פון די יידישע מאַסן געווען באַשטימט דורך די געענדערטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין לאַנד. לעגאַל זיינען יידן אין פּוילן געווען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. זעען מיר טאַקע אויך אין טשענסטאָכאָוו, ווי אין די געענדערטע לעגאַלע באַדינגונגען אַנטוויקלט זיך אַ שטאַרקע און צעצווייגטע יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע; דער מיטל-שטאַנד אָרגאַניזירט זיך אין סאָלידן האַנטווערקער קלוב. עס ווערט אויפגעבויט אַ יידיש שולוועזן מיט צוויי קינדערהיימען, צוויי פאָלקסשולן, אָוונט-קורסן פאַר

אַרבעטער און אַ העברעאיש-פּוילישע גימנאַזיע. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק און עס האָט זיך אויסגעשפּרייט די יידישע ספּאָרט-באַוועגונג.

נישט געקוקט אָבער אויף דעם, וואָס פאָרמעל האָט זיך די רעכטלאָזיקייט פון יידן געענדיקט, האָט די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע און קודם כל די אַנטיסעמיטישע רעאַקציע אין לאַנד אַ סך פיינלעכער געדריקט די יידישע באַפעלקערונג, ווי אין די צייטן פון צאַריזם. אין צאַרישע צייטן, בפרט זינט דעם אָנהייב פון 20-טן י"ה, האָט מען געפילט דעם פרישן ווינט פון דער אָנקומענדער באַפרייאונג. אין „אומאָפּהענגיקן" פּוילן האָט מען מיט זאָרג און אומרואיקייט צוגעזען ווי די רעאַקציע פאַרפעסטיקט זיך אַלץ מער פון יאָר צו יאָר. דערפון נעמט זיך, וואָס הגם אין כמות האָט זיך דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור-לעבן צעצווייגט און צעוואַקסן, האָט געפעלט אין דער אַרבעט דער שוואונג און די האָפערדיקייט פון פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה. מיט דער פאַרטיפונג פון דער עקאָנאָמישער נויט און דער פאַרשאַרפונג פון דער פּאָליטישער רעאַקציע איז אויך אין כמות דאָס יידישע קולטור-לעבן איינגעדאַרט געוואָרן. גענוג צו דערמאָנען, אַז אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט מען אין טשענסטאָכאָוו פון יידישן שולוועזן אין דער יידישער שפּראַך מיט גרויס מסירת נפש קוים איינגעהאַלטן איין קינדערהיים.

אַ מין טרויעריקער סימבאָל פאַר דער לאַגע פון די יידן אין גאַנץ פּוילן אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט-מלחמות זיינען די פּאָגראָמען, וואָס די טשענסטאָכאָווער יידן האָבן דורכגעלעבט: דער פּאָגראָם אין 1919 ווי אַ מין אָנזאָג פון ברוטאַלן אַנטיסעמיטישן קורס פון דער ניי-געגרינדעטער פּוילישער מלוכה און דער צווייטער אין 1937, וואָס האָט שוין געוואָרפן דעם שוואַרצן שאָטן פון דער אָנקומענדער היטלערישער פאַרוויסטונג.

די ליכטיקסטע זייט פון דער געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו, ווי אין גאַנץ פּוילן, אין משך פון די דאָזיקע צוואַנציק יאָר איז די אויסערגעוויינלעכע אַקטיווקייט אויפן פּאָליטישן געביט. מיט דעם וואוקס פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון יידישן בירגערטום און בפרט פון קליינבירגערטום האָט זיך שטאַרק צעשפּרייט און פאַרפעסטיקט די ציוניסטישע באַוועגונג. נישט אין אַ קלענערער מאָס איז געוואַקסן דאָס קלאַסנבאַוואוסטזיין פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין די באַוועגונגען פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. די אַמאָליקע ס.ס., רעאָרגאַניזירט אַלס „פּאַראייניקטע" און דערנאָך אַלס „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן" האָבן פאַרלוירן אַלץ מער פון די אַמאָליקע פּאָזיציעס און אין 1938 זיינען זיי אויפגעלייזט געוואָרן דורך דער מלוכה-מאַכט. די שטאַרקסטע פּאַרטייען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט זיינען געווען דער „בונד" און די קאָמוניסטן. ווי אַ בריק צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם האָבן זיך אַנטוויקלט די לינקע פּועלי-ציון, די החלוץ באַוועגונג און „השומר הצעיר" וואָס האָבן באַהערשט אַלץ ברייטערע קרייזן פון דער יידישער יוגנט. אַ הערלעך בלאַט פון העכסטן מענטשלעכן אידעאַליזם האָט פאַרשריבן מיט איר בלוט די טשענסטאָכאָווער יידישע יוגנט. צענדליקער יידישע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן האָבן געשמאַכט יאָרנלאַנג אין פּוילישע תפיסות פאַר זייער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון יידישן און פּוילישן פאָלק. נישט איין טשענסטאָכאָווער יוגנטלעכער האָט אַוועקגעגעבן זיין לעבן אויף די פעלדער פון שפּאַניע אין קאַמף קעגן פראַנקאָס פאַשיסטישע פאַלאַנגעס. אין דער זעלבער צייט האָבן פילע צענדליקער יידישע יינגעלייט פון טשענסטאָכאָוו זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ-ישראל און מיט זייער שוויים און בלוט אויסגעטריקנט זומפּן, באַוואַסערט מדבריות און אויסגעהאַקט כבישים, כדי אויסצולייגן אַ וועג פאַר דער אַלט-נייער נאַציאָנאַלער היים פון יידישן פאָלק. זיי אַלע צוזאַמען, די חלוצים און „שומרים", רעכטע און לינקע פּועלי ציון, בונדיסטן און קאָמוניסטן האָבן שפּעטער, אין דער שוואַרצער שעה פון היטלערישער פאַרטיליקונג זיך געגעבן די הענט קעגן דעם דם-שונא און צוזאַמען זיינען זיי געפאַלן אין העראָאישן קאַמף פאַר דעם כבוד פון יידישן פאָלק.

אַ בוך וועגן יידישן טשענסטאָכאָוו וואָלט נישט געווען פולשטענדיק, ווען עס זאָל נישט אַריינגעמען אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון טשענסטאָכאָווער איבער

דער גאָרער וועלט. דאָס געפיל פון פאַרבינדונג מיט דער היים־שטאָט איז ביי די טשענסטאָכאָווער באַזונדערס שטאַרק, און אומעטום וואוהין זיי האָבן עמיגרירט, האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט ווי אַ גרופּע קודם כל מיטן צוועק צו קומען צו הילף זייערע ברידער און שוועסטער אין פּוילן. אין ארץ־ישראל זיינען די מערסטע פון די דאָרטיקע קרוב צוויי טויזנט טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזירט אין אַן אייגענעם „אירגון”. אין ווייטן אַרגענטינע איז טעטיק שוין קרוב צוויי צענדליק יאָר אַ פאַראיין פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. דאָ אין צפון־אַמעריקע איז די לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָווער אַזוי שטאַרק קאָנסאָלידירט און אַזוי רירעוודיק אַקטיוו, אַז זי קען דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דעם זעלבן כאַראַקטער.

***

די טשענסטאָכאָווער יידישע קהילה האָט געטיילט דעם שוידערלעכן גורל פון גאַנצן פּוילישן יידנטום. דאָרט וואו עס האָט אין משך פון 200 יאָר געאַרבעט, געקעמפט און געשאַפן דער טשענסטאָכאָווער יידישער ישוב, ציען זיך היינט חורבות פאַרזייט מיט אַש און פאַרשוואַרצטע, אַרומגעבראָכענע ציגל. אין די גיהינום־אויוונס פון אָשוויענטשים און טרעבלינקע האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם פופציק טויזנט יידן פון טשענסטאָכאָוו און פון די אַרומיקע שטעטלעך. די קאַפּיטלעך וועגן דער מוראדיקער גסיסה פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו וועלכע זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן אין דעם דאָזיקן בוך, זיינען גאָר אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אונטער די נאַציס: לויטן זעלבן נידערטרעכטיקן סיסטעם ווי אין אַלע גרויסע יידישע קהילות אין מזרח־אייראָפּע, לויט דעם זעלבן טייוולאָנישן פּלאַן, וואָס די דייטשן האָבן אַדורכגעפירט אין וואַרשע און אין לאָדזש, אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע, אין קאָוונע און אין לעמבערג, האָבן זיי בהדרגה פאַרמאַטערט די יידישע קהילה און טשענסטאָכאָוו: צום ערשט הונגער, פּייניקונגען און געלע לאַטע; דער צווייטער עטאַפּ — דאָס פאַרשפּאַרן אַלע יידן פון דער שטאָט אין אַ גרויסער געטאָ־תפיסה; די ליקווידירונג פון געטאָ און דאָס איבערלאָזן אַ „קליין געטאָ” כדי אויסצוקוועטשן די לעצטע אַרבעטס־כוחות פון די אויסגעהונגערטע מאַרטירער; דער לעצטער אַקט — די פאַרניכטונג פון רעשט פון געטאָ.

די געשיכטע פון אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידן איז אָבער נישט בלויז אַ מגילה פון בלוט און טרערן, נאָר אַן עפּאָפּייע פון יידישן העראָאיזם. טשענסטאָכאָווער יידן האָבן באַוויזן, אַז זיי זיינען ווירדיקע ברידער פון די אומשטערבלעכע יידישע גבורים פון די געטאָ־אויפשטאַנדן אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק. אומגעבראָכן איז געווען דער קאַמפּמוט פון די זין און טעכטער פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

אויב יידן אין טשענסטאָכאָוו האָבן פאַרשריבן אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום, האָבן זיי דורך זייער העלדישן קאַמף קעגן די נאַציס זיך פאַראייביקט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק בכלל.

מיר אַלע ווינטשן זיך, אַז דאָס קליינע שארית הפליטה פון יידן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס באַווייזט אַזוי פיל ענערגיע און מסירת נפש אין ווידעראויפבויען זיינע עקאָנאָמישע און קולטור־פּאָזיציעס זאָל ביישטיין דעם שטורעם פון דער פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישער כוואַליע, וואָס פּרואווט צו פאַרפלייצן אין יידיש בלוט דאָס נייע פּוילן. זאָלן זיי דערלעבן גליקלעכע צייטן אין פּוילן און נישט דאַרפן פאַרלאָזן זייער היים־שטאָט, אָפּווישנדיק יעדע שפּור פון אַ יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו. ווי עס זאָל אָבער נישט זיין באַשערט דער גורל פון אַ באַנייטן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו, טאָר דער גייסט פון 200 יאָר יידישער געשיכטע אין דער היים־שטאָט נישט גיין לאיבוד פאַר די טשענסטאָכאָווער: די געשיכטע פון דער אייגענער היים־שטאָט מוז ווערן פאַר די טשענסטאָכאָווער איבער דער וועלט אַ קוואַל פון באַגייסטערונג, אַ רעזערוואואַר פון שטאַרקונג אין קאַמף פאַר אַ גליקלעך יידיש פאָלק אין אַ באַפרייטער וועלט.

ד״ר רפאל מאַהלער

## פינף און צוואַנציק יאָר

# טשענסטאָכאָווער

# ברידער הילף



דאָס פּראָיעקטירטע, אין יאָר 1943, שער-בלאַט צום בוך

ד״ר יעקב שאַצקי

# יידן אין טשענסטאָכאָוו ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה

## 1. אַלגעמיינע געשיכטע פון דער שטאָט

די שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט געשפּילט אַן אייגנאַרטיקע ראָלע אין דער פּוילישער געשיכטע. געווען צייטן, ווען די דאָזיקע שטאָט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דער סאַמע הייליקסטער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער רעליקוויע, וואָס קאָנגרעס־פּוילן האָט פאַרמאָגט. אין די צייטן פון אַמאָליקן זעלבסטשטענדיקן פּוילן איז דער נאָמען ט ש ע נ ס ט אָ כ אָ ו ו אַ געווען תמיד פאַרהערלעכט, בפרט אין מאָמענטן פון היסטאָרישן קאַמף פאַר אַ נאַציאָנאַלן קיום. דאָס איז געווען על פּי רוב בעת מלחמות, ווען פרעמדע חיילות האָבן געשטורעמט די פעסטונג טשענסטאָכאָוו, וואָס איז געווען דער טויער וואָס עפנט דאָס האַרץ פון פּוילן, וואַרשע. אָבער ווען אַזעלכע מלחמות פלעגן זיך ענדיקן מיט אַ נצחון פאַר דער פּוילישער אַרמיי, פלעגט מען דעם דאָזיקן ״נס״ צושרייבן דעם ״זכות״ פון דעם הייליקן מאַריע־בילד, וואָס געפינט זיך אין דעם מאָנאַסטיר פון „יאַסנאַ גאָראַ״ אָדער קלאַרענבערג, ווי מען האָט עס גערופן אין כמעט אַלע מערב־אייראָפּעאישע געאָגראַפיעס און וועגווייזער.

אָבער אין דער ״וואָכנס״, ווען דער שטורעם פון אַ מלחמה האָט זיך געהאַט איינגעשטילט און די העלדישקייט אין ״זכות״ פון דער אינטערווענץ פון דער ״געטלעכער״ הילף איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע, וואָס איז וואַריאירט געוואָרן פון פּוילישע פּאָעטן פון אַזעלכע מיטלמעסיקייטן, ווי קאָכאָווסקי און וואָראָניטש ביז אַזאַ גאון ווי אַדאַם מיצקעוויטש, איז די שטאָט טשענסטאָכאָוו געבליבן אין שאָטן פון דער נאַציע. זי איז אָבער געווען אַ כסדרדיקער אָביעקט פון גוט־אָרגאַניזירטער פּראָפּאַגאַנדע מצד דער קאַטוילישער קירך. אין דער געשיכטע פון פּוילישן נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט טשענסטאָכאָוו נישט פאַרנומען אַזאַ אָרט, ווי למשל, קראָקע, וואַרשע אָדער אפילו לעמבערג. אָבער אין דער צייט פון דער רוסישער הערשאַפט, בפרט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, ווען די רוסיפיקאַציע פון לאַנד איז געוואָרן אַ בולטער ענד־ציל־פּראָגראַם פון דער צאַרישער מאַכט, איז טשענסטאָכאָוו געוואָרן פאַר רוסיש־פּוילן דאָס, וואָס קראָקע איז געווען פאַרן גאַנצן פּוילישן פאָלק. אין דער גרויסער דעבאַטע וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די פּוילישע סאָציאַליסטיש־פאָלקיסטישע קרייזן אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, פאַרנעמט די שטאָט טשענסטאָכאָוו אַ צענטראַלע פּאָזיציע, ווי אַן עיר מקלט פון נאַציאָנאַלן ווידערשטאַנד־רעזערוואַר. אין יענער אינטערעסאַנטער, נאָך עד היום נישט אויסגעפאָרשטער דעבאַטע, האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם ווי אַזוי קען מען פּראָפּאַגאַנדירן סאָציאַליזם און נישט דעבאַטירן די פּראַגעס פון רעליגיע.

יאַן פּאָפּלאַווסקי, דער טעאָרעטיקער פון סאָציאַליסטישן פאָלקיזם, וואָס איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון די רוסישע ״נאַראָדניקעס״ האָט אַנטוויקלט אַ טעאָריע, אַז דווקא אין פּוילן טאָר אַ סאָציאַליסט נישט זיין גלייכגילטיק צום קאַטאָליציזם, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די אָפיציעלע הנהגה פון דער קאַטוילישער קירך האָט שטאַרק געזינדיקט לגבי די פּוילישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, נאָר דווקא פאַרקערט. אַ פּוילישער סאָציאַליסט — האָט ער געשריבן — דאַרף קודם כל זיך פילן סאָלידאַריש און פאַראייניקט מיטן קאַטאָליציזם, ווייל אין די פּאָליטישע תנאים, אין וועלכע עס לעבט אין דעם איצטיקן מאָמענט דאָס פּוילישע פאָלק, איז קאַטאָליציזם ממש אַ נאַציאָנאַלע אמונה. אין פּוילישן פאָלק גופא האָט די דאָזיקע אמונה געהאָלפן קאָנסערווירן די עכטע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און מנהגים. נישט נאָר די שפּראַך, נאָר אויך דער פּאַטריאָטיזם האָט אין פּוילן געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען דער קאַטוילישער קירך — האָט פּאָפּלאַווסקי געשריבן.

אַזאַ ״הייליקטום״ ווי טשענסטאָכאָוו — האָט פּאָפּ־

לאַווסקי געשריבן אין זיין וואָכנבלאַט ״גלאָס״ (1890 און 1891) איז נישט סתם אַ ״ווינקל פון דער קאַטוילישער אמונה, נאָר דאָס האַרץ פון פוילשן נאַציאָנאַלן בטחון, וואָס זיין פונדאַמענט איז לעת־עתה די אמונה״.

אין אַ פּאָלעמיק מיט אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי, דעם ראש המדברים פון דער ראַציאָנאַליסטישער שולע פון פּאָזיטיוויזם, וואָס האָט באַקעמפט דעם קלערי־קאַליזם, אָבער נישט די רעליגיע, האָט פּאָפּלאַווסקי אויפגעפאָדערט די פוילישע אינטעליגענץ צו דעמאָנסטרירן איר פוילישקייט און עולה־רגל זיין, צוזאַמען מיט די פוילישע פויערים, קיין טשענסטאָכאָוו. אין אַזעלכע פּראָצעסיעס — האָט ער געשריבן — שטעקט די מאַקסימאַלסטע פוילישקייט, וואָס די פּאָליטישע תנאים דערלויבן זיך צו אַנטפּלעקן.

״פוילישער אינטעליגענט, — האָט פּאָפּלאַווסקי געשריבן — טו זיך אָן אַ גרויע סוקמאַנע, ווי דער מאַזאָוויעצקער פויער און גיי מיט אים צופוס צו דער הייליקער רעליקוויע פון יאַסנאַ גוראַ. שלאָף מיט אים צוזאַמען אויף די שטיינער פון די שאָסייען, זאַפּ איין אין זיך דעם שווערן שווייס פון די פויערישע לייבער, זינג מיט זיי די אַלטע ליטאַניעס צו דער הייליקער מאַריע פון טשענסטאָכאָווע, אָט יענע ליטאַניעס, אין וועלכע עס שטעקט אַן אוצר פון אַלט־פוילישן לשון און טיף־פוילישן בטחון — און דאַן וועסטו פילן אַז דו לעבסט דאָס איינציקע שטיקל פויליש לעבן, וואָס די היסטאָריע האָט אונדז נאָך פאַרגונען און די דרויסנדיקע כוחות האָבן נאָך נישט צוגענומען״.

דער רושם פון פּאָפּלאַווסקיס אַרטיקלען איז געווען זייער אַ גרויסער. אין קאָנגרעס־פוילן באַווייזן זיך טיפן פון בעלי־תשובות־ראַדיקאַלן וואָס האָבן גערופן זיך באַטייליקן אין די פּראָצעסיעס פון דער פוילישער פויערים־מאַסע קיין טשענסטאָכאָוו און אפילו זיך באַמיט איינצואָרדענען אַזעלכע עקסקורסיעס פון אינטעליגענץ און פאַבריק־אַרבעטער.

אפילו אין די סאָציאַליסטישע קרייזן אין פוילן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם מאַרקסיסטישן באָדן, האָט מען מיט שווייגן און ניט פּאָלעמיזירן קעגן דער דאָזיקער ״טשענסטאָכאָווער אָריענטאַציע״ כמעט ווי געגעבן אַ מאָראַלישע הסכמה אויף דעם. אין דעם פּרט איז כדאי צו נצואווייזן אויף אַ ווייניק־באַקאַנטן פאַקט, אַז דער באַרימטער פוילישער סאָציאַליסטישער שרייבער סטאַניסלאַוו ברזשאָזאָווסקי, איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט דער ״טשענסטאָכאָווער אָריענטאַציע״.

אין לאָנדאָנער „פּשעדשוויט״, דעם טעאָרעטישן אָרגאַן פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט מען געשריבן, אַז מען טאָר נישט פאַרשווייגן, אַ פּשיטא שוין איגנאָרירן, דעם פאַקט, אַז דער פוילישער פאָלקרצון קען זיך מאַניפעסטירן לעגאַל נאָר אין די פּראָצעסיעס קיין טשענסטאָכאָוו. געשריבן האָט דעם דאָזיקן אַרטיקל נישט קיין אַנדערער, ווי דער י י ד פעליקס פּערל.

אין דעם באַרימטן רעפּאָרטאַזש פון וולאַדיסלאַוו ריימאָנט, וועגן אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע קיין טשענסטאָכאָוו, אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט אַ ריי פּראָמינענטע פוילישע שרייבער און זשורנאַליסטן — איז דער דאָזיקער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער מאָמענט פון דער ראָלע פון טשענסטאָכאָוו געקומען זייער בולט צום אויסדרוק.

די גרויסע געשעענישן פון 1859, ווען אַ דאַנק דעם ״ליבעראַלן״ קורס אין רוסלאַנד איז געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף שטעלן אַ דענקמאָל דעם גלח קאָרדעצקי, דעם העלדישן פאַרטיידיקער פון דער ״יאַסנאַ גוראַ״ קעגן די שוועדן (אין 1655) — איז געווען דער אָנהויב פון אַן אויפגעלעבטן נאַציאָנאַלן קולט פאַר דער טשענסטאָכאָווער „הייליקייט״. אין אויפשטאַנד פון 1863 האָט מען עולה־רגל געווען אַהין כדי בעטן ״הילף און שוץ פאַר די וואָס גייען שטאַרבן אין איר נאָמען״. עס באַווייזן זיך אַנטאָלאָגיעס פון לידער וועגן טשענסטאָכאָוו. אין 1859 האָט קאַרל קוטש, דעמאָלט דער רעדאַקטאָר פון ״קוריער וואַרשאַווסקי״ אַרויסגעגעבן אַן אינטערעסאַנטן רעפּאָרטאַזש פון זיין באַזוך אין טשענסטאָכאָוו. אין יאָר 1860 איז דערשינען אַן אויספירלעכער וועגווייזער, געשריבן פון דעם באַרימטן שלעזישן פאָלקס־טוער יוזעף לאָמפּאַ. אין 1862, בעת דער „מאָראַלישער רעוואָלוציע״ איז אין וואַרשע דערשינען אַ בוך אונטערן נאָמען ״טשענסטאָכאָוו אין דער פוילישער פּאָעזיע״, אין וועלכער עס געפינען זיך אפילו צוויי לידער פון יידישע שרייבער, ביידע תלמידים פון דער ראַבינערשול (קאָן און לאַנדוי).

דער טרויעריק־באַרימטער מאַצאָך־מאָרד־פּראָצעס (1910), וואָס האָט אויפגעדעקט די צעפוילטקייט פון די ״ברידערלעך״ פון יאַסנאַ־גוראַ, האָט אין דער פוילישער געזעלשאַפט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע אַנטוישונג. מען האָט אין דעם דאָזיקן מאָרד־פּראָצעס געזען אפילו אַ ״פּראָוואָקאַציע״ מצד דער רוסישער מאַכט, כדי צו ״קאָמפּראָמיטירן דאָס הייליקסטע וואָס פוילן פאַרמאָגט״.

אין דעם פּרט איז אינטערעסאַנט דער אויפרוף פון פוילישע שרייבער, אונטערגעשריבן פון סיענקעוויטש, ריימאָנט און אפילו מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, וואָס האָט געוואָלט אָפּטיילן דעם טרויעריקן פאַקט אין דעם לעבן פון מאָנאַסטיר און גערופן ״פאַרהערלעכן דאָס הייליקע, וו ס אַ האַנט פון אַ מערדער קען נישט באַפלעקן״.

נאָך די דאָזיקע אַלגעמיינע באַמערקונגען לאָמיר איצט איבערגיין צו אַ קורצן איבערבליק וועגן דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו.

דער באַטייט פון דעם נאָמען טשענסטאָכאָוואַ האָט אַרויסגעבראַכט אַזוי פיל פאַנטאַסטישע און קוריאָזע טייטשן, אַז פאַקטיש ווייסט מען עד היום נישט די ריכטיקע עטימאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן וואָרט. אין 17טן יאָרהונדערט האָט איינער אַ גראַמען־פלעכטער, וואָס האָט אָנגעשריבן אַן „עפּאָפּייע״ פון 12 געזאַנגען וועגן דער

פאַרטיידיקונג פון דער יאַסנאַ־גוראַ, געטייטשט דאָס וואָרט פון דעם, וואָס „די הייליקע מאַמע״ „באַהאַלט אָפּט״ די קרבנות פון רשעות (טשענסטאָ כאָוואַ). די דאָזיקע שטאָט איז אַנטשטאַנען פון אַ דאָרף, וואָס האָט געהייסן טשענסטאָכאָווקאַ. אין זכות פון אַ מאָנאַסטיר, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דערלעבן, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן אָנהויב 14טן יאָרהונדערט אויף אַ בערגל, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן ״יאַסנאַ גורא״ (דער ליכטיקער באַרג) האָט דאָס דאָזיקע דאָרף זיך בהדרגהדיק אַנטוויקלט אין אַ שטאָט. די געשיכטע דערציילט, אַז דער אָפּאָלער פירשט וולאַדיסלאַוו האָט אין יאָר 1377 דעראָבערט דעם בעלזער שלאָס. דאָרטן האָט ער געפונען אַ בילד פון דער ״הייליקער מאַמע״, וואָס איז לויט אַ מסורה געווען געמאָלן פון דעם אַפּאָסטאָל לוקאַש, דעם ״פּאַטראָן״ פון מאָלערס, אין דער קאַטוילישער קירך. דאָס דאָזיקע בילד האָט דער פירשט וולאַדיסלאַוו געבראַכט מיט זיך און געשאָנקען דעם הילצערנעם קלויסטער, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער יאַסנאַ גוראַ, אונטער דעם דאָרף טשענסטאָכאָווקאַ. דאָס מיינט, אַז דער קלויסטער גופא איז אַ סקעלטער, און לויט אייניקע היסטאָריקער פון קירכן־קונסט אין פוילן, שטאַמט ער פון סוף 12טן יאָרהונדערט. דער פירשט האָט אַראָפּגעבראַכט דעם אָרדן פון אַפּאָסטאָל פּאַוועל, וואָס האָט זיך געפונען אין אונגאַרן. ער האָט די דאָזיקע פּוילינער געשאָנקען צוויי דערפער: טשענסטאָכאָוו און קאַוואָדנע. די הכנסות פון די דאָזיקע צוויי דערפער האָבן געזאָלט דינען פאַר דעם צוועק אויסצובויען מיט דער צייט אַ געמויערטן קלויסטער און אַ מאָנאַסטיר.

דעם 9טן אויגוסט1382 האָט דער פוילישער מלך אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַרן מאָנאַסטיר. אַזוי אַרום איז צושטאַנד געקומען די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט מיט דער צייט גורם געווען דעם וואוקס און אויסברייט פון דעם אָרט מיט אַ רעליגיעזן פּרעסטיזש נישט נאָר פאַר פוילן, נאָר אויך אין דער גאָרער קאַטוילישער וועלט.

די פּוילינער זיינען צוגעטראָטן צו שאַפן אַ ביבליאָטעק און אַן אַרכיוו. נישט געקוקט אויף די אָפטע מלחמות און נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, איז די דאָזיקע ביבליאָטעק כמעט ווי נישט געשעדיקט געוואָרן און פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל מאַנוסקריפּטן, אינקונאַבולן, טייערע חפצים און וויכטיקע דאָקומענטן. צווישן די דאָזיקע זעלטענע ביכער געפינען זיך אַ סך העברעאישע ספרים, וואָס זיינען פאַר דער לעצטער מלחמה געווען אַן אָביעקט פון אַ ריי ביבליאָגראַפישע אויספאָרשונגען, ליידער אָבער נישט פאַרענדיקטע און ממילא קיינמאָל נישט פּובליקירטע (באַלאַבאַן און הירשבערג).

דער טשענסטאָכאָווער מאָנאַסטיר איז מיט דער צייט געוואָרן אַזוי באַרימט אין גאַנץ פוילן, אַז מען איז אַהין געפאָרן נישט נאָר טאָן תפילה, נאָר אויך אַביסל אַ ראַבעווע טאָן. די מתנות פאַר דעם קלויסטער זיינען געוואַקסן און פאַנטאַסטישע קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט וועגן די אוצרות פון גאָלד, וואָס געפינט זיך דאָרטן. אין 1430 איז אַ באַנדע פון פוילישער שלאַכטע אָנגעפאַלן אויפן מאָנאַסטיר, צוגענומען אַ טייל פון די ווערטפולע זאַכן און אפילו אַוועקגעשלעפּט דאָס ״הייליקע בילד״.

די לעגענדע, וואָס איז פאַרשריבן אין דער נישט־געדרוקטער כראָניק פון דעם מאָנאַסטיר, דערציילט, אַז ווען די רויבער האָבן אַרויסגענומען דאָס בילד, האָט ״דאָס בילד אָנגעהויבן וויינען״. די רויבער האָבן זיך דערשראָקן און פון כעס אָדער פּחד אָנגעהויבן שניידן דאָס בילד מיט אַ שווערד און אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק דאָס צעשניטן בילד ניט ווייט פון דער „יאַסנאַ גוראַ״. דער קיניג וולאַדיסלאַוו יאַגיעלאָ האָט געהייסן ברענגען דאָס בילד קיין קראָקע. דאָרטן איז געווען אַ ״ברודערשאַפט פון הייליקן לוקאַש״, אַ חברה פון מאָנאַכן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט מאָלן ״הייליקע״ בילדער. זיי האָבן פאַרריכט דאָס בילד און מיט אַ גרויסן צערעמאָניאַל געבראַכט צוריק קיין טשענסטאָכאָוו. אגב, איז די דאָזיקע פּראָצעסיע פון באָרוועסע עולי־רגל געווען די ערשטע גרויסע קאַטוילישע דעמאָנסטראַציע פון נישט קיין לאָקאַלן כאַראַקטער. די שענדער פון דעם בילד, ווי אויך די רויבער פון די אוצרות האָט מען געכאַפּט און פאַרמשפּט צום טויט.

אין 16טן יאָרהונדערט האָט דער מאָנאַסטיר און זיין אַרומגעבונג זיך מיט גאָרניט ניט אויסגעצייכנט. די „ברידערלעך פּוילינער״ זיינען געזעסן „על התורה ועל העבודה״, ד״ה זיי האָבן שטודירט טעאָלאָגיע און באַאַרבעט, מיט דער הילף פון קנעכט־פּויערים, די צוויי דערפער, וואָס זיי האָבן באַקומען במתנה. אין פאַרגלייך מיט אַנדערע מאָנאַסטירן אין פוילן, ווי טינעץ, למשל, האָט די יאַסנאַ־גוראַ קיין גרויסע לומדים אויף דעם געביט פון דער קאַטוילישער טעאָלאָגיע ניט אַרויסגעגעבן. אַלעקסאַנדער בריקנער, דער גרויסער אויטאָריטעט איבער דער רעליגיעזער ליטעראַטור אין אַלט־פוילן, האַלט, אַז דער מאָנאַסטיר אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך ווייניק אויסגעצייכנט, ווי אַ לערן־אינסטיטוציע, הגם די זאַמלונג פון אַלטע מאַנוסקריפּטן און ביכער האָט תמיד געהאַט אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט.

ערשט אין 17טן יאָרהונדערט איז טשענסטאָכאָוו באַרימט געוואָרן אין גאַנץ פוילן, הגם די באַרימטקייט פון אַ פּראַנצויזישן לורד האָט די שטאָט קיינמאָל ניט דערגרייכט. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס בעת לורד איז געוואָרן דער צענטער פון קאַטאָליציזם אין אייראָפּע און האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין פּרעסטיזש די כלומרשטע ניסים ביים היילן פאַרשיידענע קאַליקעס — איז טשענסטאָכאָוו געוואָרן באַרימט צוליב זיין סטראַטעגישער פּאָזיציע, וואָס האָט איינגעגעבן דער מלוכה דעם געדאַנק צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ פעסטונג. דער פאַקט גופא, וואָס אין דער דאָזיקער שטאָט האָט זיך געפונען דאָס הייליקע בילד, האָט טאַקע גורם געווען דעם

דאָזיקן היסטאָרישן באַשלוס. מען האָט זיך אין דעם פאַל גערעכנט מיט צוויי וואַרשיינלעכקייטן. מען האָט אויסגערעכנט, אַז וואָס אַזאַ פעסטונג פון דער "הייליקער מוטער" וועט פאַרשטאַרקן דאָס מסירת־נפש פון דעם מיליטערישן גאַרניזאָן, וואָס וועט פילן אַז ער באַשיצט צוזאַמען מיט פוילן אויך דעם סימבאָל און געשטאַלט פון דעם בילד. פון דער אַנדערער זייט וועט דער מאָנאַסטיר גופא עולה לגדולה זיין אין זכות פון דעם, וואָס ער איז אַרומגערינגלט פון אַ פעסטונג מיט אַלערליי גאַרניזאָנען פון געדונגענע זעלנער, וואָס וועלן יעדן נצחון צושרייבן נישט אַזוי זייער העלדישקייט, ווי דער ווירקונג פון דער "הייליקער מאַמע". אין דעם פרט האָבן דאָ געווירקט נישט נאָר רייך־סטראַטעגישע טעמים, הגם פון דעם שטאַנדפונקט זיינען אין פוילן צו יענער צייט געווען אַ סך גינציקערע פלעצער פאַר אַ פעסטונג, ווי דאָס וועלן מאַכן אַ שותפות צווישן דעם איבערנאַטירלעכן שוץ און דעם פיזישן ווידערשטאַנד. דאָס ברענגען אַרויס זייער בולט אַ רייע רייזנדע, בפרט אינזשינערן, וואָס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון אויסלאַנד, פון דעם פוילישן קיניג זיגמונט דעם דריטן און שפעטער פון זיין זון וולאַדיסלאַוו דעם פערטן. דאָס איז געווען אין יענער גרויזאַמער צייט, וואָס סענקעוויטש האָט באַשריבן אין זיין באַרימטער טרילאָגיע. פון אַלע זייטן זיינען פרעמדע אַרמייען אַריין קיין פוילן. אַ פריער קומט דער פראָלאָג: דער אויפשטאַנד פון די קאָזאַקן און כמעלניצקיס בונט קעגן פוילן. שפעטער קומט די מלחמה מיט די שוועדן. דעמאָלט איז טאַקע טשענסטאָכאָוו פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטונג, וואָס האָט ווי אַ שטאַרקער רינג אַרומגענומען דעם מאָנאַסטיר.

אין יאָר 1655 זיינען די שוועדישע חיילות געשטאַנען ביי די טויערן פון דער טשענסטאָכאָווער פעסטונג. די דאָזיקע פעסטונג האָט באַדאַרפט אויסהאַלטן איר ערשטן מיליטערישן עקזאַמען. די שוועדישע אַרמיי איז באַשטאַנען פון 14,000 זעלנער באַוואָפנט מיט 19 גרויסע האַרמאַטן. די טשענסטאָכאָווער פעסטונג האָט סך־הכל געציילט 160 זעלנער און 70 מאָנאַכן. בראש פון די דאָזיקע מאָנאַכן איז געשטאַנען אויגוסט קאָרדעצקי.

די באַלאַגערונג פון טשענסטאָכאָוו האָט געדויערט פון 18טן נאָוועמבער ביזן 25טן דעצעמבער 1655. די שוועדן איז נישט געלונגען איינצונעמען די פעסטונג און זיי האָבן געמוזט זיך צוריקציען. דאָס איז תיכף דערקלערט געוואָרן ווי אַ בפירושדיקער "נס" און דאָס האָט אַ סך געהאָלפן הייבן דעם פרעסטיזש פון טשענסטאָכאָוו, סיי ווי אַ פעסטונג און נאָך מער ווי אַ "הייליקער מקום מקלט".

אין זיין לאַנגער "עפּאָפּייע" פון עטלעכע טויזנט שורות האָט איינער וואַלענטי אָדימאַלסקי באַזונגען די דאָזיקע "נסים־פולע פאַרטיידיקונג" און האָט געגעבן אַ מוסטער פאַר אַזעלכע מינים ווערק, וואָס מיט דער צייט איז זייער צאָל אויסגעוואַקסן ביז איבער צוואַנציק.

די באַלאַגערונג פון 1655 און דער העראָאישער אויפטו פון קאָרדעצקי האָבן אויסגעצייכנט דערפילט די פונקציע, וואָס די דאָזיקע שטאָט האָט אַ דאַנק דער פעסטונג און דעם הייליקן בילד אין מאָנאַסטיר — אויף זיך גענומען. די פעסטונג האָט סימבאָליזירט דעם פיזישן ווידערשטאַנד, וואָס קען גובר זיין אַ סך אַ גרעסערן שונא, נאָר דערפאַר ווייל דאָס "הייליקע בילד", דער סימבאָל פון "מאָראַלישער מאַכט", באַשיצט דעם שוואַכן פאַרטיידיקער.

אין 18טן יאָרהונדערט איז טשענסטאָכאָוו ווייטער באַרימט געוואָרן ווי אַ פעסטונג, וואָס האָט דעם אַריינגאַנג צו דער הויפט־שטאָט וואַרשע. אַזוי איז געווען אין די יאָרן 1702 און 1705 בעת די שוועדן האָבן נאָך אַ מאָל געמאַכט אַן אָנפאַל אויף פוילן.

בעת דער באַרער קאָנפעדעראַציע, וואָס האָט געקעמפט פאַר איינהאַלטן די אַלטע פריווילעגיעס פון דער שלאַכטע און איז געווען די ערשטע אַנטי־רוסישע באַוועגונג אין פוילן, איז טשענסטאָכאָוו געווען פון יאָר 1769 אין די הענט פון די אָנהענגער פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

צוויי וואָכן צייט האָט די רוסישע אַרמיי באַלאַגערט די פעסטונג, וואָס האָט זיך דאָס מאָל געמוזט אונטערגעבן. דאָס איז געווען אין די טעג פון 1טן ביזן 15טן יאַנואַר, 1771.

אין יאָר 1793 האָבן די פרייסן דעראָבערט טשענסטאָכאָוו. הגם די יאַסנאַ גוראַ האָט זיך גוט פאַרטיידיקט קעגן די פרייסן, האָט דאָס ביסל פוילישע זעלנער געמוזט דעם 5טן מערץ 1793 קאַפּיטולירן. פרייסן האָט געהאַלטן טשענסטאָכאָוו פאַר זייער אַ וויכטיקן סטראַטעגישן פונקט. אין אַ בריוו צום פרייסישן מיליטער־קאָמענדאַנט מעלענדאָרף האָט דער קיניג געשריבן, אַז ביידע ברעגן פון דעם טייך וואַרטע דאַרפן אינקאָרפּאָרירט ווערן, ווייל דאָס איז אַ גוטער פלאַנקען־שוץ פאַר שלעזיען.

דעם זעלבן טאָג, ווען טשענסטאָכאָוו האָט זיך אונטערגעגעבן, האָט דער פרייסישער יוסטיץ־מיניסטער דאַנקעלמאַן באַזוכט קלאַרענבערג, ד"ה יאַסנאַ גוראַ.

אין טשענסטאָכאָוו האָט מען דעם 25טן סעפּטעמבער 1793 געפייערט דעם געבורטס־טאָג פון פרייסישן קיניג מיט אַזאַ אַרויסגעצוואונגענער פּאָמפּע, ווי מען האָט קיינמאָל נישט געפייערט אפילו אַ פוילישן מלך.

אין דער "פּאָסישער צייטונג" פון 3טן אָקטאָבער 1793 איז פאַראַן אַן אויספירלעכער באַריכט וועגן דער דאָזיקער פייערונג, וואָס איז כדאי דאָ איבערצוגעבן אין יידיש.

"נעכטן האָט מען דאָ אין טשענסטאָכאָוו געפייערט מיט גרויס פּאַראַד דעם געבורטסטאָג פון אונדזער גנעדיקן קיניג. דער גענעראַל־פעלדמאַרשאַל, עקסעלענץ פאָן מעלענדאָרף, דער הויפט־קאָמענדאַנט פון דרום־פרייסן, האָט געבראַכט אַ גוטע בשורה. פוילן וועט נישט באַקומען דאָס הייליקע בילד פון מאַריאַ, וואָס געפינט זיך אין

קלאַרענבורגער מאָנאַסטיר. דאָס האָט באַרואיקט די געמיטער פון דער היגער איינוואוינערשאַפט און האָט גורם געווען, אַז די איינוואוינער האָבן זיך באַטייליקט אין יום־טוב, געדאַנקט און געווינטשעוועט, אַז דאָס טייערע לעבן פון אונדזער לאַנד־פאָטער זאָל דערהאַלטן ווערן. דאָס פייערן פון דעם דאָזיקן פרייִלעכן און אומפאַרגעסלעכן טאָג איז פאָרגעקומען לויט אַזאַ סדר:

אין דער פרי איז געווען אַ מעסע ביי די פּוילינער, אויף וועלכער עס האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער. פון די מויערן פון דער פעסטונג האָט מען געגעבן דריי האַרמאַטן־סאַלוועס. מיטאָג־צייט האָט דער גענעראַל פאָן פאָליץ, דער בריגאַדיער פון דעם גאַרניזאָן, וואָס געפינט זיך אין דער געגענט, געגעבן אַ פייערלעכן באַנקעט. אַ סך מלוכה־פערזאָנען זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע פרויען. אויף דעם מיטאָג האָט מען געטרונקען פאַרן געזונט פון דעם קיניג און דעם קיניגלעכן הויף. מוזיק האָט געשפּילט און מען האָט געשאָסן פון האַרמאַטן. ביינאַכט האָט מען געמאַכט פייערווערק. דער דאָזיקער פרייִלעכער טאָג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ טאַנצבאַל, וואָס האָט געדויערט ביזן העלן טאָג. אויף דעם באַל האָט געהערשט פרייד און פאַרגעניגן".

משמעות, אַז די פּרייסן האָבן באַטראַכט די שטאָט טשענסטאָכאָוו פאַר אַ קרוין פון זייערע פרישע טעריטאָריעלע דעראָבערונגען, ווייל אין זיין רייזע איבער די דאָזיקע טעריטאָריעס, האָט זיך דער פּרייסישער קיניג אָפּגעשטעלט אין טשענסטאָכאָוו אויף דריי טעג (28טן—30טן אָקטאָבער 1793) און האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן נאַציאָנאַל־רעליגיעזן אָרט, וואָס די דאָזיקע שטאָט פאַרנעמט אין דער פּוילישער געשיכטע.

טשענסטאָכאָוו איז געוואָרן אַ טייל פון דרום־פּרייסן און איז באַשטימט געוואָרן ווי די הויפּטשטאָט פון אַ לאַנדראַט־קרייז מיט 153 פּונקטן. איר ערשטער לאַנדראַט איז געווען אַ פאַרדייטשטער פּאָליאַק פאָן פּוטקאַמער.

דעם 18טן נאָוועמבער 1806 האָט די פּוילישע אַרמיי פון פירשטנשאַפט וואַרשע צוריקגענומען פון די פּרייסן די טשענסטאָכאָווער פעסטונג. דריי יאָר שפּעטער (1809) האָט זיך די דאָזיקע פעסטונג פאַרטיידיקט קעגן די עסטרייכער. אין 1813 האָבן די רוסן געשטורעמט טשענסטאָכאָוו. יענעם יאָר איז טאַקע די פעסטונג אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין צו אַלט און ממילא אָן שום מיליטערישן ווערט. פּאַראַלעל אָבער מיטן וואוקס פון דער חשיבות פון יאַסנאַ־גוראַ און שפּעטער אויך פון דער פעסטונג, וואָס האָט אַמאָל זי אַרומגערינגלט, האָט זיך אַנטוויקלט די שטאָט טשענסטאָכאָוו גופא. איר חשיבות קומט ווי אַ פּועל־יוצא פון פּריווילעגיעס, וואָס פּוילישע מלכים האָבן איר באַשאָנקען. און אַזוי פרי ווי 1502 באַקומט טשענסטאָכאָוו פון דעם קיניג אַלעקסאַנדער שטאָטישע רעכט, דאָס אַזוי גערופענע מאַגדעבורגער רעכט. די שטאָט ווערט באַפרייט פון די רעכט און יוריסדיקציעס פון דער שלאַכטע. דער קיניג סטעפאַן באַטאָרי האָט אויפן וואַרשעווער סיים באַשטעטיקט די פּריווילעגיעס פון די טשענסטאָכאָווער מיעשטשאַנעס. צוליב דער גינציקער געאָגראַפישער לאַגע קומען פאָר אין טשענסטאָכאָוו וויכטיקע פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע צוזאַמענטרעפן. אַזוי, למשל, האָט דער פּוילישער קיניג זיגמונט דער דריטער זיך באַגעגנט אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1616 מיטן ברעסלויער פירשט קאַרל און פאַרהאַנדלט בנוגע באַקומען מיליטערישע הילף פאַרן עסטרייכישן קייזער פערדינאַנד דעם צווייטן קעגן די טשעכן און די אונגאַרן.

אין יאָר 1657 האָט דער קיניג יאַן קאַזימיר צונויפגערופן קיין טשענסטאָכאָוו דעם סענאַט, וואָס האָט אויף זיין בקשה באַשלאָסן אַן אַלגעמיינע מיליטערישע מאָביליזאַציע פון דער שלאַכטע. געשען איז דאָס צוויי יאָר נאָך דער "ניסים־פּועלער" פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט קעגן די שוועדן. טשענסטאָכאָוו האָט אַזוי אַרום באַקומען אַ שם ווי אַ צענטער פאַר פּאָליטישע און ממילא פאַר מיליטערישע מעשים. אַז טשענסטאָכאָוו האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם פּאָליטישן לעבן פון דער מלוכה באַווייזט דער פאַקט, אַז דער זעלבער קיניג האָט אין יאָר 1661 נאָך אַ מאָל צונויפגערופן אַהין דעם סענאַט. דאָס מאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַשטימען אַ טראָן־יורש נאָך ביים לעבן פון קיניג, וואָס דאָס איז געווען עפּעס ניי. דער פאַקט וואָס די מיטגלידער פון סענאַט זיינען איינגעגאַנגען אויף דעם, הגם עס איז געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון זיי צו באַשטימען דעם אָרט פון אַזאַ צוזאַמענפאָר, באַשטעטיקט, אַז טשענסטאָכאָוו איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ וויכטיקן פּאָליטישן צענטער. אין דער דאָזיקער שטאָט איז אפילו פאָרגעקומען אַ קיניגלעכע חתונה. דאָס איז געווען אין יאָר 1670. אין דעם מאָנאַסטיר אויף יאַסנאַ גורא האָט דער קיניג מיכאַל ווישניאָוויעצקי חתונה געהאַט מיט דער עסטרייכישער פירשטין לעאָנאָראַ.

טשענסטאָכאָוו האָט דעמאָלט געזען אַ צוזאַמענפאָר פון הויכע מלוכה־באַאַמטע און שררות פון פּוילן, עסטרייך, פראַנקרייך און אַנדערע מדינות. די דאָזיקע געשעניש האָט אַפילו זוכה געווען צו ווערן "באַזונגען" פון כל־אַלערליי הויף־פּאָעטן, וואָס האָבן נאָך אַ מאָל אַוועקגעשטעלט די שטאָט אין צענטער פון פּאָליטישע געשעענישן פון אייראָפּע.

מען קען זאָגן, אַז ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָט טשענסטאָכאָוו געהאַט אַזאַ שם, אַז ווען איינער וואָלט געוואָלט אורטיילן וועגן דער שטאָט לויט דער צאָל פון געלעגנהייט־שריפטן, געגראַמטע פּזמונים, רייזע־שילדערונגען אָדער צייטונג־ידיעות, וואָלט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ גרויסע שטאָט. אין דער אמתן איז טשענסטאָכאָוו געווען אַ קליין שטעטל. ערשט אָנהייב 19טן יאָרהונדערט האָט די שטאָט געהאַט אַ באַפעלקערונג, וואָס איז לויט יענער צייט געווען לפי ערך אַ גרויסע. אין יאָר 1808 האָט טשענסטאָכאָוו געציילט 3349 נפשות. אין יאָר 1826 איז ניי־טשענסטאָכאָוו פאַראייניקט געוואָרן מיט

אַלט־טשענסטאָכאָוו און עס איז געשאַפֿן געוואָרן איין שטאָט. דאָס האָט כמעט ווי פֿאַרטאָפּלט די צאָל איינוואוינער. אין יאָר 1827 האָט די שטאָט געציילט 6,168 נפשות, אין 1859 — 8,637, און אַ יאָר שפּעטער — 9,343. אין 1826 האָט די רעגירונג פֿון קאָנגרעס־פּוילן אַראָפּגעבראַכט פֿון דייטשלאַנד בעלי־מלאכות און האָט דערמוטיקט אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן צו באַזעצן זיך אין שטאָט און אַנטוויקלען מסחר און אינדוסטריע.

אין דעם אויפשטאַנד פֿון 1831 האָט טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. דאָס איינקויפֿן פֿון געווער אין ברעסלע און קעניגסבערג פֿאַר דער פּוילישער אַרמיי האָט גורם געווען אַז די שטאָט זאָל ווערן אַן איבערשיקונג פּונקט. די הייסע פּאַטריאָטישע אַטמאָספֿערע פֿון יענעם דור טשענסטאָכאָווער מעשטשאַנעס, על פּי רוב פֿון דייטשישן אָפּשטאַם, האָט אַם בעסטן אילוסטרירט די שנעלע פּאָלאָניזאַציע פֿון דעם צווייטן און אפֿילו ערשטן דור פֿון די ניט־פּאָליאַקן.

דאָס זעלבע האָט מען געזען בעתן אויפשטאַנד פֿון 1863. אַ סך פּוילישע אויפשטאַנד־אָנפֿירער האָבן געשטאַמט פֿון טשענסטאָכאָוו. די ראָלע פֿון טשענסטאָכאָוו אין נאַציאָנאַלן אויפשוואונג פֿון פּוילן האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פּוילישער פּאַטריאָטישער פּאָעזיע — און די הימנען צו דער טשענסטאָכאָווער "מאַמע", וואָס די אויפשטענדלער האָבן געזונגען.

נאָכן אויפשטאַנד, ווען די פּאָזיטיוויסטישע פֿילאָסאָפֿיע, וואָס איז געווען דער אני־מאמין פֿון דעם יונגן פּוילישן קאַפּיטאַליזם, האָט באַהערשט די ליטעראַטור און די פּרעסע — האָט אויך די פּוילישע געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן באַהערשט ווערן פֿון איר, הגם די אַנטי־פּאָזיטיוויסטישע כוחות זיינען אַ דאַנק דעם דירעקטן איינפֿלוס פֿון דער קירך אין טשענסטאָכאָוו געווען לפּי ערך שטאַרקער, ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעט.

ווי אַ סימבאָל פֿון רוסישער הערשאַפֿט האָט די צאַרישע רעגירונג אויפֿגעבויט אין יאָר 1874 אַ פּראַוואָסלאַווע צערקווע. די אַנטי־רוסיש־מאַניפֿעסטאַציע ביי דער פֿייערלעכער עפֿענונג פֿון דער צערקווע — איז זינט 1863 געווען די ערשטע פּוילישע דעמאָנסטראַציע אין טשענסטאָכאָוו. אירע קאָנסעקווענצן זיינען געווען: דער ערשטער פּאָליטישער פּראָצעס אין דער דאָזיקער שטאָט.

דערווייל איז טשענסטאָכאָוו געוואַקסן און זיך שטאַרק אינדוסטריאַליזירט. אין יאָר 1877 האָט די שטאָט געהאַט אַ סך פֿאַבריקן. מען האָט דאָ פּראָדוצירט פּאַפּיר, וואַנט־טאַפּעטן, זייף, ליכט, ציקאָריע. שפּעטער זיינען צוגעקומען פֿאַבריקן פֿון קאַלך, ציגל. דעם העכסטן אינדוסטריעלן שוואונג האָט טשענסטאָכאָוו דערגרייכט אין די יאָרן 1880—1900. דעמאָלט זיינען אויפֿגעקומען אייזנגיסערייען, טעקסטיל און די שטאָל־אינדוסטריע. אַרום דער דאָזיקער אינדוסטריע האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, אַנטוויקלט האַנדל. אַ דאַנק דער נאָענטקייט פֿון פּרייסן האָט זיך דער עקספּאָרט־ און אימפּאָרט־האַנדל שטאַרק פֿאַרגרעסערט. ווי אַ טראַנזיט־שטאָט האָט טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן שפּילן אַ וואָגיקע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון גאַנצן לאַנד.

אין 1897 האָט שוין טשענסטאָכאָוו געציילט 43,863 נפשות. ד"ה בערך 5 מאָל אַזוי פֿיל ווי מיט 40 יאָר צוריק.

מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער טשענסטאָכאָווער אינדוסטריע איז געקומען אַ שנעלער וואוקס פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס. די ערשטע קרייזן פֿון טשענסטאָכאָווער סאָציאַליסטן זיינען געווען געגרינדעט פֿון די אָנהענגער פֿון דעם פּאַטריאָטישן סאָציאַליזם. ערשט שפּעטער זיינען געקומען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס האָבן אין טשענסטאָכאָוו קיין גרויסע השפּעה נישט געהאַט. אַ געוויסע צייט האָט דאָרטן געווירקט אַ קרייז פֿון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אַ דאַנק דעם וואָס אין דעם מיליטערישן גאַרניזאָן פֿון דער שטאָט זיינען געווען מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי. דאָס איז צו זען פֿון דעם פּראָצעס פֿון אַ גרופּע רוסישע סאָלדאַטן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין פֿעברואַר 1906.

דער פּוילישער מיטלקלאַס איז געווען ווייט פֿון וועלכע עס איז ליבעראַלע אָדער אַלגעמיין־פּראָגרעסיווע אידעען. די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אין פּוילישן בירגערטום פֿון טשענסטאָכאָוו געהאַט אַ שטאַרקע פּאָליטישע פּאָזיציע. אונטער דער ווירקונג פֿון דעם קאַטוילישן קלעריקאַליזם, איז דער פּוילישער קליינבירגער פֿון טשענסטאָכאָוו געווען שטאַרק קאָנסערוואַטיוו און ממילא אַנטיסעמיטיש. די איינצלנע פּראָגרעסיווע פּאָליאַקן האָבן זיך געפֿילט זייער פֿאַראיינזאַמט און געפֿירט אַ שווערן קאַמף פֿאַר אַ קולטורעלער, הומאַניסטישער טעטיקייט אין שטאָט. דאָס קען מען זען פֿון די בריוו פֿון טשענסטאָכאָווער דאָקטער וולאַדיסלאַוו ביעגאַנסקי, וואָס האָט מיט זיינע ווערק וועגן מעדיצין און פֿילאָסאָפֿיע זיך דערוואָרבן אַ חשובן נאָמען מחוץ די גרענעצן פֿון פּוילן.

שטאַרק איז געווען די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו. ווען עס איז פֿאָרגעקומען די שפּאַלטונג צווישן די רעכטע און לינקע פּעפּעסאָווצעס, האָבן גראָד אין טשענסטאָכאָוו געוואונען די רעכטע, וואָס האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן די "רעוואָלוציאָנערע פֿראַקציע" פֿון פּ. פּ. ס. דאָס איז געווען זייער בולט אויף דעם באַרימטן פּראָצעס פֿון 82 מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יאַנואַר 1914. עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען, אַז צווישן די סאַמע טעטיקסטע פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס זיינען געמשפּט געוואָרן אויף יענעם פּראָצעס, זיינען געווען יידן, ווי אַדוואָקאַט גליקסאָן, זיין טאָכטער, די שריפֿטשטעלערין מאַריאַ גליקסאָן, זאַקס און אַנדערע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז טשענסטאָכאָוו אויפֿן דריטן טאָג פֿאַרנומען געוואָרן פֿון די דייטשן. דאָס איז געווען דעם 3טן אויגוסט 1914. דעם 8טן אויגוסט 1914 האָבן די דייטשן דערשאָסן עט־

לעכע איינוואוינער פון דער שטאָט. מען האָט אַנגעהויבן שלעפּן מענטשן צו אַרבעט.

טשענסטאָכאָוו האָט זיך געפונען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, אָבער די יאַסנאַ גוראַ איז גע־ווען אונטער עסטרייכישער אָקופּאַציע. עסטרייך, ווי אַ "קאַטוילישע מאָנאַרכיע" האָט זיך בעסער געפּאַסט ווי אַ שומר פון דעם "הייליקן בילד", ווי דייטשלאַנד.

מיטן אויפקום פון זעלבסטשטענדיקן פּוילן איז די באַפעלקערונג פון דער שטאָט שטאַרק אויסגעוואַקסן. די שטאָט איז געוואָרן אַ טייל פון דער קעלצער וואָיעוואָד־סטווע. אין יאָר 1921 האָט טשענסטאָכאָוו געציילט 80,473 נפשות און אין יאָר 1939 — שוין 130,000. טשענסטאָכאָוו האָט געהאַט אַ פּראָגרעסיווע שטאָט־פאַר־וואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון 42 ראַטמענער, צווישן זיי אַ 12—14 יידן.

פּאַראַלעל מיטן עקאָנאָמישן וואוקס פון דער שטאָט אין די יאָרן 1917—1939 איז אויך געוואַקסן די אַלגעמיינע קולטור. אין 1917 איז אַנטשטאַנען די שטאָט־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון ד"ר וולאַדיסלאַוו ביעגאַנסקי. די דאָזיקע ביבליאָטעק האָט אין יאָר 1938 געהאַט 60,000 ביכער. איר פונדאַמענט איז געווען ביעגאַנסקיס פּריוואַטע ביבליאָ־טעק. דאָס שול־נעץ האָט זיך אויך שטאַרק אויסגעשפּרייט. עס זיינען אויפגעקומען נייע פאָלקס־שולן און אַ רייע מלוכה־ און פּריוואַטע גימנאַזיעס. עס זיינען אפילו גע־ווען פלענער צו עפענען אַ העכערן לער־אַנשטאַלט.




דער הערב פון דער שטאָט

די שטאָט האָט געהאַט אַ רייע קונסט־אָרגאַניזאַציעס, ספּאָרט־קלובן, געזעלשאַפטלעכע פאַראיינען און אפילו פאַרלאַגן.

די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ איז געווען פון אַ הויכן קאַליבער. די אינזשינערן האָבן על פּי רוב שטו־דירט אין אויסלאַנד. די דאָקטוירים האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען אין דער פּראָפעסיע. דער טשענסטאָכאָווער אָפּטייל פון פּוילישן מעדיצינישן אינסטיטוט האָט געפירט אַ זעלבסטשטענדיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. טשענ־סטאָכאָוו איז לויט איר צאָל איינוואוינער געווען די זי־בעטע שטאָט אין פּוילן, הגם אין לעבן פון פּוילן האָט זי פאַרנומען אַ סך אַ חשובערן אָרט. ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט טשענסטאָכאָוו פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון לאַנד. אין 1938 האָט די שטאָט אויסגעקויפט 2042 אינדוסטריעלע פּאַטענטן, פון דעם 315 פאַר גרויסע פאַבריקן און 3125 פּאַטענטן פאַר מסחר, פון דעם 243 פאַר גרויסע פירמעס.

די שטאָט האָט געהאַט 6100 בנינים, פון זיי 86 פּראָצענט מויערן. 75 פּראָצענט פון אַלע הייזער האָבן געהאַט מאָדערנע איינריכטונגען, ווי עלעקטריציטעט, גאַז און וואַסער־לייטונג.

טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ מאָדערנע שטאָט, וואָס איז געגאַנגען מיט זיכערע טריט פאָראויס, ביז די בלוטיקע צווייטע וועלט־מלחמה האָט אָפּגעשטעלט איר יונגן, אימפּעטיקן פאָראויסמאַרש.

## 2. געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו

עס איז זייער שווער פעסטצושטעלן ווען אייגנטלעך האָבן זיך יידן באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו. דער ער־שטער גרוס פון אַ יידישן אינהאַלט וועגן דער שטאָט איז פאַרבונדן מיט דער פראַנקיסטישער באַוועגונג. בעת יעקב פראַנק (1726—1791) איז אין יאָר 1760 פאַרמשפּט געוואָרן פון קירכלעכן געריכט פאַר "חילול השם", האָט מען אים פאַרשיקט קיין טשענסטאָכאָוו. דאָרטן איז ער געזעסן אין דער פעסטונג גאַנצע דרייצן יאָר, ביז דער רוסישער גענעראַל ביביקאָוו, וואָס האָט פאַרנומען די דאָ־זיקע פעסטונג, האָט אים באַפרייט. די דאָזיקע דרייצן יאָר זיינען אייגנטלעך געווען אַ המשך פון פראַנקס פריער־דיקן אַוואַנטוריסטישן לעבן. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער סוויטע, געפירט אַ "גרענדע", אַראָפּגע־בראַכט אפילו דאָס ווייב, וואָס איז טאַקע אין טשענסטאָ־כאָוו געשטאָרבן. אַ טייל פון זיינע אָנהענגער זיינען געקומען אַהין און זיך באַזעצט אין דער שטאָט טשענסטאָ־כאָוו גופא. מיט דער צייט איז זיך אָבער דער דאָזיקער עולם צעפאָרן. עס איז אַ גרויסער ספק, אויב אפילו איין פראַנקיסטישע משפחה איז געבליבן וואוינען אין טשענ־סטאָכאָוו.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז יידן האָבן גע־וואוינט אין טשענסטאָכאָוו אין דער תקופה פון לעצטן פּוילישן קיניג, סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, וואָס האָט געהערשט אין די יאָרן 1764—1794. פון יענער צייט איז פאַראַן אַ ידיעה, אַז דער דאָזיקער קיניג האָט דערלויבט אַ פּוילישן אַדלמאַן צו באַזעצן זיבן יידישע משפחות ביי זיך אין הויז. אַזאַ פּריווילעגיע האָט געהייסן יורידיקע. די דאָזיקע ידיעה איז אָבער אַביסל פּאָדעכ־טיק שוין מחמת דעם טעם, וואָס אַ שלאַכטשיץ מיט אַ יורידיקע האָט בכלל נישט באַדאַרפט בעטן קיין דער־לויבעניש ביים קיניג, ווייל יורידיקע האָט געמיינט, אַז דער פּריץ איז "עקסטעריטאָריאַל" אויף זיין שטיקל ערד.

עס קען אָבער גריילעך זיין, אַז דאָ זיינען צונויפגעמישט געוואָרן צוויי פאַקטן. אַ פריץ האָט אפשר געהאַלטן ביי זיך אין אַ הויז זיבן יידישע משפחות, ווייל אַזעלכע יידן האָבן געצאָלט וויפל מען האָט געוואָלט, חוץ דעם האָט דער קיניג מסתמא דערלויבט זיבן יידישע משפחות זיך באַזעצן אין טשענסטאָכאָוו. ווער זיינען זיי געווען און וואו האָבן זיי דאָס געוואוינט — דאָס ווייסט מען נישט.

איינס איז אָבער זיכער. יידן האָבן געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט. צו יענער צייט איז שוין געווען אַ קהילה אין יאַנאָווע. אַהין פלעגט מען אַוועקפירן די יידן פון טשענסטאָכאָוו און ברענגען צו קבר ישראל. טעשנסטאָכאָוו איז אַזוי אַרום געווען אַ "פריקאַהאַלאָק" צו יאַנאָווע. די יאַנאָווער קהילה האָט געפירט אַ לאַנגן קאַמף פאַר איר העגעמאָניע און נישט דערלאָזט, אַז טשענסטאָכאָוו זאָל ווערן אַ זעלבסטשטענדיקע קהילה.

וועגן דער צאָל יידישע משפחות ווייסט מען אויך גאָרנישט. געמוזט האָט זי זיין נישט קיין קליינע, ווייל אין די יאָרן 1787—1797 האָט דאָרטן פראַקטיצירט אַ יידישער רופא, איינער אַ ר׳ הערש.

די ערשטע קאָנקרעטע ידיעות וועגן דאָרטיקע יידן שטאַמען פון דער צייט פון דער פרייסישער אָקופאַציע, ווען טשענסטאָכאָוו איז אַריין אין דעם נייעם אַדמיניסטראַטיוון טייל פון דרום־פרייסן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער צווייטער חלוקה פון פוילן. אין אַ ראַפאָרט צום פרייסישן קיניג, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פון אַ ספעציעלן באַאַמטן, וועמענס עובדה איז געווען צו באַשרייבן די ניי־דעראָבערטע פראָווינצן, ווערט דערציילט, אַז "לעבן טשענסטאָכאָוו געפינען זיך עטלעכע יידישע פויערים". דאָס איז בלי ספק אַ וויכטיקער און אפילו אייגנאַרטיקער פרט. היות ווי דאָס איז אַ פעסטשטעלונג פון אַ פרייסישן באַאַמטן, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און האָט אַלץ גענוי באַשריבן, איז נישטאָ קיין שום סיבה נישט צו גלויבן אין זיין באַריכט.

יידישע ערד־אַרבעטער ביים וויגעלע פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו, דאָס איז זיכער זייער אַן אינטערעסאַנטער פאַקט. פון וואַנען האָבן זיי זיך אָבער דאָרטן גענומען? אויב מען האָט זיי דאָרטן שוין געפונען, ווי עס שרייבט דער פרייסישער באַאַמטער, הייסט עס, אַז זיי זיינען דאָרטן געווען פאַר די חלוקות פון פוילן. נישט אַנדערש, אַז די פריווילעגיע פאַר די זיבן יידישע משפחות וואָס דער לעצטער פוילישער קיניג האָט געגעבן איז געווען מיט אַ תנאי, אַז זיי זאָלן באַאַרבעטן די ערד. היות ווי עס זיינען באַקאַנט עטלעכע ענלעכע פאַלן מיט יידן אין יענער צייט אין פאַרשיידענע טיילן פון פוילן, ליגט זיך אויפן שכל, אַז דאָס זיינען געווען טאַקע די יידן־ערד־אַרבעטער. אַז חוץ זיי איז אויך געווען אַ יידישע עדה אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט זיך געטוליעט אין שמורציקע, הילצערנע הייזלעך פון אַ פריץ, וואָס האָט געהאַט אַ יורידיקע און געצויגן פון די יידן גרויסע הכנסות פאַר באַשיצן זיי — באַווייזט דער ווייטערדיקער פאַקט:

לויט אַ דעקרעט פון 17טן אַפריל 1797 האָבן די פרייסן דערלויבט די יידן זיך אַרויסציען פון די שמוציקע פלעצער, וואו זיי האָבן געוואוינט און זיך אויסקלייבן בעסערע דירות. ליידער האָט דער פרייסישער באַאַמטער, וואָס האָט דווקא וועגן אַ סך שטעט און שטעטלעך אָנגעגעבן די צאָל איינוואוינער יידן און ניט־יידן, איז גראָד לגבי טשענסטאָכאָוו געווען זייער קאַרגלעך וואָס איז שייך פרטים.

דעריבער פעלט אונדז דער וויכטיקער פרט וועגן דער צאָל יידן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין טשענסטאָכאָוו אין אַ געטאָ, וואָס איז געווען אַזוי שמוציק, אַז די "גוטהאַרציקע" פרייסן האָבן זיי דערלויבט זיך אַרויסקלייבן אין אַ בעסערער געטאָ.

נאָך אַ טיפ יידן באַגעגנט מען צו יענער צייט אַרום טשענסטאָכאָוו. די פרייסישע מאַכט האָט אַלע יידן, וואָס האָבן נישט געקענט באַווייזן, אַז זיי האָבן אַ שטענדיקע פרנסה, באַטראַכט פאַר „בעטל־יידן" און זיי אַרויסגעטריבן פון פרייסן. אַ סך פון די דאָזיקע "בעטל־יידן" האָבן, פון יאוש און הונגער, אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזשען איבער וועלדער און פעלדער פון לאַנד. צוזאַמען מיט דעקלאַסירטע שלאַכטשיצעס, מיעשטשאַנעס, פויערים און אפילו ציגיינער, האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין רויבערבאַנדעס און גראַסירט איבערן לאַנד. וועגן איינער אַזאַ באַנדע, וואָס האָט געהאַט אַ סך יידן, ווערט דערציילט, אַז זי האָט אָפערירט אַרום טשענסטאָכאָוו.

ידיעות וועגן אינערלעכן לעבן פון די יידן בעת דער פרייסישער תקופה זיינען ליידער נישטאָ. אין יאָר 1806 האָט די אַרמיי פון פירשטנשאַפט וואַרשע, וואָס נאַפאָלעאָן האָט געשאַפן אויף די חורבות פון דער פרייסישער טייל פון פוילן, דעראָבערט די פעסטונג טשענסטאָכאָוו. די יונגע מלוכהלע האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער באַפעלקערונג, כדי צוגרייטן די נייטיקע פראָיעקטן פאַר געפלאַנטע רעפאָרמען. וועגן דער שטאָט טשענסטאָכאָוו דערוויסט מען זיך פון די דאָזיקע באַריכטן, אַז זי האָט געציילט 3349 נפשות, פון דעם 495 יידן. דאָס מיינט, אַז די יידן האָבן אין יאָר 1808 אויסגעמאַכט 14·8 פראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון טשענסטאָכאָווער פאָוויאַט איז געווען 6963 נפשות, פון דעם 1310 יידן. דאָס מיינט, אַז מער ווי אַ דריטל פון אַלע יידן אין פאָוויאַט האָט געלעבט אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו. אַזוי אַרום איז די יידישע עדה אין דער שטאָט געווען די גרעסטע אין דעם גאַנצן פאָוויאַט. בעת יידן האָבן אויסגעמאַכט 18 פראָצענט פון אַלע שטאָטתושבים, איז זייער צאָל אין די דערפער געווען זייער אַ קליינער. דורכשניטלעך האָבן זיי אויסגעמאַכט צוויי פראָצענט פון די דאָרפישע ישובים.

עס איז בלי ספק, אַז עפּעס אַ פאָרמע פון אַ קהילה־אָרגאַניזאַציע האָט שוין עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו אין דער תקופה פון דער פּרייסישער ממשלה. אַנדערש קען מען ניט באַגרייפן פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די אַפילו רודימענטאַרע פאָרמען פון אַ קהילה־פאַרוואַלטונג, וואָס מען געפינט דאָרטן אין דער תקופה פון פירשטנשאַפט וואַרשע. די פיסקאַלישע פּאָליטיק לגבי יידן אונטער די פּרייסן האָט דיקטירט די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ קהילה, וואָס זאָל טראָגן די אחריות פון די שטייערן, וואָס יידן דאַרפן צאָלן. אין אַ סך שטעט, וואַרשע איינגעשלאָסן, האָבן ערשט אייגנטלעך די פּרייסן לעגאַליזירט אַ קהילה. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין טשענסטאָכאָוו. עס האָט געמוזט זיין דאָרטן אַ קהילה מיט פּרנסים, ווי דאָס האָט זיך געפירט אומעטום. היות ווי עס איז נישטאָ קיין אַקט פון פּרייסישע צייטן וועגן דערלויבן יידן האָבן אַ קהילה־פאַרוואַלטונג, איז קלאָר, אַז די קהילה־הנהגה, וואָס איז טעטיק געווען אין דער צייט פון וואַרשעווער פירשטנטום, האָט עקזיסטירט שוין פריער אונטער די פּרייסן.



אַ רעגימענט־פאָן פון די צוריקגייענדיקע רעשטלעך פון דער פּוילישער אַרמיי פון נאַפּאָלעאָנס רוסישער קאַמפּאַניע אין יאָר 1813. געווען באַנוצט אַלס פּרוכת אין דער נייער שול אין טשענסטאָכאָוו.

די ערשטע טעטיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה אין דער תקופה פון פירשטנשאַפט וואַרשע איז געווען — עפענען אַ שטענדיקע שול צום דאַווענען. די צווייטע גאָר וויכטיקע אַרבעט איז געווען אויסקלייבן אַ גייסטיקן מנהיג, וואָס זאָל זיך שטעלן **בראש פון דער** קהילה.

ח' אָב תקס"ח (1808) איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער קהילה. דאָס איז זיכער נישט געווען די ערשטע זיצונג אין די איבער צוויי יאָר, וואָס די שטאָט איז געווען אונטער דער נייער הערשאַפט. דער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער זיצונג זאָגט עדות, אַז דאָס איז געווען אַ רוטינער המשך פון אַ פאַרוואַלטונג, וואָס האָט שוין געאַרבעט אַ לענגערע צייט לטובת דעם יידישן קהל. אויף יענער זיצונג איז איינער ר' יעקב בן אליעזר לעווי אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן ראש בד"צ און אויך פאַרן פאָרשטייער פון דער קהילה. אָפיציעל האָט זיך דער דאָזיקער יעקב בן אליעזר לעווי געחתמעט ווי "וויערני קאַהאַלו טשענסטאָכאָווסקיעגאָ" (דער נאָמען פון דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו).

וועגן דעם אָפּשטאַם פון דעם דאָזיקן ערשטן רעפּרעזענטאַנט פון דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו, וועמענס נאָמען עס איז צו אונדז דערגאַנגען, ווייסט מען כמעט ווי גאָרנישט. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און, משמעות, אויך אַן עושר. דאָס לעצטע קען מען דרינגען פון דעם, וואָס ער איז אויך געווען דער גזבר (קאַסירער) פון דער קהילה, אַן אַמט וואָס מען האָט בדרך כלל קיין אָרעמע לייט נישט אַנפאַרטרויעט.

צו אים האָט מען זיך באַדאַרפט ווענדן אין אַלע ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער קהילה. עס איז זייער אינטערעסאַנט, אַז בעת דער דאָזיקער לעווי האָט אונטערגעשריבן אַ דעקלאַראַציע פון געטריישאַפט און ערלעכקייט ביים אויספירן זיינע פונקציעס, איז דאָרטן געווען אַ פונקט, אַז ער, לעווי, "וועט אַרבעטן פאַר די אינטערעסן פון דער שטאָט, אַפילו דאַן, ווען עס וועט שאַדן ברענגען אַן אַנדער קהילה".

די „אַנדערע קהילה" איז זיכער געווען יאַנאָווע, וואָס האָט געקוקט קרום אויף די "עמאַנציפּאַציע"־כוונות פון טשענסטאָכאָוו און זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז די דאָזיקע שטאָט זאָל זיך נישט אָפּרייסן אינגאַנצן פון יאַנאָווע. די שטאָט גופא האָט, משמעות, דערוואַרט מער נוצן פון אַ זעלבסטשטענדיקער קהילה, ווי פון צו זיין אַ צוטשעפּעניש צו יאַנאָווע און דערפאַר האָבן די טשענסטאָכאָווער שטאָט־בעלי־בתים געשטיצט די אויטאָנאָמע שטרעבונגען פון דער יונגער יידישער קהילה.

די קהילה האָט געהאַט דריי פּרנסים, וואָס האָבן אַמטירט לויט דער סיסטעם פון ראָטאַציע, ד"ה, יעדן חודש אַן אַנדערער. דערפאַר האָט מען אַזאַ איינעם גערופן פּרנס־חודש. דער קאַסירער האָט נישט געטאָרט אויסצאָלן קיין שום געלדער אָן אַ קוויטל **פון די פּרנסים.**

דער פּרנס־החודש האָט געהאַט דאָס רעכט אַליין אַרויסגעבן אַ קוויטל אָבער נישט מער ווי אויף **6 גילדן.**

אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גרעסערע סומע זיינען די חתימות פון אַלע דריי פּרנסים געווען נויטווענ־דיק.

דער ראש בד"צ איז געווען אַ באַצאָלטער אַמט, אפילו ווען ער גופא האָט עס נישט געוואָלט. זיינע שכירות זיינען געווען 6 רייכס־טאָלער אַ חודש. אין די חדשים ניסן און תשרי איז זיין געהאַלט געווען 12 רייכס־טאָלער אַ חודש. חוץ דעם האָט ער באַקומען אומזיסט אַ דירה. דער ראש בית־דין צדק האָט אויך באַקומען דריי פּראָ־צענט פון די איינקאַסירטע געלדער, וואָס זיינען אַריינ־געקומען פון די אַרומיקע ישובים. אויף יענער זיצונג איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז אַזוי ווי די שטאָט טשענסטאָכאָוו וועט נישט האָבן קיין רב, דאַרף דער ראש בד"צ באַקומען אַ העלפט פון רח"ש.

עס ווערט אויך דערלויבט דעם ראש בד"צ איין מאָל אַ יאָר אַרומגיין די ישובים אַרום טשענסטאָכאָוו און באַ־קומען חנוכה־געלט.



אַ גרופּע קינדער פון דער שו: פון פרוי ווייזער

דעם דאָזיקן דאָקומענט האָבן אונטערגעשריבן חוץ ר' יעקב לעווי נאָך 40 חשובע טשענסטאָכאָווער יידישע בעלי־בתים.

דאָס איז דער עלטסטער דאָקומענט, וואָס האָט זיך אָפּגעהיט אין פּנקס פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה. פון אים קען מען זען, אַז די שכירות פאַרן ראש בד"צ זיינען געווען צוגעשניטן נישט פאַר יעקב לעווי, וואָס האָט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן זיך אין דעם נישט געניייטיקט, נאָר אַלס אַ פּרינציפּ להבא, ווען אַן אַנדערער וועט פאַרנעמען דעם דאָזיקן אַמט. אַ צווייטער וויכטיקער פאַקט איז, וואָס אַרום טשענסטאָכאָוו זיינען געווען ישובים, וואָס זיינען אַדמיניסטראַטיוו געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט. דער בעסטער סימן איז, אַז פון די דאָזיקע ישובים פלעגן אַריינקומען געלדער און דער ראש בית־דין האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען דריי פּראָ־צענט פון די דאָזיקע הכנסות. דאָס קען אויסגעטייטשט ווערן, אַז די טשענסטאָכאָווער קהילה איז צו יענער צייט שוין געווען אַ הויפּט־קהילה פון אַ גליל. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע לויט אַדמיניסטראַטיווע קרייזן אָדער גלילות האָט דווקא אין דער תקופה פון פירשטנשאַפט וואַרשע געאַרבעט זייער טעטיק. אויף דעם זאָגן עדות די אסיפות פון קהילות פון יענער צייט, וואָס האָבן זיך באַמיט מיט בשותפותדיקע כוחות אָפּשרייען אַ רייע שווערע פיסקאַ־לישע גזירות.

דער יאַנאָווער קהילה איז די דאָזיקע טענדענץ פון טשענסטאָכאָוו צו ווערן זעלבסטשטענדיק שטאַרק נישט געווען צום הארצן. זי האָט געוואָלט איר שטערן, ווייל אַז נישט וועט זי גופא פאַרלירן אָט די אַלע קליינע ישובים פון אַרום, וואָס זיינען גאָר אין גיכן געווען אין דער ספערע פון השפעות פון דער יונגער, אימפּעטיקער טשענ־סטאָכאָווער קהילה.

דער ערשטער סיכסוך צווישן יאַנאָווע און טשענ־סטאָכאָוו האָט זיך אַם בולטסטן מאַניפעסטירט טאַקע אין יענעם יאָר, ד"ה אין 1808. דעמאָלט האָט לושטשעווס־סקי, דער פינאַנץ־מיניסטער פון דעם מאָגערן און קליי־נעם פירשטנשאַפט וואַרשע זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז פון יידן קען מען אַרויסצאַפּן אַ סך געלט דורך פאַר־שיידענע צוגעשפּיצטע שטייערן. צוזאַמען מיטן בילדונג־מיניסטער גראַבאָווסקי האָט ער געפירט אַ קאַמף קעגן יידישן „פאַנאַטיזם", וואָס זיין הויפּט־מקור איז געווען דער יידישער ספר.

די לייכטסטע זאַך וואָלט געווען קאָנפיסקירן יידישע ספרים. אָבער אַזאַ גזירה וואָלט דאַן קיין הכנסה נישט אַריינגעבראַכט. איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטייערן די יידן, וואָס ווילן האַלטן דעם יידישן ספר. דאָס האָט געמיינט, אַז יעדער איינער, וואָס האָט ספרים, דאַרף זיי לאָזן אָפּשטעמפּלען און, פאַרשטייט זיך, דערפאַר באַ־צאָלן. אמת, מיט דעם האָט מען דעם "פאַנאַטיזם" נישט אויסגעראָטן, אָבער מען האָט פיסקאַליש באַלעסטיקט די יידן, וואָס ווילן בלייבן „פאַנאַטיקער" און דאַרפן פאַר דעם דאָזיקן "פאַרגעניגן" באַצאָלן. דער אויסקוק איז געווען, אַז אַ סך יידן וועלן גיכער אָפּגעבן די ספרים, איי־דער באַצאָלן דעם שטעמפּל־שטייער. דאָס וואָלט פאַר־קלענערט די צאָל „פאַנאַטיקער". אַזוי האָט אויסגע־חשבנט דער בילדונג־מיניסטער סטאַניסלאַוו גראַבאָווסקי.

ווען עס איז אָנגעקומען אַ צירקוליאַר צו דער טשענסטאָכאָווער קהילה, אַז זי זאָל מודיע זיין אירע יידן וועגן דעם געזעץ פון שטעמפּלען ספרים, האָט זי תיכף אַרויסגעשיקט אַ געדרוקטן י י ד י ש ן כרוז צו אַלע אַרומיקע ישובים. דאָס זיינען געווען: זאַלאָשין, קרזע־פּיץ, אַמסטאָוו, קיינצקאָוו, קוזניצקע, קלאָבוצק, לאָבאָד־נע, מיעדזגע און אַנדערע.

ביז איצט איז דאָס געווען די בפירושדיקע טעריטאָ־ריע פון יאַנאָווער קהילה. מיט דעם אַרומנעמען די דאָזיקע ישובים און אַרויסשיקן שלוחים וואָס האָבן אויפן

אָרט געשטעמפּלט די ספרים אין נאָמען פון דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו, געגעבן קבלות, צוגעשטעלט גענויע חשבונות און אַזוי ווייטער. האָט יאַנאָוויע פאַרלאָרן אירע רעכט לגבי די דאָזיקע פּונקטן און טשענסטאָכאָוו האָט זיך דאָרטן עטאַבלירט, ווי אַ לעגאַלער אַפּוטראָפּוס איבער די דאָזיקע ישובים.

דער כרוז גופא איז פון אַזאַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט, אַז מיר דרוקן אים דאָ איבער. כדי דער לייענער זאָל האָבן אַ באַגריף פון דער שפּראַך און אָרטאָגראַפיע פון יענער צייט, ווערט דער דאָזיקער כרוז איבערגעדרוקט אָן די קלענסטע שינויים.

לראשי עדת ישראל בעיירים ובכפרים בפּאָוויאַט דפה טשענסטאָכאָוו.

שלום מכל טוב סלה יום ה׳ ו׳ חשון תקס״ח.

מאת הקאָמיסאַרז וויקאַנאָוצי פּאָוויאַט טשענסטאָכאָוו וכמו כן בא אליהם הפקידה מאדון הגדול מיניסטער סקאַרבאָווע, מודיעים אנחנו לכל אחד מאתכם יהיה מי שיהיה, אז מען איז אייך מזהיר בקנס מאה רייכס־טהאַלער אַז איטליכער זאָל לכאן ברענגען כל הספרים שתהיה הן ספרי לשון קודש וספרי אשכנז, כל מה שהפה יוכל לדבר והלב לחשוב אף לוחות משנה זו צו סטעמפּלען, וחוק וזמן נתן לכם שמונה ימים מהיום דלמטה לכאן צו ברענגען ולא יותר בקנס מאה רייכס־טהאַלער הנ״ל.

און ווער סוועט מעלים זיין אף ספר אחד מוז געבען קנס עשרים ר״ט. על כן איז מען ענק מזהיר אַז איר זאָלט נאָכהער קיין אויסרייד האָבען אַז מיר האָבען דאפאָן קיין ידיעה געטאָהן.

כה דברי ראשי ומנהיגי עדת ישורון מפה ק״ק טשענסטאָכאָוו.

ב ע ר י ש ש א פּ י ר אָ.

אין איטליכער שטאָדט האָט השליח המוכ״ז צו בעקאָמען שכר שליחות ארבעה 6 (זעקסערס) און אין די כפרים האָט איטליכער צו געבען ב׳ פייגיל, צוגלייך איז מען מזהיר לכל הישובים הסרים למשמעתינו תוך שני ימים לכאן אָבצוברענגען דאָס יעהרליכע רעקרוטען געלד.

פה טשענסטעכאָוו יום הנ״ל.

ב ע ר י ש ש א פּ י ר אָ.

[דאָ קומט דער שטעמפּל: קהל עדת ישורון פה טשענסטעכאָוו].

פון דעם דאָזיקן וויכטיקן דאָקומענט לערנען מיר זייער אַ סך וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו אין דער תקופה פון פירשטנשאַפט וואַרשע. קודם כל דערוויסט מען זיך ווער איז געווען דער ראש הקהילה פון יענער צייט. ער האָט געהייסן בעריש שאַפּיראָ. קיין פּרטים וועגן אים פאַרמאָגן מיר לײדער נישט. פון דעם טעקסט פון דעם כרוז איז צו זען, אַז אין משך פון אַכט טעג האָבן די יידן באַדאַרפט מעלדן וועגן זייערע ספרים און זיי אָפּשטעמפּלען. אין פאַל פון נישט אויספירן דעם באַפעל האָט מען באַדאַרפט צאָלן שטראָף.

די קהילה האָט געהאַט ספּעציעלע שלוחים, וואָס פלעגן אַרומפאָרן און באַקומען באַצאָלט פון די אייגנטימער פון די ספרים גופא. די פרייזן זיינען געווען פאַרשיידן. פאַר די שטעט און פאַר די דערפער. די ישובניקעס אין די דערפער האָבן געצאָלט אַ סך ווייניקער ווי די שטאָטישע בעלי־בתים. די שלוחים זיינען, משמעות געווען אינקאַסענטן פון דער קהילה. דער ראש־הקהילה נוצט אויס די געלעגנהייט, וואָס די שלוחים וועלן זיין אין די אַרומיקע ישובים צו שטעמפּלען די ספרים און איז מודיע, אַז די וואָס האָבן נאָך נישט איינגעצאָלט דעם יערלעכן רעקרוטן־שטייער, דאַרפן איינצאָלן דעם זעלבן שליח.

דעם דאָזיקן שטייער האָבן יידן געצאָלט פאַר באַפרייט ווערן פון מיליטער־דינסט. ערשט אין 1812 איז נאָך לאַנגע אסיפות און דינגענישן געלונגען די קהילות פון פירשטנשאַפט וואַרשע זיך באַפרייען פון דעם דאָזיקן שטייער פאַר איין גרויסן אָפּצאָל פון 700,000 גילדן.

צוערשט איז אַ שליח געווען נישט מער ווי אַן אָנזאָגער פון אַ גזירה. אין יעדן שטעטל אָדער דאָרף פלעגט ער צונויפרופן אַלע יידן און זיי פאַרלייענען דעם כרוז. דער פאַרטרעטער פון דעם באַטרעפנדיקן ישוב פלעגט זיך אונטערשרייבן אויפן כרוז, אַז די יידן האָבן אים געהערט עס פאַרלייענען אָדער אַז ער אַליין האָט אים געלייענט. אַזעלכע פּונקטן האָט דער שליח געהאַט אַן ערך 15. אויב מען האָט געוואָלט דורך אים איינצאָלן דעם ספרים־שטעמפּל־שטייער אָדער דעם רעקרוטן־שטייער האָט מען געקענט. אויב נישט האָט מען געמוזט דאָס געלט ברענגען צו דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו, דירעקט.

אין ליכט פון דעם דאָזיקן דאָקומענט איז צו זען, אַז די קהילה אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ יורידישע רעפּרעזענטאַנטין פון די יידן נישט נאָר פון דער שטאָט, נאָר אויך פון אַ רייע אַרומיקע שטעטלעך און דאָרף־ישובים. אמת, עס האָבן איר געפעלט אַ סך אַטריבוטן פון אַ זעלבסטשטענדיקער קהילה. אַזוי, למשל, האָט זי נאָך נישט געהאַט קיין רב און אויך נישט קיין בית־עולם. דאָס האָט זי זיך דערוואָרבן ערשט אין דער תקופה פון קאָנגרעס־פּוילן (1815—1831). איר מאַכט איז אָבער געווען גענוג גרויס, איר באַפעלקערונג גענוג גרויס, אַז זי זאָל שטעלן אין שאָטן אַ סך עלטערע און צאַלרייכערע יידישע קהילות אין לאַנד.

צום שנעלן וואוקס פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה האָט קודם כל גורם געווען די גינציקע געאָגראַפישע לאַגע פון דער שטאָט און די שנעלע אינדוסטריאַליזאַציע פון דעם גאַנצן אַרומיקן געגענט. אין דער תקופה פון קאָנגרעס־פּוילן האָט די רעגירונג דערמוטיקט אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן און גוטע בעלי־מלאכות צו קומען אין לאַנד אַריין און העלפן אין דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און מלאכה. אויף אַזאַ אופן זיינען קיין טשענסטאָכאָוו אָנגע־

קומען פון דערבייאיקן שלעזיע אַ סך דייטשע קאַפּיטאַליסטן און בעלי־מלאכות. צווישן דער ערשטער גרופּע זיינען אויך געווען יידן. עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן אַז צווישן די עלטערע תושבים־יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו, זיינען געווען אייניקע, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער פּרייסישער תקופה. אמת, אין דער תקופה פון פּירשטנשאַפט וואַרשע האָט מען זיי געהייסן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַ סך זיינען אָבער געבליבן, בפרט אין די קלענערע שטעט פון לאַנד. אַז צווישן די טשענסטאָכאָווער יידן זיינען שוין צו יענער צייט געווען אַ סך וואָס זיינען געקומען פון דייטשלאַנד, קען מען זען פון דעם פאַקט, וואָס די פאַרמעגלעכע יידן האָבן געהאַלטן לערער ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט פון אויסלאַנד. דאָס איז אָנגעקומען נישט אַזוי גרינג, ווייל די אָרטיקע מעשטשאַנעס האָבן באַקעמפט יעדן פּרואוו צוצולאָזן אַ "פרעמדן" יידן, און אפילו די קירך איז געווען קעגן דעם. אין יאָר 1818 האָט מען פון טשענסטאָכאָוו אויסגעוויזן צוויי יידישע לערער, וואָס האָבן דאָרטן געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. דאָס זיינען געווען לעאָן גאָטענבערג פון גלאָגאו (שלעזיע) און ווילהעלם אימיער, וועמען מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון פּראַשקע.

ווען מען האָט אָנגעהויבן איינפירן "רעווירן" פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, ד"ה פאַקטיש געטאָס, האָט אויך די טשענסטאָכאָווער שטאָט־פאַרוואַלטונג זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער "פּריווילעגיע". טשענסטאָכאָוו האָט צו יענער צייט געהאַט פּראָפּאָרציאָנעל אַ סך אַ גרעסערע צאָל אייראָפּעאיזירטע יידן, ווי, למשל, וואַרשע. אַ גרופּע יידן פון דעם קרייז האָט זיך אין יאָר 1818 געווענדט צו דער מאַכט מיט אַ פאָרשלאַג, אַז זיי זיינען גרייט זיך קליידן אייראָפּעאיש און שיקן זייערע קינדער אין די עפנטלעכע שולן. דערפאַר זאָל מען זיי באַפרייען פון דעם חוב צו וואוינען אין דעם יידישן רעוויר. עס איז נישט באַקאַנט וואָס האָט דער מאַגיסטראַט דערויף געענטפערט. דער פאַקט גופא, וואָס אייניקע פון די רייכע יידן האָבן געהאַט הייזער מחוץ דעם יידישן רעוויר, זאָגט עדות, אַז די "אייראָפּעאיזירטע" יידן האָבן טאַקע געוואוינט אין די קריסטלעכע גאַסן, פּונקט ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעט.

פון יענער צייט איז אויך פאַראַן די ערשטע ידיעה וועגן דער אינדוסטריעלער ראָלע פון יידן. אין 1827 ווערט שוין דערציילט וועגן יידישע פאַבריקן אין שטאָט, וואָס האָבן פאַרקויפט "טשענסטאָכאָווער אויסאַרבעטונגען". דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע פאַבריקן קאָנען מיר נישט. אַ טייל יידן האָט זיך באַשעפטיקט מיט קאָנטראַבאַנדע. דאָס איז צו זען פון די אָפטע פאַראָרדענונגען מכוח אַרויסציען זיך פון אַרום טשענסטאָכאָוו. אַ גרויסער טייל פון די קאָנטראַבאַנדיסטן האָט זיך טאַקע שפּעטער באַזעצט אין לאָדזש.

פון די ערשטע פּיאָנערן פון טשענסטאָכאָווער אינדוסטריע און מיסחר זיינען אַרויסגעקומען די משפּחות, וואָס האָבן מיט דער צייט פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין דעם דאָרטיקן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין די דרייסיקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט איז דער ראש־הקהל אין טשענסטאָכאָוו געווען דער גביר און משכיל הערץ קאָן (1798—1862). ער האָט געשטיצט די באַמיאונגען פון די איינצעלנע משכילים צו פאַרשפּרייטן וועלטלעכע בילדונג צווישן די דאָרטיקע יידן און אפילו געעפנט אַ פּריוואַטע שול פאַר יידישע קינדער.

פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך האָט מען אָנגעהויבן קומען קיין טשענסטאָכאָוו זוכן פּרנסה. דער מאַגיסטראַט האָט געהיט, אַז "פרעמדע" יידן זאָלן זיך יאָרטן נישט באַזעצן, אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. די דאָזיקע ניט־לעגאַלע תושבים האָבן געלעבט אין שטענדיקער שרעק אַרויסגעשיקט צו ווערן פון שטאָט. געווען אַ צייט (אַרום 1829), ווען די צאָל פון אַזעלכע משפּחות האָט באַטראָפן גאַנצע הונדערט, ד"ה כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אין יאָר 1827 איז די אָפיציעלע צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו געווען 1141 נפשות און האָט אויסגעמאַכט 18 און אַ האַלב פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג.

די יידן אָן וואוינרעכט האָבן משמעות געהאַט פּרנסה אין שטאָט, ווייל זיי פלעגן אויסגעבן אַ סך געלט אויף יורידישער באַשיצונג מצד דער שטאָט־אַדמיניסטראַציע. די שטאָט־טאַטעס און די פּאָליציי האָבן געהאַט אַ נישט־קשהדיקע הכנסה פון דעם סיסטעמאַטישן כאַבאַר, וואָס די דאָזיקע ניט־לעגאַליזירטע יידן האָבן געצאָלט.

גאָר פרי האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן אויסשיילן אַ יידישע פּלוטאָקראַטיע, וואָס פאַר איר איז דאָס ביסל כבוד, וואָס די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די ענגע ד' אמות פון דעם קהילה־לעבן האָט זיי געקענט געבן — איז שוין ווייט נישט געווען גענוג. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז צווישן די גבירים אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען אַ סך, וואָס האָבן באַקומען אַן אַלגעמיינע בילדונג אין די שולן פון לאַנד אָדער אין אויסלאַנד. זייערע אָפטע באַזוכן אין דייטשלאַנד האָבן זיי שנעל "אייראָפּעאיזירט" און אַ סך פון די רעפאָרמען, וואָס זיינען צו יענער צייט שוין איינגעפירט געוואָרן אין די גרעסערע דייטשישע קהילות, האָבן זיי געוואָלט זען איינגעפירט ביי זיך אין שטאָט.

אויך צווישן די יידישע בעלי־מלאכהשע עלעמענטן זיינען געווען אָנהענגער פון דעם מאָדערנעם יידישן לעבן לויטן דייטשן נוסח. אין יאָר 1841 האָט טשענסטאָכאָוו געציילט 32 יידישע וועבערס מיט 160 וועבער־שטולן און 200 יידישע געזעלן. די לערער זייערע זיינען געווען על פּי רוב דייטשע מייסטערס. ממילא האָבן זיי געקענט דייטש און געקוקט אויף דער דייטשישער קולטור ווי אויף דעם לעצטן וואָרט פון פּראָגרעס. אַפילו די אויפרופן פון דער קהילה זיינען אין די יאָרן 1833—1862 על פּי רוב געשריבן אויף דייטש, נאָר געדרוקט מיט יידישע אותיות.

עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס די

יחידים, וואָס האָבן זיך שוין געהאַלטן פאַר פּראָגרעסיווע מענטשן, האָבן געזוכט עליות אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס האָט מען געקענט דערגרייכן אָדער דורך אַן אינדיווידועלער פּריווילעגיע אָדער דורך שמד. די פּריווילעגיע האָט זיך אויסגעדריקט קודם כל אין דעם רעכט צו וואוינען מחוץ דעם יידישן געטאָ. אַ העכערע פאָרם פון אַ פּריווילעגיע איז געווען דאָס רעכט צו באַזיצן אַן אייגן גוט.

אין דעם פּרט איז זייער אינטערעסאַנט די געשיכטע מיט שמעון לאַנדוי־גוטענבערג, דעם זון פון ווילהעלם לאַנדוי, אַ דייטשישן יידן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו נאָך אין די צייטן פון פירשטנשאַפט וואַרשע.

שמעון לאַנדוי איז געווען אַ רייכער טשענסטאָכאָווער סוחר און פאַבריקאַנט. דעצעמבער 1833 האָט ער זיך געווענדט צו דער מאַכט מיט אַ בקשה געבן אים בירגער־רעכט. אין זיין אויספירלעכער פּעטיציע — שרייבט ער, אַז ער און זיין הויזגעזינט רעדן און שרייבן פּויליש און דייטש. דאָס — פאַרזיכערט ער — קען זייער גרינג פעסטגעשטעלט ווערן מצד דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג.

ווייטער לאָזט ער וויסן, אַז זיינע קינדער באַזוכן די אַלגעמיינע שולן, און ער גופא טראָגט נישט "קיין שום דרויסנדיקע סימנים, וואָס יידן טראָגן". דערביי פאַרפליכטעט ער זיך, אַז ביי אים אין די געשעפטן וועלן נישט אַרבעטן קיין אַנדערע יידן, נאָר אַזעלכע "וואָס טראָגן פּוילישע אָדער דייטשע בגדים און וואָס רעדן גוט איינע פון די דאָזיקע צוויי שפּראַכן". לאַנדוי דערציילט, אַז זינט 1822 האָט ער אין לאַנד אַ פאַבריק פון ציצענע און באַוועלנע אויסאַרבעטונגען.

דער ענין פון געבן אים בירגער־רעכט האָט זיך געצויגן קנאַפּע צוויי יאָר צייט. די וואַרשעווער מאַכט האָט אים געענטפערט (12טן מערץ 1835), אַז זיינע פאַרדינסטן לגבי דעם לאַנד זיינען נישט אַזעלכע גרויסע, אַז ער זאָל זיין ראוי צו קריגן בירגער־רעכט. וואוינען מחוץ דער געטאָ האָט לאַנדוי געקענט מחמת דעם, וואָס ער איז געווען רייך, געווען אָנגעטאָן "אייראָפּעאיש" און געשיקט די קינדער אין אַלגעמיינע שולן.

דערפאַר אָבער האָט שוין זיין זון געהאַט מער מזל. אין 1863 האָט מען אים דערלויבט צו קויפן אַ גוט אין קעלצער גובערניע און אַזוי אַרום איז מקוים געוואָרן אין דריטן דור דער חלום פון דער פּיאָנערישער יידישער משפּחה אין טשענסטאָכאָוו: צו ווערן פּוילישע פּריצים און זוכה זיין אַריינגיין אין דער העכסטער געזעלשאַפטלעכע גרופּע פון לאַנד.

פון די אַנדערע משפּחות, וואָס האָבן זוכה געווען צו בירגער־רעכט, איז כדאי צו דערמאָנען די באַנקירישע משפּחה פון אַדאַם בערגמאַן, ווילהעלם קאָן, די וואָלבערגס און די לאַנדאָווסקיס.

געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מזל אָדער גענוג קאַפּיטאַל כדי קאָנען זיך אויספּיינען און אויסשיילן פון דעם יידישן ציבור, וואָס האָט געמוזט לעבן אין די ענגע געסלעך פון דעם יידישן רעוויר. זיי האָבן געפּרואווט צו פאַרבעסערן זייער מעמד דורך שמד. אָבער שמדן זיך אין טשענסטאָכאָוו גופא האָבן זיי זיך משמעות געשעמט. די פּוילינער פון דער יאַסנאַ גוראַ האָבן אפילו געהאַט אַ ספּעציעלן פאָנד פאַר שטיצן משומדים, אָבער די דאָרטיקע קאַנדידאַטן פאַר דער קאַטוילישער קירך זיינען געפאָרן דווקא קיין וואַרשע, כדי דאָרטן ווייט פון דער היים און פון קרובים אַדורכצופירן דעם שענדלעכן אַקט פון רענעגאַציע. על פּי רוב זיינען די געשמדטע אין טשענסטאָכאָוו גופא געווען נישט קיין היגע, נאָר פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

אין 1833 האָט זיך אין וואַרשע געשמדט אַ טשענסטאָכאָווער, איינער באַלזאַם, וואָס האָט תיכף פאַרפּוילישט זיין נאָמען אויף באַלזאַמאָווסקי. אין 1838 איז דער דאָרטיקער שניידער באָרטשטיין אַוועק מיט זיין ווייב קיין וואַרשע און זיך דאָרטן אָפּגעשמדט. אין 1843 האָט עס געטאָן דער דאָרטיקער לערער גרשום ווישליצקי, צוזאַמען מיט זיין פרוי. איינער פון די ערשטע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמער אין שטאָט, יעקב יאַקובאָוויטש, האָט זיך געשמדט אין יאָר 1847. גרויס צער און אויפרעגונג האָט אַרויסגערופן דער שמד־פאַל אין הויז פון דעם עושר און פּרנס הקהילה הערץ. איינער פון זיינע זין האָט זיך געשמדט אין וואַרשע אין יאָר 1865.

דעם צונאָמען "טשענסטאָכאָווער שמדניקעס" האָט מען נישט פאַרבונדן מיט די משכּילישע טענדענצן, וואָס האָבן זיך גראָד אין טשענסטאָכאָוו געלאָזט שטאַרקער פילן, איידער אין אַנדערע שטעט, נאָר דווקא מיט די פאָקטישע שמדן, וואָס האָבן אין דער שטאָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג.

דער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו האָט גורם געווען, אַז עס זאָלן אויפקומען פאַרשיידענע צדקה־חברות. אָרעמקייט האָט זיך געטוליעט אַרום דעם ישוב, וואָס האָט גאָר שנעל באַקומען אַ שם פון אַ רייכן ישוב. ווען עס זיינען אָבער געקומען די יאָרן 1846—1847, ווען דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט אַ קריזיס און הונגער האָט געהערשט אין אַ סך הייזער, האָט די טשענסטאָכאָווער קהילה געמוזט אָרגאַניזירן תיכפדיקע שטיצע פאַר אירע אָרעמעלייט. די באַמיאונג, אַז מען זאָל צולאָזן יידן צו די דערבייאיקע קאַלך־גרובן, אפילו ווי אַ צייטווייליקע פּרנסה, זיינען פון דער רעגירונג צוריקגעוואָרפן געוואָרן.

די קהילה איז נישט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ צדקה־אַקציע. זי האָט בכלל באַטראַכט די אָרעמע פון איר שטאָט ממש ווי "גרים", וואָס זיינען אַהער געקומען כדי פּרובירן מזל ביי די „תושבים". די דאָזיקע „תושבים" האָבן שטאָלצירט מיט דעם, וואָס זיי קענען באַווייזן, אַז זייערע משפּחות האָבן זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו אין דער צייט פון פירשטנשאַפט וואַרשע און ממילא באַטראַכט זיך פאַר די „פּאַטריציער". טשענסטאָכאָוו איז פאַר אַ

סך יידן פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך געווען אַ מין טראַנזיט־שטאָט, וואו מען זוכט פּרנסה, האָט מען אָפּגעגליקט, איז מען דאָ געבליבן, אַז נישט איז מען אַוועק קיין לאָדזש וואָס האָט צו יענער צייט געלאָקט מיטן צויבער פון פּיאָנערישע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט ממש פאַנטאַסטיש־קלינגענדיקע געשעפט־אַוואַנטיורעס.

פון יענע קריזיס־יאָרן שטאַמט דער אויפרוף פון אַ פּיאָנערישן משכיל אין טשענסטאָכאָוו יצחק בורשטין אָדער בורשטינסקי, דעם אַרטיקל קאָרעספּאָנדענט פון דער „אַלגעמיינער צייטונג דעס יודענטומס״, וואָס דער באַרימטער ראַבינער ד״ר לודוויג פיליפּזאָן האָט זינט 1838 אַרויסגעגעבן אין מאַגדעבורג. בורשטינסקי האָט אַפּעלירט צו די טשענסטאָכאָווער יידן, אַז זיי זאָלן זיך אויסלערנען געבן צדקה סיסטעמאַטיש און נישט סתם צוואַרפן אַ נדבה בעת אַן אָרעמאַן קלאַפּט אָן אין אַ יידישער טיר. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אין משך פון זעקס חדשים באַשטימען אַ חודשלעכן אָפּצאָל פאַר די קרבנות פון דעם קריזיס.

„וואו איז יושר און גערעכטיקייט — האָט ער געשריבן — אַז מיר זאָלן צולאָזן, אַז פאַר אונדזערע אויגן זאָלן די באַדערפטיקע פון אונדזער עדה אויסגיין פון הונגער און שטאַרבן אויף די גאַסן פון אונדזער שטאָט ?״

ער האָט אַפּעלירט צו די יידן פון שטאָט, אַז זיי זאָלןביישטייערן פאַר אַזאַ פאָנד. די שטאָט האָט גענוג פאַרמעגלעכע בעלי־בתים און אַז נדבה „ווירד איינען בעל־הבית ווייניג בעריהרען, אָבער פאַר דיא עלענדען פאָן גראָסעס נוטצען זיין״ — האָט ער געשריבן אין זיין האַלב־לשון־קודשדיקן און האַלב־דייטשן קול־קורא.

אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו איז דאָס געווען די ערשטע, גרעסערע געזעלשאַפטלעכע אַקציע לטובת די דאָרטיקע אָרעמע אָדער פאַראָרעמטע יידן. דאָס, וואָס די דאָזיקע אַקציע איז נישט אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג גופא, נאָר איז געווען אַן אינדיווידועלע איניציאַטיווע פון אַ יחיד, איז אַ באַווייז, אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס נאָך וואַרשע, איז טשענסטאָכאָוו געווען אַ קהילה מיט „פּראָגרעסיווע״ פּרנסים, איז זי דאָך אין ענינים פון קהילה־אָרגאַניזאַציע געווען שטאַרק הינטערשטעליק.

בעת דער כאָלערע־עפּידעמיע פון 1852 האָט מען שוין אין טשענסטאָכאָוו געזען אַ מער־אָרגאַניזירטע אַקציע. מען האָט געמאַכט צדקה־בעלער, געזאַמלט געלט און בכלל אַרויסגערופן מער אינטערעס פאַר די קרבנות פון דער עפּידעמיע. דאָס איז געווען מער אַ פּראָפילאַקטישע צדקה, וואָס האָט געהאָלפן די רייכע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג זיך אויסצוהיטן פון דער מגפה.

אַרום יענער צייט פאַרגרעסערט זיך גאָר שנעל די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג. אין 1840 האָבן יידן אויסגעמאַכט כמעט אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אויף 5004 קריסטן זיינען דאַן געווען אין טשענסטאָכאָוו 2299 יידן. די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון דער שטאָט האָט אָבער אָנגעהויבן וואַקסן מיט אַ סך אַ גרעסערן טעמפּאָ אין פאַרגלייך מיט דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער שטאָט האָט צוגעצויגן אַ סך נייע איינוואוינער, באַזונדער פון די אַרומיקע דערפער, וואָס זיינען אַוועק אַרבעטן אין די פאַבריקן פון טשענסטאָכאָוו. פאַר יידן איז דאָס באַזעצן זיך אין דער שטאָט געווען שטאַרק באַגרענעצט דורך דער שטרענגער קאָנטראָל פון דעם יידישן רעוויר און דער סיסטעמאַטישער רעגימענטאַציע פון די תושבים־יידן. אין 1857 האָט די אַלגעמיינע באַפלקערונג פון דער שטאָט אויסגעמאַכט 8,637 נפשות, פון דעם 2,976 יידן. דאָס מיינט 34 און אַ האַלב פּראָצענט. אין יאָר 1862 איז אין טשענסטאָכאָוו געווען 3,360 יידן (37.3 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג).

אין יאָר 1862 האָט טשענסטאָכאָוו געטראָפן אַ גרויס אומגליק. דעם 4־טן נאָוועמבער איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע שריפה. אַם מערסטן האָבן געליטן אָרעמע יידן. געווען איז דאָס אין דער צייט פון דער „פּויליש־יידישער פאַרברידערונג״. די בשותפותדיקע אַקציע לטובת די נשרפים, וואָס עס האָבן אַדורכגעפירט די יידן און די פּאָליאַקן, האָט געהאַט ממש אַ חשיבות פון אַ דעמאָנסטראַציע פון „פּראַקטישער ליבע״. אין קאָמיטעט זיינען אַריין דער גלח און דער רב. בערנאַרד קאָן, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסער מיל, און אַ מיטגליד פון שטאָט־ראַט, איז געווען דער פאָרזיצער. אַ סך קריסטן האָבן געגעבן געלט, עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן 14,000 זלאָטעס.

די דאָזיקע שריפה איז אויסגענוצט געוואָרן, ווי אַ שטאַרקער אַרגומענט, אַז מען מוז אָפּשאַפן דעם יידישן רעוויר, ווייל די שריפה איז אַ פּועל־יוצא פון ענגשאַפט און שמוציקייט. שוין אין 1859 האָט מען אָנגעהויבן זיך משתדל זיין, אַז מען זאָל זען פאַרגרעסערן דעם יידישן רעוויר ביז דער גאַס פון „פּאַנני מאַריע״, איינגעשלאָסן דעם מאַרק. אין 1862 האָט דער טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט באַשלאָסן אָפּצושאַפן אינגאַנצן דעם רעוויר. די שטאָטטאַטעס האָבן שטאָלצירט מיט דעם, וואָס זייער באַשלוס איז געקומען פריער, ווי דער דעקרעט, וואָס האָט בכלל אָפּגעשאַפן די דאָזיקע געטאָס אין קאָנגרעס־פּוילן.

אין יענער צייט, ד״ה אין די יאָרן 1861—1863, האָט אין טשענסטאָכאָוו בכלל געהערשט אַ שטאַרקע פּראָ־פּוילישע שטימונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין סאָלידאַריזירן זיך מיט דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זיינען אויסגעקליבן געוואָרן, חוץ בערנאַרד קאָן, די בעלי־בתים : בערנאַרד מייזל, יצחק גינסבערג, יצחק פייגענבלאַט און יעקב זיידענמאַן. די דאָזיקע פיר יידן זיינען געווען פאַרטרעטער, בעת בערנאַרד קאָן איז געווען דער ראַטמאַן.

די שטימונג איז געווען אַזאַ געהויבענע, אַז די „יו־

טשענקא" האָט אָפּגעדרוקט אַ בריוו פון אַ טשענסטאָכאָ־ ווער יידן קעגן משה העס. דער דאָזיקער ייד האָט געשריבן, אַז „ארץ־ישראל איז אַ חלום" און אַז „אונדזער פאָטערלאַנד איז פוילן". דער בריוו איז געווען געשריבן כלומרשט צו אַ טשענסטאָכאָווער קריסט, וואָס וויל וויסן, צי יידן ביי זיי אין שטאָט פילן זיך ווי פּאָליאַקן.

דער פאַקט גופא, וואָס נאָך וואַרשע האָט דווקא טשענסטאָכאָוו אַרויסגעוויזן אַ סך אַקטיוויטעט אין שייכות מיט יענע יאָרן פון פאַרן אויפשטאַנד פון 1863, האָט אַרויסגערופן באַגייסטערטע אָפּרופן אין דער פּויליש־ שער פּרעסע.

טשענסטאָכאָוו האָט אין די יאָרן 1861—1863 גע־ האַט אַ באַדייטנדיקע גרופּע יידישע יוגנט, וואָס איז גע־ ווען שוין קולטורעל פּויליש און האָט זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטישע ענינים. די נאָענטקייט פון דער פּרייס־ שער גרענעץ האָט גורם געווען, אַז די דאָרטיקע יוגנט האָט געהאַט אַ צוטריט צו דער פּאָליטישער ליטעראַטור אַ סך גרינגער, ווי די יוגנט אין וואַרשע. עס איז געווען לייכטער צו שמוגלען, פּשוט צוליב דעם, וואָס מען האָט אַ סך אָפטער באַזוכט ברעסלוי אָדער קעניגסבערג פון טשענ־ סטאָכאָוו, איידער פון וואַרשע. דערפאַר איז, למשל, אַן עקזעמפּליאַר פון משה העס' "רוים און ירושלים" אַריינ־ געפאַלן אין די הענט פון אַ משכיל אין טשענסטאָכאָוו אַ סך פריער, ווי אין וואַרשע.

דערפאַר האָט אויך טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ גרוי־ סע ראָלע אין דער פאַרשפּרייטונג פון פאַרבאָטענע ווערק און אין שמוגלען רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און שפּע־ טער, שוין בעתן אויפשטאַנד, אין שמוגלען געווער.

די פּוילישע עמיגראַציע האָט זיך באַנוצט מיט טשענ־ סטאָכאָוו, ווי מיט אַ זיכערער טראַנזיט־סטאַנציע פאַר שמוגלען ליטעראַטור. די דאָרטיקע יידן, געניט אין ענינים פון קאָנטראַבאַנדע, האָבן אין דער דאָזיקער אַר־ בעט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט. צווישן דער יוגנט האָבן זיך געפונען אַ סך תלמידים פון וואַרשעווער שולן בכלל און פון דער ראַבינער־שול בפרט.

זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרקאָכט אין דער פּויליש־ שער פּאַטריאָטישער באַוועגונג פאַרן אויפשטאַנד, גע־ בראַכט ידיעות צו זיך אין שטאָט, געשריבן אין די פּוילישע בלעטער, געשיקט קאָרעספּאָנדענצן אין דעם וואָכנבלאַט "יוטשענקא", געהאָלפן שפּעטער באַהאַלטן פאַרוואונדעטע אויפשטענדלער און זיי אַריבערשיקן קיין קראָקע. וועגן דעם האָט מען אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן געוואוסט און עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס אין די געהיימע אינסטרוקציעס פון דעם פּוילישן רעוואָלוציאָ־ נערן קאָמיטעט פון 1863 ווערן דערמאָנט די "פעדעם מיט די פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן אין טשענסטאָ־ כאָוו".

אין יאָר 1862 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציע, אויף וועלכער עס האָט גערעדט דניאל נייפעלד, וועגן וועמען עס וועט אויסקומען שפּעטער צו שרייבן באריכות. די יידישע תלמידים פון די טשענסטאָכאָווער אַלגעמיינע שולן האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג. אויך צווישן די אַקטיווע אָנטייל־נעמער אין אויפשטאַנד זיינען געווען עטלעכע טשענסטאָכאָווער יונגע יידן. נאָכן אויפשטאַנד פון 1863 זיינען עטלעכע טשענסטאָכאָווער יידן אַרעסטירט געוואָרן. אַזוי איז שמואל ווידאווסקי אַרעסטירט געוואָרן און גע־ שטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי אויף צוויי יאָר צייט. איינער יוסף קאָן איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט מען אים אַרעסטירט און געשטעלט אונטער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, אויך אויף צוויי יאָר.

דער סאַמע וויכטיקסטער צווישן די יונגע יידישע פּאַטריאָטן פון אויפשטאַנד איז געווען שמעון דאַנקאָ־ וויטש, אויף וועמענס ביאָגראַפיע איז כדאי זיך אָפּצו־ שטעלן.

דאַנקאָוויטש איז געבאָרן געוואָרן אין טשענסטאָ־ כאָוו אין יאָר 1841. זיין מוטער איז געווען אַן אַקושערקע. ער האָט געענדיקט אַן אַלגעמיינע עלעמענטאַרע שול און איז שפּעטער געווען אַ תלמיד פון אַ פּאַוויאַטאָווער שול. אין יאָר 1859 איז ער געקומען קיין וואַרשע און איז אַריינ־ געטראָטן אין דער מעדיקאָ־כירורגישער אַקאַדעמיע. שפּעטער, ווען מען האָט די דאָזיקע אַקאַדעמיע פאַרמאַכט, וויל מען האָט געעפנט אַ פּוילישן אוניווערסיטעט (שקאָ־ לאַ גלאָוונאַ), איז דאַנקאָוויטש אַריבער אַהין און שטו־ דירט מעדיצין. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דעם וואַר־ שעווער יוגנט־קרייז, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרשפּרייטן פּוילישע אַסימילאַציע צווישן דעם יונגן יידישן דור. אין יענעם קרייז האָט דאַנקאָוויטש גע־ האַלטן, אין נאָוועמבער 1860, אַ רעפעראַט וועגן יידן, וואָס איז געווען דרייסט און ניי. דאַנקאָוויטש האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז יידן האָבן נישט אויפגעהערט צו זיין אַ נאַציע, הגם זיי האָבן פאַרלאָרן זייער לאַנד. דאָס איז בלי ספק געווען אַ השפּעה פון משה העס' "רוים און ירושלים", וואָס איז גראָד יענעם יאָר דערשינען און על פּי רוב אַרויסגערופן אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג. אין יענע האָניק־יאָרן פון אַסימילאַציע אַרויסגייען אין וואַרשע מיט אַזאַ טעזע האָט געפאָדערט אַ סך מוט און זעלבסטשטענ־ דיקייט פון דענקען.

אַרום דעם דאָזיקן רעפעראַט האָט זיך אַנטוויקלט אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע. דער יונגער אַלעקסאַנדער קרויזהאַר, וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם דאָזיקן קרייז, באַשרייבט אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינד דעם רעפעראַט פון דאַנקאָוויטשן און די דיסקוסיע. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז נישט אַלע זיינען געווען קעגן דאַנקאָוויטשעס טעזע.

"עס האָבן זיך דערהערט שטימען — שרייבט קרויז־ האַר — אַז עס איז ניטאָ קיין נאַציע אָן אַ לאַנד, און נאָר דאָס לאַנד, וואו זיי זיינען געבאָרן געוואָרן, דאַרף זיין פאַר

די יידן אַ פאַטערלאַנד. די דאָזיקע מיינונג האָט געפונען זייער אַ סך אָנהענגערס".

דער פאַקט גופא, וואָס קרויזהאַר שרייבט, אַז אַ סך האָבן נישט איינגעשטימט מיט דאַנקאָוויטשן, בעת מען האָט געקענט דערוואַרטן, אַז אַ ל ע וועלן מיט אים נישט איינשטימען, באַווייזט, אַז נישט אַלע האָבן זיך דעמאָלט געהאַלטן פאַר פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן. עס איז קלאָר, אַז דאַנקאָוויטש האָט זיך אויך נישט געהאַלטן פאַר אַזעלכן. ער איז געווען דער ערשטער נאַציאָנאַל־גע־שטימטער ייד צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין פּוילן פון יענער צייט. נאָך בולטער שטעלט זיך דאָס אַרויס אין שייכות מיט זיין אַרטיקל אין דעם וואָכנבלאַט "יוטשענקא", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין די יאָרן 1861—1863 אונטער דער רעדאַקציע פון דניאל נייפעלד. דער דאָזיקער נייפעלד האָט זיך געקענט מיט דאַנקאָוויטשן נאָך פון טשענסטאָכאָוו. נייפעלד האָט אים דורכן בריוו־קאַסטן פון דער רעדאַקציע איינגעלאַדן צו שיקן אַרטיקלען פאַר זיין זשורנאַל.

אין 1862 האָט זיך אין "יוטשענקא" (נומער 12) באַ־וויזן דאַנקאָוויטשעס אַן אַרטיקל וועגן "שפּריכווערטער און משלים אין דער רבנישער ליטעראַטור". אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דאַנקאָוויטש געשריבן אַזוי:

„שפּריכווערטער שטעלן מיט זיך פאָר די פילאָסאָפיע פון פאָלק, דערפאַר זאַמלט יעדע נאַציע (נאַרוד), סיי אַזאַ וואָס שטייט אויף אַ הויכן בילדונג מצב, סיי אַזאַ וואָס שטייט אויף אַ נידעריקן מצב, די דאָזיקע דענקמעלער פון איר עבר און היט זיי זאָרגעוודיק אָפּ".

דאַנקאָוויטש דריקט אויס דעם פאַרלאַנג, „אַז אונ־דזערע מיטגלייביקע זאָלן זיך פאַרנעמען מיט זאַמלען פון יידישן פאָלקס־מויל שפּריכווערטער, מסורות און אפילו כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן פון יידישן זשאַרגאָן".

דער דאָזיקער אַרטיקל האָט אַרויסגערופן אַן אומ־צופרידנקייט אין די ראַדיקאַל־אַסימילאַטאָרישע קרייזן. אָבער נייפעלד האָט פאַרטיידיקט דאַנקאָוויטשן און גע־האַלטן מיט אים.

ד אַ נ ק אָ ו ו י ט ש איז געווען איינער פון די די־נאַמישסטע געשטאַלטן צווישן דער יידישער יוגנט בעת דעם אויפשטאַנד. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַ רייע שלאַכטן און איז פאַרוואונדעט געוואָרן. אַ דאַנק דער הילף פון אַ גרופּע פּאָליאַקן האָט מען אים אַ פאַר־וואונדעטן געבראַכט קיין קראָקע. דאָרטן האָט מען אים אויסגעהיילט. אין אָנהייב איז ער געווען אַ העברעאישער לערער. 1867 איז ער באַשטימט געוואָרן פאַרן פּריידיקער פון דער קראָקעווער סינאַגאָגע "פון יידן, פריינד פון פּראָגרעס". זיין אינסטאַלאַציע־דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 18טן יאַנואַר 1868 איז פון דער דאָזיקער סינאַגאָגע אָפּגעדרוקט געוואָרן.

דערווייל האָט זיך דאַנקאָוויטש דאָקטאָריזירט אין קראָקאָווער אוניווערסיטעט און געוואָרן לערער פון יידי־שער רעליגיע אין די דאָרטיקע גימנאַזיעס. אין די יאָרן 1863—1883 האָט ער געהאַט פאַרשיידענע שטעלעס פון אַ ראַבינער און רעליגיע־לערער אַלץ אין קלענערע קהילות. אין קראָקע האָט ער נישט געקענט בלייבן, ווייל די אָרטאָ־דאָקסן האָבן אים גרודפט. ער איז אַוועק קיין בולגאַריע און איז געוואָרן דער ערשטער רב־הכולל פון דער יונגער מלוכה. אין 1893 איז ער פון דאָרטן אַוועק. וואָס ס'איז מיט אים געשען שפּעטער און ווען ער איז געשטאָרבן — איז אומבאַקאַנט.

דער דאָזיקער אָרעמער טשענסטאָכאָווער בחור האָט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען ווי אַ העברעאישער לעקסי־קאָגראַף. אין די וואָגיקסטע צייטשריפטן פון יענער צייט האָט ער געדרוקט אַרטיקלען וועגן העברעאישער פילאָלאָ־גיע, וועגן דער השפעה פון העברעאיש אויף סלאַוויש און האָט זיך געקליבן צו שרייבן אַ געשיכטע פון יידן אין פּוילן.

אַן אומרואיקע נשמה, האָט דאַנקאָוויטש נישט גע־קענט געפינען פאַר זיך קיין שטענדיקן פּלאַץ. זיינע שריפטן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן, זיין נאָמען איז פאַר־געסן געוואָרן. אַ סך ביאָגראַפן גיבן אָן, אַז ער איז געווען אַ בעמזשער ייד, ווייל ער איז דאָרט געווען אַ קורצע צייט אַ ראַבינער.

דער טשענסטאָכאָווער זון פון אַן אַקושערקע איז גע־ווען פאַקטיש דער ערשטער יידישער פאָלקלאָריסט אין פּוילן און דער ערשטער מבשר פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער אידעע אין אַ צייט, ווען די אידעע פון אַסימילאַציע האָט זיך אין גאַנצן געדעקט מיט דער אידעע פון "פּראָ־גרעס".

### 3. קולטור־געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידן

עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן אַז אין פּוילן איז נאָך וואַרשע — טשענסטאָכאָוו געווען די שטאָט, וואו השכלה האָט געבליט. אַזוי פרי ווי 1814 געפינט מען דאָרטן פּריוואַטע יידישע לערער פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן געלערנט מיט די קינדער פון פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. די בעסערע מלמדים פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי דזיאַלאָשין, פּראַשקע, ווילון און אַנדערע, פלעגן זיך באַזעצן אין טשענסטאָכאָוו. אַזאַ איינער איז, למשל, געווען דער דזיאַלאָשינער משכיל שלמה דוד גור־טענגאָט וועלכער פלעגט געבן פּריוואַטע לעקציעס פון העברעאיש די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין די אַלגע־מיינע טשענסטאָכאָווער שולן.

די רייכע יידישע יוגנט פלעגט באַזוכן די מלוכה־שולן אין פּיעטריקאָוו, קאַליש און וואַרשע. יידישע מייד־לעך פון טשענסטאָכאָוו געפינט מען אין די שולן פון ברעסלוי, קעניגסבערג און בערלין. דאָרטן זיינען געווען פּריוואַטע פּאַנסיאָנאַטן "פיר איזראַעליטישע מעדכען", וואו מען האָט אַכטונג געגעבן אויף די "בנות ציון" און זיי מדריך געווען "צו גאָט און צו לייט".

מען קען פעסטשטעלן, אַז די קולטור־שפּראַך פון די

געבילדעטע יידן אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דייטש. די "אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס" האָט געהאַט אין טשענסטאָכאָוו עלף אַבאָנענטן און אַ ספּעציעלן קאָרעספּאָנדענט. דאָס האָט, אגב, אפילו וואַרשע נישט תמיד געהאַט.

ווען מען האָט געעפנט די ראַבינער־שול אין וואַרשע (אין 1826) האָבן אַ סך טשענסטאָכאָווער יונגעלייט באַזוכט די דאָזיקע שול. אין יאָר 1830 האָבן זיך דאָרטן געלערנט בערנאַרד צימערמאַן, מויריצי קאָן און בערנאַרד לאַנדוי. דער דאָזיקער צימערמאַן איז שפּעטער געווען צענזאָר און אפילו אַ לערער אין דער ראַבינער־שול. בערנאַרד לאַנדוי איז געווען אַ לערער. מויריצי קאָן איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט און אַ גוט־באַזיצער.

נאָכן אויפשטאַנד פון 1863 איז די צאָל טשענסטאָכאָווער יונגעלייט אין דער ראַבינער־שול געשטיגן און האָט ביז דער ליקווידאַציע פון דער דאָזיקער שול (אין 1863) באַטראָפן גאַנצע צוועלף.

אין די יאָרן 1826—1840 זיינען 26 טשענסטאָכאָווער יונגעלייט געגאַנגען אין פאַרשיידענע לערן־אַנשטאַלטן אין דער פרעמד. אייניקע פון זיי האָבן שטודירט מעדיצין און שפּעטער פּראַקטיצירט אין זייער געבוירן־שטאָט, ווי ד"ר לאַנדאָווסקי, למשל.

"קיין שום קהילה אין פּוילן — האָט געשריבן די 'אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס' אין 1841 — האָט נישט אַזאַ לעבעדיקע נייגונג פאַר הומאַניטעט, ווי די היגע. כמעט יעדער איינער, אפילו די וואָס טראָגן דעם פּויליש־יידישן בגד, אַנטוויקלען אַ געפיל פאַר אַ בעסערער און מאָדערנערער קולטור. יעדער פרייט זיך צוליב די דערפאָלגן, וואָס די השכלה האָט צווישן די יידן אין דייטשלאַנד און אַנדערע מקומות. אַ היפּשער טייל פון די אָרטיקע יידן לייענט דייטשישע און פּוילישע ביכער, בעיקר אויף די טעמעס פון אויפקלערונג, עטיק און אַ סך שיינע ליטעראַטור. מען קען זאָגן, אַז רעליגיעזער פאַנאַטיזם, אַבערגלויבן און זאַבאָבאָנעס זיינען זינט עטלעכע יאָר אינגאַנצן פאַרשוואונדן ביי דעם העכערן קלאַס יידן".

אין אַ צווייטן בריוו פון טשענסטאָכאָוו, געדרוקט אין דער זעלבער דייטש־יידישער וואָכנשריפט, ווערט דערציילט, אַז בכלל איז די השכלה דאָ שטאַרקער ווי חסידות. אויף 400 משפחות ציילט טשענסטאָכאָוו אינגאַנצן 25 חסידישע.

"טשענסטאָכאָוו — ווערט דאָרטן געזאָגט — איז געווען די ערשטע פון אַלע קהילות אין פּוילן, וואָס איז אַ דאַנק דעם קאָנטאַקט און מסחור מיט שלעזיע, געקומען אין אַ באַרירונג מיט בילדונג און קולטור. טיילווייז איז דאָס צו פאַרדאַנקען דער דייטשישער שפּראַך, דעם אייראָפּעאישן בגד און דעם געפיל פון ריינקייט, סדר און אָרגאַניזאַציע, וואָס די דאָרטיקע יידן האָבן געלערנט פון דער 'מאָראַלישער רעוואָלוציע' אין פּוילן, ד"ה פאַרן אויפשטאַנד פון 1863 איז שוין די בילדונג־טעטיקייט געווען מער אויף פּויליש, ווי אויף דייטש. אין יאָר 1860 האָבן די טשענסטאָכאָווער יידן געקענט שטאָלצירן מיט הונדערט יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געלערנט אין אַלגעמיינע שולן, גימנאַזיעס און אין דער וואַרשעווער ראַבינער־שול. יענעם יאָר האָבן ניין טשענסטאָכאָווער יידן געענדיקט אוניווערסיטעט.

גאָר פרי האָט די דאָרטיקע קהילה אָנגעהויבן זיך משתדל זיין מכוח אַן אייגענער עלעמענטאַר־שול פאַר יידישע קינדער.

די דאָזיקע בילדונג־טעטיקייט איז פאַרבונדן מיט צוויי נעמען, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער געשיכטע פון דער טשענסטאָכאָווער השכלה.

דאָס זיינען געווען די שוין פריער דערמאָנטע יעקב בורשטינסקי און דניאל נייפעלד.

בורשטינסקי אָדער בורשטין איז געבאָרן געוואָרן אין זאַגוראָוו (קאָנינער פּאָוויאַט) אין יאָר 1790. ער איז געווען אַ פּריוואַטער העברעאישער לערער און שפּעטער אַ געשוואָרענער איבערזעצער פון יידיש און העברעאיש ביי דער קאָלישער וואָיעוואָדשאַפט. שפּעטער באַזעצט ער זיך אין פּראַשקע, ווי אַ פּריוואַטער לערער. ווען דער טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט האָט אַרויסגעשיקט די צוויי פּריוואַטע יידישע לערער גאָטענבערג און אימיער, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט דאָרט קיין וואוינרעכט, האָט די דאָרטיקע קהילה איינגעלאַדן בורשטינסקין, ווי אַ קהילה־סעקרעטאַר. חוץ דעם איז ער געווען באַשעפטיקט ווי אַ לערער און אַ מטיף אין דער שטאָטישער שול.

אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון ראש הקהל, הערץ קאָן, האָט מען בורשטינסקין דערלויבט צו וואוינען אין טשענסטאָכאָוו דריי יאָר צייט (1828—1831). די משפחה זיינע אָבער האָט ער נישט געטאָרט מיטברענגען.

בורשטינסקי האָט געקענט זייער גוט פּויליש. דאָס איז צו יענער צייט געווען צווישן יידן אַ זעלטנהייט, ווייל ווי געזאָגט, איז ביז אַן ערך 1860 גיכער דייטש געווען די קולטור־שפּראַך פון די געבילדעטע יידן. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט אים באַדאַרפט האָבן. ער האָט געשריבן בקשות אין געריכט, האַנדלס־בריוו און איז אפילו באַשטימט געוואָרן פאַר אַן איבערזעצער ביים טשענסטאָכאָווער פרינדס־געריכט. זיינע צוויי זין זיינען דעמאָלט געווען אין דער קאָלישער גימנאַזיע און שפּעטער שטודירט מעדיצין אין דייטשלאַנד.

בורטשינסקי ווערט אַזוי אַרום אַ „פּריוואַטער אַדוואָקאַט", ד"ה ער שרייבט כל־אַלערליי בקשות און בריוו. די דאָרטיקע פּוילישע פאַרטיידיקער איז דער ענין נישט געפעלן געוואָרן און זיי האָבן אים פאַרמסרט פאַר דער שטאָט־מאַכט. דער מאַגיסטראַט האָט אים פאַרווערט זיך צו פאַרנעמען מיט שרייבן אַזעלכע בריוו. בורשטינסקי האָט זיך אָבער נישט פאַרלאָרן און האָט אין אַ מעמאָראַנדום צום שטאָט־פּרעזידענט אָנגעוויזן, אַז דאָס וואָס ער

טוט איז געזעצלעך. דער אויפשטאַנד פון 1830—1831 האָט דערווייל איינגעשטילט דעם סיכסוך.

סוף 1831 האָט מען אים ווייטער אָנגעהויבן רודפן. דאָס מאָל האָט מען זיך געשטעלט אויף אַ יורידישער באַזע. היות ווי די דריי יאָר, וואָס ער האָט געמעגט וואוינען אין טשענסטאָכאָוו זיינען פאַרביי, דאַרף ער בכלל פאַרלאָזן די שטאָט, ממילא איז שוין ניט וויכטיק, אויב זיין „פריוואַטע אַדוואָקאַטור״ איז געווען לעגאַל אָדער נישט. די שטאָט האָט אים געהייסן אַרויספאָרן אין משך פון פינף טעג. די קהילה האָט אים געשטיצט, אָבער משמעות אַליין געפילט, אַז עס איז נישטאָ קיין יורידישע באַזע פאַר זיין בלייבן דאָ, ווייל ער איז געווען אַ ״פרעמדער״. ער האָט דעריבער געמוזט פירן אַ קאַמף איינער אַליין און האָט זיינס אויסגעפירט: די וואָיעוואָדישע מאַכט האָט אים דערלויבט צו בלייבן אין טשענסטאָכאָוו בתנאי, אַז ער וועט וואוינען אין יידישן רעוויר. נאָך לאַנגע אָפיציעלע פראָצעדורן איז ער סוף כל סוף געבליבן אין שטאָט, וואו ער איז געשטאָרבן אין 1852, פאַלנדיק אַ קרבן פון דער כאָלערע־מגפה.

אין משך פון די יאָרן, וואָס ער האָט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו, האָט בורשטינסקי זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער פאַרשפרייטונג פון וועלטלעכער בילדונג צווישן יידן. עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז ער איז געווען דער טשנעסטאָכאָווער קאָרעספאָנדענט פון דער ״אַלגעמיינער צייטונג דעס יודענטומס״. זיינע בריוו זיינען אַ וויכטיקער מקור פאַר דער געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו.

בורשטינסקי האָט זיך איבערצייגט, אַז מיט פריוואַט־לערעריי קען מען די בילדונגס־פראָבלעמען פון די דאָרטיקע יידן נישט לייזן. די גבירים האָט ער געשריבן, האָבן על פי רוב גוטע לערער און מלמדים פאַר זייערע קינדער. זיי קענען באַצאָלן, ממילא קלייבן זיי אויס און שרייבן זיך אויס די בעסטע פעדאַגאָגן. דאַקעגן די אָרעמע מוזן אָנקומען צו ווינקל־מלמדים, שיקן זייערע קינדער אין שמוציקע, ענגע חדרים. בורשטינסקי האָט דעריבער געהאַלטן, אַז אַזאַ שטאָט ווי טשענסטאָכאָוו דאַרף האָבן פאַר די ווינציק־פאַרמעגלעכע שיכטן אַן עפנטלעכע, עלעמענטאַר־שול. ער האָט וועגן דעם צוגעשטעלט אַן אויספירלעכן פראָיעקט. די שול האָט געזאָלט האָבן דריי קלאַסן מיט דריי לערער און חוץ דעם אַ פאַרוואַלטער. ער גופא האָט זיך אָנגעבאָטן לערנען אָן באַצאָלט רעליגיע און עטיק. די שול האָט זיך געזאָלט אויסהאַלטן פון שכר־לימוד. כדי צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן פרעסטיזש פאַר דער שול האָט ער פאָרגעשלאָגן צו אָרגאַניזירן אַן עלטערן־ראַט, בראש פון וועלכן עס זאָל שטיין דער רב. מיט דעם האָט ער געהאָפט צו געווינען די פרומע קרייזן. די אָרטאָדאָקסיע האָט, פאַרשטייט זיך, באַקעמפט בורשטינסקיס פראָיעקט. דערפאַר האָבן אָבער די משכילים מיטן ראש־הקהל הערץ קאָן בראש, געשטיצט זיין פלאַן. ער איז עטלעכע מאָל פאָרגעלייגט געוואָרן אין שטאָט־שול און אין בית־המדרש. מען האָט געזאַמלט חתימות פון בעלי־הבתים און דערלאַנגט אַ בקשה צו דער מאַכט. דאָס איז געווען אין יאָר 1840. די פוילישע שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג וואַרעם אויפגענומען. בורשטינסקי אַליין האָט אין אַ בריוו געשריבן, אַז דער נייער שטאָט־פרעזידענט פאַזערסקי איז פריינדלעך געשטימט צו דעם פלאַן און האָט אים רעקאָמענדירט די העכערע מלוכה־אינסטאַנצן. בורשטינסקי און זיינע מלוכה־אונטערשטיצער האָבן, משמעות, נישט געוואוסט, אַז די רוסישע מאַכט איז געווען קעגן פוילישע שולן פאַר יידישע קינדער. מען האָט געוואַרט ביז עס וועט פאַרטיק ווערן די אַלגעמיינע תקנה בנוגע עלעמענטאַר־שולן פאַר יידן אין רוסלאַנד. פאַסקעוויטש, דער נאַמיעסטניק פון פוילן, האָט דערווייל אָפגעשטעלט דאָס געבן דערלויבענישן פאַר אַזעלכע שולן.

בורשטינסקי איז געווען אַזוי זיכער מיט דער דערלויבעניש, אַז ער האָט אַראָפגעבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו זיין תלמיד פון פראַשקע, דניאל נייפעלד, וואָס האָט זיך דערווייל פאַרנומען מיט געבן פריוואַטע לעקציעס.

בורשטינסקי איז אויך געווען אַ שרייבער. חוץ פויליש און העברעאיש האָט ער געקענט זייער גוט דייטש און יידיש. אין כתב־יד איז געבליבן זיינע אַ פוילישע אַרבעט, געשריבן אין יאָר 1820. דאָס איז אַ טראַקטאַט קעגן בלוט־בלבולים. דאָס איז די איינציקע אַרבעט, וואָס האָט זיך אויפגעהיט. אַ סך אַנדערע אַרבעטן זיינע זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. אין יענע יאָרן, ווען עס איז אין פוילן נישט געווען קיין שום יידישע צייטשריפט, נישט אויף פויליש און נישט אויף יידיש, איז אַזאַ מענטשן ווי בורשטינסקי, שווער געווען קומען צום וואָרט.

ווי אַ וועקער צו בילדונג, קהילה־סעקרעטאַר, פריוואַטער לערער, ווינקל־אַדוואָקאַט, אָרגאַניזאַטאָר פון צדקה אין טשענסטאָכאָוו, האָט בורשטינסקי זיך כשר דערוואָרבן דעם נאָמען פון דעם ערשטן פיאָנער אויף דעם געביט פון יידישער בילדונג און דערציאונג אין טשענסטאָכאָוו.

דער צווייטער בילדונג־טוער אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער באַרימטער רעדאַקטאָר פון דער פויליש־יידישער וואָכנשריפט אין וואַרשע ״יוטשענקא״, וואָס איז דערשינען אין די יאָרן 1861—1863. דאָס איז געווען דניאל יוסף נייפעלד.

נייפעלד איז געבאָרן געוואָרן אין פראַשקע, אין יאָר 1814. אין יאָר 1827 איז ער געווען אַ תלמיד אין דער ווילענער קרייז־שול, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון גלחים. אין יענער צייט זיינען געווען זייער ווייניק יידישע תלמידים, בפרט אויף דער פראָווינץ, וואָס האָבן באַזוכט אַ פוילישע שול. ער האָט געוואָלט שטודירן מעדיצין, אָבער די משפחה־אומשטענדן און אויך דער אויפשטאַנד פון 1831 האָבן צעשטערט זיינע פלענער. ער האָט זיך באַזעצט אין דזיאַלאָשין און געוואָרן פריוואַט־לערער. שפעטער האָט ער חתונה געהאַט אין פראַשקע און פון

דאָרטן האָט אים בורשטינסקי אַראָפּגעבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו. דערווייל האָט בורשטינסקי געאַרבעט אַרום אָרגאַניזירן אַ שול און נייפעלד האָט זיך פאַרנומען מיט געבן פּריוואַטע שיעורים פון העברעאיש און פּויליש. אַ דאַנק די דאָזיקע לעקציעס האָט ער זיך באַקאַנט מיט די פּני פון דעם יידישן קהל און אויך מיט דער פּוילישער געזעלשאַפט. אין ביידע קרייזן האָט ער שטאַרק אויסגענומען. די יידן האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ, ווייל נישט געקוקט אויף זיין משכילישקייט איז ער געווען אַ פרומער ייד און חוץ דעם נאָך אַ גרויסער למדן. די פּאָליאַקן ווידער האָבן אים רעספּעקטירט דערפאַר, וואָס ער איז געווען נישט נאָר פּויליש געשטימט, נאָר געקענט זייער גוט די פּוילישע שפּראַך און ליטעראַטור.

פון טשענסטאָכאָוו האָט נייפעלד געשיקט אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענצן אין דער „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס". דאָס זיינען געווען זיינע ליטעראַרישע ביכורים.

ווען בורשטינסקיס פּלאַן מכוח אַ יידישער עלעמענטאַר־שול איז דורכגעפאַלן, האָט נייפעלד באַשלאָסן אויסצופּרואוון זיין אייגענעם מזל און קריגן אַ דערלויבעניש אויף צו עפענען אַ פּריוואַטע שול. אין יאָר 1843 האָט ער זיך געווענדט פון טשענסטאָכאָוו צום בילדונג־קוראַטאָר אין וואַרשע מיט אַ בקשה צו דערלויבן אים עפענען אַן עלעמענטראַע פּריוואַט־שול פאַר יידישע קינדער. מען האָט אים אָבער אָפּגעזאָגט. דעמאָלט האָבן זיך עטלעכע חשובע טשענסטאָכאָווער בעלי־בתים געווענדט דירעקט קיין פּעטערבורג צום בילדונג־מיניסטער אוואַראָוו, אַז מען זאָל דערלויבן נייפעלדן זיך פאַרנעמען מיט לערעריי. נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז געלונגען צו באַקומען פאַר נייפעלדן אַ דערלויבעניש אויף אַ שול, אָבער נישט אין טשענסטאָכאָוו, נאָר אין פּראשקע. דאָס איז געווען אין יאָר 1847. יורידיש האָט מען דאָס אויסגעטייטשט, אַז היות ווי נייפעלד איז ניט קיין טשענסטאָכאָווער, נאָר אַ פּראשקער, על כן מעג ער זיך פאַרנעמען מיט לערעריי אין „זיין" שטאָט, אָבער נישט אין קיין „פרעמדער".

פּראַשקע איז אָבער געווען צו קליין כדי צו קענען אויסהאַלטן אַ יידישע פּריוואַט־שול. אין טשענסטאָכאָוו האָט שוין נייפעלד זיך דערוואָרבן אַ נאָמען. אים איז די שטאָט מיט אירע משכילים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט דעריבער נישט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז סוף כל סוף וועט זיך אים איינגעבן צו ווערן אַ לערער און מדריך ביי די טשענסטאָכאָווער יידן

דעם 23טן סעפּטעמבער 1850 האָט נייפעלד זיך געווענדט צום בילדונג־קוראַטאָר מיט אַ בקשה צו דערלויבן אים צו אַן עקזאַמען, כדי באַקומען אַ דיפּלאָם פון אַ לערער, ווייל דער קורס פון דער קרייז־שול, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט איז גלייכווערטיק מיטן קורס פון אַלגעמיינע לימודים אין דער ראַבינער־שול: אויף אַזאַ אופן האָט נייפעלד געוואָלט קודם כל ווערן יורידיש קוואַליפיצירט ווי אַ לערער, ממילא וועט אים שפּעטער גרינגער זיין צו קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ שול

צוויי חדשים שפּעטער האָט ער באַקומען אַ מעלדונג פון בילדונגס־קוראַטאָר, אַז צו אַזאַ עקזאַמען קען ער נישט צוגעלאָזט ווערן

„אַ טיטל פון אַ לערער — האָט דער קוראַטאָר אויפגעקלערט — פאָדערט אַן עקזאַמען לויט אַ פולן קורס פון אַ גימנאַזיע אָדער פון דער ראַבינער־שול. די שול, וואָס נייפעלד האָט געענדיקט, שטייט אויף דער הויך פון אַ פּאָוויאַטאָווער שול און דעריבער קען איך נישט מסכים זיין, אַז מען זאָל אַנטקעגנקומען זיין בקשה".

נייפעלד האָט זיך אָבער נישט מייאש געווען. אין אַפּריל 1851 שרייבט ער אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום וועגן זיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט בכלל און בעט, אויפן סמך פון זיינע דערפאַרונגען בפרט צו דערלויבן אים עפענען אַ פּריוואַטע שול אין טשענסטאָכאָוו. די שול אין פּראשקע — לאָזט נייפעלד וויסן דאָס מאָל נישט דעם בילדונגס־קוראַטאָר אין וואַרשע, נאָר דעם דירעקטאָר פון דער גובערניאַלער גימנאַזיע אין פּיאָטרקאָוו — האָט ער געמוזט פאַרמאַכן. ער איז געבליבן סך־הכל מיט דריי תלמידים און אויך זיי פאַרלאָזן די שול אין משך פון דער נאָענטסטער וואָך. נייפעלד פאַררופט זיך אויף דעם, וואָס טשענסטאָכאָווער יידן ווילן אים האָבן ביי זיך אין שטאָט פאַר אַ לערער.

„די יידן אין טשענסטאָכאָוו — שרייבט נייפעלד — זיינען צום גליק פריי פון וועלכע עס איז זאַבאָבאָנעס און דעריבער האָבן זיי מיך איינגעלאַדן, אַז איך זאָל ביי זיי אין שטאָט עפענען אַ פּריוואַטע שול פאַר זייערע קינדער".

דאָס מאָל האָט נייפעלד געהאַט מער מזל. עס איז מער ווי זיכער, אַז ער האָט די דאָזיקע דערלויבעניש געהאַט צו פאַרדאַנקען זייטיקע מענטשן וואָס האָבן אין פּיאָטרקאָוו געהאַט בעסערע פאַרבינדונגען, איידער אין וואַרשע. אין יולי 1851 איז געקומען די געגאַרטע דערלויבעניש. נייפעלד האָט געעפנט די שול אויף גאַרנצאַרסקע גאַס נומער 23. דאָס איז געווען אַ מוסטער־שול, איינע פון די בעסטע אויף דער פּראָווינץ. די שול האָט געהאַט אַן אינטערנאַט, ווייל אויך פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָט מען צו אים אָנגעהויבן שיקן קינדער. העברעאיש האָט ביי אים געלערנט יוסף שיינהאַק, אַ משכיל און אַ מחבר פון אַ ריי ווערק וועגן נאַטורוויסנשאַפט.

נייפעלד האָט געוואָלט פאַרברייטערן דעם קורס פון דער שול, כדי די תלמידים זאָלן קענען נאָכן ענדיקן זיין שול אָנקומען אין אַ גימנאַזיע. אין פעברואַר 1852 האָט ער געבעטן די דערלויבעניש צו לערנען פראַנצויזיש, געשיכטע און געאָגראַפיע. דער בילדונג־קוראַטאָר האָט זיך תיכף געכאַפּט, וואָס עס זיינען נייפעלדס כוונות און ער האָט, פאַרשטייט זיך, אים נישט דערלויבט.

נייפעלדס שול האָט עקזיסטירט ביז מאַי 1860. אין משך פון די דאָזיקע צען יאָר האָט די שול אַרויסגעגעבן אַ דור, וואָס האָט שפּעטער פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין

יידישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו. פון ביאָגראַפיעס פון יידישע סוחרים און דאָקטוירים אין לאָדזש, וולאָצלאַוועק און פלאָצק דערוויסט מען זיך, אַז אַ סך פון זיי האָבן זיך געלערנט אין נייפעלדס שול אין טשענסטאָכאָוו. צי ער גופא איז געווען אַ גוטער פעדאַגאָג, איז שווער צו זאָגן. ער האָט אָבער געהאַט גוטע לערער. געווען אַ צייט, ווען די שול האָט געהאַט איבער הונדערט תלמידים, פון דעם אַ פערטל פון דער פרעמד. על פי רוב זיינען די פרעמדע געווען פון פאַרמעגלעכע היימן, ווייל ס'האָט געקאָסט נישט ווייניק געלט צו האַלטן זיי ביי נייפעלדן אין אינטערנאַט.

קיין פראַקטישער מענטש איז נייפעלד נישט געווען. ממילא האָט ער זיין שול און אפילו דעם אינטערנאַט נישט באַטראַכט ווי אַ געשעפט און דעריבער האָט ער נישט געקענט אַנטוויקלען זיין לערן־אַנשטאַלט לויט דעם מוסטער, ווי די דייטשישע יידן האָבן געהאַט אין ברעסלוי און קעניגסבערג און וואו עס זיינען געווען אַ סך טשענסטאָכאָווער קינדער. עס איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס די דאָזיקע שול, נישט האָבנדיק קיין גוטע אַדמיניסטראַציע, האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן פאַרלירן געלט. נייפעלד איז דעריבער געווען געצוואונגען זי צו פאַרמאַכן. דערווייל האָט אים אָרגעלבראַנד איינגעלאַדן קיין וואַרשע, ער זאָל ווערן דער רעדאַקטאָר פון דעם יודאַאיסטישן אָפטייל פון דער גרויסער פוילישער ענציקלאָפעדיע, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן.

סוף מאַי 1860 ווענדט זיך נייפעלד צום בילדונג־קוראַטאָר מיט אַ בקשה דערלויבן אים אַריבערטראָגן די שול קיין וואַרשע. צוויי חדשים שפּעטער האָט ער אָבער שוין אַליין זיין בקשה צוריקגעצויגן.

די ווייטערדיקע ביאָגראַפיע פון נייפעלדן האָט שוין קיין שייכות נישט מיט דער געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו. עס איז נאָר כדאי צו באַמערקן, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין די געשעענישן פון די יאָרן 1861—1863 און איז געווען דערפאַר פאַרשיקט קיין סיביר. פון דאָרטן איז ער צוריקגעקומען אַ קראַנקער און צעבראָכענער. אַ געוויסע צייט האָט ער געהאַט אַ בוכהאַנדלונג אין פּיאָטרקאָוו. ער איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין סעפּטעמבער 1874.

זיינע פאַרבינדונגען מיט טשענסטאָכאָוו האָט ער קיינמאָל נישט איבערגעריסן. זיין משפחה איז געבליבן דאָרטן וואוינען. זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיטן בוכהענדלער לעאָפּאָלד קאָן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט אין טשענסטאָכאָוו.

זיינע צוויי זין זיינען געווען דאָקטוירים. אייניקע גלידער פון זיין ברודערס משפחה האָבן זיך אויסגעשמדט. די באַוואוסטע פוילישע איבערזעצרין בראָניסלאַוואַ נייפעלד איז געווען זיין ברודערס אַ טאָכטער.

ער האָט אָבער אין טשענסטאָכאָוו איבערגעלאָזט אַ סך תלמידים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אייניקע, וואָס האָבן שפּעטער זיך באַטייליקט אין דער פּויליש־יידישער פּרעסע. איינער פון זיי בראַנציקי האָט געשריבן אין דער "יוטשענקא", וואָס נייפעלד האָט רעדאַגירט. בכלל האָט נייפעלד געדרוקט זייער אַ סך קאָרעספּאָנדענצן פון טשענסטאָכאָוו, לפי ערך אַ סך מער ווי פון אַנדערע שטעט.

אַ צווייטער שרייבער איז געווען שמעון בערגמאַן (דער פאָטער פון טשענסטאָכאָווער באַנקיר אַדאַם בערגמאַן). ער האָט געשריבן העברעאיש און פּויליש. נייפעלדס באַליבטער תלמיד איז געווען משה מיימאָן (1812—1874). ער איז געווען אַ זון פון דזיאַלאָשיצער רב. מיימאָן האָט געענדיקט די וואַרשעווער ראַבינער־שול, מיטגעאַרבעט אין דער "יוטשענקא" און אין דעם "איזראַעליטא". ער איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם זעלבן יאָר, וואָס זיין לערער נייפעלד, פון וועלכן ער איז געווען עלטער מיט צוויי יאָר.

אַזוי שנעל ווי נייפעלדס שול איז ליקווידירט געוואָרן האָט אַ נייער משכילישער פעדאַגאָג געזוכט מזל אין טשענסטאָכאָוו. אָן אַ שול פאַר יידישע קינדער האָט זיך שוין די שטאָט נישט געקענט באַגיין. אמת, די גאָר פרומע יידן האָבן פון דער שול נישט געהאַלטן, אָבער די שטאָט האָט געהאַט אַ צו־גרויסע צאָל אָנהענגער פון אַלגעמיינער בילדונג, אַז מען זאָל קענען דורך מסירות אָדער סתם אינטריגעס אונטעררייסן אַזאַ אינסטיטוציע.

אין טשענסטאָכאָוו האָט זינט 1856 געוואוינט אַ יידישער פּריוואַט־לערער, נייפעלדס אַ בן־עיר. ער האָט געהייסן חיים משה אָדער מאָריץ זיס. אין יאָר 1858 האָט זיס זיך געווענדט צום שול־קוראַטאָריום מיט אַ בקשה דערלויבן אים עפענען אַ שול. צוויי יאָר צייט האָט געדויערט ביז די שול־מאַכט האָט זיך אַנטשלאָסן נאָכגעבן זיין פאַרלאַנג. משמעות, אַז מען האָט געהאַלטן, אַז איין שול פאַר נייפעלדן איז פאַר אַזאַ שטאָט ווי טשענסטאָכאָוו גענוג. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט נישט געוואָלט שטערן נייפעלדס שול און דעריבער האָט זי נישט געוואָלט שטיצן זיס' בקשה. ערשט ווען נייפעלד האָט זיין שול פאַרמאַכט, האָט די קהילה, וואָס איז באַשטאַנען על פי רוב פון משכילישע דאָזאָרעס געהאַלטן פאַר וויכטיק, אַז זיס זאָל באַקומען אַ דערלויבעניש. דעם 16טן אויגוסט 1860 האָט דער טשענסטאָכאָווער "דאָזאָר בוזניטשי" אַטעסטירט אָפיציעל, אַז מאָריצי זיס איז אַ "גוטער און גאָטספאָרכטיקער לערער" און דעריבער וואָלט געווען גוט, ווען מען דערלויבט אים עפענען אַן עלעמענטאַרע שול פאַר יידישע קינדער. די קהילה האָט דערביי געבעטן, אַז מען זאָל באַפרייען די יידישע באַפעלקערונג פון צאָלן דעם שול־שטייער, וואָס איז געגאַנגען לטובת די דאָרטיקע קריסטלעכע שולן. הגם די דאָזיקע שולן זיינען געווען אָפן פאַר יידישע קינדער, דאָך האָבן ווייניק עלטערן געשיקט אַהין זייערע קינדער. דער דאָזיקער שטייער האָט באַטראָפן 700 רובל אַ יאָר. די קהילה האָט גערעכנט, אַז אויב די דאָזיקע סומע וועט איבערגיין אין רשות פון אַ יידישער שול, וועלן לכל הפחות 150 קינדער פון

אָרעמע היימען קענען זיך לערנען אָן געלט און אויף אַזאַ אופן וועט מען אָפּציען קינדער פון די חדרים. דערוויַיל האָט זיך באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף צו עפענען אַ שול, אָבער מיט דעם האָט זיך דער דאָזיקער ענין ווייט נישט פאַרענדיקט.

יאַנואַר 1861 האָט דער בילדונג-קוראַטאָר מוכאַנאָוו זיך נאָכגעפרעגט מכוח דער סומע, וואָס די טשענסטאָ־כאָווער יידן צאָלן לטובת דער אָרטיקער קאַטוילישער עלע־מענטאַר־שול. דערביי האָט ער געוואָלט וויסן "פון וואָס פאַר אַ קוואַלן וועט מען דעקן דעם היזק פון דער קאַ־טוילישער שול, אויב די רעגירונג וועט אַנטקעגנקומען דעם פאַרלאַנג פון דער קהילה".

עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די קאָנצעסיע, וואָס מען האָט געגעבן זיסן האָט גאָרנישט נישט געהאָט צו טאָן מיטן פּלאַן פון אַ שול, וואָס די קהילה האָט געהאַט בדעה צו גרינדן. די קהילה האָט געוואָלט נייפעלדן פאַר אַ שול־פאַרוואַלטער און ווען נייפעלד איז אַוועק קיין וואַר־שע, איז געבליבן, אַז מוירציי זיס זאָל ווערן דער שול־פאַרוואַלטער. דאָס איז געווען בכן אַ פּלאַן וואָס בור־שטינסקי האָט געהאַט אין יאָר 1841, ד"ה נישט קיין פּריוואַטע שול, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכע, אויסגעהאַלטן פון דער קהילה מיט דער הילף פון דער הכנסה פון דעם שול־שטייער, וואָס מען האָט ביז איצט אויסגעצאָלט דער קאַטוילישער שול.

די קאַטוילישע שול האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט פאַרלירן אַ טייל פון איר הכנסה. די מלוכה איז נישט געווען פאַראינטערעסירט צו דעקן פון איר בודזשעט דעם היזק אין דער הכנסה פון די 700 רובל. מוכאַנאָוו האָט בכלל נישט געוואָלט, אַז יידן זאָלן האָבן אַ פּוילישע שול. דער אויפשטאַנד האָט דערוויַיל אָפּגערוקט אָן אַ זייט אַזעלכע ענינים ווי בילדונג און שולן. מען האָט דעם ענין אַזוי לאַנג געשלעפּט, ביז עס איז געקומען דער גע־זעץ וועגן דעם, אַז נאָר רוסיש קען זיין די שפּראַך פון לימודים. אַזוי אַרום איז דער פּלאַן פון אַ שול רעאַלי־זירט געוואָרן ערשט אין יאָר 1867, דאָס מאָל אויף רוסיש. זיס איז דערוויַיל אַוועק קיין לאָדזש, וואו ער איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון דער עלעמענטאַר־שול, וואָס די דאָרטיקע קהילה האָט געעפנט. אָבער חוץ דער צאַרישער מאַכט איז אויך די פּוילישע געזעלשאַפטלעכקייט אין טשענסטאָכאָוו געווען קעגן אַ סעפּעראַטער יידישער שול. אין 1862 זיינען אַ דאַנק ווילעלאַפּאָלסקיס שול־פּאָליטיק געעפנט געוואָרן אַלגעמיינע 5 קלאַסיקע קרייז־שולן, וואו מען האָט אַלעמען צוגעלאָזט. אין דער טשענסטאָכאָווער שול האָבן זיך תיכף פאַרשריבן 47 יידישע תלמידים. אַזוי אַרום איז דער ענין פון אַ ספּעציעלער שול פאַר יידישע קינדער נישט געווען מער אַקטועל. די פרומע יידן האָבן זיך מיט דער דאָזיקער שול־פראַגע בכלל נישט אינטע־רעסירט. זיי האָבן ווייטער געשיקט זייערע קינדער אין די חדרים. דאַקעגן די גאָר אַסימילירטע שיכטן האָבן פון אַ באַזונדער שול פאַר יידישע קינדער — נישט גע־וואָלט הערן. פאַר זיי איז די פראַגע פון בילדונג געווען געלייזט אינדיווידועל אין הסכם מיט זייערע איבערציי־גונגען און הכנסות.

### 4. יידן אין טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן 1863—1914

באַלד נאָכן אויפשטאַנד פון 1863, ווען פּוילן איז אַריין אין דער תקופה פון "אָרגאַנישער אַרבעט", וואָס האָט געזאָלט פאַרבייטן די אידעאָלאָגיע פון נאַציאָנאַלער פרייהייט מיט אַ פּראָגראַם פון עקאָנאָמישער זעלבסט־שטענדיקייט, האָט טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע, ווי אַ נייער אינדוסטריעלער און האַנדלס־צענטער. אין געוויסע פּרטים האָט זיך טשענסטאָכאָוו אפילו פאַרמאָסטן מיט לאָדזש. אָבער לאָדזש האָט גע־געבן בעסערע מיגלעכקייטן און דערפאַר האָבן זיך אַ סך יידישע פּיאָנערן פון אינדוסטריע אַריבערגעצויגן אַהין. אַזוי, למשל, איז דער גרויסער באַוול־סוחר אין לאָדזש, לודוויג קאָן, וואָס האָט אין די יאָרן 1861—1870 גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער לאָדזשער אינדוסטריע, געווען אַ טשענסטאָכאָווער ייד.

וועגן דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו זיינען נישטאָ קיין גענויע סטאַטיס־טישע דאַטן. מען ווייסט נאָר, אַז אין יאָר 1897 האָט די שטאָט געציילט 43,863 נפשות, פון דעם 11,764 יידן. דאָס מיינט, אַז יידן האָבן אויסגעמאַכט 29.5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זינט 1857 האָט זיך די אַל־געמיינע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אויף איבער פינף מאָל, בעת די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרמערט כמעט אויף זעקס מאָל אַזוי פיל. דער יידישער חלק לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג האָט זיך אָבער פאַרקלע־נערט. אין 1857 האָבן יידן אויסגעמאַכט 34.5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אין 1897 אָבער נאָר 29.7 פּראָצענט.

אין יאָר 1862 זיינען אָפּגעשאַפן געוואָרן די יידישע רעווירן. דאָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון ווילעלאָ־פּאָלסקיס אַקט פון יידישער עמאַנציפּאַציע. ווי דער־מאָנט, האָט טשענסטאָכאָוו תמיד שטאַלצירט מיט דעם, וואָס דער דאָרטיקער שטאָט־ראַט האָט אָנגענומען אַ רע־זאָלוציע מכוח אָפּשאַפן די יידישע געטאָ מיט צוויי יאָר פריער, איידער דער דאָזיקער אַקט איז פּראָקלאַמירט גע־וואָרן. דאָס אָפּשאַפן פון דעם רעוויר האָט געמיינט נישט בלויז, אַז יידן מעגן וואוינען אין דער גאַנצער שטאָט, נאָר אויך, אַז זיי קענען זיך באַזעצן אומגעשטערט אין טשענ־סטאָכאָוו. האָבן טאַקע אַ סך יידן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך אָנגעהויבן זיך דאָרטן איבערצוקלייבן. עס איז פאַרגעקומען אַ טשיקאַווע וואַנדערונג. אַ סך פון די ערשטע פּיאָנערן אין אינדוסטריע און האַנדל, וואָס "האָבן געפּאָקט און געמאָזלט" אין טשענסטאָכאָוו, האָבן אויסגעוואַנדערט קיין וואַרשע און קיין לאָדזש, וואו זיי האָבן געהאַפט בעסער צו אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן

און אַקטיוויזירן זייערע דערפאַרונגען. יידן מיט ווייניק אָדער אָן קאַפּיטאַל האָבן אָנגעהויבן שטראָמען קיין טשענסטאָכאָוו פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און אָנגעהויבן בויען נייע אינדוסטריעס און מסחרים. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי בייגעשטייערט צום עקאָנאָמישן וואוקס פון דער שטאָט.

אין יאָר 1897 האָט שמואל רפאל לאַנדוי, דער גרינדער פון "פּראָלעטאַרישן ציוניזם", באַזוכט טשענסטאָכאָוו און האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנטן באַריכט. לויט זיין אָפּשאַצונג האָט די שטאָט געציילט 45,000 נפשות, פון דעם 15,000 יידן. דער גרעסטער טייל יידן — שרייבט לאַנדוי — האָט געלעבט פון האַנדל. די אָפּטע מאַסן־באַזוכן צו דער "הייליקער מאַריע" האָבן אויפגעלעבט דעם מסחר.

אין טשענסטאָכאָוו האָט ער באַזוכט די קלויז און די צוויי יידישע פּאַרפּאַר־הייזער.

"אַן אייגנטלעכער יידישער מיטלשטאַנד פעלט דאָ אינגאַנצן — שרייבט ער — קוים 400 מענטשן צאָלן קהילה־שטייערן. לגבי עטלעכע רייכע יידישע פאַבריקאַנטן, שטייט אַ גרויסע פּראָלעטאַרישע מאַסע, וואָס פילט זיך ממש גליקלעך, ווען זי קען אין די דאָזיקע פאַבריקן געפינען 'אַ זיכערע הכנסה' פאַר זיך".

ווייטער דערציילט ער, אַז ער האָט באַזוכט נאָר איין פאַבריק, וואו דער בעל־הבית האָט באמת זיך באַמיט, אַז נאָר יידישע אַרבעטער זאָלן ביי אים אַרבעטן. דאָס איז געווען אַ פאַבריק פון נאָדלען און שטעקנס פאַר שירעמס. פון די 220 אַרבעטער זיינען איבער 100 געווען יידן, מענער אַזוי גוט ווי פרויען. די מענער האָבן פאַרדינט צווישן 4 און 5 רובל אַ וואָך פאַר אַן עלף מיט אַ האַלבער אַרבעטס־שעה אַ טאָג. די מיידלעך — צווישן אַ רובל מיט אַכציק קאָפּיקעס ביז צוויי און אַ האַלבן רובל אַ וואָך. די גאָר פעאיקע האָבן אפילו פאַרדינט דריי רובל אַ וואָך. צווישן די אַרבעטער האָט ער געזען עטלעכע יידן, אַ סך געוועזענע שענקערס. די מיידלעך זיינען על פי רוב געווען באַשעפטיקט ביים סאָרטירן און פּאַקן. די אַרבעט איז געווען אַזוי פאַרטיילט, אַז יידן האָבן געאַרבעט ביי האַנט־אַרבעט, בעת די קריסטן ביי די דאַמף־מאַשינען.

חוץ דעם זיינען יידן געווען באַשעפטיקט אין פאַבריקן פון פּאַפּיר, צעלאָלאָאיד, וועש, יוטע.

"אַ יידישער פאַבריקאַנט — דערציילט לאַנדוי — האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, וואו 83 מיידלעך האָבן געפּרעסט קאָלירט פּאַפּיר, צווישן זיי איז אָבער נישט געווען קיין איין יידיש מיידל. עס איז דערביי טשיקאַווע, אַז דער דאָזיקער מענטש צייכנט זיך דווקא אויס ווי אַ יידישער בעל־צדקה, איז פאַראינטערעסירט אין יידישער אויסבילדונג, ווי ערד־אַרבעט און מלאכה".

אין יאָר 1902 האָט כאַראַש, אַ רוסיש־יידישער עקאָנאָמיסט, געמאַכט אַן אויספאָרשונג וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב פון יידן אין טשענסטאָכאָוו.

ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די יידן אין טשענסטאָכאָוו האָבן אַנטוויקלט אַ לעבעדיקע און פאַרצווייגטע פּראָדוקציע פון שפּיל־געצייג. די שטאָט האָט מען אַ נאָמען געגעבן "דער יידישער נירנבערג", ווייל פּונקט ווי נירנבערג האָט זיך קונה־שם געווען מיט אירע אויסאַרבעטונגען פון שפּילגעצייג, אַזוי האָט טשענסטאָכאָוו שוין אין די זעכציקער יאָרן פון נייננצטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן פּראָדוצירן "זאַבאַווקעס" פאַר קינדער.

כאַראַש דערציילט, אַז איינער ר' שעיה ווערט געהאַלטן פאַרן פּיאָנער פון דער דאָזיקער אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען פון פאַך אַ טאָקער. קודם כל האָט דער דאָזיקער פרומער ייד אָנגעהויבן מאַכן זייער קינסטלעריש געטאָקטע געדענק־מעדאַלן מיטן בילד פון דער "הייליקער טשענסטאָכאָווער מאַמע". די דאָזיקע מעדאַלן האָבן אַזוי אויסגענומען, אַז מיט דער צייט זיינען זיי געוואָרן אַן אָביעקט פון זאַמלען מצד פאַרשיידענע קאָלעקציאָנערן. דער נאָכפראַגע מצד די עולי־רגל קיין טשענסטאָכאָוו אויף פאַרשיידענע אָנדענק־מעדאַלן איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט געגעבן דעם שטויס פאַר־אויס איבערצוגיין אויף מער פאַבריק־מעסיקע פאָרמען פון פּראָדוקציע. יידן, אפילו גאָר פרומע, האָבן אָנגעהויבן פאַבריצירן קאַטוילישע זאַכן, וואָס דער עולם האָט גערן געקויפט. די קאַטוילישע קירך האָט אָבער דאָס נישט געקענט טאָלערירן. עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ רייע פאַרבאָטן און מען האָט געוואָרנט די פרומע באַזוכער פון טשענסטאָכאָוו נישט צו קויפן די דאָזיקע אויסאַרבעטונגען. די שלעזישע בעלי־מלאכות האָבן אָנגעהויבן פאַרוואַרפן די שטאָט מיט זייערע אויסאַרבעטונגען. אַ טייל פון זיי זיינען געווען פּשוט אַריינגעשמוגלט און דאָס רוסישע צאָל־אַמט האָט געמוזט שטרענג באַקעמפן די דאָזיקע אינדוסטריעלע אינוואַזיע.

הגם די גלחים האָבן באַוואונדערט די "פּרעכטיקע האָלץ־שניצערייען געמאַכט פון יידישע בעלי־מלאכות און נישט איין פיינשמעקער האָט שטאָלצירט מיט זיין קאָלעקציע פון די דאָזיקע "דעוואָציאָנאַלן" — האָבן יידן געמוזט אויפגעבן די פּראָדוקציע.

היות ווי די דאָזיקע גזירה איז נישט געווען חל אויף האַנדלען מיט קאַטוילישע בילדער און שניצערייען — איז דער האַנדל נאָך אַלץ געבליבן אין יידישע הענט. אַזוי אַרום זיינען יידן אַריבער צו מאַכן פריער הילצערנע שפּילגעצייג, שפּעטער שוין מעטאַלענע און אַנדערע. אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט זיינען אַ סך טשענסטאָכאָווער יידישע יונגעלייט אַוועקגעפאָרן קיין נירנבערג, וואו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון מאַכן ביליקע שפּילגעצייג. קומענדיק צוריק אַהיים, האָבן זיי אָנגעהויבן אויף אַ באַשיידענעם אופן צו פּראָדוצירן שפּילגעצייג פאַר קינדער.

לויט די אויסרעכענונגען פון כאַראַש האָט די פּראָדוקציע פון שפּילגעצייג באַטראָפן סוף 19טן יאָרהונדערט אַן ערך 150,000 רובל אַ יאָר. לויט די שפּעטערדיקע באַ־

ריכטן האָט שוין די דאָזיקע פּראָדוקציע באַטראָפן אין יאָר 1908 איבער צוויי מיליאָן רובל אַ יאָר. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז טשענסטאָכאָוו האָט פּראָדוצירט ביליגע זאַכן — איז די דאָזיקע סומע זייער אַ גרויסע.

אין יאָר 1900 האָט טשענסטאָכאָוו פאַרמאָגט פופצן פאַבריקן פון שפּילגעצייג פאַר קינדער. אין די דאָזיקע פאַבריקן האָבן געאַרבעט 300 אַרבעטער. פיר פינפטל פון זיי זיינען געווען יידן. די אייגנטימער פון די דאָזיקע פאַבריקן זיינען אַלע געווען יידן. עס זיינען געווען אַ סך הויז־אַרבעטער־יידן. דאָס מיינט, אַז מען האָט געאַרבעט פאַר אַן אונטערנעמער, וואָס פלעגט צושטעלן דעם רוי־מאַטעריאַל און די יידן האָבן פאַרדינט פון שטיק. על פּי רוב זיינען אָבער די דאָזיקע אונטערנעמער געווען אַגענטן פון קליינע אונטערנעמער. היות ווי קיין מאַשינען האָט מען נאָך נישט געהאַט, בפרט די קלענערע פאַבריקאַנטן, איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען האַנט־אַרבעט. אויף אַזאַ אַרבעט האָט זיך זעלטן אַ מאַן געקוואַפּעט. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס מיידלעך האָבן פאַרטראָטן גאַנצן זעכציק פּראָצענט פון די דאָזיקע אַרבעטער. זייערע פאַרדינסטן זיינען געווען צווישן אַכציק קאָפּיקעס און צוויי רובל און פופציק קאָפּיקעס אַ וואָך.

אין די פאַבריקן האָט מען געוויינלעך געאַרבעט פון שטיק. אַ נאָרמאַלער אַרבעט־טאָג האָט דעמאָלט געהייסן צווישן צוועלף און פערצן שעה אַ מעת־לעת.

מיט דער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער האָבן זיך פאַראינטערעסירט די טשענסטאָכאָווער מיטגלידער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.). זייערע קאָרעספּאָנדענצן אין דעם "ראָבאָטניק" און "פּשעדשוויט" (דערשינען אין לאָנדאָן) גיבן אַ בולטן שפּיגל פון דער לאַגע אין דער דאָזיקער אינדוסטריע. אויף וויפל עס זיינען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער מצד דער דאָזיקער פּאַרטיי — איז ליידער נישט באַקאַנט.

אויב אויף דעם געביט פון שפּילגעצייג־אינדוסטריע זיינען טשענסטאָכאָווער יידן געווען פּיאָנערן אין פּוילן, זיינען זיי אויף אַנדערע געביטן אויך געווען זייער טעטיק. די פאַבריקאַציע פון פּאַפּיר, טאַפּעטן, קנעפּלעך, זייף, ליכט, שוועבעלעך, די פינף גרויסע פאַבריקן פון ראַמען — דאָס איז אַלץ געווען אַ יידישער אויפטו. סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקטן יאָרהונדערט האָט זיך אַנטוויקלט די גרויסע מינעראַלע אינדוסטריע, וואָס איז אויפגעקומען אַ דאַנק דער עקספּלאָאַטאַציע פון דער נאַטור־רייכקייט אַרום טשענסטאָכאָוו. עס ווערן געבויט גרויסע קאַלך־פאַבריקן, צעגעלניעס, שפּעטער אייזנגיסערייען, מעטאַלורגיע און טעקסטיל־אינדוסטריע. עס אַנטשטייען גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, און ווי אַ פּועל־יוצא דערפון, אַ סאָלידער שיכט פון אַ גוט־איינגעפונדעוועטער יידישער בורזשואַזיע. אַרום דער דאָזיקער אינדוסטריע אַנטוויקלט זיך אַ גרויסער האַנדל, עקספּעדיציע־קאַנטאָרן, קאָמיס־הייזער און פאַרשיידענע פאַרמיטלונג־אַגענטורן. די ראָלע פון טשענסטאָכאָוו פון אַ טראַנזיט־פּונקט צווישן רוסלאַנד און אויסלאַנד האָט שטאַרק געהויבן די עקאָנאָמישע באַדייטונג פון דער דאָזיקער שטאָט.

ווי אַ באַגלייט־דערשיינונג צו דעם וואוקס פון דער ראָלע פון יידן אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו אַנטוויקלט זיך אַ שטאַרקער אַנטיסעמיטיזם. די טענדענצן פון פאַרפּוילישן דעם האַנדל זיינען דווקא אין טשענסטאָכאָוו געווען זייער בולט, אַ סך פריער ווי אין אַנדערע שטעט. בעת די פּראָצעסיעס פון די פרומע עולי־רגל פלעגט מען שוין סוף 19טן י"ה פירן אַן אַגיטאַציע, אַז די דאָזיקע באַזוכער פון "יאַסנאַ גוראַ" זאָלן, חס וחלילה נישט קויפן ביי יידן, נאָר בעסער שטיצן דעם פּויליש־קאַטוילישן סוחר און קרעמער. אויך צווישן פּוילישע אַרבעטער האָט זיך געלאָזט פילן אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע שטימונג. אַ וואולקאַנישער אויסברוך פון די דאָזיקע שטימונגען איז געווען דער פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו אין אויגוסט 1902. אין דעם דאָזיקן פּאָגראָם האָבן זיך באַטייליקט פאַרשיידענע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. די קרבנות פון דעם פּאָגראָם זיינען געווען על פּי רוב דווקא אָרעמעלייט — 120 קראָמען האָט מען צעראַבירט אין משך פון איין שעה. יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט די קצבים, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די טאַרגאָווע גאַס, אַזוי אַז עס איז דאָרטן צו קיין פּאָגראָם נישט געקומען. מען האָט געמוזט אַרויסרופן מיליטער. עס זיינען געפאַלן צוויי טויטע און אַ סך פאַרוואונדעטע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אויך עטלעכע יידן.

די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטן טשענסטאָכאָוו פאַר איינע פון אירע שטאַרקסטע פּאָזיציעס, האָט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף, אין וועלכן זי האָט געטאַדלט דעם פּאָגראָם.

דער דאָזיקער פּאָגראָם האָט אויפגערודערט די יידישע און די פּוילישע געזעלשאַפטלעכקייט. די ווירקונג פון די דאָזיקע געשעענישן האָט זיך תיכף געלאָזט שפּירן אין יידישן לעבן. מען קאָן זאָגן, אַז זינט יענער געשעעניש האָט די יידישע בורזשואַזיע אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט קיינמאָל נישט געשפּאָרט קיין געלט צו שטיצן פּוילישע קינסטלער און שרייבער — אָנגעהויבן באַווייזן סימנים פון אַ מער אַקטיוון אינטערעס אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. טשענסטאָכאָוו האָט זינט דאַן געהאַט צו פאַרצייכענען נישט איין פאַל, וואו קינדער פון טיף־אַסימילירטע יידישע היימען האָבן זיך באַטייליקט אין יידישע ענינים, אפילו פון אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

ביז אַן ערך 1899 איז דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין טשענסטאָכאָוו געווען זייער אָרעם. עס איז נישט געווען טעטיק קיין שום יידישע אינסטיטוציע. די קהילה גופא האָט פונקציאָנירט זייער שוואַך. די הויפּטדעה האָבן אין איר געהאַט די אַסימילירטע יידן. מען האָט זיי תמיד געקליבן פאַר "דאָזאָרעס", ווייל קיין בע־

סערע זיינען נישט געווען, בפרט אַז יענע האָבן זיך געלאָזט אַביסל קאָסטן.

דעמאָלט איז נאָך אפילו אויסגעקומען צו זוכן אַ פּלאַץ פאַר אַ בית־עולם און צו בויען אַ מקוה. אין דיביידע אינסטיטוציעס האָט זיך די שטאָט שטאַרק גענויטיקט. אין מערץ 1899 איז געגרינדעט בעוואָרן אַ יידישע צדקה־חברה, וואָס האָט געטראָגן אַ פּוילישן נאָמען „דאָבראָטשינאָשטש״. די ערשטע אויפגאַבע פון דער דאָזיקער חברה איז געבען אויפבויען אַ יידישן שפּיטאָל. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן, די צאָל יידישע דאָקטוירים איז געווען גרויס גענוג כדי צו קענען באַדינען אַ קליינעם שפּיטאָל פאַר יידישע קראַנקע.

אין סעפּטעמבער 1900 האָט די דאָזיקע חברה שוין געהאַט געקויפט אַ פּלאַץ אויף צו בויען אַ שפּיטאָל. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער פּלאַץ טויג נישט. די וואָס האָבן זיך מתעסק געווען מיט דעם ענין זיינען געבליבן אָפּהענטיק. דער גאַנצער פּראָיעקט האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן. ערשט זיבן יאָר שפּעטער האָט מען באַנייט די אַרבעט. אין יאָר 1907 האָט מען דאָס אַלטע שעכטהויז איבערגעטראָגן אונטער דער שטאָט. די שפּיטאָל־קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן מאַגיסטראַט, אַז מען זאָל דעם פּלאַץ לעבן דעם שעכטהויז אָפּגעבן פאַר דעם געפּלאַנטן יידישן שפּיטאָל.

אין יאָר 1908 האָט דער מאַגיסטראַט געשאָנקען דעם דאָזיקן פּלאַץ און מען איז צוגעטראָטן צו בויען דעם שפּיטאָל.

18טן סיון תרס״ט (1909) איז אָפיציעל, מיט גרויס פּאַראַד, געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין.

דער שפּיטאָל האָט אָפּגעקאָסט 120,000 רובל. ער האָט געהאַט 50 בעטן. זיין יערליכער בודזשעט איז געווען 30,000 רובל. אַ טייל פון דער דאָזיקער סומע איז געקומען פון עטאַט־אָפּצאָלונגען פון די טשענסטאָכאָווער בעלי־בתים. די דאָזיקע הכנסה האָט באַטראָפן 6,000 רובל אַ יאָר. די איבעריקע געלדער זיינען געקומען פוןביישטייערונגען פון די רייכע יידן און פון די הכנסות פון די פּאַציענטן.

די פּוילישע פּרעסע האָט שטאַרק געלויבט די אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו און אָנגעוויזן אויף אים, ווי אויף אַ מוסטער פון קהלישער ענערגיע און אָרגאַניזאַציע.

דער יידישער שפּיטאָל האָט שטאַרק באַפעסטיקט דעם פּרעסטיזש פון דער קהילה. די דאָזיקע קהילה האָט ביסלעכווייז אָרגאַניזירט אַ רייע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען אַ מוסטער פאַר אַנדערע קליינע קהילות. חוץ דער האַנטווערקער שול ביי דער תלמוד־תורה, וואָס איז געווען דער אויפּטו פון דער קהילה, איז אין שטאָט אויפגעבויט געוואָרן אַן הכנסת־אורחים, וואָס האָט געציילט 740 שטיצנדיקע מיטגלידער. די משפּחה מאַרקוספעלד האָט געשטיצט די וויכטיקסטע קהלישע אינסטיטוציעס. אַזוי, למשל, איז אין יאָר 1910 אויפגעבויט געוואָרן אַ האַנטווערקער שול אויף דעם נאָמען פון אַדאָלף און ערנעסטינע מאַרקוספעלד, די עלטערן פון גביר הענריק מאַרקוספעלד. כדי אויסהאַלטן די דאָזיקע שול, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן שטאַב לערער, האָט זיך די משפּחה מאַרקוספעלד באַטייליקט מיט גרויסע ביישטייערונגען. חוץ דעם האָט די קהילה און אויך די יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט (ייקאַ) בייגעשטייערט גרעסערע סומען.

חוץ געלט, האָט מאַרקוספעלד אויך מנדב געווען פאַר דער שול אַ שיינע ביבליאָטעק. דער זעלבער מאַרקוספעלד האָט געשאָנקען געלט פאַר דער ביבליאָטעק פון דער יידישער געזעלשאַפט „ליראַ״. די פייערלעכע דערעפענונג פון דער ״הענריק מאַרקוספעלד ביבליאָטעק״ איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1912. י. ל. פּרץ איז איינגעלאַדן געוואָרן פאַרן הויפּט־רעדנער. אין יענער צייט פון דער באָיקאָט־באַוועגונג, וואָס איז גראָד אין טשענסטאָכאָוו געווען זייער שטאַרק, איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַסימילירטע יידן האָבן זיך געטוליעט צו דער אידישער „ליראַ״. פּרץ האָט דאַן געהאַלטן אַ שיינעם רעפעראַט וועגן דעם זין פון דער יידישער געשיכטע און האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז יידן זיינען אין פּוילן נישט קיין ״געסט״, נאָר תושבים. מאַרקוספעלדן איז די רעדע זייער געפעלן געוואָרן. זי האָט אים שטאַרק צעוואַרעמט לטובת דער דאָזיקער אינסטיטוציע, וואָס איז געווען אַ דורכאויס יידיש־נאַציאָנאַלע.

די דאָרטיקע תלמוד־תורה האָט אין יאָר 1901 געגרינדעט אַ גערטנער־פאַרם. די ייקאָ האָט פאַר דעם צוועק אַסיגנירט 18,680 רובל. די קהילה פלעגט געבן 3,000 רובל אַ יאָר. די פאַרם האָט געהאַט 17 מאָרג לאַנד. איר בודזשעט האָט באַטראָפן 10,000 רובל אַ יאָר. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט געהאַט אַזאַ שם, אַז אין יאָר 1907 האָט זי באַקומען דעם צווייטן פּרייז אויף דער פּוילישער גערטנער־אויסשטעלונג.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גערטנער־פאַרם זיינען אין יאָר 1907 געווען פאָלגנדיקע מענטשן: ה. מאַרקוספעלד, לעאָפּאָלד ווערדע (1862—1912), מאַרקוס העניג, י. נאָווינסקי, סטעפאַן גראָסמאַן, סטאַניסלאַוו הערץ, ד״ר ל. באַטאַוויא און מ. פרענקעל.

לעאָפּאָלד ווערדע איז געווען זייער טעטיק אין דער יידישער צדקה־געזעלשאַפט און האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן יידישן חינוך. די קהילה האָט אויסגעהאַלטן פיר עלעמענטאַרע שולן: צוויי פאַר יינגלעך און צוויי פאַר מיידלעך. אין יאָר 1910 האָבן די דאָזיקע שולן באַזוכט איבער 300 קינדער. די קהילה האָט אַסיגנירט פאַר די דאָזיקע שולן 10,000 רובל אַ יאָר. חוץ דעם זיינען געווען דריי תלמוד־תורה׳ס, פון זיי צוויי אין אייגענע בנינים. אין די בעלי־מלאכות־וואַרשטאַטן האָבן זיך געלערנט 60 תלמידים. ווערדע האָט בסתר געדעקט אַ גרויסן טייל פון בודזשעט וואָס האָט ווייט איבערגעשטיגן די יערלעכע סובסידיע פון דער קהילה.

אין די יאָרן 1909—1912 זיינען אין טשענסטאָכאָוו אויפגעקומען אַ רייע חברות און קלובן. אין אַ סך פון די דאָזיקע חברות האָבן זיך אָפּגעשפּילט לײדנשאַפטלעכע אידעאישע קאַמפן, וואָס זיינען לײדער ווייניק באַקאַנט. אין אַ באַריכט פון אַ זיצונג פון דער יידישער בילדונג־געזעלשאַפט, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1907, דערוויסט מען זיך פון אַ שפּראַכן־קאַמף, וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, צי מען זאָל צולאָזן יידישע לעקציעס און האַלטן יידישע ביכער אין דער ביבליאָטעק פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. לויטן באַריכט פון ”גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי” האָט די מערהייט זיך אויסגעדריקט פאַר צולאָזן יידיש. די אַנטי־יידיש־מיטגלידער האָבן דעריבער רעזיגנירט פון דער געזעלשאַפט. די הויפּט „זשאַרגאָניסטן” זיינען לויט דעם דאָזיקן באַריכט געווען: קוויאַטעק, הערץ און זיגמונט מאַיאָרטשיק. דער לעצטער איז, אַגב, געווען פּרצעס אַ חסיד און אַ זאַמלער פון יידישן פאָלקלאָר.

פון די פּראַקטישע חברות איז די גמילות חסדים קאַסע געווען די סאַמע וויכטיקסטע. זי איז טיילווייז געווען געשטיצט פון דער ייקאָ. העריק מאַרקוספעלד איז געווען אַ מיטגליד פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער ייקאָ און אַ קרוב פון היפּאָליט וואַוועלבערג, דעם באַרימטן באַנקיר, וואָס איז געווען דער ממונה איבער די ייקאָ־פאָנדן אין רוסלאַנד און פוילן. דאָס איז די סיבה פאַרוואָס גראָד טשענסטאָכאָוו האָט נושא־חן געווען אין די אויגן פון די בעלי־בתים איבער די ייקאָ־געלדער, מער ווי אַנדערע יידישע קהילות אין פוילן.

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין טשענסטאָכאָוו איז געוואַקסן מחוץ דער קהילה און האָט אפילו נישט געהאַט קיין סך קאָנטאַקט מיט דער אָפיציעלער רעפּרעזענטאַציע פון דאָרטיקן יידנטום. די פאַרגליווערטקייט פון דער קהילה האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען דעם שוואַכן געזעלשאַפטלעכן רעזאָנאַנס, וואָס איר טעטיקייט האָט געהאַט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. כמעט אַלע אינסטיטוציעס, חוץ אפשר דעם שפּיטאָל, זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון דער ענערגיע פון יחידים, על פּי רוב דווקא אַזעלכע, וואָס האָבן אפילו קיין עטאַט נישט געצאָלט. און ממילא נישט געהאַט קיין שום דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה. די געזעלשאַפטלעכע באַזע פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס איז געווען אַ דעמאָקראַטישע, וואָס האָט מיט די חזקה־דאָזאָרעס גאָר נישט געהאַט צו טאָן. דאָס זיינען געווען סוחרים, קרעמער, אינטעליגענטע אַרבעטער, בעלי־מלאכות־מענטשן פון פאַרשיידענע אידעאישע ריכטונגען, טוער און פאַרשיידענע לעגאַלע און ניט־לעגאַלע קרייזן און חברות. גראָד טשענסטאָכאָוו האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן די פּוילישע פּראָווינץ־שטעט מיט אַ לעבעדיקן געזעלשאַפטלעכן פּולס. נישט איין טעאָריטיקער פון אַ נייער סאָציאַלער שיטה אין יידישן פּאָליטישן געדאַנק האָט גראָד אין טשענסטאָכאָוו געפונען זיינע ערשטע אידעאָלאָגישע חסידים. עס זיינען געווען פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס, וואָס זייער הויפּט מאָראַלישע און מאַטעריעלע שטיצע איז געקומען פון טשענסטאָכאָוו.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך מער אָפּגעשפּיגלט אין דער געזעלשאַפט „לירא”, ווי, למשל, אין דער טעטיקייט פון דער קהילה. אין איר זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס. די פּראָמינענטסטע שרייבער און פּאָליטישע טוער האָבן אין דער „לירא” געהאַלטן רעפעראַטן. אין די תנאים פון צאַרישן רעזשים איז דער „לירא” געלונגען אַרויסברענגען די אידעאישע פּראָגראַמען פון פאַרשיידענע פּאַרטייען. דער הויכער ניוואָ פון די דיסקוסיעס, וואָס זיינען דאָרטן געפירט געוואָרן, האָט אַפילו געהאַט אַ ווידערקול אין דער וואַרשעווער פּרעסע.

פון אַלע פּראָווינץ־שטעט אין פוילן האָט נאָך לאָדזש טשענסטאָכאָוו געהאַט מזל ביי דער פּרעסע פון לאַנד. די אויספירלעכע באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דעם דאָרטיקן יידישן שפּיטאָל, וואָס פּוילישע מעדיצינישע זשורנאַלן האָבן געדרוקט, האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם הויכן ניוואָ פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן דעם מושב זקנים. וועגן דער גערטנער־פּראָגראַם איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן.

דער קאָנפליקט צווישן דער באַפעלקערונג און דער קהילה איז געווען אַן אומפאַרמיידלעכער. די צעשפּליטערטע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע האָט געזוכט אַ קאָנצענטרירטן תיקון. עס איז רייף געוואָרן דער מאָמענט פון קאָאָרדאָנירן די טעטיקייט פון די פאַרשיידענע חברות. די פּרעסע האָט אָנגעוויזן אויף דער פאַרשווענדערישקייט אין געלט טאַקע צוליב דעם, וואָס יעדע אינסטיטוציע האָט געהאַט איר בודזשעט, מיט אַן אייגענער פאַרוואַלטונג. עס האָט זיך געפאָדערט אַ צענטראַליזאַציע אין יידישן ציבור־לעבן. דער קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזירן די קהילה, וואָס איז צו יענער צייט אָנגעגאַנגען אין וואַרשע האָט געמוזט משפּיע זיין די קהילות אויף דער פּראָווינץ.

עס איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט זיך אויך אָנגעהויבן מאָביליזירן צו אַן אַטאַקע, וואָס זאָל צעשמעטערן די אַלטע פעסטונג פון דער קהילה. די קהילה איז געווען אַ חזקה אין די הענט פון עטלעכע יידישע משפּחות, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון זייער קאָנטראָל די ”פּלאַצואָווקע”, ווי די ”איזראַעליטאַ” האָט אָנגערופן די קהילה, גלייכצייטיק אַ מאַכט־קאָרט פון די אַסימילאַטאָרן.

די יידישע פּרעסע אין וואַרשע האָט אָפט געשריבן וועגן דעם און טשענסטאָכאָוו האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף.

דעם דאָזיקן קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזאַציע פון דער יידישער קהילה האָט טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן פירן ערשט אין יאָר 1912. אין שייכות מיט דער גאַלוועסטאָנער עמיגראַציע, וואָס האָט דווקא אין טשענסטאָכאָוו, וואו טעריטאָריאַליסטישע סימפּאַטיעס זיינען געווען זייער

שטאַרק, אַרויסגערופן אַן אינטערעס אַזוי ווייט, אַז אַ סך יונגעלייט זיינען אַוועק קיין גאַלוועסטאָן, האָט זיך גע־פאָדערט אַ געזעלשאַפטלעכע אַקציע פון דעם גאַנצן קהל.

דער "טשענסטאָכאָווער טאָגעבלאַט", אַ זייער לע־בעדיק רעדאַגירטע צייטונג, האָט טאַקע אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע פאַר דעמאָקראַטיזירן די קהילה.

די אַפּאַטיע לגבי די קהילה־וואַלן איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין יאָר 1913 האָבן פון 1200 עטאַט־צאָלער נאָר פערצן זיך באַטייליקט אין די וואַלן. די רוסישע מאַכט האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט פסלען די וואַלן און באַ־שטימען נייע.

יענעם יאָר האָט דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו אָנגע־הויבן אַן אַקציע פאַר אויסבויען אַ פאָלקס־הויז פאַר אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין שטאָט. הגם די דאָזיקע אַק־ציע האָט דערווייל קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן נישט גע־בראַכט, האָבן זיך דאָך מאָביליזירט די בעסטע געזעל־שאַפטלעכע כוחות אין שטאָט. די אַסימילירטע יידן זיי־נען אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם שטראָם פון יידישן לעבן, אַז בעת דער באָיקאָט־אַקציע איז אפילו אויפ־קומען אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ פּויליש־יידישע צייטונג. דאָס געלט האָבן געזאָלט געבן די ווערדע און מאַרקוס־פעלד־משפחות און די רעדאַקטאָרן האָבן געזאָלט זיין די סאָציאַליסטן יאַקוב ראָזענבערג און ד״ר זאַקס. איינער פון די ווערדעס, לעאָפּאָלד ווערדע, וואָס איז געשטאָרבן אין 1912, איז געווען אַן אָנגעזעענער כלל־טוער פון דעם אַסימילאַטאָרישן לאַגער.

אין דעם זעלבן יאָר (1913) איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער "פאַבריקאַנטן־ און סוחרים־פאַראיין".

אין יאָר 1914, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די יידישע פרעסע אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר אַ יידישער פאָלקס־שול. דעם דאָזיקן קאַמף האָבן געשטיצט אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען און אַ באַדייטנדיקער טייל פון יידישן קליינבירגערטום.

די קהילה איז שוין געווען טיילווייז אַ רעאָרגאַני־זירטע אינסטיטוציע מיט אַ גרויסן בודזשעט. איר פאַר־מעגן האָט באַטראָפן אַ האַלב מיליאָן רובל. אמת, אירע הויפּט־שטיצער זיינען נאָך אַלץ געווען די פאַרמעגלעכע שיכטן, ד״ה די אַסימילאַטאָרן. צו אַ דעמאָקראַטישער קהילה־פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל אַנטקעגנקומען די פאָדע־רונגען פון דעם יידישן קיבוץ איז נאָך דערווייל געווען ווייט.

יענעם יאָר האָט די קהילה געציילט 1145 עטאַט־צאָלער. פון זיי האָבן 900 געצאָלט דורכשניטלעך 10 רובל אַ יאָר. בעת 245 עטאַט־צאָלער האָבן אַריינגע־בראַכט 25,800 רובל. אַזוי אַרום איז די הויפּט־דעה גע־ווען אין די הענט פון די רייכע יידן, על פי רוב אַסימילאַ־טאָריש־געשטימטע, הגם ווי עס איז שוין דערמאָנט גע־וואָרן, מיט אַ סך אַ וואַרעמערן אינטערעס פאַר יידישע ענינים, ווי ביז איצט. אַזעלכע "אַסימילאַטאָרן", וואָס בויען יידישע ביבליאָטעקן האָט וואַרשע, למשל, נישט געהאַט, בעת אין טשענסטאָכאָוו זיינען זיי געווען.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. דעם 3־טן אויגוסט 1914 זיינען שוין די דייטשן געווען אין טשענסטאָכאָוו. יידן האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן צו צוואַנג־אַרבעט. עטלעכע יידן האָט מען אַפילו דערשאָסן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּיינלעכער, גרויער און טייל־ווייז אפילו בלוטיקער פּעריאָד אין לעבן פון די טשענ־סטאָכאָווער יידן.

די יידן אין טשענסטאָכאָוו זיינען געגאַנגען אַן אומ־באַקאַנטן מאָרגן אַנטקעגן.

## 5. רבנים, לומדים און שרייבער אין טשענסטאָכאָוו

עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, אַז די שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט ביזן אָנהייב 19טן יאָרהונדערט נישט געהאַט קיין יידישע קהילה און איז געווען פאַקטיש אַ "פריקאַהאַלאָק" פון יאַנאָווע. ממילא האָט זי קיין רב נישט געהאַט. אין דער תקופה פון פירשטנשאַפט וואַר־שע האָט זי געהאַט דיינים, אָבער נאָך אַלץ נישט קיין רב. משמעות, אַז ערשט אין דער צייט פון קאָנגרעס־פּוילן (1815—1830) האָט טשענסטאָכאָוו געהאַט איר ערשטן רב. אין 1821 האָט מען אין גאַנץ פּוילן אָפּגע־שאַפט די קהילה און איינגעפירט אַ „שול־דאָזאָר" (דאָזור בוזשניטשי). דאָס האָט געמיינט, אַז מען האָט געוואָלט צונעמען ביי דער קהילה די מאַכט פון אַן אָרגאַניזאַציע מיט אויטאָנאָמע פונקציעס און פאַרוואַנדלען זי אין אַ פאַרוואַלטונג איבער די שולן און אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן באַדינט די יידישע באַפעלקערונג. ממילא האָט אויך נישט געקענט זיין קיין רב הכולל, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן די גאַנצע יידישע עדה פון דער שטאָט. מסתמא זיינען אין טשענסטאָכאָוו געווען ווינקל־מורא־הוראות אין וויכטיקע ענינים האָט מען זיך געווענדט צום פּיעטריקאָווער רב.

ווער עס איז געווען דער ערשטער רב אין טשענסטאָ־כאָוו — איז שווער צו דערגיין.

אין ספר שו״ת "ברית אברהם" פון דעם פּיעטרי־קאָווער רב ווערט עטלעכע מאָל גערעדט וועגן איינעם ר׳ דוד אבד״ק טשענסטאָכאָוו. עס איז, לויט אַלע וואַרשיינ־לעכקייטן, געווען ר׳ דוד יצחק, דער מחבר פון אַ פּירוש אויפן חומש א״נ בית דוד, וואָס איז דערשינען אין תרס״ז (1807). אין דעם דאָזיקן ספר חתמעט ער זיך: אבד״ק (אב בית דין דקהילה) טשענסטאָכאָוו וראב״ד (ראש בית דין) דפּיעטרקאָוו. ר׳ דוד יצחק איז געשטאָרבן אין יאָר תקע״ח (1818). לויט אַנדערע מקורים איז ער געשטאָרבן אין יאָר תקפ״א (1821).

פאַראַן אָבער ידיעות, אַז דער ערשטער טשענסטאָכאָ־ווער רב איז געווען דער גאון ר׳ יששכר וויינגאַרט. קיין פּרטים וועגן אים זיינען אָבער, לײדער, נישט בנמצא.

צווישן די פריערדיקע לומדים פון טשענסטאָכאָוו

װערט דערמאָנט אַ געװיסער ר׳ אריה מטשענסטאָכאָװ. לױט אַלע װאַרשײנלעכקײטן איז דער דאָזיקער אריה געװען דײַן אין טשענסטאָכאָװ. אַן הסכמה געחתמעט פֿון אים געפֿינט זיך אין ספר ״מעשה חושב״. דאָס איז אַ פּירוש אױף די מסכתות בבא־קמא און שבועות, געשריבן פֿון ר׳ יוסף ב״ר משה נײַמינץ פֿון פּילץ. דאָס דאָזיקע ספר איז געװען געדרוקט אין לעמבערג אין יאָר 1796 (שנת תקנ״ו). דער דאָזיקער ר׳ אריה איז אײנער פֿון די ערשטע לומדים, װאָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פֿון ייִדן אין טשענסטאָכאָװ.

צענדליקער יאָרן גײען פֿאַרבײַ און מען געפֿינט נישט קײן אײן נאָמען פֿון אַ רב אין טשענסטאָכאָװ. דאָס מײנט בשום אופֿן נישט, אַז די שטאָט האָט נישט געהאַט קײן רב. פּשוט, עס האָבן זיך נישט אָפּגעהיט קײן שום מאַטעריאַלן װעגן דעם ענין. משמעות, אַז דאָס זײַנען נישט געװען קײן גדולי הדור. קײן חיבורים האָבן זײ נישט געשריבן און דערפֿאַר איז זײער שפּור אינגאַנצן פֿאַרלאָרן געגאַנגען. עס פֿעלן װעלכע עס איז ביבליאָגראַפֿישע אָנװײַזונגען װעגן זײ, קײן הספדים האָבן זיך נישט אָפּגעהיט — אַזױ אַז אַ לאַנגער אָפּשניט פֿון צײַט איז נישט פֿאַררעגיסטרירט געװאָרן פֿאַר דער געשיכטע.

ערשט אַן ערך 1850 שװימט אַרױס אין טשענסטאָכאָװ אַ געשטאַלט פֿון אַ רב, װאָס האָט זיך קונה שם געװען נישט נאָר אין זײַן אײגענער שטאָט, נאָר אױך אין פּױלן און אין אױסלאַנד. דאָס איז געװען ר׳ יצחק ראַבינאָװיטש (1823—1868). פֿון װאַנען ער האָט געשטאַמט װײסט מען נישט. מען װײסט נאָר, אַז פֿון יאָר 1850 ביז 1868, דאָס הײסט ביז זײַן טױט, איז ער געװען טשענסטאָכאָװער רב. מען װײסט אױך, אַז ער האָט באַזוכט בערלין און האָט זיך באַקאַנט מיט דעם ראַבינער ד״ר מיכאל זקש (1808—1864), דעם באַקאַנטן פֿאָרשער פֿון העברעאישער פּאָעזיע אין מיטלאַלטער און דײַטשן איבערזעצער פֿון סידור און מחזור. מיט אים האָט ראַבינאָװיטש אַפֿילו קאָרעספּאָנדירט. ער האָט אױך געקענט אַנדערע דײַטשע ראַבינער און פּרעדיקער. אין פּרײַסן פֿלעגט ראַבינאָװיטש אײַנקױפֿן ספרים און פֿירן לומדישע װיכוחים מיט די דאָזיקע ראַבינער. דאָס מײנט אָבער נישט, אַז ראַבינאָװיטש איז געװען אַן אָנהענגער פֿון דער דײַטשישער שיטה. ער איז געװען אַ פֿרומער רב אין פּױלן, װאָס האָט געהאַט אַ פֿאַרבינדונג מיט די דײַטשישע ראַבינער און װאָס האָט נישט געזען אין דער השכלה אַ געפֿאַר פֿאַר די יסודות פֿון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום.

באַרימט איז ראַבינאָװיטש געװען װי אַ מטיף. אין יאָר 1863 האָט זײַנער אַ תּלמיד און גרױסער חסיד, משה מײמאַן, געשריבן, אַז ראַבינאָװיטש פֿלעגט אָפֿט קומען קײן װאַרשע און האַלטן דרשות, װאָס האָבן שטאַרק אױסגענומען אין די קרײַזן פֿון לומדישע מתנגדים (״יוטשענקאַ״, 1863, 40).

װען ראַבינאָװיטש איז געשטאָרבן (אין יאָר 1868), האָט שמעון פֿעלטין, אַלײן אַ ייִד אַ למדן, הגם אַ משכיל, פֿאַרעפֿנטלעכט אין דעם װאָכנבלאַט ״איזרעאַליטאַ״ אַן אױספֿירלעכן נעקראָלאָג. משמעות, אַז פֿעלטין האָט געקענט דעם טשענסטאָכאָװער רב פּערזענלעך. זײַן שילדערונג איז געשריבן מיט אַ סך װאַרעמקײט.

״ער איז געװען אין אונדזער לאַנד דער אײנציקער רב — האָט פֿעלטין געשריבן — װאָס האָט קאָמבינירט אמתע פֿרומקײט מיט פֿרײַען װיסנשאַפֿטלעכן דענקען. ער איז געװען אַ גרױסער למדן אױף דעם געביט פֿון דער רבנישער ליטעראַטור און נישט קײן קלענערער קענער פֿון װעלטלעכע ענינים״.

װײַטער דערצײלט פֿעלטין, װי עס איז שװער אָנגעקומען הרב יצחק ראַבינאָװיטש איבערצײַגן די קהילה, אַז װעלטלעכע לימודים זײַנען בשום אופֿן נישט אין קײן סתירה מיט פֿרומקײט און לומדות. אמת, ער איז געװען אַ הײסער מתנגד און האָט לײדנשאַפֿטלעך באַקעמפֿט חסידות און חסידים.

די חסידים האָבן אים נישט אײן מאָל פֿאַרמסרט פֿאַר דער מאַכט און אָנגעװיזן, אַז ער גײט האַנט אין האַנט מיט די אַפּיקורסים. דער טשענסטאָכאָװער רב איז אָבער געװען די גוטסקײט אַלײן, אָן גאַל, אָן נקמה־געפֿילן. ער איז געװען אַ מענטש מיט אַ טיפֿן געפֿיל פֿאַר יושר און בכלל זײער אַ טאָלעראַנטער מענטש.

ער האָט געהאַלטן, אַז פֿאַר די פֿרומע דאַרף מען קײן מורא נישט האָבן, זײ װעלן קײן אַפּיקורסים נישט װערן. אים האָט מער געאַרט, אַז די אַפּיקורסים זאָלן נישט װערן קײן ״גאַנצע גױים״. נישט געקוקט אױף דעם, װאָס די טשענסטאָכאָװער קהילה איז געװען אין די הענט פֿון די „אױפֿגעקלערטע״ גבירים, האָט זי זיך אָבער אַזױ געפֿירט, װי זײער רב האָט געװאָלט. זײַנע דרשות האָט ער געהאַלטן אױף ייִדיש. צו רעפֿאָרמען, אַפֿילו צו די סאַמע קלענסטע, האָט ער בשום אופֿן נישט געװאָלט דערלאָזן. דאָס אײנציקע, װאָס ער האָט אײַנגעפֿירט, איז געװען די לימודים פֿון פּױליש, שפּעטער רוסיש, חשבון און אַביסל געאָגראַפֿיע אין די שטאָטישע תּלמוד־תּורהס.

בײַ אים אין שטוב איז געװען אַ בית ועד לחכמים. די לומדים פֿלעגן זיך צונױפֿקומען און מען פֿלעגט דעבאַטירן די נײַסטע פֿאָרשונגען פֿון דער דײַטשער חכמת ישראל. נישט אײן ייִד האָט צום ערשטן מאָל דערהערט פֿון דעם רבס מױל די נעמען פֿון יום־טוב ליפּמאַן צונץ, מיכל זקש און אַנדערע לומדים פֿון דײַטשלאַנד. ער גופֿא האָט זיך אַבאָנירט אױף די װיכטיקסטע צײַטשריפֿטן װעגן חכמת ישראל.

די װיכטיקסטע דרשות פֿון הרב יצחק ראַבינאָװיטש זײַנען דערשינען אין יאָר 1863, אין בערלין א״נ „נדבות פּי״. די דאָזיקע זאַמלונג פֿון דרשות און פּלפּולים אין הלכה איז אױפֿגענומען געװאָרן זײער װאַרעם פֿון די דעמאָלטדיקע קריטיקער. משה מײמאָן האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אױספֿירלעכע רעצענזיע אין דעם װאָכנבלאַט „יוטשענקאַ״, װאָס דניאל נײַפֿעלד, דעם רבס פֿרײַנד, האָט

אַרויסגעגעבן. בכלל האָט נייפעלד געהאַלטן זייער פון טשענסטאָכאָווער רב. אין זיינע אויגן איז דאָס געווען אַן אידעאַל פון אַ רב אין פוילן. פרום און וועלטלעך אין דער זעלבער צייט.

אין אַן אַרטיקל האָט נייפעלד געשריבן, אַז "דער רב פון טשענסטאָכאָוו איז באַרימט אַ דאַנק זיין טאָלעראַנץ און געפיל פון גערעכטיקייט" („יוטשענקא", 1863, נ. 4).

דעם צווייטן חלק פון די דרשות האָט אַרויסגעגעבן דעם רבס זון. זיי זיינען דערשינען אין וואַרשע אין 1870.

די דרשות פון ר' יצחק ראַבינאָוויטש זיינען נאָך נישט אויסגענוצט געוואָרן, ווי אַ מאַטעריאַל אויף צו שילדערן דעם גייסטיקן מעמד פון אַ קליינער קהילה פון יענער צייט. די משלים און אילוסטראַציעס, וואָס דער טשענסטאָכאָ־ווער רב ברענגט אין זיינע דרשות, זיינען גענומען פון דער לאָקאַלער ווירקלעכקייט. עס איז אין זיי נישט פאַראַן קיין גוזמאות און אויך נישט קיין שטאַרקע מוסר־טענער. עס איז אַ דירעקטע ווענדונג צום שכל־הישר, אַ ממש פאַר־זיכטיקע קריטיק פון יענע שלעכטע מידות, וואָס ער האָט געוואָלט באַזייטיקן מיט מילדע מיטלען. באַזונדער אָפּט ווערן אין די דאָזיקע דרשות באַרירט די פראַגעס פון חינוך. אין אַ דרשה שילדערט דער רב, ווי אַזוי מען איז מחנך אַ קינד אין אַ רייכער יידישער שטוב אין טשענסטאָכאָוו. די זין גייען, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע קרייזן, אין די אַלגעמיינע שולן. דער רב מיינט, אַז דאָס האָט אין על פי רוב פאַלן די פרוי געפועלט, אַז די קינדער זאָל מען שיקן אין די "שקאָלעס". דער טאַטע איז געווען קעגן דעם. קומט דאָס קינד אַהיים פון דער "שקאָלע", איז די מאַמע מלא שמחה, בעת דער טאַטע גייט אַרום איבער דער שטוב און שיט מיט קללות אויף די „גויישע" שולן. אין אַן אַנדער דרשה שילדערט ער אַ פאַרקערטן פאַל. די עלטערן שיקן אַ ייִנגל אין דער תלמוד תורה. קומט ער אָבער אַהיים, געפינט ער אַ גייסט, וואָס איז דער היפוך פון דעם, וואָס מען לערנט אין דער תלמוד תורה. ראַבי־נאָוויטש ווייזט אָן אויף די סתירות און וואָרנט, אַז אַזאַ טאָפּלטקייט איז אַ געפאַר פאַרן קיום און גאַנצקייט פון דער יידישער משפחה.

חוץ דעם זיינען אין די דרשות פאַראַן שטייגער־בילדער פון יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו. אַזוי, למשל, שילדערט דער רב אין איינער פון די דרשות, ווי מען שפּילט אָן אויפהער אין קאָרטן אין די פאַרמעגלעכע משפחות פון טשענסטאָכאָוו.

חוץ דרשות האָט הרב ראַבינאָוויטש געשריבן אַ סך בריוו. עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז ער האָט קאָ־רעספּאָנדירט מיט זקש, צונצן און קירכהיים. אויך מיט פוילישע משכילים פון וואַרשע און לאָדזש האָט ער גע־פירט אַ קאָרעספּאָנדענץ. ליידער, זיינען אַ סך בריוו פאַרלאָרן געגאַנגען, און עס האָבן זיך אָפּגעהיט בלויז עטלעכע. אַזוי, למשל, האָט דער משכיל יוסף גראַף אָפּ־געדרוקט אין אַ פוילישער איבערזעצונג צוויי זייער אינ־טערעסאַנטע העברעאישע בריוו, וואָס דער טשענסטאָכאָ־ווער רב האָט געשריבן צום משכיל איזידאָר קעמפּינסקי אין לאָדזש ("איזראַעליטא", 1869, נומערן 8 און 9).

אין די דאָזיקע צוויי לאַנגע בריוו איז פאַראַן אַ סך דרוש געמישט מיט גוטע פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען וועגן מאמרי חז"ל. מען קען פון זיי זען, אַז ראַבינאָוויטש איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער האָמילעטיק, וואָס האָט בשעתו געבליט אין דייטשלאַנד. אין דער זעלבער צייט איז ער שטאַרק קאָנסערוואַטיוו און גייט נישט אָוועק פון מסורה.

זיין זון יהודה ראַבינאָוויטש איז דאַקעגן שוין געווען מער משכיל, ווי פרומער ייד, הגם ער האָט געשמט פאַר אַ גרויסן למדן. ער איז געשטאָרבן אַ יאָר נאָך זיין פאָטערס טויט (אין 1869) אין עלטער פון 24 יאָר. אַ ברו־דער זיינער האָט אין 1870 אַרויסגעגעבן אין וואַרשע דעם צווייטן חלק פון דעם פאָטערס דרשות אונטער דעם זעלבן נאָמען: "נדבות פי".

צווישן די יאָרן 1868 און 1878 הערט מען נישט וועגן אַ רב אין טשענסטאָכאָוו. משמעות, אַז נאָך אַזאַ סינטע־טישע געשטאַלט פון הרב ראַבינאָוויטש איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן צו געפינען אַ פּאַסיקן רב, וואָס זאָל קענען צופרידנשטעלן די ביידע צדדים. די איינפלוס־רייכע „אויפגעקלערטע" און דעם רוב מנין פון פרומע יידן.

פון די יאָרן 1887 ביז 1894 איז גרשון ראַווינזאָן גע־ווען רב אין טשענסטאָכאָוו. אין יאָר 1894 האָט דער רב ר' נחום אש פאַרנומען זיין אָרט.

אויף זיין צייט פאַלט אויס דער אויפבלי פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה. די סאַמע וויכטיקסטע אינ־סטיטוציעס זיינען אויפגעבויט געוואָרן בעת אַש איז געווען רב. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער קהילה און איז געווען זייער געשעצט פון אַלע יידן.

חוץ רבנים האָט טשענסטאָכאָוו געהאַט אַ רייע לומדים, וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט אין גאַנץ פוילן און אייניקע אפילו מחוץ לאַנד.

אין די רשימות פון פרענומעראַנטן פון פאַרשיידענע משכילישע און לומדישע ספרים פון יענער צייט געפינט מען זייער אָפּט נעמען פון טשענסטאָכאָווער יידן. זייער אָפּט, למשל, חזרט זיך איבער די משפחה אָפּענהיים. גאַנ־צע דריי דורות פון דער דאָזיקער משפחה פיגורירן אין אַזעלכע רשימות פון 1850 ביז 1907. אין יאָר 1907 איז אין פּעטריקאָוו דערשינען אַ ספר א"נ „מצודת בן ציון". צווישן די פרענומעראַנטן געפינט זיך אַן אָפּענהיים, ווע־מענס זיידע פיגורירט אויף אַ ספר פון אַ משכיל מאַנדעלס־בורג, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1850.

אויך פריוואַטע לומדים האָט טשענסטאָכאָוו פאַר־מאָגט. אַזוי, למשל, פיגורירט, ווי אַ בעל־ההסכמה אויף "פרקי אָבות", וואָס איז געווען געדרוקט אין קראָטאָשין אין יאָר 1850 אַ למדן ר' נחמיה לאַנדוי פון טשענסטאָכאָוו, דער פאָטער פון בערנאַרד לאַנדוי, דעם אינדוסטריעלער און גוט־באַזיצער, איינעם פון די זיילן פון די משכילים אין טשענסטאָכאָוו.

צווישן די וויכטיקסטע משכּילים אין טשענסטאָכאָוו, וואָס זייערע נעמען פיגורירן זייער אָפט אין די רשימות פון אַבאָנענטן אויף העברעאישע ביכער איז כּדאַי צו דער־מאָנען די פאָלגנדיקע: אַבעלע לאַנדא, אייזיק שמעון גינס־בערג, איציק גליקסזאָהן, איציק פריימאַן, איציק וויניר, אברהם שטיינמאַן, גרשון לאנדא, דוד לאנדא, יוסף שמיד־בערג, ישעיה היימאן, יוסף זאנד, ישעיה לאנדא, מרדכי כּהן, משה ליב וויינבערג, נטע רייכער און פייגענבלאַט.

אויך משה מיימאָן (1812—1874), הגם אַ געבוירענער אין דזשיאַלאָשיץ, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ טשענסטאָ־כאָווער, ווייל ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט כּמעט זיין גאַנץ לעבן. מיימאָן האָט געענדיקט די וואַרשעווער ראַבינער־שול. ער איז געווען אַ פּריוואַטער לערער פון העברעאיש, געשריבן אין די פּויליש־יידישע וואָכנשריפטן און פאַר־עפנטלעכט זייער אַ סך אַרטיקלען אויף פּויליש און העב־רעאיש. אייניקע פון די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן עד היום אַ ווערט, ווי מאַטעריאַלן צום יידישן שטייגער־לעבן אין אַ רייע קלענערע קהילות אין פּוילן.

פון די פּויליש שרייבנדיקע יידן אין טשענסטאָכאָוו איז כּדאַי צו דערמאָנען אַדאַם וואָלבערג, וועלכער האָט געשריבן אין דער אַלגעמיינער פּוילישער פּרעסע און אויך אין דעם "איזראַעליטא". באַזונדרס וויכטיק איז זיין אַרבעט וועגן דער אַרכיטעקטור פון די הילצערנע סינאַ־גאָגעס אין פּוילן. אין יאָר 1910 האָט וואָלבערג אַרויס־גערופן אַ סענסאַציע מיט זיין פּאָלעמישער שריפט: „איך באַשולדיק די פּוילישע פּרעסע", אין וועלכער ער האָט דעמאַסקירט די דעגענעראַציע פון דער פּוילישער פּרעסע, וואָס זוכט נאָר סענסאַציעס און דעמאָראַליזירט די גע־זעלשאַפט און פירט זי אַראָפּ פון וועג פון פּאָליטישער טעטיקייט.

צוויי טשענסטאָכאָווער יידן האָבן געשריבן אויף פּויליש ראָמאַנען און דערציילונגען. דאָס זיינען געווען עדוואַרד זאַקס און מאַריאַ גליקסאָן. זאַקס האָט אַפילו אָנגעשריבן אַ ראָמאַן פון יידישן לעבן. גליקסאָן איז גע־ווען נאָענט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געשריבן אונטערן נאָמען מאַריאָן.

אין יאָר 1926 איז אין טשענסטאָכאָוו געשטאָרבן דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דער אַמאָליקער פּלעיאַדע פון טשענסטאָכאָווער משכּילים. דאָס איז געווען צבי פּערלאַ. ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1841. אין יאָר 1861 האָט ער זיך באַטייליקט אין די פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס, פאַר וואָס ער האָט באַצאָלט מיט עטלעכע חדשים תּפיסה. אַ גוטער קענער פון העברעאיש און פּויליש, האָט פּערלאַ דערצויגן דורות יידישע יוגנט אין טשענסטאָכאָוו און שפּעטער אין לאָדזש.

אין דער צייט פון זעלבסטשטענדיקן פּוילן האָט דער ראַבינער ד"ר חיים זאב הירשבערג, אַ טאַרנאָפּאָלער ייד, רעפּרעזענטירט די חכמת ישראל אין טשענסטאָכאָוו. אַ גוטער אָריענטאַליסט האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ רייע אַרבעטן אין פאַרשיידענע פּוילישע און העברעאישע צייט־שריפטן. זיין פּאָליטישע טעטיקייט האָט אים אָבער נישט געמאַכט פּאָפּולער. נאָך דעם, ווי ד"ר מאיר באַלאַ־באַן ז"ל, וואָס איז אַ געוויסע צייט געווען דירעקטאָר פון דער דאָרטיקער יידישער גימנאַזיע, האָט פאַרלאָזן טשענ־סטאָכאָוו, האָט הירשבערג ווייטער געפירט די אַרבעט פון קאַטאַלאָגירן די העברעאישע ביכער פון דעם טשענ־סטאָכאָווער מאָנאַסטיר, וואָס באַלאַבאַן האָט אָנגעהויבן. די קראָקעווער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט האָט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ קאַטאַלאָג פון דער גאַנצער ביבליאָטעק (דרוקן פון 15טן ביזן 18טן י"ה) — אָבער די צווייטע וועלט־מלחמה האָט צונישט געמאַכט דעם פּלאַן.



# טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט

אין די יאָרן אַרום 1880 איז טשענסטאָכאָוו באַשטאַנען דער עיקר פון צוויי טיילן, צעשיידט איינס פון אַנדערן דורך גרויסע אומבאַוואוינטע שטרעקעס. דער אייבערשטער טייל טשענסטאָכאָווקע איז געווען שוואַך באַפעלקערט; דער אונטערשטער טייל איז געווען געדיכט באַפעלקערט און האָט זיך געצויגן ביז צו דער וואַרטע. אַריבער דעם טייך האָט מען קיין הייזער ניט געזען. דאָס אַלטע שעכטהויז האָט זיך געטרונקען אין טייך און דאָס נייע מיט דער שטיינערנער געביידע און די מאָדערנע איינריכטונגען האָט שוין פאַרן וואַסער קיין מורא ניט געהאַט. ווייטער איז געווען אַ לאָנקע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט ווי אַ גרינער ים אָן אַ סוף. אַריבערגייענדיק דאָס צווייטע בריקל אין זאַוואַדע, האָבן זיך געפונען עטלעכע הייזלעך לעבן די באַרגיקע שטיינגרובן. ביים וועג האָט געוואוינט דער איינציקער יידישער אָגראָדניק. אויף דער צווייטער זייט, צו דרום, איז געווען די ווינטמיל. דאָס וואַסער אין דער וואַרטע איז געווען קריסטאַל ריין, אָפט באַזוכט פון פרויען, וואָס האָבן דאָ געוואַשן זייער וועש און נאָך אָפטער פון די, וואָס האָבן זייערע הילצערנע קענדלעך און ליימענע קריגלעך אָנגעפילט מיט דעם „ווייכן" קוואַלוואַסער צו קאָכן טיי.

אין צפון־זייט פון דעם אונטערשטן שטאָט־טייל איז געווען דער דריי־אייניקייט־פּלאַץ מיט די דריי צלמים אין מיטן אַ גרויסן מדבר פון גאָלדענעם זאַמד. פורלעך פון קילעס, אַמסטאָוו, וויטשערפּ פלעגן דאָ פאַרבייפאָרן מיט זייערע דאָרף־פּראָדוקטן פאַרן טשענסטאָכאָווער מאַרק און צוריקפאָרן מיט די שטאָטישע סחורות.

דאָנערשטיק און פרייטיק האָבן זיך אויף דער דריי־אייניקייט געלאָזט אַ מחנה ייִנגלעך, מיידלעך און פרויען מיט זעקלעך און אַנדערע כלים, וואָס זיי האָבן אָנגעפילט מיט גאָלדענעם זאַמד אויסצושיטן איבער די ליימענע פּאָדלאָגעס און איבערצופּוצן די שבת־לייכטער און די איבעריקע מעשענע און קופּערנע געשיר, ווי זייערע באָבעס און עלטער־באָבעס האָבן עס געטאָן איידער זיי זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

שבת באַקומט די דריי־אייניקייט אַן אַנדער פּנים. אויף דער „יידישער לאָנקע" לעבן גלאָוואַצקע, אָדער שימשע דיאַבאָלס מיל, ליגן עלטערע יידן אויסגעצויגן אין דעם הויכן גרינעם גראָז און רוען אויס זייערע ביינער. יונגוואַרג טאַנצט און זינגט:

פּאַן לודוויג פּאָיעכאַל נאַ פּאָלאָוואַניע
זאָסטאַוויל מאַרישע נאַ מאַלאָוואַניע.

בעל־עגלה׳שע פערדלעך פּאַשען זיך אויף דער לאָנקע, אָפּרוענדיק פון די שווערע משאות, וואָס זיי שלעפּן אַ גאַנצע וואָך ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָפּגעזונדערט פון זיי פּאַשען זיך אויך עטלעכע „אַריסטאָקראַטישע" פערד פון יידישע דראָזשקאַזשעס, וואָס אַ גאַנצע וואָך שלעפּן זיי נישט קיין שווערע משאות, נאָר פירן „איידעלע" פּאַסאַזשירן. די „אַריסטאָקראַטישע" פערד זיינען אויסגעפּוצט מיט זילבערנע קנעפּ, טראָלדן הענגען אַראָפּ פון זייערע שטערנס.

צוזאַמען מיט זייערע פערדלעך ליגן דאָ אויך די בעלי־עגלות און דראָזשקאַזשעס: די האָקעלמאַכער, די קלאָבוצקער, דער אַלטער דאָרפסמאַן, דאָס קליינע שנעלצוגל מיט די צוויי אויסגערונענע אייגעלעך, דער „אַלטער זקן", וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין ווייב „די זקנטע" געשוואַרצט עמיגראַנטן, און צוויי „קאָטערס", וואָס האָבן שטענדיק געקעמפט איינער מיטן אַנדערן צוליב אַ פּאַסאַזשיר.

די שוואַרצערס האָבן דעמאָלט שוין געפירט זייערע געשעפטן אויף אַ סיסטעמאַטישן שטייגער. איין חברה האָט אַריבערגעפירט די גרענעץ, אַ צווייטע, וואָס האָט פאַרקויפט פאַלשע שיפסקאַרטן און אויסגעביטן געלט — אַז נישט וועט מען מסרן — האָט אויף די עמיגראַנטן געוואַרט אין לובלינעץ.

צו דרום־זייט פון אונטערשטן שטאָט־טייל, פון ביידע זייטן טייך, געפינט זיך גראָסמאַנס מיל מיט אַ שיינעם גאָרטן דערנעבן, פריי פאַר יעדן אַריינצוגיין. אין גראָסמאַנס מיל זיינען באַשעפטיקט עטלעכע יידן, זייער הויז ווערט געפירט עכט יידיש און זיי פאַרגעסן אויך נישט אין אָרעמעלייט.

אַ ביסל העכער צו מערב געפינט זיך מאַרקוספעלדס „מאַלאַרניע". דער נאָמען מאַרקוספעלד ווערט דערמאָנט ווי אַ הייליקייט. אמת, אין דער „מאַלאַרניע" האָבן יידן און יידישע מיידלעך ניט מער פאַרדינט ווי די קריסטלעכע; דערפאַר פלעגט הענריק מאַרקוספעלד ניט פאַרגעסן צו געבן אַ פּאָר רובל, ווען אַ מיידל האָט חתונה געהאַט, העלפן די יידישע אַרבעטער אויף אַ יידישן יום־טוב, באַזאָרגן די אָרעמע יידישע קינדער מיט מצות אויף פּסח און קוילן אויף ווינטער.

לעבן דער „מאַלאַרניע", אויף יענער זייט פון ברוקירטן וועג, ליגט דער אַלטער צמענטאַרזש. האַרט ביים צמענטאַרזש איז ווערדעס נאָדל־פאַבריק. ווערדע איז אַ נידעריקער ייד מיט אַ סך חכמות, האָט ליב גוטע מוזיק,

אַ פאַרערער פון מענדעלסאָנען; ער איז אויך אַ שטיק פילאָזאָף און רייכערט אַ ליולקע. אין שטאָט האָט מען אים ניט אַזוי ליב, ווייל ער גייט ניט דאַוונען.

אַ ביסל העכער, קעגן איבער דער סטאַציע־גאַס (שפּעטער פּילסודסקי־גאַס), איז נאָך אַ גראָסמאַן, וואָס גיט קאַלך אויסצואווייסן אָרעמע הייזער אויף פּסח.

דרייען מיר זיך צוריק צו דער געצעווויזנע, אָדער געטאָ, פון וואַנען פויערים קומען אָן פון זשורעק, מישקאָוו, יאָנעוו. דאָרט געפינט זיך אויך „אָסטאַטני גראָש". די מעשה פון נאָמען „אָסטאַטני גראָש" איז געווען אַזאַ: אין אַ קרעטשמע אין דער געגענט האָט זיך אַ פויער שטאַרק פאַרשיכורט. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האַלט שוין ביים לעצטן גראָשן, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: „אָסטאַטני גראָש . . . אָסטאַטני גראָש". אַזוי איז דער נאָמען פאַרבליבן.

## געשעענישן

אַ גרויסע געשעעניש אין טשענסטאָכאָוו איז געווען, ווען אין 1887 האָבן די רוסישע אולאַנער פאַרלאָזן די שטאָט און די דראַגונער זיינען אַריינגעקומען. די גובערניע, אָדער דער צירקל אַרום וואַרשעווער, סענאַטאָרסקע, קאָזשע־, זשיקע־ און טעפּער־גאַסן איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן. ווען דער פּאַראַד איז געווען געענדיקט און דער עולם איז זיך צוגאַנגען — איז די פרישע גרינע גראָז געווען אין גאַנצן צעטרעטן. די יונגע ביימער זיינען קוים אַרויס לעבעדיקע, די גרינע בענק זיינען געווען פאַרבלאָטיקט. נאָר דער שיינער גרינער פּאַרק איז געשוינט געוואָרן. אין אָוונט, ווען צוזאַמען מיטן זשומען פון כראַבאָנזשעס (זשוקעס) האָט זיך געהערט דאָס שפּילן פון דער „פּאָווערקע", וואָס איז געווען דער צייכן פאַר די זעלנער פון די דראַגונער־קאַזאַרמעס צו גיין שלאָפן — איז געווען לעבעדיק אויף דער ערשטער און צווייטער אַלעע. הויכע אָפיציר׳ן אין העל־בלויע שינעלן, מיט שפּיצרוטן אין די הענט, האָבן שפּאַצירט מיט געפּודערטע דאַמען. די בוידן זיינען געווען באַלויכטן מיט בליצלאָמפּן. די ווייסע בליעכץ פון די קאַשטאַנען־ביימער איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער ערד ווי אַ ווייסער טעפּעך. דער סאכארמאָראָזשניק מיטן ווייסן קיטל און טערקישן היטעלע האָט געשריען: סאַכאַר מאָראָזשענאַ, און פון ווייטנס לייכט די טימע (קלויסטער) מיט טויזנטער אייל־קנייטלעך, אָנגעצונדן לכבוד דעם גרינעם דאָנערשטיק.

פאַר וואָס די אָפיצירן פון 7טן און 8טן פּאָלק זיינען ניט אַרויס מקבל פּנים זיין די דראַגונער האָט מען זיך אין טשענסטאָכאָוו דעמאָלט אַ סך געסודעט . . .

אויבן, אין אייבערשטן טייל פון טשענסטאָכאָוו, וואו עס געפינט זיך טשענסטאָכאָווקע און די יאַסנעגורע, פון וואַנען דער קלויסטער מיטן הויכן טורעם קוקט אַראָפּ אויף דער שטאָט, — האָט מען זיך אויך צו עפּעס געגרייט. שטיינהאַקער האָבן געהאַקט ווייכע מאַרמאָר־שטיינער און געלייגט אַ פונדאַמענט פאַרן „פּאָמניק" (דענקמאָל) פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. אין שטאָט האָט מען זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויף דער געשעעניש. אַ גרויסע צאָל קריסטן האָבן געוואַרט אויפן מאָמענט צו זען, ווי דער פּראַוואָסלאַווער צאַר וועט שטיין צופוסנס דער יאַסנעגורע, וועט אַרויפקוקן צו די הויכע טאָפּאָלן, וואָס רינגלען אַרום דעם קלויסטער, און די הייליקע מאַריע, די פּאַטראָנעסע פון פּוילן, וועט פון איר הייך אַראָפּקוקן צו דעם מעכטיקן וועלט־הערשער. ענדלעך איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן און די צערעמאָניע פון אויפדעקונג האָט זיך אָנגעהויבן. קינד און קייט האָבן זיך פאַרזאַמלט, און יידישע טאַטע און מאַמעס פון די הינטערגאַסן האָבן געפירט זייערע באָרוועסע קינדער מיט די שנופּטיכער פון הינטן דורך דעם פּינצטערן נייעם מאַרק און אַלעעס (אַלע קעראָסין־לאָמפּן זיינען געווען אויסגעלאָשן) אַרויף צום ווערדל צו זען אַ קיסר . . .

ווען אַלע מיליטערישע און רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען געווען פאַרענדיקט און די ליילעכער, וואָס האָבן פאַרהילט דעם „פּאָמניק" זיינען צענומען געוואָרן, — האָט דער עולם דערזען די מאַסיווע פיגור פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אויף אַ הויכער מאַרמאָר־טעראַסע, באַלויכטן מיט צענדליקער בליצלאָמפּן, שטייענדיק מיטן פּנים צו דער שטאָט און מיטן רוקן צום קלויסטער און דער הייליקער מוטער. פּוילישע פּאַטריאָטן, פאַרזאַמלט אויף דער עפענונג, האָבן זיך מיט געביילטע פויסטן גיך אָפּגעטראָגן. אָבער אויך יידן זיינען וואָס שנעלער געלאָפן אַהיים און זיך געהאַלטן צוזאַמען. און טאַקע צו מאָרגנס האָט מען שוין גערעדט, אַז יידן האָבן געגעבן אַ סך געלט, מען זאָל שטעלן דעם מאָנומענט מיטן פּנים צו דער שטאָט, וואו „זשידעס" וואוינען. דעמאָלט זיינען געווען פריש די וואונדן פון וואַרשעווער פּאָגראָם, און יידן האָבן ווידער געציטערט. ווי שטענדיק, האָבן צוויי טשענסטאָכאָווער יידישע עסקנים, מאַרקוספעלד און גינסבערג, געמוזט אָנלייגן אַ סך אַרבעט צו ראַטעווען די סיטואַציע. האָבן טאַקע גלחים אין די קלויסטערס פאַרזיכערט, אַז יידן זיינען אין דעם ניט שולדיק.

אין איין פרימאָרגן האָט מען געפונען די טעראַסעס פון „פּאָמניק" באַשמוצט מיט אָפּפאַל. פון דעמאָלט אָן איז ביים צאַרס סטאַטוע אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַ מיליטערישע וואַך.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אַ נייער געלויף. די „סטראַזש אָגניאָוואַ" (פייערלעשער) האָבן באַנייט זייער היים אויף דער ראָגאַטקע, צווישן יאַטקעגאַס און קראָקעווער גאַס. אויפן הילצערנעם טורעם האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פייערלעשער מיט אַ מעשענער קאַסקע אויפן קאָפּ און מיט אַ טרומייט, מיט וועלכן ער האָט ניט אויפגעהערט צו טרומייטערן. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז דער טורעם איז דער העכסטער אויף דער וועלט . . . פייערלעשער האָבן אַרויסגעשלעפּט דעם נייעם וואָגן מיט דער גומענער קישקע, געשפּאַנט אויף שנעל די פערד. דאָ פּאָרעט זיך אויך אַ יידל, פּאָזנאַנסקי, אין אַ ניי היטל און

אַ בלאַנקענדיק העקל ביי דער זייט, גרייסט זיך מיט זיין העלדישקייט אַנטקעגן די פאַרזאַמלטע יידן אין אַ שבת נאָך מיטאָג. דער וואָגן רירט פון אָרט. די מוזיק שפּילט און דער עולם מאַכט אַ הוראַ.

אין דער זעלביקער נאַכט — מען טרומייטערט: עס ברענט. אויף סענאַטאָרסקע־גאַס קלינגט דער גלאָק: בים־באָם. דער הימל איז רויט. האַלב נאַקעטע מענטשן לויפן: וואו ברענט? וואו ברענט? טאַם (דאָרטן)! מען לויפט פאַרסאָפּעטע אַרויף ביז דער טשענסטאָכאָווקע. דאָרט ברענט אַ סטאָדאָלע. אָבער ביז די סטראַזשניקעס זיינען אַהינגעקומען איז שוין געווען נאָך אַלעמען. עס איז סך־הכל געווען אַ רעפּעטיציע פון די פייערלעשער.

אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז דעם נייעם וואָגן מיט דער קישקע האָט געשענקט מאַרקוספעלד, און די פערד — שוועדעס בירפאַבריק.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר חברה־לייט אין הויף קעגן איבער אַבעלע שוחט און געמאַכט זייער אייגענע רעפּעטיציע פון יענעם פייער אויף טשענסטאָכאָווקע. איינער פון זיי, וויגדאָר ברוקאַזש, האָט מיט אַ טענאָר־שטימע אויסגעזונגען:

ס׳ברענט . . . ס׳ברענט . . .<br>
באַסן האָבן אונטערגעהאַלטן:<br>
וואו? . . . וואו? . . .<br>
אַלטן און סאָפּראַנען האָבן געענטפערט:<br>
ביים גלח . . . ביים גלח . . .<br>
דער גאַנצער כאָר:<br>
ברענגט וואַסער . . . גייט לעשן . . . ברענגט וואַסער . . . גייט לעשן . . .

גאַנץ טשענסטאָכאָוו האָט אַ לאַנגע צייט געזונגען דאָס ליד און זיך אַ ביסל געווײַלט.

## יידישע גאַסן

די סאַמע אָרעמע יידישע באַפעלקערונג האָט באַוואוינט די זשיקע־גאַס. ווען דער טייך איז געשוואָלן געוואָרן פון שמעלצנדיקן אייז, האָט עס אויסגעזען, ווי דער ים וואָלט זיך אַריינגעצויגן קיין טשענסטאָכאָוו און וויל פאַרשלינגען די סאַמע אָרעמסטע גאַסן. וואָס נידעריקער צום טייך — אַלץ העכער איז דאָס וואַסער געשטאַנען אין די שטיבלעך; טייל מאָל ביז די בעטן. אין די וואוינונגען זיינען געווען זייער ווייניק הילצערנע פּאָדלאָגעס. אַז דאָס וואַסער פלעגט אָפּלויפן, האָט מען אויסגערידלט די בלאָטע און אויסגעשאָטן מיט זאַמד. שבועות האָט מען אויסגעשפּרייט אַ סך טאַטער. אַרום די הייזער זיינען געווען גערטנער, פלעגט מען זיי פאַרזעצן מיט ראש־חודש־רעטעכלעך, שטשיפּיור, אוגערקעס, שעמעשקע־רויזן און אַנדערע.

אַז אַ פּאָרל האָט חתונה געהאַט, איז די הויפּט־ווירטשאַפט באַשטאַנען פון צוויי טאַנדעטבעטן, אַ טישל מיט צוויי בענקלעך, אַ פּאָמעניצע, אַ הילצערן קענדל פאַר וואַסער. אַ גרויסער טייל הויז־חפצים איז געקומען פון דרשה־געשאַנק. די כלה האָט מיט איר „גאַרדעראָבע" געבראַכט גרינעם קופּערט. אַ קליידערשאַנק האָט זיך זעלטן געפונען אין הויז.

די טעפּער־גאַס איז שוין געווען אַ ביסל פריילעכער — מיט יידישע געוועלבער, אַ שענקל, בוידן מיט ברויט, גריסקעלעך, בייגעלעך, גערייכערטע הערינג. אָבער אַ סך רייכער איז די גאַס ניט געווען, באַזונדערס די זייט צום טייך, וואו מען האָט געקענט דורך די הויפן אַריבערגיין פון איין גאַס אין דער צווייטער. דאָ זיינען אַריינגעפאַלן אַלע אָנגעפאָרענע פאַרשוינען: קאַטערינאַזשעס, קאָרטן־לייגער, גורל־וואַרפער, עין־הרע־אָפּשפּרעכער, קונצן־מאַכער, מוזיקאַנטן און סתם אָרעמעלייט, וואָס זיינען געקומען אויפמאָנען ראש־חודש־געלט. הגם אַליין זייער אָרעם, האָבן די געטאָ־איינוואוינער אויך געגעבן צדקה; אויב ניט אַ גאַנצן גראָשן, איז אַ פּרוטה (אַ פערטל גראָשן).

אַריבער דער גאַס פון פריימאַרקס הויז ביז דער תלמוד־תורה — איז שוין געווען באַוואוינט מיט מער בעל־הבתישע עלעמענטן פון דער יאַטקעגאַס, די וואָס האָבן געהאַט די געשטעלן אויפן אַלטן מאַרק. דאָרט האָבן שוין די מאַמעס געגעבן זייערע קינדער אויף פּעשבער (אַן איבעררייס צווישן וואַרמעס און וועטשערע) אַ זעמל מיט אַ האַרט איי. די יאַטקעגאַס איז דעמאָלט געווען פאַררעכנט פאַר דער גזלנישער גאַס. די העלדישע פליישהאַקער אין די יאַטקעס, די שפּעטער באַרימטע וואוילע יונגען: די קאַנטערס, אַברהם־בער מוזשין, וואָלף־יאַנקל, די זיגאַסעס. באַרימטע יאַטן זיינען שוין דעמאָלט אויך געווען: אַברהמעלע קלאָבוצקער, מאַנעס זיין ברודער, איציק שליזע, יוסף יאַפּצאָק, הערש־לייב דעם יומעטעס (בנימעטס), נחום־יאַנקל פרידמאַן, חנינא לויקער, דניאל באַץ.

די צווייטע זייט פון זשיקע־גאַס פון דער שול ביז צו דער גובערניע איז געווען באַוואוינט מיט בעלי־עגלות, שוסטער, שמאַטע־הענדלער (מאַכרי איז געווען דער הויפּט־אויפקויפער), אָרעמע קריסטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן, און פעלדשער. עס האָט זיך דאָרט אויך געפונען אַ זייף־פאַבריק, אַ קרעלן־פאַבריקל. אויפן ראָג, קעגן איבער די דראַגונער־קאַזאַרמעס, איז געווען אַ צעוואָרפענער צמענטאַרזש. אויף דער צווייטער זייט גאַס, וואו די מערסטע הויפן זיינען דורכגעגאַנגען די טעפּער־גאַס, האָבן די קאָרפּיעלס, אָדער די דיאַבאָלס, פאַרנומען דעם אויבנאָן — סיי מיט אַלטוואַרג, סיי מיט בראָכוואַרג און סיי מיט דער שענק, וואו דער אַלטער קאָרפּיעל, אַ ייד אין אַ לאַנגן אַרבע־כנפות, האָט פאַרקויפט פאַר אַ דרייער אַ טרונק בראָנפן. אַ ביסל ווייטער איז געווען נאָך אַ שענק פון אַ ייד, וואָס האָט אויסגעזען גאַנץ אַנדערש ווי אַ שענקער. צו דעם יידן האָט מען גערעדט ווי צו אַ רב; אים פלעגט מען רופן ביים צווייטן נאָמען: דוד פעדערמאַן. ער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד, אָבער ניט פאַנאַטיש. ביי אים זיינען פאָרגעקומען

אַלע אָרעמע חתונות. דער הויף איז געווען אַ לאַנגער מיט אַ דורכגאַנג פון דער טעפּער־גאַס צו דער זשיקע. וואָלף באַמס אָדער מרים („מאַריעם״) איזקעס האָבן אין הויף געצויגן לאַנגע דראָטן דורך אַ פּרעס פאַר מעשענע פינגערלעך.

אַ ביסל ווייטער איז ווידער געווען אַ שענקל — דרעווניאַקס. דאָרט איז געווען די היים די בעלי־עגלות. ווייטער אַ ביסל — איטשע לייב שוסטער, אריה שוסטער, פייערטאַג שוסטער, אַראָפּ צו ספּאַדעק — זלמע זיגאַס שוסטער, יאַכעד די גראַשעריין, די קעלבמאַנס, צעשינסקי. דאָס זיינען געווען די טשענסטאָכאָווער „פיר הונדערט״.

די קאַזשע־גאַס איז דעמאָלט אויך ניט געווען באַזעצט אין גאַנצן מיט יידן. פּאַסטעכער האָבן געפּאַשעט בהמות אויף די פעלדער, פּעטע קי פלעגן אַריינקומען אין קאַזשע־געסל, וואו ווייבער זיינען געשטאַנען גרייט מיט קריגלעך, וואַרטנדיק די גויעס זאָלן אויסמעלקן די קי.

אין 1889 האָט זיך דאָרט באַזעצט ישראל ווין. ער און זיין ווייב שיינדל זיינען געווען ערלעכע, פיינע מענטשן. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער חברה „שוחר טוב״ צוזאַמען מיט מרדכי און יאַקל האַקלמאַכער, שמחה מעשנגיסער, אברהם־נתן פרידמאַן, וויגדער שוואַרץ איז געווען דער שטענדיקער גבאי. מאיר ביטשנער האָט דעמאָלט געהאַט אַ קליין הייזל אויף קאַזשע־געסל. יחיאל מלמד האָט געהאַט אַ קליינעם חדר. אויפן ראָג האָט געוואוינט דער ליכטצינדער. פון גיטל אסתרלס געוועלב ביז צו גאָלדעס הויז איז געווען אַ שרעק דורכצוגיין. די פּוסטקעס האָבן דערציילט די גע־שיכטע פון שרעקלעכן פייער אין די זיבעציקער יאָרן. אַ סך מענטשן זיינען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן. נאָכן פייער האָט מען געזוכט גאָלד אין די חורבות, און אַ שוואַכע, אָפּגעברענטע מויער איז איינגעפאַלן און באַגראָבן אונטער זיך עטלעכע מענטשן. פון דעמאָלט אָן האָט מען מורא געהאַט דורכצוגיין דאָרט ביי נאַכט. אַ סך מענטשן האָבן געשוואָרן, אַז זיי האָבן אַליין געזען פּונקט צוועלף ביי נאַכט מתים אין ווייסע תכריכים. מענטשן אין ווייסע קליידער זיינען טאַקע דאָרט פאַרבייגעגאַנגען, נאָר דאָס זיינען געווען אַרבעטער אין די מעלמילן.

דאָס סענאַטאָרסקע געסל איז שוין געווען גאַנץ אַנ־דערש. דאָרט האָבן געוואוינט יונגע בעל־הביתלעך, חסידישע קינדער מיט לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, סוחרים, מעקלער, שטעקלדרייער. שבת האָט מען דאָ געזען אַ סך שטריימלעך, שוואַרצע אַטלאַסענע כאַלאַטן מיט ווייסע זאָקן. דאָ זיינען אויך געווען קאָנצענטרירט די מערסטע חסידים־שטיבלעך. דער אָנגעזעענסטער פּלאַץ אין געסל איז געווען די פּייאַנטשקע. אין איר שענקל איז געווען פריילעך יעדע נאַכט. אַז אַ מאַן איז ניט געקומען אַהיים, האָט שוין זיין ווייב געוואוסט, וואו אים צו געפינען. פלעגן טאַקע דאָ אין מיטן דער נאַכט פאָרקומען אָפטע סקאַנדאַלן.

## חדרים, תלמוד־תורה

די וואַרשעווער און קראָקעווער גאַסן זיינען געווען באַזעצט מיט יידישע פאַמיליעס. די מערסטע קינדער פון די גאַסן האָבן געלערנט ביי יצחק קראָסער — אַ ביי־זער, שטרענגער, ברייטביינער לערער. עס האָבן אויך געלערנט אין זיין חדר מיידלעך, נאָר ניט צוזאַמען. אַז די יינגלעך האָבן געלערנט, זיינען די מיידלעך געזעסן אין הויף, און להיפוך.

דער צווייטער חדר איז געווען משה לערערס. אַ הויכער ייד, שטענדיק געליטן אויפן מאָגן און ניט דער־שלאָפן. ער פלעגט פאָרן צו ראָספּשער רבין אָפּריכטן אַ מלווה־מלכה. צו די יידישע יום־טובים פלעגן זיינע תלמידים צוגרייטן גרעגערס, דריידלעך און פליטערלעך. ער פלעגט זיי אויך פירן אויף „מאַיאוועקעס״. ביי אים האָבן געלערנט די מערסטע קינדער פון דער אַלעע.

דאָס זעלבע יאָר איז געעפנט געוואָרן די ערשטע תלמוד־תורה אויף זשיקע־גאַס. טביה איז געווען דער ערשטער מלמד. אַ סך קינדער, פון זעקס ביז אַכצן יאָר, האָבן אין דער תלמוד־תורה געלערנט. גרויסע יונגען, מערסטן טייל דאָרפס־יונגען, באָרוועסע, וואָס האָבן ערשט אָנגעהויבן אַלף־בית. ווען טביה וואָלט געלערנט מיט יעדן תלמיד באַזונדער, וואָלט ער קיין מאָל ניט פאַר־טיק געוואָרן. ווינטער האָט זיך דער חדר פאַרמאַכט צוליב די שנייען און פרעסט: די אָרעמע קינדער האָבן ניט געהאַט קיין שטיוול און קיין באַשליקן. די קינדער, וואָס האָבן יאָ געהאַט וואַרעם אָנצוטאָן — האָבן די מאַ־מעס זיך געשעמט צו שיקן זיי אין דער תלמוד־תורה.

דער ווינטער 1889 האָט פאַרצייכנט אַ היסטאָרישן קאַפּיטל אין יידישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו. אין שטאָט זיינען אָנגעקומען אַ סך יידן פון פאַרשיידענע מקומות, פון דערפער און שטעט. אין די אָרומיקע מקומות זיינען יידן פּשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. האָט מען פון דאָרט געפּלייצט קיין טשענסטאָכאָוו, וואו מען האָט געטיילט צדקה און עס איז געווען אַ פרייע תלמוד־תורה. אין אַ סך אָרעמע הייזער איז ענג געוואָרן פון די צוגעקומענע פאַמיליעס. די רייכע האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן דאָס קלאַפּן אין די טירן. האָט די קהילה צוזאַמענגערופן אַן אסיפה פון די רייכערע בעלי־בתים פון שטאָט און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרטיילן קוילן פאַר די אָרעמע הייזער, אַ פאַר גילדן אַ וואָך, לויט דער גרויס פון דער פאַמיליע, און דערצו קוויטלעך אויף ברויט און קאַרטאָפל. אין די שולן איז אויסגערופן גע־וואָרן, אַז אַלע נויטבאַדערפטיקע זאָלן זיך קומען פאַר־שרייבן. דריי טעג האָט געדויערט דאָס פאַרשרייבן און מאַרקוספעלד האָט דערביי געהאַלטן אַ דרשה פאַר די פאַרזאַמלטע יידן און זיי דערקלערט, אַז מען דאַרף זיך ניט שעמען צו נעמען צדקה. רייכע פרויען זיינען אויך אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער צו זען, וואָר עס נויטיקט זיך אין אַ בגד, דאָקטוירים, די ערשטע צווישן זיי, ד״ר

רוס און ד״ר וואַסערטאַל, האָבן געגעבן פרייע הילף צו די קראַנקע.

אַ סך קינדער זיינען אויסגעשטאָרבן דעם ווינטער. איינער אַ לאַזאַרל האָט זיי געדאַרפט אַוועקטראָגן אויפן בית־עולם. אָבער אַנשטאָט צו טראָגן זיי קיין קעצעלין, האָט ער זיי באַגראָבן אין שניי. וועסנעצייט האָט מען געפונען אין מיטן וועג די טויטע גופימלעך.

באַלד נאָך פסח דאָס זעלבע יאָר איז די תלמוד־תורה אַריבערגעפירט געוואָרן פון דער זשיקער־ אויף דער טעפּער־גאַס. אַ גרויסע געביידע מיט אַ טויער אין פראָנט. דאָרט זיינען שוין געווען צוויי אָפּטיילונגען: איינע מיט טביהן פאַר אַלף־בית־קינדער, די צווייטע, וואו דער מלמד איז געווען רב (ליולקע) הענדל, פאַר חומש און רש״י.

אין 1890 האָבן די תלמוד־תורה־קינדער געהאַט אַ פריילעכן ווינטער. די שטאָט־טאַטעס זיינען געקומען אין חדר מיט שוסטער, גענומען פון יעדן קינד אַ מאָס אויף שטיוול. אַ סך קינדער האָבן געקראָגן וואַרעמע מלבושים מיט באַשליקן. חנוכה האָט מען געטיילט צוקערוואַרג און מען האָט אויך אַריינגעלייגט עטלעכע קאָפּיקעס אין די פעקלעך. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז דער אַלטער גינסבערג געשטאָרבן. אַלע תלמוד־תורה־קינדער האָבן מאַרשירט צו דער סטאַציע, געוואַרט ביז דער צוג וועט אָנקומען פון אויסלאַנד און אונטער אַ דינעם, פייכטן שניי האָבן די קינדער באַגלייט דעם אָרון מיט דעם חשובן בר־מינן.

### די שטאָט וואַקסט

אין 1893 האָט מען שוין געזען עטלעכע צוואָרפענע הייזלעך אויפן שאָסיי נעבן די דריי צלמים. הייזער האָבן זיך אויך באַוויזן אויף דער צווייטער זייט פון שטאָט, צו דער בלאַכאָוונע. אויף קאָזשע־גאַס האָט מאיר ביטשנער אויפגעשטעלט זיין גרויסע קאָמעניצע מיט אַ הויף — אַ גאַנץ שטעטל, מיט שוסטער, שניידער, וואָלף קאָץ מיט אַ קנייפּע, קיזשע מאַלאַרזש מיט אַ מאַנגל. אין פראָנט איז געווען אַ חסידים־שטיבל, און אויפן צווייטן שטאָק האָט דער לאָמער שוסטער רעפּעטירט גאָלדפאַדענס אַ טעאַטער־שטיק. נאָך אַ גרויסע געביידע איז צוגעקומען אויף טעפּער־גאַס, קעגן איבער דרעווניאַקס שענק, וואו מרים איזקעס האָט באַנייט די ערשטע דירה. די דירה איז וויכטיק צוליב אַ שפּעטערדיקער געשיכטע וועגן ליפּע גאָלדבוים. נאָך אַ נייע געביידע איז געבויט געוואָרן אויף דער טעפּער־גאַס: די וואוינונג פון כתריאל סטאַדאָלע, דער ערשטער אָנשפּאַר פאַר אונדזערע שפּעטערדיקע העלדן: יעקב־בער זילבער (דער לאָמער סטאַלוך), יצחק לעווי, יוסף־הערש גרייצער, שעיה גלעזער, דער לאָמער קאָפּל, חיים לייבעלע שוואַרץ.

אויפן נייעם מאַרק זיינען צוגעקומען נייע טאַנדעטער, שוסטער, אויבסהענדלער, הערינג־ און קאַשע־געוועלבער. הערשל שיעס האָט נאָך אַלץ געהאַט זיין גוטן ערלעכן נאָמען, אַזוי אויך כתריאל שענקער און מאיר־לייב העלמאַן. הענעך לפידות האָט באַלד נאָך זיין חתונה געעפנט אַ בוכהאַנדלונג. זיין קאָנקורענט איז געווען עמנואל בייגעלע. ביידע האָבן געליווערט לייען־מאַטעריאַל פאַר די יידישע לייענער, וואָס איז צום מייסטן באַשטאַנען פון אַזעלכע מעשיות, ווי: „די צוועלף גזלנים״, „די פאַרפירטע כלה״, „דער פאַ־וואונדעטער חתן״ אאַז״וו.

אויפן ראָג פון דער יאַטקעגאַס, קעגן איבער דער „טימע״, זיינען געשטאַנען די פאַרקויפער פון לעמאָנאַדע: די קאָפּלס אין ווייסע קליידער מיט הויכע קופּקעס אויפן קאָפּ; שעיה סטאָפּע מיט קוואָס פון סאַמע פּעטערבורג; נחום־יאַנקל פרידמאַן מיט אַ פּעסל אויף דער פּלייצע, אַ לאַנגער, הויכער פויגל איבערן קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַ רויטן טורבאַן מיט צוויי גאָלדענע קוטאַסן. נחום־יאַנקל איז אויך געווען אַן „אַקטיאָר״, זיין בעסטע ראָלע איז געווען האַצמאַך. און אַזוי פלעגט ער אויך אָנבאָטן זיין לעמאָנאַדע: „ווי איך בין האַצמאַך, דער רוח זאָל מיך נעמען, קויפט לעמאָנאַדע, געמאַכט פון דער באָבע יאַכנע, ווי איך בין אַ ייד״.

שלמה קוטנער, אַ וואויל־יונגעריש יידל, אין אַ יידיש היטל מיט אַ גוויישן לאַקירענעם דאַשעק, שטייט לעבן נחום־יאַנקלען און קלאַפּט צו צום טאַקט. וועלוועלע דזשעקאַן, אַ שטאַטנאַר, דערשיינט אויף דער מאַרק־בינע, הייבט אויף זיין גראָבן שטעקן צום הימל, דעקלאַמירנדיק: „איך בין קיניג פון אַלע ראַטן־טרייבער פון דייטשלאַנד... איך בין דער גענעראַל פון די פעלד־מאַרשאַלן״. די בעטלער ביי דער וואַנט פון דער „טימע״ שפּילן אויף די פידלען זייערע יאַסנעגורער מעלאָדיעס. עס באַווייזט זיך אַ צווייטער „אַקטיאָר״, האַרשעלע בייטאַם, אַ קליין יידעלע מיט אַ געפּלאַכטענעם שטעקן. ער זינגט אַ לידל, טאַנצט, כאַפּט אַ צוגעוואָרפענעם גראָשן און פאַרשווינדט. שעיה שליטן דרייט די קאַטערינקע: „זאַ טשטאַ מניע מאַט ראַדילאַ״ און פאַרקויפט מזל־קוויטלעך, וואָס זיין פויגל אין שטייגל פּיקט אַרויס פון קעסטעלע.

אין אַ דינסטיקדיקן טאַרג־טאָג איז דער נייער מאַרק פול מיט אַנדערע געשטעלן און סחורות: ערדענע טעפּ, שיסלען, קויבערס (קוישן), קופּערטן, בעטן, שאַנקען, קאַלך, שטריק, לאָקשנבערעטער, ריבאייזנס אאַז״וו. פאַרבן־געשעפטן, שניט־סחורות, גאַלאַנטעריע, יידן מיט וועגעלעך און פעקל־טרעגער. צווישן די סוחרים געפינען זיך אַזעלכע אַנגעזעענע יידן ווי דער לאָמער לאַנדע מיט זיין ליאַלקע־געשעפט; טעמפּל, אַן אימפּאָרטירער פון דייטשע סחורות; אברהמעלע סובערדע, אַ זיידענער ייד, פלעגט געבן אַ סך צדקה; ער איז געווען אַן אומזיסטער מוהל פאַר אָרעמעלייט, און פלעגט נאָך דערצו איבערלאָזן אַ קערבל פאַר דער קימפּעטאָרין.

די אַגראַדאָווע גאַס צו צפון צו איז געווען שיטער באַוואוינט. האַלב יידיש, האַלב גוייש. ערשט אין 1894, ווען דער בענדינער האַלצהענדלער נאַמבערג האָט אויסגעבויט זיין גרויסע געביידע, האָט זי זיך אויסגע־

גליכן מיט דער צווייטער זייט אָגראָדאָווע צו דרום צו. צוויי מאַלאַרזשעס (מאַליאַרעס) האָבן געוואוינט פון ביידע זייטן אָגראָדאָווע. איינער איז געווען אַהרן גאָלדבערג, דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין יידישע הייזער מאָלערייען, וואָס ער האָט געבראַכט צום מייסטן פון לאָדזש און וואַרשע. דער צווייטער איז געווען צימבערקנאָפּ, אַ שילדן־מאָלער.

אין דער ערשטער און צווייטער אַלעע זיינען די מערסטע געשעפטן געווען יידישע. דער ערשטער און אָנגעזעענסטער בעל־הבית אויף דער צווייטער אַלעע איז געווען אימיך מיט זיין פאַרבן־געשעפט. גראַדשטיין האָט געהאַט אַ באַנק אין זעלבן הויז, וואו ער האָט געוואוינט, ביז ער האָט אויפגעבויט זיין ניי הויז אויף טעאַטראַלנע. אַ שיינעם נאָמען האָט געהאַט נייפעלד, ער האָט געהאַלטן אַן אַפּטייק־סקלאַד אויף דער ערשטער אַלעע. ער איז געווען שטאַרק רעספּעקטירט אין טשענסטאָכאָוו.

אין די אַלעען זעט מען אָפט אַרומלויפן מיט שנעלע טריטעלעך אַ דאַמע אין שוואַרצן מיט אַ שלייער איבערן פּנים. זי רעדט אַ שלאַכעצקן פּויליש און פאַרבעט אַלע אָפּצושטאַטן איר אַ וויזיט, ווייל איר מאַן קומט היינט צו פאָרן. דאָס איז די משוגענע טרעיזע. אַ צווייטע איז די משוגענע רוזשע. זי קלייבט פּאַפּירלעך און זינגט אַ לידל:

פּאַני רויזע זיצט אין גאָרטן,<br>
דער רעגן גייט אויף איר.<br>
ווען קומט מיין חתן<br>
אויף אַ שפּאַציר?

צו צפון אויף טעאַטראַלנע איז נאָך פּוסט. דאָרט וואוינט אַ כראַביע. ווינטער גייט מען דאָרטן זיך גליטשן. ווי צום מענטשן, וואָס באַגריסט ניט דעם כראַביע מיט זיין טיטל: ער פּילט באַלד דעם כראַביעס בייטש און די ציין פון זיין וואָלפהונט. דער כראַביע באָרגט געלט ביי יידן און צאָלט צוריק מיט פּעטש.

אויף דער צווייטער זייט צו דרום געפינט זיך קאָהנס פאַבריק. קעגן איבער וואוינט גינסבערג. פאַרשיידן איינס פון אַנדערן זיינען די צוויי יידישע פאַבריקאַנטן: גינסבערג איז אַ סאָלידער ייד און אַ גרויסער בעל־צדקה. קאָהן איז אַ יידישער משומד צו להכעיס.

גייענדיק מיט דער טעאַטראַלנער קומט מען צו צו די צוויי נייע פאַבריקן: פון איין זייט די „שפּאַגאַטשאַרניע" (סטראַדאָם), פון דער צווייטער זייט די פעלצערס — ביידע פראַנצויזישע. אויף די פעלדער אַרום זיינען אויסגעוואַקסן נייע גאַסן מיט פאַמיליע־הייזער. אַרבעט איז דאָך געווען ביליקער אין פּוילן ווי אין פראַנקרייך — האָבן די פעלצערס אויפגעבויט איינעם פון די שענסטע פּאַלאַצן אין פּוילן. דער פּאַלאַץ, דריי שטאָק הויך, איז געשטאַנען אין מיטן גאָרטן, באַפּוצט מיט שטוקאַטור און אויסגעגאָסענע סקולפּטורן. אין גאָרטן —ביימער און בלומען פון אַלע עקן וועלט. די מייסטערס אין די פראַנצויזישע פאַבריקן זיינען אַלע געווען פראַנצויזן.

טשענסטאָכאָוו האָט זיך צעשפּרייט און געוואָקסן מיט אַ שנעלן טעמפּ און שוין דערגרייכט האַנטקע און די זומפּן. דערווייל וועלן מיר זיך צוריקקערן צום יידישן שטאָט־טייל.

## שבתדיקע פאַרוויילונגען

עס איז אַ ווינטערדיקער שבת־נאָכמיטאָג. די שבת־גויים און גויעס האָבן איינגעהייצט די אויוונס אין דער פרי, פאַרריכט דעם פייער מיטאָגצייט און באַקומען זייער טרונק בראָנפן און שטיק חלה. דער עולם האָט אָפּגעדאַוונט, אָפּגעגעסן, אָפּגעזונגען זמירות און עונג־שבתדיק זיך אָפּגערוט.

אין עטלעכע הייזער אָבער, ווי ביי יאַוואָרסקין אָדער פּעטשקען, האָט מען שבת פאַרבראַכט אויף אַן אַנדער אופן: דאָרט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דינסט־מיידלעך, יידישע זעלנער, יונגע „קאַוואַלירן", און מען האָט געזונגען יידישע און מאַלאָרוסישע לידער. אין שטוב איז געווען וואַרעם. דער זאַמד אויפן פּענצטער האָט זיך געטאָפּיעט פון צעגאַנגענעם פראָסט אויף די שויבן. אין זאַמד — פּאַפּירענע לייעקלעך אָנגעפילט מיט וואַטע און באַשאָטן מיט קאָלירט פּאַפּיר. מען האָט אויסגעטאָן די זיידענע שאַליקלעך מיט די פּעטערבורגער קאַלאָשן, און די מיידלעך האָבן דערציילט מעשיות פון זייערע גבירים, פון שידוכים און פון זייערע שטעטלעך און דערפער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען געווען אָרעמע קינדער פון דער „פּרעמד". איבער אַזעלכע מיידלעך — ווען זיי האָבן געהאַט וואו אַריינצוגיין — האָבן די וואוילע יונגען נישט געהאַט קיין שליטה.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צום טאַנצן. די מיידלעך האָבן געזונגען:

ווער האָט דיך דען גענייט —<br>
האָסט דיר אַליין דעם קאָפּ פאַרדרייט<br>
טראַ־לאַ־לאַ טראַ־לאַ־לאַ.<br>
נאַפּראַוואָ (רעכטס).

ווער האָט דיך געהייסן חתונה האָבן,<br>
האָסט דיר אַליין ס'פּנים באַגראָבן.<br>
טראַ־לאַ־לאַ טראַ־לאַ־לאַ<br>
נאַלעוואָ (לינקס).

מען איז מיד געוואָרן און זיך דערמונטערט מיט אַ צוקערקע אָדער אַן אַנדער נאַשעריי, וואָס די מיידלעך האָבן מיטגעבראַכט. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צום ברוגז־טאַנץ:

ביסטו מיט מיר ברוגז — ווייס איך נישט פאַר וואָס —<br>
גייסט אַרום אַ גאַנצע טאָג אַראָפּגעלאָזט די נאָז!

און:

אפשר פאַרלאַנגסטו פון מיר אַ קוש<br>
איינס־צוויי־דריי־פיר;

פון אַן אַנדערן יאָ — פון דיר ניש׳
לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ.

און ווייטער האָט מען געזונגען:

וואו איז דאָס יינגעלע, וואָס האָט מיך געוואָלט,
וואָס האָט מיר צוגעזאָגט אַ טיכעלע מיט גאָלד?
דאָרטן שטייט ער הינטער דער וואַנט
און האַלט דאָס טיכעלע אין דער האַנט.

צום אַהיימגיין האָט מען געטאַנצט אַ פּאָלקע, אַ טשאַרדאַש און ראַך־טשאַך־טשאַך. די דאָזיקע שבת־פאַרווייל־ונגען האָבן געדויערט ביז אַ צוויי וואָכן פאַר פּסח, ביז מען האָט אָנגעהויבן באַקן מצות ביי אלחנה מצבה־קריצער, שאַמפּער און אַנדערע. יונג און אַלט, בחורים און מיידלעך האָבן געאַרבעט ביי מצות; די מייסטע זיינען געווען וועלגערערס, אַ קלענערע צאָל זיינען געווען מעלמישער, קנעטער, רעדלער, שיבער, טרעגער, פון זעקס אין דער פרי ביז עלף ביי נאַכט האָט מען גע־אַרבעט, און אַ מאָל אַ צולאָג אַ גאַנצע נאַכט. דערפון האָט מען געמאַכט פּסח און אַ מאָל איז נאָך איבערגע־בליבן אַ ניי ציצן קליידל אָדער אַ היטל.

## די כאָלערע

אויף דער שול מיטן בית־המדרש ביים טייך וואַרטע פאַלן די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון אין אַ סוף־זומערדיקן טאָג און באַלייכטן די גרויסע מגן־דודס אויף די קאָלירטע שויבן, וואָס שיינען אַרויס צו דער וועלט: „ממזרח שמש עד מבואו מהולל שם ה׳“.



די אַלטע שול

אָבער אויף די גאַסן, וואָס רינגלען אַרום די שול איז חושך. די כאָלערע פרעסט שוין אַ גאַנצן זומער די נשמות פון קליין און גרויס. אַזוי גרויס איז די צאָל פון די קרבנות, צום מייסטן אין די הייזלעך אויף די שעניקעס מיט פאַר־פוילטער שטרוי און פול מיט אומפלייט — אַז דעם שוואַרצן אָרון אויפן שולהויף האָט מען אין גאַנצע צו רו געלאָזט און געפירט די טויטע אויפן קעצעלינער בית־עולם אין פּראָסטע וועגענער.

די כאָלערע אין 1894 איז, אמת, באַקעמפט געוואָרן מיט בעסערע מיטלען, ווי די כאָלערע אין די 70ער יאָרן. דעמאָלט האָט מאיר ביטשנער, נאָך אַ יונגערמאַן, מיט אַ פּאָר חברה־קדישא־לייט זיך אָנגעטאָן אין תכריכים, גע־ריטן אויף ווייסע פערד איבער דער שטאָט, געפּאָכעט מיט שווערדן צום הימל, שרייענדיק: מלאך המוות, אַרויס פון אונדזער שטאָט! איצט איז די שטאָט גרע־סער, מיט מער יידישע דאָקטוירים, וואָס שטעלן זיך צופרידן מיט אַ גילדן אָדער צוויי פון אַן אָרעמאַן און אַ סך מאָל קומען זיי אין גאַנצן בחינם און לאָזן נאָך איבער אַ קערבל אויף מעדיצין. די רוסישע פּאָליציי, דער גראָ־בער „וואַכמייסטזש“ (וואַכמייסטער) גאַרבאַרסקי און דער לאַנגער דאַרער באַבראָווסקי גייען אַרום איבער דער שטאָט, הייסן אויסקאַלכן מיט וואַפּנע די רינשטאָקן און נישט געבן די קראַנקע קיין רויע וואַסער צו טרינקען.

אויף דער וואַרשעווער גאַס, מיטן פּנים צו דער גו־בערניע, שטייט אַ ווייס הייזל. דאָס איז דער יידישער שפּיטאָל. אינעווייניק ריינע, ווייס איבערגעצויגענע בעטלעך, אויסגעשפּריצט מיט קאַרבאָל אין אַלע ווינקע־לעך. פאַרשמאַכטע ליפּן טרינקען סטעריליזירט וואַסער און בענטשן די שטאָט־טאַטעס, וואָס האָבן אויף שנעל צוזאַמענגעשטעלט דעם יידישן שפּיטאָל. דאָס זיינען: גייסלער, מאַרקוספעלד, גינסבערג, מאיר־לייב הערמאַן פון אַלטן מאַרק, אַבּרהמעלע סובערדע פון נייעם מאַרק, נייפעלד, אימיך. עס אַרבעטן די דאָקטוירים רוס און וואַסערטאַל, אַ פּאָר פעלדשער, וואָס האָבן בחינם געטאָן זייער אַרבעט און אַן אָרעם מיידל, גיטל זיגאַס, וואָס איז מיטגעלאָפן מיטן ערשטן פּאַציענט אין שפּיטאָל, איר טאַטע, מענדל זיגאַס, און איז שוין דאָרט פאַרבליבן באַ־דינען די קראַנקע.

פּאָר מאיר ביטשנערן איז פונדעסטוועגן געבליבן גע־נוג אַרבעט: צו גיין אין די הייזער מנחם־אָבל זיין . . .

די כאָלערע האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין די יידישע פאַבריקלעך. אין גאָדל וויינבערגס צענ־גראַשנדיק זייגער־פאַבריקל אויף וואַרשעווער גאַס, אין אַ גרויסן פינצטערן צימער, אַרבעט מען פון זעקס אין דער פרי ביז צען אין דער נאַכט. די עלטערע כלה־מיידלעך אַרבעטן ביי די פּרעסן. זייער שווער לעבן גיסט זיך אויס אין דער טרויעריקער מעלאָדיע פון אַ פאָלקסליד:

איך גיי אַרויס אויפן גאַניקל
דאָס שטעטעלע באַקוקן,
קומט צו פליען אַ קליין פייגעלע
און טוט זיך צו מיר בוקן.

דער צווייטער פאַבריקאַנט איז מרדכי דרעקסלער, אויך אויף דער וואַרשעווער גאַס, קעגנאיבער קאַטליצקין; אַ קליין נידעריק יידל מיט אַ באָרד ביז צום נאָפּל. זיין מלאָכה איז צו גיסן בלייענע העגער. ער באַמיט זיך צו געפינען אַ פאָרטל, אַז מיט איין גאָס זאָלן אַרויסקומען כאָטש אַ הונדערט העגער. זיין זון העלפט אים אין דער אַרבעט און זיין מאַמע (די „מוטער“ — אַזוי האָט זי גע־וואָלט מען זאָל זי רופן) זאָגט, אַז ער האָט אַ קאָפּ פון אַ

מיניסטער. די „מוטער“, וואָס איז געווען די מייסטערין פון שאַפּ, איז געווען אַזוי דיק, אַז פאַר איר האָט מען געמאַכט אַ ספּעציעלע ווייכע באַנק. אַרום איר זיינען געזעסן פינף מיידלעך און דעקאָרירט די טרומייטערלעך, קלעפּערלעך און זילבערנע גלעקלעך. איר מויל פאַרמאַכט זיך קיינמאָל ניט; זי האַלט אין איין גיסן אין זיך טיי. זי האַלט שוין אפשר ביי דער דרייסיקסטער גלאָז: דאָס איז אַ סגולה קעגן דער כאָלערע. די מיידלעך, וואָס אַרבעטן, זאָגט זי, זיי זאָלן וואַרטן ביז ביינאַכט; ווען זיי וועלן קומען אַהיים, וועלן זיי אויפקאָכן אַ גרויסן טשייניק וואַסער, און אויב זיי האָבן ניט קיין ציטרין אָדער זויערזאַלץ, זאָלן זיי ניצן עסיק . . .

קאַניאַרסקיס פאַבריקל אויפן אַלטן מאַרק אין גאָלדעס הויז איז שוין אַ ביסל לייטישער. ער צאָלט זיינע אַרבעטער גאַנצע 60 קאָפּיקעס אַ וואָך.

אין גאַס טומלט זיך. פאַר סמאָלעקס בעקעריי איז אַ שיקסע אַוועקגעפאַלן, איינס און צוויי — און זי איז טויט. קעגנאיבער איז דער ווירט פון פעדערמאַנס שענק, אַ געזונטער, יונגער, הויכער ייד, זיך אַ לייג אַוועק געגעבן און מער נישט אויפגעשטאַנען. עס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מען האָט אים באַגראָבן לעבעדיקערהייט, מחמת זיין קבר האָט זיך געשפּאָלטן: איז מען אַרויס אויפן בית־עלמין, געריסן קברים און מחילה געבעטן.

אין שטאָט איז געקומען אַ רויטער מגיד, געהאַלטן אַ דרשה אין בית־המדרש, אַז די כאָלערע איז אַ שטראָף פאַר די זינד, דאַרף מען תשובה טאָן, זאָגן תהילים און חתונה מאַכן יתומים. האָט מען געכאַפּט דעם יתום, וואָס איז אָפּגעברענט אויף איין באַק און אים צוזאַמענגעפּאָרט מיט אַ יתומה. ווייבער האָבן צוזאַמענגענומען מעל, אייער, פלייש און געפּראַוועט אַ שטאָטישע חתונה צו פאַריאָגן די כאָלערע.

אין שטאָט האָט זיך געטומלט מיט פרומקייט. מזוזות זיינען דורכגעקוקט געוואָרן, ציצית זיינען איבערגעציילט געוואָרן, אָן אַ שאַרץ האָט מען ניט געטאָרט אַרויסגיין. שומרי־שבתניקעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער אַלעע, צעבראָכן שירעמלעך פון אָרעמע דינסטמיידלעך, און דאָס קליינוואַרג האָט אַרויסגעריסן גומענע קעמעלעך פון מיידלשע קעפּ. אַזוי איז עס געגאַנגען ביז ימים־נוראָים.

## משומדים, דיבוקים

אַ קאָכעניש איז אויך אין שטאָט מיט צוויי נייע משומדים. איינער איז חיים לייזער (אליעזר), אַ בעל־הבית מיט אַ ווייב און דערוואַקסענע טעכטער, וועלכער איז אָנגעשטעלט געוואָרן אין קאָהנס פאַבריק אויף טעאַטראַלנע. די ווייב זעט אים יעדן פרימאָרגן קניען און צלמען זיך. דערנאָך כאַפּט ער טלית און תפילין, דאַוונט, קושט די מזוזה און לויפט צו דער אַרבעט. דער צווייטער איז קאָפּל משה לערערס, אַ מלמד וואָס לויפט יעדן טאָג אין קלויסטער און וויינט מיט ביטערע טרערן, אַז ער וועט ניט קומען צו קבר־ישראל. אין שטאָט האָט מען גערעדט, אַז ער איז אַ קרבן פון אַ ליבע מיט אַ קריסטין.

אַ משומד פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער איז זעלקאָוויטש, וואָס שטייט יעדן טאָג אויפן מאַרק מיט חזיר־פלייש. ער איז אַ קאַנטאָניסט. ער איז געכאַפּט געוואָרן קינדווייז און אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט. ער האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די פייניקונגען און זיך אונטערגעגעבן צום שמד. אָבער שמואל זיגאַס און דער אַלטער קעלבעלמאַן, אויך קאַנטאָניסטן, זיינען געגאַנגען אויף קידוש־השם, זיי האָבן בעסער געוואָלט שטאַרבן, איידער זיך שמדן, זיינען זיי אַהיימגעקומען יידן.

אין שטאָט זיינען אויך פאַראַן צוויי דיבוקים. איינע איז גאָלדע דיבוק. פון איר רעדט אַרויס עפּעס אַ לודוויג. דער דיבוק לודוויג שרייט: „די יודען, די יודען, זיי ווילן מיך טויטן“. גאָלדע באַרואיקט לודוויגן: „האָב קיין אַנגסט, לודוויג“. זי דערמאָנט אים אין דער בירהאַלע אין האַמבורג, וואו זיי האָבן צוזאַמען געטרונקען ביר, קימל־שנאַפּס און באָרדאָ־ווייַן. אויף גאָלדעס פּנים צעלייגט זיך אַ ברייטער שמייכל, און לודוויג זאָגט: „יאַ, יענע צייט איז פאָראיבער . . . אַך דאַס מעדכען פון דער בירהאַלע . . . בלויע אויגן . . . גאָלדענע האָר . . . זינגט און שפּילט . . . איך האָב זיך געטויפט . . . איך בין קיין יודע . . . ניין! איך בין קיין יודע! . . .“ דער איינציקער, וואָס האָט געקענט באַרואיקן גאָלדעס דיבוק, איז געווען וויגדער ברוקאַרזש. ער פלעגט זי נעמען פאַר די הענט און אַ געשריי טאָן: „רואיק, לודוויג!“ — און גאָלדע פלעגט שווערן, אַז זי וועט זיין שטיל.

וויגדער ברוקאַרזש האָט דערציילט, אַז זייענדיק 16 יאָר אין דייטשלאַנד, האָט ער געהאַט אַ גוטן פריינד לודוויג, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין אַ קריסטלעך מיידל, אַ טאָכטער פון אַ בירהאַלע־אייגנטימער. צוליב איר האָט ער זיך געשמדט. גאָלדע דיבוק האָט אויך געלעבט אויפן זעלביקן הויף און, ווי עס ווייזט אויס, איז זי געווען פאַרליבט אין לודוויגן. נאָך איר חתונה מיט איר מאַן, אַבע סאַרווער, האָט זי געקראָגן אַ נערוון־צעטרייסלונג און האָט זיך איינגערעדט, אַז דער לודוויג־דיבוק איז אַריין אין איר.

דער צווייטער איז מאיר מיט די צוויי דיבוקים. איין דיבוק אַ חזנישער, וואָס פלעגט אַרויסזינגען פון אים אַלע חזנישע שטיק, שבתדיקע און יום־טובדיקע תפילות. דער צווייטער דיבוק אין אים איז געווען אַ רוסישער סטראַזשניק, וואָס פלעגט קאָמאַנדעווען און שעלטן זיך אויף רוסיש.

אַ נאָענטע שכנה פון וויגדער ברוקאַזש איז געווען מייטע די בעקערין. דער ריח פון איר ברויט מיט קימל, וואָס זי האָט געראָשטשינעט, געקנאָטן און גערוקט אין אויוון אַריין, איז זיך צעגאַנגען איבער די שכנישע הייזער. מייטע („מאַיטע“) דער בעקערינס זונעלע, איציק־שפּי־

ציק, פלעגט זיך יאָגן נאָך כראַבאָנזשעס און שניידן די קנעפּלעך פון יינגלשע מייטקעס. ווידער האָט געפּאָדערט, אַז איציק זאָל אָפּגעבן די קנעפּלעך, אַז ניט וועט ער אים שיקן צו זיין טאַטן קיין אַמעריקע.

## ימים נוראים

די ימים־נוראָים האָבן זיך דערנעענטערט. אויף דער געצעוויזנע איז שטיל. די תלמוד־תורה און די חדרים זיינען פאַרמאַכט. נאָר דער קול פון הענדל מלמד אויפן אויבערשטן שטאָק צעגיסט זיך ראש־השנהדיק: אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר . . . .

אויף דער צווייטער זייט פון יידישן שטאָט־טייל, אויפן סאַמע שפּיץ גובערניע, ביי ר׳ שעיה שליטן אין איינגעבויגענעם הייזל אין קאָזשע־געסל, גרייט מען זיך גאָר שטאַרק. מען פוצט זיך . . . און מען קריגט זיך. די אורחים קענען זיך נישט איינטיילן מיט די פלעצער; ווער עס זאָל גיין צו די שטיבלעך, ווער צו דער שול, ווער צום בית־המדרש — בעטלען. דערווייל מאַכט מען רעפּעטיציעס, ווי צו קרעכצן און אויקען, ווי צו מאַכן אַ הויקער, ווי צו זיין בלינד און זינגען: מיינע אויגן זיינען פאַרמאַכט, מיר איז פינצטער טאָג און נאַכט . . .

אַ גאַסט איז צוגעקומען — איציק שליזע, ערשט אַרויס פון פּיעטריקאָווער תפיסה. דער צווייטער צו שליזען איז יאָסל יאַפּצאָק, וואָס האָט לכבוד ראש־השנה אָנגעהרגעט זיין טאַטן נחום שוסטער און אים אַרויסגעוואָרפן פון בעט. יאָסל יאַפּצאָק איז די שרעק פון די יידישע גאַסן. וואָרעם כוח האָט ער ווי אַ לייב און קיינער קאָן זיך מיט אים ניט פאַרמעסטן. פרעמדע מיידלעך, וואָס קומען קיין טשענסטאָכאָוו דינען, מוזן אים געבן אָפּצאָל־געלט.

און אָט איז שוין ראש־השנה. די יאַטקע־גאַס מיטן אַלטן מאַרק זיינען אָפּגערייניקט, נאָר דער ריח, וואָס לאָזט זיך דאָ פילן דערציילט, אַז מען האָט נעכטן דאָ פאַרקויפט אַלטע פיש, צעקראָכענע יענגעלקעס, פאַרפוילטע פלוימען און ווערעמדיקע עפל. די פויערים פון די דערפער אַרום ווייסן, אַז ס׳איז אַ הייליקער טאָג ביי יידן, און קומען ניט אין שטאָט אַריין מיט זייערע דזשַפישע פראַדוקטן. נאָר איין גוי דרייט זיך אַרום פוסט און פאַס אין גאַס און שרייט און שעלט. דאָס איז מעצנער פייאַק, וואָס וואָלט אויסגעגאַנגען פון הונגער, ווען ניט די יידן.

דער משומד זעלקאָוויטש, וואָס שטייט היינט ניט מיטן חזיר־פלייש אויפן מאַרק, דרייט זיך אַרום אויף דער שול־גאַס. זיין האַרץ, פלעגט ער זאָגן, ציט אים צום אָרון קודש, און ער זעט זיין טאַטע־מאַמע אין חלום. ניין יאָר איז ער אַלט געווען, ווען מען האָט אים פון זיי אָפּגעריסן.

די קאַטערינקעס אין שעיה שליטנס הויף מיט די פייגל, וואָס פּיקן אויס די מזל־קוויטלעך רוען. די לאָדנס אין מאָריצעס „הייזל" נעבן דער זשיקע זיינען פאַרמאַכט.

די אָפּיצירן וועלן היינט די מיידלעך נישט בייטשן מיט די שפּיצרוטן, די וואוילע יונגען וועלן זיי ניט שלאָגן, און די מיידלעך וועלן ניט ווינקען פון די באַלקאָנען צו די דורכגייער. פעטער מאָריץ, אַ נידעריקער שוואַרץ יידל אין טונקעלע קליידער מיט אַ גאָלדענער קייט, וואָס הוידעט זיך אויף זיין פעט בייכל, האַלט שטייף אונטערן אָרעם דאָס טלית־זעקל מיט אַ גרויסן מחזור און מאַרשירט צו דער קראָקעווער גאַס אין פאַקטאָרן־שטיבל.



דער אַלטער מאַרק

די ראש־השנהדיקע זון האָט צעוואַרעמט די יידישע געסלעך. מענער, אין אָפּגעבליאַקירטע אויסגעריבענע שוואַרצע כאַלאַטן — אַ טייל נאָך אַ ירושה פון זיידנס חתונה־קליידער — איילן זיך אין שול און אין די שטיבלעך. יינגלעך און טאַטעס זיינען אָנגעטאָן אין צייגענע כאַלאַטלעך. די ווייבער גייען אין ראש־השנהדיקע שלייפעלעך אין זייערע שייטלען, מיט אויסגעבעטע ביוסטן און קישעלעך פון הינטן; די עלטערע אין שטערן־טיכלעך, ירושות פון מאַמעס און באָבעס און אין שוואַרצע קליידער.

גאָר אַנדערש גייען די פרויען פון דער אַלעע און פון נייעם מאַרק. לאַנגע גאָלדענע קייטן אַרום האַלדז, פערל, בראָשקעס מיט דימענטן, בריליאַנטענע אויערינגלעך, פינגערלעך מיט דימענטן און ברייטע גאָלדענע בראַסלעטן אויף די הענט. די זאָגערינס טראָגן מיט זיך גרויסע מחזורים און תחינות פירצוזאָגן פאַר די, וואָס קענען קיין עברי נישט.

איציק קיקעלע גייט שוין אויך אַן אויסגעפוצטער אין אַ פּאָר הויזן, פון וועלכע ער פאַלט אַרויס, אַ מתנה פון גראָבן וואָלבערגן, און אין שיך, פון וועלכע די פיס קריכן אַרויס. דאָס לינקע אויג איז ביי אים פאַרבונדן מיט אַ קאָלירטער שמאַטע. ווייסע־חברהניקעס לויפן נאָך איציקן און פאָנפען אים נאָך: גוט יום־טוב, איציק, זאָלסט זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר.

די שול איז באַלויכטן מיט הונדערטער ליכט. פון

די ווענט גיסן זיך לאַנגע שנורן וואַסער. פון אָרון קודש ביז אין מיטן שול פאַרנעמען די פיינע בעלי־הבתים מיט גאָלדענע און זילבערנע עטרות. נעענטער צום פּאָליש זיצן די פּראָסטע יידן, אַזעלכע וואָס שלעפּן זעק און קאַסטנס, פאַבריק־אַרבעטער, בעקער, שניידער, שוסטער. פאַר דער שול, אין דרויסן, אַרום די אולאַנער, רודערט זיך מיט וואויל־יונגערישקייט: משה פּאַצע, האַרש לייב די יומעטעס, אברהם בער מורזשין, אברהם וואָלף יאַנקלס, די שנעלצוגלעך, די באַמסלעך און זייערע נאָכלויפער.

אָט די חברה זיינען איצט די העלדן פון דער יידישער גאַס. זיי קאַסירן איין אָפּצאָל פון מאַרק־שטייער, נעמען פּרעטענזיע־געלט, אָבער זיי באַשיצן אויך אַ סך מאָל די יידן פון גויישע שלעגער, פון שקצישע אָנפאַלן, און גיבן קלעפּ, ווען מען דאַרף. טיילמאָל ווערן אויך געלאָזט אין גאַנג יאַטקע־העק, פליישער־מעסער און דישלעס פון ווע־גענער.

## די שטאָט ווערט גרעסער און שענער

קליינע, טריבע טעג. די טיפע בלאָטעס זיינען אי־בערגעצויגן מיט דינעם אייז. אין די יידישע הייזער רעדט מען וועגן טויט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. די פּוילישע און רוסישע צייטונגען פון וואַרשע און פּעטער־בורג לייענט נישט דער עולם. קיין יידישע צייטונגען אַחוץ דעם העברעאישן „המליץ" איז נאָך נישטאָ. מיטן טעלעפאָן באַנוצן זיך נאָר עטלעכע גרויסע פאַבריקאַנטן, די גראַדשטיינס און די קאַזיאָנע באַנק. דאָך האָט זיך די נייס וועגן טויט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן שנעל פאַרשפּרייט און דערוועקט אין יידישע הערצער טרויער און שרעק. מען האָט דערציילט, אַז צאַר אַלעקסאַנדער איז געווען גוט צו יידן, און ווער ווייסט וואָס דער נייער מלך וועט זיין. געטרייסט האָט מען זיך, אַז ניקאָלאַי דער צווייטער וועט אפשר יאָ זיין גוט צו יידן, מחמת ער האָט אַ יידישע געליבטע, און נאָך וואָס פאַר אַ געליבטע!

דעמאָלט האָט מען אין טשענסטאָכאָוו פאַרמשפּט צום טויט אַ זעלנער, וואָס האָט דערשאָסן אַ פעלדפעבל. די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן שבת אין דער פרי זען ווי מען האָט דעם זעלנער דערשאָסן. אָבער ווען זיין קערפּער איז שוין געלעגן אין קבר, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז דער קיסר האָט פאַרביטן זיין טויט־שטראָף...

אין 1895 האָבן יידן געשוואָרן אין די שטאָטישע שולן צו זיין געטריי ניקאָלאַי דעם צווייטן. די שטאָט האָט זיך דעמאָלט אַ סך פאַרגרעסערט. נאָטל פּאַנקאָווסקי אין דער ערשטער אַלעע האָט אויפגעבויט אַ נייע גע־ביידע מיט שטוקאַטור אין די סופיטן. גרויסע קאַפּליאַנע אויוונס, באַצירט מיט אָרנאַמענטן. נייע הייזער האָבן אויך אויפגעבויט קאַלינסקי אויף טעאַטראַלנע; ווינער — אויף דער סטאַנציע־גאַס; קרוגער — אויף דער בליך; דער בענדינער נאַמבערג — אויף אַגראַדאָווע; דרעווניאַק — אויף גאַרנצאַרסקע.

אין מיטן די ניינציקער יאָרן האָט מען אָנגעהויבן גרייטן עלעקטרישע באַלייכטונג. קעגנאיבער דער רוסי־שער צערקווע, הינטער דער קאַזע (טורמע) האָט מען גע־בויט די עלעקטרישע סטאַנציע. די ערשטע גריבער האָט מען אָנגעהויבן גראָבן אויפן נייעם מאַרק. דעמאָלט האָט מען זיך ערשט דערוואוסט, אַז דער נייער מאַרק איז אַמאָל געווען אַ גרויסער צמענטאַרזש, מחמת אַ סך מענטשלעכע שאַרבנס און ביינער זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן. אויך דאָס קליינע מויערל אַנטקעגן דער קירכע, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט מעשׂות, אַז אין אַלטע צייטן איז עס געווען אַ שלאָס פון קעניג זיגמונט מיט אַן אונטערערדישן דורכ־גאַנג ביז צום קלויסטער איז געווען אַ קבר, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן.

דאָס אָפּפאַרבן דעם ערשטן סלופּ פאַר דער עלעק־טרישער באַלייכטונג, אַנטקעגן אימיכס פאַרבן־געשעפט, איז געווען ווי אַ גרויסע פאַרשטעלונג. מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט צו זען דעם גרויסן וואונדער, ווער עס וועט אַרויפקלעטערן אַזוי הויך צום שפּיץ סלופּ, דערצו מיט פאַרב און פּענזל אין די הענט. אויסגעפירט די דאַזיקע אונטערנעמונג האָט דער דרייצניאַריקער חיים־לייבעלע, ער איז באַלוינט געוואָרן מיט אַ בראַוואָ־פּאַ־טשעריי פון פאַרזאַמלטן עולם.

מען האָט זיך געגרייט צו דער קאָראָנאַציע פון ני־קאָלאַי דעם צווייטן. די פראָנטן פון די הייזער זיינען געפאַרבט און געקאַלכט געוואָרן, די רינשטאָקן גערייניקט געוואָרן, קרימינאַלניקעס זיינען באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות, צום מייסטן האָבן זיך באַטייליקט אין יום־טוב די סטרוזשעס. זיי האָבן אילומינירט די רינשטאָקן מיט לאָמטערנעס און קעראָסין־קנייטלעך. דער אינטעליגענ־טערער עולם האָט זיך אין דעם יום־טוב נישט באַטייליקט. יידן האָבן נאָך נישט פאַרגעסן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע נאָכן דערהרגענען אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אין טשענ־סטאָכאָוו האָט מען אויך געזונגען דאָס ליד פון קיעווער פּאָגראָם: „די ווילדע קאַצאַפּעס מיט זייערע לאָפּעס, זיי האָבן אַלעס פאַרדאָרבן . . ."

דאָס קאָראָנאַציע־פעלד איז געווען באַהערשט פון שיכורע אויסוואורפן, ס'זיינען פאָרגעקומען געשלעגן. אין די גאַסן האָבן זיך געוואַקלט שכורע אָפּיצירן צוזאַמען מיטן פּאָליציימייסטער פאַן ערליך.

באַלד נאָך דער קאָראָנאַציע האָבן די טשענסטאָכאָ־ווער שטאָט־טאַטעס באַשלאָסן איינצופירן אין שטאָט קאַנאַליזאַציע.

## טעאַטער, ליטעראַטור, קינאָ

דעם זעלבן זומער האָט מען אויף טעאַטראַלנע גאַס אין זומער־טעאַטער געשפּילט „מלכה שוואַרצנקאָפּ". שבת צו נאַכטס פלעגן זיך אַהין אַריינכאַפּן אונדזערע יידישע יאַטן. ווער עס האָט ניט געהאַט אויף קיין בי־לעט, איז געווען צופרידן כאָטש צו קוקן דורך די שפּאַ־רעס פון די ברעטער אַרום טעאַטער. די פּיעסע איז גע־שפּילט געוואָרן אין פּויליש, נאָר איין סצענע מיט אַ יידישן

חדר האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יידיש. אויך אַ ליד, וואָס איז דאָרט געזונגען געוואָרן האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די יידישע גאַסן. דאָס איז געווען:

יונהלע, יונהלע, כ׳וועל דיר עפּעס זאָגן,
נאַ דיר שוין אַ ווייבעלע, נאָר זאָלסט איר ניט שלאָגן.

די קליינע יידישע יאַטן פלעגן זיך אויך אַמאָל אַריינכאַפּן אין טעאַטער, וואו געגע דער אַפּישן־קלעפּער האָט געקיניגט. אויך אין דעם זכות פון מאַדאַם שוואַרץ, אייגנטימערין פון בלומען־געשעפט אין דער צווייטער אַלעע, האָט זיך אַ יידיש קינד געקענט אַרויפכאַפּן אויף דער גאַלערקע. אַמאָל פלעגט מען אויך אונטערשטופּן אַ קופערנעם צענער דעם „וואַזשנע". געשפּילט האָט מען דעמאָלט: „גאַשטשיע פּשיכאַדזאָן" (געסט קומען), „גיישאַ", „האַלקאַ". די קליינע יידישע חברה האָט זיך דאָ אָנגעשטעקט מיטן טעאַטער־חולאת. זייער רבי איז געווען יעקב בער זילבער אָדער דער לאָמער סטאַלוך. ער האָט צוזאַמענגענומען דאָס קליינוואַרג אין דער אַלטער תלמוד־תורה פון יצחק לעווי און דאָרט רעפּעטירט טעאַ־טער. יצחקס טאַטע, מרדכילע, אַ נידעריק יידל מיט פּינקלדיקע אויגן, און זיין מאַמע ביילע, שטענדיק אין לאַנגן שאַרץ מיט אַ זיסן שמייכל אויף איר ברייט פּנים — פלעגן אָנקוועלן פון זייער זון און פון דער גאַנצער טעאַטער־קאָמפּאַניע.

די ערשטע פאָרשטעלונג „קוני־לעמל" איז אויפגע־פירט געוואָרן ביי גרונעם דעם מלמד אין חדר אויף וואַר־שעווער גאַס. מען איז געשטאַנען אויף קעפּ. אַלע זיינען געקומען זען זייערע קינדער, אייניקלעך און שוועסטער־קינדער שפּילן טעאַטער. בילעטן האָט מען פאַרשפּאַרט צו קויפן. ווי אַזוי די קליינע חברה אָן שום הילף, אָן קענטעניש פון וועלכער עס איז בינע־טעכניק, האָט גע־קענט אַדורכפירן אַזאַ פאָרשטעלונג — איז גאָטס וואונ־דער.

פּורים אויף דער נאַכט איז צום צווייטן מאָל אויפ־געפירט געוואָרן די זעלבע פּיעסע ביי מאַרקאָוויטשן אין הויז, אויפן אַלטן מאַרק, אין מרדכי קאַרעקס שענק.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, אום חול־המועד־פּסח, איז אָנגעקומען אַ טרופּע אַקטיאָרן פון לאָדזש און האָט אויפגעפירט פיר פּ׳יעסן: „אחשוורוש", „שולמית", „בר כוכבא" און „קבצנזאָן און הונגערמאַן". אין דער טרופּע האָבן זיך באַטייליקט באַרימטע אַקטיאָרן: פּיורניק, אַקסעלראַד, די געלע צלאָווע. אַלע פיר נעכט איז דער טעאַטער געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. דעמאָלט האָט מען נישט געטאָרט שפּילן אין יידיש, נאָר אין דייטש־מעריש. אַרויסגעהאָלפן האָט מאַדאַם שוואַרץ, איינרעדנ־דיק דעם פּאָליצמייסטער, אַז זיי שפּילן „בינעדייטש". פאָן ערליך האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ס׳איז נישט קיין דייטש, נאָר אָפּזאָגן מאַדאַם שוואַרץ, די שיינהייט פון דער שטאָט, האָט ער נישט געקענט.

די יידישע גאַס איז רייכער געוואָרן מיט נייע גע־זאַנגען. די טאַטעס האָבן איינגעזאַפּט דעם חזן זיסקינדס שיינע ניגונים, די מיידלעך האָבן געזונגען טעאַטער־ליד־לעך. שטאַרק פּאָפּולער זיינען דעמאָלט געווען גאָלד־פאַדענס לידער, ספּעציעל פון „דאָס יידעלע". די יידישע זעלנער, קומענדיק אין די שבתים אין יידישע הייזער, האָבן פאַרשפּרייט מאַלאָרוסישע לידער.



דער נייער מאַרק

אויך האָט זיך דערוועקט אויף דער יידישער גאַס דער אינטערעס פאַר ליטעראַטור. געלייענט האָט מען צום מייסטן די יידישע איבערזעצונגען פון ראָמאַנען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע. שמ״ר האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. דאָס יונגוואַרג האָט שוין אָנגעהויבן צו דאַרשטן נאָך אמתער ליטעראַטור. עס האָבן זיך באַוויזן ביכער פון מענדעלע מוכר־ספרים און מ. ספּעקטאָרן. באַ־זונדער פּאָפּולער איז געווען „די קליאַטשע". שוסטער־און שניידער־געזעלן האָבן זיך געקוויקט מיט טאָלסטאָיען. עס האָבן זיך באַוויזן איבערזעצונגען פון עמיל זאָלאַ. בכלל האָט אָנגעהויבן צו טאָגן מיט אויפקלערונג (השכלה) און די יוגנט האָט דאַרשטיק אַריינגעזאַפּט אין זיך נייע אידעעס. טשענסטאָכאָוו האָט אָנגעהויבן ווערן דער קול־טור־צענטער, וואָס האָט באַווירקט די גאַנצע גרויסע אומ־געגנט, וואָס מען האָט גערופן זאַגלעמביע אָדער פּיעטרי־קאָווער גובערניע.

אין 1898 איז די יידישע גאַס אויפגעטרייסלט גע־וואָרן פון דעם דרייפוס־פּראָצעס. די פּאָפּולערסטע לי־טעראַטור איז געוואָרן „קאַפּיטאַן דרייפוס", וואָס איז דערשינען אין העפטן. דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן האָט אָנגעהויבן באַווייזן זיינע ציין.

דעם זעלבן זומער האָט זיך אויפן אַלטן מאַרק באַ־וויזן אַ ייד מיט אַ קעסטל אויפן בויך, פון קעסטל האָבן זיך געצויגן פיר ווייסע גומענע רערן. יידן האָבן פאַר דריי קאָפּיקעס צוגעלייגט די גומענע רערן צו די אויערן און געהערט זינגען. אין דער אַלעע האָבן זיך באַוויזן אַפּישן, אַז אין טעאַטער וועלן געוויזן ווערן די גרעסטע וועלט־וואונדער. די וואונדער זיינען געווען אַ קאַסטן מיט אַ גרויסער טרובע אויף דער בינע, וואָס האָט גע־זונגען „באָזשע צאַריאַ כראַני" און אַנדערע לידער, און

פּלוצעם איז אין זאַל אין גאַנצן פינצטער געוואָרן, אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַ ווייס ליילעך און צוויי קינ־דער אין צוויי בעטלעך האָבן זיך געוואָרפן מיט קישנס. פעדערן זיינען געפלויגן, מענטשן, פּאָליציי, פייערלעשער זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן.

מענטשן האָבן אַלע וואונדער ניט געקענט באַגרייפן און עס אָנגענומען פאַר שוואַרצקונסט אָדער פאַרבלענ־דענישן, אָבער די יונגע יאָטן פון דער יידישער גאַס האָבן שוין געלייענט אין די אַמעריקאַנער אויסגאַבעס וועגן עדי־סאָנען און געוואוסט, אַז דאָס קעסטעלע אויפן נייעם מאַרק און דער קאַסטן מיט דער גרויסער טרובע זיינען גראַמאָ־פאָנען און די שוואַרצקינסטלעריי אויפן לייוונט הייסט „זשיווע אָבראַזי" (לעבעדיקע בילדער).

אויפן פּלאַץ, וואו עס איז פאַרגעקומען די קאַראַנאַ־ציע, הינטער דער צערקווע, האָט מען געשניטן נייע גאַסן ביז אַרויף צו טשענסטאָכאָווקע. ניט ווייט פון דער צער־קווע האָט מען אויפגעשטעלט אַ נייע פּאָסט־געביידע, מיט אַ גרויסן, ברייטן הויף, וואו עס האָבן געוואוינט די העכערע רוסישע נאַטשאַלסטווע. אין די פרילינג־ און זומער־טעג האָט דאָ געשמעקט מיט גרינס פון די ביימער און פון די אָפענע פענצטער האָט מען געהערט, ווי פּיאַ־נאָס שפּילן טשייקאָווסקיס, מאָצאַרטס און שובערטס מוזיק. קיין וואונדער ניט, אַז ווען אַ קינד פון דער יידי־שער גאַס האָט דאָ אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט און פאַרגליכן אַלץ, וואָס עס האָט געזען און געהערט מיטן שטיקנדיקן דלות פון דער אָרעמער גאַס, וואָס האָט געקויפט פאַר אַ דרייער מילך פון שווייגער, פאַר אַ קאָפּיקע ציקאָריע (פון קאַווע האָט מען נישט געוואוסט) און פאַר אַ גראָשן צוויי קלעצלעך צוקער — האָבן ביי אים אין קאָפּ זיך גע־וועקט מאָדנע געדאַנקען . . .

דער לאַמער סטאָלוך (יעקב בער זילבער) האָט זיך דערטראַכט אַליין צו דראַמאַטיזירן און שפּילן אַ נייע פּיע־סע. דאָס איז געווען „שמחה פּלאַכטע". די פאַרשטע־לונג איז פאַרגעקומען אום פּורים, אין זאַל קופּעצקי אויף טילנע גאַס. חיים־לייבעלע האָט געמאַכט דעקאָראַציעס. נאָך דער פאַרשטעלונג האָט זיך די קליינע חברה געגומען רעפּעטירן „אוריאַל אַקאָסטאַ". דעם באַנקיר גראַד־שטיינס טאָכטער האָט נאָכגעטאָן די קינדער פון דער יידישער גאַס און געגרינדעט אַ טעאַטער־קלוב פון די רייכע קינדער. די טרופּע האָט אויפגעפירט פוילישע איינאַקטערס.

טשענסטאָכאָוו איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. אויף אַסטאַטני גראַש האָט דער געשמדטער ייד האַנטקע גע־נומען פאַרשיטן די בלאָטעס און בויען אייזן־פאַבריקן. אין דער זעלבער צייט האָט לייבל גאַרבינסקי געקויפט אַ גרויס הויז אויף טילנע גאַס. גאַרבינסקי, וואָס האָט גע־וואונען אַ סך געלט אין קאָרטנשפּיל פון האַנטקען — האָט שפּעטער געגרינדעט אַ לאָמבאַרד, וואו די אָרעמע־לייט האָבן פאַרזעצט זייערע פינגערלעך, זייגערס און פּאַלטנס.

אין 1899 האָט זיך באַוויזן אין טשענסטאָכאָוו „אַ וועלט מיט וועלטעלעך". ווי אַ פלאַם־פייער האָט זיך דאָס ביכל פאַרשפּרייט. עס איז אַריינגעפאַלן צווישן די ישיבה־בחורים און אָנגעמאַכט דעם ריכטיקן חורבן.

## נייע ווינטן

אין 1900 זיינען קיין טשענסטאָכאָוו געקומען דער גרויסער צלאל פון פּיעטריקאָוו, האַרשעלע בעקער פון לאָדזש, מרדכי בעקער, דער לאָמער קאַפּל און זיי האָבן געבראַכט מיט זיך נייע פּיעסעס און נייע געזאַנגען. אַ נייער שטערן איז צוגעקומען: ליפּע גאָלדבוים, אַ לאָ־דזשער טאָקער, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי מרים איזקעס אָדער וואָלף באָמס. ליפּע איז געווען דער ערשטער לע־רער פון וויסנשאַפט און פּאָליטישער אויפקלערונג אין קרייז, צו וועלכן עס האָבן געהערט חיים לייבעלע, יוסף הירש גרייצער, דער לאָמער סטאָלוך, כתריאל ראָטבאַרט (סטאָדאָלע). אין קרייז האָט מען גערעדט פון פּראָלאַ־מענטאַריזם, צאַרישער רעגירונג און נאַטור־וויסנשאַפט. אין זעלבן יאָר האָט ווערדע פון דער נאָדל־פאַבריק אויס־געקויפט אויף אַסטאַטני גראַש דעם מושב־זקנים. אין דער זעלבער צייט האָבן די טשענסטאָכאָווער בעלי־עגלות און טרעגער געפירט אַ ספר־תורה אין שול, ווי דער שטייגער, מיט מוזיק, שטולקאַרצן און טענץ אין די גאַסן.

אין חודש תמוז פון יענעם יאָר האָבן זיך דריי טשענ־סטאָכאָווער: חיים לייבעלע, יוסף הירש גרייצער און יעקב בער זילבער, געלאָזט וואַנדערן איבער דער וועלט. געשוואַרצט די עסטרייכישע גרענעץ, אָנגעקומען אין שטעטל טשיבין, געדונגען אַ קרעטשמע פאַר צוויי גולדן צו שפּילן „טעאַטער" ביינאַכט. אָבער אַנשטאָט אַ פּוב־ליקום זיינען געקומען אַ מאַסע קינדער מיט קרייצער. דער איינקונפט אין דער קאַסע איז געווען איין גולדן מיט 75 קרייצער. מיט דער סומע זיינען די „אַקטיאָרן" אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און געלאָזט זיך ווייּ־טער אין וועג.

פון טשיבין האָט זיך די חברה געלאָזט צופוס קיין קראָקע, פון קראָקע קיין כזשאַנאָוו און אָשפּיצין און פון דאָרט צוריק צו דער גרענעץ נעבן עלקיש. אויף ראש־השנה זיינען זיי שוין ווידער געווען אין טשענסטאָכאָוו.

נייע ווינטן האָבן געבלאָזן. עס איז געווען די צייט פון אויפשטייג פון ציוניזם. ווייט און ברייט האָט גע־שמט ד"ר הערצלס נאָמען. די צאַרישע רעגירונג האָט די ציוניסטישע טעטיקייט ניט געשטערט, האָבן די ציוניס־טישע מגידים גערעדט אין די שולן, אַז די ישועה איז נאָענט, מען גייט אָפּקויפן ארץ־ישראל פון טערק. באַ־זונדערס האָט דער ציוניזם פאַרכאַפּט דעם מיטלקלאַס און די יוגנט, וואָס האָבן געפילט ווי דער באָדן זינקט אונטער זייערע פיס. בחורים און מיידלעך האָבן איינגע־אָרדנט ציוניסטישע בעלער; אָרעמע בעלי־בתים האָבן געשפּאָרט און געקויפט אַ שקל.

דער ווידערשטאַנד צום ציוניזם איז געקומען פון צוויי זייטן: חוץ די פּאָלאָניזירטע יידן פון דער „העכערער" געזעלשאַפט און אַ טייל פון דעם מיטלקלאַס, וואָס האָבן זיך בכלל דערווייטערט פון יידישן לעבן — האָבן די פרומע יידן, חסידים און רבנים געקערט וועלטן און געדרשנט אין די שולן, אַז נאָר משיח קען אויסלייזן יידן פון גלות. פון דער צווייטער זייט, האָט די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע פון די ערשטע קרייזלעך אין וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק שוין דערגרייכט טשענסטאָכאָוו. עס האָט זיך אָנגעהויבן די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געפּרעדיקט ברידערשאַפט און באַפרייאונג דורך קאַמף און רעוואָלוציע.

ביסלעכווייז איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַריינגעצויגן געוואָרן צווישן אַנדערע אויך די רעליגיעזע יוגנט; צום מייסטן האָט די אויפקלערונג געווירקט אויף די ישיבה־בחורים.

טאַטעס און מאַמעס האָבן חוזק געמאַכט פון זייערע קינדער און אַנדערע אויך געשלאָגן די קינדער, וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן ניקאָלאַיען. אָבער עס זיינען אויך געווען אַזעלכע טאַטעס און אַפילו גאַנצע פאַמיליעס, וואָס האָבן אַליין מיטגעהאָלפן דער באַוועגונג.

דער קאַמף צווישן די פרומע יידן און „אחדותניקעס" האָט זיך צעפלאַקערט. אַן אויסגעטראַכטע מעשה האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, אַז אין לאָדזש האָבן די „אחדותניקעס" אָנגעטאָן אַ הונט טלית און תפילין און אים געפירט איבער די גאַסן. „אחדותניקעס" איז געוואָרן אַ זידל־וואָרט. די קאַמפן און געשלעגן צווישן די אָנפירער פון דער פרייהייט־באַוועגונג מיט די וואוילע יונגען זיינען געוואָרן אָפטער און פאַרביטערטער.

אין 1901 האָט זיך שוין שטאַרק געפילט דאָס אָנקומען פון אַ נייעם און פרישן שטראָם, וואָס האָט זיך מיט אַ זעלטענעם אימפּעט אַריינגעריסן אין די אָרעמע יידישע גאַסן. עס האָט זיך באַוויזן אַ סך נייע אויסגאַבעס פון אַמעריקע. צום ווינטער איז אויפגעקומען אַ נייע פרויען־מאָדע. די לאַנגע שלומפּערס זיינען פאַרשוואונדן, די קישעלעך האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס. די קירצערע קליידלעך, הויכקנאָפּלדיקע שיך, נידעריקע היטעלעך איבער די פאַרלייגטע צעפּ, די רויטע פּעלערינעס מיט די קורצע פּאַראַסאָלן האָבן צוגעגעבן אַ סך חן די יידישע אַרבעטער־מיידלעך. האָבן אויך די בחורים זיך אָנגעהויבן צו פּוצן. די קאַפּאָטעס זיינען געוואָרן קירצער, די היטעלעך קלענער, מען האָט אָנגעטאָן פּאַפּירענע קעלנער מיט שטייפע פּאַפּירענע פאָרלאַגעס און פּאַפּירענע מאַנזשעטן. די צרה מיט זיי איז אָבער געווען וואָס די פאָרלאַגעס האָבן זיך דווקא אין מיטן „געשפּרעך" אַרויסגערוקט פון וועסטל. די מאַנזשעטן האָבן געהאַט אַ טבע אַראָפּצופאַלן פון די הענט, די ספּינקעס (שפּאָנקעס) האָבן זיך געבראָכן און די קעלנער האָבן זיך געעפנט.

אין די אָוונטן האָט מען זיך געלאָזט אויף דער ערשטער און צווייטער אַלעע און דיסקוטירט. די באַליבטע טעמע איז נאָך אַלץ געווען: וואָס איז הימל, שטערן, ווי גרויס און ווי ווייט איז די זון, וואָס איז דונער און בליץ אאַז"וו. מען האָט שוין אויך גערעדט וועגן פּאָליטיק. יידישע ליבע־ און פאָלקס־לידער, וואָס זיינען פריער געזונגען געוואָרן אין די שבתים אין די נידעריקע הייזלעך האָט מען איצט געזונגען אויף די בענק אין די אַלעען און אַ סך נייע לידער זיינען צוגעקומען: „התקוה", „דאָרט וואו די צעדער". אַ באַליבט פאָלקס־ליד איז געווען:

דער זייגער האָט שוין צוועלף געשלאָגן
פיר מיך אָפּ אַהיים, פיר מיך אָפּ אַהיים.
וואָס פאַר אַ תירוץ וועל איך זאָגן
פאַר מיין מאַמען אין דער היים?
דעם ערשטן תירוץ זאָלסטו זאָגן:
האָסט געאַרבעט שפּעט, האָסט געאַרבעט שפּעט.
דעם צווייטן תירוץ זאָלסטו זאָגן
האָסט געבלאָנדזשעט דעם וועג.

דער לאַמער קאַפּ האָט געבראַכט פון לאָדזש אַ ניי ליד, איבערגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר:

ס'האָט געשנייט און גערעגנט
טרויעריק איז אין דער גאַס.
אַ קליין מיידל האָב איך באַגעגנט
אָרעם, נאַקעט און בלאַס.

אַז דאָס ליד האָט אָנגעשריבן מאָריס ראָזענפעלד האָט מען נאָך ניט געוואוסט.

מאָנטש ביבער האָט פון לאָנדאָן געבראַכט אַ ליד פון שאָפּ:

ס'לויפן די מאַשינען, ס'קלאַפּן די רעדער,
אין שאָפּ איז שמוציק און הייס.
דער קאָפּ ווערט פאַרטומלט,
די אויגן ווערן פינצטער,
פינצטער פון טרערן און שווייס.

אין די פאַבריקלעך, וואו דערוואַקסענע און קינדער האָבן געאַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן. די ווערטער ב ו ר זש ו י און פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ע ר האָבן זיך שטיל אַריינגעכאַפּט אין אַרבעטער־מיילער.

די יונגע חברה האָט צוגעקראָגן נייע פריינד — סטודענטן און אינטעליגענטן. די ערשטע זיינען געווען מאַרקוס גאָלדבערג, מאַרקוס צימערמאַן, גאָלדשטיין פון דער ערשטער אַלעע, עטלעכע מיידלעך. אויף דער וואַרשעווער גאַס, אין הויף פון גאָדל וויינבערג, אויפן בוידעם, איז פאָרגעקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג.

אין יאָר 1902, אין חודש שבט, איז גאַנץ טשענסטאָכאָוו געגאַנגען אויף רעדלעך. איינער אַ בעקער האָט פאַרפירט אַ מיידל מיטן נאָמען חנהלע, איר געגעבן טראָפּנס אָפּצוטרייבן, און דאָס מיידל איז געשטאָרבן. חיים לייבעלע האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אַ ליד מיטן נאָמען „חנהלעס טויט". הענעך לפּידות האָט דאָס ליד געקויפט פאַר פינף רובל און עס געלאָזט דרוקן אין אַ

ביכעלע. דאָס ליד אין דעמאָלטיקן יידיש לייענט זיך אַזוי:

נאָך מיטאָג זייגער דרייע,
ווער ס'איז פאַר שאַמעס הויז געווען,
האָט זיך אָנגעהויבן די פינצטערע לוויה
פאַר די, וואָס האָבן ס'אומגליק געזען.
אַ געלויף, אַ געשריי, אַ גערידער,
אַ געוויין צווישן שוועסטער און ברידער.
די מאַמע מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע:
חנהלע, וואו ווערסטו גענימע'?
אוי, גאָטעניו, וואָס איז מיר געשען?
חנהלע, איך וועל דיך מער נישט זען. אאַז"וו.

דאָס ליד „חנהלעס טויט" האָט זיך פאַרשפּרייט ניט נאָר אין טשענסטאָכאָוו, נאָר אויך אין אַ סך שטעט אין פּוילן. מיידלשע אויגן זיינען זינגענדיק פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן, און דינסטמיידלעך האָבן דערמיט אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ.

## דער פּאָגראָם

די אָנקומענדיקע ימים־נוראים האָבן זיך שוין געפּילט אין דער לופט. מער ווי אַלע דאָנערשטיקן איז דער מאַרק וואָס אַ מאָל פולער געוואָרן. צייטיק אויבס איז אויסגעשטעלט. ווענגערקעס, לעזולקעס, פּאַפּיראָווקעס און אויך גרינסן, אַריינגעפירט פון די אַרומיקע פּויערשע דערפער. די פּויערים ווייסן, אַז דאָנערשטיק י'אַרפן די ווייבער איינקויפן אויף שבת, ברענגט מען הינער, אייער, קאַטשקעס. די פישער האָבן אויסגעשטעלט די סאַנדאַקן, די לאַנגע העכט אין באַליעס וואַסער מיט שווימענדיקע קאַרפּן נישט לאַנג פון דער וואַרטע. באַלד וועלן זיך אַראָפּלאָזן די דאַמען מיט זייערע דינסטן, בעל־הבית־טעס מיט די לערנייינגלעך און אַ סך, אַ סך אָרעמע ווייבער מיט קאָשיקעס.

נעבן די פישער שטייען די טאַנדעטער מיט זייערע געשטעלן: הויזן, מאַרינאַרקעס, העמדער און קאָלירטע טיכלעך. די בעלי־עגלות און טרעגער וואַרטן צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן לכבוד שבת. פאַר די געוועלבער זיינען אַרויסגעשטעלט זעק מיט קאַשע, בעבלעך, אַרבעס, באָב, האָבערגריץ, שטיקער זאַלץ, זייפן און פעסלעך הערינג. די רייכע קויפן שמאַלצהערינג און רויג, די אָרעמע — הערינגלעך מיט אַ סך מילך (מליצאַקעס), עס זאָל זיין וואָס צו האַקן מיט ציבעלע און עסיק אויף שבת נאָכן דאַווענען.

די וואָוילע יונגען, טאַשן־ציער, מעסער־העלדן דרייען זיך אַרום צווישן די פורלעך און אויבסהענדלער.

צווישן די אויבסהענדלער שטייט אויך דער שטילער, באַשיידענער דוד אָדערבערג מיט פלוימען. ניין אין דער פרי קומט צו אים די פּוילישע פּרוי טעצפּילאַ מיט אַ קאָשיק און הייסט זיך אָנמעסטן עטלעכע קוואָרט פלוימען. ווען די פלוימען זיינען שוין געווען אין קאָשיק, הייבט זי פלוצלינג אָן צו שרייען, אָדערבערג זאָל איר צוריקגעבן דאָס געלט, זי וויל ניט די זשידאָווסקע פאַרפוילטע פלוימען. דוד קוקט זי אָן פאַרוואונדערט און זאָגט: „פּאַני, דו האָסט דאָך מיר פאַר די פלוימען ניט באַצאָלט". טעצפּילאַ האָט זיך ערשט צעלאָזט אויפן קול: „פּאָסקודנער זשיד, גיב מיר אָפּ מיין געלט!" די פלוימען פון איר קאָשיק זיינען אויסגעשאָטן געוואָרן. כוליגאַנעס זיינען ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן, איבערגעקערט די מולטערס מיט אויבס, איבערגעדרייט די געשטעלן און אָנגעהויבן געשלעגן. בעלי־עגלות און פישער האָבן זיך קעגנגעשטעלט מיט בייטשן און דרענגער, קצבים פון דער יאַטקע־גאַס זיינען אָנגעקומען. נחום יאַנקל פרידמאַן, הירש לייב די יומעטעס, מאיר ריז, מלך קוטנער האָבן זיך אַריינגעמישט, געבראַכט דישלעס פון די פורן און צוריקגעשלאָגן. ס'זיינען אָבער אָנגעקומען אַזוי פיל כוליגאַנעס, אַז מען האָט זיך זיי מער נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן.

דער ווילדער המון האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער וואַרשעווער און קראָקעווער גאַסן און גערויבט געוועלבער, צעבראָכן שויבן. שלוחים זיינען געלאָפן איבער די פאַבריקן אָפּצושטעלן די אַרבעט, ווייל יידן שלאָגן קריסטן.

צוועלף אַזייגער, מיטאָג־צייט, האָט זיך פון אַלע פאַבריקן אַ שאָט געטאָן אַ ווילדער המון. דער מאַרק איז שוין געווען אָפּגערייניקט, געוועלבער פאַרהאַקט. מען האָט שוין קיין יידן אין גאַס ניט געזען. די בויאַנעס, וואָס זיינען שפּעטער אָנגעקומען פון די ווייטע פאַבריקן — האַנטקעס, פעלצערס, שפּאַגאַטשאַרניע — האָבן אויפן ווילדסטן שטייגער מיט שטיינער און אייזנס פּאָגראָמירט די יידישע גאַסן. דעם ערשטן און גרעסטן חורבן האָבן זיי געמאַכט אויף דער וואַרשעווער גאַס. פיניע קאַמינסקיס רעזורע איז צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך.

עס איז קלאָר, אַז דער פּאָגראָם איז פון פריער געווען גוט אָרגאַניזירט דורך פּוילישע אַנטיסעמיטן און אויסגערעכנט געוואָרן אין דער צייט, ווען דאָס מיליטער איז אין שטאָט ניט געווען. אויך די פּאָליציי האָט זיך נישט באַוויזן אין גאַס. אין שטאָט האָבן זיך געפונען אַ פּאָר געצייילטע זעלנער.

מאַרקוספעלד האָט געשיקט עטלעכע טעלעגראַמעס קיין וואַרשע, מען זאָל שיקן מיליטער קיין טשענסטאָכאָוו, איידער ס'קומט צו מאַסן־קרבנות. פון וואַרשע האָט מען געלאָזט וויסן, אַז מען שיקט גלייך אַרויס מיליטער. דערווייל איז דער פּאָגראָם געגאַנגען ווייטער אומגעשטערט מיטן געשריי „בי זשידואוו" (שלאָג יידן). די גאַסן זיינען געוואָרן באַדעקט מיט צעבראָכן גלאָז און פעדערן. יידן זיינען געלעגן באַהאַלטן אין קעלערס, אויף בוידעמס, אַ סך ביי קריסטלעכע שכנים.

אַרום איינס ביינאַכט איז מאַרקוספעלד נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן נייעם מאַרק און געוואַרט אויף מיליטער. דער המון האָט זיך דעמאָלט אַריינגעריסן אויף דער טילנע און אַגראָדאָווע. מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן

דאָס מיליטער, מאַרשירט דורך דער ערשטער אַלעע צום נייעם מאַרק און דאָרט זיך אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער ריי ביז צו דער „טימע״. די פּאָגראָמשטשיקעס, הינטערן שטיינערנעם פּאַרקאַן פון „טימע״, האָבן באַוואָרפן דאָס מיליטער מיט שטיינער און געשריגן: „שלאָגט די מאָס־קאַלעס!״ עס איז געקומען דער ערשטער זאַלפּ, דערנאָך האָט דאָס מיליטער אַריינגעמאַרשירט אין הויף פון קאָש־טשאַל. די כוליגאַנעס זיינען זיך צעלאָפן. אַרום פינף אין דער פרי איז שוין דאָס מיליטער געווען צעשפּרייט איבער דער שטאָט, אַרום זעקס האָט מען שוין געפירט גויים אין צירקל אַריין מיט אָנגערויבטע זאַכן.

דער פּרייטיק איז געווען אַ שרעקלעכער פאַר יידן. אַ סך יידן זיינען זיך צעלאָפן אין די שכנישע שטעט. מען האָט געזאָגט, אַז פרייטיק צו נאַכטס וועט זיך ערשט אָנהייבן דער ריכטיקער פּאָגראָם, אַזוי אַז פון די דריי צלמים ביז דער געצעוויזנע וועט קיין ייד נישט בלייבן. יאַנעוו, מישקאָוו, זשורעק, קאָזשעגלעוו האָבן געהאַט געסט אויף שבת. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין די גאַסן. אין מאַרק און אין די אַלעען האָט מען זיך נישט געטאָרט אָנידערזעצן. מיליטערישע פּאַטרולן האָבן מאַרשירט אַרויף און אַראָפּ.

חיים לייבעלע, דער שרייבער פון די שורות, האָט זיך דעם גאַנצן טאָג און נאַכט געפּונען אין גאָס, אַ סך מאָל אין סאַמע מיטן פון ווילדן המון. אין דער פרי האָט ער געטראָפן די טעפּער־גאַס באַשאָטן מיט פעדערן און פוך. אין אַ סך הייזער איז דאָס ביסל אָרעמע מעבל גע־ווען צעבראָכן; צערויבטע געוועלבער זיינען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. ווען חיים לייבעלע האָט אָנ־געקלאַפּט אין טיר פון זיינע עלטערן, האָט ער נישט גע־הערט קיין ענטפער, ערשט שפּעטער האָט זיך דער עולם אַרויסגערוקט פון די באַהעלטענישן. שבת איז ער געפאָרן אין די קליינע שטעטלעך באַרואיקן די טשענסטאָ־ווער יידן דאָרט.

דער משפּט איבער די פּאָגראָמשטשיקעס וואָס איז פאָרגעקומען אין מיטן ווינטער איז געווען אַ טראַגישער פאַרס. אַ סך זיינען אין גאַנצן באַפרייט געוואָרן. עטלעכע האָבן געקראָגן אַ פּאָר טעג אין קאָזע און עטלעכע — זעקס וואָכן, אָבער טאַקע אין דער טשענסטאָכאָווער טורמע, עס זאָל זיי חלילה נישט פעלן קיין עסן און טרינקען.

די פּוילישע וואַרשעווער צייטונגען האָבן געשריבן, אַז דער פּאָגראָם איז געמאַכט געוואָרן פון יידן אַליין. דער פּעטערבורגער „פריינד״ האָט יוצא געווען מיט אַ פּאָר שורות. דערפאַר האָט חיים לייבעלע געווידמעט דעם פּאָגראָם אַ ליד:

הערט נאָר, מענטשן, וואָס ס'האָט זיך פאַרלאָפן,\
וואָס ביי אונדז אין שטאָט האָט פּאַסירט.\
אַן אומגליק האָט אונדז יידן געטראָפן:\
געברענט, געשלאָגן און ראַבירט.\
ס'איז נאָך ניט געווען אַזאַ קלאָג\
ווי ס'איז אין טשענסטאָכאָוו געווען,\
אין חודש אלול, דעם 9טן טאָג,\
איז אויף אונדז דאָס אומגליק געשען.\
ניין אין דער פרי\
קומט אַ קריסטין צי,\
פּלוימען האָט זי זיך באַשטעלט.\
מיטאַמאָל שרייט זי גאָר: זשיד,\
זיי זיינען נישט גיט,\
גיב מיר צוריק דאָס געלט.\
בריוועלעך זיינען געגאַנגען ווי טעלעגראַפן\
אין די פאַבריקן אַריין:\
אַזוי ווי עס וועט נאָר צוועלף פייפן,\
זאָלט איר אין גאָס אַרויסגיין.\
אַזוי ווי ס'האָט צוועלף געפייפן\
זיינען זיי אַרויס פון די פאַבריקן\
מיט געשריי, גוואַלד און געפילדער,\
אין מאַרק און גאַסן\
געשלאָגן, געבראָכן,\
געוואָרן אַלץ ווילדער און ווילדער,\
סחורות צעליי געט, טאַשעוואַניעס פאַרדרייט,\
אין אָרעמע הייזער זיך אַריינגעריסן.\
די כוליגאַנישע הענט\
האָבן געצונדן, געברענט,\
בעטגעוואַנט געפליקט און געריסן.

דאָס פּאָגראָם־ליד האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אי־בער דער שטאָט. דאָס ליד האָט געזאָלט קויפן דער פאַר־לעגער בניאַמע (בנימין) ליבעסקינד אין פּיעטריקאָוו, נאָר הענעך לפידות איז אים פאַרלאָפן דעם וועג און באַצאָלט צען רובל און צוויי הונדערט געדרוקטע עקזעמפּלאַרן. מיט דעם ליד איז אַברהם האַן (שוואַרץ) אַרויס אין מאַרק און עס געזונגען אויף אַ קול.

דעם זעלבן יאָר האָט מען גענומען יוסף הירש גריי־צער צום מיליטער. מיט זיין אַוועקגיין האָט די יונגע חברה פאַרלאָרן איינעם פון אירע אָנפירער.

אין יאָר 1903 האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן צווישן די פאַרשיידענע נאָך קליינע פּאַרטיי־גרופּעס. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה איז אויסגעבראָכן און מענטשן זיינען זיך צעלאָפן. דאָס רוב קיין לאָנדאָן. דער מחבר פון די זכרונות איז אויך דעמאָלט אַוועק פון זיין היימשטאָט.

# דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן

## יידן אין דער אינדוסטריע

די ראָלע פון יידן אין דער טשענסטאָכאָווער אינדוסטריע איז געווען גאָר באַדייטנדיק סיי אין די רוסישע צייטן, ווען זי האָט פראָדוצירט פאַר דעם ברייטן רוסישן מאַרק, סיי שפעטער אין אומאָפהענגיקן פוילן, ווען זי האָט זיך צוגעפאַסט צום אינערלעכן מאַרק אין לאַנד גופא.

אמת, די גרעסטע פאַבריקן אין דער שטאָט האָבן געהערט נישט צו יידן, נאָר צו פראַנצויזיש־בעלגישע פירמעס ווי: מאָטטעס, טשענסטאָכאָוויאַנקע און געלטצערס.

זיי האָבן אויסגעאַרבעט ביליקע טעקסטיל־שטאָפן און האָבן באַשעפטיקט אַרום 15 טויזנט אַרבעטער, בלויז פאָליאַקן, בעת דער גאַנצער טעכנישער און קאָמערציעלער פערסאָנאַל איז געווען פראַנצויזיש־בעלגיש. יידישע אַרבעטער און אונטערנעמער פלעגן דאָרט זיין באַשעפטיקט ביי אַזעלכע אַרבעטן, ווי בויען, מאָלן, מעכאַנישע אינסטאַלאַציעס און דאָס גלייכן.

צו די גרויסע פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו קענען אויך צוגערעכנט ווערן די שפאַגאַט־פאַבריקן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט נישט בלויז שפאַגאַט, נאָר אויך זעק, וואָס זיי האָבן געליפערט ווייט איבער פוילן. צום מיינסטן באַקאַנט זיינען געווען: „שפאַגאַטשיאַרניאַ”, „וואַרטאַ”, „גנאַשין” און „סטראַדאָם”.

דערפאַר איז אָבער די מיטעלע און קליין־אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו אויפגעבויט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך דורך יידישע אונטערנעמער און צום גרויסן טייל אויך דורך יידישע אַרבעטער. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז די יידישע אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו האָט נישט גענאָסן קיין שום פינאַנציעלע הילף אָדער עקאָנאָמישע פריווילעגיעס מצד דער רעגירונג, נישט אין די צאַרישע צייטן און אויך נישט שפעטער אין אומאָפהענגיקן פוילן. וואָס שייך דער פוילישער רעגירונג, האָט זי גאָר פאַרקערט פשוט געשטערט די אַנטוויקלונג פון יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. אין יאָר 1924, ד"ה נאָך אין די „גוטע צייטן” איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענע אַנטי־יידישע עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציע מצד דער פוילישער מאַכט, האָט דער רעפערענט פון דער סטאַראָסטוואָ אומצווייידייטיק דערקלערט דעם שרייבער פון די שורות: דער פוילישע רעגירונג אַרט נישט, אַז די טשענסטאָכאָווער קליין־אינדוסטריע וועט ליידן ; אדרבה, דערפון וועט גאָר אַרויסקומען אַ טובה, וואָס עס וועט זיך אַנטוויקלען די קליינע שפילוואַרג־אינדוסטריע אין טעשין, קאַטאָוויץ און אין שטשאַוניץ. די פוילישע עקאָנאָמיסטן האָבן קעגן די אינטערעסן פון דער טשענסטאָכאָווער פאַבריק־אינדוסטריע געשטיצט די פלענער פון דעצענטראַליזירן די שפילוואַרג־ און גאַלאַנטעריע־פאַבריקאַציע דורך דעם סיסטעם פון היים־אַרבעטער, וואָס האָבן זיך גערופן אין פוילן „כאַלופניקעס”.

די יידישע אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו, באַזונדערס די שפילוואַרג־ און גאַלאַנטעריע־פאַבריקאַציע איז געשטאַנען אויף אַזאַ הויכער טעכנישער מדרגה, אַז געוויסע טעכנישע סיסטעמען, וואָס זיינען דאָרט איינגעפירט געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווערן נאָך היינט אָנגעווענדט אין דער פראָדוקציע פון די זעלבע אַרטיקלען סיי אין מערב־אייראָפע (בעמען, דייטשלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך), סיי אין אַמעריקע. דאָס איז נאָך מער פאַרוואונדערלעך, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די דאָזיקע טעכנישע מעטאָדן האָבן אויסגעקלערט מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום טעכנישע און טעאָרעטישע צוגרייטונג. די יידישע אונטערנעמער האָבן זיך אָפט גענומען צו פאַבריקאַציע כמעט גלייך ווי זיי זיינען אַראָפגעגאַנגען פון דער ישיבה־באַנק, אָדער פאַרלאָזט דאָס חסידים־שטיבל. א טייל פון זיי האָבן אפילו שפעטער נישט אַראָפגעוואָרפן די לאַנגע קאַפאָטע. זייערע פאַך־קענטענישן, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן בלויז דורך דערפאַרונג, פלעגן זיי אַמאָל בחפזון אויפפרישן אויף אַזאַ אייגנאַרטיקן אופן: זיי פלעגן זיך אַמאָל אַריבערכאַפן אויף דער מעסע קיין לייפציק און אָנקוקן דאָרטיקע פאַבריק־אַרטיקלען, אָדער זיי פלעגן אַמאָל באַזוכן אַ דייטשע פאַבריק און ממש בלויז „אַ שמעק טאָן”, אַזוי ווי אַ גוטער קאָרטן־שפילער, וואָס דערקענט די קאָרט פון זיין פאַרטנער, ווען ער כאַפט אַ קוק בלויז אויף איר שפיץ.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקלט פון גאָר קליינע אָנהייבן. די „פאַבריק” פלעגט אָפט איינגעאָרדנט ווערן אין שלאָף־צימער פון בעל־הבית. די באַציאונגען צווישן פאַבריקאַנט און אַרבעטער זיינען געווען „פאַטריאַרכאַליש”, אפילו אַ לאַנגע צייט נאָכדעם ווי די פאַבריק איז אויסגעבויט געוואָרן אויף אַ מאָדערנעם אופן. עטלעכע אַרבעטער פון ווערדעס גאָלד־פאַבריק, פון יערזשי לאַנדויס צעלולאָאיד פאַבריק, פון ווייַנבערגס קאָם־פאַבריק, פלעגן נאָך דער־

ציילן, ווי זיי פלעגן אַמאָל צוזאַמען מיט זייערע בעלי־בתים איבעררייסן די אַרבעט פאַרנאַכט און אַריינגיין דאַווענען מנחה־מעריב אין שולכל, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין דער פאַבריק גופא. די פאַבריקאַנטן פלעגן מיט גרויס מי צונויפברענגען געלט אויף אויסצוצאָלן די אַרבעטער און זיי פלעגן זיך אָפט ברעכן דעם קאָפּ וואו צו קענען דיסקאָנטירן אַ סוחרישן וועקסל *). אַ גרויס פּראָבלעם האָט אויך דעמאָלט פאָרגעשטעלט פאַר די שפּילוואַרג־פאַבריקאַנטן דאָס באַקומען רוי־שטאָף, ווי צעלולאָיד, ניקל־בלעך, שפּיגלען און דאָס גלייכן. די דאָזיקע רעמיניסצענצן פון דער אַמאָליקער פּיאָנערישער תקופה האָבן איבערגעגעבן דעם מחבר פון די שורות די פאַבריקאַנטן לאַנדוי, וויינבערג, זעליקסאָן, רינגעלבלום, האָכערמאַן, ראָזענבערג און אַנדערע.

אין דער צעלולאָיד־, שפּילצייג־ און גאַלאַנטעריע־אינדוסטריע האָבן זיך אויסגעצייכנט די ווייטערדיקע פּיאָנערן:

יעזשי לאַנדוי האָט געגרינדעט זיין פאַבריק סוף 1900. ער האָט אויסגעאַרבעט קאַמען, קרעלן, לאַלקעס און פאַרשפּרייט אין גאַנץ רוסלאַנד דורך אייגענע קאָמיוואָיאַזשאָרן. די יידישע אַרבעטער אין זיין פאַבריק זיינען אַלץ מער פאַרטוישט געוואָרן מיט קריסטלעכע אַרבעטער. אַ טייל פון די אַמאָליקע יידישע אַרבעטער האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אויף ביוראָ־אָנגעשטעלטע אָדער אַלס טעכנישע לייטער, אַ געוויסער טייל האָט אויסגענוצט די דערפאַרונג, כדי צו עפענען אייגענע פאַבריקלעך.

די פאַבריק סט. וויינבערג אויף דער וואַלעס־גאַס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין פּראָדוקציע פון קאַמען.

שמולעוויטש, פּערלגער, ברילל, האָכערמאַן, מיץ האָבן פּראָדוצירט שפּילוואַרג. ראָזענבערג, אויף קרוטקע גאַס, האָט אויסגעאַרבעט קאַמען, לאַלקעס און צום גרויסן טייל אויך שפּיגלען.

זעליגסאָן, אויף אָגראָדאָווע 55, האָט דורך זיינע רייזנדער פאַרקויפט אין רוסלאַנד קאַמען נישט בלויז פון אייגענער אויסאַרבעטונג, נאָר אויך פון דער פּראָדוקציע, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט ביי קלענערע פאַבריקאַנטן.

רוזשעוויטש האָט פאַבריצירט צעלולאָיד לאַלקעס, קאַמען און שפּיגלען.

גלאַזער, וועמעס פאַמיליע געפינט זיך איצט אין אַמעריקע, איז געווען פון די ערשטע פאַבריקאַנטן פון גומי־וועש, דאָס הייסט קעלנער, מאַנזשעטן, ברוסט־פאַרלאַגעס פון צעלולאָיד, וואָס מען האָט אין יענע צייטן געטראָגן אין פּוילן.

פרידמאַן אויף פאַבריטשנע־פּאַס האָט געהאַט אַ פאַבריק פון קרעלן און קאַמען. אַחוץ די אויסגערעכנטע זיינען געווען נאָך אַ סך גרעסערע און קלענערע פאַבריקן פון דעם מין.

טשענסטאָכאָווער יידן האָבן אויך אַנטוויקלט אַ גרויסע אינדוסטריע פון אָנדענק־אַרטיקלען, וואָס זיינען צומיינסטן באַשטאַנען פון רעליגיעזע חפצים, כאָטש יידן איז אָפיציעל געווען פאַרבאָטן דערמיט זיך צו באַשעפטיקן. די וויכטיקסטע פּראָדוצירער פון דער אינדוסטריע זיינען געווען: פייגעלעוויטש און וויינבאום. די לעצטע איז געווען אַ פאַרצווייגטע און זייער טיכטיקע משפחה.

אין דער מעטאַל־אינדוסטריע האָט דעם ערשטן פּלאַץ פאַרנומען די ספּינקעס־פאַבריק פון די ברידער שאַיאַ. זיי זיינען געווען באַקאַנט אַלס שאַרפע קעפּ אין קאָנסטרואירן די קאָמפּליצירטסטע שטאַנצן. די דאָזיקע פעאיקייט האָבן זיי געירשנט פון זייער פאָטער. כאָטש יעדער פון די ברידער האָט געאַרבעט פאַר זיך, זיינען זיי דאָך שטענדיק געווען פאַרבונדן צווישן זיך. דער מנהיג איז געווען הערמאַן שאַיאַ, נישט דער עלטסטער, אָבער דער אינטעליגענטסטער. זייער אָפט פלעגט ער פאָרן קיין דייטשלאַנד. ער פלעגט אויך אויסגעקליבן ווערן אַלס בורר אויסצוגלייכן סיכסוכים צווישן סוחרים.

אַלס פּרעזידענט פון יידישן סוחרים־ און פאַבריקאַנטן־פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו, פלעגט אים אָפט אויסקומען צו אינטערווינירן ביי דער פּוילישער רעגירונג. אין יאָר 1920, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ דעלעגאַציע צום טשענסטאָכאָווער סטאַראָסטע וועגן זונטיק־רו־געזעץ, וואָס האָט געצוואונגען יידישע בעלי־מלאכות און פאַבריקאַנטן אַזוי ווי סוחרים צו רוען צוויי טעג אַ וואָך (דער געזעץ איז ספּעציעל געווענדט קעגן יידישן האַנדל און יידישע בעלי־מלאכות).

צווישן די פּיאָנערן פון דער שפּילצייג־אינדוסטריע און „נאָוועלטי“־ (אָנדענק)־אַרטיקלען פון מעטאַל איז געווען באַקאַנט די פאַמיליע וועקסלער. דער פאָטער פון דער פאַמיליע האָט געהייסן הערשל וועקסלער. זיינע צוויי זין האָבן אויסגעאַרבעט שטאַנצן פאַר די פאַבריקאַנטלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענעם מעכאַניקער. משה וועקסלער, איינער פון די זין, האָט געענדיקט די האַנטווערקער־שול און איז געוואָרן אַ קינסטלער אין זיין פאַך. ער האָט זיך געלאָזט גוט באַצאָלן פאַר זיין אַרבעט אָדער פאַכמענישע עצות. ער איז געווען אַ זייער ליבער און גוטער מענטש און איז געווען זייער אַקטיוו אין דער ס״סישער פּאַרטיי אין 1905 און שפּעטער.

טשענסטאָכאָוו האָט אויך פאַרמאָגט פאַבריקן פון שווערע אייזן־אַרטיקלען, ווי קייטן פאַר דער אינדוסטריע, מכשירים פאַר דער לאַנד־ווירטשאַפט, זאַוויעסעס און אַנדערע הויז־אַרטיקלען.

דעם אויבן־אָן אויף דעם געביט האָבן פאַרנומען די

---

*) אין די רוסישע צייטן איז געווען אָנגענומען, אַז דער סוחר שטעלט אויס דעם פאַבריקאַנט אַ וועקסל אויף אַ יאָר צייט. דער דאָזיקער מנהג האָט אפילו געפונען אַן אויסדרוק אין אַ וויציקן וואָרטשפּיל: „גד גדוד יגודנו און אַזוי ווייטער“ (גד, אים וועט אַ מחנה באַפאַלן, אָבער ער וועט אָנפאַלן אויף זייערע טריט). דער וואָרטשפּיל איז געבויט אויף דעם וואָרט „גאָד“, וואָס באַטייט אויף רוסיש אַ יאָר.

פאַבריקאַנטן איצקאָוויטש און האָראָוויטש. די פאַמיליע איצקאָוויטש איז באַשטאַנען פון אַ האַלבן טוץ ברידער. יעדער האָט געהאַט אַ פאַבריקל פאַר זיך און יעדער האָט אויסגעאַרבעט אַן אַנדער אַרטיקל פון מעטאַל.

די גרויסע נאָדל־פאַבריק, וועלכע איז געווען איינגעאָרדנט אויפן מאָדערניסטישן אופן, נישט נאָר לויט די השגות פון רוסלאַנד און פוילן, נאָר אויך פון מערב־אייראָפּע — האָט געהערט צו העניג און ווערדע. ביידע שותּפים זיינען געווען גרויסע פילאַנטראָפּן.

די זייגערלעך־פאַבריק פון חנניה גאָלדבערג איז אַ לאַנגע צייט געווען די איינציקע אין פוילן. גאָלדבערגס פּאַטענטן זיינען געווען אָנגעווענדט אין דער זייגער־פאַבריקאַציע אין דער שווייץ. ער פלעגט באַקומען דערפאַר אַ רעגולערן אָפּצאָל (ראָיאַלטי). ער איז אויך געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און געהאַט צייט צו זיצן אין מיטן העלן טאָג ביי בלאַשטשינסקין און שפּילן אַ שאַך, אין וועלכן ער איז געווען אַ מייסטער.

די אויסאַרבעטונג פון מעסערס, ביליקע און בעסערע, איז על פּי רוב געלעגן אין קריסטלעכע הענט. יידן זיינען דאָ געווען ליוועראַנטן פון רוי־מאַטעריאַל און אָפּקויפער פון פאַרטיקע סחורות. דער אייגנטימער פון דער גרעסטער פאַבריק איז דווקא געווען אַ ייד מיטן נאָמען ראָזענצווייג.

די טשענסטאָכאָווער אייזן־גיסערייען האָבן געהאַט אַן אָפּזאַץ זייער ווייט מחוץ די גרענעצן פון פוילן מיט טעפּ, אויוונס, ביגל־אייזנס און פאַרשיידענע אַנדערע הויז־אַרטיקלען. זיי האָבן אויך פּראָדוצירט מאַשין־טיילן פאַר דער טשענסטאָכאָווער אינדוסטריע. איינע פון די ערשטע איז געווען „וואולקאַן", געגרינדעט פון אַ רוסישער קאָמפּאַניע. דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק איז געווען אינזשיניר ראַטנער, באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טוער אין טשענסטאָכאָוו. אַנדערע יידישע אָנגעשטעלטע זיינען געווען: אייזנבערג, שוואַרץ, קיסין, יאַקוב ראָזענבערג. נאָך פוילנס באַפרייאונג האָט די פּוילישע רעגירונג איבערגענומען די פאַבריק. אַלע יידישע באַאַמטע זיינען באַזייטיקט געוואָרן. אַ טייל פון זיי האָבן, צוזאַמען מיט שמואל גאָלדשטיין, געגרינדעט אַ צווייטע אייזן־פאַבריק „מעטאַלורגיע".

אויך די גרויסע אייזן־פאַבריק אין ראַקאָוו „הוטאַ האַנטקע" האָט געלעבט אין זכות פון יידישן קאָמערציעלן גייסט, ווייל נאָר יידן האָבן געליפערט און אָפּגענומען אירע אויסאַרבעטונגען.

טשענסטאָכאָוו איז געווען באַרימט מיט איר שפּיגל־אינדוסטריע פון צוויי קאַטעגאָריעס: 1) פאַבריקן, וואָס האָבן פון פענצטער־גלאָז אויסגעאַרבעט שפּיגל, עס געשניטן און געליפערט צו די פאַבריקן, וואָס האָבן דאָס איינגעראַמט אין מעטאַל־, האָלץ־, צעלולאָיד־ראַמען; און 2) פאַבריקן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט פאַרטיקע שפּיגלען און דורך די קאָמיסיאָנערן פונאַנדערגעפירט די סחורות איבער גאַנץ רוסלאַנד. שפּעטער, נאָך 1918, ווען דער רוסישער מאַרק איז אָפּגעפאַלן, האָבן די שפּיגלען געפונען אַן אָפּזאַץ־מאַרק נישט נאָר אין גאַנץ פוילן, נאָר אויך אין רומעניע און בולגאַריע, וואו זיי האָבן קאָנקורירט מיט די דייטשע אויסאַרבעטונגען. אַזוי איז געווען ביז די דייטשן האָבן איינגעפירט דעם דאָמפּינג־סיסטעם.

די באַקאַנטע שפּיגל־פאַבריקן זיינען געווען:

י. ל. בעזבאַראָדקאָ, סטאַפּניצקי און אָרבאַך, גרילאַק, סערצאַרזש, וואַגאַ, עפּעלבוים, ברילל און האָכערמאַן, גדליה שפּיזמאַן, ראָזענבערג, מענדל שמולעוויטש, ה. האָכערמאַן, האַמבורגער האָכערמאַן.

איינער פון די ערשטע שפּיגל־פאַבריקאַנטן איז געווען יוסף בעזבאַראָדקאָ. ער האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד. זייענדיק דער צווייטער דור אין דער שפּיגל־פּראָדוקציע (אין מאָסקווע אין 1864), האָט ער גוט געקענט דעם געשמאַק פון רוסישן מאַרק. אויך וואַרשע האָט געהאַט אַ גרויסע שפּיגל־אינדוסטריע, נאָר די רוי־מאַטעריאַלן האָבן די וואַרשעווער איינגעקויפט אין טשענסטאָכאָוו, צומיינסטן צוליב דער בעסערער טעכנישער איינריכטונג און בעסערן אַרבעט־סיסטעם.

קאָהנס פּאַפּיר־פאַבריק איז געווען איינע פון די גרעסטע פּאַפּיר־פאַבריקן אין רוסלאַנד. אַלטע יידן פלעגן זי רופן די מ י ל, ווייל זי האָט אויסגענוצט זייער פיל וואַסער־קראַפט פון דער „וואַרטע".

מאַרקוספעלדס „מאַלאַרניע" האָט פאַרשפּרייט אירע טאַפּעטן און קאָלירטע פּאַפּירן אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון רוסלאַנד. צו די מאַרקוספעלד האָבן אויך געהערט די „קאַפּעלושאַרניע", אַ הוט־ און היטל־פאַבריק און די „קלעיאַרניע", וואָס האָט אויסגעאַרבעט קליי און אַנדערע כעמישע שטאָפן.

טשענסטאָכאָווער יידן זיינען אויך געווען די פּיאָנערן פון דער פאַרבן־אינדוסטריע. געוויסע טשענסטאָכאָווער פאַרבן האָבן קאָנקורירט מיט די דייטשישע „א. ג. פאַרבן". מען דאַרף דאָ קודם כל דערמאָנען די צוויי גרויסע פאַבריקן — איינע פון ד"ר זאַקס, אַ כלל־טוער פון אַסימילאַטאָרישן שניט, און ד"ר וואָלבערג, וועמענס קינדער זיינען געווען טעטיק אין די ראַדיקאַלע קרייזן פון טשענסטאָכאָוו.

אין שייכות מיט דער פּראָדוקציע פון הייליקע בילדער האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו פרי אַנטוויקלט די פאַבריקאַציע פון האָלץ־באַגעט פאַר ראַמען. די באַקאַנטסטע פירמעס זיינען געווען: קאַפּינסקי און שמולעוויטש.

אַן אַנדער צווייג פון האָלץ־אינדוסטריע, די פאַבריקאַציע פון מעבל, האָט זיך אַנטוויקלט ערשט אין די שפּעטערע יאָרן.

צו די אינדוסטריעס, אין וועלכע טשענסטאָכאָוו האָט געשפּילט אַ פּיאָנערישע ראָלע, האָט אויך געהערט די קנעפּ־אינדוסטריע. די קנעפּ־פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען צווישן די פירנדיקע אין פוילן און אפילו אין גאַנץ רוסלאַנד. די באַקאַנטסטע און גרעסטע פאַבריק אויף דעם געביט איז געווען גראָסמאַנס. אייניקע

פון זיינע אייניקלעך זיינען שוין אינגאַנצן אַוועק פון יידישן פאָלק. דער ערשטער אויטאָמאָביל אין טשענסטאָכאָוו איז געבראַכט געוואָרן פון איינעם פון די גראָסמאַנס.

טשענסטאָכאָוו האָט געהאַט די ערשטע פאַבריק אין רוסלאַנד פון לעדער־ליים, די „קלעיאַרניע". געגרינדעט פון הענריק מאַרקוספעלד. די טעכנישע אַרבעט אין דער פאַבריק האָט אָנגעפירט אַ גרויסער וויסנשאַפטס־מאַן אין כעמיע און אַ הייסער ייד. ער איז געווען דער גרינדער פון דער טשענסטאָכאָווער גערטנער־פערמע.

קלענערע אינדוסטריעס, אין וועלכע יידן האָבן זיך באַטייליקט, זיינען געווען:

אין דער אויסאַרבעטונג פון בערשטן פון דער אימפּאָרטירטן רייז־שטרוי איז אַחוץ אַ גאַנצער ריי קלענערע פאַבריקן, ווי האַנדעלסמאַן און אַנדערע, געווען צומיינסטן באַקאַנט די פירמע ראָזענצווייג. אויפן געביט פון כעמישער אינדוסטריע דאַרף דערמאָנט ווערן די ליכט־פאַבריק פון פייגע, די זייף־פאַבריק פון דזשובאַס און פישעל, יחזקאל בראַניאַטאָווסקי און פון דייטש קריגער.

די טשענסטאָכאָווער באַנקירן זיינען נישט געווען אין סטיל פון די גרויסע אייראָפּעאישע בענק, אָבער אויך נישט קיין וואוכערער. זיי האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן די פאַבריקאַנטן מיט זייער דיסקאָנטאָ־קרעדיט. פאַר דער רוסישער צייט זיינען די וועקסלען געווען אויסגעשטעלט אומגעפער אויף אַ יאָר. דער פאַבריקאַנט איז נישט געווען בכוח זיי אויסצוהאַלטן.

די וויכטיקסטע אָרטיקע בענק זיינען געווען:

1) בערגמאַן, 2) מאַרקוס גראַדשטיין, 3) זאָרסקי, 4) מאָשקאָווסקי און פינקוס, 5) וואַרשאַווסקי באַנק האַנדלאָווי, געגרינדעט אין וואַרשע דורך דער באַרימטער פאַמיליע נאַטאַנזאָן. איר דירעקטאָר איז געווען נאָווינסקי. 5) די אָפּטיילונג פון פּעטערבורגער באַנק אין ריגע, דירעקטאָר — מאָריצי רוף.

איינער פון די גרויסע טשענסטאָכאָווער אינדוסטריאַליסטן איז געווען מייטליס. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע קוילן־גרובן און האָט צוגעשטעלט קוילן צו אַלע פאַבריקן.

אַ וויכטיק אָרט אין דער האַנדלס־וועלט האָבן פאַרנומען די טשענסטאָכאָווער עקספּעדיטאָרן. די באַקאַנטסטע צווישן זיי זיינען געווען לודוויג טעמפּל, דאַנקעוויטש, קראַק און גראַדשטיין.

# פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען

די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער צום סוף פון 19-טן און אָנהייב פון 20-טן יאָרהונדערט. — דער איינפלוס פון די פּאָליטישע פּאַרטייען. — רעפּרעסיעס. — דער אָנהייב פון דער לעגאַלער טעטיקייט, — דער קריזיס בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה. — די לאַגע אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. — די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דער אַרבעטער-ראַט. — די ראָלן פון צענטראַל-ראַט און קולטור-אַמט. — דער קאַמף פון די יוגנטלעכע אַרבעטער. — די ראָל פון יוגנט-אַמט.

דער פאַרהעלטעניסמעסיק יונגער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו האָט שוין צום סוף פון 19טן י"ה פאַרמאָגט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אַרבעטער־עלעמענט. לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897 האָבן צווישן בערך 12,000 יידן אין דער שטאָט, 2155 געצויגן זייער חיונה פון אינדוסטריע און מלאכה. צווישן דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָבן זיך געפונען 801 נפשות, וואָס האָבן געלעבט פון שניידעריי און 228 פון שוסטעריי. די איבעריקע אַרבעטנדיקע עלעמענטן זיינען על פּי רוב געווען באַשעפטיקט אין קליינע וואַרשטאַטן און פאַבריקלעך.

פון אַ באַריכט פון באַקאַנטן ציוניסטישן פירער, שאול רפאל לאַנדוי, וואָס האָט אין יאָר 1898 באַזוכט טשענסטאָכאָוו, ווערן מיר געוואָר עטלעכע וויכטיקע פּרטים וועגן די דאָרטיקע יידישע פאַבריק אַרבעטער. געווען דעמאָלט בלויז איין יידישע פאַבריק, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ פאַבריק פון נאָדלען און שירעמס, וואָס האָט געציילט צווישן 220 אַרבעטער, מער ווי 100 יידן, סיי מענער, סיי יונגע מיידלעך(1). דער אַרבעטסטאָג האָט געדויערט עלף מיט אַ האַלבער שעה. דער אַרבעטס־לוין פון דערוואַקסענע אַרבעטער, מענער, האָט באַטראָפן פון 4 ביז 5 רובל אַ וואָך, פון מיידלעך — פון אַ רובל 80 קאָפּיקעס ביז דריטהאַלבן רובל, אין אויסנאַם־פאַלן דריי רובל.. די מענער פלעגן זיין באַשעפטיקט ביי דער פּראָדוקציע גופא, בעת די מיידלעך האָבן געאַרבעט בעיקר ביים האַקן, סאָרטירן אד"גל. די יידישע אַרבעטער זיינען געווען טעטיק ביי האַנטאַרבעט צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געאַרבעט זונטיק אָנשטאָט שבת און אין יענעם טאָג זיינען די מאַשינען געווען אָפּגעשטעלט. אין די אַנדערע יידישע פאַבריקלעך, אין די צווייגן פון פּאַפּיר, צעלולאָיד, יוטע און אַנדערע האָבן געאַרבעט בלויז קליינע גרופּן יידישע אַרבעטער. פאַר דעם פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעס פון דעם יידישן קליינבירגערטום איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס צווישן די אַרבעטער אין דער

(1) לויט די מאַטעריאַלן פון דער „איקא" פון 1904 קען מען אידענטיפיצירן די דאָזיקע פאַבריק. זי האָט געהערט צו העניג און שותפים.

נאָדל־פאַבריק האָט דער באַריכט־אָפּגעבער געטראָפן אַ צאָל געוועזענע שענקער, עלטערע יידן, איינגעבויגענע און מיט לאַנגע, צעפּאַטלטע בערד.

די גרויסע אָרעמקייט צווישן יידן אין טשענסטאָכאָוו אין יענער צייט אילוסטרירט דער אומשטאַנד, וואָס אין יאָר 1898 האָבן 708 יידישע פאַמיליעס, ד״ה כמעט אַ דריטל פון דער אָרטיקער יידישער קהילה, זיך געווענדט נאָך מעות חטים אויף פּסח.

אין משך פון עטלעכע יאָר אין אָנהייב פון 20טן יאָרהונדערט, איז די יידישע אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו און דערמיט אויך די צאָל יידישע פאַבריק־אַרבעטער באַדייטנדיק געוואַקסן. די „זאַמלונג פון מאַטעריאַלן“, וואָס די „איקאַ“ האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1904, אויפן יסוד פון באַריכטן פון קאָרעספּאָנדענטן, ברענגט אונדז אַזעלכע ידיעות וועגן יידישע פאַבריק־אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו:

אין דער מעטאַל־אינדוסטריע האָבן באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער די פאַבריקן פון ווײַנבערג און האַראַוויטש. ביי האַראַוויטש, וואָס האָט אויסגעאַרבעט צעפּעס (דרעש־שליטנס), שלעסער און מעטאַלענע שטובזאַכן האָבן געאַרבעט 50 מענטשן, דערפון 14 יידישע שלאָסער און שמידן.

אין דער שפּילוואַרג־אינדוסטריע זיינען געווען 15 יידישע פאַבריקן, וואָס יעדע פון זיי האָט געציילט פון 15 ביז 50 אַרבעטער. אין סך־הכל האָבן די אַלע פאַבריקן באַשעפטיקט 300 אַרבעטער, דערפון 80 פּראָצענט יידן. די גרעסטע זיינען געווען די פאַבריקן פון אַלטן פּיאָנער פון דער שפּילוואַרג־אינדוסטריע שאַיאַ, פון זיינע פינף זין, פון האַמבורגער־האַכערמאַן און פון שמועלעוויטש. די אַרבעט איז געווען אויסשליסלעך האַנטאַרבעט. בלויז צוויי שפּילוואַרג־פאַבריקן האָבן פאַרמאָגט מאָטאָרן. די פאַבריק־בנינים זיינען געווען קליינע הייזלעך, וואָס האָבן אויסגעזען פּונקט ווי וואוינהייזלעך. אין דעם רוב פון די פאַבריקן איז די אַרבעטערשאַפט באַשטאַנען אין 60 פּראָצענט פון יוגנטלעכע און קינדער(2), בעיקר מיידלעך. דער אַרבעטס־טאָג האָט געדויערט 12—14 שעה. דער לוין־סיסטעם איז געווען פון שטיק און דערפאַר האָבן אַרבעטער אַנטוויקלט אַזאַ פלינקייט, אַז געוויסע שפּילעכלעך פלעגט איין אַרבעטער אַליין פאַרטיק מאַכן ביז 25 גראָס, ד״ה, 3600 שטיק אַ טאָג. די נאָרמע פון אַקאָרד־לוין איז געווען פאַרשיידן לויט דעם מין שפּילעכלעך. אַ גיסער פון בלייענע הענדעלעך פלעגט באַקומען נישט מער ווי 4 קאָפּיקעס פאַר אַ גראָס (צוועלף טוץ), ביי אַנדערע שפּילעכלעך האָט די נאָרם באַטראָפן 20, 40 און אפילו אָנדערטהאַלבן רובל פאַר אַ גראָס. ביי דעם דאָזיקן סיסטעם האָט דער וואָכנלוין פון קינדער ביז 15 יאָר באַטראָפן פון 80 קאָפּיקעס ביז אַ רובל מיט 20 קאָפּיקעס; יוגנטלעכע, עלטער פון 15 יאָר, פלעגן פאַרדינען אַ וואָך אַ רובל מיט 80 קאָפּיקעס ביז דריטהאַלבן רובל; דערוואַקסענע אַרבעטער האָבן געהאַט פון 3 ביז 4 און 5 רובל אַ וואָך, און אַזעלכע, וואָס האָבן דערגרייכט 7 ביז 9 רובל זיינען געווען זעלטענע אויסנאַמען.

פון די דריי גרעסערע פאַבריקן פון גאַלאַנטעריע, ווי קנעפּ, נאָדלען, שפּילקעס, ספּינקעס, מעטאַל און צעלולאָאיד־הענטלעך, אד״גל, האָט די גרעסטע, פון די ברידער גראָסמאַן, אויף 200 אַרבעטער נישט באַשעפטיקט קיין איין ייד. און בלויז אין דער אַדמיניסטראַציע זיינען דאָרט געווען פאַרנומען 4 יידן. דערפאַר זיינען אין דער פאַבריק פון פערלמוטער־קנעפּ פון שאַיאַ און ראָזענשטיין כמעט אַלע אַרבעטער געווען יידן, 68 צווישן 70. אין דער פאַבריק פון נאָדלען און שירעמס פון העניג און שותפים האָבן יידן באַטראָפן אַ העלפט צווישן די 160—180 אַרבעטער. כדי אָפּצוהיטן שבת, פלעגן די יידישע מאַשין־אַרבעטער זיין באַשעפטיקט בלויז פינף טעג אין דער וואָך; די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט זעקס טעג אַ וואָך, זיינען געווען פאַרנומען בלויז ביי האַנטאַרבעט. דער דירעקטאָר פון דער דאָזיקער פאַבריק, ווערדע, האָט נישט בלויז אַליין אויפגענומען אַ גרעסערע צאָל יידישע שלאָסער, וואָס האָבן געענדיקט די דאָרטיקע יידישע האַנטווערקערשול, נאָר ער האָט אויך פּראָפּאַגירט די אידעע פון באַשעפטיקן יידן צווישן די אָרטיקע יידישע פאַבריקאַנטן. דאָך זיינען געווען זעקס נאָדל־פאַבריקן פון יידישע אייגנטימער אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן נישט באַשעפטיקט קיין איין יידישן אַרבעטער. דער לוין פון אַרבעטער אין דעם דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג איז זייער ווינציק געשטיגן לגבי דעם מצב אין יאָר 1898. אין העניגס פאַבריק האָבן מיידלעך פאַרדינט פון 30 ביז 60 קאָפּיקעס אַ טאָג, דערוואַקסענע מענער פון אַ האַלבן רובל ביז אַ רובל 20 קאָפּיקעס. אַ טייל יידישע גאַלאַנטעריע־פאַבריקן ווי שאַיאַ און ראָזענשטיין און אפילו גראָסמאַן, פונקט ווי אַ טייל שפּילוואַרג־פאַבריקן, האָבן אַרויסגעגעבן אַרבעט היימאַרבעטער, אויסשליסלעך יידן. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין צונייען די קנעפּלעך צו קאַרטאָנען, אין אָנטאָן די שפּילעכלעך אד״גל.

ווי אַ פרילינג־ווינט אין אַ ווינטער־לאַנד איז דורך די דאָזיקע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן געגאַנגען די סודותדיקע און ליכטיקע בשורה פון פרייהייט און קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן. די פאַרטייען: ס״ס, בונד, פועלי־ציון, וואָס האָבן גערעדט צו זיי אין זייער מאַמע־לשון, האָבן זיי אָרגאַניזירט לויט די פאַבריקלעך, בראַנזשעס און פאַכן, אָנגעפירט סטרייקס און דערגרייכט קלענערע אַרבעטס־שעהן און גרעסערע שכירות.

דאָס איז געווען דער אָנהייב. אין 1906, נאָך דער „קאָנסטיטוציע“ און קריגצושטאַנד, האָט זיך די הויפּט־

(2) לויט זכרונות פון טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, זיינען אַ סך קינדער געווען אַזוי קליין, אַז מען האָט זיי געמוזט אונטערשטעלן אַ קעסטל, כדי זיי זאָלן קענען דערגרייכן צום טיש, וואָס איז געווען דער וואַרשטאַט.

אַרבעט פון די פאַרטייען קאָנצענטרירט אויף דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן און עס האָבן געסטרייקט אַזעלכע פאַכן, ווי די מאַרשאַנטקעס, מאָדיסטקעס (היטפוצערינס) אין די געשעפטן און די אַלעען. פאַר זיי האָט מען געדאַרפט דרוקן פוילישע אויפרופן, ווייל די מערסטע פון זיי האָבן גערעדט נאָר פויליש און באַשטימען עלעגאַנטע בחורים, וואָס זאָלן האָבן אויף זיי אַ ווירקונג.

דער גרעסטער און שווערסטער קאַמף צווישן די אַרבעטער און באַלעבאַטים איז פאָרגעקומען ביי די בעקער. די באַלעבאַטים האָבן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז פון די דריי שעה שלאָף אויפן פיעקעליק (אויוון), וואָס דער בעקער־אַרבעטער האָט געהאַט, זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ נאָרמאַלער אַרבעטסטאָג, כאָטש פון צען־צוועלף שעה אַ טאָג. האָבן זיי געמסרט, געדונגען שלעגער און פראָוואָקאַטאָרן. איז טאַקע איינער פון זיי געשאָסן געוואָרן און כמעט אַלע אָנפירער פון די בעקער־אַרבעטער זיינען געזעסן אין די טורמעס און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אָדער אַנדערע רוסישע שטעט.



טשענסטאָכאָווער בעקער-פאַראיין
מיט זיינע ארזשעך (אין דערמיט) אַלס פאָרזיצער

אַ באַגריף וועגן דער טעטיקייט פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון שניידער און שניידערינס אין טשענסטאָכאָוו קענען מיר זיך שאַפן פון דעם קאַסע־באַריכט, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" פון 1טן יולי 1907. דער באַריכט נעמט אַרום די צייט פון 1טן דעצעמבער 1906 ביז צום 10טן יוני 1907:

ה כ נ ס ו ת: (אין רובלס און קאָפּיקעס)

| | |
|---|---|
| געבליבן פון פריער — — — — — — — | 16.00 |
| איינטריט און וואָכן־געלט — — — — — — — | 85.36 |
| דערהאַלטן פון אַ מענער־שניידער־מייסטער — | 10.00 |
| דערהאַלטן פון אַ דאַמען־שניידער־מייסטער — | 5.00 |
| דערהאַלטן פון אַ מייסטער פון ווייסע וועש — | 3.00 |
| דערהאַלטן פון אַ זאָקן־מאַכער — — — — — — | 2.50 |
| דערהאַלטן פון אַ מענער־שניידער — — — — — | 2.00 |
| סך־הכל — — — — | 123.86 |

ה ו צ א ו ת

| | |
|---|---|
| אַרבעטסלאָזע — — — — — — | 2.47 |
| שטרייקנדיקע — — — — — — | 5.50 |
| דורכפאָרנדיקע — — — — — — | 2.35 |
| שטעמפלען — — — — — — — | 4.00 |
| קוואַרטירן — — — — — — — | 2.05 |
| שרייב־געצייג — — — — — — | 0.95 |
| ביבליאָטעק — — — — — — — | 6.00 |
| פאָלקס־צייטונג — — — — — | 3.00 |
| געבאָרגט דער אָרגאַניזאַציע — | 5.00 |
| איינטריט־ביכלעך מיט בלאָקן — | 5.04 |
| געבאָרגט 5 חברים — — — | 15.05 |
| אָפּפאָרנדיקע חברים — — — | 10.80 |
| סך־הכל — — — — | 62.21 |
| געבליבן אין דער קאַסע — | 61.65 |

די הכנסות פון איינצלנע שניידער־מייסטער, וואָס פיגורירן אין דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן באַריכט, זיינען מן הסתם באַשטאַנען פון געלט־שטראָפן פאַר ברעכן אַן אָפּמאַך, פאַר באַליידיקונגען אד"ג.

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע, האָט די צאַרישע פאָליציי זיך גענומען אויך צו די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון דער אַרבעטערשאַפט, צו די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. זי פלעגט מאַכן איבערפאַלן אויף די פאַראיינען, צונעמען די שטעמפלען און דאָקומענטן און אָנטאָן אַנדערע נגישות. אין די פאַלן, ווען די פאָליציי האָט פאַרכאַפט די שטעמפלען, האָבן די פאַראיינען וועגן דעם עפנטלעך געמאָלדן און דערקלערט די אַלטע שטעמפלען פאַר נישט גילטיק. אויב, למשל, די שטעמפלען זיינען געווען קיילעכדיקע, האָט מען די נייע געמאַכט פירקאַנטיקע, כדי מען זאָל זיי קענען לייכט אונטערשיידן. די פאָליציי פלעגט אויך אַדורכפירן רעוויזיעס אין די היימען פון די פראָפעסיאָנעלע טוער און פון שטרייקנדע אַרבעטער.

די רעפּרעסיעס זיינען נישט געווען בכוח איינגאַנצן צו צעשטערן די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. אין 1907 און אפילו אין 1908, ווען אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פון דער פוילישער פראָווינץ איז די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג דערשטיקט געוואָרן דורך דער רעאַקציע, האָבן די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָוו זיך נאָך געהאַלטן. סוף 1908 זיינען אויך אין טשענסטאָכאָוו די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער אויבערפלאַך, אָבער אויך דעמאָלט האָט זיך נישט איינגעגעבן דער צאַרישער רעגירונג צו דערשטיקן די שטרעבונג צו אַ פריי און מענטשלעך לעבן, וואָס די פרייהייט־באַוועגונג האָט אויפגעוועקט אין די אַרבעטער־מאַסן. זיינען טאַקע די גאַנצע צייט פאָרגעקומען סטרייקן, אין די גרויסע פאַבריקן,

ווי די „מאָטעס", „פעלצערס", ביי ווייַנבערגן אאַז"וו, און די יידישע אַרבעטער אין די קליינע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן האָבן זייער אָפט איינגעאָרדנט געהיימע פאַך־פאַרזאַמלונגען, אַרויסגעשטעלט קאָלעקטיווע פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים.

אין די גרויסע פאַבריקן איז צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער געווען טעטיק דער „קריסטלעכער אַרבעטער־פאַרבאַנד", אַן אָרגאַניזאַציע געגרינדעט פון די גלחים אָפּצוציען די אַרבעטער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. האַנט אין האַנט מיט דער אַנטי־סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע איז, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען די אַנטיסעמיטישע העצע פון דעם „קריסטלעכן" פאַרבאַנד. אין אומאָפּהענגיקן פוילן זיינען זיי געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „כאַדעקעס", אָדער „קריסטלעכע דעמאָקראַטן", וואָס האָבן איבערגעשטיגן די ענדעקעס מיט זייער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק און יידן־העצע.

דער רוב פון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך דאָך נישט געלאָזט פאַרפירן דורך די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס.

אין 1912 האָבן די סירענעס פון די מערסטע פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו אין אַ באַשטימטער שעה אין טאָג געגעבן די פינף סיגנאַלן אַלס פּראָטעסט קעגן די מאַסן־מאָרדן דורך דער צאַרישער רעגירונג פון די לענאער גאָלד־גרובן־אַרבעטער אין סיביר.



אין 1913 איז אַרויס אַ געזעץ וועגן איינפירן קראַנקען־קאַסעס אין די פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. דאָס נייע אין דעם געזעץ איז געווען, וואָס די אַרבעטער אין יעדער פאַבריק האָבן געקענט וויילן זייערע פאַרטרעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קראַנקען־קאַסע. אין די גרויסע פאַבריקן, וואו עס זיינען געווען באַשעפטיקט נאָר קריסטלעכע אַרבעטער איז געפירט געוואָרן אַן ענערגישע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן. די יידישע אַרבעטער אין די פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן זיינען לרוב געבליבן גלייכגילטיק דערצו.

דערפאַר האָט אין זעלבן יאָר צווישן די יידישע אַרבעטער זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע באַוועגונג צו גרינדן לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, לויט דעם געזעץ, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט.

אייגנטלעך איז דאָס נייע געזעץ געווען נישט מער ווי די פאַרווירקלעכונג פון דער אַלטער „זובאַטאָוושטשינע" (זובאַטאָוו — אַ זשאַנדאַרם־אָפיציר, וואָס האָט פאַרגעשלאָגן צו געבן די אַרבעטער אין רוסלאַנד די מעגלעכקייט זיך צו אָרגאַניזירן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען כדי זיי אָפּצוציען פון פּאָליטישן קאַמף) אָבער די יידישע פאַך־אַרבעטער האָבן אויסגענוצט דאָס געזעץ פאַר זייער טובה און אָרגאַניזירט אַ גאַנצע רייע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די איניציאַטיוו איז דער עיקר געקומען פון לאָדזש, וואו עס האָבן זיך צום ערשטן געשאַפן די צענטראַלעס. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען זייערע אָפּטיילונגען.

דער ערשטער לעגאַליזירטער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין איז געווען פון האָלץ־אַרבעטער. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין זאַל פון האַנטווערקער־קלוב שבת דעם 30טן נאָוועמבער 1913. דער פּאָרזיצער איז געווען מ. פעלזענשטיין, פּאָרזיצער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג אין לאָדזש.

אַ צווייטער פאַרטרעטער פון לאָדזש איז געווען דוד אַבראַמזאָן. אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די פאַרזאַמלטע האָט געמאַכט די רעדע פון דניאל זאַלוסקי. אין דער פאַרוואַלטונג־קאָמיסיע זיינען געוויילט געוואָרן ה. פייוורלאָוויטש, ש. פיינרייך, ז. טענענבערג, י. פּ. גוטערמאַן און ל. ווין.

וועגן דער גרינדונג פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין לייענען מיר אין אַן אַרטיקל אין „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" פון 13טן דעצעמבער 1913 :

פאַר די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער און זייערע פריינד איז די גרינדונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון דער האָלץ־בראַנזשע געווען אַן אמתער יום־טוב.

„פון דער אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט, וואָס מיר זעען אויף די באַלעבאַטישע פאַרזאַמלונגען, איז קיין שפּור נישט געווען. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיך אויפגעהויבן די אַרבעטער און געוויזן, אַז אין זיי איז נאָך נישט פאַרלאָשן דאָס פייער פון שטרעבן צו פאַראייניקונג, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות פירן דעם קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי באַגריסט דעם ניי־געגרינדעטן פאַראיין, ווי דעם גרונטשטיין פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין אונדזער שטאָט".

דעם 13־טן יאַנואַר 1914, לייענען מיר אין „טשענסטאָכאָווער טאָגעבלאַט" וועגן דעם, אַז די באַוועגונג צו אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט אויך אַרומגענומען עטלעכע אַנדערע אַרבעטסצווייגן :

„צווישן די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער האָט זיך די לעצטע צייט אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין פון דער האָלץ־אַרבעטער־בראַנזשע. עס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די בעקער, און איצט ווערן אָנגענומען מיטלען צו אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ביי די שאַכטלמאַכער, צעלולאָאיד־אַרבעטער און אין אַנדערע פאַכן. וועגן דער וויכטיקייט פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פאַרן אַרבעטער בכלל און פאַרן יידישן בפרט, איז איבעריק צו רעדן. דער יידישער אַרבעטער דאַרף אויסשטיין מער ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער. ער ווייסט נישט פון קיין נאָרמאַלן אַרבעטס־טאָג. און נישט איין מאָל האָט זיך שוין

געטראָפן, אַז פאַר אַ קראַנקן אַרבעטער האָט מען געמוזט צוזאַמענגענעמען אויף רפואות״.

אין די יאָרן 1913—1914 זיינען געווען טעטיק אין טשענסטאָכאָוו יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון לעדער־אַרבעטער, שניידער־אַרבעטער, האָלץ־אַרבעטער, צעלולאָאיד־אַרבעטער, ווי אויך פון האַנדלס־אָנגעשטעל־טע. אין 1914 האָט די „געזעלשאַפט פון האַנדלס־אָנגע־שטעלטע״ געציילט בערך 300 מיטגלידער. אין יאָר 1912 האָט דער דאָזיקער פאַראיין געהאַט אַ הכנסה פון 3822 רובל. אין יענער תקופה האָט אין דעם דאָזיקן פאַראיין נאָך אַלץ געהערשט אַן אַסימילאַטאָרישער גייסט.

אין יענער צייט איז אויך געווען אָנגעוויטיקט די פראַגע פון רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער. אַ טייל גרויסע יידישע פאַבריקאַנטן האָבן נישט אַריינ־געלאָזט אין זייערע פאַבריקן יידן אַלס אַרבעטער. איינער פון די, וואָס האָבן באָיקאָטירט יידישע אַרבעטער, איז געווען דער אייגנטימער פון אַ צעלולאָיד־פאַבריק, לאַנדוי. ער פלעגט אַמאָל באַשעפטיקן עטלעכע צענד־ליק יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס, דערנאָך האָט ער אָבער זיין פאַבריק געמאַכט אַבסאָלוט „יודען־ריין״. אפילו אייניקע יידישע כלל־טוער און זייער פון פאַר־שיידענע צדקה־חברות האָבן שענדלעך געהאַנדלט קעגן יידישע אַרבעטער. אַנשטאָט צו געבן די יידישע אָרעמע שיכטן אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען געלט דורך אייגע־נער פראַצע אויף ברויט, האָבן די דאָזיקע משונהדיקע פילאַנטראָפן ליבער געוואָלט זיי „העלפן״ דורך צו־וואַרפן נדבות.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז איינגעטראָטן אַ שטילשטאַנד אין עקאָנאָמישן לעבן, וואָס האָט באַזונדערס שווער גע־טראָפן די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג. צוליב דער אַר־בעטסלאָזיקייט האָבן אַ סך אַרבעטער עמיגרירט קיין דייטשלאַנד. די, וואָס זיינען געבליבן אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיך באַמיט צו מילדערן זייער נויט דורך זעלבסט־הילף. מען האָט געעפנט בעקערייען און טיי־האַלעס פאַר יידישע אַרבעטער. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, צו־זאַמען מיט די פּאָליטישע פּאַרטייען, האָבן אַדורכגעפירט גרעסערע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס אין פאַרבינדונג מיט דער הילף־אַרבעט.

מיטן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט זיך די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אומפאַרגלייכלעך גע־ביטן צום ערגערן.

די גרעסטע צאָל מיטגלידער פון מעטאַל־פאַראיין, וואָס זיינען באַשטאַנען בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע פון יידישע אַרבעטער אין די אייזנבאַן־וואַרשטאַטן, זיי־נען פאַרביטן געוואָרן מיט פּוילישע אַרבעטער. וויינ־בערגס פאַבריק איז געווען אינגאַנצן פּאַראַליזירט און איז שפּעטער איבערגעפירט געוואָרן קיין סאָוועטן־פאַר־באַנד. לאַנדויס פאַבריק האָט אינגאַנצן געפּוסטעוועט. די „מאַלאַרניע״ און „קאַפּעלושאַרניע״ און צענדליקער

אַנדערע פאַבריקן און פאַבריקלעך, וואָס האָבן פריער געאַרבעט פאַרן גרויסן רוסישן מאַרק, זיינען איינגע־שרומפּן געוואָרן.

אָבער אויך אומאָפּהענגיק פון די נעגאַטיווע וויר־קונגען פון די פּאָליטישע ענדערונגען, האָט די מלחמה גופא איבערגעלאָזט אַן עקאָנאָמישן חורבן, פון וועלכן די שטאָט טשענסטאָכאָוו, פונקט ווי דאָס גאַנצע לאַנד, האָט ערשט נאָך יאָרן געקענט קומען צו זיך.

די צאָל און צעטיילונג פון יידישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן ווערט אָנגעגעבן אין דעם ווערק „יידישע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען אין פּוילן״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע אין 1923 אויפן יסוד פון אַן אַנקעטע פון יאָר 1921 ביי דער מיטהילף פון „דזשאָינט״, אונטער דער רעדאַקציע פון אינזש. ע. העללער.

אין יאָר 1921 זיינען אין טשענסטאָכאָוו געווען 1056 טעטיקע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואו עס זיינען געווען פאַרנומען יידן ווי אונטערנעמער אָדער אַרבעטער.

אַ גאַנצע רייע פּראָדוקציע־פאַכן זיינען געווען בלויז טיילווייז טעטיק, אָדער צום גרעסטן טייל אומטעטיק. עס זיינען נישט געווען טעטיק: אין דער גומי־קאַאוטשוק־אינדוסטריע 30 פּראָצענט; אין דער טעקסטיל־אינדוס־טריע — 20 פּראָצענט, אין מעטאַל־שפּילוואַרג — $62\frac{1}{2}$ פּראָצענט, פון אַלע אונטערנעמונגען. אין דער צעלולאָיד־קאַם און אין דער פילץ־היט־אינדוסטריע איז קיין איין אונטערנעמונג אין יענעם יאָר נישט געווען טעטיק!

די 1056 טעטיקע פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָבן זיך צעטיילט לויט די באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן, אין פּראָצענט פון אַלע אונטערנעמונגען:

| | |
|---|---|
| באַקליידונג — — — | 58,0 |
| מעטאַל — — — — | 6,4 |
| האָלץ — — — — | 5,8 |
| בוי — — — — — | 3,7 |
| לעדער — — — — | 3,2 |
| פּאַפּיר — — — — | 2,6 |
| טעקסטיל — — — — | 2,3 |
| מאַשינען, אַפּאַראַטן — | 1,8 |
| רייניקונג — — — — | 1,4 |
| גומי, קאַאוטשוק — — | 1,3 |
| גראַפישע אינדוסטריע | 1,2 |
| שטיין, ליים, גלאָז — | 0,9 |
| כעמיע — — — — — | 0,9 |

עס וואַרפט זיך אין די אויגן די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג, אַז 58 פּראָצענט, קרוב דריי פינפטל פון אַלע אונטערנעמונגען, אין וועלכע עס זיינען בכלל געווען באַשעפטיקט יידן ווי אונטערנעמער אָדער אַרבעטער, האָבן געהערט צו דעם צווייג פון באַקליידונג.

פון די 1056 טעטיקע אונטערנעמונגען האָבן בלויז 588, ד״ה נישט קיין סך מער ווי אַ העלפט (55,7 פּראָצענט) באַשעפטיקט לוינאַרבעטער. און די איבעריקע

אונטערנעמונגען זיינען געווען באַשעפטיקט בלויז די אייגנטימער, אַמאָל אויך מיט דער מיטהילף פון פאַמיליע־מיטגלידער. אַלע 1056 אונטערנעמונגען האָבן באַשעפטיקט אין סעזאָן קרוב פיר טויזנט (3,893 פערזאָנען, דערפון 26 פּראָצענט אייגנטימער, 7 מיט אַ האַלבן פּראָצענט פאַמיליע־מיטגלידער און צוויי דריטל (66,5 פּראָצענט) לוינאַרבעטער.

צווישן די 2643 לוינאַרבעטער זיינען געווען 1390 יידן, ד"ה בערך 52 מיט אַ האַלבן פּראָצענט, עפּעס מער ווי אַ העלפט.

אין די באַזונדערע צווייגן פון דער אינדוסטריע האָבן יידישע אַרבעטער באַטראָפן אַזאַ פּראָצענט לגבי אַלע אַרבעטער פון צווייג:

גומי, קאַאוטשוק — 98 פּראָצענט.
באַקליידונג — 95,8 פּראָצענט.
רייניקונג — 88,9 פּראָצענט.
מאַשינען־אַפּאַראַטן — 87,1 פּראָצענט.
בוי — 81,3 פּראָצענט.
דערנערונג — 77 פּראָצענט.
פּאַפּיר — 36,6 פּראָצענט.
טעקסטיל — 63,0 פּראָצענט.
לעדער — 56,2 פּראָצענט.
כעמיע — 51,9 פּראָצענט.
האָלץ — 45,6 פּראָצענט .
גראַפישע אינדוסטריע — 40,5 פּראָצענט.
מעטאַל — 35,8 פּראָצענט .
שטיין, ליים, גלאָז — 9,3 פּראָצענט.

דער אָנטייל פון יידישע אַרבעטער איז אָבער געווען פאַרשיידן נישט בלויז לויט גאַנצע אינדוסטריע־צווייגן, נאָר אויך לויט פאַכן אין זעלבן אינדוסטריע־צווייג. באַזונדער כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם דאָזיקן פּרט דער צווייג פון מעטאַל־אינדוסטריע. דער דאָזיקער צווייג האָט באַשעפטיקט 508 לוינאַרבעטער, דערפון, ווי דערמאָנט, קרוב 36 פּראָצענט יידן. אָבער אין די באַזונדערע פאַכן פון דער מעטאַל־אינדוסטריע האָט די צאָל און פּראָפּאָרציע פון יידישע אַרבעטער באַטראָפן:

| | אַלגעמיינע צאָל אַרבעטער | דערפון יידן | אין פּראָצענט |
|---|---|---|---|
| גיסעריי — — — | 185 | 5 | 2,8 |
| מעטאַלקנעפּ — — | 81 | 31 | 38,3 |
| אייזערנע קייטן — | 64 | 50 | 78,1 |

מיר זעען, אַז אויב אפילו די מעטאַל־אינדוסטריע ווי אַ גאַנצע האָט געציילט מער ווי אַ דריטל יידן צווישן די אַרבעטער, איז אין אַזאַ פאַך ווי גיסעריי, וואָס האָט קאָנצענטרירט די גרעסטע צאָל אַרבעטער פון אַלע פאַכן פון צווייגן געווען נישט מער ווי 5 יידישע אַרבעטער, ווייניקער ווי דריי פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער אין דעם דאָזיקן פאַך.

דער פאַקט, אַז יידישע אַרבעטער זיינען געווען על פּי רוב צעשפּליטערט אין קליינע אונטערנעמונגען, דרינגט אַרויס נאָך בולטער פון אַנדערע טאַבעלן, וואָס שטעלן צוזאַמען דעם רעזולטאַט פון דער אַנקעטע. אין דעם צווייג פון שטיין, ליים און גלאָז, וואָס האָט באַשעפטיקט 699 לוינאַרבעטער און דערפון בלויז 9 פּראָצענט יידן, איז אויסגעקומען אין דורכשניט מער ווי 79 אַרבעטער אויף איין אונטערנעמונג. דאַקעגן אין דער באַקליידונג, וואָס האָט באַשעפטיקט קרוב 96 פּראָצענט יידן צווישן די לוינאַרבעטער, איז אויסגעקומען נישט מער ווי צוויי באַשעפטיקטע פערזאָנען (2,2) אויף איין אונטערנעמונג. נישט קיין סך גרעסער זיינען געווען די אונטערנעמונגען אין אַלע אַנדערע פּראָדוקציע־צווייגן, וואָס האָבן באַשעפטיקט בעיקר יידישע אַרבעטער. אין דערנערונג האָט אַן אונטערנעמונג דורכשניטלעך באַשעפטיקט נישט מער ווי דריי (3,3) פערזאָן, אין בוי ווייניקער ווי צוויי (1,9), אין רייניקונג עפּעס מער ווי צוויי (2,4), אין מאַשינען־אַפּאַראַטן אויך בערך אַזוי פיל (2,6). אַפילו אין דער גומי־קאַאוטשוק־אינדוסטריע, וואָס האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ פאַבריק־אינדוסטריע, זיינען אין דורכשניט געווען באַשעפטיקט ווייניקער ווי 9 פערזאָן (8,9) אין איין „פאַבריק".

דער כאַראַקטער פון דער פּראָדוקציע אין די יידישע אינדוסטריע אונטערנעמונגען האָט אויך מיט זיך געבראַכט, וואָס עס זיינען דאָרט געווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטערינס אין אַ גרעסערער צאָל. אין דער מעטאַל־אינדוסטריע, וואו די אַלגעמיינע צאָל יידן האָט באַטראָפן 144, ד. ה. 31 פּראָצענט פון אַלע 585 באַשעפטיקטע, זיינען געווען פאַרנומען 38 יידישע פרויען (לגבי 46 נישט־יידישע פרויען); אין דער מאַשין־אינדוסטריע — 10 יידישע פרויען (קיין איין נישט־יידישע פרוי); אין גומי (קויטשוק) — 19 יידישע פרויען (2 נישט־יידישע); אין דער כעמישער אינדוסטריע — 8 יידישע פרויען (קיין איין נישט־יידישע); אין דער באַקליידונג — 131 יידישע פרויען (לגבי בלויז 2 נישט־יידישע פרויען).

ליידער האָט זיך די סטרוקטור פון די יידישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו אין פּרט פון צעברעקלונג אין קליינע וואַרשטאַטן און קליינע פאַבריקלעך אויך אין די שפּעטערע יאָרן נישט געענדערט. די סיבה איז געווען ניט בלויז די דיסקרימינאַציע מצד די פּוילישע פאַבריקאַנטן, נאָר אויך מצד די יידישע פאַבריק־אייגנטימער, וואָס האָבן אויך נישט אַריבערגעלאָזט יידישע אַרבעטער איבער דער שוועל פון זייערע אונטערנעמונגען. און טשענסטאָכאָוו האָט דאָך פאַרמאָגט יידישע גבירים, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער אָרטיקער גרויסאינדוסטריע. צו יידן האָט געהערט די יוטעפאַבריק „וואַרטאַ", וואָס האָט באַשעפטיקט אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער; דער ייד קאָן האָט פאַרמאָגט אַ פאַבריק מיט צוויי טויזנט אַרבעטער; אייניקע גרויסע פאַבריקן האָבן געהערט צום באַקאַנטן פילאַנטראָפּ הענריק מאַרקוספעלד; יידן זיינען געווען אייגנטימער פון דער

טעקסטיל־פאַבריק „גנאָשין“. אַ ריי אַנדערע פאַבריקן פון טעקסטיל, מעטאַל און כעמישע פּראָדוקטן האָבן געהערט צו יידן. צווישן די טויזנטער אַרבעטער אין די אַלע פאַבריקן האָט מען די יידן געקאָנט אָנציילן אויף די פינגער. אַפילו אין די לעצטע פּאָר יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז אַביסל ווייך געוואָרן דאָס האַרץ פון אַ טייל יידישע טשענסטאָכאָווער פאַבריקאַנטן, האָבן זיי קוים באַוויליקט אַריינצונעמען געציילטע עטלעכע יידן אין זייערע פאַבריק־ביוראָס.

אין אַנבליק פון דער צעשפּליטערונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין צוועָרג־וואַרשטאַטלעך און קליינטשיקע פאַבריקלעך קען מען ערשט רעכט אָפּשאַצן דעם געוואַלטיקן אויפטו פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער צום קאַמף פאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, צו פּאָליטישער באַוואוסטזיניקייט און צו קולטורעלער דערהויבונג.

באַלד נאָכדעם, ווי עס איז אויפגעקומען דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן, אין די יאָרן 1918—1919, האָבן די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָלע אין די וואַלן צום אָרטיקן אַרבעטער־ראַט ווי בכלל אין דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. דער רוב יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָוו האָט ער זיך אין יענער צייט קאָנצענטרירט אַרום דעם בילדונגס פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער. דער דאָזיקער פאַראיין איז געווען ס.ס.׳איש, און דערנאָך, ווען די טעריטאָריאַליסטן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די סיימיסטן, איז ער איבערגענומען געוואָרן פון די „פאַראייניקטע“. עס זיינען אין יענער צייט אויך אַנטשטאַנען נייע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי פאַראיינען פון די בראַנזשעס: פּאַפּיר, צעלולאָאיד און האָרן, מאָלער, טרעגער און פליישער. די גרעסטע צאָל מיטגלידער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז אָבער דעמאָלט געווען אַרבעטסלאָז.

די צאָל שטימען וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דורך די באַזונדערע בראַנזשעס און פאַכן בעת די וואַלן צום אַרבעטער־ראַט גיט אַ פאָרשטעלונג סיי וועגן דעם אָרגאַניזאַציע־כוח פון די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, סיי וועגן דער צאָל אין פּראָפּאָרציע פון אַרבעטער לויט זייער באַשעפטיקונג.

פריזירער — 55; מעטאַל־אַרבעטער — 440; האָלץ בראַנזשע — 118; צעלולאָיד און האָרן אַרבעטער — 126; נאָדל־אינדוסטריע — 410; לעדער־אַרבעטער — 126; בעקער און קאָנדיטאָריי אַרבעטער (צוקער בעקער) — 79; פליישער אַרבעטער — 34; פּאַפּיר בראַנזשע — 62; טרעגער — 174; אומבאַשטימטע פאַכן — 125; אַנדערע — 126; סך הכל — 1,749 שטימען. עס קומט נאָך צו אַ געוויסע צאָל שטימען פון יידישע אַרבעטער אין קליינע פאַבריקלעך.

⁂

אין 1920 זיינען די מערסטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געווען אונטער דער אָנפירונג פון אַ צענטראַל־ראַט, פון וועלכן רפאל פעדערמאַן איז געווען פאָרזיצער און יעקב יצחק זשאַרנאָוועצקי איז געווען סעקרעטאַר.

דעמאָלט האָט נאָך אין פּוילן נישט עקזיסטירט דאָס געזעץ וועגן די קראַנקן־קאַסעס. די מעדיצינישע הילף פאַר די מיטגלידער האָט אָרגאַניזירט דער צענטראַל־ראַט. יעדער פּראָפ. פאַראיין האָט איינגעצאָלט אין דער קראַנקן־קאַסע פון צ.־ר. אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר יעדן מיטגליד.

ביים צענטראַל־ראַט איז צוליב דעם געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער־רעטונגס־הילף־קאָמיטעט, וואָס האָט געשטיצט די אַרבעטסלאָזע און זייערע פאַמיליעס און באַזאָרגט די מיטגלידער מיט מעדיצינישער הילף.

שבת דעם 19טן פעברואַר 1921 איז אין לאָקאַל פון שניידער־פאַראיין, נייער מאַרק 2, פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די נאָדל־אַרבעטער, וואָס האָט באַשלאָסן צו פאַראייניקן די צוויי נאָדל־אַרבעטער פאַראיינען. עס האָט אָבער נאָך געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז עס איז געשאַפן געוואָרן איין פאַראיין.



די גרינדער פון שניידער-פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו
צווישן אַנדערע: טיפענבערג, קרזשעפּיצקי און ראָזענבלאַט

דער פּראָפ. פאַראיין פון נאָדל־אַרבעטער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס איז געווען געשפּאָלטן. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון דער קליינער צאָל יידישע אַרבעטער, און נאָך קלענערער צאָל באַשאַפטיקטע, האָט כסדר געליטן פון שפּאַלטונגען און צעשפּליטערונגען, וואָס די פיר פאַרטייען: „פאַראייניקטע“, „בונד“, פּועלי־ציון און קאָמוניסטן האָבן צווישן זיך געפירט, חוץ די צענדליקער „כראָנישע“ קראַנקהייטן, וואָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַלס אַזעלכע האָט געליטן, ווי דער אומזיכערער גרענעץ צווישן אַרבעטער, „כאַלופּניק“ און וואַרשטאַט־אייגנטימער, וואָס איז על פּי רוב אַליין געווען אַ גרויסער אָרעמאַן; די צעטיילונג פון די פאַכן אויפן צענדליקער סעקציעס און דער קאַמף פון די סעקציעס צווישן זיך; די עמיגראַציע, וואָס האָט יעדעס יאָר

אויסגעליידיקט די רייען פון די בעסטע פּראָפעסיאָנעלע טוער און זיי אָנגעפילט מיט יונגוואַרג, וואָס איז גלייך פון חדר אַוועק צום וואַרשטאַט.

אין 1922 איז אין פּוילן אַדורכגעפירט געוואָרן די פאַראייניקונג פון די יידישע און פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די יידישע אַרבעטער זיינען אין זייער גרויסער מערהייט ווייטער געבליבן אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, אָבער פאָרמעל זיינען זיי געוועזן פאַראייניקט דורך זייערע שפּיצן. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן און אין די הויפּט-אינסטאַנצן פון די באַזונדערע אינדוסטריעלע פאַראיינען, אָדער פון דער לאַנד פעדעראַציע.



גרינדער און פירער פון שניידער-פאַראיין אונטער דער השפּעה פון ס.ד.ק.פ.ל. (קאָמוניסטן)
זיצן פון רעכטס: צעשינסקי, קאַנעמאַן, סאָבאָל, זשאָנשינסקי, גאָנזווא, ראָזענבלאַט.
שטייען פון לינקס: ד. ריכטער, קרזשעפּיצקי, אָפּאַטאָווסקי, הירשבערג, ציםבערקנאָף, גאָנזווא.

אין די גרעסערע שטעט איז די פאַראייניקונג געווען ענגער דורך דעם, וואָס די אָרטיקע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען געווען צוזאַמענגעבונדן דורך אַ צענטראַל־ראַט אָדער קולטור־אַמט און זיינען דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט געווען פאַרטראַטן אין דער אָרטיקער „ראַדע", ד. ה. אין דער אַלגעמיינער שטאָטישער צענטראַלע פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דאָס איז געווען אַ פאַראייניקונג אַחוץ דעם צוזאַמענבונד אין די באַזונדערע פאַכן. יידישע אָפּטיילונגען פון שניידער, שוסטער, טעקסטיל־אַרבעטער אאַז"וו זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן די אַלגעמיינע פאַראיינען פון געגעבענעם פאַך.

די קולטור־אַמטן האָבן על פּי רוב פאַראייניקט די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער פּאָליטישער השפּעה פון „בונד". יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַנדערע פּאַרטייען, ווי פּועלי־ציון, קאָמוניסטן, אָדער „פאַראייניקטע", ווי אין טשענסטאָכאָוו, זיינען אָפּט, בפרט אין דער ערשטער תקופה, געשטאַנען אָן דער זייט, אָבער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אייגענע צענטראַל־ראַטן. דער טשענסטאָכאָווער „קולטור־אַמט" האָט תחלת אַרומגענומען בלויז פיר פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען: באַקליידער־אינדוסטריע, האָלץ, דערנערונג און בערשטער־אַרבעטער. די איבעריקע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין דער שטאָט זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן צענטראַל־ראַט, וואָס איז געווען אָנגעפירט דורך די „פאַראייניקטע", שפּעטער „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". דער „קולטור־אַמט", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מערץ 1923, האָט דעריבער געגרינדעט פּאַראַלעלע פאַראיינען אונטער אַנדערע נעמען. אַזוי, למשל, האָט אַ שפּליטער פון די טרעגער־אַרבעטער אונטער דער פירונג פון קולטור־אַמט געהייסן „טראַנספּאָרט־אַרבעטער פאַראיין", פון די פלייישער־אַרבעטער — „דערנערונגס־אַרבעטער" אאַז"וו.



די כאָרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון דערנערונגס-אינדוסטריע (בעקער)
זיצן פון רעכטס צו לינקס: מילדשטיין לייבל, גראַביאַנסקי לודוויק, לעבעק לעאָן, יאַראָנאָווסקי ישראל, פעדערמאַן רפאל, אַלטמאַן בצלאל, זוסמאַן מאיר.
שטייען פון רעכטס אויף לינקס: בייגעלמאַן משה, לאַסקע זוסקינד, קלאַביש סטאַניסלאַוו, פּייטעל פּייוועל, קאָלטאָן יצחק, יאַקובאָוויטש מרדכי, איצקאָוויטש אַברהם.

מיטן קולטור־אַמט האָט אָנגעפירט רפאל פעדערמאַן, וואָס איז אַריבער צום „בונד", און וואָס איז פריער, אַלס „פאַראייניקטער", געהאַט געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון „צענטראַל־ראַט". אַנדערע פּראָמינענטע טוער פון „קולטור־אַמט" זיינען געווען די בונדיסטן משה לעדערמאַן (לעדער־אַרבעטער), אברהם פרידמאַן, אברהם ראָזענבלאַט, ציניע אַרזשעך (בעקער־אַרבעטער), משה בערקענשטאַט, שמעון ראָזענטאַל, אַנדזשע מאַנאָוויטש, עליאַש שטייניץ, לייביש קאַמינסקי, יוסף קרוזע, העניך פעפער, זיסער ציניצינאַטוס און יצחק סטאָפּניצער.

אַחוץ דער רעגולערער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט און קולטור־טעטיקייט האָט דער „קולטור־אַמט" זיך אויך פאַרנומען מיט הילף פאַר אַרבעטסלאָזע. אין מערץ 1926

האָט דער „קולטור־אַמט" פאַרטיילט פּראָדוקטן צווישן 303 פאַמיליעס פון געלטער, וואָס ער האָט באַקומען פון „לאַנדראַט" פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פוילן. אין זעלבן חודש צייט האָט דער „קולטור־אַמט" אויך פאַרטיילט צווישן 204 פאַמיליעס שטיצע, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה. אין זומער פון זעלבן יאָר האָט דער „קולטור־ראַט" פאַרטיילט אַ גרעסערע סומע פון אַמעריקע צווישן בערך 500 פאַמיליעס אַרבעטסלאָזע. בכלל האָבן אין 1926 גענאָסן פון די הילף־אַקציעס פון „קולטור־ראַט" 2390 פאַמיליעס, וואָס האָבן אַרומגענומען 6,948 פּערזאָנען.

אין משך פון 1926 זיינען צו די דערמאָנטע פיר פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צוגעקומען ביים קולטור אַמט נאָך פאַראיינען פון די צווייגן: כעמישע אינדוסטריע, מעטאַל, לעדער, טראַנספּאָרט, פליישער, דרוקער און מאָלער. אויף דער קאָנפערענץ פון 15טן יאַנואַר, וואו עס איז געוויילט געוואָרן אַ נייע אָנפירונג פון „קולטור־אַמט", זיינען געווען פאַרטראָטן 15 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען מיט אַ צאָל פון בערך 1,150 מיטגלידער. ביי די וואַלן האָט דער „בונד" באַקומען 35 שטימען, די קאָמוניסטן — 15 און די לינקע פּועלי־ציון — 3. דער נייער ראַט איז באַשטאַנען פון 17 בונדיסטן, 7 קאָמוניסטן און 1 לינקן פּועלי־ציוניסט. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס וועגן רעכט אויף אַרבעט פון יידישע אַרבעטער און באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער אין שטאָטישע אינסטיטוציעס און וועגן רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער יידישער שפּראַך אין דער אַלגעמיינער קראַנקן־קאַסע.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם קולטור־אַמט די „סטאָוואַזשישעניע" („געזעלשאַפט") פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. דער דאָזיקער פאַראיין האָט אויך אויפגעהערט צו זיין אַ פעסטונג פון אַסימילאַציע. די רייכע פאַראיין־ביבליאָטעק מיט 15 טויזנט ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן אַחוץ יידיש האָט זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט דער „מעדעם־ביבליאָטעק" ביים קולטור אַמט, וואָס האָט געהאַט נאָר יידישע ביכער. דעם יסוד פאַר דער „מעדעם ביבליאָטעק" האָט געלייגט יעקב ראָזענבערג, וואָס האָט נאָכן טויט פון וולאַדימיר מעדעם אין 1923 געגעבן טויזנט זלאָטיס צו הייליקן זיין אָנדענק. די ערשטע ביבליאָטעקאַרין פון דער מעדעם־ביבליאָטעק איז געווען חברטע אַנדזשע מוזנאָוויטש. אונטער דער שוידערלעכער נאַצי־אָקופּאַציע האָט די ביבליאָטעק פונקציאָנירט אומלעגאַל אין דער וואוינונג פון חברטע רייזעלע בערקענשטאַט.

אויף דער קאָנפערענץ פון „קולטור־ראַט" פון 5טן נאָוועמבער 1937 זיינען געווען רעפּרעזענטירט 8 יידישע פאַראיינען מיט איבער טויזנט מיטגלידער.

צום 1טן יאַנואַר 1939 האָט דער קולטור־ראַט רעפּרעזענטירט 7 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין אַזאַ צוזאַמענשטעל: 1) באַקלייד־אינדוסטריע — 438 מיטגלידער; 2) דרוקערונג — 105; 3) לעדער — 73; 4) האַנדלס־אָנגעשטעלטע — 200; 5) פריזירער — 52; 6) טראַנספּאָרט — 80; 7) סאָציאַליסטישע האַנטווערקער — 104. צוזאַמען 1,052 מיטגלידער, דערפון 766 מענער, 168 פרויען און 118 יוגנטלעכע. אַחוץ דעם זיינען נאָך 690 יידישע אַרבעטער געווען אָרגאַניזירט אין אָפּטיילונגען צוזאַמען מיט פוילישע אַרבעטער אין די פאַראיינען פון טעקסטיל, מעטאַל, בוי און כעמיקאַלן. צוזאַמען זיינען אָנהויב 1939 געווען אָרגאַניזירט אין די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען 1,472 יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

אַן אומגעוויינלעך וויכטיק געביט פון אַרבעט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז געווען די אָרגאַניזירונג פון יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען דער באַעוולהטסטער און אַם מערסטן עקספּלאָאַטירטער עלעמענט.

וועגן די אַרבעט־ און לוין־באַדינגונגען פון דער יידישער אַרבעטנדיקער יוגנט קען מען זיך שאַפן אַ בילד אויפן יסוד פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון טשענסטאָכאָוו, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין „יוגנט וועקער", 1927, נומ׳ 19. דאָרט לייענען מיר:

„ביי די יוגנטלעכע אַרבעטער פון באַקלייד־, לעדער־ און האַלץ־פאַכן איז דער אַרבעטס־טאָג אַ 10—12־שעה־דיקער. מען טרעפט ביי דער אַרבעט יוגנטלעכע פון עלף יאָר אָן. זייער לוין איז 4—5 גילדן אַ וואָך. באַזונדער שווער איז די לאַגע פון די מיידלעך, וועלכע אַרבעטן ביי וועש, קליידער און מאָדיסטקעס (היט־מאַכערינס). דאָ קען מען אַפילו געפינען קינדער פון 10 יאָר, וועלכע אַרבעטן פון 7 פרי ביז 8 אָוונט, מיט אַן הפסקה פון אַ האַלבער שעה מיטאָג.

דאָס רוב יוגנטלעכע זיינען נישט פאַרזיכערט אין דער קראַנקן־קאַסע. אַן אויסנאַם זיינען נאָר די, וועלכע אַרבעטן אין וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט עלטערע אַרבעטער. מען טרעפט יוגנטלעכע, וועלכע פאַרדינגען זיך אויף דער לער אויף אַ משך פון 2 יאָר און זיי אַרבעטן אינגאַנצן בחנם.

אין דער כעמישער אינדוסטריע איז די לאַגע פון די יוגנטלעכע אויך אַ שלעכטע. עס זיינען דאָ באַשעפטיקט אַ 200 יוגנטלעכע, פון זיי אַ 30 פּראָצענט פוילישע. אין דעם דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג קען מען טרעפן יוגנטלעכע פון 10—12 יאָר, וועלכע אַרבעטן ביז 13 שעה אַ טאָג פאַר אַ לוין פון „גאַנצע" 4 גילדן אַ וואָך.

עס זיינען פאַראַן פאַלן, ווען דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר קומט באַזוכן דאָס פאַבריקל, פאַרשליסט מען די יוגנטלעכע אַרבעטער אין דעם שמוציקן פאַבריק־שטיבל, כדי נישט דערלאָזן קיין קאָנטראָל. די פאַבריקאַנטן דערלויבן זיך אַפילו שלאָגן יוגנטלעכע אַרבעטער פאַר אַזאַ „חוצפּה", ווי נישט וועלן ברענגען וואַסער פאַר

דער באַלעבאָסטע. פון אַ געזעצלעכן אורלויב (וואַקאַ־ציעס) קען מען בלויז חלומען.״

פון דער זעלבער קאָרעספּאָנדענץ דערוויסן מיר זיך אויך וועגן די באַמיאונגען פון דער יוגנט צו אָרגאַניזירן זיך צום קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען:

„מיר זיינען איצט צוגעטרעטן צו גרינדן אַ יוגנט־סעקציע ביים כעמיקאַליען־פאַראיין. די ערשטע שריט זיי־נען שוין געמאַכט געוואָרן. עס זיינען פאָרגעקומען צוויי אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונגען און עס איז אויסגעוויילט גע־וואָרן אַ ציטווייליקע קאָמיסיע, וואָס דאַרף אָרגאַניזירן אַלע יוגנטלעכע אַרבעטער פון דער כעמישער אינדוסטריע. מיט דער דערמאָנטער אַרבעט פירט אָן דער אָרטיקער „יוגנט־אַמט״. (די אָנפירונג פון די יוגנט־סעקציעס ביים קולטור־אַמט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, געגרינדעט אין 1925).

נאָך אַ צענדליק יאָר שפּעטער איז די לאַגע פון די יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער אין אַנדערע אינדוסטריע־צווייגן נישט געווען קיין סך בעסער ווי פון די כעמישע יוגנטלעכע אַרבעטער אין 1927 און די יידישע פּראָפעסיאָ־נעלע פאַראיינען זיינען צוגעטרעטן זיי צו אָרגאַניזירן צום קאַמף. אַט לייענען מיר אין יוגנט־וועקער פון 1936, נומער 22 אַן אינטערעסאַנטן באַריכט וועגן אַ שטרייק פון יידישע יוגנטלעכע מעטאַל־אַרבעטער:

„אין טשענסטאָכאָוו איז פאַראַן אַ פּאָר צענדליק מעטאַל־פאַבריקן, וואָס זיינען ביז־איצט נישט געווען אָר־גאַניזירט אין מעטאַל־פאַראיין. מערסטנטייל אַרבעטן דאָרט יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער, וועלכע פאַרדינען 80 גראָשן און 1 גילדן פאַר אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע. דערצו אַרבעט מען דאָרט ביי די שרעקלעכסטע היגיענישע באַ־דינגונגען. וועגן אורלויבן (וואַקאַציעס) האָבן די אַרבע־טער אַפילו נישט געחלומט. דער מעטאַל־פאַראיין מיט דער מיטהילף פון אַ גרופּע „צוקונפטיסטן״ האָבן אָנגע־הויבן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אריינציען די אַרבע־טער אין פאַראיין און דאָס איז טאַקע געלונגען. באַלד איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ סוף צו דער שרעק־לעכער אויסנוצונג, וואָס ווערט געפּראַוועט זינט יאָרן. דער פאַראיין האָט אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען: 1) פאַר אַ קאָלעקטיוון אָפּמאַך; 2) לוין־הוספה; 3) פאַר היגיע־נישע אַרבעטס־באַדינגונגען. די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן לאַנגע וואָכן און נישט געגעבן קיין רעזול־טאַט. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די יידישע פאַברי־קאַנטן האָבן אויסגעקליבן ענדעקעס אַלס זייערע פאַר־שטייער צו פאַרהאַנדלען מיט די אַרבעטער. דינסטאַג, דעם 25טן אויגוסט זיינען די אַרבעטער צוגעטרעטן צו אַן אָקופּאַציע־שטרייק אין 10 פאַבריקן. צוזאַמען זיינען אַרויס אין שטרייק 360 אַרבעטער, פון זיי 80 פּראָצענט יוגנט־לעכע...״

די טרויעריקע האַנדלונג פון די יידישע פאַבריקאַנטן אין דעם דאָזיקן שטרייק, דאָס חברן זיך מיט די ענדע־קישע אַנטיסעמיטן קעגן שטרייקנדע יידישע אַרבעטער, איז ליידער נישט געווען קיין איזאָלירטער פאַל. פאַראַן נאָך ערגערע ביישפּילן, ווי יידישע קאַפּיטאַליסטן האָבן באַזייטיקט יידישע אַרבעטער פון דער פאַבריק נאָר דער־פאַר, וואָס זיי האָבן געוואָגט צו שטרייקן, און אַפילו אומ־גלויבלעכע פאַלן, וואו יידישע פאַבריקאַנטן האָבן געדונ־גען ענדעקישע כוליגאַנעס קעגן יידישע שטרייקער. אַט לייענען מיר אין אַ באַריכט פון טשענסטאָכאָוו אין דער „פאָלקסצייטונג״ פון 6טן דעצעמבער 1936:

„אין דער יידישער פאַבריק פון „פאַל מעטאַל״, וועמ־מענס אייגנטימער עס זיינען די הערן יעלען און עדעליס, אַרבעטן יידישע און פּוילישע אַרבעטער. די אַרבעטס־און לוין־באַדינגונגען זיינען דאָרט זייער שלעכטע. די אַר־בעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. דאָס איז שטאַרק נישט געפעלן די יידישע פאַבריקאַנטן. גלייך ווי זיי האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָבן זיי פריער פון אַלץ תיכף באַזייטיקט די פּאָר יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען דאָרט געווען באַשעפטיקט. די יידישע אַרבעטער האָבן באַקומען אויסגעצאָלט אויפן אָרט פאַר צוויי וואָכן לוין און די פאַבריק איז געוואָרן יידן־ריין״.

און אַט איז אַ בריוו איבערגעדרוקט אין דער „פאָלקס־צייטונג״ פון 11טן אַפּריל 1938:

בעתן אָקופּאַציע־שטרייק אין דער פאַבריק פון שאיא און פראַנק „האָט דער הער פראַנק מיט דער הילף פון אַ באַנדע ענדעקישע שלעגער געפּרוווט פאַרטרייבן די שטרייקער פון זיין פאַבריק. ווען דאָס איז אים נישט גע־לונגען, האָט ער באַוויזן צוצורעדן די ענדעקישע אַר־בעטערינס זיי זאָלן ברעכן דעם שטרייק און זיי צוגע־זאָגט צו געבן באַשעפטיקונג. אַזוי איז טאַקע געשען. זיי האָבן געבראָכן דעם שטרייק, פאַרלאָזן די פאַבריק און געשיקט זייערע מענער, ענדעקעס, צו פאַרטרייבן די אי־בערגעבליבענע אין פאַבריק. נאָך 97 טעג שטרייקן ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען האָט דער כלומרשטער דע־מאָקראַט (פראַנק) באַזייטיקט פון דער אַרבעט 10 יידישע אַרבעטער. אַלע איבעריקע זיינען געבליבן.

דאָס זעלבע איז געשען אין עפּשטיינס קנעפּ־פאַ־בריק פון וואַנען עס זיינען באַזייטיקט געוואָרן די יידישע אַרבעטערינס״.

וועגן אַ גרויסער יידישער מעטאַל־פאַבריק אויף וואַרשעווער גאַס ווערט דערציילט אין זעלבן בריוו, אַז ווען עטלעכע יידישע אַרבעטער זיינען אַוועק דינען אין מיליטער, האָט מען אויף זייער אָרט צוגענומען ענדעקעס. זיי „שטעלן זיך נאָך דער אַרבעט צו דער „הייליקער מלאכה״ פון פּיקעטן יידישע געוועלבער און זינגען כאָ־ראַל:

„זשידזשי מושאָן ביטש וו פּאַלעסטיניע
באַ טאַ סאָן זדרייצי אי שוויניע״.

(„יידן מוזן זיין אין פּאַלעסטינע, ווייל דאָס זיינען פאַררעטער און חזירים״).

ווייטער ווערט נאָך באַריכטעט אין זעלבן בריוו

וועגן פאַלן ווען יידישע פאַבריקאַנטן האָבן געוואָלט שפּילן אויף ביידע סטרונעס, פון יידישן נאַציאָנאַליזם און פון אַנטיסעמיטיזם. בעת שטרייקן האָבן יידישע פאַבריקאַנטן געפּרואווט איינרעדן יידישע אַרבעטער, נישט צו גיין מיט די ענדעקעס, און די ענדעקעס — נישט צו גיין מיט די „יידישע טויגעניכטסן". זיי האָבן זיך באַמיט צו איי־בערצייגן די אָפּגעשטאַנענע פּוילישע אַרבעטער, אַז עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַרויסוואַרפן די יידישע אַרבע־טער.

יידישע קאַפּיטאַליסטן האָבן אַליין צוגעטראָגן האָלץ צום אַנטיסעמיטישן פייער אין טשענסטאָכאָוו.

די יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין טשענס־טאָכאָוו האָט פאַרשריבן אַ פּרעכטיק בלאַט אין דער גע־שיכטע פון אָרטיקן יידישן ישוב.

---

# פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון האַנדעלס אַנגעשטעלטע

דער פאַראיין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע פאַרנעמט אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָוו.

דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין 1907 אונטערן נאָמען: „געזעלשאַפט פון קעגנזייטיקער הילף פאַר האַנדלס־ און אינדוסטריע אַנגעשטעלטע", צו אים האָבן על פּי רוב געהערט די אַסימילירטע יידישע אַנגע־שטעלטע אין די גרויסע פאַבריקן און אויך אַ פּאָר קריסטן. וועגן פאַרטיידיקן די אַנגעשטעלטע קעגן די באַלעבאַטים, די גרויסע און קלענערע פאַבריקאַנטן — האָט אפילו קיינער נישט געטראַכט. אויף די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, פלעגט שטיין אויפן סדר־היום איין פראַגע: די קאַסע־באַגרעבניש: קאַסע און הילף פאַר די אלמנות און יתומים פון די פאַרשטאָרבענע מיט־גלידער.

אין 13 — 1914 זיינען אין פאַראיין אַריינגעטרעטן: יאַקוב ראָזנבערג, א. כראָבאַלאָווסקי, ר. פעדערמאַן און דאָרט אָנגעהויבן אַ קאַמף דער פאַראיין זאָל זאָרגן פאַר בעסערע באַדינגונגען פון די האַנדלס־אַנגעשטעלטע און מען זאָל דערלויבן רעדן יידיש אויף די אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען. דער קאַמף פאַר יידיש איז דעמאָלט געפירט געוואָרן אין אַלע געזעלשאַפטן און פאַראיינען אונטער דער אַסימילאַטאָרישער אָנפירונג. וועגן דעם גייסט פון אַסימילאַציע וואָס האָט דעמאָלט געהערט אין פאַראיין דערציילט רפאל פעדערמאַן אין „טשענסטאָכאָווער טאָגע־בלאַט" פון 29טן מאַי 1914 אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע פּרטים: „ווען אַ מיטגליד האָט אויף אַ גענעראַל־פאַר־זאַמלונג געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג אין דער יידישער שפּראַך, איז מען אים באַ־פאַלן מיט זלזולים פאַר דער אומדערהערטער חוצפּה... דער זעלבער מיטגליד האָט אויך זיך דערלויבט צו פאָ־דערן, אַז די געזעלשאַפט, וואָס באַשטייט פון 80 פּראָצענט יידישע מיטגלידער זאָל צווישן אַלע אַנדערע צייטונגען אויך פאַרזאָרגן דעם לעזע־זאַל מיט יידישע צייטונגען. דערויף האָט אונדזער באַקאַנטער כלל־טוער ד"ר זאַקס און דער דירעקטאָר פון דער ריגער באַנק אַנגעוויזן, אַז אויב מען וועט צולאָזן יידישע צייטונגען אין דעם לעזע־זאַל, וועט דאָס נאָר באַווייזן, אַז די טשענסטאָכאָווער האַנדלס־אַנגעשטעלטע זיינען קולטורעל זייער נידעריק. פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם האָט זיך שטאַרק דער־שראָקן און אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג.

די „געזעלשאַפט" האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דאַיאַזד.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט די פּאַרטיי ס. ס. (טעריטאָריאַ־ליסטן) געגרינדעט אַ צווייטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע, וואָס האָט געהאַט אַ לאָקאַל אין שלעזינגערס הויז אויף ספּאַדעק.

די לאַגע אין דער „געזעלשאַפט" האָט זיך אָנגעהויבן צו בייטן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָכדעם ווי עס זיינען דאָרט אַריינגעטרעטן אַ גאַנצע ריי סאָציאַ־ליסטישע טוער און פּשוטע מיטגלידער סאָציאַליסטן.

אין 1919 איז נאָך אַ לאַנגן און שווערן קאַמף גע־לונגען אַדורכצופירן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אַ באַשלוס וועגן פאַרוואַנדלען די „געזעלשאַפט" אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון האַנדלס־ און ביוראָ־אַנגע־שטעלטע. אין סטאַטוט פון פאַראיין איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ פּונקט, אַז די וואָס באַשעפטיקן אַנגעשטעלטע קענען צום פאַראיין מער נישט געהערן.

אָבער מיטן ענדערן דעם נאָמען פון פאַראיין האָט זיך נישט תיכף געענדערט דער כאַראַקטער פון פאַר־איין. אין פאַראיין האָבן געהערט צוויי צדדים: די „אומ־פּאַרטייאישע" אונטער דער אָנפירונג פון קורלאַנד, פאָ־געלבוים, גאַלינסקי, פויסט און אַנדערע. און די סאָציאַ־ליסטישע פראַקציעס, וואָס האָבן באַקעמפט דעם קלוב־כאַראַקטער פון פאַראיין און געוואָלט אַן אמתן פּראָפע־סיאָנעלן פאַראיין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע.

דעם 27טן נאָוועמבער 1921, איז פאָרגעקומען אַן אַנטשיידענע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פאַראיין. אַלע גרופּן פון פאַראיין האָבן מאָביליזירט זייערע אָנהענגער און זיך געגרייט צו דער „שלאַכט". צו די פּראָפּאַרציאָנעלע וואַלן פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס האָט געדאַרפט באַ־שטיין פון 11 פּערזאָן, זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן דריי קאַנדידאַטן־ליסטעס: 1) „אומפּאַרטייאישע" (די אַלטע ריכטונג) מיט פאָגעלבוים, גאַלינסקי און אַנדערע. 2) די פראַקציע „פאַראייניקטע" מיט פאָלגנדע קאַנדידאַטן: ר.

פעדערמאַן, הענעך נירענבערג, רייזל בערקענשטאַט, משה קרעמסקי, הערמאַן הערצבערג, משה עלטסטער, דוד יעלען, צעשא אַלטער, זלמן פעדערמאַן, יעקב יצחק זשאַרנאַוועצקי. 3) אַ בשותפותדיקע ליסטע פון די פראַקציעס „באַראַכאָוו"־„גראַסער" און רויטע, מיט די נעמען: האַראַוויטש, זילבערשטיין, ברום און אַנדערע.

די פראַקציע „פאַראייניקטע" האָט פאַרגעשלאָגן צום סדר־היום: 1) די פראַגע פון הילף פאַר די הונגערנדע אין סאָוועט־רוסלאַנד 2) אַנשליסן דעם פאַראיין אַן צענטראַל־ראַט פון די פראַפעסיאָנעלע פאַראיינען.

די רויטע פראַקציע האָט אַריינגעטראָגן אַ פונקט וועגן קאַמף פאַר אַן 8 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט ה. סעניאַר, פאַרזיצער פון פאַראיין, עס זיינען פאַרגעלייגט געוואָרן צוויי קאַנדידאַטן אַלס פאַרזיצערס: 1) שפירא פון די „אומפאַרטייאישע" 2) ר. פעדערמאַן פון אַלע פראַלעטאַרישע פראַקציעס. דער ערשטער קאַנדידאַט באַקומט הונדערט עטלעכע און דרייסיק שטימען. דער צווייטער עטלעכע און אַכציק שטימען.

צוליב דעם טומל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בשעת ר. פעדערמאַן האָט אָנגעהויבן צו רעדן יידיש, האָט ער אַריינגעטראָגן אַ פאַרשלאַג, אַז יעדער קען זיך אַרויסזאָגן אויף דער שפּראַך, וואָס איז אים צוגענגלעך, איינשליסלעך יידיש. פאַר די וואָס פאַרשטייען נישט קיין יידיש, דאַרף דאָס פרעזידיום איבערגעבן זייערע רעדעס אויף פויליש.

ביי דער נאָמענטלעכער אָפּשטימונג פון דעם פאַרשלאַג זיינען געפאַלן 146 שטימען פאַר און 78 קעגן. מיט דער דאָזיקער אָפּשטימונג איז געבראַכן געוואָרן אַ 16 יעריקע טראַדיציע פון פאַראיין נישט צו דערלויבן רעדן יידיש אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען.

די אָפּשטימונג פאַר די קאַנדידאַטן אין דער פאַרוואַלטונג האָט געגעבן פאָלגנדע רעזולטאַטן. ליסטע נומער 1, „אומפאַרטייאישע" 132 שטימען — 6 מיטגלידער, ליסטע נומער 2, „פאַראייניקטע" — 45 שטימען — 2 מיטגלידער, ליסטע נומער 3, „באַראַכאָוו", „גראַסער" און רויטע — 49 שטימען — 3 מיטגלידער.

אין 1926 האָט זיך דער פאַראיין אָנגעשלאָסן אין „קולטור־אַמט" פון די יידישע פראַפעסיאָנעלע פאַראיינען.

אין די לעצטע יאָרן האָבן צום פאַראיין געהערט פריקאַזשטשיקעס, באַנק־ און אַ קליינע צאָל האַנדעלס־אַנגעשטעלטע נאָר פון קלענערע פירמעס. די מער אַסימילירטע מיטגלידער (אַנגעשטעלטע פון גרויסע פאַבריקן) האָבן דעם פאַראיין פאַרלאָזט.

די השפעה אויפן פאַראיין האָבן געהאַט דער „בונד" און די קאָמוניסטן. פאַרזיצער איז געווען רפאל פעדערמאַן, סעקרעטאַר — הערשליקאָוויטש. דער לאָקאַל פון פאַראיין מיטן קולטור־אַמט האָט זיך געפונען אין דער אַלעע 20.

נאָכן אַפּפאָרן פון פאַרזיצער רפאל פעדערמאַן קיין פּאַריז ווערט דער פאַראיין באַהערשט דורך די קאָמוניסטן. אויך דאָס פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו דורך דעם סעקרעטאַר הערשליקאָוויטש ברענגט צו אַ לאַנגזאַמע אויפלייזונג פון פאַראיין, אַזוי אַז אין די לעצטע יאָרן האָט דער פאַראיין זיין טעטיקייט מער ניט געפירט.

---

# דער האַנטווערקער פאַראיין און צעכן

אין 1912 האָט זיך אין פוילן אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירן די יידישע האַנטווערקער, כדי אויפצוהייבן זייער קולטורעלן מצב און צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. דער איניציאַטאָר פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז געווען דער אינזשעניר יאַן קירשראַט, דער גרינדער פון ערשטן האַנטווערקער־קלוב אין לאָדזש.

איידער עס זיינען אויפגעקומען די האַנטווערקער־קלובן זיינען אַ טייל בעלי־מלאכות, ווי בעקער און טישלער, געווען אָרגאַניזירט אין מנינים. די דאָזיקע מנינים, אָדער האַנטווערקער־שול, זיינען אויך געווען אַ זאַמלפונקט, וואו מען איז זיך צוזאַמענגעקומען צו באַטראַכטן פראַפעסיאָנעלע פראַגן און וואו מען פלעגט אויך פאַרברענגען ביי שפּילן אַ פאַרטיע שאַך, דאַמינאָ אָדער לייינען אַ צייטונג.

די איניציאַטיווע צו גרינדן אַ האַנטווערקער־קלוב אין טשענסטאָכאָוו איז געקומען פון לאָדזש. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסקלייבן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, זיינען געווען פאַרטראָטן באַלעבאַטים און אַרבעטער. צווישן די אַרבעטער אויף יענער פאַרזאַמלונג האָבן זיך געפונען משה וועקסלער, שמחה קאַלקע און א. כראַבאַלאָווסקי.. אין דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זיינען אַריין: אינזשעניר אַסאַראַדאַבריי, וואָלף גאָסטינסקי, שלמה ליבראָוויטש, לייבוש גאָלדשיידער, בער באַלזאַם, משה טענענבוים, שלמה קרויסקאָפּ און א. כראַבאַלאָווסקי. נישט געקוקט אויף דער שטעלונג פון די באַלעבאַטים, האָט די אַרבעטער־גרופּע אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן צו דער אַנטשטייאונג פון האַנטווערקער־קלוב.

אינזשעניר אסאראדאָבריי און א. כראַבאַלאָווסקי זיינען באַשטימט געוואָרן אַלס דעלעגאַציע קיין לאָדזש צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אינזשעניר קירשראַט. די ערשטע מאַסן־פאַרזאַמלונג פון די האַנטווערקער, אויף וועלכער די דעלעגאַטן קיין לאָדזש האָבן אָפּגעגעבן אַ באַריכט, איז פאַרגעקומען אין זאַל פון דער „לירא". אַ גרויסע צאָל

בעלי־מלאכות האָט זיך פאַרשריבן פאַר מיטגלידער. די זיצונגען פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון ש. ליבראָוויטש. אַ גרופּע אַמאַטאָרן, אונטער דער אָנפירונג פון הערשעלע פּייוולאָוויטש און דאָראַ שאַכער, האָט איינגעאָרדנט אַ פאָרשטעלונג אין זאַל „האַרמאָניאַ", וועלכע האָט אַריינגעבראַכט 150 רובל ריינעם ריוח. כמעט אַלע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע טוער און סאָציאַליסטן, ווי יעקב ראָזענבערג, יוסף אַראַנאָוויטש, האָבן פון ערשטן מאָמענט פון זיין גרינדונג זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַנטוויקלונג פון האַנטווערקער־קלוב.

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון האַנטווערקער־קלוב האָבן זיך געפונען: אינזשיניר פּ. ראַטנער, אינזשיניר אסראדאָבריי, וואָלף גאַסטינסקי, אַרטור בראַניאַטאָווסקי, יעקב שטייער, לודוויג גאָלדבערג, שלמה ליבראָוויטש, שלמה קרויסקאָפּ, פּ. זאַלצמאַן, לייבוש גאָלדשיידער, ל. צימערמאַן, משה טענענבוים, סטאַניסלאַוו הערץ, משה ווין.

הענריק מאַרקוספעלד איז נאָמינירט געוואָרן אַלס פּרעזעס.

אין די פאַרמלחמה־יאָרן האָט זיך דער האַנטווערקער־קלוב בעיקר פאַרנומען מיט קולטור־טעטיקייט און געזעליקייט־ענינים. עס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פאַמיליען־אָוונטן, קאָנצערטן און פאָרלעזונגען, עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, אַ לייען־זאַל. בכלל איז דער האַנטווערקער־קלוב געווען נאָך דער „לירא" די אַקטיווסטע קולטור־אינסטיטוציע.

אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט האָט אָבער דער האַנטווערקער־קלוב כמעט ווי גאָר נישט אויפגעטאָן. אייניקע פאַכן, ווי טישלער און היטל־מאַכער, האָבן געפּרואווט אָרגאַניזירן סעקציעס, אָבער עס האָט זיך נישט איינגעגעבן. דער האַנטווערקער־פאַראיין האָט אָבער געשאַפן איין וויכטיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאָלפן פאַרבעסערן די לאַגע פון זיינע מיטגלידער. דאָס איז געווען די צווייטע ליי־ און שפּאָר־קאַסע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1913 ספּעציעל פאַר האַנטווערקער, מיט דער הילף פון יק"א. די קאַסע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך זיגמונד שטילער — פּרעזעס, הענריק מאַרקוספעלד, אינזשיניר ראַטנער, חיים וועקסלער און וו. גאסטינסקי.

דער האַנטווערקער־קלוב האָט צוערשט פאַרנומען אַ גרויסן לאָקאַל אויף אַלייע 11, דערנאָך אויף אַלייע 27. אין יאָר 1913 האָט ער זיך איבערגעצויגן אויף אָגראָדאָווע 22. פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָן דער שפּיץ פון פאַראיין געשטאַנען אינזשיניר אסאָרדאבריי, אַלס פּרעזעס און דער וויצע־פּרעזעס — ד"ר היפּאָליט גייזלער, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון דייטשלאַנד און פּראַקטיצירט מעדיצין אין טשענסטאָכאָוו.

זינט דעם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז 1916 האָט דער האַנטווערקער־קלוב, פּונקט ווי אַ סך ניי־געשאַפענע פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס, זיך פאַרנומען מיט הילף־אַרבעט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביליקע קיך, אַ טיי־האַלע, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך טשענסטאָכאָווער יוגנט, מיט מ. אַש, מ. ישאַיעוויטש, ד. קרויסקאָפּ, ס. מאַקרויער און א. כאַיוטין אין דער שפּיץ. די ביליקע קיך און טיי־האַלע זיינען געשטיצט געוואָרן דורך דער „דאָבראָטשינאָשטש". בכלל האָט זיך אַ גרויסער טייל יידישע יוגנט אין די מלחמה־יאָרן אָרגאַניזירט אַרום האַנטווערקער־קלוב אין ספּאָרט־ און מוזיק־סעקציעס. די ספּאָרט־סעקציע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זעלבסטשטענדיקן ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין.

די מלחמה־יאָרן זיינען פאַר די מערסטע בעלי־מלאכות געווען גאָר שווערע. דאָס האָט באַוואויגן אַ גאַנצע רייע טוער אויפצולעבן דעם האַנטווערקער־קלוב. אויף יסודות פון זעלבסטהילף און פאַך־אָרגאַניזאַציע. צווישן די נייע טוער פון פאַראיין זיינען געווען: משה קאַץ, שמואל קאַץ, ישעיה גראַנעק, קאָפּל אורבאַך, אַבדהם פרידמאַן, ז. קרוג, דוד וואָלפאָוויטש און הערשל ווין. כמעט אַלע זיי זיינען געווען שניידער און בעקער, ווייל אין די דאָזיקע צווייגן איז לפי ערך געווען ווייניקער אַרבעטסלאָזיקייט ווי אין אַנדערע פאַכן. דער פאַראיין האָט אָרגאַניזירט כמעט אַלע פאַכן בעלי־מלאכות, און אין 1918 איז, טיילווייז אַ דאַנק דער הילף פון אַמעריקאַנער פאָנדן, געגרינדעט געוואָרן אַ קאַסע פאַר אלמנות און יתומים. אין 1919 איז באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון דער פאַרמלחמהדיקער ליי־און שפּאָר־קאַסע און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ גאַנצע רייע קאָאָפּעראַטיוון, ווי דער לעבנס־מיטל־קאָאָפּעראַטיוו „זעלבסטהילף" און עטלעכע רוי־שטאָף־קאָאָפּעראַטיוון פאַר פאַרשיידענע פאַכן. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פּאַטראָנאַט פאַר פּראָפעסיאָנעלער בילדונג פון לערן־ייִנגלעך.

אין 1919 האָט דער האַנטווערקער־קלוב שוין פאַרמאָגט העכער 530 מיטגלידער. ער האָט אויך אויסגעשפּרייט זיין טעטיקייט איבער אַ גאַנצער רייע שכנישע שטעטלעך, אין קלאַבוצק, קאמיק, קאָניעצפּאָל און קרזשעפּיץ, וואו עס זיינען געגרינדעט געוואָרן אָפּטיילונגען.

אין 1921 איז דורך דער פּוילישער מאַכט באַשטעטיקט געוואָרן דער נייער סטאַטוט פון פאַראיין. אַלס זיין הויפּט־אויפגאַבע איז באַצייכנט געוואָרן די פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פון האַנטווערקעריי. לויטן סטאַטוט האָבן צום פאַראיין געמעגט געהערן נאָר מייסטערס. דער אָפיציעלער נאָמען פון דעם פאַראיין איז געענדערט געוואָרן אויף „יידישע האַנטווערקער־רעסורסע". אָבער דער פאַראיין האָט זיך ווייטער גערופן „האַנטווערקער־קלוב".

אַחוץ די פריער־דערמאָנטע האָבן אין די יאָרן 1917—1923 אָנגעפירט מיטן האַנטווערקער־קלוב פאָלגנדיקע פּערזאָנען: צאָן־אַרצט מ. גרענעץ, פאָרזיצער אין 1918; ד"ר גייסלער פאָרזיצער פון 1918 אָן. די וויצע־פאָרזי־



די פאָרשטייער פון טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער-פאַרבאַנד און זיינע צעכן

ערשטע ריי פון רעכטס צו לינקס זיצן: י. פיש, פּ. שלעזינגער, מ. בלום, ד"ר ה. גייסלער, י. גאָלדבערג,, י. גראַנעק און ה. פרייערמויער.

צווייטע ריי פון רעכטס צו לינקס: מ. בראַון, א. גרייצער, י. שטייער, א. ווינער, מגר. ז. ראָזענצווייג, א. פּ. סידיצקי און ח. קאַלקאַ.

דריטע ריי פון רעכטס צו לינקס: נאַפּאַרטע, א. פּאַיעס, ד. קאָניעצפּאָלער, מ. זיסהאָלץ, מאָשקאָוויטש און מ. געלבער.

פירטע ריי פון רעכטס צו לינקס: ח. פּיטעל, נ. אוויעטשקאָ, ה. פריימאַן, י. איזראַעלעוויטש און ל. קאַץ.

צערס זיינען געווען: יעקב שטייער, הערשל ווגוק, אברהם דזשיאַלאָווסקי. אַלס אַקטיווע מיטגלידער פון פאַראיין אין דעם פעריאָד האָבן זיך אויסגעצייכנט: יעקב פיש, שמואל האָפּנונג, מיכאל איידעלמאַן, נפתלי דערעס און משה בערמאַן.

אין 1924 איז דער האַנטווערקער־קלוב אַרויסגעטראָטן מיט אַן אייגענער ליסטע אין די וואַלן. אַ. ז. פרידמאַן (גמינע־פאַרוואַלטונג), אַ. דזשיאַלאָווסקי, א. ליבערמאַן און י. גראַנעק. אין שטאָט־ראַט איז דער האַנטווערקער־קלוב געווען פאַרטראָטן דורך ד"ר ה. גייסלער און י. גאָלדבערג. אין ראַט פון באַנק „ספּולדזיעלטשי" — ד"ר גייסלער, ב. שטיבל, ש. לאריע. אין ראַט פון דער קראַנקען־קאַסע — א. יאַרקאָוויזנע, מ. גרענעץ, מ. איידעלמאַן. אין „טאָז" — י. גאָלדבערג.

---

אין 1927 האָט די פּוילישע רעגירונג אַדורכגעפירט אַ צעכן־געזעץ, וואָס האָט באַנייט אַ רייע אַלטע קאָמפּעטענצן פון צעכן מיטן ציל צו באַגרענעצן דעם יידישן צוטריט צו מלאכה. דער האַנטווערקער־פאַראיין האָט געפירט אַ שווערן קאַמף אָפּצושוואַכן די ווירקונג פון דער גזירה. צו דעם צוועק זיינען די עקזיסטירנדיקע סעקציעס ביים פאַראיין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעכן. לויטן געזעץ האָבן די צעכן אַרויסגעגעבן מייסטער־צייגענישן, אָן וועלכע מען האָט נישט געטאָרט עפענען קיין וואַרשטאַט. דער פאַראיין האָט אויך אָרגאַניזירט אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע יידישע האַנטווערקער־פאַראיינען אין דער קיעלצער וואָיעוואָדשאַפט, כדי צוגרייטן די מיטגלידער פאַר די וואַלן צו די האַנטווערקער־קאַמערן.

אין יענער צייט זיינען אין האַנטווערקער־פאַראיין פאָרגעקומען אינערלעכע רייבונגען און שטרייטיקייטן, סיי אויפן יסוד פון קאָנקורענץ צווישן פאַך־גרופּן, סיי צוליב אידעאישע חילוקי־דעות. אין די סעקציעס פון שוסטער, שניידער און טישלער האָבן געקעמפט צווישן זיך טאַנדעטניקעס, כאַלופּניקעס (אַזעלכע, וואָס נעמען די אַרבעט אַהיים) און באַשטעלטע (וואָס אַרבעטן לויט באַשטעלונגען). די פאַכן האָבן זיך צעטיילט אויף באַזונדערע סעק־

ציעס, ווי למשל: באַשטעלטע שניידער, שניידער כאַלופניקעס און הויזן־וועסט־מאַכער. אַמאָל פלעגט דעם האַנטווערקער־פאַראיין געלינגען די צעריסענע סעקציעס צו פאַראייניקן.

אַ שאַרפער קאַמף איז פאָרגעקומען אין פאַראיין אַרום די צוויי צענטראַלעס, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין וואַרשע: די ראַסנער־פאָלקיסטישע צענטראַלע אויף נאַלעווקעס און די ציוניסטישע צענטראַלע אויף לעשנאָ. דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־פאַראיין האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער פאָלקיסטישער צענטראַלע. שפּעטער האָט טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פאַראייניקןביידע צענטראַלעס אין איין צענטראַלן האַנטווערקער־פאַרבאַנד.

---

די יידישע צעכן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אונטערן דרוק פון צעכן־געזעץ, האָבן נאָכגעמאַכט די פּוילישע, סיי אין אויפבוי פון אַ געוויסער היעראַרכיע אין פאַך, סיי אין אויסערלעכע סימנים. יעדער צעך האָט זיך באַמיט צו האָבן אַן אייגענע פאָן אאַז״וו.

די פייערונג פון דער 15־יעריקער עקזיסטענץ פון טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־פאַראיין, אין 1928, איז געווען זייער אימפּאָזאַנט. אין דער פייערונג האָבן אָנטייל גענומען אַלע צעכן מיט זייערע פענער. דער פאַראיין האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ יובל־אויסגאַבע מיט דער געשיכטע פון פאַראיין און זיינע סעקציעס.

---

אין 1933 האָט זיך ביים טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־קלוב געשאַפן אַ גרופּע אונטערן נאָמען „חלוץ בעלי מלאכה״. אין 1934 האָט די טשענסטאָכאָווער גרופּע אָנטייל גענומען אין צוזאַמענפאָר פון אַלע אַזעלכע גרופּעס אין פּוילן. דער ציל פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז געווען מיטצוהעלפן דעם אויפבוי פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, באַמיען זיך צו באַקומען סערטיפיקאַטן פאַר האַנטווערקער און העלפן זיי אַריבערפאָרן קיין ארץ־ישראל.

די גרינדונג פון איין צענטראַלן האַנטווערקער־פאַרבאַנד אין וואַרשע האָט נישט אָפּגעשטעלט דעם פאַרביטערטן קאַמף פון די צוויי ריכטונגען (פאָלקיסטישע און ציוניסטישע) צווישן די בעלי־מלאכות. דער קאַמף האָט זיך זייער שטאַרק געפילט אין טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־פאַראיין. דעם 31טן מאַי און 1טן יוני 1936 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דעם 5טער האַנטווערקער־קאָנגרעס, אויף וועלכן טשענסטאָכאָוו איז געווען פאַרטראָטן מיט 14 דעלעגאַטן: דער קאָנגרעס איז געווען זייער אַ שטורמישער. די טשענסטאָכאָווער דעלעגאַציע האָט זיך ווידער באַמיט צו שאַפן אייניקייט, קיין שלום איז אָבער נישט דערגרייכט געוואָרן.

אין די אומשטענדן פון פּוילן, וואו די שווערע לאַסט פון שטייערן האָט באַזונדער שטאַרק געדריקט די יידישע באַפעלקערונג, איז דער האַנטווערקער־פאַראיין געווען געצוואונגען אָפּצוגעבן אַ גרויסע מאָס ענערגיע אויף שטייער־ענינים און אָפּצאָלן אין דער קראַנקען־קאַסע. אויף דעם געביט זיינען געווען טעטיק ד״ר ה. גייסלער און י. גאָלדבערג — אין מאַגיסטראַט און אַ. יאַרקאָוויזנע — אין דער קראַנקען־קאַסע.

אין 1924 האָט דער פאַראיין געשאַפן נאָך צוויי אָפּטיילונגען אין פּשעראָוו און אמסטאָוו.

אין 1928 האָט דער פאַראיין געציילט 1200 מיטגלידער מיט די וויטערדיקע 21 אָרגאַניזירטע סעקציעס:

שניידער־מייסטער־פאַראיין, קאַמאַשן־מאַכער־סעקציע, טישלער־סעקציע. פאַראיין פון בעקער־מייסטער, דרעקסלער־סעקציע, שוסטער־סעקציע, קירזשנער־מייסטער־סעקציע, שלאָסער־סעקציע. פאַראיין פון פריזירער־מייסטער, היטל־מאַכער סעקציע, סעקציע פון טריקאָטאַזש, שטרומפּ און העפטער־בראַנזשע, עלעקטראָ־טעכניקער־סעקציע, סעקציע פון זייגער־מאַכער, גאָלדשמידן און גראַווירער, שאַכטל־מייסטער־סעקציע, פאַראיין פון בלעכער־מייסטער, פליישער סעקציע, סעקציע פון צוקער־בעקער,

---

# „חלוץ בעל־מלאָכה״

די פאָלקס־חלוצישע באַוועגונג פון „חלוץ־בעל־מלאכה״ איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1933 לויט דער איניציאַטיוו פון דעם ציוניסטישן עסקן אברהם כץ.

דער טשענסטאָכאָווער סניף פון „חלוץ בעל־מלאכה״ איז געגרינדעט געוואָרן אין יולי 1934. ער האָט זיך באַוויזן מיט זיין טיכטיקער און אינטענסיווער אַרבעט און געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע און וויכטיקסטע סניפים פון דער אַלפּוילישער אָרגאַניזאַציע „חלוץ בעל־מלאכה״.

אין אָנהייב, ביי דער אַנטשטייאונג פון „חלוץ בעל־מלאכה״, האָט זיך באַמערקט אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם מצד דער אַלגעמיינער האַנטווערקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געזען אין „חלוץ בעל מלאכה״ אַ קאָנקורענץ־אָרגאַניזאַציע. אָבער מיט דער צייט, ווען מען האָט זיך איבערצייגט, אַז דער „חלוץ בעל־מלאכה״ פאַרנעמט זיך נאָר מיט קולטור־ און ציוניסטישער אַרבעט, האָבן זיך די געמיטער באַרואיקט, און פון די קרוב צוויי הונדערט מיטגלידער זיינע זיינען כמעט אַ העלפט געווען מיטגלידער אין ביידע אָרגאַניזאַציעס. צווישן די מיטגלידער פון

„חלוץ בעל־מלאכה" זיינען געווען אַ רייע צעכן־עלטסטע, ווי אויך אָנגעזעענע מיטגלידער פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד, און זיי האָבן אָנגעפירט אַן אינטענסיווע ציוניסטיש חלוצישע אַרבעט צווישן די ברייטע האַנטווערקער קרייזן.

עס איז געווען אַ גרויסער נחת־רוח צו זען, ווי יעדן אָוונט, נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג, האָבן די חברים האַנטווערקער מיט זייערע פרויען געשטראָמט אין זייער חלוצישער אָרגאַניזאַציע אויף אַלעיע 10.

דאָרטן פלעגן זיי לערנען העברעאיש, הערן פאַרטראַגן וועגן געשיכטע, ציוניזם און אַלגעמיין יידישע פראָבלעמען, באַקומען זייערע אויפגאַבן צו אַרבעטן פאַר די ארץ־ישראלדיקע פאָנדן. די חברים האָבן מיט ליבע און איבערגעבנקייט דערפילט יעדע יידישע און ציוניסטישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, וועלכע מען פלעגט אויף זיי אַרויפלייגן.

אַדאַנק דער שטאַרקער חלוצישער דיסציפלין, וואָס האָט געהערשט אין דעם סניף, האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַמיט און אינטערעסירט ניט נאָר מיט די חברים, זיי זאָלן זיין גייסטיק און פאַכמעניש צוגעגרייט צו דער עליה קיין ארץ־ישראל, נאָר אַז אויך זייערע פרויען זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו דער עליה און זאָלן זיין מסוגל צו העלפן זיי אין זייערע ערשטע שריט אין דעם נייעם לאַנד. אויך איז באַזאָרגט געוואָרן, אין שייכות מיט די פּערספּעקטיוון פון דער עליה, אַז די קינדער פון די חברים זאָלן זיך לערנען אין העברעאישע און ציוניסטישע דערציאונג־אַנשטאַלטן.

רעכענענדיק זיך מיט דער באַדייטונג פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, איז אין דער צענטראַלע פון „חלוץ־בעל־מלאכה" — אין דעם ועד הראשי אין וואַרשע אויסגעוויילט געוואָרן דער חבר שיינפעלד, אַלס אַ פאָרשטייער פון טשענסטאָכאָוו, ווי אויך חבר יעקב לעווקאָוויטש.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די נעמען פון די חברים, וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און האָבן מיטגעהאָלפן איר אַנטוויקלונג: שיינפעלד, יעקב לעווקאָוויטש, אַברהם גאָטליב, משה גאָלדבערג און ווילינגער. פון די ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן מיט זייער ציוניסטישער דערפאַרונג און האָבן געגעבן דעם טאָן און די מאָראַלישע הילף זיינען צווישן אַנדערע געווען די באַוואוסטע עסקנים ד"ר בראַם און ד"ר מערינג.

שוין אָנגעהויבן פון 1936 האָט די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע באַקומען כמעט ביי יעדער קוואָטע איינעם אָדער צוויי סערטיפיקאַטן פאַר די חברים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַרבעט און זיינען געווען ראוי און צוגעגרייט צו דער עליה. אַזוי אַרום האָבן אַדאַנק דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע עולה געווען קיין ארץ־ישראל די חברים: 1) אברהם גאָטליב, צעכן־עלטסטער פון מייסטער אין מעטאַל־פאַך אין טשענסטאָכאָוו, גוטער פאַכמאַן און ספּעציאַליסט אין דער מעטאַל־בראַנזשע. אין דער דאָזיקער ספּעציאַליטעט אַרבעט ער טיכטיק אַלס ווערקמייסטער אין איינער פון די גרעסערע פאַבריקן אין לאַנד, וואָס האָט זייער פיל אויפגעטאָן אין דער צייט פון דער מלחמה פאַר דער מלחמה־פּראָדוקציע.

2) משה גאָלדבערג, צעכן־עלטסטער פון בעקער־מייסטער, געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי „העובד", איצט אַן אייגענע בעקעריי אין רמת־יצחק.

3) וואָלף לאַנדסמאַן, שלאָסער־מייסטער, געוועזענער אינסטרוקטאָר אין דער האַנטווערקער־שול אין טשענסטאָכאָוו, באַזיצט אַן אייגענע שלאָסער־מעכאַנישן וואַרשטאַט אין ירושלים.

4) הערצבערג, שוסטער פון פאַך. נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט ער דערוואָרבן אַן אייגן שוך־פאַבריקל אין לאַנד.

5) בוכמאַן, בוי־אַרבעטער אין בני־ברק.

6) לאַסקי, טישלער־וואַרשטאַט אין חיפה.

7) שניאור, טאַפּעצירער־וואַרשטאַט אין חיפה, און נאָך חברים און חברות.

מיט איינעם פון די לעצטע שיפן פאַרן קריג האָט נאָך באַוויזן צו קומען קיין ארץ־ישראל דער חבר נחום שליאַך, אַ בעקער.

אַחוץ דעם האָט דער „חלוץ־בעל־מלאכה" אויסגעפּועלט סערטיפיקאַטן פאַר חברים, וואָס האָבן זיך געקאָנט באַווייזן מיט 250 פונט, ווי אויך „המלצות" („רעקאָמענדאַציעס").

די צאָל אייגנטלעכע בעל־מלאכהס פון טשענסטאָכאָוו, וואָס זיינען געקומען אין לאַנד, איז אין סך־הכל אַ קליינע, אָבער ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אויף יעדן סערטיפיקאַט זיינען געקומען עטלעכע פּערזאָן, קאָן מען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אין משך פון דער קורצער עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע „חלוץ בעל־מלאכה" אין טשענסטאָכאָוו האָבן עטלעכע צענדליק פּערזאָן אויסגעמיטן דעם גורל, וואָס האָט אַזוי טראַגיש געטראָפן דאָס גאַנצע טשענסטאָכאָווער יידנטום.

אין מיטן פון 1939 יאָר איז די באַוועגונג פון חלוץ בעל מלאכה געשטאַנען פאַר מעגלעכקייטן צו שיקן אַ גרעסערע צאָל חברים קיין ארץ־ישראל. די גרויזאַמע מלחמה האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פון דער דאָזיקער יונגער חלוצישער באַוועגונג, פּונקט אַזוי ווי זי האָט דערשטיקט דאָס שפּרודלדיקע און ברויזנדיקע לעבן פון פּוילישן יידנטום בכלל.

# קולטור און דערציאונג

## די גערטנער־שול

די גערטנער־פערמע אין טשענסטאָכאָוו איז אַנטשטאַנען אין שייכות מיט די טענדענצן פון פּראָדוקטיוויזאַציע, וואָס האָבן זיך אַלץ שטאַרקער באַמערקט אין פּוילן אויף דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט. די ערשטע צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן זיינען געווען די באַוואוסטע כלל־טוער לעאָפּאָלד ווערדע, הענריק מאַרקוספעלד, גראָסמאַן און סטאַניסלאַוו הערץ. זיי האָבן פאַר דעם ציל אין יאָר 1902 געקויפט אַ שטיק לאַנד פון אַן ערך צוואַנציק מאָרג.

די גערטנער־פערמע האָט אָנגעהויבן סך־הכל מיט צען שילער און האָט זיך צום ערשט באַנוגנט מיט בלומען־פלאַנצן.

אַ גערטנער־לערער איז אַנגאַזשירט געוואָרן פון דייטשלאַנד. די ערשטע שילער זיינען געווען פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט, אין עלטער פון 12 ביז 14 יאָר. דער בודזשעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פרייוויליקע נדבות און סובסידיעס פון דער יידישער גמינע.

פון די שילער האָט זיך נישט געפאָדערט קיין באַזונדער בילדונג, אָדער קוואַליפיקאַציעס, חוץ פיזישע צוגעפּאַסטקייט. דער פאַרוואַלטער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד און די שילער האָבן געמוזט אָפּהיטן אַלע רעליגיעזע יידישע דינים און טראַדיציעס, ווי דאַווענען, בענטשן אאַז"וו.

די שילער, וואָס האָבן נישט געזען פאַר זיך קיין פּערספּעקטיוון נאָך אַ צוויי־דריי יאָר לערנען אין אַזאַ שול, האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן מער וועלטלעכע בילדונג און ווייטערע אויסבילדונג אין פאַך. אָבער די געלטמיטלען פון דער פערמע זיינען געווען באַגרענעצט — זיינען די מייסטע שילער זיך צעלאָפן. געבליבן איז נאָר אַ 4 פּערזאָן.

דאָס האָט געדויערט ביז 1904. דעמאָלט האָט די „יקאַ" זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פערמע, באַשטימט אַ סובסידיע און אַנגאַזשירט דעם באַוואוסטן אַגראָנאָם ב ר ו ך ש נ י י ע ר ז אָ ן, וועלכער האָט די טשענסטאָכאָווער גערטנער־פערמע פאַרוואַנדלט אין איינע פון די בליענדיקסטע אינסטיטוציעס אין פּוילן.

די פערמע אין טשענסטאָכאָוו האָט אָנגעהויבן צו שמ'ען איבערן גאַנצן לאַנד. די צאָל שילער איז געוואקסן ביז 30. זיי האָבן דאָרט באַקומען פריי: עסן, וואוינונג, קליידער און געטראָגן ספּעציעלע אוניפאָרמען.

די אָנגענומענע שילער האָבן געמוזט קענען איינע פון די שפּראַכן: פּויליש אָדער רוסיש און אַ געוויסע מאָס אַריפמעטיק. ווייטערע בילדונג אין דער שול האָבן די שילער באַקומען פון אַ באַזונדער לערער. דער דירעקטאָר שנייערזאָן אַליין האָט געלערנט אַלע ספּעציעלע קעגנשטאַנדן פון גערטנער־פאַך: באָטאַניק, כעמיע, פיזיק, זאָאָלאָגיע אאַז"וו. מיט די פּראַקטישע אַרבעטן אויף דער פערמע האָט אָנגעפירט אַ פּוילישער גערטנער. אַלע איינריכטונגען, וואָס זיינען נויטיק געווען אין דער פערמע, ווי קאַסטנס פאַר די אינספּעקטן, בינשטאָקן און מכשירים זיינען געבויט און געשאַפן געוואָרן פון די שילער אַליין. אין דער פערמע איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ביבליאָטעק אין פאַרשיידנע שפּראַכן וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט גערטנעריי.

עס זיינען איינגעפירט געוואָרן „טשעפּליאַנקעס", וואַרעמע אינספּעקטן־פּענצטער. עס זיינען געהאָדעוועט געוואָרן פאַרשיידנאַרטיקע פלאַנצן: טראָפּישע און סובטראָפּישע, ווי צום ביישפּיל, מאַראַנצן און פייגן.

אין די „טשעפּליאַרניעס' זיינען אום ווינטער געוואקסן אוגערקעס, רעטעכלעך, סאַלאַט, מעלאָנען און אַרבוזן. הענריק מאַרקוספעלד האָט צוגעקויפט אַ גרויס שטיק פעלד און עס אַוועקגעשענקט דער פערמע. אויף דעם פעלד זיינען פאַרזייט געוואָרן פאַרשיידענע תבואות.

אַ פאַרשיידנאַרטיקער און גרויסער אויסקלייב פון פרוכט־ביימער איז פאַרפלאַנצט געוואָרן. פון זיי האָט מען גענומען שצעפּקעס צו קולטיווירן ווילדע ביימער. די קולטיווירטע ביימער זיינען אין די צענדליגער־טויזנטער צעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ רוסיש־פּוילן.

עס איז איינגעריכט געוואָרן אַ באָטאַנישער גאָרטן מיט הונדערטער פלאַנצונגען פון פאַרשיידענע לענדער.

דאָס אַלץ האָט געפאָדערט מער ווי די 6,000 רובל, וואָס די "יקאַ" און די גמינע האָבן געגעבן. כדי צו עפענען אַ נייעם קוואַל פון הכנסה איז געעפנט געוואָרן אַ בלומען געשעפט אין טשענסטאָכאָוו.

די פערמע האָט זיך אַזוי ווייט באַרימט געמאַכט מיט איר פּראַקטישער קענטעניש אין דער וועלט פון פלאַנצונגען, אַז די שטאָט האָט איר איבערגעגעבן איינצואָרדענען פאַרקן: דעם פּאַרק אין "אָסטאַטניע גראָש", שפּעטער אויך דעם שטאָטישן פּאַרק צו דער אויסשטעלונג אין יאָר 1911.

אין 1906 איז פאַרלייגט געוואָרן אַ סאָד פון הונדער־

טער ביימער און אַ רויזן־גאָרטן. אַפילו אַ קראַנקען־הויז פאַר זומער־פלאַנצונגען. די "ראָזאַרניע" פון דער פערמע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק צווישן די קריסטלעכע גערטנער אין פוילן. עס איז געווען אַ רויזן־הויז פון טויזנטער רויזן־קוזשאַקעס פון פאַרשיידענע סאָרטן און בליאונגען פון פאַרשיידענע צייטן. די רויזן זיינען צעשיקט געוואָרן אין די בלומען־געשעפטן פון פוילן און זיינען אויך טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אויסלאַנד.

אין חודש יאַנואַר, אין די גרויסע פרעסט, האָבן זיך שוין געוויזן די ערשטע רויזן פון דער יידישער גערטנער־פאַרמע אין טשענסטאָכאָוו. דער שניט האָט געדויערט ביזן חודש מאַי, ווען די רויזן פון די אָפענע גערטנער האָבן זיך אָנגעהויבן.



אַלגעמיין בילד פון דער פערמע

עס איז אויך געווען אַ ספּעציעלע טריקעריי פון צוויבל, נאַרציזן, טוליפּאַנעס, ליליעס און פאַרשיידענע אַנדערע בלומען.

אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין טשענסטאָכאָוו, אין 1911, האָט די יידישע גערטנער־פערמע אין טשענ־סטאָכאָוו גענומען אָנטייל און האָט באַקומען איין גאָלדע־נעם און צען זילבערנע מעדאַלן.

די ניט־יידישע גערטנער האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער פערמע פירט אָן אַ קריסט. דער דירעקטאָר שנייערזאָן האָט דעריבער געשיקט עטלעכע פון די שילער זיך אויסצובילדן אין די ספּעציעלע קולטורן פון פלאַנצונגען, כדי אַליין צו קענען אָנפירן מיט די פּראַקטישע אַרבעטן.

אַלץ האָט אָבער אָנגעהויבן צו גיין באַרג־אַראָפּ, ווען דירעקטאָר שנייערזאָן האָט אין 1913 פאַרלאָזן די פערמע. עס זיינען געקומען אַנדערע יידישע אַגראָנאָמען, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיט דירעקטאָר שנייערזאָן — אין פרט פון ענערגיע, אידעאַליזם, קענט־שאַפט און פאַכמאַנשאַפט.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, זיינען זיך אַ סך שילער צעפאָרן. די, וואָס זיינען פאַרבליבן, האָבן ווייטער געאַרבעט, מיט דער הילף פון אַ קליינער סובסידיע פון דער גמינע.

די "יקא" האָט באַנייט איר סובסידיע מיטן אָנקומען פון דירעקטאָר דובזשינסקי. די פערמע האָט שוין אָבער דעמאָלט אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער, שוין מער אַ חלוצישן. דעם הויפּט־אָרט האָט פאַרנומען די לאַנד־ווירטשאַפט, וואָס איז נויטיק פאַר ארץ־ישראל. די חלו־צישע אַרבעט איז געפירט געוואָרן ביז דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דירעקטאָר דובזשינסקי האָט פאַרלאָזט די פערמע און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַגראָ־נאָם פעלדשטיין. ניינציק פּראָצענט פון די שילער, וואָס האָבן געלערנט אונטער זיין אָנפירונג, זיינען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אונטער זיין אָנפירונג איז אויך געעפנט געוואָרן די שול פאַר מיידלעך, און פון גאַנץ פוילן זיינען געקומען מיידלעך, אַ סך פון זיי מיט העכערער בילדונג, זיך לער־נען דעם גערטנער־פאַך, כדי צו קענען עמיגרירן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך גוט צוגעפּאַסט צו דער פיזישער אַרבעט אין גאָרטן, ביי די ביימער, בלומען, אינספּעקטן, און אויך אין שטאַל ביי די קי.

דערמיט האָט זיך דער פּרעסטיזש פון דער שול גע־הויבן ביי יעדן יידן, איבערהויפּט ביים נאַציאָנאַלן עלע־מענט. עס האָט געמאַכט אַ זעלטענעם איינדרוק, ווען יונגע, געזונטע מיידלעך אין דער פאַרם־אוניפאָרם זיינען געשטאַנען אויף די טשענסטאָכאָווער גאַסן, מיט רידלס און צוזאַמענגענומען דאָס מיסט און עס געוואָרפן אויף פורן, וואָס האָבן עס אַוועקגעפירט אויף דער פערמע.



אַ גרופּע שילער מיט דירעקטאָר דאָבזשינסקי
און פּערסאָנאַל פון דער פערמע

אויך דער טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט דער פערמע. די פערמע האָט שוין אַפילו געזאָלט "באַשענקט" ווערן מיט געוויסע רעכט דורכן פּוילישן בילדונג־מיניסטעריום, אָבער גראָד דעמאָלט איז אַגראָנאָם פעלדשטיין אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע און די גאַנצע לאַגע אין דער פערמע האָט זיך געביטן.

די פערמע האָט איבערגענומען דער "השומר הצעיר". כמעט אַלע ביימער זיינען געוואָרן אויסגעהאַקט, די טשעפּליאַרניעס, די ראָזיאַרניע, אינספּעקטן, אַלע דעקאָ־ראַטיווע פלאַנצן — דאָס אַלץ איז פאַרניכטעט געוואָרן

און דער באָדן איז פאַרווענדט געוואָרן פאַר לאַנדווירטשאַפט. גרינס פון דער פערמע איז פאַרקויפט געוואָרן אויפן טשענסטאָכאָווער מאַרק. אַ סך חלוצים און חלוצות האָבן געאַרבעט אויסער דער פערמע, וואַרטנדיק אויף דער מעגלעכקייט אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל.

נאָך דעם ווי די פערמע איז איבערגעגאַנגען צום ״השומר הצעיר״ — האָט די יידישע קהילה זיך אָפּגעזאָגט זי צו סובסידירן. דעם צווייטן דעצעמבער 1927 איז די ״טשענסטאָכאָווער צייטונג״ אַרויס מיט אַן אַלאַרם־אַרטיקל, פאָדערנדיק פון דער גמינע צו זאָרגן פאַר דער פערמע, אונטער דער אָנפירונג פון „השומר הצעיר״.

דורך דער צייט פון איר עקזיסטענץ ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939, האָט די טשענסטאָכאָווער פערמע אַרויסגעגעבן הונדערטער שילער און שילערינס, וועלכע זיינען קוואַליפיצירט געוואָרן אַלס גערטנער און לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער.

פון די ערשטע שילער זיינען זיך אַ סך צעפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט: אַמעריקע, אויסטראַליע, אַרגענטינע. אָבער אַכציק פּראָצענט פון די שילער און שילערינס געפינען זיך אין ארץ־ישראל, סיי אין קיבוצים, סיי אויף אייגענע ווירטשאַפטן און אין באַטריב־גערטנעריי.

ווער עס איז נאָר דאָ, אין ארץ־ישראל, געקומען אין באַרירונג מיט די שילער און שילערינס פון דער גערטנער־פערמע אין טשענסטאָכאָוו, באַוואונדערט זייער אַרבעט און טיכטיקייט.

# די האַנטווערקער־שול

די טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין 1898. איר ערשטער גרינדער הענריק מאַרקוספעלד האָט זי געשאַפן, ווי אַ מאָנומענט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זיינע פאַרשטאָרבענע עלטערן אַדאָלף און ערנסטינא מאַרקוספעלד.



די אַבסאָלווענטן פון דער טישלער-אָפּטיילונג אין יאָר 1912
מיט ה. מאַרקוספעלד, אינזש. אסאראדאבוי
און ס. יאזשעמבינסקי בראש

די וויכטיקייט פון דער האַנטווערקער־שול קען מען נאָר אָפּשאַצן, ווען מען געדענקט, אַז דער יידישער האַנטווערקער אָדער בעל־מלאכה איז נאָך אין יענער צייט געשטאַנען אויף זייער אַ נידעריקער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער מדרגה. אַ מלאכה איז געגאַנגען האַנט־ביי־האַנט מיט עם־הארצות. אַ לערן־יינגל פלעגט אָפּגעגעבן ווערן אויף עטלעכע יאָר און אַ לאַנגע צייט מוזן טאָן מער הויז־אַרבעט, ווי לערנען זיך די מלאכה. אַ שניידער און אַ שוסטער האָט מען באַטיטלט מיט די נעמען: שניידעריונג, שוסטעריונג.

באַלד פון אָנהייב האָט זיך די האַנטווערקער־שול געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַראייניקן מלאכה מיט אַלגעמיינער בילדונג.

צום ערשטן איז די האַנטווערקער־שול געווען אַן אָפּטיילונג פון דער תלמוד־תורה און האָט טאַקע אָפיציעל געהייסן: ״יידישע האַנטווערקער־שול ביי דער תלמוד־תורה״. זי האָט פאַרנומען אַ דריי־שטאָקיקע געביידע אויף גאַרנצאַרסקע גאַס.

זי האָט געהאַט דריי אָפּטיילונגען: 1) מעכאַנישע שלאָסער־אָפּטיילונג, וואָס איז ביז דעמאָלט בכלל נישט געווען בנמצא ביי יידן; 2) מעבל־טישלעריי; 3) סטעלמאַכעריי. די דירעקטאָרן פון די אָפּטיילונגען זיינען געווען: שרייבער — מייסטער פון דער שלאָסעריי; אָקרענט — טישלער־מייסטער, יאַדזשעבינסקי (אַ קריסט) — סטעלמאַכעריי. לערער פון צייכענען איז געווען דער גרייז־גרויער זאַלצמאַן. מען דאַרף אויך דערמאָנען דעם שומר־הסף, קליין מרדכהלע.



די מעכאַנישע וואַרשטאַטן פון דער שול

די ערשטע צייטן זיינען געווען ווייניק קאַנדידאַטן גערן אָנצוקומען אין דער שול. אויב איך מאַך קיין טעות נישט, זיינען אין די ערשטע צייטן נאָר אָנגענומען געוואָרן אַזעלכע שילער, וואָס זייערע עלטערן האָבן געקענט איינצאָלן אין פאָראויס 150 רובל פאַר דריי יאָר. שפּעטער זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן שילער פון די אָרעמערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און נישט נאָר זיינען זיי באַפרייט געוואָרן פון אָפּצאָל, נאָר יעדער פון זיי האָט באַקומען אַ סובסידיע פון "יקא" — צען רובל יעדע דריי חדשים. שפּעטער איז עס רעדוצירט געוואָרן צו דער סומע פון 7.50 רובל. די שילער האָבן ביי טאָג געאַרבעט אין די ווערקשטאַטן און ביי נאַכט זיך געלערנט אויף די אָוונט־קורסן.

צווישן די שילער פון די ערשטע דריי יאָר זיינען געווען:

די ברידער אברהם און משה וועקסלער, שלמה דזשאַלאַשינסקי, שלמה ווין, חיים ווין — די אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פאַכמאַנשאַפט.

דער צושטראָם פון די שילער האָט זיך פאַרגרעסערט פון יאָר־צו־יאָר. אַ סך בית־המדרש־בחורים זיינען אָנגעקומען אין דער האַנטווערקער־שול. אין די יאָרן 1905—1904, ווען דער בעל־מלאכה און אַרבעט־מענטש האָט זיך אָרגאַניזירט און איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערער און געזעלשאַפטלעכער כוח — האָבן אין דער האַנטווערקער־שול אָנגעהויבן אָנצוקומען קינדער פון מער פאַרמעגלעכע עלטערן, אויך שילער פון מיטל־שול (גימנאַזיסטן).

אין משך פון דער צייט האָבן זיך די דירעקטאָרן געביטן. דעם אָרט פון דירעקטאָר שרייבער האָט פאַרנומען יעביץ. ער האָט אָבער נישט אויסגענומען ביי די תלמידים און האָט פאַרלאָזן די שול. זיין אָרט האָט ווידער פאַרנומען געווירצמאַן. דורך זיין איניציאַטיווע האָט מען אין דער האַנטווערקער־שול אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן צעכאָווע אַטעסטאַטן. אין די יאָרן 13—1912 האָט דעם דירעקטאָר־אַמט פון דער שול פאַרנומען אינזשיניר אַסאָראָדאבריי. אונטער זיין לייטונג האָט זיך די האַנטווערקער־שול דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ מאָדערנער טעכנישער שול. עס זיינען איינגעפירט געוואָרן לימודים מיט יערלעכע עקזאַמענעס און עס זיינען באַשטימט געוואָרן סובסידיעס פאַר די מער פעאיקע תלמידים צו קענען שטודירן אין אַ העכערער טעכנישער שול.

די אינסטיטוציע האָט באַקומען אַ שם אַלס ערשט־קלאַסיקע שול און עס האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען שילער נישט נאָר פון טשענסטאָכאָוו, נאָר אויך פון די אַרומיקע שטעט. מיט דער הילף פון „יקאַ" זיינען איינגעפירט געוואָרן נייע מאַשין־איינריכטונגען און די נאַפט־מאָטאָרן זיינען פאַרביטן געוואָרן מיט עלעקטרישע.

אין 1913 האָבן די הוצאות פון דער האַנטווערקער־שול באַטראָפן 11 טויזנט רובל. די הכנסה איז געווען: 1,500 רובל — פון דער יידישער גמינע, 500 רובל — די ברידער מאַרקוספעלד, „יקא" — 4,900 רובל, און 4,000 רובל פון שילער־אָפּצאָלונגען און באַשטעלטער אַרבעט.

הוץ די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען זיינען אין דער שול געווען באַשעפטיקט: אָקס (רוסיש, אַריפמעטיק און נאַטור־וויסנשאַפט), אַוונער (פּויליש און דייטש), פּרץ ווילענבערג (האַנט־צייכענונג), ווייסבערג (העברעאיש און יידישע געשיכטע).

צום שול־קאָמיטעט אין 1913 האָבן געהערט: הענריק און יוזעף מאַרקוספעלד, אינזשיניר ראַטנער, סטאַניסלאַוו הערץ, העניג, פרענקל, ד"ר באַטאַוויע און דירעקטאָר אַסאָראָדאָבריי.



אַ גרופּע שילער מיט ד"ר יוזעף מאַרקוספעלד און פּערסאָנאַל פון דער „פּערמע"

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען טשענסטאָכאָוו איז פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן, האָט זיך די סובסידיע פון דער „יקאָ", די הויפּט־שטיצע פון שול־בודזשעט, אויסגעלאָזט. די אַרבעטער האָבן ניט געקענט באַצאָלן דעם שכר־לימוד און נישט פאָרזעצן זייערע לימודים. צו הילף דער שול איז דאַן ווידער געקומען הענריק מאַרקוספעלד, וועלכער האָט געגעבן דער שול איבערצואַרבעטן און רעסטאָרירן אַ סך מאַשינעס, וואָס זיינען באַשעדיקט געוואָרן בשעת דער שרפה אין דער „מאַליאַרניע" אַ גאַנץ קורצע צייט פאַר דער מלחמה. דערמיט האָט די האַנטווערקער־שול באַקומען די מעגלעכקייט צו צאָלן די אינסטרוקטאָרן וועלכן עס איז געהאַלט, ביז די לייטונג האָט געקענט צוזאַמענשטעלן אַ בודזשעט און באַנייען די טעטיקייט.

נאָך דער מלחמה, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די עליה קיין ארץ־ישראל און פון די עולים האָט זיך געפאָדערט אַ געוויסע פאַך־צוגרייטונג — זיינען ביי דער האַנטווערקער־שול געעפנט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר שלאָסער־ און טישלער־פאַכן, וואָס זיינען נויטיק געווען אין ארץ־ישראל. צענדליגער יונגעלייט און דערוואַקסענע האָבן אין משך פון עטלעכע חדשים באַקומען עלעמענטאַרע פאַך־בילדונג און דערמיט איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען אין ארץ־ישראל ביי פּאַסיקער אַרבעט אַ סך עולים.

אין די שפּעטערע יאָרן, ווען עס איז דורך דער פּויּלישער רעגירונג אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס באַקאַנטע



אַ גרופּע שילער מיט דעם פּערסאָנאַל פון דער האַנטווערקער-שול אין שול-יאָר 1930

אינדוסטריע־געזעץ פון 15טן דעצעמבער 1929 (מען האָט עס דעמאָלט גערופן: צעכן־גזירה), וואָס האָט איינגעפירט באַגרענעצונגען פאַרן האַנטווערקער און איז געווען געצילט קעגן יידישן בעל־מלאכה — זיינען ביי דער האַנטווערקער־שול, מיט דער מיטווירקונג פון האַנטווערקער־קלוב, געעפנט געוואָרן דריי־יעריקע דערגאַנצונג־קורסן, אין וועלכע די לערן־יינגלעך האָבן אין משך פון דריי יאָר באַקומען די טעאָרעטישע פאַך־ און עלעמענטאַרע קענטעענישן, וואָס זיינען לויטן געזעץ נויטיק געווען פאַר דעם עקזאַמען.

די האַנטווערקער־שול האָט דערמיט נישט נאָר אויסגעשולט קאַדרען פון הונדערטער גוט־אינטעליגענטע יידישע בעלי־מלאכות, נאָר אויך געשאַפן אינסטרוקטאָרן, און בכלל געהאָלפן אויפצוהייבן אויף אַ העכערן מצב אונדזער האַנטווערקערטום.

---

# אַרבעטער קינער־היימען און פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ

די גרינדונג פון די קינדער-היימען. — דער אַרבעטס-פּראָגראַם. — די אַנטשטייאונג פון די פאָלקס-שולן. — די שטיצע פון טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע. — די גרינדונג פון ציש"א-אָפּטיילונג. — דער פייערלעכער חנוכת-הבית פון אַן אייגן שול-הויז. — שווערע פּעריאָדן אין דער עקזיסטענץ פון דער שול. — פייערונגען און יום-טובים.

דער אָנהייב פון וועלטלעכן יידישן שולוועזן אין פוילן זיינען געווען די קינדערהיימען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. זייער ציל איז געווען צו ראַטעווען די היימלאָזע קינדער און יתומים פון הונגער און מגפות. אין דער שפּיץ פון די ערשטע קינדערהיימען זיינען געשטאַנען י. ל. פּרץ, דינעזאָן און שפּעטער אויך דער פירער פון „בונד" וולאַדימיר מעדעם. זייער יסוד איז אָבער געווען די ליבע צום יידישן קינד, נישט קיין פילאַנטראָפּיע. דעריבער טאַקע האָבן זיי זיך אַזוי שיין צעבליט און ברייט צעוואַקסן און געוואָרן דער גרויסער וואונדער אין לעבן און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער־ און אָרעמע מאַסן אין פוילן.

די ערשטע קינדערהיים אין טשענסטאָכאָוו איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער ס"סישער פּאַרטיי, וואָס האָט גלייך מיט אַנדערע פּאַרטייען און גרופּן אויפסנייי אויפגעלעבט אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

דער קאָמיטעט, וואָס איז געווען באַשטימט אַדורכצופירן די אַרבעט, איז באַשטאַנען פון: משה ווערקסלער, חיה וואַגאַ, ריווטשע ווערקסלער, דודעק שלעזינגער, רפאל פעדערמאַן, רייזל פייערטאָג, אסתר פוקס. די ערשטע סומע פון 70 מאַרק איז געשאַפן געוואָרן פון אייגענע חברים. מען האָט אויסגעזוכט אַ לאָקאַל פון 5 ליכטיקע, זוניקע צימערן אויף קרוטקע גאַס 17. דאָס איז געווען די פּאַסיקסטע געגנט פאַרן קינדערהיים, ווייל עס איז געווען נישט ווייט פון דער וואַרשעווער גאַס, וואָס גרענעצט זיך מיט גאַרנצאַרסקע, נאַדזשעטשנע, קאָזשע און סענאַטאָרסקע. פון דער צווייטער זייט איז דער לאָקאַל געווען נאָענט צו די וואַלעס און די גאַס גופא איז געווען אַ ריינע און ווייניק באַוואוינטע.

דאָס מעבל פון קינדערהיים איז געקויפט געוואָרן פון אַ ליקווידירטער העברעאישער קינדערהיים, וואָס האָט זיך געפונען אין די שפּייכלערס פון שלעזינגערס פאַבריק. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אַליין איבערגעטראָגן דאָס „מעבל" אין די פריש־אויסגעמאָלטע צימערן פון קינדערהיים. חברים האָבן געקליבן און געשענקט שפּילצייג. חברים האָבן געשאַפן מכשירים צום קאָכן און עסן. אַ פּיאַנע איז אויפגעזוכט געוואָרן און די פרייד איז געווען אומבאַשרייבלעך צו זען פאַר זיך אַן אייגענעם היים פאַר יידישע קינדער.

שווער איז געווען צו געפינען די פּאַסיקע ערשטע לערערין. אָבער גאָט האָט געהאָלפן און צוגעשיקט יוזשע שטאַם, וואָס האָט שוין געהאַט פּראַקטיק אויף דעם געביט אין אַ העברעאישער קינדערהיים. איר פאָלקסטימלעכקייט, פאַרשטענדעניש און טיפע ליבע צום יידישן קינד האָט זי דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן אידעאַלער פּיאָנערין פון די יידיש־וועלטלעכע שולן. זי האָט אין אָנהייב אַליין געדאַרפט שאַפן אַפילו דעם יידישן פּעדאַגאָגישן מאַטעריאַל פון העברעאיש און פויליש.

די צווייטע צו איר, חיה וואַגאַ, איז אויסגעקליבן געוואָרן פון די אייגענע רייען. זי האָט תחילת געאַרבעט אַלס געהילפין מיט יוזשע שטאָם, און שפּעטער געוואָרן זעלבסטשטענדיקע פירערין פון קינדערהיים „פּאַראייניקטע", וואָס איז געעפנט געוואָרן אויף סטראַזשאַצקאַ 10.



דאָס הויז אויף קראָטקע 17, וואו ס'האָט זיך געפונען די ערשטע קינדער־היים

די קינדער אין עלטער פון 4 ביז 7 יאָר, זיינען געקומען פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער געטאָ. זיי זיינען געווען פאַרהונגערט און פיזיש פאַרוואָרלאָזט. מען האָט זיי דערנערט, געהיילט די פאַרלאָזטע קעפּלעך, די קראַנקע אויגן; מען האָט זיי געשאָרן, געוואַשן און זיי געלערנט זיך ריין צו האַלטן. מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר אַ דאָקטער און פאַר מעדיצינען, צומיינסטן לעבערטראַן (קאַטליוווער אָיל), וואָס יעדעס קינד האָט באַקומען יעדן טאָג; מען האָט געמוזט איינאָרדענען עלטערן־פאַרזאַמלונגען און פירן מיט זיי געשפּרעכן וועגן היגיענע פון קינד. דאָס האָט געפאָדערט אַזוי פיל אַרבעט און איבערגעבנקייט, וואָס עס איז שווער צו באַשרייבן.

אָפּשאַצן די דאָזיקע אַרבעט קען נאָר דער, וואָס האָט געקענט די קינדערהיימען פון די ערשטע טעג פון זייער שאַפונג אונטער די שווידערלעכע באַדינגונגען פון מלחמה און דייטשישער אָקופּאַציע. מען האָט געדאַרפט זען ווי די קינדער האָבן אויסגעזען ביים אָנקומען מיט די געשוואָלענע בייכלעך, צעבויגענע פיסלעך און אַלע איבעריקע צרות, וואָס מלחמה, הונגער און אָרעמקייט האָבן אויף זיי געבראַכט, כדי שפּעטער צו באַוואונדערן זייער אַנטוויקלונג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זייערע טענץ, געזאַנג, פאַרשטעלונגען און קינדערשע אַרבעט.

די דערנערונג פון די קינדער איז באַשטאַנען פון אַן אָנבייסן, צוגעגרייט אין דער קיך פון קינדערהיים און אַ מיטאָג, וואָס איז אין אַנהייב געבראַכט געוואָרן אין וויאַדרעס פון דער אַרבעטער־קיך אויף סטראַזשעצקע גאַס. די ווירטשאַפטעריז, ד"ה די באַלעבאָסטע פון קינדערהיים, חברטע פּראַדל, אָדער „די שוואַרצע פּראַדל", איז געווען אַן אמתע, ליבע מאַמע צו די קינדער. שפּעטער האָט מען אויך מיטאָגן געקאָכט אין דער קיך פון קינדערהיים.

אַ גרויס אָרט אין קינדערהיים האָט פאַרנומען מוזיק. אונטער די טענער פון דער פּיאַנע האָבן די קינדער אַדורכגעפירט זייערע ריטמישע איבונגען, מאַרשירט, געטאַנצט, געזונגען און זיך געשפּילט. דעריבער איז די מוזיק לערערין „טערעניעלע", פר"ל טערעזע פייגענבלאַט, געווען אַזוי באַליבט ביי די קינדער. מוזיק אין קינדערהיים און שפּעטער אין דער שול האָט געהאַט די גרעסטע ווירקונג אויף דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון די קינדער.

די לידער, וואָס די קינדער האָבן געזונגען זיינען געווען: קינדערלידער און מאַרשן, ספּעציעל געשריבן פאַר די קינדערהיימען, לידער וועגן פרילינג, זומער, ווינטער, יעשען און לידער וועגן יידישע יום־טובים: חנוכה־לידער, פורים־לידער און אַנדערע יום־טובים. דאָס געזאַנג פון קינדערהיים האָט זיך צעטראָגן איבער די יידישע



די ערשטע קינדער־גרופּע מיט זייערע דערציערינס פון קינדערהיים „פּאַראייניקטע"

אָרעמע היימען און גאַסן און אַריינגעבראַכט פרייד און דערמונטערונג אין דעם שווערן, פאַרחושכטן לעבן פון די אָרעמע יידישע מאַסן.

דער פּראָגראַם פון קינדערהיים איז באַשטאַנען אין

דערציילן מעשהלעך, אין שמועסן צוגעפּאַסט צו יעדער געלעגנהייט און אין פּראַקטישע אַרבעטן מיט פּאַפּיר, האָלץ, זאַמד און ליים. דאָס אַנטוויקלען דאָס קינדערשע געפיל און אויג פאַר פאַרבן און מאָלערייען איז געווען איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבן פון קינדערהיים. ליבע צו דער נאַטור איז געוועקט געוואָרן דורך אָפטע שפּאַצירן אויף די פעלדער, לאָנקעס און פּאַרקן. זומער האָבן די קינדער צומייניסטן פאַרבראַכט אין גאָרטן נעבן קינדערהיים.



דאָס הויז אויף סטראַזשאצקא 10 וואו ס'איז געווען די 2-טע קינדער-היים

די קינדערהיים איז געוואָרן נישט נאָר אַ דערציערישע, הילף־ און הייל־אינסטיטוציע פאַר די קינדער, נאָר אַן אמתע היים. די ליבע פון די קינדער צום קינדערהיים און צו די לערערינס איז געווען אומבאַשרייבלעך. אַ טייל קינדער האָבן נישט פאַרלאָזן די קינדערהיים ביזן שלאָפן גיין.

די קינדערהיים איז געווען די ליבסטע אינסטיטוציע ביי אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן און אַרבעטער, אָן שום חילוק פון פּאַרטיי־ריכטונג. די אַרבעטער־פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן געשטיצט די קינדערהיים מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געווען מעגלעך.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און צוזאַמענברוך פון קייזער־/עכן ו ייטשלאַנד, איז פּוילן אויפגעשטאַנען תחית־המתים. **פרישע פרייהייט־ווינטן האָבן זיך געטראָגן פון מזרח און מערב.** די אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך פאַרשטאַרקט און צעוואָקסן, און צוזאַמען דערמיט איז געוואָקסן און זיך פאַרשפּרייט די שענסטע און גרעסטע שאַפונג פון די יידישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן — די קינדערהיימען און פאָלקשולן.

באַלד נאָך דער מלחמה איז אין טשענסטאָכאָוו געעפנט געוואָרן אַ צווייטע קינדערהיים אויף סטראַזשאצקא 10 אונטערן נאָמען: קינדערהיים „פאַראייניקטע". די ס. ס. האָט דעמאָלט געביטן איר אַלטן נאָמען פון די יאָרן 5—1904 אויף „פאַראייניקטע". און אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דעם פּעריאָד האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דער פּאַרטיי, פּונקט אַזוי ווי די בונדישע אינסטיטוציעס זיינען באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „מעדעם' און די פּועלי־ציוניסטישע — „באָראָכאָוו".

די וואוינונג פאַר דער צווייטער קינדערהיים איז איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאַרטיי דורך יוזשעק פּינקעלשטיין. ער איז אין די יאָרן 5—1904 געווען אַ גאָר יונגער עס־עסאָוועץ, אין אַ מונדיר פון אַ רוסישן גימנאַזיסט. שפּעטער איז ער ווי אַ סך אַנדערע פאַרשוואונדן פון טשענסטאָכאָוו, און זיך צוריקגעקערט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די וואוינונג האָט פאַרנומען זיין באָבע. נאָך איר טויט האָט ער אַריינגעשטעלט די מעבל אין שלעזינגערס שפּייכלערס און איבערגעגעבן די דירה דער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אַ גאָר גרויסע מציאה, ווייל קיין ליידיקע דירות זיינען אין פּוילן נישט געווען צו געפינען.

די לייטונג פון קינדערהיים צוויי האָט איבערגענומען חיהלע וואַגאַ. מיטביידע קינדערהיימען האָט אָנגעפירט איין פאַרוואַלטונג און פּעדאַגאָגישער ראַט, אין וועלכן עס האָט זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט רייזעלע פייערטאַג־בערקענשטאַט, די ווירטשאַפטערין פון צווייטן קינדערהיים איז געווען מלכה בראַט, וועלכע איז געשטאָרבן אין גאָר יונגן עלטער.

דעם פּלאַץ פון אַ געהילפין אין ערשטן קינדערהיים האָט פאַרנומען פייגעלע בערלינער, אַ טאָכטער פון פרומע עלטערן, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ליבע צום קינד. אונטער דער לייטונג פון יוזשע שטאָם איז זי אויסגעוואַקסן אַן אויסגעצייכנטע פרעבעליסטין. שפּעטער האָט זי מיט מאַשע קאַלאַבוס, אַ קינדערהיים־לערערין, וואָס איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו פון ווילנע, דערהויבן די טשענסטאָכאָווער קינדערהיימען ווי אַ מוסטער פאַר די יידישע קינדערהיימען אין פּוילן.



אַ גרופּע קינדער ביים שפּילן

ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן האָט מען פאַר זיי געעפנט די ערשטע קלאַס פאָלקשול, אָנגעפירט דורך נאַטשאַ וואַרשאַווסקאַ און רייזעלע פייערטאַג. שפּעטער האָט איר פּלאַץ אַלס לערערין אין דעם ערשטן

קלאַס פאַרנומען רבקה צוקער פון שעדלעץ. מיט דעם צווייטן קלאַס פאָלקשול האָט אָנגעפירט איינע פון די שוועסטער פאָלע פרידמאַן, אויך פון שעדלעץ. די צווייטע שוועסטער מאַניע איז געוואָרן לערערין פון קינדערהיים אויף קרוטקא 17, ווען יוזשע שטאַם האָט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו. די ערשטע און צווייטע קלאַס פאָלקשול, צוזאַמען מיטן קינדערהיים נומער צוויי „פּאַראייניקטע" האָבן זיך געפונען אין הויז אויף סטראַזשעצקא 10.


אַ גרופּע קינדער ביים עסן

אין זומער 1920, אין סאַמע ברען פון דער פּוילישער מלחמה מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט טשענסטאָכאָוו באַזוכט פריינד מענדל שוכטער. ער האָט מיט זיך געבראַכט הילף פאַר די שולן, געשיקט דורכן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק און פון הילף־פאַראיין אין שיקאַגאָ. ער האָט מיטגענומען מיט זיך רפאל פעדערמאַנס פּלאַן אויפצובויען אַ הויז פאַר די קינדערהיימען און פאָלקשולן.

אין יאָר 1922 זיינען קיין טשענסטאָכאָוו געקומען די צוויי דעלעגאַטן פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק, לואיס שימקאָוויטש און לואיס שוואַרץ, מיט אינסטרוקציעס צו קויפן אַן אייגן הויז פאַר די קינדערהיימען און פאָלקשול. ביז דעמאָלט האָבן מיט די יידישע שולן אין טשענסטאָכאָוו אָנגעפירט דריי פּאַרטייען: די „פּאַראייניקטע" — צוויי באַזונדערע קינדערהיימען און דריי קלאַסן פאָלקשול; די פּועלי־ציון אָדער „באָראָכאָוצעס" — איין קינדערהיים און איין קלאַס פאָלקשול; דער „בונד" אָדער גראָסער־קלוב, וואָס האָט שוין געהאַט איינגעאָרדנט די מעבל און זיך געגרייט צו עפענען אַ קינדערהיים. עס האָבן אויך עקזיסטירט דריי באַזונדערע ביבליאָטעקן ביי די פּאַרטייען. עס האָט שוין אָבער פונקציאָנירט אַ געמיינזאַמער פּאַרטיילונג־קאָמיטעט, וואָס האָט פאַרטיילט די סומען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע צווישן די קולטור־ און הילף־אינסטיטוציעס, פון אַלע פּאַרטייען.

אונטערן דרוק פון די דעלעגאַטן פון אַמעריקע איז געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעכע פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע שולן. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פינף „פּאַראייניקטע", צוויי פּועלי־ציון און איין בונדאָוועץ. דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען רפאל פעדערמאַן.

די דעלעגאַטן פון אַמעריקע האָבן קיין פּאַסיק הויז פאַר די שולן נישט געפונען. זיי האָבן דעריבער, צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון די שולן, באַשלאָסן צו קויפן דעם פּלאַץ מיטן קליינעם הויז אויפן הויף אויף קרוטקע 23. דאָס אייגנטלעכע הויז פאַר דער שול האָט איצט געדאַרפט אויפגעבויט ווערן. די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן אויפצובויען דאָס הויז האָט איבערגענומען מ י כ א ל אַ ל ט ע ר.

זונטיק דעם 6טן יולי 1924 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען דער פייערלעכער חנוכת הבית פון הויז. שבת, דעם 5טן יולי, איז לכבוד דער דערעפענונג פון בנין פאָרגעקומען אַ קינדער־קאָנצערט אין טעאַטער „נאָוואָשטשי", ערשטע אַלייע 12. זונטיק, 8 אָוונט, איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון די פירער פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן און ביינאַכט דעם זעלביקן טאָג איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט אין זאַל „נייע וועלט".

צום חנוכת הבית זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו די פירער פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי ד"ר יוסף קרוק, זרובבל, ביינ'ש מיכאַלעוויטש, פאָרשטייער פון אַ סך שטעט און שטעטלעך פון פוילן. פון אַ גאַנצער רייע פערזענלעכקייטן זיינען אָנגעקומען באַגריסונגען. עס איז געווען דאָס ערשטע אייגענע הויז, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פאַר יידישע שולן אין פוילן.

דאָס נייע הויז האָט געהאַט ברייטע ליכטיקע קאָרידאָרן, גרויסע זאַלן פאַר די שול־קלאַסן מיט ברייטע ווענעציאַנישע פענצטער. נעבן הויז איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ גאָרטן מיט פאַרשיידענע ביימער און געוויקסן כדי צו באַקענען די קינדער מיט באָטאַניק, וואָס איז דעם יידישן קינד פון די אָרעמע געסלעך געהאַט געווען אינגאַנצן פרעמד.

דאָס לערן־יאָר 1924 האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין אייגענעם הויז מיט די ברייטע זוניקע זאַלן. די קינדערהיים אויף סטראַזשאַצקע 10 האָט זיך אויך איבערגעצויגן.


די קינדער פון דער באַראָכאָוו קינדער-היים

די קינדערהיים אויף קרוטקע 17, אין הויז פון שמילע־וויטש (קאָוועברענער), איז אַנגעפירט געוואָרן אין דעם זעלביקן הויז ווי פריער.



דאָס הויז פון דער י. ל. פרץ שול
אויף קרוטקע 23

סוף 1924 איז א. כראַבאַלאָווסקי צוריקגעקומען פון אַמעריקע. די שולן האָבן שוין געהאַט אַ גרעסערן פער־סאָנאַל לערערינס, ווייל מיט יעדן יאָר איז צוגעקומען אַ העכערער קלאַס. די פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ שווערע. די שולן האָבן אַ סך געליטן צוליב דעם, וואָס רפאל פעדערמאַן איז אַרויסגעטראָטן פון דער מערהייט־פראַקציע, וועלכע האָט שוין געהייסן „אומאָפּהענגיקע" און איז אַריינגעטראָטן אין „בונד". מיט דער שול האָט אָנגעפירט מיכאל אַלטער, דער פאָרזיצער פון דער פאַר־וואַלטונג איז געווען ש. נירענבערג.

אין יאָר 1925—1926 האָט די פאַרוואַלטונג פון די שולן איבערגענומען א. כראַבאַלאָווסקי. דער אָנהייב פון דעם שוליאָר ביז אַרום ניי־יאָר 1926 איז געווען אַ זייער שווערער פאַר די שולן. די לערערינס האָבן פשוט גע־הונגערט און עס איז געווען אַ סכנה די שול זאָל גע־שלאָסן ווערן. דער טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט — דאָס דאַרף דערמאָנט ווערן צו גוטן — האָט דעמאָלט באַשטימט אַן איינמאָליקע שטיצע פון טויזנט זלאָטעס, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די לערער. שפּעטער האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען הילף פון שיקאַגאָ, פון טשענ־סטאָכאָווער רעליף און ליידיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק. דער לערער־פּערסאָנאַל האָט באַקומען דאָס יאָר נאָרמאַל אויסגעצאָלט שכירות. אויך די פּעדאַגאָגישע אָנפירונג פון די שולן האָט זיך אין דעם יאָר פאַרבעסערט.

סוף 1926 האָט א. כראַבאַלאָווסקי שוין אויף שטענ־דיק פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו. די פאַרוואַלטונג פון די שולן האָט איבערגענומען אברהם בראַט, וועלכער איז געבליבן אויף זיין אַרבעט ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין יאָר 1928 האָט גראַדואירט פון דער שול די ערשטע גרופּע קינדער, וואָס האָט פאַרבראַכט אין קינ־דערהיים און שול גאַנצע ניין יאָר. די נעמען פון די קינדער זיינען געווען: פראַדעלע בערקאָוויטש, שמשון בערקאָוויטש, גיטקעלע ראָזען, רייזעלע קריצער, זלאַט־קעלע.



דער עלטערן-קאָמיטעט פון דער י. ל. פרץ שול
זיצן פון רעכטס צו לינקס: אשר הימעלמאַן, ל. בערקאָוויטש, אַברהם בראַט און אַנדערע

דאָס פאָרענדיקן פון שול־יאָר אין זומער 1929 איז געווען אַ גרויסע געשעעניש. די פייערונג האָט מען אַראָפּ־גענומען אין אַ פילם, וואָס איז געשיקט געוואָרן פאַרן רעליף אין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט.



די ערשטע גראַדואירטע פון דער שול מיט זייערע לערער

די לאַגע פון די שולן האָט זיך ווידער פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. די דעפּרעסיע אין אַמעריקע און דער קאַמף צווישן די רעכטע און לינקע האָט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשטעלט די הילף, וואָס די שולן פלעגן באַ־קומען פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק. אין דער זעלביקער צייט איז די לאַגע אין פּוילן בכלל און אין טשענסטאָכאָוו בפרט געוואָרן אומדערטרעגלעך. די רע־אַקציע און דיקטאַטור פון דער מיליטערישער קליקע,

וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, איז געוואָקסן. אויף די שולן האָבן זיך געשאָטן גזירות אָן אויפהער. אַלע סובסידיעס פון מאַגיסטראַט און אפילו די הילף אין קוילן, וואָס די י. ל. פּרץ־קינדערהיים פלעגט באַקומען פון דער שטאָט, זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. דערצו איז צוגעקומען די סכנה פון ליציטאַציע פונעם הויז צוליב אַ חוב פון עטלעכע הונדערט דאָלער, וואָס די פאַרוואַלטונג האָט געבאָרגט. די לאַגע איז אויך געוואָרן פאַרשאַרפט צוליב דעם פּאַרטיי־קאַמף אין דער פאַרוואַלטונג. בעיקר צווישן „בונד" און „אומאָפּהענגיקע".



די לערער און אַ גרופּע שילער פון קינדער־היים און פאָלק־שול אין 1926-27

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די י. ל. פּרץ־שול מיט אַלע אירע זיבן קלאַסן האָט זיך פאַרמאַכט. די וואוינונג פון קינדערהיים אויף קרוטקע 17 איז אויפגעגעבן געוואָרן און די קינדערהיים איז ווייטער געפירט געוואָרן אין הויז, וואו די שול האָט זיך פריער געפונען. צוליב דער שווערער לאַגע איז אויך פאַרדונגען געוואָרן צו פּריוואַטע פּערזאָנען אַ וואוינונג אין הויז אויפן הויף פון דער שול. אָבער אויך דאָס אויסהאַלטן פון קינדערהיים אַליין איז געווען שווער צוליב דער קנאַפּער הילף פון אַמעריקע. כדי צו שאַפן אָרטיקע הילף האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו געגרינדעט אַ פרויען־קאָמיטעט, אונטער דער פירערשאַפט פון פרוי סארנא. אויך פרוי טערעניע פייגענבלאַט־קאַפּינסקאַ (פרוי פון מאָריץ (משה) קאַפּינסקי), די פריערדיקע מוזיק־לערערין פון קינדערהיים, איז געווען טעטיק אין קאָמיטעט.

אין 1938 איז די „אומאָפּהענגיקע" פּאַרטיי ליקווידירט געוואָרן דורך דער פוילישער רעגירונג. אייניקע אַקטיווע טוער פון די שולן, ווי אברהם בראַט און וואָלף פייגע, זיינען אַריינגעטראָטן אין „בונד". אין דער פאַרוואַלטונג און פירונג פון קינדערהיים זיינען דאַן פאָרגעקומען ענדערונגען צום בעסערן. דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אהרן פּרץ און משה בערקענשטאַט זיינען אַריין אין דער פאַרוואַלטונג. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און די נאַצישע רוצחים זיינען באַפאַלן פוילן.

אַ געוויסע צייט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע זיינען אין הויז פון די שולן איינגעאָרדנט געוואָרן יידישע פליטים פון לאָדזש און קראָקע. אברהם בראַט און וואָלף פייגע האָבן ווייטער געהאַט די אויפזיכט איבערן הויז.

*

איינע פון די שענסטע אויפטוען פון די שולן און קינדערהיימען איז געווען די קינסטלערישע דערציאונג פון די קינדער.

דער מאַנדאָלין אָרקעסטער און כאָר, אָנגעפירט דורך דעם באַקאַנטן מוזיקער זאַקס פון נאָוואָראַדאָמסק, איז געווען איינע פון די שענסטע דערגרייכונגען פון דער שול. דער כאָר און מאַנדאָלין־אָרקעסטער איז געגרינדעט געוואָרן דורך א. כראָבאָלאָווסקי אין 1926 שפּעטער איז ער פאַרגרעסערט געוואָרן דורך אברהם בראַט מיט דער הילף פון די 150 דאָלער, וואָס דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג־ברענטש 211 האָט ספּעציעל פאַר דעם צוועק געשאַפן. דער מאַנדאָלין־אָרקעסטער איז ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אַרויסגעטראָטן מיט קאָנצערטן און איז ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן פון די צוהערער.



אַ דאַנק-בריוו פון אַ גרופּע שול-קינדער צום טשענסטאָכאָווער רעליעף אין ניו-יאָרק

אויך דאָס געביט פון פּלאַסטישער קונסט איז נישט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. פון 1926 אָן איז דער לערער פון מאָלעריי אין די שולן געווען דער באַקאַנטער קינסטלער פון טשענסטאָכאָוו פּרץ ווילענבערג, וועלכער איז אויך

געווען לערער פון מאָלעריי און צייכענען אין דער יידישער גימנאַזיע און אין דער האַנטווערקער־שול.

פייערונגען פון יום־טובים און עפנטלעכע פאָרשטעלונגען זיינען געווען די גרויסע טעג פאַר די קינדערהיימען און פאָלקשולן. די טראַדיציאָנעלע יידישע יום־טובים ווי פסח, שבועות, סוכות, חנוכה און פּורים זיינען אויפגעלעבט געוואָרן אין דער שול אין אַ נייער פאָרם. דערצו זיינען צוגעקומען ליטעראַרישע יום־טובים, געווידמעט יידישע שרייבער, ווי: מענדעלען, שלום־



דער מאַנדאָלין אָרקעסטער מיטן דיריגענט זאַקס
ביי דער פאָלק-שול

עליכם, י. ל. פּרץ, אברהם רייזען און אַנדערע. יעדעס יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע צום יאָרצייט פון י. ל. פּרץ. צו די פאָרשטעלונגען און יום־טובים האָט מען זיך געגרייט וואָכן און חדשים. די קינדערהיימען און שולן האָבן דער׳צויגן טאַלאַנטן אויפן געביט פון געזאַנג און דראַמאַטישער קונסט. באַזונדער האָבן זיך אויסגעצייכנט שמשון, דינה און איידעלע בערקאָוויטש (די קינדער פון לייבוש בערקאָוויטש), רחלע טעסטולער און אַ גאַנצע רייע אַנדערע. אַ טייל פון זיי זיינען אַלס קינדער און שפּעטער אין דערוואַקסענעם עלטער אַרויסגעטראָטן אויף דער בינע מיט דערוואַקסענע און זיינען געווען די צירונג פון יידישן טעאַטער.

די באַגייסטערטע צושויער פון די פאָרשטעלונגען זיינען צומייסטן געווען די טאַטעס און מאַמעס פון די קינדער. און ווען די קינדער זיינען דערשינען אויף דער בינע מיט זייער געזאַנג, טענץ און אינסצענירונגען פון קינדערשע מעשהלעך, איז נישט געווען קיין כוח פון דער וועלט, וואָס זאָל האַלטן די טאַטעס און מאַמעס אויף זייערע פּלעצער.

די קינדער־פאָרשטעלונגען האָבן אויך געהאַט אַ שם אין שטאָט. צו די פאָרשטעלונגען פלעגן קומען גרופּעס קינדער מיט זייערע לערערינס פון אַנדערע שולן אין טשענסטאָכאָוו.

אָן אַ צאָל לידער זיינען געזונגען געוואָרן אין דער שול. לידער פון מאָדערנע יידישע דיכטער, קינדער־לידער, אָריגינעלע און איבערגענומען פון אַנדערע שפּראַכן; לידער פון אַרבעט, פון יידישע יום־טובים, פון פרילינג, זומער, ווינטער און הערבסט. די לידער פון די קינדערהיימען און שולן זיינען דורך די קינדער פאַרשפּרייט געוואָרן אויף די יידישע הויפן און אין די אַרבעטער־הייזער. אַריינקומענדיק אַמאָל אויף אַ הויף אין די יידישע גאַסן, האָט מען אָפט געקענט הערן אַ קאַראַהאָד פון קינדער זינגען און שפּילן די לידער, טענץ און שפּילערייען פון די קינדערהיימען.

דער הימן פון די י. ל. פּרץ קינדערהיימען און פאָלקשולן, וואָס איז געזונגען געוואָרן ביים אָנהייב און סוף פון יעדער פייערונג און פאָרשטעלונג, איז געווען פאָלגנדיקער:

עפנט ברייטער אַלע טירן —
אַ גוט־יום־טוב, אונדז איז גוט,
אַלע, אַלע מיר מאַרשירן
צו אונדזער יום־טוב פול מיט מוט.
אַלע גייען אין די שורות,
איינס און צוויי, איינס און צוויי —
אַלע טראָגן גוטע בשורות
אָט אַזוי, אָט אַזוי,
האַנט ביי האַנט מיט פרייד געגעבן,
שלאַנק די שורה, הויך דער קול,
לייכט די פיסלעך, אָט זיי שוועבן,
אַ גוט־יום־טוב קלינגען זיי אָן.

די לאָזונג פון דער שול איז געווען פרייע באַוועגונג אויף דער פרייער לופט. ווינטער האָבן די קינדער זיך געשפּילט מיט שניי און מיטן שליטן אויפן הויף פון דער שול. דעם שליטן האָט מען אויך מיטגענומען אויפן שפּאַציר אום ווינטער אין די אַלעען. ווי נאָר דער פרילינג איז אָנגעקומען, האָבן די קינדער פאַרבראַכט אַ גרויסן טייל פון זייער שולצייט אין גאָרטן, אויף קרוטקע 17, שפּעטער — אין אייגענעם הויז, אין דעם „קליין באָטאַנישן" גאָרטן, וואָס מיכאל אַלטער האָט אַזוי וואונדערלעך איינגעאָרדנט. אויפן הויף פון נייעם הויז האָבן די דערוואַקסענע קינדער אויך געהאַט אַ גערטנדל, וואָס זיי האָבן אַליין פאַרזייט און באַאַרבעט.



אַ גרופּע שילער און לערער אינעם גאָרטן פון שול-הויף

דער גרעסטער חלום פון די שולטוער און לערער איז אָבער געווען אַ זומער־קאָלאָניע מחוץ דער שטאָט. דער בעסטער פּלאַץ פאַר אַזאַ קאָלאָניע איז געווען דער אָסטראָווער סאָסנאָווער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע מיילן ביז הערבי.

בלויז איין מאָל, אין 1920, איז געלונגען איינצואָר־דענען אַ פולע זומער־קאָלאָניע פאַר די קינדער אין אָס־טראָוו.



זומער-קאָלאָניע אין אסטראָוו אין יאָר 1920

די קינדער פון די קינדערהיימען און פאָלקשולן זייי־נען צעטיילט געוואָרן אויף צוויי גרופּעס. יעדע גרופּע האָט פאַרבראַכט אין דער קאָלאָניע פיר וואָכן. די קינ־דער־קאָלאָניע איז באַשטאַנען פון אַ גרויס הויז מיט וועראַנדעס, ווי די זומער־הייזער זיינען געבויט, און מיט אַ גרויסן הויף. די קינדער האָבן צומיינסטן פאַרבראכט אויפן הויף און אין וואַלד. אין הויז איז מען געשלאָפן. די בעטלעך פאַר די קינדער האָט באַזאָרגט די פאַרוואַל־טונג פון די שולן. בעטגעוואַנט האָבן די קינדער מיט־גענומען פון זייערע היימען. ביים איינאָרדענען די קינדער־קאָלאָניע און צושטעלן די שפּייז פאַר די קינדער האָבן זיך אַ סך באַמיט די חברים מיכאל אַלטער און יהושע נירענבערג. חברטע נירענבערג איז געווען באַ־שעפטיקט ביים צוגרייטן די שפּייז פאַר די קינדער. בכלל איז די זומער־קאָלאָניע געווען אַ שווערע און קאָסט־באַרע אונטערנעמונג און געפאָדערט אַ מאַסע ענערגיע און געלט־מיטלען.

דערפאַר אָבער איז דער רעזולטאַט געווען אַ גלענ־צענדיקער. די קינדער, אַ סך פון זיי בלוט־אָרעם, אַ סך מיט סימפּטאָמען פון אַנדערע קראַנקהייטן — האָבן, אונ־טער דער ווירקונג פון דער זון און סאָסנע־ריח פון וואַלד, זיך צעבליט און באַקומען נייע כוחות.

די לערערינס פון דער קאָלאָניע זיינען געווען יוזשע שטאָם, שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ, חיה וואַגאַ. די ווירט־שאַפטערן — מלכה בראַט, מיט אַ געהילפן.

*

די קינדערהיימען און שולן זיינען באַזוכט געוואָרן פון אַ רייע פריינט און רעליף־טוער פון אַמעריקע. זיי זיינען געווען: פריינט פּיט אָוויעצקי מיט זיין פרוי פון שיקאַגע, וואָס האָט געבראַכט אַ גרעסערע סומע הילף פון שיקאַגער הילף־פאַראיין. זיי זיינען אָנוועזנדיק גע־ווען אויף אַ קינדער־פאָרשטעלונג אין סטראַזשעצקי־זאַל און אויף אַ באַנקעט צום פאַרענדיקן דאָס שוליאָר 1926. פריינט נירענבערג, פריינט גרין, ע"ה, פריינט ווין ע"ה, וואָס האָט אויף זיין אייגענער רעכענונג געלאָזט באַ־שוכן אַ גרויסע צאָל קינדער, פריינט שלינגבוים, פריינט שוואַרצבוים, פריינט יאַנקל קאָפּין (קאַפּינסקי) און ראָוז (ריווטשע) קופּערמאַן.

צווישן די אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן באַזוכט די שולן, זיינען געווען: לארד מאַרלי, אַ דעפּו־טאַציע פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאָרטיי, וואָס האָט באַזוכט פּוילן, שלום אַש, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, ד"ר שאַבאַד פון ווילנע.



אַמעריקאַנער געסט אין דער שול: י. קאַפּינסקי און ר. קופּערמאַן מיט די לערער ל. ברענער און א. בראַט



אויסלענדישע געסט אין דער שול. זיצן: ד"ר קרוק און לאָרד מארלע

ווען די באַרימטע זינגער משה רודינאָוו און רות לעוויאַש האָבן געגעבן אַ קאָנצערט אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי אויך באַזוכט די שולן און ספּעציעל געזונגען פאָר די קינדער.

# די יידישע גימנאַזיע

די יידישע גימנאַזיע איז טשענסטאָכאָוו איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1917. דאָס עפענען פון דער שול האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין טשענסטאָכאָוו. אין יענער צייט איז שטאַרק געוואַקסן דער אינטערעס פאַר העברעאיש אין שייכות מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע און מיט דער מעגלעכקייט פאַר אַ גרויסער עליה קיין ארץ־ישראל.

אין דער גימאַנאַזיע האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען תלמידים פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג: קינדער פון חסידישע עלטערן, וואָס האָבן נאָר וואָס גע־לערנט אין חדר; קינדער פון עלטערן האַלב־אַסימי־לירטע, וואָס האָבן קיין צורת אלף נישט געקענט, געלערנט נאָר אין פוילישע שולן און, פאַרשטייט זיך, קינדער פון נאַציאָנאַלע יידן און ציוניסטן.

געהייסן האָט די שולע „יידישע גימנאַזיע", אָבער יידיש האָט מען דאָרט לחלוטין נישט געלערנט און נישט גערעדט. סיי די לערער, סיי די שילער, האָבן שטענדיק באַנוצט די פוילישע שפּראַך, אפילו מחוץ די שעהן פון די לימודים. אויב אַ שילער האָט אין דער פויזע־צייט זיך דערלויבט צו רעדן יידיש — האָט מען אויף אים געקוקט קרום. אפילו די העברעאישע לימודים זיינען געווען באַגרענעצט מיט עטלעכע שעה אין דער וואָך. געקענט העברעאיש האָבן נאָר די העברעאישע לערער און די תלמידים, וואָס זיינען געקומען פון חדר.

מיט די דאָזיקע שילער האָבן זיך טאַקע די העברע־אישע לערער דערפרייט, און זיי האָבן באַקומען די בעסטע אויסצייכענונגען פאַר העברעאיש, רעליגיע, תנ"ך און יידישער געשיכטע.

די גימנאַזיע האָט זיך געגרינדעט אויף יאַסנע־גאַס. אַ יאָר צייט שפּעטער האָט זי זיך אין אייגענעם רחבותדיקן בנין אויף שקאָלנע גאַס 10 אַריבערגעצויגן.

תחילת זיינען געווען בלויז קלאַסן א. ב. ג. אַלס צו־גרייטונג־קלאַסן. דערנאָך זיינען צוגעקומען דער ער־שטער און צווייטער קלאַס פאַר יינגלעך און מיידלעך באַזונדער. דערנאָך שוין איז יעדעס יאָר צוגעגעבן גע־וואָרן העכערע קלאַסן ביז פולע אַכט קלאַסן גימנאַזיע, וואָס האָט באַרעכטיקט צו שטודירן אין אוניווערסיטעט.

פונקט ווי די פוילישע גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו, האָט אויך די יידישע גימנאַזיע געהאַט איר ספּעציעלן אוניפאָרם. אין דער פאָרם פון אַ היטל. דאָס היטל פון אַ תלמיד פון דער יידישער גימנאַזיע איז געווען פון טונקל־בלויען טוך מיט אַ בלוי־ווייסן לאַמפּאַס.

דער ערשטער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע איז גע־ווען ד"ר שמעון בריש. אַ הויכער מאַן מיט אַ קורץ געשאָרן בערדל און אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן. ער איז געווען באַליבט ביי די תלמידים, ווייל ער האָט געטריי דערפילט זיין פליכט אַלס דירעקטאָר. נאָך אַ קורצער צייט האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין אַמט צוליב אַ קראַנ־קייט, און זיין אָרט האָט פאַרנומען פּראָפעסאָר מאיר באַ־לאַבאַן, היינט אַ הייליקער מאַרטירער פון פוילישן יידנ־טום.

פּראָפעסאָר באַלאַבאַן איז געווען אַ זייער ענערגי־שער מענטש. ער האָט אויפגעהויבן די יידישע גימנאַזיע אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה ווי פריער. ער האָט צוגע־נומען קאָמפּעטענטע לערער און אָפּגעגעבן מער צייט פאַר העברעאישע לימודים. ער האָט פאַרגרעסערט די צאָל העברעאישע לערער און איינגעפירט דעם לימוד פון רע־ליגיע און תנ"ך.

די העברעאישע לערער פון אונדזער קלאַס זיינען געווען יאַנאָווסקי, רובינשטיין און וויינבערג. פון יידי־שער געשיכטע — בראַווער און פר"ל סטאַביעצקאַ.

אונדזער העברעאישער לערער יאַנאָווסקי פלעגט אונדז אָפט איינלאַדן צו זיך אַהיים און אונדז אויסגע־באָרגט ביכער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטע־ראַטור פון זיין ווערטפולער ביבליאָטעק.

מיט גימנאַסטיק אין דער יידישער גימנאַזיע האָט אָנגעפירט אַ געניטער פּראָפעסאָר, אַ קריסט. צייכענען האָט געלערנט פּראָפעסאָר פּרץ ווילענבערג.



אַ גרופּע שילער פון יידישן גימנאַזיום.
מיט דירעקטאָר ד"ר דוד אייזנהאַרן

חוץ די אויבן אויסגערעכנטע לערער געדענק איך נאָך מאַקרויער און אַסאַראַדאַבריי.

פון די פרויען־לערערינס געדענק איך: ווערכאָוו־סקאַ, גיון, וואָלף, ווייס און לאַטרינגער.

מיינע נאָענטסטע קאָלעגן זיינען געווען: אהרן לוקסענבורג, דוד לעוויט, יאַקוב זשעריקער, געניעק זיטשניצקי, אייזנער וואָלמאַן, לייזער ראָזנבערג, האָכ־מאַן, לעווקאָוויטש (די לעצטע צוויי געפינען זיך איצט

אין אַרגענטינע), ראַטבאַרט, גרינדמאַן, קאַנגרעצקי און בערלינער.

נאָך דעם ווי דירעקטאָר מאיר באַלאַבאַן איז איינ־געלאַדן געוואָרן קיין וואַרשע אין דעם סעמינאַר „תחכמוני״ און אין דער גימנאַזיע „אסכלה״ האָט זיין אָרט פאַרנומען ד״ר דוד איינהאָרן, אַ געלערנטער, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט.

אין זיין צייט האָט זיך די גימנאַזיע אַנטוויקלט אין פּרט פון אַלגעמיינע לימודים. מען האָט זיך אָבער אַזוי ווייט צוגעפּאַסט צום רעגירונג־פּראָגראַם פאַר מיטל־שולן, אַז די העברעאישע לימודים זיינען רעדוצירט גע־וואָרן צו אַ מינימום.

די העברעאישע שפּראַך איז פאַרשפּרייט געוואָרן מחוץ דער גימנאַזיע דורך ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציעס, באַזונדער דעם „השומר הצעיר״.

# אָוונט־קורסן

אָוונט־קורסן פאַר דער אַרבעטער־יוגנט זיינען צום ערשטן געשאַפן געוואָרן אין 1920 ביים אַרבעטער־קלוב „פאַראייניקטע״, שפּעטער ביים צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און אין 1926 — ביי דער י. ל. פּרץ־שול.



אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע מיט א. כראַבּאַלאָווסקי

די אַנטשטייאונג פון די קורסן איז געווען פאַר־בונדן מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „שטראַל״. נאָך די קינדערהיימען און פאָלקסשולן, זיינען די יוגנט־קורסן געווען דאָס בעסטע, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן אויפן געביט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־יוגנט. פריער פלעגט די יוגנט אין די אָוונטן און שבתים, צוזאַמען מיט די עלטערע חברים, אָנ־פּאַקן די קלוב־צימערן און אַנדערע אַרבעטער־לאָקאַלן און פּטרן די צייט מיט גאָרנישט.

די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די אָוונט־קורסן זיינען געווען די אַקטיווע טוער פון „שטראַל״: אברהם בראַט, ס. וועגנער, אַלעק לעווענשטיין, משה לעווענהאָף, מלכה דאַנציגער, גליקסמאַן, ווייסמאַן און אַנדערע.

צום „שטראַל״ האָבן אויך געהערט אַ גרופּע שילער פון דער העברעאישער „יידישער גימנאַזיע״. אָן דער שפּיץ פון זיי זיינען געשטאַנען מאַטעק פּליוואַטש און עק־שטיין, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן פירנדיקע טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג: מאַטעק פּליוואַטש ביי די „אומאָפּהענגיקע״ און עקשטיין ביים „בונד״.

אין 1920 זיינען די קורסן אייגגעאָרדנט געוואָרן אין לאָקאַל פון קינדער־היים צוויי, אויף סטראזשאצקא 10, מיטן אָנטייל פון 40—50 קינדער, דערנאָך אויף גאַרנ־צאַרסקע, אין הויז פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, וואו עס זיינען געווען צוויי אָפּטיילונגען, באַזונדער פאַר יינ־גערע און פאַר דערוואַקסענע. די צאָל קאַנדידאַטן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַלע. די לאָקאַלן האָבן געקענט אַריינעמען בלויז אַן ערך פון 90 ביז 100 שילער. אויף די קורסן האָט מען קודם כל געלייגט אַכט אויף דעם, אַז די יוגנטלעכע זאָלן זיך אויסלערנען ריכטיק צו שרייבן, לייענען און רעדן יידיש. אַחוץ יידיש האָט מען אָבער אויך געלערנט: פּויליש, חשבון, געאָגראַפיע, נאַטור־וויסנשאַפט. זומער־צייט זיי־נען כמעט יעדן שבת אינדערפרי אייגגעאָרדנט געוואָרן אויספלוגן אין דער אומגעגנט. שבת נאָכמיטאָג זיינען פאָרגעקומען פּאָפּולערע שמועסן וועגן ליטעראַטור, גע־שיכטע, סאָציאַלער וויסנשאַפט און אַנדערע טעמעס. די אָוונט־קורסן האָבן אויך איינגעפירט גימנאַסטישע איבונ־גען און געזאַנג.



אַ גרופּע שילער פון די אָוונט־קורסן מיט די לערער און פאַרוואַלטער

דער לערער פון יידיש און פּאָפּולערע שמועסן איז געווען א. כראַבאַלאָווסקי, דער לערער פון געאָגראַפיע און נאַטור־וויסנשאַפט—מ. קאַנאָווסקי, לערער אין דער גערטנער־פערמע, מיט די גימנאַסטישע איבונגען האָט אָנגעפירט מאַריץ קרעמסקי.

דאָס גרעסטע פאַרדינסט פון די קורסן איז געווען, וואָס דאָס רוב שילער האָבן זיך אויסגעלערנט ריכטיק שרייבן יידיש. באַזונדער האָבן די שילער ליב געהאַט פּאָעזיע. מען האָט זיי פאַרגלייענט, און דער חשק צו דעקלאַמירן איז ביי זיי געווען גרויס. בכלל איז יידישע ליטעראַטור, באַזונדערס פּרץ'ס דערציילונגען, אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג.

אין די קורסן האָט זיך באַטייליקט די יוגנט פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, ווי אויך אַ סך אומפּאַרטייאישע יוגנט.

אַ טייל פון די שילער האָבן פריער געהערט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און אַ גרויסע טייל פון די, וואָס האָבן געהערט צום „שטראַל״, איז שפּעטער אַריבער צו די קאָמוניסטן. די מיינסטע פון זיי האָבן לאַנגע יאָרן פאַרבראַכט אין די תפיסות פון „אומאָפּהענגיקן״ פּוילן.

---

# „לירא״ און די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט״

די ליטעראַריש־מוזיקאַלישע געזעלשאַפט „לירא״ אין טשענסטאָכאָוו איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1908. אירע ערשטע איניציאַטאָרן זיינען געווען ציוניסטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען משה זאַנדשטיין און לעאָן קאַפּינסקי. זיי האָבן צוגעצויגן צו דער אַרבעט אַ טייל פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ און סתם קולטור־טוער.

אין דער דיסקוסיע וועגן נאָמען פאַר דער געזעלשאַפט האָבן זיך באַטייליקט אברהם וואָוויאַרקע, לעאָן קאַפּינסקי, חזן אברהם בער בירנבוים און זאַקס. דער ציוניסטישער צד האָט פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען „הזמיר״, די אַסימילאַטרן — „לירא״. די לעצטע האָבן געוואונען.

אַ לאַנגע צייט האָט אין דער „לירא״ געהערשט דער אַסימילאַטאָרישער גייסט, די הערשנדיקע שפּראַך איז געווען פּויליש, דער כאָר, אונטער דער אָנפירונג פון חזן אברהם בער בירנבוים, האָט אָבער אַחוץ פּוילישע אויך געזונגען העברעאישע לידער. צו יידיש איז די „לירא״ געווען פרעמד. בכלל האָט די „לירא״ אין די ערשטע יאָרן באַגרענעצט איר ווירקונג נאָר אויף אַ קליינער גרופּע.

דערפאַר האָט די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו ווי אַן אָפּטיילונג פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט אונטער דעם זעלביקן נאָמען, באַלד פון אָנהייב צוגעצויגן דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער יוגנט און פון דער יידישער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ.

צווישן די איניציאַטאָרן זיינען געווען דוד באַזשיקאָווסקי, א. כראַבאַלאָווסקי, וואָלף לעווענהאָף, רפאל פּעדערמאַן, פּ. שמולעוויטש און יעקב קאַפּינסקי.

עס איז שווער אָנגעקומען צו געפינען די ערשטע דריי פאַראַנטוואָרטלעכע באַלעבאַטים, אויף וועמענס נאָמען די געזעלשאַפט זאָל לעגאַליזירט ווערן. די דריי, וואָס האָבן אויף זיך גענומען דאָס לעגאַלע אחריות, זיינען געווען: לערער אופּנער פון דער ערשטער אַלעע, איטשע מאיר ערליך, וואָס אין זיין וואָרשט־געשעפט פלעגט די יוגנט פאַרברענגען אין די אָוונטן און יעקב ווינשטאָק, אַן אייגנטימער פון אַ פּאַפּיר־געשעפט און אַן אַקטיווער טוער פון דער געזעלשאַפט.



אַ גרופּע כאָריסטן פון „לירא״

צווישן זיי: וואַרמונד, הערצבערג, גראַבינער, וועלגרין און אָוועטשקאַ

די פאַרוואַלטונג האָט לויטן סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט געדאַרפט באַשטיין פון צען פּערזאָן נישט יינגער פון 25 יאָר. צווישן די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען: געלבאַרד, חיים דאַווידאָוויטש, לוריע, ערליך, לעאָן גאָלדבערג, דענטיסט פּרץ און אַנדערע.

פון דער אַרבעטערשאַפט איז אין דער פאַרוואַלטונג געווילט געוואָרן א. כראַבאַלאָווסקי.

צוויי ענטוזיאַסטישע מאַסן־פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין זאַל „האַרמאָניע״. אויף דער ערשטער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די גרינדונג פון דער געזעל־

שאַפט, אויף דער צווייטער האָט מען אויסגעוויילט די פאַרוואַלטונג.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ קאָכיקע אַרבעט, וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך טיפע שפּורן אין טשענסטאָכאָווער לעבן.

דער ערשטער אָוונט פון דער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אין זאַל „האַרמאָניע". צווישן אַנדערע האָט אברהם וועוויאָרקע פאָרגעלייענט זיינע צוויי סקיצן: „כייקל שיכור" און „דער הויקער". דער אָוונט האָט געבראַכט אַ רייכע הכנסה פון 25 רובל.

די צווייטע אונטערנעמונג איז געווען אַ פאַרווייליונג אין וואָלבערגס גאָרטן, ערשטע אַלעע, וואָס האָט געבראַכט אַ הכנסה פון איבער הונדערט רובל.

דער לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט האָט זיך געפונען אויף אַלעע 8. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לייען־זאַל מיט צייטונגען און זשורנאַלן. אַ כאָר איז געגרינדעט געוואָרן אונטער דער לייטונג פונעם דיריגענט פון כאָר אין דער „דייטשישער" שול, ווי מען האָט גערופן די נייע שול אויף דאַיאַזד, אָדער די וואַלעס. דער סאָליסט אין כאָר איז טאַקע געווען זיין קליינער זון. דער כאָר האָט איינגעזונגען יידישע פאָלקס־לידער אויף יידיש און העברעאיש. איינע פון די קלאַסישע נומערן פון כאָר איז געווען „הללויה" . . .

דער גרויסער באַטייט פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" איז באַשטאַנען נישט נאָר אין דעם, וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לעגאַלער קולטור־צענטער כמעט פאַר דער גאַנצער יידישער יוגנט פון טשענסטאָכאָוו, נאָר אויך אין דעם, וואָס אַלע פאַרטייען האָבן דאָ געאַרבעט צוזאַמען פאַר דער יידישער קולטור.

אַחוץ די פריער דערמאָנטע נעמען זיינען אין דער געזעלשאַפט געווען אַקטיוו, צי אין כאָר אָדער אין דער דראַמאַטישער סעקציע, משה וועקסלער, שיצער דבורה, יעטע פּאַקולאַ, גאָרדין, יאַנקל קאַפּינסקי, לייזער בערקאָוויטש און מענדלסאָן (איצט אין ניו־ראָשעל, ניו־יאָרק).

מיט דער דראַמאַטישער סעקציע האָט אָנגעפירט א. פּרץ. צווישן אַנדערע האָבן זיך אין איר באַטייליקט: אַראָנאָוויטש, שמולעוויטש, יעטע פּעקולאַ, מאיר פיינרייך, רפאל פעדערמאַן. צו דער סעקציע האָבן געהערט אַן ערך דרייסיק פּערזאָן. צווישן זיי אָבער ווייניק פרויען. די דראַמאַטישע סעקציע האָט נישט נאָר רעזשיסירט אַקטן, נאָר איז אויך אָפט, צומיינסטן אין די פרייטיק־אָוונטן, זיך צוזאַמענגעקומען אין זאַל פון דער געזעלשאַפט און דעקלאַמירט לידער פון יידישע דיכטער.

די ערשטע פאָרשטעלונג פון דער דראַמאַטישער סעקציע איז פאָרגעקומען דעם 6טן אַפּריל 1911 אין וואָלבערגס גאָרטן. מען האָט אויפגעפירט: „בחותם" פון יצחק קאַצענעלסאָן און „דאָס אייביקע ליד", פון מאַרק אַרנשטיין.

דער גרויסער אַרויסטריט פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" אין דער עפנטלעכקייט איז געווען דער קאָנצערט פון יידישע פאָלקס־לידער, אויסגעפירט פון די פּעטערבורגער אָפּערע־זינגער מעדוויעדיעוו, ראָזאַווסקאַ און נ. יאַנאָווסקי, אַקאָמפּאַנאַמענט — קאָמפּאָזיטאָר א. פּאָטנאָקער. מיט צוויי יאָר שפּעטער, דעם 25טן יאַנואַר 1913, האָט די „ליראַ" איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט מיט די זעלביקע אַרטיסטן.

אין דער זעלבער צייט זיינען קיין טשענסטאָכאָוו צוגעקומען צוויי פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

איינער איז געווען יוסף אַראָנאָוויטש, אַ שילער פון באַרימטן ווילנער לערער־אינסטיטוט. ער איז געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו פון דער רוסישער רעגירונג אַלס לערער פון אַ רוסישער פּאָלקסשול פאַר יידישע קינדער. ער איז געווען אַ בונדיסט. זיין ערשטער אויפטריט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ לעקציע וועגן לעוו טאָלסטאָי. דאָס איז געווען די צייט, ווען טאָלסטאָי איז אַנטלאָפן אין אַ קלויסטער, וואו ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע שעה'ן פון זיין לעבן.

דער צווייטער איז געווען יאַקוב ראָזענבערג מיט זיין פרוי, וועלכע מען האָט גערופן „היגיענאַ". ער האָט געטראָגן אַ באָרד און געהאַט אַ הדרת פנים פון אַן אינטעליגענט. אויך ער איז געווען אַ בונדיסט. ער האָט געשטאַמט פון לאָדזש, און קיין טשענסטאָכאָוו איז ער געקומען פון וואַרשע, געשיקט פון אַ געזעלשאַפט אַלס באַאַמטער פון דער מעטאַלורגישער פאַבריק „וואולקאַן", וואו אַ סך יידישע באַאַמטע, צווישן זיי אינזשיניר ראַטנער, אייזנבערג, קיסין, י. שוואַרץ זיינען געווען באַשעפטיקט.

אַ גרופּע יוגנט מיט ליטעראַרישע נייגונגען האָט לויט דער איניציאַטיוו פון לעווענהאָף, דוד באָזשעקאָווסקי און הערשעלע פּייוולאָוויטש, פּרובירט אין טשענסטאָכאָוו אַרויסצוגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, מיט דער הילף פון חיים דאַווידאָוויטש און אַנדערע סימפּאַטיקער איז דערשינען איין נומער „דער פאַקל". דער זשורנאַל איז רעדאַגירט געוואָרן פון לאַזאַר קאַהן אין לאָדזש.

דער זיבעציק־יעריקער יובילעי פון זיידן מענדעלע איז געפייערט געוואָרן דורך דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט מיט אַ היימישן און אינטימן באַנקעט. צוליב דער שוואַכקייט פון זיידן איז דער געזעלשאַפט נישט געלונגען צו ברענגען דעם טייערן בעל־היובל קיין טשענסטאָכאָוו. אַ מימאָגראַפישע קאָפּיע פון ש. ניגערס אַן אָפּהאַנדלונג וועגן מענדעלע מוכר ספרים איז צוגעשיקט געוואָרן פון דער פּעטערבורגער צענטראַלע. אין אַ געהויבענער שטימונג איז מען געזעסן אַרום געדעקטע טישן. אָרטיקע רעדנער האָבן גערעדט וועגן דער באַטייטונג פון זיידן. הערשעלע פּייוולאָוויטש, וואָס איז געווען אַ הומאָריסטישער טאַלאַנט און האָט געקענט מאַכן גראַמען, האָט פאַרפאַסט אַ ספּעציעל ליד לכבוד מענדעלען, וואָס מען האָט געזונגען אין אַלגעמיינעם כאָר.

דאָס ליד האָט זיך אַזוי געזונגען:

טרינקען מיר נאָך אַ קענדעלע
לכבוד דעם זיידן רב מענדעלע,
ווייל אַלעם איז דאָך קלאָר,
אַז דער זיידע ווערט אַלט זיבעציק יאָר.

אוי ר׳ מענדעלע, אוי רב מענעדלע,
דו שרייבסט דאָך זאַ וואונדערשיין,
אוי רב מענעדלע, אוי רב מענעדלע,
שרייבסט דאָך אַזוי וואונדערשיין...

רפאל פעדערמאַן, זייענדיק אַ ביסעלע בגילופין, האָט דעקלאַמירט אַן אָדע „צו די שטערן", לכבוד דעם זיידן מענדעלעס גרויסן יובל.

אין דער געזעלשאַפט זיינען פאָרגעקומען אָפטע פאָרלעזונגען, צוויי פון זיי פון רפאל פעדערמאַן. איינע אויף דער טעמע „יידיש", די צווייטע „דער צלם". ביידע טעמעס זיינען געווען באַזירט אויף די אַרטיקלען פון ד"ר זשיטלאָווסקיס זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין אַמעריקע. אויף דער ערשטער פאָרלעזונג איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע מיט די העברעאיסטן, וועלכע עס האָט פאַרטראָטן לעאָן קאַפּינסקי. די צווייטע פאָרלעזונג האָט באַהאַנדלט די פראַגע, וואָס ד"ר זשיטלאָווסקי האָט דעמאָלט אויפגעהויבן וועגן אַ רעוויזיע פון דער יידישער באַציאונג צום קריסטנטום.

אַ קלענערן עולם האָט צוגעצויגן די פאָרלעזונג פון כראַבאַלאָווסקין: „שלום אַש, דער נביא פון דער ערד", אין וועלכער עס איז אייגנטלעך געקומען צום אויסדרוק די טיפע שטרעבונג פון אַ גרויסן טייל יוגנט פון יענער צייט צוריקצוגיין צו לאַנדווירטשאַפט. ציוניזם און טעריטאָריאַליזם האָבן ביידע פאַרקערפּערט די דאָזיקע שטרעבונג.

דער לעצטער און גרעסטער אויפטו פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט איז געווען די גרינדונג פון דער ערשטער לעגאַלער יידישער ביבליאָטעק אין טשענסטאָכאָוו. די ערשטע סומע פון הונדערט רובל איז בייגעשטייערט געוואָרן פון צען מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, צו צען רובל יעדערער. זייערע אַלעמענס נעמען געפינען זיך אין פּראָטאָקאָל־בוך פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, וואָס איז פאַרבליבן ערגעץ אין טשענסטאָכאָוו. ביי מיר זיינען בלויז געבליבן אין זכרון: ערליך, חיים דאַווידאָוויטש, לוריע, געלבאַרד, ל. גאָלדבערג.

רפאל פעדערמאַן און געלבארד זיינען באַשטימט געוואָרן צו פאָרן קיין וואַרשע איינקויפן ביכער, יידישע און העברעאישע. אַן אַנדער קאָמיסיע האָט געדאַרפט קאַטאַלאָגירן די ביכער. די ערשטע ביבליאָטעקאָרן זיינען געווען רפאל פעדערמאַן און יאַנקל קאַפּינסקי.

אין משך פון דער צייט האָט אופנער, דער ערשטער גרינדער פון דער געזעלשאַפט און איר פאָרזיצער, זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט. אַ דאַנק דער באַמיאונג פון דער פאַרוואַלטונג צו שטעלן אַן דער שפּיץ פאַרמעגלעך־באַלעבאַטישע און „כשרע" מענטשן, האָבן דעם אַמט פון פאָרזיצער פאַרנומען ראַדאָשיצקי, אַ פאַרמעגלעכער האָלץ־סוחר, און בעסער, אַן אייגנטימער פון אַ גרויס הויז אויף דער צווייטער אַלעע.

סוף זומער 1911, איז די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט" אין פעטערבורג מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער רוסישער רעגירונג. די טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג האָט באַקומען אַ באַפעל זיך צו ליקווידירן. די מיטגלידער פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט איז דעמאָלט געקומען אויפן געדאַנק זיך צו פאַראייניקן מיט דער „לירא". דער פאַרוואַלטער פון דער „לירא" איז דאַן געווען יוזעפאָוויטש. מען האָט זיך געאייניקט, אַז אַלע דריי שפּראַכן: יידיש, העברעאיש און פּויליש זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט און עס זאָל געווילט ווערן אַ געמיינזאַמע פאַרוואַלטונג. אַ גרופּע מיט רפאל פעדערמאַן אין דער שפּיץ, איז געווען קעגן אַריינטרעטן אין דער אַסימילאַטאָרישער „לירא". די מערהייט, אָנגעפירט פון א. כראַבאַלאָווסקי, איז אָבער געווען דערפאַר. אויף דער לעצטער ליקווידאַציע־פאַרזאַמלונג פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט אין זאַל „האַרמאָניע", איז מיט אַ גרויסער מערהייט באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוטרעטן אין דער „לירא". דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן די „לירא"־עפּאָכע פון דער קולטור־טעטיקייט פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

אין דער פאַר־אייניקטער פאַרוואַלטונג זיינען געווילט געוואָרן: הענריק מאַרקוספעלד — ערן־פרעזעס, א. פּרץ — פאָרזיצער, אלקנה כראַבאַלאָווסקי — סעקרעטאַר, יוזעפאָוויטש — פאַרוואַלטער, מאַרקוס הערשליקאָוויטש, ראָזענבערג, לוריע, וויינשטאָק, חיים דאַווידאָוויטש, לעאָן קאַפּינסקי, יוסף אַראָנאָוויטש, הענריק שמולעוויטש — מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

די „לירא" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּילפאַרביקע מאָזאיק. די אַסימילירטע אינטעליגענץ, מיטן באַקאַנטן ד"ר באַטאַוויע, ציוניסטן און באַלעבאַטישע יוגנט, און צוזאַמען מיט זיי אַלע „יידישיסטן" פון דער געוועזענער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט". ספּאָראַדישע צוזאַמענשטויסן, באַזונדער מיטן פאַרוואַלטער יוזעפאָוויטש, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם אַסימילאַטאָרישן עלעמענט, האָבן נישט געשטערט די צוזאַמענאַרבעט. דער כאָר, אונטער דער אָנפירונג פון חזן אברהם בער בירנבוים, האָט געזונגען פּוילישע, העברעאישע און יידישע לידער. אין ציוניסטישע אָוונטן און פאָרלעזונגען האָבן זיך באַטייליקט „יידישיסטן" און ציוניסטן האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע קולטור־אונטערנעמונגען אויף יידיש.

דער אידעאַלסטער צווישן דער ציוניסטישער יוגנט איז געווען משה (מאָריס) גאָלדבערג, וועלכער איז שפּעטער אַוועק קיין לאָנדאָן, האָט זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעקערט פון דאָרט און איינגעאָרדנט אַ פיליאַלע פון אַ באַנק־הויז אין וואַרשע, וואו ער איז אַ קורצע צייט דערנאָך יונגערהייט געשטאָרבן.

אַנדערע מיטגלידער פון דער „לירא" זיינען געווען: וויטענפעלד, איצט אין פּאַלעסטינע, משה אַדערבערג, אַן אָנפירנדיקער פּועלי־ציוניסט, איצט אין שיקאַגאָ, שי־פּערקלאַס, אַ סימפּאַטיקער פון ס"ס, יאַנקל קאַפּינסקי, אַ פּועלי־ציוניסט, איצט אין ניו־יאָרק. אַקטיוו אין דער „לירא" זיינען אויך געווען: ש. כאַיוטין און לוטעק גייזלער. דערמאָנט דאַרפן אויך ווערן צוויי פרויען, וואָס האָבן געהאַלטן דעם בופעט אין דער „לירא" און באַדינט די מיטגלידער מיט טיי און צובייסן. איינע איז געווען פרוי פרימאַרגן, דער צווייטער — בארענשטיין.

אַלס זינגער און זינגערינס אין כאָר האָבן זיך אויסגעצייכנט: לעאַשאַ פרימאַרגן (אין ערשטן פּעריאָד פון דער „לירא"), גוטשע בעם, שפּעטער די פרוי פון העניך שמולעוויטש, גראַבינער, עדעליסט, משה וואַגאַ און בעם.

איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון כאָר אין דער „לירא" איז געווען בעריש דאַווידאָוויטש, איצט אין ניו־יאָרק.

די „לירא" האָט זיך געפונען אויפן ראָג דאַיאַזד און ערשטע אַלעע, איבער בלאַשטשינסקיס צוקערניע. די פענצטער פון גרויסן לייען־זאַל זיינען אַרויס אויף דער ערשטער אַלעע. די פענצטער פון גרויסן טעאַטער־זאַל זיינען אַרויס אויף דאַיאַזד אָדער סטאַנציע־גאַס.

די גרויסע טעג פון דער „לירא" זיינען געווען: י. ל. פּרצעס דריי באַזוכן אין טשענסטאָכאָוו.

י. ל. פּרצעס ערשטער באַזוך איז פאָרגעקומען אין פרילינג 1912. נאָך דער פאַרלעזונג, וואו ער האָט פאַרגעלייענט פון זיינע נאָך נישט געדרוקטע פאָלקסטימלעכע געשיכטעס, איז אין גרויסן לייען־זאַל פון דער „לירא" פאָרגעקומען אַ פייערלעכער באַנקעט. אויפן באַנקעט זיינען געווען פאַרזאַמלט די „פּני" פון טשענסטאָכאָוו און כמעט די גאַנצע באַוואוסטזיניקע יידישע יוגנט. אין נאָמען פון די ערשטע האָט דעם פאָלקס־דיכטער באַגריסט יוסף אַראָנאָוויטש, אינעם נאָמען פון די צווייטע — כראַבאַלאָווסקי. מיט דער אָרדענונג האָט אָנגעפירט יוזעפאָוויטש און ד"ר בראַניטאָווסקי (דענטיסט). מען האָט געטרונקען שאַמפּאַניער. די אָרדענונג איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. די פרייד און באַגייסטערונג, וואָס האָט אויך געפונען אַן אויסדרוק אין גוזאַנג, איז נישט צו באַשרייבן.

דאָס צווייטע מאָל איז י. ל. פּרץ געקומען קיין טשענסטאָכאָוו שבת דעם 21טן אָקטאָבער 1912, צו דער עפענונג פון דער יידישער ביבליאָטעק אין דער „לירא". דאָס איז אייגנטלעך געווען די ביבליאָטעק, וואָס די ליקווידירטע יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט האָט געהאַט געשאַפן. נאָך לאַנגע צוגרייטונגען און אונטערהאַנדלונגען האָט איצט די „לירא" באַנייט די ביבליאָטעק און־טערן נאָמען „העינריק מאַרקוספעלד ביבליאָטעק", מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט פייטל שמולעוויטש.

מיט 8 טעג פריער זיינען די בילעטן פאַר דעם אָוונט שוין געווען פאַרקויפט. מען האָט געצאָלט גרויסע פרייזן צו קענען שטיין ביי דער זייט.

אויף דער דעקאָרירטער און רייך־אילומינירטער עסטראַדע האָט מען אויפגעשטעלט אַ שאַנק מיט ביכער אַרומגענומען מיט אַ ווייס־בלויען באַנד.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג, דענטיסט א. פּרץ, וועלכער האָט איבערגעגעבן דעם פאָרזיץ דעם ערן־פּרעזעס, העינריק מאַרקוספעלד. אין פּרעזידיום זיינען איינגעלאַדן געוואָרן: אינזשעניער ראַטנער, דוד וואַלפאָוויטש, לאַנדוי און גאָלדבערג.

יוסף אַראָנאָוויטש האָט אין זיין דערעפענונג־רעדע געגעבן אַ קורצן איבערבליק וועגן דער געשיכטע פון דער „לירא" און פון דער ניי־געגרינדעטער ביבליאָטעק. צום סוף פון זיין רעדע האָט ער איבערגעגעבן דעם פּרעזעס, העינריק מאַרקוספעלד, אַ מתנה פון דער געזעלשאַפט: אַן אַלבאָם, וואָס שטעלט פאָר אַ סימבאָל פון אַ יידיש בוך, אויסגעאַרבעט פון דעם טשענסטאָכאָווער קינסטלער פּרץ ווילענבערג.

אינזשיניער ראַטנער האָט באַגריסט די עפענונג פון דער ביבליאָטעק אין דעם נאָמען פון טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־קלוב. באַגריסונגען זיינען אויך אָנגעקומען פון נאָוואָראַדאָמסקער און לאָדזשער יוגנט, פון טשענסטאָכאָווער „רעקלאַמען־בלאַט", פון בענדינער „אַנאָנסן־בלאַט" און פון אייניקע „הזמירס".

העינריק מאַרקוספעלד האָט דערקלערט, אַז פון אַלע אינסטיטוציעס, וואָס ער האָט געגרינדעט, איז די „לירא" ביי אים די ליבסטע, ווייל אין איר געפינט זיך די יוגנט, דער קוואַל פון לעבן.

י. ל. פּרץ, וואָס האָט באַקומען דאָס וואָרט נאָך אים, האָט עטלעכע מאָל וואַרעם געדריקט די האַנט פון העינריק מאַרקוספעלד, ווי אַ צייכן פון זיין אָנערקענונג פאַר זיינע ווערטער. וועגן יידישן בוך האָט פּרץ געזאָגט, אַז דער חוב פון דער ביבליאָטעק מוז זיין צו פאַרשאַפן וואָס מער היסטאָרישע ביכער, ווייל מיר קענען ווייניק אונדזער געשיכטע . . . מיר זיינען צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט און די גאַנצע ערד איז באַגאָסן מיט אונדזער בלוט און באַנעצט מיט אונדזער שווייס, און ווען איר וואָלט געקענט די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וואָלט איר געוואוסט, אַז אויך דאָ, אין פּוילן, איז יעדעס שטיקל ערד, יעדער שטיין באַנעצט מיט אונדזער בלוט און שווייס, באַרייכערט מיט אונדזער פיזישער און גייסטיקער אַרבעט און נישט קיין איינגעבעטענע געסט זיינען מיר דאָ. מיר זיינען גלייכע בירגער, וועלכע האָבן רייך געמאַכט דאָס לאַנד מיט אונדזער מי און אַרבעט און אונדז קומט פאָלקאָמע גלייכע רעכט אַלס מענטשן און יידן.

י. ל. פּרצן איז אויך צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד אַדורכצופירן די פייערלעכע צערעמאָניע פון דער עפענונג פון דער ביבליאָטעק. דער ביבליאָטעקאַר האָט אים אויף אַ קישעלע דערלאַנגט אַ באַגילדעטן שליסל, אויס־

געאַרבעט פון משה וועקסלער און אַ שערל איבערצו־שניידן דעם באַנד.

אויף דעם אָוונט האָט י. ל. פּרץ פאָרגעלייענט צוויי פון זיינע נישט געדרוקטע פאָלקסטימלעכע געשיכטן: „שלמה המלך" און „מאָטל פּרינץ".

נאָכן אָוונט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט און דער עולם האָט זיך געוויילט ביי רייך געדעקטע טישן מיט טאָסטן, לידער און טענץ.

דעקאָרירט דעם זאַל און די בינע האָט גרוינעם פראַנק, די אילומינאַציעס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן עלעקטראָ־טעכניק לאַנדוי. דער פאַרוואַלטער פון דעם אָוונט איז געווען הענעך שמולעוויטש, פאָטאָגראַ־פיסט. דער אָוונט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און איבערגעלאָזט די שענסטע דעראינערונגען ביי אַלע אָנ־טיילנעמער.

דאָס דריטע מאָל איז פּרץ אַרויסגעטראָטן אין טשענסטאָכאָוו שבת, דעם 14טן נאָוועמבער 1913.

זיין טעמע איז דאָס מאָל געווען זיין יידישע איבער־דיכטונג פון „שיר־השירים".

אין באַריכט פון „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" נומער 41, לייענען מיר וועגן דעם אָוונט:

די האָפענונג צו הערן פון דיכטערס מויל די איבער־דיכטונג פון „שיר־השירים" — איז נישט דערפילט גע־וואָרן.

צו אָרעם אונדזער שפּראַך, צו קליין אונדזערע באַ־גריפן, צו ווייניק געפיל פאַר דער געזונטער, פּיזישער שיינקייט פון קערפּער, צו פיל אָפּגעריסן פון ברייטן און פרייען נאַטור־לעבן, אַז איינער פון אונדז — מעג ער זיין אַזאַ קינסטלער ווי י. ל. פּרץ, זאָל זיין אימשטאַנד אונדז עס איבערצוגעבן אין יידיש. געגעבן האָט ער אונדז דעם שליסל צו „שיר־השירים". דער דיכטער איז היינטיקס מאָל געווען אונדזער רבי.

און ווי אַ רבי, אַ לערער, איז ער געזעסן ביים טיש און מיט זיין קלאָרער שפּראַך און רייכע געדאַנקען מיט אונדז געלערנט דעם פּראָסטן פּשט פון „שיר־השירים".

אויף דער אָוונט איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג און האָט אַריינגעבראַכט אַ סך באַגייסטערונג אין לעבן פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

אַנדערע באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן אין דער „לירא" זיינען געווען הלל צייט־לין, יצחק גרינבוים און ה. ד. נאָמבערג. גרינבוים האָט גערעדט אויף דער טעמע: „דער סך־הכל פון יידישער אַסימילאַציע אין פּוילן". די פאָרלעזונג איז געווען אַ זייער געלונגענע און האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אויך איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרלעזונג אין דער „לירא" ה. ד. נאָמבערג, וועלכער האָט געשטאַמט פון דער שכני־שער שטאָט נאָוואָ־ראַדאָמסק. עס איז געווען נאָך זיין באַזוך אין אַמעריקע און זיין טעמע איז געווען: „אונ־דזערע ברידער אין אַמעריקע". דאָס וויכטיקסטע פון זיין רעפעראַט איז געווען: „די יידן אין אַמעריקע

ציכענען זיך אויס מיט זייערע ריזיקע אָרגאַניזאַציעס און דיסציפּלין, וואָס הערשט אין זיי: מיט זייער אַרבעט־זאַמקייט און ניכטערקייט און מיט דעם פּיזיש־אַנטוויקלטן יונגן דור. אָבער נאָך גרעסער איז זייער דערפאָלג אין אַלגעמיינעם סאָציאַלן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין לאַנד".

אין דער „לירא" זיינען אויך אַרויסגעטראָטן דער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש, דער הומאָריסט יוסף טונקל (דער טונקעלער) און דער באַקאַנטער פּובליציסט ש. ראָ־זענפעלד.

פאָרלעזונגען אין דער „לירא" האָבן אויך געלייענט: דער ציוניסטישער טוער מוליקאָווסקי, לוריע פון לאָדזש וועגן דיכטער ש. ראָזענפעלד, זיגמונד מאַיאַרטשיק (פּיאָ־נער פון ס"ס) אויף דער טעמע: „די יידישע נביאים", י. אַבראַמזאָן, דער רעדאַקטאָר פון „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט" ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט גע־האַלטן עטלעכע פאָרלעזונגען וועגן דער יידישער ליטע־ראַטור און וועגן דאָסטאָיעווסקין. פאָרלעזונגען האָבן אויך געלייענט אינזשיניר ראַטנער, לעאָן קאָפּינסקי און יוסף אַראָנאָוויטש.

אויפן געביט פון טעאַטער האָט די „לירא" געמאַכט אַ סך גוטע פּראָוון. אַחוץ די פאָרשטעלונגען פון דער אָרטיקער דראַמאַטישער סעקציע, וואָס האָט אַדורכגע־פירט אַ גאַנצע ריי פאָרשטעלונגען, ווי מיר זעען עס פון די געדרוקטע פאָטאָגראַפיעס, זיינען געבראַכט גע־וואָרן קיין טשענסטאָכאָוו אַזעלכע באַקאַנטע אַרטיסטן, ווי מאַרק שוויד, משה זילבערקאַסטן און מרים איזראַ־עלס. אַלע האָבן רעזשיסירט און אַליין מיטגעשפּילט אין וויכטיקע פאָרשטעלונגען. די „לירא" האָט אויך אויסגע־פירט עטלעכע פאָרשטעלונגען פון דער באַקאַנטער לאָד־זשער אַמאַטאָרן־טרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון מאַרק אַרנשטיין.

אין משך פון דער צייט האָט חזן בירנבוים פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און זיין אָרט האָט פאַרנומען דער באַרימ־טער מוזיקער בענסמאַן.

חוץ זיינע קלאַסישע מוזיקאַלישע שאַפונגען איז בענסמאַן אויך געווען דער פּיאָנער פון יידישן פאָלקס־ליד. אייניקע פון די פאָלקס־לידער, וואָס ער האָט געשאַפן, ווי „דער פּאַראָם", האָט ער איינגעזונגען מיטן כאָר פון דער „לירא". אונטער זיין אָנפירונג האָט זיך דער כאָר פון דער „לירא" אינגאַנצן געענדערט, געוואָרן מער יידיש־פאָלקסטימלעך.

צווישן די אַמאַטאָרן, וואָס האָבן געשפּילט און אייניקע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין פאַרשיידענע פאָר־שטעלונגען זיינען געווען: יעטע פּאַקולאַ, דאָראַ שאַ־כער, פּייטל שמועלוויטש, ש. פראַנק, אַראָנאָוויטש, ד. קראַק, ווערנער, פאַלע מאוער (די טאַלאַנטפולע אַמאַטאָ־רין), אָוונער, פר"ל שאַפּירא, סאָבאָל און קראַמאַלאָוו־סקאַ.

אין דער „לירא" האָט זיך אויך אָרגאַניזירט די ער־

שטע ספאָרט־גרופּע, צו וועלכער עס האָבן געהערט גאַנשעראָוויטש, בראַם, קראַק, אַוונער. די גרופּע האָט אָרגאַניזירט אַ פאָרשטעלונג אין דער „לירא״ צו קריגן פינאַנציעלע מיטלען און זיך באַמיט אין פּיאָטרקאָוו וועגן אַ לעגאַליזאַציע פון אַ ספּאָרט־פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו. ווי שטענדיק האָט העינריק מאַרקוספעלד פּראָטעזשירט אויך די גרופּע.

די לעצטע היסטאָרישע אונטערנעמונג פון דער „לירא״ איז געווען דער באַזוך פון שלום עליכמען. בעת מיט פּרצן האָט זיך צומיינסטן געפרייט די יוגנט, האָט שלום עליכמען פאַרגעטערט די גאַנצע יידישע גאַס, אַלע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. אין גרויסן שטאָט־טעאַטער־זאַל איז קיין פלאַץ נישט געווען אפילו צו שטיין.

אַ גרויסע מאַסע יידן האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן וואָקזאַל. גראָד האָט זיך אין דער צייט פון זיין אָנקומען אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקס־רעגן, אָבער די יידן זיינען דערפון נישט נתפעל געוואָרן. שלום עליכם, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, האָט באַגעגנט די יידן מיטן שלאַקס־רעגן מיט זיין געוויינלעכן הומאָר: „רעגן איז מזל און ברכה״ — האָט ער געזאָגט.

די מאַסע יידן האָט באַגלייט שלום עליכמען צו בעהמס האָטעל, וואו ער איז איינגעשטאַנען.

אַ דעלעגאַציע פון דער יוגנט, צוזאַמען מיט אברהם וועוויאָרקע האָט אים איבערגעגעבן אַן אַדרעס, צוזאַמענגעשטעלט פון אברהם וועוויאָרקע.

צווישן די באַגריסער אויף דער בינע איז אויך געווען וואַרמונד, וואָס האָט גערעדט העברעאיש און דווקא זייער לאַנג. שלום עליכם האָט נאָך זיין רעדע דערציילט אַ מעשה מיט אַ חזן, וואָס האָט געהאַט אַ זייער שיינע שטימע, ער האָט אָבער געהאַט איין חסרון, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען, האָט ער פאַרגעסן אויפצוהערן . . .

נאָך דעם אָוונט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט אין בעהמס האָטעל. שלום עליכם האָט אָבער צוליב זיין מאָגן־קראַנקהייט נישט געקענט געניסן פון די צוגעגרייטע מאכלים און האָט אויך דאָס אָפּגעפּטרט מיט אַ פיינעם וויץ.

אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ קאַפּיטל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון טשענסטאָכאָוו.

# יידישע ביבליאָטעקן

די מאָדערנע באַוועגונגען אין יידישן לעבן, און באַזונדער די אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן נישט פאַרשעמט דעם נאָמען פון אַלטן „עם הספר״. דאָס יידישע בוך האָט אין יעדער געזעלשאַפט, יעדן פאַראיין און יעדער פאַרטיי פאַרנומען דעם אויבנאָן.

נאָך עמנואל בייגעלע און הענעך לאַפּידעס, די איינבינדער און מוכרי־ספרימניקעס אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן צוגעשטעלט לייען־ביכער פאַר די טשענסטאָכאָווער יידן, זיינען געקומען די אומלעגאַלע ביבליאָטעקן פון די יידישע אַרבעטער־פאַרטייען: ס״ס, „בונד״, פּועלי־ציון. די ערשטע גרעסערע יידישע אומלעגאַלע ביבליאָטעק מיט בעלעטריסטישע ווערק, סיי פון יידישע שרייבער און סיי פון ניט־יידישע שרייבער אין יידישער איבערזעצונג, האָט געשאַפן די ס״ס. די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אין אַ הויז אויף אָגראָדאָווע, וואָס איז געווען איינער פון די ס.ס.׳ישע פונקטן. דאָרטן האָט זיך דער חבר פון ס.ס., נאָטע שוואַרצבוים, און דער ס״סישער סימפּאַטיקער בערלינער געהאַט אַן אייזן־געשעפט. דאָרט האָט אויך געאַרבעט אַלס בוכפירער ישעיה לעווענהאָף. אין דעם הויז איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ זייטיקער צימער און עס זיינען געבראַכט געוואָרן גרויסע קאַסטנס מיט ביכער פון די וואַרשעווער בוכהאַנדלונגען. די ביכער זיינען רעגיסטרירט געוואָרן אין אַ קאַטאַלאָג און צעטיילט געוואָרן איבער די פאַבריקן, פאַבריקלעך און קרייזן. דער באַשטימטער ביבליאָטעקאַר האָט אַרויסגעגעבן און אָפּגענומען די ביכער לויט די פאָדערונגען פון די לייענער דורך זייערע פאַרטרעטער.



די ערשטע יידישע לעגאַלע ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן ביי דער פעטערבורגער אָפּטיילונג פון דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט״ אין פעטערבורג. ווען די געזעלשאַפט איז דורך דער צאַרישער רעגירונג ליקווידירט געוואָרן, האָט די ביבליאָטעק איבערגענומען די „לירא״.

דער ביבליאָטעקאַר איז געווען פייטל שמולעוויטש. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיך געפונען איבער צוויי טויזנט

יידישע ביכער און איבער זעקס הונדערט העבּרעאישע. ביכער זיינען געטוישט געוואָרן פערציק־פופציק אַ טאָג. אָריגינעלע יידישע ווערק זיינען געלייענט געוואָרן 75 פּראָצענט. פון די איבערזעצונגען אין יידיש זיינען צום מיינסטן געלייענט געוואָרן: קנוט האַמסונ, זאָלאַ, וויקטאָר הוגאָ. וויסנשאַפטלעכע ביכער, ווי נאַטור־וויסנשאַפט כעמיע, ביאָלאָגיע אאַז״וו זיינען געלייענט געוואָרן 20 פּראָצענט, ראָמאַנען — 20 פּראָצענט, דראַמעס — 10 פּראָצענט.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען די „לירא״ איז זיך צעפאַלן און די מיטגלידער פון פאַרשיידענע ריכטונגען האָבן צענומען איר פאַרמעגן — האָבן די ציוניסטישע מיטגלידער איבערגענומען די ביבליאָטעק וואָס האָט ווייטער פונקציאָנירט אין לאָקאַל פון די ציוניסטן אויף דאַיאַזד 19.

אָבער דעמאָלט האָבן שוין די אַרבעטער־ריכטונגען געגרינדעט זייערע באַזונדערע פאַראיינען, טיי־האַלעס און ביבליאָטעקן. פון די איבערגעבליבענע ביכער פון דער פריערדיקער אומלעגאַלער ביבליאָטעק ביי די ס״ס איז אויף דאָס ניי געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק ביים לעדער־אַרבעטער־פאַראיין, דער ערשטער לעגאַליזירטער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע. הינטער אָט דעם פאַראיין איז געשטאַנען די ס״סישע אָרגאַניזאַציע. שפּעטער איז לעגאַליזירט געוואָרן דער „בילדונגס־פאַראיין״, וואָס האָט איבערגענומען די ביבליאָטעק און זי פאַרגרעסערט. די ביבליאָטעקאַרן זיינען געווען: חיה וואַגאַ, אסתר פוקס און ש. לאַנדוי. קלענערע ביבליאָטעקן האָבן אויך עקזיסטירט ביי די „פּועלי ציון״ און „בונד״.

ווען די דעלעגאַטן פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״ זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי אויך מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גרעסערע סומע געלט אויף ביכער. אונטער זייער השפעה איז געשאַפן געוואָרן די פאַראייניקונג פון אַלע אַרבעטער־ביבליאָטעקן אין איין „אַלגעמיינער אַרבעטער־ביבליאָטעק״. אין דער פאַרוואַלטונג האָבן אָנטיילגענומען פאַרטרעטער פון די „פאַראייניקטע״, „בונד״ און פּועלי־ציון.

די אַלגעמיינע ביבליאָטעק איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל ביכער, געזאַמלט דורך די מיטגלידער פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״ און פון דער וואַרשעווער ציש״אָ. אונטער דער ווירקונג פון די פאַרטרעטער פון די יידישע אַרבעטער אין שטאָטראָט האָט דער טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט באַשטימט אַ געוויסע סומע געלט צו קויפן פּוילישע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. די אַלגעמיינע ביבליאָטעק איז געווען אָפן פאַר אַלע און יעדער, וואָס האָט געהאַט חשק צו לייענען האָט זיך מיט איר באַנוצט.

די ביבליאָטעק האָט זיך פון אָנהויב געפונען אין הויז פון קינדערהיים צוויי, סטראַזשאַצקאַ 10. שפּעטער איז זי איבערגעטראָגן געוואָרן אין פּרץ־הויז פון די פאָלקשולן אויף קרוטקע 23.

די ביבליאָטעקאַרן זיינען געווען צווערשט יעקב יצחק זשאַרנאָוועצקי און דערנאָך הערשל ליפשיץ, וואָס איז געווען אַ שילער פון די אָוונט־קורסן און אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישן בוך.

אין דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק זענען אין די שבתים איינגעאָרדנט געוואָרן שמועסן מיט די לייענער, באַזונדערס מיט די יוגנטלעכע לייענער, אויף טעמעס וואָס זיי צו זיי געווען צוגעפּאַסט.

די קאָפּיע פון באַריכט, וואָס ווערט דאָ געגעבן, גיט אַ פאַרשטעלונג פון דער טעטיקייט פון דער גרעסטער און וויכטיקסטער ביבליאָטעק אין טשענסטאָכאָוו.

אַ באַזונדערע ביבליאָטעק, נישט קיין יידישע, נאָר מיט פּוילישע און רוסישע ביכער, האָט אויך עקזיסטירט ביים „האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַראיין״. מיט דער ביבליאָטעק האָבן זיך באַנוצט די יידישע לייענער, וואָס האָבן נישט גערעדט און נישט געלייענט קיין יידיש. נאָך אַ לאַנגן קאַמף, וואָס האָט געדויערט יאָרן, איז דער האַנדלס־אָנגעשטעלטער פאַראיין פאַריידישט געוואָרן.



די פאַרוואַלטונג פון דער מעדעם-ביבליאָטעק
זיצן פון רעכטס צו לינקס: י. ראָזענפעלד, ל. קאַמינסקי, ח. ווילטשינסקי, ה. לייזעראָוויטש, זאַמעל, ר. פעדערמאַן, א. פּרץ, בּרענער און מ. לעדערמאַן.

די ביבליאָטעק האָט זיך שפּעטער צוזאַמענגעשמאָלצן מיט דעם מעדעם־ביבליאָטעק, וואָס איז אַנטשטאַנען ביים „קולטור־אַמט״ אין 1926. דעם גרונדשטיין פאַר דער מעדעם־ביבליאָטעק האָט געלייגט יאַקוב ראָזענבערג, באַשטימענדיק באַלד נאָך מעדעמס טויט אַ גרעסערע סומע געלט אויף דעם ציל. צום סוף יאָר 1926 האָט די מעדעם־ביבליאָטעק שוין פאַרמאָגט איבער טויזנט יידישע ביכער, חוץ פּוילישע. אין 1927 איז די ביבליאָטעק געווען טעטיק אויף אַלע 20 אין לאָקאַל פון קולטור־אַמט יעדן דינסטיק, דאָנערשטיק און שבת.

איינשרייב־געלט אין דער ביבליאָטעק האָט געקאָסט 1 זלאָטע. קויציע פאַר אַ בוך — צוויי זלאָטעס. חודש־

אָפּצאָל — 50 גראָשן. פאַר יוגנטלעכע — איינשרייב־געלט — 50 גראָשן, חודש־אָפּצאָל — 25 גראָשן.

פון סעפּטעמבער 1926 האָט די „מעדעם־ביבליאָטעק" פונקציאָנירט אין צוויי צימערן פון האַנדלס־אַנגעשטעלטן פאַראיין.

די ערשטע ביבליאָטעקאַרין איז געווען אַנדזשע מאַנאָוויטש. אין 1938 האָט די ביבליאָטעק פונקציאָנירט אונטערן נאָמען „קולטורא" און איז אַנגעפירט געוואָרן פון רייזעלע בערקענשטאַט. אונטער איר אַנפירערשאַפט האָט די ביבליאָטעק פונקציאָנירט אומלעגאַל אין דער שרעקלעכסטער צייט פון געשטאַפּאָ־טעראָר אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע פון טשענסטאָכאָוו ביז די נאַצישע תלינים האָבן זי פאַרפייניקט צום טויט. די ביבליאָטעק האָט אין דער צייט געהאַט טויזנט לייענער.

די אַלגעמיינע ביבליאָטעק איז שפּעטער איבערגעפירט געוואָרן אויף דער צווייטער אַלעע און ווייטער פונקציאָנירט אונטער דער פירעשאַפט פון הערשל ליפשיץ.

וועגן דער ראָל פון דער ביבליאָטעק אין די שווערע יאָרן פון פאַשיסטישער הערשאַפט אין פּוילן — שרייבט אין אַ בריוו דער אַנפירער פון דער ביבליאָטעק הערשל ליפשיץ פאָלגענדיקס:

ערשטנס, האָט דער מאַגיסטראַט פאַרקלענערט די סובסידיע פון דער ביבליאָטעק פון 500 זלאָטעס אויף 200. און דאָך איז אונדז געלונגען ביי די שווערסטע באַדינגונגען זי אויסצוברייטערן און פאַרשענערן אויסערלעך. אַרטיסטישע בילדער, פּאָרטרעטן פון יידישע און ניט־יידישע שרייבער און דיכטער באַצירן די ווענט. ביי דער ביבליאָטעק האָבן מיר געשאַפן אַ לייען־זאַל, וואו עס געפינען זיך כמעט אַלע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין לאַנד. פון צייט צו צייט אָרדענען מיר איין שמועסן אויף ליטעראַרישע טעמעס. אַזוי איז די ביבליאָטעק געוואָרן דער צענטער, וואָס הייבט דעם מוט און שטאַרקט דעם גייסט פון די מאַסן אין דער צייט, ווען אַפּאַטיע און נידערגעשלאָגנקייט האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען.

אַזוי האָבן די יידישע אַרבעטער און יידישע יוגנט מיט די גרעסטע קרבנות געהאַלטן הויך די פאָן פון עם־הספר ביז דעם לעצטן הויך פון זייער לעבן. ווייל אויך הערשל ליפשיץ, דאָס אָרעמסטע קינד פון די אָרעמע יידישע מאַסן, וואָס אין זיין קעלער־היים איז מער ווי הוילע שעניקעס צו שלאָפן נישט געווען — איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קדושים פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

•

צו די ביבליאָטעקן אין טשענסטאָכאָוו דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן: די ביבליאָטעק און לייען־זאַל ביים האַנטווערקער־קלוב, וואָס איז טיילווייז געגרינדעט געוואָרן דורך העניך מאַרקוספעלד.

די ביבליאָטעק ביי דער האַנטווערקער־שול אויפן נאָמען פון אַדאָלף בריל.

די ביבליאָטעק אין דער גערטנער־פירמע וועגן באָטאַניק.

די קינדער אין דער י. ל. פּרץ פאָלקשול האָבן געהאַט זייער אייגענע קינדער־ביבליאָטעק.

ביי די קאָאָפּעראַטיוון „פּאַראייניקטע" און ביים „אַלגעמיינעם אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו בונד" האָבן אויך עקזיסטירט אָפּטיילונגען פון ביכער־פאַרקויף.

---

# יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו

דאָס יידישע טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו, האָט אויף זיין אַנטוויקלונגס־וועג געטיילט דעם גורל פון דעמאָלטדיקן יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד און אין פּוילן: געהאַט שלעכטע און גוטע צייטן.

חוץ דער צענזור פון דער צאַרישער מאַכט, וואָס האָט נאָכגעפּרואווט יעדע טעאַטער־פּיעסע און געגעבן דערלויבענישן אויפצופירן אָדער אויך פאַרבאָטן פאַרצושטעלן, איז זייער אָפט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג געווען אָפּהענגיק פון גוטן ווילן פון אָרטיקן נאַטשאַלניק אָדער פּריסטאַוו. ניט איינמאָל איז פאָרגעקומען צו אַנאָנסירן אַ פּיעסע, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן, מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט, אין וואַרשע אָדער לאָדזש און גאָר שפּילן אַ צווייטע פּיעסע. אין אַזעלכע פאַלן האָבן אַרויסגעהאָלפן פון אַזאַ צרה „מענטשן" אַרום דעם טעאַטער, וואָס האָבן אויך פון דעם געמאַכט אַ לעבן.

ניט קיין קלענערע שוועריקייטן האָט דאָס יידישע טעאַטער אין אונזער שטאָט געהאַט דורכצומאַכן ביים באַקומען אַ געהעריקן זאַל מיט אַ בינע. אַנגעהויבן האָבן זיך די פאָרשטעלונגען אין יידישע זאַלן וואו ס'פלעגן פאָרקומען חתונות און אויך אין זאַל פון די פייערלעשער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אָרעמען טייל־שטאָט באַוואָוינט געדיכט מיט יידן. מיט דער צייט אָבער האָבן זיך די יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען איבערגעטראָגן אין די זאַלן פון דער „ליראַ", „וואַרטאַ" און אַפילו אין בנין פון פּוילישן שטאָטישן טעאַטער.

כמעט אַלע יידישע טעאַטער־טרופּעס פון פּוילן האָבן געגעבן פאָרשטעלונגען אין טשענסטאָכאָוו: אין די ווינטער־חדשים געהאַט אַפילו אַ גרעסערן מאַטעריעלן דערפאָלג.

אָבער ניט בלויז די פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס האָבן געווירקט ביים פאַרשפּרייטן די יידישע סצעניש קונסט אין אונזער שטאָט. אַ גאָר גרויסן חלק אין דעם האָבן די

אַמאַטאָרן קרייזן וואָס האָבן עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו. מיט אייגענע כוחות, איבערגעבנהייט און ליבע צום יידישן טעאַטער האָבן זיי געגעבן אַ ריי יאָרן זייערע געלונגענע פאַרשטעלונגען און אַרויסגעגעבן אייניקע רעזשיסאָרן און טאַלאַנטן, וואָס האָבן זיך שפּעטער אויך באַטייליקט אין פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס.

עס איז ווערט זיך צו באַקענען פון וועלכע סאָציאַלע שיכטן פון דעם יידישן טשענסטאָכאָוו, האָבן זיך רעקרוטירט די אַמאַטאָרן טרופּעס. ווי עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט פון אויפשטייגנדיקער אַרבעטער באַוועגונג, האָבן זיך אויך די יידישע אַמאַטאָרן־קרייזן צונויפגעשטעלט אין זייער גרעסטן טייל פון די יידישע אַרעמערע שיכטן בכלל און פון די אַרבעטער־מאַסן בפרט. חוץ דעם דערמאָנטן ציל פון פאַרשפּרייטן קולטור צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן אויך די יידישע אַמאַטאָרן געוואָלט דורך דעם טעאַטער אַנטוויקלען זייער באַוואוסטזיין און דערהויבן זייער פּאָליטישן און סאָציאַלן ניוואָ.

צוליב דער פאַרניכטונג פון די יידישע אַרכיוון (אַ גרויסער טייל איבערגעגעבן געוואָרן פאַרן קריג דעם ווילנער ייוואָ), אין אונזער שטאָט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען מיר נישט אומשטאַנד צו געבן אַ גענויעם איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו. כדי אָבער צו האָבן אַן אַלגעמיינעם בילד, וועגן יידישן טעאַטער אין אונזער שטאָט, וועלן מיר געבן אַ כראָנאָלאָגישן איבערזיכט צוזאַמענגעשטעלט אויפן סמך פון געפונענע דאָקומענטן ביי טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע און אויף זייערע זכרונות.

## פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן־טרופּעס און זייער רעפּערטואַר

איינע פון די ערשטע טעאַטער־טרופּעס וואָס האָבן גאַסטראָלירט אין טשענסטאָכאָוו פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז געווען די קאָאָפּעראַטיווע טרופּע פון קופּרינאָוו מיט פּאָלאַ פאָרטונאַי אין די הויפּט־ראָלן.

אַ לאַנגע צייט האָט אין טשענסטאָכאָוו פאַרבראַכט די אַקטיאָרן־טרופּע פון משה זילבערקאַסטן אונטער דער אָנפירונג פון ווייסהאָף. זילבערקאַסטן האָט רעזשיסירט עטלעכע פאַרשטעלונגען און אַליין מיטגעשפּילט. איינע פון זיינע אויפפירונגען איז געווען „די נבילה" פון פּרץ הירשביין.

דעם 15טן סעפּטעמבער 1912 איז אין דער „לירא" איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאַמיליען־אָוונט מיטן אָנטייל פון יוסף טונקעל (דער טונקעלער). עס איז אויפגעפירט געוואָרן שלום עליכמס איינאַקטער „מזל טוב" מיטן אָנטייל פון פּרל. סעם, יעטע פּאַקולאַ, ש. פראַנק, פּ. שמולעוויטש, ר. און מ. באַרנשטיין.

דעם 21טן און 22טן פעברואַר 1913 האָט אין זאַל פון דער „לירא" געשפּילט די יידישע טרופּע אונטער דער לייטונג פון מאַדאַם טרילינג און אַדאָלף בערמאַן. אין דער טרופּע האָבן זיך באַטייליקט די דעמאָלט־באַקאַנטע אַקטיאָרן פּאַגעלנעסט, קוטנער, לאַשנאָוויסקאַ, גאָטפריד, ראָזען, גוטהערץ און אַנדערע. רעזשיסער פון דער טרופּע איז געווען ה. ל. זשעלאַזאָ. זיי האָבן אויפגעפירט פאָלגנדיקע דריי פאַרשטעלונגען: 1) די אייזערנע פרוי, 2) דאָקטאָר זייפּענבלאַז, 3) די אַ־זעריקאַנערין. אַלע דריי פאַרשטעלונגען זיינען אַדורך מיט אַ גרויסן דערפאָלג. דעם 13טן מערץ פונם זעלבן יאָר האָט די טרופּע אויפגעפירט „די שבועה" פון יעקב גאָרדין.

אין מיטן פון די סוכות־טעג פון יאָר 1913 האָבן אין דער „לירא" געגעבן פאַרשטעלונגען צוויי יידישע טרופּעס. איינע אונטער דער לייטונג פון מיכעלזאָן, וועלכע האָט אויפגעפירט די קאָמישע אָפּערעטע „זיין ווייבס מאַן". די צווייטע אונטער דער רעזשי פון הענדעליסט מיט די פּיעסן „דאָראַ", מעלאָדראַמע אין 4 אַקטן און „דער יידישער קעניג ליר".

דעם 14טן נאָוועמבער דעם זעלבן יאָר האָט אַ יידישע טרופּע אויפגעפירט אין דער „לירא" אַ פריילעכע אָפּערעטע אין 4 אַקטן „דער לוסטיקער פויגל".

אין 1919 האָט אין טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ טרופּע אונטער דער רעזשי און מיטן אָנטייל פון יידישן שוישפּילער צימבאַליסט און דער סוברעטין אייזנבערג. אַ טשענסטאָכאָווער אַמאַטאָרין פעלאַ פיינרייך־בירא נעמט אָנטייל אין דער דאָזיקער טרופּע. זיי האָבן אויפגעפירט די פּיעסן „דער גאַסן־זינגער", „דער ישיבה־בחור" פון זאַלאַטאַרעווסקי, „געבראָכענע הערצער" פון ז. ליבין — „גאָט מענטש און טייוול" און „דער יידישער קעניג ליר" פון יעקב גאָרדין.

אין די ערשטע יאָרן פון דעם באַפרייטן פּוילן זעט מען אין טשענסטאָכאָוו אַ גאַנצע ריי יידישע טעאַטער־טרופּעס מיט די אָנגעזעענסטע יידישע אַקטיאָרן אין דער שפּיץ. אַזוי גאַסטראָלירט אין יאָר 23—1922 א. ר. קאַמינסקאַ מיט איר אַנסאַמבל און פאָלגנדע דריי פאַרשטעלונגען: די "7 געהאָנגענע", „קרייצער סאָנאַטע" און „מירעלע אפרת".

אין יאָר 1924 שפּילט אין טשענסטאָכאָוו די טרופּע פון צימבאַליסט און רעגינאַ צוקער. עס באַטייליקן זיך צווישן אַנדערע די אַרטיסטן מיכאל קליין און בלאָט. די פאַרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען אין זאַל פון דעם ספּאָרט־קלוב „וואַרטאַ" צווייטע אַלעע. עס איז כדאי צו באַמערקן אַז אין דער דאָזיקער טרופּע האָט אָנטייל גענומען דער טשענסטאָכאָווער אַמאַטאָר משה קאַהן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר און אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אַלס אַקטיאָר ביים אַרטיסטן־פאַראיין אין וואַרשע. אין 1925 באַזוכט טשענסטאָכאָוו די דראַמאַטישע סטודיע פון הערמאַן. צווישן די דעמאָלט יונגע אַרטיסטישע כוחות זעען מיר מעלניק, פּאָטאַשינסקי און מאַטל גאָלדבלום. זיי האָבן אויפגעפירט




אַ טייל פון רעפּערטואַר פון די אַקטיאָרן קרייזן

„די גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין און די „קוואַדראַטור פון קרייז".

אין 1927 האָט אין טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ לענגערע צייט די טרופּע פון נחמה און קאַדיש. צווישן אַ ריי דערפּאָלגרייך אויפגעפירטע פּיעסן און אָפּערעטעס, האָט אָבער דעם גרעסטן דערפּאָלג געהאַט די פּיעסע „דער גולם". רעזשי פון מאַרק אַרנשטיין. די פאַרשטעלונגען זיינען אַפילו באַזוכט געוואָרן דורך דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אַ זעלטנהייט אין פּוילן.

דאָס זיינען געווען די ערשטע שריט צו אַ שטענדיק יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו. דער ראַטמאַן פון דער בונדישער פראַקציע אין שטאָט־ראָט ר. פעדערמאַן האָט דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע מיט אַ באַשלוס צו סובסידירן דאָס יידישע טעאַטער מיט 1000 זלאָטעס. די סומע איז אויסגעצאָלט געוואָרן דעם יידישן אַרטיסטן פאַראיין אין וואַרשע.

אויך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַרן יידישן טעאַטער מיטן אָנטייל פון י. ראָזענבערג, אהרן פּרץ, ר. פעדערמאַן, י. סאַק, ז. שטילער און אַנדערע. אין שייכות מיט דעם איז פאַרגעקומען אַן איינדרוקספולער באַנקעט. ר. פעדערמאַן איז געווען אין יענער צייט דער פאַרטרעטער פון יידישן אַרטיסטן־פאַראיין אין פּוילן פאַר די פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּן, וואָס האָבן געשפּילט אין טשענסטאָכאָוו.

די דאָזיקע צוויי פאַקטן האָבן געבראַכט דערצו אַז

ייִדישע גאַסטראָל־טרופּעס האָבן אָנגעהויבן שפּילן אין דעם נײַעם בנין פון שטאָטישן פּוילישן טעאַטער אויף קילינ־סקי־גאַס. ווען מיר נעמען אין באַטראַכט אַז די ערשטע ייִדישע אויפפירונגען זײַנען פאָרגעקומען אין די זאַלן פון די פּייערלעשער „לירא“ אָדער אַפילו פון דער „וואַרטע“, איז דער פאַקט פון אָפּגעבן דעם שטאָטישן טעאַטער־בנין פאַר ייִדישע פאָרשטעלונגען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג.

אין די יאָרן 1928—29 באַזוכט טשענסטאָכאָוו די ווילנער טרופּע מיט מרים ארלעסקא און מאַזע. זיי פירן אויף מיט גרויס דערפאָלג „קידוש השם“ פון שלום אַש. אויך יעקב ווייסליץ און יוסף קאַמיען זײַנען געווען די געסט פון טשענסטאָכאָוו.

צווישן די דראַמאַטישע אַרטיסטן וואָס האָבן געגעבן פאָרשטעלונגען בײַ אונדז אין שטאָט ווי אויך אויפפירונגען פון אײַנצלנע אַקטיאָרן פון דער „הבימה“ און דעם באַרימטן רוסישן קינסטלערישן קאַבאַרעט דער „בלויער פויגל“, איז ווערט צו דערמאָנען. זיגמונט טורקאָוו מיט אידאַ קאַמינסקאַ, יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, אברהם מאָרעווסקי, סאָמבערג, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, יוליוס אַדלער, בעני אַדלער, הערש האַרדט, וויקטאָר חענקין, ברכה צפירה, חנה ראַווינאַ, הערץ גראָסבאַרד, רחל האלצער, שריפטזעצער און אַנדערע.

זיי אַלע האָבן געגעבן פּיעסן פון אייראָפּעאישן און ייִדישן רעפּערטואַר. אַ קורצער פּראָגראַם איבערזיכט באַווײַזט דעם פאַרלאַנג פון טשענסטאָכאָווער ייִדישן פּובליקום: אַזוי איז געגעבן געוואָרן „הינקעמאַן“, מיט יוליוס אַדלער, די „געלע לאַטע“, מיט אַלעקסאַנדער גראַנאַך, „יאָשע קאַלב“ מיט דער מאָריס שוואַרץ טרופּע. „הער לאמפּערטיער“ מיט זיגמונד טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקאַ אין אַ רייע אַנדערע אויפפירונגען פון קינסטלערישן רעפּערטואַר.

צווישן די רעווי־טעאַטערן און אָפּערעטן־טרופּעס איז כדאי צו דערמאָנען דעם „אררט“ אונטער דער לייטונג פון משה בראָדערזאָן מיט די אַרטיסטן, גאָדיק, סטרוגאַטש, דזיגאַן, שומאַכער (אַ טשענסטאָכאָווער אײַדעם) אָלאַ לילית, שיינע מירים, גאָלדשטיין און אַנדערע. אויך דער „אַזאַזעל“ האָט באַזוכט טשענסטאָכאָוו. די אָפּערעטן־טרופּן פון הערשקאָוויטש מיט לייבל ווינער און מאַלווינאַ ווײַנער האָבן אויך גאַסטראָלירט אין אונדזער שטאָט. דער פּאָפּולערער מ. קיפּניס און זמרה זעליגפעלד, ווינאָגראַדאָוו, משה רודינאָוו און רות לעוויאַש זײַנען געווען זייער אָפטע געסט בײַ דעם ייִדישן טשענסטאָכאָוו.

פון אַ גאַנצער ריי פאָרשטעלונגען אין טשענסטאָכאָוו וואָס זײַנען פאָרגעקומען קורץ פאַר דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָבן מיר ווייניק ידיעות.

## אַמאַטאָרן־קרייזן און זייער רעפּערטואַר

דאָס ייִדישע אַמאַטאָרן־טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך, לויט דער באַשרײַבונג פון חיים־לייב שוואַרץ „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט“ אָנגעהויבן מיט דער קינדער־טרופּע פון יעקב בער סילווער. די ערשטע פּיעסע, וואָס זיי האָבן אויפגעפירט איז געווען „די צוויי קונילעמעל“, פון דער דאָזיקער קינדער־גרופּע האָט זיך אין יאָר 1905 געגרינדעט די ערשטע אַמאַטאָרן־גרופּע אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט יעקב בער סילווער, דוד זיטמאַן, פּרל. רובינשטיין, משה סאַנדלער, עמנואל קליינמאַן, וואָלף מאַיאַרטשיק און אַנדערע. זיי האָבן דאַמאָלסט געגעבן מיט אַ גרויסן דערפאָלג „אוריאל אַקאָסטאַ“. אַן אַנדערע אַמאַטאָרן־גרופּע מיט דער באַטייליקונג פון נחום יאַנקל פרידמאַן, דעם לאָמער קאָפּל, גוטשע רחל דער יומעטעס, העלא בידא און גוטשע מאָנטאָג, האָבן שוין דעמאָלט אָנטייל גענומען אין די פאָרשטעלונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן פון דער פרוי ארנשטיינס טרופּע. וואָס האָט אין יענער צייט געשפּילט אין טשענסטאָכאָוו.



אַ גרופּע פון די ערשטע אַמאַטאָרן-שפּילער
שטייען פון רעכטס צו לינקס: חיים די יומעטעס, ד. זיטמאַן
זיצט: ד. מענדלעוויטש

סוף יאָר 1906 אָרגאַניזירט זיך בײַ דער ס. ס. אַן אַמאַטאָרן־קרייז אונטער דער אָנפירונג פון חבר בנימין אין וועלכן עס האָבן גענומען אַן אָנטייל: מענדל שוכטער,

מאיר פיינרייך, מאַניע און הענדל שאַפּערענקאַ, שמחה קאלקע, אַלעקסאַנדער (לייבוש לערער), אַלטער טעאַדאַלע, לאה הערשליקאָוויטש און אַנדערע. זיי האָבן אויפגעפירט „זשאַן און מאַדלען" און די „יידן" פון טשיריקאָוער. די פאַרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען אין טעאַטער פאַריסקי, דער הויפט־פלאַץ פון טעאַטער־פאַרשטעלונגען פון ערשט־ראַנגיקע פוילישע און יידישע טרופּעס. די אויפפירונג פון דער גרופּע איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין טשענסטאַכאָוו.

מיט דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט און איר שפּעטערדיקע פאַראייניקונג מיט דער „לירא" הויבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל פון יידיש טעאַטער אין טשענסטאַכאָוו.

די ערשטע פאַרשטעלונג פון דער דראַמאַטישער סעקציע ביי דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אין זאַל פון דער „לירא" זונטיק דעם 16טן אַפּריל 1911. ס'איז אויפגעפירט געוואָרן צוויי איינאַקטערס: 1) „דאָס אייביקע ליד" פון מ. ארנשטיין מיט דער באַטייליקונג פון מ. פיינרייך, פּרל. מושינסקאַ, פּרל. בורקאַן, ר. פעדערמאַן, און 2) „בחורים", קאָמעדיע אין איין אַקט פון יצחק קאַצענעלסאָן מיט דער באַטייליקונג פון: ר. פעדערמאַן, ס. גראַדאַן, מ. זילבערבערג, מ. פיינרייך, ז. לעווענשטיין, י. זילבערמאַן, פ. שמולעוויטש. אויפן זעלביקן אָוונט זיינען דעקלאַמירט געוואָרן: „געזיכט" פון י. ל. פּרץ דעקלאַמירט פּרל. ב. בירקאַן. „דער משוגענער אין שפּיטאָל" פון דראַנאָוו. — ב. דאַווידאָוויטש. „צו די ברידער" פון באַושעווער — יעטע פּאַקולאַ. „ס'גייט צו פּסח" פון י. ל. פּרץ — ר.פעדערמאַן. „אויפן בוזים פון ים" פון מ. ראָזענפעלד — דאַראַ שאַכער. רעזשיסירט די פאַרשטעלונג האָט אהרן פּרץ.

דער צווייטער דראַמאַטישער אָוונט פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען דינסטיק דעם 23טן מאַי 1911 אין שטאַטישן טעאַטער (פאַריזער זאַל). עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן 4 איינאַקטערס פון י. ל. פּרץ. 1) „נאָך קבורה" — מיטן אַנטייל פון מאַדאַם מרים איזראַעלס, יעטאַ פּאַקולאַ, דאַראַ שאַכער. 2) „אַ פּריימאַרגן" מיטן אַנטייל פון מאַרק שווייד, מ. זילבערבערג, פּרל. י. אַראָנאָוויטש, דאַראַ שאַכער, מרים איזראַעלס. 3) „ס'ברענט" מיטן אַנטייל פון מאַרק שווייד, מרים איזראַעלס, ר. פעדערמאַן, י. זילבערמאַן. 4) „אין פּאָליש אויף דער קייט", מיטן אַנטייל פון מאַרק שווייד און מרים איזראַעלס. די פאַרשטעלונג האָט רעזשיסירט מאַרק שווייד, וואָס האָט צוליב דעם פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין טשענסטאַכאָוו.

אויך מרים איזראַעלס איז דורך דער „לירא" געבראַכט געוואָרן קיין טשענסטאַכאָוו, וואו זי האָט מיט דער הילף פון אַמאַטאָרן רעזשיסירט און אויפגעפירט עטלעכע פאַרשטעלונגען.

דעם 22טן נאָוועמבער 1913 איז אין דער „לירא" איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שלום־עליכם־אָוונט, אויף וועלכן די אַמאַטאָרן־טרופּע האָט אויפגעפירט די באַקאַנטע קאָמעדיע „מענטשן". אין דער פאַרשטעלונג, האָבן אָנטייל־גענומען: קראַק, אַראָנאָוויטש, פרוי סאָבאָל, ווערנער, פּרל. קראַמאַלאָווסקאַ, פאַלאַ מאָוער, פ. שמולעוויטש, פּרל. רייכער און פּרל. שאַפּירא. דאָס איז געווען איינע פון די געלונגענסטע אַמאַטאָרן אויפפירונגען.



מרים איזראַעלס

צוויי געלונגענע אַמאַטאָרן פאַרשטעלונגען אין דער „לירא" זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון דער איניציאַטיוו פון טשענסטאַכאָווער ספּאָרט־פאַראיין: צום ערשטן מאָל איז אויפגעפירט געוואָרן „אַגענטן" פון שלום־עליכם, מיטן אַנטייל פון ד. קראַק, ווערנער, שיפער און פראַווער. אין דעם אָוונט האָבן אויך אַנטייל־גענומען: ה. פּיוולאָוויטש און יוסף אַראָנאָוויטש, פאַרלייענענדיק איניקע מאָנאָלאָגן. צום צווייטן מאָל דעם 15טן אָקטאָבער 1913 איז געשפּילט געוואָרן „דאָס רעטעניש און די לעזונג", וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַן אַמאַטאָרן־פאַרשטעלונג, וואו אַלע, די אַמאַטאָרן־שפּילער, רעזשיסאָר און סופליאָר האָבן



די אַמאַטאָרן־טרופּע פון י.ס.ק. וואָס האָט אויפגעפירט די „משפחה", פון ה. ד. נאָמבערג

איבערגעדרייט די יוצרות. אין דער פאַרשטעלונג האָבן אַנטייל־גענומען: פאַלאַ מאָוער, ווערנער און קראַק. עס איז אויך אַרויסגעטרעטן גוטשע בעם — די סאָליסטין פון דער „לירא" מיט אַ יידיש פאָלקס־ליד „לעבן טאָר מען ניט"... אַקאָמפּאַנירט האָט ה. מאַקרויער.

דעם 23טן מערץ 1913 האָט די געזעלשאַפט „לירא"

איינגעאָרדנט אַ פּורים־אָוונט. עס איז אויפגעפירט געוואָרן מאַרק אַרנשטיינס איינאַקטער „דער פּראַגע צייכן״.

ביז צו דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פירן די אַמאַטאָרן־קרייזן אַדורך אַ גאַנצע ריי פאָרשטעלונגען.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע פון 1914 ביז 1918 איז אין טשענסטאָכאָוו טעטיק געווען אַן אַמאַטאָרן־טרופּע אונטערן נאָמען, „ליבהאָבער פון יידי־שער סצענישער קונסט״. אין דער טרופּע האָבן אָנטייל גענומען: יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי, פּ. שמולעוויטש, ש. פראַנק, גאָטיינער, דאָראַ שאַכער, פּעלאַ רייכער, צעשאַ פעדערמאַן, רובינשטיין, רפאל פעדערמאַן און לייטשע גליקליך. דער רעזשיסער פון דער טרופּע איז גע־ווען הערשל גאָטיינער. צווישן אַ ריי פּיעסן וואָס זיי האָבן דעמאָלט אויפגעפירט איז אויך געווען „די משפחה״ פון ה. ד. נאָמבערג און די „יידן״ פון טשיריקאָווער. דער דערפאָלג פון די פאָרשטעלונגען אין טשענסטאָכאָוו, האָט געבערענגט צו דעם, אַז די י.ס.ק. האָט געמוזט געבן אַ ריי פאָרשטעלונגען אין דער פּראָווינץ אַרום טשענסטאָכאָוו. אויסצייכענענדיק זיך, אַלס די בעסטע יידישע אַמאַטאָרן־טרופּע אין אונזער שטאָט.

אַן אַנדערע קולטורעלע פאָרשטעלונג האָט די י. ס. ק. אַדורכגעפירט דעם 10טן יוני 1916 אין טעאַטער „קאַרסאָ״. דאָס איז געווען אַ טרויער־אַקאַדעמיע געווידמעט דעם נאַר־וואָס פאַרשטאָרבענעם שלום־עליכם, מיט פאָלגנדיקן פּראָגראַם:

1) אויפן פרישן קבר, דעקלאַמירט פון ציליאַ האָ־ראָוויטש און אילוסטרירט מיט אַ לעבעדיקן בילד פון קונסט־מאָלער פּרץ ווילענבערג.

2) יוסף אַראָנאָוויטש האָט גערעדט וועגן שלום עליכם.

3) „אויף מיין קבר״, דעקלאַמירט פון ד. שאַכער.

4) „קיין עין הרע״, אויסגעפירט פון אַלטער ראָט־באַרד.

5) „די גימנאַזיע״, געלייענט פון י. אַראָנאָוויטש.

אין צווייטן טייל פון דער אַקאַדעמיע איז אויפגעפירט געוואָרן שלום־עליכמס קאָמעדיע „מענטשן״ מיטן אָנ־טייל פון י. אַראָנאָוויטש, ווערנער, ד. שאכער, פאַליאַ מאַוער, ראטבארד, פּרל. געלאַ ראָזענבערג און פּעלאַ ריי־כער.

די לעצטע מלחמה־יאָרן און די ערשטע צייט פון

דעם נייעם פּוילן ברענגען אַריין אַ געוויסן שטילשטאַנד אין דער טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער יידישע אַמאַ־טאָרן־קרייזן אָבער שוין דעם 4טן אַפּריל 1920 האָט די דראַמאַטישע סעקציע ביים אַרבעטער־קלוב „פּראָגרעסיוו־טע״ באַנייט איר קולטוראַרבעט און אויפגעפירט פּ. בימקאָס פּיעסע „די גנבים״. די פאָרשטעלונג איז פאַר־געקומען אין טעאַטער „פּאָלאָניאַ״ מיטן אָנטייל פון משה קרעמסקי, א. וועגנער, רעגינע ראָזענפעלד (קופערמאַן), ח. בענדעט, אַלעק לעווענשטיין, ח. עפּשטיין און פּאָלאַ קאַסטענשטיין. די הויפּט־ראָל האָט געשפּילט ש. פראַנק.

דעם 11טן דעצעמבער 1920 איז פון דער איניציאַ־טיוו פון דער צייטונג „דאָס נייע וואָרט״ פאָרגעקומען אַ טרויער־אָוונט צום אָנדענקען פון ש. אַנסקי. עס איז אויפ־געפירט געוואָרן דער איינאַקטער „פאָטער און זון״. די ראָל פון פאָטער האָט געשפּילט ר. פעדערמאַן, וועלכער האָט שוין געשפּילט אַן ענלעכע ראָלע אַלס ר׳ זרח אין שלום אַש׳ס פּיעסע „מיטן שטראָם״. צוזאַמען מיט אים האָט געשפּילט מאַרק שוויד.

דעם 22טן יאַנואַר 1921 איז אויפגעפירט געוואָרן צום צווייטן מאָל אין טשענסטאָכאָוו פּ. בימקאָס פּיעסע „די גנבים״. די גאַנצע הכנסה איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָוו. אין זעלבן יאָר איז אויפגעפירט גע־וואָרן „דער דאָרפס יונג״ מיט לעווענשטיין און פראַנק.

אַ ספּעציעלער יום־טוב אויף דער יידישער גאַס זיינען געווען די קינדער־פאָרשטעלונגען פון דער י. ל. פּרץ פאָלקס־שול און קינדערהיים. אין אונזער באַריכט „דאָס לעצטע יאָר״ ווערן דערמאָנט צוויי פון די דאָזיקע קינדער. רחל טעקסטילער און גוניאַ בערקאָוויטש.ביידע גראָטעוועט פון נאָצישן גיהנום, געפינען זיי זיך די ער־שטע אין שאַנכאַי די צווייטע אין טשענסטאָכאָוו.

דער קורצער סך־הכל באַווייזט, וויפיל פאַרשטענדע־ניש דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעוויזן פאַר יידיש טעאַטער, פאַר יידישע קולטורעלע פאַראַנשטאַל־טונגען, אונטערשטיצנדיק אין אַ פולער מאָס אייגענע און פרעמדע קרעפטן.

און ווי דאָס אויג אָנטציקט זיך זעענדיק ווי גרינס און בלומען וואַקסן אויף אַ בית־עולם, וואָס איז דער שטאַרקסטער סימן פון אייביקייט פון לעבן, לאָמיר האָפן זיך נאָך אַמאָל צו פרייען הערנדיק ווידער וועגן אַ יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו.

# די יידישע פּרעסע

## דער אָנהייב

איידער דער „פריינד״ האָט זיך איבערגעצויגן פון פּעטערבורג קיין וואַרשע און ביז צום דערשיינען פון „היינט״ און „מאָמענט״, האָט מען אין טשענסטאָכאָוו

זייער ווייניק געלייענט יידישע צייטונגען. דער „המליץ״, „הצפירה״ און דער „פריינד״ פון פּעטערבורג זיינען אָנ־געקומען קיין טשענסטאָכאָוו צו געציילטע אַבאָנענטן. די צוויי טשענסטאָכאָווער איינבינדער און מוכרי־ספרים־ניקעס, לאַפּידעס און בייגעלע, וואָס האָבן געשפּייזט די

יידישע לייענער מיט מעשה־ביכלעך פאַר דריי גראָשן לייען־געלט — האָבן אויך אויסגעשריבן דעם „פריינד“, און ביי זיי האָט מען געקענט לייענען די צייטונג פאַר איין קאָפּיקע, מען האָט אָבער געדאַרפט וואַרטן אויף דער רייע. די רייע האָט אַמאָל געקענט זיין אַ צען פערזאָן און מער. די צייטונג פלעגט ווערן אַזוי צעריבן, אַז די לעצטע לייענער האָבן קוים געקענט אַדורכלייענען אַ זאַץ.

די ערשטע אמתע צייטונג־פאַרשפרייטער אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען די דריי שותפים, משה לייב לעווענשטיין, העשקע גוטפריינד און שלמה פראַנקפורטער. זיי זיינען געווען די פאַרטרעטער פון די וואַרשעווער צייטונגען, וואָס פלעגן געוויינלעך אָנקומען מיטאָגצייט. זייער ערשטער פלאַץ צו פאַרקויפן די צייטונגען איז געווען אין דער ערשטער אַלעע, תחילת נעבן נייפעלדס אָפּטייק־סקלאַד, שפּעטער — אין טויער פון הויז נומער 7, וואו עס האָט זיך געפונען די לייי־ און שפּאָר־קאַסעס. מאַסן מענטשן פלעגן יעדן טאָג וואַרטן אויפן אָנקומען פון די צייטונגען. זיי האָבן אויך געהאַט שטענדיקע קונים, וועמען זיי האָבן צוגעשטעלט די צייטונג אַהיים.

די ערשטע אויסגאַבן אין טשענסטאָכאָוו גופא זיינען געווען די פּראָקלאַמאַציעס פון פּאַרטייען. אַ סך פון די פּראָקלאַמאַציעס זיינען געדרוקט געוואָרן אין באָטשאַנס דרוקעריי, מיט גוטן אָדער מיט בייזן. איינער פון די שטענדיקע דרוקער פון די פּראָקלאַמאַציעס איז געווען שמחה קאַלקע. די אָרגאַניזאַציע פון ס״ס אין טשענסטאָכאָוו האָט שפּעטער אָרגאַניזירט אַן אייגענע דרוקעריי.

דער ערשטער צייטונג־שרייבער אין טשענסטאָכאָוו איז געווען משה צעשינסקי, וואָס פלעגט שרייבן קאָרעספּאָנדציעס פון טשענסטאָכאָווער כראָניק אין די וואַרשעווער און אַנדערע צייטונגען אונטערן נאָמען משה צע. פאַרשטייט זיך, אַז קיין סך פלאַץ האָבן די גרויסשטאָטישע צייטונגען פאַר דער פּראָווינץ נישט אָפּגעגעבן. אין פאַרשיידענע שטעט האָבן זיך דעריבער אָנגעהויבן צו באַווייזן לאָקאַלע וואָכנבלעטער אויף צו באַדינען דאָס אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן. אַזאַ וואָכנבלאַט איז געווען דאָס „בענדינער אַנאָנסן־בלאַט“, וואו ר. פעדערמאַן האָט געדרוקט באַריכטן פון טשענסטאָכאָוו. דאָס האָט באַוועגט די טשענסטאָכאָווער טוער צו שאפן אַן אייגענע פּרעסע און עס איז געגרינדעט געוואָרן דאָס „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען־בלאַט“.

### „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען־בלאַט“

דער ערשטער נומער „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען־בלאַט“ איז דערשינען פרייטיק, דעם 6טן דעצעמבער 1912 אין ב. באָטשאַנס דרוקעריי. אונטערגעשריבן פון ב. באָטשאַן אַלס רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער. די גרינדער זיינען געווען א. כראבאלאָווסקי, הערשעלע פּייוולאָוויטש, משה צעשינסקי, יאַקוב ראָזענבערג.

דעם פאָנד פאַרן ערשטן נומער פון דער צייטונג האָט געשאַפן משה צע., וואָס האָט געזאַמלט פאַר די ערשטע צוואַנציק רובל אַנאָנסן. קיין לייכטע אויפגאַבע איז דאָס נישט געווען. ער האָט אויך געשריבן די כראָניק. ראָזענבערג, וואָס איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטעלטער אין „וואולקאַן“ (אייזן־גיסעריי), איז געווען דער פינאַנסיר און ערשטער רעדאַקטאָר. הערשעלע פּייוולאָוויטש איז געווען דער פעליעטאָניסט און א—סקי דער „לייט־אַרטיקל“־שרייבער.

קיין באַזונדער דערלויבעניש אַרויסצוגעבן די צייטונג האָט זיך נישט געפאָדערט. אין צאַרישן רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען דערלויבט אַרויסצוגעבן ספּאָראַדישע אויסגאַבעס בלויז מיט דער אונטערשריפט פון אַרויסגעבער. נאָכן פאַרעפנטלעכן פלעגן אַוועקגעשיקט ווערן עטלעכע קאָפּיעס צום צענזאָר.

דער פלאַן אַרויסצוגעבן אַ וועכנטלעכע צייטונג דורך אַ גרופּע אַמאַטאָרן, אָן געלט־מיטלען, איז בכלל געווען אַ געוואַגטע אוטאָפּיע. אָבער דער קריטישסטער מאָמענט ביים אַרויסגעבן דעם ערשטן נומער איז געווען די פאָדערונג פון ב. באָטשאַן, אַז דער גאַנצער דרוק־מאַטעריאַל, איינשליסלעך די אַנאָנסן זאָל פריער איבערזעצט ווערן אויף רוסיש, כדי צו קריגן דערויף די דערלויבעניש פון דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע און בערל באָטשאַן ע״ה איז געווען אַ האַרטער ייד, אים צו איבערצייגן, אָדער צווינגען צו אונטערוואַרפן זיך, איז געווען שווער. אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן האָבן אפילו די רעוואָלווערן פון די ס״סאָווצעס אים נישט געקענט באַוועגן צו לאָזן דרוקן אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציעס. און דער „נס“ איבערצוריידן באָטשאַנען צו לאָזן דרוקן אָן רוסישע איבערזעצונגען איז אפשר געווען גרעסער ווי דאָס דערשיינען פון דער צייטונג אַליין.

דער ערשטער נומער פון „רעקלאַמען־בלאַט“, פּרייז 1 קאָפּיקע, האָט אַנטהאַלטן:

„אונדזער ציל“, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אַזוי:

„צו געבן יעדן סוחר אָדער פּראָדוצירער די מעגלעכקייט באַקאַנט צו מאַכן דאָס ברייטע פּובליקום מיט זיינע אַרטיקלען און סחורה, און אויך אָנווייזן דעם קונה דעם וועג און קוואַל, ווי (וואו) צו קויפן אַלץ, וואָס אים איז נויטיק“.

דערנאָך ערשט קומט דער צוזאָג: „צו באַריכטן די טעטיקייט פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי צום ביישפּיל: יידישע געמיינדע, קרעדיט־אינסטיטוציעס, קולטורעלע פאַראיינען און חברות“.

„טשענסטאָכאָווער נייעס“, צוויי שטיקלעך נייעס: א) „די חברה ’מלבוש ערומים“ וועט דעם שבת צעטיילן אָרעמע ייִנגלעך 127 פּאָר שטיוול און 62 פּאַלטנס“; ב) „דעם גלח דאמאזי מאַצאָך האָט באַזוכט אין זיין צעל אין פּיעטריקאָווער טורמע זיין אַדוואָקאַט קליין, ער זאָל אונ־

טערשרייבן די בקשה צום סענאַט וועגן אַ קאַסאַציע. מאַצאַך האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן״.

אַ קאָרעספּאָנדענץ פון קעלץ, אָנגעהויבן אויף דער ערשטער זייט און פאַרענדיקט אויף דער צווייטער, — אונטערגעשריבן פון פ. ב—אָ (פישל בימקאָ), אַ קאָרעספּאָנדענץ פון נאָוואָראַדאָמסק פון רמז. אויף דער צווייטער זייט, אונטערן שטריך, געפינט זיך „דער קהלס שגץ״, צוזאַמענגעשטעלט פון ה. פּיוולאָוויטש. אויף דער דריטער זייט — דער לייט־אַרטיקל פון א—סקי „חנוכה״, געדרוקט אין פּעטיט (די גרעסערע שריפט איז שוין געווען פאַרנוצט אויף דער כראָניק און קאָרעספּאָנדענצן). עס געפינט זיך דאָ אויך אַ „קליינער פעליעטאָן״ פון יאַקוב ראָזנבערג און לעצטע שטאָט־נייעס.

דאַן קומען אַנאָנסן פון „אוראַניאַ״, צווייטע אַלעע 38 און „אָדעאָן״, צווייטע אַלעע 43. אַן אַנאָנס פון אַ גרויסן חנוכה־אָוונט אין דער „לירא״, מיט די אַרטיסטן מרים איזראַעלס, אַ חנוכה־אָוונט אין האַנטווערקער־קלוב מיט אַ פאָרלעזונג פון אינזשינער ראַטנער וועגן דער באַדייטונג פון חנוכה און אָנטייל פון קאַנטאָר ז. ראָזענטאַל און צום שלוס „דעקלאַמאַציעס, טענץ און קאָנפעטי״ און דריי גרויסע חנוכה־פאָרשטעלונגען אין דער „לירא״ פון די קאָמיקער גאָלדבערג און הערשקאָוויטש, פרימאַדאָנע לאַסקאָווסקי און סוברעטן גוטשעכטער.

אין צווייטן נומער געפינט זיך אַ נאָטיץ: „פיזישע אַנטוויקלונג ביי יידן״, וואָס רופט די טשענסטאָכאָווער יוגנט צו גרינדן אַ ספּאָרט־פאַראיין. דער לייט־אַרטיקל איז געווידמעט דעם האַנטווערקער־קלוב. אַ צווייטער לייט־אַרטיקל פון יאַקוב ראָזענבערג באַהאַנדלט די אַסימילאַטאָרן פון דער וואַרשעווער גמינע, וואָס האָבן געמאַכט אַ פאָרשלאַג אָפּצוזאָגן פון זיין אַמט דעם דיכטער י. ל. פרץ, ווייל ער האָט פיגורירט אַלס וואַלמאַן אויף דער יידישער נאַציאָנאַליסטן־ליסטע. אין זעלביקן נומער געפינט זיך אַ שטיקל כראָניק פון משה צע וועגן דעם, אַז די היגע נאַציאָנאַלע יוגנט האָט אַוועקגעשיקט אַ פּראָטעסט אין די וואַרשעווער צייטונגען קעגן דער יידישער גמינע אין וואַרשע, וואָס האָט דעבאַטירט די פראַגע אָפּצוזאָגן י. ל. פרצן פון זיין אַמט.

אין דריטן נומער „רעקלאַמען־בלאַט״ פילט זיך, אַז דאָס קינד ציינדלט שוין. דער אַרטיקל „דער יידישע אַנטיסעמיטיזם״ פאַלט אָן מיט שאַרפע ווערטער אויף די יידישע אַרבעטס־געבער, וואָס זאָגן אָפּ די יידישע אַרבעטער פון זייערע פאַבריקן.

דעם לייט־אַרטיקל פון פערטן נומער ווידמעט א—סקי „אַ לעבנס־פראַגע״, דער עמיגראַציע.

אין פינפטן נומער איז דער לייט־אַרטיקל ווידער געווידמעט „פיזישער אַנטוויקלונג ביי יידן״. צוויי נאָטיצן אין דער כראָניק דערציילן, אַז דער רוסישער פריסטאַוו דעניסאָוו איז געמשפט געוואָרן אין פיעטריקאָווער קרייז־געריכט פאַר געהערן צו פפ״ס און אַז די וואַרשעווער סודעבנע פאַלאַטע האָט געמשפט די באַוואוסטע שריפטשטעלערין מאַריאַ גליקסאָן, טאָכטער פון באַקאַנטן טשענסטאָכאָווער אַדוואָקאַט גליקסאָן, פאַר געהערן צו פפ״ס און באַהאַלטן עקספּראָפּריאירטע געלטער. זי איז פאַרמשפט געוואָרן צו צוויי יאָר און אַכט חדשים קאַטאָרגע.

אין זעקסטן נומער איז דער ערשטער אַרטיקל אַ רוף צו די יידישע סוחרים, קעגן וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באָיקאָט־באַוועגונג נאָך די וואַלן צו דער פערטער דומע, זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ סוחרים־פאַראיין.

אַרטיקלען, איינער אין 6טן נומער „חובבי שפת עבר״ אין דער „לירא״ פון ל. ק. (לעאָן קאַפינסקי) און דער צווייטער אין 7טן נומער „די חובבים אין דער 'לירא' ״ פון אַ יידישיסט (א—סקי) באַווייזן, אַז דער העברעאיש־יידישער קאַמף איז אַריבער אויף די שפאַלטן פון דער טשענסטאָכאָווער „פרעסע״.

אין זיבעטן נומער געפינט זיך אויך אַ קליינער פעליעטאָן „פון וואָס יידן פרייען זיך״ פון פ. ש—ץ (פייטל שמולעוויטש). דאָס זיינען, ווייזט אויס, געווען זיינע ערשטע געדרוקטע שורות. דער נומער איז דערשינען דעם 17טן יאַנואַר 1913.

דאָס „רעקלאַמען־בלאַט״ האָט אויסגעהאַלטן ניין נומערן. דעם 14טן פעברואַר 1913 איז שוין דערשינען דאָס „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט״, נומער 1.

## „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט״

נומער 5 „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט״ דערשיינט שוין אין אַ גרעסערן פאָרמאַט און הייבט אָן באַקומען אַ פנים פון אַ צייטונג. אין זעלביקן נומער איז פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „וועגן חדר״, וואָס „פאָדערט אַ נייע וועלטלעכע יידישע פאָלקסשול״.

דער נומער 10 „וואָכנבלאַט״ — דער פסח־נומער — איז שוין כמעט אַ „ליטעראַרישער״. ער אַנטהאַלט אַ לייט־אַרטיקל „עבדים היינו״ פון ל. (לעאָן קאַפינסקי), „אין דער מדבר״, אונטערגעשריבן: אַ יינגערע ייד (א. כ.), „אַ בלוט־בלבול״, מאָנאָלאָג פון אַ יידישן רעפאָרטער, געווידמעט בייליסן אין קיעוו פון איפסילאָן (ה. פּיוולאָוויטש) און „פסחדיקע קינדער־זכרונות״, געווידמעט מיין חבר מאיר הירש, פון בן יעקב (משה צעשינסקי).

אין נומער 11 שרייבט בן־יעקב וועגן די עמיגראַנטן, וואָס פאָרן אַדורך די טשענסטאָכאָווער גרענעץ און פאָדערט אויף די יידישע כלל־טוער צו עפענען אַן אָפּטיילונג פון דער פעטערבורגער עמיגראַציע־געזעלשאַפט.

אין זעלביקן נומער באַהאַנדלט „אַ מיטגליד״ (א. כ.) אין אַ לייט־אַרטיקל די „לינת־הצדק״, ער האַלט, אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט דאַרף זאָרגן פאַר דער פיזישער אַנטוויקלונג פון יידישן קינד דורך גרינדן אַ זומער־קאָ־

לאַניע און איינאָרדענען קינדער־גערטנער אויף דער פרייער לופט.

אין נומער 12 געפינט זיך אַ שטיקל כראָניק: „ווידער אַ סטרייק אין פאַבריק מאַטטאַ" און אַ נאָטיץ מיט אַזאַ אינהאַלט: „דער ערשטער מאַי אין טשענסטאָכאָוו". „אַ טאָג פאַרן ערשטן מאַי זיינען ביי אונדז אין שטאָט פאָרגעקומען מאַסן אַרעסטן און רעוויזיעס. אויך האָט די פּאָליציי אַראָפּגעריסן עטלעכע רויטע פענער פון די טעלעגראַף־דראָטן אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט". דאָס איז געווען אין יאָר 1913.

אין לייט־אַרטיקל פון נומער 13 ווערט פאָרגעלייגט אַ פּראָיעקט צו בויען אין טשענסטאָכאָוו אַ פאָלקס־הויז פאַר אַלע געזעלשאַפטן און פאַראיינען.

אין נומער 14 געפינט זיך אַ באַריכט פון משה צע. וועגן אַ גרעסערער גרופּע טשענסטאָכאָווער עמיגראַנטן, וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן קיין גאַלוועסטאָן.

די נומערן 17 און 18 זיינען דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון אַ יונגן זשורנאַליסט י. מ. ברוין פון וואַרשע. פון 19־טן נומער אָן האָט ווייטער רעדאַגירט די צייטונג ה. פּייוולאָוויטש. די הויפּט אַרטיקלען האָבן געשריבן א—סקי און כראָניקער משה צע.

אין סעפּטעמבער 1913 זיינען פאָרגעקומען וואַלן פון דאָזאָרעס אין דער יידישער גמינע. דאָס „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" האָט געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע, אַז די עטאַט־צאָלער זאָלן אָנטיילנעמען אין די וואַלן און אויסקלייבן דאָזאָרעס, וואָס זאָלן פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג און נישט נאָר די „דייטשן" (אַסימילאַטאָרן). עס איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ גאַנצע רייע געזעלשאַפטלעכע בריוו וועגן די אויפגאַבן פון דער גמינע, פון 1,200 עטאַט־צאָלער, וואָס האָבן געהאַט רעכט צו וויילן, האָבן זיך אין די וואַלן באַטייליקט נאָר פערצן פערזאָן. די מייסטע שטימען האָבן באַקומען ד"ר זאַקס, לודוויג טעמפּעל און הענריק מאַרקוספעלד.

צוליב אַ סכסוך מיטן אַרויסגעבער ב. באָטשאַן איז דער נומער 36 דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון ישראל פלאָצקער. דער סכסוך איז אָבער באַלד אויסגעגליכן געוואָרן און די צייטונג איז ווייטער דערשינען מיט אירע שטענדיקע מיטאַרבעטער.

עס איז אָנגעקומען דער בייליס־פּראָצעס אין קיעוו, וואָס האָט אין דער יידישער עפנטלעכקייט אַוועקגערוקט אָן אַ זייט אַלע אַנדערע פּראָבלעמען. עטלעכע נומערן „וואָכנבלאַט" זיינען געווידמעט דעם בלוט־בלבול, וואָס איז געווען געווענדט קעגן גאַנצן יידישן פאָלק. ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן דער אורטייל פון די געשוואוירענע ריכטער, איז דער הויף אויף אַלע 6 געווען פאַרפלייצט מיט יידן. די עקסטראַ־אויסגאַבע איז געריסן געוואָרן פון די הענט.

## „אונדזער צייטונג"

אין אָקטאָבער 1913 האָט אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ צווייטע וועכנטלעכע צייטונג אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער צייטונג". די צייטונג האָט אַרויסגעגעבן די דרוקעריי פון לוטעק צימערמאַן. רעדאַקטאָר איז געווען קראָנענבערג פון לוויוויטש.

אין דעם זעלבן יאָר 1913 זיינען אין רוסלאַנד איינגעפירט געוואָרן צוויי סאָציאַלע „רעפאָרמען". איינע איז געווען די אַרבעטער־קראַנקן־קאַסעס. די צווייטע איז געווען אַ געזעץ, וואָס האָט דערלויבט די גרינדונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין אַ באַגרענעצטן פאַרנעם. דאָס „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" האָט אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ די דאָזיקע פראַגן, באַזונדער די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין דעם זעלבן פעריאָד.

אין לעצטן נומער „וואָכנבלאַט" (נומער 46 פון 26טן דעצעמבער 1913), געפינט זיך אַ באַריכט, געדרוקט טאַקע פּעטיט, אָבער פון גרויסער באַדייטונג. מיר ווערן געוואָר, אַז אין האַנטווערקער־קלוב איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע זיצונג לכבוד ה' הענריק מאַרקוספעלד אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איינייאָריקער עקזיסטענץ פון דער ליי־ און שפּאָר־קאָסע ביים קלוב. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט א. ראָטשילד, אַן אַרבעטער, באַרירט די פראַגע, וואָס יידישע אַרבעטער ווערן נישט אַריינגעלאָזט אין די פאַבריקן פון די יידישע כלל־טוער און פילאַנטראָפּן און די וואָס אַרבעטן דאָרטן פון פריער ווערן ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן. ה' מאַרקוס וויין, דירעקטאָר פון דער „קאַפּעלושאַרניע", וואו עס האָבן געאַרבעט אַרום 160 יידישע מיידלעך, האָט דערקלערט, אַז דער יידישער שבת שטערט די יידישע אַרבעטער אָנצוקומען אין די פאַבריקן. אַ גרויסע דיסקוסיע האָט זיך אַנטוויקלט. אָבער קיין גרויסע רעזולטאַטן האָט עס ניט געבראַכט. און אין „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט", וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין אָנהייב 1914 איז די פראַגע ווידער עטלעכע מאָל אויפגעהויבן געוואָרן.

## „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט"

דאָס טשענסטאָכאָווער „טאָגבלאַט" איז פון אָנהייב אַרויסגעגעבן געוואָרן בשותפות פון ב. באָטשאַן און יאַקוב ראָזענבערג, אָבער נאָך דעם ווי די סומע פון דריי הונדערט רובל, וואָס ראָזענבערג האָט אַריינגעלייגט, האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ב. באָטשאַן אַליין איבערגענומען די צייטונג.

אַלס רעדאַקטאָר פון „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט" איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן י. אַבראַמזאָן, פון לאָדזש, וואו ער האָט געהאַט מיטגעאַרבעט אין אַ קאָפּיקע־צייטונג. ער איז געווען אַ גוטער יידיש־שרייבער און אַ פילאָזאָפישער קאָפּ. ער האָט געהערט צו די דעמאָלטדיקע

בעלי־תשובות, וואָס האָבן זיך אין די רעאַקציאָנערע יאָרן אָנטוישט.

דאָס „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט" האָט אין די לייט־אַרטיקלען באַהאַנדלט די זעלביקע פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס דאָס „וואָכנבלאַט". די צייטונג איז אַרויס־געטראָטן פאַר אַ רעפאָרם פון חדר און פאַר שאַפן אַ יידישע פאָלקס־שול, האָט אָפט קריטיקירט די באַציאונג צו יידיש אין די קהלישע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען צומייסטנס אָנגעפירט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע אַסימילאַטאָרן. דעם גרעסטן פּלאַץ האָט די צייטונג אָפּ־געגעבן די וואַלן פון דאַזאָרעס, וואָס זיינען אויפסניי פאָרגעקומען אין זומער 1913. כדי אויפצואוועקן ביים יידישן עולם, די עטאַט־צאָלער, אַן אינטערעס צו די וואַלן, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרטיקלען מיט אינטערוויוען פון הרב ר' נחום אַש, אינזשעניער פ. ראַט־נער, הערמאַן שאַיאַ, יוזעף אימיך, א. וואַרשאַווסקי, דער וואָליער רב, ישאַיעוויץ, לעאָן קאַפּינסקי און אַדוואָקאַט י. גרינבוים פון וואַרשע. דער אויספיר איז געווען, איז געווען, אַז אין דער גמינע דאַרף אויך זיין פאַרטראַטן אַ פאַרשטייער פון דער אָרטאָדאָקסיע. דער קאַנדידאַט איז געווען שמואל גאָלדשטיין. עס איז אויך אַרויסגעשטעלט געוואָרן די קאַנדידאַטור פון אינזשעניער ראַטנער. די אָנפירער פון דער גמינע זיינען געבליבן די אַסימילאַטאָרן.

צוזאַמען מיט אַבראַמזאָנען האָט אין „טאָגבלאַט" מיטגעאַרבעט ה. פּייוולאָוויטש אַלס קאָרעקטאָר און אַלס שרייבער פון פעליעטאָנען פון שטאָטישן לעבן און פון די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו. אַ—סקי, וואָס האָט ניט איינגעשטימט מיט אַבראַמזאָנען אין זיין נייגונג צו רעכטס, האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט אַרטיק־לען, צומייסטנס פון אַרבעטער־לעבן.

פון צייט צו צייט האָט אויך ר. פעדערמאַן פאַר־עפנטלעכט אַרטיקלען וועגן קאַמף פאַר יידיש.

דאָס „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט" האָט אויך אָפט געדרוקט קורצע און לענגערע בעלעטריסטישע דערציילונגען, צווישן אַנדערע פון א. עפּעלבוים און דזשעק לאָנדאָן.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די צייטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן, אָבער אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע איז זי ווידער דערשינען אַלס קאָמבינאַציע מיט לאָזאַר קאַהאַנס „פאָלקסצייטונג" פון לאָדזש. י. אַבראַמזאָן, אַ פיינט פון די דייטשן, האָט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו ביים אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה. די צייטונג, אייגנטלעך, די אַרטיקע נייעס, גע־דרוקט אין באַטשאַנס דרוקעריי, איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ה. פּייוולאָוויטש מיט דער באַטייליקונג פון מענדל אַש.

צום סוף פון דער מלחמה איז דאָס „טשענסטאָכאָ־ווער טאָגבלאַט" ווידער דערשינען זעלבסטשטענדיק, ביז עס האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט אין 1919.

## „דאָס נייע וואָרט"

אין אַפּריל 1920 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען „דאָס נייע וואָרט", אַ וואָכנבלאַט אַרויסגעגעבן דורך דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון די „פּאַרייניק־טע", געווידמעט דעם אַרבעטער־ און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון טשענסטאָכאָוו. אָפיציעלער רעדאַקטאָר איז געווען ר. פעדערמאַן. אָנגעפירט מיט דער צייטונג און זי כמעט אינגאַנצן אויסגעפילט האָט א. כראַבאַלאָווסקי.

באַלד דערנאָך איז אויסגעבראָכן די סאָוועטיש־פּוילישע מלחמה. כמעט אַלע אַרבעטער־צייטונגען אין פּוילן, אַרויסגעגעבן דורכן „בונד" און פּועלי ציון, זיינען פאַרמאַכט געוואָרן, די גרעסטע צאָל אַרבעטער־טוער זיי־נען געוואָרן אַרעסטירט, צווישן זיי אויך אַ גרויסע צאָל בונדישע טוער פון טשענסטאָכאָוו מיט יוסף אַראָנאָוויטש אין דער שפּיץ. „דאָס נייע וואָרט", וואָס איז געבליבן כמעט די איינציקע יידישע אַרבעטער־צייטונג אין פּוילן, האָט פאַרצייכנט די נעמען פון די פאַרמאַכטע צייטונגען און אַרעסטירטע אַרבעטער־טוער. די דאָזיקע ידיעות אַליין פלעגן פאַרנעמען עטלעכע שפּאַלטן.

להיפּוך צו אַלע פריערדיקע יידישע צייטונגען אין טשענסטאָכאָוו, האָט „דאָס נייע וואָרט" אָפּגעגעבן די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט, ווי מען קען זען פון די לייט־אַרטיקלען, אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמען. דאָך האָט אויך דאָס טשענסטאָכאָווער געזעלשאַפטלעכע לעבן פאַר־נומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דער צייטונג.

די לאַגע אין יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך אַ סך געהאַט געביטן אין פאַרגלייך מיט דער תקופה פון פאַר דער מלחמה. די אַסימילאַטאָרן זיינען ביס־לעכווייז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע געזעל־שאַפטלעכע פּאָזיציעס. אין דער יידישער גמינע האָט געהערשט אַ ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישע מערהייט. אַסימילאַטאָרן, ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן זיינען איצט געווען פאַראייניקט אין איין בלאָק אין די פאַרשיידענע וואַלן און קעגן זיי זיינען געשטאַנען די אָרעמע מאַסן און די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער. „דאָס נייע וואָרט" האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער אָרעמער יידי־שער באַפעלקערונג און פון דער אַרבעטערשאַפט, און כאָטש דאָס בלאַט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ פּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע, האָט עס אויסגעמיטן ענגע פּאַרטייאישקייט און פלעגט דערפאַר ווערן געלייענט פון אַרבעטער פון אַלע ריכטונגען און פון אַ גרויסן טייל פון דעם אומפּאַרטייאישער יידישער יוגנט.

אין משך פון 15טן אָקטאָבער 1920 ביז 25טן פעב־רואַר 1921, איז דאָס „נייע וואָרט" געווען דער פּאַרטיי־אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די „פּאַראייניקטע" אין וואַרשע. רעדאַקטאָר איז געווען מ. מענדעלסבערג פון וואַרשע. די לעצטע צוויי זייטן פלעגן זיין געווידמעט דעם אָרטיקן לעבן. די צאָל לייענער אין טשענסטאָכאָוו איז אין משך פון דער צייט שטאַרק געפאַלן.

סוף פעברואַר 1921 הייבט אָן דאָס בלאַט ווידער צו דערשיינען אַלס אָרטיקע צייטונג. אין אָנבליק פון דער פאַרשטאַרקטער רעאַקציע אין פוילן איז די צייטונג געוואָרן לינקער. לגבי אַנדערע ניט־קאָמוניסטישע אַרבעטס־צייטונגען אין פוילן — האָט זיך „דאָס נייע וואָרט" אויסגעצייכנט מיט זיינע פראָ־סאָוועטישע אַרטיקלען, און דערביי אָפּגעהיט זיין אומאָפּהענגיקייט.

„דאָס נייע וואָרט" האָט אָפּגעגעבן אַסך אויפמערקזאַמקייט דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער־מאַסן, באַזונדער פון דער אַרבעטער־יוגנט. אין יענער צייט האָט שוין עקזיסטירט אַ פאַרשפּרייט נעץ פון אַרבעטער־דערציאונג־אינסטיטוציעס, ווי אַרבעטער־קינדערהיימען, י. ל. פּרץ פאָלקשול, אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע אַרבעטער, ספּאָרט־פאַראיינען און אַ גאַנצע רייע יוגנטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דאָס אַלץ איז געהאַט אַרויסגערוקט געוואָרן אין „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" נאָך אין 1913.

אין דער זעלביקער צייט איז אויך יידיש געוואָרן די פולבאַרעכטיקסטע שפּראַך אין אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפטן און בירגערלעכע אינסטיטוציעס, ווי צום ביישפּיל, ביי די „האַנדלאָווצעס", אין די קרעדיט־אינסטיטוציעס, אין פאַראיין פון קליין־הענדלער אאַז"וו. דאָס איז אויך געווען אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון קאַמף, וואָס די אָרטיקע יידישע פּרעסע האָט אָנגעפירט.

אַ דאַנק די אַרטיקלען און באַריכטן וועגן אָרטיקן יידישן שולוועזן — האָט „דאָס נייע וואָרט" פאַרבונדן טשענסטאָכאָוו מיט אַלע פריינד אין אַמעריקע, וואָס האָבן געשטיצט די אָרטיקע אינסטיטוציעס.

אין „נייעם וואָרט" האָט פון צייט צו צייט געשריבן דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג ישראל רובין, איצט אין ארץ־ישראל. עס פלעגט דאָרט אויך אָפּט דרוקן לידער אברהם זאַק, פון וואַרשע.

צום סוף 1922, ווען ר. פעדערמאַן איז אַריבער צום „בונד", האָט א. כראַבאַלאָווסקי, דער פאַקטישער רעדאַקטאָר, אויך אָפיציעל פיגורירט אַלס רעדאַקטאָר. פאַר אַן אַרטיקל „דער שטילער מאָרד" קעגן פאַרמאַכן דורך דער פּוילישער רעגירונג די שולן, אָנגעפירט דורך דער בונדישער געזעלשאַפט „אונדזער קינד" אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ, — איז קעגן אים פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. ער איז באַלד דערנאָך אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, און די רעדאַקציע האָט איבערגענומען ש. פראַנק.

פון די אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען איבערגעדרוקט פון אַנדערע צייטונגען האָבן דעם הויפּט־פּלאַץ פאַרנומען אַלגינס בריוו פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט".

### „אונדזער שטימע"

אין 1928 זיינען אונטער דער רעדאַקציע פון א. כראַבאַלאָווסקי אַרויסגעגעבן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו עטלעכע נומערן „אונדזער שטימע", צענטראַל־אָרגאַן פון דער יידישער סעקציע פון דער „אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי". דאָס איז געווען דער נאָמען פון די פריערדיקע „פאַראייניקטע", וואָס זיינען איצט געווען פאַראייניקט מיט באָלעסלאַוו דראָבנערס סאָציאַליסטישער לינקער גרופּע.

אין „אונדזער שטימע" האָט די הויפּט־אַרטיקלען געשריבן ד"ר יוסף קרוק. ש. באַסטאָמסקי, דער רעדאַקטאָר פון די „גרינינקע ביימעלעך" אין ווילנע, האָט דאָרט געדרוקט אַרטיקלען וועגן קולטור־פּראָבלעמען.

### טשענסטאָכאָווער צייטונג"

אין דער זעלבער צייט האָט באַטשאַנס דרוקעריי ווידער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ וואָכנשריפט אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער צייטונג". אַ לאַנגע צייט איז דער רעדאַקטאָר געווען ישראל פלאַצקער. די ריכטונג פון דער צייטונג איז געווען אַ ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישע. שפּעטער האָבן זיך די רעדאַקטאָרן פון דער צייטונג אָפט געביטן. אין „טשענסטאָכאָווער צייטונג" האָט אַ לאַנגע צייט מיטגעאַרבעט ש. פראַנק, דרוקנדיק אַרטיקלען וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן און פעליעטאָנען. משה לייב לעווענשטיין, אונטערן נאָמען לויתן, האָט געשריבן וועכנטלעכע איבערזיכטן אונטערן נאָמען: „וואָס געהערט, וואָס געזען". מ. קויפמאַן, אַ זעצער אין באַטשאַנס דרוקעריי, האָט אָפט פאַרעפנטלעכט אַקטועלע אַרטיקלען. אויסגעצייכנט מיט זיינע אַרטיקלען האָט זיך אויך א. ח. שיפער.

### „נייע צייטונג"

אַ לאַנגע צייט איז אין טשענסטאָכאָוו דערשינען אַ וואָכנצייטונג אונטערן נאָמען „נייע צייטונג", אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון י. ווייסבערג.

אין 1938 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דער „טשענסטאָכאָווער עקספּרעס". ווידער אַ קאָמבינאַציע מיט לאַזאַר קאַהאַנס „וואַרשעווער עקספּרעס". טשענסטאָכאָווער נייעס האָט זיך געדרוקט אויף דער לעצטער זייט.

### „אונדזער וועג"

אין דער זעלבער צייט האָבן די ציוניסטן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע וואָכן־צייטונג אונטערן נאָמען „אונדזער וועג", אונטער דער רעדאַקציע פון מ. טאַוזשעוויטש. מיטגעאַרבעט האָבן א. ח. שיפער, ד"ר אַ. בראַם, צ. ראָזענוויין, י. טורנער, י. קליינער און אַנדערע.

## די בונדישע פּרעסע

### „אַרבעטער צייטונג"

אין יאָר 1923 האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם

וועכנטלעכן אָרגאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַדינען טשענסטאָכאָוו, זאַגלעמביע דאָמבראָוו־סקי (בענדין, סאָסנאָוויץ און זאַווירצע) און די אַרו־מיקע געגנט. די בונדישע וואָכן־צייטונג איז דערשינען מיט געוויסע הפסקות ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער די נעמען „אַרבעטער־צייטונג" און „טשענסטאָ־כאָווער וועקער". זי האָט זיך געדרוקט נאָכאַנאַנד אין די דרוקערייען פון: ב. באַטשאַן, אַלעע 6, קאָאָפּעראַ־טיווער דרוקעריי „קולטורא", אַ. העלפגאָט, אַלעע 23 און מ. ראָזענשטיין אין פּיעטריקאָוו, טריב. דער ערשטער נומער „אַרבעטער־צייטונג" איז דערשינען דעם 20טן פעברואַר, 1923. די „אַרבעטער־צייטונג" איז רעדאַק־טירט געוואָרן פון רפאל פעדערמאַן (איצט אין אַמעריקע), ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט פון די לערערינס פון דער יידיש־וועלטלעכער שול ראָזע קאָנטאָר־ליכטנ־שטיין (איצט אין אַמעריקע) און יוכבד זוסמאַן (אומגע־קומען אין וואַרשעווער געטאָ).

אירע וויכטיקסטע מיטאַרבעטער זיינען געווען: יצחק פסחזאָן (אַן אַלטער באַקאַנטער), אַ פּיאָנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פוילן, וואָס האָט די לעצטע צייט געלעבט אין בענדין און דערמאָרדעט גע־וואָרן דורך די נאַצישע בעסטיעס בשעת דער היטלער־הערשאַפט אין בענדין אין יאָר 1943.

זיינע לעצטע ווערטער צו 8 טויזנט יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט פון בענדין אין די גאַז־קאַמערן זיי־נען געווען: זייט וויסן, יידן, אַז געציילטע שטונדן זיינען אייך איבערגעבליבן צו לעבן. עס דערוואַרט אייך באַלד דער טויט. איר האָט סיי ווי נישט וואָס צו פאַר־לירן. דאָס איינציקע, וואָס אייך איז געבליבן — שטעלט אַ ווידערשטאַנד. לאָזט אייך נישט פירן צו דער שחיטה!

7 מינוט האָט אַזוי גערעדט דער 70 יאָריקער אַלטער פסחזאָן, פון וועמענס רייד עס פלעגט געוויינלעך שלאָגן חכמה און הומאָר און וועמעס ווערטער זיינען געווען אָנ־געלאָדן מיט צער און שטאָלענער אַנטשלאָסנקייט. די נאַציס האָבן זיך לסוף געכאַפּט וואָס אַזוינס ער זאָגט צו די יידן און אַ נאַצישע מערדער־קויל האָט פאַרענדיקט זיין לעבן.

יצחק סאַמסאַנאָוויטש איז בעת דער היטלערישער הערשאַפט, צוזאַמען מיט אַנדערע בונדיסטן, געשטאַנען בראש פון יידישן געטאָ און גלייכצייטיק געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירט געוואָרן דורך דער „געסטאַפּאָ", אים איז אָבער געלונגען זיך צו ראַטעווען. דערנאָך איז ער אַ לאַנגע צייט געווען טעטיק אין וואַרשע, ווי אַ מיט־גליד פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד" אין פוילן.

אינזשעניר ה. ווילטשינסקי, אומגעקומען צוזאַמען מיט ד"ר עמנואל רינגעלבלום. אַדוואָקאַט י. ווילטשינ־סקי איז געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער אַרבעט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו. אין דער לעצטער מינוט פאַר דער באַפרייאונג איז ער פאַר־שלעפּט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און דאָרט אומגעקומען.

אַדוואָקאַט זיגמונד עפּשטיין (איצט אין אַמעריקע), יוסף רובינשטיין, שמואל פראַנק, משה לעדערמאַן און אַנדערע אָרטיקע אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן און וואַרשטאַטן.

עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז כמעט אַלע אויבן־דערמאָנטע מיטאַרבעטער, אַריינגערעכנט דעם רעדאַק־טאָר, זיינען לכתחילה געווען דילעטאַנטן, וואָס האָבן גע־שטעלט זייערע ערשטע טריט אין זשורנאַליזם אין דער דאָזיקער וואָכנצייטונג. איינציקע פון זיי האָבן אָבער באַלד אַרויסגעוויזן זשורנאַליסטישע פעאיקייטן און האָבן זיך מיט דער צייט באַטייליקט אין פאַרשיידענע יידישע צייטונגען אין פוילן.

רפאל פעדערמאַן, וואָס האָט אויך געשריבן אונטערן נאָמען „אַמיקוס", האָט בעיקר באַהאַנדלט פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע פּראָגן. ער האָט, צווישן אַנדערע, געשריבן אַ גרעסערן אַרטיקל אין המשכים אונטערן נאָמען „דער אונטערגאַנג פון אַן אידעע" וועגן דער ליקווידאַציע פון דער פּאַרטיי „פּאָר־אייניקטע". נאָך 1926 טרעט ער אַרויס קעגן דער פּיל־סודסקי־רעגירונג, קריטיקירט די כלומרשטע אָפּאָזיציע פון דער פּפּ"ס צו דער רעגירונג, רעדט אַרום די שטאָט־ווירטשאַפט, די קהלה־ענינים, שול־פּראָגן, פּראָפעסיאָנע־לע באַוועגונג, און רוקט אַרויס די פאָדערונגען צו אַמ־נעסטירן די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָפּשאַפן די נאַכט־אַרבעט ביי די בעקער־אַרבעטער אד"גל. יצחק פסחזאָן האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף טעמעס פון סאָציאַליזם און „בונד".

יצחק סאַמסאַנאָוויטש האָט געשריבן אויף פאַר־שיידענע אַלגעמיין פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעמעס.

אינזשעניר ה. ווילטשינסקי האָט געשריבן אָפּ־האַנדלונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס, ווי: וועגן ראָ־מען ראָלאַן צו זיין 60 יאָריקן יובל, וועגן מאָריס ווינ־טשעווסקי, צו זיין 70 יאָריקן יובל און אַנדערע.

אַדוו. זיגמונד עפּשטיין האָט געשריבן אונטער דעם נאָמען „אָרענען" געדאַנקען וועגן סאָציאַליסטישע פּראָ־בלעמען און סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט.

יוסף רובינשטיין, געשריבן אונטערן נאָמען „מגן דוד", און שמואל פראַנק האָבן געשריבן פעליעטאָנען. ש. פראַנק האָט אויך געשריבן וועגן די אַמאָליקע קאַמפן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט די וואוילע יונגען, ווי משה פּאַצע, יצחק שליזע.

משה לעדערמאַן — וועגן פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען.

די „אַרבעטער־צייטונג" האָט אויך פון צייט צו צייט געדרוקט אַרטיקלען פון די חברים: יוסף כמורנער, ב. שעפּנער, יצחק ליכטנשטיין פון לאָדז, אַריע נוימאַרק. פון איבערגעדרוקטע אַרטיקלען איז כדאי צו פאַרצייכענען

אַ גרעסערן אַרטיקל פון „פאָרווערטס" פון שלום אַש וועגן „בונד".

נאָכדעם ווי דער רעדאַקטאָר רפאל פעדערמאַן, יצחק סאַמסאַנאָוויטש און ווילטשינסקי האָבן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, איז די „אַרבעטער־צייטונג" אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אין 1938 איז דער בונדישער אָרגאַן ווידער באַנייט געוואָרן. דוד קלין, וואָס איז דעמאָלט געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ וואָכן־צייטונג אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער וועקער". ער האָט אויסגעפילט די צייטונג כמעט בלויז מיט אייגענע אַרטיקלען, אַחוץ אַרטיקלען איבערגעדרוקטע פון דער פאַרצווייגטער בונדישער פרעסע אין פוילן. אין דעם זעלבן יאָר האָט אָבער דוד קלין פאַרלאָזט טשענסטאָכאָו און אַריבערגעצויגן זיך קיין וואַרשע און די צייטונג האָט אויפגעהערט אַרויסצוגיין. דוד קלין איז בשעת דער היטלערישער הערשאַפט געווען פאַרבונדן מיט דער אונ־טערערדישער באַוועגונג אין פוילן בכלל, און מיט דעם „בונד" בפרט. איצט פאַרנעמט ער אַן אַמט אין דער איצטיקער פוילישער רעגירונג, אַחוץ דעם וואָס ער איז מאַיאָר אין דער פוילישער אַרמיי. דער „טשענסטאָכאָ־ווער וועקער" האָט זיך געדרוקט אין דער דרוקעריי פון ס. אָפּמאַן, אַלעע 8, און אויך אין פּיעטריקאָוו ביי מ. ראָזענשטיין, און אַ געוויסע צייט געווען אַ מוטאַציע־צייטונג מיטן „פּיעטריקאָווער וועקער", וועלכער איז רעדאַגירט געוואָרן דורך יצחק סאַמסאַנאָוויטש. אויך די „אַרבעטער־צייטונג" איז געווען אַ קורצע צייט אַ מוטאַציע־צייטונג מיטן „פּיעטריקאָווער וועקער", ווען יצחק סאַמסאַנאָוויטש האָט געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון פּרעזידיום פון פּיעטריקאָווער מאַגיסטראַט.

## „דער פּראָלעטאַריער"

אין 1925, נאָך דער פאַראייניקונג פון דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו, ווען די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָרגאַניזירט אין יידישן קולטור־אַמט זיינען געוואָרן אָנערקענט אַלס אַ נאַציאָנאַלע סעקציע פון דער אַרטיקער „ראַדע", איז גע־מאַכט געוואָרן אַ פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ וואָכן־צייטונג, אַלס אָרגאַן פון „ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען" (יידישער קולטור־אַמט). עס זיינען דער־שינען בלויז צוויי נומערן. דער ערשטער — דעם 4טן סעפּטעמבער 1925 און דער צווייטער — דעם 29טן סעפּ־טעמבער 1926. די דאָזיקע אויסגאַבע האָט זיך גע־דרוקט אין דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי „קולטור", שפּעטער א. העלפגאָט אין טשענסטאָכאָוו, אַלעע 23.

די דאָזיקע אויסגאַבע איז רעדאַקטירט געוואָרן פון רפאל פעדערמאַן.

אָט איז דער אינהאַלט פון די צוויי נומערן:

די יידישע אַרבעטער פאָדערן נאָר נייע וואַלן פון שטאָט־ראַט (דעקלאַראַציע פון דער בונדישער פראַקציע אין שטאָטראַט); צי וועלן מיר דערלאָזן אומבערעכנגען די יידישע אַרבעטער־שולן? — פון י. סאַמסאַן סאַמ־סאַנאָוויטש); זאָלן מיר בויען אַ פאָלקס־הויז? — פון רפאל פעדערמאַן; ד"ר באַריס יאַפּע (צו זיין טויט) — פון רפאל; ארום דער היגער קראַנקען־קאַסע — פון אַ ראַטמאַן; אַרום דעם יידישן קולטור־אַמט; וואָס הערט זיך אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען? ; פון ביכער־טיש — בירגערלעכער און אַרבעטער־ספּאָרט — פון ה. ווילטשינסקי, פאַרלאַג „קולטור", טשענסטאָכאָוו 1925; קערט אום די פרייהייט! — אַמיקוס; אַ גע־באָט פון דער צייט (וועגן גרינדן שולן פאַר דערוואַק־סענע) — פון אַן אַרבעטער (ווילטשינסקי); העכער די פאָן פון דער פּראָפ. באַוועגונג — פון רפאל פעדער־מאַן; ווער עס מאַנט חשבון? — פון אַ תושב; די אַרבעט אַרום דער הילף־אַקציע (דערקלערונג פון יידישן קולטור־אַמט אין טשענסטאָכאָוו); עפנטלעכע דער־קלערונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; די אָפּגע־שלאָגענע הושענה — פעליעטאָן פון היימישן (יוסף רובינשטיין); קאַסע־באַריכט פון עקזעקוטיוו פון יידישן קולטור־אַמט אין טשענסטאָכאָוו.

די אויסגאַבע איז געווען אונטער דער פּאַרטייאישער השפּעה פון „בונד" און ממילא קען די „אַרבעטער־צייטונג", אונטער דער רעדאַקציע פון רפאל פעדערמאַן, באַטראַכט ווערן ווי אירס אַ המשך.

## די פּוילישע און פּויליש־יידישע פּרעסע

אין טשענסטאָכאָוו זיינען דערשינען צוויי פּויל־שע טעגלעכע צייטונגען: „גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי" און „גאַזעטאַ טשענסטאָכאָווסקאַ". דער רעדאַקטאָר פון דער „גאַזעטאַ", אַדאַם פּאַטשערקאָווסקי, אַ זון פון אַד־וואָקאַט, וואָס ווערט דערמאָנט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ערשטן פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָוו אין 1902, איז געווען דער הויפּט־העצער אין צווייטן פּאָגראָם אין 1923.

ביידע צייטונגען זיינען געווען אַנטיסעמיטיש און דאָך זיינען זיי געשטיצט געוואָרן פון יידישע אַנאָנסן און יידישע לייענער.

מיט אַ באַזונדער אַטאַקע איז אַרויס דער „גאָניעץ", ווען ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די נייעס, אַז אין טשענסטאָכאָוו הייבט אָן צו דערשיינען אַ טעגלעכע צייט־טונג אויף יידיש. ער האָט געשראָקן די פּוילישע לייע־נער, אַז די נייע „זשאַרגאָנאָוועק" וועט פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יידישע סוחרים און גרויסע אינדוס־טריעלער, כאָטש די לעצטע האָבן באַשעפטיקט בלויז קריסטלעכע אַרבעטער און זייער באַציאונג צו יידיש איז נישט געווען בעסער, אויב נישט ערגער, ווי פון „גאָניעץ".

אַחוץ דעם שטענדיקן קאַמף קעגן יידישן האַנדל מיט דער לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" און זייער אומאויפ־

הערלעכער באַיקאָט־העצע — האָבן די צוויי פּוילישע צייטונגען פאַרעפנטלעכט נאָטיצן און אַרטיקלען קעגן שפּילן יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו און בכלל געשריבן מיט שנאה וועגן יעדער יידישער קולטור־טעטיקייט.

כדי אַנטקעגנצוקומען דער פאַרסמטער אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע פון „גאָניעץ" האָט דער יידישער פאַבריקאַנט זיגמונד מאַרקאָוויטש, מיטאייגנטימער פון „די גנאַשינער פאַבריקאַטן" אונטערגענומען די איניציאַטיוו אין יאָר 1924 אַרויסצוגעבן אויפן אייגענעם חשבון אַ נייע פּוילישע טאָגצייטונג אין טשענסטאָכאָוו. די דאָזיקע צייטונג, אונטער דעם נאָמען „גלאָס פּאָווסעכני" איז דערשינען בערך צען חדשים, פון אָקטאָבער 1924 ביז אויגוסט 1925, אונטער דער רעדאַקציע פון אַלעקסאַנדער האַפּטקאַ און ביי דער שטענדיקער מיטאַרבעט פון פּעליעטאָניסט מאַרטשין לאַסקי און נייעס־שרייבער יאַקוב בעם. נאָכדעם ווי מאַרקאָוויטש האָט זיך אָפּגעזאָגט צו סובסידירן די צייטונג צוליב גרויסע דעפיציטן, האָט זי איבערגענומען שיעמיאַטיצקי און אַרוסגעגעבן אונטער אַ נייעם נאָמען „עקספּרעס טשענסטאָכאָווסקי".

# יידישע ספּאָרט־באַוועגונג

## דער יידישער ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין

ווי אין גאַנץ פּוילן איז די ספּאָרט־באַוועגונג אויך אין טשענסטאָכאָוו אויפגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אויפשוואַונג פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט און געפונען אַן אויסדרוק אין דער ציוניסטישער און סאָציאַליסטישער שטרעמונג.

נאָך אין 1913, אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, האָט זיך אין דער „ליראַ" פאָרמירט אַ גרופּע מיטן ציל צו גרינדן אַ ספּאָרט־פאַראיין. צו דער גרופּע האָבן געהערט צווישן אַנדערע: אַוונער, אַ. גאַנשעראָוויטש, מ. ברום, א. כראָבאָלאָווסקי, ד. קראַק. אין זאַל פון דער „ליראַ" איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פאָרשטעלונג לטובת דער גרופּע. אַ בקשה וועגן אַ דערלויבעניש, אונטערגעחתמעט פון הענריק מאַרקוספעלד, איז אָפּגעגעבן געוואָרן צום פּעטריקאָווער גובערנאַטאָר. משה פיינקינד, פון פּעטריקאָוו, וואָס האָט געהאַט אַ צוטריט צו די הויכע פענצטער, איז געווען דער שתדלן. אָבער קיין דערלויבעניש איז נישט געקומען.

די אידעע פון דער ספּאָרט־באַוועגונג איז אָבער אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען צווישן דער טשענסטאָכאָווער יוגנט. אין 1915 האָט אַ גרופּע ספּאָרטלער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען די איניציאַטאָרן פון דער ספּאָרט־גרופּע אין דער „ליראַ", זיך פאַרשטענדיקט מיט דער פאַרוואַלטונג פון האַנטווערקער־קלוב, וועגן שאַפן אַ ספּאָרט־סעקציע אין לאָקאַל פון קלוב, אויף אָגראָדאָווע 22, וואו עס האָט זיך געפונען אַ ביליקע קיך.

די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן אויף אַ צווייטן טערמין, ווייל די פאַרזאַמלטע יוגנט האָט געפאָדערט, אַז די באַראַטונגען זאָלן געפירט ווערן אויף יידיש.

צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין האָבן געהערט: וו. גאָסטינסקי, ז. שלעזינגער, ל. גאָלדשיידער, אינזשיניר מ. מילשטיין, ש. קרויסקאָפּ, מ. יעשאַיעוויטש, מ. ברום, א. גאנשאראָוויטש, ח. קרעמסקי, י. ראָזענצווייג, ה. לייזעראָוויטש, ש. האַלטער, מ. שטייניץ. אַלס ערן־פּרעזעס איז געוויילט געוואָרן הענריק מאַרקוספעלד.

דער פאַריין איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן דער יוגנט און די צאָל מיטגלידער האָט באַלד דערגרייכט 500.

דער פאַראיין האָט זיך פאַרבונדן מיטן צענטראַל־פאַרבאַנד פון יידישע ספּאָרט־ און טורן־פאַראיינען אין לאָדזש. סוף 1916 האָבן צוויי דעלעגאַטן, יוסף אַראָנאָוויטש און מאַקס ברום, פאַרטראָטן טשענסטאָכאָוו אויף דער גרינדונג־קאָנפערענץ פון פאַרבאַנד אין לאָדזש.

דער ערשטער אַרויסטריט פון ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין איז פאָרגעקומען ל"ג בעומר. זינט דעמאָלט האָבן די ספּאָרטלער יעדן ל"ג בעומר מאַרשירט איבער די טשענסטאָכאָווער גאַסן מיט זייערע פענער און אָרקעסטער. די יידישע באַפעלקערונג פון טשענסטאָכאָוו האָט מיט באַגייסטערונג אַפּלאָדירט יעדן אַרויסטריט פון די ספּאָרטלער.



מיטגלידער פון ספּאָרט און טורן פאַראיין
מיט דער פאַרוואלטונג

דעם 12טן אויגוסט 1917 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָר־געקומען אַ טורן־קאָנקורס פון די ספּאָרט־פאַראיינען פון טשענסטאָכאָוו, טאָמאַשעוו, בענדין און סאָסנאָוויץ. די ערשטע אויסצייכענונג פאַר גימנאַסטיק האָט באַקומען מ. קראַקאָוויאַק, אויסגעצייכנט האָט זיך אויך י. פייגע, ביידע מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער ס. ט. פ. אויפן צווייטן קאָנקורס אין לאָדזש, אין 1918, האָט דער טשענ־סטאָכאָווער פאַראיין פאַרנומען דעם צווייטן פּלאַץ אין גימנאַסטיק.

מיט די ספּאָרט־איבונגען האָט ביזן סוף 1918 אָנ־געפירט ה. האַלטהויזן. שפּעטער איז דער אינסטרוקטאָר פון גימנאַסטישע איבונגען געווען י. קראַקאָוויאַק, וועל־כער האָט געענדיקט אַן אינסטרוקטאָרן־קורס פון צענ־טראַל־פאַרבאַנד אין לאָדזש.

אין 1916—1917 האָט ביים ספּאָרט־ און טורן־ פאַר־איין עקזיסטירט אַ דראַמאַטישע סעקציע און אַ לייען־זאַל מיט דער טעגלעכער פּרעסע און אַ סך פּעריאָדישע ספּראַט־אויסגאַבעס.

די פראַגע צי די קאָמאַנדע זאָל געפירט ווערן אין יידיש, צי אין העברעאיש, איז געווען דער שאַרפסטער שטרייט־פּונקט אין פאַראיין. די מערהייט פון טשענ־סטאָכאָווער ס. ט. פ. איז געווען פאַר יידיש און דעריבער האָט דער פאַראיין אַ געוויסע צייט זיך געהאַט אָפּגעהאַלטן פון אָנשליסן זיך אַן לאָדזשער צענטראַל־פאַרבאַנד.

אין די יאָרן 1919—1920 איז די טעטיקייט פון פאַר־איין געווען פאַראַליזירט צוליב דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה און רעקוויזיציע פון לאָקאַל דורך דער פּוילישער מאַכט.

אין 1921 איז די טעטיקייט באַנייט געוואָרן, אַ נייע פאַרוואַלטונג, מיט א. פּרץ אין דער שפּיץ, איז גע־וויילט געוואָרן.

אין 1925 האָט דער פאַראיין באַשלאָסן זיך אָנצו־שליסן אַן דעם בּיליצער „מכבי"־פאַרבאַנד. קעגן דעם באַשלוס האָבן געשטימט די לינק־יידישיסטישע מיטגלי־דער.

פון העלפט 1922 ביז מאַי 1925 איז דער פּרעזעס פון פאַראיין געווען ד"ר היפּאָליט גייסלער. פון מאַי 1925 ביז אויגוסט 1926 — חיים דאַווידאָוויטש.

אין 1925 האָט דער פאַראיין געפייערט זיין 10 יעריקן יובל. צו דער פייערונג זיינען געקומען דעלעגאַטן פון וואַרשע, סאָסנאָוויצע, בענדין, זאַווערטשע, וויעלון, ביליץ, קאַטאָוויץ, טאָמאַשאָוו און דזשעדזיץ. עס איז פאָרגעקו־מען אַ פּאַראַד איבער די טשענסטאָכאָווער גאַסן, אַ טורן־אויפטריט און ראַוט פאַר די געסט.

דער פאַראיין האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ יובל־אויס־גאַבע וועגן דער געשיכטע פון ספּאָרט אין טשענסטאָכאָוו, רעדאַגירט פון מענדל אַש.

אין יאָר פון יובל איז די פאַרוואַלטונג פון ט. ס. פ. באַשטאַנען פון חיים דאַווידאָוויטש, פּרעזעס; ש. כאַיר־טין, וויצע־פּרעזעס; א. פּרץ, ה. לייזעראָוויטש, ה. טייכ־נער, ב. קורלאַנד, ל. קריגער, צ. ליכטנשטיין, פ. קירשנ־בלאַט, מ. פּראַפּאָרט, אַ וויעזשביצקי, ה. גאַנשעראָוויטש, י. פייגע און אַ ספּאָרט־קאָמיסיע: פ. קירשענבלאַט, מ. קרעמסקי, י. ראָזענצווייג, מ. שטייניץ. פאָרזיצער פון יובל־קאָמיטעט איז געווען ש. כאַיוטין, פאָרזיצער פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע — אָסיאַש ווין.

ביים פאַראיין האָט עקזיסטירט אַ פוטבאָל־סעקציע. אין 1923 האָט דער פאַראיין געעפנט אַן אייגענעם ספּאָרט־פּלאַץ פאַר גימנאַסטישע איבונגען און לייכט־אַטלעטיק.

אין 1924 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג מיטן קלוב „ספּאָרט". דער פאַראיין איז געווען פאַרבונדן מיט די שולן און גימנאַזיעס, מיטן ציל אריינצוציען די יוגנט אין דער ספּאָרט־באַוועגונג. אין דער זעלבער צייט איז ביים פאַראיין געשאַפן געוואָרן אַ מוזיק־אָרקעסטער און עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמ־לונג מיטן אָנטייל פון שלום אַש.

אין יאָר 1928 האָט זיך אַן פאַראיין אָנגעשלאָסן די גרופּע „ירדניה" און עס איז געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיי־לונג אין קרזשעפּיץ. אין דעם זעלבן יאָר איז איינגע־אָרדנט געוואָרן אַ ציקליסטן־צוזאַמענפאָר און דריי פאָר־טרעטער פון פאַראיין: ש. כאַיוטין, ל. ווייס און ה. שאַיאַ האָבן זיך באַטייליקט אין דער קראַקאָווער קאָנפע־רענץ, וואָס האָט געשאַפן אַ יידישן ראַט פאַר פיזישער דערציאונג.

אין יאַנואַר 1929 איז געשטאָרבן איינער פון די אַק־טיווסטע טוער פון פאַראיין ש. (שמריהו) כאַיוטין, וואָס האָט פון 1926 אַן פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזעס. זיין טויט האָט אויף אַ געוויסער צייט אָפּגעשוואַכט די טעטי־קייט פון פאַראיין.



די ציקליסטן-גרופּע ביים ספּאָרט און טורן פאַראיין

אין אויגוסט 1929 האָט דעם אַמט פון פּרעזעס פאַר־נומען אַדוואָקאַט לייב אַש. אונטער זיין אָנפירונג האָט דער פאַראיין אויפסנייַ אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט.

אין 1933 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג מיטן ספּאָרט־קלוב „וואַרטאַ" און מיטן קלוב „אסכלה", און־טערן נאָמען א. ס. ט. פ. „מכבי". די פאַרוואַלטונג, וואָס האָט דערפירט צו דער פאַראייניקונג, איז באַשטאַנען פון:

אַדוו. לייב אַש — פּרעזעס, ש. נעמיראָווסקי, ד״ר ד. קאַגאַן, ד״ר ב. עפּשטיין — וויצע־פּרעזעסן, אינזשיניר ס. קיסין — פּר״ל ה. טריימאַן — סעקרעטאַר, אַ. שמאַראַגד — ספּאָרט־לייטער, ל. ווייס — פּאַרוואַלטער, ר. בריל, מ. האָראָוויטש, י. פּייגע און נ. טייכנער.

### ספּאָרט קלוב „אסכלה״

דער ספּאָרט־קלוב „אסכלה״ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1922 דורך אַ גרופּע יוגנטלעכע, אונטערן נאָמען „הצבי״. מיטן קלוב האָבן אָנגעפירט צ. פּיינער, ברידער טרעמבאַצקי, ברידער בערקאָוויטש, ברידער מיסקאַ, ה. קאַפּלאָוויטש און מ. טאָוזיעוויטש.

אין יאָר 1925 האָט דער קלוב לכתחילה געהאַט געענדערט זיין נאָמען אויף „מכבי״, היות אָבער ווי לויט די פאָרשריפטן פון פּוילישן פּוסבאָליסטישן פאַרבאַנד האָבן צוויי ספּאָרט־פאַראיינען נישט געטאָרט האָבן דעם זעלביקן נאָמען אין איין קרייז — איז דער נאָמען געענדערט געוואָרן אויף „אסכלה״.

אין 1928 איז דורכן ענערגישן פּרעזעס פון ספּאָרט־קלוב ל. הערץ אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ציקליסטן־סעקציע, וואָס האָט אין 1930 אָנטייל גענומען אין געיעג פאַר מייסטערשאַפט פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

אין דער זעלבער צייט איז ביים קלוב געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטישע סעקציע, אונטער דער אָנפירונג פון ש. פראַנק און ל. אַרבאַך, וועלכע האָט אויפגעפירט עטלעכע פאָרשטעלונגען.

„אסכלה״, וואָס האָט פון 1931 געהערט צום פאַרבאַנד „מכבי״, האָט די ערשטע געוואָרפן די לאָזונג צו פאַראייניקן אַלע דריי ספּאָרט־קלובן אין „מכבי״.

### יידישער טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין „מכבי״

אַ לאַנגע צייט האָבן זיך געצויגן די אונטערהאַנדלונגען צווישן ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין „וואַרטאַ״, ביז זיי האָבן זיך פאַראייניקט אין „מכבי״. דער ס. ט. פ. האָט פון אָנהייב געהאַט אַ פּאָלקסטימלעך נאַציאָנאַלן כאַראַקטער — „וואַרטאַ״ איז אין משך פון יאָרן געווען באַהערשט פון אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן.

דער פּרעזעס פון פאַראיין איז געווען קהלה־פּרעזעס יעקב ראָזענבערג. וויצע־פּרעזעסן — ד״ר ל. גאָלדמאַן און אַדוואָקאַט לייב אַש.

אין אויגוסט 1933 איז צום „מכבי״ צוגעשטאַנען דער ספּאָרט־קלוב „הכוח״, אין דער צאָל פון 23 מיטגלידער.

די מיטגלידער פון „הכוח״ אין דער פאַרוואַלטונג פון „מכבי״ זיינען געווען: ה. זיידמאַן און וו. אָוויעטשקאַ.

ביים „מכבי״ זיינען געווען טעטיק פאָלגנדיקע סעקציעס:

לייכט־אַטלעטישע און באָקס — אונטער דער לייטונג פון א. שמאַראַגד.

גימנאַסטישע — אונטער דער לייטונג פון ה. שאַיאַ און י. ראַבינאָוויטש.

פוטבאָל — אונטער דער לייטונג פון: פּערענס און שפּעטער מ. ראָזענצווייג.

ספּאָרט־שפּילן — אונטער דער לייטונג פון ג. עפּשטיין און שפּעטער י. פּייגע.

פּינג־פּאָנג — אונטער דער לייטונג פון א. האָראָוויטש.

צום טעטיקסטן זיינען געווען די פוטבאָל־ און גימנאַסטישע סעקציעס.

דער „מכבי״ האָט אָנטייל גענומען אין דער אַרבעט לטובת דער ספּאָרט־קאָלאָניע „כפר המכבי״ אין ארץ־ישראל.

אין 1934 איז ביים „מכבי״ געשאַפן געוואָרן אַ סקי־סעקציע.

אין דער באָקס־עקספּעדיציע פון פּוילישן „מכבי״־פאַרבאַנד אויף דער צווייטער „מכביאַדע״ אין תל־אביב האָבן אָנטייל גענומען בינדער און שיין פון טשענסטאָכאָוו.

אינסטרוקטאָרן־קורסן און פאַרשיידענע ספּאָרט־לאַגערן האָבן געענדיקט: ל. ווייס, ר. בריל און ה. בירענהאָלץ — ספּאָרט־טוער, י. בינדער, י. זילבערבערג און ל. פּשעראָווסקי — באָקסער; פּר״ל ע. שטייער, ה. טרייטמאַן און ה. גאָלדשטיין — ספּאָרט־שפּילן; לייב־איבונגען — א. קאַפּלאַן און ה. בלאָושטיין.

די מעדיצינישע אויפזיכט איבער די ספּאָרטלער האָבן אויסגעפירט די דאָקטוירים ל. גאָלדמאַן, ב. טענענבוים, ד. קאַגאַן ב. עפּשטיין און ס. נאָוואַק.

דער „מכבי״ האָט איינגעאָרדנט אין נאָוועמבער 1934 אַ „מכבי״־אַקאַדעמיע מיטן אָנטייל פון וויצע־פּרעזעס פון „מכבים״־פאַרבאַנד מגר. מ. דיקעס, אַ ליטעראַרישן אָוונט פון משה בראָדערזאָן און אייניקע קאָנצערט־אָוונטן.

אין 1935 האָט דער „מכבי״ געפייערט דעם 20־יאָריקן יובל פון יידישן ספּאָרט אין טשענסטאָכאָוו און אַרויסגעגעבן אַ יובל־אויסגאַבע, אונטער דער רעדאַקציע פון אַדוואָקאַט לייב אַש, מיט בילדער פון פאַרוואַלטער, ספּאָרט־טוער און מיטגלידער.

# דאָס נייע בית־המדרש

אין יאָר 1834, תקצ״ד, האָט די יונגע טשענסטאָכאָווער קהלה געהאַט נאָר איין שול און אַ קליינעם בית־המדרש, וואו מען האָט געדאַוונט אום ווינטער, ווייל אין דער שול איז געווען צו קאַלט. אין משך פון דער צייט האָט זיך די באַפעלקערונג פאַרגרעסערט און די קהילה האָט זיך גענויטיקט אין אַ גרויסן בית־המדרש.

ראש חודש אָדר תקצ״ד, איז לויט דער איניציאַטיוו פון ראש הקהל, לייבעלע קאהן, צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין הויז פון דעמאָלטדיקן דאָזאָר גרשון לאַנדוי („דער גרויסער גרשון״), אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצובויען אַ גרויס בית־המדרש מיט אַן עזרת נשים. כדי אויסצופירן דעם פּלאַן איז אויס־געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: גרשון סגל לאַנדוי („דער קליינער גרשון״), יצחק לייב בערמאַנסקי, יהודה לייב טענענבוים, אייזיק שמעון גינס־בערג און מאיר מייזל.

דעם זעלבן טאָג איז דורכן טשענסטאָכאָווער בית־דין, וועלכער איז באַשטאַנען פון די דיינים: ר׳ משה מייזל (דורנפאַרטער רב), ר׳ נתן אָדערבערג און ר׳ יעקב אלי׳ ראָזען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אויפרוף, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען ז אדר אין בית־המדרש אויף דער אסיפה וועגן בויען אַ נייעם בית־המדרש.

דער שמש שני, ליפּמאַן פּוקאַטש, ווי דער שטייגער אין יענער צייט, איז געגאַנגען איבער דער שטאָט און מיטן שול־האַמער געקלאַפּט אין אַלע יידישע טירן און פענצטער, רופנדיק זיי אויסצופירן דעם בית־דינס אויפ־רוף.

די אסיפה אין דעם באַשטימטן אָוונט איז געווען זייער אימפּאָנזאַנט. אַלע טשענסטאָכאָווער יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט. די דיינים, ווי אויך דער דאמאָלט באַ־קאַנטער גביר און למדן הרב יונה לאַנדוי (שטשעקאָטשי־נער רב), האָבן געהאַלטן וואַרעמע דרשות, און אַלע יידן זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן מנדב צו זיין אויף דעם ציל לויט זייערע מעגלעכקייטן.



הרב משה האלטער ז״ל האַלט אַ הספד אויפן קבר פון רב נחום אַש זצ״ל

די דרשות האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די פאַרזאַמלטע. אַ גרויסע צאָל יידן האָט זיך פאַרשריבן אַלס בית־המדרש־מיטגלידער און אַ סך נדבות זיינען איינ־געפלאָסן. אין משך פון אַ קורצער צייט איז געשאַפן געוואָרן די נויטיקע סומע און מען האָט אויפגעבויט דעם בית־המדרש, וועלכער האָט עקזיסטירט ביז די נאַציס האָבן אים חרוב געמאַכט.

## די אסיפה איבערצובויען דעם בית־המדרש מיט הונדערט יאָר שפּעטער

צום הונדערט יאָריקן יובל פון אויפבוי פון בית־המדרש אין טשענסטאָכאָוו איז דורך דער איניציאַטיוו פון רב ר׳ נחוש אַש, גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אויף דאָנערשטיק, כ״ה אדר תרצ״ד (1934), אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצובויען און פאַרגרעסערן דעם בית־המדרש.



דער טשענסטאָכאָווער רב הרב הגאון ר׳ נחום אַש זצ״ל

דער קאָמיטעט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר דעם ציל איז באַשטאַנען פון:

יושב־ראש, דער רב שליט״א.

ערן־פּרעזעס — לייב סויקא. קאַסירער — יוסף וויינריב.

ב ו י ־ ק אָ מ י ס י ע

פאָרזיצער: הענריק שפּאַלטען.

מיטגלידער: מענדל קאַפּינסקי, יוסף וויינריב, יצחק בער ראָטבאַרד, יוסף קרויזע, אהרן בראַקמאַן

פּ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד ע ־ ק אָ מ י ס י ע:

שמחה דזשובאַס, הענריק שפּאַלטען, אַברהם גליקס־מאַן, יוסף באדאש ש״ץ, משה אַש.

אויף דער זעלביקער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן גע־וואָרן זיך צו ווענדן צו דער טשענסטאָכאָווער קהלה וועגן אַ הסכמה צו פאַרגרעסערן דעם בית־המדרש, אַרויפצו־ציען אַ שטאָק פאַר אַן עזרת נשים און בויען אַ נייעם זאַל צום לערנען.

כדי צו פאַראייביקן דעם הונדערט יאָריקן יובל פון אַלטן בית־המדרש, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שרייבן אַ ספר־תורה מיטן נאָמען „התורה והמדרש״, אין וועלכן אַלע טשענסטאָכאָווער יידן זאָלן האָבן אַ חלק.

עס זיינען געשאַפן געוואָרן צוויי פּנקסים: איינעם צו פאַרשרייבן די נעמען פון די וואָס האָבן געקויפט אותיות אין דער נייער ספר־תורה; דעם צווייטן — מיט די נעמען פון די מנדבים לטובת דעם איבערבוי פון בית־המדרש.

(אויסצוג פון ביכל: „בית-המדרש תקצ״ד—תרצ״ד״, אַרויסגעגעבן פון אַברהם גליקסמאַן, טשענסטאָכאָוו, 1934.

# געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס

## „דאָבראָטשינאָשט"

די „דאָבראָטשינאָשטש" אין טשענסטאָכאָוו, צוזאַמען מיט אירע פאַרצווייגטע אָפּטיילונגען, האָט אין יאָר 1926 געפייערט איר 25־יעריקן יובל.

די טעטיקייט פון „דאָבראָטשינאָשטש" האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף פאָלגנדיקע געביטן:



אַ גרופּע פרויען פון מושב זקנים

1) דרינגנדיקע הילף, 2) שפּיטאָל, 3) מושב־זקנים און יתומים־הויז, 4) קינדערהיים, 5) אויפזיכט איבער אָרעמע קינפּעטאָרינס.



אַ גרופּע יידן פון מושב זקנים

דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט איז געווען הענריק מאַרקוספעלד, וועלכער איז אויך געווען דער פאַרזיצער פון דער געזעלשאַפט אין משך פון זיין גאַנץ לעבן. נאָך זיין טויט, אין 1920, האָט דעם פרעזעס־אַמט איבערגענומען ד"ר עדוואַרד קאָהן. נאָכן טויט פון ד"ר קאָהן, אין יאָר 1934, האָט דעם פאָרזיץ איבערגענומען ד"ר לודוויק באַטאַוויאַ.



יידן פון מושב זקנים ביים לערנען



די קינדער פון יתומים־הויז מיט פרוי פ. שטאַרקע

די אויפגאַבע פון דער דרינגענדער הילף, אונטער דער אָנפירונג פון הענריק מאַרקוספעלד, איז געווען אַרויסצוגעבן אָנפּראָצענטיקע הלוואות פאַר נויט־באַדערפטיקע. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע, צוליב אינפלאַציע און אַנדערע שוועריקייטן, אָפּגעשוואַכט געוואָרן און דערנאָך אינגאַנצן אויפגעהערט. נאָך דער מלחמה איז די אָפּטיי־

לונג רעאָרגאַניזירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו קאַניאַרסקי און מיט דער הילף פון „דזשאָינט" האָט זי געפירט אַ ברייטע הילף־טעטיקייט.

דאָס יידישע שפּיטאָל איז געבויט געוואָרן אין משך פון לאַנגע יאָרן. די פייערלעכע דערעפענונג פון שפּיטאָל איז פאָרגעקומען דינסטיק, דעם 9טן נאָוועמבער 1913. די קוראַטאָרן זיינען געווען: פון 1913 ביז 1914 ד"ר יוזעף מאַרקוספעלד, פון 1914 ביז 1918 — גוסטאוו קאָהן, פון 1918 — שמואל גאָלדשטיין.



קינדער פון יתומים הויז ביים עסן

דאָס יידישע שפּיטאָל האָט פאַרמאָגט די מאָדערנסטע איינריכטונגען און אָפּטיילונגען פאַר אַלע געביטן פון מעדיצין. מיט דעם בוי פון דער מעכאַנישער וועשעריי האָט אָנגעפירט העניק שפּאַלטען, וועלכער האָט דער זאַך אָפּגעגעבן אַ סך ענערגיע. דער ערשטער לייטער פון שפּיטאָל איז געווען ד"ר לודוויג באַטאַוויאַ, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1939. פון דעמאָלט אָן האָט מיטן שפּיטאָל אָנגעפירט ד"ר סטעפאַן קאָהן־קאָלין.



קינדער פון יתומים הויז ביי פּראַקטישער אַרבעט

**כדי זיך צו מאַכן וועלכע עס איז פאָרשטעלונג פון דער טעטיקייט פון שפּיטאָל — איז כדאַי צו באַמערקן, אַז בלויז כירורגישע און גינעקאָלאָגישע באַהאַנדלונגען האָט מען געגעבן בערך 2,500 אַ יאָר. דער יערלעכער געלט־אומזאַץ אין די לעצטע יאָרן האָט באַטראָפן אַרום 250,000 זלאָטעס.**

דער שפּיטאָל האָט זיך, ליידער, אליין נישט אויסגעהאַלטן און איז געווען אין אַ גרויסער מאָס אָנגעוויזן אויף נדבות פון דער טשענסטאָכאָווער באַפעלקערונג, וועלכע האָט שטענדיק אָט די נויטיקע אינסטיטוציע ברייטהאַרציק געשטיצט. אויך די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק, דורך זייער „טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין" און שפּעטער „טשענסטאָכאָווער רעליף" האָבן געשטיצט דאָס שפּיטאָל.



אַ גרופּע קינדער פון דער אָכראָנקע



קינדער פון דער אָכראָנקע ביים שפּילן

דער מושב־זקנים און יתומים־הויז איז אַנטשטאַנען דורך דער באַמיאונג פון דער פאַמיליע ווערדע אין אָנדענק פון זייער פאַרשטאָרבענער איינציקער טאָכטער מ י נ ע ו ו ע ר ד ע. די פאַמיליע ווערדע האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט דער אינסטיטוציע, וועלכע זיי האָבן אָפּגעגעבן

---

באַמערקונג פון רעדאַקציע:

צוליב דער וויכטיקייט פון דער אינסטיטוציע, גיבן מיר אַ לענגערן באַריכט פון דער געשיכטע פון יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו און פון די פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען טעטיק אין זיין שאַפונג און אויסהאַלטונג.

זייער גאַנץ פאַרמעגן. די אינסטיטוציע האָט געהאַט
פלאַץ פאַר דרייסיק זקנים און זקנות און אַכציק־ניינציק
יתומים. דאָרט זיינען אויך איינגעאָרדנט געווען וואַר־
שטאַטן, וואו די קינדער איבער 16 יאָר האָבן זיך גע־
לערנט פּראַקטישע אַרבעטן. די אָנפירערין פון דער
אינסטיטוציע איז געווען פרוי יוזעפא שטארקע.

מיטן קינדערהיים פון „דאָבראָטשינאָשטש", וואו
עס האָבן זיך געלערנט און געשפייזט געוואָרן אַ גרויסע
צאָל פון די אָרעמסטע קינדער פון דער שטאָט, האָט פאַר־
וואַלטעט פרוי איזידאָראָווא וויעזשביצקאַ.

די אויפזיכט איבער אָרעמע קינפּעטאָרינס האָט זיך
געפונען אין די הענט פון פרוי סאַרנאַ.

# דאָס יידישע שפּיטאָל

דעם 27טן מערץ 1899, ווען עס איז געגרינדעט גע־
וואָרן די היגע געזעלשאַפט „דאָבראָטשינאָשטש", איז
באַלד אויף דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אויפ־
געהויבן געוואָרן די פראַגע, וועגן אויפבויען אַ יידישן
שפּיטאָל, אין דער קאָמיסיע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן:
הענריק מאַרקוספעלד, הערמאַן גינזבערג, ד"ר עדוואַרד
קאָהן, ד"ר באַטאַוויע, ווי אויך די יעצט שוין פאַרשטאָר־
בענע לעאָפּאָלד קאָהן, ד"ר ה. שפּיגעל און לעאָפּאָלד
ווערדע. אַלס פּרעזעס פון דער קאָמיסיע איז אויסגע־
וויילט געוואָרן הענריק מאַרקוספעלד.

דעם 5טן דעצעמבער 1900 איז דורך דער דערמאָנ־
טער קאָמיסיע געקויפט געוואָרן דער פלאַץ פון גראַ־
באָווסקי, וואָס געפינט זיך אויפן וועג צום יידישן בית־
עולם, פאַר 7600 רובל. נאָך אַ סך אונטערזוכונגען האָט
זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער פלאַץ, איז
צוליב פאַרשיידענע סיבות נישט גינסטיק פאַרן יידישן
שפּיטאָל און מ'האָט דעם פלאַץ געמוזט צוריק פאַרקויפן
און אָנהויבן זוכן אַן אַנדערן.

דאָס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע, ווייל די קאָ־
מיסיע האָט געוואָלט אַז דער פלאַץ זאָל זיין נאָענט פון
דער שטאָט.

ערשט אין 1907 ווען דאָס אַלטע שעכט־הויז איז
איבערגעטראָגן געוואָרן אונטער דער שטאָט, האָט די
שפּיטאָל־קאָמיסיע אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיטן
היגן מאַגיסטראַט, וועגן אָפּטרעטן דעם פלאַץ לעבן שעכט־
הויז פאַרן יידישן שפּיטאָל. דער דאָזיקער פלאַץ איז באַ־
זונדער צוגעפּאַסט אויף אַ שפּיטאָל, ווייל אין יענער געגנט
האָט געוואוינט על־פּי־רוב די אָרעמע באַפעלקערונג, פאַר
וועלכער דער שפּיטאָל איז געווען באַשטימט.

אַ דאַנק דער השתדלות פון דעם היגן מאַגיסטראַט,
איז דעם 28טן סעפּטעמבער 1908 אָנגעקומען פון דער
העכערער מאַכט אַ דערלויבעניש אָוועקצושענקען דעם
פלאַץ פאַרן יידישן שפּיטאָל גאַנץ אומזיסט.

באַקומענדיק דעם פלאַץ, האָט די „דאָבראָטשי־
נאָשטש" אויסגעוויילט אַ בוי־קאָמיסיע, אין וועלכער עס
זיינען אַריינגעגאַנגען: ד"ר יוזעף מאַרקוספעלד, ד"ר
באַטאַוויע, ד"ר אַלעקסאַנדער וואַהלבערג, הערמאַן גינז־
בערג, מאַרקוס גראַדשטיין, אינזשעניר קאַרפּ, איזידאָר
פריינד, לודוויג טעמפּעל, סטאַניסלאַוו הערץ און לעאָ־
פּאָלד ווערדע.

דער קאָמיטעט האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער
אַרבעט און איבערגעגעבן דעם אינזשעניר מאַנקאָווסקי,
אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון בנין. ביים אויסאַרבעטן
דעם פּלאַן האָט ער אין אַכט גענומען די מעגלעכקייט
די פּאַוויליאָנען זאָלן מיט דער צייט פאַרגרעסערט ווערן.

דעם ערשטן יאַנואַר 1908 האָט די געזעלשאַפט פאַר־
מאָגט סך־הכל 34 טויזנט רובל. רעכענענדיק אָבער אויף
די פילע נדבות, וואָס פאַרשיידענע מנדבים האָבן דע־
קלאַרירט, איז דער קאָמיטעט תיכף צוגעטראָטן צו אונ־
טערהאַנדלען מיט פאַרשיידענע פירמעס און לסוף איבער־
געגעבן די אַרבעט פאָלגנדע אונטערנעמער: 1) די בוי־
אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער פירמע „אַללערט
און בולע" פאַר 84 טויזנט רובל. 2) צענטראַל־באַהייצונג,
קאַנאַליזאַציע, וואַסער־לייטונג, וואַנעס, אד"גל. איז אי־
בערגעגעבן געוואָרן דער פירמע „לובינוס, שטיין און
קאָמפּאַניע" פון קאַטאָוויץ, פאַר 22,700 רובל. 3) די דרע־
נאַר אַרבעט, איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אינזשיניער
דעלאַף פאַר 660 רובל. 4) עלעקטרישע באַלייכטונג, דער
פירמע „שילא און שוויאַטלאַ" פאַר 1600 רובל. 5) אויפ־
צובויען אַ ברונעם, דער פירמע „פילוס" פאַר 950 רובל.
6) צו מאַכן אַ פאַרקאַן אַרום דעם שפּיטאָל, וו. ראַזענצוויג
פאַר 1200 רובל. צוזאַמען האָט די דאָזיקע אַרבעט גע־
דאַרפט אָפּקאָסטן 111,130 רובל, נישט צורעכענענדיק
נישט פאָראויסגעזעענע הוצאות, בערך 2000 רובל.

נאָך דעם שליסן די קאָנטראַקטן האָט מען דעם
18טן סיון תרס"ט געלעגט דעם גרונד־שטיין און באַלד
צוגעטרעטן צום בויען.

עס האָבן באַלד אָנגעהויבן אַריינצופליסן גרויסע
נדבות, ווי אַ שטייגער:

יוזעף וו. לאַנדוי — 10 טויזנט רובל; געברידער
גינזבערג, בערלין — 10 טויזנט רובל; הענריק מאַרקוס־
פעלד, אויף אויספּאַרטיקן דעם שפּיטאָל — 10 טויזנט

רובל; פּאַוועל שפּיגעל, פאַר דער פאַרשטאָרבענער גאָרפינקעל — 3225 רובל; ישיעה לאַנדוי — 3000 רובל; איזידאָר גייסלער — 3000 רובל; די יורשים פון לעאָן אדערפעלד — 2500 רובל; די חברה פאַר אָרעמע קימפּעטאָרינס 2100 רובל; לודוויג טעמפּעל — 3000 רובל; יאַן גראָסמאַן — 1000 רובל; די טשענסטאָכאָווער קרעדיט געזעלשאַפט 1390 רובל; די פאַבריק „סטראָדאָם" — 1400 רובל; „וואַרטא" — 1000 רובל; „פעלצערס" — 500 רובל; געברידער רייכמאַן און זיגמאַן — 500 רובל; די יורשים פון לודוויג מאמלאק — 500 רובל; די צווייטע ליי און שפּאָר־קאַסע — 326 רובל; סאַמיועל מאָשקאָוויסקי — 300 רובל; דעקלאַרירטע נדבות — 16399 רובל; קלענערע נדבות — 3128 רובל; פאַר דעם פאַרקויפטן פלאַץ — 8000 רובל; הכנסה פון בלימל־טאָג — 1500 רובל; פון דער „דאָבראָטשינאָשטש" — 1800 רובל; פּראָצענט פון די קאַפּיטאַלן און קופּאָנעס פון די ליסטעס — 12349 רובל; סך־הכל (מיט נאָך אַנדערע נדבות) — 108.749 רובל.

אַחוץ דעם זיינען געזאַמלט געוואָרן נדבות פון א פרויען־קאָמיטעט אויף אינעווייניקסטע איינריכטונגען: וועש, מעבל, אד"גל 4741 רובל; באַלאַבאַנאָוו האָט געשענקט 7000 רובל, אויף איינאָרדענען אַן אַפּטייק ביים שפּיטאָל. ד"ר יוזעף מאַרקוספעלד, זעענדיק, אַז דער פלאַץ אַרום דעם שפּיטאָל איז פול גריבער און בערגלעך, האָט אויף זיינע הוצאות געלאָזט אויסגלייכן דעם פלאַץ און איינגעאָרדנט דאָרט אַ שיינעם פּאַרק אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי עמאַ מאַרקוספעלד. דאָס האָט אים אָפּגעקאָסט 5000 רובל.

נאָך דעם ווי די אַלע נדבות און הכנסות זיינען שוין אויסגעגעבן געוואָרן איז פאַרבליבן חובות בסך־הכל — 20303 רובל.

אויסהאַלטן דאָס שפּיטאָל פון 50 בעטלעך דאַרף קאָסטן ביז 30 טויזנט רובל אַ יאָר. דערויף זיינען פאַראַן אַזעלכע לעגאַטן: אויפן נאָמען פון ישעיה לאַנדוי — 10 טויזנט רובל; יוזעף און העלענאַ לאַנדוי — 1000 רובל; וואָלף און הינדע לאַנדוי — 1000 רובל; שמעון און שאַרלאָטע בערגמאַן — 2.000 רובל; לודוויג טעמפּעל — 2000 רובל; לאַזאַרוס און ראָזאַליע גראָסמאַן — 5000 רובל; לודוויג און קלאַראַ קאָהן — 3000 רובל; אַדאָם בערגמאַן — 900 רובל; מאָריץ פּרושיצקי — 250 רובל; נדבות, פּראָצענט און קופּאָנעס 1633 רובל; סך־הכל איז פאַראַן אַ סומע פון 26813 רובל, פון וועלכע די פּראָצענט באַטרעפט יערלעך 1411 רובל; 67 טויזנט רובל וועט געבן די יידישע גמינע און דאָס איבעריקע געלט זאָל, ווי מען האָט גערעכנט, צוקומען פון פאַרשיידענע נדבות.

אויף דער לעצטער זיצונג פון „דאָבראָטשינאָשטש" איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז דער הויפּט־פּאַוויליאָן פון שפּיטאָל, זאָל טראָגן דעם נאָמען פון פרעזעס ה' הענריק מאַרקוספעלד.

דער דאָזיקער פּאַוויליאָן באַשטייט פון איינצלנע צימערן, 4 גרויסע אַלגעמיינע צימערן, אויפנאַם־צימערן און צוויי גרויסע אָפּעראַציע־זאַלן, אין דעם פּאַוויליאָן האָבן זיך געפונען 50 קראַנקן־בעטלעך.

אין צווייטן פּאַוויליאָן געפינען זיך דאָס אַמבולאַטאָריום, עטלעכע אויפנאַם־צימערן ווי אויך די קאַנצעלאַריע און שפּיטאָל־אַפּטייק.

דער דריטער פּאַוויליאָן, וואָס וועט הייסן אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם לעאָפּאָלד ווערדע וועט זיין פאַר אָנשטעקנדע קראַנקע.

אין פערטן פּאַוויליאָן וועט זיך געפינען די וועשעריי און מאַנגעל פון שפּיטאָל, ווי אויך עטלעכע צימערן פאַר גייסטיק־קראַנקע.

דער לעצטער פּאַוויליאָן דינט פאַר וואוינונגען פאַר די שפּיטאָל־באַאַמטע און די שפּיטאָל־קיך.

אַחוץ דעם איז נאָך פאַראַן אַ הייזל פאַר טויטע און נאָך אַנדערע.

אַלס דאָקטוירים פון שפּיטאָל זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע:

דער ד"ר באַטאַוויע וועט פאַרוואַלטן איבערן גאַנצן שפּיטאָל: אַלס כירורג — ד"ר בראָניאַטאָווסקי ווי אויך די דאָקטוירים: עדוואַרד קאָהן, סטעפאַן קאָהן (אַקושער) וואַצלאַוו קאָהן און פריילין ד"ר עטינגער.

אַלס פעלדשערס: די ה"ה טאַרבעטשקאַ און ס. זעלטען.

דאָס נייע אויפגעבויטע יידישע שפּיטאָל שטעלט פאָר מיט זיך אַ פּרעכטיקע געביידע לויטן לעצטן סטיל און די בעסטע טעכנישע איינריכטונגען לויטן מוסטער פון די גרעסטע אויסלענדישע שפּיטעלער, און די שטאָט טשענסטאָכאָוו מעג דערמיט שטאָלצירן.

די גאַנצע באַשרייבונג פון יידישן שפּיטאָל האָבן מיר באַקומען אַ דאַנק די סעקרעטאַרן פון דער יידישער גמינע די ה"ה פויסט און מאַרקאָוויטש.

(טשענסטאָכאָווער „וואָכנבלאַט", פרייטיק, 31טן אָקטאָבער, 1913).

זונטיק, דעם 16טן נאָוועמבער 1913, איז געעפנט געוואָרן דער נייער יידישער שפּיטאָל, חזן אברהם בער בירנבוים מיט דער באַגלייטונג פון כאָר זינגען „מזמור שיר חנוכת". עס האָבן גערעדט, רב נחום אַש, הענריק מאַרקוספעלד, שטאָט־פּרעזידענט ה' גלאזעק, ד"ר באַטאַוויע, ד"ר זאַקס.

פאַר די איינגעלאַדענע געסט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַנקעט אין יאַצקאָווסקיס צוקערניע.

# פּאָפּולערע בעקעריי

טשענסטאָכאָוו איז געווען אַן אינדוסטריעלע שטאָט. און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין 1914 זיינען כמעט אין אַלע פאַבריקן די רעדער געבליבן שטיין. דער גאַנצער אָפּזאַץ־מאַרק איז געווען רוסלאַנד, און דער קריג האָט אָפּגעריסן, און אָפּגעשניטן די פאַרבינדונג פון אָפּזאַץ־מאַרק. אין די אַרבעטער רייען און ביי דער בירגערלעכער באַפעלקערונג אין די נויט געוואַקסן, דערצו האָט די דייטשע באַזעצונגס־מאַכט איבערגענומען די גאַנצע ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע מיטן תירוץ איינצופירן אַ ראַציאָנאַלע פאַרטיילונג. אין אמתן זיינען די לעבנס־מיטלען פון טאָג צו טאָג געוואָרן טייערער און אויך וויניקער, ווייל דאָס בעסטע האָט די אָקופּאַציע־מאַכט צוגענומען און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. די אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן די נויטיקסטע לעבנסמיטלען אַפילו פאַר טייער געלט. אַ ביסן ברויט האָט אַנגעהויבן צו ווערן אַ יקר המציאות. אויך די צאָל בעקער איז געוואָרן קלענער, ווייל ניט אַלע בעקער האָבן באַקומען מעל צום באַקן, נאָר לויט דעם איינזען פון דער „באַהערדע". אַזוי איז אויסגעקומען, אַז ביי די עטלעכע בעקער זיינען מענטשן געשטאַנען שוין פון מיטן נאַכט כדי צו באַקומען אַ לייבעלע ברויט. עס איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן אַ בעקעריי כדי צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון דער באַפעלקערונג און גלייכצייטיק טאָקע שאַפן אַ נייעם אַרבעטס־פּלאַץ פאַר בעקער־אַרבעטער.

כדי צו שאַפן די ערשטע געלט מיטלען פאַרן אויפבוי פון אַ פּאָפּולערער בעקעריי האָט די דראַמאַטישע סעקציע אויפגעפירט, אונטער דער רעזשי פון הערשל גאָטיינער, „די משפחה" פון ה. נאָמבערג. די אָנטיילנעמער זיינען געווען: שמואל פראַנק, פ. שמולעוויץ, ר. פעדערמאַן, זשאַרנאָוויעצקי, דאָרקע שאַכער, פעלאַ רייכער, פר"ל צ. פעדערמאַן, פר"ל לייטשע גליקליך און גאָטיינער.

דער אָוונט האָט אַריינגעבראַכט אַ סומע פון 200 רובל. מיט דער דאָזיקער סומע איז מען צוגעטרעטן צו שאַפן די „פּאָפּולערע בעקעריי", וועלכע האָט באַדינט כמעט די גאַנצע שטאָט.

כדי צו באַקומען די מינימאַלע סומע, וואָס איז נויטיק געווען פאַר דער גרינדונג פון דער בעקעריי, האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו דער הילף מצד די פני פון דער שטאָט. אַזוי ווי צווישן אונזערע סימפּאַטיקער האָט זיך געפונען מענדל קאַניאַרסקי וועלכער איז פאַרן קריג געווען אין רוסלאַנד און שטודירט אַדוואָקאַטור און געהאַט דעם צוגאַנג צו דער בעסערער געזעלשאַפט, האָבן מיר באַשלאָסן זיך מיט אים צו באַראַטן. די באַראַטונג איז פאַרגעקומען אין דער וואוינונג פון רפאל פעדערמאַן, און מיר האָבן קאַנאַרסקין געגעבן דעם אויפטראָג צוזאַמענצורופן אַ גרעסערן קרייז פון די פני.

אין משך פון אַ קורצער צייט איז פאַרגעקומען אַ זיצונג אין זאַל קופּיעצקי מיטן רב אַש בראש. ווי ווייט איך קען מיך דערמאָנען זיינען צווישן די פאַרזאַמלטע געווען הרב אַש, משה אַש, ד"ר רוס, ד"ר בראַניאַטאָווסקי, און זיין ברודער דער צאָן־דאָקטאָר, קאַניאַרסקי, ווערדע, ד"ר קאַהן, מאַרקוספעלד, ד"ר גייסלער, שפּיראָ, נייפעלד, וועקסלער, גאָלדשטיין און אַלס פאַרטרעטער פון די אַרבעטער פ. שמולעוויץ און זשאַרנאָוויעצקי. דעם פאַרזיץ אויף דער פאַרזאַמלונג פון בערך 40 פּערזאָן האָט געפירט הרב אַש.

די חלוקי דעות וועגן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער בעקעריי זיינען געקומען צום אויסדרוק, באַלד ביים באַטראַכטן די פראַגע פון נאָמען, פון דער אינסטיטוציע. אַ ריי אָנטיילנעמער האָבן פאַרגעשלאָגן דעם נאָמען „בית־לחם" לויטן מוסטער פון וואַרשעווער בית־לחם, מיט ענלעכע פילאַנטראָפּישע צילן. דער אַרבעטער־פאַרשטייער, דער שרייבער פון די שורות, האָט דערקלערט, די פראַגע פון נאָמען איז גאָרניט קיין קלייניקייט, מחמת, „דער בגד גיט געשטאַלט". דער נאָמען „בית־לחם" איז נישט אין הסכם מיט די צילן פון די איניציאַטאָרן, וועלכע האָבן געשאַפן דאָס ערשטע געלט, זאָל מען נישט אַריינפירן אין אַ טעות מיטן נאָמען; די בעקעריי מוז זיין אַ פאָלקס־בעקעריי סיי לויטן נאָמען, סיי לויט איר כאַראַקטער. אַזוי איז אָנגענומען געוואָרן דער נאָמען „פּאָפּולערע בעקעריי".

אויף מאָרגן האָט זיך באַוויזן אין דער צייטונג די ידיעה וועגן דעם באַשאַפן פון דער בעקעריי און ביי דער באַפעלקערונג האָט עס אַרויסגערופן גרויס צופרידנהייט.

די פאַרטיילונג פון די אויפגאַבן צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן איז געווען אַזאַ:

בעקער־אַרבעטער און לאָקאַל: צאַנדאָקטער בראַניאַטאָווסקי, קאַניאַרסקי און שמולעוויץ. די באַזאָרגונג פון מעל: מאַרקוספעלד, ד"ר קאַהן, און ווערדע.

קאָנטראָל פון געזונט און סאַניטאַרישע באַדינגונגען: ד"ר רוס און ווערדע.

די בעקער־אַרבעטער האָבן געהאַט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אונטער דער השפּעה פון די ס. ס. האָט מען איבערגעגעבן רפאל פעדערמאַן אַלס פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי צו אָרגאַניזירן דעם פּלאַן פון אַרבעט מיט די בעקער.

דערווייל איז געלונגען צו באַקומען אַ בעקעריי

דאָס איז געווען די בעקעריי פון אויערבאַך אין דער וואַר־שעווער גאַס וועלכע האָט געהאַט 4 אויוונס, די פּאַסיקסטע און געווינטשטע פאַר דעם צוועק.

עס איז אויך באַלד אַן גרויסע שוועריקייטן געלונגען צו באַקומען מעל, און במשך פון איין וואָך איז אַלץ געווען אין פולן גאַנג. די אויפזיכט איבער דער בעקעריי איז גע־וואָרן איבערגעגעבן שמולעוויצן און זשאַרנאָוויעצקין. מען האָט זיך אויך געווענדט צו די פּועלי־ציון אונז מיטצו־העלפן אין דער אַרבעט און זיי האָבן אַריינגעשיקט אברהם גאָטליב.

די בעקעריי האָט באַקומען אַ נאָמען אין שטאָט. כדי אויסצומיידן דאָס שטיין אין דער ריי ביים קויפן ברויט, איז נאָך אַ קורצער צייט באַשטימט געוואָרן צו עפענען לאָקאַל־פיליאַלן, אין דער שטאָט און אין פאַרשיידענע געגנטן. אין שייכות דערמיט זיינען צו דער אַרבעט צוגע־צויגן געוואָרן מערערע חברים ווי אפרים מאיר פיינ־רייך, בעם און אַנדערע.

דער כאַראַקטער פון דער בעקעריי האָט זיך געביטן, אָבער מיט דער צייט אין אַן אומגעוואונטשענער ריכטונג. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס די גרינדער האָבן ניט באַוואָרנט, אַז די אָנפירונג זאָל בלייבן אין זייערע הענט. היות זיי זיינען אין דער געשעפט־פירונג נישט געווען פאַרטרעטן, איז די אָנפירונג אַריינגעפאַלן אין די הענט פון איינצלנע פערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט ריין געשעפטלעכע צילן און אָנגעווענדט דעם סיסטעם פון פראָטעקציאָניזם. עס האָבן זיך אין דער בעקעריי באַלד באַוויזן מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ פּאָסטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאָניאַרסקי האָט די אַרבעטער פאַרראַטן. אָנשטאָט צו היטן די גזעלשאַפטלעכע ריינקייט און שטיין אויף דער וואַך קעגן פילאַנטראָפּיע, איז ער געוואָרן געשטרויכלט דורך דער לוסט נאָך געלט. די צוויי אויבנדערמאָנטע אַרבעטער פאָרשטייער וואָס האָבן געהאַט די אויפזיכט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדן געהאַלט, דערקלערנדיק אַז די בע־קעריי איז געשאַפן געוואָרן פון אַן אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציע, נישט צום צוועק פון געשעפט.

נאָך דעם ווי מיר האָבן אָפּגעוואָרפן צו נעמען באַ־צאָלט האָט די געשעפט־פירונג באַקומען פרייע הענט און אַרויסגענומען די בעקעריי פון אונטער דער השגחה פון די אַרבעטער.

---

# „טאָז"

די גזעלשאַפט „טאָז" וואָס האָט געהאַט איר צענ־טראַלע אין וואַרשע האָט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1923. פון דער גרינדונג אָן, איז געווען דער לייטער און הויפּט־דאָקטאָר סטעפאַן קאָן־קאָלין. די גזעלשאַפט האָט געפירט פאָלגנדע אָפּטיי־לונגען:

1) שול־היגיענישע סעקציע אונטער דער לייטונג פון ד"ר לעאָן גוטמאַן.

2) שווינדזוכט־סעקציע מיט אַן אייגענע אַמבולאַ־טאָריע, רענטגען־קאַבינעט, און אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר באַקטעריאָלאָגיע, אונטער דער לייטונג פון ד"ר יוליאַן ליפינסקי.

3) שוץ איבער מוטער און קינד, „טראָפּן מילך" איז געוואָרן אָנגעפירט פון פרוי ד"ר ארלינסקי.

4) דענטיסטרי קאַבינעט: איז געוואָרן אָנגעפירט פון ד"ר פּרץ.

5) קאַבינעט פאַר פיזיקאַלישע טעראַפּיע איז געוואָרן אָנגעפירט אונטער דער לייטונג פון ד"ר יוליאַן ליפינסקי.

6) די זומער־קאָלאָניע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1930, האָט געהאַט אַן אייגענע געביידע אין אָסטראָוו. אין ווערט פון 10.000 זל. און איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער משפחה פון ד"ר סטעפאַן קאָן־קאָלין, אויפן נאָ־מען פון באָלעסלאָוו טעמפּעל. די קאָלאָניע איז אָנגעפירט געוואָרן פון פרוי ד"ר ליפינסקי מיט אַ שטאַרקער מיט־אַרבעט פון סעקרעטאָר יעקב ראָזינער.

7) סעקציע פאַר דערנערונג פון שול־ און חדר־קינדער, אונטער דער לייטונג פון פרוי ד"ר ליפינסקי.

8) איינשפּריצונגס ־ אַקציע קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

אין „טאָז" זיינען געווען באַשעפטיקט 5 דאָקטוי־רים, און דער בודזשעט פון יאָר 1939 האָט באַטראָפן 120 טויזנט זל. עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן לערך 15.000 קראַנקן־פאַלן.

צום שלוס איז ווערט צו באַמערקן, אַז אַ דאַנק דעם סעקרעטאָר יעקב ראָזינער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן אָרגאַניזאַציע־טאַלאַנט, האָט די גזעלשאַפט מיט אירע מיטאַרבעטער און פאַרוואַלטונג, געברענגט, וואָס מער נוצן דער טשענסטאָכאָווער באַפעלקערונג.



די זומער קאָלאָניע פון „טאָז" אין אסטראָוו

טשענסטאכאוו, דעם 5 פעברואר 1939

צו די טשענסטאכאווער לאנדסלייט

אין ניו-יארק

ליבע פריינד

מיר באשטעטיקן הערמיט דאס דערהאלטן פון 50 דאלער (פופציק) פאר וועלכע מיר האבן באקומען אין דער פוילישער סלוכהשער באנק 263 גילדן מיט 50 גראשן.

ביי דער געלעגנהייט האלטן מיר פאר אונזער פליכט אייך דא צו געבן א קורצן איבערבליק פון אונזער ארבעט אין דער לעצטער צייט.

ווי אייך איז באקאנט פירן מיר א ברייטע פארצווייגטע טעטיקייט אויפן געביט פון געזונטהייט מיט א ספעציעלער באריקזיכטיקונג פון דער פראפילאקטיק-פארהיטן דאס געזונט פון דער יידישער באפעלקערונג.

די נויט פון די יידישע מאסן, וואס ווערט גרעסער פון טאג צו טאג צוליב דער אנטיסעמיטישער העצע פון איין זייט און דאס ארויסטרייבן דעם יידישן האנטווערקער און קליינ-הענדלער פון זיין ביז איצטיקער פרנסה פון דער צווייטער זייט, האט באדייטנדיק פארגרעסערט די צאל פאמיליעס, וועלכע וענדן זיך צום „טאז" נאך הילף.

די אייך גוט באקאנטע געשעענישן אין דער נאענטער אומגע־גנט פון טשענסטאכאוו, האט אונז געצוואונגען ארויסצוברייטערן אונזער טעטיקייט אויך אויף די פאראומגליקלעכטע און פאר־פינסטערטע שטעטלעך, ווי: קלאבוצק, קזשעפיץ, טרוסקאלאס, קא־ניעצפאל, קאמיק, מיעדזנא, אסטוב, פשירוו, יאנוור, אלשטין און אנדערע.

די לעצטע מאנאטן איז צוגעקומען די זארג מיט די ארויס־געטריבענע פון דייטשלאנד. מיר האבן געטוהט אויך די דאזיקע אומגליקלעכע, וואס האבן זיך פארהאלטן אין אונזער שטאט בע־טן [illegible] אונזער אויפזיכט. באזארגן מיט מעדיצינישער הילף, קינדער-קאלאניעס און אזוי ווייטער.

די שווערע לאגע פון די עלטערן האט געווירקט אויפן גע־זונט-צושטאנד פון די קינדער. מיר האבן געטוהט איינארדנען א קאלאניע אין בלאכאווניע נאענט פון טשענסטאכאוו אויך אין די ווינטער מאנאטן. דארט האבן מיר אויסגעהאלטן 42 קינדער פון די ארויסגעטריבענע פון דייטשלאנד און 87 קינדער פון טשענסטאכאוו און אומגעגנט.

היינט צו טאג פירן מיר באשפייזונג אין די שולן, חדרים און קינדערהיימען פאר 1101 קינדער.

אין טשענסטאכאוו זעלבסט באשפייזן מיר 605 קינדער, פון פאלגנדיקע לער-אנשטאלטן: פרץ-קינדערהיים, דאבראטשינאש-קינדערהיים, בית-יעקב-שול, מחזיקי-הדת און תלמוד-תורה.

אין די שטעטלעך פון טשענסטאכאווער ראיאן.

קאניעצפאל ---------- 165 קינדער
קלאבוצק ---------- 96 "
קזשעפיץ ---------- 90 "
פשערעוו ---------- 70 "
אטסטוב ---------- 64 "
טרוסקאלאס ---------- 55 "
קאמיק ---------- 36 "
מיעדזנא ---------- 30 "
קוזשניצקי ---------- 25
אלשטין ---------- 25
יאנוור ---------- 24
פשיסטאן ---------- 22 "
קאטשין ---------- 22 "
פאנקי ---------- 16 "
712 "

אויסער טשענסטאכאוו באשפייזן מיר

דער „טאז" האט זיך אבער נישט גענוגנט באגרענעצן מיט דער טעטיקייט, ווייל די נויט איז צו גרויס און געמוזט אדור פירן אויך א באקליידונגס און באשוכונגס-אקציע.

די אלע אקציעס אונזערע שלינגען איין גרויסע סומע געלט, קרעפטן און ענערגיע.

ביי דער מינימאלער הילף פון די בארופענע מלוכהשע ארגאנען, מוזן מיר ארבעטן מיט גרויסע דעפיציטן. מיר טאר זיך אבער מיט דעם נישט רעכנען און מיר קענען אפילו נישט פארקלענערן דעם פארנעם פון דער אזוי דרינגענדיקע און וויכטיקע ארבעט פאר דער יידישער באפעלקערונג אין אלגע מיין און באזונדערס פארן יידישן קינד.

ברייטער וועגן אונזער „טאז"-טעטיקייט וועט איר זי קענען באקאנען פון אונזער יערלעכן באריכט, וואס וועט זיין ארויסגעפערטיקט אין מאנאט אפריל, וועלכן מיר וועלן אייך איבערשיקן.

אין דער פולער זיכערקייט און גלויבן אין איי ער ווייטערדיקער פאזיטיווער הילף פארבלייבן מיר

מיט ברודערלעכן היים-גרוס

גרעזעס

סעקרעטאר [signature] פרעזעס: [signature]

דער לעצטער באַריכט פון „טאָז" פאַר דעם טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק

# טשענסטאָכאָווער קאָאָפּעראַטיוון

מיטן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן — האָט זיך די צאָל קאָאָפּעראַטיוון שטאַרק פאַרגרעסערט. די פּאָפּולערע בעקעריי, וואָס האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געבאַקן די אַזויגערופענע „פּאָפּולאַרקע" (מיט אַ סך קאַרטאָפל־שאָלעכץ און ווייניק מעל) אין געווען דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו אין טשענסטאָכאָוו. דעמאָלט האָט ביי אונדז, ווי אין אַנדערע שטעט, עקזיסטירט אַ „דערנערונגס־קאָמיטעט", וואָס האָט געהאַט אָפּטיילונגען איבער דער גאַנצער שטאָט, וואו עס זיינען פאַרטיילט געוואָרן אויף קופּאָנען לעבנס־מיטל־פּראָדוקטן לויט אַ באַשטימטער נאָרמע. נאָך דער מלחמה איז דער דערנערונגס־קאָמיטעט ליקווידירט געוואָרן און די פאַרטיילונג פון לעבנס־מיטל האָבן איבערגענומען די קאָאָפּעראַטיוון. דעריבער האָט כמעט יעדע פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַר אירע מיטגלידער.

אין 22־1921 האָבן פונקציאָנירט פאָלגנדע קאָאָפּעראַטיוון:

„יעדנאָשטש", „וויזוואָליעניע", „נאַפּשוד", „פאַראייניקטע", „זעלבסט־הילף" (האַנטווערקער), „אַרבעטער־היים" (פּועלי־ציון), „צוקונפט" („בונד", לאָקאַטאָרן), „באַאַמטע", „האַנדלאָוּוצעס", „אַחדות", „שותפות" (קליינהענדלער), „תושיה", „פּשיאַזן", „פּאַסטעמפּ", „ראַבאָטניק".

די קאָאָפּעראַטיוון „פאַראייניקטע" און „צוקונפט" האָבן זיך שפּעטער צוזאַמענגעשמאָלצן. די אָפּטיילונגען פון די צוויי קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געפונען אויף די גאַסן: בעקעריי — גאַרנצאַרסקאַ 32, ערשטע אָפּטיילונג אַגראַדאָווע 27, צווייטע — סענאַטאָרסקאַ 1, 3טע — נאַדזשעטשנאַ 78, פערטע — סטראַזשאַצקאַ 16 (פריער „צוקונפט"), פינפטע — פּילסודסקי 19. דאָרט איז אויך געווען די קאָאָפּעראַטיווע בוכהאַנדלונג און שפּעטער די אָפּטיילונג פון „אַרבעטער־עמיגראַציע־פאַרבאַנד." די צענטראַלע ביוראָ האָט זיך געפונען אויף ספּאַדעק און שלעזינגערס הויז.

אין 1927, ווען די זלאָטע איז שוין געווען עטאַבלירט און דאָס משוגענע שפּרינגען פון די פרייזן האָט מער נישט עקזיסטירט האָבן די מיינסטע פון די דערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוון מער נישט עקזיסטירט, חוץ די „פאַראייניקטע". וואָס האָבן שוין געהאַט ליקווידירט אַ פּאָר אָפּטיילונגען און געפירט אַ געמאַטערט לעבן. דעמאָלט איז מיט דער הילף פון „דזשאָינט" אַנטשטאַנען אַ נייער „אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו", אָנגעפירט דורכן „בונד". די קאָאָפּעראַטיוון האָבן אין דער צייט פון אינפלאַציע אין אַ געוויסער מאָס איינגעהאַלטן די פרייזן אויף די נויטיקסטע לעבנס־מיטל און האָבן צומייסטן באַדינט דער אָרעמער באַפעלקערונג.

בילדער צום אַרטיקל „אַרבעטער קינדער-היימען און פאָלק-שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ



אַרבעטער קינדער-היים א"נ י. ל. פּרץ אין טשענסטאָכאָוו
יוני 1922



ריטמישע גימנאַסטיק פֿון די קינדער אין דער י. ל. פּרץ
אַרבעטער קינדער-היים אין טשענסטאָכאָוו, 1928-29

צענטראַלע יידישע שול-אָרגאַניזאַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק
טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג.

חשיבער ח

לואיס שימקאָוויטש!

נעוו-יאָרק.

אויף דער זיצונג פון דער טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג פון דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע דעם 18 יולי 1922, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרשרייבן אייך

ה' לואיס שימקאָוויטש פאַר א ערן מיטגליעד

אין דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער צ. י. ש. א.

אַלס אויסדרוק פון דער גרויסער שליחות איבערצובויען און אייגענעם בנין פאַר די יידישע אַרבעטער שולן אין טשענסטאָכאָוו.

טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון דער צ. י. ש. א.

פּאָרזיצער:

סעקרעטאַרן 1 2

קאַסירער:

מיטגלידער 1 2 3 4

טשענסטאָכאָוו, דעם 18 יולי 1922

ערן-מיטגליד-בריוו פאַר ל. שימקאָוויטש



האַב-קאָלאָניע אין אָסטראָוו



קינדער און מיטאַרבעטער פון נאָכמיטאָג-שול אין טשענסטאָכאָוו
שול-יאָר 1938-39



טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון דער ציש"א אין פּוילן
מיט די דעלעגאַטן פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: א. כראַבאַלאָווסקי, ל. שוואַרץ, ל. שימקאָוויטש, ר. פעדערמאַן, י. ש. נירענבערג.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: וו. פייגע, נ. ווייס, ר. בער-קענשטאַט, ש. וויערזשביצקי, מ. אַלטער.

# רעטונג־קאָמיסיע פאַר פּליטים פון דייטשלאַנד

באַלד ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד און בפרט, ווען מען האָט פון דאָרט אָנגעהויבן אַרויסצושיקן יידן — האָבן זיך אין אַלע גרע־סערע שטעט געגרינדעט פּליטים־קאָמיטעטן אויפצונעמען און צו העלפן די פּליטים.

טשענסטאָכאָוו, וואָס איז כמעט די ערשטע גרויסע שטאָט נעבן דער דייטשישער גרענעץ, איז אויך געווען די ערשטע צו שאַפן אַזאַ קאָמיטעט.

אין אָנהייב פּלעגן בלויז איינצלנע פאַמיליעס אַרויס־געשיקט ווערן פון דייטשלאַנד. דער אויסרייד איז געווען: אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן, ווי למשל פאַר נישט צאָלן פּינקטלעך די שטייערן, אָדער האַנדלען אָן אַ „הויזיר־שיין” אאַז"וו. אין אַזעלכע פאַלן איז געגעבן געוואָרן אַ טער־מין פון 14 טעג צו ליקווידירן די געשעפטן און פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די אויסגעוויזענע זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרקויפן זייער האָב און גוטס פאַר די מינימאַלסטע פּרייזן און פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די קאָמיטעטן האָבן זיך באַמיט אַזעלכע פּליטים איינצואָרדענען, אָדער צו שיקן זיי ווייטער אין אַנדערע שטעט, אָדער זיי העלפן אויס־וואַנדערן מעבר־לים.

די לאַגע איז אָבער געוואָרן גאָר טראַגיש, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אַרויסשיקונגען, ווען מ'האָט איבער נאַכט צוזאַמענגענומען הונדערטער יידן פון אַלע עקן דייטשלאַנד און זיי געשיקט צו די גרענעצן, היות ווי טשענ־סטאָכאָוו געפינט זיך נעבן דער דייטשישער גרענעץ, האָט נאַצי־דייטשלאַנד אָן אונדז נישט פאַרגעסן און צוגעשיקט טראַנספּאָרטן מיט פּליטים.

עס איז געווען שבת און האַרבסט. דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט, ווי תמיד, גענאָסן פון מנוחת־שבת. יידן אין די שולן און בית־המדרש האָבן שוין געהאַט אָפּגע־דאַווענט און שפּאַצירט אויף דער אַלעע. אין די שטיבלעך און מנינים זענען נאָך יידן געשטאַנען איינגעהילט אין טליתים. פּלוצלונג האָט זיך, ווי אַ שטורעם, צעטראָגן אי־בער דער שטאָט אַ ידיעה, אַז פון קאַטאָוויץ האָט דער דאָר־טיקער ראַבינער האַנדעל טעלעפאָנירט צום דירעקטאָר פון דער באַנק פּרושיצקי, אַז אויף דער גרענעץ איז אָנגעקומען אַ צוג מיט יידן פון דייטשלאַנד. דער צוג, צוזאַמענגע־שטעלט פון פערד־וואַגאָנען, איז פאַרזיגלט און געפינט זיך אויפן נייטראַלן באַדן, צווישן דייטשלאַנד און פּוילן, דאָס הייסט אין "קיינעמס לאַנד".

די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדער. איינער דעם צווייטן האָט פאַרשיט מיט פראַגן: ווער זיינען זיי, וואו זיינען זיי, זיינען דאָרט פאַראַן באַקאַנטע אָדער קרובים, זיי־נען דאָרט פאַראַן קראַנקע? עס איז באַלד אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ד"ר הירשבערג, צבי שפּאַלטען, שאַפּירא און נייפעלד.

די קהילה האָט באַלד באַשטימט עטלעכע פּערזאָן, וואָס זאָלן גלייך אַרויספאָרן קיין קאַטאָוויץ און גלייכצײַ־טיק אינטערווענירן ביי דער פּוילישער רעגירונג אַריינצו־לאָזן די פּליטים קיין פּוילן.

ווען די גרופּע, מיט הרב הירשבערג בראש (איצט אַליין אַ פּליט אין ארץ־ישראל), איז אָנגעקומען קיין קאַ־טאָוויץ — האָט זי ביים דאָרטיקן ראַבינער געטראָפן צוויי פאַרשטייער פון בויטען, אויבערשלעזיע, מיט דער זעל־ביקער בשורה, אַז אויך אויף זייער זייט גרענעץ געפינט זיך אַ צוג מיט יידן אין זעלביקן מצב. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען אויף דער גאַנצער לענג פון דער דייטשישער גרענעץ געשיקט געוואָרן אַזעלכע יידישע טראַנספּאָרטן.

דערווייל זיינען די „טראַנספּאָרטן” געשטאַנען אין קיינעמס לאַנד און קיינער האָט מיט זיי נישט געקענט קומען אין פאַרבינדונג. די אָרטיקע מאַכט האָט גע־טענהט, אַז זי קען זיי נישט אַריינלאָזן אָן אַ באַפעל פון וואַרשע. די טעלעגראַפישע אינטערווענצן ביי דער פּוי־לישער רעגירונג אין וואַרשע, האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. די נאַכט איז אָנגעקומען און די לאַגע איז געבליבן די זעלביקע.

די פאַרטרעטער פון טשענסטאָכאָוו און קאַטאָוויץ האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי דער גרענעץ און געוואַרט אויף אַן ענטפער פון דער פּוילישער רעגירונג. יעדע מינוט איז געווען אַ יאָר פון ליידן און יסורים. ענדלעך איז אָנ־געקומען אַ ידיעה, אַז די פּוילישע רעגירונג דערלויבט אַריינצולאָזן די פּליטים און זיי איבערפירן אין די נאָענטע גרענעץ־שטעט.

די פאַרזיגלטע טירן פון די וואַגאָנעס זיינען געעפנט געוואָרן און מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצופאַלן איי־נער אויפן צווייטן. דער יאָמער און געשריי פון די אומ־גליקלעכע האָט געריסן דאָס האַרץ. מיר זיינען געבליבן ווי פאַרשטיינערט, נישט וויסנדיק פון וואָס אָנצוהייבן. פאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך באַוויזן פרויען אין נאַכט־קליידונג, מענער אין פּידזשאַמעס, און נאַכט־שיך, און מענער אין שוואַרצע רעק, נאָר וואָס פון מוזיק־אָרקעסטער, קינדער נאַקעטע און באָרוועסע. איינער האָט נישט גע־קענט דעם צווייטן. די אַלע מענטשן האָט מען צוזאַמענ־גענומען, אַ טייל פון די הייזער, שלאָף־צימערס און בעטן; אַ טייל — פון די גאַסן און אַנדערע — פון טעאַטערס, רעסטאָראַנען און אַנדערע לאָקאַלן. דאָס איז געשען אין פאַרשיידענע שטעט אין דייטשלאַנד אין איין צייט. די אַרעסטירטע יידן האָט מען גרופּנווייז אַריינגעפּאַקט אין די פערד־וואַגאָנעס און פונאַנדערגעשיקט צו פאַרשיידענע גרענעצן. פרויען האָט מען אָפּגעריסן פון די מענער, קינ־דער פון די עלטערן, ברידער — פון שוועסטער. איינער

האָט נישט געוואוסט וואו דער צווייטער איז אַהינגעקומען.

נאָך דעם ווי די מענטשן האָבן זיך אַביסל באַרואיקט — זיינען מיר מיט אַ טראַנספּאָרט פון 600 יידן אַריין קיין קאַטאָוויץ, וואו די פּליטים האָבן זיך רעגיסטירט. געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן זיינען נאָך פון פריער צוגעגרייט געוואָרן פאַר נאַכט־לעגער און יעדער האָט באַקומען עפּעס צום עסן. די שווערסטע אויפגאַבע איז געווען צו באַרואיקן די אויפגערעגטע געמיטער. לייכט איז זי אונדז אָבער נישט אָנגעקומען. יעדער באַזונדער האָט געקרעכצט און געוויינט אויף אייגענע צרות: „וואו איז מיין מאַן, וואו איז מיין ווייב, וואו זיינען מיינע קינדער" ?

אויסגעמאַטערט און צעבראָכן זיינען זיי איינער נאָכן צווייטן איינגעשלאָפן.

אין דער טראַגעדיע זיינען אויך געווען קאָמישע מאָמענטן.

אין איינעם פון די קאָרידאָרן דרייט זיך אַרום צווישן די שלאָפנדיקע פּליטים אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, אָנגעטאָן אין אַ פּאַלטן און ברומט עפּעס צו זיך אַליין. אויף אונדזער פראַגע, פאַרוואָס ער שלאָפט נישט, ענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין „צאַן־בירסטע" (ציין־בערשטעלע) און ווייס נישט וואָס צו טאָן. מיר האָבן אים באַזאָרגט מיט אַ ציין־בערשטעלע, און ער איז געגאַנגען שלאָפן.

אויף צו מאָרגנס האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט די פראַגע: וואָס ווייטער ? וואָס וועט זיין, ווען היינט אָדער מאָרגן קומט ווידער אָן אַזאַ טראַנספּאָרט. האָבן מיר דערפאַר באַשלאָסן אַריינצופירן אַלע פּליטים קיין טשענסטאָכאָוו, כדי קאַטאָוויץ זאָל עווענטועל זיין פריי פאַר אַ צווייטן טראַנספּאָרט. דער באַשלוס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער טשענסטאָכאָווער קהילה און באַלד זיינען אָנגעקומען אויטאָס, וואָס האָבן אונדז איבערגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו.

טשענסטאָכאָוו האָט שוין געהאַט צוגעגרייט עסן און נאַכט־לעגער. אין דער הילפס־אַרבעט האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. די יוגנט האָט געזאַמלט שטרוי־זעק צום שלאָפן, עלטערע — שפּייז און קליידונג, פרויען האָבן גענייט וועש, ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיך, פרויען האָבן געקאָכט, מענער האָבן באַדינט.

די קהילה האָט רעגיסטירט די פּליטים און זיך פאַרשטענדיקט מיט אַנדערע שטעט, און אין משך פון דער צייט האָט זיך איינגעגעבן צוזאַמענצופירן אַ סך צעוואָרפענע משפחות.

שפּעטער איז די הילף־אַרבעט אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַ מער קאָנסטרוקטיוון אופן. אַ טייל פון די פּליטים זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט אַרבעט. אַ טייל האָט באַקומען וועכנטלעכע שטיצע. פאַך־לייט איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן זיך ביי זייער פאַך. פאַר זינגער און שפּילער איז געשאַפן געוואָרן פּלעצער אין אָרקעסטערס, שניידער און שוסטער און אַנדערע בעלי־מלאכות זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט מאַשינען און וועקצייג, אויסוואַנדערער זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט סערטיפיקאַטן. מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס אין אונדזערע כוחות, צו שאַפן אַ היימישע אַטמאָספערע פאַר די פּליטים, זיי זאָלן זיך פילן ווי ברידער צווישן ברידער. חנוכה איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אָוונט מיט זייערע אייגענע כוחות. אויפן אָוונט זיינען צעטיילט געוואָרן מתנות און עס זיינען געזאָגט געוואָרן געהעריקע טרייסט־ווערטער. מיר האָבן די פּליטים פאַרזיכערט, אַז וואָס מיר טוען פאַר זיי באַטראַכטן מיר נישט פאַר קיין טובה, נאָר פאַר אַ ברידערלעכער פליכט. בכלל האָט די הילף־אַרבעט פאַר די יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד נישט געטראָגן קיין פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. עס איז מער געווען דער באַוואוסטזיין, אַז וואָס עס האָט היינט פּאַסירט מיט זיי — קען מאָרגן געשען מיט אונדז. עס איז טאַקע אַ פאַקט, אַז אַ סך פון די, וואָס האָבן דעמאָלט גענומען אָנטייל צו פאַרזאָרגן די פּליטים, זיינען היינט צעשפּרייט איבער אַלע אַרבע פינות העולם. אַ טייל אין ארץ־ישראל, אַנדערע אין טעהעראַן, אָדער גאָר ווייט פאַרוואָרפן. דער רוב פון די מיטגלידער פון רעטונג־קאָמיטעט פאַר פּליטים האָט אָבער געטיילט דעם גרויזאַמען גורל פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה און פון גאַנצן פּוילישן יידנטום.

איינציקע מיטאַרבעטער פון דער יידישער פרעסע אין טשענסטאָכאָוו (צום אַרטיקל „יידישע פרעסע")


א. בראַבאַלאָווסקי


וו. לעווענהאָף


ר. פעדערמאַן


מ. צעשינסקי

# די יידישע אַרבעטער באַוועגונג

## ס. ס. (ציוניסטישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי) „פּאַראייניקטע", „אומאָפּהענגיקע"

דער אָנהייב פון ס"ס אין טשענסטאָכאָוו קען דאַטירט ווערן פון יאָר 1902. דעמאָלט זיינען שוין אין מינסק אַנטשטאַנען די ערשטע גרופּן אַרבעטער־ציוניסטן און אין אויסלאַנד האָט ד"ר נ. סירקין געגרינדעט די ערשטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּע „חירות".




שטייען פון רעכטס צו לינקס: ד. אָבערמאַן, י. גאָלד־שטיין, דוד שייקאָוויטש.

זיצן פון רעכטס צו לינקס: י. גורסקי, לייבוש לעהרער (אַלעקסאַנדער), י. לעווענהאָף.

אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך די ערשטע ציוניסטישע אַרבעטער־גרופּע אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון יוסף קרוק (יוסף „נומער איינס"). די ערשטע אין דער גרופּע זיינען געווען דוד מאַלאַרסקי און מאיר פיינרייך, און צו זיי איז צוגעשטאַנען מענדל שוכטער. אין דער ערשטער גרופּע אינטעליגענטן האָבן זיך געפונען: יצחק גורסקי, אָלעק טעמפּל, העלע בירמאַן, בראָנקע קאָניאַר־סקי, מענדל קאָניאַרסקי, מאַקס דאַנקאָוויטש, מאַטוויי דאַווידאָוויטש (אינזשינער אויף דער הערבער־באַן). שפּעטער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו לערנען אין דער האַנדלס־שול נחום סינגאַלאָווסקי. אין דער זעלבער שול האָבן זיך געלערנט: מיכאל אַלטער, הערשל גאָ־טיינער, קובאַ גאָלדבערג, קאַץ פון דער וואַרשעווער גאַס. זיי אַלע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטיש־סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג.

דער ערשטער אַגיטאַציע־פּונקט פון דער גרופּע איז געווען אויף די וואַלעס. איינער פון די ערשטע פאַר־זאַמלונגס־ערטער איז געווען דאָס הויז פון לערער זיגמונד מאַיאָרטשיק אויף סטראַזשאַצקאַ. מען פלעגט זיך אויך טרעפן אין דער תלמודתורה אויף גאַרנצאַרסקע און אין דער האַנטווערקער־שול. דער זאַמלפּונקט פאַר דער אינ־טעליגענטן־גרופּע איז געווען דאָס הויז פון יוסף קרוק.

אין זומער 1903, נאָך דער שפּאַלטונג אין ציוניזם אויף „ציוני־ציון" און „אוגאַנדיסטן" — האָט זיך די גרופּע אָפּגעטיילט פון די ציוניסטן. דעמאָלט איז אויך געגרינדעט געוואָרן די ערשטע גרופּע מיטלשול־יוגנט אַלס אַ טייל פון אַרבעטער־ציוניסטישן פאַרבאַנד.

נאָך דער קאָנפערענץ אין שווידער, ביי וואַרשע, און דערנאָך אין אָדעס, האָט די גרופּע אין 1904 אָנגענומען דעם נאָמען ס"ס (ציוניסטן־סאָציאַליסטן).

אין 1904 האָט די ס"סישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע פאַר דער גרינדונג פון אַ זעלבסטשוץ. דאָס איז געווען נאָך דעם קישענעווער פּאָגראָם. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן מאַסן־פאַרזאַמלונגען. רעדנער זיינען אַרויסגעטראָטן אין די שולן און עס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן געלט־זאַמלונגען פאַר דעם ציל אין טשענסטאָכאָוו און אומ־געגנט.

די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויך באַטייליקט אין איינקויפן געווער אין אויסלאַנד פאַר די זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציעס אין דרום־רוסלאַנד. דאָס געווער איז געשמוגלט געוואָרן דורך דער הערבער־גרענעץ מיט דער הילף פון אינזשינער מאַטוויי דאווידאָוויטש.

אין 1904 איז אין דער טשענסטאָכאָווער שול פאָרגעקומען אַ הספד פאַר הערצל. צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען: מאָקרויער, אַלגעמיינער ציוניסט, נאַטאַן געריכטער און חמיה פישמאַן — מזרחיסטן. די ס״ס האָבן געפאָדערט זייערע רעדנער זאָל דערלויבט זיין ארויסצוטרעטן אויף דער פאַרזאַמלונג. קעגן ווילן פון די פירנדיקע ציוניסטן איז דער פאָרשטייער פון ס״ס, יצחק גורסק, אַרויף אויף דער בימה און דערקלערט זיין שטעלונג צו ד״ר הערצל און צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. נאָכן הספד איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע ס״סישע דעמאָנסטראַציע אין גאַס.

אין יענער צייט איז דערשינען דער ערשטער אומלעגאַלער אויפרוף פון ס״ס. דער אויפרוף איז געוואָרן מימאָגראַפירט אין דער וואוינונג פון אָלעק טעמפל.

אָנהויב 1905 איז קיין טשענסטאָכאָוו געקומען אהרן סינגאַלאָווסקי, נחומס ברודער. מיט זיינע אָראַטאָרישע פעאיקייטן האָט ער אַ סך געהאָלפן שאַפן די ס״סישע מאַסן־באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אָביעקטיווע באַדינגונגען פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין דער שטאָט. אין טשענסטאָכאָוו האָבן עקזיסטירט אַ סך קליינע און עטלעכע גרעסערע יידישע פאַבריקן און די ס״ס האָט די דאָרטיקע יידישע אַרבעטער אָרגאַניזירט צום קאַמף פאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

נישט ווייניקער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ס״סישער באַוועגונג איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס טשענסטאָכאָוו איז געווען אַן עמיגראַציע־פּונקט. מאַסן יידישע עמיגראַנטן, הילפלאָזע, אויסגעשטעלט אויף דעם חסד פון שמוגלער און שווינדלער, האָבן געשטראָמט דורך טשענסטאָכאָוו, זוכנדיק נייע היימען. דאָס איז געווען אַן אימפּולס פאַר דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ און אַרבעטערשאַפט צו טראַכטן וועגן אַן אָרגאַניזירטער, סיסטעמאַטישער לייזונג פון יידישן עמיגראַציע־פּראָבלעם.

די אָדעסער דעקלאַראַציע פון ס״ס אין 1905 איז אין טשענסטאָכאָוו געפּייערט געוואָרן אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין אָלשטינער וואַלד. די בראָשורן מיט דער דעקלאַראַציע, געדרוקט אין אויסלאַנד, זיינען געשמוגלט געוואָרן דורך דער טשענסטאָכאָווער גרענעץ און צעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד.

די ס״סישע אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן דער שטאַרקסטער פאַקטאָר אין יידישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו.

צו דער אָרגאַניזאַציע האָט מען זיך געווענדעט אויס־ צוגלייכן סיכסוכים צווישן באַלעבאַטים און זייערע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער.

די אַרבעט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט האָט אַרומגענומען די צעלאָלאָיד־בראַנזשע, מיט ווייכבערגס צעלאָלאָיד־פאַבריק בראש, די מעטאַל בראַנזשע מיט ראָזנשטיין און שאַיאַס פאַבריקלעך, די בעקער־אַרבעטער, שניידער, שוסטער, היטלמאַכער, פּריקאַזטשיקעס, מאַרשאַנטקעס (היטן־מאַכערינס) אאַז״וו.

אַ חוץ דער גרופּע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אָנפירונג, האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט אַ גרויסע צאָל בירגערלעכע סימפּאַטיקער. איינער פון זיי איז געווען: מאָריץ נייפעלד.

פון די קליינע פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ביי שמואל שוסטער אין דער יאַטקע־גאַס, זיינען אַרויסגעוואַקסן גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין אָלשטינער וואַלד, ביי שמשון דיאַבאַל אונטער דער מיל אָדער אויפן בית־עולם. אָפט פלעגן אויך איינגעאָרדנט ווערן דיסקוסיעס מיט אַנדערע פאַרטייען, על פּי רוב מיטן „בונד". זיי פלעגן פאָרקומען אונטערן פרייען הימל, אין פאַרמאַכטע לאָקאַלן און אין די פאַבריקן. אַ טייל פון די דאָזיקע דיסקוסיעס פלעגן דויערן דעם גאַנצן טאָג. איין דיסקוסיע מיט אַ פּפּ״סאָוויעץ איז פאָרגעקומען אין ווייכבערגס פאַבריק. דער יידישער רעדנער פון פּפּ״ס איז, דאַכט זיך, געווען פעליקס פּערל פון קראָקע, שפּעטער איינער פון די אָנפירער פון פּפּ״ס אין אומאָפּהענגיקן פּוילן.

איינער, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די ס״סישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו, איז אויך געווען ש. ניגער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אויף אַ ריזיקער מאַסן־פאַרזאַמלונג, איינגעאָרדנט אויפן בית־עולם.

מיט דער הילף פון חזן פון דער „דייטשישער שול" (סינאַגאָגע אויף דאָזיאַזד גאַס) איז אין דער שול איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ס״סישע פאַרזאַמלונג, וואו עס איז אַרויסגעטראָטן ל. פּינעס, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם טיטול דאָקטאָר פאַר זיין „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור".

דער באַליבטסטער רעדנער אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען איז געווען „חבר אהרן" (ד״ר א. סינגאַלאָווסקי). זיין ווירקונג אויף די מאַסן איז געווען פּשוט אַ היפּנאָטישע. ער האָט אויך געהאַט גרויס אָנזען ביי דער אינטעליגענץ, און ווען ער פלעגט אַרויסטרעטן אין די שולן בעתן דאַוונען, האָט אים דער עולם שטענדיק אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

צווישן די אָנפירער פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען יוסף נומער צוויי (יוסף ראַבינאָוויטש פון וואַרשע). איינער פון די אַקטיווסטע אינטעליגענטן איז געווען מאָריץ גרינבוים, אין יענע יאָרן נאָך אַ סטודענט.

צווישן דער אַזוי גערופענער האַלב־אינטעליגענץ האָבן זיך דעמאָלט אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווי־

טעט: מיכאל אַלטער, יוזיק פינקעלשטיין, גוטעק און אַניאַ באָרנשטיין (ביידע פון זאַוויערטשע), קובא גאָלדבערג און יאַקוב גאָלדשטיין.



י. י. קרוק און ג. באָרנשטיין

צווישן די פרויען איז געווען די אַקטיווסטע העלע בירמאַן. חוץ אירע קאָנספּיראַטיווע אויפגאַבן האָט זי אויך אָנגעפירט מיט דער אויפקלערונג־אַרבעט צווישן די פרויען און געפירט אַ געהיימע שול, וואו מען האָט געלערנט מיידלעך לייענען און שרייבן.

אויך פון די דערוואַכטע יידישע מאַסן האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ גאַנצע רייע העלדן און אַקטיווע טוער. חוץ די שוין פריער דערמאָנטע נעמען אין דער ערשטער גרופּע האָבן אין דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון ס״ס אין יענע יאָרן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע: קאָפּל גריכטער, משה וועקסלער, דוד אַקערמאַן, יצחק זשאַרנאָוועצקי, שעיה יעקב (ש. מינקאָף), מענדל און יאָסל בערלינער, אָוויעטשקי, פּראַדל בראַט, זכריה לעווענשטיין, פייטל שמועלוויטש, מרדכי אַלטמאַן, „קאָסטעק", איציק שלאָסער. צווישן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע (די „פּריקאַזטשיקעס") איז געווען טעטיק שמואל אייזנער.

אַ וויכטיקן אָרט אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן פאַרנומען דוד גוטערמאַן (יאַיצאָרזש) און מענדל שוואַרצבוים.

אין 1905 איז די בירזשע פון ס״ס געווען אויפן נייעם מאַרק, צו דער זייט פון דער טילנא, אָדער סטראַזשאַצקע־גאַס. דער טרעף־פּונקט איז געווען אין גאָלדעס טשיינע, אין סאַמע מיטן פון יידישן קוואַרטאַל. דאָרט האָט שטענדיק געוויעט מיט מענטשן, ווי אין אַ בינשטאָק. גאָלדעס טשיינע האָבן אויך באַזוכט די אַרבעטער פון אַנדערע פּאַרטייען, וואָס זיינען געקומען דיסקוטירן מיט די ס״סאָווצעס. איינער פון זיי איז געווען מענדל מאַלאַרזש (מענדל וואָולף), דער פאַרביסנסטער בונדאָוויעץ אין יענער צייט.

די צוויי גרויסע געשעענישן פון זומער 1905 אין דער געשיכטע פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען: דער קאַמף מיט די וואוילע יונגען, וואָס זיינען דורך די ס״ס פאַרטריבן געוואָרן פון דער יידישער גאַס און די טראַגעדיע פון לאַנדעס צעלאָלאָיד־פאַבריק, וואו פינף אָדער זעקס יידישע מיידלעך זיינען פאַרברענט געוואָרן בעת דער שרפה. די ס״סישע אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקן און פאַבריקלעך מיט יידישע אַרבעטער און האָט איינגעאָרדנט פאַר די קרבנות אַ ריזיקע לויה אויפן בית־עולם. דאָרט האָט געהאַלטן איינע פון זיינע פאַטעטישסטע רעדעס אהרן סינגאַלאָווסקי.

---

דער ווינטער פון 1905—1906 איז געווען אַ שווערער. גאָלדעס טשיינע איז אָפּט באַפאַלן געוואָרן פון די דראַגונער, וואָס האָבן געהאַקט מיט די קאָלבעס ווי אין קרו־ט. אויף די גאַסן האָבן געווילדעוועט די „ווייסע אָקאָלישקעס". די אינטעליגענץ איז זיך צעלאָפן. אויך אהרן סינגאַלאָווסקי איז אַוועק פון טשענסטאָכאָוו. זיין לעצטער אַרויסטריט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין וויינבערגס פאַבריק, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין די שווערסטע טעג פון קריג־צושטאַנד מיט גרויסע סכנות. די אַרבעט איז אין יענעם ווינטער געפירט געוואָרן, אויפן עקאָנאָמישן געביט, פון מענטשן, וואָס די מאַסן אַליין האָבן אַרויסגעגעבן. עס זיינען אויך געווען צוגעקומענע טוער פון דער פרעמד. איינער פון זיי, וואָס איז געווען באַליבט ביי די מאַסן, איז געווען חבר „זשאַן", וואָס איז געקומען פון פּאַריז. ער איז שטענדיק געווען אָרעם געקליידט. זייענדיק אַ ביסל נוטה צום אַנאַרכיזם, האָט ער נישט איינגעשטימט מיט די מיטלען, וואָס זיינען גענוצט געוואָרן קעגן די באַלעבאַטים און אונטערנעמער.

אין פרילינג 1906 האָט די פרייהייט־באַוועגונג אויף דאָס ניי אויפגעלעבט. אָבער מיט ווייניקער מאַסן־פאַרזאַמלונגען און מער קרייזן און סכאָדקעס אין זומער זיינען צוגעשטאַנען צו דער אַרבעט צוויי אינטעליגענטן: „יאַקוב" און „אַבראַהאַם", וואָס זיינען ביידע געווען פון דער פּינסקער געגנט.

באַזונדערס באַליבט ביי די אַרבעטער איז געווען חברטע „באַשע", מיט איר זייער פּאָלקסטימלעכער שפּראַך. זי איז געקומען פון באָברויסקער געגנט און געאַרבעט אין גאַנצן זאַגלעמביער ראַיאָן.

עס פאַרדינען אויך דערמאָנט צו ווערן „ראובן", וואָס האָט געאַרבעט אַלס פאַרמאַצעווט אין נייפעלדס אַפּטייקסקלאַד און „דאָן", אַ פאַרטראַכטער און שווייגנדיקער, וואָס איז, ווי צענדליקער אַנדערע, דורך טשענסטאָכאָוו אַדורכגעפאָרן אויפן וועג קיין אַמעריקע.

די טראַגעדיע פון יענעם זומער איז געווען דער פאַל מיט דריי חברים: דוד לעווענהאָף, דוד פיינרייך און יאָסל בערלינער, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן זאַמלען געלט אויף דער פּראָווינץ און דערצו באַנוצט רעוואָלווערן. יאָסל בערלינער איז אָפּגעקומען מיט אַ קורצן טערמין תפיסה, דוד לעווענהאָף און דוד פיינרייך זיינען

פאַרמשפט געוואָרן צו זעקס יאָר תפיסה. דער ערשטער איז געשטאָרבן אין דער טורמע, דער צווייטער איז באַפרייט געוואָרן אין 1912, אַ גייסטיק דערשלאָגענער.

אין מיטן זומער 1906 איז קיין טשענסטאָכאָוו אָנגעקומען חבר „אַלעקסאַנדער“ (לייבוש לערער). ווי אַ וואַרשעווער איז ער מיט זיין שפּראַך און גייסט געווען נאָענט די טשענסטאָכאָווער. חוץ זיין גייסטיקער השפעה אויף די אַרבעטער, האָט חבר אַלעקסאַנדער זיך אָפּגעגעבן מיט דער אָרגאַניזירונג פון די פאַכן.



שטייען פון רעכטס צו לינקס: ג. באָרנשטיין, בנימין, מ. אַלטמאַן

זיצן פון רעכטס צו לינקס: מ. פיינרייך און י. י. זשארנאוועצקי

אינדערמיט: ש. מינקאָף

די אָנפירונג פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון ס״ס האָט דעמאָלט איבערגענומען דוד לעווין פון האָמעל, באַקאַנט ווי חבר „בנימין“. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך וויסן און אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. ער איז געווען דער גרינדער פון דער זעלבסטשוץ אין האָמעל. צוליב זיין קאָפּ שוואַרצע האָר און שוואַרצער באָרד האָט מען אים אין די בירגערלעכע קרייזן גערופן „שווענטי אויטשעץ“ (דער הייליקער פאָטער). ער האָט געהאַט אַ סך אויטאָריטעט אין דער אָרגאַניזאַציע און אַ גרויסע השפעה אויף די חברים.

אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער באַוועגונג האָט געהאַט די ביבליאָטעק, וואָס די ס״ס האָט געעפנט דעם זעלבן זומער.

אַ וויכטיק אָרט אין דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרנומען די זעלבסטשוץ קעגן די פּאָגראָמען, אויף וועלכע מען האָט זיך געריכט אין טשענסטאָכאָוו עטלעכע מאָל. זעלבסטשוץ־גרופּן זיינען אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו, וואו עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פּאָגראָם־קלאַנגען. צו קיין פּאָגראָמען אָדער אָנפאַלן אויף יידן איז אָבער אין יענער צייט ניט דערגאַנגען.

יענעם זומער איז טשענסטאָכאָוו אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם באָמבע־אַטענטאַט, וואָס די ס״ס האָט אויסגעפירט אויף איינעם פון די ערגסטע פּריסטאַווס אויף דער וואַרשעווער גאַס. דער ס״סישער טרעף־פּונקט איז דעמאָלט געווען אין קאהנס גאָרטן אין דער צווייטער אַלעע.

סוף זומער האָט ביי דער אָרגאַניזאַציע, אונטער דער לייטונג פון חבר „בנימין“, אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער האָט אויפגעפירט אַ ריי פּיעסן. די רעפּעטיציעס פלעגן פאָרקומען אין הויז פון קאַפּל געריכטער, אויף קרוטקע־גאַס.

אין 1908 האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר חבר מענדל שוכטער פאַר זיין טעטיקייט אין דער ס״סישער אָרגאַניזאַציע.

אין 1910 זיינען אין דער שפּיץ פון דער ס״סישער גרופּע געשטאַנען „מאַרקס“ און ר. פעדערמאַן, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו די ס״ס פון דער ס.ד.ק.פּ.ל.; אַקטיוו אין דער ס״סישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו זיינען אויך געווען פייטל שמולעוויטש, שמחה קאַלקע, משה וועקסלער, יעקב יצחק זשאַרנאָוועצקי.

ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין טשענסטאָכאָוו קיין רעגולערע אָרגאַניזאַציע נישט עקזיסטירט. עס איז אָבער יאָ געווען אַ גרויסע גרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: א. כראַבאַלאָווסקי, שמחה קאַלקע, מאיר פיינרייך, פייטל שמולעוויטש, גראַדאָן, קאָן, חברטע אַראַנאָוויטש, חברטע פּעפּער. די גרופּע פלעגט פון צייט צו צייט זיך צוזאַמענקומען און איינאָרדענען אונטערנעמונגען, על פּי רוב מיטן צוועק צו שאַפן געלט־מיטלען. אָפט איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו דער איינציקער מיטגליד פון צענטראַלן קאָמיטעט „בערל“ גאָטמאַן. איינמאָל איז אויך אַדורכגעפאָרן דורך טשענסטאָכאָוו משה ליטוואַקאָוו. די פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ער איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין קאָוואַרניע אויף דער דריטער אַלעע אין אונטערשטן צימער.

יעדן ערשטן מאַי פלעגן אָנקומען אויפרופן, אַדרע־

סירט צום קאָנטאָר פון דער „מאַלאַרניע", ווי א. כ. איז געווען אָן אַנגעשטעלטער. דער באַדינער פון קאָנטאָר פלעגט זיי אָפּנעמען פון דער פּאָסט און זיי ברענגען צו־זאַמען מיט אַלע פּעקלעך. משה וועקסלער, דער קאַסי־רער, איז געווען דער פאַרשפּרייטער פון די אויפרופן און פלעגט אויסלייגן זיין אייגן געלט, ווען מען האָט באַ־דאַרפט.

די ס"ס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט", אין דער „לירע" און אין דער גרינדונג פון האַנטווערקער־קלוב, אין דער שאַפונג פון דער יידישער פּרעסע און אין דעם קאַמף פאַר יידיש ביי די האַנדלאַוועצעס און אין אַנדערע געזעלשאַפטן, ווי אויך אין דער גרינדונג פון לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. זיי זיינען אַלע געווען אַרבעטער, ווי פּייטל שמולעוויטש, שמחה קאַלקע, גראַדאָן, קאָן און אַנדערע, אָדער האַנדלס־אַנגעשטעלטע, ווי א. כראַבאַלאָווסקי, פּע־דערמאַן און דער ס"סישער סימפּאַטיקער שיפּערבלאַט.



מיטאַרבעטער פון קאָאָפּעראַטיוו „פאַראייניקטע"




בילדער פון דער וואַל-קאַמפּאַניע צום שטאָטראַט

**אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די ס"סישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו ווידער אויסגעוואַקסן אַלס מאַסן־באַוועגונג. די וויכטיקסטע אָנפירער זיינען דעמאָלט געווען ר. פעדערמאַן, הערשל גאָטיינער, מיכאל אַלטער, שיע נירענבערג, יעקב יצחק זשאַרנאָוועצקי, אייב וועגנער. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט דער זייער פעאיקער דודעק שלעזינגער. דירעקט אָדער אומדירעקט איז דורך דער אָרגאַניזאַציע דעמאָלט געשאַפן געוואָרן די פאָפּולערע בעקעריי, דער בילדונג־פאַראיין פאַר יידי־שע אַרבעטער, די אַרבעטער־קיך, דאָס י. ל. פּרץ־קינדער־היים און אַ גאַנצע ריי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.**

נישט געקוקט אויף דעם סיסטעם פון וואַל־קוריעס אין די וואַלן צו די שטאָט־ראַטן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָט די אָרגאַניזאַציע אויסגעווילט פיר ראַט־מענער: שיע נירענבערג, טאַרבעטשקאַ, שלמה האַראַ־וויטש און א. ליפּשיץ.

אין דער דעקלאַראַציע, וואָס די ראַטמענער האָבן איבערגעלייענט אין שטאָט־ראַט, זיינען געווען אַזעלכע אויסדרוקן, פאַר וועלכע די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט פלעגט פאַרשיקן קיין מאָדלין. איינע פון די זאַצן איז געווען: „דאָס ליכט קומט פון מזרח". עס איז געווען נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

נאָכן סוף פון דער וועלט־מלחמה זיינען קיין טשענ־סטאָכאָוו צוריקגעקומען א. כראַבאַלאָווסקי פון געפאַנ־גענשאַפט אין עסטרייך און יוזשיק פינקעלשטיין פון סאָ־וועטן־פאַרבאַנד און זיך געשטעלט אין רשות פון דער אָרגאַניזאַציע.

אין די ערשטע טעג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט די ס"סישע מיליץ געהאָלפן אַנטוואָפענען די דייטשן און געבראַכט געווער (ביקסן) אין לאָקאַל פון קלוב, אַלייע 43.

אין פּראָוויזאָרישן אַרבעטער־ראַט איז די ס"ס געווען פאַרטראַטן דורך עלף דעלעגאַטן, (בונד — 6, פּועלי־ציון — 6), אין דער עקזעקוטיווע דורך דריי (בונד — 1, פּוע"צ — 1).

אין שייכות מיטן בלוטיקן פּאָגראָם אין לעמבערג, וואָס עס האָבן אָרגאַניזירט די פּוילישע לעגיאָנערן, האָט די טשענסטאָכאָווער ס"סישע אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אַ פּראָטעסט־אויפרוף קעגן דער דעמאָלטדיקער „פאָלקס־רעגירונג", מיט איגנאַץ דאַשינסקי בראש.

שבת, דעם 4טן יאַנואַר 1919, איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג. אויף וועלכער די ס"ס האָט, לויט די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ אין וואַרשע, גע־ביטן דעם נאָמען אויף „פאַראייניקטע".

טשענסטאכאווער ארבייטער-דעלעגאטן-ראט

לעגיטימאציע פון וואהל-קאמיטאר

צאפען.פרייטאג גאדעל
פארטיי-אנגעהעריגקייט פועלי-ציון

טשענסטאכאוו, ד. 27 דעצעמבער, 1918

פאר'ן ציטווייליגען אויספיהרונגס-קאמיטעט

סעקרעטער
רפאל פעדערמאן

פרעזידענטער
יאן ארמנאוויטש

קאפיפיק דורצופיהרען די
וואהלען אין ארבייטער-ראט
צווישען די יידישע
ארבייטער אין טשענסטאכאוו

אין די וואַלן צום אַרבעטער־ראַט אין די בראַנזשעס האָבן פון דער אַלגעמיינער צאָל 1786 אָפּגעגעבענע שטי־מען, די „פּאַראַייניקטע" באַקומען 941 מיט 19 דעלעגאַטן (פּועלי־ציון — 256 שטימען און 6 דעלעגאַטן, קאָמוניסטן — 312 שטימען און 6 דעלעגאַטן, בונד — 277 שטימען און 5 דעלעגאַטן).

אין עקזעקוטיוו פון אַרבעטער ראַט זיינען די טע־טיקסטע מיטגלידער געווען יוזשעק פינקעלשטיין און דר־דעק שלעזינגער. וויצע־פּאַרזיצער פון אַרבעטער־ראַט איז געווען ר. פעדערמאַן.

זונטיק, דעם 9טן מערץ, 1919, זיינען פאַרגעקומען די ערשטע וואַלן צום שטאָט־ראַט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. די „פּאַראייניקטע" האָבן באַקומען 2259 שטימען פון די 6417 שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אויף יידישע ליסטעס און דערווײַלט פיר ראַטמענער: רפאל פעדערמאַן, שייע נירענבערג, יוזשיק פינקעלשטיין, הערשל גאַטיינער (פּועלי־ציון — 2 ראַטמענער און בונד — 1 ראַטמאַן).

אונזערע קאנדידאטן אין שטאדט־ראט זענען:

1) רפאל פעדערמאן, האנדעלס־אנגעשטעלטער, פארזיצנדער פון טשענסטאכאװער קאמיטעט פון דער י. ס. א. פ. „פעראייניגטע" פארזיצענדער פון צענטראל־ביורא פון די אונפארטייאישע פראפעסיאנעלע פעראיינען, פארזיצענדער פון קאמיטעט פון ארבייטער־קינדער־היים אי״ן נאמען פון י. ל. פרץ, מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

2) יהושע נירענבערג, סוביעקט, ... פון טשענסטאכאװער שטאדט־... מיטגליעד פון טשענסטאכאװער ... פון דער י. ס. א. פ. „פעראייניגטע", מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט, פארזיצענדער פון דער פערוואלטונג פון דער ארבייטער־קיך „פעראייניגטע", פערוואלטונגס־מיטגליעד פון דער ארבייטער־קינדער־היים.

3) יוזעק פינקעלשטיין, האנדעלס־אנגעשטעלטער, מיטגליעד פון קאמיטעט פון דער י. ס. א. פ. „פעראייניגטע", מיטגליעד פון איספיהרונגס־קאמיטעט פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

4) הערשל גאטיינער, האנדעלס־אנגעשטעלטער, פארזיצענדער פון דער פערוואלטונג פון ארבייטער־קלוב „פעראייניגטע", מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

5) מיכאל אלטער, חעברער־פעס־סער, מיטגליעד פון טשענסטאכאװער קאמיטעט פון דער י. ס. א. פ. „פעראייניגטע", מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

6) משה וועקסלער, שלאסער, פארזיצענדער פון דער פערוואלטונג פון פראפעסיאנעלען „פעראיין פון מע־טאל־ארבייטער, מיטגליעד פון טשענסטאכאװער קאמיטעט פון דער י. ס. א. פ. „פעראייניגטע", מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

7) יעקב יצחק זשארנאוויעצקי, באהן־ארבייטער, מיטגליעד פון טשענסטאכאװער קאמיטעט פון דער י. א. פ. „פעראייניגטע", סעקרעטאר פון דער פערוואלטונג פון פראפעסיאנעלען פעראיין פון מעטאל־בראנזשע, מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

8) איזידאר הארעוויץ, האנדעלס־אנגעשטעלטער, מיטגליעד פון צענטראל־ביורא פון די אונפארטייאישע פראפ. פעראיינען, מיטגליעד פון ארבייטער־דעלעגאטען־ראט.

9) מאיר ליפשיץ, האנדעלס־אנגעשטעלטער.

10) איטשע האנדווערקער, ארבייטער.

אין די וואַלן צו דער פּוילישער קאָנסטיטואַנטע האָט די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעשטעלט ד״ר יוסף קרוק אַלס איינעם פון די קאַנדידאַטן פון טשענ־סטאָכאָווער קרייז. די וואַלן זיינען געווען פּראָפּאָרציאָ־נעלע, אָבער די גרויסע צאָל שטימען איז דאָך נישט גע־ווען גענוג אויף אַדורכצופירן דעם קאַנדידאַט.

די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע „פּאַראייניקטע" האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרצווייגט און צעוואַקסן. זי האָט אָנגעפירט מיט די מערסטע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ צענטראַל־ביוראָ, וואו אייב ווענגער, יעקב יצחק זשאַרנאָוועצקי זיינען געווען אָנגעשטעלטע. מיט דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט, ווי די אַרבעטער־קיך, אַרבעטער־רעסטאָראַן און אַזוי ווייטער האָט אָנגעפירט שיע נירענבערג. מיט דער בעקעריי און די קאָאָפּעראַטיוון האָט פאַרוואַלטעט הערשל גאָטיינער. בראָש פון די שולן איז געשטאַנען רפאל פעדערמאַן. דער פאַרזיצער, וואָס האָט געהאַלטן די לייצעס פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע אין זיינע הענט. א. כראַבאַלאָווסקי איז געווען דער סעקרעטאַר און האָט זיך צומיינסטן אָפּגעגעבן מיט קולטור־אַרבעט, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין „שטראַל", געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די אָוונט־קורסן פאַר דער אַרבעטער־יוגנט און רעדאַגירט די וועכנטלעכע צייטונגען: „אונדזער וואָרט" און שפּעטער „דאָס נייע וואָרט".

דער צענטער פון דער טעטיקייט פון דער אָרגאַני־זאַציע איז געווען דער זאַל פון דער אַרבעטער־קיך אויף סטראַזשעצקע 11, אין גאַרבינסקיס הויז, וואָס איז גע־ענדערט געוואָרן אויפן נאָמען: „זאַל נייע וועלט". דאָרט זיינען פאָרגעקומען אַלע מאַסן־מיטינגען, פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, באַנקעטן, טאַנץ־אָוונטן, ליטעראַרישע אָוונטן אאַ״וו. אין דעם זאַל האָט אויך דער „בונד" איינגעאָרדנט דעם מעמאָריאַל־מיטינג נאָכן טויט פון וולאַדימיר מעדעם.

די פראַקציע „פּאַראייניקטע" אין שטאָט־ראַט, אָנ־געפירט פון ר. פעדערמאַן, וועלכער איז אויך אין אַ באַ־שטימטער צייט געווען סעקרעטאַר פון שטאָט־ראַט, איז געווען פּאַקטיש די איינציקע, וואָס איז שאַרף אַרויסגע־טראָטן קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער ענ־דעקישער מערהייט און קעגן אַלע עוולות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. די פראַקציע האָט, צוזאַמען מיט דער פּפּ״ס, פּראָטעסטירט קעגן אַרעסט פון בונדישן ראַטמאַן יוסף אַראַנאָוויטש און געפאָדערט דער שטאָט־ראַט זאָל אינטערווענירן וועגן זיין באַפרייאונג. די פראַקציע האָט אויך שאַרף און מוטיק פאַרדאַמט דעם פּאָגראָם אין 1919, וואָס אַ סך פון זיינע גייסטיקע אָנפירער זיינען טאַקע געזעסן אין שטאָט־ראַט. זי האָט אויך פּראָטעסטירט קעגן איינקוואַרטירן אין טשענסטאָכאָוו דעם שטאַב פון בלוטיקן פּעטליורע.

אויף דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געשאָטן רדיפות און רעפּרעסיעס, וואָס זיינען געקומען סיי פון דער רע־גירונג אין וואַרשע, סיי פון די אָרטיקע הערשער, אַריינ־גערעכנט דעם שטאָט־מאַגיסטראַט.

אין 1920 איז קאָנפיסקירט געוואָרן דער לאָקאַל פון קלוב „פּאַראייניקטע" אויף אַלייע 43 און דער קלוב איז

דורך דער פּאָליצײ ליקווידירט געוואָרן. שפּעטער זײַנען רעקווירירט געוואָרן די לאָקאַלן פון אַ גאַנצער רײ פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען. גרויסע שטערונגען זײַנען געמאַכט געוואָרן אײַנצואָרדענען פאַרלעזונגען און קאָנצערטן דערמיט, וואָס די פּאָליצײ האָט זײער אָפט נישט געלאָזט רעדן אָדער זינגען אויף יידיש (אַלץ ווי אין די צאַרישע צײַטן און אַ סך מאָל נאָך ערגער).

די אָרגאַניזאַציע האָט אַלץ איבערגעטראָגן און זיך ווייטער אויסגעבויט.

אין 1921—1922 איז ביי דער אָרגאַניזאַציע „פאַראייניקטע" ענדלעך געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דעם „אַרבעטער־עמיגראַציע־פאַרבאַנד" אין וואַרשע. אין ביוראָ פון דער אָפּטיילונג אויף דאַיאַזד 19 איז געווען באַשעפטיקט רייזעלע פייערטאַג. די עמיגראַציע קיין אַמעריקע איז שוין דעמאָלט געווען באַגרענעצט, אָבער ברידער, שוועסטער, קינדער און פרויען האָבן נאָך געקענט פאָרן צו זייערע אייגענע אויף אַפידייוויטס. די הילף פון ביוראָ איז געווען באַזונדער וויכטיק ביים אַרויסבאַקומען אויסלענדישע פּעסער פאַר די עמיגראַנטן, ווייל דאָס האָט געפאָדערט אַן אַ שיעור פאָרמאַליטעטן, פּאַפּירן און אַנדערע קוויטלעך פון די צענדליקער קאַנצעלאַריעס, לויט דעם שטייגער פון דער פוילישער ביוראָקראַטיע.

אין יענער צייט האָבן אין טשענסטאָכאָוו געהאַלטן פאַרלעזונגען אָדער אַרויסגעטראָטן אויף מאַסן־מיטינגען פון די „פאַראייניקטע" בערל גוטמאַן, יצחק גאַרדין, פיניע בוקסהאָרן, ש. גילינסקי, יעקב פּאַט, ל. פּינעס, מ. מאַנדעלסבערג, ד"ר אייגער פון לאָדז, און פרישמאַן.

פיניע בוקסהאָרן איז אויך געווען אַ פּאָעט. זיין ליד „פאַרלאָזטע פאַבריקן", צום מאָטיוו פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַס „ראָטאַ" איז צום אָנהייב געזונגען געוואָרן ביי אַלע מאַסן־פאַרזאַמלונגען. ער איז אין טשענסטאָכאָוו קראַנק געוואָרן אויף דער אינפלוענציע און איז אַ צייט געלעגן קראַנק אין טשענסטאָכאָווער שפּיטאָל.

שלמה זוסמאַן האָט מיט אַ גאַנצער ריי לעקציעס פאַר אַ געקליבענעם קרייז אַ סך מיטגעווירקט צו הייבן דאָס יידיש־סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין פון די פּאָליטיש־אַקטיווע אַרבעטער.

אין 1922 האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרג־אַראָפּ פון די „פאַראייניקטע" אין טשענסטאָכאָוו. עטלעכע סיבות האָבן דערצו גורם געווען: די עמיגראַציע, וואָס האָט אויסגעליידיקט די רייען פון די אַקטיוועסטע טוער; די שפּאַלטונגען און דאָס איבערגיין צו די קאָמוניסטן פון אַ גרויסער צאָל אַרבעטער, טוער און יוגנט, ווי אויך דער עקאָנאָמישער קריזיס, פון וועלכן עס האָבן געליטן די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. די גרעסטע צרה איז אָבער געקומען פון די אָנפירער אין וואַרשע, וועלכע זיינען זיך על פּי רוב צעלאָפן, ווער צום „בונד" און ווער צו די קאָמוניסטן.

סוף זומער 1922 איז אין טשענסטאָכאָוו, אין זאַל „נייע וועלט", פאָרגעקומען די פאַראייניקונג־קאָנפערענץ מיט באָלעסלאַוו דראַבנערס סאָציאַליסטישער גרופּע אונטערן נאָמען „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". די יידישע אַרבעטער אין דער פּאַרטיי האָבן זיך קאָנסטיטואירט אין אַ באַזונדער סעקציע. די פּאַרטיי אַלס גאַנצע האָט אָנערקענט די נויטיקייט פון קאָנצענטרירטער עמיגראַציע, אינדוסטריאַליזאַציע און אַגראַריזאַציע פון יידישע אַרבעטער.

אין אָקטאָבער 1922 זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צום פוילישן סיים. די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, איצט שוין „אומאָפּהענגיקע", האָט ווידער אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון ד"ר יוסף קרוק אין טשענסטאָכאָווער קרייז און איצט שוין געפירט דעם וואַל־קאַמף אויך צווישן פוילישע אַרבעטער.



אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער ס.ס. אויף דער עמיגראַציע
מ. אַלטער, ה. גאַטאַוויינער, ר. פעדערמאַן און ד. גוריכטער

דעמאָלט האָבן זיך אָבער פאַרשאַרפט די באַציאונגען מיט פּפּ"ס. אייניקע אַרבעטער־טוער און אָנפירער פון פּפּ"ס זיינען אַריבער צו די „אומאָפּהענגיקע". איינער פון די באַקאַנטסטע צווישן זיי איז געווען אַנטאָני דאַמאַנסקי, אַן אַרבעטער פון דער וואַרטע, וואָס איז געווען פּאָפּולער ביי די פוילישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו.

ער איז אין 1926 געווײלט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון די „אומאָפּהעגניקע" און איז צוזאַמען מיט דראַבנערן צוריק אַריבער צו פּפּ"ס.

אויך די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע „אומאָפּהעגניקע" האָט נאָך אַ רייע יאָרן געפירט אַ לעבעדיקע טעטיקייט, סיי צווישן די יידישע און סיי צווישן די פּוילישע אַרבעטער. „דאָס נייע וואָרט" איז דערשינען דעם גאַנצן ווינטער 1923 אין דער דרוקערײ „קולטוראַ", וואָס די אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט דריי שותפים, האָט געגרינדעט. אין זאַל „נייע וועלט" זיינען פאָרגעקומען מאַסן־פאַרזאַמלונגען און פאַרלעזונגען אויף פּויליש און יידיש. בכלל האָט די „אומאָפּהעגניקע" אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו אַ סך מיטגעווירקט צו דערנעענטערן קעגנזייטיק די יידישע און די פּוילישע אַרבעטער.

די אומאָפּהעגניקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז צום אָנהויב געווען אָנגעשלאָסן אָן ווינער „צוויי און אַ האַלב" אינטערנאַציאָנאַל. אין 1923, ווען דער ווינער אינטער־נאַציאָנאַל האָט זיך ליקווידירט און איז אַריינגעטראָטן אין דעם צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז די פּאַרטיי אַלס גאַנצע אויך אַריינגעטראָטן אין דעם זעלבן אינטערנאַציאָנאַל. די מערהייט פון דער טשענ־סטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון א: כראַבאַלאָווסקי, האָט געשטימט קעגן באַשלוס פון דער פּאַרטיי.

אונטער דעם לעגאַלן שוץ פון די „אומאָפּהעגניקע" האָבן געאַרבעט אַ סך קאָמוניסטן. דאָס האָט געבראַכט צו שווערע רעפּרעסיעס קעגן די אָנפירער פון דער אָרגאַ־ניזאַציע מצד דער „דעפענסיווע" (געהיים־פּאָליציי) און פּאָליציי. אין די לאָקאַלן און אין די פּריוואַטע וואוי־נונגען פון די אָנפירער זיינען פאָרגעקומען אָפטע רעוויזיעס און קאָנפיסקאַציעס פון אַלע פּאַפּירן.

אין 1925 האָט דער טשענסטאָכאָווער סטאַראָסטע פאַרבאָטן די „אומאָפּהעגניקע" צו דעמאָנסטרירן דעם ערשטן מאַי צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַרטייען.

ד"ר יוסף קרוק, וואָס איז אָפט אַרויסגעטראָטן אין טשענסטאָכאָוו, איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט און איז אַ צייט אָפּגעזעסן אין די פּעטריקאָווער און טשענ־סטאָכאָווער טורמעס.

פאַרן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די פּוילישע רעגירונג אינגאַנצן ליקווידירט די פּאַרטיי און האָט ד"ר יוסף קרוק פאַרשיקט אין דעם טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בעריאַזע, פון וואַנען מען האָט אים, נאָך גרויסע באַמיאונגען, באַ־זונדער פון אויסלאַנד, אַרויסגעלאָזט. ער איז אַרויס־געגאַנגען פון קאָנצענטראַציע־לאַגער מיט אַ שווערער קראַנקהייט.

בעת די לעצטע גרופּע „אומאָפּהעגניקע" מיט ד"ר קרוק בראש, איז אין וואַרשע אַריבער צו די פּועלי־ציון, איז צוזאַמען מיט זיי אין טשענסטאָכאָוו, לויט ווי מען גיט אונדז איבער, אויך אַריבער דער אַלטער ס"ס־אָוויעץ, וואָס האָט מיטגעמאַכט אַלע גלגולים פון דער פּאַרטיי, איינער פון די ערשטע מאַרטירער, וואָס איז געוואָרן דערמאָרדעט דורך די נאַצישע רוצחים — יעקב יצחק זשאַרנאָווצקי.

נאָך דעם, ווי ר. פעדערמאַן איז אַריבער צום „בונד" און א. כראַבאַלאָווסקי איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָט דודעק שלעזינגער איבערגענומען די פירונג פון דער אָר־



דער קאָמיטעט פון די „אומאָפּהעגניקע"
זיצן פון רעכטס צו לינקס: ד. שלעזינגער, מ. וועקסלער, ד"ר י. קרוק, י. י. זשארנאָוויעצקי, אַ כראבאלאָווסקי און ש. נירענבערג.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. אַלטער, ווין, א. בראט, ש. פראַנק און ל. בערקאָוויטש.

גאַניזאַציע. ער איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די פּוי־לישע אַזוי ווי ביי די יידישע אַרבעטער. ער האָט גע־האַט די מיטהילף פון אַקטיווע חברים ווי שיע נירענבערג, וואָלף פייגע, אברהם בראַט, לייבוש בערקאָוויטש און אַ געוויסע צייט אויך מאָטעק פּליוואַטש.

# ס. ס. אין קאַמף מיט די ווילדע יונגען

פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט אין טשענ־סטאָכאָוו געהערשט אַ באַנדע ווילדע יונגען, וואָס האָט טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג. די פירער פון דער באַנדע זיינען געווען: איציק שליזע, זיין ברודער יעקל, משה פּאַצע, מאיר הודיעס און אַנדערע. מיט דעם אויפקום פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן זיך אייניקע מיטגלידער פון דער באַנדע פון איר אָפּגעריסן, איבערגעגאַנגען אויף אונדזער זייט און געוואָרן געטרייע קעמפער אין די רייען פון ס"ס. די איבעריקע האָבן גע־זען אין אונדז אַ סכנה פאַר זייער הערשאַפט, האָבן זיי

זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רוסישער פּאָליציי, געדינט אַלס שפּיאָנען און געהאָלפן רודפן די אַרבעטער־באַוועגונג.

צווישן זייערע קרבנות זיינען געווען חבר שמעון בעקער, מיט אַ גאַנצער ריי בעקער־אַרבעטער, וועלכע זיינען געמסרט געוואָרן פאַר דער פּאָליציי און זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו 6 חדשים טורמע. אויך חבר קאַפּל געריכטער איז מיט זייער הילף אין אַ שבת געוואָרן אַרעסטירט און געשלאָגן געוואָרן.

באַלד נאָך דעם האָט די ס״ס אין אַ זונטיק, אין מאַי 1905, מאָביליזירט עטלעכע גרופּן אַרבעטער, צומיינסטן פון וויינבערגס און איציקל שייעס פאַבריקן, זיי באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, שטעקנס, שטיינער און אפילו קענדלעך פּאַטעזיאָל און אַרומגערינגלט דעם אַלטן מאַרק, דער הויפּט־פּונקט, וואו די באַנדע האָט אָפּערירט. אין דער צייט זיינען זיי געווען באַשעפטיקט ביי די אויבסטהענדלער. דאָס זיינען געווען יידן און פּויערים פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, וואָס האָבן געבראַכט זייער פּרוכט אין שטאָט. די באַנדע האָט, ווי אויף אַ סך אַנדערע סוחרימלעך, געהאַט אויף זיי אַ „מאָנאָפּאָל“, און פון יעדן גענומען אָפּצאָל. דערנאָך האָט זיך די חברה אָנגעהויבן פונאַנדערגיין. אויף דעם האָבן די גרופּן אין אַלע עקן גאַס געוואַרט. משה פּאַצע איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון טענדלערס הויז צו זיך אַהיים.

צוויי אַרבעטער מיט רעוואָלווערן האָבן אים געלאָזט פאַרבייגיין און אין דער זעלבער צייט אים מכבד געווען מיט צוויי קוילן. איינע האָט אים געטראָפן אין האַנט, די צווייטע — אין האַלדז. ער האָט באַוויזן צוצולויפן צום הויז פון ליכטערס לעדער־געשעפט און איז אַנידערגעפאַלן. אַן אַרבעטער מיט אַ קענדל פּאַטעריאַל האָט אים געגעבן אַ ביסל „וואַסער“ צו טרינקען און ער איז געבליבן טויט.

די איבעריקע גרופּן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום די מילך־פורן, וואו איציק שליזע, דער אָנפירער פון דער באַנדע, האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַ פור. עס איז אָנגעקומען פּאָליציי און גענומען שליזען אונטער איר שוץ. אַ שטיקל צייט איז ער אַרומגעגאַנגען מיט פּאָליצייאישער וואַך איבער דער שטאָט. שפּעטער איז ער אַנטלאָפן קיין אויבערשלעזיען. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין טשענסטאָכאָוו און איז באַלד געפאַלן טויט פון אַ קויל, וואָס אַ ס״סישער חבר האָט אים אַריינגעשאָסן. די הערשאַפט פון די ווילע יונגען איז אָבער געווען פאַרענדיקט אין דעם טאָג פון מאַי 1905, ווען די באַנדע איז פאַרניכטעט געוואָרן. דער אַלטער און נייער מאַרק, די יידישע מאַרק־שטייערס און קליינע סוחרימלעך האָבן פריי אָפּגעאָטעמט.

ש. י. הערץ

# דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד

## דער אויפקום פון „בונד“

די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין קאָנגרעס־פוילן איז אויפגעקומען שפּעטער, ווי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. יידישע לוין־אַרבעטער זיינען שוין געווען אין אַ סך פּוילישע שטעט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, אָבער זיי זיינען פּאָליטיש נאָך נישט געווען אָרגאַניזירט. מיטן אויסנאַם פון וואַרשע און אייניקע אַנדערע שטעט, וואו ס'איז שוין צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט געווען טעטיק דער „בונד“, האָט זיך די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין קאָנגרעס־פוילן אויסגעשפּרייט ערשט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, בעיקר אין די ערשטע 5 יאָר פון הייניטיקן יאָרהונדערט, ווען די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע האָבן דערגרייכט אַלע ווינקעלעך פון לאַנד.

איינע פון די סיבות פון דער פאַרשפּעטיקונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין קאָנגרעס־פוילן איז אָן ספק געווען דער פאַקט, וואָס דאָס טראַדיציאָנעל־פרומע מאַסן־לעבן איז ביי די פּוילישע יידן געווען פאַרוואָרצלט שטאַרקער און — האָט זיך געהאַלטן לענגער.

דאָס אַלט־פרענקישע יידישע מאַסן לעבן אין פוילן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן שטאַרקער ברעכן אין דער עפּאָכע פון 1905.

אין יענער צייט פאַלט אויך אויס דער אויפקום פון דער בונדישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו.

צום ערשטן מאָל איז דער „בונד“ געקומען אין באַרירונג מיט דער שטאָט, אין 1902. אין יענעם יאָר, אין זומער איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם. דער „בונד“ האָט דעמאָלט אַהין אַראָפּגעשיקט איינעם פון זיינע וויכטיקסטע טוער, דעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם פירער פון „בונד“ און פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע אין 1917 — מאַרק ליבער. — נאָכן אויספאָרשן גרינטלעך די געשעענישן האָט ליבער אין אויסלענדישן אָרגאַן פון „בונד“, אין „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ“ (נומ' 92, 30 אָקטאָבער 1902), פאַרעפנטלעכט אַן אויספירלעכע שילדערונג פון טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם. ביי דער שטרענגער צאַרישער צענזור און ביים פעלן פון אַ געהעריקער יידישער פּרעסע, איז ליבערס אָפּגעדרוקטער באַריכט, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם אמת וועגן פּאָגראָם, געווען פון אומגעהויערער וויכטיקייט.

## אין פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע

די בונדישע באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו איז זיך ברייט פונאַנדערגעוואַקסן ערשט אין 1905. אין יענעם רעוואָלוציאָנערן יאָר זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן גרויסע שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און אַנדערע וויכטיקע אַקציעס.

אַ פּאָר פון זיי איז כדאַי דאָ צו דערמאָנען.

אויגוסט 1905 האָט דער „בונד" אין טשענסטאָכאָוו זיך באַטייליקט אין דורכפירן אַ דריי־טאָגיקן פּאָליטישן שטרייק.

בערך אין דער זעלבער צייט האָט די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע דורכגעפירט אַ ברייטע אַקציע אין שייכות מיטן גרויסן אומגליק וואָס האָט געטראָפן אין לאַנדאַוס פאַבריק. בעת אַ שרפה אין חודש אויגוסט 1905 זיינען פאַרברענט געוואָרן 5 אַרבעטאָרינס און 2 אַרבעטער. אַחוץ דעם האָבן עטלעכע מענטשן באַקומען שטאַרקע בראַנד־וואונדן.



אַ גרופּע בונדיסטן אין 1905 אין טשענסטאָכאָוו

שטייען: אויף דער לייטער — אַבֿרהם גאָלדשטיין; לעבן אים — מענדל בּרוין; שטייט פון לינקס: גרייצער.

אויפן טאָג פון דער לוויה האָט דער „בונד" גערופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק. קיינער פון די יידישע אַרבעטער האָט זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבעט. פון פאַרטאָג אָן האָבן צו גאַרנצאַרסקע גאַס, וואו ס'איז געלעגן אַ פאַרשטאָרבענער אַרבעטער, אַ קרבן פון דער שרפה, אָנגעהויבן שטראָמען גרויסע מאַסן. עס איז זיך צונויפגעקומען אַן עולם פון 6 טויזנט מאָן. די פענצטער, באַלקאָנען און דעכער זיינען געווען באַדעקט מיט מענטשן.

די בונדישע רעדנער האָט מען אויפגעהויבן אויף די הענט און אויף די אַקסלען פון זייערע חברים האָבן זיי גערעדט פאַר די טויזנטער פאַרזאַמלטע. עס זיינען געפאַלן שאַרפע ווערטער, אָנגעלאָדן מיט אומגעהויערער פאַרביטערונג און צער, וואָס האָבן באַהערשט אַלעמענס הערצער. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן 9 רעדעס. 12 שעה צייט האָט געדויערט די אייגנאַרטיקע לוויה־פאַרזאַמלונג פאַרן הויז פון אַרבעטער־ קרבן.

איינס אַזייגער איז פאָרגעקומען די קבורה אויפן בית־עולם, וואו עס זיינען ווידער געהאַלטן געוואָרן רעדעס פאַר דער אויפגעברויזטער מאַסע.

דער „בונד" האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַן אומלעגאַלן אויפרוף, אין צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער אויפרוף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער — „אין נאָמען פון די קרבנות", האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

וועגן פאַרנעם פון דער בונדישער אַרבעט אין יענער צייט גיט אונדז אַ באַגריף אַן אינטערעסאַנטער געלט־חשבון פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" פאַרן האַלבן יאָר פון 1 סעפּטעמבער 1905 ביזן 1 מערץ 1906.

הכנסות: ליטעראַטור 21 רובל מיט 14 קאָפּיקעס; זאַוויערצע 83 ר. 50 ק.; נאָוואָראַדאָמסק 30 ר. 20 ק.; לאָטעריע 10 ר. געזאַמלט 405 ר. 20 ק.; געבליבן 59 ר. 39 ק.; סאָסנאָוויץ 9 ר. 70 ק.; שניידער 2 ר. 72 ק.; סטאָליער 3 ר. 5 ק.; בעקער 20 ק.; פריקאַזטשיק 95 ק.; פעלדשער 10 ק.; זייגערמאַכער 10 ק.; בלעכער 2 ר. 15 ק.; פאַבריטשנע 1 ר. 95 ק.; פּרעסער 5 ק.; שאַכטלמאַכער 10 ק.; קאַמאַשנמאַכער 20 ק.; היטלמאַכער 1 ר.; צוקערבעקער 50 ק.; מיירעל 5 ק.; טאָקער 35 ק.; פאַרלוירן בראָשורקע 50 ק.; פאַר א. ר. 4 ר.; סטאַש 2 ר. 50 ק.; דורך ווײַ—6 ר.; בלאַנד 50 ק.; לעגאַלע ליטעראַטור 9 ר. 98 ק.; בילדער 7 ר. 40 ק.; אָפּגענומען 30 ר.; אויף אַ ספּעציעלן ציל 300 ר.; פאַרן הילפס־קאָמיטעט פאַר שטרייקנדע 29 ר. 38 ק.; געבאָרגט 12 ר. 50 ק.; אינטעליגענץ 5 ר. 45 ק.; קוויטאַנץ 5 ר., דורך ח. 10 ר.; דורך ה. 7 ר.; דורך ש. 5 ר.; אַן אַרבעטער 1 ר. נומער 10 — 40 ק.; נומער 2 — 4 ר. 50 ק.; פאַרשיידענע 22 רובל. פון ראַיאָנעם קאָמיטעט פון „בונד" 160 רובל; פון אויסלענדישן קאָמיטעט 73 רובל 50 ק.; „קליינער בונד" 50 קאָפּיקעס.

סך־הכל 1329 רובל 77 קאָפּיקעס.

הוצאות: ראַיאָן 98 רובל 7 קאָפּיקעס; רייזע־קאָסטן 54 ר. 75 ק.; שטיצע פאַר אַרבעטער 41 ר. 72 ק.; טעכנישע 62 ר. 3 ק.; אַרעסטירטע 49 ר. 30 ק.; דעם פּוילישן ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד" 366 ר. 46 ק.; אָפּגעגעבן חובות 110 ר. 16 ק.; דירות 60 ר. 75 ק.; פּאָסט 13 ר. 45 ק.; אויף אַ ספּעציעלן ציל 394 ר. 15 ק.; מיטינגען

35 ר.; דורכפּאַרנדע 34 ר. 20 ק.; פּעסער 2 ר. אַרבעטס־לאָזע 166 ר.; שטרייק 85 ר. 28 ק.; פּאַר לעגאַלע ליטע־ראַטור 25 ר. 60 ק.; איינבינדן 12 ר. 25 ק.; פאַרשיידענע 7 ר. 85 ק.

סך־הכל 1619 רובל 2 קאָפּיקעס.

דעפיציט 289 רובל 25 קאָפּיקעס.

ביי די דעמאָלטיקע אָרעמע באַדינגונגען זיינען די הוצאות פון 1619 רובל פאַר אַ האַלב יאָר אַ היפּשע סומע און וואַרפט זיך אין די אויגן, וואָס עס זיינען נישטאָ קיין אויסגאַבן אויף געהאַלטער, דאָס הייסט, אַז די גאַנצע פאַרצווייגטע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך די מיטגלידער פרייוויליק. פון די הכנסות און הוצאות איז צו זען, אַז די טשענס־טאָכאָווער אָרגאַניזאַציע האָט באַדינט אויך אָרומיקע שטעט. אין געלט־חשבון ווערן דערמאָנט בלויז 3 שטעט, פאַקטיש אָבער איז די צאָל פון אָרומיקע שטעט, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט, געווען אַ סך גרעסער.

וואָס שייך נאָוואָראַדאָמסק, וואָס ווערט דערמאָנט אין קאַסע־באַריכט, איז דאָרט געפירט געוואָרן אַ זייער לעבעדיקע טעטיקייט. אין אַ באַריכט, פאַרעפנטלעכט אין דער „פאָלקס־צייטונג“ נומ׳ 49 פון 8 מאַי 1906, לייענען מיר:

„דאָ זיינען פאַראַן אַן ערך 400 יידישע אַרבעטער, וועלכע שטייען גרעסטנטייל אונטער דער ווירקונג פון דער היגער גרופּע פון „בונד“. די גרופּע פירט איר אַר־בעט זייער ענערגיש און איר ווירקונג וואַקסט אַלץ מער און מער אין דער שטאָט, ווי אויך אין די אָרומיקע שטעט־לעך: פּלאַוונע, פּשעדבאָש און אַנדערע“.

„די אַרבעטער־מאַסע לעבט נאָך מיט אירע בעלי־בתים אַזוי ווי אין אַלטע פּאַטריאַרכאַלע צייטן. דער לוין איז אַ זייער נידעריקער, די באַדערפענישן זיינען נאָך זייער קליינע. די קריסטלעכע מאַסע איז נאָך אַן ערגערע. מערסטנטייל איז זי נאַראָדאָוואָ־דעמאָקראַטיש געזאָנען“.

נישט קוקנדיק אויף דער אָפּגעשטאַנענקייט סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער פּוילישער גאַס, האָבן די נאָוואָראַדאָמסקער בונדיסטן געפירט אַ שטאַרקע רעוואָ־לוציאָנערע טעטיקייט. באַזונדערס מסירת־נפשדיק איז געווען זייער אַרבעט צווישן גרויסן מיליטערישן גאַרני־זאָן. זיי האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַ סך זעלנער פון דער אַרטילעריע־דיוויזיע און אַנדערע פאַרמאַציעס. צווישן אַנדערן האָט די נאָוואָראַדאָמסקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ אין 1906 פאַרשפּרייט צווישן מיליטער פּראָ־קלאַמאַציעס, וואָס די וואַרשעווער מיליטעריש־רעוואָלו־ציאָנערע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן וועגן ביאַליס־טאָקער פּאָגראָם, וואָס דער אָרטיקער גאַרניזאָן האָט אַדורכ־געפירט.

פון קאַסע־באַריכט איז אויך צו זען, אַז צווישן טשענ־סטאָכאָוו און דעם פּוילישן ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד“ איז געווען אַן ענגער קאָנטאַקט. אין שליחות פון ראַיאָן־קאָמיטעט זיינען געקומען אַ ריי בונדישע טוער, וועלכע האָבן געהאָלפן בעסער אָוועקשטעלן די אַרבעט און אַרויס־געטרעטן מיט רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען. צווישן אַנ־דערע האָבן עטלעכע מאָל באַזוכט טשענסטאָכאָוו די טוער פון פּוילישן ראַיאָן־קאָמיטעט יידל מאָטאָלסקי און אַלטער עפּשטיין. פון די באַקאַנטע בונדישע פירער זיינען געקו־מען א. ליטוואַק און ב. וולאַדעק.

אין פּאָזיציע פון קאַסע־באַריכט פאָדערט אַן אויפ־קלערונג: אי אין דער הכנסה, אי אין דער הוצאה גע־פינט זיך אַ פּאָזיציע „אויף אַ ספּעציעלן ציל“—אין דער הכנסה מיט 300 רובל, אין דער הוצאה מיט 394 רובל 15 קאָפּיקעס. דער „ספּעציעלער ציל“ איז געווען געווער.

ביי די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דע־מאָלט עקזיסטירט ספּעציעלע קאַמפּס־אָפּטיילונגען אָדער ב. אָ., ווי מען האָט זיי גערופן. זייערע אויפגאַבן זיינען געווען צו שיצן די באַוועגונג קעגן פּאָליצייאישע שפּיאָנען און שיצן די יידישע באַפעלקערונג קעגן פּאָגראָמען. אויך ביי דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ האָט עקזיסטירט אַזאַ ב. אָ. אין זיין בוך זכרונות „אין לויף פון יאָרן“ דערציילט לייבעטשקע בערמאַן, אַז אין 1906 איז וועגן דעם ענין געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו דער וויכטיקער בונדישער טוער דוד קאַץ (טאַראַס). ער איז אַהין געפאָרן אַלס פאַרשטייער פון דער קאָמיסיע „מים“, וואָס האָט עקזיסטירט ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“ און וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן, אינסטרואירן און באַוואָפענען דעם ב. אָ. אויף די ערטער.

וועגן דער אַרבעט אין טשענסטאָכאָווער ב. אָ. אַ פּאָר ביישפּילן:

אין יוני 1906 איז אין ביאַליסטאָק דורך דער צאַ־רישער מאַכט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שרעקלעכער פּאָ־גראָם. אויך אין אַנדערע שטעט האָט מען זיך געריכט אויף עפּעס ענלעכעס. דעמאָלט איז אַרויפגעטראָטן אויף דער סצענע דער ב. אָ., וועלכער האָט אָרגאַניזירט ספּע־ציעלע זעלבסטשוץ־אָפּטיילונגען. וועגן טשענסטאָכאָוו ווערט דערציילט אין אַ בריוו, אָפּגעדרוקט אין בונדישן טאָגבלאַט — „פאָלקס־צייטונג“ נומ׳ 109 פון 20טן יולי 1906:

„די לעצטע צייט איז דאָ געווען די שטימונג זייער אַן אומרואיקע. דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט אַרויס־גערופן אַ שרעק אין דער גאַנצער געגנט און נאָך מער אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט שוין מיט אייניקע יאָר צו־ריק פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פּאָגראָם“.

„די רעוואָלוציאָנערע פּוילישע און יידישע פּאַרטייען („בונד“, פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס.) האָבן אָנגעהויבן פירן אַן ענערגישע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער־מאַסן; דערביי האָט מען אויך צוגעגרייט די זעלבסטשוץ און זי פאַנאַנדערגעטיילט אין שטאָט אין פאַרשיידענע גאַסן. אַ טייל פון דער זעלבסט־שוץ איז אויך געווען צוגעגרייט פאַרן ראַיאָן, אויב עס וועט דאָרטן זיין נויטיק“.

„די היגע יידישע געזעלשאַפט האָט זיך צו דער

זעלבסט־שוץ פאַרהאַלטן גלייכגילטיק. געוויינלעך איז איצט קיין וואונדער נישט וואָס אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג גלויבט ווייניק אין דער זעלבסט־שוץ, ווייל אַלע ווייסן, אַז די פּאָגראָמען מאַכט די פּאָליציי מיט דער הילף פון סאָלדאַטן, און קעגן ביקסן קען מען מיט בראַאונינגס גאָרנישט מאַכן. דאָך האָט מען אַ גלייכגילטיקייט נישט געדאַרפט דערוואַרטן, ווארעם אַפילו דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט באַוויזן די נוצלעכקייט פון דער זעלבסט־שוץ".

„אַ נידערטרעכטיקע באַציאונג צו דער זעלבסט־שוץ דאַרף מען פאַרצייכענען פון מערערע יידישע פאַבריקאַנטן. זיי האָבן געוואָלט אָפּרעכענען זייערע אַרבעטער פאַר די פּאָר טעג וואָס זיי האָבן געמוזט אָנטיילנעמען אין דער זעלבסט־שוץ און נישט געקענט אַרבעטן. איינער אַ היגער גביר, ה' וו. האָט פאַרשלאָסן די טירן פון זיין הויז און האָט נישט אַריינגעלאָזט אַן אָפּטיילונג פון דער זעלבסט־שוץ, וועלכע האָט זיך געוואָלט באַנוצן מיט זיין דירה אויף אַ פּאָר שעה ביז עס וועט זיך ענדיקן די פּראָצעסיע.

די פּוילישע געזעלשאַפט האָט קיין פּראָטעסטן און קיין רעזאָלוציעס נישט אָנגענומען וועגן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, זי האָט נאָר געמאַכט אַ באַל און די הכנסה פון אים איז געגאַנגען פאַר די פּאַראומגליקטע. פון דער היגער פּוילישער געזעלשאַפט איז עס אויך אַ וואונדער. די יידישע געזעלשאַפט לאָזט פון זיך בכלל נישט הערן. זי האַלט זיך, ווי עס שיינט, פאַר דער טאַקטיק פון די „דערגרייכער" און זי שווייגט. נאָר דער פּראָלעטאַריאַט שווייגט נישט. אין דער לעצטער צייט זיינען פאָרגעקומען אַ סך מאַסן־פאַרזאַמלונגען, וואו מען האָט גערעדט וועגן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם און וועגן אַנדערע פּאָליטישע פראַגן פון דעם איצטיקן מאָמענט. אַזעלכע 2 פאַרזאַמלונגען האָט אויך דורכגעפירט די אָרגאַניזאַציע פון „בונד". אויף יעדער פאַרזאַמלונג זיינען געווען מער ווי 600 מענטשן".

ווי מען זעט ווערט דאָ דערמאָנט וועגן דער גלייכגילטיקייט צום זעלבסט־שוץ מצד דער „געזעלשאַפט", ד"ה פון די רייכערע שיכטן און אינטעליגענץ.

אין אַ ריי ערטער איז דעם ב. אָ. אויסגעקומען אַקטיוו אַרויסצוטרעטן נישט בלויז קעגן פּאָליציי און פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר אויך קעגן יידישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן מיט דער ברכה פון בעלי־בתים און רב צוגעהאָלפן דעם צאַריזם באַקעמפן די רעוואָלוציאָנערע „אַחדותניקעס".

קעגן די יידישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן געהאַט אויף זייער געוויסן שווערע פאַרברעכנס, האָט דער ב. אָ. געלאָזט אין גאַנג געווער. אין דער צווייטער העלפט פון 1905 האָבן באַלעבאַטים אין פּיאָטרקאָוו און טשענסטאָכאָוו געדונגען „וואוילע יונגען", וועלכע זיינען אונטערן שוץ פון פּאָליציי באַפאַלן די אַרבעטער, זיי אַכזריותדיק געשלאָגן און אויך איבערגעגעבן אין די הענט פון דער צאַרישער פּאָליציי. באַוואָפנטע יידישע אַרבעטער האָבן געענטפערט דערויף דערמיט וואָס זיי האָבן דערשאָסן אַ טייל אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטיילנעמער פון די שוואַרץ־מאהדיקע אָנפאַלן אויף די סאָציאַליסטן אין פּיאָטרקאָוו און טשענסטאָכאָוו.

## דאָס אינערלעכע פּאַרטיי־לעבן

סוף 1905 איז דער קאָמיטעט פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו באַשטאַנען פון די ח"ח אַברהם ליפּניק, אַלעקסאַנדער גאָלדע, אוריאל פליישער, אסתר אַלטער, העניע גאַרעליק און אַניוטע.

ליפּניק איז געווען דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט (אין די שפּעטערע יאָרן איז ער געווען באַקאַנט אַלס בונדישער טוער און מעדיצין־דאָקטאָר אין גראָדנע). אסתר אַלטער (אַ שוועסטער פון שפּעטערדיקן בונדישן פירער וויקטאָר אַלטער) איז אין אומאָפּהענגיקן פוילן געווען טעטיק אַלס אַדוואָקאַטין אסתר איווינסקאַ אין וואַרשע, וואו זי איז געווען אַ פּאָפּולערע בונדישע טוערין און ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָט־ראָט.

די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין אינערלעכן לעבן פון „בונד", האָט דעבאַטירט און באַשלאָסן אַ ריי פראַגן, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג.

דעם 8טן אָקטאָבער 1905 איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון 200 בונדיסטן לכבוד דעם 8־יאָריקן יובל פון „בונד". נאָך די רעדעס האָט די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט אויסגעדריקט צופרידנקייט מיט דעם דערפאָלגרייכן קאַמף און טעטיקייט פון „בונד". באַזונדערס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די דערפאָלגרייכקייט פונ׳ן קאַמף קעגן אַלע בורזשואַזע שטרעמונגען אין יידישן פאָלק גופא און די אָנטשלאָסנקייט און קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס געפינט זיך אין די פאָדערשטע רייען פון די אַרבעטער־קעמפער אין גאַנץ רוסלאַנד.

די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעדריקט אַ דאַנק דער 6טער קאָנפערענץ פון „בונד" פאַר אָננעמען דעם באַשלוס צו גרינדן אַ פּוילישן ראַיאָן־קאָמיטעט און דעם צענטראַל־קאָמיטעט — פאַר שנעל רעאַליזירן דעם באַשלוס.

די אָנגענומענע רעזאָלוציע פון דער פאַרזאַמלונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר טשענסטאָכאָווער יידישע אַרבעטער, פייערנדיק דעם 8־יאָריקן יובליי פון „בונד", דריקן אויס די פולע גרייטקייט צו קעמפן, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום קרבנות, מיט דער עקזיסטירנדיקער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדענונג פאַר פולער פּאָליטישער און סאָציאַלער באַפרייאונג. מיר זאָגן אויך צו צו פירן אַ כסדרדיקן אידעאישן קאַמף מיט יענע, וועלכע ווילן אויסנוצן די ענערגיע און קאַמף־גרייטקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַר אידעאַלן, וואָס זיינען אים פרעמד.

אַנערקענענדיק די גאַנצע וויכטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און פּלאַנמעסיקייט פון קאַמף, פאַרפליכטן מיר זיך צו זיין גרייט אויף יעדן רוף פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" און מיט אַלע כוחות אונטערהאַלטן איר דערפאָלגרייכע טעטיקייט".

שטימענדיק פאַר דער רעזאָלוציע, האָבן די פאַרזאַמלטע דאָס באַטראַכט פאַר אַ שבועה, פאַר אַ הייליקע פאַרפליכטונג, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען.

פון די פאַרשיידענע בונדישע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען אין יענעם פּעריאָד וועלן מיר דערמאָנען נאָך אַ פּאָר: פּורים 1906 איז פאָרגעקומען אַ יום־טוב־פאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם 1טן מערץ. ס'האָבן גערעדט אַ ריי רעדנער אויף פאַרשיידענע טעמעס און ספּעציעל וועגן 1טן מערץ. (די דאַטע האָבן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס געפייערט אַלס יום־טובדיקן יאָרטאָג פון דערמאָרדן דעם רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דעם 2טן). אין די רעדעס האָט מען פאַרבונדן דעם אַמאָליקן המן מיט די צאַרישע המנס.

פון גאָר וויכטיקער באַדייטונג איז געווען די בונדישע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג זומער 1906. דעמאָלט איז אין „בונד" באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן צוריק פאַראייניקן זיך מיט דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. אין אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד זיינען פאָרגעקומען הייסע דעבאַטן וועגן די באַדינגונגען פון דער פאַראייניקונג. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי הויפּט־ריכטונגען, וואָס זיינען באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „האַרטע" און „ווייכע". דאָס הייסט, ווייניקער און מער נאָכגיביקע. די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע איז געגאַנגען מיט די „האַרטע". די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די ראַטן (דאָס הייסט די אָנפירער פון די באַזונדערע בונדישע גרופּן — די צענטראַלע שטאָטישע „סכאָדקע") אין טשענסטאָכאָוו האָט נאָך הייסע דעבאַטן מיט 16 שטימען פאַר, ביי 7 אָפּגעהאַלטענע אָנגענומען די רעזאָלוציע פון די „האַרטע". די וויכטיקסטע פונקטן פון דער רעזאָלוציע זיינען געווען:

1. דער „בונד" איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, נישט באַגרענעצט אין זיין טעטיקייט מיט קיין שום ראַיאָן־צוימען.

2. קיין שום אַנדער אָרגאַניזאַציע, וואָס גייט אַריין אין דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אויסער דעם „בונד", קען זיך נישט שטעלן פאַר אַ ציל צו פירן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעטיקייט אין דער יידישער מאַסע.

3. דער „בונד" האָט זיין פאַרשטייער אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי.

4. דאָס פּראָגראַם פון דער רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי איז דאָס פּראָגראַם פון „בונד", אָבער דער „בונד" באַהאַלט דאָס רעכט צו בלייבן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע ביי זיין פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן 6טן צוזאַמענפאָר פון „בונד".

5. דער „בונד" האָט דאָס רעכט זעלבסטשטענדיק צו שאַפן איבער אַלע ענינים פון זיינע אָרגאַניזאַציעס.

6. די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" שיקן זייערע פאַרשטייער אויף די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן פון רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי אויף די זעלביקע יסודות, ווי די אָרגאַניזאַציעס פון דער רוסלענדער פּאַרטיי.

7. די גרונט־פּונקטן קאָנען געענדערט ווערן אויף דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי, נאָר מיטן הסכם פון „בונד".

דעם 27טן און 28טן מערץ 1907 איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון פאַרשטייער פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, כדי צו וויילן דעלעגאַטן צום 5טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן. דער טשענסטאָכאָווער ראַיאָן איז אויך געווען פאַרטראָטן אויף דער וואַל־קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס.

ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט, האָט אויך אין טשענסטאָכאָוו עקזיסטירט אַ „קליינער בונד" — יענע, היינט שוין לעגענדאַרע, רעוואָלוציאָנערע קינדער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט תמימות, העראָאישן אויפברויז און מסירת־נפש. אין דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „קליינעם בונד" זיינען צווישן אַנדערע אויך געווען דער שפּעטער באַרימטער אַדוואָקאַט סטאַניסלאַוו נויפעלד, און שלאָמעק בירנבוים, דער זון פון באַרימטן חזן אברהם בער.

## קאַמף פאַר פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע אַרבעטער

דער פּאָליטישער קאַמף פון די דערוואַכנדיקע יידישע אַרבעטער איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט אַ קאַמף פאַר פאַרבעסערן זייער שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע. צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען טעטיק פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון פאַרשיידענע פאַכן. די פאַראיינען, וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן דורכגעפירט גרעסערע און קלענערע שטרייקן. בראש פון יעדן פאַראיין איז געשטאַנען אַ פאַרוואַלטונג, וואָס האָט געזאָרגט וועגן די אינטערעסן פון די אַרבעטער אין געגעבענעם פאַך. אין די ערשטע צייטן איז ביי די אַרבעטער געווען אַ נייגונג אָנצוואַנדן גאַנץ פּרימיטיווע קאַמף־מיטלען, ווי באַנוצן זיך מיט עקאָנאָמישן טעראָר, דראָאונגען און ענלעכע מעטאָדן. די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" האָט זיך באַמיט צו באַקעמפן אָט די שטימונגען און געפירט אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט פאַרוואָס אַזעלכע מעטאָדן קענען נישט זיין ווירקזאַם און פאַסן נישט פאַר באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. לייכט איז נישט אָנגעקומען די אַרבעט פון באַזייטיקן די ווילדע קאַמף־מעטאָדן. די אַרבעטער גופא

האָבן אָבער סוף כל סוף פון אייגענער דערפאַרונג זיך איבערצייגט, אַז דער וועג, וואָס דער „בונד“ האָט רעקאָמענדירט איז אַ סך בעסער און זיכערער, אַז מיט אַ שטאַרקער דיסציפּלינירטער אָרגאַניזאַציע קען מען דערגרייכן דויערהאַפטערע דערפאָלגן, ווי מיט געבן קלעפּ דעם באַלעבאָס אָדער פאַרניכטן סחורה.

אין יענער צייט זיינען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געווען פּאַרטייאישע. דער „בונד“ האָט אָנגעפירט מיט די פאַראיינען פון מעטאַל און בוי, פון לעדער־פאַך, פון שניידער און אַנדערע פאַכן. אין סך־הכל האָט דער „בונד“ אין 1906 אָנגעפירט מיט 5 אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

דער „בונד“ האָט אָנגעהויבן אַן אַקציע צו שאַפן אַ צענטראַל־ביוראָ פון טשענסטאָכאָוו און ראַיאָן, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען סיי פון די יידישע, סיי פון די פּוילישע אַרבעטער. צוליב דעם צוועק איז סוף 1906 גערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די פאַרוואַלטונגען פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן מיט אַ פאָרשלאָג וועגן דער פאַראייניקונג צו דער פּ. ס. ד. (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע). אין יענער צייט האָט זיך געפירט אַ רירעווודיקע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און אַ סך שטרייקן זיינען געוואונען געוואָרן.

## די לעצטע רעוואָלוציאָנערע אַקאָרדן

דער צאַריזם האָט מאָביליזירט אַלע פינצטערע כוחות פון דער ריזיקער אימפּעריע און זיין גאַנצן מאַכטאַפּאַראַט כדי צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. מידקייט און אָפּהענטיקייט האָבן גענומען געוועלטיקן אין די אַרבעטער־רייען. די גרויסע צאָל קרבנות, די איבערפולטע טורמעס, די שיסערייען און תליות האָבן געבראַכן די קאַמף־שטימונג. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט אָנגעהויבן אָפּצופאַלן און אַ לענגערע צייט האָבן די אַרבעטער געפירט אַריעגאַרד־שלאַכטן, קאַמפן פון מחנות, וואָס טרעטן אָפּ אונטערן דרוק פון איבערוועגנדיקע אָנגרייפערישע כוחות. דעמאָלט זיינען אומעטום אַרויפגעשוואומען נייע אויפגאַבן, וואָס אויך די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ האָט געהאַט צו דערפילן.

איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבן אין יענער צייט איז געווען העלפן די קרבנות פון דער רעוואָלוציע, די פאַרשפאַרטע קעמפער אין די טורמעס. די אַרבעט האָט אויסגעפירט דער אַזוי גערופענער „רויטער קרייץ“ ביי דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

אין אַ בריוו פון טשענסטאָכאָווער „רויטן קרייץ“ פון „בונד“, אָפּגעדרוקט אין דער טעגלעכער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“ (דעם 20טן נאָוו. 1906) לייענען מיר:

„די לאַגע פון די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער און ביטערער. די פאַרשיידענערליי מיטלען, וועלכע פלעגן אַמאָל אונטערשטיצן די פאַרשיקטע און האָבן קיינמאָל נישט געקלעקט, האָבן נאָך איצט — ביי אַזאַ מוראדיקער צאָל אַרעסטירטע און פאַרשיקטע — געוויס כמעט גאָר קיין באַדייטונג נישט. עס איז אומבאַדינגט נויטיק, אַז יעדער מיטפילנדיקער מענטש, ווען עס איז טייער דער גורל פון די אומגליקלעכע קרבנות, זאָל זיך אָפּשפּאָרן פון זיין אייגענעם געברויך, כדי כאָטש מיט עטוואָס העלפן די עלנדע פאַרשיקטע אין די וויסטע מדבריות.

באַזונדערס ליגט אַ הייליקע פליכט אויף אונדזערע חברים אָנצונעמען אַלערליי מיטלען, כדי צו שאַפן געלט פאַר זיי. ווען יעדע איינציקע שטאָט אָדער שטעטל וואָלט עטוואָס שיקן, וואָלט פון דעם געוואָרן אַ גרעסערע סומע. און כאָטש מען קען זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס וועט נאָך אַלץ זיין אַ טראָפּן אין ים, קען מען פונדעסטוועגן נישט זאָגן, אַז דאָס וועט גאָרנישט העלפן.

זאָל נאָר אומעטום פאַרשפּרייט ווערן דער אַלטער אויסרוף: „העלפט די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע!“ — און פון אַלע זייטן וועט קומען הילף.

צו דעם צוועק איז דערווייל אין טשענסטאָכאָוו צונויפגעקליבן געוואָרן ביי אַ טייל פון די בונדישע חברים 28 רובל מיט 50 קאָפּיקעס.

זאָל דער בריוו זיין אַ סיגנאַל פאַר אַ טיכטיקער זאַמלונג פאַר אונדזערע שמאַכטנדיקע חברים אין וויסטן סיביר...“

נישט בלויז מיט הילף פאַר אַרעסטירטע און פאַרשיקטע האָט מען זיך געדאַרפט פאַרנעמען. דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ איז אויך אויסגעקומען צו געבן הילף יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין אויסלאַנד און פאַרן „שוואַרצן“ די גרענעץ דערווייל זיך אָפּגעשטעלט אין דער שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט נישט פאַרמאָגט די נויטיקע פינאַנצן דערצו. העכסטנס האָט זי געקענט געבן אַ קליינע געלטשטיצע. אָפט האָבן מענטשן זיך געלאָזט אין ווייטן וועג אַריין אָן די נויטיקע געלט־מיטלען און פאַרלאַנגט גרעסערע הילף. די איינציקע ווירקזאַמע הילף וואָס מ'האָט יאָ געקענט געבן און מ'האָט טאַקע געגעבן עמיגראַנטן, איז געווען די זאָרג, נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון שווינדלער, וועלכע האָבן צוגעזאָגט אַריבערצופירן די גרענעץ און די עמיגראַנטן אָפּגענאַרט און באַשווינדלט. דעריבער האָט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע אַ פּאָר מאָל פאַרעפנטלעכט אין דער אַרבעטער־פּרעסע וואָרנונגען. אָט איז אַן אויסצוג פון איינער פון אַזעלכע וואָרנונגען (סוף זומער 1906).

„די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ מעלדעט, אַז ס'קומען זייער פיל אַרבעטער אַריבערצופאָרן די גרענעץ. די אָרגאַניזאַציע האָט נישט אַזויפיל געלט־מיטלען, און די אָנגעקומענע דרייען זיך דעריבער אַרום איבער די גאַסן און שטאַרבן פון הונגער. די אָרגאַניזאַציע וואָרנט דעריבער, אַז מ'זאָל זיך אויף איר שטיצע נישט פאַרלאָזן. עס קענען קומען בלויז אַזעלכע, וועלכע האָבן

די נויטיקע מיטלען. זיי וועט די אָרגאַניזאַציע העלפֿן, אַז זיי זאָלן נישט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון שווינדלער".

עס וואָלט אָבער אַ טעות געווען צו מיינען, אַז אין פּעריאָד פֿון באַרג אַראָפּ פֿון דער רעוואָלוציע האָט די בונדישע באַוועגונג זיך פֿאַרנומען בלויז מיט הילף־טעטיקייט. נישט געקוקט אויף דער שטייגנדיקער אַפּאַטיע, מורא און אַפֿילו שנאה פֿון דער אַרומיקער בירגערלעכער סביבה, האָט דער „בונד" זיך באַמיט אויפֿצוהאַלטן דעם קאַמף־גייסט ביי די יידישע אַרבעטער.

סוף 1906, פֿאַר די וואַלן צו דער רוסישער דומע, האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע, נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער אַפּאַטיע, באַמיט זיך אויפֿצואוועקן דעם ברייטן עולם. בעת יענע דומע־וואַלן האָבן אין טשענסטאָכאָוו זיך רעגיסטרירט סך־הכל 3398 וויילער, פֿון זיי נישט מער ווי אַ טויזנט פּאָליאַקן; די מערהייט רעגיסטרירטע איז באַשטאַנען פֿון יידן. דער „בונד" האָט זיין אַגיטאַציע געפֿירט צווישן די אַרבעטנדיקע שיכטן. אין שייכות מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן די בונדיסטן איינגעאָרדנט אַ ריי פֿאַרזאַמלונגען פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַכן און אייניקע — אין פֿאַבריקן. דעמאָלט האָבן די בונדיסטן אויך דורכגעפֿירט אַ זעלבסט־באַשטייערונג פֿון איין טאָג שכירות פֿאַר דער קאַסע פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „בונד".

אָט די אַרבעטן איז שוין אויסגעקומען צו פֿירן אונטער אַ האָגל פֿון רעפּרעסיעס. די פּאָליציי האָט אַפֿילו אָפּגעשטעלט דורכגייער אין גאַס און ביי זיי רעווידירט די קעשענעס און באַטאַפּט דאָס לייב. הויז־רעוויזיעס זיינען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. אַרעסטירטע האָט מען געשלאָגן.

אָבער נישט געקוקט אויף די רעפּרעסיעס, האָבן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס צום 1טן מאַי 1907 אַרויסגעלאָזט אויפֿרופֿן. לכבוד דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום־טוב האָט מען מיט אַן אָוונט פֿריער אין די גאַסן אויפֿגעהאַנגען רויטע פֿאַנען אויף די טעלעגראַף־דראָטן און אויף די קוימענס פֿון די פֿאַבריקן. אין טאָג פֿון 1טן מאַי איז די גאַנצע פּאָליציי געווען אויף די פֿיס און זי האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט אַראָפּצונעמען די רויטע פֿענער. עס האָבן געשטרייקט כמעט אַלע אַרבעטער פֿון די ווערקשטאַטן און פֿאַבריקן. בלויז אין 2 פֿאַבריקן האָט מען ניט געשטרייקט, ווייל דאָרט איז די מערהייט אַרבעטער באַשטאַנען פֿון ענדעקעס.

דאָס בילד וואָלט נישט געווען גאַנץ, ווען מען זאָל נישט דערמאָנען די שאַרפֿע אידעאָלאָגישע קאַמפֿן (וואָס האָבן נישט תמיד אָנגענומען בלויז אידעאישע פֿאָרמען) צווישן „בונד" און ס. ס. טשענסטאָכאָוו איז געווען פֿון די געציילטע שטעט, וואו די ס. ס. זיינען געווען שטאַרק. דאָרט האָט זיך די ס. ס.'ישע באַוועגונג פֿרי אָנגעהויבן און שפּעטער זיך געהאַלטן אַמלענגסטן, בעת זי איז שוין אומעטום געווען אונטערגעגאַנגען. אַ געוויסע ווירקונג, הגם אַ גאַנץ קליינע, האָט אויך געהאַט אויף דער יידישער גאַס די פּ. ס. ד. די יידישע אינטעליגענץ איז על־פּי רוב געווען אַסימילירט אָדער נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. דעריבער איז זי אין איר מערהייט געווען ווייט פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## אין יאָך פֿון שווערער רעאַקציע

די רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך דעם רעוואָלוציע־פּעריאָד פֿון 1905, האָט שווער געטראָפֿן די אַרבעטער־באַוועגונג אין דער צאַרישער אימפּעריע. די מאַסן זיינען געווען טעראָריזירט און אַפּאַטיש, אַ גרויסע צאָל טוער האָט מען געהאַלטן פֿאַרשפּאַרט אין די טורמעס און אין סיביר, די אָרגאַניזאַציעס זיינען זיך צעפֿאַלן. בלויז דאָ און דאָרט, אין אַ קליינער צאָל שטעט האָבן זיך צוזאַמענגעהאַלטן גרופּעס געטרייע און אומדערמידלעכע. קליינע רעשטלעך פֿון די פֿריער מעכטיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפֿירט אַ קאָנספּיראַטיוו לעבן אין טיפֿן אונטערערד. זיי זיינען געווען, ווי געציילטע אָאַזיסן אין ריזיקן מדבר. אַזאַ צושטאַנד האָבן איבערגעלעבט אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, הגם נישט אַלע אין דער זעלביקער מאָס. דער „בונד" איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם, כאָטש ער האָט אפֿשר מער ווי אַנדערע אָפּגעראַטעוועט פֿון דער רעאַקציע־קאַטאַסטראָפֿע. דאָס האָט ער געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זיין מאַסנהאַפֿטיקייט און די טיפֿע וואָרצלען, וואָס ער האָט געשלאָגן אין יידישן לעבן.

איינער פֿון די אָאַזיסן איז אויך געווען טשענסטאָכאָוו. די שטאָט געהערט צו די גליקלעכע אויסנאַמען, וואו די בונדישע באַוועגונג איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אַפֿילו אין די שווערע יאָרן פֿון רעאַקציע. איינמאָל געשלאָגן וואָרצלען אויף דער ערד פֿון יידישן אַרבעטער־לעבן אין טשענסטאָכאָוו, איז שוין אַפֿילו דער פֿינצטערער וואָלקן־בראָך פֿון רעאַקציע נישט געווען בכוח אים פֿון דאָרט אַרויסצורייסן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די טעטיקייט האָט אין די יאָרן 1908 — 1915 געמוזט זיין אַ באַגרענעצטע צוליב די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין לאַנד. וויכטיק איז אָבער וואָס אַן אָרגאַניזאַציע האָט כסדר פֿונקציאָנירט און אין די ראַמען פֿון די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן ווייטער אונטערגעהאַלטן דעם גלויבן און די שטרעבונגען פֿון די יידישע אַרבעטער.

ווי געזאָגט, האָט די אַרבעט געמוזט זיין אַ שטרענג קאָנספּיראַטיווע, בלויז אין זייער זעלטענע געלעגנהייטן האָט מען אין דער עפֿנטלעכקייט געבערענגט סימנים פֿון לעבן. איינער פֿון די דאָזיקע פֿאַלן איז געווען נאָכן טויט פֿון פֿירער פֿון „בונד", בראָניסלאַוו גראָסער. אָנהויב 1913 איז אין אָרגאַן פֿון „בונד", „די צייט" נומ' 2, וואָס איז דערשינען אין פּעטערבורג, געווען אָפּגעדרוקט אַזאַ קורצע מעלדונג:

„טשענסטאָכאָוו. אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער פֿריינט

דריקן אויס זייער מיטגעפיל אויף דעם טויט פון יינג־פאַרשטאָרבענעם ב. גראָסער".

אין זעלבן יאָר, שבת דעם 2טן אָקטאָבער 1913, איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ גרויסער אַרעסט פון בונדיסטן. אויפן פעלד לעבן דער קלאָיאַרניע איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג. אַ סך פּאָליציי און זשאַנדאַרמען מיטן זשאַנדאַרמען־נאַטשאַלניק און פּאָליציי־פּריסטאַוו אַרבוזאָוו בראש האָבן אַרומגערינגלט די פאַרזאַמלונג און אַרעסטירט בערך 60 פּערזאָן.

דער רוב פון די אַרעסטירטע איז באַשטאַנען פון שניידער־אַרבעטער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען יוגנטלעכע. אונטער אַ שטאַרקער וואַך האָט מען אַלע אָפּגעפירט אין פּאָליציי־צירקל און פון דאָרט אין טורמע. אַרעסטירט האָט מען דעמאָלט פאָלגנדע מענטשן:

אברהם ראָטבאַרד, אברהם גראַנעק, יעקב לאַסקאַ, אברהם קאַטשקאַ, טוביה מאָס, איצעק געלבאַרד, אברהם וואַלמאַן, יוסף ראָזנבלאַט, בנימין ראָזנבלאַט, ראובן לוקס, לייבעלע רייזבלאַט, שלמה האַנעמאַן, חיים בוכאַלטער, יעקב דלוגאַנאַגי, לייזער בערקענשטאַט, משה גרינבערג, אברהם טוביה פרייערמויער, מרדכי ווייספעלנער, נחמן עפּשטיין, יוסף איזראַעלאָוויטש, וואָלף טאָפּענבערג, לייביש דילעווסקי, דוד פאַריזער, קלמן געלבער, שלמה מאַרקאָוויטש, קלמן שקלאַרזש, וואָלף וויען, יעקב קאַגון, יונתן גוטמאַן, הענעך פעלדמאַן, הערשל וואַרגאַן, יהודה פרייערמויער, י. יאַדנור, מרדכי ווײַנטרויב, ישראל גוטפריינד, אברהם פערענגער, דניאל גאָלדבערג, קאָפּעל טייכנער, דניאל כלאַפּאַק, ג. דרייזנער, אייזיק ליבגאָט, יודל ליפשיץ, אהרן ניעדזיעלאַ, שמואל ענזל, פּרץ פּונטאָוויטש, יהודה קערניק, פייגעל פרידמאַן, נחה שטורקמאַן, מאיר גאָלאַך, אברהם פרידמאַן, חיים גרינבלאַט, שלמה בוכנער, דוד פוטערהענדלער, משה פערשט, ישראל לובלינסקי, שלמה לעווקאָוויטש, לייביש זיידמאַן, ישראל אימאַן, יעקב קאַגוט, מאַריאַן סטאַשקאָווסקי און וולאַדיסלאַוו שוסטער (די לעצטע 2 פּאָליאַקן).

צוזאַמען זיינען אַרעסטירט געוואָרן 61 פּערזאָן. די אַרעסטירטע האָט מען אַדמיניסטראַטיוו באַשטראָפט צו 3 חדשים טורמע. 25 פון זיי האָט מען איבערגעשיקט מיטן עטאַפּ קיין פּיעטרקאָוו, די איבעריקע זיינען געזעסן אין טשענסטאָכאָווער טורמע. בלויז איינעם, לייבל רייזבלאַט, האָט מען באַפרייט.

דאָס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון בונדישע אַרבעטער. דער אַרעסט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטאָט. די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אויסראָטן די קראַמאָלע פון טשענסטאָכאָווער באַדן, האָט זיך מיט דעם גרויסן אַרעסט נישט באַגנוגנט און אַדורכגעפירט נאָך אַ ריי רעוויזיעס און אַרעסטן.

אין שייכות מיט די שטאַרקע פאַרפאָלגונגען האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָוו אָנהויב 1914 אָוועקגעשיקט אַ ווענדונג צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע פון דער רוסישער דומע, זי זאָל וועגן דעם אַריינטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע צו דער רעגירונג און דערמיט ברענגען דעם ענין פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט. צוליב דער מעשה מיט דער אינטערפּעלאַציע האָט דעמאָלט די פּרעסע אין רוסלאַנד געשריבן וועגן די רעוויזיעס און אַרעסטן צווישן די יידישע אַרבעטער און סאָציאַליסטן אין טשענסטאָכאָוו.

דער רוב פון די אַרעסטירטע איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבן עקזיסטירט, נישט געקוקט אויף די גוואַלדיקע שטערונגען פון דער צאַרישער מאַכט.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זומער 1914, איז קיין טשענסטאָכאָוו געקומען דער בונדישער טוער וויקטאָר שולמאַן אין שייכות מיטן 8טן צוזאַמענפאָר פון „בונד", וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אויגוסט 1914 אין ווין און איז אָפּגערופן געוואָרן צוליבן מלחמה־אויסברוך. טשענסטאָכאָוו און נאָוואָראַדאָמסק האָבן געדאַרפט שיקן בשותפות אַ דעלעגאַט. שולמאַן האָט, אַחוץ דעם, אין טשענסטאָכאָוו, בענדין און סאָסנאָוויץ געדאַרפט איינשטעלן פאַרבינדונגען וועגן אַריבערפירן די דעלעגאַטן איבער דער גרענעץ.

## אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

טשענסטאָכאָוו איז באַלד אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשע חיילות. אויך דעמאָלט האָבן די דייטשן דורך פאַרשיידענע אופנים אַרויסגעוויזן ברוטאַליטעט, אָבער בכלל גענומען איז זייער אויפפירונג געווען אַ מער ציוויליזירטע, ווי פון די פריערדיקע רוסישע סאַטראַפּן. מיטן קומען פון די דייטשן האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן אַ געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג.

די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" האָט אָפּט איינגעאָרדנט עפנטלעכע פאָרלעזונגען, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. צווישן די, וועלכע האָבן געהאַלטן פאָרלעזונגען אין טשענסטאָכאָוו, איז אויך געווען דער באַרימטער פירער פון „בונד" וולאַדימיר מעדעם. אויף זיין פאָרלעזונג דעם 17טן יאַנואַר 1917 איז דער זאַל געווען איבערפולט מיט אַן עולם פון 800 מאַן, וואָס האָט דעם רעפעראַט אויסגעהערט מיט געשפּאַנטן אינטערעס. נישט בלויז אַרבעטער, נאָר אויך מענטשן פון פאַרשיידענע אַנדערע יידישע ריכטונגען זיינען געקומען הערן מעדעמס רעפעראַט וועגן „געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען ביי יידן". אַ וויכטיק מיטל פון אויפקלערונג צווישן יידישע אַרבעטער איז אויך געווען די דעמאָלט איינציקע יידישע אַרבעטער־צייטונג אין אָקופּירטן פּוילן — די בונדישע וואָכנשריפט „לעבנס־פראַגן", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אונטער דער רעדאַקציע פון וולאַדימיר מעדעם. אין יאָר 1916 האָט מען אין טשענסטאָכאָוו פאַרקויפט וועכנט־

לעך 100 עקזעמפּלאַרן „לעבנס־פראַגן“. די צייטונג איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַרבעטער פון די פאַכן פון האָלץ, לעדער, פּאַפּיר, באַקלייד, צעלאָלאָיד און אַנדערע. אין 1917 האָט די צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן פון יעדן נומער „לעבנס־פראַגן“ אין טשענסטאָכאָוו שוין איבערגעשטיגן 200. סוף 1916 האָבן די בונדיסטן געגרינדעט אַ קלוב אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער. אין קלוב האָבן זיך געזאַמלט די בונדיסטן און סימפּאַטיקער. דער קלוב איז נישט בלויז געווען אַ היים, וואו מען פלעגט פאַרברענגען אין אַ חברישער סביבה, נאָר אויך אַ צענטר פון קולטורעלער טעטיקייט. אין 1917 האָט דער קלוב באַקומען אַ גרעסערע געלט־שטיצע פון בונדיסטן אין אויסלאַנד. דער קלוב האָט אין די ערשטע 3 חדשים פון זיין עקזיסטענץ דורכגעפירט 9 פאָרלעזונגען און פאַרזאַמלונגען מיט 1800 אָנוועזנדע.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן צום טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד“ געהערט: יעקב ראָזנבערג — פאָרזיצער, יוסף אַראָנאָוויטש — סעקרעטאַר, הערשל פריימאַן, אברהם ראָטבאַרט און אַנדערע. צווישן די אַקטיווע בונדישע טוער אין יענער צייט איז אויך געווען ח׳ שטרויס, שפּעטער אַ בונדישער טוער אין לעמבערג און קאָרעספּאָנדענט פון דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“, באַקאַנט אונטערן נאָמען — א. גאַליציאַנער.

דער אָנגעזעענסטער פירער פון דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אין יענער צייט געווען יוסף אַראָנאָוויטש. מיט זיינע פאָרלעזונגען האָט ער געהאָלפן ברעכן די געזעלשאַפטלעכע השפּעה פון געוויסע אַסימילאַטאָרישע קרייזן אין שטאָט.

אַ וויכטיק אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט פאַרנומען די וואַל־קאַמפּאַניע צום שטאָט־ראַט. די וואַל־אָרדינאַציע, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט באַשטימט, איז געווען זייער נישט קיין גינסטיקע פאַר די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. עס זיינען געווען 6 קוריעס און פאַר די אַרבעטער האָט מען איבערגעלאָזט אַ פּאָר מאַנדאַטן בלויז אין דער 6טער קוריע. דער „בונד“ איז געגאַנגען צו די וואַלן זעלבסטשטענדיק און ער האָט באַקעמפט דעם בלאָק פון די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען. אין איינעם פון די בונדישע וואַל־אויפרופן, סוף 1916, איז געזאָגט געוואָרן:

„דער פּאָליאַק פון משהס גלויבן, דער ציוניסט און דער חסיד — אַלע די, וועלכע האָבן אין דער מלחמה שפּעקולירט אויף אונדזערע מיט שווייס און בלוט פאַרהאָרעוועטע גראָשנס און האָבן מיטן אויסברוך פון קריג אַרויסגעוואָרפן פון זייערע פאַבריקן און געשעפטן דעם אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטן — האָבן געשלאָסן אַ בלאָק. זיי ריידן איצט וועגן די אינטערעסן פון כלל־ישראל. מיר, אַרבעטער, גלויבן נישט זייערע שיינע פראַזן. מיר ווייסן וואָס ס׳איז באַהאַלטן אונטער די ווערטער פון שלום און אחדות“.

די ריכטיקייט פון די ווערטער איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער האַנדלונג פון דעם יידיש־בירגערלעכן בלאָק, וואָס איז געגאַנגען שליסן אַחדות מיט די פּוילישע בירגערלעכע פּאַרטייען וועגן צעטיילן זיך מיט די מאַנדאַטן אין די ערשטע 5 וואַל־קוריעס.

אין דער צייט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע האָט זיך געשפּאָלטן די יידישע גרופּע פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (פּ. ס. ד., שפּעטער קאָמוניסטישע פּאַרטיי), דער אָפּגעשפּאָלטענער טייל איז אַריינגעטרעטן אין „בונד“. אין אַ פאַרעפנטלעכטער דערקלערונג האָבן די אַרויסגעטרעטענע אָנגעוויזן, אַז זיי באַטראַכטן דעם „בונד“ פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און זיינע פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג ווי אַן אויסדרוק פון די פאַרלאַנגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. באַטראַכטנדיק געגנוי דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון „בונד“ — זאָגט זיך ווייטער אין דער דערקלערונג — זיינען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פאָדערונגען זיינען גערעכטע און די יידישע אַרבעטער דאַרפן הויך און אָפן דאָס זאָגן.

די 4 יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געווען אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד אין יידישן לעבן — אַן איבערגאַנג פון דער צאַרישער ממשלה צו די געענדערטע באַדינגונגען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה, וואָס איז געווען די אינטענסיווסטע און פאַרבנרייכסטע אין דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

במשך פון די 20 יאָר צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז די בונדישע באַוועגונג כסדר געשטיגן און זיך פאַרפּעסטיקט. נייע פעלדער פון טעטיקייט זיינען צוגעקומען — אין שטאָט־ראַט, קהילה, קראַנקן־קאַסע. די פאַרטייאישע, פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע אַרבעט איז אויסגעברייטערט געוואָרן. עס זיינען אויך צוגעקומען נייע צווייגן פון דער באַוועגונג, ווי דער יוגנט־בונד „צוקונפט“, די קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף“, די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן“, די פרויען־אָרגאַניזאַציע „יאַף“, די שול־אָרגאַניזאַציע „אונזערע קינדער“, אַלגעמיינער אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוו און די דרוקעריי קאָאָפּ. „קולטורא“.

צו די אַלטע טוער און מיטגלידער זיינען צוגעקומען נייע — יונגע, פון דור, וואָס איז אונטערגעוואַקסן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די ערשטע האָבן פאַרמאָגט טראַדיציע, געניטקייט, באַוואוסטזיניקייט. די צווייטע — ענטוזיאַזם, געוואַגטקייט, דינאַמישקייט. און ביידע ריינגען — די אַלטע און די יונגע — זיינען צונויפגעשמאָלצן געוואָרן אין איין גאַנצקייט דורך זייער אידעאַליזם און געטריישאַפט אָן גרענעצן.

## אויף אַ נייעם יסוד

אין אַנדערע באַדינגונגען, אין אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער, מיט אַ צושטראָם פון יונגע כוחות איז דער „בונד“ צוגעטרעטן צו אַ ברייט־פאַרמאָסטענער אַרבעט אין אומאָפּהענגיקן פוילן.

די ערשטע ברייטערע טעטיקייט איז געווען פאַרבונדן מיטן אויפקום פון אַרבעטער־ראַט. צו אים האָבן געהערט אַלע אַרבעטער־ריכטונגען פון שטאָט. פון די פוילישע אַרבעטער — די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.), קאָמוניסטישע פּאַרטיי, די נאַציאָנאַליסטישע גרופּירונג „נאַראָדאָווי זוויאָנזעק ראַבאָטניטשי“ (נ. ז. ר.), די קריסטלעכע דעמאָקראַטן (כ. ד.); פון די ייִדישע אַרבעטער — דער „בונד“, „פאַראייניקטע“ (ס. ס.) און פּועלי־ציון. צו דער בונדישער פראַקציע האָבן געהערט יוסף אַראָנאָוויטש, זלמן טענענבערג, מאַקס ברום, דער בעקער־אַרבעטער אברהם ראָזענבלאַט און אַנדערע.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט די רעדעס פון יוסף אַראָנאָוויטש, באַזונדערס זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן די אַנטיסעמיטישע פאַרשלאָגן פון די כאַדעקעס. צווישן אַנדערן האָבן די כאַדעקעס פאַרגעלייגט, אַז ייִדן זאָלן נישט טאָרן געהערן צום אַרבעטער־ראַט. די כאַדעקעס זיינען געבליבן פאַראיינזאַמט. אַלע אַנדערע גרופּירונגען האָבן דעם חוצפּהדיקן אַנטיסעמיטישן פאַרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

אַחוץ דעם אַרבעטער־ראַט, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין דער אַרבעטערשאַפט אין ערשטן פעריאָד נאָכן וועלט־קריג, האָט במשך פון אַ פּאָר וואָכן אויך עקזיסטירט אַ פאָלקס־מיליץ. אַ סך ייִדישע אַרבעטער זיינען געווען אין איר באַטייליקט. באַוואָפנט מיט ביקסן, האָבן ייִדישע אַרבעטער געהאַלטן וואַך, פּאַטרולירט די גאַסן אָדער אויסגעפירט אַנדערע פּאָליצייאישע פונקציעס. די פאָלקס־מיליץ האָט אָבער, ווי געזאָגט, געלעבט נאָך קורצער ווי דער אַרבעטער־ראַט.

ווי אַ דויערנדיקע אינסטיטוציע פון ערשט־ראַנגיקער באַדייטונג פאַר דער שטאָט איז געבליבן דער שטאָט־ראַט. זיין באַדייטונג איז געווען גרעסער, ווי זיין קאָמפּעטענץ פון אַ קאָמונאַלן זעלבסט־פאַרוואַלטונג־אָרגאַן. ער איז גלייכצייטיק געווען אַן אָרטיקע פּאָליטישע טריבונע.

דער „בונד“ האָט דאָרט געהאַט זיינע פאַרשטייער, אויסגעוויילטע דורך די ייִדישע אַרבעטס־מענטשן. אין ערשטן שטאָט־ראַט פון אומאָפּהענגיקן פוילן, וואָס איז געוויילט געוואָרן אין 1919, האָט דער בונדישער פאַרשטייער יוסף אַראָנאָוויטש אין פּרינציפּיעלע דעקלאַראַציעס און רעדעס געבערענגט צום אויסדרוק די שטעלונג פון „בונד“ צו אַ ריי פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן פון דער שטאָט און פון לאַנד. אַ שאַרפע דעקלאַראַציע האָט דער בונדישער פאַרשטייער אויך אָפּגעגעבן קעגן פּויליש־סאָוועטישן קריג.

אין שייכות מיט אָט דער שאַרפער דעקלאַראַציע האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע רעפּרעסיעס קעגן „בונד“ (דאָס זעלבע איז געשען אין גאַנצן לאַנד). די פּוילישע מאַכט האָט אַרעסטירט דעם גאַנצן טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד“ מיטן ח' יוסף אַראָנאָוויטש בראש. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אַראָנאָוויטש זיך באַזעצט אין ווילנע, וואו ער איז געווען אַן אָנגעזעענער טוער אין „בונד“, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אין דער ייִדיש־וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע (צ. ב. ק.); אין אָקטאָבער 1939 האָט די סאָוועטישע מאַכט, נאָכן פאַרנעמען ווילנע, אים צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע בונדישע טוער אַרעסטירט און פון דעמאָלט אָן איז פון אים פאַרשוואונדן יעדער שפּור.

צוזאַמען מיט אַראָנאָוויטשן האָט מען אין 1920 אַרעסטירט אין טשענסטאָכאָוו נאָך פאָלגנדיקע בונדישע טוער: זלמן טענענבערג (שפּעטער אַ בונדישער טוער און ראש הקהל אין פּיעטרקאָוו; אומגעקומען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין מאָרד־לאַגער פון אָשוויענטשים נאָך אַ גרויסן אַרעסט פון פּיעטרקאָווער בונדיסטן, ווען ס'איז געכאַפּט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור); גרינבאַום, זשאַנשינסקי און חיים דוד וואַלדענדלער. מען איז דאַן געקומען אַרעסטירן אויך דעם בונדישן טוער און פירער פון די בעקער־אַרבעטער צינע אַרזשעך (איצט אין קאַנאַדע). אַזוי ווי ער איז דעמאָלט געווען אַ רעקאָנוואַלעסצענט נאָך אַ טיפוס־קרענק, האָט מען אים אָפּגעלאָזט. אַרזשעך האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון העלפן די אַרעסטירטע חברים. ער האָט געגרינדעט אַ צווישן־פּאַרטייאישן הילף־קאָמיטעט (צוזאַמען מיט די „פאַראייניקטע“ און פּועלי־ציון). ער אַליין איז דערנאָך אַרעסטירט געוואָרן אין קראָקע, בעת ער איז אַהין געקומען מיט הילף פאַר די אַרעסטירטע, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין לאַגער פון דאָמביע, ביי קראָקע.

דער ערשטער קאָמיטעט פון טשענסטאָכאָווער „בונד“ אין אומאָפּהענגיקן פוילן איז באַשטאַנען פון די חברים: יוסף אַראָנאָוויטש, זלמן טענענבערג, משה לעדערמאַן, צינע אַרזשעך, יוסף איזראַעלעוויטש, אברהם פרידמאַן, אברהם ראָטבאַרט און מ. באַזשיקאָווסקי. אין דער צייט, ווען אַ טייל קאָמיטעט־מיטגלידער איז געווען פאַרשפּאַרט אין לאַגער פון דאָמביע, האָט מען נאָך אייניקע גענומען אין מיליטער. פון קאָמיטעט איז געבליבן צו דער אַרבעט בלויז צינע אַרזשעך. ווען ער האָט געדאַרפט אַנטשיידן וויכטיקע פראַגן, איז דער געבליבענער קאָמיטעט־מיטגליד אַוועק צו די מיליטערישע באַראַקן און דורך די שטעכיקע דראָטן זיך דורכגעשמועסט מיט די חברים משה לעדערמאַן, אברהם פרידמאַן און משה טוכמייער. אויף אַזאַ אופן זיינען דעמאָלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן „זיצונגען“ פון קאָמיטעט.

די אַרעסטירטע בונדישע טוער האָט מען געהאַלטן אין

קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דאָמביע, ביזן סוף פון דער פויליש־סאָוועטישער מלחמה. אין שייכות מיט דעם אַרעסט פון ראַטמאַן יוסף אַראָנאָוויטש האָט דער פאַרשטייער פון די „פאַראייניקטע“, ראַטמאַן רפאל פעדערמאַן, אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז דער שטאָט־ראָט פאָדערט אויף צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן, כדי אים צו געבן אַ מעגלעכקייט ווייטער צו דערפילן זיינע פונקציעס אַלס געוויילטער פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג. די ראַטמענער פון פּ. פּ. ס. האָבן אויך געשטיצט דעם פאָרשלאָג און דער שטאָט־ראָט האָט אים אָנגענומען.

פון די אַרויסטרעטונגען אין שטאָט־ראָט אין די ערשטע צייטן איז באַזונדערס כדאי צו דערמאָנען די דעקלאַראַציעס און רעזאָלוציעס, אַריינגעטראָגן דורך די סאָציאַליסטישע ראַטמענער אין שייכות מיטן פּאָגראָם אין 1919, וואָס איז אויסגעבראָכן כלומרשט צוליב דעם, ווייל אַ ייד זאָל האָבן געוואָרפן אַ שטיין אויף אַ זעלנער פון האַלערס אַרמיי. אַ גרויסן רושם האָט דעמאָלט געמאַכט די רעדע פון בונדישן פאַרשטייער יוסף אַראָנאָוויטש.

דער „בונד“ איז אויך עטלעכע יאָר שפּעטער אַריינגעטרעטן אין דער יידישער קהילה. די בונדישע פּרנסים האָבן געפירט אַ קאַמף פאַר אַ וועלטלעכן כאַראַקטער פון דער קהילה. זיי האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אויך אויפגעהויבן פּאָליטישע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן שייכות צו דער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער עיקר קאַמף מיט דער בירגערלעכער מערהייט האָט זיך געפירט ביים באַטראַכטן דעם עטאַט. די בונדישע פאָרשטייער האָבן פאַרלאַנגט נישט אַרויפצולייגן קיין שטייערן אויף דער אָרעמער באַפעלקערונג און פאַרווענדן די הוצאות בעיקר אויף צו באַפרידיקן די הצטרכותן פון די נויט־באַדערפטיקע, אויף צו הויבן דעם סאָציאַלן און גייסטיקן מצב פון די אַממערסטן באַעוולהטע שיכטן.

די בונדישע באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו איז אין די ערשטע פאָר יאָר פון דער פוילישער אומאָפּהענגיקייט ברייט זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן. ס'איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל אָרגאַניזירטע בונדיסטן און אויך די השפעה צווישן די יידישע אַרבעטער בכלל. געוואַקסן איז אויך די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער בונדישער ווירקונג, ווי די פאַראייניגן פון באַקלייד־אַרבעטער, האָלץ־אַרבעטער, בעקער און אַנדערע. ס'איז געשטיגן די השפעה פון „בונד“ אין דער גרויסער אָרגאַניזאַציע פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אין דער אַסימילאַטאָרישער „סטאָוואַזשישעניע“, וואו די בונדיסטן בראש מיט יוסף אַראָנאָוויטש און יעקב ראָזנבערג (שפּעטער טשענסטאָכאָווער ראש הקהל) האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן דער הערשנדיקער אַסימילאַציע און פאַר אַ יידיש־פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון פאַראיין.

אַ ריי נייע טוער, וועלכע האָבן געווירקט אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו, זיינען צוגעקומען. פון צייט צו צייט פלעגן קומען צופאָרן פון וואַרשע אָנגעזעענע פירער און צענטראַלע טוער פון „בונד“.

### „פאַראייניקטע“ גייען אַריבער צום „בונד“

די ס. ס., וואָס האָבן זיך זינט 1919 גערופן „פאַראייניקטע“, זיינען אין טשענסטאָכאָוו געווען פון די עלטסטע און שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס. דער פּראָצעס פון ירידה, וואָס האָט פאַרכאַפּט די דאָזיקע באַוועגונג אומעטום, האָט אויך נישט אויסגעמיטן טשענסטאָכאָוו, הגם דאָ האָבן זיך די „פאַראייניקטע“ געהאַלטן אַמלענגסטן. דער ערשטער גרויסער קריזיס איז געקומען אין יאָר 1922, ווען אַ באַדייטנדער טייל, בראש מיטן פאַרזיצער פון שטאָטישן קאָמיטעט און ראַטמאַן פון שטאָט־ראָט, רפאל פעדערמאַן, איז אַריבער צום „בונד“.

אין אַ קורצער צייט אַרום (פעברואַר 1923) איז שוין אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג פון „בונד“, אויף וועלכער עס איז אַלס רעדנער אַרויסגעטרעטן אויסער פעדערמאַנען אויך איינער פון די אָנגעזעענסטע גרינדער און פירער פון די ס. ס. — אהרן סינגאַלאָווסקי (אהרן טשענסטאָכאָווער).

אַחוץ דער אַנטוישונג אין די גרונט־פּרינציפּן פון די „פאַראייניקטע“, איז געווען נאָך אַ מאָטיוו פאַרוואָס אַ גרויסער טייל האָט פאַרלאָזט די דאָזיקע פּאַרטיי. זי האָט זיך פּאַקטיש ליקווידירט אַלס אַזעלכע און זיך פאַראייניקט מיט אַ קליינער אָפּגעשפּאַלטענער גרופּע פון פּ. פּ. ס. אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר דראַבנער. צוזאַמען האָבן זיי אויסגעבילדעט אַן אַזוי־גערופענע „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“.

די אַריבערגעקומענע פון די „פאַראייניקטע“ האָבן געהאָלפן נאָך מער אויסברייטערן די בונדישע השפעה און זיי האָבן אויך געהאָלפן איבערגיין אייניקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס צום „בונד“, צווישן אַנדערע די דרוקעריי „קולטורא“.

### אַן אייגענע צייטונג

אין פעברואַר 1923 האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטונג, וואָס האָט באַדינט טשענסטאָכאָוו און די אַרומיקע געגנט. איר נאָמען איז געווען — „אַרבעטער־צייטונג“ (גענויער זע דאָס אַרטיקל „יידישע פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו“).

### די אַרבעט פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן

אין יוני 1922 איז לויט דער אויפפאָדערונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג פון די יידיש־וועלטלעכע שולן, וואָס יעדע פּאַרטיי האָט באַזונדער געבויט. דריי ריכטונגען זיינען אַריין אין דער געמיינזאַמער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע: די „פאַראייניקטע“, דער „בונד“ און די „לינקע פּועלי־ציון“.

אין פעברואר 1923 איז אין טשענסטאָכאָוו געגרינ־
דעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט „אונזערע
קינדער", דורך וועלכער די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַ־
ציעס האָבן געפירט זייער שול־אַרבעט. אויף דער גרינ־
דונג־פאַרזאַמלונג, וואו עס זיינען ברייט אַרומגערעדט גע־
וואָרן די אויפגאַבן און פליכטן פון דער יידישער אַר־
בעטערשאַפט לגבי דער יידיש־וועלטלעכער שול, האָט
מען מיט אויפרעגונג אויך געטאַדלט די דעמאָלטיקע האַנד־
לונג פון די בירגערלעכע יידישע דעפּוטאַטן אין סיים. די
יידישע „קאָלאָ", די פאַראייניקונג פון די יידישע דעפּו־
טאַטן און סענאַטאָרן, האָט געשטימט קעגן די וועלטלעכע
שולן אין דער יידישער שפּראַך. די פאַרזאַמלונג האָט
וועגן דעם אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„די יידישע „קאָלאָ", וואָס באַשטייט פון ציוניסטישע
און אָרטאָדאָקסישע דעפּוטאַטן, האָט מיטן שטימען קעגן
דער יידישער שול באַוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז
זי שטייט אין לאַגער פון די פיינט פון דער יידישער שול
און שטרעבט צו איר אונטערגאַנג. די יידישע „קאָלאָ"
האָט אומדירעקט גענומען אונטער איר שוץ אַלע רעפּרע־
סיעס קעגן דעם יידישן שול־וועזן און געגעבן דער רע־
גירונג אַ געוויסע באַרעכטיקונג ווייטער אָנצוגיין מיט די
רעפּרעסיעס. די יידישע מאַסן שטעמפּלען די דאָזיקע
האַנדלונג אַלס אַ פאַרברעכערישע. די פאַרזאַמלונג פאָ־
דערט אויף די יידישע אַרבעטער־מאַסן צו שטיין אויף
דער וואַך פון זייער שול און מיט נאָך מער ענערגיע צו
שיצן זי קעגן דער רעאַקציאָנערער כוואַליע".

די פאַרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען
פון באַקלייד־אַרבעטער, פון האָלץ־אַרבעטער, פון דער־
נערונג און פון פּאַפּיר, ווי אויך די דעלעגאַציע פון יוגנט־
בונד „צוקונפט" האָבן אָפּגעגעבן דערקלערונגען, אַז זייע־
רע אָרגאַניזאַציעס שליסן זיך אָן אָן דעם פּראָטעסט.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט ליבע און וואַ־
רעמקייט אַרומגערינגלט די יידיש־וועלטלעכע שולן און
געטאָן אַלץ, כדי צו פאַרפעסטיקן זייער מעמד. אין 1925
האָט די בונדישע פראַקציע פון שטאָט־ראַט געפירט אַן
אַקציע, אַז די שטאָט זאָל העלפן די יידישע וועלטלעכע
שולן דורך געבן זיי סובסידיעס. די אַקציע איז געשטיצט
געוואָרן אויך דורך דער „ראַדע" פון די פּראָפעסיאָנעלע
פאַראיינען (פּוילישע און יידישע). די קאַמפן און באַמי־
אונגען פון דער בונדישער שטאָט־ראַט־פראַקציע זיינען
געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. דער מאַגיסטראַט האָט
באַשלאָסן די יידישע אַרבעטער־שולן צו געבן סובסי־
דיעס.

לויטן פאַרשלאַג פון בונדישן ראַטמאַן רפאל פע־
דערמאַן, האָט דער שטאָט־ראַט, אין דעצעמבער 1926,
באַשלאָסן צו העכערן די סובסידיע פאַר די יידיש־וועלט־
לעכע שולן: 4 טויזנט זלאָטעס אַנשטאָט די פריערדיקע
1500. וועגן דעם באַשלוס האָט געשריבן דאָס בונדישע
וואָכנבלאַט, די „אַרבעטער־צייטונג" אין טשענסטאָכאָוו
(24 דעצעמבער 1926):

„דאָס מאָל האָבן פאַר דעם פאַרשלאַג געשטימט
אויך די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער, ווי גאָלדשטיין
און אַנדערע, וועלכע פלעגן שטענדיק, ווען עס האָט זיך
געהאַנדלט ביי אַזאַ פראַגע, אָפּהאַלטן זיך פון שטימען,
אָדער אַרויסשאַרן זיך פון זאַל. אָפּגעהאַלטן זיך פון שטי־
מען האָבן (דאָס מאָל) די אויסגעשפּראָכענע ענדעקעס,
ווי ד"ר נאָוואַק און חברותא, וועלכע האָבן שטענדיק
געשטימט קעגן. געשטימט קעגן האָבן בלויז 4 כאַדע־
קעס".

אין יענער צייט איז אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ
גוט אוועקגעשטעלטע 6־קלאַסיקע פאָלקס־שול און אַ
קינדער־היים, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער
יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. די פאָלקס־שול האָט געטראָגן
דעם נאָמען פון גרויסן יידישן שרייבער י. ל. פּרץ.

אין 1936 האָט די רעגירונגס־מאַכט פאַנאַנדער־
געלאָזט די טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג פון דער יידי־
שער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ). לויט דער איניציאַטיוו
פון „בונד", איז אין 1938 צוריק געעפנט געוואָרן אַן אָפּ־
טיילונג. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג,
וואָס איז באַשטאַנען פון: א. פּרץ, מ. בערקענשטאַט,
י. יאַראָנאָווסקי, וו. פייגע, ש. יאַקובאָוויטש, א. בראַט,
ג. פּרענטקי, י. קויפמאַן און י. שימאַנאָוויטש. אָנהויב
1939 האָט די נייע אָפּטיילונג פון ציש"אָ געעפנט אַ נאָכ־
מיטאָג־שול פאַר קינדער פון די פּוילישע, מלוכהשע „פּאָו־
שעכנע" פאָלקס־שולן. מ'האָט אין דער נאָכמיטאָג־שול
געלערנט יידיש און יידישע געשיכטע.

## קאַמף אין שטאָט־ראַט

די סאָציאַליסטישע פראַקציעס פון טשענסטאָכאָווער
שטאָט־ראַט, יידישע און פּוילישע, האָבן געפירט אַ פאַר־
ביטערטן קאַמף קעגן דער בירגערלעכער מערהייט. דער
שטאָט־ראַט האָט פאַרלענגערט זיין עקזיסטענץ אַ פאַר
יאָר נאָכדעם ווי ס'האָט זיך געענדיקט זיין טערמין. לסוף
האָבן די סאָציאַליסטישע פראַקציעס אין 1925 באַשלאָסן
אַרויסצוטרעטן פון אים און אויף אַזאַ אופן צווינגען דורכ־
צופירן וואַלן פון אַ נייעם שטאָט־ראַט.

אין שייכות מיט דעם איז אין נאָמען פון דער בונ־
דישער פראַקציע אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט, דעם
24טן יוני 1925, איבערגעלייענט געוואָרן אַ דעקלאַראַציע,
וואָס גיט אַ בילד פון דער שלעכטער שטאָט־ווירטשאַפט
און פון קאַמף פון די בונדישע ראַטמענער. צווישן אַנדערן
איז אין דער דעקלאַראַציע געזאָגט געוואָרן:

„די פּאָליטיק פון שטאָט־ראַט אין משך פון זיין 6
יעריקער עקזיסטענץ האָט זיך געשטיצט אויף אַ מערהייט
פון פּויליש־יידישע קליינבירגערלעכע און קאַפּיטאַליסטי־
שע עלעמענטן, וואָס זיינען געוואָרן אונטערגעשטיצט דורך
די כלומרשטע אַרבעטער־פאַרשטייער פון די כאַדעקעס
און ענפּעראָוועצעס. די לעצטע זיינען געגאַנגען האַנט ביי

האָט מיט די רעכטע גרופּירונגען קעגן די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס״.

„אונדזער פראַקציע האָט ביי יעדער געלעגנהייט — ביים באַטראַכטן דעם בודזשעט אָדער דורך דרינגענדיקע פאָרשלאָגן — זיך באַמיט צו דעמאַסקירן די אַרבעטער־פיינטלעכע פּאָליטיק און כאָטש טיילווייז צו לינדערן די לאַגע פון די אַרבעטער־מאַסן, וועלכע האָבן געטראָגן אויף זיך שטענדיק די גאַנצע לאַסט פון מלחמה־באַדינגונגען אָדער אינדוסטריע־קריזיסן — אין דער פאָרם פון אַרבעטסלאָזיקייט״.

„בלויז פאַרן געהערן צו דער בונדישער שטאָט־ראָט־פראַקציע און פאַר זיין אָפענער טעטיקייט אויף דעם געביט איז דער ראָטמאַן יוסף אַראָנאָוויטש געוואָרן אינטערנירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און ערשט נאָך 8 חדשים — אונטערן דרוק פון די סאָציאַליסטישע ראָטמענער — האָט זיך דער שטאָט־ראָט דעציזירט אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן באַפרייען אים. צום סוף איז ער געצוואונגען געווען בכלל צו פאַרלאָזן אונדזער שטאָט.״

„עטלעכע מאָל זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן די פאָרשלאָגן וועגן אויסטיילן סובסידיעס פאַר די יידישע פאָלקסשולן, וואָס עס פירן די אַרבעטער, און אין וועלכע עס לערנען זיך ביז 200 קינדער פון דעם אָרעמסטן שיכט פון דער באַפעלקערונג״.

„דעם אַנטיסעמיטיזם פון שטאָט־ראָט און מאַגיסטראָט באַווייזט בולט זייער שטעלונג צו די עקסצעסן פון 27טן מאַי 1919, ווי אויך דער פאַקט וואָס ביזן היינטיקן טאָג ווערט נישט באַשעפטיקט אין מאַגיסטראָט קיין איין יידישער אַרבעטער אָדער באַאַמטער״.

אין דער פראַגע פון וויטערדיקער עקזיסטענץ פון אַלטן שטאָט־ראָט און מאַגיסטראָט, פונקט ווי אין די אַנדערע וויכטיקע פאַלן, האָט זיך אויסגעבילדעט איין פראָנט פון די סאָציאַליסטישע ראָטמענער — פּוילישע און יידישע — קעגן איינהייטלעכן פראָנט פון די בירגערלעכע און רעאַקציאָנערע ראָטמענער פון ביידע נאַציאָנאַליטעטן.

נאָך דעם לאַנגן שטאָט־ראָט איז געקומען אַ קורצער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן זיין עקזיסטענץ אָנדערהאַלבן יאָר און איז אין מאַי 1927 פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן. אויף דער לעצטער זיצונג פאַרן פאַנאַנדערלאָזן אים איז אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע איבערגעלייענט געוואָרן אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער עס איז צווישן אַנדערן אָנגעוויזן געוואָרן, אַז הגם די אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט אַ מערהייט אין שטאָט־ראָט, האָט דאָך דער מאַגיסטראָט באַזאָרגט די אינטערעסן פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. דאָס איז מעגלעך געווען מחמת דעם וואָס די ניט־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־ריכטונגען, איבערהויפּט די כאַדעקעס, האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די פאַרשטייער פון די קאַפּיטאַליסטן. די כאַדעקעס (קריסטלעכע דעמאָקראַטן) זיינען אין אַלע ווירטשאַפטלעכע פראַגן געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער יידישער און פּוילישער בורזשואַזיע צום שאָדן פון די אַרבעטער־מאַסן.

### קאַמף פאַר דעמאָקראַטיזירן און פאַרוועלטלעכן די יידישע קהילה

אויפן באָדן פון טשענסטאָכאָוו זיינען געווען נאָך אייניקע עפנטלעך־רעכטלעכע אינסטיטוציעס, וואו די יידישע אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט דורך זייערע אויסדערוויילטע פאָרשטייער.

איינע פון זיי איז געווען די יידישע קהילה־אָנפירונג. די בונדיסטן האָבן אין קהילה־ראָט תמיד זיך באַמיט צו הויבן דעם מצב פון דער אינסטיטוציע. זיי האָבן דעריבער באַקעמפט די אומאָרדענונג און אָפּגעלאָזנקייט, די תקיפות און איינזייטיקייט און אַנדערע שלעכטע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך יידישע קהילות אין פּוילן. די בונדישע פאָרשטייער האָבן זיך באַמיט צו פאַרוואַנדלען די קהילות אין אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן דינען די אָרעמע פאָלקס־שיכטן, העלפן זייער קולטורעלע אַנטוויקלונג און באַפרידיקן אויך זייערע אַנדערע הצטרכותן, ווי דאָס געזונטהייטוועזן, הילף אין אַ נויט אד״ג.

אָרום דעם איז געפירט געוואָרן אַ ביטערער קאַמף מיט דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט געוואָלט, אַז די קהילה זאָל זאָרגן בעיקר פאַר די רעליגיעזע באַדערפענישן, ווי אויך מיט פאַרשיידענע תקיפים, וועלכע האָבן געוואָלט געוועלטיקן ביד חזקה — מיטן אייגענעם כוח אָדער מיטן כוח פון זייערע פּראָטעקטאָרן, די מאַכט־פאָרשטייער.

די בונדישע פרנסים האָבן זיך אויך באַמיט ביי אַנטשפּרעכנדע געלעגנהייטן צו באַהאַנדלען פראַגן פון אַלגעמיינעם יידישן אינטערעס. איינער פון אַזעלכע פאַלן איז געווען בעת די באַוואוסטע פּאָגראָמען אין רומעניע. אויף אַ זיצונג פון קהילה־ראָט, דעם 9טן יאַנואַר 1927, איז מצד אַ פאָרשטייער פון „בונד״ אַריינגעטראָגן געוואָרן אַזאַ פאָרשלאָג:

„דער טשענסטאָכאָווער קהילה־ראָט פּראָטעסטירט אויפן ענערגישסטן אופן קעגן דער כסדרדיקער פּאָליטיק פון דער רומענישער רעאַקציע, וואָס האָט געפונען איר לעצטן אויסדרוק אין די בלוטיקע אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין אַ ריי רומענישע שטעט. דער טשענסטאָכאָווער קהילה־ראָט פּראָטעסטירט קעגן דער שענדלעכער פּאָליטיק פון די בירגערלעך־רעאַקציאָנערע יידישע פּאַרטייען אין רומעניע, וואָס שטיצן די אַנטיסעמיטישע רומענישע רעגירונג און זיינען ביי די לעצטע וואַלן צום רומענישן פּאַרלאַמענט געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע. דער קהילה־ראָט פּראָטעסטירט אַמענערגישסטן קעגן יענע קריכערישע פּאָליטיקער ביי אונדז אין לאַנד, וואָס האָבן נישט איין מאָל אויסגעדריקט זייערע סימפּאַטיעס צו די פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרשטייער פון דער רומענישער רעאַקציע״.

**די בירגערלעכע מערהייט פון קהילה־ראָט האָט**

אָפּגעוואָרפן דעם בונדישן פאָרשלאָג און אָנגענומען אַן אייגענעם טעקסט פון אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע.

בכלל האָט דער „בונד" געקעמפט דערפאַר, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג זאָל דעמאָקראַטיזירט ווערן און מער זיך צוהערן צו די נויטן פון די ברייטע יידישע מאַסן און נישט ווערן קיין וועדקציע אין די הענט פון די כלי־קודש.

אין די וואַלן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין סעפּ־טעמבער 1936, האָט דער „בונד" באַקומען 478 שטימען און 2 מאַנדאַטן. די אויסגעקליבענע בונדישע פּרנסים זיי־נען דעמאָלט געווען אהרן פּרץ און ישראל יאַראָנאָווסקי.

אין פאַרשיידענע צייטן האָבן דעם „בונד" פאַר־טרעטן אין דער טשענסטאָכאָווער קהילה די טוער רפאל פּעדערמאַן, אהרן פּרץ, ישראל יאַראָנאָווסקי און משה בערקענשטאַט. דער לעצטער ראש־הקהל איז געווען יעקב ראָזנבערג, אַ געוועזענער בונדיסט.

אַחוץ אין שטאָט־ראַט און קהילה, האָט דער „בונד" אויך פאַרטרעטן די יידישע אַרבעטער אין דער קראַנקן־קאַסע — אַן אָבליגאַטאָרישע אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפט באַדינען מיט מעדיצינישער הילף אַלע אַר־בעטער און אָנגעשטעלטע. די בונדישע פראַקציע האָט צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבעטער־פאַרשטייער געפירט אַ קאַמף פאַר אויסבעסערן די אינסטיטוציע לטובת דער אַרבעטערשאַפט. באַזונדערס האָט די בונדישע פראַקציע געקעמפט דערפאַר, אַז די יידישע אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע זאָלן נישט באַעוולהט ווערן. אין שייכות מיט דעם האָט זי אויך געפאָדערט רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער יידישער שפּראַך אין דער קראַנקן־קאַסע און צו פירן די אויפקלערונג־אַרבעט אויך אין ייִדיש.

## 1־טער מאַי

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער יום־טוב — דער 1טער מאַי — האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פעסט־איינגעוואָרצלטער טראַדיציע צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּוילן. אין דעם טאָג האָט מען נישט געאַרבעט. אויף פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס — אין אַ סך שטעט צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער — איז געמאַכט גע־וואָרן אַ סך־הכל פון פאַרגאַנגענעם יאָר און עס זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן די נאָענטע און ווייטע אויפגאַבן. מער נאָך פון דעם טרוקענעם חשבון־הנפש איז געווען וויכטיק דער גייסט, וואָס האָט יענעם טאָג באַזעלט יעדן יידישן אַרבעטער — דעם יינגן ווי דעם אַלטן. ס'איז גע־ווען אַ טאָג פון כולו יום־טוב אין סאָציאַליסטישן זין.

אויך די טשענסטאָכאָווער יידישע אַרבעטער זיינען אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם. יאָר־יער־לעך האָבן זיי געפייערט דעם טאָג פון 1טן מאַי. וועגן דער פייערונג אין יאָר 1927 האָט געשריבן דאָס בונדישע וואָכנבלאַט אין טשענסטאָכאָוו, די „אַרבעטער־צייטונג" פון 6טן מאַי:

„פון זייערע נאָרעס, ענגע קעלערס און בוידעם־שטיבלעך האָט זיך אַרויסגעשיט די יידישע מאַסע. ס'זיי־נען געקומען די שניידער, שוסטער און אַנדערע אַרבעטער מיט זייערע באַמאַזאָלעטע הענט. ס'זיינען געקומען די טרעגער־אַרבעטער אין די שבתדיקע בגדים".

„די אויפקלערונג אַרבעט פון „בונד" האָט געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן. אומעטום זיינען נייע מענטשן געקומען אין די רייען פון סאָציאַליסטישן לאַגער. אַן אַ שיעור אַרבעטער האָבן זיך געשטעלט אין רשות פון זייער פּאַרטיי און געפאָדערט צו פירן זיי אין גאַס. מיט קנאה און פאַרוואונדערונג האָט דאָס בירגערטום געקוקט, ווי אַזוי עס מאַרשירן די יידישע אַרבעטער אין געשלאָסענע רייען, דורכגעווייקטע פון רעגן, וואָס האָט אַ גאַנצן פאַר־מיטאָג געגאָסן".

„מיט גרויס צופרידנקייט קען דער „בונד" שטאָל־צירן, אַז פון יאָר צו יאָר וואַקסן זיינע מחנות. אַלץ גרע־סער ווערן די קאַדרען, וואָס זאַמלען זיך צונויף אונטער זיינע פּליגל. דאָס האָט באַוויזן די היי־יעריקע דע־מאָנסטראַציע אין טשענסטאָכאָוו, וואו די גאַנצע אָרגאַני־זירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט דעמאָנסטרירט אונ־טער דער פאָן פון „בונד".

די דעמאָנסטראַציע גופא ווערט אַזוי באַשריבן אין דער „אַרבעטער צייטונג":

„צוערשט ווערט געטראָגן די הערלעכע בונדישע פאָן, דאַן די פאָן פון יידישן קולטור־אַמט, דערנאָך די פענער פון יוגנט־בונד „צוקונפט", די פענער פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען פון באַקלייד, האָלץ, פלייִשער, טראַנספּאָרט (וועלכע מאַרשירן דעם ערשטן מאָל מיטן „בונד"), דערנערונג, כעמיקאַליען. אונטער די פענער פון די פאַראיינען זיינען געגאַנגען די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין דער דעמאָנסטראַציע זיי־נען געטראָגן געוואָרן טראַנספּאַרענטן מיט אויפשריפטן: „מיר פאָדערן פּאָליטישע אַמנעסטיע"! „זאָל לעבן אַן אַרבעטער און פּויערים־רעגירונג"! „זאָל לעבן די נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע"! „זאָל לעבן דער 8 שעהדיקער אַרבעטס־טאָג"! „נידער מיט נאַכט־אַרבעט אין די בעקערייען"! און אַנדערע.

אין בונדישן דעמאָנסטראַציע־צוג האָבן זיך באַטיי־ליקט איבער 700 אַרבעטער. אַחוץ דער דעמאָנסטראַציע זיינען אויך פאָרגעקומען עטלעכע מיטינגען.

ענלעך האָבן אויסגעזען די 1טע מאַי־פייערונגען אין די ווייטערדיקע יאָרן. אין די דעמאָנסטראַציע־צוגן האָבן מאַרשירט נישט בלויז די אונטערגעוואַקסענע יוגנט, נאָר אויך עלטערע באַיאָרטע אַרבעטער, אַ טייל פון וועל־כע זיינען געווען אַקטיווע קעמפער קעגן רוסישן צאַ־ריזם.

דער „בונד" האָט כמעט שטענדיק דעמאָנסטרירט דעם 1טן מאַי צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער־אָר־גאַניזאַציעס. אייניקע מאָל זיינען יידישע אַרבעטער באַ־פאַלן געוואָרן דורך אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס בעת די געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס מיט די פּוילישע אַרבעטער. אין אַזעלכע פאַלן איז די גוט־אָרגאַניזירטע מיליץ פון

פּ. פּ. ס. געקומען צו הילף און געהאָלפן די יידישע אַר־בעטער פאַרטרייבן די כוליגאַנישע אָנפאַלער.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די פּוילישע רעגירונג, וואָס איז געוואָרן אַלץ מער און מער אַנטיסעמיטיש, אין אַ ריי שטעט נישט דערלאָזט צו קיין געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס פון פּוי־לישע און יידישע אַרבעטער. אַזוי איז אויך געווען אין טשענסטאָכאָוו. און ועל כולם האָט די מאַכט נישט דער־לאָזט צו קיין באַזונדערע גאַסן־דעמאָנסטראַציע פון די יידישע אַרבעטער. מען האָט דעריבער געמוזט אָפּקומען בלויז מיט מיטינגען, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם (ביז טויזנט מאַן), וואָס האָט אויסגעדריקט זיין צאָרן און פּראָטעסט קעגן דער האַנדלונג פון דער רעגירונג־מאַכט. אַזוי, למשל, איז געווען אין 1937 און אין די ווייטערדיקע יאָרן.

## יוגנט־בונד „צוקונפט"

דער „בונד" האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע יוגנט־באַ־וועגונג אין גאַנצן לאַנד. פון ערשטן מאָמענט אָן, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די יאָרן נאָך איר, ווען ס'האָט זיך אויספאַרמירט די באַנייטע בונ־דישע יוגנט־באַוועגונג, האָבן אויך אין טשענסטאָכאָוו יוגנטלעכע אַרבעטער זיך אָנגעהויבן זאַמלען אונטער דער פאָן פון „בונד". אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט, האָבן זיי אויך דאָ אָנגעקניפּט די איבערגעריסענע פעדים פון אַמאָליקן „קליינעם בונד" און געשאַפן אין יאָר 1919 אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט".

אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען געגרינדעט געוואָרן (אין יאָר 1922) יוגנט־סעקציעס, וואָס האָבן גע־האַט די אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר די עקאָנאָמישע אינטע־רעסן פון יוגנטלעכן אַרבעטער. אָנהויב 1925 האָבן עק־זיסטירט 3 יוגנט־סעקציעס — אין די פאַכן פון באַקלייד, האָלץ און בערשטער. דער יוגנט־בונד „צו־קונפט" האָט די יידישע אַרבעטער־יוגנט פּאָליטיש דער־צויגן, געהויבן איר קולטורעלן ניוואָ, געשאַפן פאַר איר אַ געזעלשאַפטלעכע היים און זי איינגעשלאָסן אין קאַמף, וואָס די גאַנצע אַרבעטערשאַפט האָט געפירט. די זעלבסט־בילדונג־קרייזן פון יוגנט־בונד „צוקונפט" זיינען פאַר די קינדער פון די אָרעמע יידישע גאַסן געווען ווי די אוני־ווערזיטעטן פאַר די רייכע זין און טעכטער. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אויך פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט עפנטלעכע פאָרלעזונגען און פאַרזאַמלונגען, צו וועלכע עס איז געקומען אַ גרויסער יוגנט־עולם. צווישן אַנדערן זיינען געווען אונטערנעמונגען אונטערן נאָמען „יוגנט־צייטונג אין לעבעדיקן וואָרט". די רעדנער און טוער זיי־נען געקומען פון דער יוגנט־מאַסע גופא. נישט איין טשענ־סטאָכאָווער יידישער אַרבעטער־טוער האָט זיין ערשטע געזעלשאַפטלעכע שול געהאַט אין יוגנט־בונד „צוקונפט".

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אַנטשטאַנען אַ בונ־דישע קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף" און אַ ספּאָרט־אָרגאַ־ניזאַציע „מאָרגנשטערן".

די בונדישע יוגנט איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער יוגנט און טיילמאָל איינ־געאָרדנט צוזאַמען מיט איר געמיינזאַמע אַרויסטרעטונ־גען. אַזוי, למשל, איז דעם 17טן יוני 1933 פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע פאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם קאַמף קעגן נאַציאָנאַליזם. עס איז געקומען אַ גרויסער יוגנט־עולם. אַלע זיינען געווען געקליידט אין בלויע בלוזעס און רוי־טע קראַוואַטן — וואָס איז געווען די אוניפאָרם פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט. איבער די קעפּ פון דער יוגנט האָבן געפלאַטערט רויטע פענער. די רעדעס האָט מען געהאַלטן אין צוויי שפּראַכן — פּויליש און יידיש. די יוגנט האָט געזונגען דעם פּוילישן אַרבעטער־הימן „טשער־וואָני שטאַנדאַר" (די רויטע פאָן) און דעם יידישן אַרבע־טער הימן — די שבועה פון „בונד". אַט־די מאַניפעס־טאַציע פון פּויליש־יידישער פאַרברידערונג און פון איינ־טערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט איז פאָרגע־קומען אין דער רעזידענץ פון פּוילישן קלעריקאַליזם, וואוהין עס האָבן יאָר־יערלעך עולה רגל געווען הונדער־טער טויזנטער קאַטאָליקן פון אַלע עקן לאַנד צום „בעל־מופתדיקן" בילד אין קלויסטער פון יאַסנאַ גורא.

צווישן די פאַרשיידענע טעטיקייטן, וואָס די בונ־דישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט געפירט, זיינען אויך גע־ווען זומער־לאַגערן און צוזאַמענפליען. וועגן איינעם אַזאַ זומער־לאַגער ווערט דערציילט אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג" פון 23טן אויגוסט 1936:

„ווי יעדעס יאָר, האָט אויך הייאָר דער יוגנט־בונד „צוקונפט" אָרגאַניזירט אַן אייגענעם זומער־לאַגער אין דער שיינער געגנט כשאַנסטאָוו הינטער טשענסטאָ־כאָוו. פון אָפּשפּאָרונגען און פרייוויליקע באַשטייערונגען פון חברים און פריינט איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן די נויטיקע סומע. האָט טאַקע אונדזער יוגנט פריילעך פאַרבראַכט אין אַ בונדישער חברישער סביבה אין איי־גענעם לאַגער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די חברים מ. לעדערמאַן און מ. קושניר. מונטער און קאַמפּס־לוסטיק זיינען אונזערע „צוקונפטיסטן" צוריקגעקומען און נעמען זיך מיט נייעם ברען צו דער אַרבעט".

די טשענסטאָכאָווער „צוקונפטיסטן" האָבן זיך באַ־טייליקט אין אַ ריי צוזאַמענפליען — אין לאַנד־מאַס־שטאַב אָדער אין ראַיאָן — וואָס דער יוגנט־בונד „צו־קונפט" האָט איינגעאָרדנט.

איין אַזאַ צוזאַמענפלי — אין יאָר 1935 — איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו גופא. אַחוץ פון טשענ־סטאָכאָוו האָבן אין צוזאַמענפלי זיך באַטייליקט „צוקונ־פטיסטן" פון זאַגלעמביע (בענדין, סאָסנאָוויץ, דאָמבראָ־ווע גור.), פּיעטרקאָוו, ראַדאָמסק און אַנדערע שכנותדיקע שטעטלעך. דער צוזאַמענפלי האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטאָט. דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט האָט געגעבן דעם שטאָטישן פּאַרק איינצואָרדענען אַ דע־

פּילאַדע. די פּוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט דורך אַ דעלעגאַציע זיך מיטבאַטייליקט.



יוגנט-בונד „צוקונפט"
דער צוזאַמענפלי אין שטאַטישן פּאַרק

די בונדישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן" איז אין טשענסטאָכאָוו געגרינדעט געוואָרן ערשט אין יאָר 1937. זומער 1938, צום יאָרטאָג פון דער גרינדונג, האָט דער „מאָרגנשטערן" זיך שוין געקענט באַווייזן מיט דערגרייכונגען. אין זאַל פון „מכבי" איז פאָרגעקומען אַ טורן־פעסט. דער דערפאָלג איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז מען האָט אים געמוזט אין אַ קורצער צייט אַרום איבער־חזרן. דאָס צווייטע מאָל איז דער טורן־פעסט פאָרגעקומען אין זאַל פון די פייערלעשער און ס'האָט דעמאָלט אויך געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער באַדייטונג פון ספּאָרט פאַר די יידישע אַרבעטער און יוגנט זלמן פרידריך — דער פאָרשטייער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון „מאָרגנשטערן" אין פּוילן. (זלמן פרידריך האָט דערנאָך געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ פון אַפּריל — מאַי 1943 און איז אין יענער צייט אומגעקומען).

אין 1939 האָט די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „מאָרגנשטערן" געציילט הונדערט מיטגלידער. אירע טוער האָבן אויך אויפגעשטעלט אָרגאַניזאַציעס און שכנות־דיקע שטעט, ווי סאָסנאָוויץ, ראַדאָמסק, זאַוויערטשע, קלאָבוצק און אַנדערע.

בראש פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע זיי־נען במשך פון אַ ריי יאָרן געשטאַנען יצחק סטאָפּניצער, זיסע צינצינאַטוס, הערשל פּראָזער, מאָטל קושניר, יאַד־זשע סטאָפּניצער, שמשון יאַקובאָוויטש, עליאַש שטייניץ, שמחה זילבערבערג א״אַ. דאָס זיינען אַלץ געווען טוער פון דער יוגנט גופא. בראש פון דער ספּאָרט־אָרגאַניזאַ־ציע „מאָרגנשטערן" זיינען געשטאַנען דער אַלטער בונ־דישער טוער אהרן פּרץ; הענריק לייזעראָוויטש — אַ גע־וועזענער טוער פון ס.ס., וועלכער איז אַריבער צום „בונד"; גערשאָנאָוויטש, קושניר און אַנדערע. מיט דער בונדי־שער קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף" האָבן אָנגעפירט די לערער ליבער ברענער, מעלמאַן, קרול, דער בונדישער טוער משה לעדערמאַן, איטקע לאַזאַר (בעת דער צוויי־טער וועלט־מלחמה אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַ־ציס אין וואַרשע) און אַנדערע.

## אַנטיסעמיטיזם און באָיקאָט

אין דער געדיכטער קאַטוילישער אַטמאָספער פון דער שטאָט, וואו גרויסע מאַסן־פאַנאַטיקער זיינען געווען פאַרנעבלט פון עקזאַלטירטקייט און אָבערגלויבן, האָבן די באַצילן פון אַנטיסעמיטיזם געהאַט אַ פּאַסיק אָרט זיך צו פרוכפּערן. האָט טאַקע טשענסטאָכאָוו געהערט צו יע־נע פּוילישע שטעט, וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען אינטענסיוו און אָנגרייפעריש. די ענדעקעס און די נאַראַ־לייט (פּוילישע פאַשיסטן) האָבן די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג געפירט אַ שטאַרקע באָיקאָט־קאָמ־פּאַניע און אָרגאַניזירט פאַרשיידענע אַנטי־יידישע עקס־צעסן.

אַזוי האָבן זיי אין 1937, אַ וואָך פאַר שבועות, פּראָ־קלאַמירט אַ פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע „פאַרן פּוילישן סוחר און האַנטווערקער". אַן אינטענסיווע באָיקאָט־אַקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין דער וואָך פון 2 ביזן 9 מאַי. עס זיינען דערשינען ספּעציעלע באָיקאָט־אויפרופן און פּלאַקאַטן. ביי די יידישע געשעפטן און קראָמען זיינען געשטאַנען פּיקעטן מיט גרינע אָרעם־בענדער און האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין פּוילישע קונים. די לאָזונגען זיי־נען געווען: „ווילסט נישט זיין קיין נאַר, קויף נאָר ביי פּאָליאַקן". „ווילסט נישט אונטערברענגען פּוילן, קויף נאָר ביי פּאָליאַקן".

פון צייט צו צייט האָבן די ענדעקעס דורכגעפירט אַנטי־יידישע דעמאָנסטראַציעס. בעת איין גאַסן־אַרויס־טרעטונג פון דעם מין — דעם 15טן אויגוסט 1938 — האָבן זיי געשריגן כאָראַל: „זשידזשי נאַ לאַטאַרניע, ניעך זגינאָן מאַרניע". (יידן הענגען אויפן לאַמטערן, זאָלן זיי



די בונדישע מיליץ אין טשענסטאָכאָוו
זיצט דער ערשטער פון רעכטס צו לינקס —אין דער צווייטער ריי — י. פּענדראַק

אומקומען עלנט). די ענדעקישע דעמאָנסטראַנטן זיינען אויך באַפאַלן ייִדן און אָנגעהויבן האַקן שויבן. ווען זיי זיינען אַריין אין דער ייִדישער געגנט, זיינען גרופּעס בונדיסטן אַרויס אין גאַס און פּאַריאַגט די כוליגאַנעס. עטלעכע זיינען דערביי צעבלוטיקט געוואָרן. ס'איז אָנגעקומען אַ סך פּאָליציי און צוריק „איינגעשטעלט אָרדענונג".

סוף 1937 האָבן פּוילישע אַרבעטער, סאָציאַליסטן־פּעפּעסאָווצעס, אָרגאַניזירט גרופּעס צום קאַמף קעגן די ענדעקישע פּיקעטן און זיי פּאַרטריבן פון גאַס.

## די פּוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג און איר סאָלידאַריטעט מיט די ייִדישע אַרבעטער

די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) איז געווען שטאַרק אין טשענסטאָכאָוו. איר גרויסער איינפלוס איז געקומען צום אויסדרוק ביי פּאַרשיידענע וואַלן און בעת מיטינגען און גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. זי איז געווען שטאַרק פּאַרטרעטן אין דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג, קראַנקן־קאַסע און אַנדערע אינסטיטוציעס.

דער „בונד" איז געשטאַנען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס זיינען געווען אַ סך פאַלן, ווען פּוילישע סאָציאַליסטן זיינען אַקטיוו אַרויסגעטרעטן קעגן דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע.

טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ נעסט פון קאַטוילישן קלעריקאַליזם און דאָס האָט נישט געקענט בלייבן אָן השפּעה אויף אַ געוויסן טייל פון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט. איז טאַקע אין דער שטאָט געווען פּאַרהעלטניסמעסיק גרויס די ווירקונג פון די כ. ד. (קריסטלעכע דעמאָקראַטיע) און נ. פּ. ר. (נאַציאָנאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי) — ביידע נאַציאָנאַליסטישע, אַנטי־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. די מערהייט פון די פּוילישע אַרבעטער איז נישט געגאַנגען מיט זיי. זי האָט געהערט בעיקר צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אַ פּיל קלענערער טייל — אויך צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. די פּ. פּ. ס. האָט שטענדיק געהאַט אַ גרויסע פראַקציע אין שטאָט־ראַט, הגם נישט קיין מערהייט. מיט די שטימען פון די ייִדישע סאָציאַליסטישע און אויך בירגערלעכע ראַטמענער זיינען עטלעכע מאָל געוויילט געוואָרן פּעפּעסאָווצעס אַלס פּרעזידענטן אָדער וויצע־פּרעזידענטן פון דער שטאָט.

אין די יאָרן, ווען די סאַנאַציע־רעגירונג האָט אָנגענומען אַ שאַרפן קורס קעגן דער אָפּאָזיציע, האָבן די רעפּרעסיעס זיך אויך געלאָזט פילן אין טשענסטאָכאָוו. ס'איז געווען אַ צייט, ווען די אָנהענגער פון רעגירונגרעזשים האָבן אָנגעהויבן נאָכמאַלפּעווען די מעטאָדן פון רוים און בערלין. דעמאָלט האָבן זיי באַזייטיקט אַלע סאָציאַליסטישע אָנגעשטעלטע פון מאַגיסטראַט און פון דער קראַנקן־קאַסע. רעפּרעסיעס זיינען אויך געווען קעגן „בונד", ווייל די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ לאָיאַליטעט־דעקלאַראַציע פאַר דער רעגירונג. דער בונדישער טוער רפאל פעדערמאַן, וועלכער איז געווען דער איינציקער ייִדישער אָנגעשטעלטער אין דער קראַנקן־קאַסע, איז באַזייטיקט געוואָרן פון זיין שטעלע. דערביי האָט מען אים געמאָלדן, אַז ער וועט קענען בלייבן, אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן פון זיין אָפּאָזיציאָנעלער שטעלונג צו דער רעגירונג.

די רעפּרעסיעס האָבן דערגרייכט דעם הויכפּונקט, ווען אַ באַנדע סאַנאַטאָרן, (אָנהענגער פון רעגירונג־לאַגער) איז באַפאַלן דעם פּאַרטיי־לאָקאַל פון פּ. פּ. ס. זיי האָבן אַרויסגענומען די רויטע פענער און זיי עפנטלעך פאַרברענט. ווי אַן ענטפער דערויף, האָט דער באַאַמטער פון מאַגיסטראַט יאַן קאָסטשעוואַ — אַן אַלטער פּעפּעסישער באַאַוויעץ — אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויף טוער פון דער סאַנאַציע (רעגירונג־לאַגער) און 6 מענטשן דערשאָסן. לסוף האָט יאַן קאָסטשעוואַ אַליין פאַרענדיקט זיין לעבן. אַזוי האָט אַן אַלטער פּוילישער רעוואָלוציאָנער אָפּגעווישט די חרפּה פון פאַרברענען די פענער פון זיין פּאַרטיי.

נישט בלויז מיט דער סאַנאַציע האָט די פּוילישע אַרבעטער־באַוועגונג געדאַרפט ביטער קעמפן, זי האָט עס אויך געמוזט טאָן מיט דער ענדעציע. נישט איינמאָל זיינען פּוילישע סאָציאַליסטן געקומען אין דירעקטן צוזאַמענשטויס מיט די ענדעקעס. איינער פון די בלוטיקע צוזאַמענשטויסן מיט די ענדעקעס איז פאָרגעקומען דעם 1טן מאַי 1937. די פּ. פּ. ס. האָט דאַן אַרויסגעפירט אין גאַס אונטער אירע פענער 12 טויזנט אַרבעטער. ווען דער צוג האָט פאַרביימאַרשירט פאַרן ענדעקישן לאָקאַל, זיינען פון דאָרט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פלאַשן מיט פאַרסמטע פליסיקייטן און עס זיינען געפאַלן שאָסן. די פּעפּעסאָווצעס האָבן געשטעלט אַ שאַרפן ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויפן ענדעקישן לאָקאַל און אים חרוב געמאַכט. פון די ענדעקעס איז איינער געפאַלן טויט און 11 זיינען געבליבן ליגן פאַרוואונדעטע. מצד דער פּעפּעסישער מיליץ זיינען געווען 2 לייכט און 2 שווער פאַרוואונדעטע.

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט וועגן אַקטיווע אַרויסטרעטונגען פון פּוילישע סאָציאַליסטן קעגן פּיקעטניקעס, וועלכע האָבן געפירט די באָיקאָט־אַקציע קעגן ייִדן. אויך אין אַנדערע פאָרמען האָבן זיי באַקעמפט די אַנטיסעמיטישע אַקציעס. אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג" פון 13טן אויגוסט 1938 איז איבערגעגעבן געוואָרן:

„אין אַ ריי גרעסערע פאַבריקן אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָן זיינען לעצטנס פאָרגעקומען פאַבריק־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע פאַרשטייער פון דער „ראַדע" האָבן צעטיילט די אויפרופן פון לאַנד־ראַט וועגן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און רעכט פון די ייִדישע מאַסן". (די „ראַדע" איז געווען די צענטראַלע שטאַטישע אָנפירונג פון די פראַפעסיאָנעלע פאַראיינען, פּוילישע און ייִדישע אין

טשענסטאָכאָוו; דער לאַנד־ראַט איז געווען די העכסטע אָנפירונג פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען אין פוילן. אין אַ ריי אַרבעטער־צענטרען האָבן אויך די פוילישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פאַרשפּרייט די אויפרופן פון לאַנד־ראַט קעגן אַנטיסעמיטיזם).

אין דער פוילישער הויפּט־שטאָט פון קאַטאָליציזם, אין דער פעסטונג פון קלעריקאַליזם און יידן־שנאה, האָבן פוילישע און יידישע אַרבעטער נישט איינמאָל אַרויסגעוויזן זייער אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. איינער פון די לעצטע אַקטן פון דעם מין, פאַרן קאַטאַסטראָפאַלן סעפּטעמבער 1939, איז געווען די יערלעכע שטאָטישע קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2טן אַפּריל 1939. אין פּרעזידיום איז צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די פוילישע אַרבעטער אויך געוויילט געוואָרן אַ פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער — רפאל פעדערמאַן. צווישן די 134 דעלעגאַטן פון 29 פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען זיינען געווען 23 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן פאָרטרעטן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען פון די יידישע אַרבעטער. אין דער נייער שטאָטישער צענטראַלער אָנפירונג, אין דער „ראַדע", זיינען אויך געוויילט געוואָרן 3 פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער — די בונדיסטן ישראל יאַראָנאָווסקי, משה בערקענשטאַט און מאָטל קושניר.

## די בונדישע אָרגאַניזאַציע און אירע מענטשן

דער „בונד" אין פוילן איז אין די לעצטע 5 יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג אומגעהויער אויסגעוואַקסן. ער האָט אויסגעברייטערט זיין השפּעה אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד און צוגעצויגן צו זיך די ברייטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן.

דער וואוקס און די אויסשפּרייטונג פון דער בונדישער באַוועגונג האָט זיך אויך געלאָזט מערקן אין טשענסטאָכאָוו. די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז געווען אַרומגעוואַקסן מיט פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו באַפרידיקן אַ ריי באַדערפעניש פון אַרבעטנדיקע שיכטן און דינען מיט אַלץ וואָס איז מעגלעך אין זייער נויט. די בונדישע אָרגאַניזאַציע, אַליין אַ פאַראייניקונג פון דעם פאָרגעשריטענעם און באַוואוסטזיניקן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פאָלקס־אינטעליגענץ, איז געווען גלייכצייטיק אַ דינער און וועג־ווייזער פון די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן.

די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן וואַרעם געענטפערט, ווען דער „בונד" האָט זיי גערופן צו פּאָליטישע אַקציעס און אַרויסטרעטונגען. אין די לעצטע יאָרן פאַר 1939 האָט דער „בונד" אַליין גערופן אָדער איז געווען דער איניציאַטאָר פון גרויסע פּאָליטישע סטרייקן קעגן דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע אין לאַנד. ער האָט גערופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַרויסצוטרעטן און זי האָט מיט אויסערגעווייניכער סאָלידאַרישקייט די פּראָטעסט־סטרייקן דורכגעפירט. טשענסטאָכאָוו איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם.

איינער פון די דאָזיקע סטרייקן, דעם 19טן אָקטאָבער 1937, אַ האַלב־טאָגיקער פּראָטעסט־סטרייק קעגן איינפירן געטאָ־בענק אין די הויכשולן, האָט אַזוי אויסגעזען:

אַלע יידישע וואַרשטאַטן, אַלע יידישע געשעפטן, געוועלבער זיינען געווען געשלאָסן. אין אַלע פאַכן אָן אויסנאַם האָבן די יידישע אַרבעטער געסטרייקט. אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואו עס האָט געאַרבעט אַ געמישטער פּערסאָנאַל פון פוילישע און יידישע אַרבעטער, האָבן די פוילישע אַרבעטער אויך פאַרסטרייקט אַלס צייכן פון סאָלידאַריטעט מיט זייערע יידישע חברים. אין אַ ריי אַנדערע פאַבריקן האָבן פוילישע אַרבעטער פאַרסטרייקט אויף אַ שעה צייט. פאָלגנדיקע פאַבריקן מיט פוילישע אַרבעטער האָבן געסטרייקט: האַראָוויטש, וואולקאַן, קאָסמאָס 1 און 2, סטאַל. אין די דאָזיקע פאַבריקן האָבן פוילישע אַרבעטער געהאַלטן קורצע רעדעס וועגן דער באַדייטונג פון פּראָטעסט־סטרייק. נישט געקוקט דערויף וואָס דער מיטינג פון „בונד" איז געווען פאַרבאָטן, האָבן דאָך צום הויף פון פּאַרטיי־לאָקאַל געשטראָמט טויזנטער סטרייקנדיקע. די גאַסן אַרום זיינען געווען שוואַרץ פון דער ריזיקער מענטשן־מאַסע. פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט דעם הויף און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. דאָך האָט דער עולם זיך געזאַמלט אויף די אַרומיקע גאַסן. בעתן פאַנאַנדערטרייבן די פאַרזאַמלטע האָט פּאָליציי אַרעסטירט עטלעכע יוגנטלעכע. שפּעטער האָט מען די אַרעסטירטע באַפרייט. אין סטרייק האָבן זיך באַטייליקט העכער 15 טויזנט מענטשן. אין אַלע „פּאָווש עכנע" מלוכהשע פאָלקס־שולן פאַר יידישע קינדער ווי אויך אין די חדרים האָבן די קינדער אויך געסטרייקט. פאַר פיר שולן זיינען געווען אַרויסגעהאַנגען גרויסע פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „מיר פּראָטעסטירן קעגן די געטאָ־בענק". („נייע פאָלקס־צייטונג", 20 אָקטאָבער, 1937).

אין זעלבן יאָר, סוף 1937, איז אויף אַן אימפּאָזאַנטן אופן געפייערט געוואָרן דער 40־יעריקער יובל פון „בונד". צו דער פייערלעכער פאַרזאַמלונג זיינען געקומען 500 מענטשן.

אין פּרעזידיום פון דער פאַרזאַמלונג איז געזעסן דער וועטעראַן פון דער בונדישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו — אהרן פּרץ, דער שליח פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין פוילן — אינזשיניער אברהם בלום (אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געוואָרן אַ לעגענדאַרע פיגור אין וואַרשעווער געטאָ, איינער פון די זיילן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, — אומגעקומען נאָכן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, (1943), אין וועלכן ער האָט געשפּילט אַ פירנדיקע ראָל); עס זיינען אויך געזעסן אין פּרעזידיום פאָרשטייער פון די פוילישע אַרבעטער (פּ. פּ. ס. און „ראַדע" פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען).

אין נאָמען פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס. האָט

באַגריסט דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער טוער יוזעף קאַזשמיערטשאַק, וועלכער האָט אין אַ שאַרפער רעדע געשילדערט די לאַגע אין לאַנד און דערקלערט, אַז די פּוילישע אַרבעטער וועלן נישט אָפּשטיין אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

אין נאָמען פון יוגנט־בונד „צוקונפט“ האָט גערעדט מאָטל קושניר. ער האָט דעם „בונד“ צום יובל געבראַנגט אַ מתנה — 25 מיטגלידער פון יוגנט־בונד „צוקונפט“ זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער פּאַרטיי.

אין נאָמען פון צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע אַרבעטער האָט גערעדט ישראל יאַראָנאָווסקי. עס זיינען געוועזן רעדעס און באַגריסונגען פון נאָך אַ ריי יידישע און פּוילישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי אויך פון דער „ראַדע“ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייַנען, פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער קולטור־אָרגאַניזאַציע „טור“ און פון דער פּעפּעסישער פרויען־אָרגאַניזאַציע.

דער פייערלעכסטער אַקט איז געוועזן דאָס איבערגעבן דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ אַ יובל־פאָן. דעם אַקט פון איבערגעבן די פאָן האָט דורכגעפירט דער שליח פון צ. ק. איבערנעמענדיק די פאָן פון ח׳ בלום, האָט ח׳ ישראל יאַראָנאָווסקי דערקלערט, אַז די טשענסטאָכאָווער בונדיסטן וועלן טריי דינען די אידעאַלן פון „בונד“ און וועלן די רויטע פאָן פון האַנט נישט אַרויסלאָזן.

הונדערט יינגלעך און מיידלעך פון יוגנט־בונד „צוקונפט“ האָבן אַריינמאַרשירט, אָנגעטאָן אין בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן. 25 פון זיי האָבן זיך געשטעלט אין די רייען פון דער פּאַרטיי און אין זייער נאָמען האָט גערעדט ליבער סעגאַל. ער האָט אָפּגעגעבן אַ שבועה פון טרייהייט אָן גרענעצן צום „בונד“. דער פאָרשטייער פון צ. ק. אברהם בלום האָט דערנאָך געהאַלטן אַ גייסטרייכע רעדע וועגן 40 יאָר „בונד“.

די יאָרן אַרבעט און קאַמף, די אַריינגעלייגטע מי און די קרבנות זיינען נישט געוועזן אומזיסט. די יידישע אַרבעטער זיינען געוואָרן אַ קראַפט, אַ באַוואוסטזיניקער שאַפנדיקער קאָלעקטיוו, וואָס גייט מיט אַ קלאָרן בליק און זיכערן טראָט צו זיינע צילן.

פאַרשיידנאַרטיק זיינען געוועזן די מענטשן, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די בונדישע באַוועגונג אין טשענסטאָכאָווו: פון אַ דיפּלאָמירטן אינטעליגענט ביז אַ טרעגער, פון אַ ברויזנדן יוגנטלעכן ביז אַ זקן מיט אַ גרויען קאָפּ, פון הויך־געבילדעטע מענטשן ביז אַנאַלפאַבעטן, זין פון די מיוחסדיקע משפחות ביז קינדער פון די הינטערגעסלעך. זיי אַלע האָט אָבער פאַראייניקט איין און דער זעלבער אידעאַל, זיי זיינען אין דער באַוועגונג איבערגעשמאָלצן געוואָרן און געשאַפן פון זיך איין האַרמאָנישע גאַנצקייט — דעם „בונד“ אין טשענסטאָכאָווו. הונדערטער און הונדערטער האָבן יאָר־איין יאָר־אויס במשך פון 40 יאָר צייט די באַוועגונג געבויט און ווייטער אַנטוויקלט. ס׳איז אוממעגלעך אַלע אויסצורעכענען, בלויז אַ פּאָר וועלן מיר דאָ דערמאָנען.

אהרן פּרץ. אַ קרוב פון גרויסן יידישן שרייבער י. ל. פּרץ. אין „בונד“ געוועזן טעטיק נאָך פון 1905 און אָן איבעררייס געטריי געדינט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג פאַרטרעטן דעם „בונד“ אין דער קהילה. אַ סך געאַרבעט פאַרן הויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די יידישע מאַסן אין טשענסטאָכאָווו. ער איז געוועזן זייער באַליבט אין שטאָט. פון פאַך אַ דענטיסט. ער איז שטענדיק געוועזן גרייט צו העלפן נויטבאַדערפטיקע. אין דער לעצטער צייט פאַרן צווייטן וועלטקריג געוועזן בונדישער ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט און פאָרזיצער פון דער שול־אָרגאַניזאַציע; איז ווייטער אַקטיוו אין „בונד“.

משה לעדערמאַן. פון פאַך אַ געגריוועטער שוסטער. שוין אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוועזן טעטיק אין „בונד“. געוועזן לאַנגע יאָרן אַ מיטגליד פון בונדישן קאָמיטעט און אַ וויכטיקער טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. זינט 1935 געוועזן טעטיק אין לאָדזש ביי די באַקלייד־אַרבעטער, צווישן וועלכע ער איז געוועזן שטאַרק באַליבט. אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג געוועזן אַ מיטגליד פון לאָדזשער אונטערערדישן קאָמיטעט פון „בונד“. איבערגעהאַלטן די גאַנצע צייט אין לאָדזשער געטאָ און איז איצט ווידער אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָווו.

יצחק סטאָפּניצער. אַ היטל־מאַכער. פון די קינדער־יאָרן אָן געוועזן אַקטיוו אין יוגנט־בונד „צוקונפט“. לאַנגע יאָרן געוועזן פאָרזיצער פון דער „צוקונפט“־אָרגאַניזאַציע און הויפּט־פירער פון דער יוגנט־סעקציע פון באַקלייד־פאַראיין. ער האָט אויך גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין די שטעטלעך פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָן. מיט ראַט און טאַט האָט ער געדינט די „צוקונפט“־אָרגאַניזאַציעס פון דער אַרומיקער געגנט. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַזעצט אין בענדין, וואו ער איז געוועזן אַן אָנגעזעענער טוער פון דער פּאַרטיי און יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זיין ווייטערדיקער גורל איז נישט באַקאַנט.

מאָטל קושניר. אַ שניידער־אַרבעטער. לאַנגע יאָרן געוועזן אַ טוער פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אַ גוטער רעדנער. שפּעטער געוועזן דער סעקרעטאַר פון באַקלייד־פאַראיין. בעת דער לעצטער מלחמה דורכגעמאַכט אַלע פּיין אין געטאָ און לסוף פאַרשלעפּט געוואָרן אין דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען. נאָך דער באַפרייאונג זיך צוריקגעשטעלט צו דער בונדישער אַרבעט אין טשענסטאָכאָווו.

„קאַרל מאַרקס“ — אַזוי האָט מען אים גערופן צוליב זיין אויסערלעכן אויסזען, צוליב זיין קאָפּ האָר און באָרד, וואָס האָט אים געמאַכט שטאַרק ענלעך צום פּנים פון קאַרל מאַרקס. דאָס איז געוועזן אַן עלטערער מענטש, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינ־

לעכער געטריישאַפט און צוגעבונדנקייט צו דער פּאַרטיי. כאָטש ער איז געווען אָרעם, איז ער דאָך שטענדיק געווען דער ערשטער איינצוצאָלן ביים אַדורכפירן באַשטייערונגען. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט קיין בונדישע פאַרזאַמלונג און דעמאָנסטראַציע, אַזוי ווי אַ הייסער פרומער ייד קען נישט פאַרפעלן צו דאַוונען מיט אַ מנין.

וואָלפאָוויטש. אַן עלטערער מענטש, אַ בעקער־אַרבעטער. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צום „בונד״ און צום פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. ער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד און ממש אַ רעליגיעזע באַציאונג האָט ער אַרויסגעוויזן צו די אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע ער האָט געהערט. אַ סטרייק איז פאַר אים געווען אַ הייליקטום און צו אַ סטרייק־ברעכער האָט ער זיך באַצויגן ווי צו אַ גאָט־לעסטערער. ער האָט גאָרנישט געקענט משיג זיין ווי אַזוי מ׳קען זיך אַרויסברעכן פון אחדות. וואָלפאָוויטש איז געווען אַ מטופּל מיט 9 קינדער. בעת אַ סטרייק איז אין דער היים געוואָרן אַ הונגער. דאָס ווייב און די קינדער זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן און געמאָנט עסן. דער אַלטער בעקער־אַרבעטער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט, חלילה, נישט קענען ביישטיין דעם נסיון און זיך איינברעכן. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער נישט אַהיימגיין און נעכטיקן אין לאָקאַל פון „בונד״.

אברהם ראָזענבלאַט. אויך אַ בעקער־אַרבעטער. אין „בונד״ געווען טעטיק נאָך פון 1905. ער האָט געהערט צו דער „אייזערנער גוואַרדיע״ פון „בונד״. געשטאַמט האָט ער פון די נידעריקע שיכטן. אַ געלייטערטער און דערהויבענער האָט ער זיין גאַנצע נשמה אַוועקגעגעבן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געווען זייער באַליבט צווישן די אַרבעטער און פלעגט אָפט געשיקט ווערן קיין וואַרשע אויף צוזאַמענפאָרן פון דער פּאַרטיי אָדער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

ישראל יאַראָנאָווסקי. אַ פלייש־אַרבעטער.

ישראל יאַראָנאָווסקי. אַ פלייש־אַרבעטער. אויך ער איז געקומען צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון די נידעריקע שיכטן און זיך דערהויבן צו אַ מאָראַלישער הויך, פון וועלכער ער האָט שוין מער נישט אַראָפּגענידערט. דאָס פליישער־פאָך, און באַזונדערס די באַשעפטיקונג ביי כשר פלייש, האָט געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר פעטע נישט־כשרע פאַרדינסטן. אַלס פירער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין איז ער געווען אַ שומר פון ריינקייט און ערלעכקייט. ער איז געוואָרן אַ געאַכטעטער אַרבעטער־טוער און לסוף — פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און פּרנס פון דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו. די יידישע און פּוילישע דערנערונגס־אַרבעטער פון שטאָט האָבן אים פיל מאָל אויסגעוויילט אַלס זייער דעלעגאַט צו די לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די דערנערונג־אַרבעטער. ביי פאַרשיידענע שווערע געלעגנהייטן האָט ער אַרויסגעוויזן כאַראַקטער־פעסטקייט און באַרעכטיקט דעם צוטרוי צו אים. אויך אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין געטאָ, אונטער דער שרעקלעכער ממשלה פון די נאַצי־מערדער, איז ער געווען צווישן די פירער פון דער געהיימער באַוועגונג. ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין די צוגרייטונגען צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. ווען די נאַציס זיינען אים געקומען אַרעסטירן, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון 2טן שטאָק און צעבראָכן אַ פוס. ער איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט און אומגעקומען.

משה און רייזעלע בערקענשטאַט. מאַן און ווייב. ער אַ לעדער־אַרבעטער, זי אַ לערערין.ביידע זיינען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַריינגעטרעטן אין דער ס. ס.־אָרגאַניזאַציע און פון 1922 זיינען זיי געווען אַקטיווע טוער פון „בונד״. משה איז געווען אַ קינד פון אָרעמע עלטערן. אין אים האָט שטענדיק געלויכטן אַ וויזיע פון אַ שענער לעבן. נישט געקוקט אויף די שווערע אומשטענדן, האָט דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פּשוטקייט און צאַרטקייט, קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם גוטן שמייכל פון זיינע ליפּן. יאָרן לאַנג איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון אונטערערדישן „בונד״. דעם 6טן יוני 1941 האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט אים און זיין פרוי און זיי שרעקלעך געפּייניקט בעת די אויספאָרשונגען. משה בערקענשטאַט איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, וואו ער איז אומגעקומען.

רייזעלע פייערטאָג־בערקענשטאַט איז געווען אַ קינד פון דער „יאַטקע־גאַס״, אַ פליישערס אַ טאָכטער. איר סביבה פון האַרעפּאַשנע מענטשן האָט איר נישט געשטערט צו דערווערבן פאַר זיך אַ סך וויסן און אַ הויכע אינטעליגענץ. אַמבעסטן האָט זי זיך געפילט אין דער וועלט פון געדאַנקען און ביכער. זי איז געוואָרן אַ פּרעבליסטין און איז געווען איינע פון די גרינדער פון דער י. ל. פּרץ קינדער־היים. אין די וועלטערדיקע יאָרן איז זי געווען די ביבליאָטעקאַרין פון דער מעדעם־ביבליאָטעק, די זעלבע פונקציע האָט זי אויך אויסגעפירט קנאַפּע 2 יאָר אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. צו איר אין שטוב האָט מען איבערגעטראָגן די 20 טויזנט ביכער און איבער טויזנט מענטשן האָבן פון איר געהיים גענומען ביכער צו לייענען. צוזאַמען מיטן מאַן האָט מען זי אַרעסטירט און געפּייניקט. לסוף האָט די טשענסטאָכאָווער בונדיסטן זיך איינגעגעבן זי אַרויסצורייסן פון די נעגל פון געסטאַפּאָ. זי איז שפּעטער אומגעקומען.

דער „בונד״ איז געווען אַ ווירקלעכער קווער־שניט פון דער יידישער מאַסע אין טשענסטאָכאָוו, אַ זאַמלפּונקט פאַר אַלע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט איינשפּאַנען אין שווערן עול פון דינען דער זאַך פון באַפרייאונג פון אַלע אונטערדריקטע און באַעוולהטע.

דער לעצטער קאָמיטעט פון „בונד״ פאַר סעפּטעמבער 1939 איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים: **ישראל**



א. פרץ
מיט פאַמיליע



דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד"
מיט יוסף אַראָנאָוויטש (שטייט אין דערמיט)



הערשל פריימאַן
מיט פאַמיליע



משה בערקענשטאַט



רייזעלע בערקענשטאַט



משה לעדערמאַן



חנך פעפער



זלמן טענענבערג



מאָטיל קושניר

יאַראָנאָווסקי — פאַרזיצער; משה בערקענשטאַט — סעקרעטאַר. די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען געווען: משה טוכמייער, מאָטל קושניר, רייזעלע בערקענשטאַט, אברהם ראָזענבלאַט, יצחק ראָזענפעלד און ל. ברענער.

אין פאַרשיידענע יאָרן זיינען נאָך געווען אין קאָמיטעט די חברים יוסף אַראָנאָוויטש, רפאל פעדערמאַן, אברהם פרידמאַן, הערשל פריימאַן (געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַציס דעם 4טן יאַנואַר 1943), הענעך פעפער (לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר), משה לעדערמאַן, דוד קלין און אַ ריי אַנדערע.

די מערהייט פון אַלע טוער און מיטגלידער, וועלכע האָבן אויף לעבן און טויט זיך פאַרבונדן מיט די אידעאַלן פון „בונד", זיינען אומגעקומען אין טשענסטאָכאָווער געטאָ, אין פאַרשיידענע אַנדערע געטאָס אָדער אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. בלויז אַ קליינער גרופּע איז געלונגען איבערצוהאַלטן די שבעה מדורי פון נאַצישן גיהנום און פאַרזעצן די אַרבעט אין נייעם, באַפרייטן פוילן.



דער טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד" אין 1929
שטייען פון רעכטס צו לינקס: משה טוכמייער, ז. צינציגאַטוס, ב. צינציגאַטוס, ל. קאַמינסקי, אַ ראָזענבלאַט, זילבערבערג.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: פרוי פון ז. צינציגאַטוס, ר. פעדערמאַן, ח. האַלבערג־צינציגאַטוס, משה לעדערמאַן, ח. לעדערמאַן.
ביים בילד פון ב. מיכאַלעוויטש — פון רעכטס: שמשון יאַקובאָוויטש; פון לינקס: יצחק סטאָפּניצער.

---

יעקב קענער

# לינקע פועלי־ציון

דער אָנהייב פון דער טעטיקייט פון אַ פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו געפאַלט אין זומער 1904. אירע ערשטע טוער זיינען געווען: שמעון וואַלדפאַגעל, אַ שניידער־אַרבעטער, וואָס האָט געשטאַמט פון דאָרף קזשיוויאַניצע, נעבן שכנותדיקן שטעטעלע סולמעזשיצע; מאיר, אַן אַרטיקער שניידער־געזעלן, וואָס האָט



אַ גרופּע פון די ערשטע פועלי־ציוניסטן
שטייען פון רעכטס צו לינקס: דוד באַזשיקאָווסקי, מ. בערמאַן, י. וואַרשאַווסקי.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: משה צעשינסקי, מ. מאָנטאַג.

געאַרבעט מיט שמעונען אין איין וואַרשטאַט און משה צעשינסקי, אַ זון פון באַלעבאַטישע עלטערן, וואָס האָט, ווי מען פלעגט זיך דעמאָלט אויסדריקן, „געהאַלטן מיט די אַרבעטער".

די נשמה פונעם דאָזיקן דריילינג איז אָבער געווען שמעון וואַלדפאָגעל, וואָס האָט לשם קאָנספּיראַציע אין די אַרבעטער־קרייזן געהייסן „פייגעלע". שמעון האָט זיך שוין פון פריער געהאַט אָנגעלעזן מיט אַ סך אומלעגאַלע בראָשורן און אים האָט שטאַרק געצויגן צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין חשק צוצושטיין נישט צום „בונד" און נישט צו די ס"ס (טעריטאָריאַליסטן־סאָציאַליסטן), ווייל דיביידע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס האָבן שוין עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו פון פריער, האָבן נישט געהאַלטן פון ארץ־ישראל. בעת ער, שמעון, האָט נאָך אַלס 14 יאָריק יינגל, ווען ער האָט געאַרבעט אין ראַדאָמסק און איז געווען אַ מיטגליד פון אַ ציוניסטישער ביבליאָטעק, שוין געחלומט וועגן פאָרן קיין ציון.

זאַלבעדריט האָבן די אויבנדערמאָנטע פּיאָנערן פון פועלי־ציוניזם אין טשענסטאָכאָוו, אָנגעהויבן צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידעען פון דער פּאַרטיי אויף דער אַרבעטער־בירזשע, ביז זיי האָבן געשאַפן דריי אַזעלכע

קרייזלעך צו 10 מאַן און יעדער פון זיי האָט אָנגעפירט מיט אַזאַ געהיימן קרייזל. פון די באַזונדערע קרייזלעך איז אַרויסגעוואַקסן די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין 1905 שוין געציילט איבער הונדערט אַרבעטער און אַרבעטאָרינס.

ווי די י י נ ג ס ט ע אָרגאַניזאַציע, האָט זי זיך נישט געקענט פאַרמעסטן אין כוחות מיט די צוויי עלטערע און פון פריער שוין פאַרפעסטיקטע אין טשענסטאָכאָוו אָרגאַניזאַציעס — אָבער מען האָט זיך אין שטאָט גערעכנט מיט איר, און ביי פּאָליטישע שטרייקס, ביי גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, וואָס זיינען אין יענער תקופה אַזוי אָפט פאָרגעקומען, האָט פּועלי־ציון געהאַט אירע פאַרשטייער אין די אַלגעמיינע שטרייק־קאָמיטעטן. ביי די גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון 1905 האָבן שוין הונדערטער יידישער אַרבעטער מאַרשירט אונטער דער פּועלי־ציון־פאָן איבער די טשענסטאָכאָווער גאַסן, מיט שמעון וואַלדפאָגעל בראש אַלס פאָנען־טרעגער.

## אין דער צייט פון דער רעאַקציע

דער דורכפאַל פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע אין 1905 האָט מיט זיך געבראַכט רדיפות אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג מצד דער צאַרישער מאַכט און די מער באַקאַנטע טוער פון אַלע ריכטונגען האָבן געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. משה צעשינסקי איז אַוועק קיין ווין (עסטרייך) און פון דאָרט קיין אַמעריקע. שמעון וואַלדפאָגעל איז אַוועק קיין דייטשלאַנד און פון דאָרט קיין פּאַריז, וואו ער האָט געאַרבעט ביי שניידעריי און איז געווען טעטיק אין דער דאָרטיקער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג.

אין טשענסטאָכאָוו, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט פון פּוילן, האָט דערווייל די אַרבעטער־באַוועגונג איבערגעלעבט אַ תקופה פון שטילשטאַנד. די צאַרישע רעאַקציע האָט געבושעוועט און די אַרבעטער־מאַסן האָבן צונויפגעוויקלט זייערע פאָנען, אָפּלייגנדיק זייער אָפענעם קאַמף אויף אַן אַנדערער צייט.

באַזונדערס איז איינגעשרומפּן געוואָרן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גרויסע פאַבריקן אַלס איר טעטיקייטס־באַזע. אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געציילט אין די טויזנטער, זיינען אין יענע יאָרן רעדוצירט געוואָרן צו עטלעכע צענדליקער, און פון הונדערטער זיינען געוואָרן קליינע גרופּן. דעם זעלביקן גורל האָט אויך געהאַט די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז שטאַרק איינגעשרומפּן געוואָרן — אָבער דאָך געווען טעטיק אונטער דער אָנפירונג פון דעם יונגן משה אַדערבערג. סוף כל סוף האָט אויך ער געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

באַלד דערנאָך איז אויך אַוועק קיין אַמעריקע די חברטע יעטע גריי, וואָס איז איצט טעטיק אין דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.

דער חבר משה אַדערבערג געפינט זיך איצט אין שיקאַגאָ און איז זינט צענדליקער יאָרן דער פירער פון דער לינקער אָרטיקער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. ער האָט פאַר זיין אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו באַוויזן אַזוי צו פאַרפעסטיקן און צו פאַרוואָרצלען דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן און דעם אידעאישן קערן פונעם פּועלי־ציוניזם אין זיין היימשטאָט, אַז ווען שמעון וואַלדפאָגעל איז אין 1913 צוריקגעקומען פון פּאַריז קיין טשענסטאָכאָוו, איז אים מעגלעך געווען צו פאַרווענדן זיינע דערפאַרונגען פון דער מערב ־ אייראָפּעאישער אַרבעטער ־ באַוועגונג און ווידער אויסצובויען אַ שטאַרקע פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע.

אין דער ערשטער ריי האָט ער זיך פאַרנומען מיט גרינדן אומלעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען און גלייכצייטיק, אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, צוריק אויפגעשטעלט די פּאָליטישע פּאַרטיי־גרופּן. שמעון וואַלדפאָגעל איז אין טשענסטאָכאָוו צוריק געוואָרן דאָס אַמאָליקע „פייגעלע", וואָס איז געפלויגן פון איין פאַרזאַמלונג צו דער צווייטער, פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, און אומעטום געמונטערט און געוועקט די מאַסן צו פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג און צו פּאָליטישער אַקטיוויטעט. ער האָט אויפגעוועקט די „אָפּגעשטאַנענע" און צונויפגעקליבן די צוריקגעקומענע פון צאַרישע פאַרשיקונג און געזאַמלט אַרום זיך די קאַמפּגרייטע. אַזוי איז דאָס געגאַנגען ביז דעם ערשטן אויגוסט פון 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און דאָס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט ווידער געכאַפּט אַ קלאַפּ.

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

אין 1915, ווען פּוילן איז געווען אָקופּירט פון די דייטשישע און עסטרייכישע חיילות, זיינען די געזעלשאַפטלעכע כוחות גיך געקומען צו זיך פונעם פּלוצלונגען קלאַפּ, וואָס זיי האָבן געכאַפּט פונעם מלחמה־אויסברוך. די דריגענדיקסטע אויפגאַבע אין יענער צייט איז געווען דער קאַמף קעגן הונגער און עפּידעמיעס, וואָס די מלחמה האָט פאַרשפּרייט. שמעון וואַלדפאָגעל האָט דעמאָלט אָנגעווענדט זיין גאַנצע ענערגיע צו אָרגאַניזירן די הילף־אינסטיטוציעס פאַר די יידישע מאַסן און מיט דער אונטערשטיצונג פון די איבעריקע פּועלי־ציון־חברים אין טשענסטאָכאָוו איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַן „אַרבעטער־היים", וואָס איז, אגב, געווען די ערשטע יידישע „אַרבעטער־היים" אין גאַנץ פּוילן, ביי וועלכער עס האָט אַ גאַנצן טאָג פונקציאָנירט אַן אומזיסטיקע טיי־האַלע און אַ ביליקע פאָלקס־קיך.

די טיי־האַלע און די פאָלקס־קיך זיינען אָבער געווען אַ סך מער ווי אַ לאָקאַל פון באַשפּייזונג. זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָליטישע און קולטורעלע קלובן פון דער אָרטיקער יידישער אַרבעטערשאַפט און זיי האָבן

אויך געדינט ווי אַ מוסטער פאַר דער איבעריקער פּוילישער פּראָווינץ. דאָרט האָבן זיך די אַרבעטער געזאַמלט און צווישן זיך דיסקוטירט די אַקטועלע מלחמה־נייסן און די נאָך־מלחמהדיקע פּראָבלעמען. דאָרט האָבן געפונען שוץ פאַרוואָגלטע און היימלאָזע יידישע פאַמיליעס פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך. דאָרטן, אין דער פּועלי־ציוניסטישער „אַרבעטער־היים" האָט זיך טאָג־טעגלעך אויסגעשמידט דאָס פּאָליטישע באַוואוסטזיין פון דער יידישער מאַסע. אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַרן שפּעטערדיקן אויפבלי פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען דער דייטשישער אָקופּאַנט איז פאַרטריבן געוואָרן פון דער פּוילישער ערד, זיינען תיכף אַרויסגעשוואומען אויף דער געזעלשאַפטלעכער אויבערפלאַך די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן מיט זייערע פאַרשיידנערליי פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס.



די פאַרוואַלטונג פון די פּועלי־ציון קאָאָפּעראַטיוו
שטייען פון רעכטס צו לינקס: א. גאָטליב, ל. זיידמאַן, י. גאָטליב, וו. לאַנדסמאַן, ס. שאַיאַ.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: פרוי קאָניעצפּאלער, ג. פריוטאָג, י. בערמאַן, א. בערקאָוויטש.

די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען, איז גיך אויסגעוואַקסן אין אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע, מיט ברייט־פאַרצווייגטע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן האָט די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו געשמט מיט אירע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון און קאָנסום־געוועלבער. פון אַ באַזונדערס גרויסער באַדייטונג איז געווען דער בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט צענדליקער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. ביים כסדר שטייגנדיקן יקרות איז דער פּועלי־ציוניסטישער בעקער־קאָאָפּעראַטיוו געווען ממש אַ ברכה פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג. די בעקעריי האָט נישט נאָר געגעבן די אַרבעטער באַשעפטיקונג פאַר נאָרמאַלע שכירות, נאָר זי האָט אויך דערמעגלעכט די מיטגלידער פון אַלע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען צו באַקומען טעגלעך דעם געהעריקן סכום ברויט פאַר נאָרמאַלע פרייזן און האָט אַזוי אַרום געשטעלט אַ ווירקזאַמען ווידערשטאַנד דעם אומלעגאַלן ברויט־האַנדל אויפן שוואַרצן מאַרק, וואָס איז דעמאָלט געווען שטאַרק פאַרשפּרייט.

דער בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער פינאַנציעלער מיטהילף פון „דזשאָינט", האָט געהאַט זיינע אייגענע פערד־און־וועגענער, מיט וועלכע דאָס ברויט איז יעדן פרימאָרגן פונאַנדערגעפירט געוואָרן אין די קאָאָפּעראַטיווע געוועלבער, כדי די מיטגלידער־קונים זאָלן נישט דאַרפן שטיין אין די לאַנגע רייען.

די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון האָבן זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט באַזאָרגן די יידישע באַפעלקערונג מיט ברויט. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, אַ קינדער־היים, אַ דראַמאַטישן קרייז, אַן אָוונטשול, אַ יוגנט־קלוב און איז גלייכצייטיק געווען טעטיק אויפן פּאָליטישן און אויפן פּראָפעסיאָנעלן (טרייד־יוניאָניסטישן) געביט.



אַ גרופּע פּועלי־ציוניסטן
שטייען פון רעכטס צו לינקס: קאָטלאַרזש, א. ווייס, גאָלדבערג, זיידמאַן, ג. פריוטאָג.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: טורנער, פּ. טוכמייער, ר. מאַיאָרטשיק, ס. שאַיאַ און אַ. ליטמאַן.

אין 1920, ווען אין פּוילן האָט געהערשט פלעקטיפוס, איז שמעון וואַלדפאָגעל געשטאָרבן אין סאָסנאָוויץ אַלס קרבן פון דער דאָזיקער קראַנקהייט און זיין טויט האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף דער ווייטערדיקער טעטיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע.

עס האָבן זיך טאַקע אַרויסגערוקט נייע טוער, אָבער עס האָט געפעלט „פייגעלעס" געזעלשאַפטלעכער אימפּעט, עס האָט געפעלט שמעונס ברייטער פאַרנעם און דער פאַריתומטער טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע איז דערנאָך שווער געווען צו פאַרנעמען דעם אָרט אינעם יידישן לעבן, וואָס דער פאַרשטאָרבענער וואַלדפאָגעל האָט געוואָלט פאַר איר אויסקעמפן.

די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען דורכאויס פון אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס.

זי האָט נישט פאַרמאָגט — נישט דעמאָלט און נישט אין די שפּעטערדיקע יאָרן — קיין פּראָפעסיאָנעלע אינ־טעליגענטן, אָדער שטודירנדיקע יוגנט, און דאָס האָט אויך היפּש פאַרשוועקט איר קאַמף פאַר מאַכט־פּאָזיציעס אין דעם יידישן אַרבעטער־לעבן. דערפאַר איז אָבער אין דער טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע תמיד געווען שטאַרק די טענדענץ פון אַרבעטער־איינהייט, און ווען אין טשענסטאָכאָוו איז געוואָרן אַקטועל די פאַראייני־קונג פון פאַראַלעלע אַרבעטער־אינסטיטוציעס, ווי, למשל, די ביבליאָטעקן, די קינדערהיימען און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט די דאָזיקע טענדענץ אָנגעטראָפן אין די פּועלי־ציון־רייען אויף אַ גינסטיקן באָדן.

אין האַרבסט 1920, ווען די פּועלי־ציון־באַוועגונג האָט זיך פונאַנדערגעטיילט אויף רעכטס און לינקס, איז די גאַנצע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס געבליבן אין די רייען פון דער לינקער פּועלי־ציון־באַוועגונג. די לינקע פּועלי־ציון האָבן נישט איין מאָל מוותר געווען אויף געוויסע פּריווילעגיעס, וואָס עס זיינען זיי על פּי רעכט געקומען, כדי וואָס גיכער צושטאַנד צו ברענגען די אַרבעטער־איינהייט.

די ביבליאָטעקן, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די קינדערהיימען זיינען פאַראייניקט געוואָרן אונטער אַלגעמיינע, בשותפותדיקע פאַרוואַלטונגען, אין וועלכע די לינקע פּועלי־ציון האָבן באַקומען זייערע פאַרטרעטער־שאַפטן און זיי האָבן לאָיאַל דאָרט מיטגעאַרבעט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־שחיטה. דאָס מיינט אָבער כלל וכלל נישט, אַז זיי האָבן עפּעס מוותר געווען פון זייער אידעאָלאָגיע, אָדער פון זייער פּאָליטישער איינשטעלונג. שלום באַזונדער און מלחמה באַזונדער — דאָס איז געווען זייער דעוויז אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

פאַראייניקט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט, האָבן זיי אָבער נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין פּאָליטישע אַק־ציע, אַז זיי זאָלן נישט אַרויסטרעטן זעלבסטשטענדיק מיט אַן אייגענער וואָל־ליסטע, אָדער מיט אייגענע פּאָליטישע לאָזונגען, אפילו ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין זיכערע פּערספּעקטיוון אויף אַ קאָנקרעטן נצחון. פאַראייניקט אינעם שולוועזן, אָדער אויפן געביט פון דער ביבליאָטעק — האָבן זיי אָבער גלייכצייטיק אויף אייגענער האַנט געפירט דעם קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, קעגן אַנאַלפאַבעטיזם, קעגן פאַשיזם און פאַרן פּאַלעס־טיניזם.

בשעת די עלטערע **פּאַרטיי־חברים** — אונטער דער אָנפירונג פון א. פּרענטקי, ה. בירענצווייג, לייבוש טע־נענבוים און שפּעטער מ. שוואַרץ און דער ראַטמאַן אברהם ברום — זיינען געווען דער עיקר טעטיק אין די געמיינזאַמע פאַרוואַלטונגען **פון די טרייד־יוניאָנס**, פון דער ביבליאָטעק און פון שולוועזן, איז די „יוגנט" געווען **רירעוודיק אויף די געביטן פון קולטורעלער טעטיקייט,**

ספּאָרט, זומער־קעמפּס, אַנטי־קלעריקאַליזם און אויף פאַרשיידענע אַנדערע געביטן.

דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען צו זיין דער גאַסט־רעדנער פון דער טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־יוגנט ביי פאַרשיידענע עפנטלעכע אונטערנעמונגען, און שטענדיק בין איך אַוועק־געפאָרן פון דאָרט מיט אַ געפיל פון טיפער גייסטיקער באַפרידיקונג פונעם ענטוזיאַזם און פונעם טיפן ערנסט, מיט וועלכן אונדזער דאָרטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט געאָטעמט.

אין די פריע צוואַנציקער יאָרן איז די פּועלי־ציון־יוגנט געווען אונטער דער אָנפירונג פון די חברים באַ־רעמהערציק און יוזעפאָוויטש, לעדער־אַרבעטער, וועלכע האָבן דערנאָך אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז — און צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז געווען דער אָנפירער שלום קאַלבערג, וואָס איז דערנאָך אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע. שפּעטער האָבן מיט דער יוגנט־אַרבעט אָנגע־פירט דער בעקער־אַרבעטער אברהם ברום, וועלכער האָט זיך אין 1939 געראַטעוועט דורך אַנטלויפן אין ראַטנ־פאַרבאַנד און ער איז איצט אין מאָסקווע טעטיק אין די רייען פון די פּוילישע יידן; די שניידער־אַרבעטער ישראל שימאַנאָוויטש, וועלכער איז אומגעקומען אין אַ נאַציסטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין מאוטהאוזען (עסט־רייך) און דוד יאַקובאָוויטש, וואָס האָט זיך געראַטעוועט און איז טעטיק אינעם לאַגער פאַר די „באַפרייטע" יידן אין פעלדאַפינג (ביירן).

זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין צו דערמאָנען בלויז אין עטלעכע שורות, כאָטש אַ קליינעם טייל פון דער רירעוו־דיקער און שפּרודלדיקער טעטיקייט פון אונדזער טשענ־סטאָכאָווער „יוגנט", אויפן יסוד פון מיינע אָבסערוואַ־ציעס בעת מיינע דאָרטיקע באַזוכן:

אין אַפּריל 1926 — אַן עפנטלעכער פּראָטעסט־מיטינג פון יוגנטלעכע אַרבעטער, אין שייכות מיטן גע־זעץ־פּראָיעקט, וואָס די פּוילישע רעאַקציע האָט אַריינגע־טראָגן אין סיים, צוצונעמען ביי דער יוגנט דאָס פאַר־זאַמלונג־רעכט. פיר־פינף הונדערט יוגנטלעכע אַרבע־טער און אַרבעטערינס האָבן אויסגעפילט דעם גרויסן פאַרזאַמלונג־זאַל. דער אַריינגאַנג אין זאַל איז געווען באַלאַגערט מיט אַגענטן פון דער געהיים־פּאָליציי. די יוגנטלעכע טוער האָבן אויף דער גאַס פאַרטיילט העקטאָ־גראַפירטע פלוגבלעטלעך, אין וועלכע זיי האָבן גערופן די יוגנט צום פּראָטעסט קעגן דעם אַטענטאַט אויף די רעכט פון דער יוגנט.

אין דעצעמבער 1927 — אַ גרויסע עפנטלעכע אַקאַ־דעמיע צום 10טן יאָרצייט פון בער באָראָכאָוו, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיינער מאַניפעסטאַציע פאַרן פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם.

אין האַרבסט פון 1928 — אַן עפנטלעכע מאַני־**פעסטאַציע קעגן דעם, וואָס אין ראַטנפאַרבאַנד איז פאַר־**

נאַנדערגעלאָזט געוואָרן די פּאַרטיי פון לינקע פּועלי־ציון.

אין סעפּטעמבער 1929, ווען די אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען אין אַ לאָקאַל, אַ פייערונג לכבוד דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן יוגנט־טאָג, אין אַ וואַלד, הינטער דער שטאָט און צענדליקער יוגנטלעכע האָבן דערנאָך אַריינ־מאַרשירט אין שטאָט אַריין מיטן געזאַנג פון רעוואָלו־ציאָנערע לידער.

די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־יוגנט, צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי, האָבן זיך אינעם יאָר 1929 באַזונדערס אויסגעצייכנטביים פּאַרקויפן טויזנטער דעקלאַראַציע־קאַרטלעך צום פּראָ־פּאַלעסטינע אַרבעטער־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע און האָבן געשיקט אַן אַנטשפּרעכנדיקע צאָל דעלעגאַטן.

יעדן ערשטן מאַי פלעגן די טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון — פּאַרטיי און יוגנט — דעמאָנסטרירן אונטער זייערע אייגענע פאָנען אינעם אַלגעמיינעם אַרבעטער־צוג און אין אָוונט אָפּהאַלטן זייערע אייגענע מאַי־אַקאַ־דעמיעס.

## די קולטורעלע טעטיקייט

די פּועלי־ציוניסטישע קולטור־געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" פלעגט יעדעס יאָר, במשך פון די ווינטער־חדשים איינאָרדענען עפנטלעכע פאָרטראָגן איבער די פאַרשיידנסטע טעמעס און כמעט יעדער וואָך אַראָפּברענגען רעפערענטן פון וואַרשע אָדער פון קראָקע. קיין טשענסטאָכאָוו זיינען זייער אָפט געפאָרן האַלטן לעקציעס די ה"ח ד"ר ברוך אייזנשטאַט, ד"ר רפאל מאַה־לער, מינע אַבעלמאַן און ד"ר עמנואל רינגעלבלום ע"ה. פון קראָקע פלעגן אָפט קומען אַהין די ח"ח אביגדור בור־שטין און לובעק שמערלער, וועגן וועלכע עס פעלט ביז איצט וועלכער עס איז לעבנסצייכן. בעת די פאַרשיידנ־סטע וואַל־קאַמפּאַניעס פלעגן צופאָרן אַהין אַלס רעדנער די לאָדזשער ה"ח חיים בראַנד, ישראל סטאָלאַרסקי, משה ציטרינאָווסקי און צו עפנטלעכע פייערונגען, אָדער מיט פּאָליטישע פאָרלעזונגען זיינען דאָרט אָפט געקומען די ח"ח זרובבל, י. לעוו, נ. בוקסבוים, דעם מחבר פון דעם דאָזיקן אַרטיקל און נאָך אַנדערע. די טשענסטאָכאָווער יידישע פאָלקסמאַסן זיינען שטענדיק מיט גרויס אינ־טערעס געקומען זיך צוהערן צו די פּועלי ציוניסטישע רע־פערענטן און זיי האָבן תמיד זיך אָפּגערופן מיט סימ־פּאַטיע אויף יעדער פּאָליטישער, אָדער פינאַנץ־אַקציע, וואָס די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע האָט גע־פירט.

אין די רייען פון דער טשענסטאָכאָווער פּועלי־ציון־יוגנט איז פאָרגעקומען אַ פאַקט, וואָס האָט זיינער צייט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און ס'איז כדאי דעם דאָזיקן פאַקט דאָ צו דערמאָנען, ווייל ער איז זייער כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דעם גייסט פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין פוילן. צו דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע האָט געהערט אַ יוגנטלעכער שלאָסער־אַרבעטער אליעזר ווייס, אַ קינד פון אַן אָרעמער אַרבעטער־פאַמיליע. אויף די פאָרלעזונגען און אויף די אינערלעכע בילדונגס־קרייזן האָט זיך דער יוגנטלעכער ווייס אַזויפיל אָנגעהערט וועגן דער נויטווענדיקייט פון בילדונג און וועגן דעם פעלן פון אַן אייגענער אַרבעטער־אינטעליגענץ, אַז ער האָט אין אַ שיינעם טאָג באַשלאָסן ביי זיך, אויפצוהערן אַרבעטן אין וואַרשטאַט און זיך צו נעמען שטודירן. אין די עקאָנאָ־מישע באַדינגונגען פון יענער צייט איז דאָס געווען זייער שווער צו דערגרייכן. זיין פּלאַן האָט געקלונגען זייער פאַנטאַסטיש און די עלטערן זיינען, צוליב עקאָנאָמישער נויט, געווען קעגן דער דאָזיקער פאַנטאַזיע. אליעזר ווייס איז אָבער דעריצו דערמוטיקט געוואָרן מצד דער אָרגאַ־ניזאַציע, און זיין עלטערער ברודער, וואָס איז שוין גע־ווען אַ שטיקל פאַרדינער, האָט אים צוגעזאָגט פינאַנציעל צו שטיצן. ווייס האָט זיך מיט עקשנות גענומען צום לערנען און במשך פון אַ פאַרהעלטעניסמעסיק קורצער צייט האָט ער פאַרענדיקט די גימנאַזיע־לימודים, אָדער ווי מען האָט עס גערופן אין פוילן, ער האָט באַקומען „מאַ־טורע". נאָכדעם איז ער אַוועק קיין קראָקע, וואו ער האָט אונטער די שווערסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, שטודירט אויפן יורידישן פאַקולטעט אינעם דאָרטיקן אוני־ווערזיטעט, ביז ער האָט באַקומען דעם טיטול „דאָקטאָר פון יורי". אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זיין שטו־דירן האָט ער נישט איבערגעריסן מיט זיין אָרגאַניזאַציע. צוערשט אין טשענסטאָכאָוו און דערנאָך אין קראָקע, האָט ער אין די אָוונט־שעהן אָנגעפירט מיט דער ביל־דונגס־אַרבעט אין די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס פון די דערמאָנטע שטעט. ער האָט געפירט עלעמענטאַרע קורסן פאַר די יוגנטלעכע, וואָס זיינען געקומען פון די קליינע שטעטלעך, אָדער פון די דערפער, און האָבן נישט געהאַט קיין בילדונג. מיט באַזונדערער ליבע און ענערגיע האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט לטובת די ביבליאָטעקן פון די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס. ער האָט אפילו שפּעטער אָנגעשריבן אַ גרעסערע בראָשור וועגן דעם ווי אַזוי די ביבליאָטעקן דאַרפן געפירט ווערן, און דער סעקרעטאַריאַט פאַר ביבליאָטעקן־וועזן ביי דער „צענטראַלע פון דער געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַר־בעטער" אין וואַרשע האָט זיין ביכל אַרויסגעגעבן אין דרוק, אין דער צאָל פון 5000 עקזעמפּלאַרן.

אין קראָקע גופא איז ער געווען דער פאַרזיצער פון דער באַרימטער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, וואָס האָט גע־הערט צו דער קראָקאָווער לינקער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַ־ציע און אונטער זיין אָנפירונג האָט די דאָזיקע ביבליאָ־טעק גיך אויפגעבליט ווי איינע פון די שענסטע און גרעסטע יידישע ביבליאָטעקן אין פוילן. — די צענטראַלע פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" האָט אויך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן פיר־וועכנטלעכן

קורס פאַר ביבליאָטעקאַרן, מיט וועלכן ד״ר אליעזר ווייס האָט אָנגעפירט און וואו ער איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע לעקטאָרן. כדי מיט דעם דאָזיקן קורס אָנצופירן, האָט זיך ווייס געמוזט אויף אַ חודש צייט באַפרייען פון זיין פריוואַטער שטעלע, וואָס ער האָט פאַרנומען אין קראָקע אַלס געהילף ביי אַ דאָרטיקן אַדוואָקאַט. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מניעות, כדי צו רעאַליזירן זיינע חלומות, אַזוי שטאַרק איז ביי אים געווען דער ווילן צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן דער אַרבעטער־יוגנט און צו פאַרפעסטיקן דאָס יידישע ביבליאָטעק־וועזן.

די טשענסטאָכאָווער פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע און די דאָרטיקע יידישע אַרבעטערשאַפט בכלל איז געווען שטאָלץ מיט איר לאַנדסמאַן, מיט איר אליעזר ווייס, וואָס איז אין משך פון אַ קורצער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ שלאָסער לערניינגל אין אַן אַדוואָקאַט מיטן טיטל דאָקטאָר, און ווען ער פלעגט אַמאָל אַהיימקומען צו זיינע עלטערן אויף עטלעכע טעג, איז דער דאָזיקער באַזוך שטענדיק געווען אַ יום־טוב פאַר דער אָרגאַניזאַציע, מיט זיינע פאָרלעזונגען, שמועסן און רעפעראַטן.

די דאָזיקע פרייד האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, ווייל אין נאָוועמבער־חודש פון יאָר 1930 איז ער אין קראָקע קראַנק געוואָרן אויף דער גריפּע און דעם 10טן נאָוועמבער איז ער, צוליב אַ קאָמפּליקאַציע פון אַ נירן־אַנטצינדונג, געשטאָרבן אין בליענדיקן עלטער פון 30 יאָר.

די קראָקעווער חברים האָבן וועגן דעם תיכף טעלעגראַפירט קיין טשענסטאָכאָוו און אויף־צו־מאָרגנס, ווען עס האָט באַדאַרפט פאָרקומען די לוויה, איז פון טשענסטאָכאָוו אָנגעקומען אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון זיין ברודער און אַנדערע צוויי חברים, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט, אַז אליעזר ווייס זאָל געבראַכט ווערן צו קבר־ישראל אין זיין היימשטאָט. די קראָקעווער האָבן זיך געבויגן פאַרן רצון פון זיין פאַמיליע. זיי האָבן דעם מת איינגעהילט אין אַ רויטער פאָן און אים איבערגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו, וואו עס איז מיטוואָך דעם 12טן נאָוועמבער פאָרגעקומען אַ ריזיקע לוויה־מאַניפעסטאַציע. הונדערטער און הונדערטער חברים האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיינען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם איינציקן אינטעליגענט און וויכטיקן קולטור־טוער, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון זייערע אייגענע רייען. ביים אָפענעם קבר האָבן אים מספּיד געווען סיי די אייגענע חברים, סיי פאָרשטייער פון אַלע אַנדערע ריכטונגען און די טשענסטאָכאָווער לינקע פועלי־ציון האָבן דערנאָך יעדעס יאָר אָפּגעהיט זיין יאָרצייט, דערמאָנענדיק אים שטענדיק מיט דרך־ארץ און מיט יראת־הכבוד.

ד״ר אליעזר ווייס איז אָבער נישט דער איינציקער אָנגעזעענער פועלי־ציון־טוער וואָס רוט, אָדער האָט גערוט, אויפן טשענסטאָכאָווער יידישן בית־עולם. אין שכנות מיט חבר אליעזר ווייס געפינט זיך אויך, אָדער עס האָט זיך געפונען, דער קבר פון אַ צווייטן אָנגעזעענעם לינקן פועלי־ציון־טוער — דער קבר פונם סאָסנאָוויצער ראַטמאַן משה יודענהערץ — וועלכער איז אינעם יאָר 1924, בעתן איינשטייגן אין צוג אַריין דערהרגעט געוואָרן אויף דער טשענסטאָכאָווער באַן־סטאַנציע אינעם בליענדיקן עלטער פון 36 יאָר.

משה יודענהערץ איז במשך פון אַכט יאָר געווען אינעם סאָסנאָוויצער שטאָטראַט דער פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער, אויסגעקליבן פון דער לינקער פועלי־ציון־ליסטע. ער האָט מיט גרויסער בראַוואור געקעמפט פון דער שטאָטראַט־טריבונע קעגן אַנטיסעמיטיזם און איז צוליב דעם געווען **שטאַרק פאָפולער און באַליבט צווישן** די יידישע פאָלקסמאַסן פון גאַנץ זאַגלעמביע און איר אומגעבונג. עס איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס די טשענסטאָכאָווער יידישע אַרבעטער און פאָלקסמענטשן האָבן אים, נאָך זיין טראַגישן טויט, צוזאַמען מיט די סאָסנאָוויצער פועלי־ציון, געשטעלט אויף זיין קבר אַזאַ הערלעכע מאַרמאָרענע מצבה — בעת אין סאָסנאָוויץ גופא איז אויף זיין נאָמען אויסגעבויט געוואָרן אַ פאָלקס־ביבליאָטעק, וועלכע האָט פונקציאָנירט ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה.

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן 1939—1945

וואָס עס איז בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע געשען מיטן טשענסטאָכאָווער בית־עולם איז אונדז לעת־עתה נישט באַקאַנט. מיר ווייסן נישט צי די דייטשישע מענטשן־ און קברים־שענדער האָבן אפשר צופעליק געשוינט די דורות־אַלטע בית־הקברות פון סאָסנאָוויץ און טשענסטאָכאָוו, וואו עס האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע גערוט די ביינער פון שמעון וואַלדפאָגעל, אליעזר ווייס און משה יודענהערץ. מיר ווייסן אָבער יאָ, אַז די יידישע יוגנט בכלל — און באַזונדערס די פועלי־ציון־חברים פון די דאָזיקע צוויי שטעט — האָבן נישט בלויז אין דער פאַרמלחמהדיקער צייט מיט פיעטעט און דרך־ארץ זיך באַצויגן צום אָנדענק פון זייערע אומגעקומענע וועגווייזער, נאָר זיי האָבן אויך בעת דער מלחמה, אין די שווערסטע געטאָ־באַדינגונגען, געטריי און בשלימות אויסגעפירט די נישט־געשריבענע צוואות פון זייערע אויבנדערמאָנטע דריי פאַרשטאָרבענע לערער.

זאָל דאָ בלויז איין פאַקט דערמאָנט ווערן וועגן דעם קאַמף־חשק און וועגן דער קאַמף־גרייטקייט פון די טשענסטאָכאָווער לינקע פועלי־ציון פון דער טרויעריקער, אָבער גלייכצייטיק העראָאישער, געטאָ־תקופה פון 1943.

ווען די וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געגרייט צום באַרימטן אויפשטאַנד קעגן די נאַצישע מערדער, האָט די

טשענסטאָכאָווער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, דורך גע־היימע אונטערערדישע קאַנאַלן, דערהאַלטן פון וואַרשע, פונעם פירער פון די לינקע פועלי־ציון — פון ד״ר אַדאָלף בערמאַן — אַ רוף תיכף צו קומען קיין וואַרשע, כדי מיט געווער אין האַנט צוצוהעלפן צום דערפאָלג פונעם געטאָ־אויפשטאַנד.

אַ גרופּע פון צען יונגע, מוטיקע און פיזיש־קרעפטיקע חברים, אונטער דער פירונג פון די אויבנדערמאַנטע חברים דוד יאַקובאָוויטש און ישראל שימאַנאָוויטש, האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פונעם טשענסטאָכאָווער געטאָ און במשך פון טעג־און־נעכט זיך געשמוגלט קיין וואַרשע, ביז זיי האָבן סוף כל סוף, מיט דער מיטהילף פון דער לינקער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, דערגרייכט צו אַ וואַרשעווער פאָרשטאָט. עס איז שוין אָבער פאַר זיי אוממעגלעך געווען זיך אַריינצורייסן אין דעם וואַרשעווער געטאָ־אַריין, וואָס איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען און איז פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט פון די דייטשישע מערדער־באַנדעס.

בלית־ברירה האָבן זיך די צען בראַווע העלדן, מיט צער און ווייטיק געמוזט אומקערן צוריק קיין טשענסטאָכאָוו, וואו זיי האָבן געטיילט דעם זעלביקן גורל, וואָס עס האָט געהאַט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג: דעפּאָרטאַציעס, אַקטיווער ווידערשטאַנד און אומקום. ישראל שימאַנאָוויטש איז פאַרפייניקט געוואָרן אין שקלאַפן־לאַגער פון מאָוטהאַוזען — בעת דוד יאַקובאָוויטש איז געבליבן לעבן און געפינט זיך איצט אין פעלדאַפינג, וואו ער איז טעטיק אַלס דער סעקרעטאַר פון דער לינקער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין בייערן און איז גלייכצייטיק איר פאָרשטייער אינעם מינכענער צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון דייטשלאַנד.

וואָס עס איז געשען מיט די איבעריקע אַכט, ווי בכלל מיט אַלע אַנדערע עלטערע און יוגנטלעכע פועלי־ציון־חברים, איז אונדז דערווייל נישט באַוואוסט, אָבער עס איז אונדז יאָ באַקאַנט פונעם ערשטן נומער פון דער „אַרבעטער־צייטונג״, אָרגאַן פון די לינקע פועלי־ציון אין פוילן, וואָס דערשיינט איצט אין לאָדזש, אַז אין טשענסטאָכאָוו איז איצט די לינקע פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע באַנייט געוואָרן און זי פירט ווידער אַ רירעוודיקע טעטיקייט צווישן און לטובת דעם יידישן שארית־הפליטה אין טשענסטאָכאָוו.

---

# „השומר הצעיר״

אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן טשענסטאָכאָוו האָט אַ גאַנץ חשובן אָרט פאַרנומען דער ״השומר־הצעיר״: אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אייניקע גרעסערע שטעט אין מערב־פוילן אַנטשטאַנען די יידישע יוגנט־באַוועגונג. אונטערן איינפלוס פון דער דייטשישער ״וואַנדער־פאָגעל״־באַוועגונג, פון דער פוילישער סקויטן־באַוועגונג און פון דעם ״השומר״ אין ארץ־ישראל, האָט זיך די יוגנט אָנגעהויבן זאַמלען און אָרגאַניזירן אין סקויטן־גרופּעס, וועלכע האָבן זיך אין משך פון דער צייט אַנטוויקלט און אידעאָלאָגיש זיך קריסטאַליזירט. געטריבן פון אַ בענקשאַפט זיך זעלבסטשטענדיק אויסלעבן און אַקטיוויזירן, און אַלס אַ רעאַקציע צו דער ביז דאַן איינזייטיקער, בלויז גייסטיקער דערציאונג פון דער יידישער יוגנט — האָט די יידישע יוגנט־באַוועגונג אָנגענומען די סקויטן־פאָרם. כמעט אין דער זעלביקער צייט זיינען אַנטשטאַנען אין עטלעכע גרעסערע שטעט אין פוילן די יידישע סקויטן־גרופּעס.

צו די דאָזיקע ערשטע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס האָט געהערט אויך די טשענסטאָכאָווער גרופּע. יונגע גימנאַזיסטן, אַרבעטער און האַנדלס־אַנגעשטעלטע האָבן זי געגרינדעט. אין די ערשטע יאָרן, בעת די באַוועגונג האָט נאָך געטראָגן אַ בולטן סקויטן־כאַראַקטער, איז זי געוואָרן אויפגענומען אין די ציוניסטישע קרייזן מיט גרויס סימפּאַטיע. זי האָט געפונען אַ פּאַטראָן אין באַוואוסטן טשענסטאָכאָווער כלל־טוער הענריק מאַרקוספעלד, וועלכער האָט געשטעלט אין רשות פון דער אָרגאַניזאַציע אַ



אַ גרופּע פון השומר הצעיר

באַקוועמע דירה, אַ גרויסן פּלאַץ אין זיין הויז אויף דער קאַשציושקאָ־גאַס (שפּעטער אַלעיאַ וואָלנאָשטשי).

אין משך פון אַ קורצער צייט פון זיין אַנטשטייאונג האָט צו דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע אָנגעהערט אַ גרויסער טייל פון דער טשענסטאָכאָווער יידישער יוגנט.

אין יאָר 1917 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די סקויטן־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן. אין לאָקאַל, וואָס איז שפעטער אַריבער צום יידישן ספאָרט־ און טורן־פאַראיין, זיינען זיך צונויפגעקומען פאָרשטייער פון די יידישע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס פון וואַרשע, לאָדזש, פיעטרקאָוו, בענדין און אַנדערע שטעט. דאָ איז געוואָרן באַשלאָסן צו שאַפן אַן אַלגעמיינע לאַנד־אָרגאַניזאַציע, צונויפצורופן אַ קאָנסטיטואירנדיקע קאָנפערענץ און איר פאָרצושלאָגן אָנצונעמען דעם נאָמען „השומר הצעיר״.

אין די ווייטערע יאָרן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרנעמט אין טשענסטאָכאָוו דער ״השומר הצעיר״ אַ וויכטיקן אָרט אין לעבן פון דער יידישער יוגנט. זיינע חברים וואַרפן זיך אין די אויגן דורך דער ספעציעלער סקויטן־קליידונג. יאָר־יערלעך אין ל״ג־בעומר מאַניפעסטירט דער ״השומר הצעיר״, מאַרשירנדיק אין געשלאָסענע רייען אונטער זיינע פענער און אונטערן קלאַנג פון אַן אייגענעם אַזוי גערופענעם פ ע ל ד־אָ ר ק ע ס ט ע ר. פון צייט־צו־צייט דערשיינט ער פאַר דער עפנטלעכקייט מיט שיין־איינגעאָרדנטע אָוונטן, אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען. אָבער די אויסערלעכע דערשיינונגען זיינען נאָר באַגלייט־דערשיינונגען פון אַן אינטענסיווער אַרבעט, וועלכע פירט זיך טאָג־טעגלעך אין ״קן״ (קן — נעסט ; אַזוי רופט זיך דער לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע). דאָ אין קן שפרודלט מיט לעבן. יוגנטלעכע פון 12 ביז 20 פאַרזאַמלען זיך טאָג־טעגלעך. קבוצות אויף קבוצות איבן זיך אין פאַרשיידענע פיזישע און סקויטישע איבונגען אָדער זיצן און לערנען. אַ וויכטיקע ד ע ר צ י ע ר י ש ע אַ ר ב ע ט ווערט דאָ געפירט אויפן פיזישן און גייסטיקן געביט. ס׳ווערט דאָ איבערגעשמידט דער כאַראַקטער פון דעם יידישן דור, פון דעם דור, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די בויער פון ארץ־ישראל און די קעמפער פון געטאָ. דאָ אין קן בויט זיך די יוגנט איר וועלט־אָנשויאונג. דאָ זוכט די יוגנט איר וועג אין לעבן.

דער ״השומר הצעיר״ שאַפט דאָ דעם טיפ פון יידישן אינטעליגענטן יוגנטלעכן, וועמען עס איז נישט פרעמד קיין שום גייסטיקע שאַפונג, וועלכער קען נישט זיין גלייכגילטיק לגבי די געזעלשאַפטלעכע פראָבלעמען, וועלכער מ ו ז זיין אַקטיוו — אין די רייען פון אַלע פראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָט מען זיי געפונען. ירמיהו גיטלער, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון די טשענסטאָכאָווער יידן אין די לעצטע טראַגישע יאָרן — אין די יאָרן פון געטאָ — איז געוועזן איינער פון די בויער פון טשענסטאָכאָווער ״השומר הצעיר״.

אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. אין משך פון יאָרן האָט זיך דער השומר־הצעיר אויסקריסטאַליזירט און אָנגענומען קאָנקרעטע צילן. דערציען דעם נייעם יידן, דעם יונגן יידישן דור, דורך אויפבויען אַ נאָרמאַל יידיש לעבן אין ארץ־ישראל. דער קאָנקרעטער דערציאונגס־ציל איז געוועזן — צו רעאַליזירן די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע אידעאַלן אין קיבוץ, אין ארץ־ישראל. און פון די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ גייט אַ כסדרדיקע עליה פון טשענסטאָכאָווער שומרים קיין ארץ־ישראל און אין קיבוץ.

דאָ אין ארץ־ישראל וועט איר זיי געפינען אומעטום און קודם־כל אין קיבוץ. טשענסטאָכאָווער שומרים געפינען זיך אין פאָלגנדיקע קיבוצים : בית־אלפא, משמר־העמק, עין־החורש, עין־שמר, גן־שמואל, מסילות, נגבה, עין־השופט, מצפה־הים און אין יונגן קיבוץ גל־און ביי נס־ציונה. אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע קיבוצים פון ״השומר הצעיר״ געפינט זיך אַ גרופע אין קיבוץ המאוחד אין בית־אורן. אַ לאַנגע קייט פון עליה פון 1920 ביז 1939.

אַ חוץ דער אינטענסיווער דערציערישער אַרבעט, האָט דער קן אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ברייטערע באַוועגונגען און אונטערנעמונגען.

דער קן האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט פאַרן קרן־קימת לישראל. אין משך פון לאַנגע יאָרן געשטאַנען אויפן ערשטן אָרט. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון שמואל האָראָוויטש (קוץ), וועלכער האָט יאָרן־לאַנג אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פאַרן קק״ל ביז צו דער לעצטער מינוט אין געטאָ. דער קן איז געווען אַקטיוו אין דער תרבות־באַוועגונג. דאָ אין קן האָט מען געלעבט אין אַן ארץ־ישראלדיקער אַטמאָספער, דאָ האָט לעבעדיק געקלונגען די העברעאישע שפראַך. אין אַלע אונטערנעמונגען פון ״תרבות״ האָט זיך דער ״השומר הצעיר״ אַקטיוו באַטייליקט.

אַ באַזונדערן פלאַץ פאַרנעמט דער ״השומר הצעיר״ אין ״החלוץ״. אין 1923 טרעטן אַריין די ״בוגרים״ (די עלטערע שיכט, די יאָרן 18—20) אין החלוץ. באַלד לעבט אויף אין טשענסטאָכאָוו דער החלוץ. שומרים שטייען בראש פון דער אַרבעט. דאָס זעלביקע אין דער ״ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל״.

גוטע באַציאונגען הערשן צווישן „השומר הצעיר״ און „טאָז״. די פאָפולערע געזונטהייט־געזעלשאַפט געפינט אין די שומרים געטרייע פריינד. זאַמל־אַקציעס ווערן דורכגעפירט דורכן הש״הצ. אין השומר־הצעיר שאַצט מען אָפ דעם ווערט פון אַ געזונטן קערפער. יאָר־יערלעך זומער פאָרן אַרויס די שומרים אין דאָרף אויף זייערע קאָלאָניעס, מיט דער שטיצע פון ״טאָז״.

שומרים־אַרבעטער טרעפט מען אין די פ ר אָ פ ע ס י אָ נ ע ל ע פ אַ ר א י י נ ע ן, אין דער אַרבעטער־ביבליאָטעק (אָנגעפירט דורך דער אומאָפהענגיקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי, אונטער דער ליישונג פון דוד ליפשיץ). אויך אין דער אַלגעמיינער שומרישער לאַנד־ און וועלט־באַוועגונג באַטייליקט זיך אַקטיוו דער טשענסטאָכאָווער קן.

זייט דער אויבנדערמאָנטער ערשטער פאָר־קאָנפערענץ אין יאָר 1917 ביז צו די אַקטיווע קאַמפן אין געטאָ־מלחמה באַטייליקן זיך אַקטיוו טשענסטאָכאָווער שומרים

אין פאַרשיידענע העכערע אינסטאַנצן פון דער לאַנד־באַוועגונג. אָט איז אַ רשימה פון אַ ריי טשענסטאָכאָווער מיטגלידער: אישאַיעוויטש (אָדער ישי אין תל־אביב), ירמיהו גיטלער, יוסף היימאַן, באָלעק פייגלאָוויטש (איצט גן־שמואל), שמעון וויינטרויב (איצט בית־אלפא), חיים לאַנדוי (איצט מפּילות), משה קלאַרמאַן (איצט אין דער יידישער בריגאַדע) חבר פון קיבוץ נצפה היד און אַנד.

טשענסטאָכאָוו איז אויך געווען דער צענטער פון קעלצער־זאַגלעמביער גליל (ראַיאָן). די אויבנדערמאָנטע חברים האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. דאָ זיינען פאָרגעקומען ראַיאָן־קאָנפערענצן און פגישות.

זייט דעם יאָר 1928, ווען די טשענסטאָכאָווער גערטנער־פאַרם איז אַריבער אין רשות פון דער שומרישער וועלט־באַוועגונג, ווערט טשענסטאָכאָוו אַ וויכטיקער פונקט אין דער אַלגעמיינער שומרישער באַוועגונג. דאָ קאָנצענטרירן זיך אין הכשרה (צוגרייטונג) שומרים פון פאַרשיידענע געגנטן אין פוילן און גאַליציע. אין חג־הקציר (די שניט־פייערונג) פון 1928 באַטייליקן זיך די הנהגה הראשית (דער לאַנד־צענטער) פון פוילן, פון גאַליציע, די הנהגה העליונה (הויפּט־לייטונג פון דער וועלט־באַוועגונג), יצחק גרינבוים, אברהם האַרצפעלד, פאָרשטייער פון דער פּרעסע. פון צייט צו צייט קומען דאָ פאָר זיצונגען פון דער הנהגה העליונה (צענטראַל־קאָמיטעט). אויך פאַר דעם קן ווערט די פאַרם אַ צענטראַלער אָרט. דאָ טרעפן זיך די טשענסטאָכאָווער שומרים מיט די שומרים פון אַנדערע געגנטן אין פוילן. די שומרים פון ליטע און פון די ראַנד־געביטן (קרעסן) זיינען משפיע אויף די טשענסטאָכאָווער שומרים, ברענגען אַריין פיל לעבעדיקייט, פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון צוגעהעריקייט צו איין גרויסער משפחה.

זייט דעם יאָר 1932 קאָנצענטרירט זיך אויף דער פאַרם אַ שומרישער הכשרה־קיבוץ, וועלכער דרינגט אַריין אין פאַרשייעדענע אַרבעט־פלעצער אין שטאָט, אין פאַבריקן. חברים פון דער פאַרם זיינען אַקטיוו אין שטאָט און אין קן.

דער הכשרה־קיבוץ וועקט אויף סימפּאַטיע אין די בעסטע קרייזן. מען זעט דאָ דעם "השומר הצעיר" אין זיין רעאַליזירונג. אַ מין מיניאַטור פון אַ קיבוץ אין ארץ־ישראל. באַזוכער פון פאַרשיידענע קרייזן ווערן מיטגעריסן, זעענדיק דעם נייעם יידישן טיפּ. איך דערמאָן זיך צוויי פאַקטן. ד"ר שאַבאַד, אַ באַוואוסטער ניט־ציוניסטישער טוער פון ווילנע, באַזוכט טשענסטאָכאָוו, אַלס גאַסט פון דער "ציש"אָ". ער באַזוכט אויך די פאַרם. אין אָוונט, בעת זיין פאָרלעזונג, אייגגעאָרדנט דורך דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, דערציילט ער וועגן דעם גרויסן איינדרוק, וואָס עס האָבן אויף אים געמאַכט די שומרים אין דער פאַרם.

פּסח 1934 באַזוכט די פאַרם דר יוסף קרוק, פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי — דאַן נאָך נישט קיין ציוניסט. אויך ער ווערט נתפּעל פון דעם לעבעדיקן קאָלעקטיוו פון דער שומרישער יוגנט, און זייט דאַן איז ער אַ פריינד פון דער שומרישער פאַרם.

און אין די לעצטע טראַגישע און העראָאישע יאָרן האָט דער טשענסטאָכאָווער "השומר הצעיר" פאָרגעזעצט זיין אַרבעט. אין די ערשטע געטאָ־יאָרן, פאַר דער טאָטאַלער פאַרניכטונג — ברענגט ער דער יוגנט דעם גלויבן אין אַן אידעאַל, וואָס לאָזט נישט די יוגנט פאַרצווייפלען, צעבראָכן ווערן, פאַרהאַרטעוועט איר כאַראַקטער און מאַכט זי ווידערשטאַנד־פעאיק.

אַ העראָאיש קאַפּיטל, וואָס וועט נאָך דאַרפן געשריבן ווערן זיינען די לעצטע טעג פון געטאָ. אויך דאָ זיינען די שומרים אין דער ערשטער ריי.

---

# פּאָליטישע רדיפות און פּראָצעסן

## פּאָליטישע רדיפות אין די צאַרישע צייטן

ווי איינער פון די ערשטע באַקאַנטע פּאָליטישע פּראָצעסן אין טשענסטאָכאָוו, קען בלי ספק פאַררעכנט ווערן דער פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין שייכות מיט דער פּוילישער דעמאָנסטראַציע אין 1874 ביי דער דערעפענונג פון דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע אויפן פּלאַץ מאַגיסטראַטסקי, אַלס סימבאָל פון רוסישער הערשאַפט.

אין 1906 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון אַ גרופּע רוסישע סאָלדאַטן פון טשענסטאָכאָווער גאַרניזאָן, וואָס האָבן געהערט צו אַ קרייז פון די רוסישע ס"ס (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן).

אַדורכלאָזנדיק די אַלע אַרעסטן, פּאָליציייִשע און מיליטערישע טעראָר־אַקטן אין די יאָרן 1904—1906, וואָס זיינען טיילווייז דערמאָנט אין אַנדערע אַרטיקלען, וועלן מיר נאָר פאַרצייכענען די פּאָליטישע רדיפות, מאָרדן און פּראָצעסן, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך דעם ווי די פרייהייט־באַוועגונג איז דערשטיקט געוואָרן.

סוף 1906 זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך אַ קריגגעריכט עטלעכע אַרבעטער פון דער קאַפּעלושאַרניע. די באַשולדיקונג קעגן זיי איז געווען שווער זיך צו דערוויסן. מען האָט נאָר געוואוסט אַזוי פיל, אַז זיי האָבן געסטרייקט און געגאַנגען אין וואַלד קלייבן יאַגדעס. זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן און דורך סטאָליפּינס געריכטן פאַרמשפּט געוואָרן צו דערשיסן אַלס באַנדיטן.

אין 1913 האָט אין פּעטריקאָווער געריכט געדאַרפט פאָרקומען דער פּראָצעס פון פריסטאַוו וואַסילי דעני־סאָוו, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין געהערן צו פּפּ״ס. דער פּראָצעס איז צוליב זיין געזונט־צושטאַנד עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן. וואַסילי דעניסאָוו איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער פּאָליציי, צוזאַמען מיט אַ רייע אַנדערע מיטגלידער פון דער קאַמף־אָפּטיילונג פון פּפּ״ס דורך דעם אַרעסטירטן סוקעניק.

אין מאַי דעם זעלבן יאָר זיינען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע אַרבעטער פון דער „טשענסטאָכאָוויאַנקע" אין שייכות מיטן סטרייק פון פינף טויזנט אַרבעטער. דער סטרייק איז פאָרגעקומען, דערפאַר, וואָס דער מייסטער אייכלער האָט באַליידיקט אַן אַרבעטער. דער מייסטער איז דורך די אַרבעטער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער פאַבריק.

אין יולי 1913 איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון אַ גרויסער גרופּע „רעוואָלוציאָנערן נקמה־נעמער", אונטער דער אָנפירונג פון דלוזשעווסקי. די אַדוואָקאַטן שומאַנסקי, בערסאָן און מעדאַלוס זיינען אַרויסגעטרעטן אַלס פאַרטיידיקער. פון די באַשולדיק־טע זיינען 5 פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען, נאָר צוליב אַ מאַניפעסט איז דער אורטייל פאַרביטן געוואָרן אויף צוואַנציק יאָר קאַטאָרגע. אַנדערע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו פאַרשיידענע טערמינען קאַטאָרגע און אייביקער פאַרשיקונג.

שבת, דעם 4טן אָקטאָבער 1913, 1 בייטאָג, האָט די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע מיטן פריסטאַוו אַרבוזאָוו בראש, אַרומגערינגלט און אַרעסטירט אַלע אָנטיילנע־מער פון אַ בונדישער פאַרזאַמלונג לעבן דער קלעיאַר־ניע. אַן ערך 60 פּערזאָן, צומיינסטן שניידער־אַרבעטער. (פּרטים וועגן דעם דאָזיקן אַרעסט זע אין אַרטיקל פון שלום הערץ „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד").

פרייטיק, דעם 23טן יאַנואַר 1914, 12 ביינאַכט, איז אין טשענסטאָכאָוו אַרעסטירט געוואָרן משה צעשינסקי, צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַרוואַלטונג פון דעם דע־מאָלט לעגאַל־געגרינדעטן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון בעקער־אַרבעטער. דער אַרעסט איז פאָרגעקומען לויט אַ מסירה פון די בעקער־אייגנטימער.

משה צעשינסקי איז שוין פריער געזוכט געוואָרן פון דער זשאַנדאַרמעריע צוליב אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די פּראָפעסיאָנעלע **פאַראיינען און** „קראַנקן־קאַסעס", וואָס א. כ. האָט געדרוקט אין „טשענסטאָכאָווער וואָכנ־בלאַט" אונטערן פּסעוודאָנים „אַן אַרבעטער". דער דירעקטער גורם פון זיין אַרעסט צוזאַמען מיט די בעק־קער־אַרבעטער איז געווען דאָס, וואָס ער איז, אַלס מיט־אַרבעטער פון „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" פאַרבעטן געוואָרן אין פּרעזידיום פון אַ לעגאַלער פאַרזאַמלונג פון די בעקער־אַרבעטער אין זאַל „האַרמאָניאַ". די פּאָליציי־שפּיאָנען האָבן אים דעריבער אַריינגענומען אין דער ליסטע פון די אָנפירער. ער איז אָפּגעזעסן אין דער טשענסטאָכאָווער טורמע אַ פּאָר חדשים.

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

מאַסן פּאָליטישע אַרעסטן און פאַרשיקונגען זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַ־ציע. די אַרעסטירטע זיינען צומיינסטן פאַרשיקט גע־וואָרן אין דער פעסטונג מאָדלין, נעבן וואַרשע. צווישן די מאָדלינער פאַרשיקטע האָבן זיך געפונען: שמעון און פעלאַ בירא (בירענצווייג), אַרעסטירט געוואָרן אין דייטשלאַנד פאַר אַנטי־מלחמה־טעטיקייט אין דער אומ־אָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און קאַנעמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו פאַר טעטי־קייט אין דער ס. ד. ק. ל. פּ.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

אין אויגוסט 1920 איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע אין דער געזעלשאַפט „וויעדזאַ ראָבאָטניטשאַ", פריער קאַספּשאַק קלוב, און עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פון אירע מיטגלידער. די גע־זעלשאַפט איז געווען אַ לעגאַלע און אַלע אירע מיטגלי־דער זיינען געווען רעגיסטרירט. צו דער געזעלשאַפט האָבן געהערט פּאָליאַקן און יידן, אויך אַ גרויסע צאָל פרויען.

אין אָקטאָבער 1920 איז געמשפּט געוואָרן אַנשל יודקעוויטש פאַר געהערן צו דער קאָמפּאַרטיי און פאַר פאַרשפּרייטן ליטעראַטור. די ריכטער זיינען געווען: קאָזשאַרעווסקי, לאַוויניקעס יאַנושעווסקי און גאַווענדזקי. פאַרטיידיקט דעם באַשולדיקטן האָט אַדוואָקאַט רומשע־וויטש. יודקעוויטש איז פאַרמשפּט געוואָרן צו איין יאָר תפיסה און צונעמען אַלע רעכט.

מיט דער אַנטשטייאונג פון „אומאָפּהענגיקן" פּוילן הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה פּאָליטישע רדיפות און פּראָצעסן.

דער ערשטער גרויסער פּאָליטישער פּראָצעס אין טשענסטאָכאָוו איז פאָרגעקומען אין 1922. אַנשטאָט דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי האָט שוין גע־הערשט די פּוילישע „דעפענזיווע". איר אָנפירער איז געווען יאַנוש, אַ געוועזענער פּפּ״סאָוויעץ, וואָס האָט אין נאָמען פון פּפּ״ס געעפנט און אָנגעפירט מיטן פּראָ־וויזאָרישן אַרבעטער־ראָט. זיינע געהילפן זיינען געווען: זדאַנקאָוויטש — דער עקזעקוטאָר, וואָס האָט געפייניקט די אַרעסטירטע, היבנער — אַ דייטש און „צאַפּעלע", וועלכער האָט געקענט לייענען און שרייבן יידיש, וואָס עס האָט אים אַ סך געהאָלפן אין דער שפּיאָנען־אַרבעט. שפּעטער איז צוגעקומען „יאַנעק", אַ געוועזענער סאָציאַל־דעמאָקראַט.

דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער זמ״ק (זוויאָנזעק מלאָדזשעזשי קאָמוניסטיטשנעי) אויף זאוואדע, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער פאָליציי דורך איינעם פון די פוילישע אָנטיילנעמער. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַרום 17 פערזאָן. צווישן זיי:ביילע טעמעראָוויטש, מאַקס אָפּאַטאָווסקי, עליע לעווענשטיין, סאַלעק זילבערשטיין, ברוך בראָקמאַן, שלום טאָביאַש, שלמה ליבראָוויטש, הערמאַן זיגאַס און קאָניאַרסקי.ביילע טעמעראָוויטש איז צוזאַמענגעבראָכן אונטער די פייניקונגען און האָט אַרויסגעגעבן די נעמען פון די אָנפירער פון דער קאָנפערענץ.

דער פראָצעס איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו אין סעפּטעמבער. ער האָט געדויערט פיר טעג. אַלס עדות פאַר די באַשולדיקטע זיינען אַרויסגערופן געוואָרן: ד״ר מאַרקוספעלד, ד״ר גייזלער, דודעק שלעזינגער, אַ. כראבאלאָווסקי, ר. פעדערמאַן, אַלעקסאַנדער בעם, שיע נירענבערג, יוזעף קאַזמיערטשאק, שמואל גאָלדשטיין, מענדל אַש, ד״ר בראַם און יאַן העמפעל, פאַרלעגער פון דער אויסגאַבע „קשיאָנזשקאַ״.

פאַרטיידיקט די באַשולדיקטע האָבן די אַדוואָקאַטן: האָניגוויל, דוראַטש, דאָמבראָווסקי און ברייטער — פון וואַרשע, מ. קאַניאַרסקי פון טשענסטאָכאָוו און וואָרזשינסקי פון פיעטרקאָוו.

עס זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו 15 חדשים תפיסה, אַפּאַטאָווסקי, לעווענשטיין און זילבערשטיין. אַלע איבעריקע זיינען באַפרייט געוואָרן.

אין שייכות מיט דעם פראָצעס האָט דער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט אין פוילישן סיים — דעמבאַל, אַריינגעטראָגן אַן אינטערפעלאַציע, פּראָטעסטירנדיק קעגן דעם, וואָס דער באַשולדיקונגס־אַקט האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „אין דער הייליקער טשענסטאָכאָוו, איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ באַנדע פאַרברעכער, כדי אונטערצוגראָבן די פונדאַמענטן פון דער קאַטוילישער קירכע און פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג״.

איינער פון די טעטיקסטע פון דער קאָמוניסטישער יוגנט איז געווען וואָלף זלאָטניק. ער האָט אָנגעפירט מיט דער סטודענטן־גרופּע און געשריבן אין זשורנאַל „שוויאַטלאָ״. ער איז פאַרמשפט געוואָרן אויף צוויי יאָר תפיסה.

אין מאַי 1926, פאַר דער „רעוואָלוציע״ פון די פילסודטשיקעס, האָט נאָך געהערשט די רעגירונג פון „פיאַסט״־כ.י.נ.ע.״ דעם ערשטן מאַי האָבן די קאָמוניסטן אָנטייל גענומען אין דער אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע. אויף דער טעאַטראַלנע גאַס האָט זיך אויף זיי געוואָרפן רייטער־פאָליציי, וואָס האָט געוואָרט אין די טויערן און עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַ סך אַרעסטן. צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען אָפּאַטאָווסקי, לעווענשטיין, זילבערשטיין, בראָקמאַן, טאָביאַש, ליבראָוויטש, רוזשקע ראָזענפעלד, שלמה קאנעמאַן, משה ריכטער, קרימאַלאָווסקי — אַ סטודענט, וואָלף זלאָטניק, לעאשקע קאַכמאַן, לעאָן טענענבערג — אַ סטודענט, יצחק טענענבערג, משה שוכטער, אסתר זבאָראָווסקאַ, פייגל זבאָראָווסקאַ, זשאָנשינסקי, זיגאַס און שיינוואַלד.

זיי זיינען אָפּגעזעסן זיבן חדשים אין דער תפיסה. אַ טייל פון זיי זיינען באַפרייט געוואָרן. אָפּאַטאָווסקי, לעווענשטיין, זילבערשטיין, זלאָטניק און זיגאַס זיינען באַשולדיקט געוואָרן לויטן אַרטיקל 102 פון רוסישן קאָדעקס פאַר „מלוכה־פאַרראַט״. אַנדערע זיינען באַשולדיקט געוואָרן לויטן אַרטיקל 126 פאַר העצן קעגן דער רעגירונג. מיט דער הילף פון אַדוואָקאַט וואוזשינסקי פון פיעטריקאָוו זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אַלע באַווייזן און דער פראָצעס איז אַנולירט געוואָרן.

אין 1927 איז ווידער פאָרגעקומען אַ פראָצעס און וו. זלאָטניק, אסתר זבאַראָווסקאַ און רוזשקע ראָזענפעלד זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו 4 יאָר תפיסה. טענענבערג און עטלעכע פון דער אומגעגנט האָבן באַקומען צוויי יאָר תפיסה.

אין 1928 איז אין פיעטרקאָווער קרייז־געריכט, צוזאַמען מיט אַ גרופּע קאָמוניסטן, געמפשט געוואָרן לאה שוויערטשעווסקאַ פון קזשעפיץ. איר איז געלונגען צו אַנטלויפן, ווען זי איז געפירט געוואָרן צו אַ דענטיסט היילן די ציין און זי איז געוואָרן איינע פון די אָנפירנדיקע פערזאָנען אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון בערלין.

וואָלף זלאָטניק האָט זיך שפּעטער צוריקגעצויגן פון פּאָליטישער טעטיקייט און איז געוואָרן דירעקטאָר פון „באַנק קופיעצקי״ אין קראָקע.

צווישן די, וואָס זיינען געמשפט געוואָרן פאַר אָנטייל נעמען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, זיינען אויך געווען די סטודענטן: פּרץ, בעם און פּרושיצקי. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז זייערע עלטערן האָבן אין 1905 געהערט צו פאַרשיידענע ריכטונגען. א. פּרץ איז געווען אַ בונדיסט, בראָניע בעם איז געווען אַן ס״סאָווקע און פּרושיצקי, אַ שוואָגער פון אַדאָלף בריל, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ סימפּאַטיקער פון דער ס״ד.

אין 1928 זיינען צום צווייטן מאָל פאַרמשפט געוואָרן צו 4 יאָר תפיסה: לעאשקע קאַכמאַן, קרימאַלאָווסקי און עלעק לעווענשטיין.

אין דעם יאָר איז אויך פאַרמשפט געוואָרן אין לאָדזש צו 4 יאָר תפיסה דוד ריכטער. פריער איז ער אַ סך מאָל געווען אַרעסטירט און איז געפייניקט געוואָרן.

אין 1935 איז פאַרמשפט געוואָרן צו 4 יאָר תפיסה יצחק טענענבערג. רוזשקע ראָזענפעלד איז אין 1937 אין וואַרשע צום צווייטן מאָל פאַרמשפט געוואָרן צו 4 יאָר שווערער תפיסה.

לאה טענענבערג, אַ קראַנקן־שוועסטער, איז אין וואַרשע, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרעסטירטע, פאַרמשפט געוואָרן צו 8 יאָר תפיסה פאַר טעטיקייט אין דער מיליטערישער אָפּטיילונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

צוויי טשענסטאָכאָווער פּראָוואָקאַטאָרן משה שוכטער און הערשליקאָוויטש, זיינען לויט אַן אורטייל פון דער קאָמפּאַרטיי דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשע. צוליב הערשליקאָוויטשן זיינען אין גאַנץ פּוילן אַרעסטירט געוואָרן אַ סך קאָמוניסטישע טוער.



אויך אַנדערע פּאַרטייען אין טשענסטאָכאָוו האָבן געליטן פון פּאָליציייאישן טעראָר און רדיפות, כאָטש נישט אין אַזאַ מאָס ווי די קאָמוניסטן.

אין 1920 איז אַרעסטירט געוואָרן דער גאַנצער קאָמיטעט פון „בונד". צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען: יוסף אַראָנאָוויטש, בונדישער ראַטמאַן פון טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראָט, יוסף איזראַעלעוויטש, זלמן טענענבערג (אומגעקומען אין אָשוויענטשים), מענדל ברוין, גרינבאום, זשאַנשינסקי און חיים דוד וואַלהענדלער. די אַרעסטירטע זיינען געהאַלטן געוואָרן אין דאָמביער געפאַנגענלאַגער, דער ערשטער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. (גענויער וועגן דעם דאָזיקן אַרעסט אין אַרטיקל פון ש. הערץ „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד".

אין 1920 איז דורך אַ פאַראָרדענונג פון טשענסטאָכאָווער סטאַראָסטע ליקווידירט געוואָרן דער קלוב „פּאַראייניקטע" אויף אַלעע 43. צוזאַמען דערמיט האָט דער טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט רעקווירירט דעם לאָקאַל פון קלוב און אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי, וואָס האָט דאָרט איינגעאָרדנט איר עקספּאָזיטור. שפּעטער איז דער זעלביקער לאָקאַל איבערגעגעבן געוואָרן אַ קריסטלעכן באַאַמטן אַלס פּריוואַטע וואוינונג. עס זיינען אויך רעקווירירט געוואָרן די לאָקאַלן פון אַ גאַנצער ריי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען ביים קלוב. קעגן קלוב „פּאַראייניקטע" האָבן די ענדעקישע צוויי פּוילישע צייטונגען אין טשענסטאָכאָוו לאַנג געפירט אַ העצע, אַז דאָס איז אַ קאָמוניסטישע נעסט אין סאַמע צענטער פון שטאָט. מסירות זיינען געגאַנגען צו דער רעגירונג אין וואַרשע, און אויפן באַפעל פון דער רעגירונג איז דער קלוב ליקווידירט געוואָרן און דער לאָקאַל רעקווירירט געוואָרן.

אין זעלביקן יאָר איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון רפאל פעדערמאַן, וואָס איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט דורכן סטאַראָסטע גריבאָשינסקי פאַר באַליידיקן אים אַלס מלוכה־באַאַמטן. דער סיכסוך צווישן סטאַראָסטע און ר. פעדערמאַן איז פאָרגעקומען צוליבן פאַרבאָט צו האַלטן אַ פאָרלעזונג אויף יידיש. ר. פעדערמאַן האָט געטענהט, אַז אַזאַ פאַרבאָט איז קעגן דער קאָנסטיטוציע, וועלכע פאַרזיכערט די רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. פון דעמאָלט אָן איז טאַקע די גזירה אויף יידיש אין טשענסטאָכאָוו בטל געוואָרן. אַלס נקמה האָט דער סטאַראָסטע אָנגעקלאָגט פעדערמאַנען אין געריכט.

דעם באַשולדיקטן האָט פאַרטיידיקט אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו קאָניאַרסקי. ר. פעדערמאַן איז פאַרמשפּט געוואָרן צו דריי חדשים טורמע. די אַלגעמיינע אַמנעסטיע האָט אים אָבער באַפרייט פון דער שטראָף.

אין 1923, בשעת די וואַלן צום סיים, האָט די פּאָליציי, צוזאַמען מיט דער דעפענזיווע, אַדורכגעפירט אַן אָבלאַווע אויף אַלע אינסטיטוציעס און ביוראָס פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אַלס איר קאַנדידאַט צום סיים ד"ר יוסף קרוק. צוזאַמען דערמיט זיינען פאָרגעקומען הויז־זוכונגען אין די פּריוואַטע וואוינונגען פון אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע פון דער פּאַרטיי. אַ שלל פּאַרטייאישע דאָקומענטן און פּריוואַטע שריפטן איז צוגענומען געוואָרן אין דער דעפענזיווע.

דעם 5טן פעברואַר 1926 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון רעדאַקטאָר פון טשענסטאָכאָווער „דאָס נייע וואָרט", אַ. כראַבאַלאָווסקי, פאַר אַן אַרטיקל, געדרוקט אין 1923, אונטערן נאָמען „דער שטילער מאָרד", וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן פאַרמאַכן די בונדישע געזעלשאַפט „אונזערע קינדער" מיט די צענדליקער שולן, וואָס די געזעלשאַפט האָט אָנגעפירט. דאָס געריכט איז באַשטאַנען פון די ריכטער: וואַלאָשינסקי, פאָרזיצער; קאַמיענבראָדסקי און קעלער. פאַרטיידיקט דעם באַשולדיקטן האָט אַדוואָקאַט מענזשניצקי. אַלס עדות, אַרויסגערופן דורך דעם באַשולדיקטן, זיינען אַרויסגעטראָטן ד"ר מאָריץ גרינבוים, ד"ר יוסף קרוק, יוזעף סטאַניש, דעמאָלט שוין דער הויפּט פון דער דעפענזיווע אין קעלצער קרייז. דער פּראָצעס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג און זיך געענדיקט מיט דער באַפרייאונג פון דעם באַשולדיקטן.

דעם 19טן נאָוועמבער 1926 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון ד"ר יוסף קרוק, וועלכער איז באַשולדיקט געוואָרן אין מלוכה־פאַרראַט פאַר זיין אַרויסטריט אויף אַ מאַסן־מיטינג אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער האָט זיך פאַררופן אויפן טאָסט: „קאָכאַימי שע" (לאָמיר זיך ליב האָבן), וואָס דער אויסערן־מיניסטער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד טשיטשערין האָט געהאַלטן לכבוד דעם פּרעמיער־מיניסטער פון פּוילן, סקרזשינסקי, און גערופן די פּוילישע אַרבעטער נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון אויבן.

דער הויפּט־עדות קעגן באַשולדיקטן איז געווען קאָמיסאַר קולינסקי (אַ געוועזענער אַרבעטער פון ראַקאָוו). די עדות פאַרן באַשולדיקטן זיינען געווען: דודעק שלעזינגער, פאָרזיצער פון דעם דערמאָנטן מיטינג; ביאַלעק און אַנטאָני דאָמאַנסקי. דער פאַרטיידיקער איז געווען אַדוואָקאַט באָטנער פון וואַרשע.

ד"ר יוסף קרוק איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אנדערהאַלבן יאָר טורמע. ער האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אַ לאַנגע צייט אין די טשענסטאָכאָווער און פּיעטרקאָווער

תפיסות. שפּעטער איז ער דורכן קאָסאַציע־געריכט אין וואַרשע באַפרייט געוואָרן.



וועגן סאַדיזם און פּייניקונגען פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן איז אַ סך געשריבן געוואָרן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. אין אַ בריוו פון די טשענסטאָכאָווער פּאָליטישע אַרעסטירטע צו זייערע פריינט אין אַמעריקע, דאַטירט דעם 6טן אַפּריל 1929, לייענען מיר:

„מיר, טשענסטאָכאָווער פּאָליטישע אַרעסטירטע, געפינענדיק זיך שוין זייט לאַנגע יאָרן אונטער די קראַטעס פון די פּוילישע טורמעס, זייענדיק צופעליק (איצט) אין דער טשענסטאָכאָווער תפיסה, ווענדן זיך צו אייך, חברים, מיט אַ רוף, איר זאָלט אונדז קומען צו הילף אין אונדזער לאַגע.

„פאַר אונדזער קאַמף אין די רייען פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, פאַר אונדזער טרייהייט צו די אידעאַלן פון אַרבעטער־קלאַס, פאַר אונדזער איבערגעבנהייט פאַר דער זאַך פון דער אַרבעטער־ און פּויערים־מלוכה, פאַר אונדזער שטרעבונג צו אַ בעסערן און ליכטיקערן מאָרגן, פאַר דעם, וואָס מיר קאָנען נישט גלייכגילטיק צוקוקן ווי אונדזערע פאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער לעבן אין דוחק און שרעק פאַר דעם ניט זיכערן מאָרגן, פאַר דעם, וואָס מיר האָבן אַרויסגעזאָגט אַ קאַמף אונדזער היימישער קלעריקאַל־נאַציאָנאַליסטישער הערשאַפט, פאַר דעם, וואָס מיר ווילן זיין פרייע מענטשן אין אַ פרייער אָרדענונג — האָט אונדז דער הענקערישער און בלוטדורשטיקער פאַשיזם אַריינגעוואָרפן אויף לאַנגע יאָרן אין פּוילישע טורמעס, וועלנדיק אַזוי אַרום דערדריקן אין אונדז דעם ווילן צום קאַמף, דערשטיקן דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק.

„איר האָט געוויס געהערט ווי מיר ׳לעבן׳ דאָ. עס איז שווער צו באַשרייבן, וואָס מיר לעבן דאָ טאָג־טעגלעך איבער. מיר ליידן הונגער, נויט און קעלט. די תפיסה־מאַכט ׳שפּייזט׳ אונדז מיט פאַרפוילטע, דורכגעפרוירענע קאַרטאָפל, שטינקענדיקער, ברודיקער זופּ און שוואַרץ־ליימעדיק „ברויט". עס איבלט, ווען מען נעמט דאָס אין מויל אַריין. אונדזערע קרובים האָבן נישט קיין מעגלעכקייט אונדז צו העלפן, ווייל אַ סך פון אונדז זיינען געווען די איינציקע שפּייזערס זייערע. דער הונגער פּייניקט אונדז אַזוי, אַז מיר פאַלן אָפט אין חלשות און אין די לאַנגע ווינטער־נעכט וואַרפן מיר זיך גאַנצע שעהן אויף די טאַפּטשאַנעס, נישט קענענדיק פאַר הונגער איינשלאָפן.

„עס זיינען דאָ צווישן אונדז חברים, וועלכע געפינען זיך שוין עטלעכע מאָל אין טורמע און ראַנגלען זיך מיט דעם רעשט כוחות.

„עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס אַ סך פון אונדז קרענקען אויף שווינדזוכט. מיר האָבן נישט קיין שום מעדיצינישע הילף, חוץ יאָדינע און . . . פּראָשקעס.

„די תפיסה־מאַכט, וואָס באַשטייט אָבער פון אומ־מענטשלעכע ברואים, זעט אָבער, אַז דער הונגער ברעכט אונדז נישט, ווענדן זיי אָן אַלע מיטלען, כדי אונדז פיזיש און גייסטיק צו דערדריקן. טאָג־טעגלעך האָבן מיר קאַמפן מיט די שליסערס, פאַרשיידענע טורמע־דיגניטאַרן און נאַטשאַלניקעס. פאַר יעדן קלענסטן ווידערשטאַנד וואַרפט מען אונדז אַריין אין פינצטערע קאַמערן.



אונטערשריפטן פון פּאָליטישע אַרעסטאַנטן
אויף אַ בריוו אַרויסגעשיקט אין געהיים פון דער תפיסה

דאָס אַלץ מאַכט אונדז דאָס לעבן אומדערטרעגלעך. אויף יעדן טריט און שריט מוזן מיר פאַרטיידיקן דעם כבוד פון אַ רעוואָלוציאָנער און קלאַסן־באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריער.

„מיר קאָנען אייך אָבער מיט שטאָלץ פאַרזיכערן, אַז קיין שום רדיפות, שיקאַנעס און ליידן שוואַכן נישט אָפּ אונדזער ווילן צום קאַמף פאַר דער זאַך, וואָס איז דער ציל פון אונדזער לעבן. נישט קיין טורמעס, נישט קיין קאַרצערס, נישט קיין רעגולאַמין־שטראָפן וועלן אין אונדז ניט דערשטיקן אונדזער קאַמף־גרייטקייט. די צייט, וואָס מיר פאַרברענגען דאָ, נוצן מיר אויס צו פאַרבעסערן אונדזער וויסן, כדי צו קענען נאָכן פאַרלאָזן די טורמע, ווידער זיך שטעלן אין די רייען, פון וועלכע מיר זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן".

# יידישע קעמפער אויף די פעלדער פון שפּאַניע

(געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון די טשענסטאָכאָווער העלדן: אַדאַם דאַווידאָוויטש, העניעק גוטערמאַן, לעאָן אינזעלשטיין און גאָדעט)

„. . . ווען איך האָב דעם כוח
וואָלט איך שטיינער געלערנט
צו פאַרשטעלן דעם וועג די טיראַנען" . . .
(לאָרד בייראָן).

דער בירגער־קריג אין שפּאַניע איז געווען די לאַבאָראַטאָריע פון וועלט־פאַשיזם, וואו היטלער האָט מיט דער הילף פון זיינע שותפים, מוסאָליני און פראַנציסקאָ פראַנקאָ, צוגעגרייט די וועלט־שחיטה פון 1939—1945.

ער איז נישט געקומען פּלוצלונג, דער בלוטיקער אָנפאַל פון שפּאַנישן הענקער.

די אייראָפּעאישע פעלקער פון אַ ריי לענדער האָבן זיך מוטיק און עקשנותדיק אַנטקעגנגעשטעלט די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן, ווי למשל: קעגן לאַוואַל אין פראַנקרייך, קעגן פּילוסדסקי אין פּוילן, קעגן פּרינץ שטאַרהעמבערג אין עסטרייך, קעגן די שפּאַנישע „פאַלאַנגיסטן" לערדו און אַנטאָניאָ מאָוראַ, קעגן די בעלגישע, שוועדישע און פינלענדישע פאַשיסטן . . .

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אויפשטאַנדן דאָס יאָר 1934: די פעברואַר־טעג אין ווין, גראַץ און לינץ, דער אויפשטאַנד פון די פאָלקסמאַסן אונטער אַ לאָזונג פון דעם „איינהייטס־פראָנט". ווי תמיד, האָט די בורזשואַזיע געהאָלפן די פאַשיסטן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד און זי האָט געהאָנגען דעם פירער פון גראַץ, קאָלאָמאַן וועלעש, דעם פירער פון לינץ, רייכעלבערגער. די אויפגעצאָרנטע פראַנצויזישע אַרבעטער און די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ האָבן מיט שלאַכטן אויף די גאַסן פון פּאַריז, מאַרסעיל און ליל געענטפערט אויף דער פּראָוואָקאַציע פון די „פייער־קרייצלער" פון דאָריאָ און דעגרעיל און האָבן פאַרחתמעט מיט זייער בלוט דעם זיג איבערן פאַשיזם. די פראַנצויזישע 400 משפחות פון גרויס־קאַפּיטאַל, מיט פּעטען בראש, האָבן פאַרראַטן דאָס פאָלק, איבערגעבנדיק עס צו היטלערן.

אין שפּאַניע, דעם לאַנד פון דער גרעסטער אָרעמקייט און פון דעם גרעסטן לוקסוס פון די פעאָדאַלן, וואָס האָבן, אין אַ צאָל פון 13 רייכסטע פאַמיליעס, פאַרמאָגט 67 פּראָצענט פון דעם גאַנצן שפּאַנישן באָדן, האָט געזיגט אין פעברואַר 1936 די רעגירונג פון „פאָלקס־פראָנט", וועלכע איז אַרויסגעקומען מיט דעם זייט הונדערטער יאָרן פּאָפּולערן לאָזונג פון אַגראַר־רעפאָרמען פאַר דעם לאַנדלאָזן פּויער און לאַנד־אַרבעטער, פון אַן אַרבעטער־געזעצגעבונג און אַ מינימום־לוין פאַר די שטאָטישע אַרבעטער און האַנטווערקער, פאַר סאָציאַלן שוץ און פאָלקס־בילדונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פרילינג פאַר דעם פאָלק פון שפּאַניע: שולן, שפּיטעלער פאַר אָרעמע, דאָס טיילן פון פריצישער ערד אונטער דער אָנפירונג פון דעם אַגראַר־מיניסטער, וויסענטע אורימאַ, מעדיצינישע פאַרזאָרגונג פון קינדער און מוטערס — דאָס אַלץ איז געווען, ווי אַ חלום אויף דער וואָר פון דעם פאַרשקלאַפּטן, אויסגעהונגערטן שפּאַנישן פאָלק, איבער וועלכן עס האָט הונדערטער יאָרן געהערשט די קאַטוילישע קירך, די פאַראַסטע „גאַרדאַ סיוויל" (די פּאָליציי) און די ברוטאַלע אויסזויגער — די גראַנדן און מאַרקיזן פון שפּאַנישן הויף, ווי: מאַרקיז ד'עספּינאַס, פּרינץ אָליוואַ און דאָס גלייכן.

אין אַ הייסן טאָג, זומער 1936, דעם 18טן יולי, האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן אין באַרצעלאָנאַ די אַרבעטער־אָלימפּיאַדע, דער פּראָלעטאַרישער ספּאָרט־פאַרמעסט, צו וועלכן הונדערטער דעלעגאַטן פון אויסלאַנד זיינען געווען איינגעלאַדן. צווישן זיי איז אויך געקומען אַ גרופּע יידישע קינדער פון דעם אַרבעטנדיקן פּאַריז, קינדער פון אונדזערע קולטור־אינסטיטוציעס אין פראַנקרייך. אַלץ איז געווען צוגעגרייט, כדי די אָלימפּיאַדע צו פאַרוואַנדלען אין אַ יום־טוב פון אינטערנאַציאָנאַלן ספּאָרט־פאַרמעסט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די פּראָגרעסיווע לענדער פון אייראָפּע. אַלס קעגנמיטל קעגן דער נאַצישער אָלימפּיאַדע, צו וועלכער אַרבעטער זיינען נישט געקומען.



יידישע קעמפער אויף די פעלדער פון שפּאַניע.
(באַצייכנט מיט X — אַ טשענסטאָכאָווער)

אָבער אָנשטאָט לידער און אַ מאַרש מיט פענער איבער דער „אַווענדיאַ קאַטאַלאָניאַ" זיינען 7 אַזייגער אין דער פרי געפאַלן שאָסן פון די קאַזאַרמעס פון דער שפּאַנישער אַרמיי, וועמענס אָפיצירן האָבן אין מאַדריד, וואַלענסיאַ, באַרצעלאָנאַ און מאַלאַגאַ דערמיט געגעבן

דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד קעגן דער נייער דעמאָקראַטישער רעגירונג פון „פאָלקס־פראָנט".

דאָס איז געווען דעם 18טן יולי 1936.

אַ דאַטע, וואָס וועט בלייבן אין אונדזער זכרון אויף אייביק, ווייל זי האָט באַטייט דעם סוף פון אַ נייעם אויפבלי אויך פון טויזנטער יידן, וואָס זיינען געקומען אין שפּאַניע אויפן רוף פון דעם שפּאַנישן אויסערן־מיניסטער דע לאָס ריאָס. פון טערקיי, גריכנלאַנד, מאַקעדאָניע און ארץ־ישראל, אוראייניקלעך פון פאַרטריבענע ספרדישע יידן בעת דער אינקוויזיציע, ווי אויך פאַר די נייע אימיגראַנטן־יידן פון פוילן, דייטשלאַנד, עסטרייך און פראַנקרייך, וועמען דער אַנטיסעמיטיזם האָט געטריבן זוכן נייע היימען און וועמען די שפּאַנישע פאָלקס־פראָנט־רעגירונג האָט ברייט און האַרציק אויפגענומען, נאָך פעברואַר 1936, אין שפּאַניע.

די דאַטע איז געווען דער אָפּגרונט, וועלכער האָט זיך געעפנט מיט יאָרן־שפּעטער פאַר די מיליאָנען יידן פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע, ווען היטלער האָט, מיטן שווייגנדיקן הסכם פון די גרויסע דעמאָקראַטיעס, פאַרשקלאַפּט שפּאַניע און גענומען ברענען די לענדער אין צפון און מזרח פון שפּאַניע.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן די דאַטע צוליב דעם, וואָס טויזנטער יידישע קעמפער פון דער גאָרער וועלט האָבן באַדעקט מיט רום, כבוד און אָנערקענונג דעם יידישן נאָמען, בעת זיי האָבן מיט זייער בלוט באַדעקט דאָס אַלטע שפּאַנישע היימלאַנד, פון וואַנען די ברוטאַלע פעאָדאַלע קאַטוילישע קירך האָט געהאַט פאַרטריבן, מיט 500 יאָר צוריק זייער אור־זיידעס און באָבעס.

דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס אין פעברואַר 1936, ווען די פאָלקס־רעגירונג האָט געזיגט, האָבן זיך גענומען ציען צוריק קיין שפּאַניע — יידן . . . פון טאַרנאָפּאָל און תל־אביב, פון בערלין און רוים, פון אָטען און לאָדזש, פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און טריעסט.

און ווען דער שאָס פון די קאַזאַרמעס האָט זיך דערהערט באַגינען אין באַרצעלאָנאַ און מאַדריד, האָבן די יידישע גימנאַזיסטן, ספּאָרטעלער און לערער, אַוועקגעפירט צו דער פראַנצויזישער גרענעץ און זיך אומגעקערט צוריק — צו קעמפן קעגן די אָפיצירן פון דער פראַנקאָריק — צו קעמפן קעגן די אָפיצירן פון דער פראַנקאָ־קליקע, קעגן אָפיצירן פון די רייכסטע שפּאַנישע משפחות, ווייל ס אָ ל ד אַ ט ן האָבן נישט גענומען קיין אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד אין די דריי גרעסטע שטעט פון שפּאַניע: זיי זיינען געווען קעגן פראַנקאָ, פאַר פרייהייט, פאַר ערד, פאַר ברויט, פאַר דעם פאָלק פון שפּאַניע.

שפּאַניע איז געוואָרן דער צענטער פון דער וועלט־אויפמערקזאַמקייט. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ בלאָק פון מלוכות, וועלכע האָט באַוואוסטזיניק און אויסגעהאַלטן געהאָלפן פראַנקאָ מיט אַלע זייערע געוואַלטיקע מאַכטמיטלען: געווער, געלט, פּראָפּאַגאַנדע און הילפס־לעגיאָנען . . .

אַמקלאָרסטן איז עס געקומען צום אויסדרוק אין פראַנקרייך, דעם גרענעץ־לאַנד פון שפּאַניע און דעם איינציקן לאַנד, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דורכן מויל פון זיינע פאָלקסמאַסן אָן באַוואָרעניש שטיצע פאַר די לאָיאַליסטן אין שפּאַניע. פון דאָרט, פון דעם קליינעם גרענעץ־שטעטל צווישן פראַנקרייך און שפּאַניע, סערבער, האָבן זיך אָנגעהויבן ציען ביי נאַכט, איבער די פעלדזן פון די פירענעאישע בערג קליינע שורות מענטשן, וועלכע זיינען געקומען פון 28 לענדער העלפן דעם פאָלק פון שפּאַניע אין זיין העלדישן קאַמף קעגן פראַנקאָ. זיי זיינען געגאַנגען מיט ענטוזיאַזם און מסירת־נפש, יונגע און מיטליאָריקע, נישט ריידנדיק קיין וואָרט שפּאַניש, מענטשן פון אַלע פּראָפעסיעס, קענטענישן און רעליגיעס, מיט אַ י י ן ווילן בלויז: נישט דערלאָזן פראַנקאָ און דעם וועלט־פאַשיזם צו באַזיגן דאָס פאָלק פון שפּאַניע, ווייל הינטער דעם פאָלק פון שפּאַניע איז געשטאַנען די משפּחה פון פעלקער פון גאַנץ אייראָפּע און האָט מיט קלאַפּעדיקע הערצער געטראַכט וועגן דעם אייגענעם פאַשיזם ביי זיך אין דער היים.

זיי זיינען געגאַנגען קעגן קאַנאָנען, מאַשין־ביקסן, קעגן נאַציסטישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געזייט טויט און אונטערגאַנג, נישט האָבנדיק נאָך קיין מיליטערישע אויסבילדונג אַליין. דער גרעסטער טייל איז געווען אין פאַשיסטישע תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן ביי זיך אין דער היים יאָרנלאַנג.

דאָס גרענעץ־שטעטל סערבער האָט געזען טויזנטער יונגע מענער און פרויען, וואָס זיינען אַריין אין שפּאַניע און זיך געשטעלט אין רשות פון די לאָיאַליסטן, פאַרמירנדיק די באַרימטע און גלאָררייכע „אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדן". עס זיינען געווען 5 „אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדן" אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע: די עלפטע טעלמאַן־בריגאַדע, די צוועלפטע גאַריבאַלדי־בריגאַדע, די דרייצנטע פּוילישע בריגאַדע אויפן נאָמען פון יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי, די פערצנטע פראַנצויזישע בריגאַדע „לאַ מאַרסעליעז" און די 15טע אייברעהעם לינקאָלן בריגאַדע — די אַמעריקאַנער.

די יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות פון פּוילישע שטעט און שטעטלעך, פון דער עמיגראַציע אין פּאַריז, בריסל, אַנטווערפּן, פון האָלאַנד און טשעכיע, פון עסטרייך און ארץ־ישראל האָבן אין דעצעמבער 1937, בעת די פּוילישע דרייצנטע בריגאַדע האָט געקעמפט אויפן פראָנט פון אַראַגאָן, אָרגאַניזירט אַ יידישע איינהייט, לויט אַ באַשלוס פון דעם שטאַב פון דעם 45טער דיוויזיע, וואו עס איז געווען קאָמענדאַנט דער פּוילישער גענעראַל וואַלטער — דער הייניטיקער העלד פון די קאַמפן פאַר וואַרשע און שלעזיע אין דער סאָוועטיש־אויסגעשטאַטער און באַוואָפנטער דיוויזיע „קאָשטשיושקאָ", וועלכע האָט צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי מאַרשירט איבער פּוילן

אין נצחון־מאַרש אויף בערלין. די יידישע קאָמפּאַניע אין דעם באַטאַליאָן „פּאַלאַפאָקס" האָט מען אָנגערופן אויפן נאָמען פון דעם אין לעמבערג, אין 1929, דערשאָסענעם יידישן אַרבעטער נפתלי באָטווין . . .

אין אָנדענק פון דעם מאַרטירער־העלד, וואָס האָט דערשאָסן דעם פּוילישן שפּיאָן און פאַררעטער טשעכאָווסקי, האָט מען אין די טרענטשעס פון אַראַגאָן, ביי אַ קליין ליכטל, פּנים אל פּנים מיט דעם שונא, וואָס איז געווען וואָסערע 30 פוס פון די פּוילישע קעמפער, אָרגאַניזירט די ערשטע היסטאָרישע יידישע קאַמף־איינהייט אין שפּאַניע, מיט אַן אייגענעם קאָמענדאַנט און אַ פראָנט־זשורנאַל, וואָס פלעגט אַרויס יעדן חודש אין דער יידישער שפּראַך: „באָטווין".

צום ערשטן מאָל אין 500 יאָר האָט מען געשיקט פון פּאַריז יידישן זאַץ, כדי צו דרוקן אין אַלבאַסעטע, נישט ווייט פון דער אַלטער אוניווערסיטעט־שטאָט, מורסיאַ, וואו עס זיינען אַמאָל געדרוקט געוואָרן אַנטי־יידישע געזעצן פון די שפּאַנישע מאָנאַרכן — אַ יידישע צייטונג: „דער פרייהייט־קעמפער". אויף דער ערשטער זייט איז געדרוקט געווען דער לאָזונג פון דער פּוילישער בריגאַדע: „פאַר אייער און אונדזער פרייהייט".

עס זיינען אַדורך פאַר מיינע אויגן און פאַר מיין האַרץ הונדערטער יונגע און מיטעלערע קעמפער. מיין אַריינפאָר אין מאַדריד, אַלס מיטגליד פון אַנטי־פאַשיסטישן שרייבער־קאָנגרעס אין יוני 1937, איז געווען פאַרכאַפּנדיק דורך אַן עפּיזאָד, וואָס קיין רעזשיסאָר פון אַ מאָדערנעם פילם וואָלט נישט געקאָנט אינסצענירן.

פאָרנדיק אויף דער גרעסטער און ברייטסטער גאַס פון מאַדריד, אַוועניַדאַ פּראַדאָ, האָט זיך די קאָלאָנע אויטאָמאָבילן מיט די אָנטיילנעמער פון קאָנגרעס (מיר זיינען געפאָרן פון באַרצעלאָנאַ און פון וואַלענציאַ אין מאַדריד אין אַ צאָל פון 84 מאַשינעס) אָפּגעשטעלט אויף אַ צייט, כדי צו טרעפן זיך מיט די פאָרשטייער פון גענעראַל מיאַכאַ, דעם קאָמענדאַנט פון מאַדריד און פון מאַדרידער פראָנט. לענג־אויס דער קאָלאָנע איז געלאָפן אַ יונגער צעהיצטער בלאָנדער סאָלדאַט און געהאַלטן אין האַנט די „נייע פּרעסע", אַ יידישע צייטונג פון פּאַריז. ער האָט געפאָכעט מיט דער צייטונג, ווי מיט אַ פאָן, וואַרטנדיק ביז אַ מיטגליד פון שרייבער־צוזאַמענפאָר וועט זיך דעקלאַרירן אַלס ייד און וועט אים אָפּשטעלן... דאָס האָב איך טאַקע געטאָן, און די פרייד פון דעם יונגן סאָלדאַט איז געווען אומבאַשרייבלעך . . . ער האָט געוואוסט, אַז דער קאָנגרעס דאַרף זיך עפענען אין אָוונט, ער האָט גענומען אורלויב פון פראָנט, וועלכער איז געווען, ווי שוין באַמערקט, 20 מינוט מיטן טראַמוויי פון צענטער פון דער שטאָט און זיך געלאָזט זוכן אַ יידישן שרייבער. ווען איך האָב אים געפרעגט זיין נאָמען און אָנגערופן מיינעם, איז ער געוואָרן נאָך רויטער, נאָך צעפלאַמטער . . . „גינאַ מעדעם! די חברה ביי „פּוענטע פראַנסעזע" וועלן מיר נישט גלויבן, אַז איך האָב אייך געזען . . ." דערפאַר האָב איך אין שפּאַס אָנגעשריבן אויף דער אייגענער צייטונג מיין נאָמען און די דאַטע.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז מאָרגן אויפן קאָנגרעס וועלן קומען עטלעכע פריינד זיינע פון דעם באַטאַליאָן צו דער אָפיציעלער באַגריסונג פון קאָנגרעס פון די שרייבער. ער האָט מיר נאָך באַוויזן צו זאָגן זיין נאָמען: פעלדמאַן — דאַן האָבן זיך די אויטאָמאָבילן געלאָזט אין באַוועגונג און ער איז אַוועק. לויפנדיק, ווי ער איז געקומען און פאָכענדיק מיט דער צייטונג. איך האָב אים מער נישט געזען, ווייל דעם אייגענעם אָוונט האָבן די פאַשיסטן געמאַכט איינעם פון זייערע אויפרייסן אונטער אַ הויז, וואו זיי האָבן געגראָבן אַ טונעל צו אונדזערע ליניעס און ער איז פאַרשאָטן געוואָרן, צוזאַמען מיט אַ גרופּע שפּאַניער . . .

עס זיינען געקומען דעם אַנדערן טאָג אונדז באַגריסן עטלעכע פּויליש־יידישע פראָנט־קעמפער: סעוועק, יוזעק מאַזעל און בנימין ליפשיץ, באַקאַנט אונטערן נאָמען „באַרסעלאָ לאָרענטאָ", אַ מיטגליד פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" אין וואַרשע און איינער פון די געציילטע בונדישע אַרבעטער, וואָס זיינען געקומען קעמפן אין שפּאַניע.

יוזעק מאַזעל (סאָלינסקי), געבוירן אין רוסלאַנד און דערצויגן אין וואַרשע, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר־מיטגליד פון דער פּוילישער בריגאַדע־וואָכנשריפט „דאָמבראָווטשאַק", איז געווען דער אינספּיראַטאָר און דער פאַקטישער אומדערמידלעכער אַרכיוויסט, וואָס האָט מיר געהאָלפן אין דער פאַרעפנטלעכונג פון מיין בוך אין מאַדריד: „יידן — פרייהייט־קעמפער". ער האָט מיר געגעבן אָן אַ שיעור אינטערעסאַנטע דעטאַלן און דאַטן וועגן דער דרייצנטער בריגאַדע, וואו עס האָט זיך שפּעטער אָרגאַניזירט די „נפתלי־באָטווין־קאָמפּאַניע". מיט שטאָלץ האָט ער אָנגעוויזן אויפן פאַקט, אַז אונטער גרשון שור און קאַפּיטאַן עלבוים, די ערשטע קאָמענדאַנטן פון „באָטווין", האָבן געקעמפט שפּאַניער, גריכן און יידן פון אַ סך לענדער, מאַטיאַס קאַץ, פון אונגאַרן, יונה בראָדסקי פון ארץ־ישראל, אפרים וואַוזעק, שלמהלע פעלדמאַן, ראָטענבערג און נאָך און נאָך.

*

אין די שפּאַנישע באַטאַליאָנען זיינען געווען אין דער גרעסטער צאָל פאַרטראָטן פּוילישע יידן, ווייל דער גרעסטער פּראָצענט עמיגראַנטן פלעגט קומען פון פּוילן, דעם ערשטן פאַשיסטישן לאַנד, מיט אַן אויסגעשפּראָכענער פאַשיסטישער סאַנאַציע־רעגירונג אין מזרח־אייראָפּע.

עס איז נישט וויכטיק, וואָס יענע פּוילישע יונגע בחורים זיינען געקומען פון פּאַריז, בריסל, אַרגענטינע, ארץ־ישראל, אָדער עסטרייך: זייער מוטערלאַנד איז געווען פּוילן. דער סאַמע ערשטער ייד, וואָס איז געפאַלן ביי די טויערן פון מאַדריד, באַלד נאָך זיין אָנקומען אין שפּאַניע און געציילטע שעהן פון זיין אויפן שלאַכטפעלד — איז געווען אַלבערט נאַכאָמי ווייץ, אַ יונגער

קעמפער פון פּוילן, אַן ארץ־ישראלדיקער. זיין אָנדענק איז געהייליקט געוואָרן אין יידישן פּאַריז, וואָס האָט אָרגאַניזירט אין 1938 אַ היסטאָרישן מוזיי פון דאָקומענטן פון שפּאַנישן פאָלקס־קאַמף אויפן נאָמען פון דעם ערשטן העלד אַלבערט נאַכאָמי ווייץ. באַלד דערנאָך איז געפאַלן אַ יידישער קעמפער לאַנדוי, שפּעטער קירשנבוים און נאַטאַן טשאַק, דער פאַרפאָסער פון דעם שלאַכט־הימן פון דער „דאָמבראָווסקי־בריגאַדע", וועלכן עס האָט געזונגען דאָס גאַנצע אַנטי־פאַשיסטישע פּוילן און די קעמפער אויפן פעלד.

עס איז שווער צו שרייבן וועגן גלאָררייכן לעבן און קאַמף פון דעם שפּאַנישן פאָלק און נישט דערמאָנען די העראָלעכע, באַשיידענע און העלדישע געשטאַלטן פון באָברוש ניסנבוים, דאָס אַרבעטער־קינד פון וואַרשע, וועמענס עלטערער ברודער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין עלטער פון 20 יאָר פון דער וואַרשעווער „דעפענסיווע" אין 1934 בעת אַ מעטאַל־סטרייק אין וואַרשע און וועלכער איז געווען אין עלטער פון 16 יאָר דער גאַנצער שפּייזער און אויסהאַלטער פון זיין מאַמען און די פינף קליינע קינדער. ער האָט זיך מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען אריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן פאַשיזם אין פּוילן און איז באַלד אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער פּויליש־פאַשיסטישער מערדער־גרוב פון קאַרטוז־בערעזע, דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס האָט זיך גאָר נישט געדאַרפט שעמען פאַר דאַכאַו, בעלזען און דעם שפּעטערדיקן — מאַידאַנעק . . . קאַרטוז־בערעזע, וואו מענטשן זיינען איבערנאַכט געוואָרן קריפּלס פון מערדערלעכע קלעפּ מיט גומענע שטעקנס, געוואָרן טובערקולאָזע פון שלאָפן נאַקעט אויפן אַספאַלט אין ווינטער, וואו יונגע מענער זיינען אַרויסגעגאַנגען מיט ווייסע האָר נאָך די אינקוויזיצע־אויספאָרשונגען פון קאָסטעק־ביערנאַצקי און וואָיציעכאָווסקי . . .

און באָברוש ניסנבוים האָט אַלץ אויסגעהאַלטן. ציילנדיק די טעג ביזן אַרויסגיין און לערנענדיק זיך ביים שוואַכן צאַנקענדיקן לעמפּל די מאַפּע פון שפּאַניע, נאָכגעצייכנט פון זכרון פון די קאַרגע שול־חדשים אַלס קינד, און באַהאַלטן פון די תפיסה־וועכטער אונטער דעם פאַרלייזיקטן שיענניק, האָט זיך באָברוש געגרייט צו זיין לעגענדאַרישער רייזע אין שפּאַניע, וואו ער האָט געחלומט צו נעמען נקמה פאַר אַלע קלעפּ, פאַר אַלע פאַרפאָלגונגען פון זיין מאַמען ביי די תפיסה־מויערן מצד די זשאַנדאַרמען און פאַר דעם טויט פון זיין געליבטן ברודער . . .

זיין נסיעה, אָן פּאַפּירן, אָן געלט און אָן קענטעניש פון פרעמדע שפּראַכן, פון די פינף לענדער, איבער וועלכע ער האָט זיך געדאַרפט איבערגנבענען: טשעכיע, עסטרייך, שווייצאַריע און פראַנקרייך, נישט רעכענענדיק פּוילן און די שפּאַנישע גרענעץ, קלינגט ווי אַ לעגענדע: אַרעסטן, הונגער, דאָס שלאָפן אויף די בענקלעך פון פּראַטער־פּאַרק אין ווין, דאָס גיין אויפן „עטאַפּ" פון איין תפיסה אין אַ צווייטער, ביז די יידישע קהילה אין זשענעווע האָט אים געגעבן קליידער און אַ ביסל געלט און ער איז אָנגעקומען אין פּאַריז. דאָ איז ער שוין געווען גליקלעך: ער איז אַוועק קיין שפּאַניע . . . נאָך אַ קורצער אויסבילדונג אין אַלבאַסעטע, דעם אָרט פון די אינסטרוקציע־קורסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, גייט באָברוש אין דער פּוילישער קאָמפּאַניע „פּאַלאַפאָקס" אויפן פראָנט פון הועסקאַ, וואו ער נעמט אָנטייל אין די שלאַכטן פאַר סאַראַגאָססאָ.

דער באַטאַליאָן גייט פאָראויס. מען טרייבט די פאַשיסטן. באָברוש איז אין אַ קוילנוואַרפער־גרופּע. זיין איינציקע ליבשאַפט איז זיין „מאַקסים", דער שווערער קוילנוואַרפער. ער פּוצט אים און איילט אים, ווי אַ באַליבט שפּילצייג: ער שיקט פון אים אַרויס קופּעס קוילן צו די פאַשיסטישע מערדער: פאַר די פאַרמוטשעטע ברידער אין קאַרטוז־בערעזע, פאַר די מערדער פון נפתלי באָטווין, פאַר די תליינים פון קאַסערערס, וואו גענעראַל אראַנדאַ האָט דערשאָסן 1800 שפּאַנישע אַרבעטער פון אַ מאַשין־געווער, פאַר זייער אָפּזאָגן זיך צו קעמפן קעגן דער רעפּובליק.

דער באַטאַליאָן איז אַוועק ווייט אין דעם פאַשיסטישן הינטערלאַנד. דריי טעג איז מען געגאַנגען פאָראויס. די מאַראָקאַנער קאַוואַלעריע האָט דעם באַטאַליאָן אַרומגערינגלט — די גרופּע איז צו ווייט אַוועק און נישט געהאַט קיין דעקונג פון דער אַרטילעריע — עס איז געווען אַ העלדישער פאָראויסמאַרש, אָבער זיי זיינען געווען אַליין. מען גיט אַ באַפעל זיך צוריקצושלאָגן צו די אייגענע ליניעס. און באָברוש מיט אַ קליינער גרופּע קוילנוואַרפער־סאָלדאַטן, דעקט דעם וועג פון באַטאַליאָן צוריק צו די לאָיאַליסטישע ליניעס, זייענדיק שוין אַזוי נאָענט פון דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, אַז מען האָט געזען די ליכטער פון דער שטאָט. „מירן קומען צוריק, עס וועט נישט פעלן קיין איינער פון אונדז" — זינגט באָברוש דעם הימן פון „דאָמבראָווסקי", קאָסענדיק די מחנות מאַראָקאַנער. דער באַטאַליאָן שלאָגט זיך אַדורך. די גרופּע קוילנוואַרפער ווערט אַלץ שיטערער. עס בלייבט בלויז באָברוש אַליין. און דאָ, שוין אין ווילאַמאַיאָר דע גאַלעגאָ, אַרויסשיקנדיק די לעצטע לעצטע קוילן, פאַלט באָברוש פון אַ פאַשיסטישער קויל פון אַ סנייפּער, מיטן ליד אויף די ליפּן, נישט ווייט פון די ערשטע ליניעס פון אונדזערע אָקאָפּעס . . .

נישטאָ באָברוש, דאָס קינד פון זשעלאַזנאַ־גאַס, דער יונגער, אייזנשטאַרקער מאַרטירער פון פּוילישע תפיסות, דער באַליבטער זון ביי זיין מאַמען, דער באַשיצער פון שפּאַנישן פאָלק און זיין בעסטער פאַרטיידיקער, דער בעסטער שיסער אין דער קאָמפּאַניע „וואַרינסקי", דער גרינדער פון דער פראָנט־צייטונג „אַדעלאַנטע" („פאָראויס").

*

יעדע שטאָט אין פּוילן האָט איבערגעלאָזן אונטער אַן אַלטן אויליבירט אָדער אין אַ וויינגאָרטן אירן אַ זון: סיי אַ פּאָליאַק, סיי אַ ייד. נעמען, וואָס זיינען געוואָרן

אַ לעגענדע. נעמען פון פּיאָנערן אין קאַמף קעגן היט־לערן און קעגן היטלעריזם. נעמען, וועלכע וועלן גע־הייליקט ווערן אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלייבן אויף דער וועלט כאָטש איין פּראָגרעסיווער מענטש, ווייל זיי זיינען געווען אונדזערע ערשטע לערער אויפן שלאַכטפעלד, וואָס האָבן נישט אָפּגעטיילט אַ וואָרט פון אַ פאַקט, אַ לאָזונג פון אַן אַקציע. ווייל זיי זיינען געווען די אינספּיראַציע פון די „וואָלדברידער", פון די העלדישע יידישע און ניט־יידישע פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן געקעמפט מיט פיר יאָר שפּעטער, אין 1941—1944, אויף די וועגן פון קיעלץ, לובלין, טשענסטאָכאָוו, וואַרשע, טאַרנאָוו, לעמבערג און לאָדזש קעגן דעם אייגענעם היטלער און פראַנקאָ, וועלכער האָט נישט געקענט נעמען מאַדריד מיט געווער אין האַנט.

יעדע שטאָט פון פּוילן האָט אַ טייערן נאָמען אויף דעם בית־עולם אין דער אומגעגנט פון מאַדריד. עס איז אַ ספּעציעלער בית־עולם: פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. און עס איז אַ פּאַטעטישער, אָבער שטאָל־צער צופאַל, וואָס דער ערשטער נאָמען אויפן ערשטן קבר לייענט זיך: איזי קופּטשיק, ברוקלין, ניו־יאָרק . . . און קופּטשיק איז נאָך אַ גליקלעכער: ער איז גע־שטאָרבן אין שפּיטאָל, צווישן עדות, אַ פלעגערין האָט גע־האַלטן זיין האַנט, אַ דאָקטער האָט אים געגעבן מעדיצין און נישט מיט אַ בליק פאַרראַטן, אַז דער טויט איז נאָ־ענט.

אָבער אַלבערט נאַכאַמי ווייץ, דער פּויליש־פּאַלעס־טינער וואַנדערער, אָבער יונגקראַוט און משה לאַנדאַו און חיים עלקאַן און וואַרשאַווסקי און דער טשענסטאָכאָווער העלד, קאַפּיטאַן אַדאַם דאַווידאָוויטש און זיין לאַנדס־מאַן, דער טאַלאַנטפולער סקולפּטאָר און מאָלער, דאָס אַרבעטער־קינד העניעק גוטערמאַן?

וואו איז זייער לעצטע רו? אונטער וועלכן בוים, אונטער וועלכער קופּע חורבות ליגט זייער אויפגעריסע־נער גוף? גראָבנדיק פיבעריש האָט דער סאַניטאַר גע־מוזט ליגן פלאַטשיק, ווי אַ וואָרעם, צו ברענגען דעם שטאַרבנדיקן העלד אין אונדזערע ליניעס, כדי אים צו באַשיצן קעגן שענדונג מצד די ווילדע מאַראָקאַנער.

*

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט העניעק גו־טערמאַן איז פאַרגעקומען אין מאַדריד, אין דער רעדאַקציע פון „דאָמבראָווסקיאַק". איך האָב דערזען אַ יונגן, זייער בלאַסן סאָלדאַט, אויף וועלכן דער אוני־פאָרם איז געלעגן ברייט און צעקנייטשט: נישט אויף אים געניייט. ער האָט באַמערקט מיין בליק און געזאָגט מיט אַ שמייכל: „איך בין נישט עלעגאַנט, איך ווייס. די פאַראַנטוואָרטונג פאַלט אויף דער פּוילישער יוסטיץ". ער האָט געהאַט אַ פיינעם, שעמעוודיקן שמייכל פון אַ מענטשן, וואָס שמייכלט זעלטן. אָבער דאַן פלעגט זיין שמאָל פּנים מיט די גרוי־בלויע אויגן און דער דינער נאָז פלוצלונג ווערן יונג און שיין. געוויינלעך איז עס געווען פאַרדאגהט און אַלט. עס איז געווען האַרבסט 1937, נאָך

די שלאַכטן ביי קיכאַרנא און ברונעטע, ווען די פּאַרוואָנ־דעטע זיינען צוריקגעגאַנגען אויפן פראָנט און נייע גרופּן פרייוויליקע זיינען אָנגעקומען אין פיגעראַס, ביי דער גרענעץ פון פראַנקרייך.

פון יוזעק מאַזעל, דעם רעדאַקטאָר פון „דאָמבראָוו־שטשאַק", האָב איך זיך דערוואוסט, אַז העניעק גוטער־מאַן איז נאָר וואָס אָפּגעזעסן פיר יאָר אין דער קיעלצער תפיסה, אַז ער איז 26 יאָר אַלט און אַז ער איז אַ גרויסער טאַלאַנט: אַ סקולפּטאָר און צייכענער. איך האָב פאַר־שטאַנען, פאַרוואָס ער זיצט שטענדיק אין דעם קאַלטסטן פינצטערסטן ווינקל פון גרויסן זאַל, וואו פינף נאַציאָ־נאַלע גרופּעס האָבן געאַרבעט אויף פינף פראָנט־זשור־נאַלן. ער איז געווען פון אַזאַ עקסטרעמער באַשיידנקייט, אַז ער האָט קיינעם נישט דערלויבט צו קוקן אויף זיין אַרבעט. ער איז גראָד געקומען פון פראָנט אויף אַ פּאָר וואָכן אָפּרו, ווייל ער האָט פאַרלאָרן וואָג און זיין קאָמענ־דאַנט, זיגמונט מאַליעץ, האָט אים געשיקט קיין מאַד־ריד. ער האָט גראָד געאַרבעט אויף אַ פּראַכטפולער פיגור פון מאַרמאָר, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם קאַמף און דעם טויט פון דעם ערשטן פּוילישן קאָמענדאַנט פון דעם



העניעק גוטערמאַן
(אַ זעלבסט־בילד)

פּוילישן באַטאַליאָן „מיצקיעוויטש", אַ קוילן־גרעבער פון פראַנקרייך און געבירטיקער פון סאָסנאָוויעץ, מיטן נאָ־מען אַנטאָני קאָכאַנעק. ער איז געפאַלן ביי מאַדריד, פאַרטיידיקנדיק די באַרימטע „קאַסאַ בלאַנקאַ", דאָס ווייסע הייזל, וואָס די פאַשיסטן האָבן אונטערגעצונדן און וואו ס'איז אויך געפאַלן דער העלדישער לעאָן אינזעל־שטיין, אַ טשענסטאָכאָווער שוסטער־אַרבעטער.

אַזוי ווי העניעק גוטערמאַן האָט געהאַלטן אין איין הוסטן, האָבן מיר, די פּוילישע גרופּע, זיך צונויפגעקליבן און געגאַנגען זוכן אין די שטאָט, ווען די פאַשיסטן האָבן נישט באָמבאַרדירט די שטאָט, אַ קליינעם, עלעקטרישן אויוון, וועלכער זאָל וואַרעמען די שטוב.

העניעק האָט נישט געהאַלטן פון דעם עניין. דער מענטש מוז זיך פאַרהאַרטעווען — האָט ער געטענהט. „דאָס איז בלויז ביי אייך אין אַמעריקע אַזאַ צעלאַזנקייט, וואָס איר מוזט האָבן פאַראַווע און צענטראַלע באַהיי־צונג. מיר זיינען פראָנט־סאָלדאַטן — און מאַדריד איז דער פראָנט".

אָבער דער איטאַליענישער, דער אַמעריקאַנער און דער פראַנצויזישער רעדאַקציע־סטעף האָט הייס אונ־טערגעהאַלטן דעם יידישן פּראָיעקט — און מיר זיינען אַוועק זוכן אַן אויוון. אַ פּיפּיק 14־יעריק שפּאַניש ייִנגל, מאַריאָ, האָט ווי פון דער ערד דערשמעקט אין אַ האַלב־ליידיקן געשעפט דאָס פאַרבאַהאַלטן אויוועלע. דער סוחר האָט אונדז נישט געוואָלט פאַרקויפן מיטן תירוץ, אַז ער האָט „בלויז" זאַכן פאַרן פראָנט. אָבער מאַריאָ האָט אים געזאָגט, אַז ווען מען וועט הייצן דעם פראָנט מיט עלעקטרישע אויוונס, וועט פראַנקאָ קאָנען, חס ושלום, אַריין קיין מאַדריד. מיר האָבן דעם אויוון איינ־געהאַנדלט פאַר 180 פּעזאָס און אין גרויסן זאַל פון דער קאָמענדאַנטור פון די בריגאַדעס האָט געהערשט אַ גע־לעכטער, ווען דער אויוון איז אויף אַ לאַנגן, לאַנגן שנור געגאַנגען פון איין רעדאַקציע־טיש צום צווייטן. דער איינציקער, וואָס האָט זיך נישט געוואַרעמט — איז גע־ווען: העניעק גוטערמאַן...

דער בחור איז געווען זעלטן אויסגעהאַלטן. ווען ער האָט עפּעס געזאָגט, איז עס געווען פאַר אים און די דערבייאיקע אַ געזעץ. ווען ער האָט פאַרענדיקט די סקולפּטור און זי איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין פראַנק־רייך, אַלס מיטל צו זאַמלען הילף פאַר דער אַרמיי אין שפּאַניע, האָט מען העניעקן געגעבן אַ צווייטע מיסיע: צו אילוסטרירן אַ פּוילישע בראָשור, אַנגעשריבן פון דער דרייצנטער בריגאַדע, וועלכע האָט געהייסן „די ביקס און דאָס האַרץ", פאַר די מאַמעס און שוועסטער אין פּוילן. העניעק האָט מיך געבעטן צו געפינען פאַר אים טיפּן צווישן אונדזערע שפּאַנישע און פּוילישע פלעגע־רינס און אַנגעשטעלטע פון די קינדערהיימען, כדי זיי צו צייכענען. מיר פלעגן אין אָוונט זיצן אין דער קיך פון דער קאָמענדאַטור, וואו עס איז געווען וואַרעם, ווייל מיר האָבן נאָך געהאַט קוילן פאַר אַסטוריאַס, און בעת די פרויען האָבן געשטריקט אָדער גענייט אָדער געמאַכט פּעקלעך פאַרן פראָנט, האָב איך מיט זיי גערעדט און זיי געבעטן צו פּאָזירן פאַר העניעקן. ווען ער האָט גענדאַרפט מענער־טיפּן, פלעגן מיר גיין אין אָוונט מיט אַ „סאַלוואָ קאָנדוקטאָ", אַ דערלויבעניש פון שטאַב, איבער די גאַסן פון פינצטערן אַנגעכמורעטן מאַדריד און אַריינגיין אין אַ קליינער „באָדעגאַ", וואו ביי אַ גלעזל ווייַן פלעגן זיצן אַלטע „מיליסיאַנאָס" (לופט־שוץ) און וואַרטן אויף אַ טרעוואָגע. העניעק פלעגט שווייגנדיק און ערנסט זיך אַוועקזעצן ביים טיש, מיך בעטן פאַרפירן אַ שמועס מיט די מאַדרילענאָס (ער האָט געקאָנט בלויז איין וואָרט אויף שפּאַניש: „פּוע גאַאַל ענמיגאָ!" (פייער אויפן שונא)! און נישט קוקן אין זיין זייט. די אַלטע בעקער און סטאַליאַרעס פון דער פאַרשטאָט האָבן זיך אָבער באַלד געכאַפּט און אים אַמאָל געוואָלט פירן אין דער קאָמענדאַנטור: „וואָס צייכנסטו עפּעס אונדזערע פּני־מער, פאַר וועמען איז עס באַשטימט?"

אָבער דאָס קאָרטל פון מיליטער, מיט גענעראַל מעיאַכאָס נאָמען, אַ פּאָר דערקלערונגען און דער „הער־מאַנאָ פּאַלאָקאָ", דער פּוילישער ברודער, האָט ווייטער געצייכנט. איך האָב געראַטעוועט דאָס אַלבום בעתן אַוועקפאָרן פון קאַטאַלאָניע און דאָרט געפינט זיך נאָך אַ בילדל, וואָס ער האָט געצייכנט פון מיר, ווען ער האָט גענדאַרפט אילוסטרירן אַ פרוי, וואָס שרייבט אַ בריוו צום זון אין שפּאַניע. העניעק גוטערמאַן האָט איינמאָל בלויז דערציילט וועגן זיך, ווען ער איז ווידער אַוועק צום פראָנט אין דער ריכטונג פון „לערידאַ", נאָכן דורכברוך פון די פאַשיסטן ביים ים, אין 1938.

ער האָט פרי פאַרלאָרן די עלטערן. זיין משפחה האָט גענומען צו זיך יעדער אַ קינד. אַזוי איז העניעק האָט זיך דערצויגן ביי זיין פעטער, זיין ברודער ביי אַ צווייטן פעטער און די שוועסטער — ביי אַ מומען. די קינדער זיינען געווען צעריסן און העניעק איז פרי געוואָרן איינ־זאַם. ער האָט זיך געלערנט אין דער טשענסטאָכאָווער „שקאָלאַ פּאָווזשעכנאַ". צו 14 יאָר איז ער געוואָרן אַ שניידער־לערן־ייִנגל אין טשענסטאָכאָוו, צוערשט ביים פעטער און שפּעטער איז ער אַוועק אַרבעטן אין וואַרשע. דאָרט האָט זיך פאַר אים געעפנט די אמתע שול פון לעבן. ער האָט זיך באַקאַנט מיט יונגע פּוילישע פּראָ־גרעסיווע אַרבעטער און ער איז אַוועק אויף אָוונטקורסן צו לערנען זיך די שפּראַך און די געשיכטע פון פּוילן, צוזאַמען מיט אַנדערע לימודים, וועלכע די פּאָר יאָר אין דער עלעמענטאַר־שול האָבן אים נישט געקענט געבן. ער גייט דעם וועג פון אַ קלאַסן־באַוואוסטן אַרבעטער, נעמט אַנטייל אין אָרגאַניזירן אַ ברייטע אַנטי־פאַשיסטי־שע אַרבעט צווישן פּוילישע און יידישע אַרבעטער אין וואַרשע און קומט צוריק קיין טשענסטאָכאָוו אַלס אַ ריי־פער, פעאיקער יונגער מענטש, מיט אַ שטרעבן צו קעמפן פאַר אַ פרייעם פּוילן און מיטן חלום פון אַנטוויקלען זיינע קינסטלערישע פעאיקייטן אויפן געביט פון סקולפּטור. ער ווערט אָבער אַרעסטירט אין טשענסטאָכאָוו, אין פאַר־בינדונג מיט דער כוואַליע פון פּראָטעסטן קעגן דער בלוטיקער אונטערדריקונג פון דעם פּויערים־סטרייק אין פּוילן. זיין אַרעסט ברענגט אַ פּסק־דין פון פיר יאָר תפיסה.

די פיר יאָר נוצט ער אויס, כדי זיך נאָך מער אויס־צובילדן, ווי ווייט עס איז מעגלעך אין די ראַמען פון אַ פּוילישער תפיסה, דעם פּלאַץ פון אַזעלכע בלוטיקע אָנ־פאַלן, ווי די דערמאָרדונג פון פּאָליטישע אַרעסטירטע, בעת אַ הונגער־סטרייק, ווי עס האָט דערציילט העניעק וועגן דער טראַגישער פּאַסירונג אין דער קיעלצער טור־מע. נאָכן אָפּזיצן די פיר יאָר, איז ער געקומען זיך זען מיט זיינע קרובים און איז באַלד אַוועק קיין שפּאַניע.

אַ צוריקגעהאַלטענער, אָבער פעסטער און מוטיקער קעמפער, האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן פאַר אַן אויס־שפּיר־גאַנג ביי נאַכט, בעת דער שלאַכט פאַר דער שטאָט לערידאַ.

ער איז אַרויס פאַרטאָג פון זיין אַקאַפּע און — איז מער נישט צוריקגעקומען. מען האָט נישט געפונען קיין

שפּורן פון אים, ווען מען איז געגאַנגען אים זוכן. דער געדאַנק איז געווען, אַז די פאַשיסטן האָבן אים פאַרכאַפּט אויף זיין גאַנג און פאַרמוטשעט, ווייל העניעק וואָלט זיך געלאָזן צעהאַקן אויף שטיקלעך און וואָלט נישט גערעדט . . .

עס איז ביי מיר געבליבן זיין שמייכל און דער גלאַנץ פון זיינע אויגן. ווען איך האָב אים געבעטן צו מאַכן דעם שער־בלאַט פאַר מיין שפּאַניש בוך וועגן די יידישע קעמפער, האָט ער געצייכנט זיין אייגן פּנים אין אַ ביסל גראָטעסקע, דרייסטע שטריכן. זיין שטאָלענער העלם טוליעט זיך צערטלעך צו זיין ביקס . . . און ביידע זיינען סימבאָלן פון זיין קעמפערישער אַרבעטער־נאַטור...

העניעק גוטערמאַן! מיר וועלן אָפּזוכן דיין קבר אין דעם פרייען שפּאַניע, וועלכעס מיר וועלן ווידער אַ מאָל העלפן באַפרייען. דאָס זאָגן מיר דיר צו היינט, אין האַרבסט 1945, ווען די טויטע אין שפּאַניע קאָנען נישט שלאָפן . . . ווען אַ נייע מלחמה בושעוועט אין אַזיע קעגן קאָלאָניאַלע פעלקער.

העניעק גוטערמאַן האָט בלויז איין מאָל גערעדט וועגן אייגענע: דאָס איז זיין שוועסטער, ערגעץ־וואו



לעאָן אינזעלשטיין

אין טשענסטאָכאָוו, און זיין ברודער, וועלכן איך האָב געטראָפן אין אַמסטערדאַם, אין 1939, און אים דערציילט וועגן דעם שווייגנדיקן, שטאַרקן ברודער זיינעם, און ער האָט מיר געזאָגט: „שוין אַלס קינד האָט העניעק אַרויסגעוויזן אַ כוח. ער האָט קיין מאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף קיין זאַך נישט. געוואָלט זיך לערנען, מער ווי אַלץ. און קיין מאָל קיין זאַך נישט געבעטן”.

אויך זיין פּערזענלעך לעבן איז געווען קורץ, אָפּגעהאַקט. די תפיסה האָט צעשיידט אים און זיין לעבנספריינדין: ביידע זיינען אַוועק באַצאָלן מיט זייערע בעסטע יאָרן פאַר וועלן אַ פריי פּוילן, און דאָס קורצע באַגעגעניש אין שפּאַניע האָט אָפּגעהאַקט דער טויט.

ל ע אָ ן  א י נ ז ע ל ש ט י י ן איז געווען אַן אַרבעטער פון טשענסטאָכאָוו, אַ שוסטער לויטן פאַך. ער איז אַוועק אַרום 1934 קיין בעלגיע, ווען די פּוילישע „דעפענסיווע” האָט זיך געיאָגט נאָך אים, אַזוי ווי ער איז געווען באַוואוסט אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון זיין שוסטערפאַך. ער איז געווען צווישן דער גרופּע „פראַנצויזישבעלגישע” פרייוויליקע, וועלכע זיינען געקומען קיין שפּאַניע. ער איז געווען צוגעטיילט צו אַ מאַשין־ביקס־קאָמפּאַניע פון „דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן”. אַלס אַ פּאָליטיש־פאַראַנטוואָרטלעכער טוער, פון גרויס קוראַזש און דיסציפּלין, איז ער שטענדיק געווען דאָרטן, וואו די געפאַר איז געווען די גרעסטע, וואו די יונגע אומדערפאַרענע פרייוויליקע, פּנים אל פּנים מיט דעם מערדערלעכן פייער פון שונא, האָבן געקענט לייכט אַריינפאַלן אין פּאַניק — דאַן פלעגט זיך דערהערן זיין מוטיקער הויכער קול און זיין מאַשין־ביקס האָט געקאָסעט די רייען פון די אָנגרייפנדיקע פאַשיסטן. אַזוי האָט ער אַליין, מיט זיין מאַשין־ביקס, ווען זיין קאָמפּאַניע איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, געמאַכט אַ וועג פאַר זיינע חברים און זיי דערמעגלעכט זיך צוריקצוציען צו אַן איילבערטןביימער־וועלדל.

„דאָס ווייסע הייזל, די „קאַסאַ דעל קאַמפּאָ”, איז געוואָרן דער קבר פון די בעסטע, די איבערגעגעבנסטע פרייוויליקע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. זיי האָבן געפילט מיט יעדן נערוו זייערן, אַז די גאַנצע וועלט



לעאָן אינזעלשטיין ביים באַטראַכטן
אַ פיינדלעכן גראַנאַט

קוקט אויף זיי, אַז די קורצע פיבערהאַפטע שפּאַנישע צייטונגס־נייעסן אַנטפלאַמען אַ שטורעם פון באַגייסטערונג צווישן די פעלקער און אַז זייער אַקציע, זייער העלדישקייט, זייער טויט וועט שפּייזן די זאַך פון דעם פאָלק פון שפּאַניע און עס פאַרהיטן פון אונטערגאַנג . . .

דער שונא האָט זיך גערוקט צום „ווייסן הייזל”, אַ פאַרפּאָסטן פון די לאָיאַליסטן, וועלכן מען האָט נישט געקאָנט נעמען. האָבן די מאַראָקאַנער געוואָרפן גראַנאַטן אין הויז און עס האָט זיך אָנגעצונדן. אינעווייניק איז געווען אַ גרופּע פראַנצויזיש־פּוילישע פרייוויליקע, צווישן זיי לעאָן אינזעלשטיין, געטריי זיין טראַדיציע צו זיין אין סאַמע פייער . . .

ווען מען האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אויף די אויבערשטע שטאָקן און דאָס הויז איז געווען אין פלאַמען, האָבן עטלעכע געפּרואווט שפּרינגען פון פענצטער — אין די אָרעמס פון די מאַראָקאַנער, וועלכע זיינען שוין געווען שיכור פון זיג איבער די פאַרהאַסטע „ראָכאָס” — ווי זיי האָבן גערופן די רעפּובליקאַנער. אָבער איין לעאָן פאַרלירט זיך נישט. ער לייגט פאַר זיך אַראָפּ־

לאָזן אויף אַ רינע פון דאַך: פיר שפּרינגען אַראָפּ לייכט אויף דער ערד, נאָכדעם ווי זיי גליטשן זיך אַראָפּ אויף דער רינע. לעאָנס פּלאַן גיט זיך איין. ער איז אויך אונטן. צוויי גרופּן גייען זוכן אין צוויי ריכטונגען זייער באַטאַליאָן. די מאַראָקאַנער שיסן נאָך. פון די פיר פּאַלן צוויי: לעאָן אינזעלשטיין איז דער צווייטער!

אַ מוטיק האַרץ האָט אויסגעליטן. די אין בלוט אַדורכגעווייקטע ערד פון מאַדריד האָט פאַרשלונגען דאָס ייִנגל פון טשענסטאָכאָוו...

*

ער איז געוואָרן אַ קאַפּיטאַן אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע. זיין נאָמען? אַדאַם דאַווידאָוויטש. די פּראָפעסיע? אַ קונסטמאָלער. ער האָט זייער ווייניק גערעדט וועגן זיך. מיר האָבן בלויז געוואוסט, אַז ער איז געקומען קיין שפּאַניע, איבעררייסנדיק זיין שטודיום פון מאָלעריי, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט אין פּאַריז, שפּעטער אין בריסל.

אַדאַם דאַווידאָוויטש איז אין אַנהייב געווען אין דער קאָמפּאַניע „גענעראַל ווראָבלעווסקי", אַנגערופן לכבוד דעם העלד פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871. דערנאָך האָט מען געמאַכט פון דער קאָמפּאַניע דעם באַטאַליאָן „יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי", אויך אַנגערופן אין אַנדענק פון דעם פּוילישן קעמפער קעגן צאַריזם און קעגן די פרייסן אויף די באַריקאַדן פון דער „קאָמונע" פון פּאַריז. ער איז געווען אַ שטרענגער, דיסציפּלינירטער און סיסטעמאַטישער סאָלדאַט, וועלכער האָט באַלד גענומען זיך אַרויסרוקן אין די ערשטע שלאַכטן אויפן פראָנט פון מאַדריד, אין די כאַראַמאַ־בערג, וואו ער איז פון אַ סאָלדאַט געשטיגן צום ראַנג פון „טעניענטע" (לייטענאַנט) און שפּעטער קאַפּיטאַן.

מען האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן יונגן קעמפער־קינסטלער אין דעם שטאַב פון דער דיוויזיע, וואו עס איז געווען דער קאָמענדאַנט אַ פּוילישער גענעראַל וואַלטער (קאַראָל סווערטשעווסקי, דער אָנפירער פון דער „קאָשטשיושקאָ־בריגאַדע" ביי וואַרשע אין אַפּריל 1945, צוזאַמען מיט דער סאָוועטישער אַרמיי). ער רוקט זיך אַרויס אויפן פראָנט פון „הועסקאַ", וואו ער פירט אָן מיטן קוילנוואַרפער באַטאַליאָן. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע און בלוטיקסטע שלאַכטן פאַר דעם וועג קיין סאַראַגאָסאַ, און עטלעכע אַנגריפן זיינען אָפּגעשלאָגן געוואָרן דורך די פאַשיסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ געוואַלטיק איבערגעוויכט אין מאַטעריאַל און מענטשן. דער באַטאַליאָן האָט פאַרלאָרן אַ גרויסע צאָל גוטע וועטעראַנען, געשולטע קעמפער פון ווינטער־נצחון ביי גוואַדאַלכאַראַ. די שלאַכט ביי הועסקאַ איז באַזונגען געוואָרן דורך דעם יידישן אַרבעטער־דיכטער און סאָלדאַט פון וואַרשע־פּראַגע, אַלעק נוס, וועלכער האָט אויפן פראָנט אַנטוויקלט טאַלאַנט פאַר דיכטונג. ער איז געוואָרן דער מחבר פון די בעסטע קעמפערישע לידער פון דער פּוילישער דרייצנטער בריגאַדע.

דעקנדיק דעם צוריקגאַנג פון דעם באַטאַליאָן מיט זיינע מאַשינביקסן, גייענדיק דער לעצטער אין די רייען פון דער אַריערגאַרדע, איז קאַפּיטאַן אַדאַם דאַווידאָוויטש געטראָפן געוואָרן פון שונאס קויל און איז געפאַלן דעם 20טן יוני 1937.

דער באַטאַליאָן האָט ביי זיין קבר געשוואָרן צו נעמען נקמה פאַר זיין באַליבטן קאָמאַנדיר און זיך שפּעטער גלאָררייך אויסגעצייכנט ביי די שלאַכטן פון קיכאַרנאַ, בעלטשיטשע און ברונעטע — נאָך אַ האַרץ האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן. אַ באַשיידן, שטאָלץ און מוטיק האַרץ פון אַ ייד, אַ פּאַטריאָט פון דער פרייהייט־טראַדיציע, פון אַ קינסטלער, פון אַ קינד פון טשענסטאָכאָוו.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז ביי די שלאַכטן פאַר טאַכונע געפאַלן אַ צווייטער טשענסטאָכאָווער קעמפער, אויך אַ מאָלער, דער פּאָליאַק אַלפרעד נאַדעט.

ער איז אויך געווען אין די מאַשינביקסן־אָפּטיילונגען און האָט פאַרניכטעט פאַשיסטישע נעסטן, זיצנדיק אין די פעלדזיקע נאָרעס פון „מאַראַטאַ דע טאַכונאַ". ביי דער לעצטער טאַשמע־פאַטראָנען, ווען ער האָט זיך קריכנדיק דערנענטערט צו אַ מאַשין־ביקס פון אַ טויטן חבר, האָט אים געטראָפן אַ סנייפּער־קויל. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַ „לאַנטשניקאָווי", אַ פאַרבינדונג־סאָלדאַט, געבראַכט אין דעם רעדאַקציע־צימער פון דער פּוילישער צייטונג אַ פּשוטן סאָלדאַטסקען רוקזאַק: די פּאָר בריוו פון נאָענטע, אַ ציין־בערשטל, עטלעכע פאָטאָגראַפיעס און אַ ביכל מיט פראָנט־עסקיזן — אַ סימן, אַז די פּאָזיציע איז איינגעהאַלטן געוואָרן פון אונדז און אַז דעם קערפּער האָט מען געבראַכט צו קבורה אין אונדזער פּאָס.

*

צווישן די געציילטע דאָקומענטן, וואָס ס'האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען פון די אַרכיוון פון הילף־קאָמיטעט פאַר שפּאַנישע קעמפער אין די פראַנצויזישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין 1940, ווען פּאַריז איז שוין געווען אָקופּירט, האָב איך געפונען אַ רשימה פון יידישע נעמען און פּוילישע נעמען פון „קעמפּ ווערנעט", דרום־פראַנקרייך. דאָרט זיינען געווען די פאָלגנדיקע קעמפער פון טשענסטאָכאָוו:



אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער אין דער רעפּובליקאַנער אַרמיי
בשעת דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע

ראָזענטאַל מאָריץ, געבוירן 21־טן מאַי, 1910, מעכאַניק.

בראָניאַטאָווסקי מיעטשיסלאַוו, געבוירן 5־טן אַפּריל, 1912, סטודענט.

לובטשיק אַלאַיזי, געבוירן 9־טן סעפּטעמבער, 1909, מעטאַליסט.

ראָזען וויקטאָר, געבוירן 15־טן יוני 1903, האַנטווערקער.

קופּער שמואל, געבוירן 17־טן אָקטאָבער 1917, שניידער.

וואַימאַן יעקב, געבוירן 24־טן יאַנואַר 1910, שניידער.

דאָס איז בלויז פון איין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין 1940, בעת איך האָב זיך נאָך געפונען אין פראַנקרייך און בעת מיר האָבן נאָך געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט די לאַגערן און האָבן זיי נאָך געקענט שטיצן מיט דער הילף פון דעם פראַנצויזישן פאָלק און פון דעם „באַטווין־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק און פּאַריז (איידער היטלער האָט פאַרכאַפּט פּאַריז, פאַרשטייט זיך).

ווען די נאַציס האָבן זיך דערנענטערט צו דרום־מערב פון פראַנקרייך, וואו עס האָבן זיך געפונען די לאַגערן פאַר די קעמפער פון שפּאַניע (עס זיינען אַרויס אין מערץ 1939 בערך אַ פערטל מיליאָן שפּאַניער פון קאַטאַלאָניע, צווישן זיי אַרמיי־איינהייטן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די עוואַקואַציע פון קראַנקע, פאַרוואונדעטע און פון די אַרכיוון און וואָס האָבן געפירט ריקצוג־שלאַכטן קעגן די פאַשיסטישע אַרמייען פון פראַנקאָ) האָבן די קעמפער צעבראָכן די טויערן און די דראָט־פאַרשטעלן פון זייערע לאַגערן און זיינען אַוועק אין דעם אונטערגרונט, צו די פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געפירט אַ פאַרעקשנטן קאַמף קעגן די נאַציס ביז צום טאָג, ווען זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט די ערשטע אַמעריקאַנער דעסאַנטן אין די פּאָרטן פון אַטלאַנטיק.

אַ סך פון די יידישע קעמפער זיינען אומגעקומען אין די קאַמפן קעגן די נאַציס. אַ סך זיינען גיליאָטינירט געוואָרן פונעם פעטען־רעזשים פאַר קעמפן קעגן די נאַציס. צווישן זיי האָבן מיר די נעמען פון י. יונגערמאַן, מייראָוויטש, בורשטיין, קוטנער און זאַכאַריאַש (די צוויי לעצטע זיינען געזעסן אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע און זיינען שווער־קראַנקע געקומען קיין פראַנקרייך, נישט לאַנג איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן). מענדל לאַנגער איז גיליאָטינירט געוואָרן אין טולוז דעם 23טן יולי 1943 — אין דער אייגענער שטאָט זיינען אַכט קעמפער געפאַלן אין די קאַמפן קעגן פאַשיזם, געפאַלן דורך טויט־משפט . . .

עס ווילט זיך האָפן, אַז צווישן די הונדערטער אויפגעזוכטע און געראַטעוועטע מענער און פרויען וועט זיך איינגעבן צו געפינען די אויבן־דערמאָנטע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס זיינען נאָך געווען אין לאַגער פון ווערנעט אין אָנהייב פון 1940, אַ טייל אין אַלזשיר, אַפריקע. זיי אויפצוזוכן וועט זיין די אויפגאַבע פון די טוער און פריינד פון דער גרויסער משפחה טשענסטאָכאָווער, וועלכע איז צעשפּרייט איבער אַמעריקע און נעמט אַזאַ גרויסמוטיקן און האַרציקן אָנטייל אין שאַפן הילף פאַר די שוין באַפרייטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין זייער היימשטאָט. די טראַדיציע פון דער אַמאָליקער אַרבעט פאַר די קרבנות פון פּוילישן פאַשיזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין „פּאַטראָנאַטן" ; די הילף דורך דעם אַמאָליקן „פּיפּלס רעליף" און פון די לאַנדסמאַנשאַפטן איז ווידער אַ מאָל אויפגעלעבט געוואָרן היינט, אין דער גרעסטער יידישער טראַגעדיע פון אַלע צייטן. מיט פאַראייניקטע כוחות וועט דאָס וועלט־יידנטום קומען צוריק צום לעבן און — צום וואָרט !

אייניקייט מוז געלייגט ווערן אין דעם פונדאַמענט פון דעם לעבנס־בנין פון אונדזער אויפלעבונג־אַרבעט. דערויף וואַרטן די רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום.

# פּאָגראָמען

דריי פּאָגראָמען האָט איבערגעלעבט די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו זינט דעם אָנהייב פון 20טן יאָרהונדערט, פּאָגראָמען וואָס האָבן בלוטיק פאַרצייכנט דעם וועג פון רעאַקציע אין פּוילן און געוואָרפן פאַרויס דעם שאָטן פון דער פינצטערער נאַכט פון היטלעריזם וואָס האָט פאַרלענדט די דאָזיקע קהילה צוזאַמען מיט דעם גאַנצן יידישן קיבוץ אין לאַנד. ביי פאַרשיידענע פּאָליטישע רעזשימען, זיינען אַלע דריי פּאָגראָמען אויף יידן אין טשענסטאָכאָוו אָרגאַניזירט געוואָרן בעצם דורך די זעלבע פינצטערע רעאַקציאָנערע כוחות, מיט דעם זעלבן פּאָליטישן ציל — צו דערטרינקען אין בלוט פון יידישע קרבנות די שטרעבונג פון פּוילישע מאַסן נאָך פרייהייט, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. דאָך שטעלן פאַר די דריי טשענסטאָכאָווער פּאָגראָמען דריי עטאַפּן אין דער קאָנצענטראַציע פון רעאַקציאָנערן לאַגער אין פּוילן, פּונקט ווי די דעצידירטע שטעלונג פון דער אָרגאַניזירטער פּוילישער אַרבעטערשאַפט אין יעדן פון די פּאָגראָמען שפּיגלט אָפּ דעם וואוקס פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער שטאָט און אין גאַנצן לאַנד.

דער פּאָגראָם אין יאָר 1902 איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער פּוילישער ענדעציע אין בונד מיטן קלער אונטער די שוואַרצע פליגלען פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע,

כאָטש אָן איר איניציאַטיווע, ווי אַ מיטל אָפּצואָווענדן די מאַסן פון דער ניי־אַנטשטאַנענער סאָציאַליסטישער באַוועגונג וואָס האָט זיך געהאַלטן אין פאַרשפרייטן איבערן לאַנד. די יונגע און גערודפטע פוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט נישט מער באַוויזן ווי אויסצודריקן איר פּראָטעסט קעגן פּאָגראָם אין אויפרופן, וועלכע זי האָט זיך באַמיט צו פאַרשפרייטן אין טשענסטאָכאָוו, לאָדזש און אַנדערע אַרבעטער־צענטערס (זע די הערה פון שמחה לעוו צום באַריכט פון דער "אַרבעטער־שטימע").

דער פּאָגראָם אין יאָר 1919 אין "באַפרייטן" פוילן איז געווען אַ סך בלוטיקער און טראַגישער ווי דער ערשטער פּאָגראָם מיט 17 יאָר פריער. די רעאַקציע אין פוילן איז געווען שטאַרקער, מער פאַרשפרייט צווישן די הערשנדיקע קלאַסן און ברוטאַלער, ווי אין די צאַרישע צייטן, ווייל אין קאָן איז געשטאַנען אַ סך מער, ווי דעמאָלט. די פוילישע רעאַקציע איז געשטאַנען פּנים אל פּנים פאַר דער דירעקטער סכנה פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע וואָס איז זיגרייך געהאַט אַדורכגעפירט געוואָרן אין שכנותדיקן רוסלאַנד. דער לאָזונג פון די פּאָגראָמשטשיקעס — קאַמף קעגן "באָלשעוויקעס" און יידן האָט דאָסמאָל שוין געהאַט הינטער זיך די פולע שטיצע ניט בלויז פון דער ענדעקישער פּאַרטיי און פון קלער, נאָר פון פוילישן מיליטער און מלוכה־אַפּאַראַט, אַרייַנגערעכנט די מערהייט פון סיים און די שטאָט־אַדמיניסטראַציע און שטאָט־ראַט. קעגן פּאָגראָם טרעטן אַרויס די פוילישע און יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען אָרגאַניזירט אין אָרטיקן אַרבעטער־ראַט, אָבער די שוואַכע רעזולטאַטן פון דער אינטערווענץ פון אַרבעטער־ראַט זיינען פאַר זיך אַליין שוין אַ באַווייז, אַז די אינסטיטוציע, וואָס איז געהאַט אויפגעקומען אין ערשטן רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון די אַרבעטער־מאַסן אין פוילן, האָט שוין צו דער צייט געהאַט פאַרלוירן יעדע ממשותדיקע פּאָליטישע באַדייטונג.

דער דריטער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם, פון יאָר 1937, איז פאָרגעקומען אין דער תקופה פון מוראדיקער פאַרשאַרפונג פון פאַשיזם אין פוילן, וואָס איז געווען אַ גליד אין דער בלוטיקער קייט פון פּאָגראָמען, וואָס האָט זיך געצויגן פון פּשיטיק איבער מינסק מאַזאָוויעצק און בריסק, איינער פון די שרעקלעכע קולמינאַציע־פּונקטן פון קאַלטן עקאָנאָמישן פּאָגראָם, וואָס האָט געדריקט אַלץ אומדערטרעגלעכער אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד. ביידע לאַגערן פון דער פוילישער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע, דער הערשנדיקער סאַנאַציע־לאַגער און די "ברוגזע" אָפּאָזיציאָנעלע ענדעציע האָבן זיך דערלאַנגט די הענט איבער די קעפּ פון יידן. די שוואַרצע פליגל פון "היימישן", פוילישן היטלעריזם האָבן שוין געפאָכעט איבערן לאַנד, ווי אַן אָנזאָג פון שוואַרצן האַקנקרייץ, וואָס איז אין משך פון צוויי יאָר אָנגעקומען צו פליען אויף די דייטשע באָמבערס. פוילישע אָרגאַניזירטע אָרבעטער האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען קלאָרער ווי ווען עס איז אין דער געשיכטע פון פוילן, אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ פאַרסמטע כלי־זין, וואָס איז אין לעצטן סך־הכל געצילט קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. פוילישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו פּראָטעסטירן, שיקן דעלעגאַציעס צו דער מאַכט. צערשפּליטערט, צעריסן צווישן זיך, האָט אָבער די פוילישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן פונקט ווי אין אַנדערע לענדער נישט באַוויזן בייצוקומען דעם פאַשיזם. אין דער טראַגעדיע פון פוילישן אַרבעטער־קלאַס איז געלעגן דער יסוד פון אומגליק פון פוילישן יידנטום און פון זיין שפּעטערדיקער אויסטערלישער קאַטאַסטראָפע.

## דער „ראַבונעק" — דער פּאָגראָם אין 1902

דער ערשטער פּאָגראָם אויף יידן אין טשענסטאָכאָוו איז אויסגעבראָכן מאָנטיק, דעם 11טן אויגוסט, 1902 (ערב תשעה־באב תרס"ב). מען האָט זיך דעמאָלט נאָך געשעמט מיטן וואָרט "פּאָגראָם", האָט מען דאָס גערופן "ראַבונעק".

דער דאָזיקער "ראַבונעק" איז אין יענער צייט באַשריבן געוואָרן אין דער אומלעגאַלער "אַרבייטער־שטימע", נומער 30 (פון אָקטאָבער 1902). מיר גיבן דאָ איבער דעם דאָזיקן באַריכט וואָרט ביי וואָרט:

מיט דריי טעג פריער, איידער דער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען, איז געווען אין טשענסטאָכאָוו אַ פּאַראַד לכבוד דעם נייעם קלויסטער, וואָס האָט זיך אין דעם טאָג געעפנט. דער פּאָליציי־מייסטער און דער פּרעזידענט פון שטאָט ("גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ") האָבן אין פרימאָרגן פון דעם טאָג מודיע געווען אייניקע יידן (ניט אָפיציעל), אַז אין שטאָט גרייט זיך צו אַ פּאָגראָם און זיי האָבן געוואָרנט די יידן, זיי זאָלן זיך נישט באַווייזן נאָענט פון דער נייער "הייליקטום". די אָנטיילנעמער פון פּאָגראָם זעלבסט האָבן נאַכהער דערציילט, אַז זיי האָבן ניט געמאַכט דעם פּאָגראָם דעם 8טן אויגוסט, ווי עס איז געווען באַשטימט, ווייל זיי האָבן "ניט געוואָלט זיך פאַרשטערן דעם יום־טוב" . . . עס איז דערפאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער צופאַל אויפן מאַרק איז נאָר געווען אַ פונק, וואָס איז אַרייַנגעפאַלן אין אַ פולווער־קאַסטן. אויפן מאַרק האָבן זיך צעקריגט און צעשלאָגן עטלעכע יידן מיט אַ קריסטין. ווי די יידן אַזוי אויך יענע קריסטין, זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע גנבים. דער יידישער "קהל" האָט שוין לאַנג געהאַט געבעטן די פּאָליציי, אַרויסצושיקן די דאָזיקע יידן פון שטאָט, נאָר די אונטערגעקויפטע טשענסטאָכאָווער פּאָליציי האָט זיי אויף להכעיס די יידן געלאָזן ווייטער זיין אין שטאָט. די קריסטין וועלכע די יידן האָבן געשלאָגן, האָט זיך שוין אויך געהאַט געמשפּט 3 מאָל פאַר גנבות. און אָט אַזאַ געשלעג צווישן גנבים האָט די רוסישע רעגירונג צוזאַמען מיט דער פוילישער "געזעלשאַפט" אַרויסגעשטעלט אַלס די הויפּט־אורזאַך פון די "אומרוען" . . .

די געשלאָגענע קריסטין איז אפילו ניט געווען שטאַרק פאַרוואונדעט און שוין דעם זעלבן טאָג האָט זי זיך אויסגעשריבן צוריק פון שפּיטאָל. אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, האָבן אַלע, אפילו די דאָקטוירים פונעם שפּיטאָל, פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די קריסטין איז געשטאָרבן.

דעם 11טן אויגוסט, האַלב איינס בייטאָג, אין דער צייט, ווען פון די פאַבריקן גייט מען מיטאָג עסן, האָט אַ מענגע מויער־אַרבעטער (מולאַזשעס), פאַבריק־אַרבעטער און גלאַט יונגע שקצים אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אין די יידישע קראָמען אויפן “אַלטן מאַרק”. קיין פּאָליציי האָט זיך דערביי ניט געזען, קיין סאָלדאַטן איז אין טשענסטאָכאָוו גאָר ניט געווען, מען האָט זיי געהאַט אַוועקגעשיקט אויף די “מאַנעווערען”. האָבן די יידן אָנגעהויבן פאַרמאַכן די געוועלבן, ערשט דאַן האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פּאָליציסטן מיט אַ קאָמיסאַר (פּריסטאַוו) און אַ זשאַנדאַרמען־אָפיציר. זיינען זיך די אַרבעטער פונאַנדערגעגאַנגען, שלאָגנדיק אויפן וועג יעדן ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע. אויפן “אַלטן מאַרק”, דעם צענטער פון קליינעם יידישן האַנדל, איז דאַן געוואָרן רואיק. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ “פּאָגראָם” אויף די אַרומיקע גאַסן. אַ מאַסע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַרבעטער, בעלי־מלאכות און אַרבעטסלאָזע, וועלכע זיינען דעמאָלט צוליב דעם קריזיס געווען אַ סך אין טשענסטאָכאָוו, האָבן אָנגעהויבן ברעכן שויבן אין די יידישע מאַגאַזינען און ראַבעווען די סחורה. מען האָט זיך אויך אַריינגעריסן אין הייזער, געבראָכן מעבל, געריסן בעט־געוואַנט און ווייט אַרום זיינען געפלויגן די פעדערן פון די יידישע קישנס. באַזונדערס פיל שאָדן האָבן געהאַט די יידישע קרעמער פון דער קראַקאָווער גאַס, וואו קריסטן וואוינען מער ווי יידן. נישט באַראַבעוועט האָט מען בלויז געלאָזן אייניקע מאַגאַזינען אין די קריסטלעכע הויפן, ווי למשל, ביי קריגערן, וועלכער האָט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט באַשיצט זיין אייגנטום. קיין פּאָליציי איז אין אָנפאַנג גאָר ניט געווען און נאָכהער האָט זי מורא געהאַט, וואָס ניט איז צו טון, ווייל זי איז געווען צו ווייניק. ערשט דאַן, ווען עס זיינען אָנגעקומען פּאַרטראָלן פון די ביסל סאָלדאַטן, וואָס זיינען געבליבן אין שטאָט, האָט מען אָנגעהויבן אַרעסטירן איינציקווייז די מער עקשנישע בויאַנעס און אָפּצופירן זיי אין צירקל (אורטשאַסטאָק). אייניקע פון די אַרעסטירטע האָט אויך די מאַסע אָפּגעשלאָגן צוריק ביי דער פּאָליציי. 5 אַזייגער איז אויף אַ קורצער צייט געוואָרן אַביסל שטילער, נאָר די קראַקאָווער גאַס איז שוין דאַן געווען אין גאַנצן צוראַבעוועט. אין שרעק האָבן אַלע געוואַרט, דער פּאָגראָם זאָל זיך פונדאָסניי אָנהייבן אום 7 אַזייגער, ווען די פאַבריק־אַרבעטער גייען פון דער אַרבעט. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט אַ טויט־שרעקניש און די רייכע יידן האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו.

איינס אַזייגער אויפן אַנדערן טאָג האָט די פּאָליציי טעלעגראַפירט צום פּעטריקאָווער גובערנאַטאָר. נאָכהער ווי דער המון האָט אויסגעבראָכן די שויבן אין דער יידישער שול, וואו יידן זיינען דאַן געווען פאַרזאַמלט לכבוד תשעה־באָב, האָט זיך דער יידישער קהל געווענדעט נאָך הילף צום “אויעזדני נאַטשאַלניק”, נאָר יענער האָט זיך באַהאַלטן און איז אפילו ניט אַרויסגעגאַנגען צו די יידן... דאַן האָט “קהל” טעלעגראַפירט צום גובערנאַטאָר און גענעראַל־גובערנאַטאָר. די פּאָליציי האָט געבילדעט פּאַטראָלן פון די סאָלדאַטן, וואָס זיינען איבערגעבליבן אין שטאָט און פון די “טאַמאָזשנע סטראַזשניקעס” (סאָלדאַטן, וואָס היטן קאָנטראַבאַנד). צווישן די סאָלדאַטן, וואָס זיינען איבערגעבליבן אין שטאָט, זיינען געווען אַ סך יידן, און די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן נאָכהער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בלויז צוליב דעם האָבן די סאָלדאַטן זיך נישט אַנטזאָגט צו שיסן אין המון.

איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט די פּאָליציי אָנגעווענדעט, צו פאַרהיטן די הויפּט־גאַס פון שטאָט, די זאָגענאַנטע “אַלעיען”, וואו עס געפינט זיך די אָפּטיילונג פון “גאָסודאַרסטווענני באַנק”, עטלעכע יידישע באַנקירסקע קאַנטאָרן און פאַרשיידענע רעגירונגס־איינריכטונגען... די אָרעמערע קוואַרטאַלן זיינען געבליבן, ווי מען זאָגט “אויף גאָטס באַראָט”, זיי האָט קיינער ניט פאַרהיט, דערפאַר האָט מען זיי שרעקלעך צעראַבעוועט. נאָענט צו זיבן אַזייגער האָבן אין די “ערשטע אַלעיען” זיך אָנגעהויבן באַווייזן פאַרשיידענע פאַרדעכטיקע פּערזאָנען... אַלע האָבן מיט שרעק געוואַרט, וואָס וועט זיין אַרום 7 אַזייגער... און ווירקלעך, גלייך נאָך 7 האָבן פון די פאַבריקן זיך אָנגעהויבן שיטן מאַסן אַרבעטער און האָבן זיך פאַראייניקט מיט די, וואָס האָבן שוין אויף זיי געוואַרט אויפן בולוואַר. מיט אַ געשריי “הורראַ נאַ זשידאַ!” און מיט אַ שרעקלעכער פייפעריי פון פייפלעך, האָט זיך דער המון געלאָזן צו די “צווייטע אַלעיע”. די סאָלדאַטן האָבן געטריבן דעם המון און געשלאָגן מיט די פּריקלאַדן פון די ביקסן; דער המון איז זיך פונאַנדערגעלאָפן, זיך ווידער צוזאַמענגעקליבן, נאָר ענדלעך האָט זיך די סאָלדאַטן איינגעגעבן אין גאַנצן אַרויסצוטרייבן זיי פון די אַלעיען. די מאַסע האָט זיך דאַן אויפ'ס ניי אַרויפגעוואָרפן אויפן “אַלטן מאַרק” און אויף דער “טשענסטאָכאָווקע”.

די פּאָליציי האָט דערווייל, ניט קוקנדיק אויף דעם, שטאַרק געהיט די רייכע קוואַרטאַלן און קיינעם אַהין ניט צוגעלאָזן. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי אין דער צייט פון אַ מלחמה און אין די אָרעמע קוואַרטאַלן האָט דערווייל דער המון, ניט באַגעגענענדיק קיין שום ווידערשטאַנד, שרעקלעך געבושעוועט. מען האָט געראַבעוועט און פאַרניכטעט אַלע יידישע מאַגאַזינען, אָנהייבנדיק פון קליינע יידישע קלייטלעך און ענדיקנדיק מיט די גרויסע רייכע מאַגאַזינען. גאַנץ זיינען געבליבן נאָר די קריסטלעכע מאַגאַזינען, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט אין די פענצטער “איקאָנעס” און ליכט. אויסערדעם איז גאַנץ געבליבן נאָר איין יידישע גאַס, די “טאָרגאָווע”, וואו די

יידישע קצבים האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלן אַוועקלייגן אויפן אָרט יעדערן, ווער עס וועט זיך דערוועגן צו ראַבעווען.

דער המון האָט זיך צעריסן אויף עטלעכע טייל, איינער פון זיי איז אָנגעפאַלן אויף מייטקעוויטשעס קאָלאָניאַל־מאַגאַזין, אויפגעבראָכן די טירן און גערויבעוועט די סחורה, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דערביי איז געווען דער וויצע־גובערנאַטאָר און דער פּראָקוראָר, וועלכע זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו 7 אַזייגער מיט אַ קליינעם ביסל סאָלדאַטן. זיי האָבן גענומען איינריידן די אָנטיילנעמער פונעם פּאָגראָם, זיי זאָלן זיך פונאַנדערגיין. נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפן און מען האָט ניט אויפגעהערט צו ראַבעווען. צוויי מאָל האָט מען געוואָרנט דעם המון, ער זאָל זיך פונאַנדערגיין, צוויי מאָל האָט מען געשאָסן מיט פּוסטע קוילן, נאָר דאָס האָט נאָך מער צערייצט דעם המון, וועלכער האָט אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אין די סאָלדאַטן. דאַן האָט מען אויסגעשאָסן שאַרף, זיינען אויפן אָרט געבליבן צוויי טויטע און עטלעכע שטאַרק פאַרוואונדעטע . . . אינטערעסאַנט איז, וואָס צווישן די פאַרוואונדעטע זיינען געווען אויך עטלעכע יידן. ס׳איז דערפאַר אָנצונעמען, אַז די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן נישט בלויז אויף די אָנפאַלער, נאָר אויך אויף די אָנגעפאַלענע.

נאָך אָט דער הריגה איז געוואָרן רואיק, נאָר אין די אַרומיקע גאַסן האָט דער ראַבונעק נישט אויפגעהערט. באַזונדערס שטאַרק איז געוואָרן צעראַבעוועט די וואַרשעווער גאַס אין טשענסטאָכאָווקע; דאָ האָבן אייניקע פון דער מאַסע אַ וואָרף געטאָן עטלעכע שטיינער אין צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס דענקמאָל. און עס האָט זיך געהערט דער געזאַנג פונעם פּויליש־פּאַטריאָטישן ליד „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ“. צוליב דעם האָבן אייניקע נאָכהער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער פּאָגראָם האָט געטראָגן כלומרשט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער . . .

אין דער צייט פון פּאָגראָם האָט מען אין אייניקע ערטער געוואָלט אונטערצינדן (אַזוי, למשל, האָט מען אין העלמאַנס מאַגאַזין אַלץ באַגאָסן מיט נאַפט), נאָר דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. עס האָט זיך איינגעגעבן אונטערצוצינדן נאָר איין הויז נעבן דער אַלטער שול. 11 אַזייגער ביינאַכט האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט און ערשט 12 אַזייגער, ווען דער המון האָט שוין געהאַט כמעט אַלץ צעראַבעוועט, זיינען אָנגעקומען פון לאָדזש 60 סטאָיקאָוועס (גאָראָדאָוויע) און פון בענדין אַ מאה קאָזאַקן. ס׳איז אויך געקומען דער גובערנאַטאָר, דער פּראָקוראָר פון וואַרשעווער „אָקרוזשנאָי סוד“, און מען האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן; ביי פילע פון די אַרעסטירטע האָט מען אויך געפונען אָנגעראַבעוועטע זאַכן.

אין סך־הכל האָט דער פּאָגראָם געלאָזן 120 צעראַבעוועטע קלייטן, 2 טויטע און אַ מאַסע פאַרוואונדעטע מענטשן, צענדליקער געגנצלעך־פאַראָרעמטע. וואָס זיינען דאַן געווען פאַראורטיילט צו גיין בעטן נדבות. נאָר דאָס איז נאָר דער מאַטעריעלער שאָדן, וועלכן דער „ראַבונעק“ האָט געבראַכט. אָט דער שאָדן איז נאָך ניט געווען אַזוי שרעקלעך, ווי עס איז געווען דער גייסטיקער און מאָראַלישער שאָדן. טיפער איז געוואָרן דער אָפּגרונט, וועלכער האָט אָפּגעטיילט די יידישע און פּוילישע באַפעלקערונג, שאַרפער איז געוואָרן די אָפּגעזונדערטקייט און די שנאה צווישן ביידע. געוואונען האָט דאָ נאָר די רוסישע רעגירונג.

שרעקלעך איז אַזאַ לאַגע, ווען די יידן, וועלכע זיינען אַזוי פאַרפאָלגט און געדריקט פון דער צאַרישער רעגירונג, מוזן געפינען אין די קוילן פון די סאָלדאַטן און נאַגאַיקעס פון די קאָזאַקן, כמעט די איינציקע הילף קעגן דער ווילדער געוואַלט פון אַן אַנדער פאָלק, וועלכע ווערט אויך געטראָטן מיט די פיס פון דער צאַרישער רעגירונג, — פון די פּאָליאַקן . . . דאָס זיינען די פאַקטן. אָבער אין וואָס באַשטייט זייער אורזאַך? ווער איז שולדיק אין דער דאָזיקער שרעקלעכער מלחמה צווישן צוויי פעלקער, וועלכע דער היסטאָרישער שיקזאַל אַליין, דוכט זיך, רופט צו אַ ברידערלעכן בונד קעגן דעם געמיינזאַמען שונא? ביי יעדן נייעם צופאַל טרעט אַרויס פאַר אונדז פון דאָס ניי די דאָזיקע פראַגע, און וועגן איר איז כדאי זיך צו פאַרקלערן . . .

,דער טשענסטאָכאָווער פאַקט איז ניט געקומען אומדערוואַרט פאַר קיינעם, ווער עס איז נאָר באַקאַנט מיטן יידישן לעבן אין פּוילן. אין דעם דאָזיקן פּאָגראָם האָט זיך נאָר שאַרף אויסגעדריקט דאָס, וואָס מיר זיינען שוין געוואוינט צו באַגעגענען אין אונדזער אַלטעגלעכן לעבן, — דאָס איז דער טיף־איינגעוואָרצלטער אַנטיסעמיטיזם פון פּוילישן אַדל („שליאַכטע“, „דוואָריאַנסטוואָ“), פון דער קליין־ און גרויס־בורזשואַזיע און פון די אַלע שיכטן פונעם פּוילישן פאָלק, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט באַפרייט פון זייער פאַרדערבלעכער ווירקונג. אום צו כאַראַקטעריזירן די באַציאונגען צווישן דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו, איז גענוג צו ברענגען נאָר אייניקע פאַקטן פונעם לעבן פון די העכערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט (דען די יידישע אַרבעטער־מאַסע אין טשענסטאָכאָוו איז נאָך אומוויסנדיק און לעבט נאָך גאַנץ אָפּגעזונדערט פון די פּוילישע אַרבעטער); דער הויפּטדעוויז פון די דאָזיקע באַציאונגען איז: „נידער מיט די יידן!“ פון אַזאַ באַציאונג צו זיך זיינען ניט פאַרזיכערט אפילו די „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן“ (אַזוי רופט זיך אַליין די יידישע אינטעליגענץ און בורזשואַזיע פון פּוילן), וועלכע זיינען שטענדיק גרייט פאַר יעדן גנעדיקן בליק פון אַ וועלכן נישט איז „וועלמאָזשני פּאַן“ אָפּצוזאָגן זיך פון דער סאָלידאַריטעט מיט דעם יידישן פאָלק . . . אַ שטענדיקער שטרייט קעגן די יידן ווערט געפירט אין אַלע טעמפּלען, אָנהייבנדיק פון טעמפּל פון הערמעס (דער גאָט פון האַנדל) און ענדיקנדיק מיטן טעמפּל פון מעלפּאָמענא (די געטין פון טעאַטער־קונסט), שוין ניט ריידנדיק וועגן די רוימיש־קאַטוילישע טעמפּלען, וואו די „הייליקע פּאַטערס“ רייצן שטענדיק אויף, פון „גאָטס כבוד“ וועגן, די פאַנאַטישע מאַסע קעגן די „אומגלייביקע“ . . . .

אין טשענסטאָכאָוו איז דאָ, למשל, אַ "קרעדיט־געזעלשאַפט", וועלכע איז געגרינדעט מיט דער הילף פון דער יידישער בורושואַזיע. די גרעסטע טייל מיטגלידער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זיינען יידן, יידן זיינען אויך אַ דריטע טייל פונעם פאָרשטאַנד פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. אויף צוויי העכערע שטעלעס פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זיינען קריסטן; און אָט, ווען עס האָט זיך געעפנט אַ וואַקאַנסיע אויף אַ דריטער שטעלע, האָט מען פאָרגעלייגט אַן אינטעליגענטע יידישע פרייליין. דער פאָרשטאַנד, אויספּרואוווּנדיק צי זי קען גוט די אַרבעט, האָט אָנערקענט, אַז זי קען פולקאָם פאַרנעמען די דאָזיקע שטעלע, נאָר צוזאַמען דערמיט, אונטער דער ווירקונג פון די פוילישע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, האָט דער פאָרשטאַנד די פרייליין אַנטזאָגט, און האָט דערביי גאַנץ אָפן געגעבן אַ דערקלערונג, אַז אויב מען וועט צונעמען אויף דער שטעלע אַ יידישע פרייליין, קען מען ניט זיין פולקאָם זיכער, אַז די געזעלשאַפט וועט בלייבן "אַן אמת־קריסטלעכע" . . . אַזוי בוקט מען זיך צו יידן אינעם טעמפּל פון עגל־הזהב. נאָר דאָ איז דאָס קיין חידוש ניט: עס איז דאָך באַוואוסט, אַז דאָ, וואו עס האַנדלט זיך וועגן געלט, וואו מען דאַרף אָפּראַמען פון וועג אַ קאָנקורענט — דאָרטן מעג מען אָנווענדן אַלע מיטלען. נאָר די זעלביקע באַציאונגען זעען מיר אויך אינעם טעמפּל פון "ריינער" קונסט: נישט אין דער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט "לוטניא", ניט אין דער "געזעלשאַפט פון ליבהאָבער פון דראַמאַטישער קונסט" נעמט מען צו יידן . . . און אַזעלכע פאַקטן קען מען ברענגען הונדערטערווייז.

נאָר באַזונדערס דייטלעך האָט זיך אויסגעדריקט די באַציאונג פון דער פוילישער "אינטעליגענץ" צו די יידן אין טשענסטאָכאָוו אין דער צייט פונעם לעצטן פּאָגראָם גופא. פון דער גאַנצער "אינטעליגענץ" האָט זיך נישט געפונען קיינער, וועלכער זאָל פּרואוון ווירקן אויפן המון אום אים איינצוהאַלטן; פאַרקערט, אַלע האָבן גאַנץ אָפן מיטגעפילט די אָנטיילנעמער פון פּאָגראָם, גאַנץ אָפן איז אויסגעדריקט געוואָרן אַ באַדויערונג, וואָס מען האָט נישט אויסגעקוילעט אַלע יידן. מיר וועלן ברענגען נאָר איינציקע פאַקטן.

אַ גימנאַזיסט פון 6טן קלאַס, וויגאָווסקי (זיין פאָטער איז אַ פאַרקויפער אין אַ "קאַזיאָנעם" סקלעפּ), ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די פּאָליציי האָט פאַרבאָטן אין דעם טאָג צו פאַרקויפן בראַנדוויין שפּעטער ווי ביז 7 אַזייגער, האָט דעם גאַנצן אָוונט פאַרקויפט בראָנפן דעם שכורן המון און אויסגעביטן אויף פלעשער וויין פון אַ צעראַבעוועטן יידישן ווייך־קעלער (דער דאָזיקער פאַקט איז באַוואוסט אין געריכט). ניט פיל ווייטער פון דעם דאָזיקן "ציוויליזירטן" פּרא־אָדם זיינען אַוועק אויך זיינע "עלטערע" — מענטשן, וועלכע האָבן געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. צום באַוואוסטן ד"ר ביעגאַנסקי, דעם מחבר פון אַרטיקלען איבער מעדיצינישער עטיק (מאָראַל), ווענדט מען זיך אויפן גאַס, ער זאָל געבן מעדיצינישע הילף אַ פאַרוואונדעטן יידן. דער דאָקטער ביעגאַנסקי אַנטזאָגט זיך דאָס צו טאָן. ער לאָזט איבער דעם קראַנקן אין די הענט פון דער פּאָליציי. ער קערט זיך אָפּ און גייט ווייטער רואיק זיין וועג. זיין קאָלעגע, ד"ר ווזשעסניעסקי, טוט אויך דאָס זעלביקע. מען ברענגט צו אים אַ יידישע פרוי מיט אַ צעבראָכענעם ביין, ער זאָל איר געבן מעדיצינישע הילף — ער טרייבט זי צוריק מיט אַ געלעכטער. דער אַדוואָקאַט פּאַציאָרקאָווסקי, באַגעגענענדיק אויפן גאַס זיינעם אַ באַקאַנטן יידן, זאָגט צו אים מיט אַ צעפרידענער שטים: "אַהאַ, אונדזערע שלאָגן אייערע!" דער ביר־פאַבריקאַנט, קאַרל שוועדע, שטייט מיט עטלעכע זיינע מייסטער און זעט ווי עטלעכע געזונטע יונגען שלאָגן אַ יידיש יינגל; אים איז די מעשה זייער געפעלן און ער האַלט זיך פאַר די זייטן פון געלעכטער . . . (די יידן האָבן איצט אַרויפגעלייגט אַ באָיקאָט אויף זיין ביר). איך מיין, אַז די פאַקטן ריידן גאַנץ דייטלעך . . . זיי גיבן אַ פאָרשטעלונג וועגן די אורזאַכן פון די פּאָגראָמען.

איך מוז נאָך צוגעבן, אַז אין וולאָצלאַוועק (וואַרשעווער גובערניע) איז נישט לאַנג פאַרשפּרייט געוואָרן אַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכע רופט "אויסהרגענען די יידן". אַזאַ קלאַנג טראָגט זיך אויך וועגן וואַרשע און אַנדערע שטעט. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע פון די דאָזיקע ידיעות דאַרף מען גלייבן; נאָר אַלנפאַלס דערווייזן זיי אונדז נאָך אַ מאָל, אַז דער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען נישט צוליב אָרטיקע אורזאַכן. די אורזאַכן ליגן אַ סך טיפער, — אין די באַציאונגען צווישן דער יידישער און פוילישער באַפעלקערונג בכלל.

פון דער פראַגע וועגן די באַציאונגען פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג בכלל צו די יידן, טייל איך אויס באַזונדער די פראַגע וועגן די ייִדיש־פוילישע באַציאונגען צוליב עטלעכע אורזאַכן. פריער ווי אַלץ, די געשיכטע פון יידן אין פוילן איז אין פיל הינזיכטן פאַרשיידן פון דער געשיכטע פון די יידן אין ליטע און רוסלאַנד; און נאָך עד היום אונטערשיידט זיך דער פוילישער ייד פון דעם יידן אין ליטע און רוסלאַנד. דאָס איז פון איין זייט. פון דער אַנדערער זייט: דער אַנטיסעמיטיזם איז אַן צווייפל ביי דער פוילישער באַפעלקערונג שטאַרקער, ווי ביי דער רוסישער; מיט דעם אַנטיסעמיטיזם איז אָנגעזאַפּט די מאַיאָריטעט פון דער פוילישער געזעלשאַפט, און, וואָס עס איז כאַראַקטעריסטישער ווי אַלץ, אויך די זאָגענאַנטע "אינטעליגענץ". מיט אים איז אויך פול די גאַנצע פּרעסע. פון אים זאָגט זיך נישט אָפּ אַפילו אַזאַ, דוכט זיך, אָנשטענדיקער אָרגאַן ווי "פּראַוודאַ", וועלכער איז נישט לאַנג אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ציוניזם פון אַ ריין אַנטיסעמיטישן שטאַנדפּונקט, אויסשפּרעכנדיק איר סאָלידאַריטעט מיטן יידן אָרענשטיין, וועלכער האָט זיך פאַרקויפט דעם אַנטיסעמיטישער באַנדע — און מיט דער צייטונג „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", וועלכע האָט אים אָפּגעקויפט. מיר מוזן דאָ גלייך באַמערקן, אַז כאָטש מיר

זיינען פרינציפיעלע קעגנער פון די ציוניסטן און מיר באַגריסן יעדן קאַמף מיט זיי, סיי לעגאַלן, סיי אומלעגאַלן, וועלכער פירט זיך פון אַ סאָציאַליסטיש־פּראָגרעסיוון גרונט — דאָך מוזן מיר מיט אַלע אונדזערע כוחות קעמפן מיט די הערן, וועלכע ווילן „אין איינעם מיט דעם וואַסער אַרויסגיסן אויך דאָס קינד"; וועלכע טראַכטן, אַז מיט דער פאַרניכטונג פון ציוניזם, ווערט שוין אויך פאַרניכטעט די יידישע פראַגע אַליין. פון דער גאַנצער פּוילישער פּרעסע איז נאָר איין „גאָלאָס" (אונטער דער איטציקער רעדאַקציע) אַ ווירקלעך־פּראָגרעסיווע צייטונג אויך אין דער באַציאונג צו דער יידישער פראַגע.

איך ענדיק מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אַן אויפרוף צו די פּוילישע גענאָסן, אַז זיי זאָלן זיך סעריעזער (ערנסטער — רעדאַקציע) באַציען צו דער טשענסטאָכאָווער דראַמע, און צו זען, אויף וויפל דאָס איז פאַר זיי מעגלעך, עס זאָלן זיך נישט איבערחזרן אַזעלכע דערשיינונגען, וועלכע קענען אַריינטראָגן אַ פאַרפרעמדקייט און אומצוטרוי צווישן די יידישע און פּוילישע פּראָלעטאַריער. עס איז דאָך אַ „געלעכטער": נאָך ביז איצט איז נישטאָ אויף פּויליש קיין סאָציאַליסטישע בראָשור קעגן אַנטיסעמיטיזם — אַזאַ בראָשור האָט אויך נישט אַרויסגעלאָזן די פּ. פּ. ס., וועלכע בינדט זיך שטענדיק צום „בונד", אַז ער אַנטוויקלט נ י ש ט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט קיין סאָלידאַריטעט־געפילן צו די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציעס.

**הערה:**

פון שמחה לעוו

לויט ידיעות פון „געהילף פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער דער פּאָליציייאישער טייל" (שעף פון זשאַנדאַרמעריע אין פּוילן), געשריבן צום וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דעם 13טן נאָוועמבער, 1902 (אַלטן סטיל, לויט וועלכן עס איז געגאַנגען די רוסישע צייט־רעכענונג), האָט זיך אין לאָדזש באַוויזן אַן אויפרוף וועגן די טשענסטאָכאָווער „אַנטי־יידישע אומרוען" (אַזוי האָט אויפן צאַרישן אַדמיניסטראַטיוון לשון געהייסן דער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם). דער אויפרוף איז צעטיילט געוואָרן צו דער לאָדזשער גרופּע פון פּ. פּ. ס. דורך דעם אינטעליגענט „באָלעסלאַוו". די פּאָליציי האָט נישט געקענט אויסגעפינען, ווער דער „באָלעסלאַוו" איז. די פּאָליציי האָט פאַרכאַפּט 43 עקזעמפּליאַרן פונעם דאָזיקן אויפרוף. דער זעלביקער אויפרוף איז געפונען געוואָרן אויך אין טשענסטאָכאָוו און אין סאָסנאָוויץ, דעם 6טן אָקטאָבער, 1902. 6טער אָקטאָבער אַלטער סטיל איז 19טער אָקטאָבער נייער סטיל, די אָנגענומענע צייט־רעכענונג אין אייראָפּע בכלל און אין פּוילן בפרט. אַזוי אַז קיין סתירה אין די דאַטומס איז נישט פאַראַן. צום באַדויערן, האָבן מיר נישט ביי זיך דעם פולן טעקסט פונעם אויפרוף, וועלכער איז צו די אַקטן ניט צוגעלייגט געוואָרן. דערפאַר אָבער האָבן מיר אַ קורצן אינהאַלט פון דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס דער זשאַנדאַרמען־שעף האָט איבערגעגעבן דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר, און, בלית ברירה, וועלן מיר זיך מוזן דערמיט באַנוגענען.

אָט איז דער אינהאַלט אין אַ בייוואָרטלעכער איבערזעצונג פון רוסיש:

„דער אויפרוף טאַדלט די אַנטי־יידישע אומרוען אין טשענסטאָכאָוו און ראָט די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, פאַרהאַרטעוועטע אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אין פאַל ווען אַזעלכע מינים אומאָרדענונגען זאָלן זיך איבערחזרן, אויסצונוצן זיי לטובת דער אַרבעטער־זאַך; צוליב דעם איז נייטיק, אויסנוצנדיק די געשאַפענע לאַגע, פאַרוואַנדלען די אומזיניקע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען אין אַ באַוואוסטזיניקער דעמאָנסטראַציע קעגן עקספּלאָאַטאַציע און קעגן יעדן מין פון פאַרגוואַלטיקונג".

(אַרכיוו פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אַלגעמיינער נומער 101,654, נומער 8 פון 1902, זייט 190 פון דער ערשטער געשעפטס־פירונג, צווייטן טיש).

נאַטירלעך, איז שווער צו מאַכן אַלגעמיינע אויספירן פון אַ רעזומע. אין אַ פּראָקלאַמאַציע איז וויכטיק דער סטיל, דער לשון וואָס רעדט וועגן דער שטימונג און גייסט פונעם שרייבער. פאַרלאָזן זיך אויפן טרוקענעם קאַנצעלאַריע־לשון פון דער צאַרישער זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג איז אוממעגלעך. לכל־הפחות איז נייטיק צו באַמערקן, אַז הגם מיר ווייסן נישט ווי שטאַרק און אויסגעשפּראָכן די פּ.פּ.ס.ישע רעאַקציע אויפן טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם איז געווען — ווייסן מיר אָבער יאָ, אַז פּ. פּ. ס איז נישט געבליבן גלייכגילטיק. און דאָס מוז פאַרצייכנט ווערן לשם היסטאָרישן אמת, כדי נישט פאַרפירט צו ווערן דורך דער פּאַרטייאישער פּאַסיע אין די קאַמפן פון דער צייט און פון וועלכער דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אַרבעטער־שטימע" איז, משמעות, נישט פריי.

## דער צווייטער פּאָגראָם

דער צווייטער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען דינסטיק, דעם 27טן מאַי, 1919. וועגן דעם דאָזיקן פּאָגראָם, דערציילט באריכות א. כ. אין אַן אַרטיקל אין „טשענסטאָכאָווער טאָגבלאַט" פון מאָנטיק, דעם 2טן יוני, 1919, אונטערן נאָמען „די שולדיקע".

די שוואַרצע העלדן פון באַפרייטן פּוילן האָבן ענדלעך אויך ביי אונדז אין טשענסטאָכאָוו — אין דער הייליקער רעזידענץ, וואו עס טראָגט די געטלעכע מוטער, די פּאַטראָנעסע פון פּוילן און סימבאָל פון מענטשן־ליבע — מיט אַ פולער האַנט געשניטן די פרוכט פון זייער לאַנגער, שווערער אַרבעט: 5 מענטשן־לעבנס אויפן שרעקלעכסטן אופן דערהרגעט, צענדליקער ביזן טויט דערשלאָגן, אַ גאַנצע ריי הייזער צעראַבירט, פול אלמנות און יתומים,

הונדערטער צעבלוטיקטע קערפּערס און טויזנטער בלוטיקע וואונדן — אין די נשמות פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

דאָס איז געשען ערב דעם הייליקן קריסטלעכן יום־טוב פון הימלגאַנג.

זיי האָבן די פולע רעכט מיט זייער ביז איצטיקער אַרבעט צו שטאָלצירן... די הריגות, די גרויזאַמקייט פון צעווילדעוועטן המון, וואָס האָט געטראָטן מיט די פיס די טויטע קערפּערס ביז די געדערים זיינען פון זיי אַרויס; וואָס האָט אַזוי גרויזאַם נישט געשוינט קיין יונגן און קיין אַלטן, קיין מאַן און קיין פרוי; דאָס הוליען און טאַנצן פון קליינוואַרג אַרום די קערפּערס פון די דערהרגעטע; דער גרויסער אָנטייל פון דער פּוילישער שול־יוגנט אין ראַבירן און הרגענען — האָט גאַנץ קלאָר באַוויזן אויף וויפיל זייער אַרבעט איז געווען פולשטענדיק צו פאַרסמען די נשמות פון די מאַסן מיט מענטשן־האַס און וועלפישער בלוטדורשטיקייט.

קיין וואונדער נישט. אָדער ניין, ס׳איז יאָ אַ וואונדער, וואָס מיר זיינען אָפּגעקומען נאָר מיט די קרבנות. לייענט, אדרבה, די אַלע נאָטיצן, אַרטיקלען און אויפרופן אין "גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי" און "קוריער טשענסטאָכאָווסקי" (צוויי פוילישע צייטונגען, וואָס זיינען דערשינען אין טשענסטאָכאָוו), קוקט אייך גוט צו מיט וואָס פאַר אַן אויסגעהאַלטנקייט מען פירט די העץ־אַרבעט: יעדן טאָג אַן אַנדער נייעס, ווי אַזוי יידן־באָלשעוויקעס פאַראומגליקלעכן פוילן, פאַלן אָן אין לעמבערג, פינסק, ווילנע, אויפן פוילישן מיליטער, שיסן אויף זיי פון די ווינקלען, סטאַרען זיך מיט אַלע כוחות, פוילן זאָל נישט זיין פאַראייניקט, שטערן זיי אויפן פאַריזער פרידנס־קאָנגרעס, פירן אַ באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע און, דער עיקר: הונגערן אויס פוילן און פאַראורזאַכן דעם גרויסן יקרות — און איר וועט באַגרייפן ווי אַזוי מען האָט פאַרוואַנדלט מענטשן אין בלוט־דורשטיקע חיות.

נאָר אַרויסרופנדיק די חיה אין איר שרעקלעכסטן געשטאַלט האָבן זיך די דרעסירער אַליין פאַר איר דערשראָקן, און אייניקע גלחים, וואָס האָבן אַזוי לאַנג פון די אַמבאָנען געפּרעדיקט די אמתע "מענטשן־ליבע" פון יידן־האַס, אין אייניקע פאַלן געפּרואווט איינ־־אַלטן דעם צעיושעטן המון.

אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. „דו האָסט מיך גערופן און איך בין דאָ" — האָט געטענהט די חיה מיטן לשון פון בלעמס אייזל. „ביז איצט האָסטו אונדז געהעצט קעגן יידן און איצט ווילסטו אים אַליין פּאַרטייִדיקן!" — האָט די ווילדע מאַסע געשריגן — „האָסט זיך פאַרקויפט, הייליקער פאָטער, אין זאַק אַריין!"

גאַנץ ריכטיק האָט טאַקע געשריבן דער "קוריער", אַז די בלוטיקע אומרוען זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך געהיימע פאַרשאָלטענע פוילנס פיינד. נישט אמת איז נאָר, אַז זיי זיינען געהיים און אומבאַוואוסט. נישט אמת! אָט די אמתע פיינד פון פוילן קען יעדערער גאַנץ גוט. אָ, צו גוט! אָבער קיינער שטערט זיי נישט אין דער אַרבעט: זייערע צייטונגען פאַרמאַכט מען נישט, זייערע אויפרופן זיינען גאַנץ לעגאַל, זייערע קלובן פּאָגראָמירט מען נישט. קיינער דערוועגט זיך נישט אַ האַנט אויף זיי אַרויפצולייגן. אדרבה, אין אַלע פאָלקספאַרטרעטונגען: פון הויכן סיים ביזן שטאָט־ראַט פאַרנעמען זיי דעם אויבן־אָן...

די כראָניק פון שוידערלעכסטן טאָג פאַר די יידן פון טשענסטאָכאָוו איז געווען פאָלגנדיקע:

פוילן איז געווען אין מיטן ברען פון די פאַרכאַפּונג־מלחמות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך מיט פוילנס באַפרייאונג. צווישן די פאַרשיידענע מיליטערישע פאַרמאַציעס, איינקוואַרטירט אין טשענסטאָכאָוו, ווי אַ שטאָט נעבן אויבערשלעזיען, וואו די קאַמפן מט די דייטשן זיינען פאָרגעקומען, זיינען געווען האַלערטשיקעס — דער לעגיאָן, וואָס האַלער, דער געוועזענער לערער פון גימנאַסטיק אין אַ לעמבערגער שולע, האָט אָרגאַניזירט אין פראַנקרייך און "פּאָזנאַנטשיקעס", פאַרדייטשטע פּאָליאַקן, מאָביליזירט אין פּויזנער געגנט, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו פוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן נישט געקענט ריידן קיין פויליש, דערפאַר האָבן זיי גוט געקענט די מלאכה פון שערן יידישע בערד און האַקן יידישע קעפּ. דאָס איז געשען אין גאַנץ פוילן און אויך אויף די גאַסן פון טשענסטאָכאָוו יעדן טאָג.

צווישן די מאַסן האָט געהערשט אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער. די פאַבריקן האָבן געפּוסטעוועט. די אָרעמע מאַסן האָבן דערהאַלטן די נשמות מיט "דאַרמאָכעס", די הילף, וואָס איז צומיינסטן אָנגעקומען פון אַמעריקע. פאַרן שטאָט־ראַט פלעגן אָפט פאָרקומען דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן געפאָדערט אַרבעט. די פאַרביטערונג פון די מאַסן איז געוואַקסן און צוזאַמען דערמיט — די יידן־העצע. דער שטאָט־מאַגיסטראַט האָט אָרגאַניזירט אַביסל עפנטלעכע אַרבעט צו ברוקירן די גאַסן. אַ גרויסער טייל פון אָט די אַרבעטער האָט יענעם טאָג געאַרבעט מיט שפּאַדלעס און האַקאייזנס אויף דער צווייטער אַלעע.

אין דער פאַרביטערטער און פאַרהעצטער אַטמאָספערע איז, ווי אין אַ פאַס פּולווער, געוואָרפן געוואָרן, צופעליק אָדער אומישנע אָרגאַניזירט, אַ שוועבעלע מיט פייער. דאָס איז געווען דער קלאַנג, אַז יידן האָבן געשאָסן אַ האַלערטשיק. אין אמתן האָט קיינער נישט געשאָסן. שפּעטער האָט אַן אויספאָרשונג באַוויזן, אַז אַ זעלנער, נישט קיין האַלערטשיק, האָט געקריגן מיט עפּעס אַ קלאַפּ אין קאָפּ, נאָר מיט וואָס און ווי אַזוי האָט מען נישט געקענט פעסטשטעלן.

כמעט אין דער זעלביקער צייט — דאָס איז געווען מיטאָג־צייט — זיינען צוויי פּאָליציאַנטן אַריינגעגאַנגען צום יידישן פעלדשער, משה נאָסאַנאָוויטש, וואָס האָט געהאַט אַ פריזיר־אַנשטאַלט אויף דער צווייטער אַלייע און אים גערופן צו געבן הילף אַ פאַרוואונדעטן. נאָסאַנאָ־

וויטש האָט גענומען זיינע מכשירים און מיטגעגאַנגען מיט די פאָליציאַנטן. צווישן די שטאָטישע אַרבעטער אין גאַס האָט עמעץ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער ייד וואָס האָט געשאָסן דעם האַלערטשיק איז אַרעסטירט געוואָרן און אָט פירט מען אים. זיי האָבן זיך גלייך געוואָרפן אויפן פעלדשער משה נאַסאַנאָוויטש, וואָס איז געגאַנגען אין באַגלייטונג פון צוויי פאָליציאַנטן. און מיט די רידלס און האַק־אייזנס אים גלייך דערהרגעט אויפן אָרט. צו די שטאָטישע אַרבעטער זיינען באַלד צוגעשטאַנען אַנדערע כוליגאַנעס, זעלנער, שול־יוגנט. די מאַסע האָט זיך געלאָזט אויף די אָרעמע יידישע גאַסן און די בלוטיקע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן.

דער פאָגראָם איז בכלל געווען אַ מערדערישער און גרויזאַמער. דער המון איז געווען ברוטאַל און צעווילדעוועט. יעדן ייד, וואָס מען האָט געטראָפן אין גאַס, האָט מען געשלאָגן מכות־רצח. מאַסן יידישע קראָמען און הייזער זיינען צעראַבירט געוואָרן. אין פאָגראָם האָבן זיך באַטייליקט אַ גרויסע טייל מיליטער פון פאַרשיידענע פאָרמאַציעס. דער פאָגראָם האָט געדויערט דעם גאַנצן דינסטיקדיקן טאָג און אָנגעהאַלטן דורך דער נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך.

אַ שוידערלעך בילד פון חורבן האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר דער טשענסטאָכאָווער יידישער באַפעלקערונג מיטוואָך אינדערפרי. אין מתים־שטיבל פון יידישן שפּיטאָל זיינען געלעגן די פיר דערהרגעטע (דער פינפטער, נאָסאַנאָוויטש, האָט זיך געפונען אין שפּיטאָל שוו. מאַריאַ, אויף דער צווייטער אַלעע), ווי טויטע עדות פון אכזריות און ברוטאַליטעט, וואָס האָט זייער ווייניק גלייכן אין דער געשיכטע.

## דער אָנפאַל אויף די שוחטים

די שוחטים נחמיה גאָטליב, יחזקאל בערגמאַן, און משה דזיאַלאָווסקי, האָבן זיך געפונען אין שעכט־הויז אויפן שול־הויף. דערהערט דאָס דערנעענטערן זיך פון המון מיט די האַלערטשיקעס, זיינען זיי אַריין זיך באַהאַלטן אין דער וואוינונג פון קריסטלעכן שול־סטרוזש. דער המון איז אַריין אין הויז, האָט דעם ערשטן אַרויסגעשלעפּט אויפן הויף דעם שוחט גאָטליב און אים אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט דרענגער און שטיינער, ביז ער איז געבליבן ליגן טויט. די אַנדערע צוויי איז געלונגען צו אַנטלויפן. אויפן וועג איז מען דעם שוחט יחזקאל בערגמאַן באַפאַלן און אַזוי צעשלאָגן, אַז מען האָט אים געמוזט אָפּפירן אין יידישן שפּיטאָל.

ביים דערהרגעטן שוחט גאָטליב האָט מען צוגערויבט צוועלף הונדערט מאַרק און די חלפים. דער דערהרגעטער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט זעקס קינדער. ביים שוחט משה דזיאַלאָווסקי האָט מען צוגענומען אַ מאַנטל מיט פינף הונדערט מאַרק.

נאָך דעם זיינען די כוליגאַנעס אַריין אין דער וואוינונג פון שול־שמש, מאכל רויזנבערג און שטאַרק צעשלאָגן זיין ווייב יסכה, און זיין זון, מלך, וועלכע מען האָט אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל.

## דער אָנפאַל אויף דער שול

די פאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך דאַן אַ לאָז געטאָן צו דער שול, אויפגעריסן טיר און טויער, אויפגעריסן שענק און דעם אָרון־קודש און אומעטום געזוכט. אין דער שול האָט מען שפּעטער געפונען ליגן אַ ספר־תורה אויף דער ערד.

## אויף נאַדזשעטשנע גאַס

אויף נאַדזשעטשנע 34 האָבן די פאָגראָמשטשיקעס אויפגעבראָכן דעם טויער, אויסגעהאַקט כמעט אַלע שויבן פון הויז, אויסגעריסן די פוטרינעס, אויפגעבראָכן די טיר אין דער וואוינונג פון בעקער יעקל געלבאַרד, צוגערויבט אַלע קליידער פון די שענק און אַן ערך 700 מאַרק געלט. דאָס יינגל אברהם שמעון געלבאַרד האָבן זיי שטאַרק צעשלאָגן.

אין הויז נומער 38 האָבן די פאָגראָמשטשיקעס אויפגעריסן די טיר פון פינקלשטיינס וואוינונג, וואו עס האָט זיך נאָר געפונען די קראַנקע פרוי און אַ טאָכטער. דער המון האָט דאָ איבערגעקערט אַלץ אין שטוב, אויפגעבראָכן אַ קאַסעטקע. אין זעלביקן הויז האָבן זיי אויך אויפגעבראָכן די טירן ביי די יידישע איינוואוינער איטשע מענדל דוקאַט, איטשע מאיר טוכמייער און איטשע קאַנטאָר. אומעטום האָבן זיי געזוכט געווער. אין איין הויז האָבן זיי צוגענומען אַ האַק.

## אויף מאָסטאָווע גאַס

אַ שרעקלעכע חורבה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס געוועלב און די וואוינונג פון שלמה בראָקמאַן אויף מאָסטאָווע 11. דער המון האָט צעבראָכן אַלץ, וואָס עס האָט זיך דאָ געפונען, נישט איבערלאָזנדיק קיין איין גאַנצע שויב. די פאַמיליע בראָקמאַן האָט צומייניסטן געליטן. חוץ דעם דערהרגעטן זון, משה בראָקמאַן, האָבן די כוליגאַנעס אויך שטאַרק צעשלאָגן דעם געוועלב־אייגנטימער, שלמה, וועלכן מען האָט געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל, זיינע צוויי טעכטער און פרוי פאַרוואונדעט און דעם צווייטן זון, לייזער, צעבראָכן אַ פוס.

ווען די כוליגאַנעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער וואוינונג פון ריינמאַנען אויף דער זעלביקער גאַס האָט דער לעצטער געכאַפּט אַ האַק זיך צו פראַטיידיקן. די פאָגראָמשטשיקעס האָבן גערופן צו הילף פאָליציי צו אַנטוואָפּענען דעם יידן. דער פאָליציאַנט האָט אָפּגעראַטעוועט ריינמאַנען און אים צוריקגעגעבן די סומע געלט, וואָס מען האָט ביי אים אַוועקגערויבט.

## דער צוג פון קעלץ

אַ מחנה כוליגאַנעס האָט אָפּגעוואַרט דעם צוג, וואָס איז אָנגעקומען פון קעלץ און מיטן געשריי: „הוראַ נאַ

זשידואוו״ זיך געוואָרפן אויף די אָנקומענדיקע יידישע פּאַ־
סאַזשירן און זיי מערדערלעך געשלאָגן. דער רעקרוט מאיר
ווערטהיים פון וולאָשטשאָווע, וואָס איז געקומען זיך צו־
שטעלן צום מיליטער, איז אַזוי שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן,
אַז ער איז געפאַלן אין חלשות. אים האָבן אָפּגעראַטעוועט
פּראָל. שיפּער און דער שילער העלבערג, וועלכע האָבן אים
אַריינגענומען אין זייער וואוינונג. ביי אים האָט מען
אויך צוגערויבט אַ גאָלדענעם זייגער. מ. פּאַקטאָר, פון
פּעטריקאָוו, וואָס איז אויך אָנגעקומען מיטן צוג, איז
באַפאַלן געוואָרן פון אַ גרופּע פּוילישע שילער, וועלכע
האָבן ביי אים צוגענומען אַ ברויט און אַנדערע זאַכן, וואָס
ער האָט מיט זיך געטראָגן. דער קריסטלעכער אייגנטי־
מער פון ״האָטעל קאָליסקי״, אויף דאַיאַזד גאַס, האָט נישט
דערלויבט נעכטיקן די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט
פון המון. ער האָט דערקלערט די יידן, אַז עס איז גאַנץ
רעכט, וואָס מען מאַכט אויף זיי פּאָגראָמען.

אין דער אַקציע האָבן זיך צומייסטנס באַטייליקט
קליינוואָרג און שילער. די יידישע איינוואוינער פון הויז
נומער 9 אויף דאַיאַזד האָבן געזען דעם זון פון זייער
סטרוזש, אָנפירנדיק אַ גרופּע יונגע כוליגאַנעס, וואָס
זיינען מיט שטעקנס באַפאַלן די אָנקומענדיקע פּאַסאַ־
זשירן און זיי געשלאָגן מכות־רצח.

## אַנדערע איינצלהייטן

, מרדכי עפּלבוים, וואַרשעווער 39, צוזאַמען מיט זיין
פרוי און קינדער, זיינען אָנגעקומען האַלב 10 אין אָוונט
פון קעלץ. זיין 18 יעריקער זון, יחיאל, האָט באַקומען מיט
אַ פויסט אַ שטאַרקן זעץ אין אויג, וואָס האָט אים בלינד
געמאַכט. עפּלבוימען אַליין איז באַפאַלן אַ שילער פון
שודייקאָס גימנאַזיום. אַ יידיש מיידל פון דאַיאַזד 13 איז
צוגעלאָפן, פאַרשטעלט מיט זיך עפּלבוימען און אָנגע־
הויבן צו שרייען צום כוליגאַן, ער זאָל בעסער זי דערהרגע־
נען איידער איר טאַטן . . . דאָס האָט באַוועגט אַ גלח
מיט אַן אָפיציר צו ראַטעווען עפּלבוימען און אַוועקפירן
אים אין ״האָטעל אַנגעלסקי״. פרוי טאָמטשיק, אייגנ־
טימערין פון האָטעל, האָט געהאָלפן דעם יידן איבער־
פירן אים צו איר אין הויז.

אַלטע נאַכע זיידמאַן, 15 יאָר אַלט, נאַדזשעטשנאַ 41,
איז אויפן שולהויף באַפאַלן געוואָרן פון די פּאָגראָמשטשי־
קעס, וועלכע האָבן איר שטאַרק צעהאַקט דעם קאָפּ און
דאָס פּנים. דאָס מיידל איז געבליבן געריירט פון זינען.

שמואל פריימאַן, וועלכער איז געקומען צו פאָרן
מיטן קעלצער צוג, איז באַפאַלן געוואָרן פון האַלערטשי־
קעס, וועלכע האָבן אים שטאַרק צעשלאָגן דאָס פּנים און
אונטערגעהאַקט די אויגן. ביי מרדכי שנייער, פאַבריטש־
נע, האָט מען צוגערויבט דאָס גאַנצע וועש, מלבושים,
שיך און אַנדערע זאַכן אויף אַ סומע פון עטלעכע טויזנט
מאַרק. אין דער וואוינונג פון יוסף בראַניאַטאָווסקי,
נאַדזשעטשנע 46, האָבן די כוליגאַנעס אויפגעהאַקט די
טירן, צעהאַקט די שענק, די בעטן און צוגערויבט געלט
אויף אַ סומע פון 400 מאַרק. משה גרינבערג, גאַרנ־
צאַרסקע 70, איז שטאַרק צעקלאַפּט געוואָרן אין קאָפּ און
אין די זייטן.

אויף משה בוכנער, וואַרשעווער 35, איז אָנגעפאַלן
אַ המון, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך שילער
פון קאָשמינסקיס גימנאַזיום און האָבן אים אָנגעהויבן צו
שלאָגן מיט דרענגער. בוכנער האָט זיך געוואָלט ראַטע־
ווען אין הויז נומער 37 אויף דער זעלביקער גאַס. די
קריסטלעכע שכנים פון הויז האָבן אים ארויסגעשטויסן פון
טויער. אויף אים האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שיטן קלעפּ
פון אַלע זייטן. ער איז געבליבן ליגן אין אָנמאַכט. אויפ־
שטייענדיק האָט ער זיך דערשלעפּט צו אַ הויז, וואָס האָט
געהערט צו אַ קריסט, קאָפּאַלסקי, נאָר די שכנים פון הויז
האָבן ווידער פאַרהאַקט דאָס טויער און אים נישט אַריינ־
געלאָזט.

אויף שמואל מענדל פּייסאַק, קראָקאָווער 23, זיינען
אויף אַגראַדאָווע גאַס אָנגעפאַלן צוויי קריסטן און גע־
שלאָגן מיט דרענגער איבערן קאָפּ. ווען ער איז געפאַלן
אין חלשות, האָבן די כוליגאַנעס, מיינענדיק ער איז טויט,
אים אָפּגעלאָזט.

אַנדערע קרבנות פון פּאָגראָם זיינען געווען:

מאיר בערקאָוויטש, סענאַטאָרסקע 20 ; ברוך ברי־
ליאַנט, וויעלון ; אהרן פייערמאַן, נאַדזשעטשנאַ 2 ; לוד־
וויק מאָנטאַג, אָסטאַטני גראָש ; אהרן דוד גאָלדבערג,
וואַרשעווער 28 ; יעקב שפּאַלטען, די אלמנה פראַשקער־
וויטש, משה דאַווידאָוויטש, אברהם הענעך פינקעלשטיין
— נאַדזשעטשנע 38.

## די פּאָליציי

בכלל האָט זיך די פּאָליציי נישט אַריינגעמישט און
נישט אָנגענומען די נייטיקע מיטלען אָפּצושטעלן דעם
פּאָגראָם. איינצלנע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן פּרובירט
אָפּשטעלן דעם צעבושעוועטן המון, זיינען פאַרשריגן גע־
וואָרן דורך די כוליגאַנעס מיט די ווערטער ״זשידאָווסקע
פּאָכאַלקי״. דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט פּראַזשמאָווסקי
האָט דער המון אַראָפּגעוואָרפן פון פערד, ווען ער האָט
געפּרוּווט צעיאָגן די פּאָגראָמשטשיקעס. בכלל איז
אָבער די פּאָליציי געבליבן ״נייטראַל״ אין דער גאַנצער
צייט פון די שווידערלעכע געשעענישן און נישט אָנגענומען
די געהעריקע מיטלען צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן און האָב
און גוטס פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## די לויה

די לויה פון די קדושים איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק,
דעם 29טן מאַי, אַרום 9 אַזייגער אינדערפרי האָבן זיך
פאָרן שטאָטישן שפּיטאָל אָנגעהויבן פאַרזאַמלען טויזנ־
טער יידן. פון ביידע זייטן שפּיטאָל איז אַוועקגעשטעלט
געוואָרן אַן ערד־וואָך. אַרום 12 אַזייגער האָט מען פון

שפּיטאָל אַרויסגעטראָגן דעם קערפּער פון דערהרגעטן פעלדשער נאָסאַנאָוויטש. פון ביידע זייטן פון אָרון איז געגאַנגען אַ וואַך פון דער יידישער יוגנט. אין דער שפּיץ פון דער גראַנדיעזער לויה זיינען געגאַנגען די דאַזאָרעס פון דער יידישער גמינע, די יידישע ראַטמענער פון טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט, אַ דעלעגאַציע פון דער יידי־שער פּרעסע, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער טאָגעבלאַט", י. אוגער. אַ דעלעגאַציע פון יידישן גימנאַזיום, מיטן דירעקטאָר פּראָפ' באַלאַבאַן אין דער שפּיץ, פאָרשטייער פון אַלע טשענסטאָ־כאָווער יידישע געזעלשאַפטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען. אין דער לויה האָט זיך אויך באַטייליקט דער לאָדזשער דעפּוטאַט פון סיים, ד"ר ראָזענבלאַט.

## פאַרן יידישן שפּיטאָל

די לויה האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן יידישן שפּיטאָל, פון וואַנען מ'האָט אַרויסגעטראָגן די איבעריקע פיר קדושים. די אָרונס זיינען געטראָגן געוואָרן פון די פריינד



דער לויה-צוג

און חברים פון די דערהרגעטע ביז אויפן בית־עולם. איינער פון די טרעגער איז אויך געווען דעפּוטאַט ד"ר ראָזענבלאַט.

מיטן דערשיינען פון די אָרונס מיט די פיר קדושים דורכן טויער פון יידישן שפּיטאָל, איז צווישן פיל־טויזנט קעפּיקן עולם אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע יללה. אַלע אָן אויסנאַם האָבן ביטער געוויינט. אַפילו די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געהיט די אָרדענונג, האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געווישט די טרערן.

נאָך שוידערלעכער זיינען געווען די קולות און דער יאָמער אויפן בית־עולם, וואו מען האָט די קדושים מקבר געווען אין איין גרויסן ברידער־קבר, איינס נעבן אַנדערן. אומבאַשרייבלעך זיינען געווען די קולות יעדעס מאָל בעת דער חזן האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים און אָנגערופן די נעמען פון די געפאַלענע קרבנות.

קיין שום הספּדים זיינען נישט געהאַלטן געוואָרן. עס איז געווען אַ שטילע אָבער אַ הימל־שרייענדיקע דע־מאָנסטראַציע, וואָס קיינער פון די אָנוועזנדיקע וועט קיין מאָל אין זיין לעבן נישט קענען פאַרגעסן.

## דער טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם אין פּוילישן סיים

דער יידישער דעפּוטאַט האַרטגלאַס האָט אויף דער זיצונג פון פּוילישן סיים, פרייטיק, דעם 30טן מאַי, אַריינ־געטראָגן אַ דרינגענדיקן פאָרשלאָג וועגן פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָוו. דער דעפּוטאַט אַשעצקי האָט געענט־פערט, אַז קיין שום אָפיציעלע ידיעות וועגן אַזאַ פּאָגראָם זיינען נישט פאַראַן. די דרינגלעכקייט פון פאָרשלאָג איז דעריבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די "דוואַ גראָשאַ", די אַנטיסעמיטישע וואַרשעווער צייטונג, באַריכטנדיק וועגן פאָרשלאָג פון דעפּוטאַט האַרטגלאַס, האָט געשריבן, אַז די גאַנצע געשיכטע פון פּאָגראָם איז אַ פיקציע . . .

## אין טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט

מיטוואָך, דעם 28טן מאַי, איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט. דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט איז געווען ד"ר נאָוואַק, אַ באַקאַנטער טשענ־סטאָכאָווער אַנטיסעמיט. די יידישע ראַטמענער זיינען אַריין אין זאַל מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט קיינעם זיך נישט באַגריסט. די ערשטע פראַגע פון דער זיצונג איז געווען צו שיקן אַ מיטגעפיל־טעלעגראַמע די צעשינער פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אומגעקומען אין אַ קאַטאַסטראָפע אין קוילן־גרוב (צעשין האָט געהערט צו טשעכאָסלאָוואַקיע).

דער פּרעזידענט פון טשענסטאָכאָוו, באַנדטקע סטענ־זשינסקי, האָט געלייענט אַ דעקלאַראַציע וועגן פּאָגראָם, אין וועלכער עס האָט זיך אַזוי געזאָגט: אין אַ צייט, ווען מיר שטייען סך־הכל 20 וויאָרסט פון דעם שונאס גרענעץ און עס איז נייטיק די אייניקונג פון אַלע איינוואוינער, געפינען זיך פּראָוואָקאַטאָרן און באָלשעוויקעס *), וואָס העצן אויף איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער און עס ברעכן אויס אומרוען, וואָס איז אַזוי שעדלעך פאַרן פאָטערלאַנד. דער פּרעזידענט דריקט אויס באַדויערן אויף די טרויעריקע געשעענישן און האָפט, אַז דאָס וועט מער נישט פאָרקומען.

דאַן ווערט דורכן ראַטמאַן, רפאל פעדערמאַן, פון דער פראַקציע "פאַראייניקטע", אַריינגעטראָגן אַ דרינגענ־דיקער פאָרשלאָג, אונטערגעשריבן דורך אַלע יידישע ראַט־מענער און פּוילישע סאָציאַליסטן (פּ. פּ. ס.), וואָס פאָ־דערט, אַז דער שטאָט־ראַט זאָל עפנטלעך פאַראורטיילן די ברוטאַלע מאָרדן און אָנפאַלן אויף דער יידישער באַ־פעלקערונג, זאָל באַשטימען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אונ־טערזוכן די סיבות פון נעכטיקן פּאָגראָם, זאָל פעסט־

*) פאַרגלייך די העצע פון „קוריער" קעגן „געהיימע באָל־שעוויקעס" — רעדאַקציע.

שטעלן די גרויס פון די שאָדנס פון די געליטענע און זאָל אָננעמען מיטלען איבערצוגעבן די שולדיקע אין די הענט פון גערעכטיקייט.

אַ באַזונדערן דרינגענדיקן פאָרשלאָג האָבן אַריינגעטראָגן די פּ. פּ. ס., אין וועלכן עס האָט זיך געפאָדערט, עס זאָלן באַלד באַזייטיקט ווערן פון טשענסטאָכאָוו די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין פּאָגראָם, עס זאָל געשאַפן ווערן אַן אויספאָרשונג־קאָמיסיע מיטן אָנטייל פון דער יידישער גמינע און דאָס אינערן־מיניסטעריום זאָל באַשטימען אַ סומע פון די מלוכה־געלטער אויסצוהאַלטן די פאַמיליעס, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָך די קרבנות פון פּאָגראָם.

ראַטמאַן יוסף אַראַנאָוויטש („בונד") דערקלערט אין נאָמען פון אַלע יידישע ראַטמענער, אַז די דרינגלעכקייט פון פאָרשלאָג דאַרף נישט מאָטיווירט ווערן. דער שטאָט־ראַט האָט נאָר אָנגענומען די דרינגלעכקייט פון פאָרשלאָג, האָט אָבער דעם פאָרשלאָג גופא נישט געלאָזט דיסקוטירן און נישט שטעלן אים צו דער אָפּשטימונג, נאָר אים איבערגעגעבן צום מאַגיסטראַט. ראַטמאַן פעדערמאַן און אַנדערע יידישע ראַטמענער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם און פאַרלאָזן דעם זאַל.

אויף דער צווייטער זיצונג פון שטאָט־ראַט. דעם 5טן יוני, האָט ראַטמאַן אַלקעסאַנדער בעם (פּ. צ.) אָנגעפרעגט דעם שטאָט־ראַט פאַרוואָס עס איז נאָך נישטאָ קיין ענטפער אויף דער אינטערפּעלאַציע וועגן פּאָגראָם, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם מאַגיסטראַט די לעצטע וואָך.

דער פּרעזידענט דערקלערט, אַז ער האָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וועגן דעם ענין איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטער. ראַטמאַן שטילער, זאַנדשטיין (ציוניסט) און העלמאַן טרעטן אַרויס קעגן פּרעזידענט. דאַן ווערט אַריינגעריסן אַ פאָרשלאָג איבערצורייסן די דיסקוסיע. ראַטמאַן פעדערמאַן פּראָטעסטירט שאַרף קעגן דעם און זאָגט: אויף דער לעצטער זיצונג האָט מען אונדז דורך אַ מאַנעוורע פאַרמאַכט דאָס מויל און וויל מען אונדז ווידער שליסן די צונג. דער שטאָט־ראַט שיקט מיטגעפילדעפּעשן צו פּוילישע אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, אָבער וויל נישט פאַראורטיילן ברוטאַלע מערדערייען פון אומשולדיקע מענטשן, וואָס קומען פאָר פאַר זיינע אויגן. מיר קענען נישט בלייבן רואיק, ווען מיר זעען ווי די מערדער, וואָס זיינען באַגאַנגען די שוידערלעכע רציחות, דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי אין די גאַסן. די אַנטיסעמיטישע מערהייט פון שטאָט־ראַט האָט אָבער באַשלאָסן איבערצורייסן די דיסקוסיע.

## אויספאָרשונגען

דעם 1טן יוני, איז קיין טשענסטאָכאָוו אָנגעקומען אַ קאָאַליציע־קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם פּאָגראָם. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון צוויי אַמעריקאַנער, צוויי ענגלענדער און צוויי פראַנצויזן. די קאָמיסיע האָט אויך קאָנפערירט מיט פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע, דעם רב נחום אש, שמואל גאָלדשטיין, אַדוואָקאַט גליקסאָן, לעאָן וויינבערג, ד"ר קאָהן און ד"ר וואָלבערג. די יידישע פאָרשטייער האָבן אינפאָרמירט דער מיסיע וועגן דעם גאַנצן גאַנג פון די געשעענישן און די סיבות, וואָס האָבן געפירט צום פּאָגראָם.

אויך דער וויצע־מיניסטער בעק איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אויספאָרשן דעם פּאָגראָם און אַלס רעזולטאַט פון אַ קאָנפערענץ מיט די רעדאַקטאָרן פון די צוויי פּוילישע צייטונגען אין טשענסטאָכאָוו "גאָניעץ" און "קוריער", וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט באַשולדיקט אַלס די הויפּט־העצער און הויפּט־שולדיקע אין פּאָגראָם, האָט ער אויפגעפאָדערט די רעדאַקטאָרן אין משך פון צען טעג גאָרנישט צו שרייבן קעגן יידן . . .

## טויזנט מאַרק באַלוינונג

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאָגראָם האָט די פּאָליציי פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, וואָס אָפּערט טויזנט מאַרק פאַר דעם, וואָס וועט אויסגעפינען, ווער עס האָט פאַרוואונדעט דעם האַלערטשיק, צוליב וועלכן עס איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם. אַ דעלעגאַציע פון יידישע רעקרוטן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט, האָט געפרעגט דעם קאָמענדאַנט, פאַרוואָס עס איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן קיין פרייז פאַר די, וואָס וועלן אויסגעפינען די מערדער פון די פינף יידישע קרבנות, וואָס דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי אויף די גאַסן פון טעשנסטאָכאָוו?

## אַ באַשולדיקונגס־דאָקומענט

אַ דעלעגאַציע פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט האָט איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטער אין וואַרשע פאָלגנדיקן מעמאָראַנדום:

טשענסטאָכאָוו, דעם 27טן מאַי, 1919.
צום אינערן־מיניסטעריום.

דעם 17טן מאַי, היי־יאָר, האָט דער אויספיר־קאָמיטעט פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט אַרויסגעשיקט פאָלגנדיקע טעלעגראַמע:

מיר דערוויסן זיך, אַז די פאָלקס־מיליציע פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו. צוליב דער אויפרעגונג פון די געמיטער און דער מעגלעכקייט פון אַנטי־יידישע אומרוען — בעטן מיר אָפּצוהאַלטן דעם אַרויספאָר פון דער מיליציע, צו וועלכער די באַפעלקערונג האָט צוטרוי. דאָס מיניסטעריום האָט אונדזער וואָרנונג גרינגגעשעצט. היינט איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגעקומען אַ יידישער פּאָגראָם, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען "האַלערטשיקעס", און "פּאָזנאַנטשיקעס", גאַסן־יינגלעך און פינצטערע כוחות.

די פּאָליציי־קאָמאַנדע, די שטאָט־קאָמאַנדע און מי־

ליטער־אָנפירונג האָבן אַרויסגעוויזן אַן אוממענטשיקייט און אומבאַהאָלפנקייט לגבי דעם פעבל.

דאָס בלוט פון די דריי קרבנות פאַלט אויפן געוויסן פון די, וועלכע האָבן געקענט פאַרהיטן פון די געשעענישן דורך איבערלאָזן די מיליציע אין טשענסטאָכאָוו און נישט געפונען פאַר פאַסיק צו דערפילן אונדזער ביטע.

דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־דעלעגאַטן־ראַט פאַרזיצער, יוזעף דזשובאַ.



יוזעף דזשובאַ

**דערמאָרדעטע:**

משה נאסאנאָוויטש, אַ פעלדשער, צווייטע אַלייע 20, דערהרגעט געוואָרן פון המון בעת ער איז אין באַגלייטונג פון צוויי פּאָליציאַנטן געגאַנגען מאַכן אַ באַנדאַזש אַ פאַרוואונדעטן.

הערשל דזיאלאָשינסקי, 54 יאָר אַלט, אַ מעקלער, געשלאָגן געוואָרן פון די כוליגאַנעס אין אַלטן מאַרק מיט דרענגער און העק אַזוי לאַנג ביז ער איז אַ באַוואוסטלאָזער געפאַלן אויף דער ערד און די געהירן זיינען אים אַרויס פון קאָפּ. אַ גוסס האָט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואו ער איז באַלד געשטאָרבן.



נחמיה גאָטליב

נחמיה גאָטליב, ערשטע אַלייע 2, אַ שוחט, 45 יאָר אַלט, דערהרגעט געוואָרן פון די כוליגאַנעס אויפן שולהויף. אַ גוסס האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל, וואו ער איז באַלד געשטאָרבן.

משה בראָקמאַן, מאָסטאָווע 11, 26 יאָר אַלט, באַפאַלן געוואָרן פון די מערדער, בעת ער האָט געוואָלט אַריין אין טויער פון הויז. אין אַ גוססן צושטאַנד האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל וואו ער איז באַלד געשטאָרבן.



אנשל צימערמאַן

אַנשיל צימערמאַן, 20 יאָר אַלט, אַ בעקער־אַרבעטער, גאַרנצאַרסקע 14, באַפאַלן געוואָרן פון די מערדער, בעת ער האָט געוואָלט אַריין אין טויער פון הויז. אין אַ גוססן צושטאַנד האָט מען אים געבראַכט אין שפּיטאָל, וואו ער האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געמאַטערט אין שרעקלעכע יסורים און מיטוואָך אינדערפרי געשטאָרבן.

**שווער־פאַרוואונדעטע:**

בינם וויינריט, 37 יאָר אַלט, טאַרגאָווע 5, שרעקלעך צעהרגעט דאָס פנים און די הענט. ער איז געשטאַנען אין מאַרק מיט סחורה, זיינען אים די מערדער באַפאַלן, אַריינגעוואָרפן אין רינשטאָק און אים געשטאָכן ביז ער איז געבליבן באַוואוסטלאָז.

מרדכי טשעשניעווסקי, 63 יאָר אַלט, אַ יידישער סטרוזש אין דער תלמוד־תורה. ער האָט געוואָלט צומאַכן דעם טויער צו באַשיצן די קינדער, זיינען אים די מערדער באַפאַלן און שרעקלעך צעשלאָגן.

**אַנדערע שווער פֿאַרוואונדעטע, וואָס האָבן זיך געפֿונען ביי זיך אינדערהיים און אין האָטעלן זיינען געווען:**

מאיר קלמן קאַמינסקי, פֿאַבריטשנע 7 (צוגערויבט געלט, וועש אד"ג).

גדליה פּרעלמאַן (זיין ווייב און טאָכטער געשטאָכן).

אליהו ביבער, 57 יאָר אַלט, קאַשעראַווע 28.

יהושע הימעלמאַן, 24 יאָר אַלט, גאַרנצאַרסקע 66.

הערשל פּאַצאַנאָווסקי, זשעלאַנע 7.

הערשל שוואַרץ, ישראל קאַמעלהער, דוד שוואַרץ, גאַרנצאַרסקע 74.

אברהם גליק און משה לייב גליק, קרוטקע 21 (ביי זיי האָט מען אויך צוגערויבט אַ סך סחורות).

**לייכט־פֿאַרוואונדעטע:**

יחזקאל בערגמאַן, משה שטאַהל, גיטל שוואַרצבוים, שלמה און לייזער בראַקמאַן (קרובים פֿון דערהרגעטן משה בראַקמאַן), יחיאל קליינמאַן, יסכה ראָזענבערג, שמחה רייך, משה גאָלדבערג, מאיר ווערטהיים (וולאָשטשעווע), מ. פֿאַקטאָר (פּעטריקאָוו), נחמיה מונאַוויטש, יעקב משה הימעלמאַן, חנה גאָלד, חנה מאַרגענשטערן, יצחק קאַלישער סטראַזשעצקע 16, פֿרוי גוטמאַן פֿון זאַוואַדזשע, אַ בעקערין, אַברהם גאַטיינער, קראָקעווער 10, שמואל קופּערמאַן פֿון וולאָשטשאָווע (צוויי אָפּיצירן האָבן אים אָפּגעראַטעוועט), משה ווייסנבערג פֿון וולאָשטשאָוו, צוגענומען 500 קראָן און 60 מאַרק, שרגא סלאָמניצקי, ספּאַדעק 13, שמואל שאַפּטשאַק, קראַקעווער 11, הענעך פּעפּער, גאַרנצאַרסקע 59, י. שטייער מיט זיין פֿרוי, פֿאַבריטשנע 5, פֿרוי גאָלדבערג פֿאַבריטשנע 9, גרייצער, פֿאַבריטשנע 8, יעקל און דוד גליק, קרוטקע 21, מוריצי נייפֿעלד האָט, שטייענדיק אויפֿן באַלקאָן, באַקומען אַ שטיין אין קאָפּ. ישעיה מאַשקאָוויטש און בירנהאָלץ זיינען אויף דער וואַרשעווער גאַס פֿאַרוואונדעט געוואָרן דורך פּוילישע זעלנער.

העלע בירנבוים, 56 יאָר אַלט, גאַרנצאַרסקע 65, צעבראָכן אַ פֿוס בעת די כוליגאַנעס האָבן זי געיאָגט און געשלאָגן.

דוד פּאָסלאַניעץ, נאַדזשעטשנע 88, אַ פֿריזירער, 17 יאָר אַלט. די כוליגאַנעס האָבן ביי אים אוועקגערויבט צוויי שער־מאַשינקעס, אַ שער, אַ בריטווע, 250 מאַרק געלט און **מערדערלעך צעהרגעט.**

איצעק שפּיזמאַן, 16 יאָר אַלט, טאַרגאָווע 16, געבליבן באַוואוסטלאָז פֿון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען.

מענדל מייטליס, 19 יאָר אַלט, קראַקאָווער 31.

שמואל ענגלענדער, 65 יאָר אַלט, אַגראַדאָווע 27.

יוסף זאַלצבערג, 56 יאָר אַלט, איז געקומען פֿון זאַוויערטשע צושטעלן זיין זון צום מיליטער אין דער פּוילישער אַרמיי, זיינען אים די כוליגאַנעס באַפֿאַלן און שרעקלעך צעשלאָגן.

## דער דריטער פּאָגראָם

**אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דער מלחמה האָט דער פּוילישער פֿאַשיזם אָנגעהויבן אַלץ חוצפּהדיקער אַרויסצוּווייזן זיינע נעגל. די פּוילישע פֿאַשיסטן זיינען געטריי נאָכגעגאַנגען דעם דייטשן היטלעריזם, הגם פֿון דאָרט האָט זיי אַליין געדראָט די גרעסטע סכּנה, וואָס האָט אין זיך געטראָגן די קאַטאַסטראָפֿע פֿון ערשטן סעפּטעמבער 1939. די שנאה צו יידן איז געווען אַזוי שטאַרק, ווי די פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון פֿאַשיסטישן רעזשים. אויב עס האָט זיך דערהערט אַן אויפֿריכטיקע שטים פֿון אַ פּראָפֿעסאָר קאָטאַרבינסקי, צי פֿון אַן אַנדערן אופֿריכטיקן פּוילישן דעמאָקראַט, איז עס געווען ווי אַ קול אין דער מדבר. דאָס וואָרט אין פּוילן האָבן דעמאָלט געהאַט די פּריסטאַראַוועס, די דוכס, די זשעליגאָווסקיס און דער פּרעמיער־גענעראַל סקלאַדקאָווסקי האָט מסכּים געווען מיט: "אָוושעם!"...**

**זיינען טאַקע דעמאָלט געקומען די פּשיטיקס, די מינסק־מאַזאָוויעצקיס, בריסק און טשענסטאָכאָוו, און נאָך, און נאָך.**

עס איז געווען שבת אינדערפֿרי, דעם 19־טן יוני 1937. נישט ווייט פֿון דער מאַריאַ־אַלעע איז צום טרעגער יאָסל פּענדראַק צוגעקומען זיין באַקאַנטער פּאָלאַק, דער באַנטרעגער סטעפּאַן באַראַן און פֿאַרלאַנגט פֿון אים געלט אויף בראָנפֿן. פּענדראַק האָט אָפּגעזאָגט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן און באַלד דערנאָך איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. פּענדראַק האָט דערביי אַרויסגעצויגן זיין רעוואָלווער און צוויי מאָל אויסגעשאָסן אויף באַראַנ'ען, וועלכער איז געפֿאַלן אַ שווער פֿאַרוואונדעטער. באַראַן איז באַלד דערנאָך געשטאָרבן אין שפּיטאָל. פּענדראַק איז אַרעסטירט געוואָרן און די פּאָליציי האָט פֿאַרפֿירט אַן אויספֿאָרשונג.

**אין אַ רואיקער צייט וואָלט אַזאַ אינצידענט דערמיט געווען פֿאַרענדיקט. אָבער נישט אין דער אָנגעגליטער אַטמאָספֿערע פֿון האַס צו יידן, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט טאָלערירט און דערמוטיקט.**

**תּיכּף, ווי אויף אַ געהיימען רוף, האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען פֿאַרדעכטיקע עלעמענטן, יונגע פּוילישע שקצים, אָנגעפֿירט פֿון דער ענדעקישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט**

זיי אָנגעוויזן, וואו עס וואוינען יידן, און עס האָט זיך אָנ־געהויבן דער פּאָגראָם מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי ער איז צוגעשניטן געוואָרן אין צאַרישן רוסלאַנד און אויסגע־בעסערט געוואָרן אין פּוילן. מען האָט אָנגעהויבן האַקן שויבן, ברעכן טירן און פענצטער, אַריינרייסן זיך אין געשעפטן און רויבן די סחורות, אויפשניידן בעטגעוואַנט און אַרויסלאָזן די פעדערן אויף דער גאַס און שפּאַלטן יידישע קעפּ. דער פּאָגראָם האָט זיך געצויגן פיר טעג, ביי דער קנאַפּער אַריינמישונג פון סקלאַדקאָווסקיס פּאָלי־ציי. עס זיינען דערביי רואינירט געוואָרן צוואַנציק גרוי־סע יידישע געשעפטן און צענדליקער יידישע קראָמען זיינען פולשטענדיק צעשטערט געוואָרן.

אָט איז דער פאַרלויף פון די געשעענישן לויט די צײַ־טונגען „טאָג" (ניו־יאָרק) און „פאָלקס־צייטונג" (וואַר־שע):

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין טשענסטאָכאָוו שבת דעם 19טן יוני האַלב 10 פרי. דער ייד אברהם זעלוואַער האָט באַמערקט ווי גנבים ווילן באַגנבענען זיין אייזן־סקלאַד. ער האָט די גנבים צעיאָגט. באַלד נאָכדעם האָט אים פאַרטשעפּעט דער טרעגער סטעפאַן באַראַן, אַליין אַן אונטערוועלט־מענטש און אַוואַנטוריסט, וועלכער איז שוין עטלעכע מאָל געהאַט געזעסן אין טורמע פאַר קרימי־נעלע חטאים. ס'קען זיין, אַז באַראַן האָט אויך געהאַט אַ שייכות צו די פאַרטריבענע גנבים.

בעת דער אַמפּעריי צווישן זעלווערן און באַראַנען איז צופעליק אַדורכגעגאַנגען דער 36־יאָריקער פליישער־פורמאַן יוסף פענדראַק. ער האָט זיך אַריינגעמישט און זיך אָנגענומען פאַרן פאַרטשעפּעטן ייד. בעתן געשלעג האָט פענדראַק אויסגעשאָסן פון אַ רעוואָלווער 2 מאָל און באַראַנען דערהרגעט.

דער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין דערפרי און דאָך איז, מעשה פּלאַן דער פּאָגראָם ערשט אויסגעבראָכן בערך צען שעה שפּעטער, אַרום 6 אין אָוונט. אין משך פון די דאָזיקע 10 שעה האָט די ענדעקישע פּאַרטיי אָר־גאַניזירט דעם מכלומרשט „ספּאָנטאַנעם" אויפברויז פון „פאָלקסצאָרן". ספּעציעלע שטאַפּעטן אויף מאָטאָציקלען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך דעם ענדעקישן שטאַב אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער און מאָביליזירט די שוואַרצע חברה, וואָס האָט טאַקע אין אָוונט אָנגעפילט די גאַסן פון טשענסטאָכאָוו. צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן מחנות פון אָרטיקע אונטערוועלט־מענטשן, ווי אויך שול־יוגנט און אַ טייל פון דער אינטעליגענץ. צוזאַמען האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט דעמאָנסטרירן און וואַרפן שטיינער אין די יידישע פענצטער. אויף פּוילישע געוועלבן האָבן זיך באַוויזן אויפשריפטן: קאַטאָליקן. די קריסטן האָבן אין זייערע פענצטער אַרויסגעשטעלט רעליגיעזע ביל־דער און צלמים.

ווען דער פּאָגראָם איז שוין געווען אין גאַנג, האָט די אָרטיקע פּאָליציי מודיע געווען די צענטראַל־מאַכט אין וואַרשע, אַז די אינצידענטן טראָגן ניט קיין ערנסטן כאַראַקטער און אַז מען וועט זיך אָן עצה געבן אָן אַ ספּע־ציעלער פּאָליצייאישער פאַרשטאַרקונג. די „נייטראַלע" האַלטונג פון דער פּאָליציי האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די רציחה פון די כוליגאַנעס און דער פּאָגראָם האָט זיך צעפלאַקערט מיט אַ ווילדן אימפּעט.

נאָכדעם ווי שבת אין אָוונט (19טן יוני) זיינען אין צענטער פון שטאָט דעמאָלירט געוואָרן אַ רייע געוועל־בער און עס זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן שויבן אין די יידישע וואוינונגען, געשעפטן אין אַ ריי גאַסן, איז די רעשט נאַכט פון שבת אויף זונטיק אַדורך פאַרהעלטעניש־מעסיק רואיק.

דערווייל האָט אָבער דער צעווילדעוועטער קריסט־לעכער המון גענומען זיך וואַרפן אויף יידישע הייזער אין דער פּעריפעריע פון שטאָט, רויבנדיק און דעמאָלירנדיק יידישע הייזער און אַלץ וואָס איז זיי נאָר געקומען אונטער די הענט.

אַזוי זיינען אויף טשענסטאָכאָווקע (אַ פאַרשטאָט) דעמאָלירט געוואָרן אַ ריי יידישע געוועלבער; עס איז צוגערויבט אָדער פאַרניכטעט געוואָרן אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ ווערט. אויף דעם אופן איז צע־שמעטערט געוואָרן די וואוינונג פון בעקער־אייגנטימער אויפנער, די וואוינונגען פון פרישמאַן, פּייוולאָוויטש און ראָזענזאַפט. צו אַ שרעקלעכן איבערפאַל איז געקומען אויף וואַרשאַווסקאַ 338, אויף דער וואוינונג פון קאַפּל האַבערמאַן, ביי וועמען דאָס גאַנצע מעבל און בעטגעוואַנט איז פאַרניכטעט געוואָרן. ביי אים האָט מען נאָך דערצו צוגערויבט 150 גילדן און אים אַליין שווער פאַרוואונדעט, ווי אויך צעשלאָגן זיין פרוי.

דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען אין שבתדיקן טאָג (מיר ברענגען שפּעטער די נעמען פון די פאַרוואונדעטע און די רשימה פון די גאַסן, וואו די אָנפאַלן אין טשענסטאָכאָוו זיינען פאָרגעקומען). זונטיק זיינען די כוליגאַנעס גע־וואָרן נאָך אַגרעסיווער. אויב שבת האָבן זיי געוואַרט, אַז עס זאָל ווערן פינצטער, האָבן זיי שוין אין זונטיק געטאָן די פיינע פּאָגראָם־מלאכה אינמיטן העלן טאָג.

דער סך־הכל פון צווייטן טאָג פון פּאָגראָם (זונטיק) איז געווען אַ שרעקלעכער. דער רעפּרעזענטאַטיווער טייל פון שטאָט האָט אויסגעזען מוראדיק. פון די שיינע אויס־שטעלונג שויפענצטער אין די געשעפטן האָבן אַרויסגע־שטאַרצט שטיקער גלאָז, פאַר די געשעפטן אויף די טראָ־טואַרן האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט צעבראָכענע פּאַליצעס, שטיקער סחורה. אייזערנע זשאַלוזיעס האָבן געפּלאַצט אונטער די שווערע קלעפּ מיט די בענק, וואָס שטייען גע־וויינלעך אויסגעשטעלט אין די אַלייען. נישט גענוג, וואָס די באַנדע כוליגאַנעס איז געווען באַוואָפנט מיט העק, מע־סערס, האַמערס און אייזנס, האָבן זיי נאָך באַנוצט די שטאָטישע בענק אויף די גאַסן.

אפילו די פּאָווסעכנע שול (פּאַבליק סקול) האָט מען נישט געשוינט. אָבער דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען לויט אַ פּלאַן: צו דער קינדער־שול האָט מען געשיקט קינדער.

14—15 יעריקע קריסטלעכע קינדער האָבן מיט שטיינער אויסגעהאַקט אין דער שולע אַלע שויבן און צעהאַקט אינע־ווייניק די בענק און דאָס גאַנצע מעבל.

די כוליגאַנעס האָבן, למשל, אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך: אויף יאַסנאַגורסקע גאַס האָט זיך געהאַלטן אין בויען דאָס הויז פון ווייַנבלום, עס איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרטיק — האָבן זיי עס פונאַנדערגעטראָגן, נישט איבער־לאָזנדיק קיין פיצל ברעטל.

אַ ריי עדות דערציילן, אַז אַנגעזעענע קריסטלעכע סוחרים האָבן אָנגעוויזן די כוליגאַנעס וועלכע געשעפטן עס זיינען יידישע און וואָס מען דאַרף פאַרניכטן. אַ גע־וויסער זיגמונד אַרלאָווסקי פון דער דריטער אַלייע 36 האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער באַנדע, קאָמאַנדירנדיק מיט אַ האַק אין דער האַנט.

אַ גרויסער טייל פון המון האָט געטראָגן מיט זיך וואַ־ליזעס און טעקעס, כדי צו קענען מיטנעמען מיט זיך די אַנגערויבטע סחורות. אַ טייל פרויען זיינען געקומען אין שטאָט אַריין צו דער אַרבעט באַרוועס און אויפן אָרט אין ראַבירטן געשעפט צוגעפּאַסט זיך אַ פּאָר שיך.

עס זיינען געווען פאַלן, וואָס די כוליגאַנעס האָבן צע־שלאָגן עטלעכע קריסטן, אַננעמענדיק זיי פאַר יידן, לויט זייער אויסזען. אַ קאָמישער פאַקט איז געווען דאָס, וואָס דעם משומד, ד"ר ווייַנבלום, האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָס ער האָט אַרויסגעהאַנגען הייליקע בילדער אין פענצטער — מען האָט ביי אים דאָך אויסגעהאַקט אַלע שויבן.

אויף די אינטערווענצן פון אַ ריי געזעלשאַפטלעכע טוער ביים סטאַראָסטע, איז געקומען דער ענטפער, אַז מען זאָרגט דערפאַר עס זאָל צוריקגעשטעלט ווערן די אָרדענונג. דער שטאָט־פּרעזידענט שטשאַדראַווסקי האָט אויך באַלד ביים אָנהייב פון די אומרוען אינטערווענירט ביים סטאַראָסטע און אַליין אויך אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג.

דער וויצע־פּרעזידענט, פּראָפעסאָר דזשובאַ (פּ. פּ. ס.), באַשטעטיקט, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי כוליגאַנעס האָבן גערויבט אומגעשטערט, ווען ער איז אין אויטאָ אַרויסגעפאָרן פון מאַגיסטראַט (סיטי־האָל), האָבן באַנ־דעם כוליגאַנעס אים נאָכגעוואָרפן שטיינער.

זונטיק נאָכמיטאָג, דעם צווייטן טאָג פון פּאָגראָם, האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרשאַרפט. די יידישע קהילה האָט אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע זיצונג און אין רע־זולטאַט זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן דעפּעשן צום פּרע־מיער־מיניסטער גענ. סקלאַדקאָווסקי, קעלצער וואָיעוואָדע און צום פּראָקוראָר פון קרייז־געריכט. דער אינהאַלט פון דער דעפּעשע איז געווען, אַז די סיטואַציע אין טשענ־סטאָכאָוו איז דראָענדיק און אַז די יידישע באַפעלקערונג געפינט נישט פון געהעריקן שוץ.

זונטיק אָוונט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מאָנטיק וועט ערשט פאָרקומען די אמתע שחיטה אויף יידן. פּאָליציי האָט אָנטלעפאָנירט צום קהילה־פּרעזעס, יעקב ראָזענבערג, און אים געוואָרנט, אַז זי האָט ידיעות,

אַז עס גרייט זיך אַן איבערפאַל אויפן לאָקאַל פון דער קהילה. דערביי האָט די פּאָליציי געבעטן, אַז ווען דער אָנפאַל וועט פאָרקומען, זאָל מען תיכף איר אָנטעלעפאָ־נירן. מיט אַ שעה שפּעטער איז אָבער „פּלוצלינג" דער טעלעפאָן אין לאָקאַל פון דער קהילה קאַליע געוואָרן. ווען מען האָט זיך געווענדט צו דער הויפּט־פּאָסט וועגן פאַרריכטן דעם טעלעפאָן, האָט מען דאָרט געהאַט אַ פאַר־טיקן תירוץ: היות ס'איז היינט זונטיק, קען מען דעם טעלעפאָן היינט נישט פאַרריכטן. אַזוי איז די קהילה דערווייל געבליבן אָן אַ טעלעפאָן.

די גאַנצע שוואַרצמאַהדיקע אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן מעטאָדיש לויט אַ גענוי אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון פּאָגראָם־שטאָב פון די ענדעקעס. גענוג צו דערמאָנען, אַז ווען דער פּאָגראָם איז געווען אין פולן גאַנג האָט די אַרטיקע ענדעקישע צייטונג „גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי" פאַרעפנטלעכט אַ גענויע רשימה פון גאַסן וואו מען האָט נאָך נישט אויסגערויבט די יידן... די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געהאַט די פּינקטלעכסטע ידיעות וועלכע הויז, גע־שעפט און אַפילו וועלכע דירה אין אַ הויז געהערט צו יידן.

מיטן צופאַלן פון דער נאַכט איז די לאַגע געוואָרן געשפּאַנטער. דער המון, וואָס האָט זיך געהאַט פאַר־זאַמלט אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט, איז געוואָרן גרעסער און אָנגענומען אַ פּראָוואָצירנדיקע האַלטונג, דראָענדיק אָפן, אַז ביינאַכט (זונטיק) וועט פאָרקומען די אמתע "חתונה" . . .

דערווייל איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז עס איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער צענטראַלער מאַכט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אַרויסצוטרעטן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס און צו דעם צוועק זאָל האָבן גע־קומען אַ ספּעציעלער שליח פון אינערן־מיניסטעריום. אַן ערך 9 אַזייגער אָוונט האָט זיך טאַקע געלאָזט מערקן אַן ענערגישע האַלטונג מצד דער פּאָליציי און אין משך פון אַ קורצער צייט זיינען אַלע גאַסן אָפּגערייניקט געוואָרן. זעענדיק, אַז דאָ, אויף דער וואַרשעווער גאַס, איז שווער עפּעס אויפצוטאָן, האָט אַ באַנדע יונגע כוליגאַנעס זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער גאַרנצאַרסקע גאַס מיטן ציל אַ "הוליע צו טאָן". דערזעענדיק אָבער דאָרט פאַרזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע יידישע אַרבעטער זיינען זיי זיך פונאַנדער־געלאָפן. אַזוי איז די זונטיקדיקע נאַכט שוין אַדורך רואיק.

מאָנטיק פרי (21טער יוני) איז די באַוועגונג אין שטאָט געווען זייער אַ לעבהאַפטע. אַלע יידישע גע־שעפטן זיינען אָבער ווייטער געבליבן געשלאָסן און שטאַר־קע פּאָליציי־פּאַטרולן זיינען געשטאַנען אויף די עקן פון די גאַסן. ביינאַכט, אַרום 3 אַזייגער, איז פאָרגעקומען די לוויה פון דערהרגעטן באַראַן, אונטער אַ שטאַרקער פּאָ־ליציי־שמירה. אַ גאַנצן טאָג האָבן יידן געשטראָמט אין לאָקאַל פון דער קהילה, כדי אָנצוגעבן זייערע געליטענע שאָדנס.

מאָנטיק נאָכמיטאָג, ווען מען איז געוואָר געוואָרן, אַז ביינאַכט קומט־פאַר די לוויה פון געהרגעטן באַראַן, האָט זיך אַ באַנדע פון עטלעכע טויזנט מאַן פאַרזאַמלט אַרום שפּיטאָל און געפאָדערט, מען זאָל זיי אַרויסגעבן דעם טויטן קערפּער פון געהרגעטן. די שטימונג איז געווען אַן אָנגעגליטע. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן איינצעלנע אָנפאַלן אויף יידן. ערשט נאָך אַן אינטערווענץ פון דער קהילה, איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער פּאָליציי־פּאַטרול און פונאַנדערגעטריבן דעם ריזיקן אויפגערעגטן המון, וועלכער איז זיך פונאַנדערגעלאָפן אין דערבייאיקע געסלעך.

אַרום 6 אָוונט זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז עס איז ווידער אומרואיק אין אַ רייע גאַסן. עס זיינען געווען פאַלן פון פּרואוון אונטערצוצינדן הייזער. אַ באַנדע האָט זיך אַריינגעריסן אין בית־המדרש און דאָרט אַלץ פאַרניכטיט. אויף עק מיראָווסקע און גאַרנצאַרסקע איז אונטערלייגט געוואָרן אַ פייער. די אַרויסגערופענע פייערלעשער האָבן דאָס פייער פאַרלאָשן. אויפן אַלטן מאַרק איז אַ באַנדע קריסטלעכע פרויען באַפאַלן דאָס גייסטיק־קראַנקע מיידל, קורלאַנד, און זי מערדערלעך צעשלאָגן. אויף דער ערשטע אַלייע איז אונטערגעצונדן געוואָרן די פּאַפּיראָסן־בודקע פון יידישן מלחמה־אינוואַליד, אברהם קאַוואַן.

די באַרואיקונג־אויפרופן פון שטאָט־פּרעזידענט ווערן כסדר אַראָפּגעריסן. אין שטאָט האָט זיך באַוויזן אַן אומלעגאַלער אויפרוף פון די ענדעקעס פול מיט העצע און גיפט־מישעריי. אויפן קבר פון דערשטאָכענעם באַראַן האָט זיך מיט אַ טאָג פריער פאַרזאַמלט אַ פּאָר טויזנט קעפּיקער עולם. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן "אָנטשפּרעכנדיקע" רעדעס.

דינסטיק (22טן יוני) איז אָנגעקומען פון קעלץ דער וואָיעוואָדע דזשאַדאָש און האָט איבערגענומען די קאָמענדאַנטור איבער טשענסטאָכאָוו. דער ביסקופּ קובינאַ האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צו אַלע קאַטאָליקן און זיי אויפגעפאָדערט זיך צו פאַרהאַלטן רואיק.

דער זעלבער „גייסטיקער פּאַסטוך" האָט אָבער גלייכצייטיק פאַרזיכערט, אַז ער פאַרשטייט די גערעכטע אויפרעגונג פון די פּוילישע מאַסן און אַז ער האַלט אויך, אַז דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון פּאָליאַק באַראַן פאָדערט נקמה. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט טאַקע פאַרעפנטלעכט בלויז דעם טייל פון ביסקופּס בריוו, וואו עס האָט זיך גערעדט וועגן גערעכטער נקמה...

אַ דעלעגאַציע פון פּ. פּ. ס. האָט דינסטיק באַזוכט דעם וואָיעוואָדע און מיט אים קאָנפערירט וועגן דער לאַגע אין דער שטאָט. דער וואָיעוואָדע האָט צוגעזאָגט, אַז די רו וועט אויף קיין פאַל נישט געשטערט ווערן. דעם זעלביקן טאָג האָט אין אַ סך פאַבריקן זיך אָפּגעשטעלט די אַרבעט אויף אַ קורצער צייט און פון יעדער פאַבריק איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ דעלעגאַט צום וואָיעוואָדע. דער לעצטער האָט ווידער אַ מאָל פאַרזיכערט, אַז עס וועלן נישט צוגעלאָזן ווערן קיין עקסצעסן. אויף די גאַסן האָט כסדר פּאַטרולירט רייטער־פּאָליציי.

אויף די גאַסן נאַדזשעטשנע, גאַרנצאַרסקע און סענאַטאָרסקע האָבן מאַנטיק אָוונט גרופּן אַרבעטער צעטריבן אַ באַנדע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן זיך געקליבן אָנצופאַלן. די אָנגעקומענע פּאָליציי האָט אָבער אויך די אַרבעטער־גרופּן צעטריבן.

אין משך פון דינסטיקדיקן טאָג זיינען אָנגעקומען אַ סך טעלעגראַמעס פון אויסלענדישע קרובים קיין טשענסטאָכאָוו, אָנפרעגנדיק זיך אויף דעם געזונט־צושטאַנד פון זייערע נאָענטע. די טעלעגראַמעס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע, ארץ־ישראל, פראַנקרייך און ענגלאַנד. אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען דער אַמעריקאַנער בירגער נחום קאָט, האָט ער וועגן די געשעענישן אָוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום אַמעריקאַנער קאָנסול, האָט אים די טשענסטאָכאָווער פּאָליציי דערפאַר לאַנגע שעה'ן אויסגעפּרעגט.

פון אַ ריי פאַבריקן זיינען דינסטיק אָוונט אָוועק דעלעגאַציעס פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער צום וואָיעוואָדע, ד"ר דזשאַדאָש, צום סטאַראָסטע און אַרבעטס־אינספּעקטאָר. די פאַבריק־אַרבעטער, די חברים קאָזלאָווסקי, ליבערמאַן, באַלושקעוויטש און ענטעליס האָבן דערקלערט די דערמאָנטע פאַרשטייער פון דער מאַכט, אַז זיי פּראָטעסטירן פייערלעך קעגן דעם, וואָס אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס ווילדעווען נאָך אַלץ אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט. די דעלעגאַציע האָט גערעדט אין נאָמען פון די אַרבעטער פון פאָלגנדיקע פאַבריקן: מעטראָס 1 און מעטראָס 2, מעטאַל־פאַבריק האַראַוויץ און קאָמפּ., קאָסמאָס, דערעס, זילבערשטיין און אַנדערע.

דעם זעלביקן טאָג איז אויסגעפאַלן מאַרקטאָג, אָבער די פּאָליציי האָט, צוליב זיכערהייט־טעמים, נישט אַריינגעלאָזט די פּויערים אין שטאָט.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס די פּוילישע אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט באַרעכטיקט דעם פּאָגראָם און גערעדט פון די כוליגאַנישע אַרויסטרעטן מיט גרויס פרייד. זיי האָבן מיט אַלע כוחות זיך באַמיט אויפצואווייזן, אַז מ'האָט בלויז פאַרניכטעט יידישע סחורות, אָבער נישט געראַובט. דאַקעגן האָט דער סאָציאַליסטישער "ראָבאָטניק" יאָ דערציילט, אַז מען האָט גערויבט.

אין שטאָט האָט געהערשט אַזאַ טעראָר־שטימונג, אַז קיין שום אַדוואָקאַט האָט נישט געוואָלט אָננעמען די פאַרטיידיקונג פון יאָסל פּענדראַק.

דער בלוטיקער סך־הכל פון פּאָגראָם איז געווען: בערך 75 פאַרוואונדעטע יידן, דערפון עטלעכע מיט ערנסטע וואונדן. דער מאַטעריעלער שאָדן פון יידישן פאַרמעגן האָט באַטראָפן בערך 200 טויזנט גילדן. אַרום 150 יידישע געוועלבער זיינען געוואָרן צעשעדיקט, דערפון בערך 30 פולשטענדיק אויסגערויבט. דווקא די גרויסע יידישע געשעפטן אויף די הויפּט־גאַסן זיינען אַרויס מיטן קלענסטן שאָדן, ווייל דאָרט איז די שמירה פון

דער פּאָליציי געווען אַ שטאַרקערע. אַם מערסטן האָבן, פאַרשטייט זיך, געליטן אָרעמע יידישע קרעמער און קודם־כל מאַרקזיצער, וואָס האָבן אין דער אַטמאָספערע נאָכן פּאָגראָם נישט געוואַגט מער צו עפענען זייערע שטע־לעכלעך אין דער נישט־יידישער געגנט. בערך פופציק יידישע פאַמיליעס זיינען געבליבן פולשטענדיק ברויט־לאָז און האָבן געמוזט אָנקומען צו צדקה.

### טיילווייזע שאַצונג פון מאַטעריעלן שאָדן פון טשענסטאָכאָווער יידן נאָכן פּאָגראָם אין 1937.

(לויט דער רשימה צוגעשיקט צום דזשאָינט דעם 6טן יולי 1937).

שאָדן אין פוילישע גילדן.

95 געשעפטן טיילווייז צעשטערט: צעשטערטע פענ־צטער און איינריכטונג — 15.300; שאָדן אין סחורות — 41.800.

28 געשעפטן פולשטענדיק צעשטערט: צעשטערטע פענצטער און איינריכטונג — 9.000; שאָדן אין סחורות — 22.000.

2 האַנטווערקער־וואַרשטאַטן צעשטערט: צעשטער־טע איינריכטונג — 1.500; שאָדן אין סחורות — 1.000.

בערך 25־30 פולשטענדיק צעשטערטע דירות — 10.000.

צעשטערטע פאַרמעס און גאָרטנס — 500.

צעשטערט אייגנטום פון דער יידישער קהילה: שולן, בית־המדרש, מקווה, שעכט־הויז — 10.000.

צעשטערטע נייע שול — 1.000.

שאָדן אין דער יידישער גימנאַזיע — 250.

אַחוץ דעם 15 טויזנט אויסגעהאַקטע שויבן — 30.000.

סך־הכל פון שאָדן 142.350 גילדן.

## די קרבנות פון פּאָגראָם אין 1937

**דערמאָרדעט:**

נתן ליפּאָווסקי.

**פאַרוואונדעט:**

אברהם פלאַוונער
מלך שאַפּירא
יוסף טשענסטאָכאָווסקי
גרילאַק
ד"ר איגנאַצי שרייבער (גימנאַזיע־לערער)
לייב בירענבוים
אברהם טשאַרני
יצחק טשאַרני
פרוי אַבראַמאָוויטש.

**אויסגערויבטע און דעמאָלירטע יידישע אינסטיטוציעס, וואוינונגען, געשעפטן, שולן, בתי־מדרשים און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס:**

בית־המדרש — נאַדרזשעטשנע גאַס
אַלטע שול — נאַדרזשעטשנע גאַס
נייע שול (אויסגעהאַקט אַלע שויבן) — ווילסאָנאַ גאַס
יידישע גימנאַזיע — דאָמבראָווסקי גאַס
פאָלקס־באַנק — אַלייע 7
האַנטווערקער פאַראיין — אַלעע 12
„אָזע"־צענטער — אין קאַמינסק, לעבן טשענסטאָכאָוו.

**וואוינונגען:**

קאַפּל האָבערמאַן, קרעמער
היילענבערג, בעקער
וויסנבערג, סטאָלער
ד"ר לעאָפּאָלד קאָהן, אינדוסטריאַליסט (געוואָרפן אַ באָמבע אויף זיין הויז)
דניאל דזשאַלאָוויטש — יאַסנאָגורסקע גאַס
רעדלענסקי נאַרוטאָוויטשאַ גאַס
קושניר — נאַרוטאָוויטשאַ גאַס
גאַלסטער — 3טע אַלייע
ד"ר טאַרבעטשקאָ — קאַטאַדראַלנע גאַס
אברהם טשאַרני — וואַרשעווער גאַס
חנא מאַיאַרטשיק — וואַרשעווער גאַס
יוסף בער נאַכטיגאַל נאַדזשעטשנע 2
הערצקע דילעווסקי — מיראָווסקע 10—12

**געשעפטן און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען:**

קלינבער — האָלץ־סקלאַד, אונטערגעצונדן.
קאַמיאָנער — האָלץ־סקלאַד, אונטערגעצונדן.
אברהם ברייטלער — מיל.
ברעקלער — מיל.
פרוג — מעבל־פאַבריק.
ראַלניצקי — בוכהאַנדלונג.
וויינריב — קאָלאָניאַל־געשעפט.
זשאַנזשינסקי — גאַלאַנטעריע־געשעפט.
„פלוטאָס" — שאָקאָלאַד־געשעפט.
לאַנגער — שיך־געשעפט.
„ראַי דזשיעטשיענטשי" (שפּילוואַרג־געשעפט).
ראָזענצווייג — צוקערניע.
ניימאַן פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט.
סטרוג — פאַבריק פון האָלץ־אויסאַרבעטונגען. סטראַזשעצקע גאַס.
פרעלמאַן — קאַפּעלושן־געשעפט—אַגראַדאָווע.
פאַרבערג קאַלער — קצב.
מאַלי בערג (געשמדטער) — קינאָ „לונא".
ביבער — בראָנפן־געשעפט — נאַרוטאָוויטשאַ.
ביאַלעק אַסטאַטני גראָש — קצב.

שפּיגעלמאַן — גלאָז־געשעפט — 1־טע אַלעע.
אַלטמאַן — שפּייז־געוועלב — דאָמבראָווסקי.
ברזשאַסקי — ראַמען־פאַבריק — סולקאָווסקי.
„שטוקאָ" — פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט.
עפּשטיין — אויבסט־געוועלב — פּילסודסקי 17.
סטאַווסקי — קאָנפעקציע.

**געשעפטן (בראַנזשע נישט אָנגעגעבן):**

גראַנעק
לענטשיצקי
ראַטמיל
ערנער
„העלענא"
יוזעפאָוויטש
קראַזע
ליבראָוויטש
פישמאַן
גאָלסטער
עסטרייך.

---

אינגיכן נאָכן פּאָגראָם זיינען פאָרגעקומען אייניקע געריכטס־פּראָצעסן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו די געשעענישן. פון די אַרעסטירטע פּאָגראָמשטשיקעס — פון 300 פאַרהאַלטענע כוליגאַנעס זיינען 60 געבליבן אין אַרעסט — אַ טייל זיינען געמשפּט געוואָרן און זיינען אָפּגעקומען מיט קליינע שטראָפן — צו עטלעכע חדשים טורמע. דאַקעגן האָט געהאַט אַ שווערן פּראָצעס יוסף פענדראַק, פאַר וועמען דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט טויט־שטראָף.

זיין פּראָצעס האָט מען צוגעגרייט בליץ־שנעל — צום 13טן טאָג נאָכן שאָס. אין געריכט האָט מען אים גע־ברענגט מיט קייטן אויף די הענט. אויפן פּראָצעס האָט דער אָנגעקלאָגטער יוסף פענדראַק אַזוי געשילדערט דעם פאַרלויף פון טראַגישן אינצידענט:

ביים וואַל דווערניצקי האָט ער געטראָפן דריי קריסט־לעכע יינגלעך, וועלכע האָבן גערעדט מיטן זון פון אייגנ־טימער פון אייזן־סקלאַד, זעלווער. גלייכצייטיק איז אָנ־געקומען סטעפאַן באַראַן, וועלכער האָט געפירט אַ וועג־געלע. באַראַן איז מיטן דישל אַרויפגעפאָרן אויף אים מיט דער בפירושער כוונה אים אַ קלאַפּ צו טאָן. זעלווער האָט געזאָלט גיין אין שטאָט אַריין און מורא געהאַט. האָט ער, פענדראַק, פאַרגעלייגט צו באַגלייטן אים ביז דער שטאָט.

דער אָנגעקומענער באַראַן (אַ 25־יאָריקער ריז) האָט זיך געוואָרפן אויף פענדראַקן און געזאָגט: „וואָס וויל־סטו, פאַרשיווער זשיד? דו ביסט דאָס אַזאַ שטאַרקער באַאַוויעץ?"

אין דער זעלבער צייט האָט באַראַן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַרינאַרקע, געכאַפּט אַ שטיין און זיך געוואָרפן אויף פענדראַקן. דער לעצטער האָט אים געוואָרנט, אַז ער וועט שיסן, אויב דער שטיין וועט געוואָרפן ווערן. באַראַן האָט אַ ביסל זיך צוריקגעצויגן, זיך אָוועקגע־שטעלט הינטער די דריי יינגלעך און גענומען וואַרפן שטיינער. פענדראַק האָט זיך צוריקגעצויגן און געשריגן צו די יינגלעך, אַז זיי זאָלן זיך אָפּרוקן צו דער וואַנט. פענדראַק האָט דערנאָך אויסגעשאָסן פון רעוואָלווער און געטראָפן באַראַנען.

אין דער ערשטער אינסטאַנץ פון געריכט האָבן דעם אָנגעקלאָגטן פאַרטיידיקט די באַוואוסטע וואַרשע־ווער אַדוואָקאַטן לודוויג האָניגוויל (אַ בונדיסט) און יאַן דאָמבראָווסקי (פּוילישער סאָציאַליסט). בעת דער פּראָקו־ראָר האָט געוואָלט טויט־שטראָף, האָט דער אויספאָר־שונגס־ריכטער געאַרבעט אין דער ריכטונג פון אַ לייכ־טערער שטראָף. ווען אַדוואָקאַט האָניגוויל איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכ־טער אַרויסגערופן צו זיך און אים געעצהט צו פירן די פאַרטיידיקונג אויפן גרונט דערפון, וואָס דער אָנגעקלאָג־טער האָט בלויז איבערגעשריטן די גרענעץ פון נויט־ווענדיקער פאַרטיידיקונג אין אַ סכנה.

אויפן פּראָצעס האָט דער פּראָקוראָר געפאָדערט טויט־שטראָף. אויף דער באַראַטונג פון די דריי ריכטער פאַרן אַרויסטראָגן דעם אורטייל האָט דער פּאָרזיצער פון געריכט אונטערגעשטיצט די פאָדערונג פון פּראָקוראָר. די אַנדערע צוויי ריכטער האָבן זיך אָבער אַנטשידן קעגנ־געשטעלט און אַזויערנאָך איז פאַרטיק געוואָרן דער אור־טייל — אייביקע טורמע.

דעם 26טן אָקטאָבער 1937 איז אין וואַרשעווער אַפּעלאַציע־געריכט פאָרגעקומען צום צווייטן מאָל פענ־דראַקס פּראָצעס. די פאַרטיידיקער האָבן אַפּעלירט, כדי צו דערגרייכן צוויי צילן: פאַרקלענערן די שטראָף און ענדערן די מאָטיוון פון אורטייל. צו די פריערדיקע צוויי פאַרטיידיקער איז איצט צוגעקומען אַ דריטער — דער באַרימטער אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן.

דער פאַרלויף פון אַפּעלאַציע־פּראָצעס איז געווען גינסטיק פאַר דער פאַרטיידיקונג. דער רעפערענט, דער ריכטער קראַמער, האָט אין זיין רעדע באַטאָנט, אַז דער פאַרלויף פון פּראָצעס אין דער ערשטער אינסטאַנץ, אין קרייז־געריכט אין טשענסטאָכאָוו, האָט נישט געגעבן קיין שום באַווייז, אַז דער באַשולדיקטער פענדראַק זאָל האָבן אויסגעפירט דעם מאָרד צוליב ראַסן־האַס, ווי ס'איז גע־ווען מאָטיווירט אין אורטייל פון קרייז־געריכט. ער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז יוסף פענדראַק איז געווען באַקאַנט ווי אַן אָרנטלעכער מענטש בעת באַראַן איז פיל מאָל געוואָרן געמשפּט און באַשטראָפט פאַר שיכרות און שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער פּאָליציי.

דאָס אַפּעלאַציע־געריכט האָט נישט אָנערקענט דעם מאָטיוו פון ראַסן־האַס און אויך די שטראָף פאַרקלענערט צו 13 יאָר תפיסה. די פאַרקלענערונג פון דער שטראָף איז מאָטיווירט געוואָרן דערמיט וואָס פענדראַק האָט

געהאַט צו באַראַנען אַ באַציאונג, ווי צו אַ טיפּ פון דער אונטערוועלט. (אין דער ערשטער אינסטאַנץ האָט דער מאָטיוו פון ראַסן־האַס זיך געשטיצט אויף פענדראַקס אַ פראַגע צו זעלווערן ביים אַנהויב פון אינצידענט: „וואָס וויל פון דיר דער שייגעץ?”).

סיי דער פּראָקוראָר, סיי דער פּאַרטיידיקער זיינען נישט געבליבן צופרידן מיטן אורטייל פון אַפּעלאַציע־געריכט און דערלאַנגט אַ קאַסאַציע אין העכסטן געריכט.ביידע ווענדונגען זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן און דער אורטייל איז אַריין אין קראַפט.

יוסף פענדראַק איז דורך דער פּוילישער תפיסה־מאַכט אין פּיעטריקאָוו אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי אין סעפּטעמבער 1939, אַ פּאָר טעג נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער באַפרייטער איז דערנאָך געקומען קיין וואַרשע.

פריער איז יוסף פענדראַק געווען אַ מיטגליד פון די ס. ס.־„פּאַראייניקטע”. בעת דער שפּאַלטונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין 1922, איז ער צוזאַמען מיט די אָפּגעשפּאָלטענע אַריין אין „בונד”. ער האָט אויך געהערט צו דער בונדישער פּאַרטיי־מיליץ.

---

# דאָס לעצטע יאָר

(דאָס יאָר 1939 אין טשענסטאָכאָוו, אַ ביסעלע כראָניק לויט דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג”).

דער שאָטן פון היטלעריזם איז שוין ווי די דאַמאַקלעס־שווערד געהאָנגען איבער דער יידישער באַפעלקערונג. דער „אַוואַנגאַרד” פון אָנקומענדיקן טויטן־שטורעם זיינען געווען די פּליטים, וואָס זיינען נאַקעט און באָרוועס אָנגעקומען קיין זבאַנזשין לעבן טשענסטאָכאָוו.

אין אַן אַרטיקל: ס.אָ.ס. פון מ. רוזשעוויטש, אין טש. צ. פון פרייטיק, דעם 17טן פעברואַר 1939 ווערט די יידישע באַפעלקערונג אויפגעפאָדערט צו שטיצן די פּליטים אין דער צאָל פון 130 נפשות. וואָס „שטייען ביים ראַנד פון הונגער און אונטערגאַנג, אויב עס וועט נישט דרינגענד אָרגאַניזירט ווערן אַ ווייטערע פאַרגרעסערטע הילפס־אַקציע”.

אויף אַ קאָנפערענץ אין לאָקאַל פון סוחרים־פאַראיין, וואו עס זיינען אויפגעטרעטן די כלל־טוער באָלעסלאַוו העלמאַן, אַדוואָקאַט מ. האַסענפעלד און מ. קאָפּינסקי. זיינען אָנגענומען געוואָרן מיטלען צו ראַטעווען דעם קיום פון יידישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זייער קריטישן צושטאַנד.

ביי דער י. ל. פּרץ שול, איז געעפנט געוואָרן אַ נאָכמיטאָג שול פאַר די קינדער פון די אַלגעמיינע שולן צו לערנען יידיש, ליטעראַטור און געשיכטע. די צאָל פון די פאַרשריבענע קינדער האָט באַטראָפן עטלעכע און פופציק.

דער „פּליטים קאָמיטעט” האָט איינגעאָרדנט אַ פאָרשטעלונג. עס איז אויפגעפירט געוואָרן לעאָניד אַנדרעיעווס „דער גרויסער געדאַנק”.

זונטיק דעם 19טן און מאָנטיק דעם 20טן פעברואַר זיינען אין זאַל פון די פייערלעשער איינגעאָרדנט געוואָרן צוויי פאָרשטעלונגען פון גאָלדפאַדענס רעפּערטואַר: „בר כוכבא” און „שולמית”. די אָנפירנדע אַרטיסטן זיינען געווען: ליזא שלאָסבערג און דוד זיידערמאַן.

די געזעלשאַפט „וויסן און פאָרטשריט” האָט איינגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג פון ד״ר אַקסער א.ד.ט.: „די טאָטאַלע מלחמה און די לופט־פאַרטיידיקונג פון דער ציווילער באַפעלקערונג”.

אין דער צייטונג פון מאָנטיק, דעם 3טן מערץ ווערט געמאָלדן וועגן טויט פון יוסף שלעזינגער. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון סוחרים־פאַראיין, פון „אחיעזר”, פון יידישן גימנאַזיום און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין שטאָט־ראַט איז דער פאָרזיצער פון ענדעקישן קלוב ר. זאַזשעצקי אַרויסגעטרעטן מיט אַן אַנטיסעמיטישער דעקלאַראַציע, פאָרוואַרפנדיק די יידן מלוכה־ און פאָלקס־פאַראַט, און געפאָדערט ניט אָנצונעמען קיין יידישע הילף פאַר דער מלוכה פאַרטיידיקונג. שטאָט־ראַטמאַן ד״ר אַרנאָלד בראַם האָט אים אָפּגעענטפערט.

יעקב ראָזינער, סעקרעטאַר פון „טאָז” אין אַן אַרטיקל „קיין איין גראָשן פאַר יידישע אינסטיטוציעס”, באַצייכנט דעם טרויעריקן פאַקט, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט פון זיין בודזשעט אויסגעשטראָכן די סומען פאַרן „טאָז” און „מושב זקנים און יתומים־הויז”.

דינסטיק, דעם 4טן אַפּריל איז געפייערט געוואָרן דער צוואַנציק־יאָריקער יובל פון יוגנט־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון”.

אין לאָקאַל פון פרויען־פאַראיין „עזרה”, קאַטעדראַלנע 11, זיינען דעם 29טן, 30טן און 31טן מערץ פאַרטיילט געוואָרן צווישן נויטבאַדערפטיקע מלבושים, וועש, צוקער, אייער און מילך. פון דער פּסח־אַקציע, וואָס די „עזרה” האָט איינגעאָרדנט האָבן גענאָסן 166 פאַמיליעס, צוממייסטן אָרעמע און קראַנקע.

אין די גאַסן האָט זיך באַנייט דאָס פּיקעטן פון די יידישע קראָמען דורך פּוילישע אַנטיסעמיטן.

אין דער וואָך פון פּסח זיינען אין טשענסטאָכאָוו אַרויסגעטרעטן אין דער אָפּערעטע „דער רביצינס נעכט” צוויי אַמעריקאַנער „סטאַרען” (סטאַרס): דזשעני לאָוויטש און היימי שטערן.

שבת־צו־נאַכט, דעם 15טן אַפּריל איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ קאָנצערט דער כאָר פון ספּאָרט־און טורן־פאַראיין „מכבי". אונטער דער לייטונג פון דיריגענט פּראָפעסאָר י. ראָזענוויין. וואָלף שמידט, דער שילער פון חזן בירנבוים און באַקאַנטער זינגער האָט וועגן קאָנצערט אָנגעשריבן אַ פאַכמענישע און וואַרעמע רעצענזיע.

שבת, דעם 22טן אַפּריל איז אין זאַל פון „מכבי" אַרויסגעטרעטן אויף אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג דער שליח פון ארץ־ישראל לייב שניאורסאָן וועגן „ארגון צבאי לאומי".

צו די וואַלן צום שטאָט־ראַט, וואָס איז יענע טעג פאָרגעקומען האָט זיך געשאַפן אַ יידישער איינהייטלעכער בלאָק. דער „בונד" און די קליינהעדלער האָבן אַרויסגע־שטעלט באַזונדערע ליסטעס.

די סומע פאַר דער לופט־שוץ־הלוואה, וואָס טשענ־סטאָכאָווער יידן האָבן בייגעטראָגן האָט באַטראָפן איין מיליאָן זיבן הונדערט טויזנט זלאָטעס.

דינסטיק, דעם 9טן מאַי, איז צום דריטן יאָרצייט פון הרב ר. נחום אַש, ביי זיין קבר פאָרגעקומען אַ פייער־לעכע הזכרה, משה האַלטער האָט געהאַלטן אַ הספד. דער שטאָט־חזן כאַלעווא האָט געמאַכט די הזכרה און דער כאָר אונטער דער לייטונג פון דיריגענט ראַטענבערג האָט גע־זונגען קאַפּיטלעך תהילים.



דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פון נייעם בית־המדרש

דעם 27טן און 28טן מאַי, האָט דער טשענסטאָכאָווער ספּאָרט־פאַראיין „מאָרגנשטערן" געפייערט זיין צוויי־יאָ־ריקן יובל.

שבת, דעם 27טן מאַי איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „טאָז". געעפנט די פאַרזאַמלונג האָט ד"ר סטעפאַן קאַהן. עס איז באַערט געוואָרן דער אָנדענק פון זיגמונד מאַרקאָוויטש, איינער פון די טעטיקסטע פאַרוואַל־טונגס־מיטגלידער פון „טאָז". דער אָנגענומענער בודזשעט האָט באַטראָפן 122.000 זלאָטעס.

שבת און זונטיק, דעם 3טן און 4טן יוני זיינען אין זאַל פון „מכבי" אונטער דער רעזשי פון אהרן פּרץ, פאָר־געקומען צוויי פאָרשטעלונגען פון דראַמאַטישן קרייז ביים י. ל. פּרץ קינדערהיים. עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי סצענעס און בילדער פון מ. בראָדערזאָן, מ. נאַדיר, דער טונקעלער, ב. שעפנער, ברזידע א"אַנד. צווישן אַנדערע האָבן אָנטיילגענומען אין די אויספירונגען פון די פאַרשיידענע נומערן: גאַניע בערקאָוויטש, הערשלי־קאָוויטש, טעסטילער, באַרנשטיין, דימאַנט, אַרבאַך, באַרנ־שטיין, יאַראַש, דזיאַלאָווסקי, רובינשטיין, געבירטיק. די דעקאָראַציעס האָט פּראָיעקטירט און געמאָלן ל. קושניר מיט דער מיטהילף פון ד. ריפּשטיין. די רעצענזיע פון די פאָרשטעלונגען האָט זאַכלעך און מיט טאַלאַנט גע־שריבן מ. קויפמאַן, אַ געוועזענער לערן־ייִנגל, דערנאָך דרוקער אין באַטשאַנס דרוקעריי.

אין דער טש. צ. נומ. 23, פון 9טן יוני, ווערט באַ־ריכטעט:

אין דער נייער שול איז פאָרגעקומען די יערלעכע פאַרזאַמלונג פון „בית לחם" דער באַריכט לויטעט, אַז די פרויען־סעקציע פון דער געזעלשאַפט שפּייזט צוזאַמען מיטן „טאָז" 400 קינדער טעגלעך און „מחזיקי הדת" און „תלמוד תורה העירוני". אין דער פאַרוואַלטונג זיינען גע־ווילט געוואָרן: י. אימיך, מ. ראָזנצוויג, ד. דאַבזשינ־סקי, ב. רובין, ד. מאַרקאָוויטש, נ. דערעס, י. סאַיקאַ, י. מאַנהייט, מ. עפּשטיין, מ. קאַזאַק, י. שטרויסבערג, י. קאַהן, א. ווינער, ק. רייכער, א. שומאַכער, וועלטמאַן, מ. יאַקו־באָוויטש, י. ד. פּאַטאַשעוויטש, מ. גאָלדשטיין, י. קאַפּלאָ־וויטש, ל. יאַקובאָוויטש, ה. זשיטניצקי, א. גיטלער, וועק־שטיין און אופנער. רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: ב. גרילאַק, ד. ווין און ש. גלעוויצקי.

אין האַנטווערקער־קלוב איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמ־לונג פון די ניי־אויסגעוויילטע יידישע ראַטמענער. עס זיינען דיסקוטירט געוואָרן געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אין דער דיסקוסיע האָבן אָנטייל גענומען: ראַטמאַן גאָלד־בערג, קאַניעצפּאָלער, אַדוו. ל. אַש, אַדוו. מאַרקאָוויטש, וו. זשעריקער, י. ראָזענבערג (פּרעזעס פון דער יידישער גמינע) ד"ר בראַם, ש. פראַנק (רעדאַקטאָר פון „טשענסטאָ־כאָווער צייטונג"), ווייס, פייגענבלאַט, א. איצקאָוויטש, פּראָפעסאָר יאַנאָווסקי, י. גערייכטער, דזיאַלאָווסקי, גער־שאָנאָוויטש, גריצאַ, קויפמאַן, עפּשטיין, ראַטבאַרד, ראַ־זינער און אַנדערע. פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געוועזן דער פּרעזעס פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד ד"ר גייסלער.

די קינדער פון דער אָכראָנקע ביים „דאַבראַטשי־נאַשטש", פשעמיסלאָווע 6, האָבן איינגעאָרדנט אַ פאָר־שטעלונג אין זייער אייגענעם לאָקאַל.

שבת, דעם 10טן יוני איז אין גרויסן זאַל פון קינאָ „באַלטיק" פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון ד"ר יוסף קרוק א. ד. ט. „ארץ ישראל אין יאָר 1939".

אין טש. צ. פון 23טן יוני:

עס איז פאָרגעקומען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג פון „מחזיקי הדת". עס עפנט די פאַרזאַמלונג דער פּרעזעס הער קרעל. פאָרזיצער: ישכר מאשקאָוויטש. אין פּרעזידיום: דוד פעלץ, אברהמטשע טשענסטאָכאָווסקי,

סעקרעטאַר יהושיע זעליגמאַן, די נייע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: יחיאל לאַנדוי, מנשה מרגליות, דוד קאהן און הירשל וויינבוים.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן טויט פון ב. באַטשאַן, האָט די געזעלשאַפט „תומכי עניים“, (פון וועלכער דער פאַר־שטאָרבענער איז געווען פּרעזעס), איינגעאָרדנט אַ טרויער־זיצונג, אויף וועלכער ס'איז באַערט געוואָרן זיין אָנדענק.

די יידישע שילער פון ד״ר אקסערס גימנאַזיע האָבן איינגעאָרדנט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. עס איז אויפגעפירט געוואָרן אַ ווערק פון דער אַלט־גריכישער ליטעראַטור „אַנטיגאָנאַ“.

פון דער אַנטוועדקער־שול האָבן גראַדואירט פאַלגנ־דיקע טשענסטאָכאָווער שילער: יצחק טשאַרגי, משה בראַקמאַן, פּנחס עדעליסט, חיים פייערמאַן, מענדל פּערל־בריל, דוד גינסבערג, וואָלף גאַרפינקעל, זיסקינד געל־בער, יוסף האפטקא, ישראל קיפער, מרדכי קראַקויער, שלום לייזעראָוויטש, סטעפאַן מאָנטאג, יצחק הירש מייליך, העניא נירענבערג, מענדל ראָטהאָלץ, דוד ברוינער, דוד הויפטמאַן.



די פאַרוואַלטונג פון תומכי עניים

מיטן אָנטייל פון היסטאָריקער ד״ר ע. רינגעלבלום איז אין לאָקאַל פון דער יידישער גמינע פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, וועגן אַרויסגעבן אַ מאָנאָגראַפיע פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

עס איז געשטאָרבן ד״ר לודוויק באַטאָוויאַ, וועלכער איז פון 1913 אָן געווען הויפּטדאָקטאָר פון יידישן שפּיטאָל און פאָרזיצער פון אַ גאַנצער ריי וואוילטעטיקע און וויסנ־שאַפטלעכע געזעלשאַפטן אין טשענסטאָכאָוו.

אין דער טש. צ. פון 30טן יוני:

עס איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער סיום אין דער י. ל. פּרץ־קינדערהיים און אין די נאָכמיטאָג־קורסן פון יידיש. די פייערונג האָט געעפנט אהרן פּרץ. די באַ־ריכטן האָבן אָפּגעגעבן אברהם בראט. די לערערין יאכעלעס. ס'האָבן באַגריסט: א. ברום, ש. פראַנק, מלאַדינאָוו, פּרל. בערקאָוויטש, ח. קויפמאַן און אַנד. פון די צוויי אָפּטיילונ־גען פון דער נאָכמיטאָג־שול האָבן גראַדואירט 72 קינדער.

די קינדער זיינען אַרויסגעטרעטן מיט געזאַנג־נומערן און דעקלאַמאַציעס. צום סוף איז פאָרגעקומען אַ קליינע סעודה פאַר די קינדער. די דריי לערערינס: יאַכעלעס, י. גוטער־מאַן און ס. גינזבערג זיינען באַשענקט געוואָרן מיט בלומען.

די פּאָוושעכנע שול פאַר יידישע קינדער, נומער 13, אָנגעפירט פון פּרל. ג. שאכער, האָט באַקומען אַן אויסציי־כענונג פאַר דער אַרבעט פון רויטן־קרייץ.

אין קינאָ „לונאַ“ איז געוויזן געוואָרן דער פּוילישער פילם „דער שאָטן איבער אייראָפּע“.

אין טש. צ. פון 14טן יולי:

אין אייגענעם לאָקאַל, אויף פּילסודסקי 31, איז פאַר־געקומען די יערלעכע פאַרזאַמלונג פון דער גמילת חסד־קאַסע. פאָרזיצער איז געווען הער גרין, ביוזיצנדע: שומאַ־כער און א. רובינסקי, סעקרעטאַר האפטקאַ.

עס זיינען באַערט געוואָרן דער אָנדענק פון די צוויי נפטרים, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: ב. באטשאַן און ב. סאַיקאַ.

אין דער פאַרוואַלטונג זיינען געוויילט געוואָרן: אַד־וואָקאַט גאָלדבערג, שומאַכער, גרין, וואַרמונד און שיינ־וועקסלער.



די פאָלק־שול פאַר יידישער קינדער אָנגעפירט פון פּרל. שאַכער

עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער גמילת חסד־קאַסע „אהבת אחים“. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען געוויילט געוואָרן: חיים וויינהאָלץ, חיים לאַנצמאַן, חיים יצחק פּאַצאַנאָווסקי, אברהם גרינשפּאַן, יעקב ראָזענבערג, מאיר שמולעוויטש און יוסף זיידמאַן. פאַרטרעטער: אייזענ־שטיין, פייער, פראַנק און פּשעדבאָרסקי. אין דער רעווי־זיאָנס־קאָמיסיע: זינגער, קאָלין און שטערנבערג.

אין קינאָ „עדען“ איז דעמאָנסטרירט געוואָרן דער יידישער פילם פון יעקב גאָרדין „אָן אַ היים“. אין פילם האָבן זיך באַטייליקט די אַרטיסטן אידאַ קאַמינסקאַ, דזשי־גאַן און שומאַכער.

אין טש. צ. פון 21טן יולי:

אין זיין וועכנטלעכן פעליעטאָן: „וואָס געהערט, וואָס געזען“ פון לויתן (לעווענשטיין), רימט ער זייער די קאָלאָניעס פון „טאָז“, וואו עס געפינען זיך 180 קינ־

דער פון די אָרעמסטע הייזער און פון דער גרעסטער נויט. אויך מרדכי קויפמאַן אין אַרטיקל אין „קינדערלאַנד" רימט די וואונדערלעכע ווירקונג פון די קאָלאָניעס אויף די קינדער. די קינדער־קאָלאָניעס פון „טאָז", וואָס זיינען אין יאָר 1939 געפירט געוואָרן בשותפות מיט דער „דאַ־בראַטשינאַשטש" האָבן זיך געפונען אין אמסטאַוו, פּשע־רעוו, כזשאנסטואוו, יאַנאָווע, אָלשטין, קלאָביצק, קשעפּיץ און בליאַכאָווניע.

אין קינאָ „באַלטיק" איז געוויזן געוואָרן דער יידי־שער פילם „דער דיבוק".

אין טש. צ. פון 28טן יולי:

צום יאָרצייט פון פאַרשטאָרבענעם טוער פון האַנט־ווערקער־פאַרבאַנד דניאל דזיאַלאָוויטש איז פאַרגעקומען אַ הזכרה אויף זיין קבר און עס איז אויפגעדעקט געוואָרן זיין מצבה.

נאָך די גרויסע היצן איז אין טשענסטאָכאָוו פאָרגע־קומען אַ פאַרפלייצונג. די „וואַרטאַ" און „קוצעלינקאַ" זיינען אַרויס פון די ברעגעס און די געגנט: „זאוואדזשע" דער נאַרוטאָוויטש מאַרק, און סטראַדאָם האָט זיך געטרונ־קען אין וואַסער. די קעלערן און ערשטע שטאָקן פון די הייזער זיינען פאַרגאָסן געוואָרן.

דאָס זעלביקע איז געשען אין דער געגנט פון קשע־פּיעץ, וואו דער „טאָז" האָט געפירט אַ קינדער־קאָלאָ־ניע. דער לערער־פערסאָנאַל האָט העלדיש אַרויסגעראָ־טעוועט די קינדער פון דער פאַרפלייצונג.

די אַמעריקאַנער אַקטיאָרן פּסחקע בורשטיין און ליליאַן לוקס האָבן אין זאַל פון די פייערלעשער אויפגע־פירט צוויי פאָרשטעלונגען: „דער קאָמעדיאַנט" און „זיין שיינער חלום".

אין קינאָ „עדען" איז געוויזן געוואָרן דער יידישער פילם „דעם חזנס זונדל" מיט משה אוישער.

אין טש. צ. פון 25טן אויגוסט:

די תלמוד תורה פון „מחזיקי הדת" האָט אונטער־גענומען אַן אַקציע צו פאַרהיטן די אינסטיטוציע, זאָל ניט פאַרקויפט ווערן צוליב די חובות אויף אַ ליציטאַציע.

אין דער קאָלאָניע פון „טאָז" אויף דער „בליאַ־כאָווניע" און אין דער האַלב־קאָלאָניע אין טשענסטאָכאָוו איז פאַרגעקומען דער סיום פון זומער־סעזאָן מיט אַ קינ־דער־פאַרשטעלונג. דער לייטער פון דער קאָלאָניע איז געווען ל. ברענער.

---

אייניקע מיטאַרבעטער פון דער יידישער פרעסע אין טשענסטאָכאָוו (צום אַרטיקל „יידישע פרעסע"):


ש. פראַנק


י. ראָזענבערג


י. פסחזאָן


מ. אש

# די קאַטאַסטראָפע פון ישוב

ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 האָט טשענסטאָכאָוו געציילט העכער 29 טויזנט יידישע איינוואוינער. די ערשטע הונדערט יידישע קרבנות זיינען געפאַלן אין „בלוטיקן מאָנטיק" דעם 4טן סעפּטעמבער 1939, ווען די דייטשן האָבן דורכגעפירט די ערשטע פאַציפיקאַציע אין טשענסטאָכאָוו. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פּערמאַנענטע פּייניקן די יידן. מחנות יידן זיינען טאָג־טעגלעך געטריבן געוואָרן צו אַרבעט און, אונטער קלעפּ פון קאָלבעס, זיינען פרויען און מענער, קינדער און יוגנטלעכע געצוואונגען געוואָרן מיט הוילע הענט צו פאַרשיטן לופטשוץ־גריבער, טראָגן ציגל אָן אַ ציל פון אָרט צו אָרט און אויספירן אַנדערע שווערע סיזיף־אַרבעטן. מיטן פּייניקן ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך אַממיינסטן אויסגעצייכנט דער דעמאָלטדיקער שעף פון געסטאַפּאָ קריגער.



די אויבערדעק פון סטאַטיסטישן יאָר־בוך 1940
אַרויסגעגעבן דורכן יידן־ראַט

דעם 16טן סעפּטעמבער 1939 איז, אויפן באַפעל פון שטאָט־הויפּטמאַן ווענדלער, אַנטשטאַנען דער יידן־ראַט פון 6 מאַן, וועלכער האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט שאַפן אומזיסטע קיכן פאַר אָרימע.

דעם 9טן אָקטאָבער 1939 איז דער ראַט אויסגעברייטערט געוואָרן אויף אַ צאָל פון 24 מאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט אַלע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן לעבן פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו.

דעם 15טן נאָוועמבער איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער יידישער באַפעלקערונג אַ קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן מאַרק. אונטער דער דראָאונג פון צעשיסן הונדערט יידן, האָט די קאָנטריבוציע געזאָלט איינגעצאָלט ווערן אין משך פון צען טעג. נאָכן איבערקויפן דעם שטאָט־הויפּטמאַן מיט הונדערט טויזנט מאַרק, איז די קאָנטריבוציע רעדוצירט געוואָרן צו 400 טויזנט מאַרק.

סוף דעצעמבער 1939 איז, אונטער דער רעזשי פון זשאַנדאַרמען, דורכגעפירט געוואָרן אַ קליינער פּאָגראָם אויף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן פאַרברענען די נייע, אַזוי גערופענע, דייטשע שול.



די אונטערדעק

אין אַ געוויסן פרייטיק צו נאַכטס פון יאַנואַר 1940 זיינען טויזנטער מענער, פרויען און איבערהויפּט יונגע מיידלעך, אין מיטן נאַכט, האַלב נאַקעטע, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע וואוינונגען. נאָכן אָפּהאַלטן זיי שעהן לאַנג אויפן שניידיקן פראָסט, זיינען די פאַרוואונדעטע און שווער־צעשלאָגענע באַפרייט געוואָרן. די איבעריקע זיינען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויף איין באַשטימטן פּונקט. דאָרט האָבן זיך אַלע געמוזט אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט. די דייטשע אָפיצירן און זעלנער האָבן זיי אויף אַ סאַדיסטישן אופן געפּייניקט, אַ טייל יונגע מיידלעך פאַרגוואַלטיקט און נאָכדעם געשיקט צו פאַרשיידענע אַרבעטן. אויסער דעם טרייבן יידן צו אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו גופא, זיינען אַ סך אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן

אין אַרבעטס־לאַגערן אין דער פרעמד, וואָס האָבן איינגעשלונגען נישט ווייניק קרבנות.

אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן „אויסזידלונגען" פון גאַנצע גאַסן, ווי אויך פון איינציקע הייזער. קיינער איז נישט געווען זיכער צי ער וועט מאָרגן זיך נאָך געפינען דאָרט, וואו ער האָט היינט זיין נייע היים געבויט. ביי יעדער איבערזידלונג האָבן די דייטשן גערויבט פאַר זייער מלוכה־אוצר, אָבער נאָך מער — פאַר זיך פריוואָט. אַלע יידישע פאַרמעגנס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן. פון טאָג צו טאָג זיינען די יידן געוואָרן אָרעמער און די נויט טיפער.

זינט מערץ 1940 האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן מיט טויזנטער פליטים פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זיינען געוואָרן אַנגעשלאָסן אין רייך. אָנהייב אַפּריל 1941 האָט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו שוין געציילט 48,000 איינוואוינער.

דעם 23טן אַפּריל איז אַנטשטאַנען דאָס גרויסע גע־



דער פּלאַן פון דער שטאָט מיט די אָנגעצייכנטע געטאָס און לאַגערן

טאָ. בעת די 29 טויזנט יידן פון טשענסטאָכאָוו האָבן באַוואוינט פאַרן קריג 9 טויזנט שטובן, זיינען איצט די 48 טויזנט אַריינגעפּרעסט געוואָרן אין 4520 שטובן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלעפּיקע קראַנקהייטן. פלעק־טיפוס און דעזענטעריע האָבן געהאַט זייער פעטן שניט דער עיקר צווישן דער פליטים־מאַסע. די קלעפּ זיינען געווען אָפטע און וואָס ווייטער, אַלץ פילבאַרער. נאָך יעדן קלאַפּ האָט מען זיך אָבער אָפּגעטרייסלט און ווייטער געשלעפּט דעם שווערן לעבנס־וואָגן, אָפּוואַרטנ־דיק נייע קלעפּ.

אין דעם פינצטערן לעבן זיינען אויך געווען אייניקע ליכטיקע שטראַלן: אונטער די פליגל פון „טאָז״, וואָס האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט פון אָנהייב מלחמה אָן, האָבן צוויי הונדערט ניי אויסגעשולטע סאַ־ניטאַרן זיך געוואָרפן מיט זייער גאַנצן יוגנט־ברען אין קאַמף מיט די קלעפּיקע קראַנקהייטן. דער באַשפּייזונג־פונקט („שוויעטליצע״), וואָס דער „טאָז״ האָט געפירט פאַר צוויי טויזנט אויסגעהונגערטע קינדער, איז אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער און טעמפּעראַמענטפולער יוגנט, שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרעמער, ליכטיקער היים פאַר אַלע קינדער אין געטאָ. די יוגנטלעכע האָבן מיט זייערע פלאַמענדיקע הערצער באַלויכטן און געוואַרעמט דאָס לעבן און געמיט פון די אָרעמע און עלנטע קינדער. ביים „טאָז״ איז אויך געווען טעטיק אַ כאָר און אַ דראַמאַטישער קרייז פון דערוואַקסענע. דער „טאָז״ האָט אויך אַרויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר א. וואָלבערג, ביי דער מיטאַרבעט פון אַדוואָקאַט קאָניאַר־סקי, י. ראָזינער, ל. ברענער און ר. פאָגעל, ווי אויך ביי דער טעכנישער מיטהילף פון ל. קושניר און מ. קושניר, אַן אומלעגאַלע פּעריאָדישע אויסגאַבע „ראַסטא״ (פאַר־קירצט פון ראַדאַ סטאַרשיך), אין וועלכער עס האָט זיך




די באַוועגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון יאָר 1938 ביז 1941 (פּראָפּאָרציע לויט 1,000 פּערזאָן).

אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די יידן אין געטאָ, די טעטיקייט פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען און פון יידן־ראַט.

אויך די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ לעבהאַפטע טעטיקייט. דער „בונד" האָט די גאַנצע צייט געפירט אומלעגאַל די „מעדעם"־ביבליאָטעק, ווי אויך פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן צ. ק. פון „בונד" אין וואַרשע. ערשט דעם 16טן יולי 1941 איז די אַרבעט פון „בונד" צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן, צוליבן דורכפאַל פון דער אומלעגאַלער דרוקעריי אין פּיעטריקאָוו. אייניקע בונדיסטן האָבן דאַן באַצאָלט מיט זייער לעבן אין אָשוויענטשים (משה בערקענשטאַט און אַנדערע). בלויז צוויי פון די אַרעסטירטע האָט זיך איינגעגעבן, אַ

די צווייטע ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יאָר 1940.

דאַנק דער מיטהילף פון צ. ק„ אַרויסצוגנבעבענען פון תּפיסה. די קאָמוניסטן האָבן אויך געפירט די גאַנצע צייט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. די אַרבעט זייערע איז אָבער אויף אַ געוויסער צייט איבערגעריסן געוואָרן צוליב די גרויסע אַרעסטן דעם 29טן אַפּריל 1942, ווען מען האָט אַ סך פון זיי מיט זייערע משפּחות אַרויסגעשיקט קיין אָשוויענטשים. אויך דער „הנוער הציוני" און די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" האָבן געפירט אַ געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע טעטיקייט.

די לינקע פּאַרטייען האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועלכער האָט געזאָרגט און געקעמפט דערפאַר, אַז דער יידן־ראַט זאָל בעסער באַלוינען, באַשפּייזן און באַקליידן די אַרבעטער, וועלכע פלעגן דורך אים געשיקט ווערן אויף פאַרשיידענע דייטשע אַרבעטס־פּלעצער. עס זיינען פאָרגעקומען שטילע שטרייקן און נישט איין מאָל פלעגן די לאָקאַלן פון דעם יידן־ראַט דעמאָלירט ווערן, ווען די פאָדערונגען פון דער אַרבעטער־דעלעגאַציע זיינען נישט דערפילט געוואָרן.

פרילינג 1942 האָט זיך, ווי אַ בליץ אַריינגעריסן אין געטאָ די ידיעה וועגן גירוש לובלין און זומער איז געקומען די ידיעה וועגן גירוש וואַרשע. דער אומרו האָט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַלעמען אַרומגעכאַפּט. נאָך מער האָט זיך דער אומרו פאַרשטאַרקט, ווען די ז'ייטשע זאנדער־געריכטן האָבן אָנשטאָט טויט־שטראָף פאַר אַרויסגיין פון געטאָ, אָדער פאַר אַן ענלעכן „חטא" פאַר־




סטאַטיסטיק איבער דער צאָל און פּראָצענט געהייראַטע.

משפּט אויף תּפיסה ביז דער אויסזידלונג. יעדנס האָפּענונגען זיינען געווען געווענדט צו די „שאָפּן" (לעגיטימאַציעס פון די שאָפּן האָבן געדאַרפט דינען אַלס באַשטעטיקונגען, אַז די אינהאַבער זיינען נוצלעכע אַרבעטער), ווי אויך צו די פּליטים־פּונקטן, וואו עס האָבן זיך געפונען טויזנטער אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע, אַרויסגעטריבענע יידן פון שטעט און שטעטלעך. זיי האָבן דאָס, אַלס אומנוצלעכע, באַדאַרפט זיין די אָפּלייזער . . .

די רייען פון אַרבעט־אַמט זיינען פון טאָג צו טאָג געוואָרן לענגער. דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן

און סטודענטן; דירעקטאָרן, סוחרים און סתם הענדלער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שוסטער, שניידער, שלאָסער און בערשטער־אַרבעטער.

ריזן־רייען זיינען אויך געווען פאַר די לאָקאַלן פון יידן־ראַט. דאָ האָבן זיך טויזנטער עלנטע סקעלעטן אין שמאַטעס געהילטע, מיט הענט צעפרעסענע פון צרעת, געשטופּט צו די פענצטערלעך און זיך באַמיט צו איבערצייגן די באַאַמטע, אַז זיי זיינען שוין פון לאַנג צוריק פאַרמעגלעך און נויטיקן זיך שוין נישט אין קיינעמס הילף, אַז זיי קענען שוין אויך אַרבעטן און אַלס נוצלעכער עלעמענט האָבן זיי אויך פולע רעכט צו פאַרבלייבן אויף ווייטער אין טשענסטאָכאָוו.

די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען וועגן אַ געמיינזאַמען באַוואָפנטן אַרויסטריט אין פאַל פון עפּעס אַן „אַקציע" מצד דעם אָקופּאַנט. די דעצידירנדיקסטע קאָנפערענץ, וואָס האָט, אין שייכות דערמיט, געזאָלט פאָרקומען דעם 21טן סעפּטעמבער, מיט דער באַטייליקונג פון אַ שליח פון וואַרשעווער „זשאַב" און אַן אָרטיקן יידישן קאַפּיטאַן, ד"ר א. וואָלבערג, איז שוין ליידער נישט צושטאַנד געקומען. עס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך זשאַנדאַרמען אייניקע דעלעגאַטן פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ געזאָלט באַטייליקן. דעם זעלביקן טאָג איז די אומרואיקייט פון שעה צו שעה געוואַקסן. דער פּאָליציי־שעף — דער מערדער דעגענהאַרט, האָט גערעדט מיט די שטרענגסטע רעפּרעסיעס פאַר פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען און אויפגעפּאָדערט, אַז דער יידן־ראַט און די יידישע אָרדענונג־דינסט זאָלן אַ סוף מאַכן צום פאַרשפּרייטן „שמועות". דעם 21טן סעפּטעמבער, 3 אַזייגער ביינאַכט, זיינען די גאַסן אין געטאָ אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט אוקראַאינישער און לעטישער הילף־פּאָליציי. אַלע האָבן שוין געזען באַשיינפּערלעך, אַז די „אַקציע" הייבט זיך אָן.

## ב.

דעם 22טן סעפּטעמבער 1942, 5 אַזייגער פרי, האָט זיך די „אַקציע" אָנגעהויבן. ווי איבערגעשראָקענע מוראַשקעס פון אַ צעשטערטן מוראַשניק, זיינען טויזנטער מענטשן געלאָפן פון שטוב צו שטוב, פון הויז צו הויז און פון גאַס צו גאַס. ווער עס שלעפּט אַ רוקזאַק, ווער אַ פּאַק בעטגעוואַנט און ווער אַ ביסל געשיר. אומעטום האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פוס זשאַנדאַרמען און אוקראַאינישער הילף־פּאָליציי. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ ווערט יעדער געיאָגט פאָראויס צו דער מעטאַל־פאַבריק, וואו עס געפינען זיך די „שאַפּן". פרויען ווערן אָפּגעריסן פון די מענער, קינדער פון די מאַמעס, און ווי צו דעם וואָס וואַגט זיך געזעגענען מיט זיין פרוי אָדער קינד. פון דער גרויסער מאַסע געיאָגטע טיילן זיך אויס אייניקע מיט העק אין די הענט, אַנדערע מיט פויסטן אין דער הויך, ווי אויך אַזעלכע, וועלכע קניען און בעטן רחמים ביי די מערדער. זייער אַלעמענס סוף איז אָבער דער זעלבער — אומקום . . .

צווישן הונדערטער דערמאָרדעטע קערפּערס מאַרשירן די דייטשע הענקער און זייער פאַרניכטונג און טויט. עס צאָלן מיט זייער לעבן עלטערע, שוואַכע, קינדער און אויך די, וואָס וואַגן נישט צו לאָזן זיך אָפּרייסן פון פרוי און קינד. די גאַסן זיינען פול מיט מוראַדיקן געיאָמער. מאַמעס, משוגע פון פאַרצווייפלונג, רופן זייערע פאַרפאַלן געוואָרענע קינדער און פאַלן מיט צעשמעטערטע שאַרבנס; דאָס געוויין און געשריי פון הונדערטער קינדער, וואָס זוכן די מאַמעס זייערע, רייסט דורך די לופט און צערייסט דאָס האַרץ. די אָנשטעקנדיקע קראַנקע אַנטלויפן פון שפּיטאָל און פאַלן ביים טויער. מענטשן שאָטנס מיט רויטע ביכלעך, וועלכע דאַרפן באַשטעטיקן די נוצלעכקייט פון זייער פּערזאָן, אין די הענט, שטייען, פינצטער אין ריזן־רייען איינער צום צווייטן געפּרעסט, פאַר די טויערן פון דער מעטאַל־פאַבריק און רוקן זיך לאַנגזאַם פאָראויס. דאָ שפּאַצירט זיך רואיק דער גרויזאַמער פּאָליציי־הונט, דער הויפּט־מערדער דעגענהאַרט און מיט זיין שטעקעלע ווייזט ער אָן: „דו רעכטס !", „דו לינקס !" אאַז"וו.

וואַנדערן טאַקע די צעפליקטע רויטע ביכלעך צו די מיסט־קוישן און די מענטשן — צו די פּי־וואַגאָנעס, וואו פון יעדן ווערן צוגענומען די פּעק, אַראָפּגעצויגן די שיך און מען ווערט אַריינגעשטופּט צו 120 מאַן אין אַ וואַגאָן. בלויז אַ קליינער צאָל האָט זיך איינגעגעבן אַריינצובאַקומען אין די „שאַפּן", וואו אַ טייל מיטגלידער פון יידן־ראַט האָט שוין אַמטירט.

דער טאָג האָט זיך פאַרענדיקט מיט 8 טויזנט אַרויסגעשיקטע און אייניקע הונדערט דערמאָרדעטע אויפן אָרט.

אויף צו מאָרגנס — אַלע געטאָ־גאַסן שטרענג באַוואַכט: געדיכטע שיסערייען אין דעם קוואַרטאַל, פון וואַנען די יידן זיינען שוין אַרויסגעשיקט. דאָ מאָרדעט מען איצט די יידן, וועלכע האָבן געפּרואווט זיך אויסבאַהאַלטן. אויך אויף די נאָך באַוואוינטע גאַסן הילכן אָפּ אָפּטע שאָסן, וואָס רייסן איבער דאָס לעבן פון די, וועלכע וואַגן אַרויסצובליקן דורך אַ פענצטער, אָדער זיך באַווייזן אויף אַ באַלקאָן.

פיר טעג געפינען זיך אַלע אין אָנגעשטרענגטער אָפּוואַרטונג. נישט ביי איינעם פליט דורך אַ געדאַנק פון האָפענונג: אפשר, אפשר וועט שוין מער גאָרנישט געשען! פיר טעג — פיר לאַנגע שרעקלעכע יאָר האָט זיך געצויגן די אָנגעשטרענגטע אָפּוואַרטונג. אויפן 5טן טאָג, דעם 27טן סעפּטעמבער איז, ווי אַ שרעקלעכער דונער, געקומען די ידיעה, אַז פון אַ געוויסער צאָל גאַסן טרייבט מען ווייטער יידן. אַלע ווערן געיאָגט אויפן גרויסן פּלאַץ פון נייעם מאַרק, וואו עס קומט פאָר די „סעלעקציע". טויזנטער יידן זיינען אויסגעשטעלט אין צוויי געדיכטע, לאַנגע רייען, צענדליקער זשאַנדאַרמען

מיט געשטאַפּאָ־לייט און הונדערטער אוקראַינער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ. עס הערשט אַ טויט־שטילקייט. עס הערט זיך בלויז די שטאַמלדיקע שטים פון גרויזאַמען פּאָליציי־שעף: „וואָס ביסטו פון באַרוף?", און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, טייטלט ער מיט זיין שטעקעלע איבער די קעפּ. מיט זיין כאַראַקטעריסטישן „דו רעכטס, דו לינקס!" — דעצידירט ער וועגן לעבן און טויט פון יעדן איינעם.

אויף דער טאָג האָט געגעבן 6 טויזנט אַרויסגעשיקטע און אַ סך טויטע אויפן אָרט. פּלוצים, אַ שיין פון האָפענונג: זשאַנדאַרמען האָבן געבראַכט צופירן אין די „שאַפן" אַריין אַ גרופּע יידן, וועלכע האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר גאָלד, געלט און בריליאַנטן. אויפן סמך פון דעם, האָט דער יידן ראַט אָנגעהויבן איינקאַסירן אויסלייז־געלט פאַר דער שוץ־פּאָליציי. יידן זאָגן זיך אָפּ פון לעצטן פאַרמעגן זייערן. מען צאָלט איין אַלץ, וואָס מען פאַרמאָגט, אפילו צירונג, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, אַבי צו ראַטעווען די נאָענטסטע. זעקלעך מיט גאָלד, צירונג און איידל־שטיינער וואַנדערן צו די זשאַנדאַרמען, און די אָפּגענאַרטע יידן — צו די פּיוואַגאָנעס קיין טרעבלינקע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילד געיעג נאָך רויב. מען האָט אויסגענאַרט אַלץ ביי די לעבעדיקע, אַרויסגעריסן גאָלדענע ציין און אָפּגעשניטן פינגער מיט גאָלדענע רינגלעך ביי די טויטע. איבער די גאַסן ציען זיך וועגענער מ״ט האָב און גוטס פון יידישע וואוינונגען צו די מאַגאַזינען פון דער שוץ־פּאָליציי. אויך די יידישע „גוואַרדיע" פון „מעבל־לאַגער", אונטער דער אָנפירונג פון טיכטיקן און דרייסטן מאַכל בירענצוויג, פירט געהיימניספול שענק, טאַפּטשאַנעס און קוילן־קאַסטנס — דאָס איז נישט גלאַט פשוט. אין די דאָזיקע מעבל־שטיקער ווערן געשמוגלט מאַמעס מיט קינדער, פאַר וועמען עס זיינען אונטער דער נאָז פון די דייטשן צוגעגרייט געוואָרן בונקערס אין „מעבל־לאַגער". 73 קינדער מיט זייערע מאַמעס ווערן אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט.

6 וואָכן האָט זיך געצויגן דער מערדערלעכער „אַקציע"־טאַנץ. הונגער און טויט האָבן אָן אויפהער געבושעוועט. קנאַפּע 41 טויזנט יידן זיינען געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אומגעקומען אויפן אָרט, זעקס און אַ האַלב טויזנט זיינען געבליבן אין די „שאַפן" און אויף צייטווייליקע אַרבעטס־לאַגערן און קנאַפּע טויזנט — באַהאַלטן אין קעלערס און אין פאַרשיידענע בונקערס.

דאָס געטאָ איז שוין אויסגערוימט. אַ טויט־שטילקייט. בלויז דורך די אויפגעפּראַלטע טירן און פענצטער טראָגט זיך די אָנקלאָגנדיקע, שרעקלעכע מעלאָדיע פון אומקום, פון טויט און אונטערגאַנג. עס וויינען די ווענט פון דער „שוויעטליצע", וואָס האָבן אין משך פון 19 חדשים איינגעזאַפּט אין זיך די נשמהדיקע וואַרעמקייט פון די יוגנטלעכע און די פריידיקע קלאַנגען פון צוויי טויזנט קינדער, וועלכע האָבן דאָ זייער ליכטיקע היים געהאַט. עס וויינט דאָס יתומים־הויז, וואָס האָט אין משך פון 19 חדשים געזעטיקט, געשיצט און געוואַרעמט 150 יתומימלעך, און איצט איז עס אַליין פאַריתומט.

גרויזאַם איז געווען די לאַגע פון די איבערגעבליבענע. אַמשרעקלעכסטן האָבן געליטן די, וועלכע זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אין דער אַמוניציע־פאַבריק



פראַגמענטן פון „האַסאַג".

„האסאג". פּיין, הונגער און שמוץ איז דאָ געווען דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט. אָפּוואַשן אַ ביסל דאָס פּנים האָט געקאָנט בלויז דער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט אָפּצושפּאָרן אַ ביסל קאַווע פון זיין טעגלעכער האַלב־ליטערדיקער פּאָרציע.

די פּאָליציי־לייט טריאומפירן. זיי האָבן בשלימות דערפילט זייער חוב לגבי דעם „גרויסן רייך". איצט ערשט זיינען זיי די אמתע זין פון אַן אמתן „הערן־פאָלק".

די „אַקציעס" האָבן זיך דעם 1טן נאָוועמבער פאַרענדיקט. 6 און אַ האַלב טויזנט איבערגעבליבענע יידן זיינען פון די „שאַפן" און פון די צייטווייליקע אַרבעטס־לאַגערן איבערגעפירט געוואָרן אין דעם קליינעם געטאָ אויף ווייטערדיקן טויט־שרעק און צו ווייטירדיקע „סעלעקציעס"..

## ג.

דאָס „קליינע געטאָ" — דריי קליינע, שמוציקע, פאַראַלעל־ליגנדיקע, ענגע געסלעך, מיט שטעכעדיקן דראָט אַרומגעצוימט, פון שוץ־פּאָליציי און אוקראַינער טאָג און נאַכט באַוואַכט. זעקס און אַ האַלב טויזנט אַרמעטיקע שאָטנס, וועלכע האָבן ביים גורל אַ ביסל לעבן געגנבעט, זיינען אין אַ שטיקנדיקער שטייג איינגעשלאָסן. זעקס און אַ האַלב טויזנט, פון אַלעם באַרויבטע שקלאַפן, זיינען אין טויזנט צוויי הונדערט ענגע צימערלעך אַריינגעפּרעסט. דאָ זיינען די צום לעבן פאַרמשפטע געצוואונגען צו בויען זייער נייע היים. קיין אייגענע ווירטשאַפט איז נישטאָ. אַלע מוזן אַרבעטן און ציען די נעבעכדיקע חיונה זייערע פון דער קיך, וואָס דער יידן־ראַט פירט.

שוין פון 5 אַזייגער אין דער פרי מוזן אַלע זיין אויף די פיס און פאַרטיעסווייז, אונטער באַוואַכונג, מאַרשירן

צו די באַשטימטע אַרבעטס־פּלעצער מחוץ דעם געטאָ, וואו זיי זיינען אָנגעוויזן אויף פּיין, שפּאָט און חוזק. 9 אָוונט צעטראָגט זיך די אומעטיקע מעלאָדיע פון טרומפּייט, וואָס פאָדערט אויף צום שלאָף.

ווי אַ שווערער וואָלקן הענגט די מעלאַנכאָלישע שטימונג איבערן געטאָ־הימל. אַלע האָבן דאָך אַלץ און אַלעמען פאַרלוירן. מאַמעס גייען אויס פון צער, דערמאָנענדיק זיך זייערע קינדערס גלאַנציקע, לאַכעדיקע אויגעלעך. על פּי נס אָפּגעראַטעוועטע חנעוודיקע יידישע קינדער ליגן אין פינצטערע בונקערס און וויינענדיק, וויינען זיי אויס זייערע שוואַרצאַפּלען, בענקענדיק נאָך דער צאַרטער מאַמע־האַנט.

ביים אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט און ביים אַריינקומען צוריק, ווערן אַלע פּאַרטיעס גענוי געציילט און קאָנטראָלירט. די שטימונג איז דעמאָלט שטיל און ערנסט. דאָך הערט זיך פון צייט צו צייט ביים אַריינמאַרשירן אין געטאָ אַ מעכטיק געזאַנג פון אַ גרופּע אַרבעטער. דאָס איז נישט קיין געזאַנג פון שכרות און פרייד, דאָס פאַרהילכן אַזוי צוויי הונדערט אַרבעטער פון „מעבל־לאַגער'' די געוויינען פון לעבנגעבליבענע קינדער, וועלכע זיי שמוגלען איצט אין גרויסע ברויטטאָרבעס פון דרויסנדיקע בונקערס אין געטאָ אַריין, וואו עס זיינען שוין פאַר זיי נייע בונקערס צוגעגרייט.

כמעט יעדן טאָג, ביים אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט, שטייט זיך אַזוי, אויפן באַקאַנטן וואַרשעווער מאַרקפּלעצל, דער לאַגער־פירער — דער הענקער איבערשער און מיטן אויסגעבויגענעם הענטל פון זיין שטעקעלע כאַפּט ער, ווי אַ הונט־שלעגער, דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן ביים האַלדז און שלעפּט אים אין „יאַטקע" אַריין. פון דאַנען ווערן גרעסערע גרופּן אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסק און בליזשין. אָפט ווערן גאַנצע פּאַרטיעס אַראָפּגענומען פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער און אַוועקגעשיקט. יעדע „ווסילקע'' איז באַגלייט מיט קרבנות: אייניקע פאַלן, ווייל מען דאַרף די שקלאַפן לערנען אַ ביסל דרך־ארץ און אייניקע — ביים שפּרינגען פון די אויטאָס, אָדער פון די וואַגאָנעס.

מען שמועסט אַלץ אָפטער וועגן נייע טערמינען פון פולקאָמער ליקווידאַציע. די נערוון האַלטן נישט אויס פון כסדרדיקער אומרו און אומזיכערקייט. דער נאַטירלעכער דראַנג צום לעבן שטאַרקט זיך אָבער פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה. דאָס שטרעבן צו מאַכן אַ פאַרמעגן, כדי צו קאָנען אַנטלויפן פון געטאָ, ווערט אַלץ אָנציענדיקער. מען גנבעט גאַנצע פּעק פון די פּאָליצייי־מאַגאַזינען, וואו עס געפינט זיך דאָס אָנגערויבטע יידישע האָב און גוטס און מען פאַרקויפט אַרויס. די אומזיכערקייט מיטן מאָרגן וואַקסט אומגעהייער. מען איז רייך און מען וויל פאַרטויבן די אייגענע ליידן פון נעכטן און היינט. דאָס לעבן ווערט הפקר. פּרעס און זנות ווערט אין אַ קולט פאַרוואַנדלט. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט אין אַ געדיכטן, פינצטערן דזשאָנגל געלעבט.

אין דער זעלבער צייט אַנטוויקלט זיך אַ צווייט לעבן, אַ לעבן אין בונקערס און אין טיפע קעלערן. דאָ זיצט יוגנט, מענער און פרויען, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער איינשטעלונג, און שטאַלט אויס זייער געפיל פון נקמה. זיי איז מיאוס די שווערע לאַסט פון געטאָ־לעבן. די צום טויט־פאַרמשפּטע וואַרפן דאָ אַראָפּ פון זיך דעם יאָך פון פּיין און פאַרצווייפלונג און שמידן אויס דעם ווילן צום קאַמף. יינגלעך און מיידלעך, כמעט נאָך קינדער, האָבן די דאָזיקע קעלערן אין אַ וואונדערבאַר „צויבער־לאַנד'' פאַרוואַנדלט. דער אומעט איז דאָ אין צאַרטער ליבע פאַרטוישט און די פאַרצווייפלונג — אין האַס. ליבע און האַס. ליבע צום אָנדענק פון די אַזוי טראַגיש אומגעקומענע און האַס צו די דייטשע תליונים. טאָג און נאַכט ווערט דאָ אומדערמידלעך געאַרבעט. מען קויפט איין רעוואָלווערן, מיט מסירת־נפש שמוגלט מען אַריין קוילן אויף דינאַמיט, וואָס ווערט אַרויסגעגנבעט פון דייטשע אַמוניציע־פאַבריקן. כמעט אָן דערפאַרונג, מיט הוילע הענט, ווערן אויסגעאַרבעט אייגנאַרטיקע גראַנאַטן. עס ווערט אויך צוגעגרייט אַ גרויסער טונעל, וואָס דאַרף דינען אין פאַל, מען וועט זיך דאַרפן צוריקציען פון קאַמף. מען אינקאַסירט פון רייכע יידן געלט אויף געווער און מען ענדיקט אויס פאַררעטער. די שטימונג אין געטאָ ענדערט זיך אויך ביסלעכווייז, איבערהויפּט נאָך דער גרויסער מפּלה פון דער דייטשער אַרמיי ביי סטאַלינגראַד. די צאָל קעמפער ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער און די אַרבעט אינטענסיווער.

די שוץ־פּאָליציי פירט אָבער ווייטער איר פאַרניכטונג־אַרבעט. אַלע מאָל קומען נייע גזירות. עס ווערט פאַרווערט, אַז מענער און פרויען זאָלן וואוינען אויף איין און דער זעלבער גאַס. יעדער טאָג ברענגט נייע קרבנות. עס ווערן צעשאָסן די, אויף וועמענס באַקן עס בליט טובערקולאָז־פיבער. עס ווערן צעשאָסן מענער, וואָס וואַגן איבערצוטרעטן די שוועלן פון זייערע שוועסטער, וואָס וואוינען אויף דער פרויען־גאַס און — פאַרקערט. עס ווערן צעשאָסן די, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס אין געטאָ און גייען נישט אַרויס צו קיין אַרבעט. עס ווערן געשאָסן מאַמעס, וואָס זיינען פון זינען אַראָפּ. עס ווערן צעשאָסן 14 יעריקע קינדער, וועלכע גיין נישט צו קיין אַרבעט, ווייל זיי ווילן פאַרהיטן זייערע וואַנזיניקע מאַמעס פון זעלבסטמאָרד אאַז"וו.

דעם 3טן **יאַנואַר 1943, 10 אַזייגער פרי. דאָס געטאָ** איז פון דרויסן געדיכט באַשטעלט מיט אוקראַינער און זשאַנדאַרמען אין פולער באַוואָפענונג. דאָס געטאָ ווערט אויפגעטרייסלט. עס רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. מען לויפט פון אָרט צו אָרט. מיט אויגן פול פּחד קוקט איינער אויפן צווייטן. די פראַגע: „וואָס וועט שוין ווייטער פאָרקומען?" גייט נישט אַראָפּ פון קיינעמס מויל. דאָס געטאָ איז פול מיט אומרו. די זשאַנדאַרמען אין העלמען שפּאַצירן זיך רואיק פון דרויסן האַרט ביי די דראָטן און קוקן מיט גלייכגילטיקייט אויף דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין געטאָ. פּלוצים, דאָס געטאָ ווערט

פול מיט אוקראַינער, גראַנאַט־פּאָליציי, זשאַנדאַרמען און יידישע אָרדענונג־דינסט. שרעקלעכע קולות און גוואַלדן טראָגן זיך פון איין עק געטאָ צום צווייטן. עלטערע מענטשן, טאַטעס מיט קינדער, ווערן אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, פון די קעלערס און בוידעמער. אייניקע לאָזן זיך גלייכגילטיק פירן, אַנדערע וואַרפן זיך אויף דער ערד און ווערן זיך מיט ציין און נעגל. דאָס בלוט אין די אָדערן ווערט פאַרגליווערט, צוקוקנדיק זיך צום דאָזיקן טראַגישן געראַנגל. פאַרנאַכט ווערט די „אַקציע" איבערגעריסן, אָבער נישט פאַרענדיקט. אויף מאָרגן אין דער פרי, די „אַקציע" ווערט קאָנטוניאירט. מען שלעפּט ווייטער גאַנצע מחנות מאַמעס מיט קינדער פון



גערענק־טאָוול אויפן קבר פון זעקס דערשאָסענע קעמפער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע (19־טן מערץ 1943).

באַהעלטענישן. שרעקלעכע קולות פון פאַרצווייפלונג טראָגן זיך כמעט מיט אַן אומאויפהערלעך געשיסעריי. אַלע פון געטאָ ווערן אַרויסגעטריבן אויפן באַקאַנטן מאַרקפּלעצל. ס'קומט פאָר אַ נייע „סעלעקציע". די קעמפער פון „צויבער"־לאַנד גיבן אָפּ זייער ערשטן עקזאַמען: מענדל פישעלעוויטש שיסט צו די זשאַנדאַרמען. 25 יידן באַצאָלן דעמאָלט מיטן לעבן, צווישן זיי פישעלעוויטשעס נאָענטסטער חבר י. פיינער, דער אַלטער בונדישער באַיאָוועץ הערשל פריימאַן און דער מיטגליד פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אדוואָקאַט ראָזענשטיין. העכער דריי הונדערט מענער, פרויען און דער עיקר קינדער, ווי אויך יוגנטלעכע קעמפער, ווערן געשיקט אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג קיין ראַדאָמסק, כדי צו דערגאַנצן דעם דאָרטיקן טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע.

דאָס געטאָ באַקומט אַן אַנדער געשטאַלט. מען גרייט זיך פיבערהאַפט צום אַנטלויפן אין בונקערס, וועלכע מען האָט פריער פאַר גרויסע מאַיאָנטקעס געהאַט צוגעגרייט. גרויע פרויען און מענער באַקומען איבערנאַכט פעך־שוואַרצע האָר. יונגע שוואַרץ־חנעוודיקע מיידלעך און ייִנגלעך ווערן מיט אַמאָל בלאָנד. מען אַנטלויפט מיט פאַלשע פּעסער אויף דער פּוילישער זייט און מיט פאַלשע „קען־קאַרטן" שמוגלט מען זיך קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. נישט ווייניק פון זיי ווערן אויסגעגעבן, אָדער צופעליק דערקענט און קומען אום. דער דראַנג צום אַנטלויפן ווערט דאָך נישט קלענער.

די יוגנט רוט נישט און גרייט זיך פיבערהאַפט. עס גייען גרופּן אין די וועלדער, עס גייען אַרויס גרופּן אויף פאַרשיידענע דיווערסיע־אַרבעטן. פיל פון זיי קומען אום, מיטשלעפּנדיק מיט זיך אויך זייטיקע קרבנות.

פעברואַר 1943. פון אויער צו אויער ווערט איבערגעגעבן, אַז יידן, וועלכע האָבן קרובים אין פאַלעסטינע, וועלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וואָס געפינען זיך אין ענגלאַנד. אַ נייער שטראַל פון האָפענונג הייבט אָן באַלויכטן די געמיטער פון הונדערטער אומגליקלעכע. דער יידן־ראַט פירט די רעגיסטראַציע. ווער עס האָט נישט קיין משפחה אין פאַלעסטינע, „באָרגט" זיך אויס אַזעלכע ביי באַקאַנטע און רעגיסטירט זיך אויך. צוויי וואָכן פירט זיך די רעגיסטראַציע און ווערט איבערגעריסן. הונדערטער שקלאַפן לעבן איבער אַ נייע אַנטוישונג.

20טער מערץ, 1943, פורים. אַ זוניקער שיינער טאָג. אין געטאָ פילט זיך אַ ביסל יום־טובדיקייט. באַזונדערס יום־טובדיק איז ביי דער דאָקטוירים־משפחה, וועלכע פייערט היינט דעם געבורטס־טאָג פון דעם שענסטן קינד אין געטאָ — פון דער קליינער לילי ווינער. אַלע דאָקטוירים מיט זייערע משפחות זיינען איצט פאַרזאַמלט ביים דאָקטער ווינער אין שטוב. די מענער פירן אַ לעבהאַפטן שמועס: ד"ר ווינער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַלס טראַנספּאָרט־אַרבעטער, דעם 27טן סעפּטעמבער 1942, אין סאַמע ברען פון דער אויסזידלונגס־אַקציע, אַריינבאַקומען אין קוואַראַנטין און אַהין מיט גרויס מסירת־נפש אַריינבאַקומען אויך זיין פרוי מיט די צוויי קינדער. ד"ר בלומענפעלד מאַכט זיינע פּעסימיסטישע אויספירן וועגן ווייטערדיקן גורל פונעם ביסל לעבן געבליבענע יידן, דער יונגער ד"ר ליפּינסקי פּרואווט אַלעמען איבערצייגן, אַז די יידישע דאָקטוירים אין טשענסטאָכאָוו וועלן איבערלעבן דעם קריג, ווייל דער הענקער דעגענהאַרט האָט אַ ספּעציעלע שוואַכקייט צו דאָקטוירים און ד"ר קיאַק ווילט דעם עולם מיט זיינע הומאָריסטישע שילדערונגען וועגן אויסזען פון דייטשלאַנד נאָכן קריג. די גרעסטע צאָל געסט איז אָבער אַבסאָרבירט מיטן פאַרווילן זיך פון די פּאָר צענדליק קינדער. אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט איז איצט צוגעשמידט צום טאַנץ, וואָס עס פירט אויס דאָס קליינוואַרג. די קינדער זיינען צעשטראַלט. באַזונדערס שטראַלט איצט די קליינע לילי. דאָס שוואַרצע סאַמעטענע קליידעלע, די ווייסע סקאַרפּעטן אויף אירע שלאַנקע פיסלעך, דער גרויסער שניי־ווייסער באַנד אין די געדיכטע שוואַרצע הערלעך אויפן קעפּל גיבן איר צו אַ ספּעציעלן חן. לילי שיינט איצט אינגאַנצן. היינט איז דאָך איר יום־טוב, היינט פייערט מען דאָך איר 7־יאָריקן געבורטס־טאָג. די

געסט קענען נישט אָפּרייסן זייערע בליקן פון דעם צאַרטן, שיינעם און פּרעכטיק געבויטן קינד.

פּלוצים צעטראָגט זיך אַ נייער באַפעל פון הויפּט־מאַן: דער יידן־ראַט, אַלע דאָקטוירים און בכלל אינטע־ליגענץ, דאַרפן זיך צושטעלן מיט זייערע משפחות אויף דעם אַזוי טרויעריק באַרימטן מאַרק־פּלעצל. דאָס געטאָ איז אויפסניי אויפגערודערט. דער פּלאַץ איז פול מיט מענער, פרויען און קינדער. דער הויפּטמאַן דערקלערט, אַז זיי ווערן געשיקט נאָך פּאַלעסטינע. עס שטייען דאָ צוגעגרייט גרויסע לאַסט־אויטאָס אָן באַוואַכונג. אַלע מוזן איינשטייגן אין די אויטאָס. די אויטאָס רירן לאַנג־זאַם. אויף דער וואַרשעווער גאַס שטעלן די אויטאָס זיך אָפּ. פון פאַרשיידענע באַהעלטענישן שפּרינגען אַרויס באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען. ס׳קומען אָן נייע אויטאָס מיט זשאַנדאַרמען. שנעל באַוועגן זיך איצט די אויטאָס אין דער ריכטונג פון יידישן בית־הקברות. די קרבנות דער־פילן די דראָענדיקע געפאַר. דער 20־יאָריקער וו. קאָפּינ־סקי, אַ מיטגליד פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, שפּרינגט דער ערשטער פון לויפנדיקן אויטאָ, נאָך אים שפּרינגען פיל אַנדערע, פון וועלכע בלויז 6 גיט זיך איין צו אַנטלויפן פון טויט. די איבעריקע 127 מאַן — דאָס רעשטל פון דער פּראָפעסיאָנעלער יידישער אינטעליגענץ — ווערן געבראַכט אויפן יידישן בית־עולם. דאָס גאַנצע בית־הקברות איז באַשטעלט מיט ווערקשוצן און אוק־ראַינישע הילפס־פּאָליציי. די קרבנות ווערן געצוואונגען אַראָפּצוציען פון זיך די קליידער און איינציקווייז ווערן זיי אויסגעשאָסן. מיט דער דאָזיקער „הייליקער׳׳ עבודה פאַרנעמען זיך בלויז די זשאַנדאַרמען. פריער ווערן אויס־געשאָסן די עלטערע. מיט די קינדער האָבן די דייטשע הענקער נאָך צייט. מיט קינדער גלוסט זיך אַ ביסל צו שפּילן. עס איז דאָך פאָרט קינדער און זיי אַליין זיינען דאָך אויך טאַטעס . . . פאַר די הערעלעך, אָדער פאַר די פיסעלעך ווערן קינדער אויפגעהויבן אין דער הויך מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער — צילט מען אין די הערצלעך זייערע, אָדער אין די קעפּלעך. עס שאַדט נישט, וואָס אַלע קינדער הויכן נישט תיכף אויס זייערע נשמהלעך. נישקשה, די ערד דעקט צו אויך די, וועלכע קענען נאָך אַרויסשרייען זייער לעצטן מאַ . . .

די קליינע לילי איז די לעצטע. אַלץ איז פון איר אַראָפּגעצויגן. בלויז דער ווייסער באַנד אויפן קאָפּ — אַ זכר פון איר יום־טוב — האָט מען איר איבערגעלאָזט. די קליינע שטייט אין איר גאַנצער פּראַכט און אירע גרויסע שוואַרצע אויגן בלאָנדזשען פון איין מערדער אויפן צווייטן. שווער צו באַצייכענען, וואָס עס שפּיגלט זיך אָפּ אין די אויגן פון דעם קליינעם, צאַרטן קינד. די זשאַנדאַרמען, שוין גענוג אָנגעזעטיקט מיט בלוט, וואַגן איצט נישט אויפצוהייבן די הענט צום שיסן. יעדער וויל, אַז אַ צווייטער זאָל פאַרענדיקן די בלוטיקע שפּיל. אַ גרעסערע פּויזע . . . דער הויכער, ברייטביייניקער לאַ־גערפירער איבערשער רייסט איבער די פאַרלעגנהייט פון זיינע קאַמראַדן. מיטן אויסרוף: „פאַרן פאָטערלאַנד״ צילט ער אין ברוסטל פון דער קליינער לילי, וועלכע שליסט איצט די קייט פון 127 קרבנות אין 7טן יאָרטאָג פון איר געבוירן.

הונדערט זיבן און צוואַנציק מאַן האָבן אויסגעפילט אַ נייעם מאַסן־קבר, וואו אַן אומבאַקאַנטע האַנט האָט אַוועקגעשטעלט אַן אָפּגעבראָכענעם שטיין פון אַ גע־שענדעטער מצבה, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעקריצט: „טשענסטאָכאָווער יידישע אינטעליגענץ, פּורים, דעם 20טן מערץ 1943״.



גערענק-טאָוול אויפן ברודער-קבר
פון די געפאַלענע דעם 3-טן יאַנואַר 1943.



די מצבה אויפן ברודער-קבר פון דער
„טשענסטאָכאָווער אינטעליגענץ״.




אַ טייל נעמען אויף דער מצבה פון דעם ברודער-קבר.

פון דעם 1טן ביז דעם 4טן מאַי 1943 איז דאָס געטאָ געשלאָסן. מען לאָזט נישט אַרויס קיינעם צו קיין אַרבעט. קיין איין אַרבעטס־פּלאַץ איז נישט טעטיק. „דאָס יידן־פּראָבלעם איז איבער אַלעס!״ די שטימונג אין געטאָ — אַ דערשלאָגענע. מען קאָמענטירט פאַרשיידן. אייניקע האַלטן, אַז דאָס איז אַן אַריינפיר צו אַ פולקאָמער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַנדערע טייטשן דאָס אויס אַלס מיטל צו פאַרהיטן, אַז דעם 1טן און דעם 3טן מאַי, אין די יום־טוב־טעג, זאָלן זיך יידן מיט קיין פּאָליאַקן אויף די אַרבעטס־פּלעצער נישט צוזאַמענטרעפן. דערווייל איז אין געטאָ אַ הונגער. די אומרואיקייט איז גרויס. מען שמוגלט אַרויס מענטשן אין קאַסטנס פון מיסט און אין די זעלביקע קאַסטנס שמוגלט מען אַריין ברויט. דעם 5טן מאַי פאַרטאָג דערהערט זיך אויפסניי דער טרומפּייט, וואָס רופט צו אַרבעט. די געמיטער באַרואיקן זיך אַ ביסל.

עס שלעפּן זיך אַזוי אַוועק ווייטער אַ פּאָר וואָכן מיט זייער „נאָרמאַלן״ און טראַגישן לעבנס־גאַנג.

צווייטע העלפט יוני 1943. אַן איבערפאַל פון דער שוץ־פּאָליציי אויף די יידישע אַרבעטער אין „מעבל־לאַגער״. עס פאַלן קרבנות. אין אַ פּאָר טעג אַרום ווערן ליקווידירט אַלע קלענערע אַרבעטס־פּלעצער. עס ווערט פאַרשלעפּט און דערמאָרדעט דער טיכטיקער ד״ר א. וואָלבערג. עס ווערן אויך דערמאָרדעט אַ צוויי צענדליק אַרבעטער, וועלכע זיינען באַשעפטיקט אין די פּאָליציי־מאַגאַזינען. די קאַטאַרזשניקעס אין געטאָ פאַרשטייען, אַז עס קומט אָן פאַרן געטאָ דער לעצטער און אַנטשיינדיקער אַקט.

דעם 25טן יוני 1943 נאָכמיטיק ווערט דאָס קליינע געטאָ אַרומגערינגלט און באַשאָסן. די בונקערס מיט געווער ווערן אַנטדעקט און די קעמפער אין די בונקערס קומען אום. עס קומט אָן די נאַכט און די „אַקציע״ ווערט איבערגעריסן.



אַ דעלעגאַציע פון דער טשענסטאָכאָווער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און מיטגלידער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע לייגן בלומען אויף די מאַסן־קברים אין קליינעם געטאָ. (יוני 1945).

**דעם 26טן יוני, 10 אַזייגער פרי. אַלע מענער ווערן** אַרויסגעטריבן אויפן באַקאַנטן מאַרק־פּלעצל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמען, געסטאַפּאָווצעס, ווערקשוצן און זעלנער. אין דער מיט פּלאַץ וועגענער מיט טויטע קערפּערס. ווער עס האָט געלט און צירונג מוז, אונטער דער דראָאונג פון טויט, אָפּגעבן די זשאַנדאַרמען. עס ווערן אַרויסגעשלעפּט פון די רייען אַלע די, וועלכע האָבן געוואוינט אין די הייזער, וואו עס האָבן זיך געפונען די בונקערס מיט געווער. עס ווערן אויך אַרויסגעשלעפּט פון די רייען עלטערע יידן און טאַטעס מיט קינדער. אונטער קלעפּ פון קאָלבעס ווערן זיי געלאָדן אויף גרויסע לאַסט־אויטאָס. די קולות און דער שוידערלעכער געיאָמער פון די פרויען אין געטאָ, וועלכע קוקן זיך צו און פאַרשטייען, וואָס דאָ קומט פאָר, איז נישט אויסצוהאַלטן. די געפּאַקטע אויטאָס פאָרן אָפּ אין דער ריכטונג פון יידישן בית־עולם און די איבעריקע מענער ווערן אַוועקגעפירט אין די אַרומיקע אמוניציע־פאַבריקן פון „האַסאג״.



אַ פראַגמענט פונעם צעשטערטן בית-עולם.

אין דער זעלביקער צייט באַלאַגערט שוץ־פּאָליציי און געסטאַפּאָ דעם אַרויסגאַנג פון טונעל מחוץ דער געטאָ. אַ קורצער און אַנטשיידענער קאַמף. עס פאַלן אַלע יוגנטלעכע קעמפער, אָבער אויך געסטאַפּאָ און שוץ־פּאָליציי גיבן זייערע קרבנות.

עס קומט אָן די ריי אויף די פרויען. מאַמעס מיט קינדער ווערן, אונטערן געיאָמער פון די איבעריקע פרויען, געפּאַקט אין לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט אויף אומקום. די רעשט פרויען, וועלכע האָבן נישט מיט זיך קיין קינדער, ווערן, ווי די מענער פריער, אַוועקגעפירט אין די אַמוניציע־פאַבריקן. אויף מאָרגן, דעם 27טן יוני, דערקלערט דער הויפּט־הענקער דעגענהאַרט אַן אַמנעסטיע פאַר די אַלע, וועלכע ליגן נאָך באַהאַלטן אין געטאָ. אייבער דער אָפּגעטויטער געטאָ צעטראָגט דער יידישער אָרדענונגס־דינסט די „בשורה״ פון אַמנעסטיע. 84 מאַמעס, 60 טאַטעס און קנאַפּע הונדערט קינדער קריכן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. צוויי טעג לאָזט מען זיי זיך טרייסטן מיטן גלויבן אין דער אַמנעסטיע. אויפן דריטן טאָג ווערן זייערע האָפענונגען אויף אייביק איבערגעריסן . . . מאַמעס מיט קינדער פאַרגרעסערן ווייטער די צאָל מאַסן־קברים אין טשענסטאָכאָוו.

הויז נאָך הויז ווערט מיט דינאַמיט אויפגעריסן. הונדערטער באַהאַלטענע קומען אום אונטער די חורבות. צענדליקער, וועלכע זיינען אַרויס פון די בונקערס נאָך דער „אַמנעסטיע“, ווערן דערשאָסן אויפן אָרט און פאַר־ברענט. אַ סך ווערן לעבעדיקערהייט אין פייער געוואָרפן. הערלעכע טרוימען ווערן אין רויך און אין אַש פאַרוואַנדלט.



דאָס אָרט וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען די אַלטע שול.

מענטשן־פאַקעלן טראָגן זיך מיט פלאַמענדיקע צינגער צום הימל און אין שיין פון די פלאַמען טאַנצן אויס די דייטשע מערדער — די זין פון „הערן־פאָלק“, זייער גרויזאַמען פאַרניכטונג־טאַנץ לכבוד דעם „דריטן רייך“.

## ד.

„האסאג“ — צוויי אַמוניציע־פאַבריקן „פעלצער“ און „ראַקאָוו“. דאָ איז איצט דער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר 3990 נאָך לעבן געבליבענע יידן אין טשענ־סטאָכאָוו. פון זיי האָט זיך די שוץ־פאָליצײַ דערווייל אויסגעבאָרגט צו איר דיספּאָזיציע 230 מאַן. די שטימונג ביי די לעבן געבליבענע איז אַ דערדריקטע. ווער עס האָט פאַרלוירן זיין לעצט קינד און ווער — זיין לעצטן פריינט. אַלע זיינען אַלעמען פרעמד. אַלע פילן זיך איינזאַם. מיט פאַרביטערונג ריידן איייניקע וועגן די, וואָס האָבן געוואַגט זיך גרייטן צום קאַמף און דאָס נייע אומגליק צוגעאיילט. אויך די קליינע צאָל געבליבענע קעמפער פילן זיך אַביסל שולדיק און אומהיימלעך. שולדיק — אפשר האָבן זיי טאַקע דאָס אומגליק צוגעאיילט. און אומהיימלעך, ווייל פון איייניקע בליקן לייענען זיי אַרויס ווייטיקלעכן פאַרדרוס. דער הונגער לאָזט זיך שטאַרק פילן. 20 דעקאָ ברויט און אַ ביסל שיטערע זופּ פון געטריקנטע צוויקל (זוילן־זופּ אויף „האסאג“־לשון), וואָס ווערט אַרויסגעגעבן טעגלעך אויף אַ מאַן, קען קיינעם נישט זעטיקן. דאָך הייבט מען זיך אָן ביסלעכווייז אויך צו דעם צוגעוואוינען. עס גנבעט זיך אַריין דער געדאַנק: אפשר וועט מען כאָטש דאָ בלייבן לעבן? עס איז דאָך אַן אַמוניציע־פאַבריק און הענט צו אַרבעט דאַרפן זיי דאָך! הונגעריקע, צעבראָכענע, אָבער מיט אַ שיין פון נייער האָפענונג, האָט מען אַזוי אָפּגעלעבט דריי וואָכן





פראַגמענטן פון צעשטערטן קליינעם געטאָ.

מיט צוויי טעג. דריי וואָכן מיט צוויי טעג געהונגערט, צעפרעסן פון לייז און דריי וואָכן מיט צוויי טעג גע־גלויבט, אַז מען וועט שוין בלייבן לעבן, ווייל די אַרבעטס־קראַפט פון די שקלאַפן איז זיי איצט נויטיק פאַרן „זיג“.

דעם 19טן יולי, 1943, 11 אַזייגער ביינאַכט. אַלע ווערן אַרויסגעטריבן אויפן גאַס. אַלע מוזן אַדורכמאַר־שירן דורך אַ שמאָל געסעלע, וואו עס קומט פאָר אַ נייע „סעלעקציע“. דאָס מאָל ווערט די „סעלעקציע“ גע־פירט דורך די מייסטערס פון דער פאַבריק און דורך דעם ווערקשוץ־לייטער. די שוץ־פאָליצײַ אַסיסטירט בלויז. מען קוקט יעדן באַזונדער אַריין אין פּנים און מען שאַצט. ווער ס'איז, לויט זייער מיינונג, צו אַלט, אָדער צו יונג, ווערט אַוועקגעשטעלט באַזונדער. יעדער מייסטער ווייזט אויך אָן, ווער פון זיינע שקלאַפן עס דאַרף אַלס „פוילענצער“ גיין אויף אומקום. אַ שוידערלעך געיאָמער טראָגט זיך איבער דער גאַנצער פאַבריק. עס יאָמערן די, וואָס גייען איצט אויף אומקום. עס וויינען נישט ווינ־ציקער אויך די איבעריקע — די דערווייל נאָך לעבן גע־בליבענע. אַלע זיינען איצט איבערצייגט, אַז אויך די אַמוניציע־פאַבריק איז ווייניקער וויכטיק ווי דאָס „יידן־פּראָבלעם“.

260 מאַן זיינען אין אַ פינצטערן קעלער אַריינגעוואָרפן און לעבן איצט איבער זייער לעצטע נאַכט פון שרעקלעכן קאָשמאַר. 260 מאַן וואַרטן איצט אויף דער איינציקער דערלייזונג זייערע — אויפן טויט. אויף מאָרגן פרי, דעם

20טן יולי, איז דער גאַנצער יידישער אָרדענונגס־דינסט מיט זייערע משפחות אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם זעלבן קעלער. אויך די שוץ־פּאָליציי גיט צושטייער אויף דעם „הייליקן" צוועק 130 מאַן פון אירע שקלאַפן. דעם זעלבן טאָג, 11 אַזייגער פאַר מיטאָג, קומט פאָר אין קע־לער אַ שרעקלעכער געראַנגל. עס קעמפן העכער 400 צום טויט־פאַרמשפּטע מיט די מייסטערס, וועלכע פאַר־טויבן מיט האַמערס יעדן קרבן פאַרן אַרויפוואַרפן אויף די אויטאָס. אויך דאָס מאָל זיינען די זיגער די דייטשע הענקער.

שטיל וויינען נאָך די לעבן געבליבענע און צוזאַ־מען מיט זיי וויינען די פינצטערע קעלער־ווענט מיט אויפשריפטן פון די נאָר וואָס אומגעקומענע:

„רובינקו פעלדמאַן, איך זעגן דיך, זון. האַלט זיך גוט!" — דיין מאַמע ח. פעלדמאַן.




אויפשריפטן פון דערמאָרדעטע צו זייערע קרובים, אויסגעקריצט מיט די הענט פון די קרבנות אויף די ווענט פון די קעלערן אין „האַסאַג" און אויף די חורבות פונעם אַרעסט-הויז ביי דער יידישער פּאָליציי אינעם קליינעם געטאָ, פאַר זייער גיין צום טויט.

„טייערער רובין. איך גיי אַוועק רואיק. איך קוש דיך". — דיין מאַמע חנה.

„טייערע טאָכטער יאַדזשע. איך גיי רואיק אויפן טויט. פאַרליר נישט די האָפענונג! איך קוש דיך". — דיין מאַמע מאָשקאָוויטש.

„איך גיי אַוועק רואיק". — יוזשיק יונג.

„זאשא ווינדאר געזעגנט איר מאַן קלמן. איך גיי אַוועק רואיק". — זאַשא ווינדאר.

„איך בין שוין מיד צו אַנטלויפן כסדר פון טויט. איך גיי אַוועק רואיק. ווי אַזוי וועלן מיינע קינדער לעבן? וואָס וועט מיט זיי זיין?" — ח. ש.

**דער יידישער בית־עולם האָט זיך ווייטער פאַר־גרעסערט מיט אַ גרויסן מאַסן־קבר פון העכער 400 מאַן. די מייסטער, דער לאָמער ווערקשוץ־לייטער קלעם מיט זיין געהילף — דעם 140 צענטימעטערדיקער קריפּל שטיג־ליץ האָבן באַוויזן, אַז זיי קענען די „הייליקע" אַרבעט נישט ערגער פון דער שוץ־פּאָליציי.**

אויף אַ שטח פון אַ קנאַפּן קוואַדראַט קילאָמעטער אַרומגעצוימט מיט אַ שטעכעדיקן דראָט, געדיכט באַוואַכט פון אַלע זייטן מיט ווערקשוצן, ווערן אויף שנעל אויס־געבויט הילצערנע באַראַקן. דאָ איז דער וואוין־פּלאַץ פאַר 3,000 מאַן. יעדער טאָג נעמט צו זיין צאָל קרבנות:





וואוין-באַראַקן אין „האַסאַג".



אַ פראַגמענט פון „האַסאַג".

ווער עס ווערט געשאָסן פון אַ ווערקשוץ גלאַט אַזוי זיך, ווער דורך דער געסטאַפּאָ פאַר עפּעס אַ חטא, ווער פאַר אַ פּרואוו צו אַנטלויפן און ווער דורך אַ מייסטער אַלס „פוילענצער". ווערט געבוירן אַ קינד, מוז עס תיכף

דערמאָרדעט ווערן. איז עמיץ שווער קראַנק, גיט זיך אויף מיט אים דער „לאָמער" אַן עצה . . .

די טעג אין לאַגער זיינען איינטאָניק. יעדער טאָג 5 אזייגער פרי מוזן שוין אַלע זיין אויף דער ציילונג. דער קריפּל שטיגליץ מאַכט זיך דאַן אַ צירק: פאַר פאַר־שפּעטיקן צו דער ציילונג, צווינגט ער עלטערע פרויען זיך צו קושן מיט יונגע יינגלעך און יונגע מיידלעך — מיט עלטערע יידן. פאַר דעם זעלבן חטא באַשטראָפט ער אויך מיט 10, 20 און מער שמיץ. אויך אַנדערע באַקומען שמיץ: גאַנצע פּאַרטיעס ווערן טאָג־טעגלעך געפירט דורך די מייסטערס אויף דער וואַכע פון די ווערקשוצן איינצוקאַסירן זייער צאָל שמיץ פאַר נישט אויספירן די אַרבעטס־נאָרמע. אייניקע קומען אָפּ בלויז מיט אַ „קראַט־קע" (אויף „האסאג"־לשון — צייכנס אויפן אונטערשטן קערפּער־טייל). אַנדערע וואַנדערן פון דער וואַכע גלייך אין שפּיטאָל.

דאָס ביסל יידן איז דאָ אין אַ גרויסער, פאַרגלי־וועטער מרה־שחורה־מאַסע פאַרוואַנדלט געוואָרן. די קאַטאָרזשנע אַרבעט, צווישן גרויע פאַבריק־ווענט, מער־דערישע מייסטערס און שווערע מאַשינעס, ביי וועלכע מען דאַרף אַרבעטן צו 12, 14 און מער שעה, שטייענדי־קערהייט און דער הונגער ברענגען צו זייערע רעזולטאַטן. מען טרעפט מענטשן איינגעטריקנטע, וואָס די הויט האַלט קוים אויף די ביינער זאָלן זיך נישט צעפאַלן. מען טרעפט אויך אַזעלכע, וואָס שלעפּן קוים זייערע פיס גע־שוואָלענע פון הונגער. טיפוס און טובערקולאָז האָבן דאָ זייער רייכן שניט. שמאַטענע קליידער און האָלץ־שיך, געבראַכט פון פאַרשיידענע אויסגעיעבדיקטע לאַגערן, איז דאָ די נאָרמאַלע קליידונג. אַפּאַטיע און רעזיגנאַציע האָט אָנגעהויבן זיך פאַרשפּרייטן, וואָס ווייטער אַלץ מער.

די פּאָליטישע פּאַרטייען אָבער הייבן אָן ביסלעכ־ווייז אויפסניי אויפצולעבן. עס ווערן געשאַפן קעמערלעך דורך: פפ"ר, בונד, לינקע פּועלי־ציון און אַנדערע ציו־ניסטישע גרופּירונגען. מען פאַרשטענדיקט זיך מיט פּוילישע אַרבעטער, וועלכע שמוגלען אַריין פאַר די יידן שפּייז און פאַר די קעמערלעך פאַרשיידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע צייטונגען. די חברים פון דרויסן בינדן אָן מיט אונדז אַ קאָנטאַקט. זיי שיקן אַריין בריוו, ביולע־טינען און בראָשורן. („אַ יאָר טרעבלינקע" פון וויערניק, ביולעטין פון בונד מיטן לעצטן בריוו פון אַרטור זיגל־בוים א"אַ). אויך ליטעראַטור און בריוו פון אויסלאַנד שיקן זיי אַריין. מען האָט אויך אָנגעהויבן צו באַקומען פינאַנציעלע הילף אויף דעם זעלבן וועג. עס זיינען תיכף אָרגאַניזירט געוואָרן צוויי אומלעגאַלע קיכן: איינע פאַר קראַנקע און אַ צווייטע — פאַר קינדער און יוגנטלעכע. עס ווערט אויך אָרגאַניזירט אינדיווידועלע הילף פאַר די אַלע, מיט וועלכע מען קען זיין זיכער. די חברים פון דרויסן טיילן מיט וועגן ליקווידאַציעס פון פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן (טראַווניק, פּיאַנקי א"אַ) און וואָרענען אונדז פאַר אילוזיעס. עס אַנטשטייט אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָמיסיע פון 5 מאַן, וועלכע קאָנצענטרירט אין איר האַנט די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטי־שע טעטיקייט. עס ווערן צוגעגרייט פּלענער פון ווידער־שטאַנד אין פאַל פון עפּעס אַן „אַקציע". עס ווערן אויס־געאַרבעט דריי פּלענער: 1. אָרגאַניזירן אין די באַראַקן פינפטלעך, וועלכע גרייטן צו מכשירים, מיט וועלכע זיי דאַרפן זיך באַנוצן ביים אַרויסטרעטן אין קאַמף. 2. אויפ־רייסן די פאַבריק דורך אונטערצינדן דעם דינאַמיט־מאַ־גאַזין. 3. אָרגאַניזירן הונדערט פינף און צוואַנציק מאַן, וועלכע דאַרפן גרייט זיין מקריב צו זיין זייער לעבן און אָנפאַלן אויף דער וואַכע פון די ווערקשוצן, אַנטוואָפענען זי, באַהערשן די פאַבריק אויף אַ געוויסער צייט, כדי אַ גרעסערע צאָל מענטשן זאָל קענען אַנטלויפן. די מאַסע אין די באַראַקן לעבט אויף. די קעמערלעך מערן זיך פון טאָג צו טאָג. אַ באַזונדערע אויפלעבונג מערקט זיך נאָך דעם 22טן יולי 1944, ווען די פרעסע האָט געבראַכט די ידיעה וועגן אַטענטאַט אויף היטלערן. באַזונדערס אינ־טענסיוו זיינען די קעמערלעך פון פפ"ר און בונד.

אין אַ געוויסן טאָג באַפאַלן ווערקשוצן די באַראַקן און קאָנפיסקירן אַלע אָנגעזאַמלטע מכשירים. דער ער־שטער פּלאַן איז דורכגעפאַלן. דער דינאַמיט־מאַגאַזין איז צוויי מאָל אונטערגעצונדן געוואָרן. ביידע מאָל אָבער האָט זיך די פייער־לעשער איינגעגעבן דאָס פייער צו לאָקאַליזירן. דאָך פאַלט נישט דער מוט ביי קיינעם. דער זיגרייכער מאַרש פאָראויס פון דער רויטער אַרמיי שטאַרקט דעם קאַמף־ווילן. מען גרייט זיך דעריבער צום דריטן און אַנטשיידנעם אַרויסטריט. די גרופּע פון הונדערט פינף און צוואַנציק ווערט פאַרטאָפּלט.

דערווייל האַלט זיך די צאָל יידן אין די טשענסטאָ־כאָווער לאַגערן אין איין פאַרגרעסערן. מען ברענגט יידן פון לאָדזש, סקאַרזשיסק און פּלאַשאָוו. די לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו ציילן שוין 11 טויזנט מאַן. די שטימונג הייבט זיך אָן ביסלעכווייז צו ענדערן. דאָס כסדרדיקע פאַרזיכערן: „איך וועל שוין מער אין וואַלד נישט גיין" — ווערט שוין מער נישט געהערט. דער גרעסטער טייל איז איבערצייגט, אַז אויב מען האָט פון אַנדערע לאַגערן איבערגעשיקט די יידן קיין טשענסטאָכאָוו און נישט אויסגעיעבדיקט, וועט מען אויך אין טשענסטאָכאָוו די יידן נישט אומברענגען. דער ווילן צום קאַמף ביים עולם ווערט שוואַכער. די צווישן־פּאַרטייאישע קאָמיסיע קומט צום אויספיר, אַז ביי אַזאַ סיטואַציע איז אַן איבער־פאַל אויסגעשטעלט אויף אַ זיכערן דורכפאַל און זי לייזט זיך פונאַנדער. די הילף־אַקציע אָבער ווערט ווייטער גע־פירט. די חברים פון וואַרשע און קראָקע שטייען נישט אָפּ און, נאָך אַ לענגערן איבעררייס צוליבן וואַרשעווער אויפשטאַנד, נוצן זיי אויס אַלע מעגלעכקייטן אונדז ווייט־טער צו העלפן. זיי פאָדערן אויך, אַז אויב מיר טרעטן נישט אַרויס אין קאַמף, זאָלן די אַקטיווערע חברים אַנט־לויפן, ווייל די געפאַר איז אויך איצט נישט ווייניקער דראָענדיק ווי פריער. דער אַקטיוו פון אַלע פּאַרטייען

באַשליסט נישט צו אַנטלויפן, כדי נישט ברענגען אין געפאַר דאָס לעבן פון אַלע אין לאַגער.

די שטימונג אין לאַגער האַלט זיך אין איין ענדערן. די ידיעות, וואָס די אַריינגעשמוגלטע פּרעסע ברענגט טאָג־טעגלעך וועגן די נצחונות פון דער רויטער אַרמיי דערמוטיקט יעדערן און שטאַרקט דעם גלויבן, אַז גאָר אינגיכן וועלן אַלע באַפרייט ווערן.

דעם 15טן יאַנואַר 1945, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנעענטערן צו די טויערן פון טשענסטאָכאָוו, האָט זיך די ס.ס.־לייט און די ווערקשוצן איינגעגעבן צו עוואַקואירן פון די טשענסטאָכאָווער לאַגערן קנאַפּע 6 טויזנט מאַן. דאָס עוואַקואירן די איבעריקע 5,200 מאַן גיט זיך שוין די ווערקשוצן און ס.ס.־לייט נישט איין. די גרעסטע צאָל רייסט זיך אַרויס פון די באַראַקן און לאָזט זיך אויף דער פאַבריק. די דירעקטאָרן, די מייסטערס, די ס.ס.־לייט און די ווערקשוצן הייבן זיך אָן פון דער פאַבריק אַרויסצוציען, מיטשלעפּנדיק מיט זיך בלויז אַ פּאָר צענדליק יידן. דעם 17טן יאַנואַר, 1945, פאַרטאָג, האָבן 5,200 מאַן געעפנט די טויערן פון לאַגער און אַרויס אויף דער פריי.

5,200 שקלאַפן, מיט טויט־אורטיילן אין די קעשענעס, פון זיי טשענסטאָכאָווער איינוואוינער 1518, געבוירענע אין טשענסטאָכאָוו — 1240, און די איבעריקע פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, האָבן צוריק זייער לעבן און פרייהייט געוואונען.

5,200 מאַן זיינען באַפרייט געוואָרן — 5,200 לעבעדיקע מצבות אויף אַ גרויסן אומענדלעכן בית־עולם פון אונדזער טראַגישערווירקלעכקייט.

# גבית־עדות

אויפגענומען אין ירושלים מיט א. (הרן) ב. (ראנדס), וועלכער האָט זיך געפונען אין פוילן ביז 1943.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, בין איך געווען אין מיין געבורט־שטאָט זשאַרקי (זשורעק) נעבן טשענסטאָכאָוו. די דייטשן זיינען אַריין צו אונדז אין שטאָט דעם 2טן סעפּטעמבער, 9 אַזייגער אין אָוונט, שבת. דעם 2טן סעפּטעמבער האָבן די נאַציס באָמבאַרדירט די שטאָט דורך לופט־אַטאַקעס. עס זיינען געפאַלן 100 יידישע קרבנות. אַ סך הייזער זיינען צעשטערט געוואָרן. עס זיינען דערהרגעט געוואָרן גאַנצע פאַמיליעס מיט קינדער. עס איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע פּאַניק. עס זיינען געלאָפן ציווילע לייט מיט זייערע פאַמיליעס פון זשורעק גופא, ווי אויך די אַרומיקע פּויערים. אָבער די דייטשן זיינען געפאָרן גיכער און וואוהין מיר זיינען געקומען, זיינען שוין דאָרט געווען די דייטשן. די דייטשן האָבן געטיילט ברויט און צוקערלעך צווישן די פּליטים אויף די וועגן און פאַרלאַנגט פון זיי איינס: זיי זאָלן זיך אומקערן אַהיים. און אַזוי אַרום זיינען אַלע צוריקגעקומען קיין זשורעק.

דעם 4טן סעפּטעמבער האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן דאָס אַלטע בית־המדרש אין שטאָט און עס פאַרברענט. ווען די יידישע יוגנט האָט געזען, אַז עס איז אומרואיק און אומזיכער, איז אַ גרויסער טייל פון זיי אַוועק אין די נאָענטע וועלדער. די דייטשן האָבן פּלוצלונג דערקלערט, אַז די ציווילע באַפעלקערונג, אויך די יידן, האָבן געשאָסן אויפן דייטשן מיליטער און געהרגעט אַ צאָל סאָלדאַטן, און צוליב דעם זיינען די רעפּרעסיעס. זיי האָבן גענומען ערבות־לייט (אָנגעזעענע יידן) און זיי געבראַכט אין דער קירכע און זיי געדראָט, אַז מען וועט זיי שיסן, אויב די יידן וועלן עפּעס אונטערנעמען קעגן די אָקופּאַנטן. שפּעטער האָבן מיר זיך אומגעקערט פון די וועלדער. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן כאַפּן יידן און זיי אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד. איך אַליין בין געווען אין דעם לאַגער אין נירנבערג. דאָרט זיינען געווען 3,000 יידן, הויפּטזעכלעך פון קאַליש און לאָדזש און 17 טויזנט פּאָליאַקן. נאָך אַ חודש צייט האָט מען מיך אַוועקגעשיקט קיין קראָקע אין אַ נאַצי־לאַגער. נאָך דריי וואָכן צייט האָט מען די 3,000 יידן באַפרייט. מיר האָבן די גאַנצע צייט געליטן הונגער. מען האָט אונדז געשלאָגן און אויך געשאָסן אויף אונדז. שפּעטער האָט אונדז געהאָלפן די יידישע קהילה.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין זשאַרקי. דער מצב אין שטעטל האָט זיך פאַרערגערט. דער נאַצי־פירער איז געווען אַן אכזריותדיקער מענטש. מען האָט די יידן געשלעפּט צו אַרבעט, זיי געשלאָגן אַזױ. איין מאָל האָט מען פאַרזאַמלט אַלע יידן, מענער, אין דער שול און זיי געזאָגט, אַז מען וועט ענדיקן מיט זיי. די פּאַניק איז געווען גרויס, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיי באַפרייט.

שפּעטער איז געקומען אַן אַנדערער דייטשער אָנפירער. אַ ביסל אַ בעסערער מענטש, און הגם די לאַגע איז געווען שווער, האָט מען דאָך ווי עס איז געלעבט אין שטעטל און מענטשן האָבן געאַרבעט. אין זשאַרקי האָבן זיך געפונען 3,200 פּליטים פון פּלאָצק, צווישן זיי 300 יידן. עס האָבן זיך דאָרט אויך געפונען לאָדזשער, וועלכע

זיינען אַנטלאָפן פון זייער שטאָט קיין זשאַרקי. אין זשאַרקי איז געווען באַזונדערס אַנטוויקלט די לעדער־אינדוסטריע (אויסאַרבעטונג פון שטיוול, מאַנטלען אאַז״וו). די גזירות פון גענעראַל־גאָווערנעמענט, ווי למשל, די געלע לאַטע און אַנדערע זיינען נישט אָנגעווענדט געוואָרן אין זשאַרקי. דאָס אַלץ אין אָנהייב. נאָר ערשט שפּעטער, ווען מען האָט אָנגעשלאָסן זשאַרקי צום ראַדאָמסקער קרייז (זומער 1940), האָט מען אויך בנוגע אונדז איינגעפירט אַלערליי גזירות. מען האָט נישט געטאָרט האַנדלען. אַרבעט איז געווען באַשרענקט. אַ ווייסע לאַטע האָט יעדער ייד געמוזט טראָגן. קיין אָפּיציעל געטאָ איז אָבער נישט געווען. די דייטשן האָבן געשאַפן דעם „יידן־ראַט״, וואָס האָט דערליידיקט אַלע פאָרמאַליטעטן. די דייטשן פלעגן נעמען כּאַבאַר און מען האָט אַ סך פון זיי איבערגעקויפט און אַזוי האָט מען זיך אַן עצה געגעבן אַ געוויסע צייט.

אין 1941 האָט אַ גרופּע פון בערך 50 יוגנטלעכע (פון זיי אַ טייל געקומענע פון וואַרשע) אָרגאַניזירט ביי אונדז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַרם, אַלס אַ טייל פון „החלוץ״ און „השומר־הצעיר״־באַוועגונג. מיר האָבן געאַרבעט אויף באָדן, וואָס האָט פריער געהערט צו אונדז. דער „יידן־ראַט״ האָט דאָס געפּאַכט פון די דייטשן און עס אונדז איבערגעגעבן צו באַאַרבעטן. די דייטשן האָבן אָפט קאָנטראָלירט אונדזער פאַרם און אַ סך צווישן זיי, באַזונדערס די וואָס האָבן אַליין געלעבט אויפן דאָרף, — האָבן שטאַרק געלויבט אונדזער „מוסטערהאַפטע אַרבעט״. אויך זיינען געווען יידישע פאַרטרעטער פון וואַרשע און זיי האָבן אונדז געהאָלפן (דער „דזשאָינט״ און אַנדערע).

די גרויסע גירושים האָבן זיך אָנגעהויבן ביי אונדז אין סעפּטעמבער 1942. די דייטשע „קאָמיסיע פאַר יידן־פאַרניכטונג״ איז אָנגעקומען קיין ט ש ע נ ס ט אָ כ אָ ו דעם 22טן סעפּטעמבער 1942, און דאַן הייבן זיך אָן די שרעקלעכע טעג פאַרן גאַנצן טשענסטאָכאָווער קרייז.

ביי אונדז אין זשאַרקי האָט זיך דער גירוש אָנגעהויבן דעם 6טן אָקטאָבער 1942. שוין אַ טאָג פריער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס וועט זיין אַ גירוש. אַ טייל יידן זיינען אַנטלאָפן אין די פעלדער און וועלדער און אין די אַרומיקע דערפער, ווי אויך אין שכנותדיקן שטעטל פּיליץ (פּיליצאַ). אין פּיליץ איז דורכגעפירט געוואָרן דער גירוש מיט אַ חודש פריער און טייל דאָרטיקע יידן זיינען דעמאָלט אַנטלאָפן צו אונדז און געלעבט אין זשאַרקי. ווען אין זשאַרקי האָט געזאָלט פאָרקומען דער גירוש, זיינען די פּיליצער יידן און אַ טייל זשאַרקער געלאָפן קיין פּיליץ (וואָס איז שוין געווען „יידן־ריין״) און דאָרטן האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן.

דעם 6טן אָקטאָבער זיינען אָנגעקומען קיין זשאַרקי 100 דייטשן און אוקראַינער אויף אויטאָס. אַחוץ דעם האָבן זיי צונויפגעזאַמלט די אָרטיקע נאַצישע פּאָליציי, ווי אויך די „גרענעץ־וואַך״. די דייטשן האָבן באַפוילן אַלע יידן זיך צו פאַרזאַמלען אויפן מאַרק. זיי זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז און געטריבן די יידן צום מאַרק. וועמען מען האָט געפונען באַהאַלטן אין אַ קעלער אָדער ערגעץ־וואו — האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. מען האָט אויך דערשאָסן קראַנקע אין די בעטן. בלויז 30 יידן האָט מען אָפּגעלאָזט, כּדי צו ליקווידירן די יידישע פאַרמעגנס.

אַזוי אַרום האָבן די נאַציס פאַרזאַמלט 780 יידן אויפן מאַרק (דערשאָסן תּיכף האָבן זיי 23 יידן). יעדער פון די פאַרזאַמלטע (מענער, פרויען און קינדער) האָט געמעגט מיטנעמען מיט זיך אַ קליין פּעקל. אַלע יידן זיינען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַנציע זלאָטי־פּאָטאָק. דאָרט האָט מען זיי באַהאַנדלט מיט דער גרעסטער אכזריות. מען האָט זיי אַלע אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־וואַגאָנעס. ווען מאַמעס האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן זייערע קינדער, האָט מען זיי דערשאָסן אויפן אָרט, צוזאַמען מיט זייערע קינדער. מען האָט אויך דערשאָסן יונגע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן.

די אַנטלאָפענע יידן אין די וועלדער האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן קיין זשאַרקי, נישט קענענדיק אויסהאַלטן אין די באַהעלטעניש. אַ סך פון זיי האָט מען אַרעסטירט און ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרופּע פון 40—50 יידן האָט מען זיי אַוועקגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו (שפּעטער קיין פּיעטרקאָוו) ווייל פון דאָרטן זיינען געגאַנגען ווייטער פאַרטיעס פון אַרויסגעשיקטע יידן.

איך אַליין בין אַנטלאָפן קיין פּיליץ. דאָרט בין איך געווען דריי וואָכן — צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון 25 חברים. מיר האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנען. מיר האָבן צוזאַמען אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע בלעטלעך, געגאַנגען אויף אָנפאַלן אין די וועלדער, געשאָסן אויף די דייטשן און געמאַכט אַטענטאַטן אויף זיי. די פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג האָט זיך גראָד דעמאָלט דאָרט אָנגעהויבן. מיט געווער אין האַנט האָט די יידישע יוגנט אָרגאַניזירט אָנפאַלן אויף די דייטשן.

איך דאַרף צוגעבן, אַז איידער ס'איז פאָרגעקומען דער גירוש פון זשאַרקי, האָט אַ גרופּע יידישע יוגנט, באַזונדערס די חלוצים און „השומר הצעיר״, אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אויספירלעכע פּלענער, ווי אַזוי איבערצושניידן די טעלעפאָן־ליניע, אָנפאַלן אויף די דייטשן און אַז״וו. מיר האָבן אָבער דעם פּלאַן נישט געקענט דורכפירן, ווייל די דייטשן האָבן געמאַכט אַ כּלל, אַז וואו עס האָט זיך געהערט אַ שאָס — האָבן זיי אויסגעהרגעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַרום זיי, אויך די פרויען און קינדער. צוליב דעם האָבן מיר נישט געוואָלט צונעמען נאָך די לעצטע האָפענונג פון די יידן, צו ראַטעווען זיך, אָדער לכל הפחות זייערע קינדער.

דריי וואָכן שפּעטער איז פאָרגעקומען דער צווייטער גירוש פון פּיליץ, פון גאַנצן קראַקעווער דיסטריקט. נאָכן צווייטן גירוש, אַז מען האָט געפונען אַ ייד אין דעם ראַיאָן (פּיליץ, וואָלבראָם, מיעכאָוו) האָט מען אים דער־

שאָסן אויפן אָרט. זיינען מיר, וואָס האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן אין פּילץ, צוריקגעלאָפן קיין זשאַרקי. אויף די גאַסן האָט מען זיך נישט געטאָרט ווייזן, ווייל מען האָט יעדן ייד אַרעסטירט. די יידן זיינען אַריין אין די פאַרחתמעטע הייזער, אויף די בוידעמס, אין די בונקערס און האָבן זיך באַהאַלטן. עסן איז נישט געווען. איז מען אין אָוונט געגאַנגען צו די 30 יידן (וועלכע די דייטשן האָבן נאָך געהאַט איבערגעלאָזט) און באַקומען ביי זיי פּראָדוקטן. עס זיינען גראַד געווען שטאַרקע פרעסט און עס איז געווען שווער איבערצוהאַלטן דעם מצב.

אַזוי ווי די דייטשן האָבן געוואוסט, אַז אַ סך יידן האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ביזן 30טן נאָוועמבער 1942 זאָלן אַלע יידן קומען אין די געטאָס, און מען וועט זיי דאָרט דערלויבן צו וואוינען און אַרבעטן. די נאַציס האָבן דערביי דער־קלערט, אַז דער „רעקאָרד פון די גירושים האָט זיך שוין פאַרענדיקט".

דעמאָלט זיינען געשאַפן געוואָרן נייע 16 געטאָס אין די 4 דיסטריקטן: וואַרשע, קראָקע, ראַדאָם, לובלין. פון זשורעק איז געווען דאָס נאָענטסטע ניי־געשאַפענע געטאָ אין ראַדאָמסק (אין טשענסטאָכאָוו איז בלויז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער, אָבער נישט קיין געטאָ. דאָרטן האָבן יידן געאַרבעט אין קריג־וויכטיקע פאַבריקן).

די אויסבאַהאַלטענע האָבן קיין אויסוועג נישט גע־האַט און לענגער פאַרבלייבן אין די וועלדער איז געווען אוממעגלעך — האָבן זיי זיך געמאָלדן און זיינען אָוועק־געפאָרן אין געטאָ קיין ראַדאָמסק. עס זיינען געקומען צווישן זיי אויך אַ סך פּילצער יידן און וואָלבראָמער יידן. אין ראַדאָמסקער געטאָ איז אויף אַזאַ אופן גע־שאַפן געוואָרן אַ מחנה פון 5,000 יידן. ביזן ערשטן גירוש איז אין ראַדאָמסק געווען ביז 10,000 יידן. מען האָט זיי דעמאָלט אַלע אַוועקגעשיקט. איבערגעלאָזט האָט מען בלויז אַ 200 יידן, צו ליקווידירן יידישע פאַרמעגנס.

איך בין געווען צווישן די, וועלכע האָבן זיך אומגע־קערט קיין ראַדאָמסק. די דייטשן האָבן די אַלע 5,000 יידן קאָנצענטרירט אין 7 גרויסע הייזער. וואָס פאַר אַן ענגשאַפט עס איז דאָרט געווען, קאָן מען זיך פאָרשטעלן. אין איין צימער זיינען געווען 30 מענטשן: פרויען און קינדער. דער מצב איז געווען אַ שרעקלעכער. עסן האָט מען געקאָנט באַקומען נאָר פאַר גרויס געלט, פון פּאָליאַקן.

געווען זיינען מיר אין ראַדאָמסק ביזן 6טן יאַנואַר 1943. יידן האָבן געאַרבעט בלויז אין איין פאַבריק פון האָלץ (300 יידן), ביים אויסאַרבעטן פאַר די דייטשן שליטנס און וועגענער. די נאַציס האָבן פאַרזיכערט, אַז „די אַלע יידן וועט מען מער קיין שלעכטס נישט טאָן, ווייל זיי אַרבעטן פאַר די דייטשן".

מיר האָבן געשיקט אַ שליח קיין פּילץ אין די וועל־דער צו די פּאַרטיזאַנען און מיר האָבן געבראַכט פון דאָרט אַ פּוילישן פּאַרטיזאַנער, ער זאָל אונדז העלפן אין דער אַרבעט, ווייל מיר אַליין האָבן אָרגאַניזירט יידישע פּאַר־טיזאַנען־גרופּן צו 5 מענטשן (פינפערלעך"). זיי, די פּאָליאַקן, האָבן באַדאַרפט אונדז שיקן אויטאָס באַוואָפנ־טע, כדי אונדז צו ברענגען אין די וועלדער, וואו די פּוילישע פּאַרטיזאַנען זיינען געווען. אָבער איידער דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־פירער איז געקומען, איז אין ראַדאָמסק פאָר־געקומען נאָך אַ מאָל אַ גירוש (דעם 6טן יאַנואַר 1943). און מיר האָבן זיך שוין נישט געקאָנט דורכרייסן אין די וועלדער.

דריי טעג פאַרן גירוש, דעם 3טן יאַנואַר 1943, האָט די געסטאַפּאָ געמאָלדן דעם יידן־ראַט, אַז עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן געמאַכט דריי קאַטעגאָריעס: 1) די ארץ־ישראל־דיקע בירגער און די וואָס האָבן ארץ־ישראלדיקע פּעסער. 2) די וואָס האָבן נאָענטע קרובים פון ארץ־ישראלדיקע איינוואוינער. 3) די וואָס האָבן ווייטערע קרובים אין ארץ־ישראל. די קהילה האָט אָנגעהויבן רעגיסטרירן יידן. דער געדראַנג איז געווען אויסערגעוויינלעך. מען איז געשטאַנען אין לאַנגע רייען ביז מען האָט געקענט אָנקומען אין ביוראָ. עס האָבן זיך רעגיסטרירט ביז דריי טויזנט יידן. שפּעטער האָבן די נאַציס געזאָגט דעם יידן־ראַט, כלומרשט „בסוד", אַז זיי קענען נעמען בלויז 300 יידן. האָט מען געמאַכט אַ נייע סעלעקציע און אַ נייע ליסטע. יעדער האָט געמוזט אָנגעבן אַ גענויעם אַד־רעס פון זיין קרוב אין ארץ־ישראל. די שטימונג האָט זיך אַ ביסל געבעסערט. מען האָט געהאָפט מיט ענטו־זיאַזם און בענקשאַפט אויף ארץ־ישראל.

שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ שטימונג, אַז אויב עס וועט פאָרקומען אַ נייער גירוש, וועט מען מער נישט לויפן. דאָס לויפן איז געווען איבער די כוחות. כסדר געלאָפן הין און צוריק, ווידער אַ ניי אָרט, ווידער הונגער, קעלט. האָט מען באַשלאָסן, וואָס עס וועט זיין, וועט זיין. קיין כוחות ווייטער צו לויפן איז נישט געווען מער. די דייטשן האָבן אין דער צווישנצייט צוגעגעבן נאָך עטלעכע הייזער פאַרן געטאָ און געבראַכט פון טשענסטאָכאָוו פיר יידישע דאָקטוירים. זיי האָבן געוואָלט שאַפן „אַ געטאָ־שטי־מונג".

דעם 6טן יאַנואַר 1943 איז געקומען דער נייער גירוש. די דייטשע פּאָליציי מיט אוקראַינער און פּוילי־שער פּאָליציי האָבן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ און אָנגע־הויבן די ליקווידאַציע. איך בין דעמאָלט געווען אין ראַ־דאָמסק. מען האָט אַלע יידן פאַרזאַמלט ביים „יידן־ראַט" באַלד אין דער פרי. דעם טאָג זיינען די יידן נאָך פאַרבליבן אין ראַדאָמסק. אַרויסגעשיקט האָט מען זיי אויפן צווייטן טאָג. איך האָב אַליין געזען ווי מען האָט אַלע יידן אַרויסגעפירט. מען האָט געהייסן יעדן פון זיי מיטנעמען אַ פּעקל פון 10—15 קילאָ. פון די אַלע 5,000 יידן האָט מען אויסגעקליבן 300 יונגע געזונטע יידן און געשיקט זיי אין אַרבעטס־לאַגער אין סקאַרזשיס־קע, נעבן ראַדאָם און קעלץ. די איבעריקע האָט מען צו־געפירט צו וואַגאָנעס ביי דער באַן. מען האָט ביי זיי באַלד צוגענומען די פּעקלעך און פון אַ סך פון זיי (באַ־

זונדערס די וואָס זיינען געווען אַ ביסל בעסער אָנגעטאָן) האָט מען אַראָפּגענומען די מלבושים און זיי אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס אין די בלויזע העמדער. דאָס בילד איז געווען שוידערהאַפט. דאָס געוויין און געשריי איז גע־גאַנגען ביזן הימל, ווייל יידן האָבן שוין געוואוסט וואָס זיי דערוואַרט. עס זיינען דאָך צווישן זיי געווען אַזעלכע, וואָס זיינען שוין עטלעכע מאָל אַנטלאָפן פון פאַרשיידענע פונקטן. צווישן די פאַרשיקטע זיינען געווען אַ סך פרויען און קינדער. אַלע האָט מען אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס און אין זעלביקן טאָג זיינען די וואַגאָנעס אָוועק־געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. איבערגעלאָזט האָבן די דייטשן 23 יידן צו ליקווידירן די פאַרמעגנס.

אַ ביסל יידן איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך אין די בונקערס, אָבער נאָך אַכט־צען טעג האָבן די דייטשן גע־זוכט אין יעדן הויז, אין יעדן פּלאַץ און אַרויסגענומען די באַהאַלטענע יידן. זייער צאָל איז דאַן געווען 350. מען האָט זיי אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט, מען האָט גענומען פּאַליאַקן זיי זאָלן גראָבן גריבער. מען האָט די דאָזיקע יידן דערשאָסן און באַגראָבן אין מאַסן־גריבער. פון די 350 יידן איז צוויי יינגלעך (איינער פון 15 יאָר און איינער פון 13 יאָר) געלונגען צו אַנטלויפן, ווייל בעת די דייטשן האָבן געהייסן די פּאַליאַקן גראָבן גריבער, האָבן זיך די צוויי יינגלעך צוגערוקט נענטער, גע־נומען לאָפּאַטעס און שפּעטער אַוועק מיט די פּאַליאַקן צוזאַמען. שפּעטער זיינען די דאָזיקע צוויי יינגלעך גע־קומען קיין בענדין.

אויף אַזאַ אופן איז געקומען דער ענדגילטיקער סוף פון דער ראַדאָמסקער געטאָ צוזאַמען מיט די יידן אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך.

מיר פּערזענלעך, מיט נאָך 11 חברים, איז געלונגען צו אַנטלויפן. מיר האָבן פּאַר אַ גרויסער סומע געלט איבערגעקויפט די דייטשן. גיין איז געווען אַ גרויסע סכנה, ווייל די נאַצישע צענטראַלע מיט אַלערליי פּאָלי־ציאַנטן איז געווען זייער שטרענג. מען האָט אָפּט לע־גיטימירט די דורכגייער. 4 פון אונדז זיינען ענדלעך אָנגעקומען הינטער דער שטאָט. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ שטוב פון אַן אַרבעטער, געדונגען אַ שליטן און אָוועקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו.

אין טשענסטאָכאָוו איז שוין געווען נאָך דער ליקווי־דאַציע פון „גרויסן געטאָ", וואו עס זיינען פריער געווען איבער 6,000 יידן, צווישן זיי אַ סך פון לאָדזש, וואַרשע און פּלאָצק. געבליבן זיינען נאָך אָפיציעל 5,500 יידן אַלס „אַרבעטער־יידן", וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין דער שטאָט און אין דער געגענט (ראַקאָוו, האסאג), וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דייטשע באַוואָפענונג־צוועקן.

**דאָס גרויסע טשענסטאָכאָווער געטאָ, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן אין 1941, האָט אַרומגענומען די 1טע אַלעע (אינקלוזיוו), דעם נייעם מאַרק, נאַדזשעטשנע, קאַזשע און די אַרומיקע גאַסן. ביי דער ליקווידאַציע פון „גרויסן געטאָ" — דעם 22טן סעפּטעמבער 1942 — איז געבליבן** דאָס „קליינע געטאָ", וואָס האָט זיך געפונען אויף נאַד־זשעטשנע, גאַרנצאַרסקע, קאַזשע. דער אַלטער און נייער מאַרק האָבן שוין נישט געהערט צום געטאָ. קיינער האָט נישט געטאָרט דאָרט וואוינען, אויך די פּאַליאַקן נישט. וועמען מען האָט דאָרט געטראָפן האָט געדראָט טויט־שטראָף. ערשט שפּעטער, אַכט חדשים נאָכן גירוש, נאָך אַ שטרענגער קאָנטראָלע, האָט מען דערלויבט די פּאַליאַקן זיך דאָרט צו באַזעצן.

ווען מיר זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו האָט מען שוין דאָרט קיין קינדער נישט געזען, ווייל די דייטשן האָבן דערלויבט בלייבן נאָר יענע, וועלכע האָבן געאַר־בעט (עס זיינען דאַן געבליבן בלויז עטלעכע קינדער, וועלכע עס איז געלונגען צו באַהאַלטן אין די בונקערס). מענער און פרויען האָבן נישט געטאָרט וואוינען אין די זעלבע גאַסן, נאָר אין איין גאַס זיינען געווען מענער, אין דער אַנדערער — פרויען.

אין אַ סך ערטער האָט מען ביים ליקווידירן די געטאָס צוזאַמענגעקליבן אַלע יידן אויף איין פּלאַץ און זיי אָוועק־געשיקט. אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַנדערש: די דייטשע, אוקראַאינישע, לעטישע און פּוילישע פּאָליציי איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, אַרויסגעפירט די יידן, גע־בראַכט זיי צו דער סטאַנציע פון די לאַסט־וואַגאָנעס, דאָרט איז געשטאַנען די געסטאַפּאָ. מען האָט נישט געקוקט אויף דעם צי איינער האָט געאַרבעט אָדער נישט, ווער ער איז, וואָס ער איז, עלטער, געשלעכט אאַז"וו. דאָרט איז אויך געווען דער נאַצישער שעף־דעפּאַרטמענט און מען האָט באַשטימט, ווער פון די יידן זאָל בלייבן און ווער נישט. דער גרעסטער טייל יידן איז אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין די וואַגאָנעס און אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

איבערגעלאָזט האָט מען 5,500 יידן *), גאַנץ צופעל־פעליק באַשטימטע און צום גרעסטן טייל יונגע מענטשן. אַ טייל פון „יידן־ראַט" איז אויך אָוועקגעשיקט געוואָרן. דער גירוש האָט געדויערט 3 וואָכן, ווייל עס האָבן אויס־געפעלט וואַגאָנעס, אין וועלכע מען האָט אַרויסגעשיקט די יידן. האָט מען די וואַגאָנעס יעדן צווייטן טאָג ווידער געבראַכט, כדי צו נעמען די יידן. דער גירוש איז פאַרגע־קומען ביי אַ שוידערלעכער שטילקייט: פאַרצווייפלונג און דערשעפּונג האָבן באַהערשט די מאַסן. מען האָט גע־וואוסט, אַז קיין רעטונג איז נישטאָ און קיין שום אויסוועג איז נישט פאַראַן.

אין אַ וואַגאָן פלעגט מען אַריינפּאַקן 150 יידן און פאַרמאַכן די טיר. עס זיינען געווען פאַלן, ווען אַ העלפט פון די פּאַסאַזשירן זיינען דערשטיקט געוואָרן צוליב מאַנגל אין לופט. אַלע זיינען געשטאַנען אין גרעסטער ענגשאַפט אין די וואַגאָנעס, דערנאָך אויף די טויטע גופא.

*) לויט דעם באַריכט פון א. איזביצקי, האָט די צאָל באַ־טראָפן בערך 7 טויזנט. ל. בּרענער גיט אָן 6 אַ האַלבן טויזנט. (רעדאַקציע).

צווישן די דערשטיקטע זיינען געווען אַ סך קינדער. די דייטשן האָבן געוואָרפן די קינדער אין די וואַגאָנעס ווי באַלן, שפּילנדיק זיך אכזריותדיק מיט זיי. אַ סך קינ־דער זיינען ביי דעם „טייוול־שפּיל" דערהרגעט געוואָרן. אַ סך יידן זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד ביי זיך אין די שטובן, ווען די דייטשן זיינען געקומען זיי נעמען. צווישן די זעלבסטמערדער איז געווען אַ גרויסע צאָל אינ־טעליגענץ.

„דאָס איז אונדזער גורל" — האָבן אַ סך געזאָגט אין פאַרצווייפלונג.

דעם 4טן יאַנואַר, ערב דער ליקווידאַציע פון ראַ־דאָמסקער געטאָ, האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו פאַר־זאַמלען די 300 יידן, וועלכע זיינען גראָד נישט געווען ביי דער אַרבעט, און דערקלערט, אַז מען וועט זיי אַוועקשיקן קיין ראַדאָמסק *). דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער ווידערשטאַנד. דער ערשטער אינצידענט איז געווען, ווען אַ חלוץ האָט אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און געוואָלט דערשיסן אַ נאַצי. אָבער די נאַציס אַרום האָבן זיך גע־וואָרפן אויף אים: ער האָט זיך געראַנגלט מיט אַ דייטשן פּאָליציאַנט און אים שטאַרק פאַרוואונדעט. אָבער זיי האָבן דעם ייד באַהערשט און אַלס שטראָף, וואָס ער האָט געוואָגט אַזאַ זאַך, האָבן די נאַציס דערשאָסן יעדן צענטן ייד פון אַ ריי. דאַן זיינען דערשאָסן געוואָרן 27 יידן. די איבעריקע האָט מען געשיקט קיין ראַדאָמסק און פון דאָרט צוזאַמען מיט די איבעריקע — קיין טרעבלינקע.

איך בין געווען אין טשענסטאָכאָוו עטלעכע טעג. יעדער ייד אין געטאָ האָט געטראָגן נישט נאָר אַ ווייסע לאַטע, נאָר אויך אַ נומער פון בלעך. דער נומער האָט געהייסן, אַז דער ייד איז צוגעטיילט געווען צו אַ באַשטימטער אַרבעט.

די דייטשן פלעגן יעדע וואָך אַרויסנעמען פון דעם „קליינעם געטאָ" אַ געוויסע צאָל יידן (צוויי־דריי הונ־דערט) און זיי אַוועקשיקן קיין סקאַרזשיסקע אין דעם אַר־בעט־לאַגער, וואו עס האָבן געהערשט שרעקלעכע באַדינ־גונגען, וואו מען האָט געאַרבעט ביי עבודת־פּרך 16 און 18 שעה אַ טאָג. און דערפאַר פלעגן די יידן באַקומען 15 אָדער 20 דעקאָ ברויט. נאַטירלעך האָט עס דער רוב נישט אויסגעהאַלטן און די שטערבלעכקייט איז געווען זייער גרויס. באַלד איז אויך אויסגעבראָכן טיפוס.

די חלוצישע יוגנט האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ פאַרטיידיקונג־קאַמף. די וויכטיקסטע פראַגע איז געווען — שאַפן געווער און דינאַמיט. געלונגען איז דאָס נאָר טיילווייז. מען האָט זיך דערשלאָגן צו 45 רעוואָלווערן (געקויפט זיי מייסטנס אויף דער פּוילישער זייט און אויך געבראַכטע פון אונדזערע חברים פון וואַרשע). מען האָט אָרגאַניזירט אַ סקלאַד פון געווער. מען האָט געגראָבן אַ טונעל פון צענדליקער מעטער, וועלכער האָט געפירט פון „קליינעם געטאָ" צו דער פּוילישער זייט.

*) לויט דעם באַריכט פון א. איזביצקי, האָבן די דייטשן באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן 100 יידן קיין סקאַרזשיסקע.

אָבער די דייטשן האָבן אַנטדעקט דעם בונקער, ווען די מייסטע זיינען נאָך געווען ביי דער אַרבעט. איידער זיי האָבן זיך אומגעקוקט, איז דער בונקער שוין געווען אַרומגערינגלט פון נאַציס און די יידן האָבן שוין נישט געקענט זיך באַנוצן מיטן געווער. די דייטשן האָבן באַלד דערשאָסן 30 חברים פון אונדזער קיבוץ (וועלכער האָט זיך געפונען אין דער נאַדזשעטשנע גאַס). די איבעריקע יידן האָט מען אַריבערגעפירט אין צוויי פאַבריקן הינטער דער שטאָט און זיי האָבן נישט געטאָרט פאַרלאָזן דאָס אָרט.

אַ טייל חלוצישע יוגנט איז נאָך פריער אַוועק אין די וועלדער פון קאָניעצפּאָל און זלאָטי־פּאָטאָק צו אַ פּאַר־טיזאַנען־קאַמף. שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנען איז געווען שווער און דעריבער האָבן מיר געשאַפן אַ זעלבסטשטענדיקע יידישע פּאַרטיזאַנער־אָפּ־טיילונג. זיי האָבן דורכגעפירט פאַרשיידענע אַקציעס קעגן די דייטשן אין דער געגנט, וואוהין די דייטשן פלעגן קומען. פּאַר איינקויפן געווער האָבן מיר באַשטייערט די יידישע באַפעלקערונג. די יידישע פּאַרטיזאַנען האָבן אַדורכגעפירט אַקציעס קעגן די דייטשן ביי דער „אָסט־באַן", וואו זיי האָבן צעשטערט די רעלסן און אויפגעריסן די באַן־פאַרבינדונג. אויך אין די פאַבריקן, וואו די יידן האָבן געאַרבעט, האָבן זיי דורכגעפירט פאַרשיידענע סאַבאָטאַזש־אַקטן.

אָנהייב 1943 איז דער דייטשער אָנפירער פון יידישן געטאָ דעגענהאַרט געקומען צום פאָרזיצער פון „יודן־ראַט" און געזאָגט אים, אַז עס איז דאָ אַ דערלויבעניש פאַר 150 יידן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און ער זאָל רע־גיסטרירן די יידישע אינטעליגענטן, וועלכע ווילן פאָרן אַהין. מען האָט טאַקע רעגיסטרירט 150, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט צוגעגרייט צו נעמען מיט זיך די זאַכן. מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון געטאָ, עס האָבן אויף זיי שוין געוואַרט צוויי לאַסט־אויטאָס, מען האָט זיי אָנגע־הויבן פירן קיין אָלשטין. אַזוי ווי מען האָט זיי אַהינ־געפירט, האָבן זיי שוין געוואוסט, אַז מען גייט זיי שיסן, ווייל די נאַציס פלעגן ברענגען אין אָלשטינער וואַלד די יידן און פּאָליאַקן, אויף וועלכע זיי פלעגן אויספירן טויט־אורטיילן. 29 יידן פון דער דערמאָנטער גרופּע איז גע־לונגען צו אַנטלויפן (צווישן זיי קאָפּינסקיס זון), די אי־בעריקע 131 האָט מען דערשאָסן אין וואַלד און דאָרט זיי באַגראָבן *). שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע אַקציע קעגן דער יידישער אינ־טעליגענץ.

איך וויל נאָך צוגעבן, אַז פאַר דעם גירוש איז פאָר־געקומען אַ זייער אינטענסיווע פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. יעדער ייד האָט זיך באַ־מיט צו אַרבעטן אין אַ פאַבריק אָדער ווערקשטאַט, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעפירט, אין דער האָפענונג, אַז אַזוי

*) לויט דעם באַריכט פון ל. ברענער, איז די מאַסן־דער־שיסונג פון יידישע אינטעליגענטן פאָרגעקומען אויפן בית-עולם.

וועט מען ראַטעווען דאָס לעבן. כמעט 95 פּראָצענט פון די דערוואַקסענע יידן האָבן געאַרבעט אין פאַבריקן, אויך אין די גאַר־גרויסע. מיר האָבן געוואָלט אפילו צוריק־שטעלן די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע גרויסע קיבוצי־שע פאָרם און דער דייטשער שטאָט־הויפּטמאַן ד״ר וווּנד־לער האָט אפילו מסכים געווען דערצו. אויך דער „יידן־ראַט״ האָט דערקלערט די גרייטקייט צוצוהעלפן. עס איז אַהינגעפאָרן אַ יידישע דעלעגאַציע, אָבער די דייטשן האָבן זיי פון דאָרט אַרויסגעטריבן, ווייל אפילו פּאָליאַקן האָבן אויך דאָרט נישט געטאָרט וואוינען. די פאָרם איז באַזעצט געוואָרן דורך דייטשן, וועלכע האָבן דאָרט גע־פירט אַן אייגענע ווירטשאַפט.

# גבית־עדות

אויפגענומען (אין קרית־ענבים, אין יולי 1944) מיט אברהם איזביצקי, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל אין מאַי 1944.

איך האָב פאַרלאָזן פּוילן אין אָנהייב 1944. די גאַנ־צע צייט זינט דער וועלט־מלחמה, בין איך געווען אין טשענסטאָכאָוו און מיטגעמאַכט דאָרט אַלע רדיפות און „אויסזידלונגען״. שפּעטער בין איך געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו און זיך באַהאַלטן אין אַנדערע פּוילישע שטעט.

זונטיק, דעם 3טן סעפּטעמבער 1939, האָבן דייטשע פּאַנצער־טרופּן באַזעצט טשענסטאָכאָוו. די גאַנצע יידי־שע באַפעלקערונג איז געווען באַהאַלטן. דעם ערשטן טאָג נאָכן איינגעמען די שטאָט, האָבן די דייטשע סאָלדאַטן זיך אויפגעפירט גענוג אָנשטענדיק: זיי פלעגן קומען אויך אין די יידישע גאַסן, ווייל זיי האָבן זיך געקענט לייכטער פאַרשטענדיקן מיט די יידן. זיי פלעגן קויפן אין יידישע קראָמען און האָבן אַלץ פּינקטלעך באַצאָלט. אַ סך פון זיי פלעגן קומען אין יידישע הייזער, טיילן צווישן די יידישע קינדער שאָקאָלאַד. און ווען איינצעלנע אַנטיסעמיטן האָבן געשריגן: „דאָס זיינען אידן״, פלעגן די סאָלדאַטן ענטפערן: „דאָס איז נישט וויכטיק״. דורך דעם האָבן זיך די יידן אַ ביסל באַרויִקט און זיינען אַרויס פון די קעלערס און באַהעלטענישן. מען האָט אָנגעהויבן עפענען די דאָן נאָך געשלאָסענע געשעפטן און געגרייט זיך איבערצוגיין צו אַ מער נאָרמאַל לעבן.

דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג. אָבער באַלד אויפן צווייטן טאָג, מאָנטיק דעם 4טן סעפּטעמבער 1939, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט. מאָנטיק פּינקט־לעך 12.30 בייטאָג, אַזוי ווי אויף אַ באַפעל, האָט יעדער דייטשער סאָלדאַט, וואו ער זאָל זיך נישט האָבן גע־פונען, אָנגעהויבן שיסן אויף דער ציווילער באַפעלקע־רונג, אויך אויף פרויען און קינדער. אין משך פון בלויז 5 מינוט זיינען אַלע גאַסן — סיי וואו יידן האָבן געוואוינט און סיי וואו פּאָליאַקן האָבן זיך געפונען — געווען באַלייגט מיט טויטע קערפּערס. דאָס איז געווען דער פּאָר אונדז באַרימטער „בלוטיקער מאָנטיק״. די דייטשן, וועלנדיק געפינען אַן אויסרייד, האָבן אויסגע־טראַכט אַ בלבול, אַז מען האָט געשאָסן אין זיי. נאָכן דאָזיקן ערשטן מאַסן־מאָרד האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג זאָל אַרויס פון די דירות אויף דער גאַס מיט אויפגעהויבענע הענט אין דער הויך: מען האָט זיי רעווידירט. ווער עס האָט זיך אַ ריר גע־טאָן פון אָרט אָדער געוואָלט צוגיין צו אַ קינד בעת דער רעוויזיע — איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. מען האָט גענומען די יידישע און די פּוילישע באַפעלקערונג און זיי געפירט אין 4 פּונקטן: אין צווי קאַזאַרמעס, אין אַ קירכע און אין דער תפיסה (אויף זאַוואַדזשע). די ענג־שאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין אַ קליינער קאַמער, אין וועלכער איך האָב מיך געפונען און וואָס נאָרמאַל פלעגן דאָרט זיצן 6 אַרעסטירטע, זיינען מיר געווען 140 מענטשן. דאָרטן האָט מען אונדז געהאַלטן דריי טעג — אָן עסן און אָן טרינקען. אין מיין קאַמער זיינען באַלד אויפן צווייטן טאָג שוין געשטאָרבן 9 מענטשן. אַ סך זיינען געשטאָרבן שפּעטער (נאָך דעם ווי מען האָט זיי באַפרייט) פון אויסשעפּונג.

אין דער גרויסער קאַטוילישער קאַטעדראַלע (נעבן דעם ברייי־הויז) האָט מען על פּי רוב קאָנצענטרירט די יידן, ווייל זיי האָבן געוואוינט אין די שכנישע גאַסן (נאַדזשעטשנע, גאַרנצאַרסקע, סטראַזשאַצקע, אַגראַדאָ־ווע, בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ, נייער מאַרק). די דייטשן האָבן אַריינגעשאָסן אין דער קירכע. און עס איז אַנט־שטאַנען אַ שרעקלעכע פּאַניק. אַ סך יידן זיינען דאַן געהרגעט געוואָרן. דער גאַנצער באָדן פון דער קירכע איז געווען אין אַ קאַלוזשע בלוט.

ביים באַפרייען (נאָך דריי טעג) די באַפעלקערונג, האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז אַלע זאָלן זיך אומקערן צו זייער באַשעפטיקונג, דערקלערנדיק: „פון איצט אָן וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג״. אין די דריי טעג, בשעת די באַפעלקערונג איז געווען פאַרהאַלטן דורך די דייטשן אין די באַזונדערע פּונקטן, האָבן די נאַציס דורכגעפירט רעוויזיעס אין אַלע הייזער און זיי פּשוט פאַראַמירט;

אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען עפּעס ווערטפול, האָבן זיי צוגערויבט. אין משך פון די דריי טעג זיינען אַ סך מענטשן דערמאָרדעט געוואָרן אין די פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט.

אַ ביסל שפּעטער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ספּעציעל רודפן די פּאָליטיש־אַנגאַזשירטע מענטשן, סיי פּאָלאַקן, סיי יידן. באַזונדערס שטאַרק האָבן דערביי געליטן די אינטעליגענץ, אַרבעטער און געזעלשאַפטלעכע טוער. צווישן די ערשטע געפאַלענע יידישע קדושים איז געווען: יצחק יעקב זשאַרנאָוויעצקי, דער פירער פון דער געוועזנער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי", וועלכער איז געווען — נאָך דער פאַראייניקונג מיט די „פּועלי ציון" (צ. ס.) דער סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון" (צ. ס.). זשאַרנאָוויעצקי האָט אָרגאַניזירט די ערשטע יידישע קיכן, פאַרשיידענע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס און פלעגט העלדיש העלפן דער יידישער מאַסע אין די שווערסטע צייטן. ער פלעגט אַלעמען צוגעבן מוט און ענערגיע. די דייטשן האָבן אים אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער — אייגנטלעך טויטן־לאַגער אין אָשוויענטשים, וואו מען האָט אים דערהרגעט נאָך לאַנגע פּייניקונגען. שפּעטער איז אָנגעקומען פון אָשוויענטשים צו זיין פרוי אין טשענסטאָכאָוו אַ קאָנווערט מיט אַ ביסל אַש . . . דעם זעלבן וועג האָט אויך דורכגעמאַכט דער בונדישער טוער און מיטגליד פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג משה בערקענשטאַט. דער רעוויזיאָניסטישער טוער שמואל נעמיראָווסקי האָט אויך געהאַט אַן ענלעכן גורל.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט איז אָבער די לאַגע אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ סך בעסער. מיר האָבן זיך אין דעם כסדר איבערצייגט, ווייל עס פלעגן צו אונדז קומען אַ סך פּליטים, קודם כל פון די יעניקע פּוילישע שטעטלעך, וועלכע זיינען געוואָרן פאַראייניקט מיטן דריטן רייך (לאָדזש און אומגעגנט, וויעלון, קזשעפּיצע, קאַלבוצקא, פּאַיענטשנא).

אַזוי איז געווען די לאַגע ביז זומער 1941, ווען די דייטשן זיינען אַריין אין מלחמה מיט רוסלאַנד. דאַן הייבט זיך אָן די תקופה פון „איבערזידלונגען", ד"ה מען האָט די יידן געהייסן פאַרלאָזן פאַרשיידענע שטעטלעך און גיין וואוהין זיי ווילן. דאַן איז קיין טשענסטאָכאָוו געקומען, צווישן אַנדערע, די פּלאָצקער יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אויך דורכגעמאַכט דעם גורל. די טשענסטאָכאָווער יידן האָבן מיט אויסערגעוויינלעכער האַרציקייט און וואַרעמקייט אויפגענומען די פּלאָצקער יידן. מען האָט זיי געגעבן מלבושים און דירות. די קליינע קינדער האָט מען גענומען צו זיך, געזאָרגט פאַר זיי. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם איז די שטערבלעכקייט פון די פּלאָצקער יידן געווען אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע (צוליב דער אויסגעמאַטערטקייט און די יסורים, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט). טעגלעך פלעגן פאָרקומען צענדליקער לוויות פון די פּלאָצקער יידן.

## די יורידישע וואוינונג־פראַגע

דער ענין פון וואוינונג־רעכט איז געווען אַ משונהדיקער און האָט זיך עטלעכע מאָל געביטן, אָבער תמיד צום ערגערן.

א) צו ערשט האָבן יידן געמוזט וואוינען אין אַ באַשטימטן קוואַרטאַל, וואָס איז אָבער געווען זייער גרויס און אַרומגענומען דאָס רוב גאַסן, וואו יידן האָבן פריער געוואוינט. אָנהויבנדיק פון דער באַן־בריק אין דער ערשטער אַלעע, איבער דעם אַלטן און נייעם מאַרק ביז דער תפיסה־בריק אויף זאַוואָדזשע אויף איין זייט, און פון דער בריק ביי מאָטעס פאַבריק איבער דער קראָקעווער און וואַרשעווער גאַס ביז די „דריי צלמים"־גאַס. צוזאַמען עטלעכע און זעכציק גאַסן).




דער פּלאַן פון גרויסן
און קליינעם געטאָ

קראָמען און באַשעפטיקונגען האָבן יידן געמעגט באַזיצן אויך חוץ די דערמאָנטע גאַסן און די יידן האָבן געקאָנט פריי גיין איבער דער שטאָט. קיין אַרומגעמויערט געטאָ איז נישט געווען. די דייטשן האָבן אפילו פאַרבאָטן אָנצורופן די יידישע גאַסן מיטן נאָמען „געטאָ". עס האָט געהייסן: „דאַס יודען וואָהן פירטעל". די קריסטן האָבן געהאַט רעכט צו קומען אַהין, און זיי האָבן געהאַנדלט מיט די יידן, זעלבסטפאַרשטענדלעך אין די דעמאָלטדיקע נעבעכדיקע באַדינגונגען, ווען מען פלעגט פאַרקויפן אוירינגלעך אָדער אַ קידושין־רינג אָדער אַ זייגערל פאַר אַ ביסל אַרבעס, מעל און אַנדערע לעבנסמיטלען.

ב) אין דער צווייטער תקופה (זינט סוף 1941) האָבן יידן שוין נישט געטאָרט האָבן קיין קראָמען און קיין באַשעפטיקונג אין די אַלגעמיינע שטאָט־טיילן, נאָר בלויז אין דעם „יודען וואָהן פירטעל", וואו זיי האָבען גע־

וואוינט. דאָך האָבן קריסטן נאָך געהאַט דאָס רעכט צו קומען אַהין. יידן האָבן געמעגט גיין אין די קריסטלעכע טיילן פון שטאָט בלויז מיט ספּעציעלע דערלויבענישן. אַלע יידישע גרויסע געשעפטן און אונטערנעמונגען זיינען צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אינגאַנצן, אָדער זיי זיינען ווייטער געבליבן אונטער דער יידישער פירמע נאָר מיט אַ דייטשן קאָמיסאַר. דער יידישער אייגנטי־מער האָט געמוזט דאָרט אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטער. אַלס קאָמיסאַרן זיינען געווען באַשעפטיקט אויך פאַר־שיידענע מענטשן (פּאָלאַקן), וועלכע זיינען ערשט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אָן געוואָרן „דייטשן", ווי למשל: לעשיצקי (אַ גרויסער סוחר), וואָלאָשציק (קאָ־לאָניאַל הורט־געשעפט, פריער אַ „נאַראָדאָוויעץ") און וולאַדיסלאַוו באָנטשעק (פריער אַ גרויססער קוילן־סוחר, אַקטיווער טוער פון דער „סאַנאַציע"). ווען די יידישע

א ברויט-קאַרטע.

אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעפירט פאַרשיידענע אַר־בעטן לויטן באַפעל פון די נאַציס, האָבן זיך צו דעם לעצטן אַמאָל געווענדט נאָך ברויט אָדער אַ ביסל וואַסער (אויב די נאַצישע קאָנטראָלערן זיינען נאָר נישט געווען דערביי), האָט ער געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט אינ־גאַנצן נישט קיין פּויליש. ער האָט דערביי אונדז גע־דראָט מיט „קאָנסעקווענצן", אויב מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל ווענדן צו אים.

ג) די דריטע תקופה האָט זיך אָנגעהויבן אין מערץ־אַפּריל 1942. מען האָט שטאַרק פאַרקלענערט דאָס גע־טאָ. אונטער דראָאונג פון טויט־שטראָף האָט מען די קריסטן שוין נישט דערלויבט אַריינצוקומען אין די יידי־שע גאַסן, וועלכע האָבן שוין, אגב, באַקומען דעם נאָמען „געטאָ".

דעמאָלט האָט מען שטאַרק געפילט דעם הונגער. שוואַרץ ברויט האָט געקאָסט 36 זלאָטעס (צוויי קילאָ קאַרטאָפל — 4 זלאָטעס). נישט קוקנדיק אויף דעם, פלעגן הונגעריקע יידן דאָך אַרויסגיין פון געטאָ אין די קריסטלעכע גאַסן, כדי צו קויפן אַ ברייטל. ווען מען האָט זיי געפּאַקט אָדער געמסרט, זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. די נויט איז אָבער געווען אַזוי געוואַלדיק, אַז באַלד אין צווייטן טאָג נאָך דעם דערשיסן פאַר אַזאַ „חטא", זיינען אַנדערע יידן אַרויס פון געטאָ.

פּאַראַלעל מיט דעם האָט זיך פאַרשטאַרקט די צוואַנג־אַרבעט. אַלע יידן, מענער און פרויען פון 15 ביז 55 יאָר אַלט, זיינען טעגלעך (7 מאָל אין וואָך) גע־גאַנגען אַרבעטן ביי דער אָסט־באַן, צו דער עלעקטראָוו־ניע, דער וואַסער־ווירטשאַפט (רעגולירן די טייכן), אַר־מיי־באַדינונג, אַרמיי בוי־שטעלע, ווי אויך ביי דער קריג־שווער־אינדוסטריע און אין קריג־וויכטיקע אינדוסטריעס, ווי די גרויסע פאַבריקן „טשענסטאָכאָוויאַנקע", „מאָטעס" און „ענראָ" (פריער יידישע אייזן־פאַבריק פון די ברידער ראָטשטיין). ספּעציעל פלעגט מען אַ סך יידן שיקן אין די צוויי גרעסטע פאַבריקן: פריער „ראַקאָוו" און „פּעל־צער", וועלכע זיינען איצט פאַראייניקט געוואָרן אין אַ „גערינג־באַטריב" אונטערן נאָמען „האסאג".

ד) אין דער פערטער תקופה האָט מען נאָך מער פאַרקלענערט דאָס געטאָ און אָפּגעטיילט די אַלע גאַסן (למשל, טאַרטאַקאָוואַ גאַס, קראָקעווער, סטראַזשאַצקע, ווילסאָנאַ), וועלכע האָבן זיך אַזוי צוזאַמען „אַריינגע־שניטן" אין די קריסטלעכע געגנטן. דאָס געטאָ איז געוואָרן „רונדיק" און איז סטראַטעגיש צוגעגרייט געוואָרן ספּעציעל צו די נאָענטסטע רדיפות און מאָרדן.

## די ליקווידאַציע

די לאַגע פון די יידן האָט זיך כסדר אַלץ מוראדי־קער פאַרערגערט. יונגע מענער פון 16 ביז 30 יאָר האָט מען אַוועקגעשיקט אין ספּעציעלע צוגן אין פאַרשיידענע אַרבעטס־לאַגערן מחוץ טשענסטאָכאָוו, ווי למשל קיין סקאַרזשיסקע, אין דער לובלינער געגנט, שפּעטער אין ראַדאָמסקער געגנט (טאָפּיש, גידעל). טאָג־איין, טאָג־אויס פלעגן מיר באַקומען פון זיי אַלץ שרעקלעכערע גרוסן. די שטערבלעכקייט צווישן זיי איז געשטיגן. קורץ פאַרן חורבן (סעפּטעמבער 1942) האָט מען זיי צוריקגעבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו. מיר האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט זיי. מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז מען האָט זיי גע־בראַכט קיין טשענסטאָכאָוו, כדי זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען גיין צום דעם שרעקלעכסטן מאָרד.

אָנהויב סעפּטעמבער 1942 האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר־שפּרייטן קלאַנגען, אַז דעם 22טן סעפּטעמבער וועט פאָרקומען די ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. אַלע זיינען פאַרציטערט געוואָרן, ווייל די פריערדיקע קלאַנגען וועגן דער ליקווידאַציע פון שטעטל וולאָשטשאָ־ווע (אַ שכנותדיק שטעטל) — זיינען מקוים געוואָרן. דעריבער איז די פּאַניק געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער. יידן האָבן אַוועקגעטראָגן צו קריסטן זייערע בעסטע זאַכן,

סחורות, צירונג, געלט, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט, כדי — ווען עס וועט קומען דאָס אומגליק — זאָלן זיי זיך קענען באַהאַלטן ביי די פּאָליאַקן, אָדער זיך ראַטעווען דורך זיי אויף וועלכן עס איז אופן.

ערב יום־כּיפּור האָט דער הויפּטמאַן פון דער שוץ־פּאָליציי, מאַיאָר פון די ס. ס. דעגענהאַרט, גערופן צו זיך דעם פּאַרזיצער פון דעם יידן־ראַט י. ל. קאָפּינסקי. דעגענהאַרט האָט נאָך פאַר דער מלחמה געוואוינט אין דאַמבראָווע־גורניטשאַ, וואו ער האָט געהאַט זיין פאַר־מעגן און גוט. ער איז אַ מענטש פון אַ יאָר 60, מיט העכערער בילדונג, מיט אויסערלעך גוטע מאַניערן און האַלט זיך פאַר אַ גרויסן אינטעליגענט און אַריסטאָקראַט. (אויף דער רעכטער באַק האָט ער אַ שראַם, וואַרשיינלעך פון אַ דועל). ער האָט געשפּילט אַ בלוטיקע ראָלע אין די יידן־מערדערייען אין טשענסטאָכאָוו און אין די שכנותדיקע שטעט. ער איז געווען קאָמיסאַר פון דער ספּעציעלער ס.ס.־אָפּטיילונג 7 („יידן־אָפּטיילונג״).

דעגענהאַרדט, רופנדיק צו זיך דעם פּאַרזיצער פון דעם יידן־ראַט, האָט אים איבערגעגעבן יום־טוב־וואונטשן פאַר דער גאַנצער טשענסטאָכאָווער יידישער באַפעלקע־רונג. ער האָט דערקלערט, אַז ער ווייסט וועגן דער פּאַניק־שטימונג ביי די טשענסטאָכאָווער יידן, אָבער אַז זי איז לחלוטין גרונטלאָז. ער ווייסט, אַז די טשענסטאָ־כאָווער יידן האָבן דעם בעסטן שם ביי דער דייטשער מאַכט, אַז זיי אַרבעטן אין די פאַבריקן און אַז עס זיינען גראָד איצט אָנגעקומען גאָר גרויסע מיליטער־באַשטעלונ־גען אין יענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, אין וועלכע עס אַרביטן די יידן. צום סוף האָט ער געבעטן קאָפּינסקין, אַז ער זאָל באַרואיקן די יידן און זיי זאָלן אים שענקען צו־טרוי, צוגעבנדיק: „איך בין דאָך זייער פאָטער און זאָרג פאַר זיי״. בסוד־סודות האָט ער קאָפּינסקין גע־זאָגט, אַז דעם 27טן יענעם חודש וועט טאַקע פּאַרקומען נייעס אין טשענסטאָכאָוו, אָבער נישט אין באַצוג צו די יידן: מען וועט אַרויסשיקן 10 טויזנט קריסטן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, ביים גראָבן קאַרטאָפל. אין דער זעלבער צייט זיינען אָנגעקומען טויזנטער יונגע „ס.ס.־טויטן־קאָפּ״־מענער, אָבער אַ סך מענטשן האָבן דאָס אויסגעטייטשט, אַז מען וועט שיקן די פּאָליאַקן קיין דייטשלאַנד צו דער אַרבעט, ווייל אַזוי האָט דאָך פאַר־זיכערט דעגענהאַרדט.

מיט אַ שווער האַרץ זיינען די יידן געגאַנגען צו כל־נדרי. מיין מאַמע האָט צו מיר געזאָגט: „לאָמיר אפילו האָבן נאָך ערגערע צייטן איבעראַיאָר יום־כּפּור, אָבער זאָלן מיר נאָר לעבן, וועלן מיר שוין בלייבן לעבן״. די יידן זיינען געגאַנגען מיט זייערע טליתים אין די פּאַרבאַרגענע בתי־מדרשים. מען האָט שרעקלעך גע־וויינט, ווי קליינע קינדער, געהויבן די הענט צום הימל אין בתי־מדרשים, געבעטן רחמים. אויסגעוויינט זיך, איז דער עולם געגאַנגען נאָך נעילה צוריק אין די שטובן צו זיך. אַלע האָבן זיך געקושט און מיט טרערן זיך גע־ווינטשן דאָס צווייטע יאָר אַ מער גליקלעך יאָר, כאָטש אַ לעבעדיק יאָר. פאַרמאַטערט נאָכן טענית האָט זיך דער עולם געלייגט שלאָפן. די יוגנט איז נאָך שפּעט אין דער נאַכט געשטאַנען אין גרופּן און געשמועסט, אַז מען טאָר נישט גלייבן די נאַצישע הבטחות.

אין דער זעלבער נאַכט איז דער גורל פון טשענ־סטאָכאָווער יידנטום געחתמעט געוואָרן. 3 אַזייגער ביי־נאַכט איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך עט־לעכע רינגען כוליגאַנעס: קודם כל דורך די אוקראַינער, די ספּעציעל צו דעם צוועק געשולטע מערדער (דאָס זיי־נען געווען יונגע מענטשן פון 16 ביז 25 יאָר). נעבן זיי איז געשטאַנען דייטשע זשאַנדאַרמעריע. ווייטער איז גע־שטאַנען די פּוילישע פּאָליציי, ווייטער אין אַ געדיכטן ראָד איז געשטאַנען די נאַצישע פּאָליציי מיט שווערע מאַשינען־געווער. צווישן די דאָזיקע דריי רינגען האָט געווימלט פון „געסטאַפּאָ״־אַגענטן. אַ גרויסע צאָל איז געקומען פון די שכנותדיקע שטעט (קיעלץ, ראַדאָמסק, ראַדאָם). זיי זיינען אַרומגעפאָרן אויף מאָטאָציקלען איבער די גאַסן און קאָנטראָלירט צי אַלץ איז אין אָרדע־נונג און לויטן באַפעל.

די ידיעה וועגן דעם האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג. מען האָט געפילט דעם טויט שוועבן אין דער לופטן, פאַרצווייפלטע סצענעס האָבן זיך אָפּגע־שפּילט. מען האָט געבראָכן די הענט, מען האָט שוין נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. אין דער דאָזיקער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה פון זעלבסטמאָרדן. דער ערשטער האָט זיך גענומען דאָס לעבן זלמן ווינד־מאַן (זלמן בעקער) פון גאַרנצאַרסקע גאַס נומער 22. ווען עמיצער האָט זיך געפרואווט אַרויסרייסן פון געטאָ, איז ער דערשאָסן געוואָרן דורך די אוקראַינער אויפן אָרט. אָבער דאָך איז געלונגען אַ טייל יידן אַדורכצורייסן די „אוקראַינער ליניע״ און זיי האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן זיך שוין געראַטעוועט. אָבער באַלד האָבן זיי זיך אָנ־געשטויסן אויף דער „צווייטער ליניע״, וואו עס זיינען געשטאַנען די דייטשן, וועלכע האָבן געשאָסן פון מאַשי־נען־געווער. און אויף אַזאַ אופן זיינען אין דער דאָזיקער נאַכט דערשאָסן געוואָרן הונדערטער יידן.

7 אַזייגער אינדערפרי האָט מען באַפוילן אַלע יידן צו פאַרלאָזן זייערע דירות און שטעלן זיך אין אַ ריי אין דער גאַס. יעדער האָט געמעגט מיטנעמען מיט זיך אַ פּעקל פון 10 קילאָ. מען האָט זיי געפירט לויט די היי־זער און בלאָקן אויפן מאַרק־פּלאַץ (נייער מאַרק). דאָרט זיינען שוין געשטאַנען די געסטאַפּאָ־אָפּטיילונגען, מיט דעם דערמאָנטן דעגענהאַרדט בראש. ער האָט באַשטימט דעם גורל פון יעדן איינצלנעם ייד: מיט זיין שטעקעלע האָט ער געוויזן ווער עס זאָל גיין לינקס — דאָס זיינען געווען די, וועלכע מען האָט געפירט דירעקט צו די וואַ־גאָנעס אויף דער טאַוואַראָווע סטאַנציע „וואַרטאַ״; אָדער ער האָט געוויזן צו גיין גלייך, אין דער ריכטונג פון דער אַלעע. די דאָזיקע האָט מען געפירט דורך דער ווילסאָן־גאַס אין די פאַבריקן־בנינים פון לאַנדוי און אין דער „מעטאַלורגיע״. איך בין באַשטימט געוואָרן פאַר

דער דאָזיקער גרופּע. די דאָזיקע יידן, כמעט אויסשליסלעך יונגע מענטשן, זיינען באַשטימט געוואָרן צו בלייבן אין דער שטאָט, כדי דורכצופירן די ליקווידאַציע פון געטאָ. דערביי האָט זיך דעגענהאַרדט נישט גערעכנט מיט קיין שום קריטעריום: צי איינער האָט אַ פאַך און האָט אַן אַרבעטס־קאַרטע צי נישט. ווילקירלעך האָט ער איינעם געהייסן גיין לינקס און דעם צווייטן גלייך. ווען מיטגלידער פון אַ משפּחה האָבן זיך נישט געוואָלט צעשיידן און אַ סך פון די, וועלכע דעגענהאַרדט האָט געהייסן גיין „גלייך" (ד"ה בלייבן אין שטאָט), האָבן געוואָלט גיין מיט זייערע משפּחות „לינקס", (ד"ה צום טויט) ליבער איידער צעשיידן זיך פון זייערע קינדער און פרויען — האָט דער נאַצי־פירער דווקא אַזאַ יידן געהייסן בלייבן, לאַכנדיק דערביי ציניש. ער האָט זיך איזדיעקעוועט איבער די מענטשן, וועלכע מען האָט אַוועק־טראַנספּאָרטירט, זאָגנדיק: „האָט נישט קיין מורא, ער קומט שפּעטער צו אייך, איר אַלע טרעפט זיך ביים ליבן גאָט אין הימל".

קראַנקע אין שפּיטאָל זיינען גלייך אין ערשטן פרימאָרגן דערשאָסן געוואָרן. אַלטע און קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זייערע היימען און נישט געקאָנט פאַרלאָזן די וואוינונגען, זיינען שפּעטער דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אינעם יתומים־הויז, האָט מען צוזאַמען מיט די זקנים דערמאָרדעט אויפן אָרט.

יעדע צום טויט טראַנספּאָרטירטע גרופּע איז באַשטאַנען פון 7 טויזנט מענטשן, וועלכע מען האָט איינגעפּאַקט אין 60 טראַנספּאָרט־וואַגאָנעס. דאַן האָבן די דייטשן געמאַכט אַן איבעררייס אויף צוויי טעג, ביז וואַנען עס האָט זיך צוריק אומגעקערט דער צוג, אין וועלכן מען האָט ווידער אַריינגעפּאַקט נייע 7 טויזנט יידן. אַזוי זיינען געגאַנגען אַזעלכע טראַנספּאָרטן גאַנצן פיר וואָכן.

נאָך דעם ערשטן חודש זיינען די טראַנספּאָרטן געגאַנגען זעלטענער און אין קלענערע גרופּעס, ווייל דאָס זיינען געווען יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די בוידעמס אאַז"וו. די דייטשן האָבן זיי אַנטדעקט, זוכנדיק אומעטום מיט דער הילף פון געשולטע פּאָליציי־הינט. מען האָט פון די מענטשן צוזאַמענגעשטעלט גרופּן, צונויפזאַמלענדיק זיי אויפן הויף פון קאַטעדראַלנע גאַס נומער 11 און שפּעטער זיי אָפּטראַנספּאָרטירט.

## די געבליבענע

די געבליבענע אין דער „מעטאַלורגיע" (7,000 יידן) האָט מען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע גרופּן און פאַרנאַנדערגעשיקט אין פאַרשיידענע מיליטערישע אַמטן, ווי צו דער „לופט־וואַפע", „אַרמיי־דינסט־שטעלע". דאָרטן האָבן מיר געאַרבעט און אויך געבליבן ביינאַכט שלאָפן, זייענדיק שטענדיק שטאַרק באַוואַכט דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. דאָרטן פלעגט קומען דעגענהאַרדט אָדער זיין פאַרטרעטער, מייסטער ראהן. זיי האָבן נאָך אַ מאָל „דורכגעזיפּט" די יידן און פון די 7 טויזנט געלאָזט בלויז 4 טויזנט. דערביי פלעגט דעגענהאַרדט און ראָהן בכוונה צעטיילן די משפּחה־מיטגלידער, שיקנדיק איינעם צום טויט, דעם צווייטן הייסנדיק בלייבן לעבן, הגם דער באַטרעפנדיקער אומגליקלעכער ייד האָט בעסער געוואָלט מיטגיין צום טויט מיט זיין גאַנצער משפּחה.

פאַר די איבערגעבליבענע יידן האָבן די דייטשן געמאַכט אַ ניי געטאָ, אַ גאַנץ קליינעם, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און שטאַרק באַוואַכט דורך אוקראַינער, דייטשן און פּאָליאַקן. דאָס געטאָ איז באַשטאַנען פון די גאַסן: נאַדזשעטשנע פון נומער 48 ביז 90; פון גאַרנצאַרסקע גאַס (שטרויס׳ס הויז) ביזן סוף פון דער גאַס, און קאָזשקע גאַס (פון פייגע׳ס ליכט־פאַבריק ביז צום וואַרשעווער מאַרק). דאָרט האָט מען געבראַכט די יידן. יעדן טאָג אינדערפרי האָט מען זיי אונטער פּאָליציי־אויפזיכט געפירט צו דער אַרבעט, בעיקר צו ליקווידירן דאָס פריערדיקע געטאָ. די יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן אין די גאַסן פון דעם ניי־באַשטימטן געטאָ, זעענדיק אַז עס לעבן דאָ ווידער יידן, זיינען אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן. די געסטאַפּאָ האָט זיי גאָר נישט געטאָן, פאַרקערט — דעגענהאַרדט האָט דערקלערט, אַז ער איז זייער צופרידן, וואָס עס געפינען זיך נאָך יידן. ער האָט באַפוילן זיי גוט צו באַהאַנדלען, ספּעציעל די זקנים און די קינדער. אויך איינצעלנע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, האָבן זיך געמאָלדן צום טשענסטאָכאָווער נייעם פאַרקלענערטן געטאָ. אויב די דייטשן פלעגן ביז דעמאָלט יעדן אויסבאַהאַלטענעם יידן, וואָס זיי האָבן געפונען אָדער וואָס מען האָט דענונצירט — דערשאָסן אויפן אָרט, איז איצט געווען גאָר פאַרקערט: איצט האָט מען די דאָזיקע יידן גאָרנישט געטאָן, נאָר זיי געבראַכט אין געטאָ אַריין. הונדערטער יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די פעלדער און באַזונדערס אין די פאַרברענטע און פאַרלאָזענע הייזער, אָדער וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען דורך אַרויסשפּרינגען פון צוגן — זיינען געמסרט געוואָרן דורך פאַרשיידענע פּאָלאַקן צו די געסטאַפּאָ־אַגענטן. אויף אַזאַ אופן האָט די צאָל זיך געמאָלדענע יידן דערגרייכט 7,000. אַחוץ דעם איז געבליבן אַ געוויסע צאָל זקנים און קינדער, וועמענס קרובים האָבן נישט געוואָלט זיי „אָנמעלדן", נאָר זיי געהאַלטן ביי זיך באַהאַלטן. ביינאַכט פלעגט מען זיי געבן ברויט און וואַסער.

אין איין פרימאָרגן איז געקומען דעגענהאַרט, געהייסן ברענגען צו זיך דעם ייד גאַלסטער (פון דער „אַפּראָוויזאַציע" פונעם יידן־ראַט) און מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט אים דערקלערט בזה הלשון: „אויב די אַרעמע יידישע קינדער וועלן אויך ווייטער אַזוי שלעכט אַפּראָווירט און פאַרזאָרגט ווערן, וועסטו דערשאָסן ווערן . . . וואָס זיינען די קליינע קינדער שולדיק אין דער מלחמה,

וואָס איז אַן אָנשיקעניש פון גאָט ?!" אויף דעם האָט גאַלסטער געענטפערט, אַז ער האָט דאָך נישט קיין שום מעגלעכקייט זיי צו געבן מער פּראָדוקטן. דעגענהאַרדט האָט דערויף געענטפערט: „יאָ, דאָס האָסטו רעכט", און ער האָט באַפוילן, אַז פון איצט אָן זאָל גאַלסטער באַקומען פאַר די קינדער ספּעציעלע פּאָרציעס מילך און אייער.

ווען די ידיעה וועגן דעם האָט זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ, האָבן מענטשן אָנגעהויבן רעגיסטרירן די קינדער, וועלכע זיינען געווען באַהאַלטן. פון דעמאָלט אָן טאָג־איין, טאָג־אויס האָבן די קינדער טאַקע באַקומען ספּעציעלע פּאָרציעס מילך און אייער. אַ קורצע צייט נאָך דעם איז דעגענהאַרדט געקומען אין געטאָ און געזאָגט, אַז „ווען ער זאָל האָבן די זיכערקייט, אַז עס וועלן זיך געפינען עטלעכע פרויען, וועלכע וועלן גוט זאָרגן פאַר די קינדער, וואָלט ער זיי (די פרויען) באַפרייט פון דער אַרבעט, כדי זיי זאָלן זיך בלויז פאַרנעמען מיט די קינדער". מען האָט אָפּגעגעבן פאַר די יונגע קינדער, אין אַ צאָל פון איבער הונדערט, אַ ספּעציעלע וואוינונג אויף דער קאָזשאַ־גאַס. דאָרט האָט מען די קינדער גוט באַהאַנדלט. יעדן טאָג פלעגט דאָרט אַהינקומען דעגענהאַרדט, פלעגט ברענגען די קינדער מתנות און זיי גלעטן איבער די קעפּלעך.

מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער (אין דעצעמבער 1942), אין אַן אויסערגעוויינלעך פראָסטיקן טאָג, איז געקומען דעגענהאַרדט אין קינדער־הויז און באַפוילן דער זשאַנדאַרמעריע צו ברענגען די קינדער אין דער פּאַליציי־וואָך, וועלכע האָט זיך געפונען אין ראָטהויז אויפן וואַרשעווער מאַרק. דערזעענדיק, אַז עס פעלט אַ געוויסע צאָל קינדער, וועלכע זיינען געווען רעגיסטרירט אויף דער ליסטע, האָט ער באַפוילן דעם יידן־ראָט צו ברענגען אַהין די רעשט קינדער, אין משך פון צוויי שעה, אַז נישט — וועלן זיי דערשאָסן ווערן.

מען האָט געבראַכט די קינדער. מען האָט זיי באַלד אַרויפגעוואָרפן ווי שטיינער אויף מיסט־וואַגאָנעס און זיי אַוועקגעשיקט צום טויט.

פאַר דעם האָט מען נאָך אויסגעטאָן די קינדער האַלב־נאַקעט און צוגענומען זייערע מלבושים. אַ סך קינדער זיינען באַלד אויפן וועג דערפרוירן געוואָרן, ווייל ס'איז גראָד געווען איינער פון די שטאַרקסטע פרעסט. און דערביי איז געשטאַנען דעגענהאַרט פערזענלעך און זיין פּנים האָט געשטראַלט פון שמחה, ווי אויסגעצייכנט דאָס איז דאָס מאָל „געלונגען".

אָנהויב יאַנואַר 1943, 10 אַזייגער אינדערפרי, ווען די יידן האָבן זיך געפונען מחוץ דעם געטאָ, איז געקומען דעגענהאַרדטס פאַרטרעטער, ראָהן, און געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי די אַלע, וועלכע זיינען געבליבן אין געטאָ צו פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אַרבעטן (קאָכן, שיילן קאַרטאָפל, מיסט פירן, ברענגען קוילן פון די קעלערס אאַ"וו). צווישן זיי בין איך אויך געווען — צוזאַמען מיט מיין יינגערן ברודער. עס זיינען אָנגעקומען סאָלדאַטן. איינצעלנע פערזאָנען פון אונדז האָט מען געהייסן אַרויפגיין אויף די אויטאָס. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס האָבן די דייטשן באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן 100 יידן קיין סקאַרזשיסקע אין דאָרטיקן אַרבעטער־לאַגער. אָבער דעמאָלט, שטייענדיק אין די רייען, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן, אַז מען וויל אונדז גאָר אַוועקשיקן קיין טרעבלינקע.

אין דעם מאָמענט איז אַרויס פון דער ריי איינער פון אונדז, אַ ראַדאָמסקער בחור פון 20 יאָר, מענדל פישעלעוויטש. ער איז געווען אַ חלוץ, געהערט צום אָרטיקן „קיבוץ", וואו מען האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוואָפענען און געפּלאַנט אַ באַוואָפנטן קאַמף. פישעלעוויטש איז אַרויס מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט און צוזאַמען מיט נאָך אייניקע זיך געוואָרפן אויפן נאַצי־פאַרטרעטער ראהן, ווענדיק אים דערשיסן. אָבער דער רעוואָלווער האָט זיך פאַרהאַקט. אַ צווייטער חבר האָט יאָ געשאָסן, אָבער נישט געטראָפן אין ראהן. די זשאַנדארמעריע האָט דעם דאָזיקן חבר דערשאָסן אויפן אָרט. דאַן האָט פישעלעוויטש זיך געוואָרפן אויף ראהן, אים אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד, געשלאָגן אים מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ און אים צעבלוטיקט. ווען ראהן האָט זיך דאָך אַרויסגעריסן, האָט זיך פישעלעוויטש באַהאַלטן צווישן עולם. די זשאַנדאַרמעריע האָט באַפוילן, אַז מען זאָל אַרויסגעבן די שולדיקע. ווען מיר האָבן דאָס נישט געטאָן, האָבן די סאָלדאַטן אויפגעהויבן די ביקסן אין אונדזער ריכטונג; דעמאָלט איז פישעלעוויטש אַליין אַרויסגעטרעטן און דערקלערט: „דאָ בין איך, דו שמוציקער הונט"; ראהן און די אַנדערע נאַציס האָבן פישעלעוויטשן דערשאָסן אויפן אָרט.

ס'איז באַלד אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ־לייט און, אַלס שטראָף, באַשלאָסן צו דערשיסן יעדן צענטן ייד אויפן אָרט. איך און מיין ברודער האָבן זיך ספּעציעל געשטעלט איינער נעבן דעם צווייטן, אַזוי אַז אויב איינער פון אונדז וועט ווערן דערשאָסן אַלס אַ צענטער פון דער ריי, זאָל כאָטש דער צווייטער פון אונדז בלייבן לעבן. איך בין געווען איינער פון די 23 באַשטימטע דערשאָסן צו ווערן.

אונדז, די 23, האָט מען צעטיילט אויף צוויי גרופּן. די ערשטע גרופּע פון 11 מאַן האָט מען געשטעלט צו דער וואַנט אויפן וואַרשעווער מאַרק. אַקעגנאיבער זיי האָט מען אַוועקגעשטעלט די סאָלדאַטן. מען האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז אפשר וועט מען זיי דאָך נישט שיסן. אָבער די סאָלדאַטן האָבן באַקומען דעם באַפעל: „שיס!", און אַלע 11 זיינען געפאַלן. ווער עס האָט נאָך געזשיפּיעט, האָט מען אַ צווייט מאָל אין אים געשאָסן. צווישן זיי זיינען געווען: אַדוואָקאַט ראָזענשטיין, לייזער טרעמבאַצקי, דער בעקער ווערניק.

נאָך דעם האָט מען געהייסן די צווייטע גרופּע גיין צו דער וואַנט. איך בין געווען צווישן זיי. אָבער פון אונדז האָט שוין קיינער נישט געוואָלט פרייוויליק גיין. איינער האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד, אַ צווייטן האָט מען געשלעפּט ביי די האָר צו דער וואַנט.

צוויי פון אונדז האָבן אָנגעהויבן לויפן און זיינען אַריבערגעשפרונגען די דראָטן. די דייטשן האָבן אין זיי געשאָסן.

און ווען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען געווענדט צו די אַנטלויפנדיקע, אין זייער ריכטונג, האָב איך מיך אָנגעהויבן צוריקצוציען צו דער מחנה יידן, וואָס האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ און געצוואונגען געווען צוזען די עקזעקוציע. דאָס איז מיר געלונגען און אויף אַזאַ אופן בין איך דאַן געראַטעוועט געוואָרן פון טויט. מען האָט אונדז צוריקגעפירט אין געטאָ אַריין און אַ געוויסע צאָל פון אונדז אַוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסקע אין דעם אַרבעטס־לאַגער.

עטלעכע שעה שפּעטער זיינען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען, אַז ראהן האָט איבערגעציילט די דערמאָרדעטע און דערזען אַז איינער פעלט און אַז ער ווייסט דעם נאָמען. צוליב דעם בין איך שוין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, נאָר זיך באַהאַלטן עטלעכע טעג אין אַ שטאַל פול מיט זעק און אַלטע זאַכן. שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער קלאַנג איז געווען אַ פאַלשער. אָבער דורך מיין לאַנגער אָפּוועזנקייט בין איך ממילא געוואָרן „טריפה" ביי די דייטשן. צוליב דעם האָב איך מיר אַנטשלאָסן איבערצולויפן די געטאָ־דראָטן, הגם איך האָב געוואוסט אַז 99 פּראָצענט פון די שאַנסן זיינען געווען קעגן מיר. אָבער עס איז מיר דאָך געלונגען.

---

# יידן געטריבן קיין דייטשלאַנד דורך טשענסטאָכאָוו

פון טאָמאַשאָוו האָט מען געפירט די אַרעסטירטע קיין ראַדאָמסק און פון ראַדאָמסק קיין טשענסטאָכאָוו. דער וועג קיין ראַדאָמסק איז געווען אַ גוטער, מען קען זאָגן, אפילו אַ פריילעכער. די הימלען האָבן זיך אויסגעלייטערט, אַרום האָט געשמעקט מיט גרינס, מיט וואַלד און סאָד, און אויפן האַרץ איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער פון דער דורכגעמאַכטער איבערלעבעניש. צו עסן איז אויך געווען דעם טאָג, ווייל די בונדישע טאָמאַשאָווער פרויען האָבן געבראַכט אַזוי פיל עסן, אַז עס האָט אויך געקלעקט אויף מיטצונעמען.

ראַדאָמסק איז געווען די ערשטע שטאָט, וואָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך כמעט אַ פולשטענדיקע חורבה. אויפן וועג: צעשאָסענע און אומגעוואָרפענע הייזער און גאַנצע גאַסן, רויכנדיקע בערגער אַש און ציגל. אויפן האַרץ איז ווידער געוואָרן אומעטיק. עס האָבן זיך אויסגעמישט די געפילן פון אייגענעם עלנט מיטן טרויער צוליב דער אַרומיקער פאַרוויסטונג, אָבער לאַנג טראַכטן איז נישט אויסגעקומען, ווייל דער אויטאָ איז אַוועק ווייטער — קיין טשענסטאָכאָוו.

צי האָט מען דאָ די יידן געפייניקט? די ראַפינירטע פיין, וואָס מען האָט זיי דאָ אָנגעטאָן, איז געווען אַזוי כיטרע צוגעטראַכט, אַז עס איז אויסגעקומען, ווי אַלץ וואָלט געשען פון זיך אַליין. דער אָנטייל פון די היטלערישע בעסטיעס אין די פייניקונגען, אין די פייני־פולע „צופעליקייטן" איז אָבער געווען דורכאויס קלאָר: די „צופאַלן" זיינען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין צופאַלן, נאָר אַ ראַפינירטער פייניקונגס־סיסטעם. אײבעריקנס, עס האָט ניט געפעלט קיין אָפענע פייניקונגען.

טשענסטאָכאָוו האָט אויסגעזען כמעט, ווי נאָרמאַל, געליטן האָבן פון דער באָמבאַרדירונג, בעיקר, די פראָלעטאַרישע פאָרשטעט, און אין צענטער פון שטאָט, דורך וועלכן מען האָט געפירט די אַרעסטירטע, זיינען געווען קנאַפּע סימנים פון דער באָמבאַרדירונג.

זעט אויס, אַז דורך טשענסטאָכאָוו זיינען געגאַנגען ריזיקע פאַרטיעס געפאַנגענע און ציוויל־געפאַנגענע, ווייל אויף דער הויפּטגאַס פון דער שטאָט האָט געאַרבעט זייער טיכטיק אַ קריסטלעכער הילף־קאָמיטעט, וועלכער האָט געטיילט אַלע פאַרבייגעפירטע ברויט, וואורשט און טיי. אויף די טראָטואַרן זיינען געווען פאַרנאַנדערגעשטעלט הונדערטער אַלטע און יונגע קריסטלעכע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט זייער טיכטיק ביים פאַרטיילן די פּראָדוקטן, פּוילישע מיידלעך זיינען געגאַנגען פון מענטש צו מענטש, פון אויטאָ צו אויטאָ, און, נישט מאַכנדיק קיין שום אונטערשייד צווישן ייד און קריסט, האָבן זיי יעדן דערלאַנגט אַ פּאָרציע עסן. זיי האָבן עס געטאָן מיט פיל האַרץ, אָבער כמעט אָן ווערטער. בלויז איינצעלנע פון זיי האָבן געלאָזן פאַלן אַן אָפּגעהאַקט, אָפּגעריסן וואָרט, פול מיט ווייטיק און מיטלייד. אַלעמאָל האָט אַן אַנדערע אַ הויב געטאָן די האַנט צום פּנים און אויסגעווישט אַ טרער, וואָס האָט זיך געקייקלט איבער דער מיידלשער באַק.

אָבער זעלטן וועלכער ייד האָט באַקומען עפּעס צו עסן. די פּוילישע מיידלעך און די פּוילישע פרויען בכלל האָבן טאַקע נישט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן ייד און קריסט, אַן אונטערשייד האָבן יאָ געמאַכט די היטלערישע בייזע הענט, וועלכע האָבן געהיט די אַרעסטירטע. ווי נאָר אַ מיידל האָט זיך דערנענטערט צו

אַ גרופּע יידן, האָט אַזאַ האַנט זי גענומען טרייבן מיט ווערטער, און אויב עס האָבן נישט געהאָלפן די ווערטער, — מיט דער ביקס.

— ניכט געשטאַטעט . . .

— היר זינד יודען . . .

לויטן יידישן קאַלענדאַר איז עס געווען ערב ראש השנה (14טער סעפּטעמבער), אָבער אפילו די פרומע יידן צווישן די אַרעסטירטע האָבן דעמאָלט נישט געדענקט דעם חשבון פון די טעג, ערשט ווען מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין עפּעס אַ פינצטערן, אונטערערדישן לאָך, אין עפּעס אַ דומפּיקן, טוכלען קעלער, האָבן זיך עטלעכע יידן דערמאָנט, אַז עס איז ערב ראש השנה.

דאָ, אין דאָזיקן קעלער, האָט מען אַריינגעשטופּט עטלעכע הונדערט יידן, וועלכע מען האָט פאַרמשפּט דאָ צוזאַמען צו פאַרברענגען גאַנצע צוויי מעת־לעת. עס וואָלט דאָ אפשר געקלעקט שטיי־פּלעצער פאַר אַ צוויי הונדערט מענטשן. דאָס איז אָבער פאַר אַזעלכע „פאַרפלוכטע יודן" אַ צו גרויס לוקסוס, האָט מען אָנגעשטאָפּט, ווי געזאָגט, עטלעכע הונדערט פּערזאָן. גענוי וויפל מענטשן עס איז געווען אין דאָזיקן קעלער אין משך פון די צוויי מעת־לעת האָט קיינער נישט געוואוסט. איבערציילן איז געווען אוממעגלעך און קיינער האָט דערצו נישט געהאַט קיין קאָפּ. דאָס, וואָס די הונדערטער יידן האָבן דאָ איבערגעלעבט אין די דאָזיקע צוויי מעת־לעת, איז געווען אַן אמתער גיהנום.

לכתחילה האָט זיך קיינער נישט אָריענטירט, וואָס פאַראַ פּיין עס גרייט זיך פאַר זיי. אַז עס איז ענג, האָט יעדער געפילט פון דער ערשטער מינוט אָן. אָבער עס איז אַריבער איין שעה און אַ צווייטע און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט זיי אַריינגעשטופּט נישט אויף מינוטן און שעהן, נאָר אויף אַ לענגערער צייט, האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ גרויל. גיט אַ טראַכט: נישט צום שטיין, נישט צו זיצן, נישט אויסצוציען אַ האַנט. נאָך צוויי שעה פאַרשפּאַרטקייט איז אין קעלער געוואָרן אַזוי דושנע, אַז עס איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. דער שווייס האָט זיך פון אַלעמען געגאָסן עמערווייז, אָבער אַפילו אַראָפּנעמען פון זיך די מלבושים איז געווען אוממעגלעך, ווייל מענטשן זיינען געווען אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, אַז מען האָט נישט געקאָנט אַ ריר טאָן מיט אַ האַנט.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען מענטשן געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסט, ווי הערינג אין אַ פעסל, באַגאָסענע מיט שווייס, אָטעמענדיק זייער שווער. ביי אַלעמען האָט געטליעט די האָפענונג, אַז פאַרטאָג וועט די לאַגע זיך בייטן און מען וועט אַלעמען אַוועקפירן אין ווייטערדיקן וועג. מענטשן קענען קיינמאָל נישט וויסן, וואָס פאַראַ זאַך עס וועט זיך נאָך אַמאָל פאַרוואַנדלען אין זייער גרעסטער האָפענונג. אין יענער נאַכט האָבן די פאַר הונדערט יידן געהאַלטן פאַר זייער אידעאַל אַזאַ עלעמענטאַר זאַך, ווי אַ ביסעלע געוויינטלעכע פרישע לופט.

קיינער האָט יענע נאַכט נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער איז הונגעריק. אַלע זיינען געווען דורשטיק, אָבער קיינער האָט פון דעם נישט געמאַכט קיין ווען — דאָס שרעקלעכסטע איז יענע נאַכט געווען דאָס געפיל, אַז מען האָט זיי אַלעמען דאָרט פאַרשפּאַרט אין קעלער, כדי עס זאָל זיי דאָרט אויספעלן לופט און זיי זאָלן אַזוי אויסשטאַרבן.

עטלעכע מענטשן האָט זיך איינגעגעבן — ביי דער אָנווענדונג פון אַ ריי גימנאַסטישע באַוועגונגען — אַראָפּצוציען פון זיך די מאַרינאַרקעס און העמדער. ביי דער קעגנזייטיקער באַרירונג, האָט זיך איינער געבאָדן אין שווייס, וואָס האָט זיך געגאָסן פון צווייטנס לייב. גערעדט האָט מען צווישן זיך ווייניק. אָבער דאָס ביסל רייד, וואָס זיינען יאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָבן זיך געדרייט אַרום איין און איינציקער פראַגע: אַ ביסעלע לופט.

פאַרמאַטערטע, מידע, זיינען אייניקע איינגעשלאָפן אויפן פאַרשווייסטן אַקסל פונעם צווייטן — פאַרשטייט זיך, שטייענדיק. עפּעס אַ מיטליאָריקער חסידישער ייד אין אַ ווייטן ווינקל האָט, זעט אויס, זיך דערמאָנט, אַז עס איז ראש השנה און ער האָט שטיל און אומעטיק אָנגעהויבן אונטערברומען ימים־נוראימדיקע ניגונים. אַלע קוואַלן האָבן זיך מיטאַמאָל געעפנט, אין קעלער איז אויסבראָכן אַ געוויין, ווי אין אַ ווייבער־שול. פריער האָבן איינצלנע געכליפּעט, שפּעטער איז געוואָרן אַן אַלגעמיין געוויין . . .

אַזוי איז אַריבער די דאָזיקע שרעקלעכע נאַכט, אָבער דער פאַרטאָג האָט נישט געבראַכט קיין רעטונג. עס האָ זיך גערוקט אַ שעה נאָך אַ שעה, דורך די קליינע פּירקאַנטיקע קעלער פענצטערלעך האָט זיך געזען דער דרויסנדיקער זוניקער טאָג, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו עפענען די טירן און אַרויסצולאָזן די פאַרשפּאַרטע אויף דער פריי. וועגן עסן און טרינקען איז דאָך אָפּגערעדט — דאָס האָט מען זיי נישט געגעבן אויך איבערן גאַנצן וועג אַהער.

צווישן די פאַרשפּאַרטע האָט מען אָפּן גענומען רעדן וועגן אַ בונט, די מענטשן האָבן געאָטעמט מיט די לעצטע כוחות. אין אַזעלכע מאָמענטן וועקט זיך אין פאַרפּייניקטן מענטשן אַ מאָדנע, אָפּט מאָל — אומבאַגרינדעטע עקשנות צום לעבן, דורכצוהאַלטן צו להכעיס די אונטערדריקער. צווישן זיך האָט מען טאַקע גערעדט אינעם קעלער, אַז מען מוז עפּעס טאָן, אַז מען טאָר זיך נישט לאָזן פאַרפּייניקן.

— זאָל זיין, וואָס עס וויל — האָבן גערעדט אין פאַרצווייפלונג איינצעלנע פון די אַרעסטירטע — אָבער מען מוז געבן צו פאַרשטיין די היטלעריסטן, אַז מיר וועלן זיך פאַרטיידיקן.

אויף די מוחות האָט זיך געלייגט אַ נעפּל, דער געדאַנק האָט ביי אַלעמען געאַרבעט פויל. קיינער האָט זיך אַפילו נישט באַמיט צו קאָנטראָלירן ביי זיך אין געדאַנק

די צוועקמעסיקייט פון אַ וואַסער נישט איז אַרויסטרע־טונג. אַזוי ווי פון זיך האָט זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן אַ ברומעריי פון עטלעכע צענדליק שטימען:

— וואַסער!...

— וואַסער!...

— מיר גייען אויס!...

איבער איינעם פון די פענצטערלעך האָט זיך באַוויזן אַ פּנים פון אַ יונגן דייטשישן היטלעריסט:

— וואס לאַאַז?

ער האָט געפרעגט, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. עטלעכע צענדליק שטימען מיטאַמאָל האָבן זיך אַ ריס געטאָן צום פענצטער אַרויף. איינע האָט געקלונגען מיט תחנונים, אַן אַנדערע מיט רוגזה. מען האָט נישט געקענט אונטערשיידן די ווערטער. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין איין גרויס געשריי:

— לופט!...

— לופט!...

— לופט!...

— וואַסער!... מיר גייען אויס!...

דער היטלעריסט האָט גאָרנישט נישט געענטפערט. דאָס פּנים איז פאַרשוואונדן פון איבערן פענצטערל. אַ ווײַלע איז געווען שטיל אין קעלער און סיי אין דרויסן. אָבער בלויז אַ קורצע ווײַלע — געציילטע סעקונדעס. אין דרויסן האָט אָפּגעהילכט אַ געלעכטער פון עטלעכע שטימען, דער היטלעריסט האָט דאָרט, זעט אויס, דערציילט זיינע חברים, וואָס עס טוט זיך אין קעלער, און זיי, די מענטשלעכע בעסטיעס פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן רעאַגירט דערויף מיט אַ געלעכטער...

ווידער איז אַדורך אַ ווײַלע — דאָס מאָל אַ לענגערע ווײַלע — און אין דער שפּאַנענדיקער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אינעם קעלער, האָט זיך געהערט, ווי עטלעכע היטלעריסטן פאָרן זיך אינדרויסן ביי די פענצטערלעך. מיטאַמאָל האָט זיך אַריינגעריסן דורך אַ פענצטערל אַ שטראָם וואַסער. ער האָט אַ שלאָג געטאָן מיט אַ דערקוויקנדיקער פרישקייט איבער די קעפּ פון די אַמנאָענטסטן שטייענדיקע. ווי עס וואָלט זיי עמעץ אָנגעטאָן דעם גרעסטן נחת־רוח, האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייער אַלעמענס ברוסט אַ געשריי פון תענוג:

— אַ־אַ־אַ!...

אין קעלער איז געוואָרן אַן אויפרודער. מען האָט זיך גענומען שטופּן צו די פענצטערלעך, מען האָט געגנר־מען אַרויסשרייען צו די היטלעריסטן, אַז זיי זאָלן אַריינלאָזן דעם וואַסער־שטראָם אויך דורך די אַנדערע פענצטער.

די היטלעריסטן האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן און זיי האָבן אַרויסגעוויזן זייער „באַרעמהערציקייט": זיי האָבן דורך אַלע פענצטערלעך געלאָזן וואַסער אָן אַ שיעור, אַלע זיינען שוין געשטאַנען ביז די קנעכלען אין וואַסער, אָבער אַלע האָבן זיך געבעטן, אַז מען זאָל נישט אויפהערן צו גיסן. דער הידראַנט אין דרויסן האָט געאַרבעט געהאָרכזאַם. אַלע זיינען געשטאַנען אויסגענעצט, ווי די קעץ, די מלבושים זיינען געווען צוגעקלעפּט צו די לייבער און דורכגענעצט ביזן לעצטן פאָדעם. דאָך האָט עס קיינעם לכתחילה נישט געאַרט. געווען אַזעלכע אין קעלער וועלכע האָבן געכאַפּט דאָס וואַסער מיט די הענט אין דער לופטן און עס צוגעטראָגן צו די ליפּן. אין קעלער האָט געהערשט אַ מין וואַסער־שגעון.

ווען דער הידראַנט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און דער דאָזיקער וואַסער־שגעון איז אָפּגעטרעטן, האָבן ערשט אַלע אָנגעהויבן פּילן די קללה, וואָס עס האָט געבראַכט מיט זיך די דערלייכטערונג: אַלע זיינען געשטאַנען איבער די קנעכלעך אין וואַסער. יענע פאַרשפּאַרטע, וואָס האָבן נאָך געטראָגן אויף זיך זייערע שיך, האָבן די פּלאָג געפּילט אַמפּיינלעכסטן. אָבער אין גיכן האָבן עס אַלע דערפילט, אַז די היטלעריסטן האָבן זיי מזכה געווען מיט אַ ביסל וואַסער, כדי די ברכה צו פאַרוואַנדלען אין אַ קללה.

אָבער עס האָט אויפגעבליצט אַ נייע האָפענונג — די טיר פון קעלער האָט זיך געעפנט און עס האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל צוויי יונגע צעשמייכלטע היטלעריסטן.

— זינד זי אַרבייטס־יודען?...

— אַרבייטס־יודען הערויס!..

ביים עפענען די טיר האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטראָם פרישע לופט, אין די מוחות האָט זיך דערוועקט אַ ברענענדיקער באַגער זיך אַרויסצורייסן פון קעלער פאַר יעדן פּרייז. כמעט אַלע אָן אויסנאַם האָבן זיך געריסן צו דער טיר. אַלע האָבן געשריגן, אַז זיי זיינען „אַרבייטס־יודען". בלויז איינצלנע עקשנותדיקע רעליגיעזע מענטשן האָבן נישט געפּרוּווט אַרויסצוגיין, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט מחלל־זיין די פאַרכטיקע טעג פון ראש־השנה. אָבער אויך פיל פון די, וואָס האָבן זיך געריסן צו דער טיר, האָבן געמוזט בלייבן אינעווייניק, די היטלעריסטן האָבן אָפּגעציילט עטלעכע צענדליק מענטשן און זיי אַרויסגעפירט אין דרויסן.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען מיט אַ צוויי שעה שפּעטער, האָבן זיי פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גרופּע צעבראָכענע מענטשן. זיי האָבן זיך טאַקע אַ ביסל אָפּגעפרישט אין דרויסן, אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן דערציילט מיט צעבראָכענע שטימען איז געווען שרעקלעך: מען האָט זיי אין דרויסן געפּייניקט מיט ראַפינירטן סאַדיזם.

איין גרופּע האָט מען אַוועקגעפירט טיף אין הויף אַריין צו עפּעס אַ שמוציקן קלאָזעט, וועלכער איז נישט נאָר פול געווען מיט צואה פון אינעווייניק, נאָר אויך פון דרויסן. דאָ האָבן זיך געריניקט, זעט אויס, די לעצטע טעג גרויסע מאַסן מענטשן, און קיינער האָט די צואה נישט אָפּגערוימט. אפילו אַרום דעם הילצערנעם קלאָזעט־בנין זיינען געלעגן גאַנצע בערג צואה, און דער געשטאַנק, וואָס האָט זיך געטראָגן אַרום און אַרום, איז געווען נישט אויסצוהאַלטן.

די יידן זיינען געצוואונגען געוואָרן צו רייניקן די צואה מיט די הענט. די היטלער־בעסטיעס זיינען גע־שטאַנען פון דערווייטנס און אָפּגעהוזקט פון זיי. אין גאַנג פון דער „אַרבעט" האָבן זיי צוגעטראַכט אַלע מאָל עפּעס אַנדערש. אין אַ געוויסן מאָמענט, למשל, האָבן זיי געצוואונגען די יידן זיך צו „שפּילן" אין בעקעריי פון זיסוואַרג: פון דער צואה האָבן זיי געדאַרפט מיט די הענט אויספאָרמען קיכלעך! שפּעטער האָט מען גע־צוואונגען צו פאַר־זוכן דעם טעם פון „געבעקס". אַנדערע האָט מען געצוואונגען סתם זיך אויסצושמירן דאָס פּנים מיטן טינוף. די בעסטיעס האָבן אַנגעקוואָלן פון דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן צוגעטראַכט, און ווען די געפּייניקטע מענטשן האָבן אָנגעהויבן ברעכן, זיינען די היטלעריסטן אַרויס מיט אַזאַ פריילעך הירזשעריי, ווי אַפריקאַנער מענטשן־פרעסער.

אַ צווייטע גרופּע האָט מען אַוועקגעפירט ערגעץ אין אַנדערן עק פון הויף און דאָרטן אַדורכגעפירט מיט זיי מאָרד־איבונגען! מען האָט זיי געצוואונגען לויפן מיט אַן איבערמענטשלעכן טעמפּ, גיין אויף די קני, מאַכן מיט די פיס ווי שנעל־פאָרער אויף וועלאָסיפּעדן, אאַז"וו.

מיט די וועליסאָפּעד־פאָרער איז עס נישט געווען אַזוי איינפאַך. פריער האָט מען אויסגעשטעלט די גרופּן און געפרעגט, ווער עס קאָן פאָרן אויף וועליסאָפּעדן, און ערשט ווען אַ צענדליק יונגע בחורים האָט זיך פרייוויליק דערצו געמאָלדן, האָט מען מיט זיי אַדורכגעמאַכט די דאָזיקע „איבונגען".

צום סוף האָט מען אַלעמען אויסגעשטעלט און איי־נער האָט דעם צווייטן געמוזט שלאָגן. פריער האָט איי־נער סתם געשלאָגן דעם צווייטן, דאַן האָט דער געשלאָ־גענער געמוזט צוריקשלאָגן דעם שלעגער פאַר דעם, וואָס ער, דער שלעגער, האָט געוואַגט אים צו שלאָגן, און נאָך דעם אַלעם האָבן די היטלעריסטן צעממיתט ביידן אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך שוואַך געשלאָגן...

די צוויי טעג, וואָס די יידן האָבן פאַרבראַכט אין טשענסטאָכאָווער קעלער און אין פּייניקונגס־הויף, וועלכן מיר האָבן דאָ באַשריבן, זיינען פאַר זיי געווען אמתע ימים־נוראים. צומאָרגנס האָט שוין קיינער נישט גע־וואָלט גיין צו דער אַרבעט, אָבער מען האָט געטריבן מיט גומענע שטעקנס. מענטשן האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס פון הונגער און לופט־מאַנגל, מען האָט מאַסנוויז געחלשט, מען האָט טויזנט מאָל געבעטן אויף זיך דעם טויט.

אָבער דער טויט איז נישט געקומען. די רעזערוון אין מענטשלעכן אָרגאַניזם זיינען אומדערשעפּלעך: נאָך די דאָזיקע צוויי שרעקלעכע טעג האָט זיך דער עולם פונדעסטוועגן געהאַלטן אויף די פיס.

ווען מען האָט זיי נאָך ראש־השנה אַרויסגעפירט אַלעמען פון קעלער און אַוועקגעפירט צו דער באַן, האָבן זיי זיך געשלעפּט, ווי די שאָטנס, אָבער קיינער איז נישט געבליבן הינטערשטעליק. עס זיינען שוין נישט געווען קיין מענטשן, נאָר אַ ווילנלאָזע סטאַדע.

— וואָס דער מענטש קאָן אַלץ אויסהאַלטן!

זיי האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט, אַז זיי זיינען נאָך זייער, זייער ווייט פונעם סוף . . .

---

# די פאַרניכטונג פון דער סינאַגאָגע
# (נייע שול)

אין דער נאַכט פון 24טן אויפן 25טן דעצעמבער, 1939, איז עס געווען. קוים 4 חדשים נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן באַזעצט טשענסטאָכאָוו.

אין דער דאָזיקער נאַכט ווען די קריסטלעכע וועלט פייערט דעם געבורטסטאָג פון דעם שעפער פון זייער רעליגיע, פון דעם, וועלכער האָט געפּרעדיקט ליבע צו מענטשן, ברידערלעכקייט און טאָלעראַנץ, האָבן די דייטשי־שע קריסטן מיט דער הילף פון פינצטערע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג אָפּגעטאָן איינע פון זייער שענדלעכסטע טאַטן אין אונדזער שטאָט. זיי האָבן פאַר־ברענט און צעשטערט די טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע, באַקאַנט געווען ביי אונדז אין שטאָט אונטערן נאָמען די „נייע שול".

דער שרייבער פון די שורות האָט געוואוינט אין דער נאָענט פון דער שול, אַזוי אַז ער האָט געהאַט דאָס גע־לעגנהייט צו אָבסערווירן דעם דאָזיקן שענדלעכן אַקט ווייזן זיך אין גאַס, ניט וועלנדיק לויט דער אויפפאַסונג געזען.

שוין אין דעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן, האָבן יידן אין די נעכט פון „באָזשע נאַראָדזעניע" אויסגעמיטן צו באַ־ווייזן זיך אין גאַס, ניט וועלנדיק לויט דער אויפפאַסונג פון די אַנטיסעמיטן, רייצן די רעליגיעזע געפילן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. וואָרעם אונדזערע היימישע פּוי־לישע אַנטיסעמיטן, האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געזוכט אויסצונוצן די שטימונג פון די פּוילישע מאַסן קעגן די יידן. אין די מלחמה־יאָרן, ווען מיר זיינען געווען אונטער דער דייטשישער הערשאַפט, האָבן אַזעלכע „סטיכישע" אויסברוכן מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג, געקאָנט ברענגען מער טרויעריקע פאָלגן.

אונטער דער שטענדיקער מורא פאַר וועלכע עס איז פּראָוואָקאַציעס מצד די דייטשן האָט מען זיך פאַרשפּאַרט אין די וואוינונגען, אַפילו מיט שכנים ווייניק זיך צוזאַמענגעקומען, כדי ניט פאַרדעכטיק צו ווערן אַז מ׳האַלט אָן פאַרזאַמלונגען און ביי דעם רעדט מען וועגן פּאָליטיק אָדער קעגן די דייטשן.

דעריבער האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו אין דעם טאָג פון 24טן דעצעמבער 1939 שוין ביים צופאַלן פון דער נאַכט צוריקגעצויגן אין זייערע וואוינונגען און שטובן, הגם מ׳האָט נאָך לויט דער פּאָליציי־שעה געקאָנט זיך באַווייזן אין גאַס.

פלוצלונג דערהערט זיך אויף דער גאַריבאַלדי גאַס



דער הויפּט־אַריינגאַנג אין שול.

(אַמאַליקע ספּאַדעק) אַ ווילדער געשריי פון פּוילישע יוגנטלעכע אויסגעמישט מיט דייטשישע אויסרופן און גלייך מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואַרפן שטיינער אין די פענצטער פון די יידישע וואוינונגען. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון עפּעס שלעכטס.

און אין אייניקע מינוטן שפּעטער האָט מען שוין געקאָנט זען, ווי די דייטשישע און פּוילישע כוליגאַנעס וואַרפן צינד־באָמבעס אין דער שול אַריין.

דאָס פייער האָט שנעל אַרומגענומען די אינעווייניקסטע איינריכטונגען פון דער שול. די בענק, דער שלחן, דאָס ארון־קודש מיט די ספרי־תורות, לייכטער־קאַנדעלאַבערן און אַלע אַנדערע טיילן פון דער בית־התפילה, זיינען פאַרניכטעט געוואָרן פון פייער, וואָס האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרשפּרייט.

די שול מיט וועלכער דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט אַזוי שטאָלצירט, דאָס אָרט ווי מיר פּלעגן זיך ביי יעדער פייערלעכקייט צוזאַמענטרעפן, דאָס הויז וואָס האָט ביי זיך געהאַט אַלס גאַסט ח. נ. ביאַליק ז״ל, דאָ וואו דער באַקאַנטער מנגן און קאָמפּאָזיטאָר אברהם בער בירנבוים האָט געווירקט און געשאַפן, דער בנין האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

עס קלינגט נאָך איצט אין מיינע אויערן דאָס געשריי פון דעם חזן פון דער דאָזיקער שול פישל ע״ה (אומגעקומען בעת דער אויסזידלונג אין סעפּטעמבער 1942), ווען די פלאַמען פייער האָבן אים מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעיאָגט פון זיין וואוינונג, וואָס ער האָט פאַרנומען ביי דער שול. אַ געשריי פון צער און צאָרן האָט זיך פון זיין ברוסט אַרויסגעריסן. ער האָט געוויינט אויף דעם חורבן פון טשענסטאָכאָווער בית־המקדש.

אָבער ניט בלויז די אינעווייניקסטע איינריכטונגען פון דער שול זיינען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן.

לויט דעם מוסטער פון דער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק ביי דער וואַרשעווער סינאַגאָגע האָט ביי אונדזער שול אויך עקזיסטירט אַזאַ ביבליאָטעק, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען רעליגיעזע און וועלטלעכע ליטעראַטור. טשענסטאָכאָווער יידן, פרומע און פרייע, אַלט און יונג פלעגן דאָרט יעדן אָוונט אַריינקומען לעזן, פאָרשן, שטודירן און לערנען. מ׳האָט דאָרט געהאַט אַ גייסטיקן אָפּרו נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג. אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור, ספרים, ביכער, מאַנוסקריפּטן געזאַמלט און געשענקט פון יידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן זיך געפונען אין דער ביבליאָטעק. די חזנישע ליטעראַטור, נגונים געשריבן פון אברהם בער בירנבוים ע״ה. זיינען געווען די איינצלנע עקזעמפּלאַרן פון דעם מין. אַ זאַך, וועלכע איז שוין מער ניט צו דערזעצן.

עפּעס מיט אַ ווילדער סאַדיסטישער הנאה האָבן זיי פאַרניכטעט דאָס געשריבענע יידישע וואָרט. עס האָט דערמאָנט דעם „אויטא ד׳אפע״ פון קאַליף אָמאַר, וועלכער האָט אין קאַיראָ פאַרברענט אַלץ וואָס איז קעגן דעם „קאָראַן״, אַלץ וואָס איז געווען קעגן „מיין קאַמף״.

דאָס פייער פאַרשטאַרקט זיך. דער גאָט פון צעשטערונג האַלט אָן זיין נצחון. ווי לעבעדיקע מענטשן האָבן די פלאַמען פייער געשפּיגן אין הימל אַריין. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי שרייען און פרעגן פאַרוואָס ? . . . עס איז דאָ אַ געפאַר אַז די פלאַמען פייער זאָלן זיך אַריבערטראָגן אויף די שכנותדיקע הייזער.

אָבער דער דייטש „זאָרגט״ שוין, אַז די שרפה זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן. אָט זיינען אָנגעקומען די פייערלעשער מיט זייערע מכשירים און כלים. זייער אויפגאַבע אָבער איז צו פאַרהיטן, אַז דאָס פייער זאָל זיך ניט פאַר־



די שול, אינעווייניק, בעת דעם 150־סטן יובילײ צו דער אומאָפּהענגיקייט
פון די פאַראייניקטע שטאַטן. 1776—1926.

שפּרייטן און אַרומנעמען די הייזער בשכנות פון דער שול. די שול גופא מוז ברענען. פינקטלעך 12 ביינאַכט (אַ סימבאָלישע שעה) איז אַרונטערגעפאַלן דער גרויסער טורעם פון דער שול מיטן מגן־דוד אין דער שפּיץ. 3 ביינאַכט האָט זיך דאָס פייער איינגעלאָשן, שוואַכער געוואָרן. וואו ניט וואו טליעט נאָך אַ קליין פייערל און פאַרברענט די רעשטלעך פון דער אַמאָליקער גרויסער שול.



דאָס אויסערלעכע אויסזען פון דער שול נאָכן פאַרברענען.

צומאָרגנס באַלד אין דער פרי האָבן זיך טשענסטאָכאָווער יידן פאַרזאַמלט אַרום די פאַרברענטע שול, באַוואונדערט די גרויזאַמע טאַט פון די דייטשישע מערדער און באַוויינט איר אַמאָליקע הערלעכקייט.

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם כבוד אין די יאָרן 1941—1942 דורך פאַרשיידענע וועגן און מיטלען צוזאַמען מיט די גבאים, מאַרקאָוויטש, מאָנהייט, דאַווידאָוויטש און מיץ, אָפּצוראַטעווען די שול פון אַ פּולקאָמענער צעשטערונג. וואָרעם די דייטשן האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט פאַרברענען די שול. זיי האָבן געוואָלט גענצלעך צעשטערן די מויערן, כדי עוקר מן השורש צו זיין דאָס יידישע הייליקטום.

נאָר דורך די מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען פון די דערמאָנטע יידן מיט אייניקע באַלעבאַטים, וועמען די שול איז געווען טייער און ליב און דורך מסירות־נפש פונעם שרייבער פון די שורות, איז געלונגען אויסצומיידן דאָס פולקאָמע פאַרניכטן פון דער שול.

היינט שטייען אירע מויערן צום אָנדענק פון דער אַמאָליקער הערלעכקייט פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה און צום שאַנדפלעק פון דייטשישן באַרבאַריזם...

# אַ נאַכט אין טשענסטאָכאָווער געטאָ

אַלץ וואָס איך האָב ביז איצט געשריבן, האָט געהאַט צו טון מיט מיין לעבן אין די באָנקערס, און דאָס איז געווען אין בענדין, אין אויבערשלעזיען, אָבער נישט אין טשענסטאָכאָוו. אַ סך מאָל שטעל איך זיך די פראַגע, פאַרוואָס עס איז מיר לייכטער צו שרייבן וועגן דעם אונטערגרונט־לעבן אין אַנדערע ערטער און איך מייד אויס די שוידערלעכע טראַגעדיע פון מיין אייגענער שטאָט ? איז עס דערפאַר וואָס אומבאַוואוסטזיניק האָב איך מורא, אַז דאָס האַרץ זאָל נישט פּלאַצן, צי דערפאַר, וואָס נאָר דעמאָלט, ווען איך טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, געלינגט מיר זיך צו באַפרייען אויף אַ צייט פון די שרעקלעכע בילדער, וואָס שטייען מיר שטענדיק פאַר די אויגן און באַגלייטן מיך אויף שריט און טריט ?

און ווי קען מען עפּעס שרייבן וועגן טשענסטאָכאָוו ! מיין גאַנץ לעבן וואָלט דאָך צו ווייניק געווען צו באַשרייבן אפילו איין גאַס, איין געסל, די גאַרנצאַרסקאַ, זאָלן מיר זאָגן ! וואו וועל איך געפינען ווערטער און יאָרן צו שילדערן, ווי עס האָט אויסגעזען אונדזער געסל אין טאָג פון חורבן ! איך וויל איצט פּרואוון צו באַשרייבן איין הויז. זאָל זיין דאָס הויז אויף גאַרנצאַרסקאַ 23.

עס איז געווען אַ הויז ווי אַלע הייזלעך אויף גאַרנצאַרסקע, נאַדזשעטשנע, מאָסטאָווע, קאָשאַראָווע, סענאַטאָרסקע צי קאָזשע. דריי שניידער, צוויי שוסטער, צוויי שטעפּער, אַ גלעזער, אַ טישלער, אַ בלעכער, היטל־מאַכער, אַ בעקעריי, אַ מילכיקער, דריי מאַרק־שטייער, אַ דיין, אַ בית־המדרש — אַ גאַנץ שטעטל ממש. די מיידלעך זיינען כמעט אַלע געגאַנגען אין די פאַבריקן. די יינגלעך — אַלע אין איין חדר געגאַנגען. אָבער אויסגעלערנט האָט זיך יעדער עפּעס אַנדערש. איינער איז געוואָרן אַ הייסער ציוניסט, דער צווייטער — אַ פירער פון דער בונדישער יוגנט, דער דריטער אַ פירער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. און נישט בלויז איז מען אין זעלביקן חדר געגאַנגען, נאָר אין זעלביקן זאַמד אויפן הויף זיך געשפּילט, אַזוי ווי עס האָבן זיך אַמאָל געשפּילט זייערע טאַטעס און זיידעס. און עס וואָלטן זיך נאָך דורות אַ סך אין דעם זעלביקן ווינקל מיט דעם זעלביקן זאַמד געשפּילט, אָבער איך געדענק, יאָ איך געדענק גוט, אַז אין דעם טאָג, אין דעם לעצטן טאָג, האָבן זיך נאָך די קינדער — די לעצטע קינדער שוין — געשפּילט אין זאַמד אין זעלביקן ווינקל...

דעם טאָג זיינען אַלע אויפן הויף געווען. אַלע, אַלע, פרויען, קינדער, יונגע, אַלטע. קינדער פון אַנדערע הייזער מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס זיינען אַהער געקומען. די טאַטעס און די מאַמעס זיינען געקומען צום אַלטן הויז פון זייער יוגנט, צום הויז פון זייער יוגנט, צום הויז פון זייערע עלטערן. און אַלע אויפן הויף ! ווי דער פינאַל פון אַ שוידערלעכער פאָרשטעלונג.

פון דער שטאָט זיינען שוין אַוועקגעפירט געוואָרן מער ווי אַ העלפט יידן. גאַס נאָך גאַס, הויז נאָך הויז.

שוין דער צענטער טאָג ווי די געטאָ איז אַרומגערינגלט. היינט איז ווידער אַ רואיקער . . . טאָג. ווייל ערשט נעכטן זיינען די זעכציק וואַגאָנעס אַוועק קיין טרעבלינקע. וועלן זיי ערשט מאָרגן צוריקקומען. איז מאָרגן טאַקע אונדזער ריי. קיין ספק נישט. און אַלע זיינען אויפן הויף און אַלע שווייגן, און רעדט ווער אַ וואָרט, — הערן עס אַלע דייטלעך. און יעדעס וואָרט שניידט ווי אַ מעסער:

— מיינע יונגע יאָר, נעבעך, — זאָגט אַ מיידל — מיינע יונגע יאָר, וויי צו מיר!

— און צו וואָס האָב איך דערלעבט צו אַזאַ עלטער — זאָגט אַ גרויע באָבעשי — צו וואָס האָט מיר גאָט געשענקט אַזוי פיל יאָרן!

און די קינדער שפּילן זיך אין זאַמד, שוואַכע, אויסגעמאַטערטע, בלאַסע. אייערנעכטן האָט דער הויז־קאָמיטעט פאַרטיילט דאָס לעצטע עסן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דעם שמוץ, וואָס איז אַראָפּגעקראַצט געוואָרן פון די בייטן אין דער בעקעריי. יעדן אַ פּאָר לעפל זופּ. שוין באַלד צוויי וואָכן ווי די געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט מערדער, אַז קיין קאַץ קען זיך נישט אַרויסבאַקומען. אָט פאַלט שוין צו די נאַכט, די לעצטע נאַכט. יעדערער וויס עס. קלאָר: די קינדערלעך, די דערוואַקסענע. און די פראַגן, וואָס זיי פרעגן: פאַרוואָס? פאַרוואָס? שטיקן ביים האַלדז...

און נאָך האָט אויפגעשיינט אַביסל פרייד, וואָס איז געגאַנגען פון הויז צו הויז. דאָס לעצטע ביסל פרייד אין דעם לעצטן אָוונט פאַרן אומקום. געווען איז אַזוי:

עס האָט אַ זון נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון דער אַלטער מאַמען און האָט איר דערציילט אַ ליגן, סתם אַזוי, אויסגעזויגן פון פינגער: אַז פון צווייטן הויף האָט מען אַריבערגעוויזן צייכנס, אַז די אויסראָטונג איז אָפּגעשטעלט . . . אַז עס איז געקומען אַ באַפעל פון בערלין . . . און דעם לעצטן טראַנספּאָרט האָט מען פון וועג צוריקגעשיקט אַהיים . . . און מיר זיינען שוין געהאָלפן. און גלייביק־לייכטזיניק, ווי קינדער, האָט עס איינער דעם צווייטן נאָכדערציילט. יעדער האָט געגלויבט, ווייל ער האָט געוואָלט גלויבן . . . איך האָב אויך געגלויבט . . . באַלד איז די שמחה געוואָרן גרויס. מען האָט באַקומען פרישע כוחות, מען איז געשפּרונגען פון פרייד, זיך געווינטשן מזל־טוב, זיך געקושט און געוויינט פאַר פרייד.

ווער עס האָט געצווייפלט, האָט באַלד געזען, אַז עס איז אמת . . . ווייל אָט זעט מען, ווי אויף דעם שכנות־דיקן הויף טאַנצט מען אויך פאַר פרייד און מען שרייט צו אונדז אַריבער: מזל־טוב, מזל־טוב!

ביזן גרויען טאָג האָט מען געשמועסט און געפּרואווט טרעפן, וואָס עס האָט געבראַכט די הילף. איינער האָט געזאָגט, אַז בערלין האָט אַזוי באַפוילן, ווייל מען דאַרף די יידן צו דער אַרבעט. אַ צווייטער האָט געזאָגט, אַז אין אַמעריקע גייט מען דאָס זעלבע טאָן מיט די דייטשן — האָבן זיי זיך דערשראָקן . . .

— אָבער פאַרוואָס שטייט נאָך די גאַנצע וואָך אַרום דער געטאָ — האָט עמיץ געפרעגט.

— פאַרוואָס? — ווייל זיי האָבן נאָך נישט באַקומען דעם באַפעל — האָט מען אים גלייך געענטפערט.

אַלץ האָט מען געוואָלט אויסלייגן צום גוטן, ביז צו דער לעצטער מינוט האָט מען געגלויבט, געהאָפט, געוואָלט לעבן. אָבער . . .

זעקס אַזייגער אינדערפרי זיינען אריינגעפאָרן אין דער געטאָ אַ פּאָר הונדערט וועגענער אויף רעסאָרן, די זעלבע וואָס פלעגן זיך באַווייזן פריער, כדי די אַלטע און די קינדער אַוועקצופירן צו די וואַגאָנעס און כדי צוזאַמענצוקלייבן די טויטע. (אַלטע און קינדער, וואָס האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין אין גאַס, האָט מען דערשאָסן אין די הייזער און זייערע קערפּערס אַרויסגעפירט אויף ריסאַרעס). דאָס מאָל האָט מען לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן און נישט געוואָלט וואַרטן. זאָל עס שוין נעמען אַ סוף . . איבערקומען עס. . . זיי, די וואָס זיינען מיט די פריערדיקע טראַנספּאָרטן געפאָרן, איז שוין גוט... שוין איבערגעקומען . . .

אַזוי האָט אויסגעזען דער לעצטער טאָג און די לעצטע נאַכט אין הויז אויף גאַרנצאַרסקע, וואו איך בין געבוירן געוואָרן. איך האָב אַלץ אַליין געזען און גלויב נאָך אַלץ אַליין נישט, אַז דאָס איז שוין מער נישטאָ... כאָטש איך בין געווען פון די לעצטע, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, כדי געפירט צו ווערן צו די וואַגאָנעס. שפּעטער האָט מען מיך געפירט מיט אַ סך אַנדערע יונגע מענטשן צו מאַכן אָרדענונג אין די הייזער (צו דעם צוועק האָט מען אונדז אויף אַ קורצער צייט איבערגעלאָזט) און איך בין אויך אין מיין הויז געווען. קיין לעבעדיקן מענטשן האָט מען דאָרט נישט געטראָפן, טויטע — אַ סך. ווענט מיט בלוט באַשפּריצט, שויבן צעקלאַפּט. און אַלץ אַזוי שוואַרץ, אַזוי פינצטער. איך האָב דאָך אַלץ אַליין געזען און דאָך, ווען איך טראַכט היינט וועגן מיין הויז אויף גאַרנצאַרסקע — זע איך נאָך דעם הויף פון אַמאָל, אינגאַנצן ווי אַמאָל. אויך די קינדערלעך זע איך ווי זיי שפּילן זיך אין זאַמד . . . אין זעלביקן זאַמד ווי איך . . . אין דעם זעלביקן ווינקל, וואו איך האָב זיך געשפּילט . . .

# די לעצטע 24 שעה אין „האַסאַג״

•1

דינסטיק, דעם 16טן יאַנואַר, 1945, אין דער פרי, האָט דער „האַסאַג־אַפּאַראַטן־בוי״ שוין נישט געהאַט דאָס זעלביקע פּנים, ווי מיט אַ טאָג צוריק.

מאָנטיק פרי, 5 אַזייגער, האָט מען נאָרמאַל געוועקט מיט דער טראָמפּייט צום אויפשטיין, אַלץ איז אַרויס צום אַפּעל. דער ס״ס־מאַן, מיט דעם יידישן לאַגער־פירער גאָלדשטיין, ווען מען האָט אַהער געבראַכט פונעם ליקווידירטן יידישן קאָצענטראַציע־לאַגער פלאַשאָוו־קראָקע, האָבן נאָך געפּאַטשט און געקאָפּעט: פאַר נישט גענוי מעלדן, וויפל „העפטלינגע״ דער „קאַפּאָווע״ (גרופּן־פירער) פירט אַרויס פונעם לאַגער צו דער אַרבעט. אָדער פאַר נישט גלייך מאַרשירן, אד״גל. אַזוי פלעגט זיך אָנהייבן דער טאָג אין דעם ניי־איינגעפירטן „יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער טשענסטאָכאָוו״, ווי אונדזער פאַבריק־לאַגער האָט זיך גערופן זינט דעם ערשטן יאַנואַר 1945. די גרופּן־אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער שטאָט, האָט מען אַרויסגעלאָזט פונעם לאַגער. עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז דער טאָג גייט זיך זיין נאָרמאַלן וועג. שפּעטער האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם טאָג איז פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל יידן אין די פיר אַמוניציע־פאַבריקן פון טשענסטאָכאָוו מיט פיר טויזנט נפשות.

אין אָוונט, צוריקקומענדיק פון דער אַרבעט אין שטאָט, האָבן מיר געטראָפן אַ צווייטן לאַגער, וואו אַלץ איז געווען געפּאַקט, די שרעק און פּאַניק אומבאַשרייבלעך. צומאָרגנס, דינסטיק, האָט מען געזאָלט אַוועקשיקן אַלע פרויען פונעם לאַגער. דאָס האָט געמיינט אַ נייע „אַקציע״, אַ פרישע „סעגרעגאַציע״ און דער סך־הכל — פרישע יידישע מאַסן־קברים ערגעץ אין אַ זאַמל־לאַגער. באַזונדערס דערשיטערנדיק האָט עס געווירקט אויף די ווייניקע יידישע פאָרפעלקער, וואָס האָבן זיך נאָך דערהאַלטן ניט געקוקט אויף אַלע צרות און פּיין. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז געקומען די לעצטע שעה פון זייער צוזאַמענלעבן, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען פלעגט זיך פון צייט צו צייט זען. ווער איז אימשטאַנד אַרויסצוברענגען דעם טיפן צער פון די דאָזיקע מענטשן. וועגן זען זיך נאָך אַמאָל אין לעבן חלומט נישט אַפילו קיינער. די זעלביקע טראַגעדיע האָבן איבערגעלעבט די איינצעלנע יידישע מוטערס, וואָס האָבן ביי זיך נאָך געהאַט זייערע ייִנגערע אָדער עלטערע קינדער. זיי האָבן געוואַרט מיט טויט־ציטערניש, אַז אָט, אין אַ פּאָר שעה אַרום, רייסט מען פון זיי אַוועק דאָס טייערסטע און הייליקסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן. אָבער די הענט פאַלן אַראָפּ. אַ טייל מענער קוקן נישט אויף דעם פאַרבאָט צו געפינען זיך אין די פרויען־באַראַקן און פאַרבלייבן מיט זייערע פרויען און מאַמעס די לעצטע שעהן, און אַ יאָ־

מערלעך פאַרשטיקט געוויין און האַרצברעכנדיקע זיפצן זיינען די אַקאָרדן פון דער דאָזיקער שלאָפלאָזער נאַכט.

איבער אַלעמען הענגט ווי אַ שווערע שוואַרצע כמאַרע די גרויסע און גרויזאַמע אוממעכטיקייט אַקעגן די ראָפינירטע יידן־מערדער. אַרום איינס ביינאַכט קומט דער וואַכמאַן, דער קריפּל שטיגליץ, און מעלדעט, אַז פרויען פאָרן נישט און אַז מאָרגן איז אַ נאָרמאַלער אַרבעטסטאָג. נאָר ווער גלויבט אים?

•2

דינסטיק פרי, 5 אַזייגער. מען פאַרזאַמלט זיך אויף דעם לאַגער־פּלאַץ. קיין אַפּעל קומט נישט פאָר. דער ס.ס.־מאַן קומט און גייט אַוועק. ווייזט אויס, ער האָט נישט קיין גענויע אינסטרוקציעס. זייער ייד, גאָלדשטיין, וואָס האַלט שוין זיינע הינטישע לאַפּעס גרייט צו שלאָגן די „הונדע״ און „שווינע״, ווי ער רופט די יידן, מוז אַ ביסל האָבן געדולד, רייסט ער זיך דערווייל אויס זיין חזירשן האַלדז מיט זיינע געשרייען און געוואַלדן איבער אונדז, געפּייניקטע און דערשלאָגענע. אַזוי פאַרגייט די קאָשמאַר־נאַכט פון 15טן און 16טן יאַנואַר, 1945.

די לבנה לעשט זיך פאַמעלעך אויס. עס רייסן זיך דורך העלע שטראַלן אין מזרח. דער טאָג וואַכט אויף. אָבער ווער פון אונדז שלאָפן קוקט אויף דעם הערלעכן נאַטור־שפּיל? מיר פילן אפילו נישט קיין קעלט אין אונדזערע ביינער פון איבער צוויי שעה שטיין אויפן פראָסט האַלב־נאַקעט. מיר זיינען באַהערשט פון דער מורא, וואָס וועלן אונדז די טאָג־שטראַלן ברענגען? וואָס האָבן די בייזע רוחות מיטן נאָמען דייטשן פאַר אונז צוגעגרייט?

פונעם לאַגער ווערט קיינער נישט אַרויסגעלאָזט אַחוץ די בעקערס, וואָס באַקן פאַר אונדז ברויט אין דער שטאָט. אַלץ איז אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. ווען דאָס טאָג־ליכט צעשפּרייט זיך איבערן האָריזאָנט, איז שוין דער לאַגער־פּלאַץ כמעט ליידיק. אַלע זיינען זיך צעגאַנגען אין די באַראַקן, אַ ביסל די גלידער זיך צו דערוואַרעמען. פלוצלונג אַ בעפעל: דער לאַגער־פּלאַץ מוז אָפּגערייניקט ווערן. די מאַסן־מערדער זיינען אַלע מפונקים אויף „זויבער און ריין״.

עס קומט דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, הערליט, מיט אַלע פאַבריק־מייסטערס. דער פּלאַץ ווערט שנעל אָנגעפילט מיט די יידישע שקלאַפן, וואָס ווערן אַרויסגעטריבן פון די באַראַקן. יעדער טראָגט מיט זיך אויף יעדן פאַל זיין טלומיקל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פאַבריק אָרגאַניזירט זיך אויף דאָס ניי, מיט אַ קלענערער „באַזעצונג״. פון דעם פאַרהאַנענעם מענטשן־מאַטעריאַל ווערן אַרויסגענומען אַרבעטס־הענט פאַר די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער גרויסער אַמוניציע־פאַבריק. עס איז אַ משונהדיק בילד, ווי אַזוי שאָטנס פון

מענטשן, וואָס זייער גאַנצער לעבנס־זאַפט איז אויסגעזויגן געוואָרן פון הונגער און קלעפּ, פון נאַקעטקייט און רעזיגנאַציע, רייסן זיך צו דער אַרבעט אין דעם „מוניציאָנס־באַטריב". וואָס איז דער חידוש, אויב פאַרלירן דעם אַרבעטס־פּלאַץ, הייסט אַוועקגעשיקט ווערן מיטן „טראַנספּאָרט".

די דייטשע מייסטערס טרייבן פון זיך. יעדערער פון זיי קלייבט אויס זיין צאָל אַרבעטס־הענט. די איבערגעבליבענע ווערן גלייך אַרומגעשטעלט פון די „ווערק־שוצן" (פאַבריק־פּאָליציי), און עס פאָרמירן זיך שוין גרויסע רייען פרויען, וואָס ווערן גלייך אַוועקגעפירט צו דער באַן. אונדזער קיבוץ ווערט נאָך מער איינגעשרומפּן. נעכטן זיינען פון אונדזער לאַגער אַוועק אַ 1,800 מענער, היינט — בערך 1,300 פרויען. מען שיקט זיי מיט אַ ביסל ברויט, קאָנסערוון, און פאָרט, יידישע קינדער, אפשר, אפשר וועט איר נאָך דערזען אַ פרייע וועלט. דערווייל פאָרט איר אין דעם טויטן־לאַגער אָשוויענטשים. און די תלינים גרייטן זיך שוין אויף זייערע קרבנות.

3.

אויף אַ ווײַלע בליצט אויף אַ געדאַנק ביי דעם „האַסאַג"־ייד, וואָס לעבט אין אַ שטענדיקן קאָשמאַר. מען פרעגט זיך אַליין:

די גרויסע רוסישע אָפענסיווע האָט זיך אָנגעהויבן. עס גייען קלאַנגען, אַז קיעלץ, וולאָשטשאָווע איז פאַרנומען, אַ פאָר צענדליק קילאָמעטער פון דער שטאָט מאַרשירט שוין די זיגרייכע רוסישע אַרמיי פון באַפרייערס. האָט די באַנדע באמת נישט קיין וויכטיקערע אַרבעט, ווי זיך צו פאַרנעמען מיט יידן? די וואַגאָנעס, וואָס דאַרפן „ראָלען פאַרן זיג", ווערן פאַרנוצט פאַר די פאַרהאַסטע יידן. וואָס טוט זיך דאָ אייגנטלעך? אָבער עס איז נישטאָ קיין צייט נאָכצוטראַכטן.

די צוגעטיילטע אַרבעטער צעגייען זיך צו זייער אַרבעט, נישטאָ אַפילו קיין צייט צו באַוויינען די אַוועקגעריסענע שוועסטער און ברידער אונדזערע. נעכטן זיינען מיר נאָך געווען אין דער פאַבריק העכער פיר טויזנט יידן, היינט — נישט קיין צוויי טויזנט אַפילו. אָבר ווער קלערט וועגן דעם. די אויסבאַהאַלטענע שאַפן זיך ווידער אַרבעטס־פּלעצער, כדי צו קענען באַקומען צוגעטיילט די פּאָרציע ברויט און זופּ.

די שטימונג איז זייער אַ געדריקטע. קיין ברויט איז שוין היינט נישט צוגעטיילט געוואָרן. אין האַנדל קאָסט אַ צוויי־קילאָדיק (5 פונט) שוואַרץ ברויט, וואָס די פּוילישע אַרבעטער שמוגלען אַריין, הונדערט זלאָטעס. אָבער ווער קען עס זיך פאַרגינען? דערפאַר דערפרייט מען זיך מיט דער ידיעה, אַז מיטאָג גיט די קיך יאָ אַרויס. די הילצערנע קעסלען ווערן פונאַנדערגעטראָגן איבער דער פאַבריק. און די אַרבעטער־שקלאַפן, אויסגעהונגערטע, נישט אויסגעשלאָפענע, פאַרמאַטערטע פון ווייטיק און צער, שלינגען די זופּ. פּלוצלונג: טרראַך! טרראַך! אַ פליער אַטאַקע אויף דער שטאָט. אַזוי אומדערוואַרט. באָמבעס פליען אין דער לופט. זיי רייסן אויף מיט אַן אור־ווילדן געבריל. די לופט טרייסלט זיך ממש. מען פילט ווי דער גאַנצער האָריזאָנט באַוועגט זיך. נישט ווייט פון דער פאַבריק רייסט אויף אַ צינד־באָמבע, און די ערשט נישט לאַנג צוריק געבויטע באַראַקן שטייען שוין אין פלאַמען. אַלע זיינען צעטומלט. די פאַבריק שטעלט זיך תיכף אָפּ. עס גייען קלאַנגען, אַז די דייטשע מייסטערס פאַרלאָזן די פאַבריק, אַז דער דירעקטאָר ליט און דער מאַיאָר זאַוער, דער שעף פון די ס.ס. און פון קאַנצענטראַציע־לאַגער שטייען גרייט מיט קליינע האַנטפּעקלעך און וואַרטן אויף קאָמוניקאַציע־מיטלען. וואָס איז געשען? צי האָבן זיך די מאַסן־מערדער דערשראָקן פאַר דער באָמבאַרדירונג, אָדער זיינען שוין די באַפרייער באמת אַזוי נאָענט, אַז זיי מוזן שוין אַלע אַנטלויפן? ווער קען דאָס וויסן? מיר אונטער די דראָטן ווייסן אַוודאי גאָרנישט. מיר פרייען זיך פשוט פון די שרעקלעכע אויפרייסן, פון די ריזיקע פלאַמען, וואָס מיר אָבסערווירן. אונדז פאַרפייניקטע איז סיי ווי סיי אַלץ איינס. יעדער פון אונדז וויל גיכער אומקומען פון אַ באָמבע איידער צו שטופּן אַזאַ לעבן. מיר ווייסן זיכער, אַז די מאַסן־מערדער וועלן אונדז פון זייערע בלוטיקע לאַפּעס נישט אַרויסלאָזן. דערפאַר ווירקן אויף אונדז די שטאַרקע אויפטרייסלונגען אַבסאָלוט נישט אָפּשרעקנדיק. פאַרקערט אַ שטאַרקער באַגער באַהערשט אונדז, עס זאָל אויפטרייסלען וואָס שטאַרקער און הילכיקער און מיר זאָלן אַלע אומקומען.

נישט ווייט פון דער פאַבריק ציט זיך אַ באַן־ליניע קיין דייטשלאַנד. מיר אָבסערווירן, ווי דייטשע זעלנער לויפן צו און שטעלן אָפּ אַ לאָקאָמאָטיוו און כאַפּן זיך אויף אים אַרויף אין שרעקלעכער פּאַניק. מיר גלויבן נישט אונדזערע אויגן. אַנטלויפט באמת די דייטשע אַרמיי?

ליידער, קאָנסטו „האַסאַג"־ייד לאַנג נישט טראַכטן, אַפילו אין דעם היסטאָרישן טאָג פון 16טן יאַנואַר, ווען אַ נייע וועלט איז אָנגעקומען כדי צו פאַרטיליקן אַלדאָס בייזע און שרעקלעכע, וואָס האָט פריי געבושעוועט ביז איצט. דיך, דו פאַרשקלאַפּט ווען, טרייבן שוין די גרויסע און קליינע מערדערס, דער ווערקשוץ־לייטער הערמאַן, זיין פאַרטרעטער שטיגליץ, מיט אַ גאַנצער מחנה ווערקשוצן. מען טרייבט אונדז אַלע יידן אין לאַגער אַריין. עס ווערט פאַר אונדז קלאָר, אַז עס דערנענטערט זיך דער לעצטער אַקט. יעדערער זוכט אויף זיין נאָענטן, כדי די לעצטע שעהן אָדער מינוטן צו זיין צוזאַמען. מען פּאַקט איבער די רוקזעק און מען נעמט מיט בלויז דאָס נויטיקסטע. אַנדערע ווילן איבערהויפּט קיין געפּעק נישט מיטנעמען, נאָך וואָס? עס געדויערט אַ רגע און מיר שטייען שוין אַלע אויסגעשטעלט אויפן לאַגער־פּלאַץ.

דער טאָג פאַרגייט. דער הימל באַדעקט זיך מיט אַ טונקל־בלייענעם קאָליר. מען האָט דעם איינדרוק, ווי די נאַטור האָט נישט די דרייסטקייט צו באַשיינען אַזוי פיל צער און פּיין. אַלץ ווערט גרוי פון דער אָנקומענדיקער שווערער נאַכט, פון דער דאָזיקער נאַכט, וואָס

דאַרף אונדז נאָך ברענגען אַזוי פיל איבעראַשונגען. אונדז, וואָס מיר האָבן אַדורכגעלעבט אַזוי פיל פּייניקונ־גען. פאַר אונדזערע אויגן האָט מען אַוועקגעפירט און דערשאָסן אונדזערע טייערסטע און נאָענטע. 40 טויזנט טשענסטאָכאָווער יידן. מיר האָבן זיך צוגעקוקט, ווי דעם 3טן יאַנואַר, 1943, האָבן די צוויי העלדישע יידישע יונ־געלייט, איזשאַ פיינער און פּישעלעוויטש, מיט געווער אין האַנט געוואָרפן זיך אויף דעם מערדער ראָהן. דאָס איז געווען אין מאָמענט, ווען ראָהן האָט געוואָלט אַוועקפירן נייע הונדערט יידן קיין טרעבלינקע און דערשאָסן אויפן פּלאַץ 25 יידן. פאַר אונדזערע אויגן האָט מען דעם 20טן מערץ, 1943, אויסגעשאָסן דעם יידנראַט, אַלע דאָקטוירים און בכלל די נאָך איבערגעבליבענע יידישע אינטעליגענץ מיט זייערע פאַמיליעס, צווישן זיי פּערציק קליינע קינ־דער. מיר זיינען געווען עדות, ווי דעם 26טן יוני, 1943, ביים ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ, האָבן די מאָסן־מער־דער דערשאָסן בערך 800 יידן, און דערנאָך ווידער אַזאַ צאָל דעם 25טן יולי. אין דער זעלביקער צייט האָבן די צוויי לאַגער־פירערס, די דייטשע שוצפּאָליציאַנטן לאַ־שינסקי און קעסטנער, דערשאָסן און פאַרברענט אויף ספּע־ציעלע שייטערהויפנס צענדליקער יידן טעגלעך.

און אַט שטייען מיר ווידער איצט און קוקן די מער־דער אונדזערע אין די אויגן אַריין, און פרעגן זיך שטום: וואָס האָבן זיי ווידער פאַר אונדז אויס־געטראַכט? וועלכע ראַפינירטע פּייניקונגען אָדער טויט־מיטלען האָבן זיי פאַר אונדז אויסגעקלערט אין דער הייניטיקער נאַכט? ווער ווייסט?

4.

עס פאַלט דער באַפעל „אַנטרעטן". מיינע אויגן באַגעגענען מיט ד"ר שפּערלינג. איז דאָס אונדזער לעצ־טער אַקט? יאָ, פריינד, אונדזער לעצטער אַקט! מיר שטייען אַלע אויסגעשטעלט מיט אונדזערע קלימעקלעך און וואַרטן אויף די ווייטערדיקע באַפעלן.

פּלוצלונג שיינט אויף די לבנה אין איר גאַנצער פּראַכט, און באַלויכט אונדז, מענטשלעכע קינדער. מיר ווייסן נישט, וואָס דאָס זאָל באַטייטן. איז עס דאָס לעצטע געזעגענען זיך מיט אונדז, אָדער אַן אָנזאָג פון עפּעס נייעס, עפּעס אומדערוואַרטעטעס פאַר אונדז?

דערווייל דונערט אַ ווייטערדיקער באַפעל:

— מאַרשירן!!!

מען בייגט דעם קאָפּ. יעדער כאַפּט נאָך אַ בליק אויף דעם פּלאַץ. שוין קיין מאָל וועט מען אים מער נישט זען. ווי טרויעריק דאָס לעבן איז פאַר אונדז דאָ געווען, וועט עס זיין פאַר אונדז נאָך שווערער דאָרט, אין דעם נייעם אומבאַקאַנטן לאַגער.

נישט דערגאַנגען ביז צום אויסגאַנג־טויער. — צו־ריק אין די באַראַקן! — דונערט אַ ווייטערדיקער באַפעל. ווי געטריבענע שעפּסן גייען מיר.

עס דערגייען צו אונדז קלאַנגען, אַז אין דער שטאָט קומען פאָר גאַסן־קאַמפן מיט דער רויטער באַפרייערישער אַרמיי. אַ יידישער פאָרמאַן דערציילט: ער אַליין האָט געזען אין שטאָט רוסישע טאַנקען, אַליין געפאָרן מיט דייטשן — איבער טויטע דייטשן. און דאָס אַלץ קומט פאָר, בעת מיר געפינען זיך אונטער די דראָטן אין סאַמע עק פון דער שטאָט, באַוואַכט פון די גרעסטע רוצחים, פון די נידערטרעכטיקסטע תלינים.

אַרום 9 אַזייגער קומען אין לאַגער דער ווערקשוץ־לייטער הערמאַן, אַן ס.ס.־מאַן און דער ווערקשוץ דאָראַ־שענקאַ און באַפעלן: אַלע אַרויס אויפן פּלאַץ, און מאַר־שירן מיט זיי. אַלע פאַרזאַמלען זיך אויפן פּלאַץ, אָבער קיינער וויל נישט צוגיין צום אויסגאַנגס־טויער. ווער עס האָט דאָס נישט געזען, קען זיך נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי דער מענטשלעכער אינסטינקט דיקטירט אַ גאַנצע מאַסע זיך צו פאַרטיידיקן אין אַ צייט פון סכנה.

די דייטשן האָבן ווילד געברילט:

— דאַ לינקס, צום טויער!!!

זיי האָבן געשלאָגן און געשטויסן, און עס האָט נישט געהאָלפן. די מאַסע האָט זיך פון טויער צוריקגעצויגן, זיך געקנוילט צוזאַמען. דער ווערקשוץ־לייטער האָט זיך געבעטן:

— קינדער, פאַר אייער גוטס!

— דאַ לינקס צום טויער!

וואונדערלעך איז געווען דער קאַמף פונעם אינ־סטינקט פונעם פאַרפּייניקטן מיט די פאַרפּייניקער. אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז נישט מעגלעך געווען קיין שום שכלדיקע אויסרעכענונג, נאָר געטריבן פון דעם דער־האַלטונג־אינסטינקט האָבן מיר זיך געוועהרט קעגן אַרויסגיין פון דעם לאַגער.

5.

פּלוצלונג שניידן זיך אַדורך אויף דעם פינצטערן האָ־ריזאָנט פייער־בליצן און אויפרייסן, וואָס טרייסלען אויף די לופט. אָן אויפהער דונערן די קנאַלן. דאָס עכאָ פונעם ערשטן אויפרייס איז נאָך נישט פאַרשטילט און שוין קומט אַ צווייטער און אַ דריטער. מיר קוקן זיך אום. מען הערט ניט און מען זעט שוין ניט די דייטשן. ווייזט אויס זיי זיינען אַוועק. אָבער אונדזער מחנה איז אויך קלע־נער געוואָרן. עס איז דאָך די טייוולאָנים געלונגען ווי־דער אַוועקצורייסן אייניקע הונדערט יידן. דער רעשט איז אין אומרו: טאָמער קומען זיי צוריק?

די באָמבאַרדירונג הערט נישט אויף. מען דער־קענט שוין דייטלעך אַרטילעריע־שאָסן. פון דער שטאָט ווייזן זיך שוין שטאַרקע פלאַמען, וואָס רייסן זיך אין דער הויכער פינצטערקייט ווי וועגווייזערס פאַר די אומגליק־לעכע, ווי זיי וואָלטן גערופן:

צערייס די דראָטן!!!

אַרויס אויף דער פריי!!

מיר, פייערדיקע זיילן, וועלן דיך פירן, פאַרשקלאַפּ־טער מענטש צו דיין באַפרייאונג.

און אַזוי ווי געשטויסן פון אַט דעם רוף, באַשליסן אַ גרופּע „העפטלינגע", אַרויסצורייסן זיך פון „האַסאַג" און גייען דער פרייהייט אַנטקעגן.

# טעטיקייט פון יידישן אָרדענונגס־דינסט (ייד. פּאָליציי)

(אויסצוג פון סטאַטיסטיק־בוך אַרויסגעגעבן דורכן יידן־ראַט אין יאָר 1940)

ווי עס דרינגט אַרויס פון דער בייגעלייגטער אָפּ־שריפט, האָט פון אָנפאַנג דער אָרדענונגס־דינסט געטראָגן אַן אַנדער נאָמען. אינגיכן זיינען אייניקע מיטגלידער פון דער אָנפירונג, אונטער פאַרשיידענע באַשולדיקונגען און מיסברויכן מיט זייער מאַכט, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער דייטשישער שוץ־פּאָליציי. עס איז באַשטימט גע־וואָרן אַ נייע אָנפירונג. פון אַפּריל 1941 האָט די יר״או באַקומען דעם נאָמען יידישע אָרדענונגס־דינסט.

הגם אין פאַרגלייך מיט יידישער פּאָליציי אין אַנ־דערע שטעט, האָט זיך דער אָרדענונגס־דינסט אין טשענ־סטאָכאָוו אויפגעפירט דערטרעגלעך, האָט ער דאָך אויס־געפירט זיין טרויעריקע ראָלע, דינענדיק די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען. די יידישע פּאָליציאַנטן זיינען געווען זיכער, אַז אויף אַזאַ אופן וועלן זיי אָפּראַטעווען זיך און



אַ טיפּ פון אַ יידישן פּאָליציאַנט

זייערע משפחות פון אומקום. די גאַנצע צייט פון זייער עקזיסטענץ האָבן זיי מיטגעהאָלפן גאַנץ ענערגיש, אַז אַלע פאַראָרדנונגען פון די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען זאָלן אין דער פולער מאָס דורך די יידן אין געטאָ אויס־געפירט ווערן; זיי האָבן געכאַפּט צו דער אַרבעט אויפגעזוכט די, וועלכע האָבן זיך פון אַרבעט אויסבאַ־האַלטן, געהיט די טראַנספּאָרטן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַוועקגעשיקט ווערן אין פאַרשיידענע אַרבעטס־לאַגערן. באַזונדערס טרויעריק איז געווען זייער ראָלע אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „אויסזידלונגען״. זיי זיינען געווען די, וואָס האָבן גערופן איבער די הויפן, וואו יידן האָבן געוואוינט, אַז מען זאָל אַרויסגיין צו דער אַקציע; זיי האָבן גערופן, אַז די יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע בונקערס, זאָלן אַרויס־גיין, ווייל די אַקציע איז געענדיקט, און הונדערטער יידן, גלויבנדיק זיי, האָבן באַצאָלט מיטן לעבן אין טרעבלינקע.

אַמטרויעריקסטן איז געווען די ראָלע פון דער יידי־שער פּאָליציי אין דעם קליינעם געטאָ. דאָ איז זייער מאַכט געווען אומבאַגרענעצט און זיי האָבן דאָס טאַקע אויסגענוצט אין דער פולער מאָס. זיי האָבן זיך פאַר־נומען מיט אַנטדעקן גנבות, אויסער די, אין וועלכע זיי אַליין זיינען געווען פאַרמישט, און באַשטראָפן די פאַר־ברעכער, יאָגן צו דער אַרבעט און אויסגעפינען די, וועל־כע האָבן זיך פון אַרבעט אַרויסגעדרייט, געשפּילט די הויפּט־ראָלע ביים אויסגעפינען בונקערס מיט באַהאַל־טענע יידישע מאַיאָנטקעס. ביי יעדער אויסזידלונגס־אַקציע האָט יעדער פון דעם אָרדענונגס־דינסט געמוזט צע־שטעלן אַ געוויסע צאָל עלטערע מענטשן, אָדער מאַמעס מיט קינדער, און זיי האָבן דאָס דערפילט בשלימות. אין די אַלע באַהעלטעניש, וואו עס זיינען געווען מאַמעס מיט קינדער און די דייטשן מיט דער פּוילישער גראַנאַט־פּאָליציי האָבן נישט געקענט טרעפן, אָדער מורא געהאַט צו זוכן, האָבן די יידישע פּאָליציאַנטן געטראָפן און מיט זייער אַקטיווער מיטהילף האָבן די דייטשן געקאָנט אויס־געפינען און פאַרניכטן די גרעסטע צאָל פון דעם רעשטל איבערגעבליבענע, און מיט מסירת־נפש אויסבאַהאַלטענע פאַמיליעס. די טרויעריקע ראָלע זייערע האָט זיך פאַר־ענדיקט דעם 20טן יולי 1943, ווען זיי מיט זייערע ווייבער און קינדער האָבן געטיילט דעם גורל פון די העכער 400 קרבנות, וועלכע זיינען דאַן אומגעבראַכט געוואָרן אין טשענסטאָכאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגער „האסאג״.

ל. ברענער.

### פּראָטאָקאָל

נאָך דער אויסזידלונג פון די יידן אין טשענסטאָ־כאָוו זיינען געבליבן זעקס און אַ האַלב טויזנט יידן, וועלכע זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ קליין געטאָ. אויף דער איניציאַטיוו פון „בונד״ איז צונויפגערופן גע־וואָרן אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָנפערענץ אין לאָקאַל, וואו עס האָט געוואוינט די ציוניסטישע יוגנט (שפּעטער איז דאָס געוואָרן אַ קיבוץ) וועגן שאַפן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט: דער „בונד״, לינקע פּועלי ציון, קאָמוניסטן, „השומר״, גורדוניה, און סתם ציוניסטן.

אין רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ איז געשאַפן געוואָ־ן אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט

פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן דאָס געטאָ אין פאַל פון ווען ליקווידירן דאָס געטאָ דורך די דייטשן. עס איז אויסגעבילדט געוואָרן אַ פאַרטיידיקונג־קאָמיטעט פון צען מאַן, אין וועלכן עס זיינען אַריין די חברים: ל. ברענער, מ. קושניר, ה. פראָזער—„בונד", א. שימאָנאָוויטש — לינקע פועלי ציון, ס. אַבראַמאָוויטש —קאָמוניסטן, יהודה, ר. גלאַנץ, געווערצמאַן, קאַנטאָר — ציוניסטישע גרופּירונגען, און מענדל פישעלעוויטש—גרופּע נאַדזשעטשנע 66. די מיליטערישע אָנפירונג איז איבערגעגעבן געוואָרן אַן אומפּאַרטייאישן יידישן קאַפּיטאַן ד"ר א. וואָלבערג.

מען האָט אָנגעהויבן זיך איינשאַפן געווער און עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פּלאַן פון ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַן „אַקציע". עס איז אויך צוגעגרייט געוואָרן בענזין און אַנדערע ברען־שטאָפן אונטערצוצינדן דאָס געטאָ. אָנצופירן מיט דער אַציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם חבר פישעלעוויטש. דורכרייסן די דראָטן אין פאַרשיידענע פונקטן פון געטאָ האָבן איבערגענומען די חברים פריימאַן און יאכימעק. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז איינגעטיילט געוואָרן אין דרוזשינעס לויט דער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט און אויך געמישטע דרוזשינעס לויט זייערע אַרבעט־פּלעצער.

אַזוי איז די אַרבעט געפירט געוואָרן אין שטרענגער קאָנספּיראַציע ביזן 4טן יאַנואַר 1943. דעם 4טן יאַנואַר, ווען אין געטאָ איז געבליבן אַ קליינע צאָל קעמפער — אַלע אַנדערע זיינען געווען ביי דער אַרבעט אויסער דעם געטאָ,—האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ „סעלעקציע" צווישן די, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אין געטאָ. די גרופּע קעמפער, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ, האָט נישט געקענט זיך דעצידירן, ווי אַזוי צו האַנדלען. דאַן האָט מענדל פישעלעוויטש אויף אייגענער האַנט אָנגעהויבן שיסן צו די זשאַנדאַרמען און פאַרוואונדעט איין זשאַנדאַרם. עס זיינען געפאַלן דאַן 25 קרבנות, צווישן זיי די מיטגלידער פון דעם קאַמף־אָרגאַניזאַציע: מענדל פישעלעוויטש, איזשאָ פיינער—גרופּע נאַדזשעטשנע 66, הערשל פריימאַן — „בונד".

נאָך דעם דאָזיקן פאַל איז געקומען צו ערנסטע חילוקי־דעות, וואָס האָבן דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

דער „בונד" און די לינקע פועלי ציון זיינען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אויסמיידן אינדיווידועלע אַרויסטרעטונגען און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט ווענדן אין דער ריכטונג פון פאַרטיידיקן דאָס געטאָ אין פאַל פון אַן „אַקציע". אַלע אַנדערע גרופּירונגען האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויפגעבן דעם געדאַנק וועגן פאַרטיידיקן דאָס געטאָ און מאַכן אַלע באַמיאונגען אַרויסצוגיין אין וואַלד.

עס האָבן אין געטאָ אָנגעהויבן ווירקן צוויי פּאַראַלעלע באַוועגונגען מיט צוויי באַזונדערע צילן. פון איין זייט דער „בונד" און לינק פועלי ציון מיט אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון העכער 150 מאַן אונטער דער מיליטערישער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן ד"ר א. וואָלבערג און פון דער צווייטער זייט אַלע אַנדערע גרופּירונגען, העכער 200 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון „מויטעק"—ציוניסט, ר. גלאַנץ, העניעק פּעסאַק, י. קאַנטאָר, געווערצמאַן, „יעהודא"—„השומר" און „גורדוניה", סומעק אַבראַמאָוויטש — קאָמוניסט. ביידע באַוועגונגען האָבן אָבער אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט אַ קאָנטאַקט דורך די פאַרבינדונגמענער: פון „בונד", לינקע פועלי ציון — ל. ברענער און פון דעם אַזוי גערופענעם קיבוץ — ה. פּעסאַק. טראָץ דער שפּאַלטונג האָבן דער „בונד" און די פועלי ציון נישט צוריקגעצויגן זייערע מיטגלידער פון די געמישטע קאַמפגרופּעס.

אַזוי האָבן ביידע באַוועגונגען געפירט זייער אַרבעט, פון איין זייט קאַלטע אויסגערעכנטע קעמפער אונטער רוטיניר'טער אָנפירונג און פון דער צווייטער זייט יוגנט פול מיט ברען, איבערגעבנקייט און טעמפּעראַמענט. ביידע באַוועגונגען האָבן געהאַט פאַרשיידענע מעטאָדן פון אַרבעט. די ערשטע האָבן זייער אַרבעט געפירט אין שטרענגער קאָנספּיראַציע. זיי האָבן באַגנבעט די דייטשע מאַגאַזינען און פאַרקויפט די מאַטעריאַלן. פאַרן אויסגעלייזטן געלט האָבן זיי געקויפט געווער. עס איז אויך געזאַמלט געוואָרן געלט ביי גוט סיטואירטע און זיכערע מענטשן אויפן זעלביקן צוועק. די צווייטע האָבן אָנגעהויבן קאָנפיסקירן ביי יידן געלט און אָנטועכץ, שטיוול, ניי־מאַשינעס און אַנדערע זאַכן, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס דעקאָנספּירירט די קאַמף־באַוועגונגען. דאָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די מיינונג־פאַרשיידנהייטן. די לאַגע האָבן אויך אויסגענוצט פאַרשיידענע אונטערוועלט־מענטשן און מיט געווער אין די הענט אָנגעהויבן אויסצופּרעסן געלט ביי יידן אין נאָמען פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. די מענטשן זיינען דורכן קיבוץ אויסגעעדיקט געוואָרן. דער קיבוץ האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן מענטשן, וועלכע זאָלן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די אונטערערדישע ניט־יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז געווען די שווערסטע און געפערלעכסטע אַרבעט. מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָט אָנגעפירט „ריווקע" (רבקה גלאַנץ). אין רעזולטאַט פון די געשאַפענע קאָנטאַקטן איז אַרויס פון געטאָ אין וואַלד דאָס ערשטע פינפטל. זיי זיינען אָבער אומגעקומען אין קאַמף מיט אַ גרעסערער באַנדע „אַ. ק." צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען: ראַמעק פייגענבלאַט — „השומר", משה ראָזענבערג — „בונד", און דריי קאָמוניסטן. זייערע נעמען געדענקען מיר נישט.

שפּעטער, ווען עס איז געקומען אַ דעלעגאַט פון דער „א. ל." אין געטאָ און איבערגעגעבן די ידיעות וועגן די אומגעקומענע, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּראָטאָקאָל, אונטער וועלכן ער האָט זיך אונטערגעשריבן. דער פּראָטאָקאָל איז צוזאַמען מיט אַנדערע וויכטיקע דאָקומענטן באַגראָבן געוואָרן אין אַ פלעשל.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קאָנטאַקטן איז זייער שווער איינצושטעלן און אַז אין וואַלד ווירקן נישט בלויז די „א. ל.", נאָר אויך די „אַ. ק.".

פון די שפּעטער אַרויסגעשיקטע צען גרופּן צו 5 מאַן אין אַ גרופּע, זיינען געבליבן לעבן 4 מאַן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ בונקער אין שטעטל קאָניעצפּאָל. צווישן די אומגעקומנע האָט זיך געפונען דער פירער פון „השומר" — יהודה.

מען האָט דאַן אָנגעהויבן לייגן מער אַכט אויף דער געטאָ־פאַרטיידיקונג. מען האָט אָנגעהויבן בויען אונטערערדישע טונעלן. מיט פּרימיטיווע מכשירים, אָן פּאַסיקע פאַכלייט, זיינען אין פאַרלויף פון דריי חדשים אויסגעבויט געוואָרן דריי ריזיקע טונעלן, מיט וועלכע די בעסטע בוי־אינזשינערן וואָלטן זיך נישט געהאַט צו שעמען. דער ערשטער טונעל האָט געפירט פון נאַדזשעטשנע 80/82. דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ געוויינלעכן קיך־אויוון, גוט פאַרקאָנספּירירט, און האָט געפירט צו די שטורעם־קאַנאַלן. דער אַרויסגאַנג — עק יאַסקראָווסקע אין מיטן פעלד. דער צווייטער און וויכטיקסטער טונעל האָט געפירט פון גאַרנצאַרסקע 42 ביזן אַלטן מאַרק, וואו עס איז געווען דער אַרויסגאַנג אויף דער אַרישער זייט. ביים בויען די טונעלן זיינען געווען באַשעפטיקט הונדערט מאַן טעגלעך אין צוויי שיכטן. די מענטשן זיינען נישט געגאַנגען צו קיין אַרבעט און זיינען באַזאָרגט געוואָרן מיט אויסווייזן, אַז זיי אַרבעטן נאַכטשיכט, און אַזוי אַרום האָבן זיי באַקומען די לעבנס־מיטלקאַרטן און נישט פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן דייטשישן לאַגער־פירער. די אויסווייזן האָט אַרויסגעגעבן דער מיטגליד פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַרבעטס־איינזאַץ, מאָזשעי קראָרזע. מיטן בויען די טונעלן האָט אָנגעפירט קאַנטאָר — „השומר".

אין אַ געוויסער מאָס האָבן אויך דעקאָנספּירירט די גאַנצע אַקציע די נישט געלונגענע קאָנטאַקטן; נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיט אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע וועגן צושטעלן געווער, איז אַוועק אַ דעלעגאַציע פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע די חברים „מויטעק", ח. קאַנטאר און רעניא לענטשנער קיין „קאמיאנקע" אָפּצונעמען אַ טראַנספּאָרט קורץ־געווער פאַר 250 טויזנט זלאָטעס. ווען זיי זיינען אַרויס מיטן געווער, זיינען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך געסטאַפּאָווצעס און זשאַנדאַרמען. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן קעגנזייטיק צו באַשיסן. עס זיינען געפאַלן אייניקע זשאַנדאַרמען. „מויטעקן" און קאַנטאָרן איז געלונגען זיך דורכצורייסן און אַנטלויפן. די חברטע רעניא לענטשנער איז פאַרוואונדעט געוואָרן און דאָך האָט זי אַזוי לאַנג געשאָסן צו די זשאַנדאַרמען, ווי לאַנג זי האָט געהאַט קוילן. זי איז גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט מיט געווער אין האַנט. זי האָט אָבער קיינעם נישט אויסגעגעבן און איז אומגעקומען אין געסטאַפּאָ ביי דער אויספאָרשונג. דאַן האָט שוין די געסטאַפּאָ געהאַט די זיכערקייט, אַז אין געטאָ קומט עפּעס פאָר. זיי האָבן טאַקע אונטערגענומען שריט אַנטקעגן צו ווירקן. זיי האָבן געענדערט דעם לאַגער־פירער און אויף זיין אָרט באַשטימט צוויי אַנדערע זשאַנדאַרמען די בלוטיקסטע הינט און פאַרשפּרייט אַ נעץ פון קאָנפידענטן.

עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז „מאַקל קולעבייקע"־הערמאַן איז אין קאָנטאַקט מיט דער געסטאַפּאָ. ער איז דורך דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע באַלד אויסגעענדיקט געוואָרן. אין געטאָ האָט מען פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער איז אַנטלאָפן פון געטאָ מיט אַ געסטאַפּאָויעץ. שפּעטער איז מען דערגאַנגען, אַז אַ יידישער אָרדנונגס־מאַן, ראָזענבערג, גיט איבער דער געסטאַפּאָ ידיעות וועגן דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. ער איז דורך דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע ביינאַכט אַרעסטירט געוואָרן. עס איז פאָרגעקומען אַ געריכט. ער האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגן. עס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ טויט־אורטייל, וואָס איז באַלד אויסגעפירט געוואָרן. דער פּראָוואָקאַטאָר איז באַגראָבן געוואָרן צוזאַמען מיטן אורטייל. דער אורטייל איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין אַ פלעשל. צווישן די לעבן־געבליבענע, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין געריכט, געפינט זיך היינט אין טשענסטאָכאָוו אברהם טשאַרני, סעקרעטאַר פון יידישן ראַיאָן־קאָמיטעט.

ווען דאָס איינשאַפן פון געווער איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער, איז געשאַפן געוואָרן אַ וואַרשטאַט אין געטאָ, וואו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אייגנאַרטיקע גראַנאַטן פון אַ גרויסער אויפרייס־קראַפט. די נויטיקע מכשירים און אויפרייס־מאַטעריאַל זיינען אַריינגעשמוגלט געוואָרן פון די אמוניציע־פאַבריקן „האסאג", „ענרא", „וואולקאַן" און „מעבל־לאַגער", וואו די יידן זיינען געווען באַשעפטיקט. מיט דעם וואַרשטאַט האָט אָנגעפירט „יאצעק" (העניעק וויערניק). דער וואַרשטאַט און די אויסגעארבעטע גראנאטן זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. ווען די חברים מאַרעק און וולאַדעק פון וואַרשע האָבן לוסטרירט דעם וואַרשטאַט, האָבן זיי באַשלאָסן אים איבערצוטראָגן מחוץ דעם געטאָ און אים אויסברייטערן, כדי אויסצואַרבעטן גראַנאַטן נישט בלויז פאַר טשענסטאָכאָוו. דאָס איז שוין נישט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל צוויי טעג שפּעטער איז דאָס געטאָ ליקווידירט געוואָרן.

נאָך צוויי פאַלן האָבן צוגעאײלט די ליקווידאַציע פון געטאָ און דעם איבערפאַל אויף די קאַמף־אָרגאַניזאַציעס, דאַן ווען זיי האָבן זיך דערויף אין גאַנצן נישט געריכט. אַ גרופּע פון 5 מאַן, וועלכע האָבן געהערט צו דער גרופּע נאַדזשעטשנע 66 איז אַרויס דורכפירן אויף דער אָסט־באַן דיווערסיע־אַרבעט. מען האָט זיי דעמאָלט געשטערט ביי דער אַרבעט. 4 מאַן זיינען אומגעקומען, ... פון די 50 יידן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אויף

דער אָסט־באַן, זיינען אַלס רעפּרעסיע 25 מאַן דערשאָסן געוואָרן.

דער צווייטער פאַל איז געווען : א דעלעגאַציע פון 3 מאַן : „ריווקע", „היפּעק" און „לאָלקע" זיינען געפאָרן נאָך וואַרשע איינקויפן געווער. עס האָט זיי אָבער אויס־געפעלט געלט אויף עקספּעדיציע. איז „היפּעק" צוריק־געקומען אַליין שפּעט אין אָוונט און מיט די אַרבעטער פון „ענרא" איז ער אַריין אין געטאָ. ביים אַריינגאַנג איז צופעליק פאָרגעקומען אַ רעוויזיע און מען האָט ביי אים געפונען אַ קען־קאַרטע. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אים געהאַלטן אין אַרעסט פון יידישן אָרדנונג־דינסט. די קאָמענדאַנטור איז נישט געווען אין געטאַ און די קעמפער האָבן נישט געהאַט קיין געווער, זיי האָבן דאַן ביים „בונד" אויסגעבאָרגט געווער, מיט וועלכן זיי האָבן טעראָריזירט דעם גאַנצן קאָמיסאַריאַט און באַפרייט „היפּעקן". דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די דייטשן גרויס גרימצאָרן.

דורך דער צייט, וואָס דאָס געטאָ האָט עקזיסטירט, זיינען דערשינען צוויי אויפרופן אין דער יידישער און פוילישער שפּראַכן. איינער איז געווען אַן ערשטער־מאַי־אויפרוף און דער צווייטער איז געווען געווענדט צו דער פוילישער אַרבעטערשאַפט וועגן הילף פאַר דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

דעם 23טן יוני איז אומגעריכט פאַרשלעפּט און דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער שוץ־פּאָליציי דער קאָ־מענדאַנט פון דער בונדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, קאַ־פּיטאַן ד"ר וואָלבערג. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פּלוצלונג געפונען אָן אַ מיליטערישער אָנפירונג און איז אין גאַנצן דעזאָריענטירט געוואָרן. צוויי טעג שפּעטער, דעם 25טן יוני 1943, האָט די געסטאַפּאָ און זשאַנדאַר־מעריע געמאַכט אַן איבערפאַל אויף די געווער־בונקערס און טונעלן. עס איז פאָרגעקומען אַ טראַגישער קאַמף, אין וועלכן עס זיינען געפאַלן כמעט אַלע קעמפער און צווישן זיי : „מויטעק", „ריווקע" און אַנדערע ציוניסטן, דאשיע און פּאָלע שטשעקאַץ, פּ. לעווענשטיין — „בונד". דער קאָמענדאַנט און פאָרשטייער פון די קאָמוניסטן איז מיט איייניקע טעג שפּעטער אומגעקומען מחוץ דעם געטאָ. עס זיינען אָבער אויך געפאַלן אַ סך זשאַנדאַרמען און געסטאַפּאָווצעס. דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, און ביי דער ליקווידאַציע זיינען אויפן אָרט אומגעקומען העכער 1500 יידן.

אונטערשריפטן :

ל. ברענער

א. טשאַרנע

מ. קרויזע

צוזאַמענגעשטעלט פון מ. קושנער

---

# טעטיקייט פון „בונד" אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע

מלחמה־אויסברוך. פון פּאַרטיי־קאָמיטעט זיינען גע־בליבן געציילטע מענטשן. דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט, חבר ל. ברענער האָט דער מלחמה־אויסברוך געטראָפן אין דער פּראָווינץ ביים ליקווידירן די קינדער־קאָלאָניעס פון „טאָז", טייל חברים פון קאָמיטעט זיינען מאָביליזירט געוואָרן. דאָס אויסבאַהאַלטן דעם פּאַרטיי־אַרכיוו איז דעריבער אויסגעפאַלן בלויז אויף צוויי חברים : אויף מיר מיטן חבר ראָזענפעלד. די פענער, פּאַרטיי־אויסגאַ־בעס און אַנדערע וויכטיקע פּאַרטיי־דאָקומענטן האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו פאַרגראָבן אין גאָרטן אַלעע 20, וואו עס איז שוין פון פריער געווען באַהאַלטן די „מעדעם־ביב־ליאָטעק". דעם אַרכיוו פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען און פון דער שול־אָרגאַניזאַציע האָבן מיר דעם זעלבן טאָג נישט באַוויזן אויפצוראָמען. דעם זעלבן טאָג, דעם 1טן סעפּטעמבער, האָט זיך דער חבר פּרץ (בונדישער ראַטמאַן און פאָרזיצער פון דער יידישער שול־אַרגאַניזאַ־ציע) צו מיר געווענדט, אַז איך זאָל זיך פאַרנעמען מיטן אויפראַמען די מאַטעריאַלן פון דער יידישער שול־אָרגאַני־זאַציע, ווייל ער פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו. דעם 4טן סעפּטעמבער איז שוין טשענסטאָכאָוו געווען באַהערשט פון די דייטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ווילדעווען אויף זייער שטייגער. אויך דער חבר שימקאָוויטש און אַ קליינע גרופּע צוקונפטיסטן האָבן באַשלאָסן אָפּצוראַ־טעווען דעם אַרכיוו פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, וועלכער האָט זיך דעמאָלט גע־פונען אין אונדזער לאָקאַל אויף פּילסודסקי 17. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אַ וואַך פון יונגע חברים פאָרן טויער און די עלטערע זיינען אַריין אין לאָקאַל און זיך גע־נומען צו דער אַרבעט. אין אַ שעה אַרום איז דער הויף באַשאָטן געוואָרן מיט אַ האָגל פון קוילן. די וואַך אונ־דזערע האָט אַלאַרמירט, אַז די לאַגע איז דראָענדיק. אַ קורצע באַראַטונג פון אַלע אָנטיילנעמער. מיר באַשליסן נישט צו ריזיקירן, נאָר אָנצינדן דעם לאָקאַל, כדי דער אַרכיוו זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מער־דער, און מאַכן פּליטה. ווען דער לאָקאַל איז שוין גע־שטאַנען אין פלאַמען, האָבן מיר פאַרלאָזט דעם הויף און

זיך צעטיילט אין פאַרשיידענע ריכטונגען. נישט אַלע האָבן שוין אָבער באַוויזן אַהיים צו גיין. אין גאַס האָט שוין געהערשט דער אַזוי גערופענער בלוטיקער מאָנטיק. דעם 18טן סעפּטעמבער איז שוין די גרעסטע צאָל חברים פון פּאַרטיי־קאָמיטעט צוריק געווען אין טשענסטאָכאָוו. מיר זיינען זיך דאַן צונויפגעקומען אין לאָקאַל פון דעם יידן־ראַט און זיך באַראַטן, ווי אַזוי צו פירן אונדזער פּאַרטיי־אַרבעט און ווי אַזוי אַרויסצוהעלפן די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין טיפער נויט. מיר האָבן באַשלאָסן מיטצואַרבעטן מיטן „טאָז״, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַ הילפס־אַרבעט אויף אַלע געביטן, און וואו איינער פון די לייטער פון דער אינסטיטוציע איז געווען אונדזער חבר ברענער. דאָ האָבן מיר אויך באַשטימט דעם אַדרעס פון אונדזער קאָנספּיראַטיווער פּאַרטיי־אַרבעט. פון דאַנען האָבן מיר אויך געטראָגן הילף אין אַלע קעלערן, אין אַלע בוידעם־שטיבלעך און אומעטום, וואו מען האָט זיך גענויטיקט אין הילף. אין גיכן האָט זיך אָנגעהויבן דעריבער אַ קאַמף קעגן „טאָז״ מצד דער גאַנצער קליקע פון יידן־ראַט.

מיטן צענטראַל־קאָמיטעט האָבן מיר ביז 1940 קיין קאָנטאַקט נישט געהאַט. אָנהויב 1940 האָבן מיר, אַ דאַנק דעם חבר פאלק, אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט אונדזער צ. ק. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן דערהאַלטן שפּייז־פּעקלעך פון אויסלאַנד, וועלכע דער חבר רפאל פעדערמאַן האָט געשיקט פון אַמעריקע דורך פּאָרטוגאַל אויף אַדרעסן פון אייניקע חברים. די שפּייז־פּעקלעך זיינען געווען ווערטפולע, מיר האָבן זיי דעריבער פאַרטוישט אויף ברויט און אַנדערע נויטיקע שפּייז־פּראָדוקטן און דערמיט געשטילט דעם הונגער ביי אַ סך בונדישע משפחות.

די ערשטע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָבן מיר אָפּגעהאַלטן ביים קבר פון אונדזער געפאַלענעם חבר מיכאל שימקאָוויטש (מיטגליד פון „צוקונפט״־קאָמיטעט). די לויה פון דעם דאָזיקן חבר איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון בונדיסטן, צוקונפטיסטן און סקיפּיסטן אין טשענסטאָכאָוו. די צווייטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין חודש פעברואַר 1940, דריי חדשים נאָכן פאַלן פון חבר מיכאל, ווען די פּאַרטיי האָט אים געשטעלט אַ באַשיידענע מצבה.

אין אָנהויב האָבן מיט דער גאַנצער אַרבעט אָנגעפירט בלויז צוויי חברים: דער חבר ל. ברענער און איך. נאָכן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיטן צ. ק. זיינען צוגעקאָפּטירט געוואָרן די חברים: שימשל יאַקובאָוויטש, משה בערקענשטאַט און משהל טוכמייער. אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, „צוקונפט״ און פון „סקיף״ זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין פינפטלעך, וועלכע זיינען באַדינט געוואָרן פון די קאָמיטעט־מיטגלידער. די „מעדעם־ביבליאָטעק״, וועלכע האָט געציילט צוואַנציק טויזנט ביכער, איז אין משך פון צוויי טעג אַריבערגעשמוגלט געוואָרן צום חבר משה בערקענשטאַט אין שטוב אַריין און עס איז איבערגעגעבן דער חברטע רייזעלע בערקענשטאַט זי זאָל מיט דער ביבליאָטעק אָנפירן אומלעגאַל. פון דער ביבליאָטעק האָבן גענאָסן העכער טויזנט לייענער.

די חברים: פאלק, צעלעמענסקי, פריינד, סאַמסאָנאָוויטש, קויפמאַן און לאַזאַר האָבן אונדז באַזאָרגט מיט אינסטרוקציעס און ליטעראַטור פון צ. ק. דער ענערגישסטער קאָלפּאָרטער פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור ביי אונדז אין שטאָט איז געווען דער חבר אַלעבאַרדע (אַלפא), וועלכער איז נאָך דעם אומגעקומען אין וואַרשע.

יוני 1940 האָט דער פּאַרטיי־קאָמיטעט אין קראָקע איבערגעשיקט צו אונדז אַ גרופּע פּאַרטיי־חברים, וועלכע מיר האָבן איינגעאָרדנט און באַזאָרגט מיט אַרבעט. צווישן זיי איז געווען די באַקאַנטע בונדישע טוערין אין סאָסנאָוויעץ בעלאַ שטשעקאַטש מיט איר פאַמיליע, סאסקי און נאסעק מיט זייערע פאַמיליעס.

נאָכן אויסברוך פון קריג צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע אַרעסטן פון פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער. די געסטאַפּאָ האָט געהאַלטן אין זוכן די חברים: פעדערמאַן, קלין, פּרץ און פּראָזער.

צוליבן דורכפאַל פון דער קוריערין פון צ. ק. מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין פּיעטרקאָוו, זיינען ביי אונדז אַרעסטירט געוואָרן די חברים משה און רייזעלע בערקענשטאַט, ביי וועמען די קוריערין פלעגט זיך אויפהאַלטן. דאָס איז געווען דעם 6טן יולי 1941. מיר האָבן געשטעלט אויף די פיס דעם גאַנצן פּאַרטיי־אַקטיוו און זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט חברים פון פאַרשיידענע שטעט, וועלכע האָבן אונדז געגעבן צו וויסן וועגן די אַרעסטן, וואָס זיינען אומעטום פאָרגעקומען אין שייכות מיטן דאָזיקן דורכפאַל. ביי אונדז האָט מען אויף דאָס ניי אָנגעהויבן זוכן די אַלטע בונדישע טוער. דעם חבר פּראָזער האָט זיך אונדז איינגעגעבן „קראַנק״ צו מאַכן און איינאָרדענען אין שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע. אין משך פון דער צייט, וואָס ער איז געלעגן אין שפּיטאָל האָט זיך אונדז איינגעגעבן איבערצוקויפן דעם שעף פון געסטאַפּאָ און דעם חבר פּראָזער אַרויסציען פון געפאַר. אויך דעם חבר ד״ר פענסטערבלוי פון קראָקע האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן דריי וואָכן אין טשענסטאָכאָוו און נאָכדעם איבערטראַנספּאָרטירן קיין וואַרשע. אויסבאַהאַלטן האָט זיך דער חבר פענסטערבלוי ביי אַ שטענדיקער לעזערין פון אונדזער אומלעגאַלער ליטעראַטור דענטיסטין פרוי מאַשקאָוויטש.

דעם 16טן יולי 1941, ווען איך בין געזעסן ביי מיין ביוראָ־אַרבעט אין „טאָז״, האָט אַ חבר פון אונדזער וואַך מיר אַריינגעשריגן דורך פענצטער, אַז די געסטאַפּאָ גייט. איך בין תיכף אַרויס דורך דער זעלבער טיר, דורך וועלכער די געסטאַפּאָ־לייט זיינען אַריין. אַלס נקמה, וואָס איך בין זיי אַרויס פון אונטער די הענט, האָבן זיי אַרעסטירט פינף מיטאַרבעטער פון „טאָז״, מיין מאַמען און ברודער, וועלכע די געסטאַפּאָ האָט געדראָט מיט דערשיסן, אויב איך וועל זיך נישט צושטעלן. איך האָב זיך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון פּאַרטיי־קאָמיטעט,

וועלכער האָט באַשלאָסן איך זאָל די שטאָט נישט פאַרלאָזן און אָפּוואַרטן ביז די סיטואַציע וועט קלאָר ווערן. ווען די לאַגע פאַר די אַרעסטירטע איז געוואָרן געפערלעך, האָט די מערהייט פון קאָמיטעט באַשלאָסן, אַז בלויז מיר זיינען מחויב צו טראָגן די אחריות פאַר אונדזערע מעשים, און אַז נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך גיי אויף אַ זיכערן טויט, מוז איך זיך צושטעלן, כדי אַרויסצורייסן אומשולדיקע פון די נעגל פון טויט. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן דער מיינונג פון דער מערהייט, זיך געזעגנט מיט די נאָענטסטע און חברים און אַוועק אין דער געסטאַפּאָ. איך בין געווען זיכער, און דאָס זעלבע אויך אַלע חברים, אַז דער וועג צו דער געסטאַפּאָ איז מיין לעצטער לעבנס־וועג.

פון דער געסטאַפּאָ האָט מען מיך באַלד אָן אַן אויספאָרשונג איבערגעפירט אין תפיסה. דאָרט האָט מען מיך געשטעלט מיטן פנים צו דער וואַנט, אריינגעפירט בערקענשטאַטן און אים געפרעגט צי ער קען מיך. וואָס ער האָט געענטפערט האָב איך נישט געהערט. נאָך דעם האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין באַזונדערע קאַמערן. אויף מאָרגן 9 פרי בין איך שוין געשטאַנען מיט געשלאָסענע הענט פאַר אַ פאַרהער אין דער געסטאַפּאָ. פינף געסטאַפּאָוועצעס האָבן מיך געפאָרשט, זיי האָבן גלייכצייטיק אויך געפאָרשט דעם חבר און חברטע בערקענשטאַט. זיי האָבן אונדז מערדערלעך געפייניקט און פיל מאָל זיינען מיר געפאַלן אין אָנמאַכט. די ערגסטע פיין איז געווען פאַר דער חברטע רייזעלע בערקענשטאַט, ווען די געסטאַפּאָוועצעס האָבן איר איינגעקלעמט די ברוסטן אין אַ טיר פון אַ שאַנק. מיך האָבן זיי אַ געבונדענעם אַרונטערגעלייגט מיטן קאָפּ אונטער אַ קראַן און יעדע סעקונדע האָט אַ טראָפּן וואַסער פון קראַן אַ טריף געטאָן אויף סאַמע מיטן פונעם קאָפּ. דאָס זעלבע האָבן זיי אויך געטאָן מיט חבר משה בערקענשטאַט. אַזוי האָט מען אונדז געמאַטערט פון 9 אַזייגער פרי ביז שפּעט אין אָוונט. נאָך דעם האָט מען צוריק איבערגעשיקט אונדז אין תפיסה. נאָך דער אויספאָרשונג בין איך געלעגן צוויי וואָכן אָן באַוועגונג. מיט דער זאָרג מיך צו ברענגען צוריק צו די כוחות האָבן זיך פאַרנומען די אַרעסטירטע פּוילישע לערער, וועלכע זיינען געזעסן מיט מיר אין איין צעלע.

די חברים אין דרויסן, ווי אויך מיין פאַמיליע, האָבן נישט גערוט. הגם די באַמיאונגען אונדז צו באַפרייען האָט אויסגעזען ווי אַן אויסזיכטלאָזער קאַמף אויף אַ פאַרשפּילטער פּאָזיציע, האָבן זיי אַלץ געטאָן, כדי אונדז אַרויסצובאַקומען פון די מערדערס הענט. נאָך ניין קאָשמאַר־וואָכן, נאָך ניין וואָכן פון כסדרדיקער פּייז, האָט זיך איינגעגעבן די חברים אין דרויסן מיך אַרויסצוגנבענען פון תפיסה. דער חבר ברענער האָט זיך אָבער מיט דעם נישט באַגנוגנט און האָט אָנגעהויבן אַ נייע „אָפּענסיווע" אויף צו באַפרייען אויך די חברים משה און רייזעלע בערקענשטאַט. דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן בלויז טיילווייז. דער חברטע בערקענשטאַט איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך אויך דער פריי און דער חבר משה בערקענשטאַט איז לײַדער אומגעקומען אין אָשוויענטשים.

דער קאָנטאַקט מיטן צ. ק. איז אין משך פון דער גאַנצער צייט פון אונדזער אַרעסט נישט איבערגעריסן געוואָרן. די פּאַרטיי־אַרבעט אָבער איז כמעט געווען ווי אָפּגעשטעלט, ווייל אַלץ איז געווען צוגעשפּיצט דערצו מען זאָל פאַררייבן די שפּורן און אונדז באַפרייען. אַ חודש נאָך דער באַפרייאונג, צווייטע העלפט אָקטאָבער 1941, איז אין שליחות פון צ. ק. געקומען צו אונדז אַ חברטע פון טאָמאַשאָוו מאַז. (איר נאָמען געדענק איך נישט) און האָט געבראַכט אַ פּעקל ליטעראַטור פון צ. ק. דאָס פּעקל האָט זי איבערגעלאָזט ביים חבר ברענער אין שטוב. איידער מיר האָבן באַוויזן דאָס פּעקל פון דאָרט אַרויסצונעמען איז דאָס גאַנצע הויז אַרומגערינגלט געוואָרן פון זשאַנדאַרמען. צוליב דעם וואָס חבר ברענער איז דעמאָלט אין שטוב נישט געווען, האָבן מיר מורא געהאַט, אַז דאָס פּעקל וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען און דעמאָלט וועט קומען אַ נייע אומגליק. מיר האָבן באַשלאָסן פאַר יעדער פּרייז אַריינצובאַקומען זיך אין דער וואוינונג. מיר האָבן אויסגענוצט פאַרשיידענע מיטלען און פאַרשיידענע וועגן און אַלץ איז געווען אומזיסט. מיר זיינען געווען זיכער, אַז עס רוקט זיך אָן אויף אונדז אַ קאַטאַסטראָפע. מיר זיינען דאָך נישט אָפּגעשטאַנען. לסוף האָט זיך דעם חבר ברענער איינגעגעבן, א דאַנק אַ חבר, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט ביי דער זשאַנדאַרמעריע, אַריינצובאַקומען זיך אין זיין וואוינונג און דאָס פּעקל אַרויסצוטראָגן.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע פּעקל מיט ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון צ. ק. און דער קאָנטאַקט מיטן צ. ק. איז איבערגעריסן געוואָרן. מיר האָבן בלויז דערהאַלטן מיטטיילונגען פון חבר קלין, וועגן די רדיפות אויפן „בונד'' אין וואַרשע. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן דערהאַלטן ידיעות וועגן „אויסזידלונגען'' פון יידן פון אַ גאַנצער ריי שטעט. נישט וואַרטנדיק אויף קיין אינסטרוקציעס פון צ. ק., האָבן מיר גערופן אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָנפערענץ, כדי צו אָרגאַניזירן אַ גרעסערע ווידערשטאַנד־באַוועגונג. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסע גרופּע קעמפער, מיטגלידער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, אונטער דער אָנפירונג פון אַן אומפּאַרטייאישן יידישן קאַפּיטאַן ד"ר א. וואָלבערג. עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פּלאַן פון ווידערשטאַנד. מיר האָבן אָבער ליידער נישט באַוויזן אָנצוזאַמלען קיין געווער און ביי דער „אַקציע'', וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 22טן סעפּטעמבער 1942, זיינען מיר געווען מאַכטלאָז. די „אַקציע'' האָט געדויערט פינף וואָכן. דער חורבן איז געווען אומבאַשרייבלעך גרויס. אויך פון אונדזער גרויסער מחנה פּאַרטיי־חברים איז געבליבן אַ קליין הייפעלע.

די זעקס און אַ האַלב טויזנט יידן, וועלכע זיינען געבליבן אין טשענסטאָכאָוו, זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַ קליינעם געטאָ. אויך דאָ האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. מיר האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען

און מען האָט אָנגעהויבן זאַמלען געווער, מכשירים אויף דורכצוהאַקן די דראָטן און בענזין אויף אונטערצינדן די געטאָ אין פאַל פון אַן „אַקציע‟. די קאָמאַנדע האָט אײַנגענומען דער יידישער קאַפּיטאַן ד״ר א. וואָלבערג. מיט דער גרופּע דורכצוהאַקן די דראָטן האָבן אָנגעפירט אונדזערע חברים פריימאַן און יאכימעק, און מיט דער גרופּע, וועלכע האָט באַדאַרפט אונטערצינדן די געטאָ, האָט אָנגעפירט אַ יוגנטלעכער קעמפער מ. פישעלעוויטש. די גאַנצע קאָמאַנדע האָט זיך געפֿונען אין די הענט פון אַ צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון צען מאַן. די צאָל קעמפער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אַלע זײַנען געוואָרן אײַנגעטיילט אין קאַמף־דרוזשינעס. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון 125 מאַן, אויסער אַ טייל חברים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די געמישטע קאַמף־גרופּעס. דאָס אײַנטיילן אויף אַזאַ אופן די קאַמף־גרופּעס איז געווען נויטווענדיק צוליב דעם, וואָס די קעמפער האָבן זיך געפונען אויף פאַרשיידענע אַרבעט־פּלעצער.

דעם 4טן יאַנואַר 1943, ווען אין געטאָ האָט זיך געפונען בלויז אַ קליינע וואַך פון אונדזערע קעמפער, האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ „סעלעקציע‟ צווישן די, וואָס האָבן געאַרבעט אין געטאָ. מענדל פישעלעוויטש האָט אויף אייגענער האַנט אָנגעהויבן צו שיסן צו די זשאַנדאַרמען. דער קאַמף איז געווען אַ קורצער אָבער אַ טראַגישער. עס זײַנען געפאַלן 25 קרבנות, צווישן זיי אונדזער אַלטער בונדישער באַאָוועץ, חבר הערשל פריימאַן. פון די זשאַנדאַרמען איז בלויז איינער פאַרוואונדעט געוואָרן.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש זײַנען געקומען ערנסטע מיינונג־פאַרשיידנהייטן צווישן די פאָרשטייער פון „בונד‟, לינקע פועלי ציון, מיט די איבעריקע פּאָליטישע גרופּירונגען, וועלכע זײַנען געווען פאַרטרעטן אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. מיר און די לינקע פועלי־ציון זײַנען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון פאַרטיידיקן דאָס געטאָ און אויסמיידן אינדיווידועלע אַרויסטרעטונגען און די איבעריקע גרופּירונגען האָבן געהאַלטן פון אַרויסשיקן גרופּעס אין וועלד און אויפגעבן דעם געדאַנק וועגן פאַרטיידיקן דאָס געטאָ. די מיינונג־פאַרשיידנהייט האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג. עס האָבן אין דער געטאָ אָנגעהויבן צו ווירקן צוויי פּאַראַלעלע באַוועגונגען מיט צוויי באַזונדערע צילן.ביידע באַוועגונגען האָבן דאָך אָנגעהאַלטן צווישן זיך אַ קאָנטאַקט פאַר אַ געוויסער צייט דורך פאַרבינדונג־מענער. פון אונדזער זייט דער חבר ברענער און פון זייער זייט דער חבר פעסאַק. עס זײַנען פאָרגעקומען אָפטע קאָנפערענצן צוריק צו פאַראייניקן ביידע קאַמף־באַוועגונגען. צוליב דעם אָבער, וואָס זיי האָבן אויסער געלט אויף געווער אָנגעהויבן צו קאָנפיסקירן שטיוול און אַנדערע אָנטועכץ, וואָס מיר האָבן געהאַלטן, אַז עס וועט דעקאָנספּירירן די גאַנצע אַקציע אונדזערע, האָט זיך די מיינונג־פאַרשיידנהייט פאַרשאַרפט און צו קיין פאַרשטענדיקונג איז נישט געקומען. דאָך האָבן מיר פון די געמישטע קאַמף־גרופּעס אונדזערע חברים נישט צוריקגעצויגן. די ערשטע גרופּע, וועלכע איז אַרויס אין וואַלד, כדי זיך אָנצושליסן אין אַנדערע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, איז אומגעקומען אין קאַמף מיט דער א. ק. צווישן די אומגעקומענע האָט זיך דעמאָלט געפונען אונדזער חבר משה ראָזענבערג, דער פאָרזיצער פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָמסק.

דעם 25טן יוני 1943 איז, צוליבן פאַרראַט פון איינעם פון יידישן אָרדנונגס־דינסט, אַנטדעקט געוואָרן די טעטיקייט פון די קאַמף־גרופּעס. שוץ־פּאָליציי האָט פאַרכאַפּט די געווער־בונקערס און האָט שטראָפלאָז געהוליעט אַ גאַנצן טאָג, מאָרדנדיק גרויס און קליין, יונג און אַלט. אויף צו מאָרגנס האָבן זיך נאָך קליינע רעשטלעך פון די קעמפער פאַרטיידיקט ביים אַרויסגאַנג פון טונעל אויף דער אַרישער זייט. אַלע קעמפער אין טונעל זײַנען אומגעקומען. עס זײַנען אָבער אויך געפאַלן זשאַנדאַרמען מיט געסטאַפּאָווצעס. צווישן די קעמפער זײַנען דאַן אומגעקומען אונדזערע צוויי צוקונפטיסטקעס פון טאָטנאָוויץ, פּאָלאַ און דאַשיא שטשעקאַטש און דער חבר פנחס לעווענשטיין.

נאָך דער אַקציע האָבן מיר זיך געפונען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו, וואו עס האָבן זיך געפונען די אַמוניציע־פאַבריקן פון „האסאג‟, פּעלצער און ראַקאָוו. אין אָנהויב איז נישט געווען מעגלעך קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. אַ סך פון אונדז זײַנען אומגעקומען ביי די לעצטע געשעענישן און דאָס ביסל געבליבענע איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי לאַגערן. איך מיטן פאָרזיצער פון פאַרטיי־קאָמיטעט, חבר ל. ברענער, האָבן זיך געפונען אין איין לאַגער. מיר האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אונדזערע לעבן־געבליבענע חברים. אַ דאַנק דער הילף פון פּוילישע אַרבעטער האָבן מיר אויך אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיטן חבר אַדוואָקאַט ווילטשינסקי, וועלכער האָט זיך געפונען אין צווייטן לאַגער. מיר דאָ און ער דאָרט האָבן אויף דאָס ניי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אונדזערע רעשטלעך. מיט דער מיטהילף פון פּוילישע אַרבעטער האָבן די חברים פון צ. ק. פון וואַרשע און פון קראָקע אָנגעקניפּט מיט אונדז ווידער אַ קאָנטאַקט. מיר האָבן אַרײַנגעקריגן בריוו מיט די אונטערשריפטן פון די חברים: פיינער, הענריק, [illegible], מאַרעק און וולאַדקאַ. מיר האָבן אויך אַרײַנבאַקומען בולעטינען פון דער פאַרטיי, ב. אָשורן און געלט. מיר האָבן גלייך אָרגאַניזירט הילף פאַר חברים, פאַר קראַנקע (ס'האָט געהערשט טיפוס־עפּידעמיע), פאַר קינדער און יוגנט. מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט צוויי אומלעגאַלע קיכן מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון אַלע אַנדערע פּאָליטישע גרופּירונגען. בכלל איז אין לאַגער די אַרבעט פון אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען געווען אַ קאָאָרדינירטע. נאָך דעם ווי מיר האָבן באַקומען ידיעות פון אונדזערע חברים אין דרויסן וועגן דער ליקווידאַציע פון אַ גאַנצער ריי לאַגערן איז אַנשטאַנען אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָמיסיע, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט דריי פּלענער פון ווידערשטאַנד־אַקציעס. דער ערשטער פּלאַן:

אָרגאַניזירן קעמערלעך אין די באַראַקן מיט אַ געהעריקער
צאָל מכשירים, וואָס דאַרפן אין פאַל פון אַן „אַקציע"
שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דער צווייטער פּלאַן: איבער־
פאַלן די וואַך פון די ווערקשטצן, באַהערשן די פאַבריק און
באַפרייען די איינגעשלאָסענע יידן פון לאַגער. דער דריי־
טער פּלאַן איז געווען — אויפרייסן די פאַבריק דורך
אונטערצינדן דעם דינאַמיט־מאַגאַזין. צו אַלע פּלענער
האָט מען זיך אין שטרענגער קאָנספּיראַציע ערנסט גע־
גרייט. דאָס אונטערצינדן דעם דינאַמיט־מאַגאַזין איז
אויסגעפאַלן אויף אונדזערע חברים. צוויי מאָל איז דער
מאַגאַזין אונטערגעצונדן געוואָרן, אָבער ביידע מאָל האָט
זיך די פייערלעשער, נאָך פיל אָנשטרענגונג, איינגעגעבן
די לאַגע צו באַהערשן. דער קאָנטאַקט מיט די חברים אין
דרויסן האָבן מיר אין ערשטן לאַגער, ווי אויך דער חבר
ווילטשינסקי אין צווייטן לאַגער, כסדר אָנגעהאַלטן. איין
פּוילישער אַרבעטער, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט פאַר
אונדזערע חברים פון צווייטן לאַגער דאָס אַלץ, וואָס די
חברים פון דרויסן האָבן איבערגעשיקט, איז געפאַלן אַלס
קרבן, ווען ער האָט אַריינגעשמוגלט אַ פּעקל געלט מיט
בריוו. דאָס געלט האָט מען ביי אים געפּאַקט, די בריוו־
לעך אָבער האָט זיך אים איינגעגעבן די לעצטע מינוטן
פאַרן דערשאָסן ווערן אַראָפּצושלינגען. אויך אונדזער
חבר ברענער (דער מוסטער פון קאָנספּיראַציע) האָט צוליב
אַן אומבאַקאַנטער סיבה געהאַט אַ דורכפאַל, וועלכער האָט
זיך גליקלעך פאַרענדיקט. דעם 26טן דעצעמבער 1944,
נאָך דעם ווי דער קוריער האָט אים איבערגעגעבן אַ גרע־
סערע סומע געלט פון אונדזער צ. ק. און איז אַוועק, זיינען
גלייך אַריינגעפאַלן צוויי ס. ס.־לייט, אים באַזוכט און
דאָס געלט געפונען, ווייל ער האָט עס נאָך נישט באַוויזן
צו פאַרשטעקן. דער חבר ברענער איז גלייך אַרעסטירט
געוואָרן, אַ גאַנצן טאָג מערדערלעך געשלאָגן און געפּיי־
ניקט געוואָרן ער זאָל אַרויסגעבן פון וואַנען דאָס געלט
שטאַמט. דער חבר ברענער האָט זיך עקשנותדיק גע־
האַלטן ביי דעם, אַז דאָס געלט איז זיין אייגנס. נאָך אַ
גאַנצן טאָג פּיין, האָט זיך אים איינגעגעבן צו איבערצייגן
די ס.ס.־לייט, אַז זיי קענען דאָס געלט נעמען פאַר זיך
פּריוואַט און אים באַפרייען. די צוויי ס.ס.־לייט האָבן זיך
געלאָזט פון אים „איבערצייגן" און סוף כל סוף דעם חבר
ברענער באַפרייט. דעם אָוונט איז געווען פאַר אַלע, אָן
אויסנאַם פון פּאָליטישע ריכטונגען, אַ גרויסער יום־טוב.

כאָטש נאָך דער געשעעניש האָבן אַלע יידן אין לאַ־
גער זיך אָריענטירט אין דעם אַלעם, וואָס ווערט דורך
אונדז געפירט, האָבן מיר דאָך אונדזער אַרבעט נישט
אָפּגעשטעלט, ביז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט טשענ־
סטאָכאָוו פון די היטלעריסטישע מערדער.

די געציילטע חברים, וועלכע זיינען אַרויס אויף דער
פריי, האָבן זיך תיכף געשטעלט צו דער פּאַרטיי־אַרבעט.
אַ סך חברים זיינען פאַר דער באַפרייאונג פאַרשלעפּט גע־
וואָרן דורך די ס.ס.־לייט קיין דייטשלאַנד, קיין בוכענ־
וואַלד און אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און צווישן
זיי די חברים: ווילטשינסקי, יאַנקל פייגע און איך. די
חברים ווילטשינסקי און פייגע זיינען דאָרט אומגעקומען,
איך און די גרופּע חברים, וועלכע זיינען לעבן געבליבן,
זיינען צוריק אין טשענסטאָכאָוו און שטייען ווייטער ווי
פריער געטריי אויף אונדזערע בונדישע פּאָסטנס.

---

# די טעטיקייט פון קיבוץ בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע

פאַרטאָג ד'עם 1טן סעפּט. 1939. אַ גערויש פון עראָ־
פּלאַנען רייסט איבער דעם שלאָף. עטלעכע מינוט שפּע־
טער הערט זיך אַ שטאַרקע דעטאָנאַציע. ס'איז שוין מער
קיין ספק — די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. אויפן
פערטן טאָג האָבן די דייטשן באַזעצט אונדזער שטאָט מיט
דער גאַנצער אומגעגנט, און מיר האָבן באַלד געפילט
וואָס עס הייסט דייטשישע אָקופּאַציע. ערשט נאָך דעם
ווי וואַרשע איז געפאַלן און גאַנץ פּוילן איז שוין געווען
פאַרנומען און די געסטאַפּאָ האָט שוין אָנגעהויבן צו
בושעווען אין שטאָט, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די קאָ־
מיטעטן פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון, יוגנט, פרייהייט,
החלוץ און דער פירער פון קיבוץ. אַלע זיינען געקומען
צו אַ הסכם, אַז די אַרבעט מוז צענטראַליזירט ווערן. די
קאָמיטעטן זיינען געוואָרן אויפגעלייזט און עס איז אויס־
געקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון פינף חברים. איר אויפ־
גאַבע איז געווען, ערשטנס, הילף־טעטיקייט, מחמת די
מערהייט חברים פאַבריק־אַרבעטער זיינען געבליבן אַר־
בעטסלאָז און אָן מיטלען צום לעבן; צווייטנס, אָנבינדן
אַ קאָנטאַקט מיט די צענטראַלע אינסטאַנצן אין וואַרשע.
מען האָט באַשלאָסן צו באַהאַלטן די פּאַרטיי־פענער און
דעם פּאַרטיי־אַרכיוו. אַ דיסקוסיע האָט אַרויסגערופן די
פראַגע וועגן דעם קיבוץ, צי מען זאָל אים אויפלייזן, צי
ער זאָל ווייטער עקזיסטירן אומלעגאַל. מיט אַ מערהייט
שטימען איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער קיבוץ מוז ביי
אַלע באַדינגונגען ווייטער אויפגעהאַלטן ווערן. דער
קיבוץ האָט זיך טאַקע געהאַלטן ביז צו דער לעצטער מי־
נוט, ד"ה ביז צו דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון
קליינעם געטאָ.

אָנהויב 1940 האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פון פּאָ־
ליטישע עסקנים, און צווישן אַנדערע איז אַוועקגעשיקט

געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אונדזער געוועזענער ראַטמאַן, חבר זשאַרנאָוויעצקי. די איבעריקע אָנפירנדיקע חברים האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן און די הילף־אַרבעט פאַר די חברים איז געפירט געוואָרן די גאַנצע צייט. געלט האָבן מיר באַקומען פון וואַרשע און פון עטלעכע פאַרמעגלעכע חברים. דעם חבר זשאַרנאָוויעצקי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן יעדן חודש הונדערט זלאָטעס, ווייל נאָר אַזויפיל איז געווען דערלויבט צו שיקן. דער ראָטן דאָס שארית הפליטה!״ באַזונדערס הייס האָט פאַר־אַלס אַזעלכער האָט ער געפירט אַ האַלב־לעגאַלע טעטיקייט. דער יידן־ראַט האָט גאַנץ גענוי געוואוסט, אַז דאָרט ווערט געפירט די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט און דער פאָרזיצער פון יידן ראַט, לעאָן קאָפּינסקי, און די פּרעזידיום־מיטגלידער, בערנאַרד קורלאַנד, אַדוואָקאַט ירמיהו גיטלער, האָבן דעם קיבוץ אַ סך געהאָלפן. דער קיבוץ האָט געציילט פון 160—200 חברים — פליטים פון פאַרשיידענע שטעט, אָדער פון אַזעלכע, וואָס דער באָדן האָט געברענט זיי אונטער די פיס. זיי האָבן זיך געצויגן אין אונדזער שטאָט צום קיבוץ. מען האָט זיי באַזאָרגט מיט דאָקומענטן און עסנוואַרג. דעם 22טן סעפּטעמבער, 1942, ווען די ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דער קיבוץ געהאַט 208 חברים. זיבעצן חברים איז געלונגען זיך אַדורכצוגנבענען דורך די אוקראַינישע וואַכן אויף דער אַרישער זייט, און דער רעשט איז געגאַנגען צו דער „אַקציע״, וואו עס איז פון זיי נאָר געבליבן עטלעכע און פערציק חברים.

אין דעם קליינעם געטאָ האָט דער קיבוץ זיך באַלד צוריק אָרגאַניזירט און זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט וואַרשע. צווישן די ערשטע קעמפער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע זיינען געווען חברים פון טשענסטאָכאָווער קיבוץ. אויך די ערשטע גראַנאַטן און אַנדערע מינים אַמוניציע זיינען פּראָדוצירט געוואָרן אין קיבוץ. דאָס גאַנצע געטאָ האָט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין קיבוץ, און אַלע יידן האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע און רעספּעקט צו די העראָאישע קעמפער. באַלד זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די קליינע געטאָ וועט ווערן ליקווידירט, ד״ה, מען וועט איין טייל שיקן אויף אַרבעט און דעם רעשט אומברענגען. מען האָט אַדורכגעפירט אַ דיסקוסיע וועגן דעם, צי זאָל מען דאָס געטאָ פאַרטיידיקן, אָדער די חברים זאָלן אַלע ווי ווייט מעגלעך פאַרלאָזן דאָס געטאָ און גיין אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער. די מערהייט האָט באַשלאָסן צו פאַרטיידיקן דאָס געטאָ, און דערמיט דעם יידישן כבוד, קעמפן ווי העלדן און פאַלן אין קאַמף. עס האָבן זיך געהערט פעסטע רייד: „נישט צוליב דעם האָט מען מיט אַזויפיל מי און קרבנות אַריינגעבראַכט געווער אין געטאָ אַריין, אַז מען זאָל דאָס איבערלאָזן און אָן ווידערשטאַנד לאָזן אויסראָטן דאָס שארית הפליטה!״ באַזונדערס הייס האָט פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן געדאַנק די חברטע רבקה גלאַנץ, די פירערין פון קיבוץ, וואָס איז נאָכן טויט, אגב, אויסגעצייכנט געוואָרן פון פּוילישן מאַרשאַל ראָלאַ זשימיערסקי פאַר אירע העלדישע מעשים מיט איינעם פון די העכסטע מיליטערישע אָרדערס.

אין עטלעכע הייזער און אין די קאַנאַלן זיינען געווען באַהאַלטן סקלאַדעס פון געווער און אַלץ איז געווען צוגעגרייט פאַר דעם קאַמף. די מאַגאַזינען זיינען אָבער אַנטדעקט געוואָרן דורך אַ צופאַל אָדער צוליב אַ מסירה, און צענדליקער חברים האָבן באַלד באַצאָלט מיט זייער לעבן דערפאַר. וואונדערלעך העלדיש איז אומגעקומען איינער פון די בעסטע חברים פון קיבוץ יעקב פּאָטאַשעוויטש. מען האָט אים גענומען אין דער געסטאַפּאָ און אין פאַרלויף פון צוויי טעג און צוויי נעכט מערדערלעך געשלאָגן מיט שטעקנס און אייזנס. דערנאָך האָט מען אים געבראַכט צוריק אין געטאָ, וואו אַלע האָבן געמוזט פאַרביי אים אַדורכמאַרשירן, כדי ער זאָל אָנווייזן, ווער עס האָט געהערט צום קיבוץ און צו דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. ער האָט שוין נישט געהאַט מער קיין מענטשלעכע צורה, געווען אינגאַנצן געשוואָלן פון די קלעפּ. פּלוצלינג האָט ער זיך מיט די לעצטע כוחות אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן לויפן און שרייען: „נידער מיט די היטלעריסטישע מערדער! זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!״ עטלעכע פעסטע קלעפּ פון דער רוצחישער באַנדע האָבן אַ סוף געמאַכט צו זיין יונג קעמפעריש לעבן. ערע זיין אָנדענק!

חבר לייבוש טענענבוים איז געווען איינער פון די, וואָס זיינען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט און אָרגאַניזירט דאָס אַרויסשיקן פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. וועלנדיק אַרויסראַטעווען נאָך אַ טייל חברים צו די פּאַרטיזאַנער, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט אַ דייטשישן שאָפער, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ סאָציאַליסט און שוין געהאַט אַרויסגעפירט עטלעכע גרופּקעס. איבערנעמענדיק איצט די גרופּע, האָט, ווייזט אויס, זיין דייטשיש געוויסן גובר געווען זיין „סאָציאַליזם״, און אַנשטאָט זיי צו פירן אין וואַלד, האָט ער זיי געפירט אין דער געסטאַפּאָ און געמסרט דעם אָנפירער.

דעם זעלביקן טאָג איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגעשטעלט דורך זשאַנדאַרמעריע. אַלע האָבן געמוזט אַרויסגיין אויף דעם געטאָ־פּלאַץ. אויף דעם אופן האָבן זיי געוואָלט כאַפּן דעם חבר טענענבוים, אָבער עס איז זיי דעמאָלט נישט געלונגען. זיי האָבן צוגעזאָגט גרויסע געלט־פּרעמיעס פאַר ברענגען דעם חבר טענענבוים אַ לעבעדיקן. ערשט ביים ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ, ווען חבר טענענבוים האָט שוין געהאַט באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען מיט דעם רעשט חברים אין „האסאג״ אַריין, איז ער דורך די דייטשישע מייסטערס דערקענט געוואָרן און מען האָט אים אין אַלעמענס אויגן דערשאָסן.

די אַנטדעקונג פון די געווער־סקלאַדן האָט גורם געווען, אַז דאָס געטאָ איז פריער ליקווידירט געוואָרן,

ווי עס איז לכתחילה געווען געפּלאַנט געוואָרן דורך די דייטשישע מנוולים.

ווען אַ טייל יידן פון געטאָ איז שוין געהאַט איבער־געפירט געוואָרן אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האסאג״ און דער רעשט האָט געזאָלט אויסגעשאָסן ווערן, האָבן די חברים פון קיבוץ געעפנט פייער אויף דער זשאַנדאַר־מעריע. וועלנדיק פאַרשפּאָרן קרבנות, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צעשיסן מיט דינאַמיט הויז ביי הויז. ווען עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער קאַמף ענדיקט זיך, איז דער קאָמענדאַנט פון קיבוץ, זילבערבערג (מויטעק) באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ווען די פירערין פון קיבוץ, חברטע רבקה גלאַנץ און די חברים ברידער סלאָמניצקי האָבן שוין גע־האָט אויסגעשאָסן אַלע קוילן, האָבן זיי געפּרוּווט דורך דעם קאַנאַל זיך אַריבעררייסן אויף דער אַרישער זייט. זיי זיינען אָבער געפאַלן שווער פאַרוואונדעטע דורך אַ זאַלב קוילן. אויף דער שוועל פון דעם געטאָ האָבן זייערע הערצער אויפגעהערט צו קלאַפּן.

זייער גאַנץ לעבן האָבן זיי געשטרעבט צו באַנייען דאָס יידישע פאָלק און ארץ־ישראל, און ווען די שעה האָט געשלאָגן, האָבן זיי זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר דעם כבוד פון יידישן פאָלק. דער קאַמף, וואָס זיי האָבן אָנגע־הויבן, ווערט ווייטער פאַרגעזעצט.

כבוד זייער אָנדענק!

---

# ווי אַזוי עס זיינען באַהאַלטן געוואָרן די פּאַרטיי־פענער פון די לינקע פועלי־ציון

מאָנטיק, דעם 4טן סעפּטעמבער 1939, דעם „בלוטיקן מאָנטאָג״. ווען אַלע דערוואַקסענע מענער פון שטאָט האָבן, לויט אַ באַפעל פון דער דייטשער מיליטער־מאַכט, אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף, זיך פאַרזאַמלט אויף די באַשטימטע פּלעצער — זיינען אַ גרופּע חברים, איינ־שטעלנדיק זייער לעבן, אַוועק אין פּאַרטיי־לאָקאַל צו באַ־האַלטן די פּאַרטיי־ און יוגנט־פענער.

בשעת אין די גאַסן פון טשענסטאָכאָוו האָט געהילכט דאָס שיסעריי פון ביקסן און מאַשין־געווער און צענד־ליקער מענטשן זיינען געפאַלן אויף די זאַמל־פּלעצער און אין די גאַסן — זיינען די חברים געשטאַנען אין גאָרן־שטוב אויפן אַלטן מאַרק 18, אויסגעהאַקט לעכער אין אַ וואַנט, איינגעוויקלט די פענער אין לעצטן נומער „אַר־בעטער־צייטונג״ און זיי פאַרמויערט אין וואַנט.

בעת דער ליקווידאַציע פון יידישן ישוב אין טשענ־סטאָכאָוו אין סעפּטעמבער 1942, אויפן וועג צו די וואַ־גאָנעס קיין טרעבלינקע האָבן צענדליקער חברים מיט זייערע בליקן זיך געזעגנט מיטן אָרט וואו זייערע פאַנען זיינען געווען באַהאַלטן. די מיינסטע פון זיי האָבן זיך געזעגנט אויף אייביק.

אין טרעבלינקע, פאַרן גיין אין גאַז־קאַמער איז דער לעצטער אויסרוף פון חבר גרשון פּרענטקי צום חבר געלבאַרט, וואָס איז פון טרעבלינקע אַנטלאָפן, געווען: אהרן, פאַרגעס נישט די פענער!

אין קליינעם געטאָ זיינען מיר, אַ גרופּע חברים, זיך צוזאַמענגעקומען יעדן אָוונט נאָך דער שווערער אַרבעט, איינס דאָס אַנדערע איבערגעגעבן די ליידן און פּיין פון טאָג און אַרומגערעדט די פּאָליטישע סיטואַציע, ווי אויך וועגן אונדזער אָנטייל אין דער צוגרייטונג פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

פאַרן ליקווידירן די קליינע געטאָ זיינען מיר אָפּט צוגעגאַנגען צו די שטעכיקע דראָטן פון געטאָ־צוים און איבערגעקוקט צו דער וואַנט, וואו אונדזערע פענער זיינען געווען איינגעמויערט און געפונען אין דעם טרייסט און האָפענונג.

ווען דער אומגעקומענער חבר ישראל שימאַנאָוויטש איז געלעגן אויף דער טויטן־נאַרע אין לאַגער מאַטהאַוזן (עסטרייך) און איך האָב זיך מיט אים געזעגנט, האָט ער מיר איבערגעגעבן אויף וועלכן אָרט „אָט אין דער זייט פון פענצטער״ די פענער זיינען איינגעמויערט.

באַלד נאָך דער באַפרייאונג זיינען מיר, פיר חברים אַוועק צום געוועזענעם פּאַרטיי־לאָקאַל אַרויסצונעמען די פענער, אָבער מיר האָבן זיי נישט געקענט געפינען. ערשט אין סעפּטעמבער 1945, ווען עס זיינען צוריקגעקו־מען חבר אהרן געלבאַרט פון לאַגער טערעזיענשטאָט, און חבר ראַטהאָלץ איז דעמאָביליזירט געוואָרן פון דער רוי־טער אַרמיי — האָבן מיר געפונען דאָס אָרט אין דער וואַנט מיט די פענער. מיט פאַרקלעמטע הערצער האָבן די עטלעכע חברים, וואָס האָבן דאָס דערלעבט, פאַנאַנ־דערגעוויקלט די נישט באַפלעקטע פענער און אָפּגעגעבן כבוד די אַלע, וואָס האָבן עס מער נישט דערלעבט.

לויט אַ באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די לינקע פועלי־ציון אין פּוילן, זיינען די פענער, אַלס די איינציק פאַרבליבענע פון אַלע יידישע און פּוילישע אַר־בעטער־פענער אין פּוילן — איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון צ. ק., בעתן באַזוך פון חבר זרובבל אין פּוילן, איז די פאָן פון יאָר 1928 אים איבערגעגעבן געוואָרן אַלס מתנה פאַר אונזער וועלט־פאַרבאַנד־ביוראָ, אַלס סימ־באָל פון יידישן קאַמף און אומקום.

# די האַנטווערקער און דער חורבן

אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אונטער דער הערשאַפט פון דייטשישע באַרבאַרן האָבן די האַנטווערקער אין טשענסטאָכאָוו געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך צו העלפן די חברים אויפצוהאַלטן זייערע ווערקשטעלן, ווען זיי זיינען געטריבן געוואָרן פון זייערע וואוינונגען אין דער געטאָ אַריין. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ יורידישן אַמט וואָס האָט ווי ווייט מעגלעך רעכטלעך געשיצט דעם יידישן בעל־מלאכה, געשאַפן פאַר זיי די מעגלעכקייט אויסצוקויפן פאַטענטן אאַז"וו.

אין יוני 1942 האָבן מיר באַקומען אַ מיטטיילונג: „וועלכער יידישער האַנטווערקער ס'וועט נישט האָבן איינגעצאָלט די נויטיקע סומע פאַר זיין עקזאַמען און בייטראָג, וועט אַרויסגעשיקט ווערן פון דער שטאָט". דעמאָלט האָבן מיר געשאַפן שווערע צענדליקער טויזנטער זלאָטעס, כדי נישט צו געבן די נאַציס דעם אויסרייד, אַז די יידישע האַנטווערקער זיינען אומלעגאַל. אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. דעם 22־טן סעפטעמבער זיינען סיי די יידישע האַנטווערקער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די ספעציעל־געשאַפענע אַרבעטס־שטעלן, סיי די אַנדערע יידן — אַלע זיינען אַוועק אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די נעמען פון די טויזנטער יידישע האַנטווערקער־קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט די 40 טויזנט יידישע קדושים פון טשענסטאָכאָוו. מיר קענען דאָ נאָר פאַרצייכענען די נעמען פון די איינצלנע על פי נס לעבן־געבליבענע האַנטווערקער עסקנים.

ישעיה גראַניק, סאַמועל קאַץ — שניידער־גרופע; גאָלדבערג — פריזירער־גרופע; דוד קאַניעצפּאָלער, יוסף איזראַעלעוויטש (צוריקגעקומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד) — טישלער־גרופע; אברהם גרייצער — מאלער־גרופע; אהרן דאָרפגאַנג — שוסטער־גרופע.

# פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט

(*Odpis z oryginału obwieszczenia*)

AUFRUF

AN DIE JUEDISCHE BEVOELKERUNG

Auf Grund den § 3 der zweiten Durchfuehrungsvorschrift zur Verordnung vom 26. Oktober 1939 ueber die Einfuehrung des Arbeitszwanges fuer die juedische Bevoelkerung des Generalgouvernements (Verordnungsblatt G. G. p. Seite 246) verfuege ich:

Die arbeitszwangspflichtigen maennlichen Juden, wie auch die getauften Juden, in Tschenstochau deer Geburtsjahrgaenge 1914 bis inklusive 1923 melden sich beim Aeltestenrat in Tschenstochau, Marienallee Nr. 9, waehrend der Amtsstunden 9–15 Uhr zwecks Eintragung in die Arbeitszwangskartei in der Reihenfolge:

*am* 9. *Maerz* 1940 *mit Anfangsbuchstaben A–H,*

*am* 10. *Maerz* 1940 *mit den Anfangsbuchstaben I–R,*

*am* 11. *Maerz* 1940 *mit den Anfangsbuchstaben S–Z.*

Die Nichtbefolgung dieser Anordnung wird mit Zuchthaus bis zu 10 Jahren bestraft. Daneben kann auf Einziehung des gesammten Vermoegens erkannt werden.

Der Stadthauptmann
(–) *Dr. Wendler.*

Tschenstochau, am 8. Maerz 1940.

AUFRUF

*an die juedische Bevoelkerung*

Auf Grund des § 3 der zweiten Durchfuehrungsvorschrift zur Verordnung vom 26. Oktober 1939 ueber die Einfuehrung des Arbeitszwanges fuer die juedische Bevoelkerung des Generalgouvernements (Verordnungsblatt G. G. P. Seite 246) verfuege ich die Erfassung aller arbeitszwangspflichtigen maennlichen Juden *wie auch der getauften Juden* in Tschenstochau der Geburtsjahre 1879 *bis* 1913 *inklusive sowie* 1924 *bis* 1927 *inklusive.*

Es haben sich vorerst beim Aeltestenrate in Tschenstochau, Katedralna 7, waehrend der Amtstunden 9–15 Uhr zwecks Eintragung in

die Arbeitszwangskartei in unterstehender Reihenfolge zu melden.

am 18. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1910, 1911, 1912, 1913;

am 19. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1906, 1907, 1908, 1909;

am 20. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1902, 1903, 1904, 1905;

am 21. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1898, 1899, 1900, 1901;

am 22. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1894, 1895, 1896, 1897;

am 23. Maerz 1940 die Jahrgaenge 1891, 1892, 1893.

Die Anmeldungstermine der Jahrgaenge 1879 bis 1890 inklusive sowie der Jahrgaenge 1924 bis 1927 inklusive werden besonders bekanntgegeben.

*Die Termine sind puenktlich einzuhalten. Personalausweise sind mitzubringen.*

Die Nichtbefolgung dieser Anordnung wird mit Zuchthaus bis zu 10 Jahren bestraft. Daneben kann auf Einziehung des gesamten Vermoegen erkannt werden.

Der Stadthauptmann
/—/ *Dr. Wendler*

Tschenstochau, am 16. Maerz 1940.

———

(*Odpis z oryginału obwieszczenia*)

A U F R U F
an die juedische Bevoelkerung

Unter Bezugnahme auf meinen Aufruf vom 16. Maerz 1940 betreffs Erfassung zur Zwangsarbeit verfuege ich Folgendes:

I. Die weitere Erfassung der Jahrgaenge 1891—1913 inclusive und insbesondere:

a) der gewerblichen Handwerker und technischen Facharbeiter (z. B. Baecker, Fleischer, Schneider, Schuster, Schlosser, Mechaniker, Elektriker, und dergleichen),

b) der freien Berufe und ehemaligen Beamten findet in nachstehender Reihefolge statt:

am 6 April 1940 die Jahrgaenge 1910, 1911, 1912, 1913;

am 8 April 1940 die Jahrgaenge 1906, 1907, 1908, 1909;

am 9 April 1940 die Jahrgaenge 1903, 1904, 1905;

am 10 April 1940 die Jahrgaenge 1900, 1901, 1902;

am 11 April 1940 die Jahrgaenge 1897, 1898, 1899;

am 12 April 1940 die Jahrgaenge 1894, 1895, 1896;

am 13 April 1940 die Jahrgaenge 1891, 1892, 1893.

II. Die Erfassung der Jahrgaenge 1880-1890 inclusive sowie der Jahrgaenge 1924—1927 inclusive erfolgt in nachstehender Reihenfolge:

am 15 April 1940 die Jahrgaenge 1889, 1890;
am 16 April 1940 die Jahrgaenge 1887, 1888;
am 17 April 1940 die Jahrgaenge 1885, 1886;
am 18 April 1940 die Jahrgaenge 1883, 1884;
am 19 April 1940 die Jahrgaenge 1881, 1882;
am 20 April 1940 die Jahrgaenge 1880, 1924;
am 21 April 1940 die Jahrgaenge 1935, 1936;
am 22 April 1940 die Jahrgaenge 1927.

III. Die angefuehrte Erfassung betrifft die maennlichen Juden, *einschliesslich der getauften Juden.*

IV. Die Anmeldung zur Erfassung erfolgt beim Aeltestenrat in Tschenstochau, Katedralna 7, waehrend der Amtstunden von 9 bis 14 Uhr.

V. Die zur Erfassung berufenen Personen der Jahrgaenge 1924—1927 inclusive haben in Gesellschaft des Vaters, der Mutter oder eines Vormundes zu erscheinen.

VI. Die festgesetzten Termine sind puenktlich einzuhalten.

VII. Personalanweise sind mitzubringen.

VIII. Alle maennliche Juden wie auch die getauften Juden der Jahrgaenge 1880 bis 1927 inclusive, die nach Beendigung der hier verlautbarten Erfassung auch kuenftighin nach Tschenstochau hinzuziehen werden, sind verpflichtet, sich unverzueglich nach ihrem Eintreffen beim Aeltestenrat in Tschenstochau zwecks Erfassung in die Arbeitszwangskartei zu melden.

IX. Die Nichtbefolgung dieser Anordnung wird mit Zuchthaus bis zu 10 Jahren bestraft.

Ausserdem kann auf Einziehung des gesammten Vermoegens erkannt werden.

Der Stadthauptmann
(—) *i. V. Kadner*

Tschenstochau, den 3. April 1940.

*Bemerkung*: Als getaufte Juden gelten diejenigen, welche selbst getauft wurden wie auch die, deren Eltern oder Grosseltern Juden waren oder getauft waren.

———

(*Odpis z oryginału obwieszczenia*)

## BEKANNTMACHUNG

*Betr. Metallsammlung*

In der Stadt Tschenstochau wird eine Metallsammlung durchgefuehrt. Jeder Haushalt ist verpflichtet in der Zeit vom 15. bis 30. Juni 1. J. drei Kilogramm Metall (Kupfer, Messing, Tombak, Neusilber, Nickel, Blei oder Zinn) in Form loser Gegenstaende abzuliefern. Dem Ablieferer wird hierfuer eine Quittung erteilt. Leichtmetalle, wie lAluminium, Zink und Eisen werden nicht genommen. Das Gewicht der aus Zinn abgelieferten Gegenstaende wird doppelt gewertet.

Wer Metall absichtlich zurueckhaelt, wird mit Gefaengnis in unbeschraenkter Hoehe bestraft.

*Die Metallsammlung unter der Juedischen Bevoelkerung... wird... vom... Judenrat... durchgefuehrt.*

Diese Anordnung gilt nicht fuer die Volksdeutschen der Stadt Tschenstochau, die im Besitz der Kennkarte sind und fuer ukrainische Bevoelkerung.

Der Stadthauptmann
*Dr. Wendler*

Tschenstochau, den 14. Juni 1940.

Druck. "Kurier Czestochowski"

## BEKANNTMACHUNG

Auf Grund der Verordnung ueber das Wohnungswesen vom 3. 3. 1941 bestimme ich fuer den Stadtkreis Tschenstochau folgendes:

1) Leerstehende, freiwerdende oder neugeschaffene Wohn- und Nutzraeume (das sind: Wohnraeume, Lagerraeume, Bueroraeume, Garagen, Ladenraeume, Hallen, Fabrikraeume, Gaerten usw.) sind vom Eingentuemer, Nutzniesser sonstigen Verfuegungsberechtigten oder Besitzer *binnen* c *Tagen* zu melden:

a) soweit sich um Wohnungen und Nutzraeume handelt, die von Deutschen (auch Volksdeutschen) belegt sind, bei meinem Wohnungsamt,

b) soweit sie ausserhalb des juedischen Wohnviertels liegen bei der polnischen Stadtverwaltung im Rathaus,

c) soweit sie innerhalb des juedischen Wohnviertels liegen beim juedischen Aestestenrat.

2) Wohn- und Nutzraeume duerfen nur mit Genehmigung meines Wohnungsamtes vermietet werden.

Die Vermietung von Wohn- und Nutzraeumen kann nur erfolgen, wenn ein schriftlicher Antrag mit der entsprechenden Begruendung des Raumsuchenden vorliegt. Dieser Antrag ist einzureichen:

a) von der deutschen Bevoelkerung bei meinem Wohnungsamt direkt,

b) von der polnischen Bevoelkerung bei der polnischen Stadtverwaltung (Rathaus),

c) von der juedischen Bevoelkerung beim Aeltestenrat.

3) Miet — und Pachtverhaeltnisse duerfen nur mit der vorherigen zustimmung meines Wohnungsamtes vom Vermieter und Verpaechter geschlossen und aufgehoben werden.

4) Raeume, die bisher zu Wohnzwecken bestimmt oder benutzt waren, duerfen nur mit Genehmigung meines Wohnungsamtes zu anderen Zwecken verwendet oder veraendert werden.

5) Freiwerdende wohn- oder Nutzraeume duerfen nicht oeffentlich ausgeschrieben werden.

6) Die von meinem Wohnungsamt ausgeliehenen Einrichtungsgegenstaende duerfen nur mit Genehmigung meines Wohnungsamtes aus den Raemen entfernt werden.

7) Auf Grund meiner Bekanntmachung vom 12. 9. 1940 duerfen Moebel- und Hausratsgegenstaende bei Umzuegen nur mit Genehmigung meines Wohnungsamtes im Stadtkreis Tschenstochau transportiert werden.

דיק זיך אין האַרצרייסנדיקן געוויין, רופן זיי זייערע מאַמעס, וועלכע וועלן שוין קיינמאָל צו זיי ניט קומען...

כמעט יעדן טאָג, בעת דעם אַרויסמאַרש צו דער אַרבעט, שטייט ביים „פּלעצל“, ביי דעם טרויעריק באַרימטן „וואַרשעווער מאַרק“, דער אָבער־מערדער איבערשער. מיט דעם אויסגעבויגענעם הענטל פון זיין שטעקן כאַפּט ער ביים האַלדז איינצעלנע מענטשן פון דער גרופּע און שלעפּט זיי, ווי הינט, צו דער אַזוי גערופענער „יאַטקע“. פון דעם „פּלעצל“ ווערן אויך גאַנצע פּאַרטיעס געשיקט קיין סקאַרזשיסקע און בליזשין. יעדע אַרויסשיקונג ברענגט קרבנות. מענטשן ווערן דערמאָרדעט ביים פּאַרזוך צו אַנטלויפן, אָדער פון די קוילן פון די זשאַנדאַרמען, וועלכע שיסן אַריין אין די געפּאַקטע אויטאָמאָבילן אָדער וואַגאָנער גלאַט אַזוי זיך: צום פאַרוויילן זיך אָדער אַרויסרופן שרעק און געהאָרכזאַמקייט. ווי אַ פינצטערער קאָשמאַר לייגט זיך אויף דעם געטאָ דער געדאַנק וועגן פולשטענדיקער ליקווידאַציע. עס איז די שטענדיקע טעמע פון אַלע געשפּרעכן, מען ספּעקולירט וועגן דעם טערמין פון סוף. די נערוון קענען ניט אויסהאַלטן די שטענדיקע אָנשטרענגונגען און ניט־זיכערקייט פון מאָרגן.

אָבער עס זיינען אויך אַזעלכע, וואָס וואַרטן ניט פּאַסיוו, מיט פאַרלייגטע הענט. דאָס איז די יוגנט פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וועלכע פירט אַן אונטערערדישע אַרבעט אין די בונקערס און קעלערס. דאָ זיצן יונגע מיידלעך און יינגלעך, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע אָנשויאונגען, און פאַרהאַרטעווען אין זיך זייער האַס. זיי דריקט דאָס שרעקלעכע וועגעטירן אינעם געטאָ. אָבער זיי, די פאַראורטיילטע, שליידערן אַוועק פון זיך די הילפלאָזיקייט, פאַרצווייפלונג און פּיין, און מיט אַ מעכטיקן ווילן שמידן זיי אויס די טאַט. מיידלעך און בחורים, כמעט קינדער, שאַפן אין די פינצטערע קעלערן און לעכער אַ פאַרכישופט וועלטל.

דער אָטעם גייט איבער אין אַ ליכטיקער טיפער ליבע, און די פאַרצווייפלונג — אין אַ גרענעצלאָזן האַס.

ליבע און האַס! ליבע צו די, וואָס זיינען אַזוי טראַגיש געפאַלן; האַס צו די דייטשישע מערדער און באַנדיטן. טאָג און נאַכט ווערט די אַרבעט געפירט: מען פאַרגראָבט די רעוואָלווערן און מיט לעבנס־געפאַר שמוגלט מען אַריין אין געטאָ קוילן און דינאַמיט, וואָס מען האָט צוגעגנבעט פון די דייטשישע אַמוניציע־פאַבריקן. ניט־דערפאַרענע יונגע בחורים עקספּערימענטירן אומגעלומפּערט, אונטערן שטענדיקן שאָטן פון טויט, ביים אויסאַרבעטן פון גראַנאַטן. אַ טונעל ווערט אויסגעגראָבן, מיט אַן אַרויסגאַנג ווייט מחוץ דעם געטאָ, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן די, וועלכע וועלן זיין געצוואונגען צוריקצוציען זיך פון קאַמף.

די שטימונגען אין געטאָ ענדערן זיך בהדרגה, בפרט נאָך דער גרויסער מפּלה פון דער דייטשישער אַרמיי ביי סטאַלינגראַד. די צאָל קעמפער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

די אונטערערדישע טעטיקייטן ווערן שטאַרקער, אינטענסיווער. די זשאַנדאַרמעריע זעצט פאָר איר אויסראָטונג־אַרבעט. אַלץ אָפטער באַווייזן זיך נייע פאַרבינדונגען, שטרענגערע באַגרענעצונגען. אַזוי, צום ביישפּיל, ווערן פרויען און מענער נישט דערלויבט צו וואוינען אויף דער זעלבער גאַס. יעדער טאָג ברענגט פרישע קרבנות. מען דערשיסט קראַנקע, וועמענס פּנים טראָגט די שפּורן פון טובערקולאָזיס. מען דערשיסט מענער פאַר באַזוכן זייערע שוועסטער. מען מאָרדעוועט מוטערס, וועלכע זיינען משוגע געוואָרן אונטערן דרוק פון די געשעענישן און אומגליקן. מען קוילעט 13־יאָריקע מיידלעך, וועלכע גייען נישט צו דער אַרבעט, כדי צו פאַרהיטן די מוטערס פון באַגיין זעלבסטמאָרד. מיטן לעבן באַצאָלט מען פאַר בלייבן אין געטאָ, כאָטש איין טאָג, פאַר פאַרלאָזן די אַרבעט אאַז״וו.

דעם 3טן יאַנואַר 1943, 10 אין דער פרי, ווערט דאָס געטאָ אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער אָפּטיילונג פון זשאַנדאַרמען און אוקראַינישע פאַשיסטן. דאָס געטאָ איז אויפגעשטורעמט. עס איז רוישיק דאָרט ווי אַ בינשטאָק. עס הערשט אַ פיבערישער צושטאַנד, און פון יעדנס אויגן רייסט זיך אַרויס אַ פאַרצווייפלונג: וואָס גרייטן זיי שוין ווידער צו? וואָס פאַר אַ טייוולאָנישן פּלאַן האָבן זיי שוין ווידער פאַר אונדז?

די זשאַנדאַרמען, צוגעגרייט אין אייזערנע העלמען, שפּאַצירן רואיק ביי די דראָטן און גלייכגילטיק קוקן זיי זיך צו צו דעם, וואָס קומט פאָר אין געטאָ.

פּלוצלינג פאַלט אַריין אַן אָפּטיילונג פון זשאַנדאַרמען און אוקראַינישע פאַשיסטן אין געטאָ אַריין. געוואַלדן און געשרייען פילן אָן די לופט. מען שלעפּט אַרויס אַלטע לייט, מוטערס מיט די קינדערלעך פון די קעלערס און בוידעמער. אייניקע, רעזיגנירטע, לאָזן זיך פירן אָן יעדן ווידערשטאַנד. אַנדערע קעמפן ביטער און פאַרטיידיקן זיך מיט אַלע כוחות קעגן פאַרניכטונג. דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן אין אָנבליק פון דעם טראַגישן געראַנגל.

אַ גאַנצן טאָג דויערט דאָס גיהנום אויף די גאַסן פון געטאָ. אין אָוונט ווערט די „אַקציע“ איבערגעריסן, אָבער נישט פאַרענדיקט.

דער פרימאָרגן ברענגט דעם המשך. און ווידער שלעפּט מען די מאַמעס מיט די קינדער פון די באַהעלטענישן און ווידער טראָגן זיך האַרצרייסנדע געשרייען כמעט פון יעדן הויז. דאָס קרעכצן, די געשרייען, דאָס קלאָגן און וויינען ווערט אַקאָמפּאַנירט מיט שטאַרקע שיסערייען. אַלע איינוואוינער פון געטאָ ווערן אַרויסגעטריבן אויף דעם „מאַרק“, וואו מען סעגרעגירט זיי.

די קעמפער „פון פאַרכישופטן וועלטל“ האַלטן זייער ערשטן עקזאַמען.

פּישעלעוויטש שיסט פון זיין רעוואָלווער אין די זשאַנדאַרמען. פּיינער, אַ גאָר יונגער, וואַרפט זיך אויף די מערדער. נאָך אים גייען די אַנדערע. נאָך אַ קורצן

קאַמף באַצאָלן 27 יידן מיט זייער לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייער מענטשלעכער ווירדע.

די יוגנט רוט נישט. גרופּנווייז פאַרלאָזט זי דאָס געטאָ און נעמט אָנטייל אין פאַרשיידענע סאַבאָטאַזש־ און קאַמף־אַקציעס. די ייִנגסטע גרופּע קעמפער ווערט אויסגעמאָרדעט ביים אָנטיילנעמען אין דער אַקציע ביי דער אַזוי גערופענער „אָסט־באַן", און מיט זיי נאָך 25 יידישע אַרבעטער. עס פאַלט די צווייטע דיווערסיע־גרופּע, וועלכע קעמפט ביים פּונקט אויף דער גאַס ווילסאָן 32. אויסגעקוילעט ווערט די פּאַרטיזאַנישע גרופּע פון אָלשטינער וואַלד. פון די 15 פּאַרטיזאַנער פון קאָניעצפּאָלער וואַלד, בלייבן קוים 7.

די איבערגעבליבענע קעמפער פון געטאָ פירן ווייטער זייער אָנגעשטרענגטע אַרבעט און גרייטן זיך צום ענדגילטיקן באַוואָפנטן אַרויסטריט פון 22טן יוני 1943. די מערסטע פון זיי פאַלן אין דעם גרויזאַמען ניט גלייכן קאַמף.

איצט, אין טאָג פון דער דריטער יאָרצייט פון ערשטן באַוואָפנטן קאַמף קעגן די היטלער־באַנדיטן, ווען מען ברענגט צו קבורה די 27 קעמפער, שטייען מיר, אַ הייפעלע אָפּגעראַטעוועטע, מיט צעווייטיקטע הערצער און בויגן אונדזערע קעפּ אין יראת־הכבוד פאַר דעם הייליקן אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן.

---

# דאָס נייע טשענסטאָכאָוו

צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון אַמאָליקן פּוילישן יידנטום, איז טשענסטאָכאָוו אין חודש יאַנואַר 1945 אַריינגעטראָטן אין אַ תקופה, פון לעבן און אויפבוי.

דער פאַקט וואָס אין טאָג פון דער באַפרייאונג, יאַנואַר 16, 1945, האָבן זיך אין טשענסטאָכאָוו געפונען געראַטעוועטע פון די פיר אַרבעט־לאַגערן — 5200 יידן האָט באַוואויגן אייניקע פּערזאָנען מיט איניציאַטיוו באַלד צו גרינדן אַ קערפּערשאַפט וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט שטעלן צוריק אויף די פיס דאָס שארית הפליטה.

אָפּגעשניטן פון דער אויסערלעכער וועלט דורך די לאַנגע, פינצטערע מלחמה יאָרן, אָן אַן אויסזיכט אויף שנעלער הילף מצד די לאַנדסמאַנשאַפטן פון אַמעריקע, אָדער ארץ־ישראל, איז דאָס שארית הפליטה אין טשענסטאָכאָוו געשטעלט געוואָרן פאַר זייער שווערע אויפגאַבן.

אויף די חורבות פון זייערע אַמאָליקע היימען, אויף דער ערד אַדורכגעזאַפּט מיטן בלוט פון זייערע נאָענטסטע, מאָראַליש דערשלאָגן, האָבן יידן אין טשענסטאָכאָוו אַרויסגעבראַכט מוט און ענערגיע צוצוטרעטן צו אָרגאַניזירן אַ באַלדיקע און שנעלע הילף אַקציע.

אין מערב איז נאָך די מלחמה אָנגעגאַנגען עטלעכע חדשים און אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די איבערגעבליבענע יידן אין פּוילן, האָט זיך ערשט געהאַלטן אין שאַפן.

און דאָך האָט אַ קליינע גרופּע מיט ל. ברענער בראש גענומען אויף זיך די הייליקע פליכט צו דערגרייכן דאָס וואָס דאָס לעבן האָט פאַרלאַנגט.

די ידיעות, אַז מיט דער צייט וועלן צוריקקומען לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך אין דער צייט פון דער מלחמה אויפגעהאַלטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם באַשלוס צו שאַפן אַ יידישן קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו. חוץ דעם האָבן זיך צווישן די געראַטעוועטע 5200 יידן געפונען לערך 100 קינדער, גאַנצע אָדער האַלבע יתומים, וואָס האָבן זיך אין דער צייט פון דער מלחמה געפונען אין בונקערס, ביי קריסטן און סתם על־פּי־נס געראַטעוועט געוואָרן. אַ דרינגלעך פּראָבלעם זיינען אויך געווען קרוב 200 יוגנטלעכע אָן שוך און שטיצע, צענדליקער אינוואַלידן און הונדערטער קראַנקע, וואָס זיינען געקומען צוזאַמען מיט דער אַריינמאַרשירנדער סאָוועטישער אַרמיי. די אַלע נויטן האָבן נאָך מער געמאָנט קאָנסטרוקטיווע הילף־אַרבעט.

די ערשטע ידיעה וועגן טשענסטאָכאָוו איז געקומען קיין אַמעריקע צום יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו יאָרק, פון דעמאָלטיקן פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע סט. מאָדזעלעווסקי. דעם בריוו גיבן מיר אין פולן טעקסט אויף אַ צווייטן אָרט אין בוך.



דער יידישער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו 1945/46
שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. לעדערמאַן, בזשעזשינסקי, בירנהאָלץ, ל. בוים, ל. יוריסטא, גרינשטיין.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: אייזנבערג, טשאַרנע, מ. האסענפעלד, ל. ברענער, י. גאָלדבערג, ד. קאָניעצפּאָלער און ז. וועקשטיין.

די ווייטערדיקע ידיעות זיינען שוין געווען דירעקט פון טשענסטאָכאָוו און דורכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ

רעגולערער בריוו־אויסטויש צווישן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע מיט אונדזער היים־שטאָט.

צוזאַמענגעשטעלט פון מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, האָט דער יידישער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו מיט אַן אַחריותדיקן באַוואוסטזיין אָנטוויקלט, הגם מיט באַגרענעצטע מיטלען, אַ ברייטע טעטיקייט.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ הויז פאַר היימלאָזע, פאַר אינוואַלידן, פאַר יתומים, אַ לייען־זאַל, פונקטן פאַר יוגנטלעכע און אַ צוגרייטונג־שול. קינדער און יוגנטלעכע האָבן באַקומען לערע און פולע באַשפּייזונג.

און הגם אויף אַ קורצער צייט, האָט זיך די צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו פאַרקלענערט און אין מאַי דעם זעלביקן יאָר ציילט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו נאָר 2000 נפשות, דערגרייכט אָבער מיט דעם צוריקקומען פון טשענסטאָכאָווער פון פאַרשיידענע לאַגערן, די צאָל יידן אין יולי 6000 קעפּ.

נייע אויפגאַבן האָבן זיך געשטעלט פאַר דער יידישער קהילה.

עס ווערן אָרגאַניזירט קאָאָפּעראַטיוון פאַר שוסטער, שניידער, טישלער, שלאָסער און פריזירער. אין שייכות מיט דעם אַנטשטייען געוויסע שוועריקייטן, ווי דאָס באַקומען האַנטווערקער־קאַרטן. אָבער מיט גרויסער מי געלונגט דעם קאָמיטעט אויך די שוועריקייט בייצוקומען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן בויען אַ קליינער ישוב, אָבער אויף געזונטע יסודות. די יידישע באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, האַנדלען און איינצוואָרדענען זיך דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן.

זייער שווער צו לייזן איז געווען דאָס פּראָבלעם פון די יידישע קינדער: נאָך יאָרן לאַנג זיין אין לאַגערן, בונקערס, אויף „אַרישע פּאַפּירן" ביי קריסטן אָדער אין קלויסטערס, האָבן זיי פאַרלאַנגט אַ גרינטלעכע נייע דערציאונג. אייניקע ווייזן אַרויס אַ נערוון־צערודערונג, אַ טייל האָבן מורא צו באַקענען זיך אַלס יידן און עס זיינען אַפילו פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווייזן אַרויס אַ פיינטלעכע באַציאונג צו יידן און יידישקייט. געווען קינדער, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין יידיש.

עס האָט זיך פאַרלאַנגט אַ סך ענערגיע און אַרבעט, כדי צוריקצוברענגען די דאָזיקע קינדער אין דער יידישער געזעלשאַפט.

דער יידישער קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט די גאַנצע אינטעליגענץ, די בעסטע פּעדאַגאָגישע כוחות און זיי האָבן זיך מיט התלהבות, מיט האַרץ און נשמה אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. שוין אין אַ קורצער צייט האָט מען געקאָנט זען די פּירות פון די אָנשטרענגונגען. די קינדער הויבן זיך אָן צו לערנען יידיש, שפּילן, טאַנצן און גיבן אויף פון צייט צו צייט פאָרשטעלונגען. מיט דער צייט גרעסערע און שענערע. אָפּגעריסן פון די עלטערן און נאָענטע זיינען זיי צוריק געוואָרן יידישע קינדער וואָס באַהערשן די יידישע שפּראַך אין וואָרט און שריפט.

אָבער די פיינטלעכע אַרויסטרעטונגען מצד אַ טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, איינצעלנע מאָרדן אויף יידן אין טשענסטאָכאָוו און אין אַנדערע שטעט, ווי אויך דער פּאָגראָם אין קראָקע ברענגט צו אַ ווייטערדיקער אויסוואַנדערונג פון די טשענסטאָכאָווער יידן און סוף 1945 באַטרעפט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו 3000 נפשות. אין מערץ 1946 פאַלט די צאָל ביז 1200 קעפּ. דאָס נעמט אַוועק אויך אין אַ געוויסער מאָס דעם מוט ביי די פירער פון דער קליינער טשענסטאָכאָווער קהילה. די אַרבעט פון די קאָאָפּעראַטיוון, וואַרשטאַטן ווערט פאַרקלענערט און דער האַנדל ביי די יידן פאַלט. אָבער צום גליק, נאָר אויף אַ קורצער צייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעפּאַטריאַציע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. די צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו הייבט אָן צו וואַקסן, און נאָכאַמאָל נעמט זיך דאָס הייפּעלע בויער צו פאַרפעסטיקן דעם יידישן ישוב.

מען פאַרברייטערט ווידער די טעטיקייט פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פון די אַרבעט־וואַרשטאַטן. אויך די קולטור־אַרבעט ווערט פאַרשטאַרקט. אין מאַי 1946 דערגרייכט די צאָל יידן 2500 נפשות. דער גלייבן אין אַ יידישן ישוב וואַקסט און גיט צו מוט צו דער אַרבעט.

אָבער שוין אין יולי 1946 גייט אַ נייע כוואַליע פון אַנטי־יידישע עקסצעסן אַדורך פּוילן. עס פאַרשפּרייטן זיך בלבולים וועגן ריטועלע מאָרדן, עס קומט דער שוידערלעכער פּאָגראָם אין קיעלץ; דער רעזולטאַט איז אַ ווייטערדיקע פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו. און הגם די געמיטער האָבן זיך לאַנגזאַם באַרואיקט, ברענגט דאָס אָבער צו אַ טיילווייזער ליקווידאַציע פון פּריוואַט־וואוינונגען, געשעפטן און וואַרשטאַטן. אַ נייע אויסוואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן.

אַ דאַנק־בריוו פון די קינדער פון דער י. ל. פּרץ שול צו די ליידיס אוקזילערי (זומער 1946).

און דאָך עקזיסטירט אַ יידישער ישוב אין טשענ־סטאָכאָוו, אַקליינער, אָבער ער לעבט.

עס איז כדאי צו געבן אַ ציפערן איבערזיכט, כדי צו האָבן אַ בילד פון די דערגרייכונגען ביים אויפבוי פון דעם נייעם יידישן טשענסטאָכאָוו.

א. דורכן קינדער־הויז זיינען אַדורכגעגאַנגען לערך 200 קינדער. פאַר אַ גרויסן טייל האָט מען צוריק אויס־געפונען זייערע עלטערן, וואָס זיינען געווען פון זיי אָפּ־געריסן אין דער צייט פון דער מלחמה, סתם קרובים אָדער אַפּוטרופּסים. אויף אַזאַ אופן האָבן מער ווי 100 קינדער באַקומען צוריק אַן אייגענע היים.

ב. צענדליקער אינוואַלידן באַקומען פּיס — אָדער האַנט־פּראָטעזן און אַזוי אַרום זיינען זיי געוואָרן צום טייל אַרבעט פעאיק, אַ טייל זיינען אַפילו געוואָרן זעלבסט־שטענדיק.

ג. הונדערטער קראַנקע זיינען איינגעאָרדנט גע־וואָרן אין שפּיטאָלן און אויסגעהאַלטן געוואָרן פון יידישן קאָמיטעט, ביז זיי זיינען פולקאָם געזונט געוואָרן. איצט זיינען זיי אונטער דער אויפזיכט פון „טאָז".

ד. פאַר היימלאָזע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ספּעציעל הויז.

ה. זקנים, אָרעמע און סתם שוואַכע ווי אויך אַרבע־טער באַקומען אומזיסטע מיטאָגן, טרוקענע פּראָדוקטן וכדומה.

ו. פאַר לונגען־קראַנקע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ דערהאָלונג־הויז און אַ גרויסער טייל איז שוין אויסגע־היילט געוואָרן.

ז. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קינדער־גאָרטן, וואו קינדער פון 3 ביז 7 יאָר ווערן דערצויגן אין יידישן גייסט.

ח. לערך 70 יוגנטלעכע לערנען זיך אין די דער־גאַנצונג־שולן.



אין מעכאַנישן וואַרשטאַט פון דער האַנטווערקער־שול ביים יידישן קאָמיטעט

ט. רעפּאַטריאַנטן האָבן באַקומען אויסער אַן איינ־מאָליקער שטיצע פון 2000 גילדן אַ חודש אויך אַ צוטייי־לונג פון טרוקענע פּראָדוקטן און מיטאָגן פון 10 טעג ביז אַ חודש.

אַ טייל פון די אויסגערעכנטע אינסטיטוציעס איז שוין צוליב דער פאַרבעסערטער לאַגע און צוליב אויס־וואַנדערונגען, ליקווידירט געוואָרן. דאָך עקזיסטירן נאָך היינט איינציקע קאָאָפּעראַטיוון און די הילף־אַרבעט ביים איינאָרדענען זיך פון יחידים גייט ווייטער אָן אין אַ פולער מאָס.

אויך אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט, זעען מיר אַ רירעוודיקייט פון דעם נייעם טשענסטאָכאָוו. גרויסע אַקאַדעמיעס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צו די יאָרטעג פון דער באַפרייאונג אין חודש יאַנואַר 1946, 1947.



דערעפענונג פון ציוניסטישן לאָקאַל „איחוד"
(דעצעמבער 1945)



פּערסאָנאַל פון אַרבעטער רעסטאָראַן ביים „בונד"

אין מערץ 1946 איז פאָרגעקומען אַ טרויער־אַקאַ־דעמיע צו דער 3טער יאָרצייט פון דער פאַרניכטונג פון דער יידישער אינטעליגענץ. אויפן טשענסטאָכאָווער בית־עלמין איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע צערעמאָניע ביים אויפדעקן אַ ריזיקע מצבה אויף זייער ברידער־קבר.

אין אַפּריל 1946 קומט פאָר אַ י. ל. פּרץ־אַקאַדעמיע, די ערשטע נאָך דער מלחמה. דאָס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב פאַרן יידישן טשענסטאָכאָוו.

אַ גרויס געשעעניש אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער באַזוך פון יעקב פּאַט, אַלס שליח פון יידישן אַרבע־



דאָס אויסגראָבן פון די אומגעקומענע
ביים ליקווידירן די קליינע געטאָ.

טער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. דער זאַל אין האָטעל „פּאָ־לאָניאַ" וואו עס איז פאָרגעקומען אַ מיטינג איז געווען אויסגעפילט ביז צו די ברעגעס דורך דער גאַנצער יידי־שער באַפעלקערונג פון טשענסטאָכאָוו.



דאָס איבערפירן די קרבנות פון 4-טן יאַנואַר 1943
פון קליינעם געטאָ אויפן יידישן בית-עולם.

אַ שיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון נייעם טשענ־סטאָכאָוו פאַרשרייבט די רעליגיעזע קהילה. זי פירט אַ געזעלשאַפטלעכע קיך, וואו ס'ווערט אַרויסגעגעבן טעגלעך 100 מיטאָגן. זי האַלט אויס אַ מקווה מיט אַ היגיענישן באָד־אַנשטאַלט, אַ שול פאַר קינדער, אַ ישיבה, אַ רב, אַ שוחט און בכלל זאָרגט זי פאַר די רעליגיעזע הצטרכותן פון דעם יידישן טשענסטאָכאָוו. זי באַזאָרגט אויך מיט דאָקטוירים און מעדיצינען אַ צאָל קראַנקע.

צום סוף איז ווערט צו דערמאָנען אַז דער יידישער קאָמיטעט האָט אויסגעגעבן פאַר סאָציאַלער הילף אין ערשטן האַלבן יאָר 1946, איין מיליאָן גילדן. פינף מיליאָן זלאָטעס וועט באַטרעפן דאָס אַרומצוימען און צוריק אויפ־שטעלן דעם צעשטערטן יידישן בית־עולם.

צוזאַמען מיט די צאָל יידן אין היינטיקן פּוילן שטייט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו אין קאַמף פאַר



די יידישע רעליגיעזע קיך



די יידישע רעליגיעזע קיך



די יידישע רעליגיעזע קהילה.
זיצן פון רעכטס: י. לאַנדוי, א. זאנדער, א. דאָרפגאַנג, ל. רײכער, נ. עדעליסט, מ. גאָלדבערג, הרב ע. ווייסלער, ה. רייזמאַן, ש. גראנעק, ד. קאָניעצפּאָלער און ב. שטיבעל.

זיין עקזיסטענץ. מיר גלויבן אַז אויף די חורבות פון דעם אַמאָליקן גרויסן יידישן טשענסטאָכאָוו וועט ווידער אויפ־שפּראָצן אַ פולסירנדיק און רוישיק יידיש לעבן אין אונדזער שטאָט.

# קינדער־הויז אין טשענסטאָכאָוו

ערשט ניט לאַנג האָט די קינדער־הויז באַקומען אַ נייע צוויי־שטאָקיקע ליכטיקע געביידע אויף יאַסנאָגורסקע 36. אַרום אַ גאָרטן, ספּעקטן, שטייגן פֿאַר טויבן, הינער, קראָליקעס.

אינעם הויז געפֿינען זיך 40 קינדער, אין עלטער פֿון 3 ביז 15 יאָר. די ייִנגערע באַזוכן די פֿאַכשול אויפֿן אָרט, די עלטערע — די גימנאַזיע און פֿאָלקס־שולן אין שטאָט.

די קינדער שלאָפֿן אין גרויסע, ליכטיקע שלאָף־צימערן. זיי האָבן אַ גרויסן עס־צימער, פּרעכטיקע באָד־צימערן, אַ צימער צו לערנען און שפּילן.

דאָס עסן ווערט דערלאַנגט צום טיש דורך די אויפֿזעער־קינדער שיין און עסטעטיש.

דאָס עסן איז נאַרהאַפֿט און געשמאַק.

די קינדער זיינען אָנגעטאָן מיט חן, די קליידונג צוגעפּאַסט צום וואוקס, צום געזיכט. דער טשענסטאָכאָווער קינדער־קאָלעקטיוו איז איין גרויסע משפּחה, עס פֿילט זיך די אַטמאָספֿער פֿון היים. נאָך פֿרישטיק צעגייט מען זיך, קליינוואַרג אין פֿאָרשול, עלטערע אין שול, אָבער דעם פֿרימאָרגן, דעם אָוונט פֿאַרברענגט מען צוזאַמען. די עלטערע מיידלעך געפֿינען צייט נישט נאָר אויף גרייטן די לעקציעס אין שול אַריין און צו מאַכן אייגענע פֿריזורן, (אַלע זיינען פֿאַרקעמט שיין און מאָדיש), נאָר טאַקע צו פֿאַרנעמען זיך מיט דעם קליינוואַרג. מען טוט זיי אָן, מען וואַשט זיי, מען לערנט זיי האַלטן אָרדענונג, ריינקייט אַד״גל.

ביי די ייִנגלעך איז אויך פֿריילעך. דער עלטסטער לערנט זיך שוין עלעקטראָ־מאָנטעריי. ער האָט ליב זיין פֿאַך און מאַכט כסדר נייע פּרוּוון. ער האָט שוין איינגעפֿירט אַ נאַכט־לעמפּל אין זיין שלאָף־צימער. איצט וויל ער מאַכן אַ פּראָזשעקטאָר, אַ „סטאַיאַק“. איך קאָן זיך נישט פֿאַנאַנדערקלייבן אין זיין פּראָיעקט נאָר די חברה איז אַנטציקט. די עלטערע העלפֿן צו. דאָס קליינוואַרג קוקט מיט פֿאַרוואונדערונג און קנאה אויף אַזוינע וואונדער. און ווען עס ווערט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, שמייכלען די עלטערע צופֿרידן, און דאָס קליינוואַרג שרייט פֿון אַנטציקונג.

אָבער איצט איז האַרבסט. די קינדער גייען אין שול אַריין. די צייט מוז זיין אויסגערעכנט, דער אָנטייל פֿון יעדן קינד אין היים־אַרבעט מוז זיין באַגרענעצט און באַרעכנט, און דערפֿאַר טאַקע האָבן די קינדער איצט דיזשורן. די אַרבעט איז פֿאַנאַנדערגעטיילט, די קינדער טוישן זיך ביי דער אַרבעט. שטיל און רואיק גיט מען איבער איינער דעם צווייטן דעם דיזשור.

אַ פֿריידיקע דערשיינונג פֿאַר אונדז דערציער איז אויך די שטימונג פֿון פֿרייד ביי די קינדער. מיר זיינען געקומען צו אַ פֿאָרשטעלונג. אַלע קינדער פֿאַרנומען, מען נייט, מען וואַשט, מ׳גרייט דעקאָראַציעס, גאַנצע טעג פֿאַרנומען מיט פּרוּוון. פֿאַר אונדז, די געסט איז קיין צייט איינגאַנצן נישטאָ. מען קוקט זי דאינגאַנצן נישט אום אויף אונדז. און דווקא דערפֿאַר פֿילן מיר אָט די פֿרייד, וועלכע פֿילט אָן די הערצער פֿון די קינדער, מען זינגט אין קינדער־הויז. מ׳זינגט אַ סך, מען זינגט וואַרטנדיק אויף דער זופּ, מען זינגט זיך אונטער דער נאָז, ווען מען פּרעסט אַ קלייד. און דאָס קליינוואַרג?! יעדעס מאָל לויפֿט עמיצער אַנדערש אַרויס אין מיטן זאַל און זינגענדיק־צו טאַנצט ער אַ טענצל. אַמאָל דערקען איך אַ פֿראַגמענט פֿון דער פֿאָרשטעלונג, אַמאָל איז דאָס אַ פֿרייע אימפּראָוויזאַציע.



אין קינדער־קלוב פֿון דער קינדער־היים ביים ייִדישן קאָמיטעט

דאָס קינדער־הויז האָט דאָס פּנים פֿון אונדזערע ייִדיש־וועלטלעכע שולן. און עס איז נישט צופֿעליק. די ח׳טע ברענער (דער רעפֿערענט פֿון קינדער־שוץ ביים וואָיעוו. קאָמיטעט) אַן אַלטע דערפֿאַרענע ייִדישע לערערין פֿאַרברענגט די גאַנצע פֿרייע צייט אין קינדער־הויז. די אַרבעטס־שעהן טיילט זיך אויך אַזוי איין, אַז דעם גרעסטן טייל צייט געפֿינט זי זיך אין קינדער־הויז.



י. פּאַט צו־גאַסט אין קינדער־הויז, פֿעברואַר 9, 1946
זיצן פֿון רעכטס צו לינקס: מ. לעדערמאַן, ז. וועקשטיין,
י. פּאַט, ל. ברענער, מ. עדעלמאַן (גאַסט פֿון לאָדזש),
י. אייזענבערג און איטאַ ברענער.

דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט חבר ברענער (אַ לערער) קומט אָפט אין הויז אַריין. ער קאָן אַלע קינדער, ער לעבט מיט זיי איבער אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין הויז.

דאָס פּראָגראַם איז פאַרשיידנאַרטיק, יידישע נומערן און אַרבעט". דאָס פילט זיך פון די שמועסן פון די ייננסטע אין שלאָף־צימער (וואָס פאַר אַ אַרבעט האָט אַ קאַץ און צוליב וואָס האָט זי פיר פיס) און די שמועסן פון די עלטערע „מיר שטרעבן צו זיין די בעסטע שילער אין שול". צוויי טעג בין איך געווען און אַחוץ אַ מיידעלע, וואָס האָט געליטן אויף צאָן־ווייטיק האָב איך ניט געזען קיין ליידיקגייענדיק, אָדער בענקענדיק קינד. ווען מ'האָט נישט געאַרבעט, נישט געגרייט די לעקציעס, האָט מען געלייענט אַ בוך.

דאָס פּראָגראַם איז פאַרשידנאַרטיק, יידישע נומערן מיט פּוילישע, נאָר דער לייט־מאָטיוו איז דער אייגענער:

„געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָלעס
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויס".

לאַנג, לאַנג האָבן אין מיינע אויערן געקלונגען די ווערטער פון הימן „אַ לויב און געזאַנג דער מי און אַרבעט, זינגט, גריסט זי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און האַס", מיט וועלכע די קינדער האָבן פאַרלאָזט די בינע אין טשענסטאָכאָווער טעאַטער. און אפשר טאַקע נישט בלויז די ווערטער, נאָר טאַקע די פאַרשטענדעניש, די טיפע איבערציגונג פון די קינדער, די געפילן און די באַגייסטערונג פון זיי צו דער אַרבעט און צו אַרבעטער.

און נאָך אַ וויכטיקע דערציערישע פּראָבלעם איז געלונגען דעם קאָלעקטיוו פון טשענסטאָכאָווער קינדערהויז צו לייזן — דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון דער פאַרבינדונג פון הויז מיט דער שטאָט.

דאָס איז איינע פון די אָנגעווייטיקסטע פּראָבלעמען אונדזערע אין קינדער־הייזער נאָך ביז דעם 1939 יאָר.

די דאָקטוירים האָבן פאַרבאָטן דעם קאָנטאַקט צוליב געזונטהייטס־טעמים, זיי האָבן געציטערט פאַר די איינפלוסן פון דער גאַס און שטוב אויף דער נשמה פון קינד. די קינדער אין אונדזערע „יתומים הייזער" פאַר דער מלחמה זיינען געווען אָפּגעריסן פון לעבן, פון אַלע זיינע דערשיינונגען.

דאָס קינדער־הויז אין טשענסטאָכאָוו האָט דרייסט איבערגעריסן מיט דער אַלטער טראַדיציע פון פאַרשליסן דאָס הויז פאַר געסט. יעדן זונטיק קומט פאָר אַ קליינער יום־טוב פאַר קינדער פון שול און פאַר סתם קינדער פון שטאָט. מען טרינקט טיי מיט קוכן, מען לייענט די וואַנטצייטונג. די קינדער גיבן אַ פּאָר נומערן פון דער קינסטלאַמאַטאָרישער טעטיקייט.

די געסט, די שול־ און שטאָט־קינדער קומען זייער גערן אויף די פאַרוויילונגען.

(„דאָס נייע לעבן" נומ' 23 פון לאָדזש, 12 יאַנ. 1945)

א. כראבאלאָווסקי

# אַלגעמיינער איבערבליק איבער דער ברודער־הילף

מיר האָבן לײדער נישט קײן גענױע סטאַטיסטיק, װי גרױס עס איז די צאָל טשענסטאָכאָװער אין אַמעריקע. די דרײ גרױסע אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק אַלײן: די „טשענסטאָכאָװער יאָנג מענס", טשענסטאָכאָװער אַרבעטער־רינג־בראַנטש 261 און טשענסטאָכאָװער בראַנטש 11 פון יידישן פאָלקס־אָרדן (אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן) צײלן צוזאַמען צװישן זעקס און זיבן הונדערט מיטגלידער. אָבער דאָס איז נאָר אַ קלײנע טײל פון די טשענסטאָכאָװער אין ניו־יאָרק. עס װעט זיכער ניט זײן קײן גוזמא צו זאָגן, אַז די צאָל טשענסטאָכאָװער מיט זײערע פאַרצװײגטע פאַמיליעס אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, דעטראָיט, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס און אַנדערע שטעט דערגרײכט איצט איבער צען טױזנט. די צאָל אַלײן באַװײזט װי גרױס עס איז דער בײטראָג, װאָס טשענסטאָכאָװ האָט געגעבן דעם לאַנד בכלל און דעם יידישן ישוב אין דעם לאַנד בפרט.

## דרײ הױפּט־שטראָמען פון עמיגראַציע

די ערשטע פּיאָנערן פון טשענסטאָכאָװ זײנען אַהער געקומען אין די אַכציקער יאָרן. צװישן זײ זײנען געװען די באַקאַנטע רעליף־טוער לואיס שימקאָװיטש, סעם גאָלדבערג, מאַקס קאָרפּיעל, דזשײקאָב זײדמאַן.

דער צװײטער ברײטער שטראָם פון עמיגראַציע קײן אַמעריקע האָט זיך אָנגעהױבן נאָך די יאָרן 6—1905. צװישן די אימיגראַנטן פון יענער תקופה איז שױן געװען דער נײער דור סאָציאַליסטן און אַרבעטער־קעמפער װי מענדל שוכטער, דוד מאלארסקי, זכריה לעװענשטײן, מרדכי אַלטמאַן, קאָפּל געריכטער, כאַנע גליקסמאַן, משה צעשינסקי, ישעיה יעקב מינקאָװ, שמחה גרילאַק, יעטאַ גרילאַק, מאַקס בערלינער, יאָסל בערלינער, לואי אופנער, אבא קױפּמאַן, יוסף קױפּמאַן, יעקב בער סילװער, אברהם יעקב סענזער.

דער דריטער עמיגראַציע־שטראָם האָט זיך אָנגעהױבן נאָך דער ערשטער װעלט־מלחמה. דער דאָזיקער שטראָם האָט שױן אין אַ גרױסער מאָס געטראָגן מיט זיך דעם סאָציאַלן שטורעם, װאָס די רוסישע רעװאָלוציע און די גרינדונג פון סאָװעטן־פאַרבאַנד האָבן אַרױסגערופן אױף דער װעלט. צװישן זײ געפינען זיך יחיאל לעװענשטײן, דוד טאנסקי, די ברידער װײס אין שיקאַגאָ, אײב װענגער, סעם װענגער, ראָוז ראָזענפעלד־קופּערמאַן, פראַדל בראַט־גליקסמאַן, חיהלע װאַגע־רױטמאַן, די האַלבערגס אין קאַנאַדע, פײגל אײזנער, די װילינגערס, די ברידער סענזער און אַזױ װײטער.

פון 1924 האָט זיך, צוליב דער קװאָטע, די עמיגראַציע אָפּגעשטעלט, חוץ פאַר אַ זײער באַגרענעצטער צאָל און פאַר פרױען און קינדער פון בירגער. די לעצטע טשענסטאָכאָװער עמיגראַנטן זײנען שױן געװען פּליטים, װאָס האָבן זיך געראַטעװעט פון היטלערס בלוטיקע נעגל. זײ קען מען שױן צײלן אױף די פינגער. זײ זײנען ד״ר גרינבױם מיט זײן פרױ און זון, דוד גוטערמאַן, געקומען אַהער צו דער װעלט־אױסשטעלונג, יצחק גורסקי מיט זײן פרױ און צװײ קינדער, זיך געראַטעװעט פון װין, מ. קעלטשיגלאָװסקי, זונדל סטאראזום, רפאל פעדערמאַן, ד״ר לאַזאַראָװיטש, א. האפטקא, הערמאַן זיגאס, אַדװאָקאַט, זיגמונד עפּשטײן, אַנדזשאַ מונאװיטש, װאָס האָבן זיך געראַטעװעט דורכן סאָװעטן־פאַרבאַנד און פון דאָרט געקומען אַהער איבער יאַפּאַן.

## די ערשטע פּיאָנערן

אין 1923 האָט אַן עמיגראַנט פון טשענסטאָכאָװ זיך געטראָפן אױף דער שיף מיט אַ יידישן עמיגראַנט, װאָס איז געקומען קײן אַמעריקע מיט 30 יאָר צוריק און זײ האָבן פאַרפירט אַ שמועס. דער עמיגראַנט פון 1923 איז געפאָרן אַלס צװײטער קלאַס פּאַסאַזשיר. דער ייד איז צוריקגיפאָרן פון אַ באַזוך אין דער הײם, אױך מיט דיר צװײטער קלאַס. דער אַלטער עמיגראַנט האָט באַשריבן זײן רײזע קײן אַמעריקע מיט דרײסיק יאָר צוריק.

„מיר זײנען געפאָרן — האָט דער אַלטער עמיגראַנט געזאָגט — אַן אױסלענדישע פּעסער. שמוגלערס האָבן אונדז אַריבערגעפירט דורך דער גרענעץ אין אַ פינצטערער נאַכט און אונדז באַראַבעװעט פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך האָבן די שיף־אַגענטן אונדז אַרײנגעפּאַקט אין פערד־װאַגאָנעס און, װי אַ סטאַדע בהמות, געפירט צו דער שיף. אױף דער שיף האָבן מיר זיך געװאַלגערט אױף דעם אונטערדעק, געשפּײזט געװאָרן מיט קאַרטאָפל און הערינג און באַהאַנדלט געװאָרן װי חיות.

און װען מיר זײנען אָנגעקומען קײן אַמעריקע האָבן אױף אונדז קײן ליבע הײמען פון עלטערן, ברידער און שװעסטער נישט געװאַרט. אונדזערע „הײמען" זײנען געװען די פינצטערע שעפּער, װאו מען האָט געאַרבט צו 16 שעה אַ טאָג".

און קײן יוניאָנס, װאָס זאָלן זײ באַשיצן, האָבן זײ אױך נישט געהאַט און קײן לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, װאו זיך צו טרעפן מיט אַ שטאָטישן פרײנד, זײנען אױך נישט געװען. „די קלײנע צאָל טשענסטאָכאָװער לאַנדסלײט — שרײבט פרײנד יוסף קױפּמאַן װעגן די פּיאַנערן פון די „יאָנג מענס" — פלעגט זיך צוזאַמענקומען יעדן אָװנט, נאָך אַ שװערן טאָג אַרבעט, אױף

דעלענסי, עק נאָרפאָלק סטריט, און דאָרט איז די ערשטע טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי אין אַמעריקע געבוירן געוואָרן".

אָבער אויך דער וועג פון די עמיגראַנטן, וואָס זיינען געפאָרן שפּעטער, איז לחלוטין נישט געווען אויסגעשפּרייט מיט בלומען. אויך זיי זיינען אויסגעשטאַנען געוויסע צרות פון די שמוגלער, פּרייסישע זשאַנדאַרמען, שיף־אַגענטן און שיף־קאָמפּאַניעס. אמת, אין די יאָרן 1911—14 איז געווען אַן אָרגאַניזירטע עמיגראַציע קיין גאַלוועסטאָן (איינער פון אַזאַ גרופּע איז געווען פריינד יאַנקל קאַפּינסקי), אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין פוילן געווען טעטיק „האיאַס", און אַ געוויסע צייט איז אין טשענסטאָכאָווער געווען טעטיק אַן אָפּטיילונג פון „אַרבעטער־עמיגראַציע־פאַרבאַנד", וואָס האָט אַ סך געהאָלפן די טשענסטאָכאָווער עמיגראַנטן פון יענער צייט צו קריגן פּאַספּאָרטן און וויזעס, אָבער די דאָזיקע הילף האָט נישט געהאַט קיין גרויסן באַדייט. בדרך כלל איז די יידישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, וואָס האָט געשאַפן דעם גרעסטן און שטאַרקסטן יידישן ישוב אין דער וועלט, געווען הפקר, נישט אָרגאַניזירט, נישט באַשיצט און איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט. וויפל מען האָט נישט געשריגן און געשריבן אין דער טשענסטאָכאָווער פּרעסע און אין אַנדערע שטעט וועגן דער נויטיקייט פון אַן עמיגראַציע־געזעלשאַפט צו געבן הילף און שוץ די יידישע עמיגראַנטן — איז געבליבן אַ קול קורא במדבר. אין יאָר 1912 האָבן געזעלשאַפטלעכע טוער אין טשענסטאָכאָוו געוואָלט לעגאַליזירן אַן עמיגראַציע־אָפּטיילונג. מען האָט גערעכנט האָבן דערצו צען אונטערשריפטן פון חשובע (און „כשרע") פּערזאָנען. איז מען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב בעטן די דאָזיקע אונטערשריפטן און — נישט געקראָגן . . .

## עמך פאָרט קיין אַמעריקע

עמך האָט אָבער נישט געוואַרט ביז מען וועט פאַר זיי אָרגאַניזירן אַן עמיגראַציע־געזעלשאַפט, נישט געוואַרט אויף דער „טעריטאָריע" און זיך נישט דערשראָקן פאַר „עמיגראַציאַניזם", נאָר איז געפאָרן קיין אַמעריקע. אַהער נישט אַליין. עמך האָט מיטגענומען מיט זיך טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע — גאַנץ טשענסטאָכאָוו: די וואַרשעווער און די יאַדזשעטשגע גאַסן, די קאַזשע און ייאַזקע גאַסן, דעם אַלטן און נייעם מאַרק, די אַלעען, דעם דיאַזד, די וואַלעס, דעם ספּאַדעק, די קרוטקע גאַס, די אַלטע שול, די נייע סינאַגאָגע, די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט, די „לירא", די שולן, די פּאַרטיי־קלובן. אַלץ, אַלץ וואָס דאָס פאָלק האָט געלעבט איז דער אַלטער היים האָט עס מיט זיך מיטגענומען קיין אַמעריקע, געטראָגן אין האַרצן און געבליבן דערצו צוגעבונדן מיט די אינערלעכסטע און שטאַרקסטע בינד פון דער נשמה.

ווי גרויס עס איז געווען זייער ליבע און צוגעבונדנקייט צו טשענסטאָכאָוו האָט צום בולטסטן באַוויזן די הילף־טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין כמעט אַלע שטעט פון אַמעריקע אין משך פון פינף און צוואַנציק־דרייסיק יאָר.

## ברידער אין פרייד און לייד

אין טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט „דאָס נייע וואָרט" פון 3טן סעפּטעמבער 1920, ווערט אַזוי אָפּגעשאַצט די הילף, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט באַקומען פון אַמעריקע:

„אין אונדזער געשיכטע וועט דאָס בילדן דאָס שענסטע בלעטל נישט נאָר דערפאַר, וואָס יעדער איינצלנער באַזונדער — און אַזעלכע איינצעלנע זיינען איצט מיט אַ קליינעם אויסנאַם כמעט אַלע — באַקומט פון זיינע פריינד, קרובים, שוועסטער, ברידער און קינדער שטיצע אין דער דאָזיקער ביטערער צייט: נישט נאָר דאָס, וואָס פאַר טויזנטער לייכט די האָפענונג פריער אָדער שפּעטער זיך אַרויסצוקריגן פון דעם נויט־זומפּ, אין וועלכן מיר זינקען טיפער און טיפער שוין דאָס זיבעטע יאָר (זינט די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן); נישט נאָר דאָס, וואָס אַ גאַנצע ריי אינסטיטוציעס און מאָדערנע שולן עקזיסטירן מיט דער הילף פון אונדזערע פריינד אין אַמעריקע; זעלבסט־פאַרשטענדלעך זיינען דאָס אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, וואָס מען קען מיט דער האַנט נישט אָוועקמאַכן — אָבער דאָס שענסטע, דאָס ליכטיקסטע בלייבט דאָך דער מענטשלעכער באַוואוסטזיין, אַז די גאַנצע אַמעריקאַנער הילף־אַקציע און גרויסע ברידערלעכע ליבע, וואָס שטראָמט צו אונדז — רעדט צו אונדז מיט אַ קלאָרער שפּראַך און וועקט אין אונדז דאָס געפיל, אַז מיר זיינען נישט איינזאַם, אַז מיר פאַרמאָגן אויף דער וועלט געטרייע, איבערגעגעבענע, צוזאַמענגעבונדענע מיט אונדז פריינד אויף טויט און לעבן".

„אין דער מלחמה־צייט זיינען מיר, אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער געווען אין אַ געפאַנגענלאַגער אין עסטרייך. פון דערהיים זיינען מיר געווען אין גאַנצן איין טאָג רייזע, נאָר גאַנצע יאָרן זיינען אַוועק איידער מען האָט דערלעבט פון דאָרט צו באַקומען אַ בריוו. אין היפּוך איז פון אַמעריקע געפלאָסן בריוו אָן אַ שיעור. אַלע וואָס האָבן אונדז געקענט פון דער נאָענט אָדער פון דער ווייט האָבן געשריבן, געטרייסט און געשיקט געלט. חוץ די ברידער און שוועסטער, האָט אָן אויפהער געשריבן משה צע. עס האָט געשריבן יאַנקל קאַפּינסקי, העלע סערצאַזש, יעטשע גרילאַק, שמחה קאַלקע און דער טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק האָט עטלעכע מאָל געשיקט געלט פאַר די טשענסטאָכאָווער קריגס־געפאַנגענע און זיך נאָכגעפרעגט וואו עס געפינען זיך נאָך טשענסטאָכאָווער".

דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו, אין דער גרויסער נויט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה און איז מיט יעדן יאָר געוואָרן ערגער — האָט

אין „אַמעריקע" געפונען איר טרייסט, איר הילף און איר האָפנונג. אַ בריוו פון אַמעריקע אין אַן אָרעמען הויז אין יידישן פערטל פון טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ יום־טוב, בפרט, ווען בריוו זיינען קיינמאָל נישט געווען ליידיק. „אַמעריקע" איז נישט אָפּגעקומען מיט הוילע ווערטער. איר הילף איז שטענדיק געווען אַ ממשות־דיקע. אין אַ סך פאַלן האָט „אַמעריקע" געהאָלפן טראָגן די שווערע לאַסטן פון די טויזנט און איינע שטייערן, וואָס זיינען געווען איינס פון די אויסראַטונג־מיטלען, וואָס דאָס רעאַקציאָנערע פוילן האָט אָנגעווענדט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אָרגאַניזירטע הילף פון אַמעריקע דורכן „הילפס־פאַר־איין" און דערנאָך דורכן „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" דערגרייכט טשענסטאָכאָוו אויף פאַרשיידענע וועגן. לרוב איז די הילף געשיקט געוואָרן צו דער יידישער גמינע און אויפן נאָמען פון רב ר' נחום אַש. נאָך דער וועלט־מלחמה איז אין טשענסטאָכאָוו געגרינ־דעט געוואָרן אַן אַרבעטער־פאַרטיילונג־קאָמיטעט, פאַר הילף פון אַמעריקע פאַר אַרבעטער־אינסטיטוציעס. און אָט איז אַ באַריכט פון דעם קאָמיטעט פון די סומעס, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע אין יאָר 1922.

די הכנסות פון קאָמיטעט זיינען אַריינגעקומען: פון ניו־יאָרקער רעליף — 1,100 דאָלאַר און הונדערט טויזנט מאַרק, צוזאַמען — 885,300 מאַרק. פון שיקאַגער רעליף — 244 דאָלאַר אָדער 905,240 מאַרק. פון טאָ־ראָנטאָ, קאַנאַדע, 52,000 מאַרק. צוזאַמען — 1,812,540 מאַרק. חוץ דעם איז דער קאָמיטעט געשטיצט געוואָרן פון צענטראַלן דינעזאָן־קאָמיטעט אין וואַרשע און פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע.

דער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו האָט פאַרטיילט די הילף־געלדער צווישן די ווייטערדיקע אינסטיטוציעס: די קינדער־היימען און פאָלקשולן, אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער־יוגנט, לייען־זאַלן און ביבליאָטעקן, אַרבעטער־רויטן קרייץ און אַרבעטער־רעטונג־קאָמיטעט ביים צענ־טראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַרבעטער־קיכן און טיי־האַלעס.

חוץ דעם זיינען אָנגעקומען גרויסע סומען פון אַמעריקע אויפן נאָמען פון אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער קאָמיטעט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאַר־טרעטער פון דער יידישער גמינע, יידישן שפּיטאָל, „דאַב־ראַטשינאַשטש", אאז"וו. מיר האָבן, ליידער, נישט דאָ קיין ציפערן וועגן דער גרויס פון די סומען, אָבער זיי זיינען אַ סברה נישט געווען קלענער ווי די, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פאַר די אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

אין באַריכט פון די י. ל. פרץ קינדער־היימען און פאָלקשולן פאַרן לערן־יאָר 26—1925 געפינען זיך פאָלגנ־דיקע סומען פון אַמעריקע:

פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק — — 400 $.
פון טשענסטאָכאָווער ליידיס־אויקזילערי אין נ. י. 600
שיקאַגער רעליף־קאָמיטעט — — — — — — — 251
פון הילף־פאַראיין אין דעטראָיט — — — — 100
פון יוגנט־קלוב אין ניו־יאָרק — — — — — — — 20

אין באַריכט פון אַרבעטער־פאַרטיילונג־קאָמיטעט געפינט זיך אַ סומע באַשטימט פאַר די אָוונט־קורסן. זיי ווערן באַזונדער באַשריבן אין אַן אַרטיקל צוזאַמען מיט די שולן, אָבער די גרויסע מאָראַלישע און גייסטיקע וויר־קונג, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף די יונגע שילער און שילערינס, וואָס זיינען שוין געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין די וואַרשטאַטן — ווייסן נאָר די יעניקע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערס מערדער און העלפן הייַנט אויפריכטן דאָס לעבן פון אונדזער אַזוי ווייניק לעבן־געבליבענע ברידער אין פוילן.

די קינדערהיימען און פאָלקשולן, וואָס זיינען מיט אַזויפיל מסירת־נפש געבויט און אויפגעהאַלטן געוואָרן זיינען אין „ווייטן" אַמעריקע געווען אַזוי באַליבט, ווי אין טשענסטאָכאָוו. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַ גרויסע צאָל פריינד אין ניו־יאָרק זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער גרופּע, וואָס האָט געשטיצט די קינדערהיימען. אָן אַ שיעור אַרבעט, קרבנות, ברוי־דערלעכע האַרציקייט האָט טשענסטאָכאָוו אין אַמעריקע אָפּגעגעבן אויפצוהאַלטן און אַנטוויקלען די קינדער־היימען און שולן. וויפל מי און אַרבעט עס האָט געקאָסט אויפצושטעלן דאָס מאָסיווע י. ל. פרץ־הויז פאַר די קינ־דער־היימען און שולן, זאָגט עדות אַ בריוו פון יענער צייט:

„נאָכדעם ווי חבר מענדל שוכטער איז צוריקגע־קומען פון זיין באַזוך אין טשענסטאָכאָוו, האָבן מיר זיך גענומען מיט טאָפּלטער ענערגיע אויסצופירן דעם פּלאַן צו קויפן אַן אייגן הויז פאַר די אַרבעטער־שולן. מיר האָבן אָנגעשטרענגט אַלע אונדזערע כוחות, טעג און וואָכן אָפּגעגעבן פאַר דער זאַך, אפילו זיך נישט גענומען קיין צייט צו פאַרברענגען מיט אונדזערע פאַמיליעס. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן טעאַטער־פאַרשטעלונגען און חברישע פאַרווייַלונגען.

ווען קיין טשענסטאָכאָוו איז אָנגעקומען די גרויסע צאָל ביכער, וואָס זיינען דורך אַלע טשענסטאָכאָווער אָר־גאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק געזאַמלט געוואָרן פאַר דער ביבליאָטעק, איז ביי די טשענסטאָכאָווער ליבהאָבער פון יידישן בוך — און ווער פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן האָט דאָס יידישע בוך נישט ליב געהאַט! — געווען אַ גרויסער יום־טוב. מען האָט געדאַרפט זיין אַן אָוונט אין דער ביבליאָטעק, ווען מען האָט געטוישט די ביכער און זען דעם גליק אין די אויגן פון אונדזערע ליבע יינגלעך, מיידלעך און עלטערע מענטשן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן די גראַב־בייכיקע ביכער גענומען אין זייערע אָרעמע היימען, זיי געלייענט ביי נאָפּט־לעמפּלעך און געטראַכט און גע־

לעבט מיט זיי, ווי זיי וואָלטן געווען זייערע נאָענטסטע, ליבסטע פריינד.

די דייטשישע רוצחים האָבן אין דער צייט פון זייער בלוטיקער ממשלה אַלץ פאַרדאָרבן, אַלע אויסגע־מאָרדעוועט, קיינעם און קיין זאַך נישט געשוינט: אַלט און יונג, זקן און קינד — אָבער די האַנט פון יידישן ברודער און יידישער שוועסטער אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך איבער ווייטע ימים און לענדער אויסגעשטרעקט צום ברודער, צו זיין קינד אין דער אַלטער היים, האָבן זיי נישט דערגרייכט. דעם פייער פון ברודער־ליבע, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן אין יידנס האַרץ אין משך זיין טויזנט־יאָריקער מאַרטירער־געשיכטע, האָט דער היטלער־מערדער נישט געקענט פאַרלעשן.

## די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און דאָס יידישע לעבן

פון די קורצע אָדער לאַנגע באַשרייבונגען וועגן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געדרוקט אין דעם בוך, ווי „יאָנג מענס", „אַרבעטער - רינג", „יידיש - נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַר־באַנד" און שפּעטער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן" זעט מען קלאָר, אַז אויך דאָ אין אַמעריקע האָבן זיך די יידישע מאַסן גרופּירט לויט געוויסע אידעאישע ריכטונגען אין יידישן לעבן, אויב אפילו נישט לויט שטאַרק אָפּגעטיילטע פּאַרטיי־ליניעס. בלי ספק האָט יעדע אָרגאַניזאַציע אַ סך אויפגעטאָן אויפצוהאַלטן דאָ דאָס יידישע לעבן, אויפהייבן דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוואוסטזיין און קולטורעלע אַנטוויקלונג פון זייערע מיטגלידער אויף אַ העכערער מדרגה. אַחוץ דעם, וואָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרזאָרגט די מיטגלידער מיט אַ געוויסער פאַרזיכערונג אין פאַל פון קראַנקהייט אָדער אַנדערע נויט־פאַלן און האָבן באַהעפט די טויזנטער יחידים אין פאַראייניקונגען און נישט דערלאָזט, אַז די יידישע מאַסע אין אַמעריקע זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין מענטשן־שטויב.

די געשיכטע פון דער טעטיקייט און צוזאַמענקונפטן פון די אַלע אָרגאַניזאַציעס איז אַזוי רייך, אַז מען קען זי בשום אופן נישט אויסשעפּן אין אַן אַרטיקל. אין דער צייט פאַר דער שפּאַלטונג פלעגן אויף אַ פול באַזוכטער פאַרלעזונג אין טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש זיין אָנוועזנד ביז אַ 400 פערזאָן. עס איז געווען אַ גרויסע און חשובע פאַרזאַמלונג, וואו מען האָט זיך געפילט שטאָלץ און דערהויבן מיט די עלטערע פריינד און מיט דער יוגנט. אויף אַ מיטינג ביי די „יאָנג מענס" פילט מען שטענדיק, אַז מען געפינט זיך אין אַן ערנסטער, פּראַקטישער און שטענדיק ברידערלעכער סביבה. אויף אַ מיטינג ביים טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד (ווען ער האָט עקזיס־טירט), האָט מען געפילט, אַז דאָ לעבט און ווירקט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע אידעע. אין טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־פּראָגרעסיוון אָרדן (אינטערנאַציאָנאַלער אַר־בעטער־אָרדן), די יינגסטע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפט־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, פילט זיך דער סאָציאַ־לער און קולטור־קאַמף פון אונדזער צייט. דאָס וויכטיק־סטע, מיט וואָס ער צייכנט זיך אויס איז די השגחה איבער דער יידישער שול, אַ געביט, וואָס איז אַזוי שווער פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן דורך די אָנפירער פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. דער זעלבער גייסט הערשט אין די פאַראיינען אין דעטראָיט, שיקאַגע, טאָראָנטאָ און לאָס אַנדזשעלעס. דער יונגער „אינדעפּענדענט" פאַר־איין אין שיקאַגע האָט שוין אַריינגעבראַכט עפּעס נייעס און זייער וויכטיקס אין לעבן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן. ער האָט נעמלעך אונטערשטראָכן די נייטיקייט צו אַר־בעטן פאַר דער קולטור פון די יידישע מאַסן אין אַמע־ריקע גופא. חוץ דעם איז אַ גרויסע צאָל טשענסטאָכאָ־ווער צעשפּרייט איבער אַנדערע ניט־טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און לאַדזשן, ווי זאַלאָשינער חברה „אנשי בני אחים", די מייסאָנס (מאַסאָנען) און „אַרט־פעלאָוס".

אָבער אין דער הילף־אַרבעט, אָנגעפירט פון „טשענ־סטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק", פון די ליידיס־אָקזי־לערי און שפּעטער פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" — האָבן זיך פאַראייניקט אונטער איין דאַך, פאַר איין ציל אַלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס, אַלע וואָס זיינען „צעזייט און צעשפּרייט" איבער דער גרויסער, ברייטער וועלט, וואָס הייסט ניו־יאָרק, אַזוי אין שיקאַגע און אַזוי אין אַנדערע שטעט. ווייל אַלע טשענסטאָכאָווער, צו וואָס פאַר אַ ריכטונג אָדער אָרדן זיי זאָלן נישט געהערן — זיינען קודם כל מיט די שטאַרק־סטע נשמה־פעדעם צוזאַמענגעבונדן מיט זייער היימ־שטאָט, וואו זיי האָבן אַזוי פיל איבערגעלעבט און אַזוי פיל פאַרלוירן . . .

נאָכדעם ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן דער גרויסער חורבן פון יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האָבן זיך געפונען אַ סך פאַלשע נביאים, וואָס האָבן פאָראויס־געזאָגט דעם סוף פון די לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס דאָ אין אַמעריקע, בפרט פון די הילף־אָרגאַניזאַציעס: „אייערע שטעט זיינען חרוב געוואָרן, נישטאָ וועמען מער צו העלפן". זיי האָבן נישט באַגריפן און נישט פאַר־שטאַנען, אַז איצט, נאָכן שוידערלעכן חורבן פון אונ־דזערע יידישע שטעט אין אייראָפּע, איז דער געשריי „איש לאהליך, ישראל", וואָס מיינט, לאָמיר זיך צוגיין יעדער פאַר זיך, אַ פאָלקס־פאַרראַט, אַ פאַרשאָלטענער צולאָג צו היטלערס אויסראָטונג. דווקא איצט איז נייטיק דער וואונדערלעכער כוח פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס בינדט צונויף טויזנטער יחידים פון אַ שטאָט אין איין ברידערלעכן פאַרבאַנד, כדי ווייטער צו ציען די גאָל־דענע קייט פון פאַרגאַנגענע דורות און פון מיליאָנען אומגעקומענע קדושים. דער גרעסטער חוב ליגט אויף

אונדז דאָ אין אַמעריקע, וואו מיר זיינען געבליבן דער גרעסטער און שטאַרקסטער יידישער ישוב.

◆

די הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו האָט געפאָדערט גאַר גרויסע קרבנות, אָבער האָט אויך געבראַכט אַ סך פרייד און יום־טובדיקייט אין געוויינלעך גרויען און שווערן לעבן אין אַמעריקע. די יערלעכע בעלער אין די ערשטע יאָרן פון דער הילף־אַרבעט זיינען אייגנטלעך געווען טשענסטאָכאָווער יום־טובים. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלע עקן שטאָט, מען איז געקומען פון די פאַרשטעט, פון די שטעטלעך אַרום. עס זיינען געקומען די זיידעס און באָבעס, וואָס מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון טשענסטאָכאָוו, עס זיינען געקומען די טאַטעס און מאַמעס און עס זיינען געקומען די אייניקלעך.

אויף די בעלער האָט צום ערשטן געטאַנצט דאָס יונגוואַרג, „דהי טשילדרען פוירסט". איבעריקנס פלעגט אין דער היים אויף אַ חתונה — און יעדער באַל דאָ איז געווען אַן אמתע יידישע חתונה — אויך צום ערשטן טאַנצן דאָס יונגוואַרג, דערנאָך זיינען די אַלטע געגאַנגען אין אַ מצוה־טענצל. ווען די יונגע האָבן אָפּגעליידיקט דעם פּלאַץ, האָבן זיך די עלטערע גענומען צום „שער" און „האָפּקע" און „קאַראַהאָד" און אַלע טענץ, וואָס מען האָט געטאַנצט אין טשענסטאָכאָוו אויף שמחות.

און נאָך יעדן באַל איז פאָרגעקומען אַ „פינאַנס", דאָס מיינט אַן אָפּרעכענונג, אין הויז פון איינעם פון די רעליף־טוער. האָט מען ווידער געמאַכט אַ „סאָפּער", געטרונקען לחיים, זיך געפרייט, וואָס מען איז אין אַמעריקע און מען קען העלפן טשענסטאָכאָוו און מען האָט טאַקע אויך פאַרגרעסערט די הכנסות פון באַל. ווייל סתם, אַזוי זיך, איז מען אין אַמעריקע זיך נישט צוזאַמענגעקומען . . .

חוץ די בעלער זיינען פאָרגעקומען באַנקעטן נישט

| הכנסה | זל. | גר. |
|---|---|---|
| סאַלדאָ צום 1־טן סעפּטעמבער 1925 | 548 | 70 |
| פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק 400 דאָלאַר | 3615 | — |
| „ לײדיס עקזעקוטיוו „ 600 „ | 4858 | — |
| „ שיקאַגאָער רעליף־קאָמיטעט 251 „ | 2254 | 10 |
| „ הילף־פאַריין אין דעטראָיט 100 „ | 980 | — |
| „ יוגנט־קלוב אין ניו־יאָרק 20 „ | 181 | 60 |
| געשפּענדעט דורכן דר. פּיטער איזיקן 25 „ | 227 | 50 |
| סובסידיע פון מאַגיסטראַט פאַר די קינדערהיימען | 4800 | — |
| „ „ „ „ שולן | 2100 | — |
| „ „ דער יידישער גמינע | 275 | — |
| „ „ צ. י. ש. אָ. אין וואַרשע | 1777 | 70 |
| שכר־לימוד | 1297 | 49 |
| אונטערנעמונגען | 547 | 96 |
| רעטונגס־אַקציע פאַר די לאָקאַלן | 205 | 65 |
| פאַרקויפטע געגנשטאַנדן | 140 | — |
| פון די קינדער פאַר פרישטיקער | 40 | 23 |
| געבאָרגט 100 דאָלאַר | 980 | — |
| דירה־געלט פון לאָקאַל סטראַזשאַצקע 10 | 144 | — |
| סך הכל | 24972 | 93 |

| הוצאה | זל. | גר. |
|---|---|---|
| פענסיע דעם לערער־פּערסאָנאַל | 13146 | 59 |
| „ „ דינער־פּערסאָנאַל | 1519 | 50 |
| אַדמיניסטראַציע (פאַרוואַלטער און פאַרוו. אויסגאַבן) | 1686 | 84 |
| ווירטשאַפט אין די שולן | 435 | 85 |
| „ „ „ קינדערהיימען | 337 | 75 |
| אינווענטאַר | 383 | 60 |
| באַהייצונג און באַלייכטונג | 613 | 17 |
| לאָקאַל סטראַזשאַצקע 10 (וווינונגען פאַר די לערער און לאָקאַל פאַר דער אַלג. אַרב. ביבליאָטעק) | 1320 | 30 |
| לאָקאַל פון קינדערהיים | 701 | — |
| לערן מכשירים | 117 | 28 |
| שול־מאַטעריאַל | 17 | 55 |
| אַלגעמיינע אַרבעטער־ביבליאָטעק | 12 | — |
| רעטונגס־אַקציע פאַר די לאָקאַלן | 15 | — |
| חובות | 1764 | 20 |
| אונטערנעמונגען | 603 | 60 |
| עסן פאַר די קינדער | 608 | 84 |
| קראַנקן־קאַסע | 300 | — |
| רעמאָנט | 1160 | 30 |
| | 24743 | 37 |
| סאַלדאָ צום 1־טן סעפּטעמבער 1926 | 229 | 56 |

פאָרזיצער **ש. נירענבערג.** סעקרעטאַר **י. יוריסטאַ.** קאַסירער **וו. פײַנע.** פאַרוואַלטער **א. כראַבאַלאָווסקי.**

מיטגלידער: **אברהם בראַט, לעאָן זיידמאַן, ר. פעדערמאַן, מ. אַלטער, מ. וועקסלער.**

דאָקומענטן צום אַרטיקל „אַלגעמיינער איבערבליק איבער דער ברודער־הילף"

נאָר מיטן באַרימטן כל טוב, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט, נאָר אויך מיט דער יידישער פרייד, התלהבות און בטחון, וואָס מען האָט געבראַכט מיט זיך פון דער היים. אויף די באַנקעטן ברענגט דער אַרטיסט, דער יונגער פּיאָנער פון יידישן טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו און אַלטער אייביקער רעליף־טוער יעקב בער סילווער, זיינע פריינד לעאָן טייך און אַנדערע זינגער, וואָס פילן אָן דעם זאַל מיט יידישע ניגונים און מען האַלט באַגייסטערטע רעדעס און מען זאַמלט געלט, און נאָך מער זאַמלט מען כוח צו זיין אַ ייד און זיך נישט אונטערגעבן דעם שמאַלץ־טאָפּ פון אַמעריקע.

ווען אין טשענסטאָכאָוו איז געפּראַוועט געוואָרן דער חנוכת־הבית פון י. ל. פּרץ־הויז, איז אין ניו־יאָרק פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזער באַנקעט אין בעטהאָווען־האָל. נאָך אַזאַ שטיקל אַרבעט, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן, — אויפצושטעלן אַזאַ פּרעכטיק הויז, וואָס האָט אָפּגעקאָסט צען טויזנט דאָלער, האָט געוויס טשענסטאָכאָוו אין אַמעריקע געהאַט רעכט זיך משמח צו זיין. די העלדן אויפן באַנקעט זיינען טאַקע געווען די צוויי דעלעגאַטן קיין טשענסטאָכאָוו, לואיס שימקאָוויטש און חיים לייב שוואַרץ. פאָרזיצער פון באַנקעט איז געווען אַבע קויפמאַן, דער טאָסט־מייסטער איז געווען פריינד דזשייקאָב זיידמאַן, וואָס רעדט ענגליש, אָבער פאַרמאָגט מער ווי יעדער אַנדערער יידישן הומאָר און אַ געטריי יידיש האַרץ. אויף דעם באַנקעט האָבן די פריינד חיים לייב שוואַרץ, לואיס שימקאָוויטש, קאָפּל געריכטער, ה. ווין, אַבע קויפמאַן און פרוי סעמועלס, דעמאָלט טשערליידי פון דער ליידיס־אוקזילערי, באַגריסט דעם גרויסן אויפטו פון די טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, וואָס האָבן אויפגעבויט דאָס ערשטע הויז אין פּוילן פאַר די י. ל. פּרץ־שולן. צום סוף פון באַנקעט איז אָנגעקומען פריינד מענדל שוכטער, וואָס האָט געבראַכט די אידעע פון הויז פון טשענסטאָכאָוו און די הונדערטער פריינד אויפן באַנקעט האָבן זיך געפרייט מיט אים.

צוויי גרויסע יום־טובים אין לעבן פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען געווען צוויי אייגנאַרטיקע פאָלקס־באַנקעטן.

איינער איז פאָרגעקומען לכבוד דעם פריינד יוסף קויפמאַן, לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דעם „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און זיין פרוי, רעטשל קויפמאַן, אַן איבערגעגעבענע טוערין פון רעליף און פון דער ליידיס־אָוקזילערי. אויף דעם צוזאַמענקונפט איז דורך די באַגריסער, וואָס האָבן פאַרטרעטן אַלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק און דורך אַ סך פּערזענלעכע פריינד געקומען צום אויסדרוק די ליבע און אַכטונג פון די אַלע טשענסטאָכאָווער פריינד צו צוויי פון זייערע בעסטע און געטרייסטע מיטגלידער.

דער צווייטער באַנקעט איז פאָרגעקומען צום אָפּפאָרן פונעם פרעזידענט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" קיין קאַליפאָרניע, צו פאַרבעסערן זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. אויף דעם באַנקעט האָט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט באַוויזן מיט דער גרויסער צאָל פאַרזאַמלטע און מיט דער זאַמלונג פון אַ גרויסער סומע פאַרן רעליף, אויף וויפיל זי שאַצט און אַכט איינעם פון אירע בעסטע פאָלקס־מענטשן, וואָס טראָגט אויף זיך שוין לאַנגע יאָרן דעם עול פון פאַראַנטוואָרטלעכער און שווערער אָנפירונג פון דער ברודער־הילף־טעטיקייט.

אַ זייער באַגייסטערטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, ווען די ליידיס־אָוקזילערי האָט אויפגעדעקט דעם טאָוול מיט די נעמען פון די קינדער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אַ גרויסער יום־טוב ביי די טשענסטאָכאָווער אין ניו־יאָרק איז אויך געווען, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דאָס דערשיינען פון סעמפּל (מאָדעל) פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", וואָס האָט ממשותדיק באַוויזן די טויזנטער טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, ווי דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" וועט אויסזען.

אַזוי ווי אויף אַלע אויסגערעכנטע יום־טובים און פייערונגען, אַזוי אויך אויף אַ סך אַנדערע, ווי אויפן קבלת־פּנים פאַר די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלער־חורבן, אָדער צום צוריקקער פון פריינד פעדערמאַן פון טור איבער אַ סך אַמעריקאַנער שטעט צו אָרגאַניזירן די לאַנד־קאָנפערענץ אַאַז"ו, האָט דאָס יידישע ליד, יידישע דיכטונג און יידישער הומאָר, דעקלאַמירט דורך אונדזער אייגענער טשענסטאָכאָווער אַרטיסטין פעלאַ פיינרייך־בירא און אַנדערע אַרטיסטן און זינגער באַשיינט און באַגייסטערט די פאַרזאַמלונג און פאַרבונדן די אָנטיילנעמער מיטן ברייטן יידישן לעבן, וואָס שטראָמט ווי אַן אייביקער קוואַל אומעטום, וואו עס לעבן און וועלן לעבן די יידישע פאָלקס־מאַסן.

## מלחמה צייט, חורבן טשענסטאָכאָוו און הילף פאַר דאָס שארית־הפליטה

מיטן אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די נאָרמאַלע פאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו איבערגעריסן געוואָרן. אָבער די הערצער האָבן נישט אויפגעהערט צו ווייטיקן פאַר טשענסטאָכאָווער, פאַר טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברודער. פון די קנאַפּע אינפאָרמאַציעס, וואָס זיינען אָנגעקומען, האָט מען נאָר געוואוסט פון איינצעלנע אַרעסטן, ווי רייזעלע און משה בערקענשטאַט, פון דער געטאָ, וואו מען האָט אַריינגעשטופּט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און פון דער גרויסער נויט, וואָס הערשט דאָרטן. די הילף איז לרוב באַשטאַנען פון שפּייזפּעקלעך, געשיקט פּערזענלעך דורך די לאַנדסלייט צו זייערע נאָענטע און פון די סומעס, וואָס דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" האָט געגעבן דורכן „דזשאָינט", צו שטיצן די ביליקע און אומזיסטע קיכן אין טשענסטאָכאָוו.

דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" האָט גע־

# צום „טשענסטאכאווער רעליעף“ און „לײדים־עקזוּלערי“ אין ניו־יארק!

## צו די טשענסטאכאווער הילפס־פאראײנען אין שיקאגא, דעטראיט, טאראנטא א. א.!

## צו אלע טשענסטאכאווער לאנדסלײט און קרובים אין אמעריקע!

חברים און פרײנט!

מיר װענדן זיך צו אײך אין אונזער איצטיקן אויפרוף מיט א שטארקן װײ־געשרײ, װאס גײט ארויס פון הארצן פון הונדערטער קינדער, עלטערן, פרײנט און חברים:

13 יאר װי עס עקזיסטירט אינזער קינדער־הײם און פאלקס־שול. נאר א דאנק אײער גרויסער ברידערלעכער הילף װי אויך דער שטענדיקער זארג אין די קרבנות׳פולע ארבעט פון די איבערגעגעבענע טוער און טוערינס פון אײערע הילפס־פאראײנען אין אמעריקע, זײנען די דאזיקע אינסטיטוציעס אױפגעהאלטן געװארן, װי עס באקומען ליכט, בילדונג און א נעװענטע דערציִונג אינזערע קינדער — די קינדער פון אונזערע קרובים און פרײנט און הונדערטער אנדערע קינדער פון די ארימסטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג, האבנדיק אזוי ארום פרײדיקע און ליכטיקע װינקעלעך, װארימע און ליבע הײמען. אבער איצט דראט די דאזיקע טײערע אינסטיטוציעס, װעלכע זײנען מיט אזוי פיל מי און מאטערניש אויפגעבויט געװארן דורך אונזערע אלע איבערגעגעבענע פרײנט, א געפאר פון אונטערגאנג, װײל קײן הילף איז פון קײנעם נישטא!

קײנמאל האט נאך [illegible] פוילן נישט נעשמיצט אונזערע שולן, אדרבא פארקערט, די פוילישע רעגירונגען חילן אונזערע קינדער־הײמען און פאלקס שולן פארניכטן, װײל זײ דערציִען אונזערע קינדער אין דער לעבעדיקער פאלקס־שפראך פון די יידישע מאסן — אין יידיש, און װײל אונזערע שולן דערציִען א נײעם, נעזינטערן דור, װאס װעט באמת פעיק זײן צו באקעמפן די אלע היטלערישע עולות, װאס װערן אפגעטון בײ אונז לגבי ר׳ נוימן פון דער יידישער פאלקס־מאסע. אין איצטיקן מאמענט איז נאך ערגער, די דיקטאטור אין פוילן דערשטיקט מיט איר ברוטאלער האנט און ברענגט אום אלץ, װאס איז מיט בלוט און שװײס געבויט געװארן דורך די ארבעטס־מאסן און זי מײדט אויך נישט אויס אונזערע קינדערהײמען און פאלק־שולן, װאס זײנען מיט אזויפיל קרבנות און מסירת נפש געשאפן געװארן.

דער מאגיסטראט, װידער, װעלכער האט אין משך פון די לעצטע יארן שוין יא סובסידירט אונזערע אינסטיטוציעס, האט איצט אונטער דער װירקונג פון א רעגירונגס־קאמיסאר די דאזיקע אויסגעפסטע סובסידיע, װאס קומט די שולן ביז איצט (איבער צען טויזנט זלאטעס) אװעקגענומען, און אויך אויף װײטער אפגעזאגט צו שטיצן די קינדער־הײם און פאלקס־שול.

אין דער װעלכער צײט הערשט איצט אין לאנד א שרעקלעכע נויט, און אומגעהויערע ארבעטס־לאזיקײט, נאך ניקסער איז דער נײט און דלות צװישן די יידישע מאסן, גאנץ באזונדערט צײכנט זיך אויס דו ארימקײט בײ אונזערע עלטערן, װאס זײנען, צוליב זײער אײנענער קריטישער לאגע, נישט אימשטאנד צו צאלן שכר־לימוד און מיזן קלעפסטן צו שטיצן די שולן, אלזא. אונזער פראקטישן שול־בנין אין טשענסטאכאו דראט א סכנה!

איבער צװײהונדערט ארימע ארבעטער קינדער קומט אוים צו בלײבן אויף דער גאס און דערציונג און בילדונג און אויך צו פארלירן זײער װארימען װינקעלע צו דער פרײד פון אונזערע שונאים, אוב ס׳װעט נישט קומען באלדיקע הילף!

צו װאר מען דערצו דערלאזן?

ברידער און שװעסטער!

איר װײסט דאך גוט, אז מיט אונזערע אײגענע ארימע כחות, אן אײער שטיצע, זײנען מיר נישט אומשטאנד אלײן אויסצוהאלטן אונזער שול־װעזן. מיר, פון אונזער זײט, שטרענגען זיך אן אין מוען, װאס נאר מעגלעך איז, אבער דאס אלײן איז װײניק, װײל די שולן נויטיקן זיך, באזונדער איצט — צוליב דער געשאפענער קאטאסטראפאלער לאגע — אין אײער גרעסערער ברידערלעכער הילף. מיר װײסן אויך גאנץ גוט װעגן דעם גרויסן קריזיס, װאס הערשט איצט אין אמעריקע, אבער בײ דעם אלעם, גלויבן מיר זײער שטארק, אז איר װעט מאכן אלע באמיִונגען, אז אונזערע קינדער־הײמען, װעלכע זײנען אײך ליב און טײער, זאלן קענען עגזיסטירן און נארמאל ארבעטן.

דעריבער רופן מיר צו אײך:

ראטעװעט אונזערע דערציִונגס־אנשטאלטן, װעלכע זײנען דורך אײך ביז איצט אויסגעהאלטן געװארען! שיקט װאס שנעלער אײער ברידערלעכע שטיצע!

ראטעװעט אונזער טרײסט — אונזערע קינדער! דערלאזט נישט, אז אונזערע קינדער זאלן ארויסגעװארפן װערן אויפן גאס און זאלן בלײבן אן דערציִונג און דארפן לײדן הונגער און קעלט!

שאפט א גרויסן רעטונגס־פאנד, װאס זאל דערמעגלעכן די עקזיסטענץ פון אונזערע שולן!

שטיצט אונטער די רעטונגס־אקציע, מיט װאס איר קענט נאר! װירקט אויף אײערע פרײנט און באקאנטע, זײ זאלן אויך אנטקעגנקומען מיט זײער ברידערלעכער שטיצע, דערמיט װעט איר טון א גרויסע זאך, דערפילנדיק אזוי־ארום אײער ברידערלעכן און מענשלעכן חוב צו די קינדערלעך פון דער אלטער הײם.

העלפט װײטער אויפהאלטן די אײנציקע װארעמע און ליכטיגע קינדער־הײמען!

זארגט פאר דעם װײטערדיקן קיום פון אונזער אלעמענס פראקטיקן װערק — די יידישע שול!

מיט חברישן און ברידערלעכן גרוס

### די פארװאלטונג

### פון די ארבעטער קינדער־הײמען און פאלקס־שולן

א. נ. פון י. ל. פּרץ אין טשענסטאכאו.

ש. נירענבערג, א. בראט, ר. פערלמאן, ז. קראקויער,
מ. שלעזינגער, ל. בערקאװיטש, ד. יאקובאװיטש, ח. פײנק,
מ. לעדערמאן, מ. ענמעליס, ל. מענדעלבוים, ה. זאװאדסקי.

### די עלטערן פון די קינדער:

מענדל און חיה באס
מרדכי און מרים בערנארד
שלמה און מאניע בערזיקאװסקי
לײב און שרה גרינשטײן
יקים און אסתר גרינשפאן
גרשון און פראדל גליקסמאן
שלמה און אסתר דילעװסקי
מרדכי און שרה הערשליקאװיטש
הערש און מירל הײטיש־װסקי
אײזיק און לאה זײפערט
אברהם און דעבארע װײרענקראפף
ישׂראל און זלאטע יאראנאװסקי
זיסקינד און זיסל לאסקא
מאיר און רײזל װײסמאן
מאיר און חיה שרה מיטעלמאן
אבע און מירל פירלאװיטש
אלטע און פראדל נאטערמאן
איטשע און אסתר מאזאלאניעץ
מרדכי און יטה פרשכטע
אברהם פארינגער
חנה קאנצמאן
משה און צעשע קאן
אבע און חיה שאכטמאן
יחיאל און פעסע שארף
זלמן און חנה ריכטער

הערצקע פישבײן
יחזקאל און דבורה פרײמאװיטש
משה און פערל קראװטשיק
יאנקל און אסתר קאסשקע
מאיר און שרה קופער
שײנדל רײכער
אברהם און פראניע ראזענטאל
חינדע רושין
משה און לאה רײנהערץ
דוד און רחל ראטענשטײן
הערשל און גאלדע שװארץ
ישעיה און שפרה שפיץ
יוסף און חנה שװידער
שלמה און מאניע שמולקאװיטש
יצחק און גיטל מאזקאװיטש
משה כרוין
משה לײב און רבקה שיבקאװיטש
אברהם און רבקה לובינסקי
אליהו און ברכה פאװלאװיטש
משה און מרים גאבראװסקי
משה און רײזל בערקענשטאט
בערל און שרה בערקאװיטש
זלמן און שרה בולװיק
מאטל און פעסע בעסער
אברהם און לאה נערמאן

דבורה טעפער
ליבע יאקובאװיטש
ברוך שמעון, חיה יאקובאװיטש
הערשל און כװאיע יעחקאװיטש
ארין און רוזשע לעװראװיטש
משה און חיה יערערמאן
זרמן לעדערמאן
הרשל און רחל בארקאװיטש
פנחס און פערל סעצעפסקי
יצחק און שרה אסתר פאסלאניעץ
יאנקיל און שרה ציגלער
דוד און רוזשע ראטענשטײן
לײבל און פראדל ראזענטײן
משה און רוזשע שטארמאן
אהרן און רבקה אשעטינסקי
פײנסקי
סאבינע באלװאס
בערל און מינדל דארפמאן
חײם און אײדל עורינג
אהרן פורבערג
מירל גרינבוים
שײנדל יאקובאװיטש
שלמה און חיה קראקאװסקי
קאפל און פײגל פאסלאניעץ
גאלדע שליטקא

לײביש און יענטע בערקאװיטש
שיע און יסקע מאקאװסקי
מרדכי און פײגל פינלאװיש
בערל און שׂרה סטיצקי
לײב און ליבע ראזענבערג
אברהם און שפרינצה ליפשיטסקי
מאיר און דװרע זעלינסקי
לײביש און פראדל קײזער
אליהו, מאניע טשערװאנאיאנגערע
שלמה און פראדל ריכטינגער
ארין און זיסל אלטמאן
יצחק און אסתר בערנערט
יידל און לאה באסבע
מרדכי און רײזל בובזאלטער
יוסף און מרים בערקענשטאט
שלמה און שרה טײכבוים
מענדל און פרימעט חײם
שמואל און שרה משארני
מלך און הענדל כלעװיצקי
מלך און נחה רובלינסקי
מאיר און ראדל מערין
פנחס און הנה מארקאװיטש
מאיר און חיה שרה מיטעלמאן
מרדכי דוד און חערע מארעם
ארון פורבערג

העניך און לאה פרײערמויער
[illegible] און רײזל אײזנער
יצחק און מאניע אײזנער
ישׂראל און לאה ארבאך
[illegible]
משה און רויזע תארשאװסקי
שײנדל יאקובאװיטש
ישׂראל און צירל אונגליק
יצחק און חנה ליבינסקי
אברהם און פײגל ליבעסקינד
חנן און רחל מאיארטשיק
אשר און בריינדל שקלאזש
לײב און טויבע ערליך
קאפל און פײגל פאסראניעץ
זעליג פיאטיגארסקי
רײזל פראטקער
יוסף און חוה פורבערג
יעקב און דבורה פרײלעך
דבורה רושצקא
שמחה און מאניע שװארצמאן
מענדל און טויבע גאבראװסקי
יאנקיל און אײדל בראט
נתן און חיה גוטמאן
מרדכי און שרה הערשקאװיטש
יצחק און טויבע תאלסקי

אברהם בער און לאה אבערמאן
זלמן און לאה בראט
חײם און הנה בענדעט
אברהם און רוזשע בראט

שיע און רײזל װײנטרויב
מענדל און פראדל חײם
אסתר לאה חראבלאװסקע
משה און מאניע זאנענשטײן
יחזקאל און שײנדל יאקובאװיטש
פישל און מאניע לעדערמאן
גרשון און יאכעט קראקאװסקי
שיע און חיה ערליך
הרשל און רבקה פרײמאן
מינדל סאלאמאנאװיטש
ישׂראל און הוה דארפמאן
בעריש און חוה יאבלאנקעװיטש
רפאל און רחל דימאנט
יאנקיל און ליבע חאשילעװיטש
הערש לײב און דינה שעראדסקי
זיסמאן און יענטע װילבערשאץ
מענדל און רבקה קראקאװסקי

טשענסטאכאו, פעברואר 1931 י.

דאָקומענטן פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף.

שטיצט דעם „דזשאָינט“, דעם „אָרט“, „האַיאַס“, „אַרבעטער־קאָמיטעט“, דעם „ראַשען וואָר רעליף“, דעם „רויטן קרייץ“ און אַנדערע מלחמה־הילף־אָרגאַניזאַציעס.

אַמעריקע איז אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה. די פאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. גרויליקע, שרעקנדיקע, אומגלויבלעכע בשורות און באַריכטן האָבן זיך אַדורכגעריסן דורך די ווענט פון פייער און אייזן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט גאַנץ אייראָפּע. די קינדער פון אונדזערע רעליף־טוער און לאַנדסלייט זיינען אַוועק אויף די פראָנטן. אָבער די ברידערלעכע האַנט האָט זיך נישט אַראָפּגעלאָזט אין פאַרצווייפלונג. מיר מוזן זיין גרייט, ווען די שעה פון באַפרייאונג וועט קומען — איז געוואָרן דער לאָזונג פון דער הילף־אַרבעט. ס׳איז אונטערגענומען געוואָרן די אויפגאַבע פון אַרויסגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“ און איינצייטיק איז מען צוגעטראָטן צו שאַפן אַ צען טויזנט דאָלאַר פאָנד, אַלס ערשטן הילף־ און אויפבוי־פאָנד פאַר טשענסטאָכאָוו.

דער נצחון פון אונדזערע אַרמייען, צוזאַמען מיט אונדזערע פאַרבינדעטע: סאָוועטן־פאַרבאַנד און ענג־

לאַנד, וואָס האָט באַפרייט די וועלט פון דער שרעק פון די נאַצי־באַרבאַרן, האָט אויך אויפגעדעקט דעם גאַנצן שווידער און גרויל פון יידישן חורבן. טשענסטאָכאָוו, ווי הונדערטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, איז מער נישט געווען, חוץ אַ קליינער צאָל געראַטעוועטע אויפן אָרט און אין די אויסראָטונג־קעמפּס אין דייטשלאַנד. זעקס חדשים האָט געדויערט, נאָך דער באַפרייאונג, ביז עס איז שוין געווען קלאָר, אַז מען דאַרף צוזאַמענעמען אַלע כוחות פון די, וואָס האָבן זיך פריער אָדער שפּעטער געראַטעוועט אין אַמעריקע, ארץ־ישראל, און אַנדערע לענדער, כדי בייצושטיין די לעבן־געבליבענע ברידער אין טשענסטאָכאָוו און זיין פּאַראייניקט אין ווידעראויפבוי נאָכן גרעסטן יידישן חורבן זינט דעם חורבן בית המקדש.

עס איז גערופן געוואָרן די לאַנד־קאָנפערענץ פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע. און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע פון אַלע הילפס־פאַראיינען. די קאָנפערענץ אַליין, אויף וועלכער עס זיינען צוזאַמענגעקומען פאַרטרעטער פון אַלע שטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואו עס געפינען זיך גרעסערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן, איז געווען אַ גרויסע היסטאָרישע געשעעניש.

עס איז געווען דער ערשטער אויסדרוק פון באַוואוסטזיין, וואָס האָט אויפגעוואַכט אין די טיפענישן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע, אַז אין אַנבליק פון גרויסן, שוידערלעכן יידישן חורבן קען מען נישט און מען טאָר נישט מער זיין צעטיילט אויף באַזונדערע לאָקאַלע גרופּן. די הילף־אַרבעט, אַזוי ווי אונדזער גאַנצער ווייטערדיקער קאַמף פאַרן פאָלקס־קיום, מוז געטאָן ווערן אינאיינעם. מיט פאַראייניקטע כוחות, ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין און וואָס פאַרא שטערונגען עס זאָלן נישט זיין אין וועג. אין דעם זין האָבן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע געוויזן דעם וועג פאַר אַנדערע. פון דעם וועג טאָר מען נישט אַראָפּגיין. דאָס איז דאָס גרעסטע און וויכטיקסטע אין דער איצטיקער סכנותדיקער שעה פון אונדזער געשיכטע.

גאָר אַ גרויסע באַדייטונג האָט אָבער אויך דאָס פאַרבינדן זיך מיט די טשענסטאָכאָווער אין אַנדערע לענדער. אויפן ערשטן פּלאַץ מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ארץ־ישראל, פון וועלכער מיר זיינען געווען אַזוי לאַנג אָפּגעריסן. וויכטיק זיינען אויך די פאַרבינדונגען, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן מיט אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַרגענטינע, מעקסיקע, אויסטראַליע, ענגלאַנד (לאָנדאָן), פראַנקרייך, בעלגיע, שוועדן, כינע (שאַנכיי), און אויך וויפל עס איז מעגלעך מיט די קעמפּס פון די אויסגעוואַרצלטע פּערזאָנען אין דייטשלאַנד און עסטרייך. אין אַ טייל קעמפּס זיינען אפילו געשאַפן געוואָרן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס.

דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע פון די הילף־פאַראיינען אין אַמעריקע און קאַנאַדע, שטייט שוין אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן יידישן ראַיאָן־קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו און האָט אים שוין באַזאָרגט מיט גרעסערע סומעס געלט און פּראָדוקטן. פּעקלעך מיט שפּייז־פּראָדוקטן ווערן אויך געשיקט אומעטום, וואו עס געפינען זיך טשענסטאָכאָווער פּליטים און געראַטעוועטע פון די קאַלך־אויוונס, אויב עס איז נאָר מעגלעך צוצוקומען.

טשענסטאָכאָוו, דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו, וואו דורות יידן האָבן געלעבט, איז חרוב, פאַרניכטעט ביזן גרונט דורך די דייטשישע מנוולים. געראַטעוועט האָט זיך נאָר אַ קליינע שארית־הפליטה. אָבער די קינדער, וואָס דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט אויפגעכאָוועט און וואָס זיינען איצט צעשפּרייט איבער ווייטע ימים און לענדער, זיינען געבליבן און וועלן בלייבן אירע קינדער, און אין זייערע הערצער וועט קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן צו זייער טאַטע־מאַמע־שטאָט. פאַר זיי אַלע רעדט פון דער טיפעניש פון זייער האַרץ דער פריינד פון שיקאַגע, וואָס זאָגט: „אויב, חלילה, עס וואָלט קיין לעבעדיקער נפש דאָרט נישט געבליבן, — וואָלטן מיר געהייליקט די שטיינער, אויף וועלכע אונדזערע עלטערן, אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן געטראָטן".

מיט דער פלאַמיקער ליבע אין האַרצן צו אונדזער שטאָט, צו אונדזער טשענסטאָכאָווער שארית הפליטה, וועלן מיר לעבן, אַרבעטן, אָנהויבן אויף דאָס ניי, זיך צוזאַמענעמען פון אַלע עקן וועלט, זיך פאַרברידערן צו העלפן זיי, צו העלפן זיך אַליין, ווייטער צו ציען די גאָלדענע קייט פון יידישן דורות און פון יידישן קיום.

# „טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין“ און „טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט“ אין ניו־יאָרק

דער געדאַנק צו גרינדן אַ טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין איז געבוירן געוואָרן אין טאָמפּקינס סקווער־פּאַרק, זיבעטע גאַס און עווענין ב. ניו־יאָרק אָנהויב זומער 1914. דאָרט פלעגן זיך טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט צוזאַמענקומען און טיילן זיך מיט די נייעס פון דער אַלטער היימשטאָט און זיך דערוויסן וואָס עס הערט זיך צווישן לאַנדסלייט דאָ אין ניו יאָרק. דער ציל פון פאַראיין האָט געדאַרפט זיין: אָפּטע צוזאַמענקונפטן פון די לאַנדסלייט, וואָס זיינען געווען דערווייטערט און אָפּגעריסן איינס פון אַנדערן און שטיצע פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין פאַל פון אַ קראַנקהייט, אַרבעטסלאָזיקייט, אָדער אַנדערע אומגליקספאַלן.

דעם צווייטן יולי 1914 איז פאָרגעקומען די ערשטע פאַרזאַמלונג פון אַ גרויסער צאָל לאַנדסלייט אין דער שול פון דער בעלכאַטאָווער סאָסייטי, זעקסטע גאַס, צווישן עווענין בי און סי ניו־יאָרק. אַלע אָנוועזנדע האָבן צוגעשטימט צו גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער עס זאָלן קענען באַלאַנגען אַלע לאַנדסלייט אָן אונטערשייד פון עלטער, רעליגיעזע אָדער סאָציאַלע איבערצייגונג.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע זאָל הייסן:

„טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין“.

דער ציל פון פאַראיין איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַזוי:

1) צו העלפן יעדן לאַנדסמאַן אָדער לאַנדספרוי אין צייט פון נויט אָדער קראַנקהייט.

2) צו שאַפן אַרבעט צווישן אונדזערע לאַנדסלייט פאַר אַרבעטסלאָזע לאַנדסלייט.

3) אויב אַ לאַנדסמאַן אָדער לאַנדספרוי קען ניט צוליב געוויסע סיבות פאַרבלייבן אין אַמעריקע — זיי אַרויסהעלפן מיט געלט־מיטלען זיך צוריקצוקערן אַהיים.

4) יעדער איינער אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע קען ווערן אַ מיטגליד.

עס זיינען דערוויילט געוואָרן באַאַמטע און עקזעקוטיוו־מיטגלידער אָנצופירן מיט דער אָרגאַניזאַציע.

פריינד חיים־לייב שוואַרץ איז דערוויילט געוואָרן אַלס דער ערשטער פּרעזידענט.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן די זיצונגען פון פאַראיין זאָלן פאָרקומען יעדן מאָנטאָג.

מיט יעדער פאַרזאַמלונג זיינען צוגעקומען נייע מיטגלידער.

**אויף איין פאַרזאַמלונג, דעם לעצטן מאָנטאָג אין** אויגוסט 1914, האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און טשענסטאָכאָוו איז שבת נאַכט פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן (די דייטשן האָבן פאַרנומען טשענסטאָכאָוו **דעם 3טן** אויגוסט אינדערפרי — רעד.) האָבן מיר זיך געפרייט, וואָס מיר זיינען געוואָרן „דייטשן“... אַז די וועלט־מלחמה האָט געמיינט פאַר אונדז אומקום און פאַר דער גאַנצער וועלט האָבן מיר דעמאָלט נאָך נישט באַגריפן.

אין אַ זונטאָג אין סעפּטעמבער האָט דער הילפס־פאַראיין געהאַט דעם ערשטן פּיקניק אין גלענדייל שוטצען פּאַרק, ברוקלין. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע הונדערט מענטשן און פאַרבראַכט צווישן זיך זייער גוט.

אויפן פּיקניק זיינען פאַרקויפט געוואָרן עטלעכע הונדערט פאָנען מיט דער אויפשריפט: „טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין“.

שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען יעדן יאָר אַ פּיקניק, אַזוי איז טאַקע געשען עטלעכע יאָר כסדר. די לאַנדסלייט האָבן שוין געוואוסט אַז זומער קומען מיר זיך צונויף אויפן פּיקניק און פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג צווישן לאַנדסלייט, משפחה, פריינד און באַקאַנטע.

אין יענע יאָרן האָבן צוויי לאַנדסלייט, שמחה קאַלקע און יוסף קויפמאַן געהאַט זייער דרוקעריי אויף 154 דעלענסי סטריט, וואו אַ סך פריינד און באַקאַנטע פלעגן זיך טרעפן. איז דעמאָלט אָנגעקומען די ידיעה, אַז אונדזער פריינד אלקנה כראבאלאָווסקי געפינט זיך אין אַ קריגס־געפאַנגענלאַגער אין עסטרייך. עס איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן אים צו שיקן עטלעכע דאָלאַר און ווען ס׳וועט אָנקומען אַן ענטפער, ווידער שיקן. אַזוי איז געשיקט געוואָרן הילף עטלעכע מאָל.

דער הילפס־פאַראיין איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן אונדזערע לאַנדסלייט. יעדער איינער, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין הילף — האָט דער פאַראיין געשטיצט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער הילפס־פאַראיין געהאָלפן איניקע פריינד, וואָס האָבן דאָ נישט געקענט פאַרבלייבן, צוריקפאָרן אַהיים.

אין יאָר 1915 איז פאָרגעקומען דער ערשטער באַל אין עווענין איי. צווישן דער פערטער און פינפטער גאַס, ניו־יאָרק. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַרום 500 מענטשן. דער באַל איז געווען אַ דערפאָלג. דאָס צווייטע יאָר איז דער באַל איינגעאָרדנט געוואָרן אין טעמעני־האָל 14טע גאַס, דעמאָלט איינער פון די שענסטע פלעצער אין ניו־יאָרק, דאָרטן זיינען פאָרגעקומען אונדזערע בע־

לער עטלעכע יאָר כסדר, שפּעטער האָט מען געדאַרפט גרעסערע פּלעצער — זיינען די בעלער פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע האָטעלן, עס פלעגן שוין קומען צו אַ באַל איבער טויזנט מענטשן.

די בעלער זיינען געוואָרן אַ טראַדיציע ביי די לאַנדסלייט, פּונקט ווי דער יערלעכער פּיקניק.

פון דער הכנסה, וואָס די אונטערנעמונגען האָבן געבראַכט, האָט דער פאַראיין אין אָנהויב געשטיצט קראַנקע און נויט־ליידנדע אין ניו־יאָרק, שפּעטער זיינען גרויסע סומעס געשיקט געוואָרן יעדעס יאָר קיין טשענסטאָכאָוו.

צום אָנהויב האָט מען געשיקט די הילפס־געלט קיין טשענסטאָכאָוו אויפן אַדרעס פון רב ר׳ נחום אַש ער זאָל פאַנאַנדערטיילן די שטיצע צווישן די קהלשע אינסטיטוציעס, ווי למשל, מושב זקנים, יידישער שפּיטאָל אאַז״וו. לויט די אינסטרוקציעס. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער הילפס־פאַראיין פאַרבונדן מיט די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געפירט אַ הילפס־טעטיקייט צווישן די אַרבעטער און אָרעמע מאַסן ווי אַרבעטער־קיך, קינדערהיים אאַז״וו און מיט אַנדערע אַלגעמיינע צדקה־אַנשטאַלטן אין טשענסטאָכאָוו און געשיקט די הילפס־געלטער דירעקט צו זיי.

פריינד און טוער פון הילפס־פאַראיין האָבן ביי קיין שום געלעגנהייט פון אַ צוזאַמענקונפט נישט פאַרגעסן דעם פאַראיין. אַזוי למשל איז אַ גרעסערע סומע געזאַמלט געוואָרן אין יאָר 1917, אויף דער חתונה פון פריינד יוסף קויפמאַן מיט רעטשל שאַיאַ.

דער פאַראיין האָט אויך אַ סך מאָל אונטערגענומען טעאַטער־בענעפיטן. די מיטגלידער האָבן זיך איינגעטיילט אין קאָמיטעטן, באַזוכט די לאַנדסלייט און פאַרקויפט טעאַטער בילעטן. בכלל האָבן די אַקטיווע מיטגלידער פון „הילפס־פאַראיין“ און שפּעטער פון „טשענסטאָכאָווער רעליעף אין ניו־יאָרק“ אָפּגעגעבן אַ סך צייט און געזונט לטובת דעם פאַראיין.

יעדע אונטערנעמונג האָט געפאָדערט אַ סך מי און אַרבעט. מען האָט געדאַרפט באַזוכן די לאַנדסלייט, קלעטערן אויף די שטיגן אויף דעם 5טן, 6טן שטאָק און אַמאָל נאָך העכער. אָבער קיין שום קרבן איז נישט געווען צו שווער פאַר דער הייליקער זאַך פון הילף פאַר די ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים.

אויף איין טעאַטער־אונטערנעמונג פון „טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין“ איז אַרויסגעטרעטן דער באַוואוסטער פאָלקס־רעדנער יוסף באַראָנדעס און אַפּעלירט צו די אָנוועזנדע אין טעאַטער צו שטיצן די מלחמה־קרבנות אין טשענסטאָכאָוו. זיין אַפּיל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און עס איז דעמאָלט געזאַמלט געוואָרן עטלעכע הונדערט דאָלאַר.

נאָך יעדער אונטערנעמונג פלעגט זיך די עקזעקוטיווע צוזאַמענקומען אין הויז פון איין מיטגליד און מאַכן די אָפּרעכענונג (פינאַנס) פון די הוצאות און הכנסות. דער מיטגליד, ביי וועמען מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען האָט לויטן שטייגער איינגעאָרדנט אַ שיינעם מאָלצייט פאַר די פאַרזאַמלטע. ביי אַזעלכע געלעגנהייטן פלעגן שטענדיק געזאַמלט ווערן גרעסערע סומעס געלט וואָס האָבן דערגאַנצט דעם פּראָפיט פון דער געגעבענער אונטערנעמונג.

אין יאָר 1920 איז דער שרייבער פון די שורות געשיקט געוואָרן אויף אַ טור איבער אַמעריקע. ער האָט באַזוכט שיקאַגאָ, דעטראָיט, טאָראָנטאָ, פּיטסבורג, קליוולאַנד און פילאַדעלפיע, האָט געבראַכט אין די אַלע שטעט אַרום דריי חדשים און געזאַמלט עטלעכע הונדערט דאָלאַר הילף פאַר די מלחמה קרבנות.

די הויפּט הכנסה פון פאַראיין און שפּעטער פון רעליעף זיינען אָבער געווען די יערלעכע בעלער, אייגנטלעך דער זשורנאַל וואָס איז ביי דער געלעגנהייט אַרויסגעגעבן געוואָרן. אין זשורנאַל האָבן די פריינד און לאַנדסלייט אַריינגעגעבן זייערע באַגריסונגען (קאָמפּלימענטס), געדרוקט אַדווערטייזמענטס און אויך געזאַמלט אַזעלכע צווישן זייערע באַקאַנטע נישט קיין טשענסטאָכאָווער. די זשורנאַלן האָבן אַריינגעבראַכט יעדעס יאָר הונדערטער און אַ סך מאָל טויזנטער דאָלאַר ריווח.

עס זיינען געווען אַ סך לאַנדסלייט, וואָס האָבן ביי־געשטייערט יעדעס יאָר צו 50 דאָלאַר און מער. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט פריינד דזשייקאָב רעכניץ, וועלכער האָט בייגעשטייערט צום באַל יעדעס יאָר 100 דאָלאַר און דערצו גענומען פאַר 25 דאָלאַר בילעטן.

אָבער נאָך מער ווי די אַרבעט פון „הילפס־פאַראיין“ איז געוואַקסן די נויט פון אונדזערע ברידער אין טשענסטאָכאָוו. עס איז אויפגעקומען דער געדאַנק אַריינצוציען אין דער הילפס־אַרבעט די עקזיסטירנדע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק, וואָס זיינען צום אָנהויב באַשטאַנען פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער רינג בר. נומ׳ 261 „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס“ און טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. די אָרגאַניזאַציעס האָבן מסכים געווען און דערוויילט זייערע פאַרטרעטער. אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען פון הילפס־פאַראיין צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון אַנדערע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער נאָמען „הילפס־פאַראיין זאָל געענדערט ווערן אויף „טשענסטאָכאָווער רעליעף־קאָמיטעט“. דער קאָמיטעט זאָל האָבן די באַזונדערע אויפגאַבע צו זאַמלען הילף פאַר די מלחמה־קרבנות אין טשענסטאָכאָוו. דער יערלעכער באַל אין 1921 איז שוין אַראַנזשירט געוואָרן דורכן „טשענסטאָכאָווער רעליעף־קאָמיטעט“.

אין יאָר 1921 איז פריינד מענדל שוכטער, איינער פון די פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו, אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער אין שיקאַגאָ און מיטגליד פון דעמאָלטיקן „פּיפּעלס רעליעף־קאָמיטעט“ אין אַמעריקע געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון פּ.ר.ק.

צו אַ צוזאַמענפֿאָר אין איראָפּע. ער האָט אויך געדאַרפֿט באַזוכן פּוילן און איבערגעבן געוויסע סומעס געלט פֿאַר הילפֿס־צוועקן. דער „טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט״ האָט באַשטימט מיטצושיקן דורכן חבר שוסטער עטלעכע הונדערט דאָלאַר פֿאַר די דאָרטיקע הילפֿס־אָרגאַניזאַציעס און האָט אויך פֿאַררופֿן אַ ספּעציעלע פֿאַרזאַמלונג זיך צו געזעגענען מיטן פֿריינד שוכטער פֿאַר זיין אָפּפֿאָרן. ביי דער געלעגנהייט איז פֿריינד שוכטער געבעטן געוואָרן אויסצופֿאָרשן די לאַגע פֿון די יידן אין טשענסטאָכאָוו און אויסגעפֿינען, וואָס פֿאַר אַן אינסטיטוציעס דאָרטן זיינען די נוצלעכסטע און נויטבאַדערפֿטיקסטע.

ווען פֿריינד שוכטער האָט זיך צוריקגעקערט פֿון זיין רייזע האָט דער טש. ר. ק. ווידער איינגעאָרדנט אַ פֿאַרזאַמלונג אויסצוהערן זיין באַריכט. ער האָט געמאָלט די שרעקלעכע לאַגע פֿון די יידן אין פּוילן, וואָס באַדייט פֿאַר זיי די הילף פֿון אַמעריקע. ער האָט באַזונדערס זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וויכטיקער אַרבעט פֿון די יידישע קינדערהיימען און פֿאָלקס־שולן אין טשענסטאָכאָוו, וואו עטלעכע הונדערט אָרעמע אַרבעטער־קינדער ווערן דערנערט, געלערנט און דערצויגן. ער האָט דערקלערט, אַז אויב די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע ווילן אויפֿטאָן עפּעס נוצלעכעס און ממשותדיקס פֿאַר זייער היים־שטאָט, וואָס זאָל פֿאַרבלייבן אַ שטענדיקער אָנדענק פֿאַר זייערע ברידער אויף יענער זייט ים — זאָלן זיי העלפֿן אויפֿשטעלן אַן אייגן הויז פֿאַר די קינדערהיימען און פֿאָלקסשולן.

דער פֿאָרשלאָג פֿון פֿריינד שוכטער האָט אַלעמען באַגייסטערט. עס איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן, אַז פֿון איצט אָן און ווייטער זאָלן מיר טאָן אַלץ וואָס אין אונדזערע כוחות צו פֿאַרווירקלעכן דעם גראַנדיעזן פּלאַן.

אין זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום יערלעכן באַל אין יאָר 1922 איז שוין געווען געדרוקט אַן אויפֿרוף, אַז מיר גרייטן זיך צו שאַפֿן אַן אייגן הויז פֿאַר די יידישע קינדערהיימען אין טשענסטאָכאָוו. די לאַנדסלייט האָבן מיט באַגייסטערונג אויפֿגענומען די אידעע און דער באַל אין יענעם יאָר האָט געהאַט דעם גרעסטן דערפֿאָלג.

חוץ די אונטערנעמונגען האָבן זיך די פֿריינד אין די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס באַשטייערט מיט געוויסע סומעס פֿאַר דעם ציל צו בויען דאָס הויז. אַזוי האָבן די מיטגלידער פֿון די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס זיך באַשטייערט מיט 5 דאָלער יעדערער. אַזוי האָבן אויך ביי־געטראָגן זייער חלק צום הויז דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש 261 און דער טשענסטאָכאָווער ברענטש פֿון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד.

נאָך דעם ווי די סומע פֿון עטלעכע טויזנט דאָלאַר איז געזאַמלט געוואָרן האָט דער טשענסטאָכאָווער רעליף אָפּגעהאַלטן אַ ריי פֿאַרזאַמלונגען און דיסקוטירט די פֿראַגע צו שיקן קיין טשענסטאָכאָוו אַ דעלעגאַציע צו קויפֿן דאָס הויז. עס זיינען דערוויילט געוואָרן די צוויי טעטיקע טוער פֿון רעליף, די פֿריינד לואיס שימקאָוויטש און חיים לייב שוואַרץ. זיי זיינען געפֿאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרט פֿאַרבראַכט עטלעכע וואָכן.

אין משך פֿון דער צייט האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ גרויסע צאָל קאָנפֿערענצן און מיטינגען מיט פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער טשענסטאָכאָווער באַפֿעלקערונג, אויסגעהערט אַ גאַנצע ריי פּראָיעקטן ווי צו פֿאַרווירקלעכן די אידעע צו שאַפֿן אַ הויז. און נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת באַשלאָסן צו קויפֿן דאָס הויז און דעם פּלאַץ אויף קרוטקע 23 פֿאַר דער סומע פֿון 3,700 דאָלאַר. דער חסרון דערפֿון איז געווען, וואָס דאָס אייגנטלעכע הויז פֿאַר די קינדערהיימען און שולן האָט מען ערשט געדאַרפֿט אויפֿבויען, ווייל דאָס הויז, וואָס איז געווען אויפֿן פּלאַץ איז געווען קליין פֿאַר אַ שול. די לאַגע האָט אָבער געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס בויענדיק אַ נייע הויז, האָט מען עס ספּעציעל געפּלאַנט אַזוי, עס זאָל זיין צוגעפּאַסט פֿאַר אַ קינדערהיים און אַ שול.

די רעליף־דעלעגאַטן אין טשענסטאָכאָוו וואָס האָבן געקויפֿט דאָס הויז, האָבן אויך אַדורכגעפֿירט די פֿאַראייניקונג פֿון עטלעכע קינדערהיימען און שולן אונטער איין בשותּפֿותדיקער פֿאַרוואַלטונג, אין וועלכער דריי ריכטונגען: „פֿאַראייניקטע״, פּועלי־ציון און „בונד״ זיינען געווען פֿאַרטרעטן. חוץ דעם איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַן אַלגעמיינע ביבליאָטעק פֿון די דריי באַזונדערע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן ביז דעמאָלט עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו. די דעלעגאַטן האָבן באַשטימט אַ סומע געלט אויף נייע ביכער פֿאַר דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק און אויך פֿאַרטיילט געוויסע סומעס געלט פֿאַר אַנדערע וואָלטעטיקע אינסטיטוציעס.

ווען די דעלעגאַטן זיינען צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָבן זיי אויף אַ גרויסער פֿאַרזאַמלונג אָפּגעגעבן אַ פֿולן באַריכט וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן אין טשענסטאָכאָוו. דער גאַנצער רעליף קאָמיטעט האָט מיט גרויס צופֿרידנקייט גענומען צו קענטניש דעם באַריכט, און זיי געדאַנקט פֿאַר זייער גרויסער אַרבעט.

באַלד נאָך דעם האָט דער רעליף אָנגעהויבן אַן ענערגישע און פֿיבערהאַפֿטע טעטיקייט צו זאַמלען דאָס געלט, פֿאַרן אויפֿבוי פֿון הויז.

דער באַל, איינגעאָרדנט אין 1923 איז געווען געווידמעט דעם ציל און אין זשורנאַל אַרויסגעגעבן צו דער געלעגנהייט דעם 17טן נאָוועמבער 1923 איז געווען געדרוקט אַן אויפֿרוף אונטערן נאָמען:

דער טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק קויפֿט אַ הויז פֿאַר דער קינדערהיים און פֿאָלקסשול אין טשענסטאָכאָוו.

פֿון דעמאָלט אָן זיינען די הכנסות פֿון אַלע אונטערנעמונגען פֿאַרגרעסערט געוואָרן, דורכשניטלעך ביז אַרום צוויי טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. דאָס געלט איז דאָס רוב פֿאַרווענדט געוואָרן פֿאַר דער י. ל. פּרץ קינדערהיים און פֿאָלקסשול אין טשענסטאָכאָוו.

די לײדיס אוקזילערי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך פרײנד שימקאָוויטש, אײדער ער איז אָפּגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו האָט מיטגעהאָלפן דעם רעליף אין זײן אַרבעט צו פאַרענדיקן דאָס הויז און האָט אַרויסגעשיקט די ערשטע 500 דאָלאַר קיין טשענסטאָכאָוו. דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ מיטינג אין הויז פון פרײנד ישראלקע בראַדער אין מערץ 1923.

אין אַפּריל 1923 איז דער רעליף צוגעטראָטן צו זאַמלען ביכער פאַר דער אַלגעמײנער טשענסטאָכאָווער ביבליאָטעק. דער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט בײגעשטײערט צו דער אַקציע 130 ביכער. די צאָל ביכער, וואָס דער רעליף האָט געזאַמלט און אַוועקגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו האָט באַטראָפן עטלעכע הונדערט.

דעם 13טן יאַנואַר 1924 האָט דער אַרבעטער־פירער און שליח פון דער ציש״אָ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) אין וואַרשע — בײניש מיכאַלעוויטש באַזוכט דעם מיטינג פון טשענסטאָכאָווער רעליף און אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין פוילן און וועגן די פּראָבלעמען פון די יידישע שולן אין גאַנץ פוילן און אין טשענסטאָכאָוו.

אין יוני 1924 האָט דער רעליף באַקומען אַ באַריכט פון טשענסטאָכאָוו אַז דעם 5טן יולי קומט פאָר דער אָפּיציעלער חנוכת הבית פון הויז פאַר די קינדערהײמען און פאָלקסשולן.

אין דעצעמבער 1924 איז פרײנד כראַבאַלאָווסקי נאָך דעם ווי ער איז געווען אַ יאָר אין שיקאַגאָ צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און האָט מיטגענומען מיט זיך 600 דאָלאַר פאַר די שולן. 200 דאָלאַר פון שיקאַגאָ, 200 דאָלאַר פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק און 200 דאָלאַר פון דער לײדיס אוקזילערי. חוץ דעם האָט דער רעליף מיטגעשיקט מיט אים 100 דאָלאַר פאַרן יידישן שפּיטאָל און 100 דאָלאַר פאַרן מושב זקנים און יתומים־הויז אין טשענסטאָכאָוו. ער איז אויך באַפולמעכטיקט געוואָרן צו זײן דער אָפּיציעלער פאָרטרעטער פון רעליף אין דער פאַרוואַלטונג פון די קינדערהײמען און פאָלקסשולן אין טשענסטאָכאָוו. דער קאָמיטעט האָט אויך געפאָדערט אַז דאָס הויז זאָל גערופן ווערן אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

צוליב דער גרויסער נויט צווישן דער אַלגעמײנער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו וואָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דרינגענדיקע הילף־רופן, האָט דער רעליף, צוזאַמען מיט אַלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין 1926 געשאַפן אַ סומע פון טויזנט דאָלאַר און אַוועקגעשיקט אויפן נאָמען פון רב ר׳ נחום אַש און פון פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג שיע נירענבערג. עס זײנען מיטגעשיקט געוואָרן אינסטרוקציעס צו שאַפן אַ געמײנזאַמען קאָמיטעט, וואָס זאָל דאָס געלט פאַרטײלן צווישן די אַלגעמײן־פילאַנטראָפּישע און אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

אין זעלבן יאָר האָט דער רעליף אַדורכגעפירט אַן אַקציע אײנצומויערן אין אײנער פון די ווענט פון הויז אַ מאַרמאָרענעם טאָוול מיט די נעמען פון די אָרגאַניזאַציעס און פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך באַטײליקט אינעם אויפבוי פון י. ל. פּרץ הויז אין טשענסטאָכאָוו.

חוץ די יערלעכע בעלער, טעאַטער־אונטערנעמונגען און אַנדערע זאַמלונגען, וואָס דער רעליף האָט אײנגעאָרדנט זײנען אויך פאָרגעקומען יערלעכע באַנקעטן און צוזאַמענקונפטן. דער גרעסטער און אימפּאָזאַנטסטער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין 1926 אין בעטהאָווען־האָל, וואָס האָט אַרײנגעבראַכט די סומע פון אַרום 1200 דאָלאַר.

אין דעצעמבער 1926 איז פרײנד כראַבאַלאָווסקי צום צווײטן מאָל אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. ער האָט אויפן רעליף־מיטינג דעם 13טן דעצעמבער אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער שרעקלעכער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין פוילן בכלל און וועגן די שולן אין טשענסטאָכאָוו בפרט. ח׳ כראַבאַלאָווסקי איז פון דעמאָלט אָן געבליבן אַקטיוו אין רעליף אַלס פאַרבינדונגס־קאָרעספּאָנדענט מיט טשענסטאָכאָוו און אַלס סעקרעטאַר.

דעם 6טן אַפּריל 1928 האָט פרײנד זילבער אָרגאַנירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג מיט דער הילף פון אַקטיאָר לעאָן רײד, וואָס איז עטלעכע מאָל אַרויסגעטרעטן אויף די באַנקעטן פון רעליף. די פאָרשטעלונג האָט געבראַכט איבער 200 דאָלאַר הכנסה.

דעם 27טן מאַי 1928 איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט פון רעליף און לײדיס אוקזילערי. אויף דעם באַנקעט איז אַרויסגעטרעטן די פרײנדין חיהלע וואַגאַ־רויטמאַן, אײנע פון די ערשטע קינדערהײם לערערינס, וואָס איז דעם יאָר אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק.

אויפן מיטינג דעם 14טן מאַי 1928 איז באַשלאָסן געוואָרן דער רעליף זאָל זײנע אונטערנעמונגען אײנאָרדענען בשותפות מיט די לײדיס אוקזילערי און די הכנסות זאָלן צעטײלט ווערן צווישן בײדע אָרגאַניזאַציעס אויף גלײכע חלקים.

דעם 4טן פעברואַר 1929 נאָך דעם ווי פרײנד שלינגבוים, וואָס האָט באַזוכט טשענסטאָכאָוו האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די פּאָליטישע רדיפות און אַרעסטן אין פוילן — האָט דער רעליף באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס צו באַטראַכטן די פראַגע פון הילף פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

דעם 4טן מערץ 1929 האָט דער רעליף באַשלאָסן אָנצוהײבן די אַרבעט אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו אונטערן נאָמען: „טשענסטאָכאָווער אַלבאָם״. עס איז דערווײלט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעהויבן די אַרבעט. אָבער צוליב אַ רײ שוועריקײטן איז די אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אין אַפּריל 1930 האָט דער טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק אײנגעאָרדנט אַ קאָנצערט צוזאַמען מיטן פילם פון דער קינדערהײם און פאָלקסשול אין טשענס־

טאָכאָוו. צוזאַמען מיטן פילם, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו איז געוויזן געוואָרן אַ פילם, געמאַכט אין ניו־יאָרק פון די טוער פון רעליף און ליידיס־אוקזילערי. דורך דער פאַרמיטלונג פון רעליף זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַזעלכע פילם־קאָנצערטן אין דעטראָיט און שיקאַגע. פריינד קאַרל געריכטער איז געווען דער דעלעגאַט פון רעליעף אַדורכצופירן די קאָנצערטן אין די אויבנדערמאָנטע צוויי שטעט. די הכנסה פון פילם האָט באַטראָפן איבער 500 דאָלאַר.

אין דער צייט איז די פינאַנציעלע לאַגע פון די שולן אין טשענסטאָכאָוו געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. די הכנסות פון רעליף זיינען אָבער געוואָרן קלענער צוליב דער שטייגנדיקער דעפּרעסיע אין אַמעריקע. די פאַרוואַלטונג פון די שולן האָט פאַרזעצט דאָס הויז אויף היפּאָטעק אויף אַ סומע פון 600 דאָלאַר און פאַרדונגען אַ טייל פון הויז פאַר פּריוואַטע וואוינונגען. איינזעענדיק אַז אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועלן פאַרלוירן גיין אי די שולן אי דאָס הויז — האָט דער רעליף באַשלאָסן צו שיקן אַ פאָדערונג צו דער פאַרוואַלטונג פון די שולן אויפצוגעבן די זיבן קלאַסן פאָלקסשול, אויפהאַלטן דאָס קינדערהיים און איינאָרדענען נאָכמיטאָג־קורסן פאַר די עלטערע קינדער.

צוליב דעם, וואָס די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן די אַזויגערופענע רעכטע און לינקע האָבן זיך אין יענער צייט פאַרשאַרפט — האָבן אַ טייל אַקטיווע מיטגלידער דעם 11טן מאַי 1930 דערקלערט, אַז זיי טרעטן אַרויס פון רעליף. סוף זומער דעם זעלבן יאָר האָט אַ מיטינג פון רעליף־טוער, אָפּגעהאַלטן אין הויז פון פריינד פרידמאַן, באַשלאָסן אָפּצושטעלן די אַרבעט פון רעליף אַלס באַזונדערע אָרגאַניזאַציע און מיטאַרבעטן מיט דער ליידיס אוקזילערי ווי ווייט מעגלעך אויפצוהאַלטן דאָס קינדערהיים אין טשענסטאָכאָוו. דערמיט האָט זיך אָפּגעשלאָסן אַ שיין קאַפּיטל פון ברודער־הילף און מסירת־נפשדיקער אַרבעט, וואָס די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן געטאָן פאַר זייערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים.

⁂

דער ערשטער פאָרזיצער פון „הילפס־פאַראיין" און דערנאָך פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" איז געווען פריינד לואיס שוואַרץ. פון דעצעמבער 1925 האָט דעם פאָרזיץ איבערגענומען פריינד סילווער. און די לעצטע חדשים פון רעליף האָט דעם פאָרזיץ געפירט פריינד שימקאָוויטש און פריינד קאָלין. אין משך פון דער צייט האָט אַ סך מאָל דעם פאָרזיץ געפירט פריינד פייערטאַג.

דער סעקרעטאַר פון רעליף ביז יוני 1926 איז געווען פריינד י. ווין. פון 28טן יוני ביז יאַנואַר 1928 זיינען די סעקרעטאַרן געווען פריינד קאַרל געריכטער און אַבע קויפמאַן.. פון 1928 אָן — פריינד א. כראבאלאָווסקי.

דער פינאַנץ־סעקרעטאַר: ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן איז געווען פריינד פייערשטיין. נאָך אים — פריינד פרידמאַן.

די מערסטע מיטינגען פון רעליף פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אויף 276 הויסטאָן סטריט און דערנאָך אויף 305 איסט 6טע סטריט.

---

# דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק

אין 1935 איז די לאַגע פון די יידישע מאַסן אין פוילן שוין געווען אומדערטרעגלעך. די רעגירונג פון די פּאָלקאָווניקעס, די אַזוי גערופענע „סאַנאַציע", מיט דער הילף פון אַלע רעאַקציאָנערע כוחות אין לאַנד, האָט דורך געזעצן און באַגרענעצונגען פאַרצוימט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג די הויפּט־קוואַלן פון חיונה. הונגער און נויט האָבן געהערשט אומעטום. בריוו, וואָס האָבן געשילדערט די שרעקלעכע לאַגע און געבעטן הילף, זיינען אָנגעקומען פון טשענסטאָכאָוו צו אייניקע לאַנדסלייט. עס איז געווען פאַר פּסח און עס איז געווען דרינגלעך נויטיק צו באַזאָרגן די טשענסטאָכאָווער נויט־באַדערפטיקע יידן מיט מצות. אויף אַ מיטינג פון די „יאָנג מענס" איז די פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן און מען האָט באַשלאָסן צו שיקן הילף. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געזאַמלט 400 דאָלאַר. די „יאָנג מענס" האָט בייגעשטייערט 100 דאָלאַר. דאָס געלט איז באַלד טעלעגראַפיש אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו אויפן נאָמען פון רב נחום אַש.

דעם 29טן מאַי 1935 האָט דער קאָמיטעט פאַררופן אַ ספּעציעלן מיטינג פון די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק מיטן ציל צו באַנייען די הילף־טעטיקייט. אין מיטינג האָט זיך באַטייליקט: די „יאָנג מענס", זאַלאָשינער חברה „אנשי בני אחים", ברענטש 261 אַראַבעטער־רינג. מיט עטלעכע וואָכן שפּע־

טער האָט זיך אָן באַנייטן הילף קאָמיטעט אויך אָנגע־שלאָסן דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון אינטער־נאַציאָנאַלן ארבעטער־אָרדן.

דער מיטינג האָט באַשלאָסן, אַז דער נייער הילף־קאָמיטעט זאָל הייסן: „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רע־ליף".

אַלס באַאַמטע זיינען געווײלט געוואָרן:

נייטען (ניסן) צימערמאַן, פּרעזידענט.

אַברהם יעקב סענזער, וויס־פּרעזידענט.

לואיס שימקאָוויטש, פינאַנץ־סעקרעטאַר.

יוסף קויפמאַן, סעקרעטאַר.

אין משך פון זומער 1935 האָט דער באַנייטער „רע־ליף" זיך אָרגאַניזירט און געוואָרבן מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

דעם 25טן יאַנואַר 1936 איז אין וועבסטער האָל פאָר־געקומען דער ערשטער באַל פון פאַראייניקטן רעליף־קאָמיטעט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט ריינע הכנסה 1422 דאָלער.

מיט דער סומע זיינען געשטיצט געוואָרן פאָלגנדיקע פאַראיינען און אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו:

1) י. ל. פּרץ קינדערהיים.

2) יידישער שפּיטאָל.

3) אַרבעטסלאָזע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען.

4) „בית לחם".

5) „תומכי עניים".

6) „מושב זקנים".

7) „טאָז" (געזעלשאַפט פאַר מעדיצינישער הילף).

8) פּאַטראָנאַטן (געזעלשאַפט אין ניו־יאָרק צו העלפן די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן).

אין אַפּריל 1936 זיינען צום צווייטן מאָל פאָרגעקו־



זיצן פון רעכטס צו לינקס: דזש. ליוויי, ס. קאַרפּיעל, י. קויפמאַן, א. סענזער, ה. פייערשטיין, י. קאַפּין און א. קויפמאַן.

1-טע ריי, שטייען פון רעכטס צו לינקס: ר. פעדערמאַן, כ. גליקסמאַן, מ. קעפּ, מ. געלבער, פּרייערמויער, דזש. דזשייקאָבס און ט. לענטשנער.

2-טע ריי, שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. פיינער, י. ב. סילווער, ד. זיטמאַן און י. קיעל (קעלציגלאָווסקי)

מען וואָלט פון באַאַמטע און עס זיינען געוויילט געוואָרן:

לואיס שימקאָוויטש, פּרעזידענט.

יעטא לענטשנער, וויס־פּרעזידענטין.

יוסף קויפמאַן, סעקרעטאַר.

איטשע זעלקאָוויטש, קאַסירער.

אין פעברואַר 1937 איז אויף דאָס ניי געגרינדעט געוואָרן די פרויען־אָרגאַניזאַציע ביים „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״, די „לײדיס אָקזילערי״.

די נייע באַאַמטע, דערוויילט אין 1937 זיינען געווען:

אברהם יעקב סענזער — פּרעזידענט.

אייב הערשקאָוויטש — וויס־פּרעזידענט.

יוסף קויפמאַן — פינאַנץ־סעקרעטאַר.

סעם אַבערמאַן — קאַסירער.

טשאַרלי (זכריה) לעווענשטיין — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.

אין 1937 איז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז אין טשענסטאָכאָוו איז ווידער פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם (דער דריטער פּאָגראָם). דאָס איז געווען אַ צולאָג צו דער נויט און ביטערער פאַרצווייפלונג וואָס האָט דאָרט געהערשט.

אַלס הילף פאַר די געליטענע האָט דער „רעליף״ באַשטימט די סומע פון 500 דאָלער. צוזאַמען מיט די 500 דאָלאַר, וואָס דער „פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן״ האָט בייגעשטייערט — איז אַוועקגעשיקט געוואָרן טויזנט דאָלער. דאָס געלט איז געשיקט געוואָרן אויפן נאָמען פון דענטיסט אהרן פּרץ.

אין שייכות מיטן פּאָגראָם האָט דער „רעליף״ אויך גערופן אַ פּראָטעסט־מיטינג אין דער טשענסטאָכאָווער „חתם סופר״ שול, אונטערן פאָרזיץ פון פּרעזידענט, אברהם יעקב סענזער, אויף וועלכן עס זיינען אַרויסגעטרעטן דער פאַרטרעטער פון „דזשאָינט״—קילימאָווסקי, אַ פאַרטרעטער פון „אָרט״, שוועסטער יעטא לענטשנער, מאָריס שוואַרץ—פון נאָוואָראַדאָמסק, י. פריד, פון דער „מאָרגן פרייהייט״, הרב מרדכי זעליג הוירש, פון דער זאַלאָשינער סאָסייעטי און אַנדערע.

דער יערלעכער באַל אין 1938 איז פאָרגעקומען דעם 8טן יאַנואַר אין עדיסאָן־האָטעל. די ריינע הכנסה האָט באַטראָפן 2,800 דאָלער.

די באַאַמטע, דערוויילט אין 1939, זיינען געווען:

אברהם סענזער, פּרעזידענט.

איזי בערגער, וויס־פּרעזידענט.

יוסף קויפמאַן, פינאַנץ־סעקרעטאַר.

טשאַרלי לעווענשטיין, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.

יאַנקל קאַפּין (קאַפּינסקי), קאַסירער.

דער יערלעכער באַל איז 1939 איז פאָרגעקומען אין מאַנהעטן־סענטער. די באַאַמטע אין דעם יאָר זיינען געבליבן די זעלביקע.

זונטיק, דעם 22טן אָקטאָבער דעם זעלבן יאָר האָט דער „רעליף״ איינגעאָרדנט אַ מאַסן־מיטינג אין דער „חתם סופר״ שול, קלינטאָן סטריט. פאָרזיצער פון מיטינג איז געווען אברהם יעקב סענזער (פּרעזידענט פון „רעליף״). צווישן אַנדערע איז אויפן מיטינג אַרויסגעטרעטן הרב מרדכי זעליג הוירש און פריינד יצחק קורסקי.

אין משך פון יאָר 1939 האָט דער „רעליף״ געזאַמלט די סומע פון 3,100 דאָלער.

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. די היטלער־באַנדעס האָבן אָקופּירט טשענסטאָכאָוו. די הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו איז אָבער נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. זי איז געפירט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי „דזשאָינט״, „אָרט״ און אַנדערע.

דער באַל אין 1940, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 6טן יאַנואַר אין מאַנהעטן־סענטער איז דאָס יאָר נישט געווען קיין פריילעכער. ערשטנס, האָט זיך שוין טשענסטאָכאָוו געצאַפּלט אין די בלוטיקע הענט פון די נאַצישע רוצחים, צווייטנס, האָבן אויף דעם אָוונט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיך דערוואוסט וועגן פלוצלימדיקן טויט פון טשאַרלי לעווענשטיין, וועלכער איז געווען באַליבט ביי אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. זיין לויה איז פאָרגעקומען דעם 7טן יאַנואַר. אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט און פריינד האָבן אים באַגלייט צו דער אייביקער רו.

עטלעכע טעג שפּעטער, מיטוואָך דעם 10טן יאַנואַר, האָט דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ איינגעאָרדנט אַ טרויער־אָוונט, געווידמעט דעם אָנדענק פון טשאַרלי לעווענשטיין.

אַלס נייער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר איז געוויילט געוואָרן פריינד מאַקס קאַמינסקי.

ווינטער 41—1940 זיינען קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען עטלעכע פריינד פון טשענסטאָכאָוו, ווען עס איז געלונגען דורכן סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך צו ראַטעווען פון היטלערס מחבלים. זיי זיינען געווען: רפאל פעדערמאַן, אַדוואָקאַט זיגמונט עפּשטיין, אַלעקסאַנדער האַפּטקאַ, הערמאַן זיגאַס און חנה מונאַוויטש. שפּעטער איז צוגעקומען ד״ר לאַזאַראָוויטש.

אין ניו־יאָרק איז שוין דעמאָלט אויך געווען ד״ר מאָריץ גרינבוים מיט זיין פרוי און זון, וואָס זיינען געהאַט אַהערגעקומען צו דער וועלט־אויסשטעלונג.

פריינד רפאל פעדערמאַן איז אויפגענומען געוואָרן פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ ווי דער אָנפירער פון אַ גאַנצער ריי אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו און לאַנגיאָריקער קעמפער פאַר די רעכט פון די יידישע מאַסן אין טשענסטאָכאָוו. אויך די פריינד ד״ר לאַזאַראָוויטש, אַלעקסאַנדער האַפּטקאַ, זיגאַס און חנה מונאַוויטש זיינען אַרויסגעטרעטן אויף די מיטינגען פון „רעליף״ און זיינען באַגריסט געוואָרן פון פּרעזידענט פריינד סענזער און זייערע טשענסטאָכאָווער פריינד.

אין מאַי 1940 איז אַלס וויס־פּרעזידענט דערוויילט

געוואָרן פריינד הערי פייערשטיין. די איבעריקע באַאַמטע זיינען געבליבן די זעלביקע.

אין משך פון 1940 האָט דער „רעליף" געזאַמלט די סומע פון 2,600 דאָלער.

אין יאַנואַר 1941 איז דער יערלעכער באַל פון רעליף און לײדיס אָקזילערי פאַרגעקומען אין מאַנהעטן סענטער. עס זיינען אָנוועזנד געווען ביז 700 פּערזאָן.

זונטיק, דעם 2טן מערץ 1941, איז לויט אַ פריערדיקן באַשלוס פון „רעליף", פאַרגעקומען דער קבלת־פּנים באַנקעט פאַר די פריינד ר. פעדערמאַן, יצחק און העלע גורסקי, ד״ר מאָריץ גרינבוים און זיין פרוי גערטרוד, אַדוואָקאַט זיגמונד עפּשטיין, הערמאַן זיגאַס און חנה מונאַוויטש. דער באַנקעט איז געווען איינער פון די שענסטע אונטערנעמונגען פון „רעליף". אַ גרויסע צאָל געסט און פאַרטרעטער פון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנטייל גענומען. פריינד יוסף קויפמאַן, פינאַנץ־סעקרעטאַר פון

ריקע, בן אדיר (ד״ר ראָזין). פריינד רעמבאַך האָט גערעדט אינעם נאָמען פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש 261. טעלעגראַפישע און שריפטלעכע באַגריסונגען זיינען אָנגעקומען פון: ציגע אַזשעך אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע; גרילאַק, עפּשטיין און מענקאָף, אין לאָס אַנדזשעלעס, מר. און מרס. ציגציגאַטוס אין טאָראָנטאָ, פעני און סעם כראַבלאָוו, אין שיקאַגאָ.

צום סוף האָבן די פריינד ר. פעדערמאַן און יצחק גורסקי געענטפערט אויף די באַגריסונגען.

דער באַנקעט האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אויף די פאַרזאַמלטע.

סוף 1941 איז פריינד אַבע קויפמאַן געווײלט געוואָרן אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. די איבעריקע „רעליף"־באַאַמטע זיינען געבליבן די זעלביקע.

די הכנסה אין יאָר 1941 איז געווען 1990 דאָלער.

אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט דער „יונייטעד




לאַנדסלייט און געסט אויפן באַנקעט איינגעאָרדנט צום אָנקומען פון די ערשטע טשענסטאָכאָווער פּליטים קיין אַמעריקע אין יאָר 1941.

„רעליף" האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג און איבערגעגעבן די אָנפירונג דעם פּרעזידענט פון „רעליף", פריינד אברהם יעקב סענזער. אינעם נאָמען פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און לײדיס אָקזילערי האָט פריינד א. כראַבאַלאָווסקי באַגריסט די ערן־געסט פון באַנקעט, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין לעבן פון מאָדערנעם יידישן טשענסטאָכאָוו. עס זיינען אויך אַרויסגעטרעטן דער פאַרטרעטער פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, פריינד טאַבאַטשינסקי, און דער באַקאַנטער יידישער סאָציאַליסט, אָנפירער פון „פריילאַנד" אין אַמע־

טשענסטאָכאָווער רעליף" געזאַמלט 15,798 דאָלער. די הילף־אינסטיטוציע אין טשענסטאָכאָוו, וואָס זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן. ווען די פאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו איז דורך דער מלחמה איבערגעריסן געוואָרן — האָט דער רעליף די הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו געפירט דורכן „דזשאָינט".

אין שייכות דערמיט, וואָס דער „אַרבעטער־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק האָט געהאָלפן ראַטעווען אייניקע פריינד פון טשענסטאָכאָוו און זיי ברענגען קיין ניו־יאָרק (ר. פעדערמאַן, עפּשטיין, זיגאַס, אַנדזשאַ מונאַוויטש),

האָט דער רעליף באַשטימט אים צו שטיצן מיט 200 דאָ־לער.

אין דער זעלבער צייט האָט דער רעליף אויך גע־שטיצט דעם „אָרט" אין אַמעריקע און דעם „האַיאַס".

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אונטער דער אָנפירונג פון ר. פעדערמאַן ביים „רעליף" איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך געווען אַ בריוולעכע פאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו. דאָס אינפאָרמאַציע־ביוראָ האָט פאַרבונדן אַ סך טשענ־סטאָכאָווער פאַמיליעס און פערזאָנען מיט זייערע פריינד אין אַמעריקע און צענדליקער פּעקלעך מיט קליידונג און שפּייז זיינען מיט דער הילף פון ביוראָ געשיקט געוואָרן.




פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה מיט הרב ר' נחום אַש פאַרן אַריינגאַנג אין דער שול נאָך דער פייערונג פון דער 150-יאָריקער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. צווישן אַנדערע, די דעלעגאַטן פון י. ט. ר. ק. י. קאָפּין און א. סיגמאַן.

די פיר נומערן „בולעטין פון יונייטעד טשענסטאָ־כאָווער רעליף און ליידיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק" (אונ־טער דער רעדאַקציע פון ר. פעדערמאַן און א. כראבאלאָוו־סקי) האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער רעליף־טעטיקייט אין דער מלחמה־צייט.



דעם 7טן דעצעמבער 1941, איז אונדזער לאַנד אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער יאַפּאַנישער אַטאַקע אויף פּוירל־האַרבאָר. אַמעריקע איז אַריין אין דער צווייטער וועלט־מלחמה און פאַרן „יונייטעד טשענסטאָכאָ־ווער רעליף" און ליידיס אָקזילערי האָבן זיך געשטעלט נייע אויפגאַבן. אין שייכות דערמיט זיינען פאָרגעקו־מען ספּעציעלע מיטינגען פון עקזעקוטיוו און מיטגלידער־שאַפט פון רעליף. עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די פריינד סענזער, פעדערמאַן און ווייסבערג אויסצואַרבעטן אַ רע־זאָלוציע. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ רעזאָלוציע:

„דער יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק, בלייבנדיק ווייטער געטריי זיין פונדאַמענטאַלער שטעלונג אַלס הילף־אָרגאַניזאַציע פאַר טשענסטאָכאָוו, האַלט אָבער פאַר לעבנס־נויטווענדיקייט און בירגערלעכן חוב, צוזאַמען מיטן אַריינטרעטן פון אַמעריקע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, אויסצוברייטערן זיין טעטיקייט און זיך צופּאַסן צו די נויטן פון אונדזער לאַנד אין מלחמה־צייט.

„דעריבער באַשליסן מיר:

„1) צו רעקאָמענדירן צו דער ליידיס אָקזילערי זיך אָנצושליסן ווי אַן אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקאַנער רויטן קרייץ, מיטהעלפן אַלע זיינע טעטיקייטן און ווירקן צווישן אונדזערע לאַנדסלייט זיך אָנצושליסן אָן אים.

2) פון די פּראָפיטן, וואָס אונדזער אונטערנעמונג, דער באַל, וועט אַריינברענגען, וועט לויט די באַשלוסן פון רעליף באַשטימט ווערן געוויסע סומעס פאַר מעדיצינישע

און מלחמה־הילף־צוועקן פון אַמעריקע און אירע פאַר־בינדעטע.

3) דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און די ליידיס אָקזילערי וועלן ווי ווייט מעגלעך אָרגאַניזירן ספּעציעלע אונטערנעמונגען פאַר דעם זעלביקן ציל".

שבת, דעם 7טן פעברואַר 1942, איז אין „סענטראַל פּלאַזאַ" פאָרגעקומען דער יערלעכער טשענסטאָכאָווער באַל. דאָס איז געווען דער לעצטער באַל, וואָס דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און ליידיס אָקזילע־רי האָבן איינגעאָרדנט.

לויט די פריערדיקע באַשלוסן איז אַ טייל פון דער איינקונפט פון באַל באַשטימט געוואָרן פאַרן יידישן קאַנ־סיל פון „ראַשען וואָר רעליף", פאַרן אַמעריקאַנער „רעד קראָס" און „ניו־יאָרקער וואָר־רעליף".

דעם 22טן מערץ 1942 איז אויף אַ ספּעציעלן מי־טינג פון דער עקזעקוטיווע באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן אַרויסגעבן אַ טשענסטאָכאָווער אַלמאַנאַך. דער־מיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע וויכטיקע אַרבעט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף".

צוזאַמען דערמיט איז באַשלאָסן געוואָרן צו זאַמלען אַ פאָנד פון צען טויזנט דאָלער אַלס אויפבוי־פאָנד און ערשטע הילף פאַר טשענסטאָכאָוו און שכנישע שטעט־לעך.

אין דעם אויפרוף, וואָס איז דערשינען אין שייכות מיט דעם באַשלוס, ווערט געזאָגט:

„ברידער און שוועסטער:

„דער בלוטיקער קאַמף מיט דער נאַצי־בעסטיע איז איצט אין פולן ברען. מיר ווייסן, אַז נאָך אַ סך בלוט — טייער בלוט פון די בעסטע קינדער פון דער מענטשהייט אין אַלע עקן וועלט — וועט נאָך פאַרגאָסן ווערן און גרויסע קרבנות וועט יעדער פון אונדז מוזן ברענגען ביז די שווידערלעכע, גרויזאַמע נאַצי־בעסטיע וועט ענדלעך דערשלאָגן ווערן.

„אָבער אַזוי זיכער ווי מיר ווייסן, אַז די נאַכט מוז זיך ענדיקן און דער טאָג מוז אָנקומען — אַזוי זיכער מוז קומען דער סוף פון די נאַצי־מערדער, און שוין היינט מוזן מיר זיין גרייט פאַר דעם טאָג.

„און ווען דער גרויסער טאָג וועט קומען, ליבע ברי־דער און שוועסטער, לאָמיר געדענקען, אַז דאָס וואָס עס וועט בלייבן פון אונזערע ברידער און שוועסטער נאָך די שחיטות, מערדערייען, פייניקונגען אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן — וועט זיין פאַרפייניקט צום טויט, פאַרהונגערט, נאַקעט, באָרוועס און אָן אַן אָרט דעם קאָפּ אָנצולייגן.

„דער הילף־געשריי צו אונדז — פון די איינציקע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצי־גיהנום, וועט דער־גרייכן צום הימל און ווי וועט זיין צו אונדז און ווי וועט זיין צו זיי, צו אונדזערע אומגליקלעכע ברידער, ווען מיר וועלן נישט זיין גרייט צו ענטפערן אויף זייער רוף און זיי געבן די ערשטע הילף".

די ערשטע סומע פאַר דעם באַשטימטן ציל איז גע־שאַפן געוואָרן שבת דעם 20טן יוני 1942, אין סט מאַרקס פּלאַץ, ווען עס איז פאָרגעקומען די איינשווערונג פון רע־ליף און ליידיס אָקזילערי.

איבער טויזנט דאָלער איז געשאַפן געוואָרן שבת דעם 19טן יוני 1943 אויף דער פייערונג לכבוד דעם דער־שיינען פון סעמפּל בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", אין אַקאַ־דעמי האָל.

צום אָפּפאָרן פון פריינד אברהם יעקב סענזער, פּרע־זידענט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" קיין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, צו פאַרבעסערן זיין געזונט, איז אין אַקאַדעמי־האָל איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געזעגע־נונגס־באַנקעט און עס איז געזאַמלט געוואָרן אַרום טויזנט דאָלאַר.

אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט האָט אים פאַר־טרעטן פריינד הערי פייערשטיין אַלס פּאַרזיצער און פריינד סעם קאָרפּיעל אַלס וויצע־פּאַרזיצער.

סוף מערץ 1944 איז פריינד סענזער צוריקגעקומען פון לאָס אַנדזשעלעס און צוריק פאַרנומען זיין אַמט אַלס פּרעזידענט.

דאַנערשטיק, דעם 15טן מאַי 1944, האָט דער רעליף איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג לכבוד פריינד איזי בערגער, געוועזענעם וויצע־פּרעזידענט און עקזע־קוטיוו־מיטגליד פון רעליף — צו זיין אָפּפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע צו דער פאַרזאַמלונג איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרויסער עולם, מיטגלידער פון רעליף און זייערע פאַמיליעס און פון פריינד פון א. בערגער.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען באַריכטן וועגן דער אויסראָטונג פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין פוילן. צום ערשטן זיינען באַקאַנט געוואָרן די נעמען פון איינצלנע קדושים.

אויף איינעם פון די מיטינגען פון רעליף זיינען באַ־ערט געוואָרן ד״ר רינגעלבלום (באַקאַנטער היסטאָריקער, האָט אָנטייל גענומען אין דער גרינדונג פון קאָמיטעט פאַר אַ טשענסטאָכאָווער פּנקס, געשאַפן אין טשענסטאָ־כאָוו). און ח. ווילטשינסקי, וואָס איז אומגעקומען צו־זאַמען מיט אים דורך די נאַצישע רוצחים.

דעם 13טן אָקטאָבער 1944 האָט אַ מיטינג פון רעליף באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, צו שיקן פאַרטרעטער צו אַ לאַנד־קאָנפערענץ, מיטן צוועק צו קאָאָרדינירן די הילף־טעטיקייט פאַר טשענסטאָכאָוו און מאָביליזירן אַלע לאַנדס־אַ׳שאַפטן פאַר דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

נאָך דעם זיגרייכן אַריינמאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי אין פוילן, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער צענטראַל־קאָמיטעט אין לובלין — איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן דורכן פוילישן פאַרבאַנד, אויפן נאָמען פון ד״ר זאָמערשטיין, אַ טראַנספּאָרט שפּייז־פּעקלעך.

אויפן זעלביקן מיטינג האָבן די פּאַרזאַמלטע רעליף־מיט־גלידער בייגעשטייערט אַ גרויסע צאָל שפּייז־פּעקלעך.

ווען עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה וועגן מאַרטירער־טויט פון משה און רייזעלע בערקענשטאַט, האָט דער רעליף איינגעאָרדנט אַ טרויער־אָוונט, אויף וועלכן די פריינד א. כראַבאַלאָווסקי און רפאל פעדערמאַן האָבן גערעדט וועגן דער אידעאַליסטישער טעטיקייט פון די צוויי קדושים. פאָרזיצער פון מיטינג איז געווען אברהם יעקב סענזער.

לויט אַ פריערדיקן באַשלוס פון „רעליף" איז פריינד ר. פעדערמאַן געשיקט געוואָרן אויף אַ טור צו באַזוכן די שטעט דעטראָיט, שיקאַגאָ, טאָראָנטאָ. ער האָט אויך באַזוכט לאָס אַנדזשעלעס און ער איז צוריקגעקומען סוף דעצעמבער.

זונטיק, דעם 17טן יאַנואַר 1945, האָט דער רעליף, אונטערן פאָרזיץ פון פּרעזידענט אברהם יעקב סענזער, איינגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים פאַרן פריינד פעדערמאַן, וועלכער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיין רייזע. די פאַרזאַמלטע האָבן אויף דעם אָוונט בייגעשטייערט 1468 דאָלער.

אויף דעם אָוונט איז אויך ביים פּרעזידיום־טיש געזעסן פריינד ניסן צימערמאַן, ערשטער פּרעזידענט און גרינדער פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף". ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן אויף זיין וועג אַהיים.

מיטוואָך דעם 24טן יאַנואַר 1945 האָט דער „רעליף" אונטערן פאָרזיץ פונעם פּרעזידענט אברהם יעקב סענזער, אָפּגעהאַלטן אַ טרויער־פאַרזאַמלונג לכבוד דעם אָנדענק פון ניסן צימערמאַן. עס האָבן גערעדט: מאַקס דזשייקאָבס, דזשוי דזשייקאָבס, מאַקס ראַבינאָוויטש, ד"ר ווייסקאָפּ, עמנואל וואַרגאַן, שיפער, פעדערמאַן, כראַבאַלאָווסקי, ווילי נאַכטיגאַל, יוסף און אבע קויפמאַן. לויטן פאָרשלאָג פון פריינד סילווער, האָבן די פאַרזאַמלטע באַערט זיין אָנדענק מיט דער זאַמלונג פון אַ גרעסערער סומע אויף שפּייז־פּעקלעך פאַר דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט.

אויפן פאָרשלאָג פון ד"ר ווייסקאָפּ איז אויך באַשלאָסן געוואָרן דער רעליף זאָל יעדעס יאָר צו דער יאָרצייט פון פריינד צימערמאַן, איינאָרדענען אַ טרויער־פאַרזאַמלונג.

דעם 16טן יאַנואַר 1945, איז טשענסטאָכאָוו און כמעט גאַנץ פּוילן באַפרייט געוואָרן פון די נאַציס. דעמאָלט זיינען שוין אָנגעקומען די באַריכטן פון אויזשביצקי און בראַנדעס, וועמען עס איז געלונגען צו ראַטעווען זיך קיין ארץ־ישראל, וועגן דער אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אונדזער היימשטאָט. די באַריכטן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די יידישע צייטונגען אין ניו־יאָרק.

זונטיק דעם 25טן פעברואַר 1945, האָט דער רעליף איינגעאָרדנט אַ מאַסן־מיטינג. עס איז געווען אַ מיטינג פון פרייד געמישט מיט צער און פּיין. טשענסטאָכאָוו איז געווען באַפרייט פון די נאַצישע מערדער. אָבער עס איז שוין געווען קלאָר, אַז מיטן אויסנאַם פון עטלעכע הונדערט פּערזאָן, איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, — די טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער און פריינט פון די פאַרזאַמלטע — פאַרטיליקט געוואָרן. די רעדנער האָבן זיך געשטיקט מיט טרערן. די פאַרזאַמלטע האָבן געוויינט. אויף דעם מיטינג איז אָנגענומען געוואָרן אַ דעקלאַראַציע אויפצושטעלן אַ „נר תמיד" פאַר די אומגעקומענע און איינצואָרדענען אַ יערלעכן טרויער־טאָג, וואָס זאָל געהאַלטן ווערן דורך אַלע טשענסטאָכאָווער אין דער וועלט.

צום „רעליף" איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, זיגמונט מאָדזעלעווסקי. ער האָט מודיע געווען, אַז ער שטאַמט פון טשענסטאָכאָוו, און דערוויסנדיק זיך וועגן אונדזער „רעליף"- בעט ער זיך צו שטעלן מיט אים אין פאַרבינדונג

POLPRESS NEWS
50 ROCKEFELLER PLAZA
ROOM 532
NEW YORK 20, N. Y.
CIRCLE 6-8148

POLISH PRESS AGENCY
CABLE ADDRESS
POLPRESS, NEW YORK

April 30, 1945

Mr. Raphael Federman
Apt. 2F
2165 Bolton St.
Bronx 60, N.Y.

Dear Sir:

Following is the full text of a message addressed to you which has just been received:

ONLY FOLLOWING MESSAGE FROM AMBASSADOR MODZELEWSKI TO RAPHAEL FEDERMAN CHAIRMAN OF RELIEF COMMITTEE FOR CZESTOCHOWA:

Being from Czestochowa myself, I learned with deep emotion about the formation of a relief committee for Czestochowa.

I would appreciate with gratitude any details concerning your work. On my part, I am able to inform you that, thanks to the speedy advance of the Red Army, Czestochowa has been but slightly damaged during its liberation which will enable her in rapid reconstruction. In fact, the industries are already partly working and railwaymen of Czestochowa Junction are pioneers of rehabilitation of transportation.

During five years of nazi occupation, Czestochowa was one of the main centers of resistance movement and, in many cases, the city headed the struggle against the hateful invader. It must be stressed that it was Czestochowa workers who led that struggle.

One of the saddest pages in the history of the occupation period was the extermination of the Jewish population by the nazis.

In Czestochowa today there are 160,000 inhabitants, among them many French, Italian and other ex-prisoners of war. The daily [illegible] is being published in Czestochowa. The theater is open and Czestochowa is now the center of Polish Plastic Arts. Workers are organized in trade unions and also

there are unions of musicians, journalists, writers and others.

I have been informed that among this group is Abram Brun of Czestochowa who is the town councillor.

If I receive any further details concerning life in Czestochowa, I will inform you immediately. I wish you full success in your work.

ZYGMUNT MODZELEWSKI

Polish Ambassador to Moscow.

אַמבאַסאַדאָר מאָדזעלעווסקי'ס בריוו ,

שבת און זונטיק, דעם 23טן און 24טן יוני 1945, איז אין בעטהאָווען האָל פאָרגעקומען די לאַנד־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

זונטיק אָוונט איז אין זעלביקן האָל פאָרגעקומען אַ פייערלעכער באַנקעט לכבוד די דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ. אַ גרויסער עולם פון ניו־יאָרקער לאַנדסלייט האָבן אָנטייל גענומען. עס איז געזאַמלט געוואָרן 34 הונדערט דאָלער. די טשענסטאָכאָווער „יאַנג מענס" האָבן בייגעשטייערט פון זייער קאַסע 500 דאָלער, גע־

זאַמלט צווישן זייערע מיטגלידער — טויזנט דאָלאַר; צוזאַמען פופצן הונדערט דאָלאַר. די ליידיס אָקזילערי האָט בייגעשטייערט פינף הונדערט דאָלאַר און דער טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 יידישע פראַטערנאַלער פאָלקס־אָרדן — 200 דאָלאַר.

עטלעכע טעג נאָך דער קאָנפערענץ איז פון טשענ־סטאָכאָוו אָנגעקומען פאָלגנדיקע טעלעגראַמע:

„אַ האַרציקן גרוס פון די קינדער פון י. ל. פרץ הויז".

אונטערגעשריבן: ברענער, לעדערמאַן, האָסענ־פעלד, וועקשטיין, טשאַרני, יוסף גאָלדבערג — יידישער קאָמיטעט — אַלטע נומער 7.

אין שייכות מיטן באַשלוס אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", ווערט דעם 11־טן יולי 1945 באַשטימט צו דרוקן 1,500 ביכער.

עס איז געשיקט געוואָרן שפּייז־פּעקלעך צו לאַנדסלייט אין פאַרשיידענע לענדער, וועמענס אַדרעסן מיר האָבן באַקומען. אויך איז באַשטימט געוואָרן צו שיקן שטיצע צו דער קהילה אין טשענסטאָכאָוו אויפצופּוצן דעם בית־עולם.

דורכן „דזשאָינט" איז געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָ־כאָוו 2,000 דאָלאַר און דורכן „טאָז" — 500 דאָלאַר.

אין דעטראָיט איז דעם 24־טן און 25־טן נאָוועמבער 1945, געווען אַ קאָנווענשאָן.

זונטאָג, דעם 9־טן דעצעמבער, 1945, איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין מאַנהעטן־סענטער, וואו ס'איז געזאַמלט געוואָרן איבער 3,300 דאָלאַר.

מיטוואָך, דעם 9־טן יאַנואַר, 1946, איז פאָרגעקומען אַ מעמאָריאַל־מיטינג פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם פרע־זידענט ניסן צימערמאַן. ס'איז געזאַמלט געוואָרן אַרום 500 דאָלאַר אויף מצות פאַר טשענסטאָכאָוו. די ליידיס אָקזילערי האָט בייגעשטייערט 100 דאָלאַר.

עס איז געשיקט געוואָרן דורך די „אגודת ישראל" 5,000 פונט מצות וואָס האָבן געקאָסט 835 דאָלאַר.

אין מאָנטרעאָל האָט זיך געגרינדעט אַ רעליף־קאָ־מיטעט. פריינד פעדערמאַן איז אַלס דעלעגאַט פון י. ט. ר. ק. געווען ביי דער גרינדונג.

עס איז געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז 500 דאָלאַר און קיין שוועדן — 300 דאָלאַר.

דעם 19־טן מאַי 1946 איז געווען אַ מאַסן־מיטינג אין אוירווינג פּלאַזאַ. יעקב פּאַט האָט באַריכטעט וועגן זיין באַזוך אין טשענסטאָכאָוו און אין פּוילן בכלל. עס זיינען אויך געוויזן געוואָרן פאַרשיידענע בילדער פון טשענ־סטאָכאָוו. עס איז געזאַמלט געוואָרן 1,322 דאָלאַר.

די פריינד סענזער און פעדערמאַן זיינען געווען דעלע־גאַטן אין שיקאַגאָ; זיי האָבן געבראַכט פון דאָרטן, צו שיקן קיין טשענסטאָכאָוו, די סומע פון 1,800 דאָלאַר.

מיטוואָך, דעם 12־טן יוני 1946, איז אָנגעזענד געווען ביים רעליף מיטינג פריינד וואָלף גליקסמאַן, וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק געקומען פון אייראָפּע. ער האָט געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע צום רעליף. ס'ווערט באַ־שלאָסן די רעדע אין פולן טעקסט אַריינצושרייבן אין פּראָטאָקאָל און אויך צו דרוקן אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", וועלכע מיר גיבן דאָ איבער:

## די רעדע פון וו. גליקסמאַן

ה' פאָרזאַמלטע.

ווען איך האָב אַמאָל אין דער צייט פון מיין זיין אין גרויסן געטאָ, שפּעטער אין קליינעם געטאָ און צולעצט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון אוישוויץ און דאַכאַו, געטרוימט וועגן אַ לאַנד וואו כ'זאָל קאָנען בויען מיין אַלט־ניי לעבן, האָב איך געהאַט פאַר מיינע אויגן ארץ־ישראל און די „פאַראייניקטע שטאַטן".

חוץ ריין־פּערזענלעכע סיבות, וואָס האָבן מיך געצויגן און געבראַכט אין דעם דאָזיקן לאַנד אַריין און טרייבן מיך ווייטער קיין ארץ־ישראל, האָב איך געהאַט דעם ציל צו קומען אין אַ יידישן צענטער אין אַ יידישער סביבה.

וואָרעם נאָך דער צעשטערונג פון דעם גרויסן יידישן קיבוץ אין פּוילן האָבן מיר, דאָס שארית־הפליטה, געוואָלט קומען אין באַרירונג מיט יידן, שעפּן פון זיי נייע כוחות פאַר דעם ווייטערדיקן לעבן.

אמת, מיר האָבן נאָך דער באַפרייאונג זיך באַמיט צו לעבן אין דייטשלאַנד אָדער פּוילן, אונגאַרן אָדער ליטע אין ריין יידישע גרופּעס, כדי געמיינזאַם זיך דער־פרישן און קעמפן פאַר אַן אייגענער נייער עקזיסטענץ.

צום באַדויערן אָבער האָבן מיר אין אייראָפּע אָנגע־טראָפן אויף פיינטלעכע באַציאונגען מצד דער ניט־יידי־שער באַפעלקערונג, מכל שכן איצט אין דייטשלאַנד קאָנען און ווילן מיר ניט בלייבן.

איך בין איינער פון די גליקלעכע, וואָס האָבן גע־האַט די געלעגנהייט צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט און קומען קיין אַמעריקע.

מיר, די געראַטעוועטע פון יידישן חורבן קומען אַהער על פּי רוב מיט דער הילף פון אונדזערע שוועסטער, ברי־דער, אָדער נאָענטע קרובים. אָבער דער כוח וואָס ציט אונדז אַהער איז דער גרויסער יידישער קיבוץ, און אין דער ערשטער ריי זיינען אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן.

ליבע לאַנדסלייט: עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו זיין אָנוועזנד אויף דעם היינטיקן אָוונט און דער־מאָנען זיך אַ ביסל וועגן דער אַלטער היים. ביז איצט האָב איך שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אייניקע פון אייך. כ'וויל דאָ דערמאָנען דעם נאָמען פון ה' רפאל פעדערמאַן, מיט וועלכן מיר האָבן קעגנזייטיק אַרומגערעדט פאַרשיידענע פראַגן בנוגע אונדזער שטאָט. איך מוז דאָ אויסדריקן מיין דאַנק דעם ה' פעדערמאַן פאַר זיין גרויסער אַרבעט וועלכע ער האָט געלייסטעט פאַר אונדזער שטאָט נאָך זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו און בפרט איצט דאָ אין אַמעריקע. זיין אַרבעט איז ניט אָפּ־צושאַצן.

אַ וואָרעמע אויפנאַמע האָב איך געהאַט ביי אַ זיצונג אין הויז פון ה׳ כראבאלאָווסקי, וואו כ׳האָב געקאָנט טרעפן לאַנדסלייט ווי ה׳ סילווער און א. קויפמאַן, אַגב, דער לעצטער אַ ישיבה־חבר פון מיין פאָטער ע״ה.

איך וויל אויך ווייטער זיך באַקענען מיט אונדזערע לאַנדסלייט און מיט זייי מיטאַרבעטן אין יעדן פרט פאַר אונדזערע טשענסטאָכאָווער ברידער.

און הגם איך קום ניט דירעקט פון טשענסטאָכאָוו און בין אויך ניט באַרעכטיקט צו רעדן אין זייער נאָמען דאָך וויל איך אויסדריקן מיין דאַנק אייך אַלע דאָ פאַר דעם וואָס איר האָט ביז איצט אויפגעטאָן פאַר זיי.

עס איז מיר גענוג געווען צו רעדן מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין מינכען, וואָס זיינען געקומען פון טשענסטאָכאָוו.

איך האָב אויך געהאַט די געלעגנהייט צו לעזן פאַרשיידענע בריוו פון אונדזערע לאַנדסלייט אין דער גאָרער וועלט צו מר. י. קויפמאַן און סתם אין רעליף אַריין וואו זיי דאַנקען פאַר די הילף, וועלכע איר האָט זיי געשיקט.

אין דער אַרבעט אין דעם סעקרעטאַריאַט פון אונדזער רעליף וואו איך בין טעטיק זייט אייניקע טעג נאָך מיין אָנקומען אַהער און וואו איך אַרבעט מיט ה׳ פעדערמאַן אין דער גרויסער אַרבעט, זע איך אייער גוטן ווילן, מי, אָפּפער און אַז איר געדענקט אייער אַלטע היים.

מיט אַ באַזונדערער פרייד און ערע מוז איך באַגריסן אייער איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“. ה׳ פעדערמאַן האָט דאָ געלייסטעט זייער וויכטיקעס.

זייענדיק אין מינכען האָב איך מיטגעאַרבעט אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צונויפצוזאַמלען דאָס היסטאָרישע מאַטעריאַל, דאָקומענטן, בילדער, שריפטן, וואָס זיינען נוגע יידן אין דער צייט פון 1933 — 1945.

עס איז נאָך איצט נישט מעגלעך אָפּצושאַצן די גרויסע אַרבעט, וואָס די היסטאָרישע קאָמיסיעס אין דייטשלאַנד און אין פוילן האָבן געלייסטעט. עס איז ניט נאָר מאַטעריאַל פאַר אונדזערע צוקונפטיקע היסטאָריקער וועלכע וועלן שרייבן די טרויעריקע געשיכטע פון אייראָפּעאישן יידנטום, נאָר אויך די שענסטע מצבה פאַר אונדזערע קדושים.

אויך דאָס בוך אונדזערס וועט זיין אַ טייל פון דעם גרויסן היסטאָרישן מאַטעריאַל. פאַר אונדז אַ מאָנומענט, אַ זכר פאַר אַלע טשענסטאָכאָווער קדושים.

אויב איך האָב פריער געזאָגט אַז איך בין ניט באַרעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה, וויל איך אויך ניט דערציילן דאָס וואָס איר ווייסט שוין, הגם יעדער פון אונדז האָט עפּעס אַנדערש איבערגעלעבט. עס וועט נאָר אייער שמערצן אויפפרישן און אויפרייסן אייערע וואונדן. איך וויל ניט דערציילן וועגן זיי און רעדן פאַר זיי. איך וויל רעדן צו זיי פאַר אייך.

אין דער גרויסער הילפס־אַקציע פון אַמעריקאַנער יידנטום פאַר דעם קליינעם יידישן קיבוץ אין פוילן איז טשענסטאָכאָוו אַ ריינגעלע אין דער גרויסער קייט וואָס הייסט הילף פאַר פאַרשטויסענע, אָרעמע, קראַנקע, קינדער און רעפּאַטריאַנטן פון סאָוועט־רוסלאַנד און סתם על פי נס געראַטעוועטע.

וואָרעם מיר זיינען נאָר לעבן געבליבן, אַבער מיר לעבן ניט. לעבן הייסט בויען, שאַפן, אַרבעטן. העלפן מוזן מיר אונדזערע ברידער. איך בעט און פאַרלאַנג פון אייך ווייטערדיקע הילף און שטיצע. און איך בין זיכער אַז איר וועט ווייטער טאָן אייער אַרבעט, דאָס בעסטע, כדי צו שטיצן אונדזערע לאַנדסלייט און אין דער אַרבעט ווינטש איך אייך דערפאָלג.

•

געשיקט קיין רוים, איטאַליע, 500 דאָלאַר.

אין מעלבורן, אויסטראַליע, האָט זיך געגרינדעט אַ „טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט“. זיי האָבן געזאַמלט, ביי 2 מיטינגען, 1,200 פונט.

# טשענסטאָכאָווער רעליף־טוער אין ניו־יאָרק

די אָרגאַניזאַציעס פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן בכלל און די הילפס־אָרגאַניזאַציעס בפרט האָבן פאַר דער צייט פון זייער עקזיסטענץ אָפּגעטאָן אַ וועלט מיט אַרבעט. די אַרבעט איז באַשריבן אין די באַריכטן פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. דאָ ווילן מיר געבן אַ בילד פון דער טעטיקייט פון עטלעכע פּערזאָנען, וואָס קאָנען דינען ווי אַ מוסטער.

עס איז נאָך איצט ניט מעגלעך אָפּצושאַצן די אָן אויף אַלע מיטינגען פון רעליף און לײדיס אָקזילערי, צי ער איז געווען פּרעזידענט צי נישט — איז דער עלטסטער, געטרייסטער און איבערגעגבנסטער צווישן די רעליף־טוער: פריינד לואיס שימקאָוויטש.

ער איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון די „יאָנג מענס“ און שפּעטער איינער פון די זיילן פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק“. און צוזאַמען מיט לואיס שוואַרץ איז ער געפאָרן אַלס דעלעגאַט קיין טשענסטאָכאָוו אין 1922.

זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו און זעענדיק אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן און נישט נאָר די טונקעלע שוואַרצע זייטן: די נויט און ליידן פון יידישן לעבן, נאָר אויך

די ליכטיקע: די באַגייסטערונג און קאַמפּס־ווילן פון דער יוגנט און די פרייד פון די קינדער אין זייער אייגענער, פרייער, ליכטיקער קינדערהיים — איז ער אַליין שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון נייעם, יונגן טשענסטאָכאָוו. צוריקקומענדיק קיין אַמעריקע מיט באַנייטע כוחות האָט ער אָנגעהויבן די הילפס־אַרבעט פאַר זיינע ברידער און זייערע קינדער אין טשענסטאָכאָוו און איז נישט אָפּגעשטאַנען פון דער אַרבעט ביז היינט־צו־טאָג.

צוזאַמען מיט אים דאַרפן דערמאָנט ווערן זיינע מיטאַרבעטער און אַרויסהעלפער פון עלטערן דור רעליעף־טוער, וואָס נישט די עלטער, נישט די צייט, נישט די לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיי נישט אָפּגעריסן פון דער רעליעף־אַרבעט, פון אָנטיילצונעמען און מיטהעלפן אין יעדער אונטערנעמונג, יעדן צוזאַמענקונפט פון די ערשטע יאָרן מיט 30 יאָר צוריק, ביז היינט. דאָס זיינען:

איטשע זעלקאָוויטש, וואָס איז געבליבן אַזוי פאַרבונדן מיט דער הילפס־אַרבעט, אַזוי איינגעוואָרצלט אין טשענסטאָכאָוו, ווי אַ בוים מיט די שטאַרקסטע וואָרצלען, וואָס קיין שום ווינטן און שטורעמס קענען אים נישט אַרויסרייסן. און:

סעם קאַרפּיעל, וואָס איז שטענדיק געווען, שטענדיק דאָ, און ווי מיר האָפן, וועט נאָך לאַנג, לאַנג זיין דער פאַרטרעטער, וואָס רעפּרעזענטירט און נעמט אויף די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אויף זייערע צוזאַמענקונפטן, גרייט צו און סערווירט אַליין די צוגעגרייטע מאכלים און שעפּט נחת און פרייד פון יעדע פאַרזאַמלונג פון יעדן צוזאַמענקונפט.

איינער, וואָס טראָגט אויף זיינע שטאַרקע פּלייצעס יאָרן־לאַנג צום ערשטן דעם „הילפס־פאַראיין", דערנאָך דעם „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק". איז פריינד לואיס שוואַרץ. צוזאַמען מיט פריינד לואיס שימקאָוויטש איז ער געווען איינער פון די דעלעגאַטן קיין טשענסטאָכאָוו. מיט אייזערנער גבורה און אומגעבראָכענעם ווילן, האָט ער אַדורכגעפירט דעם גראַנדיעזן פּלאַן אויפצושטעלן דאָס י. ל. פּרץ־הויז. אַז אין אים שלאָגט דער לעבעדיקער קוואַל פון אַ דיכטער און שריפטשטעלער — באַווייזן זיינע פאָלקסטימלעכע לידער פון זיינע יוגנטיאָרן אין טשענסטאָכאָוו, מער רייפע דיכטונג, געדרוקט אין דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע און זיין אַרבעט: „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט", געשריבן פאַרן בוך טשענסטאָכאָוו און אויך געדרוקט אין די ייוו"אָ בלעטער.

איינער, וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך די גבורה, העלדישקייט און אָן אַ שיעור ענערגיע און ווילן פון נייעם דור יידישע אַרבעטער איז קאָפּל גערייכטער. ער איז דער ערשטער, וואָס האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרבונדן די הילפס־אַרבעט אין אַמעריקע מיט טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען דער קעמפנדער גייסט אין רעליף, לאַנגע יאָרן פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר, פינאַנץ־סעקרעטאַר, איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש, שפּעטער אין יידישן פאָלקס־אָרדן, חוץ זיין אַקטיוויטעט אין דער פיינטערס יוניאָן און אַנדערע טעטיקייטן. אַ שווערע קראַנקהייט האָט אים מיט יאָרן צוריק אָפּגעריסן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין אַרבעט וועט אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

איינער פון די געטרייסטע רעליף־טוער פון דער ערשטע טעג פון „הילפס־פאַראיין" ביז היינט־צו־טאָג איז איציק ריקמאַן. ער איז געשילדערט אַלס קינד אין קאַפּיטל: „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט". טשענסטאָכאָוו האָט אים געוויס, ווי אַ סך קינדער פונעם געטאָ קיין גרויס גליק נישט געגעבן. אָפּגעצאָלט האָט ער אָבער טשענסטאָכאָוו מיט אָן אַ שיעור אַרבעט און געטריישאַפט.

אַ שטענדיק געטרייער, שטענדיק פאַרקאָכט אין דער אַרבעט, זינט די ערשטע יאָרן, ביז איצט, איז כאַנע גליקסמאַן. נישט אָפּגעשטאַנען פון אים איז אויך זיין לעבנס־באַגלייטערין: די „שוואַרצע פראַדל".

אַן אייגנאַרטיקן און אָנגעזעענעם אָרט אין דער הילפס־אַרבעט פונקט ווי ביי די „יאָנג מענס", וואו ער איז עטלעכע מאָל געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט, פאַרנעמט דוד זיטמאַן. אין זיינע אַרויסטרעטונגען איז ער שטענדיק אָריגינעל, אייגנאַרטיק, זאַכלעך און ערנסט. איז אַלעמאָל געווען און געבליבן איינער פון די זיילן פון דער הילפס־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

אַ געטרייער רעליף־טוער, וואָס פאַרנעמט אַ חשובן אָרט אין דער הילפס־אַרבעט איז שלום אָבערמאַן. זיין אָנוועזנהייט און אַרויסטריט אויף אַ רעליף־מיטינג גיט שטענדיק צו זאַכלעכקייט דער אַרבעט.

איינער, וואָס האָט, דאַכט זיך, נישט פאַרפעלט קיין איין צוזאַמענקונפט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט איז דער ליבער פריינד ישראלקע בראָדער, וואָס דאַרף אייגנטלעך הייסן זיגאַס, ווייל צוויי ברידער, עלטער־זיידעס פון דער פאַמיליע זיגאַס, זיינען אין טשענסטאָכאָוו באַצייכנט געוואָרן מיט צוויי פאַרשיידענע נעמען: זיגאַס און בראָדער. ישראלקע בראָדער אַלס רעליף־טוער קען דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר גאָר אַ סך יינגערע פון אים, וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ סך יאָרן שפּעטער.

איינער, וואָס האָט אָפּגעגעבן אַ סך אַרבעט און ענערגיע דער רעליף־אַרבעט איז יחזקאל ווין; ער איז אין משך פון עטלעכע יאָר געווען סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק און באַאַמטער פון טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

מער ווי יעדער איינער באַזונדער האָט אָפּגעגעבן יאָרן־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו אַבע קויפמאַן, דער למדן אין אַלטער יידישקייט, און געטרייער חבר פון די נייע באַוועגונגען. ער איז כמעט דער שטענדיקער סעקרעטאַר פון רעליעף, אָן אים, אָן זיין אַרבעט, אינפאָרמאַציע וועגן די לאַנדסלייט, וואָס ער באַזיצט, קען מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז אַפילו איין אונטערנעמונג, איין צוזאַמענקונפט זאָל קענען פאָרקומען. אַלס מיטגליד אין רעדאַקציע־קאָלעגיע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"—האָט ער אַ

סך בייגעשטייערט ביים זאַמלען דעם געשיכטלעכן מאַטעריאַל און בכלל אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן צו פאַרווירקלעכן די גרויסע אידעע פון פאַראייביקן טשענסטאָכאָוו אין אַ בוך.

דער לעצטער — דער ליבסטער איז דער אַלט־יונגער יעקב־בער סילווער. זיין פּערזענלעכקייט, וואָס איז דער בעסטער באַווייז פון גרויסן לעבנס־כוח, פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, זיין ענערגיע און געטריישאַפט צו זיינע ברידער, וועמען ער האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן — פאַרדינען, אַז זיין נאָמען זאָל פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון אונדזער משפחה. ער איז עטלעכע יאָר געווען פּרעזידענט פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק", טשערמאַן פון עקזעקוטיוו פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און טשערמאַן פון קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן". אַלס אַזעלכער האָט ער שטאַרק מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון רעדאַקציע־קאָלעגיע און געפירט די אַרבעט פאָראויס. אַזאַ טבע האָט ער אין אַלץ, אין וואָס ער באַטייליקט זיך, צו פירן און שטויסן פאָראויס...

⁂

מיט דער גרינדונג פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" זיינען, צוזאַמען מיט די פריער אויסגערעכנטע טוער, צוגעקומען אַ גאַנצע ריי נייע פריינד, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער הילפס־אַרבעט.

דעם אַמט פון פּרעזידענט פאַרנעמט זינט דעם יאָר 1928 פריינד אברהם־יעקב סענזער. אונטער זיין פירערשאַפט איז באַשלאָסן געוואָרן און אַדורכגעפירט געוואָרן דאָס זאַמלען פון צען טויזנט דאָלאַר פאָנד און דאָס אַרויסגעבן פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן". מיט זיין אייזערנער ענערגיע און שכל הישר האָט ער געפירט דעם רעליף דורך די שרעקלעכסטע צייטן, פון צווייטן וועלט־חורבן, ווען מיר זיינען אינגאַנצן געווען אָפּגעריסן פון טשענסטאָכאָוו און ווען עס זיינען אָנגעקומען די גרויליקע בשורות פון חורבן טשענסטאָכאָוו. אין די אַלע צייטן האָט ער צוזאַמענגעהאַלטן דעם טשענסטאָכאָווער יידישן קיבוץ אין אַמעריקע, כדי צו זיין גרייט, ווען דער הילפס־רוף פון יענער זייט ים וועט קומען. עס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך דאָס אַלץ אַדורכצופירן, באַזונדערס פאַר אַן אַרבעטס־מענטש. אַ סך אויסדויער, טאַקט און געבוירענע קלוגשאַפט האָט זיך דערצו געפאָדערט און אברהם סענזער איז געבענטשט דערמיט אין גאָר אַ גרויסער מאָס.

גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר טשענסטאָכאָווער הילף־אַרבעט אין ניו־יאָרק האָט יוסף קויפמאַן, וואָס פאַרנעמט דעם אַמט אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר. אַ זון פון טשענסטאָכאָווער למדן, ר' בעריש דין, דינט ער אין אַמעריקע זיין טשענסטאָכאָווער עדה יידן פון דער אַלטער און נייער היים, מיט זאַכלעכער עצה און טאַט. יאָרן מי־פּולע אַרבעט האָט ער אָפּגעגעבן דעם רעליף. די אַרבעט פלעגט ער טאָן אין די נעכט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין זיין פּרינטינג־שאָפּ. נישט איינמאָל איז אים אויסגעקומען אָפּצושטעלן דעם שאָפּ און גיין צו אַ רעליף־מיטינג. אָבער קיין זאַך איז נישט צו שווער פאַר אים אויב עס גייט וועגן אויספירן די מצווה פון ברידער־הילף.

דזשעק קאַפּין, אָדער יאַנקל קאַפּינסקי, אין דער אַלטער היים, דער גוטער חבר פון די „פּועלי־ציון", פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" און „לירא", וועמען אַלע האָבן ליב געהאַט — איז דער קאַסירער. אויף די אונטערנעמונגען פון רעליף איז ער דער צומיינסטן באַשעפטיקטער רעליף־טוער, זאַמלענדיק די געלטער פאַרן טשענסטאָכאָווער פאָנד.

צוזאַמען מיט זיי האָט ער אָפּגעגעבן יאָרן־לאַנגע אַרבעט, פאַרן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" דער וויצע־פּאָרזיצער פריינד הערי פייערשטיין. ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער אַרבעט נישט נאָר מיט זיין אַמט. נאָר אויך מער מיט זיינע ברייט־האַרציקע בייטראָגן צו יעדער זאַמלונג.

דעם יונגן דור אין אַמעריקע האָט אין דער הילפס־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו פאַרטרעטן מאַקס קאַמינסקי. אַלס פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר. ער איז שוין אויך געווען פּרעזידענט פון די „יאַנג מענס".

א. כראַבאַלאָווסקי האָט אין „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק", ביי דער לײדיס אָקזילערי און אין „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" אויסגעפירט דאָס שליחות, וואָס די אָנפירער, לערער און על פי רוב די קינדער און זייערע טאַטעס און מאַמעס האָבן אים איבערגעגעבן, אין זייער נאָמען האָט ער גערעדט, געבעטן און געפאָדערט. איצט אין דער גרויליקער צייט פון חורבן טשענסטאָכאָוו — איז די איינציקע האָפענונג און טרייסט, וואָס בלייבט פאַר אַלע טוער פון טשענסטאָכאָווער ברודער־הילף, אַז עס וועלן דאָרט נאָך לעבן יידישע קינדער, אַז עס וועט נאָך הילכן זייער יידישער לשון און געזאַנג און זייער לעבן וועט זיין בעסער און שענער ווי פון די, וואָס זיינען אויף אַזאַ שוידערלעכן אופן אומגעקומען.

איינער פון די יינגסטע רעליף־טוער אין אַמעריקע, איז ר פ א ל פ ע ד ע ר מ אַ ן געקומען קיין אַמעריקע אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און מיטגעאַרבעט מיט זיך דעם הילפס־רוף, דעם וויי־געשריי און פאַרצווייפלונג פון אונדזערע ברידער, וואָס האָבן זיך שוין געצאַפּלט אין די מערדערישע ציין פון דייטשלאַנדס מאָרד־מאַשין. ער האָט אָפּגעגעבן אַ מאַסע ענערגיע דער רעליף־אַרבעט אַלס אָנפירער פון אינפאָרמאַציע־ביוראָ, ביים צוגרייטן דעם מאַטעריאַל פאַר די בולעטינען פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף און לײדיס אָקזילערי", ביים צוגרייטן די לאַנד־קאָנפערענץ און יעדע קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין משך פון די לעצטע יאָרן. אַלס סעקרעטאַר פון דער בוך־אויסגאַבע און מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט ער פאַרבונדן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, ארץ ישראל און

אין אַנדערע לענדער און אין גאַר אַ גרויסער מאָס ביי־
געשטייערט צו דער פאַרווירקלעכונג פון דער אידעע פון
אַנדענק־בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״.

*
**

דער יינגסטער פון די רעליף־טוער, וואָלף גליקסמאַן, האָט מיטגעמאַכט אַלע גרוילן פון נאַצי־הערשאַפט, אַדורכגעלעבט דאָס אויסראָטן פון יידישן טשענסטאָכאָוו, און מיטן שארית הפליטה געראַטעוועט געוואָרן פון די קאַלך־איוווּנס פון אָשוויענטשים און דאַכאַו. נאָכן קומען קיין ניו יאָרק איז ער גלייך געוואָרן אַקטיוו אין „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ ווי ער האָט איבערגענומען די אַרבעט אַלס סעקרעטאַר און אין אַ גרויסער מאָס די לאַסט פון די ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט וואָס דער רעליף האָט געפאָדערט. ער האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער אינפאָרמאַציע־ביוראָ און פרעסע־אָפּטיילונג ביים י. ט. ר. ק. אַלס מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט וואָלף גליקסמאַן אָפּגעגעבן אַ סך ענערגיע און מי צו העלפן פאַרענדיקן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״.

---

נאָך צענדליקער פערזאָנען, וואָס זיינען געווען טעטיק אין רעליף אַלס באַאַמטע אין פאַרשיידענע צייטן און אין די עקזעקוטיוועס פון רעליעף פאַרדינען דערמאָנט צו ווערן מיט אָנערקענונג. צווישן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט:

איזי בערגער, מאָריס געלבער, דזשאָו דזשייקאָבס, מאַקס דזשייקאָבס, עמאַנועל וואָרגאַן, נייטן ווייסבערג, דזשעק ליווי, אברהם פרידמאַן, דוד פרידמאַן, מאיר פיינער, פרייערמויער, מאַקס קוזשמינסקי, מאַקס קעפּפּ, דזשאָו ראָזענבלאַט.

---

## די, וואָס זיינען פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן.
## (אונדזערע פאַרשטאָרבענע טוער)

אונדזער הייליקער חוב איז קודם־כל צו דערמאָנען די, וואָס זיינען פון אונדז אַוועק, וואָס דער טויט האָט זיי אַלע פון אונדז אָפּגעריסן פאַר דער צייט. זאָלן די דאָזיקע שורות זיין דער אויסדרוק פון גרויסער ליבע און פאַרערונג וואָס די גאַנצע טשענסטאָכאָווער משפחה פילט צו זייער אַנדענק.

הערי פייערשטיין, געשטאָרבן אין יאָר 1936. ער האָט אָפּגעגעבן דעם טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער־רינג, דעם טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין און דעם „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״, אַלע זיינע פרייע טעג און שעהן, נאָך דער שווערער אַרבעט אין שאַפּ. ער איז ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן געווען דער קאַסירער פון רעליף.

מאַקס קאַרפּיעל, געשטאָרבן אין יאָר 1936. פאַרטרעטער פון די „יאַנג מענס״ און „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״ און אַקטיווער מיטהעלפער אין דער אַרבעט פון דער ליידיס אָקזילערי. ער איז געווען איינער פון די ליבסטע געשטאַלטן צווישן די טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט. ער איז געווען אַ האַרציקער, גוטער מענטש, מיט אַ סך אָפּפערווילעקייט, געטריישאַפט און צוגעבונדנקייט צו זיינע ברידער. אונטער זיין נאָמען פלעגן אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו די סומעס, וואָס די ליידיס אָקזילערי האָט געשיקט פאַר די קינדערהיימען און אַנדערע אינסטיטוציעס. און דער נאָמען וועט אויף אייביק בלייבן געבענטשט!

וויליאַם סאָבאַל, געשטאָרבן אין יאָר 1936. האָט אַ סך אַרבעט און געטריישאַפט אָפּגעגעבן די „יאַנג מענס״ און דער רעליף־אַרבעט, סיי אין „טשענסטאָכאָווער רעליף״, סיי אין דער „ליידיס אָקזילערי״. ער איז נישט מיד געוואָרן, נישט אָפּגעשטאַנען ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן, נישט אין דער אַרבעט אין שאַפּ, און נישט פאַר זיינע ברידער דאָ און אין טשענסטאָכאָוו. אין „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״, ווי אין יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזאַציע זיינען פאַרגעקומען חלוקי־דעות, אָבער ווי סאָבאַל האָט מיט זיינע אמתע, אויפריכטיקע רייד שטענדיק באַרויקט די געמיטער, אויסגעגליכן, פאַרברידערט. מיר אַרבעטן דאָך אַלע פאַר איין ציל: צו העלפן אונדזערע ברידער, פלעגט ער זאָגן. און זיינע ווערטער האָבן שטענדיק געווירקט. קיינעם נישט געריצט, ווייל זיי זיינען געקומען פון אַ גוט יידיש האַרץ און אַ פילנדער נשמה...

ריי סאָבאַל, זיין פרוי, געשטאָרבן אין יאָר 1936. איר ליב פּנים מיטן גוטהאַרציקן שמייכל וואָס האָט ווי אַ וואַרעמער, ליכטיקער פייער געלויכטן אויף אַלע טשענסטאָכאָווער צוזאַמענקונפטן איז אַזוי געבליבן לעבן און לייכטן אין יעדנס האַרצן, וואָס האָט זי געקענט, און וועט אייביק אַזוי בלייבן...

זכריה לעווענשטיין, געשטאָרבן אין יאָר 1936. ער איז אינדערהיים געווען אַן אַרבעטער אין ווײנבערגס פאַבריק און אַלס איינער פון די אָנפירער פון דער פרייהייטס־באַוועגונג אין 1905 געווען באַליבט און פאַרערט ביי די יידישע אַרבעטער. ער האָט זיך אויך אַ סך אָנגעליטן אין אַמעריקע און איז גאַר יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. ער איז געווען טעטיק ביי די „יאַנג מענס״ אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר און אין „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. פּונקט ווי אינדערהיים איז אויך דאָ זיין געדאַנק געווען שאַרף, קלאָר און אינטעליגענט. און מען האָט זיך צו אים צוגעהערט. זיין טויט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע דערשיטערונג ביי אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. זיין אַנדענק וועט לאַנג לעבן.

ניסן צימערמאַן, געשטאָרבן אין יאָר 1936. איז געזעסן ווי שטענדיק אויבנאָן מיט זיין ווירדיקער געשטאַלט אויף אַ צוזאַמענקונפט פון רעליף, האָט זיך אויפגעהויבן, געדריקט די נעבנזיצנדיקע פריינד די הענט און איז אַוועק... אַוועק אויף אייביק. ער איז געשטאָרבן אויפן

וועג אַהיים. אויך ער האָט געאַרבעט ביז די לעצטע טעג אין שאַפּ און איז געווען איינער פון די יינגערע (פון די 1905ער) פּרעזידענטן פון די „יאָנג מענס“, ביי די זאלאשינער און ערשטער פּרעזידענט פון ניי אָרגאַניזירטן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף“. ער האָט באַזיצט אַ סך שכל הישר און ווירדע פון אַן אָנפירער. זיינע ווערטער זיינען געווען געוואויגן און געמאָסטן און דערפאַר שטענדיק דערגרייכט זייער ציל. די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט באַערט זיין אָנדענק יעדעס יאָר מיט אַ צוזאַמענקונפט. און ער האָט עס כשר פאַרדינט.

ראָוז ריכטער, געשטאָרבן אין יאָר 1936. זי איז געווען אַן אַקטיווע טוערין אין אַרבעטער־רינג ברענטש 261 און וויס־טשערליידי אין דער ליידיס אָקזילערי.

מאיר רעמבאַק, געשטאָרבן אין יאָר 1936. אויך יונג פלוצלינג אַוועק פון דער וועלט. ער איז געווען אַ חשובער מיטגליד און טוער אין טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש 261. און איז אָפט אַרויסגעטרעטן אינעם נאָמען פון זיין ברענטש אויף די טשענסטאָכאָווער צוזאַמענקונפטן. זיין לעצטער אַרויסטריט אויף אַ באַנקעט פון רעליף איז געווען אַ סימבאָלישער. די סכנה פון פאַשיסטישע אָנפאַלן אויף ניו־יאָרק איז געווען אַריבער און אין דער „באַן“ מיט וועלכער ער איז געפאָרן צום באַנקעט האָט מען צום ערשטן מאָל געענדיקט דעם „דימאַוט“ (טונקל־באַלויכטנקייט) און אָנגעצונדן פולע ליכט. ער האָט געזען אין דעם אויפגיין די ליכט פאַר דער וועלט. די נשמה פון דעם טייערן מענטש און חבר, וועט ווי דאָס ליכט נישט אויפהערן צו לייכטן.

---

# די טשענסטאָכאָווער שול אין ניו־יאָרק

אַלע טשענסטאָכעווער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט גרופּירן זיך אַרום דעם פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף און ליידיס אָקזילערי. איינע פון די אַדרעסן פון טשענסטאָכאָווער יידן איז די „חתם סופר־שול“, 8 און 10 קלינטאָן סטריט, ניו־יאָרק, אין סאַמע האַרץ פון גאַליציאַנער קוואַרטאַל. — אָט די שול האָבן געהאָלפן בויען די באַרימטע יידישע פילאַנטראָפּן יעקב שיף און לואיסאָן.

די טשענסטאָכאָווער חתם־סופר־שול אויף קלינטאָן סטריט איז איצט אַ גאַליציאַנער שול. זי באַלאַנגט צו די סאַמע עלטסטע שולן אין ניו־יאָרק. די שול איז אַמאָל געווען כמעט ווי אַ רעפאָרם־שול. ד״ר סטיפען ס. וויזס פאָטער איז געווען דער רבי און ד״ר סטיפען וויז אַליין איז אין דער שול בר־מצוה געוואָרן. דער רב פון דער שול איז איצט הרב ר׳ מרדכי מייער, אַ תלמיד פון דער ישיבה „חכמי לובלין“, וואו דער פּיעטרקאָווער רב, הרב שאַפּיראָ, איז געווען דער ראש־ישיבה.

די באַאַמטע פון דער שול דערציילן אייך די געשיכטע פון דער „חתם־סופר־שול“ אין פּשוטע ווערטער. מר. ליבער גריל דערציילט אונדז, אַז אין דעם יאָר 1886 האָט עקזיסטירט אַ קליין שולעכל אין קאָלאָמביא־סטריט, וואָס איז אויפגעהאַלטן געוואָרן מערסטנס פון אונגאַרישע לאַנדסלייט אונטער דעם נאָמען „חתם סופר“ — לזכרון פון גרויסן אונגאַרישן גאון פון דער חתם־סופר־ישיבה. די שול האָט געהאַט צוויי הונדערט מיטגלידער. און ווען די שול איז געוואָרן צו קליין, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן אַ גרעסערן מקום קדוש, און יגעתי מצאתי געפונען אויף 8 — 10 קלינטאָן סטריט, דעם דעמאָלטיקן רודף שלום־טעמפּל — אַן עכט רעפאָרמירטע שול אויף דעם ריכטיקן שטייגער: יידן מיט זייערע פרויען זיינען געקומען אום שבת צו פאָרן מיט „קעריעדזשעס“, און אַן אָרגל האָט געשפּילט אין באַגלייטונג פון „באָיעס“ און מיידלעך אין „קוואיער“ אאַז״וו. דאָס הייסט, אַז אונדזערער אַ היימישער אַלטיטשקער, און אפילו אַ יונגער ייד, האָט נישט געוואַגט אַריינצוגיין דאָרטן און אויסגיסן זיין האַרץ פאַרן רבונו־של־עולם אויפן יידישן שטייגער. נאָך פיל פאַרהאַנדלונגען איז דאָס הויז געקויפט געוואָרן און צו מזל איבערגענומען געוואָרן און באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עכט אָרטאָדאָקסישער שול כנהוג, אָבער בלויז אין משך פון צוויי יאָר, האָט זיך די חברה געשפּאָלטן, נישט קענענדיק אויסהאַלטן די גרויסע הוצאה, וואָס אַ שול דאַרף האָבן. העכער 150 מיטגלידער האָבן פאַרלאָזן די שול און געגרינדעט אַ לאָזשע אונטער דעם זעלבן נאָמען „חתם־סופר־לאָזשע“. אין יאָר 1890 האָט דאָס הייפעלע מיטגלידער געטאָן אַלץ, כדי אויפצוהאַלטן די שול. אָבער עס איז נישט געווען מעגלעך נאָכצוקומען דעם „מאָרטגעידזש“ מיט די צינזן. דער מאָרטגעדזשיר האָט „פאָרקלאָוזד“ דאָס הויז און יידן זיינען געבליבן כמעט ווי אויף דער גאַס, אָן אַ שול. ווי אין אַלע אַנדערע געזעלשאַפטן, האָבן זיך אויך דאָ געפונען גוטהאַרציקע מיטגלידער, וועלכע האָבן געטראָגן מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווי אַנדערע. ווען עקס־פּרעזידענט ש. גליק, וועלכער איז שוין אויף דעם עולם־האמת, האָט געזען, אַז דאָס הויז איז שוין פאַרקויפט געוואָרן צו ספּעקולאַנטן און מען האָט שוין אָנגעהויבן צו שלעפּן די ציגל פון די ווענט, כדי צו פאַרוואַנדלען דאָס הויז אין אַ טעאַטער אָדער אַ קינאָ, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט, און אַרויסגעגאַנגען אין גאַס זוכן שותפים צו דעם צעבראָכענעם בנין, אַרומגייענדיק צו סאָסייעטיס. אין אַ פיר וואָכן צייט איז אים געלונגען צו ראַטעווען די שול.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דעמאָלט האָט די קאָנגרעגעישאָן געהאַט בלויז 40 מיטגלידער.

אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אויף שעריף סטריט,

האָט עקזיסטירט אַ סאָסייעטי מיטן נאָמען „טשענסטאָכאָווער חברה״, וועלכע איז באַשטאַנען פון 150 מיטגלידער. צוויי פון זיי, די ברידער ד. גייזלער און ישראלקע בראָדער, זאָלן מאריך ימים זיין, זיינען שוין 50 יעריקע מיטגלידער פון דער חברה. נישט געקוקט דערויף, וואָס אונגאַרישע און פוילישע זיינען קיין מאָל נישט אַזעלכע פּאַסנדיקע מחותנים, איז דאָך דער שידוך צושטאַנד געקומען. די אויבנדערמאָנטע האָבן, נאָך עטלעכע קאָנפערענצן מיט אַ פּאָר יידן כלל־טוער, ווי די עקס־פּרעזידענטן, דער פאַרשטאָרבענער ש. שייקעוויטש און ה. ווילטשינסקי, ש. גאָלדבערג און ד. גייזלער, זיי צו לאַנגע יאָרן, זיינען נאָך איצט מיטגלידער, באַוויזן צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. ביידע חברות האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן.

מיט פאַראייניקטע כוחות האָט מען זיך טאַקע באַלד אַריינגעוואָרפן אין דער עבודה, און אַחוץ דעם בשותפותדיקן פאַרמעגן, אַ קאַפּיטאַל פון טויזנטער, האָט מען אויך געזאַמלט נדבות. אַזוי ווי דאָס איז נאָך אַלץ נישט געווען גענוג, איז מען אַריין צו דעם פילאַנטראָפּ יעקב ה. שיף און לואיסזאָן און די ביידע האָבן מנדב געווען צו טויזנט דאָלאַר, בתנאי, אַז די חברה זאָל שאַפן 25 טויזנט דאָלאַר. באַדאַרפט האָט מען 65 טויזנט דאָלאַר. מען האָט געקליבן אַ פּעני צו אַ פּעני, אַרומגעגאַנגען אפילו איבער די גאַסן מיט פּאַטשיילעס און באַזוכט „סאָסייעטיס״ און פאַראיינען, וועלכע האָבן נישט נאָר נישט געגעבן גאָרנישט, נאָר זיי האָבן טאַקע, לויטן דעם אַלטן שטייגער אין ניו־יאָרק, נישט אַריינגעלאָזט צו זיך די קאָמיטעטן. דער „סאָלדאַט מיט דעם ריגל״, די „אינערע וואַכע״ האָט געזאָגט „ניין״, איז ניין בפקודת הגענעראַל, דעם פּרעזידענט מיטן האַמער. אפילו די הספדים, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין שול שבתים האָבן ווינציק וואָס געהאָלפן. אָבער נאָך שווערער מי האָט זיך דאָך איינגעגעבן די פּאָר מיטגלידער צו שאַפן אַ סכום פון 18 טויזנט דאָלאַר און דאָס איבעריקע האָט מען געדעקט מיט מאָרטגעידזשעס. מען איז צוגעטרעטן תיכף איבערצובויען כמעט די גאַנצע שול, וועלכע איז געווען צעבראָכן אויף שטיקער און אויסגעזען ווי אַ ריכטיקע חורבה.

איצט איז די שול איינע פון די שענסטע און עלטסטע שולן אין גאַליציאַנער קוואַרטאַל.

---

# די „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס״

די „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס״ סאָסייטי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1888 פון 18 יונגעלייט, אַלע טשענסטאָכאָווער.

זייענדיק נישט לאַנג אין אַמעריקע און קליין אין צאָל—עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען עטלעכע צענדליק לאַנדסלייט אין גאַנצן לאַנד — פלעגן זיי זיך צוזאַמענקומען יעדן אָוונט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, אויף דילענסי קאָרנער נאָרפאָלק סטריט און דאָרט איז די ערשטע טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי אין אַמעריקע געבוירן געוואָרן.

פון די ערשטע גרינדער געפינען זיך נאָך היינט מיט אונדז פון די טיכטיקסטע פאָלגנדיקע מיטגלידער: דזשאָזעף האָפּנונג, וועלכער איז פאַר לאַנגע יאָרן געווען רעקאָרדינג־סעקרעטאַר און לואיס שימקאָוויץ, וועלכער איז מיט דרייסיק יאָר צוריק און אויך צום 50 יאָריקן יובילי געווען פּרעזידענט.

און זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די איבעריקע פּיאָנערן־גרינדער, וואָס געפינען זיך איצט, ליידער, מער נישט צווישן די לעבעדיקע, אָבער וועלכע וועלן שטענדיק מיט כבוד דערמאָנט ווערן. זיי זיינען:

בערל בראַטמאַן
מאַקס קאַרפּיעל.
סעם גאָלדבערג.
ל. גאָטהיינער.
מ. ראָזענטהאַל.
וו. סאָבאָל.
שלום קאָהען.
לייזער ווילינגער.

אין די ערשטע יאָרן האָבן זיך די מיטגלידער באַשטייערט מיט 10 סענט אַ וואָך, אָבער אָן שום בענעפיטן.

אין יאָר 1889 האָט די אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט איר ערשטן טעאַטער־בענעפיט אין דעם דעמאָלט גרויסן „אָריענטאַל־טעאַטער״. די טעאַטער־אונטערנעמונגען זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין משך פון אַ ריי יאָרן. די הכנסות פון די אונטערנעמונגען זיינען באַנוצט געוואָרן צו שטיצן די מיטגלידער אין פאַל פון קראַנקהייט.

עס איז ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען אויסצוהאַלטן די סאָסייטי. אין יענע יאָרן איז דער יידישער עמיגראַציע עלעמענט געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרן. די דעמאָלטיקע יידישע עמיגראַנטן זיינען אין דער היים ניט דורכגעגאַנגען קיין שום שול פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דאָ זיינען זיי געווען גאַנץ ווייניק באַקאַנט מיטן לאַנד און מיט איר שפּראַך, אָבער דער שטאַרקער ווילן און עקשנות פון די ערשטע פּיאָנערן האָט אַלץ גובר געווען.

די „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס״ איז געוואָרן אַ מוסטער, נישט נאָר פאַר די שפּעטער אויפגעקומענע אָרגאַניזאַציעס פון טשענסטאָכאָוו און איר אומגעגנט, נאָר

אויך פאַר אַנדערע שטעט. היינט־צו־טאָג איז די „יאָנג מענס" איינע פון די עלטסטע יידישע סאָסייטיס אין לאַנד.

איר ערשטע קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן אין יאָר 1891.

די ערשטע פופצן יאָר האָט די סאָסייטי געצאָלט אירע מיטגלידער 5 דאָלאַר אַ וואָך קראַנקן־בענעפיט. שפּעטער איז דער בענעפיט געהעכערט געוואָרן ביז 8 דאָלאַר אַ וואָך. עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן שבעה בענעפיט.

עס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן עטלעכע נעמען פון די עלטסטע מיטגלידער וואָס באַלאַנגען צו דער סאָסייטי איבער פערציק יאָר און זיינען נאָך היינט־צו־טאָג טעטיק אין איר פירערשאַפט. זיי זיינען:

דזשעק זיידמאַן.

סעמועל קאַרפּיעל.

איטשע זעלקאָוויטש.

א. ריקמאַן.

גרונם שימקאָוויטש.

אין יאָר 1900 האָט די סאָסייטי געקויפט איר ערשטן באַערדיקונגס־פּלאַץ אויף „מאָונט זייאָן" סעמעטערי. אין יאָר 1920 — איר צווייטן פּלאַץ אויף „מאָונט יהודה". אין 1929 — איר דריטן פּלאַץ אויף „בעטה דייוויד" („בית דוד"): די דריי פּלעצער אויף די סעמעטעריס באַטרעפן אריבער 30 טויזנט דאָלאַר.

אין יאָר 1903 איז געגרינדעט געוואָרן דער לאָאָן־פאָנד, וועלכער באָרגט אויס צו 25 דאָלאַר אָן פּראָצענט.



די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס

זיצן פון רעכטס צו לינקס: מייק ווייסקאָפּ, טראַסטי סעם קאַרפּיעל, וויס־פּרעזידענט דזשאָו דזשויקאָבס, פּרעזידענט אל. דזשויקאָבס, פינאַנץ־סעקרעטאַר מאַקס קאַמינסקי, טרעזשורער איוו פּינקוס, רעקאָרדינג סעקרעטאַר דזשאָו נאָוואַק.

שטייען פון רעכטס צו לינקס: עקס־פּרעזידענט קאַרל בובנער, עקס־פּרעזידענט ראָבערט וויינשטיין, עקס־פּרעזידענט מאַקס דזשויקאָב, מעמבערשיפּ־טשערמאַן סעם זעליגמאַן, לאָאָן־פאָנד־טשערמאַן מאָריס געלבער, סעמעטערי־טשערמאַן דזשאָו קויפמאַן, עקס־פּרעזידענט דעיוו זיטמאַן.

אין יאָר 1907 איז געגרינדעט געוואָרן דער הילפס־פאָנד צו שטיצן מיטגלידער אין אַ נויט־פאַל.

די „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס" האָבן פון די ערשטע יאָרן פון זייער עקזיסטענץ ביז איצט, געשטיצט אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען געווען פון די ערשטע זיך אָנצושליסן און שטיצן דעם פאַרבאַנד פון פוילישע יידן. אין משך פון פיל יאָרן האָבן די „יאָנג מענס" געצאָלט דעם פוילישן פאַרבאַנד צו איין דאָלאַר אַ יאָר פאַר יעדן מיטגליד.

אַ סך מיטגלידער פון די „יאָנג מענס" האָבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי געפונען 70 מיטגלידער פון דער סאָסייטי און 34 קינדער פון די מיטגלידער.

***

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק, האָבן די „יאָנג מענס" אַלס אָרגאַניזאַציע און אירע מיטגלידער יעדערער באַזונדער אין גאַר אַ גרויסער מאָס אונטערשטיצט דעם „רעליף". מיט דער גרעסטער ברודערלעכער ליבע און איבערגעבנקייט האָבן זיי גע־טראָגן אויף זיך אַלע שווערע לאַסטן פון דער הילפס־אַרבעט פאַר דער אַלטער היים.

אין יאָר 1919 האָט די „יאָנג מענס" אָרגאַניזאַציע געשטיצט דעם רעליף מיט 300 דאָלאַר. פון דעמאָלט אָן האָט די „יאָנג מענס" יעדעס יאָר געשטיצט די אונטער־נעמונגען פון רעליף מיט גרויסע געלט־סומעס. אין 1922 איז די סומע באַשטאַנען פון 500 דאָלאַר.

וויכטיק און גרויס איז געווען דער אָנטייל פון די „יאָנג מענס" אין אויפבוי פון י. ל. פּרץ־הויז אין טשענ־סטאָכאָוו. די מיטגלידער פון דער סאָסייטי האָבן זיך באַ־שטייערט, ספּעציעל פאַר דעם ציל, מיט 5 דאָלאַר פּער קאָפּ.

אויף דעם אָנדענק־טאָוול, איינגעמויערט אין דער וואַנט פון י. ל. פּרץ־הויז מיט די נעמען פון די, וואָס האָבן עס געהאָלפן אויפבויען — געפינען זיך פאָלגנדיקע מיטגלידער פון די „יאָנג מענס":

בוכנער וויליאַם.
זיידמאַן דזשעק.
זעלקאָוויטש איטשע.
טעפּער איזי.
מענטקאָוו אַבע.
סאָבעל וו.
קאַרפּיעל מעקס.
ריקמאַן איזי.
שימקאָוויץ לואיס.

די לײדיס אוקזילערי, וואָס פאַרנעמט דעם שענסטן אָרט אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער ברודער־הילף — איז אָריגינעל געגרינדעט געוואָרן ביי די „יאָנג מענס". אין יאָר 1922, ווען דער טשענסטאָכאָווער רעליף האָט באַשלאָסן אויפצושטעלן דאָס י. ל. פּרץ־הויז אין טשענסטאָכאָוו און עס האָט זיך דערצו געפאָדערט אָן אַ שיעור אַרבעט — האָט זיך די לײדיס אוקזילערי פאַר־בונדן מיטן רעליף, אים מיטצוהעלפן אין דער ריזיקער אונטערנעמונג. די אָנפירער און מיטאַרבעטער פון דער לײדיס אוקזילערי זיינען אָבער געבליבן די טוער און פירער פון די „יאָנג מענס".

### דור הולך ודור באָ

אַזוי ווי ביי אַ גאַנץ פאָלק, אַזוי באַוויזט אַן אָרגאַ־ניזאַציע איר לעבנס־פעאיקייט נישט נאָר דערמיט, וואָס זי ווערט אַלט אין יאָרן, נאָר מער דורך דעם, וואָס זי ווערט פאַריינגערט. דאָס איז געשען די לעצטע 15—20 יאָר ביי די „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס". אַ נייער, אַ יונגער דור, דאָ געבוירענע קינדער און אויך אַ יינגערער עלעמענט, וואָס איז שפּעטער אַריבערגעקומען פון טשענ־סטאָכאָוו — איז אויסגעוואַקסן און טיילווייז איבערגענו־מען די פירערשאַפט. אַזוי זעען מיר, למשל, אַז צום 30טן יובילעאום פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געפייערט געוואָרן דעם 7טן דעצעמבער 1918 אין „ראָיאַל ליסעאום" זיינען די באַאַמטע באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען:

עסק־פּרעזידענטן:

ל. שימקאָוויטש, ה. ווילטשינסקי, מ. ראָזענטהאַל, ג. שימקאָוויטש, ב. בראַטמאַן, ל. ווילינגער, ס. גאָלדבערג, ב. גאַטיינער, דזש. זיידמאַן, וו. סאָבאָל, מ. קאַרפּיעל, י. זעלקאָוויטש.

באַאַמטע פאַרן יאָר 1919.

פּרעזידענט — ס. גאָלדבערג, וויס־פּרעזידענט — וו. סאָבאָל, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר — דזש. האָפּנונג, פי־נאַנס־סעקרעטאַר — ר. קאָהען, טרעזשורער — י. זעל־קאָוויטש, ערשטער טראַסטי — ל. ווילינגער, מאַרשאַל — דזש. זעלקאָוויטש.

אָבער צום 40 יאָריקן יובילעאום, געפייערט דעם 9טן דעצעמבער 1928 אין „פּאַרק־פּאַלאַס" געפינען זיך שוין צווישן די באַאַמטע עטלעכע יונגע מיטגלידער, ווי: דזשעק דזשייקאָבס — עקס־פּרעזידענט, דוד זיטמאַן — צווייטער טראַסטי, און ניסן צימערמאַן ע"ה, מ. ווייס־קאָפּ, א. נירענבערג, ד. ווייסקאָפּ, מאָריס ווייסקאָפּ — און אַראַנזשעמענט־קאָמיטעט פון יובילעאום.

צום 45־יאָריקן יובילעאום, אָפּגעהאַלטן דעם 24טן דעצעמבער 1933 אין „סענטראַל־פּלאַזאַ" געפינט זיך שוין דוד זיטמאַן אויף דער ליסטע פון די עקס־פּרעזידענטן און ס. ראַבינאָוויטש, אַ דאָ געבוירענער אַלס פּרעזידענט. זכריה לעווענשטיין — פינאַנס־סעקרעטאַר, וואָלף בוכ־נער — טראַסטי און מאַקס דזשייקאָבס — טשערמאַן פון הילף־פאָנד.

אַנדערע עקס־פּרעזידענטן פון די נייע טוער זיינען געווען: ניסן צימערמאַן ע"ה, ראָבערט ווינשטיין און

מעקס דזשייקאָבס. אַ גאַנצע ריי יינגערע מיטגלידער זיינען געווען טעטיק אין די קאָמיטעטס.

ביי דער פייערונג פון 50־יאָריקן יובילײ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 25טן דעצעמבער 1938 אין „מאַנהעטן סענטער״, מיטן אַנטייל פון 460 פּערזאָן — איז דער כבוד צו זיין פּרעזידענט און רעקאָרדינג־סע־קרעטאַר פון דער סאָסייטי איבערגעגעבן געוואָרן די צוויי גרינדער און עלטסטע מיטגלידער פון דער סאָסייטי — לואיס שימקאָוויטש (פּרעזידענט) און דזש. האָפּנונג (רעק. סעקר.).

די אַנדערע באַאַמטע אין דעם יאָר זיינען געווען:

יוסף קויפמאַן — וויצע־פּרעזידענט, זכריה לעווענ־שטיין — פינאַנס־סעקרעטאַר, מ. וויסקאָפּ — טרעזשו־רער, וו. סאָבאָל — טראַסטי, סעם קאַרפּיעל — טראַסטי, סעם גאָלדבערג — סעמעטרי־טשערמאַן, דזשעק דזשיי־קאָבס — טשערמאַן פון ענטערטיינמענט, מעקס גליקסאָן ע״ה — טשערמאַן פון הילפס־פאָנד, ראָבערט וויינשטיין — טשערמאַן פון לײַ־פאָנד, ניסן צימערמאַן ע״ה — טשער־מאַן פון אַלד־אײדזש פאָנד, דייוו שייער — סאַרדזשענט אַוו אַרמס.

אין אַראַנזשעמענט קאָמיטעט צום 50־יאָריקן יובילײ האָבן גענומען אַנטייל אַ גאַנצע ריי מיטגלידער פון יונגן דור. צווישן די וואָס האָבן שוין דעמאָלט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער פירונג פון דער סאָסייטי זיי־נען געווען: מאַקס זעליגמאַן, מאַקס קאַמינסקי, דזש. נאָוואַק, אב פּינקוס און על. דזשייקאָבס.

אין די לעצטע 8 יאָר נאָך דעם 50־יאָריקן יובילײ איז די פירערשאַפט אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צום יינ־גערן עלעמענט. לעצטנס זיינען די פירער פון דער סאָ־סייטי געווען: מאַקס דזשייקאָבס, געווען צוויי יאָר פּרע־זידענט, מאַקס זעליגמאַן — צוויי יאָר פּרעזידענט, מאַקס קאַמינסקי — דריי יאָר פּרעזידענט.

באַאַמטע אין יאָר 1945 זיינען געווען:

קאַרל בוכנער — פּרעזידענט, מ. וויסקאָפּ — וויצע־פּרעזידענט, דזש. נאָוואַק — רעקאָרדינג סעקרעטאַר, דזש. דזשייקאָבס — פינאַנס־סעקרעטאַר, ד. זיטמאַן — טרע־זשורער, דזש. זיידמאַן — טראַסטי, ס. קאַרפּיעל — טראַסטי, ר. וויינשטיין — טשערמאַן פון הילפס־קאָמי־טעט, דזש קויפמאַן — סעמעטרי־טשערמאַן, מ. געלבער — טשערמאַן פון לײַ־פאָנד, מאַקס קאַמינסקי — טשער־מאַן פון ענטערטיינמענט, אב פּינקוס — טשערמאַן פון אַלד־אײדזש־פאָנד, דזש. דזשייקאָבס — מעמבערשיפּ.

ניי דערוויילטע באַאַמטע פאַרן יאָר 1946.

על. דזשייקאָבס — פּרעזידענט, מ. בליץ — וויצע־פּרעזידענט, מאַקס קאַמינסקי — סעקרעטאַר, א. פּינקוס — טרעזשורער. די אַנדערע באַאַמטע זיינען געבליבן די זעלבע ווי אין 1945.

## „טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס״ און „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״

עס איז שוין דערמאָנט אויף אַן אַנדער אָרט, אַז דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו פון די „יאָנג מענס״. דריי פון די ערשטע באַאַמטע פון „יו. טש. ר.״ ניסן צימערמאַן — פּרעזידענט, לואיס שימקאָוויטש — טרעזשורער, יוסף קויפמאַן — סעקרעטאַר, זיינען גלייכצייטיק אויך געווען די אָנפירער פון די יאָנג מענס. אַזוי ווי דער „טשענ־סטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״ אַזוי האָט אויך דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ געקריגן פון די „יאָנג מענס״ די גרעסטע און שטאַרקסטע שטיצע סיי מאָראַליש, סיי מאַטעריעל, דאָס הייסט מיט גרעסערע געלט־סומעס.

ווי גרויס ס׳איז געווען די שטיצע פון די „יאָנג מענס״ צום „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ באַווייזט דער פאַקט, וואָס אויף דעם מאַסן־מיטינג דעם 27טן מאַי, 1945 אין „מאַנהעטן סענטער״ האָט פריינד יוסף קויפמאַן אין נאָמען פון די „יאָנג מענס״ בייגעשטייערט צו דער זאַמלונג פון רעליף די סומע פון 1.500 דאָלאַר. די דאָזיקע סומע איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ ספּעציעל געגרינדעטן קאָמיטעט, וואָס האָט געזאַמלט ביי די מיט־גלידער טויזנט דאָלאַר און 500 דאָלאַר האָט די אָרגאַ־ניזאַציע באַוויליקט פון איר אייגענער טרעזשורי.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע מיטאַרבעטער:

דזשאָ קויפמאַן, טשערמאַן.
מעקס קאַמינסקי, סעקרעטאַר.
קאַרל בוכנער.
מאָריס געלבער.
על דזשייקאָבס.
דזשאָ דזשייקאָבס.
דזשעק דזשייקאָבס.
מעקס דזשייקאָבס.
ראָבערט וויינשטיין.
מייקל וויסקאָפּף.
דוד זיטמאַן.
דזשעק זיידמאַן.
אב פּינקוס.
דזשאָ נאָוואַק.
סעם קאַרפּיעל.

# „טשענסטאָכאָווער יאַנג ליידיס אוקזילערי" אין ניו־יאָרק

אין דער ארבעט פון „הילף־פאַראיין" און טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק האָבן די פרויען די גאַנצע צייט גענומען א גרויסן אָנטייל. קיין שום באַל, קיין שום אנדערע אונטערנעמונג איז נישט פאָרגעקומען אָן זייער מיטארבעט און הילף.

אין 1922 איז דורך דער איניציאַטיוו פון פריינד לואיס שימקאָוויטש און אנדערע פריינד פון די „יאַנג מענס" געגרינדעט געוואָרן די באַזונדערע פרויען־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען: „טשענסטאָכאָווער יאַנג ליידיס אוקזילערי", מיטן ציל צו שטיצן מט שפייז און קליידונג די מלחמה־יתומים און אָרעמע קינדער פון טשענסטאָכאָוו.

די פעטיציע פאַר א טשארטער האָבן אונטערגעשריבן: לואיס שימקאָוויטש, בערטא בראַטמאַן, אנא ווייסקאָפּ, קייטי דזשעקסאָן, ריי סאַבאַל.

דער צוזאַמענשטעל פון ערשטן „באָארד אָוו דירעקטאָרס" איז באַשטאַנען פון: צייליע שימקאָוויטש, ראָוז ווייסקאָפּ, דאָרע ראָזען, העלען פרידמאַן, אנא זעלקאָוויטש, העלען לייכער, רוט הילער, צייליע דזשייקאָבס, ראָוז גאָלדבערג, ביטריס זיידמאַן, גאָסי דזשייקאָבס, רעבעקע סקאָווראָנעק.

שפּעטער זיינען צוגעקומען: לינא ווין, יעטא קאַרפיעל, אַנאַ ריפּס, ראָוז אַדלער, ס. פויסט, מיני קאַרפיעל, אנא סעמועלס, גאָסי לעווענשטיין, וויינשטיין.

אַלס ערשטער פּרעזידענט פון דער „טשענסטאָכאָווער יאַנג ליידיס אוקזילערי" איז געוויילט געוואָרן פריינד לואיס שימקאָוויטש; אַלס וויצע־פּרעזידענט — לינא ווין; פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — ראָוז אדלער; פינאַנץ־סעקרעטאַר קייטי דזשעקסאָן; קאַסירער — רעי סאַבאַל; פאַרטרויאונגס־פרוי — אַנאַ ווייסקאָפּ.

זייער ערשטע גרעסערע אונטערנעמונג איז געווען דער באַל, וואָס איז פאָרגעקומען שבת צו נאַכט, דעם 24טן יאַנואַר 1923, אין פּאַרק פּאַלאַס, ניו־יאָרק.

די צווייטע פּאַרזיצערין פון די „טשענסטאָכאָווער יאַנג ליידיס אוקזילערי" איז געווען מרס. אַנאַ סעמועלס.

אין 1924 איז געוויילט געוואָרן אַלס פּאַרזיצערין מרס. יעטא לענטשנער. וויצע־פּאַרזיצערין — מאַרטא קאַרפּיעל; פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — יעטאַ קאַרפּיעל; פאַרטרויאונגספרוי — בראָדער; פינאַנץ־סעקרעטאַר און קאַסירערין — זיינען געבליבן די זעלביקע.

אָנהויבנדיק פון יאָר 1928 האָט די ליידיס אָקזילערי איינגעאָרדנט די יערלעכע באַלער בשותפות מיטן „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק".

אין 1928 איז אלס פּאַרזיצערין געוויילט געוואָרן פרוי אַנאַ סעמועלס, אַלס וויצע־פּאַרזיצערין — אַנאַ בראָדער.

דער קאָמיטעט פאַר אָראַנזשירונגען איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע ליידיס: אנא נירענבערג, צייליע שימקאָוויטש, יעטאַ לענטשער, מאַרטאַ קאַרפּועל, מאַלי גאָטליב, ר. מאַשקאָוויטש, מלכה פרידמאַן, צייליע לעווענטאַל, חנה פייערשטיין, פעני פייערשטיין, מערי לעפּקאָוויטש.

אין יאָר 1929 זיינען אלס באַאמטע געוויילט געוואָרן: אַנאַ ווייסקאָפּ — פּאַרזיצערין; מאַלי גאָטליב — וואַצע־פּאַרזיצערין, קעטי דזשעקסאָן — פּראָטאָקאָל־סעקרעטארין, פאַרטרויאונגס־פרויען — פלאָרענס נירענבערג, צייליע שימקאָוויטש, אַנאַ בראָדערס.

אין 1931 זיינען געוויילט געוואָרן: יעטע לענטשנער — פּאַרזיצערין, רעבעקע סקוואָרנעק — וויצע־פּאַרזיצערין. די איבעריקע באַאמטע די זעלביקע.

דער קאָמיטעט פאַר אראנזשירונגען איז באשטאנען פון: חנה מאַנושעוויטש, אַנאַ סעמועלס, סערע סינגער, צייליע לעווענטאל, מערי לעפּקאָוויטש, מ. הילער, מארטע קארפּועל, גאָסי פיטמאַן, ל. סקאָווראַנעק, חנה פייערשטיין.

נאָך דעם ווי דער „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן — האָט די „ליידיס אָקזילערי" א לאַנגע צייט אַליין אָנגעפירט די הילף־ארבעט פאַר טשענסטאָכאָוו, קודם כל כדי אויפצוהאלטן דאָס י. ל. פּרץ קינדערהיים. מיט דער „ליידיס אוקזילערי" האָבן שטענדיק מיטגעארבעט די פריינד לואיס שימקאָוויטש, סעם קאַרפּיעל, סאַבאַל און טשאַרלי לענטשנער. צום סוף האָט אויך די ליידיס אוקזילערי איבערגעריסן איר טעטיקייט און איז אויף דאָס ניי אָרגאַניזירט געוואָרן צוזאַמען מיטן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" אין ניו־יאָרק.

די באַנייטע ליידיס אוקזילערי ביים „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אַרום 1936.

ביז דעמאָלט האָבן די ליידיס געארבעט צוזאַמען

מיטן „רעליף" און געהאַט זייער פאַרטרעטערין, יעטאַ לענטשנער, אַלס וויצע־פאַרזיצערין.

די ערשטע באַאַמטע זיינען געווען:

יעטע לענטשנער, פאַרזיצערין; פעני פייערשטיין, וויצע־פאַרזיצערין; ציליע דזשייקאָבס, פינאַנץ־סעקרע־טאַרין; סערע סענזער, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין; גלאַנץ, קאַסירערין; גאָסי געלבער, פאַרזיצערין פון קאָמי־טעט פאַר אונטערנעמונגען; רעי קויפמאַן — קאַסירע־רין פון די אונטערנעמונגען; מאַרטאַ קאַרפּיעל, ערשטע פאַרטרויענספרוי; קעפּ, צווייטע פאַרטרויענספרוי.



מיט דער גרינדונג פון דער „ליידיס אָקזילערי" אין 1922 האָט זיך אָנגעהויבן אין דער געשיכטע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. צו דער פרויען־אָר־גאַניזאַציע האָבן געהערט א סך פרויען, וואָס זייערע מע־נער זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין פאַרשיידענע אָרגאַ־ניזאַציעס. א מיטינג פון די ליידיס איז א סך מאָל געווען גרעסער ווי א מיטינג פון רעליף. לרוב האָבן זיך צוזאַמען מיט די ליידיס באַטייליקט אין מיטינג די פירער פון „יאָנג מענס": פריינד לואיס שימקאָוויטש, מאַרקס קאַרפּיעל, ע"ה, סעם קאַרפּיעל, וו. סאָבאָל ע"ה, טשאַרלי לענטשנער.

די וויכטיקייט פון דער אַרבעט פון דער פרויען־אָר־גאַניזאַציע באַווייזן די פאָלגנדיקע געלטער, וואָס זיינען דורך דער „ליידיס אָקזילערי" אליין געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו פאַר די קינדערהיימען און פאָלקשולן,

ליידיס אָקזילערי ביים יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט

זיצן פון רעכטס צו לינקס: גוטשע געלבער, סעידי סענזער, ציליע דזשייקאָבס, יעטאַ לענטשנער, פעני פייערשטיין, מאַרטאַ קאַרפּיעל.

שטייען פון רעכטס צו לינקס: רעגינע פּריימויער, אסתר קעפּ, ציליע ליוווי.

אחוץ די סומעס, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דעם רעליף אויפן אויפבוי פון הויז און אנדערע צוועקן:

| | |
|---|---|
| 1925 | $ 1095 |
| 1926 | 850 |
| 1927 | 1150 |
| 1928 | 1150 |
| 1929 | 700 |

צוזאַמען איז אין משך פון בלויז פינף יאָר איבערגעשיקט געוואָרן די סומע פון 4,945 דאָלאַר.

א באַזונדערע אָנערקענונג פאַרדינען די פרויען און פריינד פון די „יאָנג מענס“, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער „ליידיס אָקזילערי“ אין משך פון דער צייט, וואָס קיין רעליף־אָרגאַניזאַציע האָט נישט עקזיסטירט. די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק“ האָבן טאַקע טיילווייז דערפאַר אויפגעגעבן זייער טעטיקייט, ווייל זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט מיטצואַרבעטן מיט דער ליידיס אָקזילערי. די „ליידיס אָקזילערי“ איז געבליבן די איינציקע הילף־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, וואָס האָט, נישט געקוקט אויף דער שווערער דעפּרעסיע אין אמעריקע און צעריסנקייט צווישן דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, ווייטער געפירט די הילף־אַרבעט.

די אויפסניי געגרינדעטע פרויען־אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען ענגער פאַרבונדן מיטן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף“ ווי פריער. די מיטינגען זיינען פאָרגעקומען אין זעלבן האָל און אין זעלבן אָוונט. אויפן חשבון פון דער „ליידיס אָקזילערי“ דאַרף פאַרשריבן ווערן גאָר אַ גרויסער טייל אַרבעט פון רעליף, ווייל ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן בשותפות אויסגעפירט די אונטערנעמונגען.

אויף די מיטינגען און צוזאַמענקונפטן פון דער „ליידיס אָקזילערי“, פונקט ווי פון רעליף, האָבן אָפט געפונען אַן אָפּקלאַנג די פריידן און ליידן אין לעבן פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. האָט אַ מיטגליד פון רעליף אָדער ליידיס אָקזילערי חתונה געמאַכט אַ קינד, האָט מען לכבוד דעם געשפּענדעט אַ געוויסע סומע פאַרן רעליף און געבראַכט צום מיטינג בראָנפן און צובייסן, זיך משמח געווען און געווינטשן די עלטערן מזל־טוב. דאָס זעלביקע ווען אַ קינד, אָדער אַן אייניקל איז געבוירן געוואָרן. פונקט אזוי ווי די טאַטעס און מאַמעס אין די אַלטע היימען האָבן ביי אזא געלעגנהייט מכבד געווען מיט לעקעך און בראָנפן די דאַוונער אין די שולן אָדער חסידים־שטיבלעך. איז עמעץ געווען קראַנק, אָדער, חלילה, אַוועק פון דער וועלט — האָבן שוועסטער און ברידער באַזוכט דעם חולה אין זיין הויז און מיטגעטרויערט און מיטגעליטן מיטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן איינעם פון דער טשענסטאָכאָווער משפּחה.

די „ליידיס אָקזילערי“ האָט אויך אָנגעפירט אַ הילף־אַרבעט צווישן די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן זיך געפונען אין נויט.



מרס. אַנאַ סעמועלס איז געווען די ערשטע פּרעזידענטין פון דער „ליידיס אָקזילערי“. אין די שפּעטערע יאָרן איז זי ווידער דערווילט געוואָרן אַלס פאָרזיצערין און אויף אַנדערע אַמטן. זי איז געבוירן אין אַמעריקע, אָבער שטענדיק גרייט צו טאָן אַלץ אין אירע כוחות פאַר דער הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

יעטאַ לענטשנער, היינט ווי מיט 30 יאָר צוריק, איז די אַקטיווסטע און ענערגישסטע רעליף־טוערין. זי האָט אַלע איבערשטיגן מיט דער צאָל יאָרן אַלס פּרעזידענטין פון די ליידיס אָקזילעריס און צו זיך קיין גלייכן נישט מיט דער אַרבעט, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן פאַר טשענסטאָכאָוו און צוזאַמענלעבן פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

קיטי דזשעקסאָן, די ענגליש רעדנדיקע פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין אין משך פון לאַנגע יאָרן, האָט שטענדיק צוגעגעבן חן און טיכטיקייט די מיטינגען פון די ליידיס־אָקזילערי.

העלען פרידמאַן, די פינאַנץ־סעקרעטאַרין פון דער ערשטער ליידיס אָקזילערי פאַר דער גאַנצער צייט פון איר עקזיסטענץ, איז די בעסטע יורשטע פון אונדזערע אַלטע מאַמעס, וואָס האָבן מיט זיך פאַרקערפּערט די מוטערלעכע ליבע און גוטסקייט פון דער גאַנצער וועלט.

מאַרטאַ קאַרפּיעל און יעטאַ קאַרפּיעל אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרינס, פאַרטרויענספרויען, האָבן באַשיינט יעדן מיטינג און יעדע צוזאַמענקונפט פון די טשענסטאָכאָווער.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן די אַקטיווע און איבערגעגעבענע טעטיקייט פון אנא בראָדער, אַלס וויצע־פּאָרזיצערין און אין אַנדערע אַמטן. צווישן די באַאמטע פון דער ליידיס אָקזילערי אין די לעצטע יאָרן איז באַזונדער ראוי דערמאָנט צו ווערן סערע סענזער, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין, וואָס צייכנט זיך אויס מיט איר פאָלקסטימלעכן יידיש, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך פון טשענסטאָכאָוו.

א סך ענערגיע און לעבן האָבן צוגעגעבן דער הילף־אַרבעט ציליע דזשייקאָבס, פינאַנץ־סעקרעטאַרין, ציליע שימקאָוויטש, טראַסטי, אַנאַ ווייסקאָפּ, פאָרזיצערין אין יאָר 1929, פלאָרענס נירענבערג, פאַרטרויאונגספרוי, אַנאַ נירענבערג, גאָסי געלבער, פאָרזיצערין פון די אונטערנעמונגען, רעי קויפמאַן, קאַסירערין פון די אונטערנעמונגען, קעפּ, פאַרטרויאונגספרוי.

# טשענסטאָכאָווער בר. 261 אַרבעטער רינג אין ניו־יאָרק

מיט 37 יאָר צוריק (אין יאָר 1909) האָט אַ גרופּע פון 28 טשענסטאָכאָווער יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין דעם קאָכיקן ניו־יאָרק, געגרינדעט אַ צווייג פון דעם נאָך דעמאָלט־יונגן אַרבעטער־אָרדן — דעם אַרבעטער־רינג.

די דאָזיקע יונגעלייט זיינען געווען קינדער פון די אָרעמע טשענסטאָכאָווער גאַסן, וועמענס עלטערן האָבן געהאָרעוועט אין די וואַרשטאַטן אָדער געהאַנדלט און געוואַנדלט אויף די מאַרק. די טאַטעס און מאַמעס האָבן געחלומט, אַז זייער יונגוואַרג וועט אפשר געפינען עפּעס בעסערס, און מיט געבראָכענע הערצער האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייערע קינדער און זיי באַגלייט צום וואָקזאַל, פון וואַנען זיי זיינען אָפּגעפאָרן מעבר לים, אין עק וועלט — אין דעם אומבאַקאַנטן, ווייטן אַמעריקע . . .

קומענדיק אין דער ריזיקער שטאָט ניו־יאָרק, האָבן די טשענסטאָכאָווער יונגעלייט געזוכט אַ ווינקל צו פאַרברענגען, צוזאַמענצוקומען זיך און זיך דורכריידן וועגן היימישע און וועלט־פּראָבלעמען.

אמת, זיי האָבן שוין דאַן געהערט, אַז עס עקזיסטירן דאָ אַלערליי אָרגאַניזאַציעס און חברות, וואו לאַנדסלייט קומען זיך צוזאַמען און מען פילט זיך היימיש. די רעליגיעזע יידן האָבן געבויט שולן צום דאַווענען און לערנען אַ פּרק משניות. די איינפאַכע, ניט־רעליגיעזע יידן, האָבן געגרינדעט „לאָדזשן", „סאָסייעטיס", חברות, וואָס זיי האָבן געזאָרגט וועגן הילף פאַר קראַנקע, וועגן צוגרייטן זיך אַ קבר אויף איבער 120 יאָר . . . די דאָזיקע חברות האָבן זיך צעוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן און זיי האָבן פאַרטומלט די קרייזן פון די ניי־אָנקומענדיקע אימיגראַנטן אין ניו־יאָרק.

וואָס האָט געטראַכט וועגן דעם דער אימיגראַנט, וואָס איז אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ בעל־מלאכה — אַ שניידער, אַ טישלער, אַ היטלמאַכער, אַ טאַפּעצירער, אַ בעקער? ער איז דאָ אַריינגעפאַלן אין אַ „סוועט־שאָפּ", וואו ער האָט געפּינצטערט און געשקלאַפּט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט, געוואוינט אין די „טענעמענט"־דיסטריקטן, אין די ענגע, פאַרשטיקטע צימערלעך, אָן לופט און אָן זון. עס פלעגן אויסברעכן סטרייקס. די סטרייקס פלעגן זיין בלוטיקע און לאַנגע. אָפט האָבן די אַרבעטער פאַרלוירן דעם סטרייק. אומקערנדיק זיך צוריק אין די שעפּער, האָבן זיי אָבער דעם מוט נישט פאַרלוירן און די האָפענונג צו פאַרבעסערן זייער ביטערע לאַגע נישט אויפגעגעבן.

דעמאָלט זיינען די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־אימיגראַנטן אין דעם רוישיקן ניו־יאָרק געקומען צום באַשלוס, אַז מ'דאַרף גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך אינטערעסירן מיט זייער לאַגע, העלפן די אַרבעטער זיך אָרגאַניזירן אין יוניאָנס, פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן; אין דער זעלבער צייט האָט מען געזוכט אויך אַ פּראָגרעסיווע, פריינדלעכע סביבה. זיי האָבן געהערט דאָס געזאַנג פון דעם דיכטער י. אַדלער (ב. קאָוונער), וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט דאָס ליד וועגן דער גרינדונג פון אַרבעטער־רינג, וואָס איז דעמאָלט בלויז ניין יאָר אַלט געווען. דאָס ליד האָט געשאַלט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס מיט אַ פלאַמיקער באַגייסטערונג. דאָס ליד האָט געהייסן „אונדזער בוים" און האָט זיך געזונגען:

„אין אַ ווינטער־נאַכט, אַ גרויער,
ס'האָט קיין שטערן נישט געגלאַנצט,
דעמאָלט האָבן גוטע מענטשן
אונדז אַ ביימעלע געפלאַנצט . . ."

*

די ערשטע, וואָס האָבן זיך פאַרטראַכט צו גרינדן אַ טשענסטאָכאָווער בראַנטש פון אַרבעטער־רינג, זיינען געווען די פאָלגנדיקע 28 טשענסטאָכאָווער יונגעלייט: לעאָן פרידלענדער, אברהם מאָנטאַג, מאָריס ראָזענצווייג, הערי שערמאַן, הערי פריימאַן, דוד פאוכט, לואיס גאָלדמאַן, ראובן פייערשטיין, ישראל אינזעלשטיין, פּנחס גאָטליב, מאַקס שייער, סידני גלאזנער, קלמן גראָס, אב. הערשקאָוויטש, הערמאַן שטשעקאַץ, היימי גאָטאיינער, משה באָרנשטיין, סעם סילווערשטיין, לואיס בעסער, אברהם וואַרמונד, לואיס אייזנער, לואיס ראַפּאַלאָוויץ, הערי ברזשעזשינסקי, שמואל לעפקאָוויטש, וויליאַם גרין, משה קראוס, לואיס אופנער און אבא קויפמאַן.

זיי זיינען זיך צונויפגעקומען דעם 8טן פעברואַר, 1909, אין הויז פון מרס. שייער, 712 איסט 6טע סטריט, ניו־יאָרק, וואו די גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

די געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 261 אַרבעטער־רינג איז אייגנטלעך די געשיכטע פון יעדן בראַנטש און פונעם אַרבעטער־רינג בכלל.

די גרינדער פון אונדזער בראַנטש, מיט 36 יאָר צוריק, זיינען געווען באַהערשט פון די זעלביקע אידעאַלן און געשטעלט זיך די זעלביקע אויפגאַבעס, ווי אונדזער מוטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שוין דאַן עקזיסטירט 9 יאָר צייט.

## דער אַרבעטער־רינג און ברענטש 261

געווען אַ צייט, ווען אונדזער ברענטש האָט געאָטעמט מיט געזעלשאַפטלעך לעבן. געווען אַ צייט, ווען דער ברענטש האָט אַדורכגעפירט פאַרשיידענע פּלענער, וואָס האָבן באַצוועקט גרינגער צו מאַכן די מאַטעריעלע לאַגע פון די מיטגלידער אין אַ צייט פון עקאָנאָמישער נויט און אין פאַל פון אַ קראַנקהייט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד פאַר לאָקאַלן קראַנקען־בענעפיט, וועלכער האָט געצאָלט אין אָנפאַנג 3 דאָלאַר אַ וואָך און שפּעטער איז ער געהעכערט געוואָרן אויף 4 דאָלאַר אַ וואָך. אויך האָבן מיר געשאַפן אַ „לאָאן־פאָנד" און אַ פאָנד אויף גוט צו מאַכן בילס פון אַזעלכע מיטגלידער, וועלכע קענען, צוליב נויט, עס נישט טאָן; אַן עלטער־פאָנד, וואָס דאַרף צאָלן די בילס פאַר מיטגלידער, וועלכע זיינען נישט מער אימשטאַנד צו אַרבעטן. אין אַלגעמיין האָט אין ברענטש געהערשט אַ דעמאָקראַטישער גייסט און פריינד־שאַפט פון איין מיטגליד צום צווייטן און אַלע זיינען געווען ווי איין משפחה . . .

## עס ברעכט אויס אַ ברודער־קריג אין ברענטש

יעדער שטרייט אין אַן אָרגאַניזאַציע האָט אַ צע־שטערנדיקע ווירקונג; שטעלט אָפּ איר וואוקס; פאַר־קריפּלט איר טעטיקייט; דעמאָראַליזירט די מיטגלידער און די לאַפּע פון פאַרניכטונג קריגט די אויבערהאַנט . . .

ווען דער ברענטש האָט זיך געשפּאָלטן, זיינען פון אים אַוועק אָפיציעל 36 מיטגלידער. דער שטורעם אָבער האָט מיט זיך מיטגעריסן אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער, וועלכע זיינען פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן אַרבעטער־רינג און זיינען אַריינגעפאַלן אין די באַלעבאַטישע סאָסייעטיס.

דער ברענטש וואָלט אפשר אַריין אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער אָפּהענטיקייט און פאַרלוירנקייט, ווען עס וואָלטן זיך נישט געפונען אייניקע פון די עלטערע



טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג

זיצן פון רעכטס צו לינקס: אב. ליטמאַן, ס. ריכטער, י. שובין, מ. פיינער, א. גאָלדפינגער, ה. ברזשעזשינסקי.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. ווילינגער, מ. שטערן, פ. שווייצער, א. קאָפּ, מ. קאָפּ און מ. גאָטליב.

טעטיקע מיטגלידער און אויך יינגערע מיטגלידער, וואָס זיינען אין צייט פונעם שטרייט געשטאַנען אָן אַ זייט און נישט געווען טעטיק אין ברענטש, אָבער נאָך דער שפּאַלטונג זיינען זיי צוריק געוואָרן אַקטיוו מיט אַ ווילן צוריק אויפצולעבן דעם ברענטש און ווידער באַנייען זיין טעטיקייט. זיי זיינען אָבער אַ סך געשטערט געוואָרן דורך דעם עקאָנאָמישן קריזיס, וועלכער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן בושעווען אין לאַנד.

## דער ברענטש הייבט־אָן קומען צו זיך

כדי צוריק אויפצולעבן אונדזער ברענטש, האָט מען זיך גענומען צו פאַרשיידענע פּלענער. צוויי פון די פּלענער זיינען געווען: ערשטנס, אַז אונדזער מיטינג־פּלאַץ זאָל זיך אַריבערציען קיין בראָנקס, אָנשטאָט דאַון־טאַון, ווייל צוויי־דריטל פון די מיטגלידער האָבן דאָרט געוואוינט; דער צווייטער פּלאַן איז געווען — פאַראייניקן זיך מיט נאָך אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג. דאָס ערשטע איז באַלד געטאָן געוואָרן. דאָס צווייטע — איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף שפּעטער . . .

ווי ס'קוקט אויס, האָט דער „משנה מקום" געאַרבעט. די מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן באַזוכן די מיטינגען; מיר האָבן אַריינגענומען אַ צאָל נייע מיטגלידער; מיר האָבן אויך אַריינגענומען אין ברענטש אַ צאָל פרויען פון אונדזערע מיטגלידער. מיט פאַרגעניגן פאַרצייכענען מיר, אַז זיי טוען גוטע אַרבעט פאַרן ברענטש. אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר פירט דער ברענטש אָן אַ קולטורעלע אַרבעט און פירט דורך לעקציעס איבער פאַרשיידענע פּראָבלעמען. דער ברענטש האָט יעדעס יאָר אַ טעאַטער־אונטערנעמונג לטובת דעם קראַנקען־פאָנד און לעצטנס איז דער ברענטש ווידער אימשטאַנד צו צאָלן לאָקאַלע קראַנקען־בענעפיט. זייט די לעצטע דריי יאָר האָט זיך דער ברענטש אַריינגעקליבן אין אַ דירה דאַון־טאַון, אויף דער 14טער סטריט און בראָדוויי.

## דער ברענטש שטיצט אַלע אַרבעטער־ און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס

אין משך פון די 36 יאָר האָט דער ברענטש געשטיצט פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס: יידישע קינדער־שולן; אַרבעטער־רינג־ברענטשעס; יאָנג סוירקל ליג; יוניאָנס און סטרייקס; קינדער־היימען; סאַניטאַריומס; קאָנוואַלעסענט האָומס; אַלד עידזש האָומס; דעי נוירסעריס און האָספּיטאַלס; סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און איר פּרעסע, סיי אין אַמעריקע און סיי אין אייראָפּע; דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט; „אָרט"; דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט; „האַיאַס"; קינדערהיימ אין טשענסטאָכאָוו; פּאָליטישע אַרעסטירטע אין אַמעריקע און אייראָפּע; „בונד" אין פּוילן; רומענישע אַרבעטער; שפּאַנישן פאָלקס־פראָנט; טשענסטאָכאָווער רעליף; יידישע קינדער־שולן אין פּוילן; קאָאָפּעראַטיוון; אַרבעטער־לייסעאומס; יאָנג פּיפּלס סאָשעליסט ליג; דעבס פאָנד, און נאָך אַ צאָל אָרגאַניזאַציעס.

*

כדי צו געבן אַ באַגריף פון וואָס פאַר אַ טייג דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 איז געקנאָטן, ווער עס זיינען געווען זיינע גרינדער און בויער, וועלן מיר בלויז ברענגען די ביאָגראַפיע פון איינעם פון זיי, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1927. זיין נאָמען איז משה יצחק שוכטער (שווייצער), אַ ברודער פון דעם געוועזענעם אַרבעטער־פירער אין טשענסטאָכאָוו און שפּעטער אין אַמעריקע — מענדל שוכטער. ער איז געווען אַ בויער און טוער פון אונדזער ברענטש ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

געווען אַ בעקער־אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו, האָט עמיגרירט קיין ענגלאַנד און געוואוינט דאָרט 10 יאָר. ער האָט געהאָלפן גרינדן די בעקער־יוניאָן אין לאָנדאָן. געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1907, גלייך זיך אָנגעשלאָסן אין דער היגער בעקער־יוניאָן לאָקאַל 305, וואו ער איז געווען אַקטיוו אַ סך יאָרן און איז געווען דעלעגאַט פון דער יוניאָן. ער איז געווען געאַכט און געשעצט ביי די מיטגלידער פאַר זיין אידעאַליזם און גרייטקייט צו קעמפן פאַר די מאַסן. ער האָט געקעמפט פאַר יוניאָניזם, געפּיקעט און געסטרייקט, כאָטש אין הויז איז קיין ברויט פאַר דער פרוי און קינדער נישט געווען . . . ער איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיין טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין עלטער פון 54 יאָר און געשטאָרבן אויפן פּאָסטן אין קאַמף פאַר די בעקער־אַרבעטער.

## אונדזער ברענטש אין קאַמף קעגן פאַשיזם

נאָך אַ סך פריער איידער די וועלט איז אונטערגעצונדן געוואָרן פון די נאַצישע באַרבאַרן אין 1939, האָבן אונדזערע מיטגלידער באַגריפן, אַז די פאַשיסטן אין דער גאַנצער וועלט קלייבן זיך צו דערטרינקען די אַרבעטער־באַוועגונג אין בלוט. מיר האָבן דעריבער געשטיצט די אונטערערדישע קעמפער קעגן פאַשיזם סיי אין איטאַליע, סיי אין האַלב־פאַשיסטישן פּוילן. און ווען עס איז אויסגעבראָכן דער בלוטיקער קאַמף אין שפּאַניע, האָבן אונדזערע מיטגלידער מיט לייב און לעבן געשטיצט די לאָיאַליסטישע קעמפער.

ווען דער וועלט־געראַנגל מיטן פאַשיזם איז אויסגעבראָכן אין 1939, האָט אונדזער ברענטש זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף. אונדזער ברענטש קען מיט שטאָלץ אָנווייזן, אַז כאָטש מיר זיינען בלויז אַ קליינע משפּחה פון 73 פאַמיליעס, האָבן מיר געגעבן דער אַמעריקאַנער אַרמיי און דעם פלאָט — 80 יונגע קעמפער אויף אַלע פראָנטן און געקויפט פאַר 50 טויזנט דאָלאַר מלחמה־באָנדס.

### ברענטש 261 און דער טשענסטאָכאָווער רעליף

אַ שיין קאַפּיטל האָבן די מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַריינגעשריבן אין דער טעטיקייט פאַר דער אַלטער היים — פאַר טשענסטאָכאָוו. אונדזערע מיטגלידער זיינען געווען די גרינדער און בויער פון רעליף. אַלע גרויסע אַרבעטן פון רעליף זיינען געווען דערפאָלגרייך אַ דאַנק דעם, וואָס די מיטגלידער פון אונדזער ברענטש האָבן געטאָן זייער חלק.

ברענטש 261 אַרבעטער־רינג האָט נישט בלויז געגעבן פינאַנציעלע שטיצע דעם טשענסטאָכאָווער רעליף, נאָר אויך — פירער און וועגווייזער. דער סעקרעטאַר־קאַסירער פון רעליף, יוסף קויפמאַן, וועלכער דינט דער אָרגאַניזאַציע די לעצטע צען יאָר מיט איבערגעבנקייט און געטריישאַפט, איז אַ מיטגליד פון ברענטש 261 אַרבעטער־רינג. רפאל פעדערמאַן, דער סעקרעטאַר פון בוך־קאָמיטעט און רעדאַקציע מיטגליד פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"—איז אַ מיטגליד אין אונדזער ברענטש זינט דעם יאָר 1941. אויך אַ ריי אַנדערע טוער פון רעליף, ווי מ. פיינער, מאַקס ווילינגער, סעם ריכטער, מ. גאָטליב, אב. הערשקאָוויטש, דער פאַרשטאָרבענער מאיר רעמבאַך און אַנדערע האָבן מיטגעאַרבעט מיטן רעליף. דער איצטיקער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון ברענטש, מ. שטערן, כאָטש נישט קיין טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן (ער איז גאָר אַ טאָמאַשאָווער) האָט אין משך פון די זעקס יאָר, וואָס ער איז אין אַמט, אַלעמאָל מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פאַרן טשענסטאָכאָווער רעליף. דער שרייבער פון די שורות, אברהם ליטמאַן, וואָס איז זינט זיין קומען אין אַמעריקע טעטיק אין רעליף, האָט אויף זיך גענומען די ספּעציעלע אויפגאַבע צו וועקן די לאַנדסלייט דורך דער פרעסע, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן זייער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו.

ווען עס זיינען אָנגעקומען די טרויעריקע באַריכטן פון טשענסטאָכאָוו — אין 1937 — אַז כוליגאַנעס האָבן זיך צעבושעוועט און פאַגראָמירט די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג, געהרגעט 5 יידן און פאַרוואונדעט עטלעכע הונדערט, האָט אונדזער מיטגליד, אברהם ליטמאַן, אַפּעלירט, אין נאָמען פון טשענסטאָכאָווער רעליף, צום יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אַז ער זאָל קומען צו הילף די געליטענע. דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט דאַן באַוויליקט די סומע פון 500 דאָלאַר פאַר די געליטענע יידן אין טשענסטאָכאָוו.

זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז ברענטש 261 אַרבעטער־רינג האָט אויך באַזונדערס געהאָלפן די קינדערהיים אין טשענסטאָכאָוו און פאַקטיש פינאַנצירט דעם אָרקעסטער פון דער שול אין טשענסטאָכאָוו.

*

אין דער איצטיקער היסטאָרישער שעה וועט דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער־רינג אַוודאי טאָן אַלץ, וואָס ער קען, כדי צו העלפן אין דער הייליקער אַרבעט פון ווידעראויפבוי פון שארית הפליטה פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

---

# טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן

### אַריינפיר

דאָס אָפיציעלע געבורטס־יאָר פון אונדזער אָרדן און ברענטש איז 1930, נאָר אומאָפיציעל זיינען די זאַמען פאַר דעם נייעם אָרדן פאַרזייט געוואָרן מיט יאָרן פריער.

מיר ווילן ניט אַריינגיין אין אַלע פּרטים וועגן די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו דער אַנטשטייאונג פון דעם נייעם אָרדן. עס איז אָבער יאָ כדאי פעסטצושטעלן אַ פּאָר פאַקטן.

דער אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געבראַכט שטאַרקע חלוקי דעות און צעשפּליטערונג אויף דער יידישער גאַס. אין אָט די שטרייטן זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אויך די צוויי דעמאָלטיקע אַרבעטער־אָרדנס — אַרבעטער־רינג און נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד.

דער קאַמף צווישן לינקס און רעכטס האָט אָנגענומען פאַרשאַרפטע פאָרמען. דער טשענסטאָכאָווער בר. 111 איז געוואָרן אויפגעלייזט דורך דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. איבער 70 פּראָצענט מיטגלידער זיינען געוואָרן אויסגעשלאָסן פון אַרבעטער־ברענטש 261.

עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס ווייטערדיקע צוזאַמענלעבן פון די פאַרשיידענע ריכטונגען און גרופּן איז געוואָרן אוממעגלעך און על כל פּנים וועלן זיי שוין נישט קענען האַרמאָניש הויזן צווישן זיך. עס האָט זיך געשאַפן אַ נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ נייעם אָרדן פאַר די אויסגעשלאָסענע און די, וואָס האָבן נישט געקענט געפינען קיין היימישע אַטמאָספער אין די עקזיסטירנדיקע אָרדנס.

ווען די טשענסטאָכאָווער זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר דער פייער־פּרובע, האָבן זיי געהאַנדלט ווי טשענסטאָכאָווער: זיי האָבן אָנגענומען דעם אַרויסרוף און געשאַפן זייער אייגענע אָרגאַניזאַציע. די אויסגעשלאָסענע פון אַרבעטער־רינג ברענטש 261 און דער אויפגע־

לייזטער ברענטש 111 פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד האָבן געשאַפן דעם אַרבעטער־אָרדן אין מערץ 1930.

צווישן די צענדליקער פּיאָנערן און טשאַרטער־מיטגלידער, וואָס זיינען אַריין אין דער נייער אָרגאַניזאַציע, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן כאָטש עטלעכע פון די טעטיקסטע: יעקב בער סילווער, אַבע קויפמאַן, פּנחס גאָטליב, דוד גאָטליב, מאָריס שווארץ, יאסקער, מאַקס ראָזענבלאַט, בעני ראָזענבלאַט, בנימין ראָזענבלאַט, מרדכי אַלטמאַן, ווילי ווילינגער, סעם ווילינגער, רובין בערגער, איזי בערגער, כאָנע גליקסמאַן, מאַקס וויינריט און זיינע ברידער, שלינגבוים, קאַרל גערכטער, ד. טאַנסקי, מאַקס קוזשמינסקי, הערשל גראָסבערג, אברהם גראָסבערג, פריילין, פריימאן און אַנדערע.

## דאָס אינערלעכע לעבן און דער כאַראַקטער פון ברענטש 11

געבוירן אין אַ צייט פון שווערסטן קריזיס אין דער געשיכטע פון לאַנד, ווען די אַרבעטסלאָזיקייט האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבערן לאַנד, און די מאַסן האָבן געלעבט אין דחקות, האָט אונדזער ברענטש אָנגעטראָפן אַ סך שוועריקייט און שטערונגען. אָבער אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון אונדזערע פּיאָנערן, און זיכער מער נאָך צוליב דער נויטווענדיקייט צו האָבן אַזאַ פּראָגרעסיוון אָרדן, איז אונדזער ברענטש שנעל געוואקסן און זיך אויסגעשפּרייט. צוזאַמען מיטן גאַנצן אָרדן האָט דער ברענטש באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די צאָל פון זיינע מיטגלידער און אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער שטאָט.

אונדזער ברענטש האָט אויסגעמיטן די טעותן פון ווערן אַ פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע. דערמיט האָבן מיר געשאַפן אַ ברייטע מאַסן־באַזע פאַר זיך. ניט געקוקט אויף זיין גרעסערער אָדער קלענערער צאָל מיטגלידער, איז דער ברענטש געווען שטענדיק דער פּלאַץ פון גרויסע ברויזנדיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, אַ קאָנצענטרירפּונקט פון פּראָגרעסיווע אַרבעטער, פאַראייניקט אַרום די קאַמפן אין אונדזער לאַנד און פאַרברידערט מיט דער זאָרג וועגן זיינע מיט־חברים. באַלד פון אָנהייב האָט דער ברענטש ברייט געעפנט די טירן פאַר יעדן איינציקן, וואָס האָט נאָר געוואָלט באַלאַנגען. יעדער מיטגליד, ניט געקוקט אויף זיינע אָנשויאונגען, האָט זיך געהאַט זיין פּלאַץ און זיין ווערט אין אונדזער ברענטש. יעדער קאַמף פון די מאַסן איז געוואָרן געשטיצט מיט אַ פולער האַנט, יעדע אַקציע פאַרן יידישן פאָלק אונטערשטיצט און געמיינזאַם געפירט מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס אינערלעכע לעבן פון ברענטש איז געוואָרן אַזוי איינגעשטעלט, אַז יעדער אַלטער אָדער נייער מיטגליד זאָל זיך פילן היימיש און זאָל געפינען אַ חברישע סביבה



טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן

און אַ פריינדלעכע אַטמאָספערע. די אַבסאָלוטע טאָלע־ראַנץ פון די פאַרשיידענע מיינונגען, דער אינטערעס און דער וואוילזיין פון דעם מיטגליד, די רעכט פון יעדן צו באַשטימען דעם כאַראַקטער און גאַנג פון אונדזערע אַק־טיוויטעטן — די קאָלעקטיווע פירערשאַפט — אַט דאָס און אַנדערע ניט ווינציק וויכטיקע מעלות האָבן באַווירקט די מיטגלידער צו אַקטיוויזירן זיך און זאָרגן פאַר דעם וואוקס און עקזיסטענץ פון ברענטש. דאָ האָבן זיי זיך באַקענט מיט אַלע געזעלשאַפטלעכע פראַגן; דאָ האָבן זיי געפונען אַן אָפּקלאַנג פון אַלע קאַמפן, וואָס די מאַסן האָבן געפירט; דאָ האָבן זיי זיך אויסגעלעבט קולטור־רעל און געזעלשאַפטלעך; דאָ האָבן זיי זיך באַהאָפטן מיטן יידישן פאָלק; דאָ האָבן זיי געפונען קעגנזייטיקע הילף און אַלע בענעפיטן, וואָס אַ פראַטערנאַלע אָרגאַני־זאַציע דאַרף געבן.

דער נויט־פאָנד, וואָס ווערט היינט אָנגעפירט פון די חברים סיידור און ראָזענבלאַט, האָט באַזאָרגט מיט הילף קראַנקע און באַדערפטיקע מיטגלידער. מיט זייער טאַקטישן צוגאַנג, מיט זייער פאַרשטענדעניש און איבער־געבנקייט צו זייער אַרבעט, האָבן די חברים סיידור און ראָזענבלאַט אַוועקגעשטעלט דעם פאָנד אויף אַ באַזע פון זעלבסטהילף, אַלס אַן אויסדרוק פון חברישקייט און זאָרג פון ברענטש פאַר זיינע מיטגלידער. דורך אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ האָט דער ברענטש ניט פאַרלוירן קיין איין מיטגליד צוליב ניט באַצאָלטע בילס.

אונדזער ברענטש האָט אויך דעם פאַרדינסט, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פרויען פון אונדזערע מיטגלידער פון דער קיך און פאַראינטערעסירט זיי אין געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייטן און אין די פּראָבלעמען פון ברענטש.

מיט דער מיטווירקונג פון די חברטעס פריילעך, מיני רובינשטיין, פרידא נייבערג, עני גאָלדבערג, אסתר קאַזשמינסקי, וואָלאַדימיר, הוירש און טאַנסקי ווערט געש־אַפן אַ פרויען־קלוב מיט זיין אייגענער אויטאָנאָמיע און זיין אייגן פעלד פון אַרבעט. אַ סך פרויען זיינען דורך דעם קלוב געקומען אין באַרירונג מיט פּראָבלעמען, וועלכע זיינען געווען אַמאָל פרעמד פאַר זיי. זיי זיינען געוואָרן אַריינגעצויגן אין אַלע קאַמפן, וואָס דער ברענטש האָט אָנגעפירט, געהאָלפן דעם ברענטש אין זיינע טעטי־קייטן און אַנטוויקלט אַ זייער וויכטיקע אַרבעט צווישן די פרויען פון זייער שכנות. זיי האָבן זיך אין דעם קלוב אַנטוויקלט געזעלשאַפטלעך און קולטורעל, געוואָרן טוער און פירער און געאַרבעט צוזאַמען מיט זייערע חברים אויף יעדן געביט. אַ סך פון זיי שפּילן נאָך היינט אַן אָנ־פירנדיקע ראָלע אין ברענטש. אַזוי איז חברטע פריילעך אַ שטענדיקער מיטגליד פון עקזעקוטיוו, אַן אויסגעפרו־בירטע קעמפערין פאַר יידישע רעכט, אַ בויערין פון דער יידישער שול, אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין און אַן אָנפי־רערין אין עטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

די „געדעקטע טישן" פון ברענטש זיינען געוואָרן ברייט און ווייט באַקאַנט. ביי אָט די „לאַמעלעך", וואָס דער ברענטש האָט גאַנץ אָפט איינגעאָרדנט, האָבן די מיטגלידער גוט און אָנגענעם פאַרבראַכט און גענאָסן פון די קולטורעלע אונטערהאַלטונגען. אויך די זומערדיקע אויספלוגן פלעגן ציען אַן עולם, ווייל דער ברענטש, אונ־טער דער פעאיקער פירונג פון חבר סילווער, האָט שטענ־דיק געפונען מיטלען, ווי צו פאַרווייל ן זיינע מיטגלידער אויף אַ קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן אופן.

היינט צו טאָג האָבן מיר 250 מיטגלידער, ניט אַלע טשענסטאָכאָווער. אַזוי, צום ביישפיל, ח׳ בראָדסקי, אַן אָדעסער, וועלכער איז איינער פון די טעטיקסטע מיטגלי־דער פון אונדזער ברענטש און געווען יאָרן זיין פּרעזי־דענט, האָט זיך מער געזאָרגט וועגן אונדזער רעליף ווי אַ סך טשענסטאָכאָווער. ח׳ בראָדסקי האָט געוויזן דעם וועג, ווי מיטגלידער, אפילו ניט קיין לאַנדסלייט, קענען ווערן פאַראייניקט אַרום די צילן פון ברענטש.

ברענטש 11 איז איצט איינער פון די בעסטע ברענ־טשעס אין בראָנקסער דיסטריקט אין ניו־יאָרק.

## די קולטור־אַרבעט

אויף דעם געביט פון קולטור־אַרבעט האָבן מיר זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט. מיר האָבן אָנגעפירט אַ ברייטע און ערנסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער נויט־ווענדיקייט פון קולטור־אַרבעט, צו באַקענען זיך מיט אונדזער קולטור און אויסשפּרייטן זי אין דער טיף און אין דער ברייט פון אונדזער מיטגלידערשאַפט. מיר האָבן דערמוטיקט זעלבסטבילדונג אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. אַ סך פון אָט די סטודענטן האָבן דערנאָך פאָרגעזעצט זייער שטודיום אין העכערע שולן. צענדליקער פון זיי זיינען היינט אַקטיוו אויף דעם קולטור־פראָנט. מיר האָבן אויסגעבילדעט אַ צאָל רעדנער, טוער, אינטעליגענ־טע אַרבעטער, וועלכע פאַרנעמען היינט פּראָמינענטע פּלע־צער אין אונדזער אָרדן.

יעדער מיטינג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קול־טורעלער אונטערנעמונג. אַן איינלייטונג, אַ לעקציע, אַ דיסקוסיע, ליטעראַרישע אָוונטן, מוזיקאַלישע קאָנצערטן, רעציטאַציעס, קולטורעלע יום־טובים, געווידמעטע אונ־דזערע קלאַסיקער און דער נייער ליטעראַטור, די פייערונג פון היסטאָרישע געשעענישן — דאָס אַלץ זיינען געווען געלעגנהייטן צו באַקענען אונזערע מיטגלידער מיט די קולטור־דערגרייכונגען פון אונדזער פאָלק. מיר האָבן פאַרשפּרייט פאַרשיידענע יידישע זשורנאַלן, פאַמפּלעטן, ביכער, צייטונגען און אַנדערע אויסגאַבעס. ביי יעדן מי־טינג ווערט די פראַגע פון ליטעראַטור־פאַרקויף ספּעציעל אויפגענומען און ברייט אַרומגערעדט. אונדזער ליטעראַ־טור־אַגענט חבר סילווערמאַן טוט זיך זיין אַרבעט מיט איבערגעבנקייט און מסירת נפש.

איז שוין אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער ברענטש האָט האַרציק אונטערגעשטיצט דעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד, דעם „איקוף", און זיין זשורנאַל „יידישע קולטור".

אונדזער אינטערעס אין דער קולטור־אַרבעט האָט שווין במילא באַווירקט אונדזער ברענטש צו לייגן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אויף דער שול.

פון ערשטן טאָג אָן האָבן מיר געהאַט אַן אויפזיכט איבער אַ שול, וועלכע מיר האָבן געשטיצט מאָראַליש און מאַטעריעל. הונדערטער קינדער זיינען געוואָרן ווער־בירט דורך דעם ברענטש פאַר דער שול. די מערסטע פון זיי האָבן דערנאָך פאַרגעזעצט זייער בילדונג אין אָרדנס העכערע שולן. מיר האָבן באַשאַפן ספּעציעלע קאַדרן פון שולטוער, וועלכע האָבן זיך ספּעציאַליזירט אויף זייער געביט, צוגעגרייט מיט גענוג וויסן און פאַר־שטענדיקונג פאַר דער יידישער פּראָלעטאַרישער שול. אַזעלכע אַלטע שולטוער פון ברענטש ווי די חברים קאַזש־מינסקי, נייבערג, סילווער, סיידי בערגער, לואיס גאָלד־בערג, חברטע פריילין, חברטע נייבערג און אַנדערע מעגן טאַקע זיין שטאָלץ מיט זייער אַרבעט.

מיר האָבן פאַרשפּרייט טויזנטער פּאַמפלעטן וועגן דער יידישער שול, אַריינגעצויגן די ברייטע שיכטן פון דער געגנט אין דעם קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ און אַנט־וויקלונג. דורך דער שול האָבן מיר באַקומען אַ השפעה אויף די עלטערן, וועלכע האָבן נאָך ביז ניט לאַנג צוריק געהאַט אַ נעגאַטיווע, אָדער אין בעסטן פאַל, אַ פּאַסיווע שטעלונג צו יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור.

היינט זיינען די עלטערן אַריינגעצויגן געוואָרן אין קאַמף קעגן דעם נאַציאָנאַלן ניהיליזם און קעגן אַסימילאַ־ציע. אונדזער שול איז היינט שול 5. זי באַדינט איבער 50 קינדערלעך. די חברים לואי גאָלדבערג, סיידי בערגער, פריילין און נייבערג פאַרטרעטן דאָרטן דעם ברענטש און אַרבעטן אומדערמידלעך פאַר דער שול. שטאָלץ איז דער ברענטש מיט דער שול 5 און מיט דעם גאָר גרויסן ביי־טראַגן פון אונדזערע חברים צו דער שול.

די ערנסטע באַציאונג צו דער יידישער שול און צו דער יידישער קולטור און די זאָרג וועגן יונגן דור האָט אַוועקגעשטעלט דעם ברענטש בראש אין די פאָדערשטע רייען פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס פון אונדזער שטאָט.

## געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעטיקייטן

אונדזער ברענטש האָט געפירט אַ ברייטע קאַמפּאַ־ניע פאַר פאַרזיכערונג קעגן אַרבעטסלאָזיקייט. מיר האָבן פאַרשפּרייט טויזנטער און טויזנטער ליפלעטס, געזאַמלט טויזנטער אונטערשריפטן, געשיקט רעדנערס צו די שכנות־דיקע אָרגאַניזאַציעס און גערופן אונטער אונדזער פאָן גרויסע מאַסן־מיטינגען, אויף וועלכע אונדזערע מיטגלי־דער האָבן גערעדט.

מיר האָבן אָנטייל גענומען אין דעם מאַרש קיין וואַשינגטאָן און געווען דאָרטן רעפּרעזענטירט דורך חבר אַבע קויפמאַן.

אָט די אַקציע איז נאָר אַ ביישפּיל פון די הונדער־טער אַקציעס, וואָס דער ברענטש האָט אַדורכגעפירט און פון דעם אופן ווי ער האָט זיך אין די אַקציעס באַטייליקט מיט זיינע מיטגלידער און געלטער. די פּאָפּולאַריטעט פון ברענטש איז געוואַקסן אַ דאַנק די דאָזיקע טעטיקייטן. ווען מען האָט באַדאַרפט אין אונדזער געגנט שטיצע אָדער אונטערשריפטן פאַר אַ וועלכער עס איז אַקציע, האָבן די איניציאַטאָרן געקענט רעכענען אויפן ברענטש. אַזוי, למשל, ווען אין 1945 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געגנט־קאָמיטעט צו באַקעמפן די אַנטיסעמיטישע „דיילי ניוס" האָט מען אונדזער ברענטש אויטאָמאַטיש אַריינגערעכנט צווישן די אינדאָרסערס. מיר זיינען דאָרט געווען פאַר־טרעטן דורך דעם חבר בראָדסקי, וועלכער האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג.

אין די לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע וואַלן האָט אונדזער ב. ענטש שטענדיק זיך באַטייליקט אַלס אַן אָרגאַניזאַציע. ספּעציעלע מיטינגען זיינען געווידמעט געוואָרן דעם אַנאַ־ליז פון פּראָגראַמען און קאַנדידאַטן. מיר האָבן אָנגע־פירט אַ ברייטע קאַמפּאַניע אָנטייל צו נעמען אין די וואַלן, געשטיצט די פּראָגרעסיווע קאַנדידאַטן און דעמאַסקירט די רעאַקציאָנערע. גאַסן־פאַרזאַמלונגען, אָרגאַניזירט פון ברענטש, זיינען אָפט געווען מאָביליזיר־פונקטן פון די ברייטע מאַסן פון דער געגנט.

ברענטש 11 איז געווען דער ערשטער צו אָרגאַניזירן דעם טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט, אַן אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן דעם פאַשיזם אין פּוילן און צו העלפן די קרבנות פון טעראָר.

דער ברענטש האָט דאָרט דעלעגירט זיינע בעסטע טוער, ווי די חברים סילווער, שלינגבוים, אַבע קויפמאַן, ד. טאַנסקי, רובין בערגער, איזי בערגער, קאַזשמינסקי, לואי גאָלדבערג, די חטעס פריילין, וולאַדימיר, ענני גאָלד־בערג, עלען טאַנסקי, כאַנע און פראַדל גליקסמאַן, האַנ־דעלסמאַן מיט זיין פרוי, יוסף ראָזענבלאַט, ווילי ווילינ־גער, סעם ווילינגער און אַנדערע.

אַלס אַן אַנטי־פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אונ־דזער ברענטש געשטיצט דעם אַנטי־נאַצי־קאָונסיל גלייך פון דעם ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ. ער האָט זיך באַטייליקט אין זיינע אַקטיוויטעטן סיי אַלס אָרגאַניזאַציע און סיי מיט זיינע מיטגלידער. דער ברענטש האָט גערופן צו באָיקאָטירן נאַצישע סחורות, געפּיקעט די געשעפטן, וואו אַזעלכע זיינען פאַרקויפט געוואָרן און אויסגעטיילט אַ מאַסע עקזעמפּלאַרן פון אַנטי־נאַצישע ליטעראַטור. דער ברענטש איז געווען אַנגעשלאָסן אָן דעם אַנטי־נאַ־צי־קאָונסיל דורך זיין דעלעגאַט חבר לואיס גאָלדבערג.

ברענטש 11 האָט אויך וואַרעם געשטיצט די טעטי־קייטן פון דעם „איקאָר" — די געזעלשאַפט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיר האָבן זיך ענערגיש באַטייליקט אין דער קאַמפּאַניע צו פּאָפּולאַריזירן די ליינזונג פון דער יידישער און בכלל נאַציאָנאַלער פראַגע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו אַנטיסעמיטיזם איז דער־קלערט געוואָרן פאַר אַ פאַרברעכן קעגן געזעץ.

מיר האָבן געשטיצט מאַטעריעל און מאָראַליש די

יידישע טעריטאָריע אין בירא־בידזשאַן, וואו די יידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד וועלן ווערן נאָרמאַליזירט אַלס אַ פאָלק מיט זיין קולטור, שפּראַך און פּאָליטישער און עקאָנאָמי־שער אומאָפּהענגיקייט.

אונדזער חבר אַבע קוֹפּמאַן איז געווען מיטגליד פון צ. ק. פון „איקאָר".

מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער גרויסן חוב צו פּאַרטיידיקן דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע קעגן די אימפּעריאַליסטישע מאַכינאַציעס פון דער ענגלישער רע־גירונג, פאַר זיין אומגעשטערטער אַנטוויקלונג, פאַר אַ פרייער פּאַלעסטינע, געבויט אויף יידיש־אַראַבישער קאָ־אָפּעראַציע, פאַר אַ יידיש נאַציאָנאַלער היים. מיר האָבן אָנגעפירט צענדליקער מיטינגען, געווידמעט דעם קאַמף קעגן „ווייסן פּאַפּיר", געשיקט פּראָטעסט־טעלעגראַמעס צו קאָנגרעסלייט און גערופן אונדזערע מיטגלידער צו באַ־טייליקן זיך אין יעדער אַקציע פאַר אָפּשאַפן די דאָזיקע הימל־שרייענדיקע דיסקרימינאַצע קעגן יידן.

ברענטש 11 איז אויסגעוואַקסן, ווי אַן אויסגעהאַלטע־נע קאַמף־אָרגאַניזאַציע קעגן רעאַקציע און אַנטיסעמי־טיזם, פאַר יידישע רעכט אין אַלע לענדער.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט אונדזער ברענטש שנעל פאַרנומען זיין פּלאַץ צווישן אַלע פּאַטריאָ־טישע אָרגאַניזאַציעס און געשטיצט אונדזער רעגירונג מיט אַלע כוחות. מיר האָבן אָנגעפירט אַן אמתע אַנטי־פאַשיסטישע און גלייכצייטיק פּאַטריאָטישע אַרבעט אויפצוקלערן די צילן פון דער מלחמה און די אויפגאַבן פון יעדן איינציקן צו טאָן זיין חוב אין דעם הייליקן קריג קעגן דער נאַצישער בעסטיע. צענדליקער אונדזערע מיט־גלידער זיינען אַוועק אויפן פראָנט. מיר האָבן זיי גע־שטיצט די גאַנצע צייט, אָנגעהאַלטן זיי אַלס מיטגלידער און דערמוטיקט זיי אין זייער ביטערן קאַמף קעגן דעם שונא פון דער מענטשהייט.

מיר האָבן פאַרלוירן אין דער מלחמה, געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד די חברים סאָלדאַטן: ל. נעסטין, פרענד רובינשטיין און לואי לעפקאָוויטש.

פאַר צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן האָבן מיר גע־קויפט באָנדס און דער ברענטש איז געוואָרן באַדאַנקט פון דעם טרעזשורי־דעפּאַרטמענט. באַדייטנדיק זיינען אויך געווען אונדזערע בייטראָגן צו דער יו. ס. אָ., ראָשען וואָר רעליף און אַנדערע מלחמה־הילף־אַגענטורן.

אַן אמתער יום־טוב איז געווען אונדזער מיטינג, ווען די צוריקגעקומענע סאָלדאַטן האָבן באַזוכט דעם ברענטש. עס האָט זיך געפילט די נאָענטקייט, די חבריש־קייט, וואָס דער ברענטש האָט אַריינגעבראַכט צווישן זיינע מיטגלידער. עס איז געווען אַ יום־טוב פון נצחון און אַ שמחה פון באַגריסן אונדזערע בראַווע סאָלדאַטן צוריק אין זייער היים, אין זייער ברענטש.

נאָך דער מלחמה באַטייליקט זיך אונדזער ברענטש **מיט אַלע כוחות אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער אויפגאַבע** פון אויפבויען דאָס שארית הפליטה פון יידישן פאָלק אין אייראָפּע.

אונדזער אָרדן האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו זאַמלען אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר אין 1944 און אַ מיליאָן דאָלאַר אין 1945 אויף הילף פאַר די יידן אין אַלע לענדער. אין ביידע פאַלן האָט אונדזער ברענטש איבערגעשטיגן די קוואָטע, וואָס איז געוואָרן אָנגעצייכנט פאַר אים.

מיר פירן דורך אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין די געליטענע לענדער און רופן יעדן מיטגליד בייצושטייערן מער ווי ער קען.

אונדזערע הילף־אַקציעס וועלן זיך ניט ענדיקן, ביז דאָס יידישע לעבן וועט ניט ווערן נאָרמאַליזירט. און מיר, אַלס יחידים און אַלס אָרגאַניזאַציע, וועלן טאָן אונדזער חוב! מיר וועלן העלפן שאַפן די נייטיקע איינ־קייט פון די אַמעריקאַנער יידן פאַר אַ ברייטן דעמאָקראַ־טישן פּראָגראַם פון הילף־אַרבעט, פאַר דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין דער וועלט, פאַר דער אויסראָטונג פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם, פאַר דער פאַרזיכערונג פון די רעכט און לעבנס פון די יידן.

## דער ברענטש און דער רעליף

ברענטש 11 האָט אַריינגעשריבן אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דעם „טשענסטאָכאָווער רעליף" און זיין קרבנות־פולער אַרבעט.

אַלס אַ לאַנדסמאַנשאַפטלעכער ברענטש, אַ טשענ־סטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, האָט ער אויך געהאַט לאָקאַלע פּראָבלעמען צו לייזן. דאָס זיינען געווען פּראָבלעמען פון אונדזער היימשטאָט, וואו מיר האָבן איבערגעלאָזט אונדזערע נאָענטע און פריינד. און מיר האָבן קיינמאָל אָן זיי ניט פאַרגעסן. אין אַלע אונדזערע געלט־קאַמפּאַ־ניעס, וואָס מיר האָבן געפירט, איז טשענסטאָכאָוו געשטאַ־נען אויפן ערשטן פּלאַץ.

גלייך פון זיין גרינדונג האָט זיך דער ברענטש אָר־גאַניש פאַרבונדן מיט דעם רעליף און מיט אים האַרמאָניש צוזאַמענגעאַרבעט. מיר האָבן געהאָלפן אויסאַרבעטן די ריכטליניעס פון רעליף, אָנפירן מיט זיין אַרבעט און אויס־שפּרייטן זיין פעלד פון טעטיקייטן.

אונדזערע מיטגלידער אין „רעליף" פאַרנעמען אָנ־געזעענע פּאָזיציעס און אַ דאַנק זייער איבערגעבנקייט צו אים, האָבן זיי זיך דערוואָרבן די אָנערקענונג פון אַלע לאַנדסלייט. ח' יעקב בער סילווער, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו פון רעליף און אויך דער טשערמאַן פון בוך־קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן" איז זיכער פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע אַקטיוויסטן פון „רעליף". זיין בייטראַג צו די טעטיקייטן פון רעליף, זיינע אייגענע גרויסע געלט־ביישטייערונגען, זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן אין פירן דעם „רעליף", האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אויף אַוועקשטעלן אַ „פּאַראייניקטן רע־ליף", וואָס זאָל קענען ווערן אַ זאַמל־פונקט פון אַלע

לאַנדסלייט אָן אונטערשייד פון ריכטונג אָדער גרופּירונג. אַבע קויפמאַן, רעדאַקציע־מיטגליד פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“, איז מיט דעם רעליף פאַרבונדן פון ערשטן טאָג אָן פון זיין עקזיסטענץ. אויך זיין בייטראָג איז אַ באַדייטנדיקער. אלקנה כראַבאלאָווסקי, אַן אַלטער מיטגליד פון אונדזער ברענטש, אַ טוער ווייט באַקאַנט נאָך פון דער אַלטער היים מיט זיינע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, איצט איינער פון די רעדאַקטאָרן פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“, האָט זייער פיל געהאָלפן דעם רעליף אין זיין אַרבעט, און ספּעציעל אין פּלאַנירן, אַרויסגעבן און רעדאַקטירן דאָס בוך.

און זיכער קען מען ניט אונטערשאַצן די אַרבעט פון אַזעלכע חברים פון ברענטש, ווי יוסף ראָזענבלאַט, קאָזשמינסקי, גליקסמאַן.

דער ברענטש, אַלס אָרגאַניזאַציע, האָט שטענדיק געשטיצט דעם „רעליף“ מאַטעריעל און מאָראַליש. ער האָט אַדורכגעפירט עטלעכע לעקציעס וועגן דעם „רעליף“ און זיינע טעטיקייטן. אין 1945 האָט ער אָנגעפירט אַ ספּעציעלע קאַמפּאַניע פאַר דעם „רעליף“. כאָטש אַ גרויסע צאָל מיטגלידער זיינען ניט קיין טשענסטאָכאָווער, האָט יעדער געענטפערט אויף דעם רוף. טויזנט דאָלאַר האָט דער ברענטש צוגעטראָגן צום „רעליף“, ניט רעכענענדיק די פּערזענלעכע אינדיווידועלע ביישטייערונגען פון אונדזערע מיטגלידער.

אָט די קאַמפּאַניע איז מיט מסירת נפש און פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַדורכגעפירט געוואָרן פון גאַנצן עקזעקוטיוו, און ספּעציעל די חברים בראָדסקי (אַליין ניט קיין טשענסטאָכאָווער) און טאַנסקי.

ברענטש 11 וועט שטענדיק קאָאָפּערירן מיט דעם רעליף און געבן אים יעדע מעגלעכע שטיצע אין זיין הייליקער אַרבעט לטובת אונזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים.

**שלום**

דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון יידישן פּראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן מעג שטאָלצירן מיט זיין 16 יאָריקער עקזיסטענץ, מיט זיין בייטראָג צום יידישן לעבן און צום אויפבוי פון דער יידישער קולטור דאָ אין לאַנד; מיט זיין ביישטייערונג פאַר די ליידנדיקע יידן אין איראָפּע; פאַר דעם אויסגעהאַלטענעם קאַמף פאַר פּראָגרעס און קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם; פאַר זיין מיטאַרבעט מיטן טשענסטאָכאָווער „רעליף“.

דער ברענטש, אַלס אַ גאַנצער, שטייט נישט איזאָלירט אין די גרענעצן פון ענגן פּראַטערנאַליזם, נאָר איז פאַרבונדן מיט יעדער באַוועגונג און מיט יעדן קאַמף, וואָס טראָגט נאָר אַ פּראָגרעסיוון כאַראַקטער, דאָ אין לאַנד און אין לעבן פון יידישן פאָלק.

דער ברענטש אַרבעט צוזאַמען מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווילן מאַכן דאָס יידישע לעבן זיכערער און געזונטער, ווי דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס און אַנדערע. אין דער „פעדעראַציע פון פּוילישע יידן“ זיינען מיר פאַרטרעטן דורך די חברים קאַזשמינסקי און לואיס גאָלדבערג און מיר קאָאָפּערירן מיט דער פעדעראַציע אויף יעדן געביט.

דער ברענטש מיינט פּראַטערנאַליזם פּלוס פּראָגרעס. דער ברענטש איז אַ יידישע פּראָגרעסיווע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע.

אויך דער אינדיווידועלער מיטגליד פון דעם ברענטש איז אַ נייער טיפּ. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ אַ שטענדיקן קאַמף פאַר פּראָגרעס און וואוילזיין פון די מאַסן. ער איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער ליבע צום לאַנד, וואָס ער האָט אַדאָפּטירט. ער איז געבליבן אַ געטרייער זון פון זיין פאָלק, דער אומדערמידלעכער בויער פון דער יידישער קולטור, דער אָפּהיטער פון דער יידישער טראַדיציע, דער סאָלדאַט, וואָס קעמפט פאַר אַ יידישער אייניקייט און פאַר אַ פּראָגרעסיוו יידיש לעבן.

סיי דער ברענטש אַלס אַ גאַנצער און סיי זיינע מיטגלידער שטעלן פאָר אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו־יאָרק.

### באַגריסונג צו טשענסטאָכאָוו

דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“ שיקט דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 האַרציקע גרוסן צו זיינע ברידער און שוועסטער אין טשענסטאָכאָוו מיט א דערמוטיקונג אין זייער שווערער לאַגע און זאָגט צו יעדע מעגלעכע הילף פאר דעם אויפבוי פון יידישן לעבן אין אונדזער אלטער היימשטאָט.

ברענטש 11 איז זיכער, אז אין טשענסטאָכאָוו וועט דער יידישער ישוב ווערן נאָך מער פאַרפונדעוועט, ווי פאר דער מלחמה, ווייל טשענסטאָכאָווער זיינען שטענדיק געווען אויסגעפּרובירטע קעמפער פאר א ניי און שענער לעבן, ווייל א נייער טאָג שפּראָצט אויף מיט האָפענונג אין לעבן פארן גאנצן יידישן פאָלק.

### קאָמיטעט פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 11
### פון יידישן פראטערנאלן פאָלקס־אָרדן
### אין די פאראייניקטע שטאטן
### פון אמעריקע:

בראט, סילווער, טאַנסקי, ווארגאן און א. גראָסבערג.

באאמטע פון ברענטש 11, אין 1964

פרעזידענט — יחיאל בראט;
וויים־פּרעזידענט — קארל ווארגאן;
פינאנץ־סעקרעטאר — א. גראָסבערג;
קולטור־דירעקטאָר — יעקב בער סילווער;
קאַסירער — בערל ערליך;
פּרעסע און פּובליסיטי — דוד טאנסקי;
דיסטריקט־פאָרשטייער — רובין בערגער;

פראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — מ. נאפמאן;
האָספיטאלער — אבע קויפמאן;
נויט־פאָנד — יוסף ראָזענבלאַט;
שולטוער — חברטע פריילין, חברטע סיידי בער־גער, חברטע לואי גאָלדבערג.
פאָרשטייער צו דער פוילישער פעדעראַציע — מאַקס קאַזשמינסקי, לואי גאָלדבערג.

**מיטגלידער פון עקזעקוטיוו:**

חוץ די אויבנדערמאָנטע באַאַמטע זיינען די פאָלגנ־דיקע פאָרזאַנען מיטגלידער פון עקזעקוטיוו:

לואיס בראָדסקי, עלען טאַנסקי און סערע גליקסמאַן, חברטע ראָוז מאַנדעל, חבר ווילי ווילינגער, חבר מאַקס וויינריט.

---

# טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד

דער גערדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ טשענסטאָכאָווער ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד איז אויפגעקומען ביי אַ גרופע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, וואָס זיינען געווען מיטגלידער אין דער פּאַרטיי פועלי־ציון. די איניציאַטאָרן זיינען געווען ה. גראָסבערג, ש. שלינגבוים (האָרלעמער ברענטש), משה צעשינסקי און ה. ווין (ברענטש 6). נאָך דער אָרגאַ־ניזירונג פון טשענסטאָכאָווער ברענטש האָבן זיך אָנ־געשלאָסן אין דער פועלי ציון פּאַרטיי די פיר ברידער וויינריט, ר. בערגער און שפּעטער אברהם ליטמאַן.

די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון ברענטש איז פאָרגע־קומען אין יאָר 1917, אויף לודלאָו סטריט, אין זאַל פון דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער פאָלקשול. דער אָרגאַניזאַטאָר פון פאַרבאַנד, חבר מיטשעל, האָט דער־קלערט די פּרינציפּן און צילן פון נייעם אַרבעטער־אָרדן (דער פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן אין 1913). די ערשטע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן טשענסטאָכאָווער ברענטש: ש. שלינגבוים, ר. בערגער, די פיר ברידער וויינריט, ס. ווילינגער, א. ווילינגער, ה. פריימאַן, גריי־צער, ה. ווין, משה צעשינסקי, ה. גראָסבערג, די ברידער וועגנלינסקי, מ. שאַפּיראָ, ל. קאַטעל, א. פרידמאַן. שפּע־טער זיינען צוגעקומען: א. בירנבוים, ח. גליקסמאַן, י. גליקסמאַן, איזי האַבער (ראַדאָמסקי) און ל. ליטמאַן.

דעם 17־טן אַפּריל 1917 איז דער ברענטש אָפיציעל אינסטאַלירט געוואָרן מיט אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט. פאָרזיצער איז געווען משה צעשינסקי. אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט מיט ה. ווין אַלס פאָרזיצער.

דער ערשטער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון ברענטש איז געווען ש. שלינגבוים; פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — י. גריי־צער. אַנדערע באַאַמטע זיינען געווען: ה. ווין, ר. בער־גער און ה. גראָסבערג.

דער טשענסטאָכאָווער ברענטש פון פאַרבאַנד האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון פּיפּלס־רעליף, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. האָט געשטיצט די סטרייקן פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אָפט און איינ־געאָרדנט „אָפּען עיר"־מיטינגען צו שטיצן די קאַנדידאַטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין קאָנגרעס און צו דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג.

דער טשענסטאָכאָווער ברענטש אַלס אַ גאַנצער און אַלע זיינע מיטגלידער האָבן מיט דער גרעסטער אי־בערגעבנקייט זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט פון „טשענ־סטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק". זיי האָבן אַ סך מיט־געהאָלפן צו שאַפן דעם פאָנד פאַרן י. ל. פּרץ־הויז אין טשענסטאָכאָוו. דער ברענטש און זיינע מיטגלידער האָבן געזאַמלט אַ גרויסע צאָל ביכער פאַר דער אַלגעמיינער אַרבעטער־ביבליאָטעק אין טשענסטאָכאָוו. אַ לאַנגע צייט איז דער סעקרעטאַר פון „טשענסטאָכאָווער רעליף" גע־ווען ה. ווין.

דער ברענטש האָט זיך אויך פאַרנומען מיט קול־טור־אַרבעט און זייער אָפט איינגעאָרדנט שמועסן און פאָרלעזונגען וועגן יידישער ליטעראַטור.

עטלעכע מיטגלידער פון ברענטש האָבן באַזוכט די קורסן פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע, יידישער געשיכטע און געשיכטע פון סאָציאַליזם, וואָס זיינען אין יאָר 1919 אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי־שול פון ברענטש 6 פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי. אייניקע פון יענע מיט־גלידער זיינען איצט טעטיק אין פאַרשיידענע געביטן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

•

אין שייכות מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע, צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט דער ציו־ניסטישער געדאַנק זיך פאַרשטאַרקט אויף דער יידישער גאַס און משפיע געווען גרויסע מאַסן פון יידישע אַר־בעטער. עס איז געשאַפן געוואָרן דער „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין" פאַר ארץ־ישראל, אָנגעפירט פון סעקרעטאַר פון די „פאַראייניקטע געווערקשאַפטן" און פון ענערגישן

סאָציאַליסטישן קעמפער שיפּלאַקאָוו, וואָס האָט שוין ביז איצט געזאַמלט עטלעכע מיליאָן דאָלאַר.

אַלס רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויך געקומען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט ווי אַ שטורעם־ווינט אויפגעטרייסלט די אַרבעטער־מאַסן פון דער וועלט. די רעזולטאַטן פון ליידנשאַפטלעכן קאַמף צווישן ציוניזם און קאָמוניזם האָט אויך דערפילט דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 111 פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

געווען מיטגלידער וואָס האָבן געפּרואווט צוזאַמענהאַלטן די הונדערט חברים פון ברענטש דורך אויפשטעלן אַ סינטעז צווישן מאַקסימאַלן און מינימאַלן (באָלשעוויסטישן און מענשעוויסטישן) סאָציאַליזם און די שטרעבונגען פון ציוניזם. דאָס האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבן. ווי אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך דער ברענטש געשפּאַלטן. דער גרעסטער רוב איז אַוועק צום אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן. אין פאַרבאַנד איז געבליבן אַ מיעוט און ער האָט זיך רעאָרגאַניזירט אַלס יצחק אייזיק הורוויטש ברענטש 10, צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון יידישן געלערנטן, טעאָרעטיקער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און עקספּערט אין עמיגראַציע־ענינים.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

---

# דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין ניו־יאָרק

(קאָמיטעט צו העלפן פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן — 1931—1939)

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען פון פּוילן אַלץ גרויזאַמערע ידיעות. דער פאַשיסטישער רעזשים, וואָס האָט געהאַלטן דאָס לאַנד ווי אין אייזערנע צוואַנגען, האָט באַרויבט די מאַסן פון יעדן רעכט און יעדער מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ. פון פרייהייט איז נישט געבליבן קיין זכר. פריי האָט נאָר געהערשט דער פאַשיזם, פריי האָט געהוליעט דער פּאָגראָמשטשיק, פריי איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם. די הערשנדיקע קליקע האָט געוואָלט זיך ראַטעווען פון פאָלק־צאָרן דורך וואַרפן די שולד פאַר אַלע יסורים, פּיין און ליידן פון די מאַסן אויף די יידן, דורך העצן צו פּאָגראָמען, דורך צעשמעטערן די דעמאָקראַטיע פון לאַנד. די מאַסן אָבער האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון די פאַלשע פאַשיסטישע לאָזונגען און האָבן ביטער באַקעמפט דעם רעזשים. די קאַמפן האָבן געבראַכט גרויסע קרבנות.

די פּוילישע אָכראַנע האָט זיך אָבער נישט באַנוגנט מיט פייניקן אַרעסטירטע. זי פלעגט שיסן אַרבעטער־טוער אין גאַס, אָן יעדן משפט אָדער וואָרנונג. אַזוי איז דערמאָרדעט געוואָרן דער באַקאַנטער טשענסטאָכאָווער טוער אַדעק לאַנדוי. די פּאָליציי האָט אים דערשאָסן אין גאַס, דעם קערפּער שטילערהייט באַגראָבן און אפילו נישט געגעבן צו וויסן וועגן דעם זיין משפחה. טורמע־טערמינען האָט מען אויסגעטיילט מיט אַ גאָר ברייטער האַנט. אָט איז אַן אורטייל, אַרויסגעגעבן קעגן אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער: פרענקל — 15 יאָר תפיסה, קנאַפּיק — 15 יאָר, ברייטמאַן — 12 יאָר און אָלשעווסקי — 5 יאָר. די פּוילישע בירגערלעכע פּרעסע האָט צוגעשטעלט פאָלגנדיקע שרעקלעכע סטאַטיסטיק: פון ערשטן מאַי 1926 ביז דעם ערשטן מאַי 1936 זיינען 1534 אַנטי־פאַשיסטן דערמאָרדעט געוואָרן אָן אַ משפט; 2400 — פאַרוואונדעט געוואָרן און 125,000 פאַרמשפּט צו טורמע. דורך דער צייט האָבן די געריכטן אַרויסגעגעבן אורטיילן אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 50 טויזנט יאָר.

עס איז נישט קיין חידוש, וואָס יידן, די אַם מערסטן געראָדפטע, האָבן אויך צוגעשטעלט די גרעסטע צאָל פּאָליטישע אַרעסטירטע. די יידישע אַרעסטירטע האָבן אויך געליטן מער ווי אַנדערע: מען האָט זיי געפּייניקט אַלס יידן און אַלס פּאָליטישע. די יידישע מאַסן אין פּוילן האָבן געזוכט הילף פאַר זייער קאַמף און נישט איין מאָל זיך געוואָנדן וועגן דעם צו דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן געפאָדערט פון אונדז, עמיגראַנטן פון פּוילן, אַן אָפענע שטעלונג צו דער פּוילישער רעגירונג, אַקציעס פון מאָראַלישער אונטערשטיצונג און פינאַנציעלער הילף פאַר די קרבנות פון פאַשיזם. „וואָס שווייגט איר?" — האָט מען אָפט געפרעגט ביי די אַמעריקאַנער יידן.

דער קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „טאָג", ב. סמאָליאַר, האָט אָפן געוואָרנט, אַז אויב דאָס אַמעריקאַנער יידנטום וועט נישט צווינגען די פּוילישע פאַנסקע רעגירונג צו צוימען די אַפּעטיטן פון אַנטיסעמיטן, וועלן די פּוילישע יידן פאַרמשפּט ווערן צום אונטערגאַנג. עס איז געווען אַ פראַגע פון אַ פּשוטן מענטשלעכן געפיל אויסצודריקן אַ ברידערלעכע האַנט פון אַנטי־פאַשיסטישער סאָלידאַריטעט צו די מאַסן פון פּוילן און אַ נאַציאָנאַלער

חוב צו העלפן די פּוילישע יידן אין זייער קאַמף. שטיצע פאַר די פּאָליטישע קרבנות פון פּוילישן פאַשיזם איז געווען דער געבאָט פון דער שעה.

כדי צו אָרגאַניזירן די דרינגענדיקע הילף איז געשאַפן געוואָרן דער פּאַטראָנאַט אין 1931.

דעם פּאַטראָנאַט איז לכתחילה אויסגעקומען צו קעמפן קעגן אַן אַטמאָספערע פון גלייכגילטיקייט, וואָס האָט באַהערשט די לאַנדסמאַנשאַפטן. אויב דער אינטערעס פאַר דער אַלטער היים האָט געפונען וועלכן עס איז אָפּקלאַנג צווישן די היגע לאַנדסלייט, האָט ער זיך אויסגעדריקט אין פילאַנטראָפּישער רעליף־אַרבעט. אָבער אויך די דאָזיקע אַרבעט איז געפירט געוואָרן אויף אַ זייער קליינעם מאָסשטאַב. צעריסנקייט און צעשפּליטערקייט האָט נאָך מער פאַרשווערט יעדע ענערגישע אַקציע. די נייעסן פון פּוילן זיינען נישט געבראַכט געוואָרן צו דער אויפמערקזאַמקייט פון די יידן אין אַמעריקע. די ברייטע עפנטלעכקייט איז נישט געוואָרן אויפגעברויזט און מיטגעכאַפּט מיט די פּאַסירונגען אין פּוילן, ווייל די פירער פון אַמעריקאַנער יידנטום האָבן נישט געפונען פאַר נויטיק אויפצושטורעמען די יידישע מאַסן קעגן דעם פאַשיזם אין פּוילן. ווען די רדיפות אויף די יידן אין פּוילן האָבן שוין אָנגענומען אַזעלכע פּראָפּאָרציעס, אַז די ברייטע שיכטן פון די לאַנדסלייט האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן אַן אַקציע, האָט מען צוזאַמענגערופן אַ קאָנפערענץ, פאַרפאַסט אַ רעזאָלוציע אין געקליבענע ווערטער, און מיט דעם האָט זיך דער ענין פאַרענדיקט. אפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען דער פאַשיזם האָט אַראָפּגעוואָרפן יעדע מאַסקע פון דעמאָקראַטיע און פריי געהוליעט אויף די רוקנס פון די יידן אין פּוילן, האָט מען דאָ, אין אַמעריקע, נאָך אַלץ גערעכנט זיך מיטן וואָרט און נאָך מער מיט מעשים. דווקא די יידן פון פּוילן האָבן דרייסטער און פייערדיקער אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט קעגן די פּוילישע הענקער, ווי די פרייע יידן אין אַמעריקע. ד״ר מאַרגאָשעס, רעדאַקטאָר פון „טאָג״, האָט אין 1936 געמוזט וואָרענען די היגע לאַנדסלייט, אַז דאָס רעליף־פּראָבלעם מוז אָננעמען פאָרמען און אַז „די מאָראַלישע הילף, וואָס איז ביז איצט געווען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט, איז פון קאָלאָסאַלן ווערט און מוז געגעבן ווערן וואָס שנעלער . . .״

אונטער די דאָזיקע באַדינגונגען איז די אַרבעט פון דעם פּאַטראָנאַט געווען זייער אַ שווערע. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך מי, ענערגיע, אויסגעהאַלטנקייט און געדולד, כדי אַדורכצואַקערן דאָס לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פעלד, צו באַזייטיקן אַלע פאָראורטיילן און געווינען דעם צוטרוי און שטיצע פון די לאַנדסלייט. מען האָט געמוזט פאַראינטערעסערן זיי אין די בלוטיקע קאַמפן אין פּוילן, אין דער אכזריותדיקייט פון דעם פּוילישן פאַשיזם, אין דער נויט און אין די ליידן פון די פּאָליטשע מאַרטירער.

פון דער צווייטער זייט האָט מען געדאַרפט איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די אַרעסטירטע אין די פּוילישע קאַזעמאַטן, אָנהאַלטן די קאָנטאַקטן, איבערשיקן די געזאַמלטע געלטער, קריגן אויטענטישע באַריכטן פון דאָרט, נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות און שטערונגען מצד דער פּוילישער אָכראַנע.

אָבער די אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אַ קליינע גרופּע פון גרינדער פון פּאַטראָנאַט איז באַשטאַנען פון מענטשן אָן קלינגענדיקע נעמען, פּשוטע אַרבעטער, אָן הויכע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, אָן געלט־זעק, אָבער וועמען דער קאַמף קעגן פאַשיזם איז געווען נאָענט. מיט דער צייט איז דער פּאַטראָנאַט געוואָרן שטאַרק, געוואונען פּרעסטיזש, וואָגיקייט און אָנערקענונג פון די לאַנדסלייט. אפילו די איינגעשפּאַרטע אָפּאָנענטן האָבן געמוזט בייטן זייער מיינונג און אָננעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער איבערגעגעבענער אַרבעט און מסירת־נפש פון די פּאַטראָנאַטן־טוער. סוף כל סוף האָט מען געמוזט איינזען די נויטווענדיקייט פון באַקעמפן דעם פּוילישן פאַשיזם, מען האָט געמוזט מסכים זיין מיט די היסטאָריש־וויכטיקע צילן פון דעם פּאַטראָנאַט.

אין הסכם מיט זיין פּראָגראַם, האָט דער פּאַטראָנאַט געוואָנדן זיין גאַנצע ענערגיע צו באַקענען די לאַנדסלייט מיט דער שרעקלעכן טעראָר, וואָס האָט געהערשט אין פּוילן און מיט קאַמפן, וואָס די מאַסן האָבן דאָרט אָנגעפירט. דער פּאַטראָנאַט האָט פאַרשפּרייט אַלע נייעסן פון דער אַלטער היים, געזאַמלט געלטער פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע און געהאָלפן שאַפן די אַזוי נויטיקע איינקייט צווישן די לאַנדסלייט פון פאַרשיידענע ריכטונגען פאַר דעם קאַמף קעגן דעם פּוילישן סאַנאַציע־רעזשים. מיט שטאָלץ מוז מען אונטערשטרייכן, אַז די לאַנדסלייט האָבן זיך גוט אָפּגערופן אויף דעם אַפּעל פון דעם פּאַטראָנאַט און געשטיצט אים מיט אַ פולער האנט. אַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, ווי די יאָנג מענס אַסאָסיאיישאָן, די ליידיס אָקזילערי, דער אַרבעטער־רינג ברענטש 261 און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן ברענטש 11 — זיינען שטענדיק געווען פאַרטרעטן אויף אַלע אונטערנעמונגען פון פּאַטראָנאַט און געשטיצט זיין אַרבעט. די באַציאונגען מיט דער רעליף־אָרגאַניזאַציע זיינען געווען גאָר נאָענטע. ס׳איז באמת שווער אָנצואווייזן, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון רעליף און וואו עס האָט זיך געענדיקט די אַרבעט פון פּאַטראָנאַט. ביידע האָבן געאַרבעט פאַר דעם וואוילזיין און פרייהייט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים. אַזוי ווי דער רעליף איז געווען אומפּאַרטייאיש און פּראָגרעסיוו, אַזוי איז אויך דער פּאַטראָנאַט געוואָרן אַ צענטער פון אַלע פּראָגרעסיווע טשענסטאָכאָווער, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערסירט אין שטירצן דעם פּוילישן פאַשיזם. יעדע אַקציע לטובת די יידן אין פּוילן איז געוואָרן אָנערקענט און אַקטיוו געשטיצט פון פּאַטראָנאַט, נישט געקוקט, ווער עס האָט גענומען די איניציאַטיוו אין דער דאָזיקער אַקציע. יעדן

אַרעסטאַנט איז געגעבן געוואָרן הילף, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך געווען, נישט געקוקט אויף זיין אָדער איר פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. דער פּאַטראָנאַט איז געוואָרן אַן איטעגראַלער טייל פון לאַנדסמאַנשאַפטלעכן לעבן און אַ שטאַרקער אינסטרומענט צו שמידן די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אייניקייט. ווער עס האָט בייגעוואוינט די שטאַרק באַזוכטע מיטינגען און באַנקעטן פון דעם פּאַטראָנאַט, האָט באמת געפילט די פרייד, וואָס אייניקייט קען שאַפן, און די סימפּאַטיע, וואָס דער פּאַטראָנאַט האָט אַרויסגערופן צו די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

זינט 1936, האָבן שוין ביידע אָרגאַניזאַציעס — דער רעליף און דער פּאַטראָנאַט — אַדורכגעפירט בשותפותדיקע בעלער יעדעס יאָר, און פון דער הכנסה איז אַ טייל באַשטימט געוואָרן פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע. יעדער באַל איז געווען אַ מאַניפעסטאַציע קעגן פּוילישן פאַשיזם און אַן אויסדרוק פון ליבע צו די ברידער אין פּוילן.

דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין ניו־יאָרק האָט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון די דאָרטיקע לאַנדסלייט. ער האָט אָרגאַניזירט עפנטלעכע פּראָטעסט־מיטינגען קעגן דעם פּוילישן פאַשיזם און אויך פאַרשיידענע אונטערנעמונגען לטובת די פּאָליטישע אַרעסטירטע. גרופּן זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אין דעטראָיט, קאַנאַדע און דרום־אַמעריקע. לויט דער איניציאַטיוו פון די טשענסטאָכאָווער, איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ נאָוואָראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט, וואָס איז געוואָרן אַ בכבודיקער מיטגליד אין דער פּאַטראָנאַטן־משפחה. צום לויב פון די טשענסטאָכאָווער מוז אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז זיי זיינען געווען צווישן די וויכטיקסטע איניציאַטאָרן פון דער צענטראַלע פון די פּאַטראָנאַטן. צווישן אַנדערע אויפטוען איז געלונגען צו איבערצייגן די דעמאָלט עקזיסטירנדיקע צוויי פּאַטראָנאַטן, נאָוואָדוואָרער און ביאַליסטאָקער, צו פאַראייניקן אַלע כוחות אויף צו גרינדן די צענטראַלע, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע פון בויען נייע פּאַטראָנאַטן און בכלל אויסשפּרייטן דעם קאַמף קעגן דעם פּוילישן פאַשיזם.

די אַנטשטייאונג פון דער צענטראַלע איז געווען פון גאָר גרויסער באַדייטונג. דער קאַמף קעגן פּוילישן פאַשיזם האָט אָנגענומען אַ ברייטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די צענטראַלע איז געווען בכוח צו פּאָפּולאַריזירן די פּאַטראָנאַטן צווישן די לאַנדסלייט, אונטערנעמען פאַרשיידענע אַקציעס לטובת די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן, פאַרטיפן די אַרבעט און צוגרייטן דעם באָדן פאַר געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען.

אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די צענטראַלע אויפגעבויט 35 פּאַטראָנאַטן, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען כמעט אַלע וויכטיקסטע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. יעדער פּאַטראָנאַט האָט געהאַט אויטאָנאָמיע, אָבער אַלע צוזאַמען האָבן געאַרבעט אונטער דער פירונג פון דער צענטראַלע. דער זשורנאַל „צו הילף״, וואָס די צענטראַלע האָט אַרויסגעגעבן, האָט געהאַט אַ דורכשניטלעכע צירקולאַציע פון 5,000 עקזעמפּליאַרן. דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט האָט אַריינגעשיקט אין דער צענטראַלע זיינע בעסטע טוער און איז בכלל געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ גרויסן חלק פון איר אַרבעט.

דאָס יאָר 1936 איז געווען אַ יאָר פון גרויסע אָנגעשטרענגטע טעטיקייטן. אין יענעם יאָר האָט אַ נייע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם פאַרפלייצט פּוילן. פּאָגראָמען אויף יידן זיינען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די רעאַקציע האָט געבושעוועט אומדערטרעגלעך און די צאָל אַרעסטירטע איז געוואַלטיק געשטיגן. דאָס אָפיציעלע פּוילן האָט אַוועקגעוואָרפן יעדן אָנשטעל פון דעמאָקראַטיע און אַריינגעקייקלט זיך אין די אָרעמס פון היטלערן, סיי אין איר אויסערלעכער און סיי אין איר אינערלעכער פּאָליטיק. דער פּוילישער רעזשים איז אַלץ אומפאַרשעמטער אַרויפגעגאַנגען אויפן וועג פון אָפענעם און ברוטאַלן פאַשיזם.

אין זומער 1936 האָט דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אַקטיוו זיך באַטייליקט אין שאַפן דעם „פאָלקס־קאָמיטעט צו באַקעמפן די פּאָגראָמען אויף יידן אין פּוילן״, וועלכער האָט אונטערגענומען אַ צאָל אַקציעס. טויזנטער אונטערשריפטן מיט פּראָטעסטן קעגן דער פּאָגראָם־כוואַליע זיינען איבערגעשיקט געוואָרן צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן.

דער פּאַטראָנאַט האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער גרויסער און איינדרוקספולער גאַסן־דעמאָנסטראַציע, אָרגאַניזירט פון „פאָלקס־קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמיטיזם״, און איז געווען פאַרטרעטן אין דער דעלעגאַציע, וואָס מען האָט געשיקט דעם פּוילישן קאָנסול אין ניו־יאָרק.

מען מוז אויך דערמאָנען דעם אימפּאָזאַנטן היסטאָרישן מאַ״ש קיין וואַשינגטאָן, אָרגאַניזירט פון דעם זעלבן „פאָלקס־קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמיטיזם״. טויזנטער דעלעגאַטן, וועלכע האָבן פאַרטרעטן אַרום אַ פערטל מיליאָן יידן, 30 טויזנט אוקראַינער און הונדערטער לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, האָבן זיך באַטייליקט. אונדזער פּאַטראָנאַט איז אויך געווען פאַרטרעטן מיט אַ דעלעגאַט. סענאַטאָרן, קאָנגרעסלייט, שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער, יידישע און ניט־יידישע, האָבן אינדאָרסירט דעם מאַרש. סענאַטאָר טאָמאַס האָט די דעלעגאַציע געפירט צום פּרעזידענט, וועמען מען האָט דערלאַנגט אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דאָס אָפיציעלע וואַשינגטאָן האָט דערהערט דעם וויי־געשריי פון פּוילישן יידנטום.

דעם 11טן יוני 1937 האָט אונדזער רעליף, מיט דער שטאַרקער מיטהילף פון דעם פּאַטראָנאַט, גערופן אַ מיטינג קעגן די פּאָגראָמען אין אונדזער היימשטאָט. דאָס איז געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון אונדזערע לאַנדסלייט. אַלע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען פאַרטרעטן. די רעדנער האָבן אויפן שאַרפסטן

אופן פאַרדאַמט די פּאַנסקע רעגירונג און געפאָדערט גלייך אָפּצושאַפן יעדע דיסקרימינאַציע און רדיפות אויף די יידן. יעדע אַקציע, יעדעס געשעעניש אין פוילן בכלל און אין טשענסטאָכאָוו בפרט האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די טעטיקייטן פון דעם פּאַטראָנאַט.

דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט האָט אין זיין לעצטן רעפעראַט צו דער צענטראַלע דערקלערט :

„. . . מיר האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו דערגרייכן די לאַנדסלייט, וועלכע באַלאַנגען צו פאַר־שיידענע אָרגאַניזאַציעס. אַ סך מיספאַרשטענדענישן און צעריסנקייט האָט געהערשט צווישן די אָרגאַניזאַציעס. אָבער אַ דאַנק אונדזער אומדערמידלעכער אַרבעט און אָנשטרענגונגען איז אונדז געלונגען צו איבערצייגן די לאַנדסלייט, אַז עס איז נויטיק צו פאַראייניקן אַלע כוחות פאַרן קאַמף קעגן פוילישן פאַשיזם, וואָס עס איז דער פּאָטער פון די פּאָגראָמען אויף יידן. היינט צו טאָג הערשט ביי אונדז אַ גרויסע אייניקייט. היינט האָבן מיר איין פאַראייניקטן רעליף, וועלכער שאַפט הילף פאַר די נויטליידנדיקע אין טשענסטאָכאָוו און אויך פאַר די פּאָלי־טישע אַרעסטירטע . . .‟

פאַרשטייט זיך, אַז זינט דער מלחמה עקזיסטירט שוין מער נישט דער פּאַטראָנאַט. דער רעליף איז גע־בליבן. אין אים זיינען, ווי פריער, טעטיק אַלע געוועזענע פּאַטראָנאַטן־טוער. זיי זיינען געבליבן געטריי זייערע שוועסטער און ברידער אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע נוי־טיקן זיך אין הילף איצט מער, ווי ווען עס איז.

דער פּאַטראָנאַט האָט אָנגעשריבן אַן אימפּאָזאַנט בלעטל אין דעם קאַמף קעגן פוילישן פאַשיזם. אַ סך פון די געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועמען דער פּאַט־ראָנאַט האָט גשעטיצט, זיינען געפאַלן ווי העלדן אויף די באַריקאַדעס אין די געטאָס ; אַ סך זיינען געוואָרן פּאַרטיזאַנען, און די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, העלפן בויען דאָס נייע פוילן, וואָס וועט שוין נישט דאַרפן מער קיין פּאַטראָנאַטן פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע.

פאָלגנדיקע לאַנדסלייט און פריינד זיינען געווען מיטגלידער אין דעם טשענסטאָכאָווער

פּאַטראָנאַט :

אַלטמאַן מאַקס און ראָוז.
בערגער איזי און איוואַ.
בערגער רובין און בעלאַ.
בוכנער מאָריס און סאָפי.
ביירא שמעון און פעלאַ.
בעסער לייזער.
באַבראָווסקי ראָוז.
בראַט יחיאל.
גליקסמאַן כאַנע און פראַדל.
גליקסמאַן סערע.
געריכטער קאַרל און רעגינאַ.
גאָטליב פּנחס און מאַלי.
געריכטער אייב.
גרוימאַן אירווינג.
גרוימאַן סעם.
גראָסבערג אברהם.
גאָלדבערג לואי און עני.
גאָטליב דוד, ע״ה.
האַנדעלסמאַן לואי און ראָוז.
ווילינגער סעם און גאָסי.
ווילינגער ווילי און בלענטש.
וואַרגאַן קאַרל און העלען.
טאַנסקי דוד און עלען.
טרעגער דוד.
לעווענשטיין יחיאל.
לעפקאָוויטש מאָריס.
מאָרז מאָריס.
מונאָוויטש שלמה, ע״ה.
סילווער יעקב בער.
פריילעך סעם און סאָפי.
פריילעך אייב.
פריימאַן הערשל און לאה.
צוקער יהושע.
קינסטלער זישקע.
קרויס דזשאַי.
קרויס מאָריס.
קוזשמינסקי מאַקס און אסתר.
קויפמאַן אַבע.
ראָזענבלאַט דזשאַן און בעלאַ.
רובינשטיין דזשוי און מיני.
ריכטער דוד.
רוק שלמה, ע״ה.
שלינגבוים שלמה און מרים.
שוואַרצבוים אברהם און לאה.
שוואַרצענשטיין גבריאל.
שאַיאַ מאָריס.

**פאָלגענדיקע לאַנדסלייט און פריינד זיינען געווען גרינדער, מיטגלידער און שטיצער פון טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיין און טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט. דורך זייער הילף און איבערגעבנהייט זיינען אויפ־געהאַלטן געוואָרן די צוויי אָרגאַניזאַציעס:**

אַבערמאַן שלום, אייזנער לואי, איזראַ-
ראַעל העריס*, בראָדער ישראל'קע, בזשע-
זשינסקי הערי, ביאַליק גרשון, בוכ-
נער ווילי, בראָקמאַן מאַקס, בענקער הענ-
רי, ביירא שמעון, בראַט יאָשקע, בראַט
יחיאל, באַלזאַם דזשייקאָב, באַלזאַם דזשאו,
בראַטמאַן בערל, גראַנעק לייביש, געריכטער
קאַרל, גליקסמאַן כאָנע, גרין סעמיועל,
גרינבערג סאַל, גאָלדבערג פייטל, גאָלד-
בערג, יהושע, גרויסבערג מענדל, גלאַטער
מאַקס, גאָטליב פנחס, גאָטאייגער הײַמי,
געליבטער איבי, גרוימאַן הערי, גערשאָ-
נאָוויטש דוד לייב*, גאָלדבערג סעם*, גלאַ-
טער מאַקס*, גליקסמאַן יאָסל*, גליקסאָן
מענדל*, געריכטער ווילי*, גאָטליב דוד*,
דייוויס העריס*, הערשליקאָוויטש באַר-
נעט*, הירשמאַן וואָלף*, ווילינגער מרדכי,
ווין יחזקאל, וואַרגאָן עמנואל, ווינער
מאָריס, ווייסבערג שלמה, ווייסקאָפּף
אַלעקס, ווייסקאָפּף סעמיועל, ווילינגער
מאַקס, וואַסערמאַן איבי, וואולף מענדל,
וועגנער איבי, וועגנער סעם, ווײַנריט
מאַקס, ווין הערשל*, ווייסבלום אַבֿרהם*,
וואַסערמאַן דזשעק*, ווײַנריט הענרי*,
זעליקאָוויטש איטשע, זיידמאַן דזשעק,
זיטמאַן דוד, זעליקאָוויטש מאָריס, זיגאַס
ישראל'קע, זיגאַס הערי, זיגאַס סעם,
זילבערבערג משה'לע*, טעפּער איזי, יאפּע
סעם, כראָבאָלאָווסקי אלקנה, לעפּקאָוויטש
שמואל, לעפּקאָוויטש ישראל, לעפּקאָוויטש
לייבל, ליוויי איזידאָר, ליוויי דזשעק,
לענטשנער טשאַרלי, לייכער ישעיה, ליט-
מאַן דזשאו, ליטמאַן אברהם, ליבאָוויטש
טשאַרלי, לעווענשטיין יחיאל, לעווענשטיין
זכריה*, לעווענשטיין סאול, מיענטקאָ-
וויטש אבע, מענדעלסאָן יעקב, מונאָוויטש
שלמה*, נירענבערג איבי, נירענבערג
ווילי, נירענבערג דזשוליוס, נאַכטיגאַל
ווילי, סילווער ישעיה אליעזר, סילווער
יעקבֿ בער, סענזער איבי, סערצאַרדזש
דזשוליוס, סערצאַרדזש טשאַרלי, סטאַ-
ראָזאָם מיכל, סאָבאָל אַביגדור*,
סקאָוראָנעק רפאל*, עפּשטיין בער-
נאַרד, עבערמאַן יודל, עקשטיין חיים*,
פּייערטאָג יהודה הירש, פריימאַן הערשל,
פרידמאַן דוד, פּייערשטיין הערי, פרידמאַן
אַברהם, פיינער מאיר, פינקלער דוד,
פינקלער דזשעק, פּייערשטיין הערשל*,
צעשינסקי משה, צימערמאַן ניסן, צוקער
יהושע, קויפמאַן אבע, קעניגסבערג שלמה,
קאָפּינסקי יאַנקל, קויפמאַן דזשאָו, קרעמס-
דאָרף אוירווינג, קאַמינסקי ארוש, קאַ-
מינסקי פאָלעק, קאָהען לואי, קוזשמינסקי
מאַקס, קינסטלער זישקע, קאָהן חיים*,
קאָרפּיעל מאַקס, קאַלקע שמחה*, ריקמאַן
איצעק, רעכניץ דזשייקאָב, ראַבינאָוויטש
ס., ראָזענבלאַט מאַקס, ראָזענבלאַט דזשאָו,
רוק שלמה*, רעמבאַק מאיר*, שוואַרץ
חיים לייב, שימקאָוויטש לואי, שלינג-
בוים שלמה, שוואַרצבוים מענדל,
שפּיצער שלמה, שימקאָוויטש דזשאָרדזש,
שייער חנניה, שייער מאַקס, שייער
דוד, שטענצל מרדכי, שטענצל קאָפּל,
שמידט לעאָן, שאַיאַ ק., שאַיאַ מאָריס,
שטיינהויז יואל'קע, שימקאָוויטש אהרן*,
שמולעוויטש שלמה*.

*) געשטאָרבן.

---

# טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט עדיוקיישאָנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ

מיר געדענקען אונדזער שטאָט מיט אירע ביימער און גראָזן, גאַסן ברוקירטע און גאַסן בלאָטיקע. מיר געדענקען די שול און דעם בית־מדרש, וואו אונדזערע טאַטעס זיינען געגאַנגען דאַווענען, געפירט שמועסן און געלערנט. ווי אַלע אַנדערע שטעט, האָבן מיר אויך געהאַט אָרעמעלייט און צדקה־געבער, און אפילו אַ שטאָט־משוגענעם. און אָט איז דער דאָקטער, דער פעלדשער, דער אַפּטייקער און די אַריסטאָקראַטישע שיינע יידן. און אָט איז דער מאַרק מיט פויערים און פויערטעס, וואָס האָבן געבראַכט אַלע גוטע זאַכן צום פאַרקויפן און ר' חיים, וואָס האָט איינגעהאַנדלט אַ קעלבל פאַר אַ גילדן אַרויף און אַ גילדן אַראָפּ און געקלאַפּט דעם פויער אין האַנט.

און אָט איז די „סאַליע" (זאַל), וואו דאָס יינגוואַרג איז געגאַנגען טאַנצן, און מיר געדענקען אויך די אַלעע, וואו מיר האָבן שפּאַצירט און ראָמאַנסירט. און אָט איז דער קלויסטער און די „יאַסנע גורע". און אָט איז די יאַטקע־גאַס מיט יינגען און מוידן, הוליאַנקעס, געשלעגן — עס איז געווען אַ לעבן!

און ווי שיין האָט די שטאָט אויסגעקוקט שבת נאָכן טשאָלנט. ווי אידיליש האָט אויסגעזען דער פרייטיק צו נאַכטס נאָכן ליכט־בענטשן, ווען די מאַמעס האָבן אָנגעטאָן די „קופּקעס" און האָבן געשיינט ווי די ליכטיקע זון.

מיר האָבן אויך געהאַט אינטעליגענציע, וואָס האָט פאַרריסן די נאָז און מיטן פּראָסטן בעל־מלאכה זיך ניט געוואָלט חברן, עס איז געווען אַ פיל פאַרביק לעבן מיט רעגנס און שטורעמס, מיט זונליכט און פינצטערניש, מיט נגידישקייט און אָרעמקייט, און דאָך אינטערעסאַנט און אייגנאַרטיק — אַזוי איז דאָס פאַרבליבן אויף אייביק אין אונדזער זכרון.

דאָס לעבן אין אונדזער געבורט־שטאָט טשענסטאָכאָוו איז איצט צעטראָטן, פאַרברענט און פאַרניכטעט, דורך די נאַצישע הינט. זיי האָבן אַלע הייליקטימער געשענדט, צעראַבירט און חרוב געמאַכט, אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער, שוועסטער, חברים און פריינד אויסגעמאָרדעט און דאָס גאַנצע יידישע טשענסטאָכאָוו פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן בית־עולם. אונדזער טראַ־

געדיע איז ברייטער ווי דער ים. דער ווייטיק און פּיין אין אונדזערע הערצער קענען אין ווערטער נישט אַרויסגעזאָגט ווערן. עס האָט נאָך קיין לעבעדיקער מענטש, די ווערטער נישט באַשאַפן צו באַצייכענען זיי. אָבער ווי אַלע מאָל שטייען מיר שוין ווידער גרייט אויסצופּילן אונדזער חוב פאַר דער שטאָט, וואו מיר זיינען געבוירן געוואָרן, וואָס וועט אויף אייביק בלייבן אין אונדזערע הערצער.

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די שטאָט, וואו אונדזערע עלטערן זיינען געבוירן און וואו מיר האָבן פאַרבראַכט אונדזערע קינדער־יאָרן און יוגנט. און אויב אפילו עס וואָלטן, חלילה, קיין יידישע לעבנס מער נישט פאַרבליבן אויף דער טשענסטאָכאָווער ערד — וועלן מיר הייליקן די שטיינער, אויף וועלכע מיר און אונדזערע אייגענע האָבן געטראָטן '



די ערשטע טשענסטאָכאָווער אימיגראַנטן האָבן זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ אין יאָר 1898, ערשט אין 1905, ווען עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די צאַרישע רדיפות אויף די אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו צוליב זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, זיינען אַ סך געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די אַלטע היים־שטאָט און עס באַזעצט זיך אַ גרויסע גרופּע לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ. אין יאָר 1913 האָבן די לאַנדסלייט אונדזערע גענומען טראַכטן וועגן אָרגאַניזירן הילף, קודם כל פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ אַליין, אין פאַל פון קראַנקהייט אָדער נויט. דער אומאָפּיציעלער פאַראיין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן צוועק, וואָס האָט שפּעטער אויך זיך פאַרנומען מיט שיקן הילף קיין טשענסטאָכאָוו. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז 1919. אין יענער צייט האָבן מיר געגרינדעט דעם טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג־ברענטש 459. דער ברענטש האָט עקזיסטירט בלויז אַ קורצע צייט. דער גענעראַל־אָפיס האָט אים אויפגעלייזט צוליב דעם, וואָס ער איז געווען צו לינק. זיינען מיר ווידער געבליבן אָן אומאָפּיציעלע אָרגאַניזאַציע ביזן יאָר 1927, און ווייטער געטאָן רעליף־אַרבעט.

דער ברענטש האָט זיך אויך פאַרנומען מיט קולטור־אַרבעט און זייער אָפט איינגעאָרדנט שמועסן און פאַרלעזונגען וועגן יידישער ליטעראַטור.

אין יאָר 1924, בעת דער אָנוועזנהייט פון פריינד א. כראַבאַלאָווסקי אין שיקאַגאָ, איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיין צו שטיצן די קינדער־היימען און פאָלקשולן אין טשענסטאָכאָוו. די אַקטיוויסטע טוער אין פאַראיין זיינען געווען די מיסקיס, די מאַלאַרסקיס, די פריינד ווייס, גאַטיינער, מעקס קאַפּינסקי, וואַרשאַווסקי און אַ גאַנצע ריי טוער פון איצטיקן עדיוקיישאַנאַל פאַראיין. די זיצונגען פון הילף־פאַראיין זיינען פאָרגעקומען אין „סטאָר" (ביכער־געשעפט) פון פריינד משה צע. עס זיינען אין דעם יאָר איינגעאָרדנט געוואָרן עטלעכע גרויסע אונטערנעמונגען און גרעסערע סומעס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו.

אין יאָר 1927 איז אַ גרופּע לאַנדסלייט זיך צוזאַמענגעקומען אין הויז פון פריינד מעקס ווייס, אויף 3261 אַרמיטיידזש עוועניו, צו דער געלעגנהייט פון דער 15 יאָריקער חתונה פון לאה און לואיס סאָלאָמאָן. צווישן די פערציק לאַנדסלייט האָבן זיך דאָרט געפונען: אַלבערט אסטאָר, מאָריס סאָלאָמאָן מיט זיין פרוי, מיסקי מיט דער פאַמיליע, די פאַמיליע פעדערמאַן, היימי וואָלקאָוו און אַ צאָל אַנדערע.

עס איז געווען זונטיק, און נאָכן ווינטשן מזל־טוב האָבן מיר אַ שמועס געטאָן וועגן דער שטאָט, וואו מיר זיינען געבוירן געוואָרן. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צו לייגן דעם ווינקלשטיין פאַר אונדזער איצטיקן פאַראיין. ביי דער גרינדונג איז אָנגענומען געוואָרן, אַז די הויפּט־אַרבעט זאָל זיין צו שטיצן די פאָלקשול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין טשענסטאָכאָוו און צווישן די לאַנדסלייט אין אַמעריקע. עס פאַרשטייט זיך, אַז די נאָר וואָס אַריבערגעקומענע „גרינע" האָבן אַ סך געווירקט, אַז די שטיצע פאַר דער פאָלקשול זאָל אונטערגענומען ווערן.

דער ערשטער אָרגאַניזירטער מיטינג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין „פאַרקוויו האָל" דעם 23טן יאַנואַר, 1927. ביי דער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַלס דער ערשטער סעקרעטאַר אייב מיסקי, און אַלס פאָרזיצער א. וואָלקאָוו. און אַזוי צוביסלעך האָט אונדזער פאַראיין אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ.

מיט שטאָלץ ווילן מיר טאַקע דאָ פאַרצייכענען, אַז אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער עקזיסטענץ האָבן מיר פאַר דער י. ל. פּרץ־פאָלקשול אַריבערגעשיקט יערלעך פינף־זעקס הונדערט דאָלער. אַזוי האָבן מיר געפירט די הילפסאַרבעט ביז די נאַצישע אויסוואָרפן האָבן חרוב געמאַכט אונדזער היימשטאָט צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן מאַסן־קיבוץ אין פוילן.

אין משך פון אַ יאָר נאָך דער גרינדונג האָבן מיר איינגעפירט קראַנקן־בענעפיט און די מיטגלידערשאַפט אין טשענסטאָכאָווער פאַראיין איז געוואַקסן ביז אַרום צוויי הונדערט. סיי די צוזאַמענקונפטן, סיי די אַרבעט איז אַלע מאָל געפירט געוואָרן אויף אַ היימישן און משפחהדיקן אופן. מיר האָבן אויך געמאַכט אַן ערנסטן פּרואוו אַריינצוציען אונדזערע קינדער אין דעם פאַראיין. זיי זיינען טאַקע אַ קורצע צייט געווען מיט אונדז, געטאָן גוטע אַרבעט, אָבער ווי עס קוקט אויס, האָט זיך די יוגנט ניט געקענט אַקלימאַטיזירן און איז זיך צוביסלעך צעלאָפן.

אַ חוץ די בענעפיטן פאַר די מיטגלידער, האָבן מיר אויך געשאַפן אַ הילף־פאָנד. דאָס איז אַ ספּעציעלער פאָנד געגרינדעט אויפן נאָמען פון „סאָל באום" אין יאָר

1928 אין זיין הויז. פון דעם פאָנד שטיצן מיר יעדן מיטגליד וואָס איז אין נויט. אַ דאַנק אונדזער קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער און לאַנדסלייט האָבן זייער ווייניק פון זיי פאַרלאָזט דעם פאַראיין אין משך פון זיין עקזיסטענץ.

מיר ווילן אויך פאַרצייכענען, אַז מיר האָבן אויסגעצאָלט ניין טויזנט דאָלער אויף אַ סעמעטערי־לאַט. אונדזערע מיטגלידער זאָלן טאַקע לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אָבער עס איז גוט אַמאָל אַ טראַכט צו טאָן, וואָס עס וועט זיין שפּעטער . . .

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר באַטייליקן זיך אין די אַקציעס פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיר שטיצן אַלע וויכטיקע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. מיר זיינען אָנגעשלאָסן אין דעם יידישן קאָנגרעס, שטיצן דעם „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין“ פאַר ארץ־ישראל, דעם „ראָשיען וואָר רעליף“, דעם רויטן קרייץ און אויך פיל אַנדערע אינסטיטוציעס.

אין דער איצטיקער מלחמה קאָנען מיר מיט שטאָלץ פאַרנאָטירן, אַז מיר האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען צו העלפן באַזיגן דעם בלוטיקן שונא פון דעם יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער פרייהייט־ליבנדיקער מענטשהייט. כאָטש אונדזער אָרגאַניזאַציע איז נישט פון די גאָר גרויסע, האָבן מיר קאָלעקטיוו און צוזאַמען מיט איינצלנע מיטגלידער געקויפט פאַר פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלער מלחמה־באָנדס.

מיט שטאָלץ דערציילן מיר, אַז פינף און דרייסיק קינדער פון אונדזערע מיטגלידער דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין אַלס אַ גאַנצער איז געשטאַנען פאַרבונדן מיט די קינדער־סאָלדאַטן דורך בריוו און מתנות, וואָס מיר האָבן זיי געשיקט. מיר האָבן געקריגן אַ סך דאַנק־בריוו, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן ביי אונדזער מיטינגען.

פאַר איבערגעגעבענער אַרבעט ווילן מיר דאָ מיט דרך־ארץ און דאַנק דערמאָנען אַלע פּרעזידענטן, וואָס האָבן געטריי געדינט אונדזער פאַראיין מיט האַרץ, נשמה און איבערגעבנקייט: עמיל וואָלקאָוו, איזי מיסקי, ד״ר פּ. אָוויעצקי, אייב מיסקי, מאָריס סאָלאַמאָן, ראובן וואַרשאַווסקי, זעליג גאָטיינער, דזשעק לעוואַנט, סאָול באום, לואיס גראָס, לואיס ווינער, ד״ר ליאָ גאָטיינער און דער איצטיקער פּרעזידענט מעקס ווייס. ספּעציעל דריקן מיר אויס אָנערקענונג דעם געוועזענעם סעקרעטאַר דזשאָדזש פישער, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן איבער צען יאָר און האָט געטאָן זיין אַרבעט מיט גרויס אַחריות און ווערדע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער מיטגליד, וואָס אַר־
בעט צוזאַמען מיט אונדז פון ערשטן טאָג אָן, איז ראוי דערמאָנט צו ווערן מיט אָנערקענונג. אַזוי פירט זיך שוין אָבער, אַז נאָר די וואָס פאַרנעמען די הויפּט־אַמטן ווערן פאַרצייכנט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און מיר ווילן ניט ברעכן קיין טראַדיציע. לאָמיר אָבער זאָגן, אַז דער בייטראַג פון אונדזערע מיטגלידער צום טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט עדיוקיישאָנאַל פאַראיין און זייער פאַרדינסט בלייבט דורך דעם בכלל ניט געמינערט. אַזעלכע איבערגעגעבענע לאַנדסלייט וועט דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

דער „טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגע“ האָט אָנטייל גענומען מיט אַ גרויסער צאָל דעלעגאַטן אין דער קאָנפערענץ פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואָס איז פאָרגעקומען אין זומער 1945 אין ניו־יאָרק. די דעלעגאַטן פון פאַראיין האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער קאָנפערענץ און זיך אויסגעצייכנט ביי רעדאַגירן די רעזאָלוציעס. דער פאַראיין איז אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלער עקזעקוטיווע פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, אונטערשטיצט די אונטערנעמונג אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“, וואָס דאַרף פאַראייביקן דאָס פאַרגאַנגענע לעבן פון אונדזער היימשטאָט און צוזאַמען מיט אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט איז ער גרייט אויסצושטרעקן זיין ברודערלעכע האַנט צו די לעבן געבליבענע ברידער אויף יענער זייט און זיי העלפן אויפבויען און אויפריכטן זייער לעבן.

צום סוף ווילן מיר אין נאָמען פון אַלע אונדזערע מיטגלידער, פריינד לאַנדסלייט און חברים אין שיקאַגע, איבערשיקן אַ ברודערלעכן גרוס צו אַלע לעבן געבליבענע ברידער און שוועסטער אין אונדזער היימשטאָט און אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די בלוטיקע נעגל פון די נאַצישע קאַניבאַלן. אונדזער גרויסער צער און טרויער צוליב אונדזערע אַלע ליבע, וואָס זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען, איז אויך אַדורכגעדרונגען מיט שטאָלץ אויף אונדזערע העלדן, וואָס זיינען געפאַלן אין נישט גלייכן טיטאַנישן קאַמף מיט די נאַצי־תליינים.

זאָלן געבענטשט זיין די יידישע גבורים אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן ווי די חשמונאים געהייליקט דעם נאָמען פון דעם יידישן פאָלק. זאָלן זיין געבענטשט די, וואָס האָבן אין די פּוילישע וועלדער אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן די בלוטיקע תליינים פון פאָלק ישראל.

דער מוט פון אונדזערע העלדן וועט אונדז שטאַרקן און געבן נייעם כוח ווייטער צו אַרבעטן און קעמפן פאַר דער צוקונפט און גליק פון אונדזער יידישן פאָלק אויף דער ערד.

# טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ

דער טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין פון שיקאַגע איז געגרינדעט געוואָרן זונטיק, דעם 23טן אָקטאָבער 1938.

די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון אונדזער נייעם פאַראיין איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הויז פון די באַקאַנטע לאַנדסלייט שוועסטער און ברודער צווירן, 3336 פּאָטאָמאַק עוועניו.

דער נייער פאַראיין איז אַנטשטאַנען אין אַ צייט, ווען דער אימיגראַציע־שטראָם פון יענער זייט ים איז כמעט ווי געווען אָפּגעשטעלט און קיין נייע לאַנדסלייט עמיגראַנטן זיינען נישט צוגעקומען. אַ סך לאַנדסלייט זיינען שוין געווען פון פריער פאַראייניקט אין אַ טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, וואָס מיר אַליין האָבן פריער געהאָלפן גרינדן און אויפבויען.

צו אונדזער ערשטער באַראַטונג זיינען געקומען די פריינד לאַנדסלייט: לעסער, האַרצקי, וואַרשאַווסקי, אהרן אייזענשטיין, משה צעשינסקי און די פאַמיליע צווירן. אויף דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם נייעם טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין פון שיקאַגע, כדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט דורכצופירן פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעטן אויף אונדזער שטייגער.

דער נאָמען „אינדיפּענדענט" האָט געדאַרפט אויסדריקן די אומאָפּהענגיקייט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

באַלד ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע סומע אויף אָנצופירן די אַרבעט. אַלע זיינען געווען איינשטימיק וועגן דעם, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך אויסצייכענען מיט גוטער קולטור־אַרבעט און מיט אַ חברישער, פריינדלעכער סביבה.

אַלס סעקרעטאַר און קאַסירער איז דעמאָלט דערוויילט געוואָרן משה צעשינסקי.

די צווייטע פאַרזאַמלונג פונעם ניי־געגרינדעטן פאַראיין איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 30טן אָקטאָבער 1938 אין הויז פון די באַוואוסטע לאַנדסלייט לייב לעסער און מרס. לעסער, 1924 ס. האַרדינג עוועניו. ביי דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך פאַרשריבן עטלעכע מיטגלידער. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן אַן אויפרוף צו באַקאַנטע און לאַנדסלייט, זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין אונדזער פאַראיין, און אַחוץ דעם אַריינצוגעבן נאָטיצן אין די שיקאַגער יידישע צייטונגען. צו דער דריטער באַראַטונג איז שוין אויך געקומען דער באַקאַנטער לאַנדסמאַן און לינקער פּועלי־ציון טוער, פריינד משה אָדערבערג און האָט זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגליד אין פאַראיין.

מיר האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן געווינען מער מיטגלידער און מיר זיינען געוואָרן אַלץ פּאָפּולערער אין שיקאַגע.

די ערשטע ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אונטערנעמונג פון טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין איז איינגעאָרדנט געוואָרן זונטיק, דעם 11טן דעצעמבער 1938. אין דער פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט דער באַליבטער חזן אברהם קופּער, אַ מיטגליד פונעם פאַראיין און די באַקאַנטע פּיאַנאָ־שפּילערין, מיס פּראָוואָלסקי. חזן קופּער האָט געזונגען אַ ריי אינטערעסאַנטע פאָלקס־לידער, אונטער דער פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון מיס פּראָוואָלסקי. שוין דער דאָזיקער ערשטער אַרויסטריט אין דער עפנטלעכקייט האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק און האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די פאַרזאַמלטע געסט און מיטגלידער.

אין אָוונט האָט זיך אויך באַטייליקט די באַליבטע פאַמיליע צווירן, די גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען האָבן באַשיינט דעם יום־טוב מיט זייערע ספּעציפישע געזאַנגען פון אַלטע יידישע פאָלקס־לידער, דועטן און קופּלעטן, אויסגעמישט מיט פרייד און צער.

אויף דעם ליטעראַרישן אָוונט האָבן זיך פאַרשריבן אַ סך נייע מיטגלידער, צווישן זיי, מרס ראוז און דייוו האָפמאַן, מרס. חיה זעווין, גאָטאיינערס, מרס. דאַנציגער, ישראלקע און עווא וואַרשאַווסקי, דייוו ריכטיגער, היימי שטערנבערג, ד"ר פּיטער אָוויעטשקי, און שפּעטער איז אויך צוגעקומען אַלס מיטגליד בערטא וואַרשאַווסקי און אַ ריי אַנדערע. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט אַלס אומדערמידלעכע טוער פונעם פאַראיין די פאַמיליע לעסער, די פאַמיליע צווירן, ראוז און דייוו האָפמאַן, חיה זעווין־אָדערבערג, ווי אויך שפּעטער די ניי־צוגעקומענע באַליבטע מיטגלידער מרס. פעני און אַדאָלף ווילינגער. זיי אַלע שטייען נאָך היינט ביי דער אַרבעט פונעם פאַראיין.

אין יאָר 1940 האָט שוין דער טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין געהאַט אַ גוטן אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט, מיט פאַראַנטוואָרטלעכע באַאַמטע: מ. אָדערבערג אַלס פּרעזידענט, מרס. ראָוז האָפמאַן — וויצע־פּרעזידענטין, מ. צעשינסקי — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר, ס. צווירן — פינאַנץ־סעקרעטאַר און פריינד לייב לעסער אַלס קאַסירער. אַחוץ עקזעקוטיוו־מיטגלידער.

דעם 24טן מערץ 1940 האָבן מיר אַדורכגעפירט אונדזער ערשטן פּורים־באַל אין האָמבאַלד בולוואַרד טעמפּל. ביי זער געלעגנהייט האָבן מיר אַרויסגעגעבן אונדזער ערשטן בוך־סאָוועניר, וואָס האָט זיך אונטערשיידט לגבי אַנדערע אויסגאַבעס פון דעם מין דערמיט, וואָס אַחוץ דעם ענגלישן טייל, זיינען אויך געווען עטלעכע זייטלעך יידיש.

דאָס געלט, וואָס אונדזער פאַראיין האָט אָנגעהויבן

אַריינצוקריגן, פלעגט באַלד צעטיילט ווערן אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע צוועקן. אַזוי האָבן מיר געשטיצט מיט באַדייטנדיקע סומעס דעם שיקאַגער פּויליש פאַרבאַנד, דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. איןביידע אינסטיטוציעס זיינען אונדזערע מיטגלידער געווען אין די עקזעקוטיוועס. עס איז אויך פאַרטיילט געוואָרן שטיצע פאַר פאָלקס־שולן, נויטליידנדיקע מיטגלידער און ניט־מיטגלידער, אויף מצות פאַר אָרעמע לייט, יתומים־אַנשטאַלטן און קולטור־אָרגאַניזאַציעס.

דער טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט־פאַראיין איז געשטאַנען, און שטייט, אין פאַרבינדונג מיט לאַנדסלייט פון פאַרשיידענע לענדער. להיפך צו אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן פלעגן אונדזערע מיטינגען אָפּגעהאַלטן ווערן אָפן, מיט אַ פרייען צוטריט פאַר מיטגלידער פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1941 האָט אונדזער פאַראיין אַרויסגענומען אַ טשאַרטער. אונטער דעם טשאַרטער זיינען געווען אונטערגעשריבן די פריינד: לייב לעסער, סעם צווירן, משה צעשינסקי, מרס. ראָוז האָפמאַן, משה אָדערבערג, אהרן אייזענשטיין און פרוי איידא זעווין. לכבוד דעם טשאַרטער האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ באַנקעט, צו וועלכן עס איז געקומען אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, פריינד און געסט. דער טאָסט־מייסטער פון באַנקעט איז דעמאָלט געווען אונדזער אַלעמענס באַקאַנטער פריינד ד״ר פּיטער אָוויעטשקי.

די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע האָט געווירקט, אַז אונדזערע פאַראיין־מיטגלידער רופן זיך אָפּ מיט נאָך מער וואַרעמקייט אויף די הילף־רופן פון די פאַרשיידענערליי שיקאַגער הילף־אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1943 האָט אונדזער פאַראיין געקויפט אַן אייגענעם בית־עולם. אַדורכגעפירט דעם קויף האָט פריינד דייוו שעלווין, איצט פאַרוואַלטער פון דעם בית־עולם און דער דעמאָלטדיקער סעקרעטאַר פון דער בית־עולם־אָפּטיילונג, פריינד לייב לעסער.

וועגן אונדזער צושטייער פאַר געווינען די מלחמה איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער פאַראיין האָט געקויפט פאַר עטלעכע הונדערט דאָלער „ליבערטי־באָנדס״ און געשטיצט דעם „רויטן קרייץ״ מיט 150 דאָלער.

אין יאָר 1944 האָט דער פאַראיין אויסגעגעבן שטיצע פאַר די ווייטערדיקע אינסטיטוציעס:

„האַיאַס״ — 150 דאָלער; אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אויף פעקלעך פאַר יידן פון פּוילן — 250 דאָלער, יידישע טשאַריטיס — 75 דאָלער, פאַר דער אונטערערדישער באַוועגונג אין אייראָפּע — 50 דאָלער, פאַרן בוי־פאָנד צו שאַפן אַ היים פאַר די יידישע בלינדע — 40 דאָלער, דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל — 100 דאָלער. אויך אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן מיר געשטיצט מיט קלענערע סומעס.

פריינד רפאל פעדערמאַן, דער שליח פון ניו־יאָרק פאַרן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, איז ביי אונדז אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און באַקומען אונדזער מיטהילף אין זיין וויכטיקער אַרבעט. דער פאַראיין האָט געגעבן $50 אַ ביישטייערונג פאַרן בוך. ביי די לאַנדסלייט מר. און מרס. לעסער אין הויז איז פאַרגעקו־



אַ גרופּע גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ

זיצן פון רעכטס צו לינקס: משה אָדערבערג (פּרעזידענט), חיה זעווין (האָספּיטעלער), משה צעשינסקי (סעקרעטאַר).
שטייען פון רעכטס צו לינקס: גוטשע זווירין, סעם זווירין (טרעזשורער), אַדאָלף ווילינגער און פעני ווילינגער.

מען אַ צוזאַמענקונפט פון די אַקטיווע מיטגלידער פון אונדזער פאַראיין, מיט פריינד רפאל פעדערמאַן. ביי אַ געדעקטן טיש אין אַ יום־טובדיקער שטימונג, האָט פריינד רפאל פעדערמאַן אונדז דערציילט וועגן די צילן און אויפגאַבעס פונעם בוך און אויך איבערגעגעבן גרוסן פון ניו־יאָרקער און אַנדערע לאַנדסלייט. דורך אונדזער קליינער אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן איבער 200 דאָלער פאַרן בוך. פאַרן אַוועקפאָרן פון פריינד פעדערמאַן, איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט לכבוד דעם גאַסט. אויף דעם אָוונט איז געווען פאָרזיצער פריינד משה אָדערבערג. צווישן אַנדערע האָט אויך געזעגנט דעם גאַסט דער סעקרעטאַר פון פאַראיין, משה צעשינסקי.

אין יאָר 1944 זיינען ווידער צוגעקומען אַ סך נייע מיטגלידער, על פי רוב אַ דאַנק די באַמיאונגען פון די פריינד שעלווינס.

דער פינפטער באַנקעט פון טשענסטאָכאָווער אינדעפענדענט־פאַראיין איז פאָרגעקומען דעם 27טן פעברואַר 1944. ביי דער געלעגנהייט האָט דער פאַראיין אַרויסגעגעבן אַ געדרוקט סאָוועניר־בוך פון 60 זייטן. היינט ציילט אונדזער פאַראיין 65 מיטגלידער מענער, אַחוץ זייערע פרויען.

צווישן די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אינדעפענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ איז כדאי צו פאַרצייכענען פאָלגנדיקע פערזאָנען: בעסי און לואיס לעסער, דייוו און ראוז האָפמאַן (איצטיקע וויים־פרעזידענטין).

דער טשענסטאָכאָווער אינדעפענדענט פאַראיין האָט צום סוף פון יאָר 1945 ביי די וואַלן פאַר באַאַמטע וואָס ס׳זייגען פאָרגעקומען אין דער אָרגאַניזאַציע, דאָס מאָל ז׳ערוויילט כמעט די גרעסטע צאָל פון באַאַמטע טשענסטאָכאָווער: אַלס פרעזידענט אויפסניי משה אדערבערג, קאַסירער — סעם צווערן, וויים־פרעזידענטין — ראָוז האָפמאַן, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר — משה צעשינסקי, האָספיטעלער — חיה זעווין, אין דער עקזעקוטיווע — אַדאָלף און פעני ווילינגער, פינאַנץ־סעקרעטאַר — בען אַרקין, פאַרוואַלטער פון סעמעטערי — דייוו שעלווין.

די ניי־דערוויילטע באַאַמטע האָבן מיט אַ ספּעציעלער נאָענטשאַפט און קרובהשאַפט, אָנגעהויבן אויפנעמען און דורכפירן די פאַרשיידענע אַרבעטן סיי געזעלשאַפטלעכע סיי קולטורעלע, און מיט ספּעציעלן אינטערעס זיך צוהערן צו אַלעם וואָס האָט אַ פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו.

צו דער ערשטער פאַראייניקטער טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָנפערענץ וואָס איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק, דעם 23־טן יוני 1945, איז דער פאַראיין געווען פאַרטרעטן דורך דעם ספּעציעל געשיקטן דעלעגאַט משה צעשינסקי.



אַ באַנקעט פון טשענסטאָכאָווער אינדעפענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ

אין דעם יאָר 1946 האָט דער פאַראיין געשטיצט פאַרשיידענע שיקאַגאָער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אויך טשענסטאָכאָוו און ארץ־ישראל אַרייַנגערעכנט, מיט פאָלגנדיקע סומעס:

100 דאָלער פאַר דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל; 100 דאָלער צום טשענסטאָכאָווער ניו יאָרקער פאַראייניקטן רעליף; 25 דאָלער פאַרן „האַיאַס"; 25 דאָלער פאַרן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט; 25 דאָלער פאַר אַ קראַנקן־אָפּרו־פּלאַץ פאַר אָרעמע לייט; 10 דאָלער פאַר אַ באַגריסונג צום 20־יאָריקן יובל פון שיקאַגער שלום עליכם אינסטיטוט; 10 דאָלער פאַר דער געזעלשאַפט פון אומהיילבאַרע קראַנקע יידן; 10 דאָלער צום רעטונגס־פאָנד פאַר יידישע פּליטים־שרייבער.

אַ געוויסע סומע האָט דער פאַראיין בייגעשטייערט פאַר טשענסטאָכאָווער שוועסטער ליידיס אייד סאָסייעטי, געקויפט בילעטן פאַר עטלעכע דאָלער צו אַ פיש־מאָלצייט לטובת דעם טשענסטאָכאָווער רעליף אין שיקאַגאָ, עטלעכע דאָלער בייגעשטייערט פאַר אַ באַגריסונג אין סואווענירזשורנאַל פון טשענסטאָכאָווער אומגעגנט און עדיוקיישאָנעל פאַראיין, און אַ סך אַנדערע ביישטייערונגען פאַר אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און קאָמיטעטן וואָס זיינען געקומען בעטן הילף אויף די פאַרזאַמלונגען פונעם פאַראיין.

# טשענסטאָכאָווער פרויען הילף־פאַראיין אין שיקאַגאָ

ניין ענערגישע פרויען האָבן באַשלאָסן צו האָבן אַ טשענסטאָכאָווער פרויען הילף־פאַראיין אין שיקאַגע. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן זייער ערשטן מיטינג דעם 29טן יאַנואַר 1937 אין הויז פון פריינדין בעסי ווינער, 1401 טריפּ עוועניו.

די פּיאָנערן פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געוועזן: בעסי ווינער, רענא גאָטיינער, ראָזע גליקערמאַן, שוירלי פּאול, טיללי ביטער, דאָרע וואַרשאַווסקי, העלען שלעזינגער, קייט אַנסעל און עדיט וואַרשאַווסקי. זיי האָבן גלייך אונטערגענומען אַ קאַמפּאַניע צו ווערבירן מיטגלידער צווישן די טשענסטאָכאָווער פרויען און צייטווייליק אָפּגעהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען אין די היימען פון די איניציאַטאָרינס. שנעל האָט זיך די מיטגלידערשאַפט פאַרגרעסערט און פאַר די מיטינגען האָט מען שוין געמוזט דינגען עפנטלעכע זאַלן.

די ערשטע באַאַמטע פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געוועזן:

ערשטע פאָרזיצערין: בעסי ווינער.

וויצע־פאָרזיצערין: ראָזע לעווקאָוויטש.

קאַסירער: קייט אַנסעל.

פּראָטאָקאָל און פינאַנץ־סעקרעטאַרין: רענע גאָטאיינער.

מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע: טילי ביטער און ראָזע גליקערמאַן.

אַ סך שוועריקייטן האָט די יונגינקע אָרגאַניזאַציע געמוזט בייקומען. קודם כל האָט דער „טשענסטאָכאָווער פאַראיין", וואָס איז שוין פון לאַנג געווען אָרגאַניזירט, ניט געוואָלט האָבן נאָך אַ טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע אויס מורא פאַר קאָנקורענץ. עס האָט זיך אָבער אַרויסוויזן, אַז דער פרויען־קלוב האָט גאָר געבראַכט אַ סך נוצן און הילף דעם פאַראיין. ערגער זיינען געווען די שטערונגען פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. מיט דער צייט האָט די אָרגאַניזאַציע, אונטער דער ענערגישער פירונג פון די גרינדערינס, זיך פאַרפעסטיקט און איז געוואָרן פּאָפּולער צווישן די טשענסטאָכאָווער פרויען. מען האָט אַרויסגענומען אַ טשאַרטער און אין 1939 איינגעפירט אַ קאָנסטיטוציע פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָפיציעל זיך אַ נאָמען געגעבן: „טשענסטאָכאָווער פרויען הילף־פאַראיין". דער פאַראיין האָט שוין זיין שטענדיקן פאַרזאַמלונג־פּלאַץ און קומט זיך צוזאַמען יעדן ערשטן און דריטן מאָנטיק פון חודש.

מיר שטיצן די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: טאָג־און נאַכט־קינדערהיים, אַמעריקאַנער רויטן קרייץ, לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום, שיקאַגע צענטער פאַר זעלנער, יידישער פילאַנטראָפּישער פאָנד אין שיקאַגע, אָרגאַניזאַציע צו העלפן טובערקולאָזע, מלחמה־הילף פאַר דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד (ראָשיען וואָר רעליף), אַלגעמיינער יידישער נויטפאָנד, יידישע פאָלקסהיים פאַר קראַנקע, געווערקשאַפטן־קאַמפּיין און נאָך אַנדערע קלענערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף.

כדאי צו באַמערקן, אַז כאָטש אונדזער מיטגלידערשאַפט באַשטייט בלויז פון 48 פרויען, האָבן אונדזערע ביישטייערונגען פאַר פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן באַטראָפן סך־הכל $5227.

דער הויפּטצוועק, פאַר וועלכן מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט, איז נאָך אַלץ דער זעלבער, דהיינו, צו העלפן די נויטליידנדיקע אין אונדזער היימשטאָט. פאַר דעם צוועק האָבן מיר באַשטימט אַ ספּעציעלן פאָנד, וועלכן מיר האָבן אינוועסטירט אין באָנדס.

מיר האָבן אַ סך מיטגלידער — ניט קיין טשענסטאָכאָווער, וועלכע העלפן אונדז אין אונדזער אַרבעט. אונדזער פּרעזידענטין, בעסי ווינער, וואָס איז נישט קיין טשענסטאָכאָווער, האַלט אָן דעם אַמט שוין 7 יאָר און איז זייער ענערגיש אין דער אַרבעט פון אויסשפּרייטן און שטאַרקן אונדזער אָרגאַניזאַציע. פריינדין טילי בי־טער, ראָזע גליקערמאַן, געטרוד פאַקס און שירלי פּאָל שטייען אויף זייערע אַמטן אָן אַן איבעררייס.

מיר וועלן פאָרזעצן אונדזער אַרבעט צו העלפן די נויט־לײַדנדיקע. איצט, נאָך דער מלחמה, וועלן מיר אויך קענען געניסן פון געזעליקייט, וואָס אונדזער אָר־גאַניזאַציע קען ביטן.



טשענסטאָכאָווער פרויען הילף-פאַראיין אין שיקאַגאָ

זיצן פון רעכטס צו לינקס: גערטרוד פאַקס (קאָר. און פינ. סעקר.), העלען שלעזינגער (טרעזשורער), ראָוז האָפמאַן (וויס-פּרעזידענטין), בעטי ווינער—פּראַדעל (פּרעזידענטין), שוירלי פּאָל (רעקאָרד. סעקר.), שרה העלבערג (1-טער טראָסטי).

2-טע ריי, פון רעכטס צו לינקס: ר. גליקערמאַן, ה. זעווין, ד. וואַרשאַווסקי, ר. פעדערמאַן, צ. וואַרשאַווסקי, ט. ביטער, ב. וואַרשאַווסקי, א. שוואַרץ.

3-טע ריי, פון רעכטס צו לינקס: ר. לעפקאָוויטש, א. פּאָפּער, מ. טרעמבאַט, א. גיבריק, ל. לעססער.

---

# טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט

דער גרינדונג־קאָמיטעט איז זיך צוזאַמענגעקומען אין הויז פון פריינד י. גליקסמאַן, דעם 25טן דעצעמבער 1925. עס האָבן אָנטייל גענומען אין דער באַראַטונג: י. גליקסמאַן, פ. פייערטאַג, נ. ריכטער, מ. סטאַראַזום, ה. יאָסקאָוויטש, מעקס גראָסבערג און א. גראָסבערג.

דעם ערשטן יאַנואַר 1926 איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־מיטינג ביי פריינד ה. יאָסקאָוויטש אין הויז און עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן 30 מיטגלידער.

פאָלגנדיקע באַאַמטע זיינען דערוויילט געוואָרן: מ. פּראַדעלסקי, פאָרזיצער; מ. גראָסבערג, וויצע־פאָרזיצער; גליקסמאַן פ. — סעקרעטאַר; מ. סטאַראַזום — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; ה. שומער (שמולעוויטש) — קאַסירער. עקזעקוטיווע: מ. פּראַדעל (פּראַדעלסקי), ט. האַלבערג, י. גליקסמאַן, א. בירנהאָלץ, ה. יאָסקאָוויטש, ה. שומער, מ. סטאַראַזום, א. גראָסבערג, א. דזשייקאָבס, א. פעפער.

דורך דער צייט, וואָס דער פאַראיין האָט עקזיסטירט, האָט ער געשטיצט די קינדערהיימען און פּראָפּעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי אויך „טאָז" אין טשענסטאָכאָוו מיט באַדייטנדיקע סומעס און מיר האָבן אויך געהאָלפן אַ ריי נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאַנד.

דער פאַראיין האָט זיך אויפגעלייזט דעם 14טן אָקטאָבער 1928.

## טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין

דער טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט איז אָרגאַניזירט געוואָרן דעם 23טן פעברואַר 1935. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן די ערשטע זיצונג אין הויז פון פריינד סעם האלבערג, מיט דער באַטייליקונג פון: י. גליקסמאַן, נ. ריכטער, ס. האלבערג, ר. לוקס, ב. קאַלין, ט. האלבערג, א. ווינטער, היימי יאָסקאָוויטש (געשטאָרבן). א. בירנהאָלץ, ה. האלבערג.

די מאַסן־פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַסעמבלי־האָל.

פאָלגנדיקע באַאַמטע זיינען דערוויילט געוואָרן:

פאָרזיצער — ס. האלבערג, וויצע־פאָרזיצער — היימי יאָסקאָוויטש, פינאַנץ־סעקרעטאַר — י. גליקסמאַן, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — א. ווינטער, קאַסירער — ב. קאַלין.

עקזעקוטיווע — ט. האלבערג, ר. לוקס, א. בירנהאָלץ, א. לעסער.

דורך די צען יאָר עקזיסטענץ האָבן מיר געשטיצט מיט אַ סומע פון $14,263.00 פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס:

טשענסטאָכאָווער קינדערהיימען, קולטור־אַמט ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די אָפּטיילונג פון „טאָז" אין טשענסטאָכאָוו, פעדעראַציע פון פוילישע יידן, עלייעד דזשואיש קאַמפּיין, „האַיאַס", „איקאָר", געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, נאַציאָנאַל־פאָנד, חסד של אמת, דעם רויטן קרייץ, וואָר טשעסט, לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום (דעטראָיט אָפּטיילונג), דענווער סאַנאַטאָריום, U.S.O., Russian War Relief, Chinese War Relief, און צענדליקער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

די מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין האָבן געקויפט דורך דער אָרגאַניזאַציע פאַר 65 טויזנט דאָלער באָנדס אין פאַרלויף פון די זעקס מלחמה־הלוואות.

אונדזערע מיטגלידער האָבן 38 קינדער אין דער



די עקזעקוטיווע פונעם טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט

1-טע ריי, זיצן פון רעכטס צו לינקס: מרס. אַ בירנהאָלץ, מרס. א. זבאָראָוו, מרס. מ. ריכטער, מרס. מ. פיין, מרס. י. האלבערג.

2-טע ריי, זיצן פון רעכטס צו לינקס: ס. זבאָראָוו, ב. וורוצלאַווסקי, מ. פיין, ר. פעדערמאַן, י. האלבערג, ט. האלבערג, נ. ריכטער.

שטייען, פון רעכטס צו לינקס: י. וויאַטראַק, ס. רעכטמאַן, א. בירנהאָלץ, ה. האלבערג, א. גאָלדשטיין.

אַמעריקאַנער אַרמיי. אין משך פון די דריי יאָר מלחמה זיינען מיר שטענדיק געווען אין קאָנטאַקט מיט די קינדער אין דער אַרמיי און יעדן געשיקט אַ פּעקל אַלע דריי חדשים.

מיר האָבן מיטגעאַרבעט אַלס מיטגלידער אין דער פעדעראַציע פאַר פּוילישע יידן און געשיקט אַ גרויסע צאָל פּעקלעך קיין לובלין.

שוין מיט אַ צייט צוריק האָט זיך דער טשענסטאָ־כאָווער ראַיאָנער פאַראיין אינטערעסירט מיט אונדזער אַלטער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו. פאַר דעם צוועק האָבן מיר שוין געזאַמלט אַ גרעסערן פאָנד. אויך די הכנסה פון באַנקעט לכבוד דעם 10־יאָריקן יובל, וואָס איז פאַרגעקומען דעם 25טן פעברואַר 1945, איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן פאָנד.

דער טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט פאַראיין אין דעטראָיט האָט געפייערט דעם צווייטן יערלעכן יובל זונטיק, דעם 22טן יאַנואַר, 1938, אין קאַרפּענטערס האָל מיט אַ שיינעם קאָנצערט און באַנקעט.

פאַר דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין באַוויזן צו אַנטוויקלען אַ לעבהאַפטע טעטיקייט אין פאַרשיידענע געביטן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט די אויפגאַבעס, וואָס דער פאַראיין האָט זיך געשטעלט ביי דער סאַמער גרינדונג.

דער פאַראיין איז אויך געשטאַנען אויף דער וואַך און געטאָן וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך צו העלפן אויך אייגענע מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך צייטנווייז געגויטיקט אין ברידערלעכער הילף.

אויך איז צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס דער פאַראיין איז נישט געבליבן גלייכגילטיק צום היגן שטאָ־טישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און נעמט אַ געהעריקן אַנ־טייל אין דער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג אויפצובויען אַ הויז אין לאָס־אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום אויפן נאָמען פון דעטראָיטער יידנטום, און איז אויך אַנגעשלאָסן אין אייניקע נאַציאָנאַלע און שטאָטישע קערפּערשאַפטן מיט יערלעכע ביישטייערן. בכלל האָט דער פאַראיין אויפגע־נומען זייער ברידערלעך יעדע ווענדונג פון אַנדערע פריינד־לעכע אָרגאַניזאַציעס.

איינצייטיק האָט דער פאַראיין געזאָרגט אויך פאַר זיינע קולטורעלע אויפגאַבעס, אַזוי איז אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר דערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרן אייניקע קאָנצערטן, ליטעראַרישע פאַמיליע־אָוונטן און אַנדערע ענלעכע קולטורעלע אונטערנעמונגען.

די אַלע וויכטיקע אויפגאַבעס, וואָס דער פאַראיין האָט זיך באַמיט ערנסט און אויפריכטיק צו באַדינען, האָט דעם פאַראיין אָוועקגעשטעלט אַלס אַ געזעלשאַפטלעכן פאַקטאָר אינעם יידישן לעבן פון דעטראָיט און האָט אויך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון פיל ניט־לאַנדסלייט, וואָס האָבן אָנגעבאָטן זייער מיטהילף דעם פאַראיין, כדי נאָך דערפאָלגרייכער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט. דער רעזולטאַט דערפון איז, וואָס אייניקע וויכטיקע פּערזאָנען האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגלידער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז איז אַ גרויסער מאָס געווען צו פאַרדאַנקען די טיפע איבערגעבנקייט און מסירת־נפש פון אַ גאַנץ גרויסן טייל אַקטיווע מיטגלידער, וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן לעבן און אַקטיווקייט אין דער אַרבעט און אין די אויפגאַבעס פון פאַראיין.

דער טשאַרטער איז געגעבן געוואָרן דער אָרגאַניזאַ־ציע אַלס מתנה פון אלעזר גליקסמאַן.

פאָלגנדיקע באַאַמטע האָבן אויסגעדינט זייער אַמט אין 1944. פאָרזיצער — פיין, וויצע־פאָרזיצער — א. האַלבערג, פינאַנץ־סעקרעטאַר — ב. וויאַטראַק, פּראָטאָ־קאָל־סעקרעטאַר — א. בירנהאָלץ. קאַסירער — ב. וואָראַצלאַווסקי, האָספּיטאַלער (מענער) — דזש. וויאַט־ראַק, האָספּיטאַלער (פרויען) — ר. האַלבערג. עקזעקו־טיווע — נ. ריכטער, שוועסטער ג. ריכטער, שוועסטער העלען סבאַראָוו, ט. האַלבערג.

ניי־דערוויילטע באַאַמטע פאַר דעם יאָר 1945:

פאָרזיצער — איזידאָר גליקסמאַן, וויצע־פאָרזיצער — ס. רעכטמאַן, פינאַנץ־סעקרעטאַר — ב. וויאַטראַק, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר — דזש. טשודנאָוו, קאַסירער — ב. וואָראַצלאַווסקי, האָספּיטאַלער (מענער) — דזש. וויאַט־ראַק, האָספּיטאַלער (פרויען) — דזשעני וויאַטראַק.

עקזעקוטיווע — א. בירנהאָלץ, ט. האַלבערג, איזי האַלבערג, ס. האַלבערג, א. ווינטער, העלען סבאַראָוו, נ. ריכטער און שוועסטער נ. בייטנער.

דער טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין האָט דערעפנט זיינע ווינטער־אַקטיוויטעטן מיט אַ באַנקעט, דעם 14טן אָקטאָבער, אין יידישן קולטור־צענטער, 2705 דזשאָי ראָוד.

דער באַנקעט איז געווען געווידמעט דעם 50־יאָריקן יובל פונעם לאַנג־יאָריקן האָספּיטאַלער און חשובן טוער ברודער דזש. וויאַטראַק. ביי דעם אָוונט איז אויך דערעפנט געוואָרן דער קאַמפּיין פאַר דעם „וויקטאָרי לאָון”.

אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר זיינען אַ דאַנק דער פעאיקער פירערשאַפט פון דעם טשענסטאָכאָווער פאַר־איין אין דעטראָיט דערגרייכט געוואָרן באַדייטנדיקע רעזולטאַטן אין אַלע רעליף און און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען פון פאַראיין.

אין דעם פאַרקויף פון מלחמה־באָנדס האָט זיך דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין אויסגעצייכנט און האָט גע־קראָגן פון קריג־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן אַ „סאַי־טעישאָן”, וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף דער ראַדיאָ.

דער דעטראָיטער פאַראיין האָט איבערגעגעבן פאַר רעליף־צוועקן צום טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק די סומע פון טויזנט דאָלער.

דער פאַראיין האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער קאַמפּאַניע פון יידישן קאָמיטעט פאַר ראַשיען רעליף, שאַפנדיק אַ באַדייטנדיקע סומע געלט. די פירער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין דעטראָיט האָבן אויסגע־

אַרבעט אַ רייע פּלענער פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע לאָקאַלע אַקציעס.

---

דער טשענסטאָכאָווער ברענטש 620 אַרבעטער־רינג איז אײַנסטאַלירט געוואָרן דעם 23טן דעצעמבער 1928. פֿאָלגנדיקע באַאַמטע זײַנען נאָמינירט געוואָרן:

ר. לוקס — פֿינאַנץ־סעקרעטאַר.

י. גליקסמאַן — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר.

ז. יאַסקאָוויטש — קאַסירער (געשטאָרבן).

ב. קאַלין — האָספּיטאַלער.

עקזעקוטיווע: פּאַנסקי, קעניגסבערג, פּ. פֿייערטאַג, ווילים, אייב ווענגער, ג. ריכטער, י. גליקסמאַן און ר. לוקס.

דער ברענטש האָט געפֿירט אַ קולטור־אַרבעט און געשטיצט אַ סך לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפֿטן.

דער ברענטש האָט זיך אויפֿגעלייזט דעם 30טן יולי 1932.

*

די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג פֿון טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין דעטראָיט איז פֿאָרגעקומען אין הויז פֿון פֿרײַנד י. גליקסמאַן, דעם 18טן נאָוועמבער 1937. עס זײַנען געווען אָנוועזנד: י. גליקסמאַן, ב. וואָראַצלאַווסקי, ס. רעכטמאַן, פֿייערמאַן, ריטש, ב. קאַלין, ג. ריכטער. עס זײַנען געוואָרן אויסגעקליבן: צײַטווײַליקער פֿאָרזיצער — ב. וואָראַצלאַווסקי, י. גליקסמאַן — פֿינאַנץ־סעקרעטאַר.

אין משך פֿון די זעקס חדשים, וואָס דער פּאַטראָנאַט האָט עקזיסטירט, האָבן מיר באַוויזן אַדורכצופֿירן עטלעכע אונטערנעמונגען און צו שטיצן די פּאַטראָנאַטן מיט אַ סומע פֿון העכער $150.00, ווי אויך צו פֿאַרשפּרייטן די פּאַטראָנאַטן־אויסגאַבעס אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל.

---

# דער טשענסטאָכאָווער הילף־פֿאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס

דער „טשענסטאָכאָווער פֿאַראיין" אין לאָס אַנדזשעלעס, איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער הילף פֿון פּרעזידענט פֿון „יונײַטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק", פֿרײַנד אברהם סענזער, וועלכער האָט דאָ פֿאַרבראַכט עטלעכע חדשים און דערנאָך מיט דער מיטווירקונג פֿון פֿרײַנד רפאל פֿעדערמאַן, בשעת זײַן רייזע איבער די גרעסערע שטעט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

אין צײַטווײַליקן קאָמיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דעצעמבער 1944, זײַנען אַרײַן פֿאָלגנדע פּערזאָנען: יעטע גרעי (גרילאַק), ה. עפּשטיין, הערי גראָמאַן.

דער קאָמיטעט האָט גלייך אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט און זײַן אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט גרויס דערפֿאָלג.

שבת, דעם 22טן דעצעמבער, 1944, איז אין פּאַרק־מענאָר־זאַל פֿאָרגעקומען די ערשטע פֿאַרזאַמלונג. דער אויפֿרוף צו אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלײַט האָט געהאַט דעם געהעריקן דערפֿאָלג. אַלע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט מיט וואַרעמער ברידערלעכער גרייטקייט מיטצוהעלפֿן אויספֿירן די אויפֿגאַבע, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל.

פֿרײַנד רפאל פֿעדערמאַן רעדט פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע וועגן דער יידישער לאַגע אין פּוילן פֿאַר און נאָך דער מלחמה. ער שטעלט זיך ספּעציעל אָפּ אויף דער לאַגע פֿון די יידן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס רירט די פֿאַרזאַמלטע ביז טרערן.

נאָך אַ קורצער דיסקוסיע איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צײַטווײַליקער קאָמיטעט פֿון די פֿרײַנד: עפּשטיין, גרוימאַן און פֿעדערמאַן מיט דער אויפֿגאַבע צוצוגרייטן אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע טשענסטאָכאָווער אין לאָס־אַנדזשעלעס און אומגעגנט.

שבת, דעם 9טן דעצעמבער, 1944, איז אין קליפּטאָנס רעסטאָראַן אין לאָס־אַנדזשעלעס, פֿאָרגעקומען די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון „טשענסטאָכאָווער הילפֿס־קאָמיטעט".

דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, פֿרײַנד ה. עפּשטיין, שטעלט פֿאָר פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע לאַנדסלײַט און געסט דעם גאַסט־פֿרײַנד רפאל פֿעדערמאַן, וועלכער שילדערט דעם חורבן פֿון יידישן לעבן אין פּוילן און ווײַזט אָן אויף די געוואַלדיקע אויפֿגאַבעס, וואָס שטייען פֿאַר די יידן בכלל און אונדזערע לאַנדסלײַט בפרט, בנוגע זייערע טשענסטאָכאָווער ברידער. וואָרעם די שעה פֿון דער באַפֿרייאונג און פֿון אַראָפּוואַרפֿן דעם נאַצישן יאָך דערנענטערט זיך.

די פֿאַרזאַמלטע האָט אויך באַגריסט די באַקאַנטע זשורנאַליסטין און לעקטאָרין גינא מעדעם.

אין דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג איז געוואָרן אויסגעוויילט פֿאָלגנדע פֿאַרוואַלטונג:

פֿאָרזיצער: מעקס פּעפּער.

סעקרעטאַר: הערי גרוימאַן.

פֿינאַנץ־סעקרעטאַר: איזי בערגער.

אין דער עקזעקוטיווע זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן:

מעקס פעפער, איזי בערגער, האררי גרוימאַן, פיליפ גראָסבערג, אהרן גראָסבערג, מענדל גראָסבערג, יאָסל בערלינער, דוד מילער (מאלארסקי) שיינדל שוכטער.

ווי ווייט ענערגיש און אינטענסיוו דער „טשענס־טאָכאָווער רעליף אין לאָס־אַנדזשעלעס" האָט געאַרבעט, באַווייזן די אונטערנעמונגען און ציפערן פון די הכנסות פון אַ 6־חדשימדיקער טעטיקייט.

מרס. ראָוז קליין האָט אויף איר אייגענער איניציאַ־טיוו איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף וואָס האָט אַריינגע־בראַכט אַ סומע פון 60 דאָלאר.

מרס. מוירווין געלבער האָט איינגעאָרדנט אַ לאָנטש, אויף וועלכן ס'איז געזאַמלט געוואָרן 195 דאָלאר.

דער „טשענסטאָכאָווער רעליף אין לאָס אַנדזשעלעס" נוצט ווייטער אויס יעדע געלעגנהייט צו פאַרשטאַרקן די טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער אין לאָס־אַנדזשעלעס. אַזאַ געלעגנהייט גיט די באַפרייאונג פון טשענסטאָכאָוו דורך די רוסישע זיגרייכע אַרמייען. 7 טויזנט יידן ווערן געראַטעוועט אין טשענסטאָכאָוו פון אַ זיכערן טויט אַדאַנק דעם שנעלן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי.

דעם 18טן פעברואַר 1945 ווערט אין הויז פון מר. און מרס פיליפ און אסתר גראָסבערג איינגעאָרדנט אַן אָוונט אויף וועלכן ס'ווערט געזאַמלט 187 דאָלאר. אַ גאַנץ באַזונדערן פאַרדינסט האָט געהאַט דער פרעזידענט פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין לאָס אַנדזשעלעס, וועלכער האָט אָנגעהויבן די זאַמל־אַקציע פון געלט. מרס. ראָוז קליין האָט ביי דער געלעגנהייט צוגעגעבן די 60 דאָלאר וועלכע זי האָט געהאַט געזאַמלט ביי זיך אין הויז ביי אַ לאָנטש. באַשיינט דעם אָוונט האָט די שוישפּילערין דעקלאַ קאפּולאש מיט פאַסיקע פאָלקסטימלעכע פאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס.

דעם 29טן אַפּריל 1945, ווערט אין הויז פון דער פאַ־מיליע בערגער איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. אויף דעם צוזאַמענטרעף איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן פון קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר די טשענסטאָכאָווער געראַטעוועטע יידן פון דעם נאַצי־גיהנום. עס ווערט ביי דער געלעגנהייט געזאַמלט 120 דאָלאר.

ביי דער געלעגנהייט האָט דער פרעזידענט מעקס פעפער פאָרגעשטעלט זיין זון שעלטאָן, וועלכער איז צו־ריקגעקומען פון איטאַליע וואו ער האָט געקעמפט אַלס אַמעריקאַנער זעלנער קעגן נאַצי־דייטשלאַנד.

די פאַרזאַמלטע האָבן אים האַרציק באַגריסט און



דער טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

זיצן פון רעכטס צו לינקס: דוד מאַלאַרסקי (מילער), יצחק בערגער, יצחק הערש גראומאַן, מאיר פּיעפּש (פעפער), יאָסל בערלינער.

שטייען פון רעכטס צו לינקס: הערשל עפּשטיין, אַדאָלף לאַנדוי, חיה בערגער, ישעיה יעקב מענקאָף, גיטל מענקאָף, פיליפ גראָסבערג, אסתר גראָסבערג, מענדל גראָסבערג, טאָבע פּיעפּש (פעפער), אהרן גראָסבערג.

כדי צו באַערן דעם יונגן העלד איז אויף דער איניציאַטיוו פון ה׳ גרוימאַן אַנגעזאַמלט געוואָרן 183 דאָלאַר פאַרן טשענסטאָכאָווער רעליף. דער ערשטער האָט זיך אָפּגע־רופן פריינד יאָסל בערלינער.

די לעצטע זאַמלונג האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו שיקן מיט די געלטער פון די פריערדיקע זאַמלונגען, 500 דאָלאַר אויף שפּייז־פּעקלעך דורך דעם טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק.

אַ קנאַפּער חודש פאַרגייט און אַט איז שוין ווידער דאָ אַ געלעגנהייט צו העלפן אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

פריינד יאָסל בערלינער פייערט אויף אַ זייער אימ־זאַנטן אופן די בר־מצווה פון זיין זון מאַראָן. עס טרעפן זיך דאָרט טשענסטאָכאָווער און ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. און מען האָט געזונגען אַלטע פאָלקסלידער וועלכע האָבן דערמאָנט די אַמאָליקע היים. פריינד עפּשטיין, אַליין אַ ראַדאָמסקער רופט אַלע צו ווייטערדיקע הילפס־אַרבעט. די פריינד דאַווידסאָן און גרוימאַן באַגריסן דעם עולם. עס איז געזאַמלט געוואָרן 200 דאָלאַר, וועלכע ווערן פאַר־טיילט צווישן די טשענסטאָכאָווער און ראַדאָמסקער לאַנדס־לייט.

דאָס טיפע באַוואוסטזיין פון באַלדיקער הילף דרינגט אַריין אין די מוחות פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

זונטיק, דעם 5טן אויגוסט 1945 האָבן די פאַמיליעס שטיבל אין „וואַן נייס" לעבן לאָס־אַנדזשעלעס, איינגע־אָרדנט אַ פּיקניק. ביי דער געלעגנהייט איז געזאַמלט גע־וואָרן 320 דאָלאַר וועלכע זיינען פאַרטיילט געוואָרן צווישן טשענסטאָכאָווער און נאָווא־ראַדאָמסקער יידן.

דעם 2טן סעפּטעמבער 1945, האָבן די פריינט בער־לינער איינגעאָרדנט ביי זיך אין הויז אַ וויקטאָרי פּאַרטי לכבוד דעם פאַרענדיקן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס איז געזאַמלט געוואָרן 134 דאָלאַר און פאַרטיילט אין גלייכע טיילן צווישן די ראַדאָמסקער און טשענסטאָ־כאָווער רעליפן.

דער רעליף האָט אויך געקויפט „וואָר באָנדס" פאַר 50 דאָלאַר און געהאַט דורך דעם אַ הכנסה פון 100 ד.

זונטיק דעם 18טן נאָוועמבער רופן די טשענסטאָכאָ־ווער הילפס־פאַראיינען אַ מאַסן־מיטינג אין פּאַרק וויל מענאָר אויף וועלכן דער טשערמאַן מאַקס פעפער האָט אָנגעוויזן אויף די גרויסע אויפגאַבן, וועלכע שטייען איצט פאַר דעם אַמעריקאַנער יידנטום צו העלפן אויפבויען דאָס יידישע לעבן אין פּוילן.

פריינד גרוימאַן גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער ביז־איצטיקער טעטיקייט און לייענט פאָר אַ בריוו פון טשענ־סטאָכאָווער ראַיאָן קאָמיטעט, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין לאָס־אַנדזשעלעס.

עס איז געשאַפן געוואָרן 300 דאָלער צו וועלכע פריינד בערלינער און בערקאָוויץ האָבן צוגעטראָגן צו 100 דאָלער.

דאָס איז אָבער ניט אַלץ וואָס דער טשענסטאָכאָווער רעליף אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט געטאָן. פון די פּלענער אויף דער נאָענטער צוקונפט איז צו זען אַז דער טשענ־סטאָכאָווער רעליף אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט זיך גע־שטעלט פאַר אַן אויפגאַבע ענערגיש ווייטער צו העלפן אונזערע לאַנדסלייט.

דער רעליף האָט זיך רעאָרגאַניזירט מיט פאָלגנ־דע פּערזאָנען:

פּרעזידענט: מאַקס פעפער.
סעקרעטאַר: האַרי גרוימאַן.
פינאַנץ־סעקרעטאַר: דוד באַרזשיקאָווסקי.
קאַסירער: יאָסל בערלינער.

עקזעקוטיווע:

יצחק בערגער.
אסתר גראָסבערג.
פישל גראָסבערג.
מענדל גראָסבערג.
אהרן גראָסבערג.
דוד מאַלאַרסקי.

באַריכט פון דער קאַסע:

געזאַמלט פון 17טן דעצעמבער — 1858.65 ד.; אויסגעגעבן — 1240.11 ד.; געבליבן אין קאַסע 618.54 ד.

---

# דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין לאָס אַנדזשעלעס

אין יאָר 1933, ווען די פינצטערע כוואַליעס פון דעם אָנקומענדיקן פאַשיסטישן טעראָר אין אייראָפּע האָבן דערמוטיקט די פינצטערע כוחות אין פּוילן צו אָפּענע פּאָגראָמען, האָט ביי אונדז טשענסטאָכאָווער אין לאָס־אַנדזשעלעס דערוואַכט דאָס געפיל פון אחריות לגבי אונדזערע ברידער און שוועסטער אין פּוילן, וואָס האָבן מיט שטאָלץ געקעמפט פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג.

אָנהייב יאַנואַר, 1933, האָבן מיר, אַ גרופּע טשענ־סטאָכאָווער לאַנדסלייט (מעקס און טעסי פעפער, שורלי און דזשעק שטיבל, לאה און חיים לייב שוואַרץ, חברים איזראַעל, מעי און הערי גראומאַן) געגרינדעט דעם ערשטן פּאַטראָנאַט ביים ברעג פון פּאַציפישן ים. די שטויס־קראַפט און דערמוטיקונג האָבן מיר געקראָגן פון אונדזער שוועסטער־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק. מיר האָבן מער

ווי אַ יאָר צייט פונקציאָנירט אַלס אַ „טשענסטאָכאָווער הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט (פּאַטראָנאַט)".

היות אָבער וואָס אין לאָס־אַנדזשעלעס זיינען דעמאָלט נישט געווען קיין סך טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, האָבן מיר שפּעטער באַשלאָסן צו ווערן אַ טעריטאָריאַלער פּאַטראָנאַט, וואָס נעמט אַריין לאַנדסלייט פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. מיר האָבן דעריבער געענדערט דעם נאָמען פון אונדזער קאָמיטעט אויף „לאָס־אַנדזשעלעסער הילפס־קאָמיטעט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן (פּאַטראָנאַט)".

פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די פּוילישע פּאַטראָנאַטן אין ניו־יאָרק איז אונדז צוגעטיילט געוואָרן דער גרויסער כבוד איבערצונעמען דאָס שעפטום איבער די צוויי טורמעס פון פּוילן, וואו עס זיינען על פּי רוב געזעסן פּרויען פּאָליטישע אַרעסטירטע, פאָרדאָן און ראַוויטש. מיר האָבן מיט שטאָלץ און ווערדע אַדורכגעפירט אונדזער הומאַניטאַרע הילפס־אַרבעט לטובת די קעמפער און מאַרטירער פון פּוילישן פאַשיזם.

אין 1938 האָט אונדזער פּאַטראָנאַט געהאָלפן גרינדן דעם נאָווידוואָרער און ווילנער פּאַטראָנאַט אין לאָס־אַנדזשעלעס און צוזאַמען האָבן מיר אַדורכגעפירט אַ ריי גרויסע אונטערנעמונגען און עטלעכע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן די ווילדע רציחות אויף יידן אין פּוילן.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט מיט דער וויכטיקער הילפס־אַרבעט ביז אויגוסט 1939, ווען די נאַציי בעסטיעס זיינען באַפאַלן פּוילן.

דער שרייבער פון די שורות איז שטאָלץ, וואָס ער איז געווען דער מיטגרינדער און סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט און שפּעטער אויך דער סעקרעטאַר פון אַלגעמיינעם פּאַטראָנאַט.

לאָמיר האָפן, אַז פאַר דעם אַזוי שווער געפּרואווטן פּוילישן יידנטום, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטשהייט, הייבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע פון גליק.

בולעטינען און באַקאַנטמאַכונגען פון טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע

# ראָזענבלאַט־דיקערמאַן סוירקל אין ניו־יאָרק

נאָךביים לעבן האָבן סאל דיקערמאַן און חיה ראָזענבלאַט אויסגעדריקט אַ ווּאונטש צו שאַפן אַ קרייז פון די פאַמיליעס דיקערמאַן, קופּערמאַן און טאַנסקי. דער ציל פון קרייז איז געווען, אַז די מיטגלידער פון די משפחות זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען.

צוליב פאַרשיידענע סיבות איז דער קרייז געגרינדעט געוואָרן ערשט נאָך זייער טויט. זיינע גרינדער זיינען געווען בענדזשאַמין ראָזענבלאַט, מאַקס דיקערמאַן, בעני, הערי און מאָריס קופּערמאַן, ווי אויך דוד טאַנסקי.

כמעט אַלע מיטגלידער פון די אויסגערעכנטע פאַמיליעס באַלאַנגען צו דעם קרייז וואָס ציילט שוין איבער 100 מיטגלידער. זיין אויפגאַבע איז צו דערנענטערן די דריי משפחות, צו באַקענען זיך נענטער איינער מיט דעם צווייטן, צו פאַרברענגען צוזאַמען און צו העלפן יעדן וואָס נייטיקט זיך אין הילף.

דער קרייז קומט זיך צונויף איינמאָל אין חודש און עס ווערן אַדורכגעפירט אינטערעסאַנטע אָוונטן. די אַטמאָספערע איז ביז גאָר אַ פריינדלעכע, אַן אינטימע. דאָ טרעפן זיך אַלע אויף איין פּלאַטפאָרמע, דאָ ווערן פאַרבינדן און פאַרשטאַרקט די משפחה־פעדים, וואָס זיינען ביז איצט געווען כמעט אין גאַנצן איבערגעריסן.

עס עקזיסטירט ביים קרייז אַ ספּעציעלער פאָנד פון וועלכן ס'ווערן געגעבן מתנות צו מיטגלידער ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, און אויך שטיצע פאַר די נויטבאַדאַרפטיקטע. אַ קאָמיטעט פון צוויי מיטגלידער טיילט אויס די שטיצע, און די פראַגע דאַרף ניט ווערן געבראַכט פאַר דער ברייטער מיטגלידערשאַפט. דאָס איז דערפאַר כדי ניט צו שטעלן אין פאַרלעגנהייט די נויטבאַדערפטיקע.

דער קרייז האָט געהאַט 25 מיטגלידער אין דער אַרמיי. צווישן זיי: מעידזשאָר היימאַן דיטמאן, דאָקטאָר מעדיצין; ליוטענאַנט היימאַן ראָזענבלאַט, אין דער נייווי, דאָקטאָר פילאָזאָפיע, און ליוטענאַנט סאל מאָרעי. דער קרייז האָט אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציאונגען מיט די מיטגלידער אין דער אַרמיי און נייווי. עס איז רעגלמעסיק אַרויסגעשיקט געוואָרן צו יעדן פון זיי פעקלעך. עס איז געקויפט געוואָרן וואָר־באָנדס פאַר 100 טויזנט דאָלאַר. אויך פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, ווי דער רויטער קרייץ, שפּיטאָלן און אַז. וו. ווערן געשטיצט פון קרייז. אין דער איצטיקער קאַמפּאַניע פאַר די יידן אין פּוילן טוט דער קרייז זיין חוב.

דער קרייז פּלאַנט צו פאַרשטאַרקן זיין עקזיסטענץ דורך שאַפן מעדיצינישע הילף אין יעדער פאָרעם, פאַר זיינע מיטגלידער.



אַ צוזאַמענקונפט פון די מיטגלידער פון ראָזענבלאַט־דיקערמאַן סוירקל.

# לאַנד־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע

אַ געוויסע פאַרבינדונג פון ניו־יאָרקער „טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט” און דערנאָך „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף” און ליידיס אוקזילערי מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און הילף־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעט פון אַמעריקע האָט עקזיסטירט כמעט די גאַנצע צייט, וואָס די הילף־אַרבעט פאר טשענסטאָכאָוו איז געפירט געוואָרן. אַזוי, למשל, האָט דער „טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק” געהאָלפן די אָרגאַניזאַציעס אין דעטראָיט און שיקאַגע איינצואָרדענען די פילם־פאָרשטעלונגען פון י. ל. פרץ־קינדערהיים און פאָלקשול אין טשענסטאָכאָוו.

ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען אָנגעקומען די שוידערלעכע בשורות וועגן חורבן פון אונדזערע ברידער אויף יענער זייט ים, איז קלאָר געוואָרן, אַז די הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו, וועט פאָדערן אַזעלכע גרויסע געלט־מיטלען און אָנשטרענגונג, אַז זי וועט מוזן געטאָן ווערן מיט בשותּפותדיקע כוחות פון אַלע פריינד אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. די פאַרבינדונג צווישן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער איז געוואָרן באַזונדער אַקטועל נאָכן באַשלוס אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”. אַזאַ גרויסע אויפגאַבע האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן דורך אַ לאַנדסמאַנשאַפט אין איין שטאָט, אפילו אַזוי גרויס ווי ניו־יאָרק.

דעם 13טן אָקטאָבער 1944 איז אויף אַ מיטינג פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף” באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע וועגן שיקן פאַרטרעטער צו אַ לאַנד־קאָנפערענץ, כדי צו קאָאָרדינירן די הילף־טעטיקייט פאַר טשענסטאָכאָוו און פאַרווירקלעכן דאָס אַרויסגעבן פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”.

דעם 25טן אַפּריל 1945 האָט דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט ביים „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף”, אָנגעפירט פון ר. פעדערמאַן, לויט אַ פריערדיקער פאַרשטענדיקונג מיט שיקאַגע און דעטראָיט, אַרויסגעשיקט אַ ווענדונג צו אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע צו שיקן דעלעגאַטן צו דער לאַנד־באַראַטונג (קאָנפערענץ) אין ניו־יאָרק שבת דעם 23טן און זונטיק דעם 24טן יוני 1945.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַשטימטן טערמין אין בעטהאָווען־האָל, 210 איסט 5טע סטריט, ניו־יאָרק.

אין דער קאָנפערענץ האָבן אָנטיילגענומען די דעלעגאַטן: פון שיקאַגע — ס. אַ. פרידמאַן און פרוי, לואיס גראָס און פרוי, אַ. ווילינגער, אַ. ס. מיסקאַ און פרוי, סעם שלעזינגער און פרוי, סאול באום; פון טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגע — משה צעשינסקי ; פון טשענסטאָכאָווער ליידיס עיד סאָסייעטי אין שיקאַגע — פרוי ראָוז האָפמאַן ; טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיין אין טאָראָנטאָ און אומגעגנט — קעניגסבערג, מר. גאָלדבערג און צינע אָרזשעך.

טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 יידישער פאָלקס־אָרדן (אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן) — ר. בערגער, ד. טאַנסקי.

ערשטע זאַלאָשינער חברה „אנשי בני אחים” — וויליאַם נייטיגאַל, עמנואל וואַרגאָן ; טשענסטאָכאָווער „יאָנג מענס” — קאַרל בוכנער, מאַקס קאַמינסקי, דזשעק דזשייקאָבס, דזשעק זיידמאַן.

דעטראָיט — איזידאָר גליקסמאַן.

טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער־רינג, ניו־יאָרק — מ. פיינער, י. שובין.

„יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק”.

אָט איז די באַגריסונג פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף” און ליידיס אָוקזילערי, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די דעלעגאַטן, צוזאַמען מיטן סדר־היום פון דער קאָנפערענץ, פּראָגראַם פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן” און פּראָיעקטן פון די רעזאָלוציעס :

### ב אַ ג ר י ס ו נ ג

טייערע דעלעגאַטן, פאַרזאַמלטע און געסט :

מיט דעם בלוט פון מיליאָנען קרבנות פון אַלע פעלקער פון דער וועלט איז די נאַצישע בעסטיע פאַרניכטעט געוואָרן, און צוזאַמען מיט אונדז קען די גאַנצע וועלט איצט פרייער אָפּעטעמען.

דער גרעסטער קרבן פון די חורבנות און פעלקער־אויסראָטונג, וואָס די דייטשיש־נאַצישע בעסטיעס האָבן אויסגעפירט אין דער צייט פון זייער ממשלה, איז געווען דאָס יידישע פאָלק, וואָס די באַרבאַרישע מערדער האָבן פאַרניכטעט און אויסגעריסן מיטן וואָרצל, איבערלאָזנדיק נאָר קליינע רעשטלעך, וואָס האָבן זיך דורך נסים געראַטעוועט.

צוזאַמענקומענדיק זיך היינט אויף דער קאָנפערענץ צו באַטראַכטן די מיטלען און וועגן ווי אַמבעסטן צו העלפן אונדזערע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער אין אונדזער היים־שטאָט, איז אונדזער ערשטער געדאַנק און געפיל מיט די, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אין קאַמף מיט די דייטשישע וועלט־רוצחים, און אין דער ערשטער ריי זאָלן מיר היינט געדענקען די יידישע קדושים פון אונדזער שטאָט און אַלע יידישע ישובים,, וואָס זיינען אומגעקומען פון די הענט פון די גרויזאַמסטע מענטשן־חיות.

זייער פיין און ליידן, זייער הייליק אָנדענק וועט אונדז שטאַרקן אויסצופירן די אַרבעט, וואָס מיר האָבן זיך אונטערגענומען:

העלפן די לעבן־געבליבענע אויפריכטן זייער לעבן און אויפבויען דעם יידישן ישוב און יידיש לעבן אין אונדזער היימשטאָט.

מיט נייעם מוט און אַלטן גלויבן, וואָס האָט אויפגעהאַלטן אונדזער פאָלק אין משך פון די טויזנטער יאָרן, מיט פאַראייניקטע, געמיינזאַמע כוחות פון די, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט און די, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע וועלט־טיילן, האָפן מיר אונדזער ציל צו דערגרייכן.

זייט באַגריסט, פריינד דעלעגאַטן, פאַרזאַמלטע און געסט!

יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט
אין ניו־יאָרק

פרעזידענט: א. י. סענזער.
טשענסטאָכאָווער ליידיס־אָוקזילערי, נ. י.
טשערליידי: יעטא לענטשנער.

די קאָנפערענץ האָט זיך געעפנט 9 אַזייגער אָוונט אין אַ זייער פייערלעך־ערנסטער שטימונג. חוץ די דעלעגאַטן איז אָנוועזנד געווען אַ גרויסע צאָל געסט.

די בינע פון פרעזידיום איז געווען דעקאָרירט מיט דער אַמעריקאַנער שטרייפן־ און שטערן־פאָן פון איין זייט און דער בלוי־ווייסער פאָן פון דער צווייטער זייט. דאָס בילד פון דעם נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם פרעזידענט פראַנקלין דעלאַנא רוזוועלט האָט פון אויבן־אָן אַראָפּגעקוקט צו די פאַרזאַמלטע. אָנגעצונדענע ליכט אין אַ יידישער מנורה האָבן געברענט אין הייליקן אָנדענק פון די קדושים אין טשענסטאָכאָוו און הונדערטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

אויף דער בינע האָבן זיך געפונען פאָלגנדיקע אויפשריפטן: „ברוכים הבאים — זייט באַגריסט, דעלעגאַטן און געסט צו דער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ פון טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע!”; „בויען יידיש פאָלקסלעבן אומעטום!” „צען יידן זיינען אַ מנין, הונדערט — אַ קהילה, טויזנט — אַ שבט, צוועלף שבטים — אַ פאָלק!”

עס איז געווען דער אַלגעמיינער איינדרוק, אַז דאָ קומט פאָר אַן ערנסטע צוזאַמענקונפט פון פאָלקס־מענטשן פאַר אַ גרויסער פאָלקס־זאַך.

פריינד יעקב בער סילווער, פאָרזיצער פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, עפנט די קאָנפערענץ.

אין זיין דערעפענונג־רעדע האָט ער צווישן אַנדערעס געזאָגט:

ווען מיר האָבן באַשלאָסן צונויפצורופן אַ קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד, איז שוין פאַר אונדז געווען קלאָר דער בראָך פון די יידן אין די לענדער אונטער דער נאַצישער ממשלה און פאַר אונדזערע אויגן האָט שוין געשוועבט דאָס שרעקן־בילד



לאַנד־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע

פון יידישן חורבן. מיר האָבן געפילט, אַז עס איז אונדזער עלעמענטאַרער חוב צו אָרגאַניזירן הילף פאַר אונדזערע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער. היינט ווייסן מיר שוין, אַז די מענטשלעכע השגה איז נישט אימשטאַנד צו באַנעמען דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק. מיר ווייסן שוין היינט, אַז אונדזער אייגענע גלייכגילטיקייט און די גלייכגילטיקייט פון דער גאַנצער כלומרשט ציוויליזירטער וועלט טראָגט די מיטשולד פאַר דעם גרויסן פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונדזער פאָלק.

דער ענטפער פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אויף אונדזער רוף, די צאָלרייכע דעלעגאַטן, וואָס זיינען זיך היינט צוזאַמענגעקומען, האָבן אונדז נישט אַנטוישט.

נעמט צו, טייערע פריינד דעלעגאַטן און געסט, אין מיין נאָמען, אין נאָמען פון אונדזער סעקרעטאַר רפאל פעדערמאַן און פון גאַנצן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אונדזער האַרציקן דאַנק און באַגריסונג".

ער גיט דאַן איבער דעם פאָרזיץ צום פרעזידענט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף", פריינד אברהם סענזער, וועלכער רופט אויס די נעמען פון די באַטייליקטע דעלעגאַטן און אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיי פאַרטרעטן. ער שטעלט פעסט, אַז אין דער קאָנפערענץ באַטייליקן זיך 36 דעלעגאַטן, וועמענס באַפולמעכטיקונגען זיינען באַשטעטיקט געוואָרן.

ביים צוזאַמענשטעלן דאָס פרעזידיום דערקלערט דער פרעזידענט, אַז אין פרעזידיום וועלן אין משך פון דער קאָנפערענץ זיין פאַרטרעטן אַלע דעלעגאַטן. צו דער ערשטער זיצונג ווערן פאַרבעטן פאָלגנדיקע פריינד: יוסף קויפמאַן, הערי פייערשטיין, רפאל פעדערמאַן, יעטא לענטשנער, גאָסי געלבאַרד, קארפיעל, משה צעשינסקי, רויז האָפמאַן, סאל באום, פרידמאַן, איזידאָר גליקסמאַן, צינע אָרזשעך.

אַלס סעקרעטאַרן ווערן באַשטימט: א. כראבאַלאָווסקי, אבע קויפמאַן און חיה וואַגאַ־רויטמאַן.

אין פרעזידיום ווערט אויך פאַרבעטן ד"ר רפאל מאַהלער, רעדאַקטאָר פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

נאָכן דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן, גיט דער פאָרזיצער מיטן אַ קלאַפּ פון האַמער דעם צייכן פאַר אַלע פאַרזאַמלטע זיך אויפצושטעלן. פריילין פ. טשאַרני שפּילט אויף דער פּיאַנע דעם אַמעריקאַנער הימן „סטאַר ספּענגל בענער" און דערנאָך די „התקוה". דאַן באַקומט דאָס וואָרט פריינד א. כראבאַלאָווסקי, וועלכער באַערט דעם אָנדענק פון די, וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף קעגן פאַשיזם־נאַציזם און די מיליאָנען אומגעקומענע יידישע קדושים מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

אונדזער ערשט וואָרט און ערשטער געדאַנק געהערט אונדזערע קינדער, אונדזערע ברידער און די קינדער און ברידער פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשיש־נאַצישע מערדער אויף די שלאַכטפעלדער, אין דער וואַרשעווער, טשענסטאָכאָווער און אַנדערע געטאָס, אין די פאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען, אין די מאָרד־לאַגערן — פאַר זיי אַלע בויגן מיר מיט יראת הכבוד און טיפן טרויער אונדזערע קעפּ:

כבוד זייער אַלעמענס אָנדענק!

צווישן די ווילדע רציחות און הוראַגאַנען פון טויט און פאַרניכטונג, אויסגעפירט דורך די נאַצישע רוצחים, האָבן מיר, יידן, פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ. טויזנט יאָריק איינגעוואָרצלטע ישובים זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד. צווישן זיי געפינט זיך אויך אונדזער היימשטאָט, אונדזער אַלטע מאַמע־שטאָט, טשענסטאָכאָוו.

אויסריידן, אויסוויינען, אויסווייטיקן דעם גאַנצן צער און פּיין פאַר די צענדליקער טויזנטער אומגעקומענע ברידער און שוועסטער, טאַטע און מאַמעס, יוגנט און קינדער איז אַ מענטשנס לשון צו שוואַך און צו אָרעם. ש. פרוגס „שטראָמען בלוט און טייכן טרערן" וועלן נישט גענוגן און קיין שום מענטשלעך האַרץ און מענשלעך געפיל קען אַזוי פיל ווייטיק און פּיין נישט אַרייננעמען.

אונדזער גרויס אומגליק, אונדזער אומדערהערטע טראַגעדיע, דער צער און פּיין פון מיליאָנען אומגעקומענע פון הונגער און קעלט, שוידערלעכע רציחות און מאַסן־מאָרדן אין די גאַז־קאַמערן — ווערט נאָך טויזנט מאָל גרעסער, וואָס עס בלייבט אַ שטומע טראַגעדיע, וואָס מיר אַליין זיינען נישט בכוח אויסצושרייען, אויסוויינען און אויסווייטיקן.

די גרויסע וועלט איז געבליבן טויב און שטום, ווען די הילף־רופן האָבן זיך לאַנגע יאָרן געטראָגן פון די געטאָס און מאָרד־לאַגערן און פאַרשוויגט זיי אויך איצט.

טויזנטער מאָל איז די טשעכאָסלאָוואַקישע לידיטשע דערמאָנט און באַשריבן געוואָרן פריער און איצט. אונדזער טראַגעדיע — מיליאָנער מאָל אַזוי גרויס — ווערט אין גאַנצן פאַרשוויגן. מיר זיינען געווען יידן צום נאַצישן רויב, מאָרד און אויסראָטונג. צום מאָנען און באַצאָלן פאַר די אַלע פאַרברעכנס זיינען מיר פראַנצויזן, פּאָליאַקן, בעלגיער, האָלענדער אאַז"וו. די ליידן, פּייניקונגען און דער העלדישער קאַמף פון די מאַרטירער פון אַלע פעלקער מיט די נאַציס זיינען שוין ביז איצט פאַרגעשטעלט געוואָרן אין צענדליקער פילם־בילדער — אונדזערע מאַטירער און קדושים, אונדזערע העלדן אין די געטאָס זיינען נאָך ביז איצט אין קיין שום פילם נישט באַוויזן געוואָרן.

דורות פאַר אונדז האָבן געשאַפן און אַנטוויקלט דאָס יידישע לעבן אין טשענסטאָכאָוו, אויפגעבויט צום ערשטן די גאַסן פון דער געצעוויזנע: די נאַדזשעטשנע, גאַרנצאַרסקע, סענאַטאָרסקע, טעפּער־ און יאַטקע־גאַסן. דערנאָך דעם אַלטן מאַרק, דעם נייעם מאַרק, די אַגראָדאָווע, טילנע. דערנאָך באַזעצט די ערשטע אַלעע, די

צווייטע אַלעע, די ספּאַדעק, די וואַלעס, די דאַיאַזד־גאַס אאז״וו. וויסטע שטרעקעס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברייטן קולטורעלן ישוב, אינסטיטוציע נאָך אינ־סטיטוציע, וואָס זיינען געוואָרן דער שטאָלץ פון פּוילן, ווי די האַנטווערקער־שול, די גערטנער־פערמע, דער נייער יידישער שפּיטאָל זיינען אויפגעבויט געוואָרן און אַ פאַר־צווייגט געזעלשאַפטלעך לעבן האָט געבליט און גע־שפּראָצט אין טשענסטאָכאָוו.

די פרייהייט־באַוועגונג אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אַרויסגעפירט אויף דער אַרענע פון אונדזער לעבן אַ נייעם און יונגן דור, וואָס האָט אָנגע־הויבן אַ קאַמף פאַר אַ ניי און פרייער לעבן, און נייע אינסטיטוציעס, נייע קולטור־אַנשטאַלטן זיינען צוגעקו־מען. דאָס יידישע לשון, יידישע לידער, וואָס איז פריער געווען אויך געזונגען געוואָרן נאָר אין די קעלערן און אָרעמע הייזלעך פון דער געצעווויזנע, האָט פריי און שטאָלץ געקלונגען פון די ברייטע און שיינע זאַלן פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, „לירא״, ספּאָרט־ און טורן־פאַראיין, וואָס די יידישע נייע יוגנט האָט געשאַפן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אייגענע יידישע פּרעסע. ווי אַ שיינער חלום אין דער ווירקלעכקייט, ווי אַ לעבעדיקע לעגענדע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף קרוטקע 23 דאָס הויז פאַר די י. ל. פּרץ קינדערהיימען און פאָלק־שולן, געשאַפן דורך אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אַמעריקע.

טויזנטער פון אונדזערע טשענסטאָכאָווער ברידער — אַלט און יונג — האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמע־ריקע, ארץ ישראל און אַנדערע לענדער און מיט זייער מי און אַרבעט געהאָלפן אויפבויען נייע יידישע ישובים און אומעטום פאַרנומען אַ חשובן אָרט.

עס איז געקומען דער טויט־שטורעם פון נאַצישער פאַרניכטונג און אַלץ אויסגעראָטן, פאַרוויסט און פאַר־לענדט.

און דער חורבן, די טראַגעדיע פון טויט און אויס־ראָטונג אפילו נאָר פון אונדזער איין שטאָט איז אַזוי גרויס, אַז דאָס מענטשלעכע האַרץ שטעלט זיך אָפּ און דאָס לשון ווערט אָפּגענומען.

ווער קען איבערגעבן דעם שרעק און פּיין פון אַ שטאָט, וואָס האָט נאַכט נאָך נאַכט, וואָך נאָך וואָך געוואַרט אויפן טויט אין די וואַגאָנעס אָדער אין די גאַז־קאַמערן, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו זייערע ליידן.

ווער קען איבערגעבן די נידערטרעכטיקייט פון די מערדער, וואָס האָבן דורך צענדליקער טריקס אַרויסגע־נאַרט די רעשטלעך פאַרפייניקטע.

לאָמיר עס, ליבע פריינד, איינקריצן אין אונדזער מוח און אין אונדזער האַרצן און קיינמאָל עס נישט פאַר־געסן.

לאָמיר עס איבערגעבן אונדזערע קינדער, זיי זאָלן עס געדענקען!

לאָמיר נישט פאַרגעסן אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער און קיינמאָל נישט פאַרגעסן און פאַרגעבן זייערע מערדער!

לאָמיר פאַר זיי אויפשטעלן אַ נר־תמיד נישט נאָר אין טשענסטאָכאָוו, נאָר אין דעם הויז, אין יעדנס האַרץ און נשמה, אַז עס זאָל קיינמאָל נישט אויפהערן צו גליען דאָס פייער פון ליבע און צער פאַר אונדזערע קדושים!

לאָמיר הייליקן זייער אָנדענק מיט אונדזער אַרבעט צו העלפן די לעבן געבליבענע אויפבויען זייער לעבן, צוליב וואָס מיר זיינען זיך היינט צוזאַמענגעקומען.

דאָס ערשטע וואָרט, דער ערשטער געדאַנק פון אונ־דזער קאָנפערענץ ווידמענען מיר זיי, אונדזערע מאַרטירער און קדושים.

לאָמיר זיך אַלע אויפשטעלן, בויגן אונדזערע קעפּ אין טיפן צער און טרויער און הייליקן און ערן זייער אָנדענק.

מיט טרערן אין די אויגן שטעלן זיך אויף די פאַר־זאַמלטע צו באַערן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע ברידער און שוועסטער. פּרל. פּ. טשאַרני שפּילט שאָפּענס טרויער־מאַרש.

נאָך דעם ווענדט זיך פּר׳ אברהם יעקב סענזער צו די דעלעגאַטן אין נאָמען פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ און ליידיס אָקזילערי מיט פאָלגנדיקער באַ־גריסונג:

חשובע דעלעגאַטן און געסט, חשובע קאָנפערענץ:

דאָס באַזעצן זיך פון טשענסטאָכאָווער יידן אין אַמעריקע איז וואַרשיינלעך אַזוי אַלט, ווי די יידישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע בכלל. איבער אַ האַלב יאָר־הונדערט וואוינען שוין טשענסטאָכאָווער יידן אין גרע־סערע צאָלן אין אַמעריקע. אין משך פון דער צייט האָבן די טשענסטאָכאָווער איבער גאַנץ אַמעריקע געשאַפן זייע־רע שולן, סאָסייעטיס און פאַראיינען. זיי האָבן אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן זייער אַלטע היים, וואו זיי האָבן איבערגעלאָזט זייערע נאָענטסטע און פריינד. זיי האָבן שטענדיק געלעבט מיט זייערע ליידן און פריידן און שטענדיק זיי געהאָלפן גרינגער מאַכן זייער לעבן, וואָס איז פון שטענדיק אָן געווען גענוג שווער. ס׳ערשטע מאָל אָבער קומט זיך צונויף אַ קאָנפערענץ פון טשענסטאָכאָ־ווער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, אין וועלכער עס באַ־טייליקן זיך דעלעגאַטן פון 13 אָרגאַניזאַציעס פון פאַר־שיידענע שטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע. עס איז זיכער אַ וויכטיק געשעעניש אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די טשענסטאָכאָווער יידן דאָ.

וואָס האָט גורם געווען, אַז אַזאַ קאָנפערענץ זאָל גערופן ווערן און צושטאַנד קומען?

אַ גרויס אומגליק, דאָס גרעסטע אומגליק אין דער געשיכטע פון די יידן, האָט געטראָפן אונדזער פאָלק. אַ דריטל פון גאַנצן יידישן פאָלק איז אויף אַ שענדלעכן אופן פאַרניכטעט געוואָרן דורך דעם היטלערישן באַנדי־

טישן פאַשיזם. אַלע פעלקער האָבן געבראַכט קרבנות אין דער מלחמה, אָבער קיין שום פאָלק האָט נישט געליטן אַזאַ מפּלה, ווי דאָס יידישע פאָלק.

דער גרויסער בראָך און אומגליק האָט צוזאַמענגע־בראַכט אונדזער קאָנפערענץ.

לאָמיר דאָס אין זינען האָבן די גאַנצע צייט פון אונדזערע פאַרהאַנדלונגען, חשובע דעלעגאַטן און געסט.

טאָקע דערפאַר, וואָס אונדזער אומגליק איז אַזוי גרויס, ווילן מיר נישט, אַז די פאַרבליבענע טיילן פון אונדזער פאָלק זאָלן צעריבן ווערן צווישן די רעדער פון דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. מיר מוזן צוזאַמענעמען אַלע אונדזערע כוחות, אַלע אונדזערע פאַרבליבענע כוחות און זיך זאָגן: מיר ווילן לעבן! און מיר וועלן לעבן, צוגלייך מיט אַלע פעלקער און ווי אַלע פעלקער! מיר מוזן זיך איינשטעלן פאַר אונדזער וויטערדיקן קיום מיט מעשים, פונקט ווי עס האָבן דאָס געטאָן אונדזערע ברידער און שוועסטער, אונ־דזערע נאָענטסטע און טייערסטע אין וואַרשעווער און טשענסטאָכאָווער געטאָ. מיר מוזן צוזאַמענעמען אַלע אונדזערע מאַטעריעלע און גייסטיקע כוחות, יעדער אויף זיין געביט, און וויטער שפּינען אונדזער פאָלקס־לעבן, נישט ווי קיין יחידים, נאָר ווי אַ פאָלק.

לאָמיר דאָס ווידער אין זינען האָבן די גאַנצע צייט פון אונדזערע פאַרהאַנדלונגען.

אונדזער קאָנפערענץ איז אין פלוג אַ קליינע, אָבער אין תוך איז זי אַ גאָר גרויסע, אויב מיר נעמען אין אכט אַז אונדזער פאַרנעם פון דער טעטיקייט איז נאָר איין שטאָט, איין יידישע קהילה, אונדזער היימשטאָט, די שטאָט פון אונדזערע טאַטע־מאַמעס — טשענסטאָכאָוו.

מיר האָבן אָרגאַניזירט די קאָנפערענץ אויף אַ באַשיידענעם אופן, אָן פּאַראַדעס, ווייל מיר ווילן דער־גרייכן פּראַקטישע און פּראָדוקטיווע רעזולטאַטן.

מיר ווילן דערגרייכן אַ פאַרשטענדיקונג פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, אַז אונדזערע אָרגאַניזאַ־ציעס, וועלכע אַרבעטן פאַר איינעם און דעם זעלבן ציל, זאָלן גיין מיט איין און דעם זעלבן וועג, וואָס שנעלער און פּראָדוקטיווער העלפן אויפבויען דאָס יידישע פאָלקס־לעבן אין אונדזער היימשטאָט — טשענסטאָכאָוו.

איך וויל גלויבן און בין אין דעם זיכער, אַז אונדזער קאָנפערענץ וועט זיין דורכגענומען מיט דעם גרויסן ווילן צו העלפן אונדזערע לעבן פאַרבליבענע ברידער און שוועסטער אין זייער שווערער איצטיקער לאַגע און ווײ־טערדיקער עקזיסטענץ און וועט מיט גאָטס הילף ברענגען צו די דערפאָלגרייכסטע רעזולטאַטן.

אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אַלע אונדזערע מיטגלידער פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" קאָ־מיטעט אין ניו־יאָרק, באַגריס איך אייך האַרציק, פריינד דעלעגאַטן און געסט, מיט אַ האַרציקן ברוכים הבאים און ווינטש אייך און אונדז אַ פּרוכטבאַרע אַרבעט אין די פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ און דערפאָלג־רייכע רעזולטאַטן.

זייט באַגריסט!

דאָס וואָרט באַקומען די דעלעגאַטן, צו באַגריסן די קאָנפערענץ, פריינד סאָל באום, אינעם נאָמען פון עדיר־קיישאַנאַל פאַראיין אין שיקאַגע, פריינד משה צעשינ־סקי — אינדיפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגע, פריינד הערי גאָלדבערג — טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיין אין טאָראָנטאָ, פריינדין רויז האָפמאַן — עיד סאָסייעטי אין שיקאַגע, פריינד איזידאָר גליקסמאַן — טשענסטאָכאָ־ווער הילף־פאַראיין אין דעטראָיט. עס ווערט אויך גע־לייענט אַ טעלעגראַפישע באַגריסונג פון פריינד הערי גראָומאַן, אינעם נאָמען פון הילף־פאַראיין אין לאָס אַנ־דזשעלעס. צום בולטסטן האָט אויסגעדריקט דאָס געפיל פון די דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ די באַגריסונג פון פריינד משה צעשינסקי, פון וועלכער מיר ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן:

„קנאַפּע טויזנט מייל בין איך געפאָרן כדי זיך מיט אייך אויף דאָס ניי צו טרעפן. הונדערטער מאָל האָב איך ווי אַ סך פון אייך געחלומט, פאַנטאַזירט און גע־זוכט פּלענער, ווי אַזוי און ווען צו זיין מיט אייך פּנים אל פּנים און צוזאַמען טיילן דעם צער פון אונדזער גרויסן בראָך און צוזאַמען אָרגאַניזירן די אַרבעט פאַר אונדזער שארית הפליטה.

צווײ שטאַרקע סותרדיקע געפילן פון פרייד און צער באַהערשן מיך. איך קען נישט איינהאַלטן די טרערן אויפן שוידערלעכן יידישן חורבן בכלל און פון טשענ־סטאָכאָוו בפרט.

„אָבער דאָ איז פאַרזאַמלט אָן עין הרע אַזאַ גרויסע צאָל פריינד, וואָס די „דאַמאַקלעס־שווערד" פון די רוצ־חים איז נישט געווען אימשטאַנד צו דערגרייכן, און מיר דאָ פאַרטרעטן אַ טשענסטאָכאָווער יידישע געמיינדע פון אַ סך טויזנטער יידן, וואָס דער עמיגראַציע־שטראָם האָט אַהער געבראַכט, איידער די נאַציִשע תלינים האָבן אָנ־געהויבן די בלוטיקע מלאכה אויסצומאָרדן און פאַר־ניכטן אונדזערע שענסטע, ליבסטע און טייערסטע, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים. מיר קענען נישט אונטערדריקן דאָס געפיל, אַז דאָס איז געווען אַ גרויס גליק נישט נאָר פּערזענלעך, נאָר פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

„מיר דאָ, אויפן אַמעריקאַנער באָדן, זיינען אין משך פון דער צייט שטאַרק אויסגעוואַקסן, רייף געוואָרן געזעלשאַפטלעך, נאַציאָנאַל און אין אַ סך אַנדערע הינ־זיכטן. דאָס באַווייזט די היינטיקע קאָנפערענץ און דאָס, וואָס מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

„מיט אַ סך יאָרן צוריק, נאָך אין 1923, האָט מען שוין אין טשענסטאָכאָוו געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן אַ „פּנקס" אונטערן נאָמען „פוןביידע זייטן ים". עס איז דער־מאָלט געווען נישט מער ווי אַ חלום. איצט ווערט דער

חלום פאַרווירקלעכט. דאָס איז אַ דערגרייכונג, וואָס מאַכט אונדז שטאָלץ, כאָטש מיר לעבן איצט איבער די שווידערלעכסטע טראַגעדיע פון אַלע יידישע דורות, וואָס זיינען געווען פאַר אונדז".

— — — — — — — — — — —

דער לעצטער פונקט אויפן סדר־היום פון דער אָוונט־זיצונג איז דער רעפעראַט פון ד״ר רפאל מאַהלער אויף דער טעמע „די צוקונפט פון די יידן אין פוילן". די וויכטיקסטע שטעלן פון זיין אינהאַלטסרייכן פאַרטראַג זיינען געווען:

די גרעסטע צרה פון „אומאָפּהענגיקן" פוילן איז געווען די נישט פאַרענטפערטע אַגראַר־פראַגע, וואָס אַ העלפט פון גאַנצן לאַנד־באַזיץ האָט געהערט צו אַ הייפל פריצים. צוליב דער גרויסער מאַסע אָרעמע פויערים, איז דער האַנדל און די אינדוסטריע געווען איינגעשרומפּן. אָנשטאָט אַרבעט און ערד האָט די רעאַקציע געשפּייזט די מאַסן מיט אַנטיסעמיטיזם און זיי געהעצט צו פּאָגראָמען.

די גרינטלעכע סאָציאַלע רעפאָרמען, וואָס די דעמאָקראַטישע רעגירונג פון באַפרייטן פוילן פירט דורך, ווי די פאַרטיילונג פון דער ערד צווישן די פויערים און סאָציאַליזירונג פון דער שווער־אינדוסטריע און צוזאַמען דערמיט די סאָוועטן־פריינדלעכע פּאָליטיק, וועט שאַפן דעם באָדן פאַר אמתער דעמאָקראַטיע און עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

די איצטיקע לאַגע פון דער קליינער צאָל געראַטעוועטע יידן איז אַ סך ערגער, ווי פון דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג, ווייל זיי זיינען געבליבן בוכשטעבלעך נאַקעט און באָרוועס. דאָס ערגסטע זיינען אָבער די פּאָגראָמען, אָרגאַניזירט דורך די אָרטיקע פאַשיסטן. אַ **גרויסער** טייל פון די לעבן געבליבענע יידן אין פוילן רייסט זיך דעריבער אויסצואוואַנדערן, באַזונדער קיין ארץ־ישראל. פאַר זיי דאַרפן מיר קעמפן, אַז די טירן פון יידישן היימלאַנד זאָלן געעפנט ווערן. אָבער יידישע ישובים אין פוילן וועלן דאָך בלייבן און יידן וועלן, ווי גלייכע בירגער, האָבן די מעגלעכקייט אָנטיילצונעמען אינעם אויפבוי פון נייעם פוילן. צו זיי מוזן מיר אויסשטרעקן אונדזער ברידערלעכע האַנט און טאָן אַלץ אין אונדזערע כוחות זיי צו העלפן אויפבויען און אויפריכטן זייער לעבן.

די צווייטע זיצונג פון דער קאָנפערענץ קומט פאָר זונטיק דעם 24טן יוני 12:30 אין דער פרי.

פרעזידענט אברהם יעקב סענזער עפנט די זיצונג און פאַרבעט אין פּרעזידיום די פריינד לואיס שימקאָוויטש, ראובן בערגער, מ. קעפּ, יצחק גורסקי און הערי פּייערשטיין, וויס־פּרעזידענט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף", וועלכער פירט אָן מיט דער זיצונג.

דער פאַרגעלייגטער סדר־היום ווערט אָנגענומען.

פריינד ר. פעדערמאַן לייענט פאָר די דערהאַלטענע באַגריסונגען פון: יונייטעד דזשואיש אַפּיל", „דזשאָינט", „אָרט", „אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון פוילישע יידן", „ראַשען וואָר רעליף", „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט", „טשענסטאָכאָווער צענטראַל־קאָמיטעט אין ארץ־ישראל", „טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי" אין בוענאָס איירעס, דוד אַקערמאַן אין לאָנדאָן, איוואַן גאַנס, מעלבורן, אויסטראַליע, גאָדל פּייערטאַג, תל אביב, לואיס שוואַרץ, סעאַטל, וואַשינגטאָן. די באַגריסונגען ווערן אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

פריינד יוסף קויפמאַן, פינאַנץ־סעקרעטאַר פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" גיט אָפּ אַן אויספירלעכן באַריכט פון דער גרויסער הילף־אַרבעט אין ניו־יאָרק און אילוסטרירט זיין רעפעראַט מיט אַ גאַנצער ריי ציפערן.

פריינדין סיידי סענזער גיט אָפּ דעם באַריכט פון דער ליידיס־אָקזילערי אין ניו־יאָרק.

עס באַריכטן וועגן צושטאַנד פון זייערע אָרגאַניזאַציעס די דעלעגאַטן:

משה צעשינסקי, ראוז האָפמאַן, הערי גאָלדבערג — טאָראָנטאָ, פרווי ווינקלער — פון די זאלאשינער ליידיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק — גיט איבער אַ טשעק פון הונדערט דאָלאַר.

עס קומט פאָר אַן איבעררייס פאַר אָנבייסן. די נאָכמיטאָג־זיצונג הויבט זיך אָן 3:30 נאָך מיטאָג.

וויס־פּרעזידענט הערי פּייערשטיין גיט איבער די פירונג פון דער זיצונג דעם פּרעזידענט, פריינד אברהם יעקב סענזער.

עס ווערן געלייענט די צוויי וויכטיקסטע רעפעראַטן — איינער פון פריינד יצחק גורסקי אויף דער טעמע: „אויף וואָס און ווי אַזוי דער אויפבוי־פאָנד דאַרף פאַרווענדעט ווערן". דער צווייטער פון ד״ר לעאָן לייזעראָוויטש וועגן מעדיצינישער הילף פאַר די לעבן־געבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו. די רעפעראַטן האָבן אויסגענומען מיט זייער ערנסטקייט און גרינטלעכקייט.

עס קומט פאָר אַ דיסקוסיע וועגן די פאָרמען און כאַראַקטער פון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע, וואָס די קאָנפערענץ דאַרף שאַפן. עס נעמען אָנטייל די פריינד: בערגער — ניו־יאָרק, קעניגסבערג — טאָראָנטאָ, טאַנסקי — ניו־יאָרק.

עס ווערט געוויילט אַ רעזאָלוציע־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון:

הערי פּייערשטיין, יוסף קויפמאַן, לואיס שימקאָוויטש, איזידאָר גליקסמאַן, פּיינער.

די קאָמיסיע האַלט אָפּ איר זיצונג אין אַ באַזונדער צימער און קומט צו אַן איינהייטלעכן באַשלוס וועגן אַלע פונקטן פון די פאַרגעשלאָגענע רעזאָלוציעס.

די שלוס־זיצונג הויבט זיך אָן 7 אָוונט, אונטערן פאָרזיץ פון פריינד יוסף קויפמאַן. פריינד א. כראַבאַלאָווסקי לייענט פאָר די פאָלגנדיקע רעזאָלוציעס, וועלכע ווערן איינשטימיק אָנגענומען דורך דער קאָנפערענץ.

## I

די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און קאַנאַדע, דעם 23טן און 24טן יוני, 1945, אין ניו־יאָרק, האָבן זיך אַלזייטיק באַקענט מיט די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען פון די רעפעראַטן און דיסקוסיעס, און שטעלן פעסט, אַז:

1. דער אויפבוי און די אויפלעבונג פון פיזישן און גייסטיקן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע שוין אין איצטיקן מאָמענט פאַר אַלע יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס איבער דער וועלט.

2. אין די ראַמען פון דער טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער הילף־אָרגאַניזאַציעס דאַרף שוין געשאַפן ווערן די מעגלעכקייט צו באַזאָרגן די פאַרבליבענע יידישע באַפעלקערונג אין אונדזער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו מיט דרינגענדיקער הילף, ווי:

א. מעדיצינישע הילף, שפּייז־אַרטיקלען און קליידער.

ב. באַזאָרגן די יתומים און קינדער און לייגן אַכט אויף זייער דערציאונג און אַנטוויקלונג.

ג. קאָנסטרוקטיווע הילף (האַנטווערקער־געצייג, מאַשינען, פּראָדוציר־וואַרשטאַטן).

ד. יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן.

ה. העלפן די פליטים און פאַרשיקטע, וועלכע געפינען זיך צייטווייליק אין פאַרשיידענע לענדער.

3. די הילף דאַרף באַזאָרגט ווערן דירעקט צו דער אָנפירנדיקער יידישער אינסטיטוציע אין טשענסטאָכאָוו אין דער ערשטער ריי, אָדער דורך עקזיסטירנדיקע יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פירן אַ טעטיקייט אין פּוילן בכלל און אין טשענסטאָכאָוו בפרט, מיט דעם הסכם פון דער עקזעקוטיווע אין יעדן פאַל.

4. די דאָזיקע אויפגאַבעס זיינען חל פאַר אַלע עקזיסטירנדיקע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געזאַמלט און זאַמלען הילף־פאָנדן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

## II

די קאָנפערענץ באַשליסט דעריבער:

1. כדי די געזאַמלטע פאָנדן דורך די אָרגאַניזאַציעס זאָלן וואָס צוועקמעסיקער, פּראָדוקטיווער און ראַציאָנעלער פאַרווענדט ווערן, ווערט געשאַפן אַ געמיינזאַמע פאַרשטענדיקונג פון אַלע באַטייליקטע אָרגאַניזאַציעס אין דער קאָנפערענץ.

2. אויסצובילדן אַן עקזעקוטיוו, וועלכער ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון באַפולמעכטיקטע פאַרטרעטער פון די עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, וועלכער קומט זיך צונויף לויט די נויטיקייטן, מיטן צוועק צו רעאַליזירן די אָנגענומענע באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ.

3. מיט דער אַרבעט פון עקזעקוטיוו פירט אָן אַ געוויילטער סעקרעטאַר פון עקזעקוטיוו מיט זיין זיץ־אָרט אין ניו־יאָרק.

4. ביז צו דער זיצונג פון עקזעקוטיוו פירט אָן מיט דער אַרבעט, אין הסכם מיט דעם עקזעקוטיוו פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ אין ניו־יאָרק, דער דערוויילטער סעקרעטאַר דורך דער קאָנפערענץ, רפאל פעדערמאַן.

## III

דער עקזעקוטיוו ווערט באַפולמעכטיקט פון דער קאָנפערענץ דורכצופירן די פאָלגנדיקע אויפגאַבעס:

1. צו קומען אין אַ פאַרשטענדיקונג מיט די טשענסטאָכאָווער הילף־אָרגאַניזאַציעס נאָך פון אַנדערע שטעט אין אַמעריקע, קאַנאַדע און אַנדערע לענדער.

2. מיטצוהעלפן די אָרגאַניזאַציעס סיסטעמאַטיש צו פאַרגרעסערן זייערע הילף־פאָנדן.

3. צו באַשטימען די אופנים און וועגן פון אַלע געזאַמלטע פאָנדן און זייער פאַרווענדונג אין הסכם מיט די אויבנדערמאָנטע אָנגענומענע באַשלוסן.

## IV

### ביוראָ פאַר דער פאַרבינדונג מיט קרובים

די קאָנפערענץ באַשליסט, אַז צוליב דער גרויסער וויכטיקייט, וואָס עס וועט האָבן די אינדיווידועלע פאַרבינדונג צווישן די געראַטעוועטע יידישע ברידער און שוועסטער, וואָס אַ סך פון זיי זיינען צעשפּרייט איבער די שטעט און לאַגערן אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער און אַפילו אין כינע — מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע — זאָל צוריק איינגעשטעלט ווערן דאָס ביוראָ ביים „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע אויפצוזוכן און פאַרבינדן אַלע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער, אַלע וואָס נייטיקן זיך אין ראַט און הילף, מיט זייערע קרובים אין אַלע שטעט פון אַמעריקע.

## V

### בולעטין

כדי צו באַקענען די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער מיט די פאַרהאַנדלונגען און באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ, כדי צו פאַרצייכענען דעם היסטאָרישן אויפטו פון אונדזער קאָנפערענץ, וואָס איז די ערשטע לאַנד־קאָנפערענץ פון יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע — באַשליסט די קאָנפערענץ, אַז עס זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַ בולעטין מיטן וויכטיקסטן מאַטעריאַל פון דער קאָנפערענץ.

VI

## אַ דאַנק דער יידישער פּרעסע

די לאַנד־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען צו באַטראַכטן די מיטלען ווי דערפאָלגרייכער צו העלפן אויפריכטן און אויפבויען דאָס יידישע לעבן פון די לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער אין אונדזער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו, באַדאַנקט די יידישע פּרעסע: „פאָרווערטס", „מאָרגן־פרייהייט", „טאָג" און „מאָרגן־זשורנאַל" פאַר זייער מיטהילף אין דער אַרבעט פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און אין דער אָרגאַניזירונג פון דער קאָנפערענץ.

VII

## אָנערקענונג דעם רעליף־קאָמיטעט

די קאָנפערענץ באַדאַנקט האַרציק דעם „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" פאַרן אָרגאַניזירן און דערפאָלגרייך פירן די לאַנד־קאָנפערענץ.

VIII

## רעזאָלוציע וועגן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"

די קאָנפערענץ באַשליסט:

1. יעדער לאַנדסמאַן פון טשענסטאָכאָוו איז מחויב צו קויפן דאָס בוך, האָבנדיק אין זינען, אַז דער ריוח פאַרגרעסערט דעם אויפבוי־פאָנד פאַר אַ ניי יידיש לעבן אין דער אַלטער היים.

2. צו געבן דער געשאַפענער יידישער פאָרטרעטערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו, אַלס פרייוויליקע מתנה, די נייטיקע צאָל עקזעמפּלאַרן פון דעם בוך: „טשענסטאָכאָווער יידן".

3. די אָרגאַניזאַציעס נעמען אָן אַלע מיטלען, אַז דאָס בוך זאָל דערגרייכן צו יעדן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, וואו ער זאָל זיך נישט געפינען.

4. אַלע אָרגאַניזאַציעס פאַרפליכטן זיך מיטצוהעלפן, אַז דאָס בוך זאָל אומבאַדינגט דערשיינען נישט שפּעטער ווי סוף 1945.

5. די אָרגאַניזאַציעס פאַרפליכטן זיך אָנצופירן אַ קאַמפּאַניע צווישן די טשענסטאָכאָווער, וועלכע זיינען נאָך ניש טפאַרטרעטן אין בוך מיט זייערע ביישטייערונגען, ביאָגראַפיעס, פאָטאָגראַפיעס פון זייערע קינדער אין דער אַרמיי און די נאָענטע פאַרשטאָרבענע אין דער אָנדענק־אָפּטיילונג, אַז זיי זאָלן דאָס וואָס גיכער דערפילן.

6. צום דערשיינען פון בוך זאָלן אין יעדער שטאָט איינגעאָרדנט ווערן ספּעציעלע יום־טובים דורך די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס, מיט דער הילף פון דעם גע שאַפענעם עקזעקוטיוו, פאַר אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, מיטן צוועק צו פאַרקויפן דאָס בוך, וואָס זאָל אַריינברענגען גרעסערע סומען פון יחידים פאַרן אויפבוי־פאָנד.

7. אַלע סומעס, וואָס די אָרגאַניזאַציעס וועלן אַריינבאַקומען פון פאַרקויף פון בוך, בלייבן אין די קאַסעס פון דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע. זעלבסטפאַרשטענדלעך נאָכן אַראָפּרעכענען די פאַקטישע קאָסטן פון בוך און דער אונטערנעמונג.

8. יעדע שטאָט שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע און נעמט אויף זיך די פאַרפליכטונג צו פאַרקויפן מינימום אַזוי פיל ביכער, וויפל עס באַטרעפט אַ העלפט פון דער צאָל לאַנדסלייט אין דער שטאָט.

די רעזאָלוציעס פון א. כראַבאַלאָווסקי וועגן דער נייטיקייט פון אַ פאַרבינדונג צווישן די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין אַלע וועלט־טיילן און פון אַבע קויפמאַן וועגן נר תמיד זיינען, צוליב מאַנגל אין צייט, נישט באַהאַנדלט געוואָרן. זיי ווערן בייגעלייגט צום פּראָטאָקאָל פון דער קאָנפערענץ. עס איז אויך נישט באַטראַכט געוואָרן די רעזאָלוציעס פון פריינד טאַנסקי וועגן רעכט פאַר די לעבן־געבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו.

אַלס סעקרעטאַר אָנצופירן מיט דער אַרבעט פון דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע ביז עס וועט געשאַפן ווערן אַ לאַנד־עקזעקוטיוו ווערט געוויילט פריינד ר. פעדערמאַן, וועלכער דאַרף פירן די אַרבעט אין הסכם מיטן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" אין ניו־יאָרק.

נאָך דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ נאַכטמאָל און געזעגענונג־אָוונט פאַר די דעלעגאַטן. אַ גרויסער עולם פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָט זיך באַטייליקט. דעם פאָרזיץ אויפן אָוונט האָט געפירט דער פּרעזידענט אברהם יעקב סענזער. די זינגערין סטעלאַ גלאַזער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ גאַנצער ריי יידישע און העברעאישע לידער, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די אָנוועזנדע.

אויפן אָפּעל פון פריינד יעקב בער סילווער האָבן זיך די פאַרזאַמלטע וואַרעם אָפּגערופן און עס איז איינגעפלאָסן די סומע פון איבער פיר טויזנט דאָלאַר.



די צייטווייליקע צענטראַלע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין הסכם מיטן באַשלוס פון דער קאָנפערענץ, איז באַשטאַנען פון פאָרזיצער, פריינד אברהם יעקב סענזער און סעקרעטאַר — ר. פעדערמאַן.

מיטן ערשטן צירקולאַר פון דער צענטראַלע זיינען צעשיקט געוואָרן קאָפּיעס פון די אָנגענומענע באַשלוסן צו אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געבעטן געוואָרן זיי באַלד צו באַשטעטיקן און באַשטימען באַפולמעכטיקטע צום עקזעקוטיוו.

אין צווייטן צירקולאַר ווערט באַריכטעט וועגן דער פאַרבינדונג מיטן יידישן קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו און וועגן דער נייטיקייט באַלד צו שיקן הילף פאַר די לעבן־געבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו.

אין דריטן צירקולאַר מאַכט די צייטווייליקע צענ־טראַלע באַקאַנט איר באַשלוס צו רופן די ערשטע זיצונג פון צענטראַלן עקזעקוטיוו קיין דעטראָיט.

די פּלענאַרע זיצונג פון צענטראַלן עקזעקוטיוו פון די טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיינען אין אַמעריקע און קאַנאַדע איז פאָרגעקומען דעם 24טן און 25טן נאָוועמבער 1945 אין דעטראָיט, אין זאַל פון יידישן קולטור־צענטער. די דעלעגאַטן און געסט און זיי געדאַנקט פאַרן גרויסן כבוד, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דער טשענסטאָכאָ־ווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דעטראָיט דערמיט, וואָס אין זייער שטאָט קומט פאָר די ערשטע זיצונג פון צענטראַלן קאָמיטעט צו העלפן די לעבן־געבליבענע ברידער אין טשענסטאָכאָוו.



קאָנפערענץ פון דער צענטראַלער עקזעקוטיווע פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן,
אין אַמעריקע און קאַנאַדע, אין דעטראָיט

דער סדר־היום איז געווען: 1)פּראָטאָקאָל פון דער קאָנפערענץ; 2) באַריכט פון סעקרעטאַריאַט און ניו־יאָרקער רעליף; 3) באַריכטן פון שיקאַגע, דע־טראָיט, טאָראָנטאָ און לאָס אַנדזשעלעס; 4) הילף פאַר טשענסטאָכאָוו; 5) הילף פאַר טשענסטאָכאָווער אין פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע לענדער; 6) קאַמפּאַניע צום דערשיינען פונעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן“; 7) פאַרשלאָגן און ווייטערדיקע דירעקטיוון.

אָנטייל גענומען האָבן באַפולמעכטיקע פון דריי שטעט: ניו־יאָרק—אברהם יעקב סענזער, ר. פעדערמאַן, סילווער, קעפּ און פרוי, לענטשנער און פרוי, פרייערמויער און פרוי, געלבער און פרוי. שיקאַגע — פּאַרטרעטער פרוי פראַדעל; געסט: לעסער און ווילינגער. דעטראָיט: די פריינד איזידאָר גליקסמאַן, רעכטמאַן, בירנהאָלץ און אַ גרויסע צאָל געסט.

די זיצונג איז געעפנט געוואָרן פון פריינד אברהם יעקב סענזער, וועלכער האָט פאַרבעטן אַלס סעקרעטאַר דעם פריינד ווינטער. פריינד גליקסמאַן האָט באַגריסט דער פאָרזיצער, פריינד סענזער, באַגריסט די דעלע־גאַטן און געסט. ער שטעלט פעסט, אַז די טשענסטאָ־כאָווער הילף־פאַראיינען אין אַמעריקע און קאַנאַדע זיי־נען געווען די ערשטע צו פאַראייניקן זיך אין אַ צענ־טראַלע, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די הילף־אַרבעט. די נאַ־ציאָנאַלע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס, ווי דער „דזשאָינט“, „אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון די פּוילישע יידן“, „אָרט“ און דער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט“ אָנערקענען די גרויסע וויכטיקייט פון אונדזער פּיאָנערי־שער אַרבעט.

רפאל פעדערמאַן לייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער היסטאָרישער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, וואָס ווערט אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס און אויפמערקזאַמ־קייט.

באַריכטן פון די שטעט גיבן אָפּ: פריינד סענזער

— פון ניו־יאָרק; פריינד פעדערמאַן — פון דער צײַט־ווייליקער צענטראַלע; פריינד סילווער באַריכט אויך וועגן די אָפּמאַכן מיטן „דזשאָינט" איבערצושיקן קיין טשענסטאָכאָוו פאַר 2000 דאָלאַר קליידונג און עסנוואַרג און מיט „אָזע" איבערצושיקן פאַר טויזנט דאָלאַר מעדיקאַמענטן. פריינד פאַקס לייענט פאַר די שריפטלעכע אָפּמאַכן מיט די אויבן דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס. זיי ווערן דורך דער קאָנפערענץ באַשטעטיקט און געלויבט אַלס גוטע אַרבעט.

פריינד גליקסמאַן לייענט פאַר די טעלעגראַמע פון אינדיפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגע.

עס ווערן גענומען פאָטאָגראַפיעס פון דער זיצונג.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט פאַר די מיטגלידער פון צענטראַלן עקזעקוטיוו און אַ גרויסע צאָל פריינד פון דעטראָיט.

די צווייטע זיצונג איז פאָרגעקומען זונטיק דעם 25טן נאָוועמבער.

פריינד רעכטמאַן עפנט די זיצונג און גיט איבער דער פאָרזיץ דעם פריינד אברהם יעקב סענזער.

עס ווערט פאָרגעלייענט אַ מעלדונג פון די פריינד אין לאָס אַנדזשעלעס, אַז זיי באַדויערן, וואָס זיי זיינען נישט אימשטאַנד צו שיקן אַ דעלעגאַט צו דער זיצונג. זיי באַגריסן דעם מיטינג און פאַרפליכטן זיך אויסצופירן זיינע באַשלוסן.

פריינד איזידאָר גליקסמאַן, אין נאָמען פון דעטראָיטער, איז מסכים, אַז די צענטראַלע זאָל זיך געפינען אין ניו־יאָרק. ער באַריכט אויך, אַז דער הילף־פאַראיין אין דעטראָיט פאַרמאָגט איצט 500 דאָלאַר.

פריינד פעדערמאַן רעדט וועגן דער צאָל לעבן־געבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָוו, וועגן דער פאַרבינדונג פון דער צענטראַלע מיטן יידישן ראַיאָן־קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו און מיטן הילף־קאָמיטעט פון דער רעליגיעזער געמיינדע און פאָדערט אויף די פאַרטרעטער פון די הילף־אָרגאַניזאַציעס צו פירן די הילף־אַרבעט איינהייטלעך און צו ווירקן אויפן טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין טאָראָנטאָ זיך אַנצושליסן אין דער צענטראַלע.

פרוי פראַדעל פון טשענסטאָכאָווער ליידיס עיד סאָסייעטי אין שיקאַגע, פאַרזיכערט וועגן דער אונטערשטיצונג פון פאַראיין, וואָס זי פאַרטרעט.

לויטן פאָרשלאָג פון פריינד גליקסמאַן ווערט באַשלאָסן צו אַסיגנירן 500 דאָלאַר אַלס הילף פאַר די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פּאַריז.

נאָך דעם ווי פריינד סילווער גיט אָפּ אַ באַריכט וועגן דער נאָענטער דערשיינונג פון דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" און פריינד סענזער רעדט וועגן דער וויכטיקייט די אָרגאַניזאַציעס זאָלן באַשטימען די צאָל ביכער, וואָס זיי פאַרלאַנגען — ווערט געוויילט דער צענטראַלער עקזעקוטיוו, מיט פ' אַברהם יעקב סענזער אַלס פּרעזידענט, פריינד ר. פעדערמאַן אַלס סעקרעטאַר און צו איין פאַרשטייער פון יעדער שטאָט, וואו עס געפינען זיך טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס.

עס ווערט נאָך אויסגעהערט די באַגריסונג צו דער זיצונג פון טאָראָנטער לאַנדסלייט און די ערשטע זיצונג פון צענטראַלן עקזעקוטיוו פון טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס און הילף־פאַראיינען אין אַמעריקע ווערט געשלאָסן.

---

## בייגעלייגטע דעקלאַראַציע צום פּראָטאָקאָל

מיר טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, פאַרזאַמלט זונטיק, דעם 24טן יוני 1945, י״ג טבת, תש״ה, אין בעטהאָווען־האָל, ניו־יאָרק, גיבן אָפּ אַ הייליקע שבועה:

קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן דעם חורבן און אויסראָטונג פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אונדזער אַלטער היימשטאָט, די פאַרטיליקונג פון צענדליקער טויזנט לעבנס פון עטלעכע דורות מיטאַמאָל, און אייביק געדענקען די טויזנטער מאַרטירער און קדושים, וואָס די דייטשישע בלוטיקע רוצחים האָבן אומגעבראַכט.

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, נישט מוחל זיין און נישט אויפהערן צו פאָדערן נקמה אָן די דייטשישע מערדער פאַר זייערע אומדערהערטע רציחות, גרענעצלאָזע אכזריותן, אויסראָטונג פון יידן פון גאַנצע שטעט — פון אַ גאַנץ פאָלק, אויף אייביק פאַרשילטן די באַשאַפער און אויספירער פון טרעבלינקע, מאַידאַנעק, אָשוויענטשים און אַנדערע פאַרפייניקונגס־לאַגערן און די „געטאָס" און פאַרשילטן די ערד, וואָס האָט זי געבוירן.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן די גלייכגילטיקייט און דאָס שווייגן און פאַרשווייגן פון דער גאַנצער אַזוי גערופענער ציוויליזירטער וועלט, וואָס איז געבליבן טויב צו די פאַרצווייפלטע הילף־געשרייען און רעטונג־רופן, וואָס האָבן אין משך פון יאָרן זיך געטראָגן פון די געטאָס און מאָרד־לאַגערן, וואו אונדזערע ברידער און שוועסטער מיט זייערע משפחות זיינען מאַסנווייז אומגעקומען.

אין דעם טאָג פון גרעסטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזערע מאַרטירער און קדושים אין אונדזער היימשטאָט, טשענסטאָכאָוו, וועלן מיר צוזאַמען מיט אַלע טשענסטאָכאָווער פון אַלע עקן וועלט, אָפּהיטן אַלס יאָרלעכן טרויער און יזכור־טאָג.

מיר וועלן אויפשטעלן אין טשענסטאָכאָוו, אַלס אַן אייביקן דענקמאָל — אַ נ ר ת מ י ד פאַר די נשמות פון די קדושים פון די באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע ברידער־קברים.

מיט געבויגענע קעפּ און טיפן טרויער און פּיין שטייען מיר ביי די קברים פון אונדזערע קדושים און שווערן אַ הייליקע שבועה, קיינמאָל נישט מיד ווערן, נישט אַראָפּצולאָזן אין פאַרצווייפלונג די הענט, נאָר ווייטער מיט אַלע אונדזערע כוחות צו העלפן די לעבן־געבליבענע, אויפריכטן זייער לעבן און ווייטער ציען די רינג אין דער גאָלדענער קייט פון קיום פון אונדזער אייביקן יידישן פאָלק.




# אַמאָל איז געווען אַ שטעטל זאַלאָשין

דאָס שטעטל זאלאָשין, נעבן טשענסטאָכאָוו, ליגט אין טאָל, ארומגערינגלט מיט וועלדער און הויכע, גרינע בערג. א קלאָרער טייך פליסט פארביי דער שטאָט און איז צעטיילט אין צווייען. איין טייל הייסט דער הוי־פישער טייך. דאָרט פלעגן זיך זומער באָדן די פרויען. אין צווייטן טייל — ביי דער בריק — פלעגן זיך באָדן די מענער. דער טייך איז אריינגעפלאָסן אין דער „ווארטא", וואָס פליסט פארביי טשענסטאָכאָוו. דער צענ־טער פון שטאָט באַשטייט פון אַ גרויסן פירעקיקן מאַרק מיט אַ סך זייטיקע געסלעך אַרום. אין יעדן ווינקל פון מאַרק געפינט זיך אַ ברונעם און פון די פיר ברונעמס האָט דאָס שטעטל גענומען וואַסער.

אין מיטן מארק שטייט דאָס הויז פון די פייערלע־שער און בעת א שרפה קלינגט דער גלאָק אויפן הויכן הילצערנעם טורעם. דאָס קלינגען פון גלאָק האָט יעדעס מאָל ארויסגערופן א פאניק אין שטעטל.

בעת א שרפה פלעגט מען כאפן די פערד פון די אָנגעקומענע פויערים אָדער אָרטיקע באלעבאטים און זיי איינשפאנען אין די פייערלעשער־מכשירים.

דאָס הויז פון די פייערלעשער האָט אויך געהאט א זאל, וואו עס זיינען פאָרגעקומען טעאטער־פאָרשטעלונ־גען און טאנץ־אָוונטן. פאר א פאָרשטעלונג, אָדער טאנץ־אָוונט פלעגט מען די פייערלעשער־מכשירים ארויספירן פון זאל.

טעאטער־פאָרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען פוי־לישע און אויך יידישע, על פי רוב פון צוגעפאָרענע אַק־טיאָרן־טרופעס. די געביידע פון די פייערלעשער האָט מען גערופן די „וואָג". די באַדייטונג פון דעם נאָמען האָט קיינער נישט געוואוסט.

אַ גרויסער קאָשטשאָל אַרומגערינגלט מיט אַ בלו־מען־פאַרק, איז געווען די צירונג פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער גרעסטער שטאָלץ פון די יידן אין זאַלאָשין איז געווען די שול. מען פלעגט זיך באַרימען, אַז דאָס איז איינע פון די שענסטע שולן אין פוילן. פאַראַן אַ טראַדיציע, אַז די דאָזיקע שול איז אויפגעבויט געוואָרן אין 18טן י"ה דורך דעם זעלבן יידישן מייסטער־אַרכי־טעקט, וואָס האָט אויפגעשטעלט די פרעכטיקע שול אין פזשעדבאָזש, און אַ סברה, אויך אין פינטשעוו. דער חזן פון דער שול, וועלכן מען האָט גערופן „דער ליטוואק", האָט געדאַוונט מיט אַ כאָר משוררים. אַז עס פלעגט קומען אַ גאַסט אין שטעטל, האָט מען אים געפירט ווייזן די שול. ווען דער אָרון קדוש האָט זיך געעפנט, פלעגן פייגל, מיט וועלכע ער איז געווען באַצירט, אַרויס־געבן מוזיקאַלישע טענער. די ווענט זיינען געווען באַ־מאָלט מיט אייל־בילדער. מען פלעגט דערציילן, אַז נאָר צוויי אַזעלכע שולן געפינען זיך אין פוילן, אויפגעבויט דורך אַ דייטשישן מייסטער.

### יידישע פרנסות

אַ גרויסער טייל יידן האָט געהאַט קרעמלעך מיט פאַרשיידענע סחורות. נישט קלענער איז געווען די צאָל בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער, טישלער, בלעכער, היטלמאַכער און אַנדערע. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט שוואַרצן סחורות פון דייטש־לאַנד. צווישן זיי זיינען אויך געווען פרויען. ווען אַ

פרוי פלעגט אַמאָל פאַרמשפּט ווערן צו עטלעכע חדשים תּפיסה, האָט אַ שוועסטער אָדער אַ קרובה אַ סך מאָל געגענטיקט מיט איר צוזאַמען, עס זאָל איר זיין היימ־לעכער.

זאַלאָשין האָט אויך פאַרמאָגט אַ וואַסערמיל און אַ טאַרטאַק, וואָס האָט געהערט צו אַ קריסטלעכער משפּחה פון דריי פערזאָן: דעם אַלטן בחור פידלאַווסקי, מיט זיינע צוויי שוועסטער. צום אָנהייב האָט ער געהאַנדלט מיט יידן. ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פאַר־שטאַרקט, האָט ער פון זיין מילך אַליין אויסגעאַרבעט פוטער און עס פאַרקויפט אין די גרעסערע שטעט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער מיט דער הילף פון זיין מיל איינגעפירט עלעקטרישע באַלייכטונג פאַר דער שטאָט און איז געוואָרן דער האַר פון ליכט און פינצטער־ניש. ער האָט געגעבן ליכט, ווען די זון האָט זיך גוזעצט און עס פאַרלאָשן שפּעט אין דער נאַכט. ווען עס איז געווען אַ שמחה אין שטעטל, האָט מען באַצאָלט פאַר אַ גאַנצער נאַכט ליכט און די גאַנצע שטאָט האָט געמוזט שלאָפן ביי עלעקטרישער ליכט.

אין זאַלאָשין זיינען אויך געווען:

איייניקע וועבער־ווערקשטעלן, וואו עס איז אויסגע־אַרבעט געוואָרן וואָלענע טיכער. די וויכטיקסטע פון זיי האָבן געהערט צו משה זלמן רוסאַק, הערשל וועבער, יהודה לייבוש גנאַסלאַוו. יעדער וועבער־וואַרשטאָט איז באַ־שטאַנען פון צוויי־דריי וועבער־שטולן און באַשעפטיקט עטלעכע אַרבעטער.

צוויי זאַקן־פאַבריקלעך, מיט האַנט־מאַשינעס, וואָס האָבן באַשעפטיקט יידישע מיידלעך, האָבן געהערט צו דער פאַמיליע רוסאַק, צו שלמה שטעמפּלס און זעליקאָ־וויטש.

אין די צוויי שטרוי־היט־פאַבריקן פון אַלקע באָרנ־שטיין און הערשל קוטלאַק, האָבן געאַרבעט בערך צו צען מיידלעך אין אַ פאַבריק.

אין די צוויי יידישע גאַרבערייען זיינען געווען באַ־שעפטיקט צענדליקער אַרבעטער, יידישע און פוילישע.

די אויסגעאַרבעטע סחורות זיינען מיט פורן געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט.

יעדע צוויי וואָכן איז אין זאַלאָשין פאַרגעקומען אַ יאַריד. פּויערים פון די דערפער און יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן מיט זייערע פּראָ־דוקטן און סחורות.



זאַלאָשינער פאַרלעך האָבן ליב געהאַט צו שפּאַצירן אין היימישן גאָרטן, וואָס מען האָט, צוליב די ליפּאָווע ביימער, גערופן „ליפּקעס". דער גאָרטן האָט געהערט צו טוביה יאַקובאָוויטש, דעם חסיד. שבת נאָכן שלאָף האָט אָבער ר' טוביה דאָ געמאַכט זיין שפּאַציר און דאָס יונגוואַרג האָט זיך איבערגעטראָגן אויפן „טשענסטאָכאָ־ווער וועג" ביים בריק.

דער שפּאַציר פון די יונגע פאַרלעך איז אָפט פאַר־שטערט געוואָרן דורך דער חברה „שומרי שבת", וואָס האָט נישט געלאָזט שפּאַצירן מיידלעך מיט בחורים צו־זאַמען, כדי צו פאַרהיטן די שטאָט פון קראַנקהייטן . . .

פון קראַנקהייטן האָבן אויך באַשיצט זאַלאָשין די צוויי פעלדשערס, יהודה הערש און איטשע מאיר, וועלכע האָבן אויך געדינט אַלס דאָקטוירים און דענטיסטן. זייע־רע ווייבער זיינען געווען היובנס, אָפּגענומען די קינדער ביי די קינפּעטאָרינס.



די מלמדים אין זאַלאָשין זיינען געווען: דער לאָמער לייב, משה פ . ., מענדל טרענע און מאָטל ש . . .

זאַלמע דידיע האָט געלערנט מיט די קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן לייענען און שרייבן יידיש, פויליש, רוסיש און דייטש.

צו פופצן־זעכצן יאָר האָט די יוגנט שוין פאַרלאָזט דאָס שטעטל. לרוב איז מען געפאָרן קיין לאָדזש אָדער טשענסטאָכאָוו. דערנאָך, ווען מען האָט געדאַרפט גיין דינען „פאַניען" — איז מען אַוועק קיין אַמעריקע.

חיים שיליט איז געווען דער „אוטשאַני יעוורעי". ער האָט איינגעמאָלדן די געבוירענע קינדער, האָט גע־שריבן פּראָשעניעס און ווען נייטיק צו פאַרטיידיקן אַ יידן — איז ער אויך געווען אַן אַדוואָקאַט.



נחמן בלאָדער איז געווען דער אָרעמאַן פון שטעטל, האָט פאַרמאָגט אַ טוץ קינדער, וואָס האָבן אים געהאָלפן אין דער פּרנסה. ווייל וואָס מער קינדער — אַלץ מער רחמנות און מער נדבות. די בריתן ביי אים זיינען גע־ווען אויפן חשבון פון דער שטאָט. ביים לעצטן ברית האָט אויסגעפעלט אַ נאָמען פאַרן קינד. דער רב האָט דעמאָלט גוזאָגט, אַז ער האָט שוין גענוג פאַרשיידענע אָרעמעלייט, אָבער אַז אַן אָרעמאַן זאָל נישט פאַרמאָגן קיין נאָמען — טרעפט זיך אים צום ערשטן מאָל.

זאַלאָשין האָט געהאַט עטלעכע צדקה־חברות, ווי: „הכנסת אורחים, הכנסת כלה, גמילות חסדים און ביקור־חולים."

דער הקדש איז געווען נעבן בית־עולם. אורחים פון דער פּרעמד זיינען געגאַנגען איבערן שטעטל קלייבן נדבות. שטאָטישע יידן האָבן אַהיימגענומען אַן אורח אויף שבת.

ווען די „הכנסת כלה" האָט חתונה געמאַכט בינע־לע הויקער פון זאַלאָשין מיט זעליק דעם וואַסערטרעגער פון פאַנטשנע — איז אין שטעטל געווען פריילעך. די חתונה איז פאַרגעקומען אין הויז פון גבאי משה זלמן רוסאַק, און אַלע יידן פון שטעטל זיינען געווען מחותנים. חתן־כלה האָט מען געפירט צו דער חופּה אין שולהויף, ווי אויף אַלע חתונות אין שטעטל. הויז־מכשירים פאַרן

פארל איז געפאלן פון דרשה־געשאנק, וואס אלע יידן פון שטעטל האבן געגעבן.

דער הויפט־וואסערטרעגער איז געווען איציק גולם. איינמאל אין א ווינטער האט ער זיך אויסגעגליטשט און איז אנידערגעפאלן. אן עולם יידן האבן אים אפגעראטעוועט. זיינע ערשטע ווערטער זיינען געווען: גוואלד, יידן, זעט נאר צי כ׳לעב!



קיין געשלעגן צווישן יידן און קריסטן זיינען נישט פארגעקומען. יידן האט מען נאר געזידלט מיטן ווארט „זשידזשע". יום־כיפור צו כל נדרי זיינען די אינטעליגענטע קריסטן, ווי דער רעיענט, דער סענדזשע, דער סאלטיס, דער שרייבער פון קאנצעלאריע געקומען אין שול אריין.

עס האט געטראפן, אז דעם יידישן סענדזשעס טאכטער איז געקומען צופארן פון וועלוין מיט א חתן — א רוסישן זעלנער. דאס שטעטל האט זיך דערפון דערוואוסט, איז אוועק צום טאטנס הויז און באגאסן דעם טאכטערס קאפ מיט סמאלע. דער חתן האט געמאכט ויברח, די כלה האט זיך געמוזט אפגאלן די האר פון קאפ און איז געבליבן א יידישע טאכטער.

א ייד אין שטעטל האט געהאט א קארוזעלע.

ווען רעקרוטן פארן גיין צום לאס האבן זיך געלאזט וואוילגיין, האבן זיי ביינאכט צענומען די פערדלעך פון דער קארוזעלע און זיי צעטראגן איבער דער גאנצער שטאט. אויף יעדן הויז איז געשטאנען א פערדל. דער ייד האט געהאט גענוג ארבעט צוזאמענצונעמען די פערדלעך און אויפריכטן זיין פרנסה.

מיט א 40 יאר צוריק האט זאלאשין געליטן פון א געוויטער.

נאך א שטארקן ווינטער, ווען דאס שניי אויף די בערגלעך ארום איז צוגאנגען, האבן וואסערן פארפלייצט דאס שטעטל און פארוואנדלט גאנץ זאלאשין אין א ריזיקן טייך, וואו עס זיינען ארומגעשוואומען פארשיידענע מכשירים, בהמות און אפילו מענטשן.

מען האט זיך געמוזט שיפלען, כדי צוריקצוקומען פון איין עק שטאט צום צווייטן.

די שטאט איז דעמאלט שטארק פארארעמט געווארן, ווייל א פאר וואכן צייט האט מען נישט געקענט ארבעטן און נישט פירן קיין מסחר.

אבער דאס יידישע זאלאשין האט ווייטער געלעבט, געארבעט, געהאנדלט און זיך פארמערט. ביז דער בלוטיקער מבול פון נאציש־דייטשישע רציחות האט עס, ווי הונדערטער אנדערע שטעטלעך, אפגעווישט פון דער ערד.

געבליבן איז מער נישט ווי א זכר: אמאל איז געווען א שטעטל זאלאשין.

---

# ערשטע זאלאשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו־יארק

די גרינדונג פון דער זאלאשינער לאנדסמאנשאפט־ארגאניזאציע איז פארגעקומען דעם 9טן יאנואר 1897. דעמאלט זיינען זיך צונויפגעקומען אייניקע זאלאשינער לאנדסלייט אין ניו־יארק, צווישן וועלכע עס זיינען געווען: הלל אהרן, קופער לייב, ליבאוויטש מענדל, ליוויי חיים, מיטשעל יעקב, פעלטע מענדל, ראט משה, סטאווסקי משה מיכאל, סינעט זלמן און משה שיליט. זיי זיינען עס געווען די איניציאטארן און גרינדער פון דער סאסייעטי.

אין 1910 איז דערשינען אין א ביכל־פארם די „קאנסטיטוציאן דער ערשטע זאלאשינער חברה אנשי בני אחים" אין דער יידישער שפראך. די דאזיקע קאנסטיטוציע פון דער סאסייעטי איז איינשטימיק אנגענומען געווארן אויף א מיטינג דעם 24טן אפריל 1909.

דער נאמען פון דער סאייעטי איז פעסטגעשטעלט געווארן, אזוי ווי מען רופט דאס שטעטל אויף יידיש, זאלאשין, הגם אין פויליש איז דער נאמען פון דעם שטעטל דזיאלאשין.

די קאנסטיטוציע איז צונויפגעשטעלט געווארן פון „געזעצקאמיטעט", וואס איז באשטאנען פון פאלגנדיקע פערזאנען, וואס ווערן אנגעגעבן אין ביכל גופא: הערמאן קאהן, טשערמאן; משה סטאווסקי, הערמאן שיליט, מאריץ שיליט, דזשייקאב מיטשעל, לייב קופער, יואל שטיינהויז, לייב לעפקאוויטש, יהודה הערש פייערטאג, משה געלבארט און שמשון יעקב הורוויץ.

לויט דער אריגינעלער קאנסטיטוציע ווערט די סאסייעטי אנגערופן „חברה" און איר צוועק איז „קעגנזייטיקע אונטערשטיצונג אין נויט, קראנקהייט אונד שטערבענפעללע".

אין די ווייטערדיקע פאראגראפן פון דער קאנסטיטוציע ווערט געזאגט: „ווען דורך פערשיעדענע אורזאכן פיעלע מיטגלידער זעלבסט ארויסטרעטען אדער פון דער חברה אויסגעשלאסען ווערדען זאלען, זא זאל דיא חברה דאך דעם נאמען טראגען אונד מיט דעם פערמעגענס וועלכעס דיא חברה צו דיא זעלבע צייט בעזיצט, ווען נאר 7 גוטשטעהענדע מיטגלידער פערבליבען זינד".

„ווען איין אַנדערע געזעלשאַפט אַן אונזער חברה זיך אַנשליסען וויל, זאָ קאָן דיאַזעלבע נאָר אונטער דעם נאָמען אונד געזעצע אין אונזער חברה אויפגענומען ווערדען“.

„די שפּראַכע ביי דיא פאַרזאַמלונג, מיטינג, פּראָטאָקאָלען, בוך־פיהרונג, נאָטיסעס א. ז. וו. זאָל נאָר אַלס אין דער יודישער שפּראַכע געפירט ווערדען“.

פון יעדען מיטגליד, וואָס וויל געהערען צו דער חברה, ווערט פאַרלאַנגט צווישען אַנדערע:

„מוס וועניגסטענס איין יאָר אין לאַנדע זיין“, „מאָראַליש געזאָנען“, „קערפּערליך און גייסטיג געזונד“, „מוז דען דת ישראל האַלטען“. „ווען דערזעלבער פאַרהייראַטה איזט, מוס ער מיט איין בת ישראל געטרערט זיין ע״י חופּה וקדושין כדת משה וישראל; אונד מוס זיינע זעהנע בעשניידען לאַסען“. „מוס פאָן דעם דאָקטאָר דער חברה איין שרייבען האָבען דאָס ער אונד זיין פרוי געזונד זינד, אונד מוס אימשטאַנדע זיין זיינע פאַמיליע צו ערנעהרען“.

די הכנסות פון דער חברה זיינען:

„פאַרשלאַגס־געלדער“, „איינפיהר־געלדער“, „רעגעלמעסיגע בייטראַגע“, „שטראַפע געלדער“, „נדרים ונדבות“, „שוהל־טיקעטס“, „פיר גאַטעס אַקער“ (סעמעטערי) „אונד ז. וו.“.

„יעדער נייער קאַנדידאַט מוס 5 דאָל. אויף גאָטעס־אַקער איינצאַהלען“.

די פאַרוואַלטונג פון דער חברה באַשטייט פון: „פּרעזידענט“, „וויס פּרעזידענט“, „פּראָטאָקאָל און פינאַנס־סעקרעטערע“, „קעשיר“ און "3 טראַסטיעס". „דיא זעלבע מוסען וועניגסטענס זייערע נאָמען אונטערשרייבען קאָנען“. „יעדער בעאַמטער מוס בעפאָר אינסטאַלירט ווירט, אַללע זיינע שולדען אין די חברה בעצאַהלען, זאָנסט, קען קיין בעאַמטער ניכט אינסטאַלירט ווערדען“. אין 13 פאַראַגראַפען ווערן גענוי באַשטימט די פליכטן און טעטיקייט פון די באַאַמטע.

אָט איז דער נוסח פון אַ טייל פון די דאָזיקע פאַראַגראַפען:

„יעדעס מיטגליעד איז פאַרפליכטעט אירע בייטראַגע, נדרים אונד אַנדערע אויפלאַגען אַן דיא חברה צו בעצאַהלען“. „ביי אַלע גענעראַל אונד ספּעציאַל פערזאַמלונגען דורכאויס אַנוועזענד צו זיין, ביי לייכען בעגעגעניסע איינעס פאַרשטאָרבענעם ברודער אָדער זיינער פרוי, ר״ל, אויף באַרופונג פאָן סעקרעטאַר צום הויזע וואו די באַטרעפענדע לייכע זיך בעפינדעט צו איבערגעבען, אונד פאָן דאָרט דיא לייכע ביז איין באַשטימטעס פּלאַטץ צו בעגלייטען“. „ביי שטערבענפעלע איינעס מיטגליעד אָדער זיינער פרוי, ר״ל, אָדער ביי איין שבעה־זיצענדען ברודער וואו אַ מנין נעטהיג איזט, מוס דיא חברה איין מנין בעזאָרגען ביים אבל יעדען פריה־מאָרגען אונד אָווענד אַנוועזענד זיין זאָלען, אונד די קאָסטען זאָלען אַן אַלע ברידער גלייך צוטהיילט ווערדען“. ווען איין ברודער ר״ל זעהר ערקראַנקט איזט, דאָס דערזעלבער זיך אַן איין משמר בענעטהיגט, זאָ זאָל דער פינאַנס סעקרעטער נאָך דיא רייהע דיא ברידער יעדע נאַכט 2 ברידער שיקען“. די בעטרעפענדע ברידער מוסען זעלבסט פערטרעטען ביים קראַנקען נישט שפּעטער אַלס 10 אוהר אָווענד אונד דאַרפען דאָס הויז נישט פערלאָסען בעפאָר 6 אוהר מאָרגענס“. „ווען איין מעמבער אָדער זיינער פרוי ר״ל גוסס׳ט זאָ דאַרף דער גבאי דח״ק בעזאָרגען דאָס דיא בעלי מתעסקים זאָלען דאַביי זיין אונד לאַחר פּטירתו ביז דיא קבורה אַרום זיי פאַרבלייבען“. „ווען איין ברודער דיעזער חברה אָדער זיין פרוי ר״ל שטערבט אונד אויף אונזער סעמעטרי בעערדיגט ווערט, זאָ האָט דיא חברה צו בעזאָרגען, פיר אויסריכטונג, קרקע, 1 לייכען וואַגען אונד 2 קערידזשעס פיר פאַמיליע אונד בעמ״ת“. „ביי איינעם טאָטעספאַל איין ברודער זאָל אויף יעדען מיטגליעד איין טעקס פאָן 1 דאָלאַר געלעגט ווערען אונד דאָס געלד אַן דער וויטווע אָדער אַן דעם נעקסטען מיטגליעד דער פאַמיליע צו איבערגעבען“. „ביים שטערבענפעלע איינעס ברודער אָדער זיינער פרוי, אָדער קינדער, ווען דיא זעלבע אויף אונזער סעמעטרי בעערדיגט ווערדען, זאָל די חברה טראַכטען וועגען איין שטיין“.

די שבעה, קראַנקען־בענעפיטן און אונטערשטיצונגען פאַר די מיטגלידער און זייערע משפחות ווערן רעגולירט אין 14 פאַראַגראַפן.

די אויפגאַבעס און רעכט פון דער חברה קדישה, אָדער לוויה־קאָמיטעט זיינען פאָרמולירט אין 8 פאַראַגראַפן. פאַראַגראַף 7 לייענט זיך:

„ביי איין לייכען בעערדיגונג דאַרף ניעמאַנד צו באַפעהלען האָבען, אויסער דער גבאי דער ח״ק אונד דער פּרעזידענט“.

דער פאַראַגראַף 8 לייענט זיך:

„דער גבאי דער ח״ק אָדער אירגענד איין בעאַמטער דער חברה זאָל קיין רעכט האָבען צו פערקויפען, אָדער אַוועקשענקען קרקע צו איינעם דער אין אונזער חברה נישט אַנגעהערט אָהנע דיא צושטימונג אַללע ברידער“.

די חברה קדישה וויילט אין ז׳ אָדר „איין גבאי ראשון און גבאי שני“ און קאָנען האָבען אַן אייגענעם פאָנד. די איינקונפטן און אויסגאַבעס פון דער חברה קדישה ווערן רעגולירט מיט די פאַראַגראַפן 5 און 6. דער פאַראַגראַף באַשטימט:

„אַלע נאָטוועהנדיגע הוצאות דיא דער גבאי פון לייכען קאָמיטע אין דער חברה איינריכט, וויא צום ביישפּיעל, ביי איינע לייכע אָדער די קברים אונד גדר נאָכצוזעהן, זאָל פאָן דער חברה אויסבעצאָהלט ווערדען“.

פאַראַגראַף 6:

„דיא צדקה געלד ביי הלוית המת אויף דיא איינקונפטע פאָן די עליות אונד די נדרים שמיני עצרת אונד אחרון של פסח זאָל אין דער חברה קדישה אַנגעהערען. דיא חברה קדישה איזט אויך בערעכטיגט יעדעס יאָהר צו

5 דאָלאַר פאַן די חברה־קאַסע אויף איין סעודה אום ז׳ אדר צו ציהען״.

די אויפגאַבעס פון דעם גבאי פון דער חברה קדישה איז לויטן פּאַראַגראַף 3 :

„ביים אָפּלעבען ח״ו איינעס ברודער אָדער זיינער פרוי, מוס זיך דער גבאי מיט בעמס״ת נאָך דען טרויער־הויז איבערגעבען אונד נאָכצוזעהען אויב דיא טהרה אונד הלבשה נאָך דעם אָרטהאָדאָקסישען ריטוס געשעהען איזט״.

פּאַראַגראַף 4 לויטעט :

„ווען דער פערשטאָרבענער מענליכעס געשלעכט איזט, דאַרפען די בעמ״ת בעזאָרגען, ווען אָבער ווייבלעכעס געשלעכט איזט זאָ זאָלען דיא בעמ״ת בעזאָרגען 2 חברה קדישה פרויען אונד דיא טהרה אונד הלבשה זאָל אויף דער חברה׳ס רעכנונג בעזאָרגט ווערדען״.

ברידער פון דער חברה קאָנען באַשטראָפט ווערן לויט דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע פאַר נישט קומען צו אַ לויה, אָדער נישט אָפּהיטן קיין משמר מיט אַ געלט־שטראָף און פאַר נישט אָנשטענדיקן זיך אויפפירן, אָדער פאַר אַ קרימינעלן פאַרברעכן קענען זיי אין גאַנצן פון דער חברה אויסגעשלאָסן ווערן.

ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע קענען געמאַכט ווערן מיט אַ מערהייט פון צוויי דריטל שטימען און ווען די ענדערונגען ווערן באַהאַנדלט ביי צוויי מיטינגען.

בשעת די קאָנסטיטוציע פון דער חברה איז אָנגענומען געוואָרן זיינען געווען באַאַמטע :

עקס־פּרעזידענטן : זלמן סינאַט, משה פּינקוס און משה גראַנעק.

פּרעזידענט : משה מיכאל סטאַווסקי, וויצע־פּרעזידענט : יואל שטיינהויז, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר : הערש מאיר שעראדע, פינאַנץ־סעקרעטאַר : יצחק זעלקאָוויטש, קאַסירער : משה שאַליט, ערשטער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד (טראָסטי) ה. שיליט, צווייטער : לייב קופּער, דריטער : סעם סטאַווסקי.

עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז די מערסטע זאַלאָשינער לאַנדסלייט האָבן זיך גרופּירט אַרום דער „ערשטער זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו־יאָרק״. אין דער דאָזיקער חברה האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אַ גרויסע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. פון טאָג צו טאָג איז געוואָקסן די צאָל מיטגלידער און די חברה האָט טאַקע אויסגעפירט איר אויפגאַבע פון טראָגן הילף די נויטבאַדערפטיקע, און קודם כל די פריש אָנגעקומענע זאַלאָשינער אימיגראַנטן. די ציטירטע קאָנסטיטוציע איז אויסגעאַרבעט אַלס רעזולטאַט פון די טאָג־טעגלעכע נויטן פון די מיטגלידער. די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דער חברה איז שטאַרק געוואָקסן אין די יאָרן 1905—1907, ווען עס איז אָנגעקומען אַ גרויסער עולם אימיגראַנטן, און נאָך מער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די חברה געשטעלט געוואָרן פאַר נייע וויכטיקע אויפגאַבעס צו העלפן די פאַרבליבענע לאַנדסלייט און משפחות אין דער אַלטער היים, זאַלאָשין און עס איז געגרינדעט געוואָרן ביי דער חברה אַ זאלאשינער רעליף־קאָמיטעט, וועגן וועלכן מיר שרייבן באַזונדער.

אין יאָר 1932 איז דערשינען אין אַ בוך־פאָרם פון 112 זייטן אין דער יידישער און אויך שוין דער ענגלישער שפּראַך, דער נייער סטאַטוט פון דער חברה, צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דער צייט, אינטערן קעפּל, „קאָנסטיטוציע — ערשטער זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים״. דעם עמבלעם האָט פאָרגעשטעלט „שלום־עליכם־הענט״.

לויט ווי עס ווערט דערמאָנט אין אַרטיקל 11, פּאַראַגראַף 15, „איז די דאָזיקע ׳קאָנסטיטוציע׳ פאַרפערטיגט געוואָרען און 3 מאָל פאַר די ברידער פאָרגעלעזען געוואָרען, און אָנגענומען געוואָרען פון די באַאַמטע און די ברידער דעם 2טן אויגוסט 1931, אין ניו־יאָרק״. אין דער דאָזיקער „קאָנסטיטוציע״ זיינען אָנגעגעבן אַלע באַאַמטע און קאָמיטעטן, פון יענער צייט.

עקס־פּרעזידענטן : משה גראנעק, יהודה הירש פייערטאג, משה מיכל סטאַפּסקי, יודל סטאַפּסקי, חיים קאָהן, לייביש גראנעק, יואל שטיינהויז, עמנואל וואַרגאן, ניסן צימערמאַן, ווילי נאַכטיגאַל, סעם קאָלין.

באַאַמטע־ליסט :

ווילי נאַכטיגאַל, עקס־פּרעזידענט ; אברהם סענזער, פּרעזידענט; סידני קעססעל, וויים פּרעזידענט ; יעקב ברעזינסקי, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר : יעקב זאַקס, פינאַנץ־סעקרעטאַר ; ניסן צימערמאַן, קעשיר : אברהם סענזער, ערשטער טראָסטי, עמנואל וואַרגאַן, צווייטער טראָסטי ; הערי גאָלד, דריטער טראָסטי ; יהודה הירש פייערטאָג, טשערמאַן פון לאָון־פאָנד ; סעם קאָלין, קעשיר פון לאָון־פאָנד ; עמנואל ווארגאן, טשערמאַן פון אונט. פאָנד ; סעם וויען, דאָקטאָר ; אירווינג קליינמאַן, דאָקטאָר ; ניסן צימערמאַן, טשערמאַן פון דער סעמעטערי.

חברה קדישה :

משה מיכל סטאַפּסקי, ערשטער גבאי ; א. נאַכטיגאַל, צווייטער גבאי.

קאָנסטיטושאָן־קאָמיטע :

ניסן צימערמאַן, טשערמאַן ; משה גראנעק, סעקרעטאַר ; יהודה הירש פייערטאג, הערי פייערשטיין, עמנואל ווארגאן, יודל סטאַפּסקי, יעקב מיטשעל, ווילי נאַכטיגאַל, דזשאָ מאַרקאָוויטש, יעקב זאַקס, אברהם סענזער, יעקב ברעזינסקי, לייביש פעלטץ, זקן ראָזענטהאַל, פיליפּ לאַזאַראָוו, לייביש לעפקאָוויטש, משה גאָלד, סעם קעססעל, מאָריס לעססער, איזי עפּשטיין, הערי גאָלד, סעם קאָלין און יאָסקאָוויטש.

ווידער אַ מאָל באַוואָרנט זיך די חברה מיטן נאָמען פון איר היימשטאָט. דער אַרטיקל 1, פּאַראַגראַף 1 און 2 פון דער „קאָנסטיטוציע״ באַשטימט : „אַזוי לאַנג ווי

7 גוטשטעהענדע מעמבערס ווילען דעם נאָמען 'ערשטע זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים' אָנהאַלטען, קאָן דער נאָמען פון דער חברה ניט געענדערט ווערען". להיפך צו דער ערשטער „קאָנסטיטוציאָן", אין וועלכער עס איז אָנגעגעבן די יידישע שפּראַך אַלס די אייניצקע אָפיציעלע שפּראַך פון דער חברה, ווערט אין אַרטיקל 1 פּאַראַגראַף 4 פון דער נייער קאָנסטיטוציע ענגליש גלייכבאַרעכטיקט מיט יידיש: „אַלע פערהאַנדלונגען פון דער חברה, ווי אויך די ביכער, זאָלען אין דער אידישער אָדער ענגלי־שער שפּראַך געפיהרט ווערען". די „קאָנסטיטוציע" גופא איז שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ביידע שפּראַכן, אויף יידיש און ענגליש.

דער אַרטיקל 1, פּאַראַגראַף 5, פון דער „קאָנסטיטו־ציע" שטעלט פעסט: „די געזעץ פון די פּאַראייניגטע שטאַטען אָוו אַמעריקא, אַזוי ווי די געזעץ פון דער סטייט ניו־יאָרק, אויך די פאָרשריפטען פון דער אידישער רע־ליגיע, זאָלען די גרונט געזעץ דער חברה בילדען און זאָל לויט פּאַרלאַמענטאַרישע רולס געפיהרט ווערען".

הכלל, די מיטגלידערשאַפט פון דער חברה האָט זיך שוין געפילט איינגעבירגערט אין לאַנד, און די אַמערי־קאַנער געזעצן און די דעמאָקראַטישע מנהגים זיינען גע־וואָרן אַ טייל פון זייער געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין, דערביי איז אָבער דער רעליגיעזער יסוד פון דער חברה פאַרבליבן נישט באַרירט. די שייכותדיקע באַוואָרעניש אין דער אַלטער „קאָנסטיטוציאָן" ווערט איבערגעחזרט אין אַרטיקל 3, פּאַראַגראַף 2: „יעדער קאַנדידאַט מוז ווייניגסטענס 6 מאָנאַט אין לאַנד זיין און מוז אַ גוטען כאַראַקטער באַזיצען און מוז קערפּערליך געזונט זיין. ווען ער איז פערהייראַט מוז ער נאָך דעם אידישען דין פערהייראַט זיין, ער מוז זיינע זיהן בעשניידען לאָזען און אומשטאַנד זיין זיך און זיין פאַמיליע צו ערנעהרען. ווען איינער פערהייראַט איז און וויל אַריינקומען סינגעל, קאָן ער פאַר קיין פאַל אין אונזער חברה אַריינקומען. ווען אַ סינגעלמאַן באַלאַנגט צו דער חברה און הייראַט ניט נאָך דעם אידישען דין, זאָל ער געזעצלעך פון דער חברה גע־שטראָכען ווערען".

אין אַרטיקעל 7, פּאַראַגראַף 17, ווערט אויך באַ־שטימט, אַז „ווען אַ ברודער זיצט ניט שבעה די פולע וואָך איז ער צו קיין שבעה געלט ניט באַרעכטיגט".



ערשטע זאַלאָשינער חבֿרה אנשי בני אחים

זיצן, פון רעכטס צו לינקס: עמאַנועל וואַרגאַן, יהודה הירש פּייערטאָג, משה מייערס, ווילי נאַכטיגאַל, דזשאָו לעווין, היימי עפּשטיין, יעקב ברעזשינסקי, אַבֿרהם שיפער.

1-טע ריי, שטייען פון רעכטס צו לינקס: איטשע עפּשטיין, פיליפּ ווינקלער, אבֿרהם יעקבֿ סענזער, לייבל לעפקאָוויטש, בעני פעלטץ, דוד ראָזענשטיין.

2-טע ריי, פון רעכטס צו לינקס: הערי פייערשטיין, איצעק ראָזען, מאָריס סוועטלאָוו, טשאַרלי לענטשנער, דזשאו מאַרקאָוויטש.

אויך אַלע אַנדערע אַרטיקלען און פּאַראַגראַפן פון דער „קאָנסטיטוציע" האָבן נישט אַריינגעטראָגן קיין ממשותדיקע ענדערונגען אין דעם יסוד און כאַראַקטער פון דער חברה.

אין יאָר 1932 האָט די חברה געציילט 232 מיטגלי־דער (222 מענער און 10 פרויען), דאָס רוב מיטגלידער פון דער חברה זיינען זאַלאָשינער לאַנדסלייט און אַ צאָל פון די אַרומיקע שטעטלעך. צו דער חברה האָבן באַלאַנגט אַ היפּשע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

ביים היינטיקן טאָג ציילט די חברה 190 מיטגלידער (180 מענער און 10 פרויען). זי האָט 4 סעמעטעריס אין ווערט פון צוואַנציק טויזנט דאָלער. 13 מיטגלידער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער צווייטער מלחמה אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. די חברה האָט אויך געקויפט פאַר זיבן טויזנט דאָלער מלחמה־באָנדס. די בענעפיטן פון דער סאָסייעטי זיינען:

קראַנקן־בענעפיט, שבעה־, מניך־, עלטער־, הילף־ און הלוואה־בענעפיט. אין משך פון די לעצטע דריי און אַ האַלב יאָר — פון 1942 ביז 1945 — איז אויסגעצאָלט געוואָרן צו מיטגלידער קראַנקן־בענעפיט — 250 דאָלער, שבעה־בענעפיט — 200 דאָלער, הילף־בענעפיט — 175 דאָלער און 2,500 דאָלער.

די הכנסות אין דער זעלביקער צייט האָבן באַטראָפן בערך 14,000 דאָלער און די הוצאות — 12,000 דאָלער.

די חברה האָט געשטיצט די וויכטיגסטע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין זייערע קאַמפּאַניעס: יונייטעד דזשואיש אַפּיל, אַמעריקאַנער יידישער קאָנ־גרעס, ניו־יאָרקער און ברוקלינער פעדעראַציע, האיאַס, אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון די פּוילישע יידן, פּאַראיי־ניקטער כינוזישער רעליף, ראַשען וואָר רעליף, ניו־יאָרקער מלחמה־פאָנד, אַמעריקאַנער רויטער קרייץ, דעבאָראַה־סאַנאַטאָריום, סאַראַטאָגאַ ספּרינג האָום, נאַציאָנאַלע אַסאָסיאיישאָן פון יידישע בלינדע.

באַאַמטע פאַר 1945 זיינען געווען:

דזשאָו לעווין, עקס־פּרעזידענט; ווּמ. נאַכטינגאַל, פּרעזידענט; מאָריס מייערס, וויצע־פּרעזידענט; דזשאָו לעווין, טרעזשורער; היימאַן עפּשטיין, פינאַנץ־סעקרעטאַר; דזשייקאָב ברעזינסקי, רעקאָרדינג־סעק־רעטאַר.

טשערמען פון פאָנדס:

בענדזש. פעלטץ, ענדאומענט; טשאַרלי לענ־טשנער, אַלד איידזש; אברהם יעקב סענזער, סעמעטע־רי; דזשאָו מאַרקאָוויטש, לאָאַן; מאָריס סוועטלאָוו, קע־שיר פון לאָון; פיליפּ ווינקלער, אייד.

טשערמאַן פון סעמעטערי:

אברהם י. סענזער, 1030 ברייענט, עווענו בראָנקס, נ. י., טעלעפאָן: דעיטאָן 3־8098.

טראַסטיס: ל. לעפקאָוויטש, י. עפּשטיין, ד. ראָ־זענשטיין.

אין אַ יאָר אַרום, ווען די שורות וועלן זיין געדרוקט אין דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", וועט די „ער־שטע זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים" פייערן איר 50־יאָריקן יובל. דאָס אַליין זאָגט עדות וועגן דעם חלק פון דער דאָזיקער חברה אין דער געשיכטע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע.

## די הילף־אַרבעט פאַר דער אַלטער היים־שטאָט זאַלאָשין

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער חברה פאַרנעמט איר הילף־טעטיקייט פאַר דער אַלטער היימשטאָט זאַלאָשין (דזיאַלאָשין).

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1919, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו פון קרובים און פריינד פון דער אַלטער היים זאַלאָשין און פון לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געוואוינט אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: קעלצעגלאָוו, קרזשעפּיץ, טרוסקאָלאַסק און אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו. די בריוו האָבן דערציילט וועגן דער גרויסער נויט פון דער דאָרטיקער יידישער באַפעל־קערונג, וועגן שווערע דאגות פרנסה און וועגן חורבן וואָס עס האָט אָנגעמאַכט די מלחמה. ביז גאָר האַרצ־רייסנדיק זיינען געווען די בריוו פון זאַלאָשינער רב און חזן. אין זייער רוף נאָך הילף האָט אָפּגעהילכט די קאַ־טאַסטראָפאַלע לאַגע פון דער יידישער קהילה אין זאַלאָ־שין. די חברה האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו ווידמען איר גאַנצע ענערגיע דער הילף פאַר די ברידער אויף יענער זייט ים, און גערופן אירע מיטגלידער צו גרינדן אַ זאַלאָ־שינער רעליף קאָמיטעט.

די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון רעליף־קאָמיטעט איז פאָרגעקומען אין הויז פון מענדל פעלטע, דעם 10טן אוי־גוסט 1919. צו דער ערשטער זיצונג זיינען געקומען צי־מערמאַן ניסן, פעלטע מענדעל, סטאַפּסקי משה, לייזעראָ־וויטש פיליפּ, לייזעראָוויטש מאָריס, שילינג שמואל שיע, מיטשעל יעקב, גאָלד משה, ראָזענטאַל זקן און לואי צי־מערמאַן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם ערשטן זאַלאָשינער רעליף קאָמיטעט. עס זיינען אויס־געוויילט געוואָרן: פּאָרזיצער — צימערמאַן ניסן; סעקרעטאַר — ראָזענטאַל זקן, קאַסירער — פעלטע מענדל. עס איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די לאַנדסלייט אין פעטערסאָן און עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ גע־דרוקטער בריוו צו אַלע זאַלאָשינער לאַנדסלייט וועגן דער גרינדונג פון רעליף־קאָמיטעט. באַלד אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן 42 דאָלער.

די טעטיקייט פון רעליף־קאָמיטעט האָט געדויערט ביז פעברואַר 1931. אין משך פון דער דאָזיקער צייט זיינען געווען טעטיק אַחוץ די אויבנדערמאָנטע: סאָמ־סאָנאָוויטש קלמן, מייערס מאָריס, פוקס היימי, מאָר־קאָוויטש פּיוויש, נאַכטיגאַל ווילי, פינקוס משה, זלאָט־ניק דעיוו, שילינג סעם, מייערס מאַקס, סטאָון דזשאָו, שלעזינגער דזשעיק, אורבאַך, היידען אייב, היידען מאַקס,

מאַרקאָוויטש דזשאָ, דעמסי, לאַנדוי, סטאָון פּ., פרידמאַן, זיגמאַן, פּינקוס ישראל, ראָזען איזידאָר, לעסער און שטיינהויז.

די צענדליקער זיצונגען פון רעליף־קאָמיטעט זיינען פאָרגעקומען על פּי רוב אין די וואוינונגען פון די רעליף־טוער, און ביי יעדן צוזאַמענטרעף פלעגט געזאַמלט ווערן פאַרן רעליף־פאָנד צווישן די מיטגלידער גופא, און ווען עס איז נייטיק געווען, זיינען געמאַכט געוואָרן ביי די באַטייליקטע הלוואות, אָנהייבנדיק פון 5 ביז 100 דאָלער. פאָרזיצערס פון קאָמיטעט אין משך פון דער צייט זיינען געווען: צימערמאַן ניסן, סטאַפּסקי משה, סטאַפּסקי יודל און לייזעראָוויטש מאָריס. סעקרעטאַר: ראָזענטאַל זקן, קאַסירערס — פעלטע מענדל, פּינקוס ישראל.

דער פרויען־קאָמיטעט, וואָס האָט מיטגעהאָלפן אין דער טעטיקייט, איז באַשטאַנען פון פּינקוס, פאָרזיצערין, סאמסאנאָוויטש, שלעזינגער, סטאַפּסקי, מאַרקאָוויטש און טיזשבערג.

עס זיינען פאָרגעקומען מאַסן־מיטינגען, וואו עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן באַריכטן פון דער טעטיקייט און עס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן זאַמלונגען. עס זיינען אויך אונטערגענומען געוואָרן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין דער קאַסע גאַנץ גרויסע סומעס, פון 300 ביז 500 דאָלער מיטאַמאָל.

אויך פּושקעס זיינען פאַרטיילט געוואָרן צווישן די לאַנדסלייט אויף צו זאַמלען געלט ביי יעדער געלעגנהייט.

יעדעס מאָל, ווען מען האָט געשיקט הילף, האָט קודם כל די חברה פון איר קאַסע געגעבן נישט ווייניקער ווי 100 דאָלער. סך הכל האָט די חברה איינגעצאָלט אויפן רעליף־פאָנד אַ זעקס־זיבן הונדערט דאָלער. פון די פּושקעס איז אַריינגעקומען אויפן רעליף־פאָנד עטלעכע הונדערט דאָלער. די רעליף־מיטגלידער האָבן יעדעס מאָל איינגעצאָלט זייער פּרייוויליקע באַשטייערונג און אַ געוויסע צייט האָט יעדער פון זיי געגעבן אַ שטענדיקן חודש־אָפּצאָל.

## וועמען איז צוגעטיילט געוואָרן די הילף?

צוליבן פאַלן פון דער דער פּוילישער וואַלוטע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט מען די דאָלאַרן על פּי רוב אויסטוישן אויף פּויליש געלט און שיקן קיין זאַלאָשין פּוילישע מאַרקן. די הילף פלעגט מען תחלת שיקן אינדיווידועל צו די נויטבאַדערפטיקע. יעדע ווענדונג, וואָס איז אָנגעקומען פון אַ נויטבאַדערפטיקן איז אָנגענומען געוואָרן, אַפילו פון לאַנדסלייט אַרום זאַלאָשין, ווי קרזשעפּיץ, קעלציגלאָוו, טריסקאָלאסק, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע. שפּעטער פלעגט מען שיקן הילף אויף יעדן יום־טוב, בפרט אויף פּסח. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרשטענדיקונג מיטן קאָמיטעט, אונטערן פאָרזיץ פון זאַלאָשינער רב, וואָס האָט אָפּטגעביטן זיין באַשטאַנד. דער קאָמיטעט פלעגט באַקומען אינסטרוקציעס ווי אַזוי די הילף צו פאַרטיילן און פלעגט צושיקן די קבלות, אונטערגעשריבן פון יעדן איינעם, וואָס האָט באַקומען שטיצע. אין יאָר 1919 האָבן אין זאַלאָשין גענאָסן פון דער שטיצע 153 פּערזאָן צו 200 מאַרק יעדערע. אין יאָר 1920 איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ סומע פון 159,325.00 מאַרק. אין יאָר 1921 — 5,000,000.00 מאַרק און עס איז אויסגעטיילט געוואָרן שטיצע צו 3,000, 2,000, און 1,500 מאַרק אַ פּערזאָן. אין יאָר 1922 האָט די שטיצע סך הכל באַטראָפן 300,000 מאַרק און עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו אינוועסטירן אין אַ גמילות חסדים קאַסע אַ מיליאָן מאַרק. אין 1923 איז געשיקט געוואָרן אויף פּסח 4 מיליאָן מאַרק. אין 1924 — 5 מיליאָן מאַרק פאַר 82 פּערזאָן.

דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ גמילות חסדים קאַסע איז אויפגעקומען צוליב די אָפטע קאָנפליקטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען ביי דער פאַרטיילונג פון דער שטיצע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די גמילות חסדים קאַסע זאָל אַרויסגעבן אָן פּראָצענטיקע הלוואות פון 10 ביז 15 טויזנט מאַרק יעדן, וואָס נייטיקט זיך אין שטיצע. דער רעליף אין ניו־יאָרק האָט פאַר דער קאַסע אויסגעאַרבעט אַ סטאַטוט פון 13 פּונקטן. אין שייכות מיט דעם פּלאַן איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווערבירן מיטגלידער מיט אַ 50 סענטיקן אָפּצאָל, ספּעציעל פאַר דער קאַסע. דעם 25טן יוני 1922 איז פאַר דער קאַסע אַריינגעקומען פון מיטגלידס־אָפּצאָל 82 דאָלער. די גרינדונג פון דער גמילות־חסדים־קאַסע האָט אָנגעטראָפן אויף יורידישע שוועריקייטן מצד דער פּוילישער אַדמיניסטראַציע און דער ענין האָט זיך פאַרצויגן. ווען די ברידער לייזעראָוויטשעס זיינען געפאָרן אין 1922 אויף אַ באַזוך קיין זאַלאָשין האָט דער רעליף זיי געגעבן אַ באַפולמעכטיקונג צו גרינדן די גמילות־חסדים קאַסע און מיטגעגעבן 75 דאָלאר פאַר דעם צוועק. ביי דער געלעגנהייט פון זייער אָפּפאָר איז געמאַכט געוואָרן אַ באַנקעט.

ערשט אין 1924 איז די לייַ־קאַסע אין זאַלאָשין געעפנט געוואָרן. דאָס איז פאָרגעקומען ביי דער אָנוועזנהייט פון די רעליף־טוער: סעם שיליט און מרס. ראָזען, וועלכע זיינען דעמאָלט געפאָרן אויף אַ באַזוך אין דער היימשטאָט. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פוז דער קאַסע מיט אַ באַצאָלטן באַאַמטן, וועלכער האָט איבערגענומען די געשעפטס־פירונג. די קאַסע האָט אויך באַקומען אונטערשטיצונג פון דזשאָינט. די פריינד שיליט און מרס. ראָזען האָט מען אויף דעם געזעגענונגס־באַנקעט מיטגעגעבן פאַר דער לייַ־קאַסע — 300 דאָלער און באַפולמעכטיקט זיי צו נעמען נאָך 200 דאָלער פון „דזשאָינט“, אויב דאָס וועט זיין נויטיק.

דעם 26טן אָקטאָבער 1924 האָבן די פריינד סעם שיליט און מרס. ראָזען אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער מיט מזל איינגעשטעלטער קאַסע. די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע האָט באַשטימט אַרויסצוגעבן הלוואות צו 25 זלאָטעס אויף אויסצוצאָלן 1 זלאָטי אַ וואָך. אין 1926 האָט דער רעליף געשיקט אויף פּסח — 400 דאָלער. גענאָסן פון דער שטיצע האָבן 215 פּערזאָן און 42 האָבן

באַקומען אין דער פאָרם פון געלט, 215 פערזאָן און 42 האָבן באַקומען מצות. אין יאָר 1930 האָט מען געשיקט דורך דעם האַיאַס — 300 דאָלער און אין 1931 — 150 דאָלער אויף קאַרטאָפל און מצות.

סך הכל האָט דער רעליף אין משך פון דער דערמאָנטער צייט געשטיצט די נויטבאַדערפטיקע אין דער היימשטאָט מיט אַ סומע פון איבער צוויי טויזנט דאָלער. אַחוץ דעם האָט אויך דער רעליף געשטיצט מיט אַן איין מאָליקער סומע די פייערלעשער אין זאַלאַשין און געהאָלפן פאַרריכטן די קהלשע בנינים.

לאָמיר צום סוף דערמאָנען די לאַנדסלייט אין זאַלאַשין, וואָס האָבן געהאָלפן פאַרטיילן די שטיצע און אָנגעפירט מיט דער גמילות־חסדים־קאַסע. דאָס זיינען געווען אָנגעזעענע מענטשן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

הרב ר׳ בנימין אליה, פאָרזיצער.
שיליט אברהם מאיר.
לייזעראָוויטש גרשון.
מייעראָוויטש יאַנקל.
ווידאָווסקי אבראַהאַם.
וואַרשאַווסקי מיכאל.
נתן יעקב.
ווידאָווסקי פייוול.
קאַפּלאָוויטש דוד.
ליפשיץ לייזער שלום.
לאַפּידעס פייוויש.
לייזעראָוויטש הערשל.
זיסקינד וואָלף, פּרעזעס.
טילל וואָלף חיים, קאַסירער.
כוואַט יוסף, סעקרעטאַר.
מאַרקאָוויטש שלום הערש.
שיליט יוסף, פּרעזעס.
באַרנשטיין שעפּטעל, וויצע־פּרעזעס.
אַפּעלשטיין כאַסקעל.
שיליט אברהם הערש.
קופּפער יודל.
שיליט אהרן.
בענדעט אברהם.
שמולעוויטש יאָסל.
פּאַנטש אהרן.
איזביצקי יודע הערש.
שיליט בעריש.
צימערמאַן וואָלף.
סטיצקי איזראַעל.
בוימאַץ איטשע מאיר.
קרימילאָווסקי אַנטשעל.
לאַפּידעס לייב.
צימערמאַן דוד.



די ערשטע זאַלאַשינער ליידיס אוקזילערי

זיצן, פון רעכטס צו לינקס: מאַשע זעלקאָוויטש, דאָראַ נאַכטיגאַל, מערי לעפּקאָוויטש, פעני ווינקלער, חיה רחל וואַרגאַן, מערי ראָזען.

שטייען, פון רעכטס צו לינקס: דאָראָטי עפּשטיין, סיידי סענזער, בעקי מייערס, איטע לאה לענטשנער, רעי גאָלד, פרידא פייערשטיין, העלען מאַרקאָוויטש.

### די באַנייאונג פון דער הילף־אַרבעט אין 1936.

זונטיק, דעם ערשטן נאָוועמבער, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען זאַלאָשינער לאַנדסלייט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצולעבן דעם זאַלאָשינער רעליף, כדי צו זיין אימשטאַנד צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע אין זאַלאָשין. געשטויסן דערצו האָט דער פאַקט, וואָס אין יענער צייט זיינען דערהאַלטן געוואָרן זייער טרויעריקע באַריכטן פון שטעטל. עס איז באַלד אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג אונטערן פאָרזיץ פון ברודער ניסן צימערמאַן און עס זיינען דערוויילט געוואָרן די ווייטערדיקע באַאַמטע:

אייב סענזער, טשערמאַן.

נעלסאָן, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.

דוד דרעסלער, פינאַנץ־סעקרעטאַר.

פיליפ לאַזאַראָוו, קאַסירער.

עס האָבן זיך באַלד פאַרשריבן אַלס מיטגלידער מיט דער פאַרפליכטונג צו צאָלן אַ וועכנטלעכן אָפּצאָל פון 10 סענט פאָלגנדיקע פערזאָנען:

פאַקס חיים יהודה, מאַרקאָוויטש, סוויאַטלאָוו, לעפּקאָוויטש, לעסער מאָריס, לאַזאַראָוו אברהם, סאַמסאָנאָוויטש קלמן, שיליט שמואל ישעיה, יואל שטיינהאָלץ, לאַזאַראָוו פיליפ, דרעסלער דייוו, ברזשעזשינסקי, ווילי נאַכטיגאַל, מייערס מרדכי, וואַרשאַווסקי, סטאַר דזשאָ, פעלטע סעם, משה גאָלד, משה ראָעד, וואַרגאָן עמנואל, ראָזען, אייב סענזער, ניסן צימערמאַן, נעלסאָן, דזשיי. ווינער, משה ליקער.

### די ערשטע זשאַלאָשינער ליידיס אָקזילערי

די ערשטע זאַלאָשינער ליידיס אָקזילערי האָט זיך געגרינדעט דעם 16טן סעפּטעמבער 1932. די גרינדער זיינען געווען די שוועסטער: מערי ראָזען, יעטי לענטשנער, סיידי סענזער, מערי לעפּקאָוויטש, רחל וואַרגאָן, פעני ווינקלער, ליזי שימאַן, דזשעני לעססער, שוועסטער לאַזאַראָף, בעקי מייערס, רעיטשיל גאָלד, העלען מאַרקאָוויטש, ראָזי מייערס, פרידע פייערסטאָון, סיידי סטאָון, גאָסי שילעט, דאָרע נייטינגעל.

אין יאָר 1945 איז די פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון:

עקס־פּאָרזיצערין — סיידי סענזער, פּאָרזיצערין — פעני ווינקלער, וויצע־פּאָרזיצערין — מערי לעפקאָוויטש, פינאַנץ־סעקרעטאַרין — דאָדי עפּשטיין, פינאַנץ־סעגרעטאַרין — דאָרע נייטינגעל, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין — דאָרע נייטינגעל, קאַסירערין — רחל וואַרגאָן.

פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערינס: רחל גאָלד, ליזי שימאַן, העלען מאַרקאָוויטש, יעטי לענטשנער און מאַשע זעלקעוויץ.

# נאָוואָ־ראַדאָמסק

אויף יידיש וואָלט די שטאָט געדאַרפט הייסן נייראַדאָמסק. בעסער וואָלט אָבער געווען זי צו רופן יונגראַדאָמסק. ווייל ראַדאָמסק לעבן טשענסטאָכאָוו האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר יוגנטלעכן ברען, הייסן טעמפּעראַמענט, לעבנס־לוסט און התפעלות — אַזוי פאַר אַלטע, ווי אויך פאַר נייע אידעען.

נאָוואָ־ראַדאָמסק איז אַזוי ווי אַ פאָרשטאָט פון טשענסטאָכאָוו. מען זעצט זיך אויף אויף דער וואַרשעווינער באַן און אין אַ האַלבער שעה איז מען אין ראַדאָמסק.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען אַ סך נאָוואָראַדאָמסקער חסידים. נאָך מער זיינען אָבער געווען אין ראַדאָמסק טשענסטאָכאָווער „חסידים" פון אַנדערע ריכטונגען. דאָס איז געווען דער גאַנצער יונגער דור ציוניסטן, פועלי־ציון, ס. ס.־אָוצעס־„פאַראייניקטע", בונדיסטן, וואָס זיינען געווען אונטער דער השפעה פון טשענסטאָכאָוו.

אָבער אויך אַ סך יונגע בחורים פון טשענסטאָכאָוו זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון נאָוואָ־ראַדאָמסק... ריכטיקער: פון די ראַדאָמסקער מיידלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ שם מיט זייער שיינקייט.

דער באַקאַנטער מוזיקער מיכל געלבאַרט, דיריגענט פון אַרבעטער־רינג־כאָר, וועלכער איז אין ראַדאָמסק געווען דיריגענט פון „הזמיר", שרייבט אין „נאָוואָ־ראַדאָמסקער אַלמאַנאַך" וועגן דער שטאָט אַזוי:

„נאָוואָ־ראַדאָמסק געהערט צו דער קאַטעגאָריע יידישע שטעט אין פוילן, וואָס איז קיינמאָל נישט געבליבן הינטערשטעליק אויף קיין שום געביט. ווען השכלה און שפּעטער סאָציאַליזם האָבן גענומען אַריינדרינגען אין דער יידישער גאַס — איז ראַדאָמסק געווען פון די ערשטע, וואו די דאָזיקע אידעען האָבן זיך איינגעבירגערט".

„ווען אין פוילן האָבן זיך צעבליט די „הזמיר"־כאָרן — איז נאָוואָ־ראַדאָמסק געווען פון די ערשטע צו אָרגאַניזירן אַזאַ „הזמיר" און אַז נאָוואָ־ראַדאָמסק האָט עפּעס געטאָן, האָט עס געדאַרפט זיין בעסער און ווייט־גייענדיקער, ווי ערגעץ אַנדערש."

„שטייט מיר פאַר די אויגן דער פּרעכטיקער „הזמיר"־לאָקאַל מיט זיין גרויסן שיינעם קאָנצערט־זאַל און אייגענער ביבליאָטעק — אַ גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע היים פאַר דער יוגנט."

דער „הזמיר" האָט פאַרמאָגט נישט בלויז אַ גוטן כאָר, נאָר אויך אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט אויפ־

געפירט דראַמעס פון יידישע שרייבער, ווי למשל: „מיטן שטראָם" פון שלום אַש. מען האָט געלייענט און דיסקוטירט יידיש־ליטעראַרישע ווערק, מען האָט איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אָוונטן.

לויט די זכרונות פון נאָוואָ־ראַדאָמסקער „הזמיר" פון מאַקס שפּירא אין זעלביקן אַלמאַנאַך, איז דער „הזמיר" געגרינדעט געוואָרן אין 1909. די העכסטע שטופע פון זיין אַנטוויקלונג האָט דער „הזמיר" דערגרייכט, ווען דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר מתתיהו בענסמאַן איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס דיריגענט פון כאָר. אַחוץ איינאָרדענען יידישע קאָנצערטן פון קלאַסישער און פאָלקס־מוזיק, איז אויך אויפגעפירט געוואָרן אין העברעאיש די אָפּערע „יידן" פון טשיריקאָוו, מיט מוזיק פון מ. בענסמאַן.

מיט יאָרן שפּעטער, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַ דאַנק דעם „הזמיר" אַנטשטאַנען דער פאַראיין „קולטורא", וואָס האָט אָנגעפירט אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט צווישן דער יוגנט.

משה שוואַרץ איז נאָך זיין צוריקקומען פון ארץ־ישראל געוואָרן אַן אַקטיווער טוער פון „הזמיר". ער פלעגט פאַרלעזן און אָרגאַניזירן טעאַטער־פאָרשטעלונגען. ער פלעגט אויך אַראָפּברענגען פון טשענסטאָכאָוו זיין חבר שמואל פראַנק מיט דער דראַמאַטישער סעקציע, וואָס האָט אויפגעפירט גאָרדינס „דער יידישער קעניג ליר" און אַנדערע פּיעסן.

## אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

די אָקופּאַציע פון די עסטרייכער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אַלע הינזיכטן געווען אַ סך מילדער ווי די אָקופּאַציע פון די דייטשן אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע שטעט.

דאָס עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט האָט זיך פיל־וויניק סטאַביליזירט. די פאַר־מלחמה־אינדוסטריע איז טאַקע געווען אינגאַנצן פּאַראַליזירט, די גרויסע מעבל־פאַבריקן און קלענערע פאַבריקלעך האָבן זיך אָפּגעשטעלט, דערפאַר האָבן זיך אַנטוויקלט נייע מלחמה־פּרנסות, ווי פירן לעבנס־מיטל אָדער אַנדערע סחורות פון איין שטאָט אין דער צווייטער. דאָס איז געוואָרן דער הויפּט־קוואַל פון חיונה פאַר דער אַלגעמיינער יידישער ווי נישט יידישער באַפעלקערונג. אַלץ האָט געהאַנדלט און געמסחרט. דער אמתער נאָמען דערפון איז געווען: שמוגל.

אָבער גראָד אין דער צייט האָט זיך אין ראַדאָמסק, ווי אין די מיינסטע שטעט פון פּוילן, אָנגעהויבן אַ קאָכעדיקע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט. די יוגנט האָט ווי דערוואַכט פון אַ לאַנגן לעטאַרגישן שלאָף, און מיטן גאַנצן הייסן ראַדאָמסקער טעמפּעראַמענט זיך געוואָרפן צום פרישן לעבנס־קוואַל, וואָס האָט געהייסן: קולטור. די אָרעמסטע שיכטן ווי די רייכע, די שניידער און די שוסטער־אַרבעטער ווי די אינטעליגענטן — אַלע זיינען געווען באַהערשט פון אָט דעם קולטור־שטראָם.

די אינסטיטוציע, אַרום וועלכער אַלע האָבן זיך גרופּירט, איז געווען די באַוואוסטע „קולטורא" מיט איר ביבליאָטעק און לייען־זאַל. ווי הונגעריקע היישעריקן באַפאַלט די יוגנט יעדן אָוונט די ביבליאָטעק און לייען־זאַל און די ביכער ווערן געטראָגן אין גאַס, ווי ראַדאָמסק וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אוניווערסיטעט־שטאָט.

רייכע קולטור־אָוונטן מיט מוזיקאַלישע פּראָגראַמען ווערן איינגעאָרדנט. צו יעדן קולטור־אָוונט גרייט מען זיך ווי צו אַ גרויסן יום־טוב. פון וואַרשע קומען אָפט די פירער פון די יידישע בירגערלעכע און אַרבעטער־פּאַרטייען צו אַגיטירן פאַר זייערע פּראָגראַמען און אידעען. עס קומט דער ציוניסטישער פירער העשל פאַרבשטיין, די ס.־ס.־ישע פירער ד"ר יוסף קרוק, פיניע בוקסהאָרן, דעם בונדס פירער וולאַדימיר מעדעם, די פועלי־ציוניסטן זרובבל, דוא (ד. באָגען).

אונטער דער ווירקונג און אָנפירונג פון די פּאַרטיי־צענטערס אין וואַרשע און אויך פון דער שכנותדיקער שטאָט טשענסטאָכאָוו פאָרמירן זיך אין ראַדאָמסק די אָרגאַניזאַציעס פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען אין פּוילן. עס אַנטשטייט די אָרגאַניזאַציע פון ס. ס., שפּעטער „פאַראייניקטע", וואָס האָט, נאָכפאָלגנדיק טשענסטאָכאָוו, פאַרנומען אין ראַדאָמסק דעם ערשטן פּלאַץ. נאָך זיי איז געקומען די פּ. צ. און דער „בונד". מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך שפּעטער געשאַפן, האָבן אָנגעפירט די „פאַראייניקטע" און דער „בונד". עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון די „פאַראייניקטע" און פועלי־ציון. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַרבעטער קינדער־היים, דאָס מאָדערנסטע און שענסטע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער יידישער גאַס. עס איז אָנגעקומען די נייע גרויסע עפּאָכע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס רעוואָלוציאָניזירט די אַרבעטער־מאַסן. דאָס האָט שוין די אָקופּאַציע־מאַכט, אַפילו פון די „ליבע" עסטרייכער, זייער נישט „געגליכן".

די מלחמה האָט אָבער אויך באַשאָנקען ראַדאָמסק מיט אַנדערע געשעענישן, וואָס האָבן איבערגעריסן אי די „קולטורעלע אידיליע", אי דעם פּאָליטיש־פּאַרטייאישן קאַמף.

עס איז אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק אַ צוג מיט היימלאָזע פון די מלחמה־פראָנטן אין ווייס־רוסלאַנד און ליטע. די היימלאָזע, צומיינסטן יידישע מיט עטלעכע פון זייערע קריסטלעכע שכנים, האָבן זיך געשלעפּט מיט די באַנען עטלעכע וואָכן ביז מען האָט זיי פאַרפירט קיין ראַדאָמסק. די ראַדאָמסקער יוגנט (געבענטשט זאָל זי זיין!) האָט אויף אַ וויילע איבערגעריסן דעם פּאַרטיי־קאַמף, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און מיט איר געוויינלעכן ראַדאָמסקער ברען און ענטוזיאַזם זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט צו געבן די ערשטע הילף די אומגליקלעכע יידישע מלחמה־קרבנות. יונגע קרעפטיקע הענט האָבן געטראָגן די אַלטע

צעבראָכענע גופים פון די פּליטים און געשלעפּט זייערע קלימאַקעס, וואָס זיי האָבן באַוויזן צו ראַטעווען מיט זיך פון מלחמה־חורבן. די צייטווייליקע היים פאַר זיי איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין קאָהנס פאַבריק. באַלד דערנאָך האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּעס צו זאַמלען עסן, צו שאַפן געלעגערס און אַלץ אין וואָס די הימלאָזע האָבן זיך גענויטיקט. דאָס איז נישט געווען קיין איינמאָליקע אַרבעט, נאָר אַ שטענדיקע, טאָג־טעגלעכע, איבערגעגעבענע זאָרג און אַרבעט, וואָס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט אַ שווערן קאַמף מיט די עסטרייכישע שטאָט־באַאַמטע. ווייל ווען מען האָט געקאָנט קריגן וואַרעם עסן און אַנדערע נויטווענדיקייטן ביי דער יידישער באַפעלקערונג — האָט מען אָבער אַזעלכע לוקסוסן ווי צוקער און קוילן געמוזט אויסקעמפן ביי די עסטרייכישע „בעהערדן“, אָבער אויך דאָס איז געטאָן געוואָרן. גאַנץ באַזונדער האָבן זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכנט דער בריליאַנטענער טוער פישל גליקסמאַן און לייזער בייגעלמאַן. באַזונדער האָט פישל גליקסמאַן מיט זיין פאָלקסטימלעכער נשמהדיקייט און הומאָר געמונטערט און אויפגעהייטערט די געמיטער פון די דערשלאָגענע הימלאָזע.

די ברידערלעכע ליבע און פריינדלעכקייט, וואָס ראַדאָמסק האָט אַרויסגעוויזן צו די הימלאָזע, האָט ביי זיי אַרויסגערופן די וואַרעמסטע געפילן צו דער שטאָט און אירע יידן. פישלען און לייזערן האָבן זיי פאַרגעטערט. אַ סך פון די הימלאָזע זיינען שפּעטער אַריבער קיין אַמעריקע און דאָ האָבן זיי מיט זייער הילף און אינטערעס פאַר ראַדאָמסק אַרויסגעוויזן זייער דאַנקבאַרקייט צו אונדזער אַלטער היימשטאָט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַ קורץ און נישט פאַרענדיקט בילד פון ראַדאָמסק אין מלחמה־צייט.

## אַ שטאָט פון תורה און חסידיזם

נאָוואָ־ראַדאָמסק האָט אָבער אויך געשמט מיט אירע רבנים, פרומע יידן און חסידים. די נעמען פון די מערבאַרימטע רבנים זיינען געבליבן פאַראייביקט אין די ספרים, וואָס זיי האָבן געשאַפן: „תפארת שלמה“, און „חסד לאברהם“. אַרום זיי האָבן זיך געשפּונען אַ סך פאָלקסלעגענדעס, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

די נאָוואָ־ראַדאָמסקער גוטע־יידן האָבן געהאַט אַ גרויסע צאָל חסידים אין פּוילן און אין גאַליציע. אין די ימים נוראים איז דאָס שטעטל געווען פול מיט זיי.

פון אָנהויב פון 18טן יאָרהונדערט, ווען יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן אין ראַדאָמסק ביז אין די דרייסיקער יאָרן איז די יידישע באַפעלקערונג דאָרט געשטיגן ביז איבער 11.000 נפשות.

## האַנדל און מלאכה

דער האַנדל און האַנטווערקעריי איז על פי רוב גע־לעגן אין יידישע הענט. דער ברייטער פיר־עקיקער מאַרק איז באַשטאַנען פון די שענסטע געביידעס און איז געווען ווי אַ גרויסע אויסשטעלונג פון יידישע געשעפטן. יעדער דאָנערשטיק איז געווען אַ מאַרק־טאָג. די פּויערים פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער פלעגן ברענגען זייערע דאָרף־פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און איינהאַנדלען די שטאָטישע סחורות.

ראַדאָמסק האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע קנעפּ־פאַבריק, וואו אַ סך יידישע אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט. די באַלעבאַטים פון דער פאַבריק זיינען געווען די באַקאַנטע פאַמיליע פייערמאַן.

עס איז אויך דאָרט געווען אַ גרויסע גילזן־פאַבריק, אונטערן נאָמען „גראַניס“.

יידן האָבן אויך געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָל אין די שוסטער, שניידער, און סטאָליער־פאַכן.

די שטאָט האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָנגעפירט פון די יידישע פּאַרטייען: ס. ס., פּ. צ., „בונד“ און קאָמוניסטן.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען אַנטשטאַנען די אַרבעטער־ראַטן, האָט די פּ. פּ. ס. צוזאַמען מיט די נ. ז. ר. (נאַראָדאָווי זוויאָנזעק ראָבאָטניטשי) געשאַפן אַן אַרבעטער־ראַט אָן דעם אָנטייל פון די יידישע אַרבעטער. שפּעטער זיינען צוגעלאָזן געוואָרן צו איין פאָרשטייער פון יעדער יידישער סאָציאַליסטישער ריכטונג: דער איינציקער פאָרשטייער אין אויספיר־קאָמיטעט פון פּראָוויזאָרישן אַרבעטער־קאָמיטעט איז געווען דער „פאַראייניקטער“ הירשל קרויזע.

אין די וואַלן צום שטאָט־ראַט אין 1919 האָבן פיגורירט 6 יידישע און דריי פּוילישע קאַנדידאַטן־ליסטעס. אַלס ראַטמענער זיינען דערוויילט געוואָרן: 3 „פאַראייניקטע“, 3 פּועלי ציון, 2 פון דער האַנטווערקער־מזרחיסטן און ציוניסטן־ליסטע, 2 שלומי אמוני ישראל. די פּ. פּ. ס. האָט דערוויילט 7, נ. ז. ר. 3, די ענדעקעס 4, דער „בונד“ און די צעירי־ציון האָבן באַקומען צו 70 שטימען. אויף אַדורכצופירן אַ קאַנדידאַט האָט זיך געפאָדערט 165 שטימען. דער שטאָט־ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון 24 ראַטמענער, האָט געהאַט אַ סאָציאַליסטישע מערהייט: 13 קעגן 11.

## דאָס רעליגיעזע לעבן

אויך די רעליגיעזע יידן זיינען געווען צעטיילט אין פאַרשיידענע גרופּן. אין דער שטאָטישער שול האָבן זיך אין די שבתים און יום־טובים גרופּירט די שוסטער־באַלעבאַטים, שניידער, און אַנדערע פאַכן.

דאָס נייע בית־המדרש איז געווען דער זאַמל־פּונקט פון מיטלשטאַנד, שטילע באַלעבאַטים. דאָרט האָבן אויך געדאַוונט די בעקער און קליין־הענדלער. די יידישע טרעגער האָבן געהאַט זייער באַזונדערן מנין.

חסידישע גרופּירונגען, ווי די „גערער“, „אַלעקסאַנדער“, „ראָספּשער“, „אַמשינאָווער“ און אַנדערע האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע חסידים־שטיבלעך.

דאָס אַלטע בית־המדרש האָט געהערט בירושה צום ראַדאָמסקער רבינס הויף. דאָרט פלעגן זיך צוזאַמענקומען די ראַדאָמסקער חסידים אין די שבתים און יום־טובים צו פּראַווען חסידות. אַזוי האָט עס זיך געצויגן לאַנגע יאָרן. דער לעצטער רבי איז געווען רבי אברהמעלע, דער זון פון אַמשינאָווער רבין, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ראַדאָמסקער רבין, רב יחזקאל. ער האָט געהאַט אַ סך חסידים צווישן די קליין־הענדלער און בעלי־מלאכות. ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער פּראָגרעסיווער וועלט און איז געווען זייער באַליבט אין ראַדאָמסק.

מיט אים האָבן די היטלער־מערדער איבערגעריסן די קייט פון ראַדאָמסקער רבנישן הויף.

## חורבן נאָוואָ־ראַדאָמסק

דער חורבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָוואָ־ראַדאָמסק איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די דייטשיש־נאַצישע מערדער אויפן זעלבן שטייגער און לויטן זעלבן סיסטעם ווי אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע יידישע שטעט. אין אַ סך פאַלן האָבן די דייטשישע רוצחים אָנגעווענדט די זעלביקע מעטאָדן וואָס אין טשענסטאָכאָוו. ביידע שטעט, וואָס זיינען געווען אַזוי נאָענט פאַרבונדן אין זייער לעבן און אַנטוויקלונג, האָבן געליטן דעם זעלביקן גורל אין זייער אונטערגאַנג.

„ארץ אל תכסו דמם“. דאָס אומשולדיקע בלוט זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן. מיר וועלן די מערדער קיינמאָל ניט מוחל זיין!

# נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק

די נאָוואָ־ראַדאָמסקער „סאָסייעטי“ (געזעלשאַפט) אין ניו־יאָרק, עקזיסטירט שוין נאָענט צו 50 יאָר. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער ערשטער גרופּע נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט איז פאָרגעקומען אין יאָר 1898. אין משך פון דער צייט האָט זי באַוויזן צו ווערן אַ וויכטיקער פאַקטאָר סיי אין יידישן לעבן פון אַמעריקע גופא, סיי אויפן געביט פון הילף־אַקציעס פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים:

די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי איז געווען און פאַרבליבן אַ מוסטערהאַפטע, פּראָגרעסיווע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

פון די ערשטע טעג פון איר עקזיסטענץ איז די לאַנדסמאַנשאַפט דער צענטר, וואו עס קומען זיך צוזאַמען אַלע נאָוואָ־ראַדאָמסקער אָן אונטערשייד פון איבערצייגונג. צו דער סאָסייעטי געהערן רייכע, מיטל־קלאַס מענטשן און אַרבעטער. אַ סך פון זיי — אַמעריקאַנער געבוירענע. די אַטמאָספערע פון אייניקייט און טאָלעראַנטער באַציאונג פון איינעם צום צווייטן — האָט געגעבן דער געזעלשאַפט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט.

די מיטגלידערשאַפט פון דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי האָט זיך קיינמאָל נישט צופרידנגעשטעלט בלויז מיט בענעפיטן־ און „סעמעטערי“־פאַרזיכערונגען, נאָר איז אויך שטענדיק וואַך צו אַלע יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, מיטגעהאָלפן צו זייער פאַרווירקלעכונג און בכלל גענומען אַן אָנטייל אין דעם קאַמף פאַר מענטשלעכע רעכט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי געווען איינע פון די ערשטע אָרגאַניזאַציעס צו העלפן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און האָט באַשטימט 1.200 דאָלאַר פאַר דעם צוועק.

ווען דאָ אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג צו שאַפן פּאַטראָנאַטן, וואָס זאָלן קומען צו הילף די קרבנות פון דער מיליטאַריסטיש־פאַשיסטישער קליקע אין פוילן — איז די סאָסייעטי געווען איינע פון די ערשטע צו גרינדן אַ נאָוואָ־ראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט און אים מאָראַליש געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט.

די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי איז געווען איינע פון די איניציאַטאָרן און גרינדער פון יידישן פאָלקס־קאָמיטעט אין יאָר 1936, וואָס האָט, צוזאַמען מיט אַלע אַנטי־פאַשיסטישע עלעמענטן דאָ אין לאַנד, אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען און גאַסן־דעמאָנסטראַציעס קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם.

צום 40־יאָריקן יובל פון דער סאָסייעטי, אין 1939, האָט די סאָסייעטי אַרויסגעגעבן אַ זייער גוט רעדאַגירטן אַלמאַנאַך פון 160 זייטן. דער אַלמאַנאַך איז רעדאַגירט געוואָרן דורך דעם לאַנג־יאָריקן, אַקטיוון טוער פון דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי משה שוואַרץ מיט דער מיטהילף פון פּיניע קאַלקע.

דער „נאָוואָ־ראַדאָמסקער אַלמאַנאַך“, האָט באַשריבן די געשיכטע פון דער סאָסייעטי און די הילפס־אַרבעט, וואָס די נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט האָבן איז אַזאַ גרויסער מאָס געטאָן פאַר זייערע ברידער אין זייער אַלטער היים־שטאָט. דאָרט זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַריכטן וועגן יידישע אינסטיטוציעס אין נאָוואָ־ראַדאָמסק און ביאָגראַפיעס פון אַ סך פערזענלעכקייטן, סיי פון אַלטן דור, סיי פון דער יינגערער גענעראַציע.

דאָס בוך איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון אַלע נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט און איז אָנערקענט געוואָרן דורך דער עפנטלעכקייט אַלס גרויסער

בײשטײער צו דער רײכער געשיכטע פון די יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע.

איצט, נאָכן גרויליקן חורבן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון נאָוואָ־ראַדאָמסק — איז דער „נאָוואָ־ראַדאָמסקער אַלמאַנאַך״ דערווייל געבליבן דאָס איינציקע באַשיידענע דענקמאָל נאָך אַן אינהאַלטס־רײכן און פולבלוטיקן לעבן פון אַ שיינעם יידישן קיבוץ, וואָס האָט געהייסן נאָוואָ־ראַדאָמסק.

## דרייסיק יאָר נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף

דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף איז, אַזוי ווי אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינסטיטוציעס, אַ צווייג פון די נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי. מיט דער גרעסטער ליבע און איבערגעבנקייט האָבן זיך די פריינד און מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט געווידמעט דער אַרבעט. דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף האָט ברידערלעך געשטיצט און געהאָלפן שאַפן אין נאָוואָ־ראַדאָמסק אַזעלעכע אינסטיטוציעס ווי: „לינת הצדק״, „גמילת־חסדים״־קאַסע, וועלטלעכע קינדערהיימען און פאָלקשולן, תלמוד תורה, מלביש ערומים און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געמילדערט די נויט פון דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. אין דער הילף־אַרבעט האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע נדבות אונזער באַליבטער לאַנדסמאַן סאָל גרינבערג.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות וועגן דער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע פון יידישן פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון די נאַצי־קאַניבאַלן, האָט זיך די הילף־אַרבעט פילפאַך פאַרשטאַרקט. אין ערשטן יאָר פון היטלערס הערשאַפט אין פוילן האָט דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף אַריבערגעשיקט דורך קריסטלעכע הילף־אָרגאַניזאַציעס שפּייז־פּראָדוקטן אויף דער סומע פון 600 דאָלאַר. אויף אַ סך פון די איבערגעשיקטע פעקלעך זיינען אָנגעקומען באַשטעטיקונגען פון די, צו וועמען זיי זיינען געשיקט געוואָרן. דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן אַ פאָנד פון צען טויזנט דאָלאַר צו העלפן די לעבן־געבליבענע ברידער אויפבויען זייער חרוב געוואָרענע היים. דער רעליף האָט זיך פאַרבונדן מיט די נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אין די באַפרייטע לענדער ווי: פראַנקרייך, בעלגיע, סאָוויעטן־פאַרבאַנד און זיי געשיקט הילף דורך פּאַקעטן מיט שפּייז־פּראָדוקטן.

ביים נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדער יתומים־פאָנד אויפן נאָמען פון מעני שאַפּיראָ, דער העלדיש־געליבטער זון פון די געטרייע רעליף־טוער מאָטע און לייקע שאַפּיראָ, וואָס איז געפאַלן אין בורמאַ אַלס קעמפער און דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דער פאָטער, מאָטע שאַפּיראָ, האָט אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו זיך אונטערגענומען צו שאַפן דעם פאָנד, האָט אַליין בײגעשטייערט די סומע פון 200 דאָלאַר און אַליין געזאַמלט דעם גרעסטן טייל פון די איבעריקע 400 דאָלאַר.

דער רעליף, אַזוי ווי די גאַנצע נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט אויך נישט פאַרגעסן אָן די קינדער פון די מיטגלידער, וואָס האָבן זיך געפונען מיט די אַמעריקאַנער אַרמייען אין אַלע טיילן פון דער וועלט, דער רעליף האָט אויסגעגעבן 900 דאָלאַר אויף פעקלעך, וואָס פלעגן פעריאָדיש געשיקט ווערן צו יעדן איינעם, ווי אַ דערמוטיקונג אין קאַמף קעגן אונזערע בלוטיקע שונאים און די פיינט פון דער גאַנצער מענטשהייט. אַ העלפט פון דער סומע, וואָס איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף דעם ציל, האָט בײגעשטייערט דער חשובער ברודע־ סאַל גרינבערג.

די פאָלגנדע סומען, וואָס דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין און רעליף האָבן בײגעשטייערט אין די מלחמה־יאָרן פאַר פאַרשיידענע צוועקן — באַווייזן דעםברייטן פאַרמעסט פון דער הילף־אַרבעט.

הילף פאַר נאָוואָ־ראַדאָמסק אין יאָר 1939 — 600 ד. געשטיצט דעם „דזשאָינט״, קינדער־פאָנד און מצה־פאָנד פון 1939 ביז 1945 — 1200 ד.; פאַר דעם „ראָשן וואָר־רעליף״ — 1000 ד.; פאַר ארץ־ישראל, געווערקשאַפטן־קאַמפּיין און הסתדרות — 400 ד.; פאַרן רויטן מגן־דוד, אַמעריקן רעד קראָס און „בריטיש וואָר רעליף — 200 ד.

*
**

די לעצטע צייט האָט זיך אָרגאַניזירט אין לאָס־אַנדזשעלעס אַ נאָוואָ־ראַדאָמסקער רעליף, וואָס האָט שוין איבערגעשיקט קיין ניו־יאָרק די ערשטע סומע פון 300 דאָלאַר און אויך צוגעזאָגט 100 דאָלאַר פאַר דעם מעני שאַפּיראָ יתומים־פאָנד.

אין ארץ־ישראל האָבן די נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט אָרגאַניזירט צוויי רעליף־אָרגאַניזאַציעס, איינע אין תל אביב, די צווייטע אין חיפה. די רעליף־אָרגאַניזאַציעס אין ארץ־ישראל פירן אַ ברייטע הילף־טעטיקייט.

דער „וויקטאָרי״־קאָמיטעט, וואָס האָט בעת דער מלחמה זיך באַמיט צו פאַרקויפן וואָס מער מלחמה־באָנדס, האָט זיך איצט אונטערגענומען צו שאַפן צוויי „וויקטאָרי״־באָנדס פאַר יעדן מיטגלידס צוריקגעקומענעם זון פון דער מלחמה. ליידער וועלן שוין זעקס קינדער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט מער זיך ניט צוריקקערן. זיי זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן מיט די נאַצישע און יאַפּאַנישע שונאים.

**זייער אַן אַקטיווער און וויכטיקער צווייג פון דער נ. ר. לאַנדסמאַנשאַפט איז די ליידיס אָקזילערי, וואָס באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען פון רעליף און פון דער סאָסייעטי.**

**ביי דער נ. ר. לאַנדסמאַנשאַפט עקזיסטירט אויך אַ גרינבערג־ליי־פאָנד, וואו יעדער מיטגליד האָט דאָס רעכט זיך אויסצובאָרגן די סומע פון 35 דאָלאַר. דער פאָנד גיט אַרויס די הלוואות אָן שום פּראָצענט.**

## סאָסייעטי־באַאַמטע אין יאָר 1945

דוד לעפקאָוויטש — פּרעזידענט.
סעם עפּשטיין — עקס־פּרעזידענט.
מאַקס גאָלדמאַן — וויצע־פּרעזידענט.
טשאַרלי וויטראָפּסקי — פינאַנץ־סעקרעטאַר.
לעאָ עלענבערג — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.
א. האבער — קאַסירער.
מאַטע שאַפּירא — האָספּיטעלער.
אהרן גליקסמאַן פיונעראַל־דירעקטאָר.
מאַקס איצקאָוויטש — אינערוואַכער.
טראַסטיס: מ. קראַוז, מ. זעלקאָוויטש, אברהם בראַק־מאַן.

## גרינבערג־ליי־פאָנד־באַאַמטע

פאָרזיצער — א. זאַבערמאַן.
סעקרעטאַר — ד. פעדער.
קאַסירער — דזשעק אַלמאַר.

## רעליף־באַאַמטע

סאַל גרינבערג — ערן־פאַרזיצער.
פיניע קאַלקע — פאָרזיצער.
הערי שעדלעצקי — וויצע־פאָרזיצער.
הערי פישמאַן — געהילף־פאָרזיצער.
כאַסקל פּאזאַנאָפסקי — פינאַנץ־סעקרעטאַר.

## רעליף־קאָמיטעט

דזשעק אַלמאַר, לוי בעסטערמאַן, פיליפ קנאַפף, ה. ב. איזראַעל, ל. בראַקמאַן, פּ. פריש, א. לעפקאָוויטש, מ. איצקאָוויטש, מ. בראָדער, אהרן גליקסמאַן, הערי אַבערמאַן, שמעון מעדוועדאָוו, סעם דיקערמאַן, סעם איצקאָוויטש, אברהם האַבער, כאַסקעל רודניצקי, לואי דיקערמאַן, ה. קאַסוי, ה. ראַטשטיין, מאָריס שוואַרץ, דזשעק דיקערמאַן, א. קראַוז, ס. שולום, אייב זאַבערמאַן, קאַרל עלענבערג.

---

## באַגריסונג פון דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק

די נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסמאַנשאַפט נעמט גערן אָן די איינלאַדונג, פון דער שכנותדיקער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, זיך צו באַטייליקן אין דעם היסטאָרישן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

דאָס דאָזיקע בוך וועט פאַרבלייבן דער גרעסטער היסטאָרישער דאָקומענט פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אַ בוך פון בלוט און טרערן.

דאָס וועט זיין אַ טייער בוך פאַר די פאַרבליבענע לאַנדסלייט פון טשענסטאָכאָוו און פון אומגעגנד, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער אַלע טיילן פון דער וועלט.

מיר, נאָוואָ־ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, וועלן העלפן אין דער אַרבעט, אַז דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" זאָל דערגרייכן צו די דאָזיקע טויזנטער לאַנדסלייט איבער דער גאָרער וועלט.

מיר ברענגען אונזער וואַרעמסטן גרוס, פון די נאָוואָ־ראַדאָמסקער וואָס זיינען צו אייך אַזוי נאָענט. מיר וועלן ענערגיש פאָרזעצן די אַרבעט לטובת די יידן דאָ אין אַמעריקע, און ספּעציעל לטובת דעם טייערן שארית־הפּליטה אויף יענער זייט ים.

---

# קאַמיק

פון אַלע שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו איז קאַמיק געווען כמעט דאָס קלענסטע, אָבער עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ רייכער געשיכטע און מיט אַ רירעוודיקער יוגנט.

דער יידישער קוואַרטאַל פון קאַמיק איז געווען אָפּגעטיילט פון פּוילישן מיט אַ שטראָמענדיקן וואַסער. די דאָזיקע צעטיילונג איז געפלאַנצט געוואָרן — איין גאָט ווייס פון ווענען. אָבער די קאַמיקער יידן האָבן, ווייזט אויס, נישט געוואָלט, מען זאָל זיי חושד זיין, אַז זיי האָבן געשאַפן פאַר די גויים אַ „געטאָ" — האָבן זיי אַלע כלי־קודש, די שול, דעם רב, די מקוה מיטן שמש אַריינגעשטעלט אין פּוילישן קוואַרטאַל.

די יידישע באַפעלקערונג פון קאַמיק איז באַשטאַנען פון אַ הונדערט פאַמיליעס, על פּי רוב קי־הענדלער און קצבים. זיי פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין די אַרומיקע דערפער עפּעס איינהאַנדלען אָדער פאָרן אויף די מערק אין אַנדערע שטעטלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז קאַמיק האָט אויך געהאַט עטלעכע יידישע געוועלבלעך, עטלעכע מלמדים און אַ פּאָר שוסטער און שניידער, וואָס האָבן מלביש־ערומים געווען די קאַמיקער באַפעלקערונג.

כמעט יעדע פאַמיליע האָט געהאַט אַן אייגן שטיקל פעלד, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן צוביסלעך מיט קאַרטאָפל, קאָרן, ווייץ, און דאָס איז געווען אַ צושטייער צו דער חיונה.

אין די אַלטע צייטן פלעגט דאָס יונגוואַרג, גלייך נאָכן אַרויסלאָזן פון חדר, אַוועק מיט די טאַטעס אין דאָרף אַריין, אָדער מיטפאָרן אויף די מערק און מיט דער צייט ווערן „פאָלנע" סוחרים. מיטן אָנקום פון נייע צייטן האָט עס זיך אָבער געענדערט. די יוגנט האָט

אָנגעהויבן צו ציען אין דער גרויסער שטאָט, טשענסטאָכאָוו, אַ מהלך פון צוויי שעה גאַנג. דעם ערשטן שריט האָבן געמאַכט די שוסטער־ און שניידער־יינגלעך. אין זייערע קעפ זיינען אויפגעקומען מחשבות וועגן ווערן בעסערע שוסטער אָדער שניידער, ווי דער טאַטע איז געווען. חוץ דעם האָט די גרויסע שטאָט, וואו מען לעבט אַנדערש, מען פאַרברענגט אַנדערש און מען וואַקסט אויס אַנדערש ווי אין שטעטל — געצויגן צו זיך ווי אַ מאַגנעט. האָבן חברה קליינוואַרג אָנגעהויבן אויסצוּוואַנדערן אין דער גרויסער שטאָט טשענסטאָכאָוו, דאָרט געאַרבעט, דאָרט געוואָקסן אין דער שטאָטישער אַטמאָספער, זיך באַקענט מיט נייע מענטשן, נייע פריינד און חברים. אין 1905 האָבן די קאַמיקער אין טשענסטאָכאָוו שוין גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פרייהייט־באַוועגונג, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „אַחדות".

קאַמיק האָט אויך געהאַט אַן אייגענע אינדוסטריע: גאַרבעריי. צום אָנהייב פלעגט מען דאָרט אויסאַרבעטן גראָבע לעדער (קאָנינע). אין די שפּעטערע יאָרן זיינען די גאַרבערייען אויסגעבויט געוואָרן. עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן עטלעכע פאַבריקן, בעסערע פאַכמענער פון די גרעסערע שטעט זיינען געבראַכט געוואָרן, אַ בעסערער סאָרט לעדער איז פּראָדוצירט געוואָרן און די גאַנצע אינדוסטריע האָט אָנגענומען אַ ברייטערן, שטאָטישן פאַרנעם.

באַרימט איז אויך קאַמיק געווען מיט אירע פייערן: מען האָט זיי גערופן: „קאַמיקער ברענערס". יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגט אַ שרפה פאַרוויסטן אַ גאַנצע גאַס, אָדער עטלעכע גאַסן מיט אַ מאָל. פאַמיליעס מיט אַכט־צען קינדער פלעגן זיך נאָך יעדער שרפה אַרומוואַלגערן וואָכן און חדשים אין שייערן און שטאַלן מיט די קי און הינער און געציטערט פאַר אַ נייער שרפה.

קאַמיק האָט געגלויבט, אַז די שרפות זיינען אַ גאָטס־שטראָף, ביז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען די מלאכה פון די קליינשטעטלדיקע ווילדע יונגען.

אין קאַמיק האָט רעזידירט אַ יידישער שררה, זאַנדשטיין. ער האָט זיך געפירט ווי אַלע פוילישע פריצים אין דער סביבה. מיט אַ הויף כמעט אַ פאַלאַץ, מיט אַ פרוכט־ און בלומען־גאָרטן אַרום, מיט אַ סך פעלדער, לאָנקעס, וועלדער, קי, פערד, מיט אַ טאַרטאַק און מיל, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פאַרע. די מיל און דער טאַרטאַק האָבן אַריינגעבראַכט לעבן אין קאַמיק. פורן האָבן געפירט העלץ פון וואַלד, דער טאַרטאַק האָט געשניטן ברעטער און אָפּגעשיקט זיי אין שטאָט, און קאַמיק האָט געהאַט פרנסה.

די קאַמיקער יידן האָבן ווי דער שטייגער, זיך געגרויסט מיטן יידישן שררה אין זייער שטעטל, כאָטש זיי האָבן זיך געפילט געקריוודעט און באַליידיקט, וואָס די יידישע פריצים אַליין האָבן זיך געהאַלטן שטרענג אָפּגעזונדערט פון דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג און די הויף־שומרים, וואָס האָבן שטאַרק באַוואַכט אַלץ, וואָס האָט געהערט צום הויף, האָבן געקוקט אויף אַלע מיט בייזע אויגן.

טייל מאָל האָט דער יידישער פריץ געטיילט קאַרטאָפל. דאָס פלעגט פאָרקומען אום ווינטער אין דער צייט פון גרויס נויט.

קאַמיק פלעגט פראַווען חינוכס אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. צומיינסטן איז עס געווען חברה תהילים, וואָס האָט געמאַכט סיומס פון עטלעכע ספר־תורות. יעדער חינוך איז געווען אַן אמתער יום־טוב אין שטעטל, וואָס פלעגט געדויערן עטלעכע טעג. יונג און אַלט פלעגט אָנטייל נעמען אין דער גרויסער שמחה, מיט מוזיק אָרקעסטערס, עסן, טרינקען, געזאַנג און טענץ.

די פייערלעכע יום־טובדיקייט פון די חינוכס פלעגט איבערלאָזן נאָך זיך אַ טיפע בענקשאַפט, ווען אַלץ האָט זיך צוריקגעקערט צום וואָכעדיקן לעבן.

די חברה תהילים פלעגט אויך פראַווען אָפט מלוה־מלכה׳ס און פלעגט פאַרענדיקן שמחת־תורה מיט טענץ און געזאַנג. אין שול צו די הקפות פלעגט מען גיין מיט אילומינירטע פראָצעסיעס.

אַרום קאַמיק האָבן זיך אויך געפונען נאַטירלעכע שיינקייטן. דאָס שענסטע איז געווען דער באַרימטער נוסן־באַרג. די יוגנט, וואָס פלעגט אין זומער־צייט אַהיימקומען אויף שבת נאָך אַ וואָך אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך אָפּגעפרישט אין ים פון גרינס אין וועלכן דאָס גאַנצע שטעטל מיט זיינע פעלדער, וועלדער, וואַסערן און לאָנקעס איז געווען איינגעטונקט.

מער פון אַלץ איז אָבער געווען באַליבט דער נוסן־באַרג. אַהין פלעגט מען ציען שבת נאָכן טשאָלנט. ווען דאָס פאַרהאָרעוועטע שטעטל פלעגט פאַרזונקען ווערן אין שלאָף, פלעגט די יוגנט זיך לאָזן צום נוסן־באַרג מיט אַ צייטונג, מיט אַ בוך, מיט אַן אילוסטרירטן זשורנאַל, זיך דאָרט צולייגן און זיך פילן ווי אין אַ פאַרכישופטן פאַלאַץ . . . אַז מען האָט דערגרייכט דעם שפּיץ פון באַרג, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז נישט נאָר ליגט טשענסטאָכאָוו צופוסנס, נאָר אַז די גאַנצע וועלט איז ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

אין די פאָדערשטע רייען פון דער קאַמיקער יוגנט האָבן זיך אַרויסגערוקט צוויי פערזאָנען: בערל (בעני) יעלען און הערשעלע ערליך. דאָס זיינען געווען צוויי באַזונדערע גופים מיט איין נשמה. זיי זיינען געווען אי די „טרוימער פון קאַמיק", אי די, וואָס האָבן, לויט זייערע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, פאַרווירקלעכט אין מעשים זייערע חלומות.

קודם כל האָבן זיי געשאַפן אַרום זיך אַ יוגנט־קרייז און זיך באַמיט צו שאַפן פאַר זיי לייען־מאַטעריאַל, פון אַ צייטונג און זשורנאַל ביז אַ פילאָזאָפיש ווערק. ווען דער קרייז האָט זיך פאַרגרעסערט, זיינען זיי צוגעטראָטן צו שאַפן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אונטערן נאָמען „חברה

בחורים״, מיט אַן אייגענעם מנין און אייגענער ספר־תורה.

די קאַמיקער פאַנאַטיקער האָבן אָבער דערשמעקט, אַז אונטער דער „חברה בחורים״, מיטן אייגענעם מנין, איז באַהאַלטן עפּעס אַנדערש, און עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ מלחמה אין אַלע ווינקעלעך פון שטעטל: אין גאַס, אין שול, אין שטיבל, און אפילו אין דער מקווה — אומעטום האָט מען גערעדט פונעם אומגליק, וואָס עס טראָגט זיך אויף קאַמיק.

געוואונען האָט אָבער די יוגנט. די „חברה בחורים״ מיטן אייגענעם מנין איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. דער ערשטער שמחת־תורה, וואָס די בחורים האָבן געפייערט, האָט איבערגעשטיגן די חברה תהילים. ווען חברה האָט איינגעאָרדנט דעם „מאַרש״ אין די גאַסן מיט ליכט און געזאַנג, האָט מען אין יעדן פענצטער אָנגעצונדן ליכט פון זייערטוועגן. קאַמיק האָט נאָך אַזאַ בילד נישט געזען. אפילו די גויישע שכנים האָבן זיך מיטגעפרייט אין דעם יום־טוב.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין די שטעט און שטעטלעך. די קאַמיקער יוגנט האָט זיך אומגעקערט פון די שטעט צו טאַטע־מאַמע אויף קעסט. דער יוגנט־קרייז מיט זייערע צוויי אָנפירער האָט נישט פאַרנאַכלעסיקט די געלעגנהייט און האָט אָפט איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן, וואָס האָבן צוזאַמענגעהאַלטן די יוגנט און ביי זיי אַנטוויקלט דעם חוש פאַר געזעלשאַפטלעכע פראַגן און אַן אינטערעס פאַר ליטעראַטור. אָפט פלעגט מען ברענגען פאַרטרעטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון טשענסטאָכאָוו, ווי רפאל פעדערמאַן, שמואל פראַנק, א. כראַבאַלאָווסקי, הערשל גאַטיינער, משה בערקענשטאַט און אַנדערע.

מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער עקאָנאָמישער מצב פון קאַמיק נישט פאַרבעסערט, נאָר פאַרערגערט. די גרעסטע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געהונגערט, קינדער זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דער אָנפירנדיקער גרופּע יוגנט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די טשענסטאָכאָווער ס״ס, שפּעטער „פאַראייניקטע״, האָט קאַמיק באַקומען הילף אין שפּייז, וואָס אַמעריקע האָט צוגעשיקט פאַר פּוילן. עס איז געעפנט געוואָרן אַ קיך פאַר קינדער, וואו זיי האָבן באַקומען עסלעכע מאָלצייטן אַ טאָג. עס איז באַזאָרגט געוואָרן אַ ביסל קליידונג און לסוף איז געשאַפן געוואָרן דאָס שענסטע, מיט וואָס גאַנץ קאַמיק האָט זיך געפרייט און שטאָלצירט: אַ קינדערהיים אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

פאַרשטייט זיך, אַז אָן דער הילף פון טשענסטאָכאָוו, פון דער ציש״אָ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) און פון פריינד אין אַמעריקע, וואָלט דאָס אוממעגלעך געווען. די נשמה פון דער קינדערהיים איז געווען די ערשטע לערערין פייגעלע בערלינער, וועלכע האָט מיט איר ליבע צום קינד און מסירת־נפשדיקער איבערגעבנקייט, דערהויבן די קינדערהיים צו גאָר אַ שיינער מדרגה. די קאַמיקער קינדער, אַזוי ווי די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון קאַמיק, האָבן איר אָפּגעצאָלט מיט ליבע און פאַרערונג.

דעם צווייטן שול־יאָר איז געעפנט געוואָרן אַן ערשטער קלאַס פאָלקסשול. פריינד בערל יעלען איז שוין דעמאָלט געווען אין אַמעריקע און האָט געשטיצט די אַרבעט מיט אַלע זיינע כוחות.

ווען די דעלעגאַטן פון „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״ זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו שאַפן דאָס י. ל. פּרץ־הויז, האָבן זיי אויך באַזוכט קאַמיק און איבערגעגעבן דער קאַמיקער שול הונדערט דאָלאַר.

מיט דער הילף פון טשענסטאָכאָווער דראַמאַטישן קרייז פלעגט מען אויך איינאָרדענען פאַרשטעלונגען, פאַרלעזונגען און טאַנץ־אָוונטן, וואָס פלעגן אַריינברענגען פינאַנציעלע הילף.

ביי דער קינדער־היים האָט אויך עקזיסטירט אַן עלטערן־קאָמיטעט און עס פלעגן אָפט איינגעאָרדנט ווערן עלטערן־פאַרזאַמלונגען. אין עלטערן־קאָמיטעט זיינען געווען פאַרטראַטן אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס האָבן איינגעזען, אַז זייערע קינדער ווערן בעסער דערצויגן אין אַ מאָדערנער שול, ווי אין אַן אַלט־מאָדישן חדר.

קאַמיק האָט אויך אָנטייל גענומען אין די וואַלקאַמפּן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן און אַ גרויסע צאָל יידישע וויילער האָבן געשטיצט די פּראָגרעסיווע סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן.

בכלל האָט זיך קאַמיק אַרויסגערוקט אויבן־אָן צווישן די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו מיט איר קעמפנדיקער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן פאַרויס צו אַ בעסער לעבן און געפירט מיט זיך דאָס שטעטעלע. קאַמיק דאַרף נישט פאַרגעסן ווערן.



# טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל

אין ארץ־ישראל געפינען זיך היינט אַרום צוויי טויזנט טשענסטאָכאָווער. די ערשטע גרופּע חלוצים איז געקומען אין 1919. זיי האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע צווייגן פון אַרבעט און מיטגעמאַכט אַלע שוועריקייטן, וואָס דאָס בויען פון ארץ־ישראל האָט געפאָדערט.

אין 1925 האָט זיך דער עמיגראַציע־שטראָם פון פּוילן קיין ארץ־ישראל פאַרשטאַרקט און צוזאַמען מיט דער אַזוי גערופענער גראַבסקי־עליה זיינען אויך אַוועק קיין ארץ־ישראל אַ סך טשענסטאָכאָווער. די טשענסטאָכאָווער עולים, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן צוזאַמען און ווי נאָר מעגלעך געהאָלפן איינער דעם אַנדערן, האָבן זיך צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעטראָפן אין הויז פון לייב אָשר (פון דער היים אומגליק), דערנאָך אין דער קאַפע פון ר' משה האַלטער. ביי די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן איז געבאָרן געוואָרן דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין און זיין ערשטער פאָרזיצער איז געווען הרב יישאַיעוויץ (דער וואָליער רב).

צווישן די ערשטע, וואָס האָבן דאָ אויפגעבויט אַן אייגן הויז, איז געווען אבא לובראַוויץ, אַ ציוניסטישער עסקן פון טשענסטאָכאָוו. ביים בוי האָבן געאַרבעט בלויז טשענסטאָכאָווער. די הסתדרות האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 5 טשענסטאָכאָווער אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון גאָדל פרייטאג, איינעם פון די אַקטיווע פועלי־ציוניסטן פון טשענסטאָכאָוו און זי גערופן „קבוצת פרייטאג". די אַנדערע חברים פון דער קבוצה זיינען געווען: פיק, אָדערבערג, קאַמינסקי, בענצלאָוויטש. אויך די צוגעקומענע אַרבעטער זיינען געווען טשענסטאָכאָווער.

צווישן די טשענסטאָכאָווער עולים האָט זיך דעמאָלט אויך געפונען העלמונד בוכענהיים, בוי־אונטערנעמער אין טשענסטאָכאָוו, אַ דייטש. ער האָט אויך באַקומען אַרבעט אין דער „קבוצה". דער זעלבער העלמונד בוכענהיים איז אין 1939, ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן, געוואָרן קאָמיסאַר איבער אַלע פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו.

אין 1927 האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריזיס אין לאַנד. די בוי־אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ סך עולים, באַזונדער דער פאַרמעגלעכער עלעמענט, האָבן אָנגעהויבן צוריקצופאָרן קיין פּוילן. דער טשענסטאָכאָווער פאַראיין האָט דעמאָלט אָרגאַניזירט קעגנזייטיקע הילף פאַר זיינע מיטגלידער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון גאמאַלינסקי. דער קאָמיטעט האָט זיך געווענדט קיין טשענסטאָכאָוו, צו די טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע נאָך שטיצע. אין טשענסטאָכאָוו איז געשאַפן געוואָרן אַ הילף־קאָמיטעט און צוויי מאָל איז אָנגעקומען הילף. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן אַרבעטער־גרופּן און קאָלעקטיוון פון פאַרשיידענע פאַכן: אַ גרופּע טישלער מיט משה זילבערשאַץ בראש; אַ גרופּע קאָלאָשן־מאַכער, וואָס האָבן פאַרריכט קאַלאָשן; אַ גרופּע שוואַרץ־אַרבעטער און אַז"וו. די לאַגע האָט זיך ביסלעכווייז פאַרבעסערט. פון אַרבעטער זיינען געוואָרן באַאַמטע און קליין־אונטערנעמער. פון בעלי־מלאכישע קאָאָפּעראַטיוון זיינען געוואָרן גרעסערע וואַרשטאַטן. מער פאַרמעגלעכע אונטערנעמער — זיינען געוואָרן גרויס־אינדוסטריאַליסטן. עס איז דאָ אויך געשאַפן געוואָרן אַ צעלעלאָיד־פאַבריק מיטן אָנטייל פון שטענצל, יעקב פעפער, האַנדלסמאַן, גאָטליב און אַנדערע.

פון די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ געוויסן באַטייט פאַר דער ארץ־ישראל־אינדוסטריע, איז כדאי צו פאַרצייכענען: די פאַבריק פון קאַרפּ, וואָס פּראָדוצירט לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים און אין מלחמה־צייט האָט זי געאַרבעט פאַר מלחמה־צוועקן. אין דער פאַבריק זיינען באַשעפטיקט ביז 400 אַרבעטער, אַ גרויסער טייל פון זיי — טשענסטאָכאָווער. די גאַלאַנטעריע־פאַבריק פון יעקב גאָטליב, פון פאַך אַ שלאָסער און מעכאַניקער, אַ גראַדואירטער פון דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־שול. אויך ער באַשעפטיקט אַ סך טעשנסטאָכאָווער און גיט אַליין אָפּ אַ סך צייט פאַר דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. זיין פרוי חוה, פון דער היים ריכטער, העלפט אים אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

לעצטנס האָט זיך אין ארץ־ישראל אַנטוויקלט די וועבעריי־ און טריקאָטאַזשן־אינדוסטריע, וואו טשענסטאָכאָווער זיינען פאַרטראָטן אין אַ גרויסער צאָל.

אַחוץ די קליינע וואַרשטאַטן, וואָס אַרבעטן אַליין אָדער מיט איינצלנע העלפערס, זיינען אויך פאַראַן אַ פּאָר גרויסע אונטערנעמונגען, למשל, די פאַבריק פון צבי

שפּאַלטען, וואָס איז אַהער געקומען בעת דער מלחמה, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און טעטיק אויך אויף אַנדערע געביטן; ווי אויך: לעוויט, מענדל גילבערט און אַנדערע.

צווישן די האַנטווערקער־אונטערנעמונגען האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען די וואַרשטאַטן פון משה זילבערשאַץ (סטאָלעריי), שטיבל, הענעך קאַלקע פון ראַדאָמסק, אַ ברודער פון שמחה קאַלקע פון טשענסטאָכאָוו. אין ירושלים איז באַקאַנט לאַנדסמאַן מיט זיין מעכאַנישער שלאָסעריי, אַ גראַדואירטער פון דער האַנטווערקער־שול אין טשענסטאָכאָוו. ער איז פאָרזיצער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין ירושלים און אַ מיטגליד פון ועד אַרצי. אין ירושלים אַרבעטן אין דער האָלץ־בראַנזשע די ברידער סאָסאָווסקי, אויך טוער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין. אין חיפה איז פאַראַן אַ מעכאַנישע שלאָסעריי פון מאיר פיינרייך, אַ געוועזענער טעטיקער מיטגליד פון די ס״ס און אַ גראַדואירטער פון דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער־שול. אין חיפה געפינען זיך אויך די האַנטווערקער פון טשענסטאָכאָוו בלום און אַמסטערדאַם. צווישן די בוי־אונטערנעמער געפינט זיך יהושע קאַלקע. די ברידער קאַלקע באַשעפטיקן אויך אַ סך טשענסטאָכאָווער ביי פאַרשיידענע צווייגן פון זייער פאַך. אַריאלי, פון דער היים קאַלוזשינסקי, פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער דרוקעריי־בראַנזשע.

שמחה רייך, אַן אַקטיווער מיטגליד פון די פּועלי־ציון אין טשענסטאָכאָוו, איז באַקאַנט אין דער שטיינער־און מאַרמאָר־אויסאַרבעטונג, וואָס אַנטוויקלט זיך דאָ אין אַ ברייטן פאַרנעם.

אין האַנדל זיינען פאַרטראָטן: מאַס, כהן, געווערצמאַן, האָכערמאַן און אַנדערע. גאָדל פייערטאַג האָט אויך געגרינדעט די ערשטע טיי־פאַבריק „קראת״. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיין טיי־פאַבריק איבערגעשיקט טיי קיין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. זיין פירמע טראָגט דעם נאָמען קראת נומער 72, אָדער קראת נומער 93.

מער ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן האָבן זיך די טשענסטאָכאָווער אויסגעצייכנט אין דער לאַנד־ווירטשאַפט און גערטנעריי, און דאָס אַ דאַנק דער טשענסטאָכאָווער גערטנעריי־פירמע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פאַך־מענער, מיט וועלכע טשענסטאָכאָוו קען באמת שטאָלצירן. דער איינציקער גערטנער אין תל־אביב איז בוכמאַן, אַ שילער פון דער גערטנער־פירמע. אין די מושבות און קיבוצים געפינען זיך אויך אַ סך טשענסטאָכאָווער, שילער פון דער גערטנער־פירמע אַלס חברים פון די קיבוצים אָדער חלוצים. די טשענסטאָכאָווער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט גאָרטן־פלאַנצונגען פון מאַראַנצן זיינען: וואָלפאָוויטש, שאָכער, ליפּסקי, קאָנגרעצקי, זאַקסענהויז, פּיק, גאָלדשטיין, געווערצמאַן און אַנדערע. שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ איז באַקאַנט מיט איר פּראַקטישער און טעאָרעטישער קענטעניש אויף דעם געביט פון טראָפּישע פּלאַנצן.

אַ סך טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן זיך נישט געקענט איינלעבן אין דער לאַנד־ווירטשאַפט, האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט מלאכות און זיינען באַשעפטיקט זעלבסטשטענדיק, אָדער אַרבעטן אין קליינע אונטערנעמונגען. אַ טייל האָט זיך, דורך ענערגיע, דערשלאָגן צו די הויכשולן, אין ירושלים און חיפה, אונטער די שווערסטע באַדינגונגען פאָרגעזעצט זייער שטודיום און געקראָגן דיפּלאָמען. אַזוי האָבן אין חיפה גראַדואירט אַלס אינזשיניערן: ליפּינסקי, אַ זון פון ד״ר ליפּינסקי, און ווילינגער. ביידע האָבן געדינט אין די רייען פון די אַליִרטע אַרמייען אַלס אינזשיניערן.

אַזוי טרעפט איר אומעטום טשענסטאָכאָווער אין די אָנפירנדיקע אַנשטאַלטן, אין דער לאַנדווירטשאַפט, ביים בויען די שענסטע הייזער אין תל־אביב, ביי דער קאַנאַליזאַציע־אַרבעט אאַז״וו, ביים באַפוצן הייזער מיט מאַרמאָר קענט איר טרעפן דעם אַלעמען באַקאַנטן שמחה רייך, ביים גלעזן הייזער — פייטל שמולעוויטש, ביים אויספאַרטיקן טישלער־אַרבעט, ווי טירן און פענצטער — שטיבעל. מען וואָלט געקענט אויספילן אַ סך זייטן מיט די נעמען פון טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן געבויט און בויען דעם ישוב אין ארץ־ישראל.

דריי רבנים אין תל־אביב זיינען געווען טשענסטאָכאָווער: הרב שאַיעוויטש ז״ל (ער איז געשטאָרבן אין 1941), הרב שטענצעל, הרב תמר. אין משך פון אַ פּאָר יאָר איז אַ טשענסטאָכאָווער: קליינמאַן (פּעסל דער מערינס איניקל) געווען שעף פון דער פּאָליציי. אַ סאַרדזשענט אין דער זעלביקער פּאָליציי איז אויך געווען יצחק (קרימאַלאָווסקיס אַן אייניקל). אַנדערע פּאָליציאַנטן פון טשענסטאָכאָוו זיינען: אַדלער, פרידמאַן, אשר שוואַרצבוים (יחיאל שוואַרצבוימס זון, ערשטע אַלייע), זילבערשטיין און אַנדערע.

אין 1936 איז אין חיפה געפאַלן אין העלדישן קאַמף קעגן אָנפאַלנדיקע אַראַבער אַ טשענסטאָכאָווער — וואָלהענדלער. אין דער שפּיץ פון די „פּועלי מזרחי״ אין ארץ־ישראל שטייען ביז היינט צו טאָג צוויי טשענסטאָכאָווער: שרגי, פון דעם היים פּייוועלאָוויטש, און לעסלאו רויזען. שרגי איז אויך אין דער עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענץ אין ירושלים. אַ פאָרשטייער פון דער אַגענץ אין טעהעראַן, פּערסיע, איז שאַיעוויטש. מען רופט אים היינט ד״ר משה ישי (דעם וואָלער רבס זון).

גרויס כבוד האָט פאַרשאַפט דעם טשענסטאָכאָווער יידנטום דער שעפער פון סימפאָנישן אָרקעסטער מיט אַ פּרעכטיקער געביידע אין תל־אביב, בראָניסלאַוו הובערמאַן, אַ געבאָרענער טשענסטאָכאָווער. עס איז דאָס שענסטע, וואָס איז אין דער איצטיקער צייט געשאַפן געוואָרן אויפן גאַנצן נאָענטן מזרח.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָבן צווישן טויזנטער אַנדערע פרייוויליקע זיך געמאָלדן צום פּאַלעסטינער מיליטער־דינסט אַ סך טשענסטאָכאָווער, ווי פּאָטאַשע־

וויטש, קאַרטוז, יאַקובאָוויטש, בריל. יצחק זעלקאָוויץ, געבאָרן אין טשענסטאָכאָוו אין 1898, איז אַריינגעטראָטן אין פּראָנצויזישן פרעמדן־לעגיאָן. ווען פראַנקרייך איז געפאַלן, איז ער צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל און גע־הערט צו דע־גאָלס מחנה.

ווען די אויסטראַליער זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל איז מיט זיי מיטגעקומען שטייניץ, דער יינגסטער זון פון שטייניץ, דעם לעדער־סוחר אויפן נייעם מאַרק. מיט די דרום־אַפריקאַנער איז געקומען בערקאָוויץ (לייזער בערקאָוויטש איז זיין פעטער). מיטן פּוילישן מיליטער פון סאָוועט־רוסלאַנד זיינען געקומען אַ סך טשענסטאָכאָ־ווער מיליטער־לייט, צווישן זיי אייניקע אָפיצירן, ווי ד״ר קאַהן, ד״ר פיינמאַן, באַכענעק און אַנדערע.

אין דער לאַנד־פּאַרטיידיקונג־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער מלחמה־צייט, אונטערן נאָמען „משמר אזרחי״, האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנ־טייל: גאָדל פרייטאַג, יעקב ישכל, פייטל שמולעוויטש, שטשעקאַטש און אַנדערע.

אין דער „התאחדות עולי פּוילן״ (פאַראייניקונג פון פּוילישע יידן אין ארץ־ישראל) איז דער טשענסטאָכאָווער ארגון (ברענטש) געווען דער ערשטער און שטאַרקסטער (איצט געפינען זיך שוין 40 אָפּטיילונגען). אין דער שפּיץ פון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע שטייט ד״ר הורוויטש, אַ זון פון טשענסטאָכאָווער קייטן־פאַבריקאַנט. וויצע־פּאַרזיצער איז שמולעוויטש. אַנדערע, וואָס פאַר־נעמען אַן אַנגעזעענעם אָרט אין דער אָנפירונג און אין ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען: שפּאַלטען, ווידענ־פעלד, יהודה, פּיוולאָוויטש אפרים שמואל, יעקב גאָט־ליב, פרוי ראָזענצווייג, דוד גרושקא, טריימאַן, קאַרפּ, אריאלי (קאַלאַזשינסקי), לעוויט, הענעך נירענבערג.

אין דער עיריה (שטאָט־פאַרוואַלטונג) פון תל־אביב געפינט זיך דאַווידאָוויטש. אין דער הסתדרות — שמואל אפרים. אין די בעלי־מלאכהשע אָרגאַניזאַציעס איז פאַרטראָטן פייטל שמולעוויטש. ער באַטייליקט זיך אויך אין דער העברעאישער און יידישער פרעסע („נייע וועלט״) מיט אַרטיקלען וועגן בעלי־מלאכות.

אַן אַקטיוון און אָנפירנדיקן אָרט פאַרנעמען אויך די טשענסטאָכאָווער אין די פסח־אַקציעס („קמחא דפסחא״) — גאָדל פרייטאַג, ד״ר הורוויץ, פרוי הורוויטש, פרוי ריינגאָלד, צבי שפּאַלטען.

אין 1939 האָט זיך ביי דער געזעלשאַפט „התאחדות עולי פּוילן״ געגרינדעט אַן אָפּטיילונג אונטערן נאָמען: „ועד המאוחד״, וועלכער האָט די אויפגאַבע צו העלפן די יידן פון פּוילן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די היט־לער־געגנסטערס אין די לענדער, וואו הילף קען דער־גרייכט ווערן און באַזונדער צו געבן די ערשטע הילף און באַזאָרגן מיט אַרבעט די, וואָס ראַטעווען זיך קיין ארץ־ישראל. אין דער שפּיץ פון ועד המאוחד שטייט ד״ר הורוויטש. מיט דער טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג פירט

אַן פייטל שמולעוויטש. אַנדערע טשענסטאָכאָווער, וואָס העלפן מיט ביי דער דאָזיקער אַקציע, זיינען: שמואל אפרים, ווײַדענפעלד, כהן, שפּאַלטען, פרייטאַג, יעקב ישכל, דוד גרושקא, לעוויט. מיט זייער הילף איז גע־לונגען צו זאַמלען די אַדרעסן פון טשענסטאָכאָווער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ביז איצט זיינען געזאַמלט געוואָרן אַרום 85 אַזעלכע אַדרעסן. דער טשענסטאָכאָווער „ארגון״ האָט אַרויסגעשיקט אַ גרויסע צאָל פעקלעך מיט לעבנס־מיטל און קליידונג. מיט גרעסערע סומען פאַר דעם ציל האָבן זיך באַשטייערט: קאַרפּ, פרייטאַג, ישכל, אברהם גאָטליב, יעקב גאָטליב, אהרן מאָס, די ברידער כהן און זייער פאָטער חיים.

אַ גרויסע אונטערנעמונג צו העלפן די טשענסטאָ־כאָווער קרבנות פון היטלעריזם איז געווען דער „טשענ־סטאָכאָווער טאָג״. אויף יענעם אָוונט איז געזאַמלט גע־וואָרן אַ סומע פון 75 פונט, און אַחוץ דעם 200 פּאַקעטן אָוועקצושיקן פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין קרובים אין ארץ־ישראל.

אין ירושלים איז דער „יום טשענסטאָכאָוו״ איינגע־אָרדנט געוואָרן מיטן אָנטייל פון ד״ר הירשבערג, ד״ר יוסף קרוק און אברהם איזביצקי. אויך דאָרט איז גע־זאַמלט געוואָרן אַ גרעסערע סומע פאַר דעם ציל.

יעדן יאָרטאָג פון מלחמה־אויסברוך, דעם 1טן סעפּ־טעמבער, אָרדנט איין דער „ועד המאוחד״ אַ בלימל־טאָג אונטערן נאָמען „יום יהדות פּוילן״ (אַ טאָג פאַר די יידן פון פּוילן). אין דער אונטערנעמונג שפּילן פרויען די הויפּט־ראָלע און בכלל שלאָגן זיי אַ רעקאָרד אין הלכות געלט־זאַמלען. די נעמען פון די טשענסטאָכאָווער פרויען, וואָס נעמען יעדעס יאָר אָנטייל אין דעם בלימל־טאָג זיי־נען: פרוי גרינבערג, שעגין, גאָטליב, פריילעך, פריי־טאַג, לעווקאָוויטש, גרושקא, אפרים, איציק, מאַשקאָ־וויטש, בלעכשטיין, הערשליקאָוויטש, ווייצענבלאַט, לעסלוי, ריינגאָלד, רייך, שטשעקאַטש, האָכערמאַן, מאַרק־זון, לעוויט, באַרנשטיין, ראָזענצווייג, רבקה פיינרייך, זיידמאַן, קאַלקע, אייזנבערג, פרייס, יעקל, באַרנשטיין, חנה־צבי־חיים, פּראָפּענאַטור, פּאַדאָמסקי און אַנדערע.

ווען ד״ר יוסף קרוק איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, האָבן די טשענסטאָכאָווער אין תל־אביב איינגעאָרדנט פאַר אים אַ צוזאַמענקונפט און ער איז דערווײַלט געוואָרן אַלס ערן־פּאַרזיצער פון טשענסטאָכאָווער „ארגון״ (אָפּ־טיילונג). אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען אויך געווען פאַר־טראָטן פאָרשטייער פון אַנדערע אָפּטיילונגען פון „התאח־דות עולי פּוילן״. ירושלים און חיפה זיינען געווען פאַר־טראָטן דורך וואָלף לאַנדסמאַן און ווזאָווסקי. ד״ר קרוק האָט געשילדערט זיינע איבערלעבונגען פון די לעצטע טעג אין פּוילן און איבערגעגעבן זכרונות וועגן זיינע יוגנט־יאָרן אין טשענסטאָכאָוו. דער אָוונט האָט גע־מאַכט אויף אַלע אַ טיפן רושם. שפּעטער זיינען נאָך פאַרגעקומען עטלעכע אָוונטן מיטן אָנטייל פון ד״ר יוסף קרוק.

# אַ צוזאַמענטרעף פון טשענסטאָכאָווער אין תל־אביב

זונטיק, דעם דריטן מערץ 1946, איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין תל אביב.

די פאַרזאַמלונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין איי־נעם פון די גרעסטע לאָקאַלן אין שטאָט פון „חוג־הבימה" דער זאַל איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן, איייניקע הונדערט לאַנדסלייט האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאַר־זאַמלונג.

דער זאַל שטעלט פאָר אַן אינטערעסאַנט בילד, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס אַמאָליקע טשענסטאָכאָוו. גרייז גרויע קעפּ, אַלטע יידן וועלכע זיינען שוין פון יאָרן דאָ אין פּאַלעסטינע. מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און פאַבריקאַנטן (יאָ, מיר האָבן שוין אין תל אביב אויך „אייגענע" פאַ־בריקאַנטן). אַלע זיינען זיי געקומען הערן די באַריכטן איבער דער לאַגע פון אונזערע ברידער און שוועסטער דאָרט אין וויטן טשענסטאָכאָוו. די פאַראינטערעסירונג איז אַן אומגעהויערע. יעדער איז דורשטיק צום שעפּן נאָכ־ריכטן איבער די, וועלכע זיינען על־פּי־צופאַל נאָך ביים לעבן געבליבן.



פאַרוואַלטונג-מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין תל-אביב (חברי הועד צנסטוחובים בתל-אביב)
זיצן, פון רעכטס צו לינקס: י. ישכל, צ. שפּאַלטען, ג. פּרייטאָג, ש. רייגאָלד.
שטייען, פון רעכטס צו לינקס: ד"ר א. האָראָוויטש, ר. לעסלוי, א. גאָטליב, זשעזמער, פּ. שמולעוויטש.

**און דערפאַר קאָנט איר אין זאַל געפינען פיל לאַנדס־לייט, וועלכע וואוינען אין דער פּראָווינץ און האָבן זייער צייט געשאָנקען דעם צוזאַמענטרעף. נאָך פאַרן אָנהויב פון דער פאַרזאַמלונג קאָנט איר באַגעגענען סצענעס, ווי מענטשן ממש צעוויינען זיך פאַר גרויס שמחה, וואָס זיי האָבן זיך נאָך פיל יאָרן פון נישט זען, איינער דעם צווייטן ווידער געטראָפן. און ביי דער געלעגנהייט גיסט זיך יעדער אויס זיין ביטער האַרץ, און טרערן רינען,**

ווען אַן אַלטע פרוי גיט איבער, אַז פון אירע אַכט קינדער אין טשענסטאָכאָוו איז ליידער קיינער ביים לעבן נישט געבליבן. אַ יונגער חלוץ, אַ פּיאָנער, וועלכער איז ערשט האַרט פאַרן קריג־אויסברוך אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, דערציילט, אַז ער איז געבליבן איינזאַם און עלנט ווי אַ שטיין. קיינער איז אים נישט פאַרבליבן פון זיין גרויסער פאַמיליע. און אַזוי טיילט מען זיך מיט די איוב בשורות. ביז עס דערהערט זיך דער קלונג פון פאַרזיצער, וועלכער רופט אַלע פאַרזאַמלטע צו פאַרנעמען פּלעצער.



די ערשטע גרופּע טשענסטאָכאָווער אין תל-אביב (1919)
צווישן אַנדערע: געריכטער, פּ. ווייצנבלאַט, ד"ר האָראָוויטש, גאָמולינסקי, רייכמאַן, האָראָנטשיק.

די פאַרזאַמלונג ווערט געעפנט דורך הער לעוויט (אַן איידעם פון דעם מגיד קובלינץ), ער באַגריסט די פאַרזאַמלטע און לייענט אַ האַרצרייסנדן בריוו, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון טשענסטאָכאָווער יידישן קאָמיטעט.

דער ערשטער רעדנער איז ד"ר הירשבערג, דער גע־וועזענער פּרעדיקער און ראַבינער פון דער נייער שול. ער דערציילט די טראַגעדיע פון די פּליטים, ווייל נישט לאַנג איז, ווי ער אַליין האָט זיך געפונען אין דעם זעלבן מצב און אָפּעלירט צו שטיצן די זאַמל־אַקציע לטובת אונזערע ברידער אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע וועט אַדורכגעפירט ווערן דורכן היגן קאָמיטעט.

אין זעלבן זין רעדט אויך ד"ר יוסף קרוק. ער לייענט פאָר אייניקע בריוו וואָס זיינען דערהאַלטן גע־וואָרן אויף זיין אַדרעס די לעצטע צייט. ער ווענדט זיך צו די פאַרזאַמלטע צו פאַרשפּרייטן דעם טשענסטאָכאָווער אַלמאַנאַך, וועלכער האַלט ביים דערשיינען בקרוב אין אַמעריקע.

דער לעצטער איז דער סאָלדאַט פון דער יידישער בריגאַדע, עזריאל יעקובוביץ, וועלכער האָט באַ־



לאַנד-קאָמיטעט (ועד ארצי) פון טשענסטאָכאָווער אין ארץ-ישראל

שטייען פון רעכטס צו לינקס: ד״ר י. האָראָוויטש, י. גאָטליב, צ. שפּאַלטען, פּ. שמולעוויטש, פּ. זובסקי.

זיצן פון רעכטס צו לינקס: וו. לאַנדמאַן, ד״ר י. קרוק, י. דאַנציגער.



פאַרוואַלטונג-מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין ירושלים (חברי הועד צנסטוחובים בירושלים)

זיצן, פון רעכטס צו לינקס: פּ. זוזבסקי) ד״ר י, קרוק, וו. לאַנדמאַן.

שטייען פון רעכטס צו לינקס: ש. זוזבסקי, נ. בעסערגליק, א. זוזבסקי, ד. זוזבסקי.



אַ גלעזל טיי ביי טשענסטאָכאָווער אין חיפה



פאָרשטייער פון „ארגון עולי צנסטוחוב" אין חיפה

זיצן פון רעכטס צו לינקס: בלום, דאַנציגער, פיינרייך.

שטייען, פון רעכטס צו לינקס: י. גאָלדפאַרב, ווינדמאַן, בורזיקאָווסקי.



די ערשטע גרופּע טשענסטאָכאָווער אין חיפה אין 1926

צווישן אַנדערע: י. דאַנציגער מיט פרוי, א. שוואַרצבוים מיט פרוי, מאיר פיינרייך מיט פרוי, די ברידער יחיאל און יעקב קליינער, ווינדמאַן.



אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער אין ארץ-ישראל אין 1926

זוכט טשענסטאָכאָוו אין דעצעמבער 1945. ער ברענגט אַ לעבעדיקן גרוס פון די רעשטלעך פון יידנטום, וועלכע זיינען נאָך דאָרט פאַרבליבן פון דעם גרויסן יידישן ישוב. ער דערציילט גענוי, ווי טשענסטאָכאָוו זעט אויס נאָך דער „באַפרייאונג". ער גיט איבער וועגן די אינסטיטוציעס, וועלכע עקזיסטירן נאָך דאָרט און בכלל וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין אַלגעמיין איז דער גרוס אַ טרויעריקער. נאָך שרעקלעכער און מוראדיקער ווי מ׳האָט עס זיך פאַרגעשטעלט.

יעקובוביץ דערציילט אויך וועגן די הונדערטע־טשענסטאָכאָווער, מיט וועלכע ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן בשעת זיין וויילן אין אייראָפּע אין פאַרשיידענע לענדער און לאַגערן. די לאַגע איז צום גרעסטן טייל אַ שווערע, עס זיינען פאַראַן פיל, וועלכע זיינען הונגעריק נאָך ברויט, און ווינטער זיינען זיי אָן שיך און קליידער. זייער איינציקע האָפענונג איז עמיגראַציע, צי קיין ארץ־ישראל אָדער אַנדערע לענדער, ווייל קיין פוילן איז ניטאָ קיין וועג צוריק. פריער זיינען זיי געמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס און איצט שטייט זיי דאָס זעלבע פאַר דורך די פּאָליאַקן.

די פאַרזאַמלונג ווערט פאַרענדיקט מיטן איבערשיקן אַ הייסן גרוס אונזערע ברידער אין טשענסטאָכאָוו און אין גאָר דער וועלט.

אויפן אָרט ווערן געזאַמלט פיל געלטער פאַר דעם צוועק.

די פאַרזאַמלונג האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם ביי אַלע אַנוועזנדע.




דאָקומענטן פון טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און קאַנאַדע

# טשענסטאָכאָווער אין קאַנאַדע

# טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף־פאַראיין אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע)

די ערשטע פאַרזאַמלונג צו גרינדן אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ איז פאָרגעקומען דעם 8טן יאַנואַר 1943, מיט דער באַטייליקונג פון די פאָלגנדיקע פערזאָנען: צ. אָרזשעך, ש. קאַמינקאָווסקי און ב. סינסינאַטוס.

אַ קורצע צייט שפּעטער, דעם 29טן מערץ 1943, איז פאָרגעקומען אַ צווייטע פאַרזאַמלונג פון די פערזאָנען: דוד בערענהאָלץ, צ. אָרזשעך, ש. קאַמינקאָווסקי, ב. סינ־סינאַטוס און משה פינקוס, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן די ערשטע גרינדונגס־אסיפה און שאַפן אַ שטענדיקן טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין טאָראָנטאָ. דער טערמין איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 4טן אַפּריל 1943 אין הויז פון פריינט ד. בערענהאָלץ.

אין דעם טאָג זיינען זיך ביי פריינד ד. בערענהאָלץ צונויפגעקומען אַ גרופּע לאַנדסלייט און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּרעזידיום אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל:

צ. אָרזשעך — צייטווייליקער טשערמאַן.
שמשון ליכטער — צייטווייליקער סעקרעטאַר.
דוד בערענהאָלץ — צייטווייליקער קאַסירער.

אויך איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקע עקזעקו־טיווע פון פאָלגנדע פערזאָנען:

משה טאַרנאָווסקי, ש. ליכטער, ב. וואזשניצע, א. דאלמאַן און ש. קאַמינקאָווסקי.

די געוויילטע מיטגלידער פון פּרעזידיום און עק־זעקוטיוו זיינען מיט אַ גרויסער ענערגיע צוגעטרעטן צו דער אַרבעט און באַלד אויף דער פאַרזאַמלונג געזאַמלט ביי די אַנוועזנדע מיטגלידער די ערשטע געלט־פאָנדן. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט אויף דעם געביט פריינד ד. בערענהאָלץ.

אויך איז אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן געוואָרן צו רופן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ מיטן נאָמען: „טשענסטאָכאָווער הילף פאַראיין און אומגעגנט" אין טאָראָנטאָ.

ווי ווייט איבערגעגעבן און געטריי די מיטגלידער פון פּרעזידיום און דער עקזעקוטיווע האָבן געאַרבעט, באַווייזט דער פאַקט, אַז ביז דעם 2טן מאַי 1943 איז זיי געלונגען צו געווינען לערך 100 נייע מיטגלידער און שאַפן אַ גרעסערע סומע געלט, און אויך צו רופן אויף דעם דאָזיקן טאָג אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

די אָפּגעהאַלטענע אסיפה דעם 2טן מאַי 1943 האָט אויסגעוויילט פאָלגנדיקע באַאַמטע:

משה טאַרנאָווסקי — טשערמאַן.
יחיאל גאָלדבערג — וויס־טשערמאַן.
הערשל גאָלדבערג — וויס־טשערמאַן.
ב. וואזשניצע — וויס־טשערמאַן.
שמשון ליכטער — פינאַנץ־סעקרעטאַר.
ש. קאַמינקאָווסקי — פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר.
דוד בערענהאָלץ — קאַסירער.
עקזעקוטיווע:

מ. בערענהאָלץ, ב. קאַלכאַרי, ב. וואזשניצאַ, י. טשאָפּ־ניק, ס. וואזשניצאַ, ח. גאָלדבערג, י. גאָלדשטיין, ה. לאַנ־דוי, ה. סטאַרר, מרס. מ. בערנהאָלץ, מרס. ב. קאַלכאַרי, מרס. ס. ליכטער, מרס. וואזשניצאַ, מרס. ח. גאָלדבערג, מרס. לאַזאַרוס און פ. קעניגסבערג.

עס איז ווערט צו דערמאָנען, אַז אונטער דער אָנ־פירערשאַפט פון פריינד משה טאַרנאָווסקי האָט דער טשענסטאָכאָווער הילפספאַראיין געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג. אויך די פאַמיליעס בערענהאָלץ, וואזשניצאַ און עלטסטער האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטיקייט פון פאַראיין.

אַ גאָר היפּשן חלק אין דער אַרבעט פון טשענס־טאָכאָווער הילפספאַראיין אין טאָראָנטאָ האָבן די פרויען פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. זיי האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט זאַמלען גרעסערע געלט־סומען און העלפן זייערע מענער ביי זייער אָנגעשטרענגטער הילף־אַרבעט.

כדי צו שאַפן גרעסערע געלט־סומעס, איז דעם 6טן פעברואַר 1944 פאָרגעקומען די ערשטע גרעסערע אונ־

טערנעמונג ביי דעם טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין אין טאָראָנטאָ.

דורך דער איניציאַטיוו פון עטלעכע פּערזאָנען איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט, צו וועלכן עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ סואווענירבוך. דעם באַנקעט האָבן בייגעוואוינט אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט און מיט זייער באַשטייערונג האָבן זיי פאַרשטאַרקט דעם געלט־פאָנד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

אַ צווייטער באַנקעט מיט אַ סואוועניר־בוך, וואָס האָט אויך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, איז צושטאַנדגעקומען דעם 28טן יאַנואַר 1945.

דעם סך־הכל פון דער טעטיקייט פונם טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ באַווייזן פאָלגנדיקע ציפערן:

50 שפּייז־פּעקלעך קיין טשענסטאָכאָוו. 500 דאָלאַר אין קעש דורך ד״ר טענענבוים, פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן. אַן אַקטיווע באַטייליקונג אין אַלע הילפס־אינסטיטוציעס. ווי אויך אין דעם מעות־חיטים קאַמפּיין. אַן אַנטייל אין דעם יונייטעד־פּאַלעסטיין־אַפּיל און אַנדערע.

דאָס אויבנדערמאָנטע איז געשאַפן געוואָרן דורך דער אַרבעט פון די אָרטיקע פריינד און דורך דער מאָראַלישער שטיצע פון דעם „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק״, וואָס האָט צו דעם צוועק אַרויסגעשיקט זיין פאַרטרעטער פר. ר. פעדערמאַן.

דער טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין אין טאָראָנטאָ שטייט אָבער ניט אָפּ פון זיין אַרבעט. באַוואוסטזיניק אין זייער ציל און אויפגאַבן, שטייען זיי ווייטער אין די רייען פון בויער פון אַ נייעם יידנטום בכלל און טשענסטאָכאָוו בפרט.



פאַרוואַלטונג פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילף-פאַראיין אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע)

זיצן פון רעכטס צו לינקס: ד. בערנהאָלץ (קאַסירער), ש. אלסטער, מ. טאַרנאָווסקי (פּרעזידענט), ה. גאָלדבערג (וויים-פּרעזידענט), ש. ליכטער (פינ. סעקר.).

1-טע ריי, שטייען פון רעכטס צו לינקס: א. ווינטער, ע. שוויצער, פ. קעניגסבערג, ב. וואזשניצע, י. פרייערמויער, י. גאָלדבערג.

2-טע ריי, שטייען פון רעכטס צו לינקס: ש. קאַמינקאָווסקי (רעק. סעקר.), מ. בערנהאָלץ, צ. אָרזשעך, ה. סטאַר, י. טשאַפּניק.

# טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף־פאַראיין אין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע)

די ערשטע גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז פאָרגעקומען דעם 16טן דעצעמבער 1945, פון דער איניציאַטיוו און אין הויז פון מר. מעראָוויטש־ווייצמאַן. עס זיינען אַנוועזענד געווען: מר. נייטען געלבער, מר. באָזשיקאפסקי און פרוי און מר. סילווער בערקאָוויטש.

די הויפּט־פראַגע אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז געווען, ווי אַזוי צו העלפן די איבערגעבליבענע אין טשענסטאָכאָוו.

די פאַרזאַמלטע לאַנדסלייט, וואָס האָבן ביי דער געלעגנהייט זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן, האָבן מיט באַגייסטערונג באַגריסט די איניציאַטיוו פון פר׳ מעראָוויטש און איינשטימיק באַשלאָסן צוצוטרעטן אַקטיוו צו דער הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

עס איז אויפן אָרט דערווילט געוואָרן אַלס צייטווייליקער פרעזידענט — מר. בערקאָוויץ; וויים־פּרעזידענט — נייטען געלבער; טרעזשורער — דוד געלבער; קאַמפּיין־מענעדזשער—באָזשיקאָפסקי; קאַמפּיין־טשערמאַן — א. מעראָוויטש, און אַלס צייטווייליקער סעקרעטאַר — פיליפּ מעראָוויטש.

פּרעזידענט מר. בערקאָוויץ עפנט אַ געלט־זאַמלונג און גיט די ערשטע 25 דאָלאַר; ווייטערדיקע ביישטייערונגען האָבן צוגעטראָגן: מר. נייטען געלבער — 25 דאָלאַר; מר. מעראָוויטש — 25 דאָלאַר; מר. באָזשיקאפסקי — 10 דאָל.; מר. סילווער — 10 דאָל.; מרס. יאַריס און מרס. בעלס — צו 5 דאָלאַר. צוזאַמען איז דעם זעלבן חודש געזאַמלט געוואָרן 100 דאָלאַר. מיט דעם באַשלוס צו רופן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג דעם 30־טן דעם זעלבן חודש, איז די ערשטע אַסיפה געשלאָסן געוואָרן.

אַ גרעסערע אונטערנעמונג פון טשענסטאָכאָווער אין מאָנטרעאָל איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 17־טן פעברואַר 1946, ביי אַ הזכרה־מיטינג אין זאַל פון „אַרבעטער־רינג״, געווידמעט די קדושים אין טשענסטאָכאָוו.



פאַרוואַלטונג פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילף־פאַראיין אין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע)

זיצן פון רעכטס צו לינקס: דוד געלבער, ר. פעדערמאַן, ה. בערקאָוויטץ, א. מייראָוויטץ.

שטייען: ה. יאַבלאָנקעוויטץ, י. קליין, נ. געלבער, מ. זילבערבערג, א. ווייסקאָף.

די בינע איז דעקאָרירט מיט בילדער פון דער חורבן צייט און פון איצטיקן טשענסטאָכאָוו.

טשערמאַן מר. מ. מעראָוויטש שטעלט פאָר פאַר די פאַרזאַמלטע דעם פרעזידענט ה. בערקאָוויטש, וועלכער באַקענט די אַנוועזנדע מיטן ציל פון היינטיקן מיטינג. עס ווערט אויך ביי דער געלעגנהייט געהייליקט דער אָנדענקן פון דער מיטגלידערין פון טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיין אין מאָנטרעאָל, פרוי נאָרא קליין. מיט רעדעס וועגן דער פריצייטיק־פאַרשטאָרבענער טרעטן אַרויס מר. מ. מעראָוויטש און שלמה גרונט.

נאָך די באַגריסונגען פון צוויי דעלעגאַטן־לאַנדסלייט פון טאָראָנטאָ, האַלטן רעדעס וועגן די אומגעקומענע און וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום לגבי זייערע ברידער און שוועסטער מעבר לים מר. ד. קליין, ראַבאַי ה. דענענבערג און לאַיער לעאָן קריסטאַל, נעשאַנאַל טשערמאַן.

חזן אברהם מאָץ מאַכט אַן אל מלא רחמים.

דער גאַסט־רעדנער רפאל פעדערמאַן גיט איבער אין אַן איינדרוקספולן רעפעראַט אַ בילד וועגן דעם חורבן אין טשענסטאָכאָוו און וועגן דעם איצטיקן מצב אין דער היים־שטאָט. ער רופט די פאַרזאַמלטע ווייטער צו העלפן די געבליבענע אין דער אַלטער היים.

די אַדורכגעפירטע געלט־זאַמלונג האָט אַריינגעבראַכט איבער 800 דאָלאַר.

מיט אַן אַפּיל ווייטער זיך אָנצושליסן אין דעם טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין שליסט פרעזידענט ה. בערקאָוויטש דעם מיטינג.

צום יאָרטאָג פון דער עקזיסטענץ פון דער טשענסטאָכאָווער אומגעגענט הילף־סאָסייעטי אין מאָנטרעאָל איז דאָנערשטיק, דעם 26־טן דעצעמבער 1946 פאָרגעקומען אַ באַנקעט אויף וועלכן האָט. פרעזידענט דזשאָדזש קליין האָט געדאַנקט די פאַרזאַמלטע פאַר די גוטע אַרבעט און פאַר זיי פאָרגעשטעלט די נאָר־וואָס געקומענע צוויי יונגע קינדער פון טשענסטאָכאָוו, די ברידער ווייסקאָפּ.

פאָרזיצער פר׳ מ. מעראָוויץ גיט אַ באַריכט פון דער ביז איצטיקער טעטיקייט: עס איז געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו 17 הונדערט דאָלאַר אין קעש, 12 הונדערט פונט קליידונג, ווי אויך אַ גרויסע צאָל פריוואַטע פעקלעך.

אויף דעם אַפּיל פון פאָרזיצער איז ביי די אַנוועזנדע 35 געסט אויפן באַנקעט געזאַמלט געוואָרן די סומע פון 1140 דאָלאַר, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר טשענסטאָכאָוו

אויך אויפן געביט פון אינערלעכער אָרגאַניזאַציע ווייזט די סאָסייעטי אַרויס אַ שטאַרקע טעטיקייט. די חודשלעכע מיטינגען און די אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון איינצלנע מיטגלידער זיינען אויך אויף ווייטער אַ גאַראַנטיע פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל און אַז זיי וועלן ווייטער העלפן זייער אַלטער היים־שטאָט.

---

# פאַראיין פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע

דער פאַראיין פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1929. ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין הויפט־אויפגאַבע צו באַזאָרגן מיט מאַטעריעלער הילף די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט דאָ אויפן אָרט אין פאָרם פון הלוואות אויף גרינגע באַדינגונגען פון אויסצאָלן. די צאָל מיטגלידער איז דעמאָלט געווען אַ קליינע, ווייל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צום פאַראיין.

די אָנפירער פון פאַראיין זיינען באַשטאַנען פון אַ קאָמיסיע פון זיבן מאַן. די הכנסה פון פאַראיין איז אַריינגעקומען פון טיי־פאַרווייליגונגען, וואו דער עולם פלעגט זיך צוזאַמענקומען, אַ שמועס טאָן מיט אַ לאַנדסמאַן, מיט וועלכן מען האָט זיך שוין לאַנג נישט געזען. ביי דער געלעגנהייט האָט מען אויסגעהערט אַ פאָר ווערטער פון די אָנפירער וועגן דער נויטווענדיקייט צו שטיצן דעם פאַראיין.

מען מוז מודה זיין, אַז די פרינציפּן פון פאַראיין זיינען נישט געווען אויסגעהאַלטן. דער פאַראיין האָט געטראָגן דורך און דורך אַ קליינבירגערלעכן כאַראַקטער און האָט דערפאַר נישט געהאַט די געהעריקע שטיצע פון די טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן געהאַט אַן אַנדערן קוק אויף געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

נאָך אַ קורצער צייט איז די טעטיקייט פון פאַראיין איינגעשלאָפן.

אין מערץ 1943, ווען צו אונדז דאָ, אין אַרגענטינע, זיינען דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעות פון טשענסטאָכאָוו און פון גאַנץ פוילן, האָבן מיר איינגעזען, אַז מען דאַרף אָנשטרענגען אַלע כוחות, כדי צו שאַפן הילף פאַר אונדזערע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידער. דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין האָט זיך מיט גרויס ענטוזיאַזם רעאָרגאַניזירט. אַ סך מיטגלידער האָבן זיך באַלד באַשטייערט מיט גרויסע סומעס, אַנדערע האָבן

זיך אונטערגענומען אויסצוצאָלן אין ראַטעס, ביז עס וועט קומען די צייט, ווען מען וועט האָבן אַ גענויען אַדרעס פון טשענסטאָכאָוו, וואוהין צו שיקן דאָס געזאַמלטע געלט.

די אַרבעט ביי אונדז אין טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פאַראיין איז אַ רירעוודיקע. פונקט ווי אין אַנדערע לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַ טייל פון זיי איז ערשט לעצטנס אָרגאַניזירט געוואָרן. אַלע לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס קאָנצענטרירן זיך איצט אויף איין אויפגאַבע — הילף פאַר דער אַלטער היים.

דער אַדרעס פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין אין אַרגענטינע איז: בוענאָס־איירעס, גיונינג 122.




טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין אַרגענטינע

# טשענסטאָכאָווער אין פּאַריז

אין פּאַריז געפינען זיך איצט אַ גרעסערע צאָל טשענסטאָכאָווער און פון איר אומגעגנט. ס'איז שווער אָנצוגעבן די ריכטיקע צאָל. מיר רעכענען אַרום 300 פּערזאָן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די צאָל געווען אַ סך גרעסער. מער ווי אַ העלפט זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן און זיינען אומגעקומען אין די דייטשישע מאָרד־לאַגערן.

אַ גרעסערע אימיגראַציע פון טשענסטאָכאָווער אין פּאַריז האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1919, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס זיינען צומייינסטן געווען איין אין אַרגענטינע איז: בוענאָס־איירעס, גיונינג 122. דורך צוואַנג, אימיגרירט קיין דייטשלאַנד. פון דאָרט זיינען זיי געקומען קיין פּאַריז.

סיבות, וואָס זיינען געווען אַלגעמיין פאַר אַלע עמיגראַנטן פון פוילן און פון אַנדערע לענדער, ווי: עלנטקייט, אומבאַקאַנטשאַפט מיט דער שפּראַך און פרעמדקייט צום לעבנס־שטייגער פון לאַנד, דאָס בענקעניש נאָך אַ היימישער סביבה און הילפלאָזיקייט אין נויט־פאַלן און אין דער צייט פון קראַנקהייט — דאָס אַלץ, וואָס האָט געטריבן די יידישע עמיגראַנטן אין פּאַריז צו שאַפן די לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנדן, — האָבן אויך גורם געווען, עס זאָל אין יאָר 1928 געשאַפן ווערן די געזעלשאַפט „פריינט פון טשענסטאָכאָוו".

עס איז שווער אין אַ קורצן אַרטיקל אויסצורעכענען די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט אין משך פון די 20 יאָר, מיר ווילן נאָר אונטערשטרייכן, אַז אונדזער אַרבעט איז געווען כמעט די זעלביקע ווי פון אַלע עמיגראַנטישע פאַרבאַנדן אין פראַנקרייך. תחילת איז די אַרבעט געפירט געוואָרן אין אַ באַגרענעצטער מאָס, ווייניק יוגנט־

לעכע האָבן זיך אין איר באַטייליקט. די הויפּט־געוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף אַ שטיקל קרקע אין אַ טויט־פאַל. אַ קליינע געלט־שטיצע אין דער צייט פון נויט און מעדיצינישע הילף פאַרן מיטגליד און זיין פאַמיליע. עס איז אויך פּראַקטיצירט געוואָרן דאָס באַזוכן פון קראַנ־קע מיטגלידער און זיי העלפן מיט אַלעם נויטיקן. די גע־זעלשאַפט איז געווען אַפּאָליטיש און געפירט איר טע־טיקייט אין איר באַגרענעצטן קרייז.

מיטן קומען פון היטלעריזם צו דער מאַכט אין יאָר 1933, האָט זיך די לאַגע געביטן. די ערשטע מאַסן־אַרויס־שיקונגען פון די יידן פון דייטשלאַנד אין 1934 קיין זבאָנ־זשין (פּוילן), האָט אויפגעטרייסלט דאָס יידישע פאָלקס־געוויסן אין דער וועלט. אויך מיר, טשענסטאָכאָווער אין פּאַריז, האָבן בייגעשטייערט אונדזער חלק, זאַמלענדיק געלט און קליידער פאַר די ערשטע יידישע קרבנות. ווען אַ גרויסע צאָל פּליטים האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען קיין פּאַריז, האָבן מיר מיטגעאַרבעט אין דער געשאַ־פענער פאָלקס־קיך, וואָס האָט אין יענער צייט גע־שפּייזט טויזנטער הונגעריקע. ווען ס'איז אין יאָר 1936 אויסגעבראָכן דער פאַשיסטישער אויפשטאַנד אין שפּאַניע און טויזנטער יידן האָבן געקעמפט אין די רייען פון די שפּאַנישע לאָיאַליסטן, זיינען צווישן זיי אויך געווען פאַר־טראָטן טשענסטאָכאָווער, וועלכע האָבן געקעמפט און גע־פאַלן אין דער מלחמה קעגן פאַשיזם.

אַ גרויסע ענדערונג אין אונדזער טשענסטאָכאָווער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אין יאָר 1938, פאַרן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיטן אָנקומען פון אַ יינגערן עלעמענט עמיגראַנטן פון פּוילן, וועלכער איז שוין דאָרט דורכגעגאַנגען דעם פייער פון קאַמף מיטן היימישן פאַשיזם און אַנטיסעמי־טיזם, האָט אונדזער געזעלשאַפט באַקומען אַ ניי פּנים. די „קרקע" האָט אויפגעהערט צו פאַרנעמען דעם אויבנ־אָן אין דער אַרבעט פון דער געזעלשאַפט. די פאַרזאַמלונ־גען זיינען געוואָרן לעבעדיקערע. ס'זיינען איינגעפירט געוואָרן קולטורעלע שמועסן. אונדזער געזעלשאַפט האָט געשטיצט דעם „טאָז", וואָס האָט געזאָרגט פאַר די קראַנקע און שוואַכע קינדער פון אונדזער היים־שטאָט און צוזאַ־מענגעאַרבעט מיט דעם עקזיסטירנדיקן טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין פּאַריז, וועלכער האָט אונטערשטיצט די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די פּוילישע תפיסות. אונדזער געזעלשאַפט האָט אויך געהאָלפן שאַפן דעם יידישן פאָלקס־קליניק אין פּאַריז, וואָס האָט געגעבן מעדיצינישע הילף טויזנטער יידן אין פּאַריז. פאַרשטענדלעך, אַז דער אייביקער קאַמף צווישן אַלט און יונג האָט אויך דאָ עק־זיסטירט. אָבער דער לויף פון די געשעענישן האָט אויס־געגליכן אַלע שוועריקייטן. די געזעלשאַפט האָט זיך באַ־מיט צו גרופּירן אַרום זיך אַלע לאַנדסלייט פון די שטעט־לעך אַרום טשענסטאָכאָוו, ווי קלאָבוצק, קזשעפּיעץ און אַנדערע.

## די צווייטע וועלט־מלחמה

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939, זיינען די גרעסטע טייל לאַנדסלייט מאָביליזירט גע־וואָרן, אָדער האָבן פרייוויליק זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פראַנ־צויזישער אַרמיי. אויפן האַריזאָנט האָבן זיך שוין געצייכנט די קאָנטורן פון אַשוויענטשים, מאַידאַנעק און טרעבלינקע. די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט איז געווען פּאַראַלי־זירט. אָבער די קליינע צאָל מיטגלידער, וואָס זיינען גע־בליבן ניט מאָביליזירט, האָט זיך פאַרנומען מיטן שיקן געלט־שטיצע צו די מיטגלידער אין דער אַרמיי און איי־ניקע פאַלן אויך געשטיצט זייערע פרויען און קינדער. מיטן אָנקומען פון דער טרויעריקער דאַטע פון 14טן יוני 1940, ווען די היטלעריסטישע אַרמייען האָבן אַריינ־מאַרשירט קיין פּאַריז איז די אַרבעט פון אונדזער געזעל־שאַפט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. אָבער אינדיווי־דועל האָבן אונדזערע מיטגלידער מיטגעאַרבעט אין די אַלגעמיינע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געשטיצט די קרבנות פון באַרבאַרישן פאַשיזם, און די ערשטע פאַר־שפּאַרטע יידן אין טויטן־לאַגער דראַנסי, לעבן פּאַריז. די אַרבעט איז פון טאָג־צו־טאָג געוואָרן שווערער. די שוואַרצע כמאַרעס אויפן יידישן הימל זיינען געוואָרן פינצטערער מיט יעדער שעה. צער און פּיין האָבן אָנגע־פילט יעדע יידישע נשמה און פון יעדן יידיש האַרץ האָט געטריפט בלוט. מענער זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע פרויען און קינדער, פרויען מיט פּיצעלעך קינדער אויף די הענט זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן, יידיש האָב און גוטס איז געראַבעוועט און געגזלט געוואָרן דורך דייטשישע באַנדיטן און פראַנצויזישע קאָלאַבאַריסטן. יעדע פאַר טעג זיינען וואַגאָנען אָנגעפּאַקט געוואָרן מיט יידישע מע־נער, פרויען און קינדער און אַוועקגעפירט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן פון פּוילן און דייטשלאַנד. צווישן זיי זיינען געווען אויך אַ גרויסע צאָל טשענסטאָכאָווער. אין אַזעלכע אומשטענדן איז וועלכע עס איז אָרגאַניזירטע אַרבעט אוממעגלעך געווען צו טאָן, אָבער אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט האָט זיך באַטייליקט אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און זיך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדן־מוט. לענגער אָפּצושטעלן זיך אויף דעם איז אוממעגלעך אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל.

## נאָכן שטורעם

נאָך דער מפּלה פון די נאַציס, ווען דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולייטערן, האָבן מיר ערשט דערזען דעם טיפן חורבן. אונדזערע בעסטע און אַקטיווסטע מיט־גלידער האָבן געפעלט. טרויער און צער אין די הערצער פון די איבערגעבליבענע, אָבער געמישט מיט פרייד, וואָס מיר האָבן דערלעבט די מפּלה פון די גרעסטע און שווי־דערלעכסטע יידן־מערדער אין אונדזער געשיכטע. און מיר זיינען ווי אויפגעשטאַנען תחית המתים! די איינצל־נע פאַרבליבענע האָבן אָנגעהויבן זוכן און נישטערן איבער

חורבות אויפצוזוכן יעדן לעבעדיק געבליבענעם נפש פון אונדזער טשענסטאָכאָווער משפחה אין פּאַריז. עס זאָל דאָ מיט לויב און דאַנק דערמאָנט ווערן אונדזער פּרעזי־דענט חבר וורצלאַווסקי און די איבעריקע מיטגלידער פון קאָמיטעט, וועלכע האָבן געטאָן אַלץ אין זייערע כוחות צוריק אויפצושטעלן אונדזער געזעלשאַפט. ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע צוריקגעקומענע דעפּאָרטירטע טשענסטאָכאָווער יידן — האָט יעדערער — מיטגליד אָדער נישט מיטגליד — באַקומען אַלס די ער־שטע הילף טויזנט פראַנק. די קאַסע איז כמעט געווען ליידיק, אָבער דער קאָמיטעט האָט געאַרבעט איבער די כוחות כדי אין דער קלענסטער מאָס צו געבן די לעבן־געבליבענע כאָטש די קליינע מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף.

אונדזער געזעלשאַפט אַרבעט איצט צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם הילפס־קאָמיטעט צו שטיצן די קינדער פון די, וואָס זיינען אומגעקומען אין די דייטשישע מאָרד־לאַגערן, מיטן „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך", מיטן „פּאָלקס־קליניק" און מיט דער „ליי־קאַסע". אונדזערע רייען הויבן זיך אָן לאַנגזאַם צו פאַרגרעסערן, אָבער מיר זיינען נאָך אַלץ נישט בכוח צו קומען צו הילף אַלע, וואָס נויטיקן זיך אין דעם. עס בלייבט איבער אַ טייל מענטשן, וואָס מען מוז זיי העלפן. דאָס זיינען פרויען מיט קינדער, וואָס אַפילו אַרבעטנדיק זיינען זיי נישט בכוח אויסצוהאַלטן די קינדער. אונדזער געזעלשאַפט פאַרשטאַרקט זיך. דעם 12טן יאַנואַר 1946, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ נאַכט־באַל מיט אַ גרויסן קאָנ־צערט. מיט פרייד, געמישט מיט צער האָבן מיר זיך באַ־געגנט, אָבער דאָס לעבן איז דאָך שטאַרקער ווי דער טויט און זיין טרויער. און מיר שטייען אויף צו אַ ניי לעבן.

***

מיט פרייד האָבן מיר, טשענסטאָכאָווער אין פּאַריז, אויפגענומען די גליקלעכע בשורה, אַז איר האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו".

מיר שיקן אייך די קורצע געשיכטע פון טשענסטאָ־כאָווער אין פּאַריז צוזאַמען מיט אונדזערע האַרציקע גרוסן פאַר אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און פון איר אומ־געגנט אין אַמעריקע.

***

דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליעף אין ניו־יאָרק" האָט קורץ נאָכן סוף פון דער מלחמה אָנגעהויבן




טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט אין פּאַריז

זיצן פון רעכטס צו לינקס: טענענבוים (גענעראַל סעקרעטאַר), לעווי (וויים-פּרעזידענט), ווראצלאַווסקי (פּרעזידענט), דאַווידאָוויטש (וויים-פּרעזידענט).

שטייען פון רעכטס צו לינקס: וויינמאַן (קאַסירער), פירסטענפעלד, קרזעפּיצקי, דומאַן, לאַנדוי, פּאַנקולאַווסקי.

אַ שטאַרקע הילפס־טעטיקייט פאַר די טשענסטאָכאָווער אין פאַריז. שפייז־פעקלעך, געלט און אַנדערע הילף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַ ברייטער מאָס. אויך איצט שטייט דער „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליעף אין ניו־יאָרק" ניט אָפּ פון הילף פאַר טשענסטאָכאָווער אין פאַריז, ווי אויך פאַר טשענסטאָכאָווער אין אַנדערע לענדער.

***

צוזאַמען מיט אונדזער באַריכט ווילן מיר אויך פאַר־צייכענען די נעמען פון די גרינדער פון אונדזער געזעל־שאַפט. זיי זיינען:

בלום, אַרטמאַן, א. פערלעגער, ברידער ווראָבלעווסקי, א. סלאַביאַק, ברידער גוטמאַן, ב. קאַפּינסקי, ווייסבראָד, צימבערקנאָפּ, קאַמעלגאַרן, פאַנקאָווסקי, א. קאַפּינסקי, י. לעווקאָוויטש.



אַ כתב־יד פון אַברהם וויעוויאָרקע, געלעבט אין טשענסטאָכאָוו, געשטאָרבן אין מאָסקווע, דער ברודער פון וואָווטשע וויעוויאָרקע פון פאַריז (דער לעצטער אומגעקומען אין אַשוויענטשים).





צום אַרטיקל „קאַמיק"

# זכרונות און בילדער

אברהם רייזען

# אַ טאָג אין טשענסטאָכאָוו

(פראַגמענט פון „עפּיזאָדן פון מיין לעבן״)

בלייבן זיצן אין קראָקע, וואו איך האָב אַרויסגעגעבן „דאָס יידישע וואָרט״, איז מיר שוין געווען שווער... די פירער פון די ס״ס — זלמן מייזנער און יוליוס גאָלדע, וואָס האָבן דעמאָלט, צוליב פּאַרטיי־צוועקן, באַזוכט קראָקע — האָבן מיר דערציילט, וואָס אין וואַרשע „טוט זיך אָפּ״ און האָבן זיך אונטערגענומען מיך אַריבערצופירן די גרענעץ דורך טשענסטאָכאָוו. האָב איך גלייך באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע . . . און אין אַ וואָך אַרום נאָך זייער קומען האָבן מיר זיך אַלע דריי געלאָזט אין וועג אַריין, פון קראָקע קיין וואַרשע.

אויף הוצאות האָט מיר געגעבן זלמן מייזנער. ער, דער פינאַנסירער פון די ס״סישע אויסגאַבן, האָט געוואָלט האָבן פון מיר אַ דערציילונג אין אַ צייטשריפט, וואָס די ס״ס האָט דאַן אַרויסגעגעבן. שלום אַש איז ביי זיי געווען דאַן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. אין איין נומער פון זייער צייטשריפט, „דער נייער וועג״, האָט שוין שלום אַש געהאַט אַן אַרטיקל וועגן דער פערציק־מאָל־פערציק־קלויסטערדיקער מאָסקווע. צי האָט ער געשריבן פון קאָפּ, אָדער ער האָט שוין דעמאָלט באַזוכט די שטאָט מאָסקווע, צוליב זיין דראַמע „משיחס צייטן אָדער דער חלום פון מיין פאָלק״, וואָס קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט געזאָלט אויפפירן און טאַקע שפּעטער אויפגעפירט אין איר קונסטטעאַטער אין פעטערבורג — ווייס איך איצט נישט. דעם אַרטיקל, געדענק איך, איז אָבער געווען געשריבן אין אַ נאַאיוו־רעוואָלוציאָנערן טאָן. שלום אַש האָט דאַן באַזונגען די רעוואָלוציע און אויסגעזונגען די נייע גלעקער, וואָס קלינגען איבער מאָסקווע . . . זלמן מייזנער איז דעמאָלט געווען אַשס אַ שטאַרקער חסיד, ערשטנס דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין זיין פּאַרטיי־צייטונג און צווייטנס — טאַקע שלום אַש . . . פונדעסטוועגן האָט ער אויך מיר געגעבן איינציקע קאָמפּלימענטן . . . ס׳איז אָבער געווען בלויז פון יוצא־וועגן. מעגלעך, אַז ער איז שוין געווען אונטער דעם איינפלוס פון שמואל ניגער, וואָס איז דאַן נאָך געווען אַ יונגער בחור — האָט שוין אָבער, נאָך אַלס מיטגליד פון ס״ס, זיך געשניטן אויף דעם צוקונפטיקן קריטיקער . . .

יוליוס גאָלדע האָט, ווי מיר דוכט, ווייניק געלייענט יידיש, און אויב ער האָט אַפילו גערעדט יידיש, איז דאָס געווען אַ יידיש פון אַן אינטעליגענט, וואָס האָט זיך „ערשט״ אויסגעלערנט ריידן. ער האָט זיך אָבער באַצויגן צו מיר מיט גרויס דרך־ארץ און אַפילו מיט פריינדשאַפט. אַ גוטער פון דער נאַטור בכלל, האָט ער מיר אין יענע טעג אין קראָקע און אין די פּאָר טעג פון אונדזער רייזע ביז טשענסטאָכאָוו געדינט ווי אַן אמתער פריינד, סיי מיט זיין איינגעבאָרענער העפלעכקייט און גוטסקייט בכלל, סיי מיט דער ספּעציעלער באַציאונג צו מיר.

פאַר דער גרענעץ איז אונדז אויסגעקומען צו נעכטיקן אין אַ קליינעם האָטעל, ערגעץ אין אַ דייטשיש שטעטל. זיי ביידע, זלמן מייזנער און יוליוס גאָלדע, זיינען געווען אין דער בעסטער שטימונג. אַלס פּאַרטייַמענטשן האָבן זיי געהאַט די וויכטיקסטע פּלענער און די ווייט־גייענדיקסטע צילן . . . און מייזנער מיט זיין דעמאָלטדיקן צונאָמען „זלמן בורזשוי״, צוליב זיין טאַטנס עשירות, איז בכלל געווען אַ פאַנטאַזיאָר . . . איך, וואָס די אידעאַלן פון ס״ס זיינען מיר געווען ווייטלעך, האָב געקוקט אויף זיי פילאָזאָפיש און האָב מיט זיי אין יענער צייט אַפילו נישט דיסקוטירט . . . ווי באַלד אַז זיי זיינען געווען סאָציאַליסטן, איז וואָס האָב איך געקענט האָבן צו זיי טענות . . . בפרט ווען מיין גורל איז געלעגן אין זייערע הענט און זיי האָבן מיך געדאַרפט פירן צו דער גרענעץ, אָדער קריגן פאַר מיר אַ ריכטיקן אַגענט, צי אַזוי אַ יידן פון טשענסטאָכאָוו מיט פּראַקטיקע ביי דער גרענעץ־וואַך . . .

די גרענעץ בין איך אַריבער בשלום מיט אַ „פול פּאַסק״ . . . דער סאָלדאַט האָט בלויז ביים דורכגאַנג „איידל״ אַרומגעזוכט מיינע טאַשן און מיך דורכגעלאָזט דעם ערשטן . . . זיי ביידע, זלמן מייזנער און יוליוס גאָלדע, זיינען שוין קענטיק געווען אַפּטע איבערגייער און האָבן פּעסער האָבן זיי געהאַט שטענדיקע. זיינען זיי אַוודאי און אַוודאי אַריבער; כאָטש זייער רייזע קיין קראָקע איז געווען צוליב אומלעגאַלער ליטעראַטור. געוויסע בראַשורן האָט מען נאָך דעמאָלט אין רוסלאַנד נישט געטאָרט דרוקן.

און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו

און איך האָב זיך דערפילט אויף אַ זיכערן באָדן. דער אַנטפאַנג, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט פון וויכטיקע פערזענלעכקייטן, צווישן זיי אַ ברודער פון מ. ליטוואַקאָוו, וועמענס פאַמיליע, צי אַ טייל פון דער פאַמיליע, האָט דעמאָלט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו, האָט מיך געמוטיקט און געמאַכט פאַרגעסן מיין „פאַסלאָזיקייט" . . . געזעכטיקט האָב איך ביי איינעם אַ רייכן אינזשיניער, וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן, אָבער דערפאַר געדענק איך געגוי דעם זאַל, אין וועלכן מ'האָט מיר אויסגעבעט אַ געלעגער, ווי פאַר אַ גרויסן גאַסט. אין דער פרי האָב איך געגעסן אַ גרויסאַרטיקן פרישטיק, און דער יונגער, שיינער באַלעבאָס, דער אינזשיניער, טאַקע אַ מיטגליד פון ס"ס, האָט מיך אַליין באַדינט . . .

דער איינדרוק אויף מיר פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו אַליין איז אויך געווען אַ שטאַרקער. איבערהויפּט איז מיר געפעלן געוואָרן די הויפּט־גאַס, אַ ברייטע און לאַנגע, וואָס האָט דערמאָנט די וואַרשעווער מאַרשאַלקאָווסקע. דער גערויש אין איר איז געווען אַ האַלב־געשעפטלעכער און אַ האַלב־יום־טובדיקער. עפּעס האָט די דאָזיקע גאַס אויסגעזען ווי חול־המועדיק, ווי נאָך די ערשטע טעג פון אַ יום־טוב, און עס דאַרף נאָך זיין אין גיכן ווידער יום־טוב . . . יונגע בחורימלעך פון אַלערליי באַוועגונגען און פּאַרטייען, מיט אַלערליי לאָזונגען אין זייערע אויפגעפלאַמטע אויגן, האָבן זיך באַגעגנט איינער מיטן אַנדערן, געגריסט זיך, אָפּגעשטעלט זיך און העפטיק דיסקוטירט . . . די „רעוויראָוועס" און די פריסטאַווס, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן, האָבן אויסגעזען האַלב־האָפּערדיק און האַלב־נידערגעשלאָגן. זיי האָבן נאָך אַליין נישט געוואוסט, ווי גרויס אָדער ווי קליין איז זייער מאַכט. אַלענפאַלס, איך, אָן אַ פּאַספּאָרט און דערצו נאָך אַ פרייהייט־קעמפער, האָב אוודאי פאַר זיי אַ ביסל מורא געהאַט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז אָפּשטעלן מיך אויף דער גאַס און פרעגן מיך אויף אַ פּאַס וועלן זיי נישט וואַגן . . .

אָפּגעוועזן צוויי טעג אין טשענסטאָכאָוו, בין איך שוין, ווי איך וואָלט געמאַכט אַ רעפּעטיציע, געוואָר געוואָרן, אַז מע קען לעבן אויך אָן אַ פּאַספּאָרט. און שוין מער אַ זיכערער, פול מיט האָפענונגען און דערוואַרטונגען, בין איך פון טשענסטאָכאָוו, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג צווישן ליבע מענטשן, געפאָרן קיין וואַרשע.

און די איינדרוקן פון טשענסטאָכאָוו, דער דאָזיקער ליבער שטאָט מיט דער לעבהאַפטער יידישער באַפעלקערונג, פון וואַנען עס האָבן געשטאַמט אייניקע באַדייטנדיקע יידישע קולטור־טוער און סאָציאַליסטישע וואָרט־זאָגער זיינען מיר געבליבן טייער און הייליק ביזן היינטיקן טאָג, און ווען איך טראַכט מיט ווייטיק וועגן דעם גורל פון אַ סך יידישע חרוב־געוואָרענע שטעט, קומט מיר אויפן זינען אויך טשענסטאָכאָוו, און עס לייכט אויף אין מיר דער גלויבן, אַז זי וועט אויפגעריכט און אויפגעבויט ווערן ווי די אַלע שטעט, וואָס דער שונא האָט מיט אַזאַ גרויזאַמקייט פאַרוויסט, און די איבערגעבליבענע און צעשפּרייטע איבער דער גאָרער וועלט וועלן זיך נאָך פרייען מיט איר אויפבויאונג און אויפלעבונג.

---

לייבוש לעהרער

# טשענסטאָכאָוו, מיין טשענסטאָכאָוו

איך בין געווען אין טשענסטאָכאָוו שוין זייער לאַנג צוריק, אין 1906—1907. און דאָך זיינען פאַראַן ווייניק פאַקטן פון פריער און שפּעטער אין מיין לעבן, וואָס שפּיגלען זיך אַרויס אַזוי לעבעדיק פון מיין זכרון. אין גאַנצן בין איך געווען אין טשענסטאָכאָוו ווייניקער פון אַ יאָר. און דאָך פיל איך אַזוי ווי איך וואָלט דאָרט מיין גאַנצע יוגנט פאַרשיכורט אינעם ווייַן פון צעוואַרעמטער פריינדשאַפט און דעם עקסטאַז פון אַ נייער אַנטפּלעקונג. אין דער קורצער צייט בין איך געווען פאַרבונדן בלויז מיט איין ווינקל, מיט איין איינציקן קרייז, מיט דער ס"ס־פּאַרטיי. און דאָך איז מיר געבליבן דער טשענסטאָכאָווער נאָכקלאַנג פון אַ גרויס־שטאָטישער כוואַליעדיקער מאַסע, וואָס וויגט זיך און הייבט זיך, נעמט דורך און באַגייסטערט, און ציט זיך, ציט זיך אַזוי ווייט, ווי דאָס פיזישע און גייסטיקע אויג קען גרייכן. מיינע אומלעגאַלע פונקציעס אין טשענסטאָכאָוו האָבן אויף מיר אַרויפגעצוואונגען אַ פאַרשטעלטן נאָמען — אַלעקסאַנדער, אַ נאָמען, מיט וועלכן איך האָב בלויז עטלעכע חדשים אידענטיפיצירט מיין לעבן. און דאָך פיל איך ווי שוין ביי מיין געבוירן ווערן וואָלט עמעצער שטילערהייט צוגעקלעפּט צו מיר דעם דאָזיקן נאָמען; איך פיל אין אָט דעם נאָמען אַזאַ טיפן זינען, אַזאַ פאַרכאַפּנדיק נאָכבילד, אַז זיין ליכט האָט זיך דורכגעריסן דורך די ראַנדן פון אַלע ווייטערדיקע צייטן פון מיין לעבן.

טשענסטאָכאָוו, מיין טשענסטאָכאָוו, צי אין קאַוויאַרניע, דער ס"סישער בירזשע, וואו איך האָב זיך אויסגעלערנט שפּילן קרעגל, צי אויף זיצונגען פון פּאַרטיי־קאָמיטעטן, צי אויף שפּאַציר־גאַנג, אַליין אָדער מיט פריינד, אין די אַלעעס, וואָס באַשיינען און באַחנען דעם צענטער פון דער שטאָט, — פון אומעטום האָט געהויכט דער סוד פון אינטענסיוון לעבן, וואָס באַזינגט זיך מיט אַזאַ אינערלעכן נחת אפילו אין מאָמענטן פון טרויער,

אָדער עגמת־נפש. די שטאָט איז פאַר מיר געבליבן ניט קיין פונקט אויף דער מאַפּע, נאָר אַ סימבאָל פון מיטרייסנדיק לעבן, איינער פון יענע סימבאָלן, וואָס זינגט אַרויס פון יעדן פון אונדז אין שטילע רגעס פון חשבון הנפש.

טשענסטאָכאָוו, מיין טשענסטאָכאָוו, אין דער מאוימדיקער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך איצט אויסגעגאָסן אויף דיר, אויף מיינע ליבע און טייערע, וואָס זיינען אין דיר פאַרבליבן, ווין איך צוזאַמען מיט אַלע דיינע אבלים אויף דיין גרויסן בראָך. איך שטרענג זיך אָן מיט די לעצטע כוחות אויפצוהאַלטן אין זיך די האָפענונג, אַז פריילעכע בשורות וועלן נאָך פון דיר קומען.

---

א. כראָבאַלאָווסקי

# אין און אַרום אַרבעטער־קלוב

(אַ בילד פון אַרבעטער־לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה)

די זכרונות, וואָס מיר גיבן דאָ איבער, נעמען אַרום בלויז איין ריכטונג פון דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־באַוועגונג—„די פאַראייניקטע". אין תוך אָבער איז דאָס זעלבע בילד כאַראַקטעריסטיש אין אַ גרויסער מאָס אויך פאַר די אַנדערע צוויי אַרבעטער־קלובן אין טשענסטאָכאָוו — דער באָראָכאָוו־קלוב, אויף דער ערשטער אַלעע 12 און דעם מעדעם־קלוב אויף דער צווייטער אַלעע 40.

## דער אַרבעטער־קלוב „פאַראייניקטע"

ער ציילט איצט ביי אַ 700 מיטגלידער. טאָג־טעגלעך ווערן זיינע ליכטיקע זאַלן און צימערן אָנגעפילט מיט הונדערטער אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך דאָ זייער חברישע היים, זייער ברידערלעכע סביבה.

דאָ איז פאַראַן אַ שטילער, רואיקער לייען־זאַל מיט אַלע צייטונגען און זשורנאַלן. מיט דעם לייען־זאַל איז פאַרבונדן אַ רייכע ביבליאָטעק אין יידיש און אין אַנדערע שפּראַכן. דאָ געפינט זיך אַ טיי־האַלע, וואו מען באַקומט אַ ביליק נאַכט־עסן. דאָ איז אויך דאָ דאָס ביוראָ, וואָס באַזאָרגט מיט מעדיצינישער הילף.

אַרום אַרבעטער־קלוב קאָנצענטרירן זיך אַ צענדליק פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פאַראייניקט אין איין צענטראַל־ביוראָ, וואָס נעמט אַרום כמעט אַלע יידישע פאַכן פון דער שטאָט.

וואָס פאַר אַן אָוונט מען זאָל נישט אַריינקומען אין קלוב זשומעט דאָרט די אַרבעט פון די צענדליקער קאָמיסיעס, פאַרוואַלטונגען, אַלגעמיינע און פאַך־פאַרזאַמלונגען.

## ביי די פליישער־אַרבעטער

אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין הערשט אַ מוסטערהאַפט חבריש לעבן. די פליישער־אַרבעטער האָבן אַן אַלגעמיינע קאָסע, וואו עס גייט אַריין דער אַלגעמיינער וועכנטלעכער פאַרדינסט. יעדן זונטיק קומען זיך די מיטגלידער צונויף און צעטיילן די שכירות לויט דריי קאָטעגאָריעס. די סיכסוכים און אינצידענטן מט די יאַטקע־אייגנטימער דאַרפן נישט אויסגעגליכן ווערן דורך דער מלוכה־מאַכט. דערצו איז פאַראַן אַ פאַראיין מיט אַ סעקרעטאַר, און עס איז גענוג אַ מעלדונג, אַ בריוו, און דער סיכסוך איז אויסגעגליכן.

## אין פאַראיין פון דער נאָדל־בראַנזשע

די מיטגלידער פון פאַראיין זיינען על פּי רוב פרויען (וועש־נייטאָרינס, מאָדיסטקעס, דאַמען־שניידערינס און אַז"וו. דעריבער באַשטייט די פאַרוואַלטונג מערסטנס פון חברטעס. דער איינציקער חבר, וואָס געפינט זיך (דער פאַרשטאָרבענער חבר שליווינסקי), מאַכט דעם איינדרוק פון „לעצטן מאָהיקאַנער". ער ווערט אָבער נישט מאַיאָריזירט . . . אדרבה, מען באַציט זיך צו אים מ׳ט דער גרעסטער טאָלעראַנץ. די פאַרוואַלטונג זיצט אַרום טיש מיט דער פאָרזיצערין, חברטע האַלבערג, פון אויבן־אָן. מען באַהאַנדלט די פראַגע פון אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און פון העכערן די שכירות אין אייניקע וואַרשטאַטן. וועגן פרויען־גלייכבאַרעכטיקונג שמועסט מען דאָ אינגאַנצן נישט. . .

## פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון מעטאַל־אַרבעטער

דער פאַראיין ציילט העכער 400 מיטגלידער. קיין גרויסע געשעפטן צו פירן האָט נישט די פאַרוואַלטונג, ווייל כמעט אַלע מיטגלידער זיינען אַרבעטסלאָז. עס זיינען אָבער דאָ אַלטע חשבונות מיט די פאַבריק־אייגנטימער. זיי האָבן פאַרמאַכט די פאַבריקלעך, נישט אויסצאָלנדיק די 14 טעג אַנטשעדיקונג, וואָס קומט לויטן געזעץ. זיי ווילן נישט האַלטן זייערע התחייבותן צו די אַרבעטער, ווייל זיי פילן, אַז דער מוזיקער פאַדערעווסקי שפּילט איצט זייער מוזיק. די אַרבעטער אָבער האָבן זייער פאַראיין, זייער צענטראַל־ביוראָ, זייערע דעלעגאַטן אין אַרבעטער־ראַט און נישקשה, מען וועט זיך אַן עצה געבן...

## טרעגער־אַרבעטער

עלטערע יידן מיט בערד זיצן אַרום פאַרוואַלטונגס־טיש מיט פאַרהאָרעוועטע פּנימער און פאַרהאַרטעוועטע הענט. די טרעגער־פעלצלעך און צעריסענע קורטקעס פון דער גאַס האָבן זיי געלאָזט אין דער היים. אין פאַראיין מוז מען זיך איבערטאָן. געבויגענע רוקנס גלייכן זיך אויס, אויף זייערע פּנימער באַווייזן זיך שטריכן פון מענטשלעכער ווירדע. אין „באַנטשע שווייג" דערוואַכט צוריק דער מענטש, וואָס איז לאַנג געווען דערשטיקט אונטער דער שווערער משא פון זעק און פעק. זיי הויבן אָן צו פאַרשטיין, אַז בעסער לעבן הייסט חבריש לעבן, נישט קאָנקורירן, נאָר שטיצן איינער דעם אַנדערן.

## פאַרשיידענע טעטיקייטן

דאָ אין אַ צימער זיצט דער ווירטשאַפט־קאָמיטעט און הערט אויס באַריכטן פון די בריית־פאַרצווייגטע אינ־סטיטוציעס. אין אַ צווייטן צימער זיצט די ליטעראַטור־קאָמיסיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דער פראַגע פון פאַרשפּרייטן ליטעראַטור. אין אַ צימער דערנעבן ווערן ארויסגעגעבן לעגיטימאַציעס פאַר אַרבעטסלאָזע, וואָס באַרעכטיקן צו געניסן פון די אומזיסטע לעבנס־מיטל. אין אַ זייטיקן צימער ווערט געפירט אַ קרייז און אין אַ גרויסן פאַרזאַמלונג־זאַל קומט פאַר די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דעם אָדער יענעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

## אין דער אַרבעטער־קיך

אַ ריזיק־גרויסער זאַל מיט אַ סך גרויסע בילדער פון י. ל. פּרץ, מענדעלע, לאַסאַל און קאַרל מאַרקס. דאָס לעצטע איז דאָס גרעסטע בילד.

די צוויי טישן, וואָס פאַרנעמען די גאַנצע לענג פון זאַל, זיינען באַדעקט פון אויבן ביז אַראָפּ. דאָס מיטאָג באַשטייט פון אַ זופּ מיט אַ שטיקל ברויט. אַ גרויסע טייל פון די „קאָנסומענטן" זיינען קינדער, וואָס דערגרייכן קוים מיטן קאָפּ צום טעלער און וואָלטן גאַנץ באַקוועם גע־קענט אַרומשפּאַצירן אונטערן טיש. פאַראַן אויך אַ סך קליינע קינדער, וואָס עסן אויפן שויס פון די עלטערן. נאָכדעם ווי די קינדער געניסן זייער פּאַרציע, זעצט מען זיי אַוועק אויף דער באַנק נעבן זיך און מען עסט אַליין.

אַ סך אָרעמע מאַמעס קומען מיט געפעס און נעמען צו עטלעכע פּאַרציעס זופּ אַהיים פאַר זייערע פאַמיליעס.

## קיך נומער צוויי

די דאָזיקע קיך שטעלט פאָר אַן אידילישע בילד פון קלאַסן־גלייכהייט און צווישן־פּאַרטייאישער צוזאַמענאַ־־בעט. דער בונדיסט מיטן „פּאַראייניקטן" האָבן דאָ גע־שלאָסן שלום, דער „בורזשוי" מיטן פּראָלעטאַריער האָבן דאָ פאַרגעסן וועגן קלאַסן־קאַמף — אַלע זיינען גלייך און באַפריינדעט ביים מיטאָג. ווער עס איז נישט אַזוי פאַרמעגלעך, ער זאָל זיין ביכולת צו באַצאָלן 10 מאַרק פאַר אַ מיטאָג — קומט דאָ אַהער. פאַרשטייט זיך, אַז די מיטאָגן דאָ זיינען נישט קיין גבירישע.



זאַל „נייע וועלט" פון די „פּאַראייניקטע"
סטראַזשאַצקע 11

## י. ל. פּרץ קינדערהיים

די אַרבעטער־קינדערהיים איז אויסגעלופטערט, וואַרעם און גלאַנצט מיט קינדער־בילדער און מיט ווייסע, זויבערע קינדער־מעבל. די אינטימע באַציאונג פון די לערערינס צו די קינדער, דער אויסדרוק פון צופרידנקייט און פרייד אין די אייגעלעך פון קליינוואַרג, זייער שפּילן, טאַנצן און זינגען — ברענגט אויפן געדאַנק פון באַזוכער די אייגענע קינדער־יאָרן אין חדר מיטן רבין און קאַנטשיק, ווען מען פלעגט זיך שפּילן אונטערן טיש, אויף דער ערד און דער פּאָדלאָגע . . .

די קינדער זינגען:

פישעלעך שפּילן זיך אין טייכל,
ס'איז פריילעך, גאָר אַ מאכל.

אָדער:

איילו, ליולו, איילו ליולו
שלאָף, מיין טייערער, און רו.
וואויל איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען
און אַ וויגעלע דערצו . . .

און דו טראַכסט זיך אַזוי:

— זינגט, קינדערלעך, טאַנצט, שפּרינגט. זאָלן אייערע אייגעלעך גלאַנצן, אייערע פּנימלעך לאַכן. אפשר וועט אייער קינדהייט, אייער צוקונפט זיין שענער, בע־סער ווי אונדזערע.

שמעון בירא

# טשענסטאָכאָווער קוילנגרעבער

דעם צאַרס קאָזאַקן זיינען אַנטלאָפן און די דייטשן זיינען אַריין קיין טשענסטאָכאָוו, אין דעם הייסן אויגוסט־טאָג פון יאָר 1914. די פאַבריקן זיינען שטיין געבליבן. די אַרבעטער האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן.

די ערשטע וואָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַריינגעבראַכט טשענסטאָכאָוו אין אַ מין האַלבער קאַרנאַוואַל־שטימונג.

סיי יידן און סיי פאָליאַקן האָבן זיך מחיה געווען מיט דער מפּלה פון "ניקאָלאַיקען". מען האָט דערוואַרט, אַז די דייטשישע קולטור־מענטשן וועלן אָט באַלד צוריק עפענען די פאַבריקן, ברענגען ברויט און פרייהייט. אַ קלייניקייט — דייטשלאַנד מיט אירע קולטור־אוצרות, דערפינדונגען, רייכסטאַג, סאָציאַל־דעמאָקראַטיע . . .

נישט לאַנג האָט טאַקע געדויערט און עס האָבן זיך באַוויזן צעטעלעך אין די גאַסן בזה הלשון:

„פאַרלאַנגט צוויי טויזנט אַרבעטער, מעגן אויך זיין פאַכלייט צו אַרבעטן אין שלעזיע. גוטע באַדינגונגען, גוט און ביליק צו עסן. מעלדן קאָן מען זיך אויף דאָיאַזור גאַס, אַקעגנאיבער דער איינזבאַן־סטאַציע".

אין משך פון צוויי שעה האָט זיך דאָס אַרבעטנדיקע טשענסטאָכאָוו געקאָכט. טאַקע דאָס, וואָס מען האָט דערוואַרט: אַרבעט, געלט, ברויט.

אין איין טאָג איז די געפאָדערטע צאָל געוואָרן אָנגעפילט און איין פאַרטיע נאָך דער אַנדערער זיינען אַוועק קיין דייטשלאַנד אַרבעטן.

אַנדערע טויזנטער, צו וועמען די נייס האָט שפּעט דערגרייכט, האָבן שוין נישט געהאַט די זכיה צו פאָרן קיין דייטשלאַנד און געבליבן אין טשענסטאָכאָוו ווייטער הונגערן, אַרומגעדרייט זיך שלינג און שלאַנג, מקנא געווען די גליקלעכע, וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט און געקוקט אויף די „טויטע" קוימענס פון דער סמאָליאַרניע, קלעיאַרניע, קאַפעליושאַרניע און צענדליקער אַנדערע קלענערע "אַרניעס" און פאַבריקלעך. אין אַ וואָך אַרום האָבן אָנגעהויבן קומען די נייעסן פון די "גאָלדענע גליקן" אין דייטשלאַנד: אָנשטאָט מענטשלעכער אַרבעט — שקלאַפעריי, אָנשטאָט אַ דירה צו וואוינען — קאַזאַרמעס מיט פּרייסישער דיסציפּלין, אָנשטאָט פרייהייט — געפאַנגענשאַפט.

ווידער האָבן זיך באַוויזן צעטעלעך אין די גאַסן נאָך אַרבעטער, אָבער יעדערער האָט באַשלאָסן בעסער צו עסן אַ שטיקל טרוקענע "פאָפּולאַרקע", איידער גיין אויף פּרייסישער אַרבעט.

נו, האָבן די דייטשן אויסגעטאָן זייערע "קולטור־האַנדשו" און זיך גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט אָפּגעשלאָסן גאַסן און געכאַפּט מענטשן, צו 50—100 מיטאַמאָל, אַריינגעפּאַקט אין פערד־וואַגאָנעס און געשיקט אויף אַרבעט.

פאַראַן אין אויבערשלעזיען אַ שטעטל — כאָזשאָוו. אויף איינמאָל איז דאָס שטעטעלע געוואָרן אַ שטיק טשענסטאָכאָוו.

טשענסטאָכאָווער אַרבעטער און סתם יוגנט, פרייוויליק־געקומענע און געכאַפּטע זיינען אויף איינמאָל אַריינגעזויגן געוואָרן צוויי און דריי הונדערט מעטער אונטער דער ערד — דאָרט אונטער געוואָלט און סטראַשונקעס פון די פּרייסישע אָנטרייבער געגראָבן קוילן, אין די אַלטע, פינצטערע קוילן־מינען,ביים ליכט פון קליינע קאַרביד־לעמפּלעך.

מענטשן, וואָס נעכטן זיינען זיי געווען היטלמאַכער, קאָמאַשן־שטעפער, צעלאָלאָיד־אַרבעטער, שניידער — האָט דער פּרייסישער מיליטאַריזם אויף אַמאָל דורך הונגער, בייטש און קלעפּ פאַרוואַנדלט אין קוילנגרעבער.

מידע, צעבראָכענע, קוים שלעפנדיק די פיס, איז מען אַרויס שפּעט ביינאַכט פון דעם קוילן־גרוב אַהיים — אין "שלאָף־הויז", וואו דאָס עסן איז באַשטאַנען פון איין שטיקל דייטשישן קאָמיס־ברויט און אַ וואַסערדיקער זופּ, פאַר וועלכער מען האָט איינגעשריבן אַ גוטן פּרייז.

סוף חודש איז געווען דער "צאָל־טאַג", אויף וועלכן אַלע האָבן געוואַרט, בכדי צו קאָנען אַהיימשיקן אַ פּאָר מאַרק צו די הונגעריקע ווייבער, קינדער און עלטערן אין טשענסטאָכאָוו.

ווי גרויס איז געווען די אַנטוישונג, ווען אָנשטאָט געלט האָט מען געקראָגן אַזאַ מין חשבון:

| | |
|---|---|
| 20 טעג אַרבעט צו 4.50 מאַרק | 90 מאַרק |

| | |
|---|---|
| 30 טעג עסן צו 2 מאַרק | 60 מאַרק |
| 1 קוילנגרעבער־לאָמפּ | 5 מאַרק |
| 1 לאָפּעטע | 4 מאַרק |
| קראַנקען־קאַסע | 4 מאַרק |
| פאַרזיכערונג אין פאַל פון טויט | 3 מאַרק |
| שטראָף פאַר נישט אויספּילן די קוואָטאָ | 5 מאַרק |
| שלאָף־הויז | 15 מאַרק |
| שטייערן | 2 מאַרק |

| | |
|---|---|
| סך־הכל | 98 מאַרק |

בלייבט שולדיק די כאָזשאָוו־בערגווערקע 8 רייכס־מאַרק.

**אַ שטיק קויל איז אַראָפּ פון די באַלקנס, אפשר זיינען די באַלקנס געווען פאַרפוילט, אפשר האָט גאָז דורכגערונען**

— ווער האָט עס געקענט דערגיין. אָבער אַ קרבן איז געפאַלן, דערדריקט אויף טויט אַ טשענסטאָכאָווער יידישן אַרבעטער, יעלען, ערגעץ אין אַ מינע אין אויבערשלעזיען.

ווי פאַרלאָרענע שאָף האָבן די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער—קוילנגרעבער—זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם מת. ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, ווי אַזוי אים צו קבורה צו ברענגען. ערשט שפּעט בייּנאַכט האָט די "כאַזשאַוו בערגווערקע" צוגעשיקט עפּעס אַ דייטשל, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס ראַבינער. צען מענטשן האָט מען דערלויבט מיטצוגיין אויף דעם בית־עולם. דער ראַבינער האָט זיך איבערגעטאָן אין אַ שוואַרצן קיטל מיט אַ הויכער שוואַרצער יאַרמולקע, מיט אַ גרויסן ווייסן קראַוואַט, האָט מיט אַ גויאישן אַקצענט אויסגעזונגען „אַדאָנאַי נאַטאַן וואַדאָנאַי לאַקאַך". צען דערוואַקסענע מענטשן האָבן ווי קינדער געוויינט. די כאַזשאַוו־ווערקע האָבן אַ באַדויערונג־בריוו אויף אַ גאַרנצאַרסקע גאַס אַדרעס געשיקט מיט דעם פאַרשטאַרבענעמס "פאַפּירע" און 50 מאַרק "טאָטען־פאַרזיכערונג" פאַר דעם געהרגעטנס פאָטער.

---

ד״ר ל. לאַזאַראָוויטש

# דאָקטוירים

איך זע פאַר מיר אין מיין זכרון מיין געבורט־שטאָט — טשענסטאָכאָוו, מיט אירע שמאָלע, לאַנגע גאַסן, וועלכע האָבן זיך מיר דעמאָלט, אין מיינע יוגנט־יאָרן, אויסגעדוכט גרויס ווי בראָדוויי אין ניו־יאָרק. לעבעדיק שטייט פאַר מיר דער אַלטער און נייער מאַרק, וואָס אין אַ מאַרק־טאָג — דינסטיק — האָט ער געפּילדערט און געזשומט ערגער ווי טיימס־סקוועיר. אָט זע איך אויף דער וואַר די דריי אַלייען, מיט ביימער באַזעצטע אויף ביידע זייטן, וואָס זיינען מיר אין מיין האַרצן ליבער פון אַלע אַלייען אין דער גאַנצער וועלט און זיינען נישט ווייניקער שיין, ווי די באַרימטע עליזיי־פעלדער אין פּאַריז.

און אחרון אחרון חביב — דער טשענסטאָכאָווער פּאַרק — דער אַלטער, וואָס גייט רעכטס און דער נייער, וואָס שטייגט אַרויס אַ ביסל אויף לינקס — ווי ליב און נאָענט ער איז מיר, אין מיין זכרון, מיט אַלע דעראינערונגען פון מיין פאַרברענגען דאָרט אין מיינע קינדער־יאָרן!

היינט, נאָך יאָרן פון צעשיידונג מיט מיין געבורטס־שטאָט, זייענדיק אַריבערגעפלאַנצט צוערשט אין וואַרשע און שפּעטער אין ניו־יאָרק, קומען מיר אָפּט אויף אין מיין זכרון בילדער וועגן יענער ווייטער גוטער צייט, און צווישן זיי געשטאַלטן און פיגורן פון יידישע דאָקטוירים אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע איך האָב געקענט און וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ אָנגעזעענע ראָלע אין יידישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו.

ווי אַנדערש איז געווען די באַציאונג צום דאָקטאָר אין יענע יאָרן! האָט מען געוואַשן אין אַ וואָכעדיקן טאָג די פּאָדלאָגע אין אַ יידיש הויז און באַשאָטן מיט געלן זאַמד די שוועל אָנן אַרייננגאַנג, האָט עס קלאָר באַטייט, אַז מען דערוואַרט דאָרט דעם דאָקטאָר.

האָט זיך דער טאַטע דיינער, גייענדיק אויף דער גאַס אַ שטוף געטאָן אין אַ זייט — האָט ער געלאָזט דיר וויסן, אַז דו דאַרפסט זיך אָפּרוקן אָן אַ זייט, ווייל... דער דאָקטאָר גייט.

דעם דאָקטאָר האָט מען אומעטום אָפּגעטראָטן דעם וועג, אויף דער גאַס אַדער אין אַ געשעפט, אין אַ וואָגאָן אַדער אין אַ קינאָ. אין אָנוועזנהייט פון אַ דאָקטאָר האָט קיינער נישט געוואָגט זיך אַנידערצוזעצן, הויך צו ריידן אַדער טראָגן דאָס היטל אויפן קאָפּ. אַ דאָקטאָר האָט קיינמאָל אַליין נישט אָנגעטאָן זיין מאַנטל. געוויינלעך פלעגט ער בלויז אַריינרוקן זיינע הענט אין די אַרבל פון זיין מאַנטל אַדער פוטער, וועלכן עמעצער האָט אים דערלאַנגט.

אַזעלכע דאָקטוירים זיינען געווען דער אַלטער רוס, וואָס פלעגט שפּאַצירן אין די אַלייען מיט אַ צילינדער און מיט זיין הונט אויף אַ לעדערנעם שנירל. ד״ר וואַסערטאַל מיט זיין שווערן שטעקן אין דער האַנט; ד״ר עדוואַרד קאַן מיט דער גאָלדענער קייט אויף זיין פעטן בויך, דער עלטסטער פון דער דאָקטוירים־פאַמיליע קאַן — וואַצלאַוו און סטעפאַן. דער לעצטער האָט זיך גראַטעוועט פון פּוילן קיין ארץ־ישראל.

צו דעם מין דאָקטוירים האָט אויך געהערט ד״ר פינקעלשטיין, וואָס פלעגט קיינמאָל נישט אָפּזאָגן צו קומען צו אַ קראַנקן — סיי בייטאָג סיי ביינאַכט — א.ז. טראַכטנדיק וועגן זיינע פּאַציענטן און זייערע קראַנקהייטן, פלעגט ער ליב האָבן צו טאָפּן זיין קורץ בערדל און וואָנצעס, ווי דאָס וואָלט אים געהאָלפן צו באַגרייפן ווי אַזוי דעם חולה בעסער צו העלפן. אַ חשובן פּלאַץ אין טשענסטאָכאָוו האָט אויך פאַרנומען ד״ר באַטאַוויאַ, דער האַלדז־ספּעציאַליסט און דירעקטאָר פון יידישן שפּיטאָל אויף זאַוואַדזיע.

אין יענע צייטן פלעגט דער דאָקטאָר גילטן בבחינת אַ שליח פון זיין ליבן נאָמען. ער פלעגט נישט הייסן זיך צאָלן פאַראויס, שרייבן חשבונות, באַשטימען פּרייזן, האַלטן אַן אָפּיס מיט אַ סעקרעטאַרין. ער פלעגט ס׳רוב גיין אַליין צו זיינע קראַנקע און נעמען געצאָלט וויפל מען האָט אים געגעבן אַדער וויפל מען האָט אים פּשוט אין

דער האָט אַריינגעשטעקט. „דאָס איבעריקע זאָל שוין השי"ת צוגעבן" — פּלעגט מען זאָגן ווי אַ צוגאָב.

יענע צייטן זיינען שוין לאַנג פאַרביי. עס איז שפּעטער אויפגעקומען אַ פרישע גענעראַציע פון דאָקטוירים, מער יינגערע, וואָס זיינען געווען שוין ווייניקער אַסימילירט און מער נאָענט צו די יידישע פאָלקס־מאַסן. צו זיי האָבן געהערט ד"ר קאָניעצפּאָלסקי, דער אָנפירע־מיטן שפּיטאָל פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, וועלכער איז געווען זייער טעטיק אין די יאָרן 1916—1921, ווען אין טשענסטאָכאָוו האָבן געהערשט שווערע עפּידעמיעס, וואָס האָבן צוגענומען אַ סך קרבנות. ד"ר קאָניעצפּאָלסקי איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט נישט לאַנג פאַר דער וועלטמ־לחמה. צו יענער גרופּע דאָקטוירים האָט אויך געהערט ד"ר בראַם, אַן אָנגעזעענער רענטגענאָלאָג און פירער פון די ציוניסטן. בעת דער מלחמה איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן קיין קאָוועל, וואו ער האָט געאַרבעט אין אַן אָרטיקן שפּיטאָל. וואָס עס איז מיט אים געוואָרן שפּעטער, איז מיר נישט באַקאַנט.

אין יענער צייט זיינען אויך געווען טעטיק און גוט באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו ד"ר ליפּינסקי, ד"ר קאָנאַרסקי, ד"ר בראַניאַטאָווסקי און ד"ר היפּעק גייסלער. דער לעצטער איז געווען גוט באַקאַנט נישט נאָר אַלס דאָקטאָר, נאָר אויך אַלס פירער פון די אָרטיקע האַנטווערקער. אין דער איצטיקער מלחמה האָט ער אין אָנהייב געדינט אַלס קאַפּיטאַן פון דער פּוילישער אַרמיי, געווען אַ קריגס־געפאַנגענער ביי די רוסן און וואָס מיט אים איז געוואָרן שפּעטער, איז נישט באַקאַנט.



ד"ר קאַן־קאַלין
(איצט אין ארץ־ישראל)



פרוי קיאַק

די אויבנדערמאָנטע דאָקטוירים זיינען געווען אַנדערש, ווי די קאָלעגן זייערע מיט אַ דור עלטער. זיי זיינען נישט געווען אַזוי פאַרריסן און גרויס ביי זיך. זיי האָבן זיך באַמיט צו דערנענטערן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן, מיטגעאַרבעט מיט זיי, געהאָלפן זיי זיך צו אָרגאַניזירן און גערעדט צו זיי אין זייער לשון — אויף יידיש.

דער ווייטערדיקער דור פון די טשענסטאָכאָווער דאָקטוירים, פון די יאָרן 1920—1930, איז שוין געגאַנגען אַ שריט ווייטער. די דאָזיקע דאָקטוירים האָבן זיך שוין פולקאָם צוזאַמענגעגאָסן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן און מיט זיי צוזאַמען געקעמפט — יעדער אויף זיין געביט, לויט זיין אידעאַל. אמת, עס זיינען נאָך דאָ און דאָרטן געווען אַ פּאָר יידישע דאָקטוירים, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אַלס אַסימילאַנטן, אָבער זייער צאָל און השפּעה אויף דער יידישער גאַס איז געווען זייער קליין.

פון די דאָקטוירים פון דער תקופה, וועלכע איך האָב נאָך געקענט אין טשענסטאָכאָוו, וויל איך דערמאָנען פראַנקענבערג, גאָלדמאַן, לעווין, מאַקרויער, וואָלבערג, נאָוואַק, גוטמאַן, ראָזען, לעווקאָוויטש, עפּשטיין, העלמאַן, שפּערלינג, גלאַטער, גרונוואַלד, פרוי וויעסבערג און טאַרבעטשקאַ. אַ סך פון זיי זיינען געווען אויסגעצייכנטע דאָקטוירים מיט אַ גוטן שם צווישן יידישע און קריסטלעכע פּאַציענטן.



קיאַק מיט איניקע מיטגלידער
פון זיין פאַמיליע

באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן ד"ר טאַרבעטשקאַ. ער איז תחילת געווען גאָר אַ גוטער פעלדשער און געאַרבעט אין יידישן שפּיטאָל. דאָרט האָב איך אים אין יאָר 1918, ווען איך בין אָנגעקומען אין שפּיטאָל אויף פּראַקטיק אַלס מעדיצין־סטודענט, דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט. דער דאָזיקער גוטער פעלדשער האָט שפּעטער באַשלאָסן אָוועקצוואַרפן זיין גרויסע פּראַקטיק און צו שטודירן מעדיצין, כדי צו ווערן אַ דאָקטאָר. ער האָט איבערגעלאָזט זיין ווייב מיט צוויי קינדער ביים שווער — אויך אַ פעלדשער מיטן נאָמען קיאַק, פון דער קראַקאָווסקער גאַס — און איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו ער האָט געלעבט אין אַ קליין שטיבל און שווער געהאָרעוועט — ביי טאָג אַרבעטנדיק כדי צו פאַרדינען אויף חיונה און ביינאַכט געלערנט מעדיצין. יאָרן זיינען פאַרביי. זיינע קינדער זיינען אויסגעוואַקסן און אַליין אָנגעהויבן שטודירן אין אוניווערזיטעט, — ביז ער האָט זיך צום סוף דערשלאָגן צו זיין ציל און געוואָרן מעדיצין־דאָקטאָר. אינטערעסאַנט איז, אַז ער האָט באַקומען זיין דיפּלאָם צוגלייך מיט זיין עלטערן זון, וועלכער האָט אָנגעיאָגט זיין פאָטער אין די מעדיצינישע שטודיען.

ד"ר טאַרבעטשקאַ איז אַ חוץ זיין מעדיצינישער פּראָפעסיע געווען אויך טעטיק געזעלשאַפטלעך און איז אַ געוויסע צייט געווען אַ ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט אין טשענסטאָכאָוו.

ד"ר טאַרבעטשקאַ איז נישט געווען דער איינציקער

צווישן די אַמאָליקע פעלדשערס, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין מעדיצינישער פּראַקטיק. טשענסטאָכאָוו האָט געהאַט אַ רייע אַלטע דערפאַרענע פעלדשערס, פון וועלכע יעדער האָט געשמט מיט אַ באַזונדערער ספּעציאַליטעט. ווער האָט געשטעלט אַזוי גוט באַנקעס, ווי טייכנער; ווער האָט אַזוי לייכט געשטעלט פּיאַווקעס, ווי קיאַק; ווער האָט אַזוי לייכט און קונציק געמאַכט קאַנעס, ווי דוד יאָסל עפּשטיין, און ווער האָט געקענט אַזוי פיין און שנעל אויספּענזלען אין האַלדז, ווי הערץ אָדער פּישמאַן?

אַ באַזונדער קאָסטע פון מעדיצין־ספּעציאַליסטן פון אַן אייגנאַרטיקן פאַרנעם זיינען זיי געווען! אַ דור, וואָס איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן און וואָס האָט מער קיין נאָכוואוקס נישט געהאַט.

אַ חוץ מעדיצין־דאָקטוירים זיינען אין טשענסטאָכאָוו געווען אויך טעטיק אַ סך ציין־דאָקטוירים, אָדער דענטיסטן, פון וועלכע עס קומען מיר אויפן זכרון: אַרטור בראָניאַטאָווסקי, דער זון פונעם פעלדשער בראָניאַטאָווסקי און ברודער פון צוויי דאָקטוירים; אהרן פּרץ, דער אָנגעזעענער בונדישער אַרבעטער־טוער; גרין, לעווקאָוויטש, לייזעראָוויטש, איידעלמאַן, קראַוסקאָפּף, נאָוואַק און מושינסקא — פרויען־דענטיסטן. זיי אַלע האָבן זיך געיאַוועט ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן און האָבן פאַרנומען זייער פאַרדינטן אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשענסטאָכאָוו.

אָט אַזוי ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ זע איך פאַר זיך דאָס אַמאָליקע טשענסטאָכאָוו.

יידן פון טשענסטאָכאָוו! איר זענט נישט אַנטרונען געוואָרן פון אונדזערע מחשבות! מיר געדענקען אייך טאָג איין, טאָג אויס און נאַכט איין, נאַכט אויס — אַזוי לאַנג ווי אונדזער זכרון וועט זיין וואַך און לעבעדיק און אַזוי לאַנג ווי דער רוח־החיים וועט אונדז אויפהאַלטן ביים לעבן!

---

פּ. גערבאָווסקי

# אַ בינטל בלומען

צען יאָר נאָכאַנאַנד בין איך געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו אַלס שליח פון „קרן היסוד". יעדעס יאָר איז מיר אויסגעקומען זיך צוזאַמענצוטרעפן און צוזאַמענאַרבעטן מיט אַ סך מענטשן. צוויי פון זיי האָב איך שטאַרק ליב באַקומען און מיין אַכטונג צו זיי האָט זיך פאַרשטאַרקט פון יאָר צו יאָר. זיי זיינען געווען:

י ח י א ל  י אָ כ י מ אָ ו ו י ט ש — אַ פאַרמעגלעכער ציגל־פאַבריקאַנט. ער איז געווען באַהאַוונט אין די „שוואַרצע פינטעלעך", אָפּט אַריינגעקוקט אין אַ ספר און געשריבן נישט שלעכט העברעאיש. ער איז געווען דער יושב־ראש פון „קרן היסוד" אין טשענסטאָכאָוו און אויסגעפירט די טאָג־טעגלעכע אַרבעט, ווי ער וואָלט געווען אַ באַצאָלטער באַאַמטער. ער האָט אַכטונג געגעבן אויף די צאָלונגען פון די וועקסלען, וואָס תורמים האָבן אַרויסגעגעבן און איז אַרומגעלאָפן איינמאָנען די סומעס ביי די, וואָס האָבן נישט געצאָלט אין צייט. אין דער צייט פון דער „קרן־היסוד"־אַקציע איז ער געווען „רץ כצבי" (פלינק ווי אַ הירש) פון פרי ביז נאַכט צו שאַפן דעקלאַראַציעס פאַרן „קרן־היסוד".

אין זיין אידעאַלער טעטיקייט האָט ער אָבער געהאַט אַ גוואַלדיקן קאָנקורענט, וואָס פלעגט זיך תמיד באַמיען אים איבערצושטייגן. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן אין טשענסטאָכאָוו אברהם גערשאַנאָוויטש. ווען ער פלעגט זען, אַז יאָכימאָוויטש האָט שוין דערגרייכט אַ בכבודיקע ציפער פון געשאַפענע דעקלאַראַציעס, פלעגט ער ווערן „גבור כארי" (שטאַרקער פון אַ לייב) און אָנווענדן זיין אויסערגעוויינלעכע ענערגיע איבערצושטייגן דעם ערשטן. אין די טשענסטאָכאָווער ציוניסטישע קרייזן איז זייער „קאָנקורענץ" געווען אַ שם דבר. מען האָט זיי גערופן די „קאָנקורענטן", לויט דעם שטייגער פון דער פאַבריק־שטאָט טשענסטאָכאָוו. אַזאַ אידעאַליסטישע קאָנקורענץ איז באמת געווען אַ זעלטענע.

שמואל האָראָוויץ — אַ זון פון אַ טשענסטאָכאָווער פאַבריקאַנט, אַן אינזשיניער פון פאַך, איז געווען דער שטענדיקער סעקרעטאַר פון דער קרן־היסוד־אַקציע. ווען די קרן־היסוד־זאַמלונגען פלעגן זיך אָנהייבן, האָט די פאַבריק־פאַרוואַלטונג פון האָראָוויץ און שותפים געוואוסט, אַז זי הערט אויף צו זיין דער באַלעבאָס איבערן יונגן אינזשיניער און געפינט זיך אין גאַנצן אין רשות פון שליח פון „קרן־היסוד". זיינע סעקרעטאַרישע פליכטן פלעגט ער אויספירן מיט אויסערגעוויינלעכער פּינקטלעכקייט.

יהודה ענגעל, פאָרזיצער פון „מזרחי" אין טשענסטאָכאָוו, איז געווען אַ מענטש אין די יאָרן, און נישט איבעריק לייכט איז אים אָנגעקומען צו קלעטערן אויף די שטיגן. ער פלעגט זיך אָבער נישט רעכענען מיט זיינע שוואַכע כוחות, מיט זיין שוואַך האַרץ און מקיים געווען מיט גרויס אהבה די מצוה פון גאולת ארץ ישראל.

צוויי ציוניסטישע עסקנים האָט מען אין די ציוניסטישע קרייזן גערופן „דאָס פּאָרל". עס איז געווען אַ זעלטן געבענטשט פּאָר, ממש אַ זיווג מן השמים. ביי יעדער קרן־היסוד־אַקציע פלעגן זיי זיך צונויפפּאָרן און אַרבעטן צוזאַמען דערפאָלגרייך און פרוכטבאַר.

געווען זיינען זיי צוויי באַזונדערע וועלטן, מיט באַזונדערע וועלט־אַנשויאונגען. אין דער אַרבעט פֿאַר ארץ ישראל פֿלעגן זיי זיך צוזאַמענשמעלצן מיט איין שטרעבונג און פֿאַרלאַנג — וואָס מערער צו שאַפֿן פֿאַר דעם ארץ־ישראל־אויפֿבוי.

דער באַוואוסטער מזרחיסטישער עסקן בלעכשטיין איז געווען אַ פֿרומער ייד מיט אַ באָרד, חסידיש געקליידט. זיין „צווייטע העלפֿט" איז געווען דאָקטאָר ראַזען, אַן אייראָפּעאיש געבילדעטער מענטש, און דערצו אַ משכיל. ביי דער אַרבעט פֿאַר ארץ־ישראל פֿלעגן זיי ווערן ווי „פֿון איין טייג געקנאָטן" און בייטאָג און אין די שפּעטע שעהן פֿון אָוונט פֿלעגט מען זיי תמיד זען שפּאַנענדיק צוזאַמען פֿון איין שטוב אַרויס, אין אַ צווייטער אַריין. האָט מען שוין אין טשענסטאָכאָווו דאַן געוואוסט, אַז דאָס „פּאָרל" איז ביי דער אַרבעט.

דער פּראָסט פֿלעגט ברענען און סמאַליען, אַ שניי־זאַווירוכע פֿלעגט פֿאַרשיטן די גאַסן — דאָס „פּאָרל" זעט עס נישט און פֿילט עס נישט, נאָר שפּאַנט אַרום מיט התלהבות צו דער עבודת־הקודש.

זיי און צענדליקער אַנדערער האָבן לאַנגע יאָרן געחלומט פֿון ארץ־ישראל און נישט זוכה געווען זיך צו ראַטעווען אין איר שויס און געפֿינען אַן אָפּרו אויף איר ערד. דאָרטן, אין גיהנום פֿון היטלעריזם, זיינען זיי פֿאַרבליבן, צו טיילן דעם מאַוימדיקן גורל פֿון זייערע ברידער.

איך ווייס נישט, וואָס מיט יעדן פֿון זיי איז געשען. אויב זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די ראַפּינירטע אוממענטשלעכע יסורים און געטיילט דעם גורל פֿון די מיליאָנען קדושים אין פּוילן, — זאָלן מיינע פֿאַר באַשיידענע ווערטער ווערן זיי דינען אַלס אַ בינטל בלומען אויף זייער אומבאַוואוסטן קבר.

כבוד זייער אָנדענק!

תל-אביב, מאַי 1944.

---

*) איינער פֿון די ציוניסטישע עסקנים, וואָס האָבן זיך באַצייטנס געראַטעוועט קיין ארץ-ישראל, איז געווען יעקב יהושע כהן.

---

בעלאַ גאָלדווירט

# אַנאָנימע לאַנדסלייט

אין דער בעלגישער הויפּט־שטאָט בריסעל האָב איך זיך באַקענט מיט דריי טשענסטאָכאָווער פּערזאָנען, וואָס האָבן געמאַכט אויף מיר אַ טיפֿן רושם. אַזעלכע מענטשן פֿאַרבלייבן לאַנג אין זכרון.



פֿייגעלע בערלינער

זיי זיינען געווען: פֿייגעלע בערלינער, לעאָן דער שוסטער און זיין חברטע סאַלע, דעם פֿאַמיליען־נאָמען פֿון די לעצטע צוויי האָט קיינער ניט געוואוסט. ביי דער בעלגישער פּאָליציי זיינען זיי געווען פֿאַרשריבן אויף פֿאַרשיידענע נעמען, אָבער קיין איינער איז ניט געווען דער ריכטיקער.

מ'האָט מיר דערציילט, אַז סאַלעס פֿאָטער איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכער מענטש אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט דאָרט געהאַט אַ גרויס באַקאַליי־געשעפֿט. סאַלע האָט אינדערהיים געענדיקט אַ גימנאַזיע (היי־סקול).

זי איז געווען אַ קליינע און שטילע ווי אַ שטיל הינדעלע. אָבער שטילערהייט האָט זי פֿאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועררבירט מיטגלידער פֿאַרן פּאַטראָנאַט און געזאַמלט געלט פֿאַר דער רויטער הילף.

אַ סך מאָל איז זי, אַזוי אויך לעאָן געווען אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט פֿון לאַנד, אָבער יעדעס מאָל האָבן זיי אויפֿסניי געשמוגלט די גרענעץ, צוריקגעקומען קיין בריסעל און ווייטער געטאָן די אַרבעט.

לעאָן האָט זיך געראַטעוועט פֿון די פּאָליציייאישע הענט אין פּוילן און זיך געלאָזט אין וועג. סאַלע איז געגאַנגען מיט אים. ביז טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן זיי נאָך געהאַט אויף הוצאות. בלייבן דאָרט האָבן זיי ניט געקענט, האָבן זיי זיך געלאָזט צופֿוס קיין בעלגיע.

אין איין דייטשישער שטאָט — עס איז געווען איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט — זיינען זיי אָנגעקומען מיט אַ פּאָר פֿעניג אין טאַש, גענוג צו קויפֿן איין פֿערטל פֿונט ברויט. זיי האָבן שוין העכער אַ מעתלעת ניט געהאַט געגעסן. זיי זיינען אַריין אין אַ בעקעריי און געוויזן דער דייטשקע די פּאָר פֿעניג — אַלץ וואָס זיי פֿאַרמאָגן. זיי האָבן איר געזאָגט, אַז זיי זיינען זייער הונגעריק. די דייטשקע האָט זיך נישט געשעמט, האָט

אָפּגעשניטן אַ דין פּענעצל ברויט, עס אָפּגעוואויגן. נישט אויף אַ האָר מער ווי פּאַר די פּאָר פּעניג. לעאָן און סאַלע האָבן פאַרצווייפלט געקוקט אויפן דינעם פּענעצל ברויט: ווער וועט פריער פון דעם אַ ביס טאָן, און ווי וועלן זיי זיך דערמיט זעטיקן?

עטלעכע וואָכן זיינען זיי געגאַנגען צופוס. עס איז געווען זומער־צייט, האָבן זיי זיך דערנערט מיט גרינס פון די פעלדער. זיי האָבן געקליבן האָלץ, געמאַכט אַ פייער און געבראָטן קאַרטאָפל.

מיט געשוואָלענע פיס זיינען זיי אָנגעקומען קיין בריסעל. אויך דאָ האָט זיי יעדן טאָג געדראָט אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט צו ווערן. אָבער דאָס האָט זיי נישט געשטערט אָנצופירן זייער אַרבעט.

לעאָן איז געווען אַ ביסל העכער פון מיטל־וואוקס, אַ ברייט־ביינערדיקער, אין די 30ער יאָרן. פון זיינע ברוינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ רואיקע גוטסקייט. אויף זיין ערנסטן פּנים מיט די פאַרשפּיצטע קינבאַקן, מיט דער שטאַרק צעפּלאַטשעטער נאָז און מיטן געקנייטשטן שטערן איז געלעגן זיין פעסט אַנטשלאָסענער כאַראַקטער. ער איז ניט געווען קיין גרויסער רעדנער אָבער דאָס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט איז געווען שכלדיק דורכגעטראַכט און אויסגעהאַלטן.



לעאָן דער שוסטער (אינזעלשטיין)
(דער ערשטער פון לינקס, מיט אַ גרופּע
חברים אין בריסל, בעלגיע)

ווען אין 1936 איז אויסגעבראָכן דער בירגערקריג אין שפּאַניע איז ער געווען פון די סאַמע ערשטע צו פאָרן קעמפן קעגן פאַשיזם. ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט און געפאַלן אין קאַמף.

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז געווען פייגעלע בערלינער. אומפאַרגעסלעך איז געבליבן דער איינדרוק. ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אַרויפגעקומען צו איר אין קליינעם שטיבעלע אונטערן דאַך מיט די געבויגענע ווענט. דאָס איינציקע פענצטערל איז געלעגן אויף דער סטעליע און געקוקט גלייך אין הימל אַריין. די ריינקייט האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע. די ווענט זיינען געווען באַצירט מיט קליינע און גרויסע בילדער. אין אַ ווינקל אויף אַ שענקל זיינען געשטאַנען אַמאַטאָרסקע צאַצקעס. פייגעלע האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן איר וועטשערע. ביים שוואַכן שיין פון אַ קליין לעמפּל האָט איר פּנים אויסגעזען צאַרט און פול מיט ליבשאַפט צו דער וועלט.

אירע פעך־שוואַרצע האָר זיינען געווען צעטיילט אין מיטן מיט אַ שריינט. ביי די זייטן געלאָקט ווי שטילע, פלאַכע כוואַליעס אין אַ רואיקן טייך. אירע באַקן — ווי רויטע בלומען. פון אירע חנוודיקע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טיפע גוטסקייט און אויף אירע ליפּן איז געלעגן אַ ליבער שמייכל.

זי האָט זיך יענעם אָוונט אויף קיינעם ניט געריכט. אָבער ווי שיין און פּינקטלעך זי האָט פאַר זיך אַליין געגרייט דעם טיש! אויף אַ ריין־געפּרעסטן קאָלירטן טישטוך איז געשטאַנען אַ טעלערל מיט אַ שטיקל קעז, אַ גלעזערנע פּוטערגיצע מיט פּוטער, אַ געבלימט פּילמעסל מיט סאַרדין, אַ זאַלץ־מעסטל, אין שיין, געפלאָכטן קוישעלע איז געלעגן אַ זעמל מיט אַ שטיקל ברויט. אין דער זייט איז געלעגן אַ סערוועטקע מיט די זעלביקע קאָלירן וואָס דער טישטוך. אינמיטן טיש איז געשטאַנען אַ וואַזעלע מיט בלומען. איר געדולד און פּינקטלעכקייט אויסצופּוצן און גרייטן דעם טיש פאַר זיך אַליין האָט אַרויסגערופן אַנטציקונג און פאַרערונג צו איר.

אַזוי פּינקטלעך און געדולדיק האָט פייגעלע אויף זיך גענומען די לאַסט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. שטיל און באַשיידן איז זי מיטן גאַנצן האַרצן געווען איבערגעגעבן דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג, געגאַנגען צו די מיטינגען און מיט טיפער איבערגעבנקייט אַדורכגעפירט אירע פליכטן.

---

א. כראָבאַלאָווסקי

# די מאַלאַרסקים

## געשיכטע פון אַ טשענסטאָכאָווער פאַמיליע

אברהם מאַלאַרסקי, דער טאַטע, איז אַ געבאָרענער אין שטעטל סייני, סואוואַלקער גובערניע. זיין מוטער איז געווען די טאָכטער פון אַ דיין, זיין פאָטער — זעליג — דער זון פון אַ שמיד, וואָס האָט געשמט אין גאַנץ סואוואַלקער געגנט דערמיט, וואָס אים איז איין מאָל אויסגעקומען צו שמידן דעם פערד פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. פאַר זיין גוטער אַרבעט איז ער באַפרייט געוואָרן פון שטייערן.

צו דריי יאָר איז אברהם געבליבן אָן אַ מוטער. ער האָט זיך געכאָוועט אין הויז פון זיין זיידן, דעם דיין, ביז זיין פאָטער האָט אים מיטגענומען קיין נאָווידוואָר, וואַרשעווער גובערניע. ער ווערט אַ לערן־יינגל ביי אַ שטריק־מאַכער, שטייט ביים שפּין־ראָד 14 שעה אַ טאָג און ליידט הונגער און קעלט. נאָך דריי יאָר ווערט ער אַ געזעלן.

צו 21 יאָר האָט ער חתונה מיט שיינדל טאַץ, אַ טאָכטער פון אלעזר און בלומע טאַץ אין נאָווידוואָר. שיינדלס עלטערן, דער זיידע און די באָבע פון די טשענסטאָכאָווער מאַלאַרסקיס, האָבן געהאַלטן סעדער מיט לאָנקעס אַרום דער ווייסל און געפירט אַ מילך־ווירטשאַפט.

אברהם מאַלאַרסקי האָט פאַרלאָזן די שטריק־מאַכעריי און איז געוואָרן אַ רימער. אין יענער צייט איז שוין זיין פאָטער זעליג, וואָס איז פריער געווען אַן אנגעשטעלטער אין נאָווידוואָרער פעסטונג, געווען אַן אייגנטימער פון עטלעכע אָמניבוסן, וואָס האָבן געפירט פּאַסאַזשירן און סחורות קיין וואַרשע און צוריק.

די ערשטע צוויי קינדער אין דער פאַמיליע, יודל און רויזע, זיינען געבאָרן געוואָרן אין הויז פון זיידן אלעזר. שיינדל, די מאַמע פון די מאַלאַרסקיס, זייענדיק אַ מאַמע פון צוויי קינדער, און נאָך נישט קיין 20 יאָר אַלט, האָט נאָך אַלץ נישט שלום געמאַכט מיטן אַרט לעבן אין הויז פון אירע עלטערן. זי האָט געצויגן צו אַן אַנדער לעבן.

אַ מוסטער פאַר איר איז געווען אַן איידעם פון דער פאַרצווייגטער פאַמיליע, לייבוש בערמאַן. אים האָט די באָבע יוכבד, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט יתומים און פאַרוואָרלאָזטע קינדער אין דער שטאָט, געפונען נעבן דער באָד, אַ פאַרטריבענעם פון זיינע שטיף־עלטערן. זי האָט אים אויפגעכאָוועט און געלאָזט לערנען, אים חתונה געמאַכט מיט איר טאָכטער און געהאַט פון אים אַ סך נחת. ער איז צום ערשטן געווען אַ בוכהאַלטער, דערנאָך געוואָרן אַ פאָדריאַטשיק פון שפּייז פאַר מיליטער אין דער פעסטונג. זיינע קינדער האָבן געלערנט אין וואַרשע. איינע פון זיינע טעכטער האָט זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. זי פלעגט דערציילן אירע איבערלעבונגען פון דער גרויסער וועלט איר קוזינע שיינדל. אויף שיינדלען, כמעט אַ דאָרף־מיידל, האָט זי געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

מיט דער צייט האָט אָבער שיינדל, אין געטרייער פאַרבינדונג מיט איר מאַן, דעם באַשיידענעם שטריקער־רימער אברהם מאַלאַרסקי, געבראַכט אויף דער וועלט אַ גאַנצן דור פון צען קינדער. פיר זין און זעקס טעכטער. זיי האָבן זיך איבערגעצויגן קיין טשענסטאָכאָוו, דערנאָך קיין אַמעריקע, און מיט זייער קאַמף און אַרבעט אין דער אַלטער היים און דאָ אין אַמעריקע, האָבן זיי זיך דערוואָרבן אַ נאָמען צווישן טשענסטאָכאָווער יידן.

## די מאַלאַרסקיס אין טשענסטאָכאָוו

פון די צען יונגע מאַלאַרסקיס איז נאָר איינער משה (מאָריס) געבאָרן אין טשענסטאָכאָוו. די איבעריקע: יידל, רויזע, דוד, חיים שלמה, חיה רחל, האָדעס, יעטע און לאה (לינע) זיינען געבאָרן געוואָרן אין נאָווידוואָר. מיט דער הילף פון זיידן אלעזר, און באַזונדער פון דער באָבע בלומע, וואָס האָט געהאַט אַ געניאַל מיטל צו „העלפן" ציילן די געלטער, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין די הונדערטער פאַר די ווינטער־פּרוכטן . . . איז דער פאַמיליע, וואָס איז שוין דעמאָלט באַשטאַנען פון עלף נפשות, טאַטע־מאַמע און 9 קינדער, געלונגען זיך איבערצוציען קיין טשענסטאָכאָוו. דוד איז געוואָרן אַ שלאָסער. די איבעריקע עלטערע קינדער זיינען אַוועק אַרבעטן אין די פאַבריקן און פאַבריקלעך, וואו עס זיינען געווען באַשעפטיקט די אָרעמע קינדער פון טשענסטאָכאָוו. אין 1901 האָט יידל מאַלאַרסקי, אַ בלעכער פון פאַך, חתונה געהאַט מיט אַ טשענסטאָכאָווער מיידל און דאָרט זיך באַזעצט. מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער געקראָגן אַ שטעלע פאַרן טאַטן אברהם אין דער רימער־אָפּטיילונג פון דער האַנטווערקער־שול.

דאָס ערשטע איבערלעבעניש אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער פּאָגראָם, אין 1902. די פאַמיליע האָט דעמאָלט געוואוינט אין הויז פון דער תלמוד־תורה, און צוזאַמען מיט אַלע שכנים, געווען באַהאַלטן אויפן פערטן שטאָק פון דעם געמויערטן הויז, וואו די שטיינער פון די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן נישט דערגרייכט. דער פאָטער איז גראָד געווען אין ראַדאָמסק. ווען ער איז אַהיים געקומען, איז דער פּאָגראָם געווען אַריבער.

אין זעלביקן יאָר, שפּעט אין הערבסט, ציען זיי זיך איבער אין אַלטן מאַרק, אויפן הויף פון דער שייקעטעס הויז. די נייע דירה האָט געהאַט צוויי אַריינגאַנגען: איינעם פון הויף דורכן אַלטן מאַרק, דעם צווייטן (דעם „פּאַראַדנעם" . . .) דורך די פענצטער און ליק אַריין צו דער וואַרשעווער גאַס, אָדער דורך האָראָוויטשעס קוילן־סקלאַד.

די וואוינונג איז געווען אַ פינצטערע. די זון איז דאָרט קיין מאָל נישט צוגעקומען. די ווענט קיין מאָל נישט טרוקן פון פייכטקייט. דער וואַרשטאַט, מיט כלערליי לעדערנע סחורות אויף די ווענט, האָט אָנגעפילט דאָס הויז מיטן ריח פון רויען לעדער. אָבער מיטן אָנהייב פון דער פרייהייט־באַוועגונג אין 1904—1905, איז אַ גרויס ליכט פון האָפענונג און קאַמף פאַר אַ שענער לעבן אויפגעגאַנגען פון דעם הויז און זיך צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון די אָרעמע יידישע גאַסן אין טשענסטאָכאָוו. דאָס הויז פון די מאַלאַרסקעס איז געוואָרן דער צענטער פון דער ס"סישער באַוועגונג, וואָס האָט ווי אַ וואַלד־פייער פאַרכאַפּט טשענסטאָכאָוו.

דער פינצטערער בוידעם איבער דער וואוינונג אין שכנות מיט בלומע די פיפּטערן, שטענדיק רוישיק און פול מיט שמאַטעס, איז געווען דער סקלאַד פון געווער און אַן אָרט אויף צו באַהאַלטן זיך. דאָס הויז איז פאַרהאַנגען געוואָרן מיט פאַרשיידענע ראַמען, באַזוימט מיט פילקאָלירטע פּאַפּירענע שפּיצן און אונטער זיי זיינען,

פאַרשטעלט מיט ציגל, געווען פאַרשטעקט פעק ליטעראַטור. און אַ גאַנץ באַזונדער באַהעלטעניש אין דער וואַנט נעבן אויוון האָבן זיך געפונען די רויטע פענער. אין הויז זיינען געווען צוויי אויוונס, איינער אַ בלעכענער, צו קאָכן, דער צווייטער אַ ציגלנער. און דעם צווייטן האָט מען קיינמאָל נישט געהייצט, ער האָט געדינט פאַר וויכטיקערע צוועקן . . .

זייער אָפט פלעגט זיך פון הויז צעטראָגן דער קנאַל פון אַ רעוואָלווער־שאָס. דאָס האָט מען אויספּרובירט די רעוואָלווערן אויפן פינצטערן ביידעם. אָפט האָבן רעוואָלווערן אויסגעשאָסן ביים באַשמירן זיי מיט אייל און ביים רייניקן. איין מאָל איז אַזאַ קויל פאַרבייגעפלויגן די גאַנצע כאָפּטע קינדער פון הויז, וואָס זיינען געווען נייגעריק צוצוזען, וואָס די גרויסע טוען. פון שרעק זיינען די קינדער אַנידערגעפאַלן ווי לאַלקעס.

איינע פון די קוריערן, וואָס פלעגן איבערטראָגן דאָס געווער דאָרט, וואו מען האָט באַדאַרפט, איז געווען די רויט־האָריקע, שטילע, אָבער אומדערשראָקענע, האָדעס (סאָפּע). זי פלעגט אָנלייגן אַ האַלבן טוץ רעוואָלווערן אין פאַרטוך, פאַרוואַרפן אויף זיך אַ טוך און זיך אַוועקלאָזן אויפן באַשטימטן פלאַץ.

אין די נעכט פלעגט אָפט צופאָרן אַ וואָגן צום „פּאַראַדנעם" אַריינגאַנג, ד"ה דורכן ליק צו די פענצטער, נעבן קוילן־סקלאַד און אויסלאָדן זעק און פעק אַקאָרשט געשוואַרצט דורך דער הערבער־גרענעץ. דער טאַטע, אברהם מאַלאַרסקי, פלעגט דאָס פאַרשטעקן אין לעכער אונטער דער פּאָדלאָגע און עס צוריק פאַרשיטן מיט ערד.

אין דער פרי פלעגט די מאַמע, שיינדל, שלעפּן צוויי קוישן מיט פרישע זעמל פאַר די רייכע באַלעבאָסטעס פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ הילף צו די אָרעמע פאַרדינסטן פון איר מאַן. אין די קוישן, אונטער די זעמל, האָבן זיך אָבער געפונען אַנדערע זאַכן . . .

יידל האָט געוואוינט אין „בליאַכאָווניע" און דאָרט געאַרבעט אין דער פאַבריק. פון דאָרט איז געווען נאָר זיבן מייל צו דער הערבער גרענעץ, דורך וועלכער עס זיינען געגאַנגען טראַנספּאָרטן געווער און ליטעראַטור. זונטיק פלעגט ער קומען אין שטאָט. דעמאָלט איז אין הויז פון די מאַלאַרסקיס געווען זייער ענג פון די מענטשן וואָס פלעגן זיך צוזאַמענקומען אָפּצורעדן זייער וויכטיקע זאַכן . . .

זייער אָפט איז די פּאָליציי באַפאַלן דאָס הויז ביי נאַכט, געזוכט און גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך און געווינלעך גאָרנישט געפינען. זיי פלעגן איבערדרייען די שעניקעס און אַרויסוואַרפן די קינדער פון די בעטן. שיינדל איז שוין געווען דערצו געוואוינט און געהאַט איר מעטאָד, ווי אַזוי צו עפענען די טשעמאָדאַנעס, וואָס אַדורכפאָרנדיקע חברים האָבן איבערגעלאָזט און וויזן די קאָסטנס פול מיט אַלטע שטיקער לעדער פון איר מאַנס אַרבעט.

אַ סך, אַ סך זייטן וואָלט מען געקאָנט פאַרשרייבן, איבערגעבנדיק דעם באַשיידענעם העראָאיזם און מאַרטירערטום פון איינער פון די יידישע מאַמעס פון אַ רעוואָלוציאָנערער פאַמיליע אין יענער צייט. שיינדל, די מאַמע פון די מאַלאַרסקיס, איז געווען אַ מוסטער.

איינעם פון די ווארילע יונגען, וואָס האָט געפאָדערט „אָפּצאָל" פאַרן פלאַץ אויפן אַלטן מאַרק, האָט זי מכבד געווען מיט אַזאַ טראַסק אין פנים, אַז קיינער האָט נישט געוואַגט זיך צו טשעפּען. מיטן פּאָליציי־מייסטער און זיינע אַרויסהעלפער, מיט וועלכע עס איז איר זייער אָפט אויסגעקומען צו קעמפן פאַר אירע אַרעסטירטע קינדער, האָט זי אָנגעווענדט אַן אַנדער מיטל: „דיפּלאָמאַטיע". מאַלאַרסקיס זיינען, קיין עין־הרע, געווען עטלעכע, האָט זי, ווען מען האָט, למשל, איין מאָל, נאָך אַן אויפרייס פון אַ באָמבע אויף דער סטאַציע־גאַס, אַרעסטירט יידלען, איינגעטענהט מיטן פּאָליציי־מייסטער, אַז מאַלאַרסקי דער רעוואָלוציאָנער איז אין אויסלאַנד און דער אַרעסטירטער מאַלאַרסקי איז גאָט די נשמה שולדיק. ער איז אַ פאַרהייראַטער מאַן און פירט אַ שטיל לעבן מיט זיין פרוי און קינד. (דער „שטילער" יידל, אַלס בלעכאַרזש, האָט צוגעגרייט זאַכן, וואָס האָבן געפּלאַצט מיט אַזאַ געקנאַל, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט). ווען יידל איז שוין געווען אין אַמעריקע, האָט זי איבערגעדרייט די „דיפּלאָמאַטיע" אויף דער צווייטער זייט און אַזוי פאַרטיידיקט דודן.

אַחוץ אירע קינדער איז זי געווען אַ מאַמע צו צענדליקער אַנדערע רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין הויז, אויפן בוידעם. אַ סך האָט מען גערדאַרפט שוואַרצן איבער דער גרענעץ, פאַר אַ סך האָט מען געמוזט קריגן פּול־פּאַסקעס (סערטיפיקאַטן אויף אַריבערצוגיין די גרענעץ). איינער פון די, וואָס האָבן אָפט געזוכט שוץ ביי איר איז געווען אהרן דער רויטער (אהרן סינגאַלאָווסקי). איין מאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין הויז, פאַרפאָלגט פון דער פּאָליציי, פרייטיק פונקט צו ליכט־בענטשן. שיינדל האָט איבערגעריסן דאָס ליכט בענטשן און באַשטאַט ערגעץ אהרנען.

דער גרעסטער אומגליק איז געשען, ווען זי איז אַרומלויפנדיק געפאַלן און צעבראָכן אַ פוס. זי איז אַ לאַנגע צייט געגאַנגען אויף קוליעס. דער פוס האָט זיך שלעכט פאַרהיילט און זי האָט געליטן שרעקלעכע שמערצן. אין זעלבן ווינטער איז דוד, וואָס האָט געאַרבעט אומלעגאַל אין אַן אַנדער שטאָט, אַרעסטירט געוואָרן און איז געבראַכט געוואָרן מיטן עטאַפּ קיין טשענסטאָכאָוו. מיט דער הילף פון די קוליעס אין אַ דראָזשקע לאָזט זיך שיינדל צו דער קאַזאַרמע כדי זיך צו זען מיט דודן. זומער 1906, נאָך דעם באָמבע־אויפרייס אויף דער וואַרשעווער גאַס, זיינען פאָרגעקומען מאַסן אַרעסטן. צו די אַרעסטירטע זיינען געקומען אַ גרויסע צאָל באַזוכער, שיינדל צווישן זיי. אין גרויסן טומל האָט זי זיך מיט דודן אויסגעמישט צווישן די באַזוכער און אַרויס אויף דער פריי. נאָך דעם איז זי, מיט דער הילף פון

יידלען, וואָס האָט שוין געשיקט געלט פון אַמעריקע, גע־
פאָרן קיין ברעסלוי אָפּעררירן איר פוס. נאָך דער אָפּע־
ראַציע איז זי אַוועק זיך דערהאָלן צו איר טאַטן אין די
סעדער ביי דער ווייסל.

אינגאַנצן רוען האָט זי אויך דאָרטן נישט געקענט.
דוד, וואָס האָט געזאָלט זיין אין אויסלאַנד, איז געכאַפּט
געוואָרן מיט אַן ס״סישער דרוקעריי אויפן ערשטן שטאָק
אין אַ הויז אויף קרוטקע גאַס. ער מיטן דרוקער זיינען
אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער. די פּאָליציי האָט
נאָכגעשאָסן. ביידע איז געלונגען צו אַנטלויפן. די
נייעס האָט דערגרייכט שיינדלען. זי האָט שוין דעמאָלט
געליטן פון צוקער־קראַנקייט, אַלס רעזולטאַט פון שווערן
און אומרואיקן לעבן. דעם זעלבן סוף זומער איז דוד
אַוועק קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ.

## דוד מאַלאַרסקי

דוד מאַלאַרסקי האָט געהערט צו די, וועמענס נע־
מען עס ווערן לעגענדעס.

ער איז געווען פון פאַך אַ שלאָסער. זיין גאַנצע
לערע, סיי אין חדר און סיי אַלס שלאָסער, האָט ער אַדורכ־
געמאַכט אין נאָווידוואָר. ער איז געקומען קיין טשענ־
סטאָכאָוו אין 1902 און באַלד נאָך דעם אַריינגעטראָטן אין
ערשטן אַרבעטער־קרייז, וואָס די ס״ס האָבן אָרגאַניזירט.
די אַרבעטער־באַוועגונג בכלל, און די ס״ס בפרט, איז
דעמאָלט נאָך באַשטאַנען פון געקליבענע יחידים. דוד
מאַלאַרסקי איז טאַקע געווען דער, וואָס האָט מיט זיין
עקשנות פון אַ פּיאָנער, אומדערשראָקנקייט פון אַ רעוואָ־
לוציאָנער, און התפעלות פון אַ קינד, פאַר וועמען עס האָט
זיך אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט — און אַ נייער לעבנס־אי־
דעאַל — געפירט מיט זיך די מאַסן.

זיין גרעסטע מעלה אַלס רעוואָלוציאָנער איז באַ־
שטאַנען נישט אין ווערטער נאָר אין מעשים. די שווער־
סטע און געפערלעכסטע אַרבעטן זיינען אים פּאַרטרויט
געוואָרן: דאָס אַריבערפירן איבער דער גרענעץ אומלע־
גאַלע ליטעראַטור; דאָס איבערשיקן די ליטעראַטור אין
אַנדערע פּונקטן; דאָס אָרגאַניזירן פון זעלבסטשוץ, דאָס
באַשיצן די באַוועגונג פון שפּיאָנען; שוץ פאַר דער יידי־
שער באַפעלקערונג קעגן פּאָגראָמען; דאָס אָרגאַניזירן
דרוקערייען און די געפערלעכע אַרבעט אין זיי — אין
אַלץ האָט געשטעקט דוד מאַלאַרסקעס האַנט.

נאָכשפּיאָנירט און געיאָגט אין טשענסטאָכאָוו פון
די צאַרישע שפּיאָנען און פּאָליציי, פלעגט ער אויף אַ ווייל
פאַרשווינדן פון האָריזאָנט און זיך באַלד ווידער באַווייזן,
ווען אַ דרוקעריי איז דורכגעפאַלן, אָדער ביי עפּעס אַן
אַנדער אויסערגעוויינלעכער געשעעניש.

ווען די פּאָליציי האָט אַנטדעקט די ס״סישע דרו־
קעריי אויף דעם ערשטן שטאָק פון אַ הויז אויף קרוטקע־
גאַס — איז ער דאָרט געווען צוזאַמען מיט אַ זעצער פון
פּיעטרקאָוו. דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען דורכן פענצטער
אויף דער קרוטקע־גאַס אומבאַשעדיקט. אָבער דער
„הבחור הזעצער" האָט שפּריגענדיק אויסגעלינקט אַ פוס
און נישט געקענט לויפן. אונטער דער שיסעריי פון דער
פּאָליציי פון אויבן איז דוד צוריקגעלאָפן צום אָרט, וואו
דער חבר איז געלעגן און אים אַוועקגעטראָגן אויף אַ
זיכער אָרט.

אין אַמעריקע האָט ער זיין פייערדיקן טעמפּעראַ־
מענט פּרובירט לעשן מיט בילדונג. ער האָט שטודירט,
איז געגאַנגען אין קאָלעדזש. ער איז אויך געווען טעטיק
אין דער ס. ט. און אין דער שול־באַוועגונג.

אַ שווערע קראַנקייט, וואָס איז אים באַפאַלן מיט
יאָרן צוריק, האָט אים אָפּגעריסן פון דער געזעלשאַפט־
לעכער אַרבעט, אין וועלכער ער פעלט איצט אויס זייער
שטאַרק.

## לאה (לינע) מאַלאַרסקי

זי איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו נאָך אַלס קינד,
אָבער שוין מיטגעבראַכט מיט זיך די שטאַרקע איינדרוקן
פון איר געבורט־שטעטעלע נאָווידוואָר, וואָס איז געווען
אַזוי גרויס, ווי דער גאַנג פון איין זיידן צום צווייטן;
פון די באַזוכן ביי דער באָבע בלומען, וואָס האָט גע־
וואוינט אויפן „פּיאַסעק" און שטענדיק מכבד געווען מיט
זויער־מילך און זיסער חלה; גאַנץ באַזונדער פון זיידנס
סעדער, וואו מען האָט געקענט עסן די שענסטע פרוכטן,
וואָס זיינען געפאַלן פון די ביימער און וואו שבת פלעגט
זיך פאַרזאַמלען די גאַנצע משפחה — גרויס און קליין
— וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע און זיבעציק איניק־
לעך.

איר ערשטע בילדונג האָט די קליינע לאה באַקומען
אין חדר פון משה מרדכי. די רביצין האָט געלערנט עברי
פון סידור מיט אַ טייטל און צוגעהאָלפן אַרויסזאָגן די
לשון־קודשדיקע ווערטער. שכר־לימוד איז געווען 5
גילדן אַ חודש. פאַר ברענגען די פאַר גילדן האָט די
רביצין באַלוינט מיט צוקערלעך.

דערנאָך האָט זי שוין געלערנט שרייבן און לייענען
און געטראָגן מיט זיך אַ העפט מיט אַ לערן־ביכל „רוס־
קאַיאַ רעטש".

שפּעטער האָט דער טאַטע אַליין, צוליב דער אָרעמ־
קייט אין הויז, געלערנט מיט איר בעת ער האָט געאַרבעט.

אין 1904—1905 האָט די טשענסטאָכאָווער אינטע־
ליגענץ פון דער פרייהייט־באַוועגונג אָרגאַניזירט בילדונג־
קרייזלעך אין פּריוואַטע הייזער. לאה האָט געלערנט
אינעם קרייזל אין אַ הויז פון אַ דענטיסט. אין רייכן
הויז פלעגט מען די אָרעמע קינדער אויך מכבד זיין מיט
טיי און „טשאַסטעס" (קיכלעך). דאָס איז פאַר די קינ־
דער געווען אַ מין גן־עדן אויף דער וועלט . . .

נאָך גאַר אַ יונג קינד האָט לאה שוין געהאָלפן דער
מאַמען אין דער פּרנסה, טראָגן דאָס געבעקס צו די
רייכע באַלעבאַטעס. געוויינלעך פלעגט זי טראָגן אַ
קלענער קוישעלע. ווען די מאַמע האָט צעבראָכן אַ פוס,
האָט זי מיט אַ צווייטער שוועסטער געשלעפּט די גרויסע
קוישן, וואָס זיינען אפשר גרעסער געווען פון איר.

אָפט פלעגט מען זי שיקן אין דער בליאַכאָווניע צו יידלען מיט אַ קוישעלע שפייז. צוריק פלעגט זי פירן אין קוישעלע זאַכן, וואָס זיינען געווען פאַר איר אַ סוד. דער וועג צו דער הערבער באַן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ שטיק אונטער דער שטאָט, דערנאָך אין צוג אַליין, ביז אָסטראָוו, פון אָסטראָוו מיטן וואַלד צו בליאַכאָווניע, איז געווען פאַר איר אַ שטאַרקע איבערלעבונג פון פרייד און שרעק.

נאָר איין מאָל האָט דער טאַטע זי אָפּגעוואַרט ביי דער הערבער באַן, דערצו נאָך מיט אַ דראָזשקע. דאָס איז געווען פאַר איר אַ גרויס רעטעניש . . . מיט אַ טאָג שפעטער האָט מען געוואָרפן די באָמבע אויף וואַרשעווער גאַס.

די קאָנסטיטוציע פון אָקטאָבער 1905 איז געווען פאַר איר ווי אַ גרויסער יום־טוב וואָלט אַראָפגעפאַלן פון הימל. דערפאַר איז דער ווינטער מיטן קריג־צושטאַנד, מיט הויז־זוכונגען און אַרעסטן, וואָס האָבן זיך באַלד נאָך דעם פאַרשטאַרקט, געווען פאַר איר טאָפּלט שווער. אין די גאַסן פלעגן די מיליטערישע פאַטרולן אָפשטעלן די מאַמע מיט דער טאָכטער און אָפט רעווידירן . . .

מען מוז צוגעבן, אַז דאָס זיינען איבערלעבונגען פון אַ קינד אין עלטער פון אַכט־צען יאָר.

## די מאַלאַרסקיס אין אַמעריקע

דאָס אויסוואַנדערן פון דער פאַמיליע קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1906. צוערשט איז געפאָרן יידל, דערנאָך דוד. דער דריטער איז געפאָרן אברהם מאַלאַרסקי אַליין, דעמאָלט שוין אַ טאַפעצירער. נאָך אים איז געקומען דער דריטער זון חיים שלמה, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון מיליטער־דינסט און פון דאָרט מיטגעבראַכט אַ ווייב. דערנאָך זיינען געפאָרן דריי שוועסטער: חיה רחל, האָדעס און חנה. נאָך זיי די עלטסטע שוועסטער רויזע מיט אירע צוויי קליינע קינדער מאיר און זעלדע. מיט איר זיינען געפאָרן די צוויי יינגסטע קינדער פון דער פאַמיליע: יעטע און משה. די לעצטע זיינען געפאָרן: שיינדל, די מאַמע, און לאה (לינע). דאָס איז געווען אין 1910.

אַלע האָבן זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. דאָס איז געווען די גליקלעכע צוזאַמענקונפט פון דער גאַנצער פאַמיליע, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען צעזייט און צעשפרייט: ווער אין מיליטער־דינסט, ווער אין טורמע, ווער אין אַמעריקע.

דאָס הויז איז שטענדיק געווען פול. צוויי שוועסטער האָבן חתונה געהאַט דאָס ערשטע יאָר פון זייער אָנקומען. אַלע אַנדערע קינדער האָבן געהאַט פריינד. דאָס הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלע. דאָס עס־צימער האָט אויסגעזען ווי אַ היימישע קרעטשמע. לאַנג האָט עס אָבער, צום אומגליק, נישט געדויערט. די צוקער־קראַנקייט, וואָס שיינדל, די מאַמע, האָט אָפגעשפאַרט אין דער היים, איז מיטגעפאָרן מיט איר קיין אַמעריקע. דעם 19טן מאַי 1913 איז זי אַוועק פון דער וועלט, איבערלאָזנדיק אַ שווערע מרה־שחורה איבערן גאַנצן נאָר וואָס אויפגעלעבטן הויז און אַן עלף־יעריק קינד — משהן.

אברהם מאַלאַרסקי האָט פאַרלאָרן זיין שטעלע און האָט זיך איבערגעצויגן מיט צוויי פון די יינגסטע קינדער אין אַ קליין שטעטעלע אין אינדיאַנאַ.

אין 1925 איז געשטאָרבן יידל. אין 1931 איז געשטאָרבן חיים שלמה. די גרויסע משפחה מאַלאַרסקי אין אַמעריקע האָט זיך אָבער ווייטער פאַרצווייגט, פאַרמערט און מיט דער געטריישאַפט צו די אידייען, געבראַכט פון דער אַלטער היים, דאָ פאַרגעזעצט די אַרבעט.

יידל האָט דאָ אָרגאַניזירט די נאָווידוואָרער לאַנדסלייט און איז געווען דער ערשטער פאָרזיצער פון נאָווידוואָרער הילפס־פאַראיין.

דוד איז לאַנגע יאָרן געווען איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער ס״ט (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן) — שפעטער איז ער געווען טעטיק אין „איקאָר״ און אין שלום עליכם־אינסטיטוט.

רויזע, חיה רחל און האָדעס זיינען געווען אַקטיוו אין די עלטערן־פאַראיינען פון די שלום עליכם־שולן און אין נאָווידוואָרער הילפס־פאַראיין.

לאה (לינע) האָט געהערט צו די לינקע פועלי ציון אין שיקאַגאָ, געווען טעטיק אין „איקאָר״, איז געוואָרן איינע פון די ערשטע מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער פאַטראָנאַט פאַר די פאָליטישע אַרעסטירטע און צייטווייליק אויך סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע. ווען גראַמאַן איז אַוועק קיין ניו־יאָרק, געהערט צום פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן און איז טעטיק אין עלטערן־קאָמיטעט פון די אָרדן־שולן.

דער דריטער און פערטער דור פון די מאַלאַרסקיס דאָ באַשטייט פון 23 אייניקלעך און 7 אור־אייניקלעך. כמעט אַלע האָבן געלערנט אין די יידיש־וועלטלעכע שולן. די עלטסטע אייניקלעך, מאַקס און זעלדע, רויזעס קינדער, האָבן געלערנט אין דער ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול פון די ס״ט אין אַמעריקע, וואָס דוד איז געווען איינער פון אירע גרינדער. די יינגערע האָבן געלערנט אין די אַרבעטער־רינג שולן, דודס און חיה־רחלס קינדער האָבן געלערנט אין די שלום־עליכם־שולן. לינעס טאָכטער, בעווערלי, האָט געלערנט אין אַ פאָלקס־אָרדן־שול.

אַלע מאַלאַרסקיס אָן אויסנאַם האָבן אָנטייל גענומען אין דער הילף־אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן שוין אויך אָנטייל גענומען מאַלאַרסקיס אייניקלעך. איינע פון זיי איז זעלדע, יידלס טאָכטער.

אין 1923 איז, מיט דער הילף פון לינע, דוד, האָדעס (סאָפע), רויזע און זעלדע, אָרגאַניזירט געוואָרן אַ באַנקעט צום אָפפאָר פון פריינד כראַבאַלאָווסקי קיין טשענסטאָכאָוו, און דוד, דעם טאָסט־מייסטער, איז מיט זיין אויסערגעוויינלעכער ענערגיע געלונגען צו שאַפן 200 דאָלער פאַר דער י. ל. פרץ פאָלקשול אין טשענסטאָכאָוו.

די פאַמיליע־כראָניק פון די מאַלאַרסקיס וועט נישט

זיין פאַרענדיקט אַן דער געשיכטע פון דעם יינגסטן זון, משהן (מאָריס).

## מאָריס מילער

אויך אים האָט דער „אומרו" פון די מאַלאַרסקיס נישט געלאָזט רוען. צוזאַמען מיטן טאַטן אין קליינעם שטעטל אינדיאַנאַ, האָט ער זיך צו 16 יאָר אַנגעשלאָסן אַן דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטערן נאָמען מאָריס מילער.

נאָך דער מלחמה איז ער אַריינגעטראָטן אין דער נייווי, געוואָרן אַ „סיילאָר" און פון ווייטע מקומות גע־שיקט בריוו צום טאַטן מיט חתימות פון רבנים, אַז ער האָט נישט פאַרגעסן צו זאָגן קדיש נאָך דער מאַמען. ווען ער פלעגט נאָך לאַנגע אַרומוואַנדערונגען קומען אַהיים, איז ער צווישן דער פאַמיליע געווען ווי אַ פרעמדער. דאָס יידישע לשון האָט ער כמעט ווי פאַרגעסן. די איינציק־יידישע ווערטער, וואָס ער האָט נאָך געדענקט, זיינען געווען: „ווייסט, טאַטע". — מער האָט ער נישט געקענט. דער טאַטע, אברהם, פלעגט אים ענטפערן: „איך ווייס, איך ווייס" — געמיינט האָט ער: דו ביסט אַ פאַרלאָרענער פון דער משפחה.

ער איז אָבער צוריקגעקומען . . . דאָס איז געווען אין די יאָרן פון דער דעפּרעסיע. די מאַלאַרסקיס זיינען געווען אַקטיוו אין די לינקע רייען. ער ווערט אַריינגע־צויגן אין דער באַוועגונג, הייבט אָן לערנען אין אַרבעטער־שולן, שטודירט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, מאַרקסיזם און אַזוי ווייטער. ער טרעט אַרויס אויף מאַסן־פאַרזאַמלונ־גען און באַגייסטערט זיינע צוהערער.

ער ווערט אויך טעטיק אין אַרבעטער־טעאַטער און האָט אַ גרויסן דערפאָלג אין סקעטש „א וויייטינג פאָר לעפטי". ער געווינט אַ „סקאָלאַרשיפ" (סטיפּענדיע) צו שטודירן דראַמאַטישע קונסט און ווערט זייער פּאָפּולער מיט זיינע כאַראַקטער־ראָלן.

אַלס וועטעראַן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַטייליקט אין מאַרש קיין וואַשינגטאָן און איז געווען אַן אָנפירער פון אַ קאָלום. די צייטונגען האָבן אים דעמאָלט געגעבן אַ סך פירסום און מאָריס מילער האָט זיך דערהויבן צו פירערשאַפט.

ער האָט זיך אין גאַנצן געענדערט, האָט חתונה גע־האַט, צוגעבונדן געוואָרן צו זיין פאַמיליע. אין משך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געאַרבעט אַלס פייער־לעשער אין דער אינלאַנד סטיל קאָמפּאַני אין איג־דיאַנאַ און איצט גיט ער זיך אָפּ מיט טעאַטער אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך די מאַ־לאַרסקיס באַטייליקט מיט אַן אייניקל דזשי (זעליג) גוד־מאַן־מאַלאַרסקי, קלאַרעס זון (ער געפינט זיך אויפן בילד מיט זיין זון, אַן אור־אייניקל פון די מאַלאַרסקיס).

אָבער בשעתן פאַרשפּיל צו דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין שפּאַנישן בירגער־קריג — האָט חיים מי־לער, דוד מאַלאַרסקיס זון, פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט, וואו ער האָט שטודירט כעמיע און אַוועק קיין שפּאַניע, כדי זיך אָנצושליסן אַן די לאָיאַליסטן.

די פאַמיליע מאַלאַרסקי איז דאָ באַשריבן נישט ווי אַן אויסנאַם, נאָר ווי אַ מוסטער פון לעבן פון אונדזערע יידישע פאָלקס־מאַסן.


אַבֿרהם מאַלאַרסקי


שיינדל מאַלאַרסקי


יודל מאַלאַרסקי


מאָריס מאַלאַרסקי


האָדעס מאַלאַרסקי


חיים שלמה מאַלאַרסקי

רפאל פעדערמאַן

# פון מיין לעבן

אויף אַ גרויזאַמען אופן איז מיין סביבה, מיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשישע בעסטיעס. אַלע מיינע נאָענטסטע משפּחה־מיט־גלידער, הונדערטער פריינט און חברים, מיט וועלכע איך האָב געלעבט און געקעמפט צוזאַמען פאַר אַ בעסערער און מענטשלעכערער וועלט, האָבן אַפילו קיין קבר אויף דער דאָזיקער ערד זיך נישט דערוואָרבן. זאָלן דעריבער די דאָזיקע זכרונות מיינע זיין פאַר זיי אַ קדיש.

## מיין קינדהייט

מיינע זיידעס האָב איך בכלל נישט געקענט. כ'האָב בלויז געקענט מיין באָבע רבקה פון דער מוטערס צד. איר מיידל־נאָמען איז געווען רוד־ניק. זי האָט יאָרן־לאַנג געוואוינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן און מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט אויף פּרנסה.


מיין מאַמע גיטל

מיין פאָטער דוד איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין בראַנפן־סקלאַד פון קרוקן, דעם פאָטער פון באַקאַנטן סאָציאַליסטישן טוער ד"ר יוסף קרוק. דער בראַנפן־סקלאַד האָט זיך געפונען אין קרוקס אייגענעם הויז אויף טילנע גאַס (שפּעטער: סטראַזשאַצקע). דער פאָטער מיינער איז געגאַנגען לאַנג געקליידט, אָבער שוין געטראָגן אַ שטייפן קאָלנער, צוגעשוירן זיך די באָרד. ער האָט געדאַוונט אין ראָספּזשער שטיבל און געפאָרן צום ראָפּסזשער רבין נאָך אַן עצה, ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ קריטישער לאַ־גע. די מאַמע, גיטל, האָט געהאַלטן אַ שענק אויף גאַרנ־צאַרסקע גאַס אין דעם דייטש האָלערס הויז.

איך בין געבוירן געוואָרן אין הויז, וואו עס איז גע־ווען די שענק. אין עפּעס אַ יידיש ספר זיינען געווען פאַרשריבן די ריכטיקע געבורט־דאַטעס פון אַלע קינדער, עס איז אַפילו געגעבן אָנגעוויזן געווען די שעה. דאָס ספרל איז מער נישטאָ, און מיין געבורט־דאַטע נעם איך אָן לויטן אָפיציעלן רוסישן און שפּעטער לויטן פוילישן פּאַס: דעם 24טן מערץ 1892. ווייזט אויס, אַז איך בין נישט פאַר־שריבן געוואָרן ריכטיק. מיין פאָטער האָט מיט אַ צייט שפּעטער דערמאָנט, אַז ער האָט עס געטאָן צוליב מיין עלטערן ברודער זלמן, פאַר וועלכן ער האָט שוין געטראַכט, אַז ער דאַרף נישט זיין צופיל אָפּגערוקט אין יאָרן פון מיר כדי צו האָבן אַ געוויסע פאַרלייכטערונג ביים פּריזיוו.

ווען ס'איז אַרויס דאָס געזעץ, אַז יידן טאָרן נישט האַלטן קיין שענקען מיט בראָנפן, האָבן מיר זיך איבער־געצויגן אויף דעם צווייטן עק פון גאַרנצאַרסקע גאַס, נאָענט פון אַלטן מאַרק, לעבן דער אַלטער שול און בית־המדרש, אין הויז פון דער בענטקאָווסקאַ. דער פאָטער האָט פאַרלוירן, צוליבן איינפירן דעם בראָנפן־מאָנאָפּאָל, זיין לאַנג־יאָריקע שטעלע ביי קרוקן, אָבער דערפאַר האָט ער דורך קרוקס פּראָטעקציע באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ ביר־שענק (אָן בראָנפן). די דאָזיקע שענק האָט זיך טאַקע געפונען אין הויז פון דער בענטקאָווסקאַ.

דער געראַנגל פאַר פּרנסה איז געווען אַ שווערער. די מאַמע, מיין עלטערע שוועסטער הינדע, די יינגערע שוועסטער פריידל און אַפילו די באָבע רבקה האָבן שווער געאַרבעט כדי אַרויסצוציען חיונה פאַרן גאַנצן הויז־גע־זינט. מיין ברודער ישעיה האָט געלערנט אין בית־המדרש און דער ברודער זלמן איז שוין געגאַנגען אין שול און זיך געגרייט אַריינ־צוטרעטן אין רעטקעס פּראָגימנאַ־זיע. איך דער יינגסטער פון די זין, בין געגאַנגען אין חדר צו יחיאל ש... (אַזוי האָט מען אים גערופן) און שפּעטער צו מאיר גליקסמאַן אויף דער וואַרשעווער גאַס אין גאָלדמאַנס הויז און גאָר דערנאָך צו פייוול אַביגדור, וואָס האָט געדאַוונט אין דעם זעלבן שטיבל, וואו דער טאַטע.


רפאל פעדערמאַן

דאָרט אין חדר, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון עט־לעכע תּלמידים, האָב איך מיך געחברט מיט לייזער בער־קאָוויטש, מיט וועמען מיין חברשאַפט האָט אָנגעהאַלטן ביז דער רייפסטער יוגנט. דאָס חדר האָט זיך געפונען אויף דער נאַדרזשעטשנע גאַס, נישט ווייט פון די קאַס־טענעס ביי דער „וואַרטאַ". ווינטער פלעג איך גיין אין חדר אין דער פרי, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער, מיט אַן אָנגעצונדן לאַמטערל.

אַלס קינד בין איך געווען שטאַרק געהאָרכזאַם און פרום. ווען מיין מאַמע האָט נישט געהאַט קיין צייט צו מאַכן מיט מיר די ברכה, פלעג איך אַריינלויפן צום שכן אונדזערן, ר' איתמר יאָסקאָוויטש, אַ ייד מיט אַ ברייטער באָרד, מיט גרויסע ברילן אויף דער נאָז; ער האָט אויס־געזען ווי אַ רב. ער האָט מיט מיר געמאַכט די ברכות, אַנדערש האָב איך נישט געוואָלט גאָרנישט טועם זיין. ער האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט און האָט אויף מיר גע־האַט אַ גרויסע ווירקונג.

צוזאַמען מיט מיין פאָטער בין איך געגאַנגען דאַוו־נען אין ראָספּזשער שטיבל און נישט איינמאָל אויך מיט־געפאָרן צום רבין קיין ראָספּזשע. פון די שטיבל־מענטשן

זיינען מיר געבליבן אין זכרון די יום־טובדיקע בעלי־תפילות,, יעקל קעלטשיגלאָווסקי, ר׳ איטשע מאיר פראַנק — דער פאָטער פון מיין חבר שמואל פראַנק — משה שבתי, דער שטענדיקער גבאי, ביי וועמען דער רבי איז איינגעשטאַנען, ווען ער איז געקומען קיין טשענסטאָ־כאָוו. צום שטאַרקסטן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון ר׳ איטשע מאיר פראַנק: אַ הויכער ייד, שטענדיק מיט אַ ליולקע אין מויל. ער האָט געהאַנדלט מיט פעלעכלעך און געווען בעל תפלה, אין דעם שטיבל, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין זיין אייגענעם הויז. ער פלעגט דאַווענען מוסף און אַליין אויך זיין דער בעל־תוקע. זיינע זין יוסף און שמואל האָבן אים אונטערגעהאָלטן ווי משוררים.

איך געדענק אַ פאַל, ווען דער עלטסטער זון זיינער, מיט אַ פיין לענגלעך פנים און געקרייזלטע פאות, וועל־כער איז שוין דעמאָלט געווען אַ דערוואַקסענער בחור, האָט אים עפּעס נישט געהאַרכט, האָט ער באַקומען אַ פּאַטש, אַז אַ צאָן איז אים אַרויסגעפאַלן. פון דעמאָלט אָן האָב איך פאַר ר׳ איטשע מאירן שטאַרק מורא גע־קריגן. ר׳ יעקל איז געווען אַ ברייטער ייד, אַ פריי־לעכער, אַ זינגענדיקער און אַ גוטמוטיקער. איך געדענק אים צום בעסטן פון זיינע שמחת־תורהדיקע טענץ, זיין התלהבות האָט מיך מיטגעריסן. אַלס יינגל בין איך אויך באַרימט געווען מיט מיין טאַנצן שמחת־תורה אַ קאַזאַק. יאָר־איין, יאָר־אויס איז דער פינאַל פון די חסידימס טאַנצן אין שטיבל געווען: „פולטשע (אַזוי האָט מען מיך פאַר־צויגן) וועט טאַנצן אַ קאַזאַק!״

צוליב מיין דערפאָלג אין טאַנצן האָבן זיך מיט מיר געחברט אַלע קינדער פון שטיבל און אויך שמואל פראַנק, הגם ער איז געווען מער „למדן״ פון מיר, האָט צו מיר געקלעפּט. אפשר בין איך אויך געווען פּאָפּולער דערפאַר, וואָס ביי אונדז האָט מען געקויפט די פעסלעך ביר צו אַלע מלוה־מלכות און נישט איינמאָל האָבן מיר געשלעפּט צוזאַמען די פעסלעך ביר פון דער שענק אין שטיבל אַריין.

נאָך מיר זיינען געווען נאָך צוויי שוועסטערלעך, צירל און רייזעלע. זייער געבוירן ווערן געדענק איך נישט גענוי; עפּעס ווי פאַרנעפּלט געדענק איך בלויז, ווי די מאַמע איז געלעגן אין קימפּעט מיט דער יינגסטער, מיט רייזעלען. דערפאַר געדענק איך שוין גאַר גוט, ווען ריי־זעלע, אַ פּרעכטיק שיין מיידעלע פון אַ יאָר 4—5, איז פלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף שאַרלעך און באַלד דער־נאָך געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַ גרויס אומגליק אין שטוב. די מאַמע מיטן טאַטן האָט מען צו דער לוויה נישט געלאָזט גיין. יאָרן לאַנג, געדענק איך, האָט מיין פאָטער און באַזונדערס די מאַמע נישט פריער געלייגט זיך שלאָפן, ביז זיי האָבן זיך נישט גוט אויסגעוויינט אויף דעם גרויסן אומגליק. איך געדענק, ווי איך פלעג גיין אויפן אַלטן בית־הקברות, און פלעג שעהן לאַנג קוקן אויפן קליינעם מצבהלע, אויף וועלכן עס איז געווען אַנגעשריבן: „פּ. נ. רייזעלע פעדערמאַן״ און די דאַטע פון געבורט און טויט.

דערפאַר האָב איך נאָך שטאַרקער ליב געקריגן מיין יינגסטע שוועסטערל צירל.

די מאַטעריעלע לאַגע האָט ביי אונדז געמוזט זיין ווייט נישט קיין גלענצנדיקע. הגם מיר האָבן געהאַט אַ שענק, איז אַפילו אַ שטיקל הערינג געווען ביי אונדז אַ גאַנצע מציאה; די מאַמע פלעגט אונדז צוטיילן בלויז דאָס איבערגעבליבענע קעפּל פון הערינג אָדער דעם עק. אַ זעמל האָט מען געמוזט עסן אָן פּוטער. די שטענדיקע שרעק פאַר די סמאָטשיקעס (רעוויזאָרן) איז געווען גרויס. ביי אונדז אין שענק האָט מען אויך פאַרקויפט בראָנפן אויף אַ געהיימען אופן. די מאַמע אָדער די עלטערע שוועס־טער פלעגט טראָגן דאָס פלעשל בראָנפן הינטערן פאַרטוך און מ׳האָט בלויז פאַרקויפט צו יידן אָדער צו גאַר גוט־באַקאַנטע קריסטן. נישט איינמאָל האָבן די סמאָטשיקעס געשמעקט צו די גלעזלעך, וועלנדיק אויסגעפינען, צי אין זיי איז געווען בראָנפן. איז מען אַמאָל אַריינגעפאַלן, האָט שוין געמוזט קאָסטן אַ שפּאַר ביסל לאַפּוּאָווקע (כאַ־באַר), אַז מען זאָל די „זבירה״ פאַרווישן.

מיין פאָטער איז דאָס דאָזיקע עסק מיט שטענדיקער שרעק נמאס געוואָרן און ער האָט מיט אַלע מיטלען גע־זוכט עפּעס אַ נייע, אַ לייטישערע פּרנסה.

## מיין טאַטע געווינט דאָס גרויסע געווינס

איינמאָל, אין אַ ווינטער־פרימאָרגן, ווען איך בין געקומען אין חדר, האָט מיך מיין רבי פּייוול אביגדור באַגעגנט מיט אַ ברייטן „גוטמאָרגן״ און מיר אָפּגעגעבן מזל־טוב. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט, און געמיינט, אַז דער רבי מאַכט פון מיר ליצנות אָבער דער רבי מיט דער רביצין האָבן מיר מיט אַן ערנ־סטער מינע מודיע געווען, אַז מיין פאָטער האָט געוואונען אויף דער לאָטעריע דאָס גרויסע געווינס. איך האָב נישט געוואָלט גלויבן, אָבער זיי האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז דאָס איז אמת, ווייל דער שוסטער, וואָס וואוינט אין קעלער אין דעם זעלבן הויז, האָט אויך געוואונען אויף דעם זעלבן צעטל, וואָס איז געווען איינגעטיילט צווישן אַ גרופּע שכנים.

איך האָב זיך גלייך אויפגעהויבן און אַהיימגעלאָפן הענדום־פּענדום אַנזאָגן מיינע עלטערן די גוטע בשורה. אַהיימקומענדיק, האָב איך געטראָפן מיין מאַמען פאַר־ריכטן דעם אויוון אין קיך און דער טאַטע האָט זיך גע־גרייט אַראָפּצוגיין אין שענק (מיר האָבן געוואוינט אי־בער דער שענק, אויפן ערשטן שטאָק). דער טאַטע האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט צו מיר די ווערטער: „גיי מיין קינד, צוריק אין חדר. ווען עס וואָלט געווען אמת, אַז איך האָב געוואונען אויף דער לאָטעריע דאָס גרויסע געווינס, וואָלט מען מיר שוין געווען צו וויסן געטאָן, און איבעריקנס — איך האָב גאָר נישט קיין צעטל. איך שפּיל דאָרט עפּעס אויף אַ האַלבן רובל ביי יהושע לייזערן אויפן צעטל. ער איז נעכטן ביינאַכט געווען ביי מיר און האָט מיר גאָרנישט געזאָגט דערפון. מ׳האָט אַוודאי געוואונען

די „סטאָווקע״ (קרן), זאָגן באַלד מענטשן: דאָס גרויסע געווינס!״

איך בין אַ טרויעריקער צוריקגעגאַנגען אין חדר, מיט אַ פֿאַרביטערטן האַרץ אויפֿן רבין, דערפֿאַר, וואָס ער האָט מיך אָפּגענאַרט. דער רבי האָט מיך אָבער ווייטער פֿאַרזיכערט, אַז ער האָט נישט געמאַכט קיין שום שפּאָס און אַז מענטשן ווייסן בעסער. אַז מען זאָגט, מוז עס זיין אמת. ער האָט גאָר חושד געווען, אַז מיין פֿאָטער וויל אפשר נישט מודה זיין זיך צום גרויסן געווינס, נישט אויפֿצורייסן ביי מענטשן די אויגן.

נאָכן אָפּלערנען עטלעכע שעה, בין איך אַהיימגעגאַנגען מיט מיין חבר לייזער בערקאָוויטש, עפּעס כאַפּן אין מויל אַריין. צוקומענדיק נעענטער צום הויז, האָב איך באַמערקט אַז די שענק איז געשלאָסן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען און ס'איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז ס'איז מן הסתם אמת, אַז דער טאַטע האָט געוואונען דאָס גרויסע געווינס.

איך האָב געטראָפֿן אין שטוב מיין מוטער אַ פֿאַרוויינטע און דעם טאַטן אַ פֿאַרנומענעם, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס געגרייט. אויף מיין פֿראַגע, צי עס איז אמת די בשורה, וואָס איך האָב זיי געבראַכט אינדערפֿרי, איז דאָס געוויין פֿון דער מוטער געוואָרן העכער און דער טאַטע איז צו מיר צוגעגאַנגען און מיט נאַסע פֿאַרוויינטע אויגן האָט ער מיך אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אין קאָפּ, זאָגנדיק צו מיר: „ס'איז אמת, פּולטשע, דו האָסט אונדז דער ערשטער אָנגעזאָגט די פֿריילעכע בשורה!״ און איך אַליין האָב אויך אויסגעבראָכן אין אַ הויך געוויין און כ'האָב דערביי אויסגעדריקט מיין פֿאַרדרוס, וואָס זיי האָבן פֿריער נישט געוואָלט גלויבן. „כ'האָב באַלד געוואוסט, אַז דער רבי וועט מיך נישט אָפּנאַרן!״ — האָב איך אויסגערופֿן.

דאָס איז געווען דער איינציקער קוש, וואָס איך געדענק, אַז מיין טאַטע האָט מיר ווען עס איז געגעבן, הגם ער האָט מיך זייער שטאַרק ליב געהאַט, שטענדיק פֿון מיר אָנגעקוואָלן, ווען כ'האָב געטאַנצט דעם „קאַזאַק״ שמחת תורה אין שטיבל.

צוריק אין חדר אַריין בין איך שוין דעם טאָג נישט געגאַנגען. כ'בין נאָר צוריקגעלאָפֿן זאָגן דעם רבין, אַז ס'איז אמת: מיר זיינען שותּפֿים צום גרויסן געווינס, אַז דער טאַטע שטייט אויפֿן צעטל מיט אַ גאַנצן רובל. דער רבי האָט מיר אויפֿסניי אָפּגעגעבן מזל־טוב און האָט מיר אָנגעזאָגט צו ברענגען מאָרגן אין חדר אַריין לעקעך און בראָנפֿן.

אין דער שטוב האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל. עס זיינען געקומען מענטשן, מען האָט זיך געסודלט און גערעדט הויך, מ'האָט מיין טאַטן אָפּגעגעבן מזל־טוב און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿירן אונטערהאַנדלונגען וועגן דער גרויס פֿון מיין פֿאָטערס חלק אין דעם געווינס. שיינע טעג האָט געדויערט, ביז מען איז געקומען צו אַ פֿאַרשטענדיקונג, וויפֿיל עס פֿאַלט אויס אויף אונדזער חלק.

כ'געדענק נאָר, אַז מיין פֿאָטער האָט מיך מיטגענומען צו די אונטערהאַנדלונגען און האָט מיט מיר צוזאַמען געחשבונט. דעם טאַטנס חלק האָט באַטראָפֿן מער ווי דריי טויזנט רובל, אָבער מ'האָט אים נישט געוואָלט מער געבן ווי 2.800 רובל. כ'געדענק נאָר, אַז ביי דער „אסיפֿה״ האָב איך געהאַלטן אַ „רעדע״ (מיין ערשטע רעדע) און אויפֿגעוויזן מיט מיינע חשבונות, אַז עס קומט אונדז אַ סך מער און כ'האָב פּראָטעסטירט קעגן דער עוולה (מיין ערשטער פּראָטעסט קעגן עוולות), וואָס מען וויל מיין פֿאָטער טאָן. מיינע ווערטער האָבן געהאָלפֿן, וואָרעם מיר האָבן געקריגן אויסגעצאָלט מיט הונדערט רובל מער. יהושע לייזער האָט שפּעטער געזאָגט צו מיין פֿאָטער, אַז נאָר צוליב מיר גיט ער די הונדערט רובל און ער בעט, אַז די איבעריקע שותּפֿים זאָלן דערפֿון נישט געוואָר ווערן.

צענדליקער יידן זיינען אין שטאָט אויפֿגעריכט געוואָרן פֿון דעם גרויסן געווינס. זיי זיינען אַלע געווען באַטייליקט אין דעם זעלבן צעטל. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע געווינס מיט אַ פּרעמיע פֿון דער ברוינשווייגער לאָטעריע, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן קיין טשענסטאָכאָוו. ביי מיר אין זכרון איז אַפֿילו פֿאַרבליבן דער נומער פֿון צעטל: 52935.

דאָס געווינס האָט אַריינגעבראַכט פֿרייד און גרויסע האָפֿענונגען אין אונדזער שטוב. דער פֿאָטער האָט באַצאָלט חובות און האָט געטראַכט וועגן אַוועקלייגן אַ נדן און טאָן אַ שידוך מיט מיין עלטסטער שוועסטער הינדע און וועגן פֿאַרבעסערן זיין פּרנסה.

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך אַ ביסל געענדערט די פֿירונג אויך לגבי דער דערציאונג פֿון די קינדער. מיין עלטערער ברודער זלמן, וואָס האָט פֿריער געלערנט ביי זלאָטניקן, איז אָנגעקומען אין רעטקעס פּראָגימנאַזיע און איך ווידער האָב זיך פֿאַרקוקט אויף מיין חבר לייזער בערקאָוויטש און אַריינגעטרעטן אין דער „נאַראָדנאַיע אוטשילישטשע״ (פֿאָלקסשול), אָנגעפֿירט דורך דעם לאַנגיאָריקן לערער — לעדער.

אין די אייניקע וואָכן, וואָס איך בין געגאַנגען אין דער שול אין דער „ווסטעמפּנע״ (פֿאַרקלאַס), האָב איך געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פֿון מיינע חברים אין שטיבל. ווען איך בין געקומען מיט מיין טאַטן שבת צום דאַווענען, האָבן זיי מיר פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז איך בין געוואָרן אַ „גוי״. האָב איך צוריק אויסגעטאָן מיין קורץ רעקל, מיין היטל מיט דעם גלאַנציקן דאַכעל און צוריק אָנגעטאָן די לאַנגע קאַפּאָטע און ווידער אָנגעהויבן לערנען ביי פּייוול אביגדורן מיט גרויס התמדה. יעדן שבת אין דער פֿרי געלערנט אין שטוב אַ שטיקל גמרא, מעביר געווען די סדרה און די עלטערן האָבן אָנגעקוואָלן און זיך געגרויסט מיט מיר, זאָגנדיק, אַז איך וואַקס אַן עילוי.

## דער פּאָגראָם

אַן אויפֿטרייסלונג פֿאַר מיין קינדישער נשמה איז געווען דער פּאָגראָם, ביי אונדז אין שטאָט אין יאָר 1902.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַרום 9 יאָר. ביז היינט שוועבט פאַר מיינע אויגן דאָס שרעקנדיקע בילד: אין אַ פאַרנאַכט זיינען פאַרהאַקט געוואָרן אַלע געוועלבער, מ׳האָט אויסגעזעצט יידישע שויבן. ביי אונדז אין שטוב האָבן זיך פאַרזאַמלט די שכנים און די ווירטין פון הויז, די בענטקאָווסקאַ, וועלכע איז געווען באַפריינדעט מיט אונדז און האָט אונדז אַלעמען באַרואיקט. פּלוצלינג איז אַ גרויסער שטיין אַריינגעפאַלן אין פענצטער פון אונדזער שטוב און די שויבן צעבראַזגעט אויף פּיצלעך. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרן ביי די ווענט. די ווירטין האָט אָנגעצונדן ליכט אין די פענצטער און אַרויסגעשטעלט צלמים. דער ווירט, דער מאַן פון דער בענטקאָווסקאַ, איז יעדעס מאָל געלאָפן אין גאַס אַריין און צוריקגעברענגט פון דאָרט די נייעס. איך האָב אָבער געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער אַליין העלפט מיט אין דעם פּאָגראָם און קומט פון צייט צו צייט אונדז כלומרשט באַרואיקן. מיט איניקע שעה שפּעטער איז קעגנאיבער אונדזער שטוב, אין צווייטן ראָג, אין דעם געוועלבל פון קאַזיע־ברענער שמולעוויטש־האסענפעלדס הויז אַריינגעפאַלן אַ באַנדע שקצים און האָבן צעראַבירט דאָס געוועלבל און עס אונטערגעצונדן. אַ רויטער אָפשיין האָט זיך געזען ביי אונדז אין שטוב דורך די פענצטער און דער יאָמער צווישן אונדז איז גרעסער געוואָרן.

אין מיטן דער נאַכט האָט מען דערהערט עטלעכע שאָסן. אין דער שטאָט איז געוואָרן רואיקער. דער ווירט בענטקאָווסקי איז געקומען צולויפן אַ פאַרסאָפּעטער און אָנגעזאָגט אונדז, אַז מ׳זאָל זיצן רואיק, די „מאָסקאַליעס" שיסן, ס׳זיינען פאַראַן פאַרוואונדעטע אין גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אין שטאָט ווידער גערעדט וועגן אַ פּאָגראָם. דער פחד איז געווען אַזוי גרויס ביי מיר, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבן בעטן ביי מיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן מיך ערגעץ אַוועקשיקן. כ׳האָב גענומען מיט זיך מיין יינגסטע שוועסטערל צירל און אַוועקגעפאָרן קיין פּיעטרקאָוו צו מיין מומע הינדע סטאַשעווסקי, מיין מוטערס שוועסטער. אין פּיעטרקאָוו איז אין איניקע טעג אַרום מיין שוועסטערל קראַנק געוואָרן אויף שאַרלעך און באַקומען גרויסן פּיבער. איך האָב מיך געפילט שולדיק, וואָס איך האָב זי אַוועקגענומען פון דער היים. דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געקומען צולויפן קיין פּיעטרקאָוו און געוואָלט מיך אַהיימשיקן, כדי איך זאָל מיך נישט אָנשטעקן. איך האָב אָבער באין אופן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון מיין קראַנקער שוועסטערלס בעטל איך בין ערשט דעמאָלט צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווען דאָס שוועסטערל האָט זיך שוין געקאָנט אויפהויבן פון בעט.

מיין שוועסטערל צירל, שפּעטער האָט מען זי גערופן צעשע, איז אַלס קינד געגאַנגען אין דער שול פון וואָלף יעקל שאַכער, אַ הויכער ברייטער ייד מיט אַ לאַנגער ברייטער, שיין־אויסגעפּוצטער באָרד. ביי דעם דאָזיקן לערער האָט זיך נאָך געהאַט געלערנט מיין מאַמע.

## די שרפה אין לאַנדויס פאַבריק

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט אין אונדזער שטאָט די ריזיקע שרפה אין לאַנדויס צעלאָלאָיד־פאַבריק. ס׳זיינען דאָרט פאַרברענט געוואָרן אַרום 5—6 מיידלעך, אַ טייל פון זיי פון דער גאַרנצאַרסקע גאַס, וואו מיר האָבן געוואוינט. פון דאָרטן טאַקע זיינען פאָרגעקומען די לוויות, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מענטשן. רעדנער זיינען געשטאַנען אויף די אַקסלען פון די אַרומיקע מענטשן. איך האָב געשלונגען יעדעס וואָרט. אין געהיים, אָן דעם וויסן פון מיינע עלטערן, בין איך אַוועק אויפן בית־עולם, צוזאַמען מיט דעם טויזנטער־קעפּיקן המון, און דאָרטן בייגעוואוינט די קבורה.

פאַר מיר שטייט נאָך היינט לעבעדיק דער פלאַמיקער געלער יונגערמאַן מיטן לאַנגן פּנים און זיינע רייד אויף אַ ליטווישן יידיש קלינגען נאָך איצט ביי מיר אין די אויערן. דאָס איז געווען אהרן טשענסטאָכאָווער (דער געלער אהרן), דער היינטיקער ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אָרט". זיינע ווערטער האָבן געטראָפן צו מיין נשמה און צו מיין מוח.

אין חדר בין איך מער נישט געגאַנגען. פון מיין ברודער זלמן, וועלכער איז געגאַנגען אין דער פּראָגימנאַזיע, האָב איך גענאַשט אַ ביסל רוסיש און אַריטמעטיק און איך האָב מיך באַמיט צוריק אַריינצוקומען אין דער „נאַראָדנאָיע אוטשילישטשע" פון לעדערן. כ׳בין אַריין אין צווייטן קלאַס. מיינע לערער זיינען געווען לעדער און אבנר..

## איך שטעל פּאָדערונגען

מיינע שול־חברים יוסף זיידמאַן און לייזער גענענדעלמאַן האָבן געוואוינט אין דעם הויז אויף דאַיאַזד 30, נישט ווייט פון הערצנס קאַזאַרמעס. אונדזער ליבסטע פאַרוויילונג אין שול איז געווען דאָס שפּיל אין זעלנער. מיר האָבן אַריינגעצויגן אין דעם דאָזיקן שפּיל כמעט אַלע קלאַסן פון דער שול. מיר האָבן געפירט מלחמות און מיר האָבן באַשאָנקען די אָנטיילנעמער מיט אויסצייכענונגען. יעדער האָט באַקומען אַ ביכל, וואָס האָט געקאָסט פון 1 ביז 5 קאָפּיקעס. אין די ביכלעך איז געוואָרן איינגעשריבן, אַז דאָס ווערט געגעבן דעם און דעם פאַר גוטע דערגרייכונגען אין דער שלאַכט. אונטערגעשריבן זיינען געווען: גענעראַל יוסף זיידמאַן און פּאָלקאָווניק רפאל פעדערמאַן. זיידמאַן איז געווען דער פּראַקטיקער, ווייל ער האָט געקענט די מושטירונג און איך בין געווען דער טעאָרעטיקער.

אין דער 2טער אָפּטיילונג פון דער אויבנדערמאָנטער שול האָבן מיר זיך צונויפגערעדט מיט אַלע שילער, אַז די שוואַרצע היטלען מיט די גלאַנציקע דאַשקעס, וואָס מיר, שילער, טראָגן זיינען צו איינפאַך אין פאַרגלייך מיט די היטלען, וואָס עס טראָגן די גימנאַזיסטן. יענע פלעגן טראָגן פאַרשיידנקאָלירטע בענדלעך און שטערנדלעך אין פראָנט פון היטל. מיר האָבן דעריבער געמאַכט אַ ווענ־

דונג צום שול־אינספּעקטאָר און פאַרלאַנגט פון אים, אַז די שילער פון דער פאָלקס־שול זאָלן אויך באַקומען אַנדערע אוניפאָרמען און היטלען.

נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען און נאָך אַ פּערזענלעכן באַזוך פון שול־אינספּעקטאָר אין דער שול, איז דער פאַרלאַנג פון די שילער דערפילט געוואָרן און אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן מיר שוין אַלע פּאַראַדירט אין די „טאַבעלני דיענס“ אָדער „גאלואווקעס“ אין היטלען פון טונקל־בלויען קאָרט מיט גרין אַרומגעזוימט. דערנאָך איז די פאָרם פון היטלען אויך אַריבער אין די פאָלקס־שולן פון די אַנדערע שטעט.

דעם 2טן קלאַס האָב איך געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג. אין דעם 3טן קלאַס האָבן מיר שוין פאַרלאַנגט גרעסערע זאַכן און שטענדיק בין איך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר. דער נייער פאַרלאַנג איז געווען, אַז אין שול זאָל מען לערנען פּויליש און דייטש. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָב איך אַלס „דיזשורני“ פון קלאַס פאַרשריבן אַלע שילער, אַז זיי האָבן זיך פאַרשולדיקט און מיך אַליין האָב איך אויך אַריינגעשריבן. ווען דער לערער איז אַריינגעקומען אין קלאַס און דערזען, אויף דעם טאָוול מיין באַריכט וועגן דער שולדיקייט פון די שילער, האָט ער אונדז באַשטראָפט מיט דעם, אַז נאָך דער לעקציע דאַרפן מיר אַלע פאַרבלייבן אין קלאַס.

מיר זיינען דערפון געווען צופרידן, וואָרעם דעמאָלט האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוקומען מיט אונדזער פאָדערונג. געמיינט האָבן מיר דער עיקר „פּויליש“, די לאַנד־שפּראַך, וואָס די רוסן האָבן אונטערדריקט. דייטש האָבן מיר אַרויסגערוקט ווי אַ קאַמופלאַזש, אָנגעבנדיק דערביי דעם מאָטיוו, אַז היות מיר וואוינען נישט ווייט פון דער דייטשער גרענעץ, דאַרפן מיר קאָנען די שפּראַך פון אונדזער שכנותדיק לאַנד.

דער לערער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָרגאַניזירטער „בונט“ פון די שילער און אַז די פאָדערונג האָט אַ פּאָליטישן אונטערשלאַג. דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען עס זיינען פאָרגעקומען סטודענטן־סטרייקן אין די אוניווערזיטעטן. דער לערער האָט אונדז אין משך פון צוויי טעג געשטראָפט און געזאָגט מוסר. ער האָט אונדז דערמאָנט, אַז מיר באַקומען די לערע גאַנץ אומזיסט, אַז מיר זיינען קינדער פון אָרעמע מענטשן און אויב מיר וועלן זיך נישט באַרואיקן און נישט אויפגעבן אונדזערע פאָדערונגען, וועט די שול פאַרמאַכט ווערן.

ער האָט אויך געשיקט נאָך די עלטערן פון די קינדער און זיי וועגן דעם געמאָלדן. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ פאַטאַלע; אייניקע שילער האָבן זיך צעוויינט און דער גאַנצער קלאַס האָט רעזיגנירט פון די פאָדערונגען.

נאָך דעם פאַרשפּילטן סטרייק אין דער שול האָב איך מיך מער דאָרט אַהין נישט געוויזן. צו די עקזאַמענס בין איך אָבער יאָ געקומען און טאַקע פאַרענדיקט די שול מיט אַן אויסצייכענונג, וואָס איז באַשטאַנען אין עפּעס אַ רויט רוסיש ביכל. מיין נישט קומען אין שול פאַר עטלעכע חדשים האָב איך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס מיין פאָטער איז קראַנק געוואָרן און איך האָב געמוזט אין שטוב צוהעלפן.

## איך רעד מיטן גובערנאַטאָר

מיין פאָטער האָט שוין פון אַ לענגערער צייט געליטן פון קראַנקהייטן און איך האָב שוין מיטגעהאָלפן אין דער פרנסה, אין דער סאָדע־וואַסער פאַבריק, וואָס מיין פאָטער האָט צו יענער צייט געפירט.

כדי צו עפענען אַ סאָדע־וואַסער פאַבריק האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון פּיעטערקאָווער גובערנאַטאָר. דער פאָטער מיינער האָט געמוזט צושטעלן די בעסטע צייגנישן פון אָרנטלעכקייט און געהאַט אויסצושטיין פון די פאַרשיידנסטע מסירות מצד די עקסיסטירנדיקע סאָדע־וואַסער פאַבריקאַנטן. די אָרטיקע העכערע פּאָליציי־באַאַמטע האָט מען געמוזט אונטערשמירן „אָפּסמען“, ווי מ׳האָט עס געזאָגט ביי יידן, כדי זיי זאָלן די אַלע אַריינגעטראָגענע מסירות צונישט מאַכן. די פּאָליציי האָט אויך מיין פאָטער צוגעטראָגן כסדר ווי עס האַלט מיט דעם ענין ביי דער העכערער מאַכט. אַ פּאַרמעגן האָט מיין טאַטע געפּטרט, כדי צו באַקומען די דערלויבעניש אויף דער דאָזיקער אונטערנעמונג, אויף וועלכער ער האָט געבויט זיין גאַנצע צוקונפט. מען האָט אים עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט און ער האָט געהאַט צוליב דעם גרויס עגמת־נפש. דערפון האָט זיך טאַקע גענומען זיין קראַנקהייט.

די לעצטע האָפענונג צו באַקומען די דערלויבעניש איז געווען פאַרבונדן מיט מיר. מען האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין פּיעטרקאָוו צו מיין מומע און איך בין פּערזענלעך מיט איר אַוועק צום גובערנאַטאָר און געבעטן ביי אים אַן אוידיענץ. מיט אַ „פּראָשעניע“ (ביטע) אין האַנט בין איך געשטאַנען פאַרן גובערנאַטאָר און אים געבעטן, ער זאָל באַוויליקן אונדז צו געבן די דערלויבעניש אויף דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. איך האָב אויף רוסיש אים געזאָגט, אַז איך בין געקומען דערפאַר, ווייל מיין פאָטער איז קראַנק. ווען מיין מומע האָט מיך שטילערהייט צוגערעדט, אַז איך זאָל דעם גובערנאַטאָר אַ קוש טאָן אין דער האַנט אַריין, האָב איך זיך צעוויינט פאַר אים אין די אויגן. דער גובערנאַטאָר האָט מיר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און צו מיר געזאָגט: „אין דריי טעג אַרום וועט איר באַקומען אַן ענטפער, אַלץ וועט זיין גוט!“

ווען איך בין אַרויס פון גובערנאַטאָר מיט מיין מומען, האָט זי צו מיר געזאָגט: „כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז דו האָסט געפּועלט און דאָס איבעריקע זאָל גאָט צוהעלפן.“ און טאַקע נאָך דריי טעג, דאָס איז געווען אַ שבת אין דער פרי, האָט דער פּריסטאַוו פון אונדזער גאַס גערופן מיין פאָטער דורכן פענצטער און אים אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז ס׳איז אָנגעקומען די דערלויבעניש פאַר אים אויף דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. מיין פאָטער איז אַוועק צום דאַוונען מיט אַ שטראַלנדיק

פנים פון גליק, און אין דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז געווען מיין מזל.

די סאָדע־וואַסער פאַבריק האָבן מיר איינגעאָרדנט אין דעם זעלבן הויף, וואו מיר האָבן געהאַט די ביר־שענק, ביי דער בענטקאָווסקאַן אין הויז. מיט אַ האַנט־וועגעלע האָבן מיר פאַנאַנדערגעפירט די סיפאָנען מיטן סאָדע־וואַסער איבער די געוועלבער אין די דערבייאיקע גאַסן. אַנשטאָט צו גיין אין שול, האָב איך מיטגעהאָלפן דעם פאָטער. איך האָב מיט גרויס אינטערעס זיך געלערנט צו מאַכן דעם גאַז. ביי דער אַרבעט האָט מען געמוזט זיין זייער געוואָרנט: אויב דער גאַז איז נישט פּינקטלעך געמאַכט געוואָרן, האָט געקאָנט קומען צו אַן אויפרייס פון קעסל.

איך האָב זיך איינגעאיבט אין דער מלאכה און מ׳האָט זיך אויף מיר שוין נישט איינמאָל פאַרלאָזט. כ׳האָב אויך געהאָלפן פון צייט צו צייט שטופּן דאָס וועגעלע מיט די סיפאָנען וואַסער און איינקאַסירט דאָס געלט.

אין אַ צייט אַרום איז אַרויס אַ געזעץ, אַז די סאָדע־וואַסער פאַבריקן טאָרן זיך נישט געפינען אין קיין באַוואוינטע הייזער. די פאַבריק אונדזערע איז איבערגעפירט געוואָרן אין אַ שכנותדיקן הויז פון יאַנקל דאַווידאָוויטש, וועלכער האָט ספּעציעל פאַר דער פאַבריק אויסגעבויט אַ הייזל פון עטלעכע צימערן, לויט די פאָרשריפטן. אין דעם זעלבן הויז האָט זיך אויך געפונען די „טשיינע״ (טיי־הויז) פון יעקב בער סילווער, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען די בונדיסטן.

## איך טרעט אַריין אין דער באַוועגונג

אין מיין פרייער צייט, נאָך דער אַרבעט, האָב איך זייער פיל געלייענט. כ׳האָב געלייענט רוסיש, פּויליש און יידיש. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָב איך געשלונגען די צייטונגען מיט די נייעס. פון צייט צו צייט האָב איך אָנגעהויבן ברענגען אין שטוב די דינינקע ביכעלעך, געדרוקט אויף ביבל־פּאַפּיר, וועלכע איך האָב באַקומען פון חדר־חבר לייזער בערקאָוויטש.

איך האָב אָנגעהויבן גיין אויף דער „בירזשע״, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אַגראַדאָווע גאַס, פון עק „נייער מאַרק״ ביז צו דער קאַפּעלושאַרניע. די אַגיטאַטאָרן אויף דער בירזשע זיינען געווען: „מרדכי קאָפּערטשיק,״ דילעווסקי, אַ שוסטער־אַרבעטער מיט לאַנגע האָר און אַ פיין אינטעליגענט געזיכט; „אירא״, דאָראַ וואַרשאַווסקאַ; אברהם לעמאַנסקי; דזיאַלאָווסקי; אברהם קאַווע; יאַרקאָוויזנע, שטעפּער־אַרבעטער; „דאָקטאָר״ איטשע זשאַנשינסקי און אַנדערע. דאָס איז געווען די בירזשע פון דער ס. ד. ק. פּ. ל. (שפּעטערדיקע קאָמוניסטן), יידישע גרופּע, א. ג. „גרופּאַ זשאַרגאָנאָוואַ״. איך בין אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע און געוואָרן דאָרט אַן אַקטיווער מיטגליד. די אָרגאַניזאַציע איז געווען איינגעטיילט אין „דזשעלניצעס״ (קוואַרטאַלן). עס איז אויך געווען אַ יידישע דזשעלניצע, צו וועלכער איך האָב טאַקע געהערט. יעדע דזשעלניצע האָט געהאַט איר קאָמיטעט.

פון צייט צו צייט זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצן פון אַלע דזשעלניצעס. דער פאָרשטייער פון דער „גרופּע זשאַרגאָנאָווע״ איז געווען קאָפּערטשיק.

די יידישע דזשעלניצע האָט פון צייט־צו־צייט געהאַט אירע גרופּן־פאַרזאַמלונגען. מיט די דאָזיקע גרופּן האָבן אָנגעפירט קאָפּערטשיק (היינט אין אַמעריקע, אַ יוניאָן־פירער פון דער לינקער באַוועגונג) און אירא. עס פלעגן אויך אָפט פאָרקומען „מאַסואווקעס״ (מאַסן־פאַרזאַמלונגען), אויף וועלכע עס איז אַרויסגעטרעטן אַ דעלעגאַט פון צענטראַל־קאָמיטעט. די מאַסואווקעס זיינען פאָרגעקומען אין דער פּוילישער שפּראַך און אויך אין יידיש, הגם זייער זעלטן. די בעסער־אַנטוויקלטע אַרבעטער האָט מען געלערנט די פּוילישע שפּראַך. מיט עטלעכע גרופּן האָט געלערנט פריילן בריל (שפּעטער די פרוי פון סטאַניסלאַוו פּרושיצקי, דירעקטאָר פון סוחרים און פאַבריקאַנטן־באַנק). צווישן די יידישע אַרבעטער איז געווען פּאָפּולער אַדאָלף בריל, וועלכער האָט געהאַלטן לעקציעס אין דער פּוילישער שפּראַך פון אַ העכערער מדרגה. ער איז געווען באַוואוסט ווי דער טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי. זייער אָפט האָט אויך געלערנט און געהאַלטן פאַרשיידענע פאָרלעזונגען אין פּויליש — אירא. לעאָן קאָפּינסקי, וועלכער איז געווען נאָר־וואָס געקומען פון דייטשלאַנד, האָט אָפּגעהאַלטן איינמאָל אַ מאַסואווקע אין וואַלד אין דער יידישער שפּראַך. צו יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ צווישן־דזשעלניצאָווע קאָנפערענץ אין דער פאַבריק „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ״, צו וועלכער עס איז געקומען פון צ.ק. דער חבר „יוזעף״ פעליקס דזשערזשינסקי (נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע באַרימט אַלס דער פירער פון „טשעקאַ״). אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן די א. ג. זשאַרגאָנאָווע גרופּן. איך האָב פאַרטיידיקט, און דווקא אין דער פּוילישער שפּראַך, קעגן אַ ריי אַנדערע יידישע אינטעליגענטן דעם שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און דאָס אַרויסגעבן ליטעראַטור אין יידיש.

צו דער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ פון די יידישע גרופּן איז געוויילט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַט, קאָפּערטשיק. נאָך דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָט אָנגעהויבן דערשיינען „די רויטע פאָן״ און די בראָשורן „וואָס ווילן מיר״ פון ראָזע לוקסעמבורג און אַנד.

עס זיינען אויך זייער אָפט אָפּגעהאַלטן געוואָרן גרעסערע דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען אין וויינבערגס צעלאָלאָיד־פאַבריק, וואו עס פלעגן אַרויסטרעטן די פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע אַרבעטער־פּאַרטייען. די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען, זיינען מיר שטאַרק פאַרבליבן אין זכרון. עס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט: ראַבין־רובינשטיין פון ס. ד. ק. פּ. ל., אהרן סינגאַלאָווסקי (היינטיקער „אָרט״־טוער ד״ר סינגאַלאָווסקי), בנימין, גאָלדע, ליטוואַקאָוו — פון די „ס.ס.״, אָריל פלאַשער, לאַסאַל־וולאַדעק — פון „בונד״. די פאַרזאַמלונגען זיינען געווען גאָר באַלערנדיק

און אינטערעסאַנט און זיינען געוואָרן באַזוכט פון הונ־דערטער אַרבעטער.

מיין אַקטיוויקייט איז באַשטאַנען דערין, וואָס איך בין געווען דער פאַרבינדונס־מענטש מיט איינער פון די פוילישע דזשעלניצעס, וואו איך האָב באַקומען די ליטע־ראַטור פאַר דער יידישער דזשעלניצע, די צייטונגען „טשערוואָני שטאַנדאַר", „פשעגלאָנד ספּאָלעטשני" און די פאַרשיידענע פּראָקלאַמאַציעס פאַר דער יידישער דזשעל־ניצע. ס'איז מיר אויך נישט איין מאָל אויסגעקומען צו ברענגען די ליטעראַטור פון וואַרשע פאַרן גאַנצן ראַיאָן, ד"ה פאַר טשענסטאָכאָוו און זאַגלעמביע־דאָמבראָווסקע.

כ'וועל דאָ איבערגעבן איינע אַזאַ נסיעה, וואָס איז אַגב געווען מיין ערשטע רייזע קיין וואַרשע:

איך האָב זיך איבערגעטאָן אין די קליידער פון מיין חבר לייזער בערקאָוויטש, וואָס איז שוין געגאַנגען קורץ געקליידט און מיט אַ קאַפּעלוש, גענומען אויך זיין פּאַס־פּאָרט און אַוועקגעלאָזט זיך אויף דער רייזע. אָנקומענ־דיק קיין וואַרשע, בין איך אַוועקגעגאַנגען אויף אַן אַדרעס, וואָס מען האָט מיר אָנגעגעבן. פון דאָרט האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין אַ צוקערניע, וואו עס האָט שוין אויף מיר געוואַרט אַ סטודענט. זיין נאָמען, פאַרשטייט זיך, האָב איך נישט געוואוסט. ער האָט מיט מיר געהאַט אַ קורצן געשפּרעך און איבערצייגנדיק זיך אין מיין „כשרות", האָט ער מיר געגעבן אַ צווייטן אַדרעס, וואו איך האָב געזאָלט באַקומען די ליטעראַטור. אויף דעם דאָזיקן אַדרעס האָט געוואוינט אַ פוילישער אַרבעטער. דאָס איז געווען ערגעץ אויף דער „וואָליע" (אַ פוילישער אַרבעטער־געגנט אין וואַרשע). מען האָט דאָרט אַ היפּש ביסל גע־טרונקען און מען האָט מיך אויך מכבד געווען מיט אַ גלעזל שנאַפּס און צובייסן. איך האָב כמעט ווי נישט פאַר־זוכט דעם בראָנפן, ווייל כ'האָב מורא געהאַט שיכור צו ווערן און איינשטעלן מיין גאַנצע נסיעה, וואָס איז אַזוי אויך געווען גענוג קאָמפּליצירט.

אין מיין יונגן מוח האָט זיך דעמאָלט, געדענק איך, אַריינגעגנבעט אַ נישט־אָנגענעמער געדאַנק: ווי קאָן מען טרינקען בעת אַזאַ וויכטיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער אומלעגאַלער אַרבעט? כ'האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט, גענומען מיין „סחורה", וואָס איז איינגעפּאַקט געוואָרן אין אַן עלעגאַנטער וואַליזע, איך האָב זיך אויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע און צוגעפאָרן צו דעם וואַרשעווער־ווינער וואָקזאַל. אויפן וועג האָט מען גראַד געהאַט אָפּ־געשטעלט אַ יונגנמאַן מיט אַ פּעקל און פון דער דראָזשקע אַראָפּ האָב איך געזען, ווי דער פּאָליציאַנט האָט מיט זיין שווערד אויפגעשניטן דאָס פּעקל און עס האָט זיך פאַ־נאַנדערגעשאָטן אַ גאַנצער פּאַק מיט ליטעראַטור. אַרום זיי האָט זיך שוין געהאַט פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פון נייגעריקע מענטשן און זיך צוגעקוקט צו דעם אינצידענט. מעגלעך אַז אין דעם „זכות" בין איך ניצול געוואָרן מיט מיין פּעקל „סחורה".

דערמיט איז אָבער די סכנה נאָך נישט געהאַט אַדורך. ביים אַריינגאַנג פון וואָקזאַל זיינען ווי געוויינלעך געשטאַנען פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן און רעווידירט אַלע־מענס פּעקלעך, אויף וועלכע עס איז נאָר געפאַלן אַ שטיקל חשד. דעריבער האָב איך צוקומענדיק צום וואָקזאַל הויך אויפן קול, מעשה גביר, צוגערופן אַ „נאָסילשטשיק" (טרעגער), ער זאָל מיר דאָס פּעקל אַראָפּנעמען פון דער דראָזשקע און אויפן הויכן קול אים אויך באַפוילן צו קויפן אַ בילעט אויפן „קוריער" 2טע קלאַס. קודם־כל בין איך באַפרייט געוואָרן פון פּעקל. אויב מ'וואָלט דעם טרעגער אָפּגעשטעלט, וואָלט איך, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָרן!

אויך אין וואַגאָן האָב איך מיך אָפּגערוקט פון פּעקל. איך האָב מיך געזעצט אויף אַן אַנדערער באַנק און דאָס פּעקל אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָליצע ווייטער. די פאָרזיכ־טיקייט איז נישט געווען איבעריק, ווארעם מען האָט אָפּט אויך אין די וואַגאָנען אַדורכגעפירט רעוויזיעס. אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. אויך דאָרטן איז פאָרגעקומען די זעלבע פּראָצעדור: גענומען אַ טרעגער, געהייסן אים צוטראָגן דאָס פּעקל צו אַ דראָזשקע, מיט וועלכער איך בין צוגעפאָרן אין דער ריכטונג פון סטראַ־דאָם. אַראָפּשטייגנדיק פון דער דראָזשקע, האָב איך מיך צופוס אַוועקגעלאָזט צו אַ נאָנטן פעלד, וואָס איז פון פריער אָפּגעשמועסט געוואָרן און דאָרט האָב איך צווישן דער תבואה אַוועקגעשטעלט די וואַליזע. אין אַ באַשטימטער שעה זיינען געקומען עטלעכע חברים, גענומען די וואַליזע און אַוועקגעטראָגן אין אַ שטוב פון אַ פוילישן אַרבעטער. אויפן וועג האָט מען נאָך געדאַרפט אויסמיידן די גרע־נעץ־וועכטער, וועלכע האָבן, צוליב דער נאָענטקייט פון טשענסטאָכאָוו צו דער דייטשער גרענעץ, אָפט געזוכט קאָנטראַבאַנדע. האָט מען טאַקע איינגעאָרדנט אַן אייגענע וואַך, וועלכע איז געגאַנגען פאָראויס און ווען מען האָט באַמערקט אָנקומען אַ פּאַטראָל פון גרענעץ־וועכטער, האָט מען אונדז געגעבן אַ צייכן און מען האָט זיך באַהאַלטן אין אַ הויף, ביז דער פּאַטראָל איז פאַרבייגעגאַנגען.

נאָך אַזוי פיל מאַטערנישן און איינשטעלן די פריי־הייט, איז ענדלעך די וואַליזע אָנגעקומען אויפן באַשטימטן אַדרעס.

אַחוץ די אַקטיווע אַרטיקע אַרבעטער אין די פאַר־שיידענע פאַבריקן, צווישן וועלכע איך האָב געקענט: ראָמאַן וואָווזשינסקי, פּיעטרעק, דאָמאַנסקי און דעם אינטעלי־גענט יוזעף אָלשעווסקי, האָבן אויך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אָנטייל גענומען די זין און טעכטער פון דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ: די טעכטער פון יוחל לערנער, די שוואַרצעס, דאַדעק שיינוועקסלער, מאַמ־לאָקס, סעניאָר, בירנבוים, דעם דייטשן חזנס זון. פון די צוגעשיקטע אינטעליגענטן פון צענטער, וועלכע פלעגן אַרויסטרעטן אויף די צאָלרייכע מאַסאָווקעס אין די טשענסטאָכאָווער פאַבריקן, זיינען מיר באַקאַנט געווען: אַדאַם, קאָנראַד, באַשקע (שלום אַשס אַ שוועגערין, היינט אַ הויכע באַאַמטין אין דער רעגירונג אין מאָסקווע), יאַנעק און קסאַווער.

די סקלאַדעס פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור האָבן זיך לאַנג נישט געקאָנט האַלטן אין די פּוילישע דזשעלני־צעס, זיי זיינען שוין צו אָפט דורכגעפאַלן. האָט מען איבערגעטראָגן דעם סקלאַד אין דער יידישער דזשעלניצע, וואו איבער אַ יאָר צייט איז געווען רואיק. מען האָט גע־פונען אַ צימער איבער דער בריק פון דער „וואַרטע", אויף דער אַזוי גערופענער „זאַוואַדזשע" ביי אַ יידישן בעקער. איינגעמאַלדן האָט זיך אין דער דאָזיקער „קאַוואַלערסקער וואוינונג" לייזער בערקאָוויטש. די ערשטע צייטן האָט ער טאַקע דאָרט געוואוינט, אָבער שפּעטער איז דאָס צימער געוואָרן אָנגעפּאַקט מיט פאַרשיידענע אומלעגאַלע אויס־גאַבן, אַפילו אייניקע ביקסן, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט אַריינבאַקומען ביי אַ געלעגנהייט בעת אַן אָנפאַל. וועגן דעם דאָזיקן אומלעגאַלן ביכער־סקלאַד האָבן בלויז גע־וואוסט געציילטע חברים: דער באַשטימטער קאָלפּאָר־טער פון צענטער לייזער בערקאָוויטש, זעליק ראָטבאַרד (איטשע בער סטאַדאָלעס זון) און איך. פון דאָרט איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן די אומלעגאַלע ליטעראַטור איבער אַלע טשענסטאָכאָווער פאַבריקן און אין דער אומ־געגנט.

סוף כל סוף האָט אָבער דער באַלעבאָס פון דער בעקעריי, אַ ייד, וואָס זיין אייגענער זון איז אויך, אַגב, געווען אין דער באַוועגונג, דערשנאַפּט, וואָס עס טוט זיך אין דעם געדונגענעם צימער. ער איז שוין אָבער געווען אַריינגעמישט אין דעם עסק, האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין און ער האָט געמוזט שווייגן. די פּאָליציי איז אָבער מיט דער צייט געפאַלן אויף די שפּורן פון סקלאַד. זי האָט געוואוסט, אַז די אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס מען געפינט אַזוי אָפט ביי רעוויזיעס און די פאַרשפּרייטע פּראָ־קלאַמאַציעס קומען פון „זאַוואַדזשיע", אָבער זי האָט נאָך נישט געוואוסט פון וועלכן הויז, און זי האָט אָנגעהויבן נאָכשפּירן. זי האָט אַפילו איינמאָל געמאַכט אַן אַבלאַווע איבער דער גאַנצער געגנט, און אַדורכגעפירט הויז־רעוויזיעס. געזוכט האָט מען אָבער, צום גליק, ביי די קאַלך־אויוונס, וואָס האָבן זיך געפונען בשכנות.

דער סקלאַד האָט דעריבער געמוזט באַצייטנס לי־קווידירט ווערן דורך דער אָרגאַניזאַציע. אין איין שיינעם העלן טאָג האָבן מיר מיט דער הילף פון אַ יידישן אַרבע־טער פון דזשובאַס זייף־פאַבריק, נחמיה וואַרשאַווסקי, וועלכער איז פאַרפאָרן מיט אַ פערד און וואָגן פון דער פאַבריק, צוגענומען אַלע אַרכיוון און זיי אַוועקגעפירט אין מאַגאַזין פון דער פאַבריק „פעלצער און זון". דאָרט האָט געאַרבעט אַ חבר פון דער אָרגאַניזאַציע און יענער האָט עס גענומען אונטער זיין אויפזיכט. די רעשט מאַטעריאַל, וואָס איז נישט געווען שטאַרק נויטיק, האָט מען אין משך פון צוויי נעכט פאַרברענט אויף די פעלדער לעבן די קאַלך־אויוונס און אַ רויטן שיין האָט באַדעקט אַ שטיקל הימל. וועגן די אַלע זאַכן האָבן בלויז געוואוסט די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון דער ס. ד. ק. פּ. ל..

געווען אויך אַ פאַל מיט אַ דורכגעפאַלענעם סקלאַד מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס האָט שוין אַ שייכות מיט מיר גופא:

## מיין דורכפאַל און די מאַמע ווערט אַרעסטירט

אין יאָר 1904—1905 בין איך שוין געווען גאָר שטאַרק אַנגאַזשירט אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג, הגם איך בין גלייכצייטיק שוין אויך געווען דער פּרנסה־געבער פון מיין פאַמיליע. אין יאָר 1905 איז מיין פאָטער נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ סך געלט, אין עלטער פון 42 יאָר געשטאָרבן אויף אַ ראַק (קענסער) אין מאָגן. מיין מוטער האָט יאָרן־לאַנג געוויינט אויף זיין פריצייטיקן טויט. זי פלעגט שטענדיק זאָגן: „אַזוי גייט אויס לאָטעריע־געלט!"...

איך בין געוואָרן דער פּרנסה־געבער און געאַרבעט אין דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. דאָרט איז געווען אַ פּוי־לישער אַרבעטער מיטן נאָמען פּיעטרעק. ער איז געווען דער הויפּט־מייסטער פון דער פאַבריק און ער איז אונ־טער מיין איינפלוס געוואָרן אַ מיטגליד אין דער עסדע־קישער פּאַרטיי.

אין דעם הויף פון אונדזער פאַבריק איז אויך געווען, ווי שוין אויבן דערמאָנט, די בונדישע „טשייניע". איך בין מער געזעסן אין דער טשייניע און פאַרנומען זיך מיט פּאַרטיי־אַגיטאַציע און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער ווי געאַרבעט אין דער פאַבריק. אויפן בוידעם איבער דער פאַבריק, צו וועלכן עס זיינען נישט געווען קיין שטיגן, נאָר מען האָט געדאַרפט צושטעלן אַ לייטער, זיינען געלעגן די באַלאָנען און צעבראָכענע סיפאָנעס פון סאָדע־וואַסער און דאָרט האָב איך געפונען דאָס פּאַסיקסטע אָרט, וואו צו באַהאַלטן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. דאָרט זיינען געלעגן אייניקע נומערן פון „דער רויטער פאָן", דעם אָרגאַן פון דער עסדעקישער פּאַרטיי, די בראָשורן „וואָס ווילן מיר?" פון ראָזע לוקסעמבורג, און צענטליקער פּעקלעך פון אַנדערער „טרפהנער סחורה". אַ טייל פון די דאָזיקע ביכלעך זיינען געווען איינגעבונדן מיטן זעלבן באַנד, וואָס מיינע לעגאַלע ביכער אין דער היים, אַזוי אַז ווען פּאָליציי געפינט די ביידע ביבליאָטעקן, וואָלט זי לייכט געקאָנט וויסן, ווער עס איז זייער ריכטיקער באַלעבאָס...

איין מאָל, אין אַ קאַלטער, פראָסטיקער ווינטער־נאַכט איז באַפאַלן אונדזער פאַבריק די פּאָליציי מיטן דאַמאָלסט באַרימטן פּריסטאַוו אַרבוזאָוו אין דער שפּיץ, צוזאַמען מיט אַ מיליטער־אָפּטיילונג און אָנגעהויבן אַ שטרענגע רעוויזיע. זיי האָבן אויפגעוועקט אונדזער גאַנצע פאַמיליע (מיר האָבן געוואוינט אין אַ דערנעבנדיקן הויז) און געפאָדערט פון אונדז די שליסלען פון דער סאָדע־וואַסער פאַבריק. די רעוויזיע האָט אויך געמוזט באַוואוינען די מאַמע מיינע. זי איז געווען ביי זיך זיכער, אַז זי איז גאָט די נשמה שולדיק און איז אַ רואיקע מיטגעגאַנגען מיט דער פּאָליציי. זי האָט אין זיך געלאַכט פון זייערע נאַרישע קעפּ: געפונען אַן אָרט וואו צו זוכן אומלעגאַלע ליטעראַטור!...

אָבער ביי מיר איז שיר די נשמה אַרויסגעפלויגן פון שרעק און פּחד. איך בין מיטגעגאַנגען אין דער פאַבריק. די פּאָליציי האָט דורכגענישטערט אַלע ווינקעלעך און גאָרנישט געפינענדיק, האָט דער פּריסטאַוו אַרבוזאָוו אַ פרעג געטאָן וואו עס איז דער אַרויפגאַנג אויפן בוידעם. מיר איז געוואָרן פינצטער אין די אויגן און כ'האָב געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך אונטער מיר פון שרעק.

— דער אַריינגאַנג אויפן בוידעם איז פון הויף! — האָט מיין מאַמע רואיק געענטפערט.

די פּאָליציי האָט צוגעשטעלט אַ לייטער און נאָך עטלעכע סעקונדן — זיי האָבן נישט געדאַרפט לאַנג זוכן — האָט זיך דערהערט די באַפעלערישע שטימע פון פּריסטאַוו:

— וסיעך אַרעסטאָוואַט!... (אַלעמען אַרעסטירן).

מיין מאַמע האָט אָנגעהויבן צו קלאָגן און וויינען און זי האָט זיך פאַרענטפערט אין איר אומשולדיקייט, אַז דער בוידעם איז אַן אָפענער, עס איז אַפילו קיין שליסל צו אים נישטאָ. זי ווייסט פון גאָרנישט... און דאָס איז דאָך אמת געווען, זי האָט טאַקע פון גאָרנישט געוואוסט, פון דער גאַנצער פאַמיליע בין איך געווען דער איינציקער, וואָס האָט יאָ געוואוסט.

אין דעם אויגנבליק האָט מיר עפּעס אַ בליץ־אויף געטאָן אין קאָפּ: די געבליבענע לעגאַלע ביכלעך ביי אונדז אין דער היים, וואָס זיינען געבונדן מיטן זעלבן איינבאַנד ווי די אומלעגאַלע, קאָנען דאָך אַרויספירן אויף די ריכטיקע שפּורן. איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז מיינע ביכער אין דער היים צו פאַרניכטן. אָבער ווי אַזוי?...

ווען די ביכער פון בוידעם האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן ווי אַ רעגן און ווען עס איז געקומען דער באַפעל פון פּריסטאַוו: „וסיעך אַרעסטאָוואַט", האָב איך געמאַכט די אומשולדיקע מינע און זיך דערנענטערט צום פּריסטאַוו, וועלכער האָט שוין געהאַט מיט אַ טריאומפירנדיקער מינע אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם און אים געפרעגט: „און איך אויך?..."

— פּאַשאָל וואָן! — האָט דער פּריסטאַוו אויף מיר אַ געשריי געגעבן און אַראָפּגעלאָזט מיר אַ הילכיקן פּאַטש אין פּנים אַריין.

איך האָב צוגעכאַפּט דעם פּאַטש ווי אַ פאַרדינטע מתנה און געלאָזט זיך שנעל לויפן אַהיים. ווען איך בין אַ פאַרסאָפּעטער אַריינגעקומען אין שטוב, האָב איך מיט אַ פאַרשטיקט קול אַ געשריי געטאָן צו מיין שוועסטער: „טראָג אַרויס די ביכער!" מיין גאַנצע אָנגעזאַמלטע מיט אַזוי פיל מי ביבליאָטעק איז תיכף אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין קלאָזעט אַריין און — אויס ביבליאָטעק!

די מאַמע מיינע און דער באַלעבאָס פון הויז דאַווידאָוויטש זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין צירקל אַריין. די גאַנצע שטאָט איז געווען עלעקטריזירט פון דעם דאָזיקן אַרעסט. אַלע האָבן באַשולדיקט אין דעם דאָזיקן בילבול די בונדישע טשייניע. בלויז איך איינער האָב געוואוסט דעם גאַנצן אמת.

נאָך אייניקע טעג זיצן און נאָך שטאַרקע באַמיאונגען, האָט דער גובערנאַטאָר באַשטראָפט מיין מוטער אויף אַן אַדמיניסטראַטיוון אופן און אויך דעם ווירט פון הויז מיט 3 חדשים אַרעסט דערפאַר, ווייל זיי האָבן געהאַלטן דעם בוידעם אָפן און דערמיט פאַראורזאַכט, אַז דאָרט זאָל ווערן אַ נעסט פון קראַמאָלנע ליטעראַטור. מיט גרויס מי האָט מען צונויפגעשטעלט אַ גענוגנדע סומע געלט, כדי צו באַצאָלן פאַר דער שטראָף און מיין מאַמע זאָל נישט דאַרפן גיין זיצן אין תפיסה.

יאָרן־לאַנג האָבן מיינע שוועסטער און ברידער ביי יעדער געלעגנהייט מיר פאַרגעוואָרפן: „דאָס איז געווען דיין שטיקל אַרבעט, פּולטשע!..." זיכער אין דער דאָזיקער באַשולדיקונג זיינען זיי אָבער נישט געווען. איך האָב זיך פאַר זיי ערשט מודה געווען, ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק און פון די צאַרישע זשאַנדאַרן איז שוין קיין זכר נישט געווען.

ווי איך האָב מיך דעמאָלט משער געווען, האָט דער אַרבעטער פון דער פאַבריק, פּיעטרעק, אין שענק ביי אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ פּאָליציאַנט פאַר אים זיך אַרויסגעכאַפּט וועגן דעם סקלאַד מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. ער האָט אָבער בעת דער אויספאָרשונג נישט אויסגעזאָגט, ווער עס האָט די פּעקלעך מיט ליטעראַטור דאָרט אַרויפגעלייגט. דאָס האָט מיך געראַטעוועט פון יאָרן טורמע.

## אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1905—1906

אין 1905, בשעת דעם אַלגעמיינעם סטרייק, בין איך מיט אַ ריי חברים, ווי לייזער בערקאָוויטש, חיים דוד וואָלהענדלער און אַנדערע, געווען צווישן די, וועלכע האָבן געדאַרפט באַטייליקן זיך אין אָפּשטעלן די פאַבריק פון „פּעלצער און זין". מיר האָבן געהיטן פון דרויסן, האָבנדיק ביי זיך געווער. די פּאָליציי און מיליטער איז אָבער אונדז פאַרלאָפן פריער־אויס דעם וועג. מיר האָבן בלויז געהערט אייניקע אָפּגעהאַקטע רופן פון די פאַבריק־סירענעס און אייניקע שאָסן. עס זיינען דעמאָלט געפאַלן עטלעכע זעלנער און פּאָליציסטן און דער שפּעטער לעגענדאַרער העלד יוזשעק, וועגן וועלכן די טשענסטאָכאָווער אַרבעטערשאַפט האָט דערנאָך געזונגען: „יוזשעק ביל אַדוואָזשני ס'פּאַרטי באָיאָוועי"... אויפן קבר זיינעם האָב איך אים געזעגנט מיט דעם מיר באַליבטן רעוואָלוציאָנערן ליד: „שאַלעיטשע טיראַני".

נאָך דעם, ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די „קאָנסטיטוציע" איז די פּאַרטיי אויף אַ געוויסער צייט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. דאָס ביוראָ פון דער ס. ד. ק. פּ. ל. האָט זיך געפונען אין שוואַרצס הויז אויף טעאַטראַלנע גאַס. צו קורץ איז די פרייהייט געווען און אין מיין זכרון איז דעריבער ווייניק־וואָס איבערגעבליבן וועגן דער טעטיקייט אין יענע טעג. איך געדענק נאָר, אַז עס איז געווען מער לעבעדיק.

אין יענער צייט בין איך איינמאָל שיער נישט אַרעסטירט געוואָרן און ניצול געוואָרן בין איך אַדאַנק מיין

חבר פייערשטיין. מיר ביידע זיינען דעמאָלט געגאַנגען פון דער פוילישער דזשעלניצע אויף דער וואַרשעווער גאַס, אין די שעהן, ווען די אַרבעטער גייען פון די פאַבריקן און איך האָב ביי זיך געהאַט ליטעראַטור צום פאַנאַנדערטיילן. מיטאַמאָל איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ פאַטרול פון פאָליציי און סאָלדאַטן און זיי האָבן אונדז אָפּגעשטעלט. איך, וועלכער האָב געטראָגן מיט זיך די ליטעראַטור, בין אַנטלאָפן און מיין חבר פייערשטיין, וועלכער האָט ביי זיך גאָרנישט געהאַט איז געבליבן שטיין און זיי האָבן אים אַרעסטירט. נאָך אייניקע טעג זיצן האָט מען אים באַפרייט. ער האָט געטענהט, אַז ער קאָן מיך גאָרנישט, מיר זיינען בלויז צופעליק געגאַנגען איינער לעבן אַנדערן.

אָבער עס איז מיר פאָרט באַשערט געווען צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַרעסט, וואָס דאָס איז אוממעגלעך ביי אומלעגאַלער אַרבעט אויסצומיידן: מיר האָבן אָנטיילגענומען אין די וואַלן צו דער צווייטער דומע און אַגיטירט פאַר אונדזערס אַן אייגענעם קאַנדידאַט פון דער ס. ד. ק. פּ. ל., עמנואל קליינמאַן, ער איז אַגב געווען מיינס אַ גוטער חבר, הגם אַ סך עלטער פון מיר, און האָט אויף מיר געהאַט אַ גרויסע השפעה. אין שייכות מיט אונדזער רירעווודיקער אַגיטאַציע בין איך צוזאַמען מיט מיין חבר זעליג ראָטבאַרד אַרעסטירט געוואָרן. מיר זיינען געזעסן אייניקע טעג אין פּאָליציי־צירקל פון פּריסטאַוו דעניסאָוו, און דערנאָך זיינען מיר באַפרייט געוואָרן טאַקע דורך דעם דאָזיקן פּריסטאַוו. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער פּריסטאַוו איז געווען אין דער באַוועגונג; ער איז געשטאָרבן אַלס אַרעסטאַנט אין דער פּיעטרקאָווער טורמע.

אַ גרויסן איינדרוק האָט אויף אונדז, יונגע סאָציאַליסטישע טוער, געמאַכט די חברטע באַשקע, וועלכע איז אַ לאַנגע צייט געווען ביי אונדז אין טשענסטאָכאָוו פּאַרטיי־פונקציאָנאַרין. אַ העלע שאַטינקע, גלאַטיק צוגעקעמט די האָר, האָט זי שטענדיק געטראָגן אַ לאַנג שוואַרץ קלייד; זי איז געווען אין טרויער נאָך איר ברודער איזאַק, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן נאָך אַ געריכטס־אורטייל אין וואַרשע פאַר געהערן צו דער עס־דעקישער פּאַרטיי. מיט אירע אַרויסטרעטונגען האָט זי זיך שטאַרק באַליבט געמאַכט ביי די פּוילישע אַרבעטער. זי האָט גערעדט נאָר פּויליש. יידיש האָט זי נישט געקאָנט רעדן, אָבער פאַרשטאַנען האָט זי אַלץ. מיט איר האָבן די גלחים אין די קירכעס אַ סך געהאַט צו טאָן. זיי האָבן געפּרעדיקט פאַר זייערע גלויביקע, אַז די „זשידאָווקע" דעמאָראַליזירט די פּוילישע אַרבעטער, אַז זי האָט זיך אַפילו אַמאָל דערלויבט צו „פאַראומרייניקן" אַ צמענטאַזש, רעדנדיק אויף דער לוויה פון אַן אומגעקומענעם אַרבעטער בשעת אַ בלוטיקער דעמאָנסטראַציע.

די פּוילישע אַרבעטער האָבן געקריצט מיט די ציין, ווען זיי זיינען געוואָר געוואָרן וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע פון די גלחים. באַשקע פלעגט אַרויסטרעטן אויף די פאַרזאַמלונגען אין אַלע גרויסע טשענסטאָכאָווער פאַבריקן, ווי: „ראַקאָוו", „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ", „שפּאַגאַטשאַרניע" און אַנדערע. זי האָט געהאַט זייער אַ שווער לעבן ביי אונדז אין שטאָט. וואו זי האָט גענעכטיקט האָט זי נישט געטאָגט. איך בין אַ געוויסע צייט געווען איר באַגלייטער. זי האָט גענעכטיקט אַמאָל ביי די לערנערס, ביי לייביש קאָפּינסקי אין דער פאַבריק אין זאַוואָדזשיע.

ערשט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט איך זיך דערוואוסט, אַז איר פאַמיליע־נאָמען איז שפּיראָ און זי איז שלום אַשס אַ שוועגערין. היינט פאַרנעמט זי אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין סאָוועט־רוסלאַנד.

## איך טרעט אַריין אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „ס.ס."

איך בין געוואָרן אויס פּרנסה־געבער אין אונדזער שטוב. מיין אָרט האָט פאַרנומען מיין עלטסטער ברודער ישעיה. איך האָב באַקומען אַ פּאָסטן אַלס ביוראָ־אָנגעשטעלטער ביי מאָריס ליפּסקי. נאָך אייניקע חדשים אַרבעט בין איך פון דאָרט באַזייטיקט געוואָרן. איך האָב געלערנט זיך צו ביסלעך און ווייטער געווען אַנגאַזשירט אין דער פּאָליטישער אַרבעט. כ'האָב זיך דעמאָלט באַקענט מיט די טוער פון די „ס. ס.": מענדל שוכטער, ישעיה יעקב מיענטקעוויטש (מינקאָף), הערשל גאָטיינער און אַנדערע. עס איז מיר געוואָרן ענג אין דער היים. איך האָב געוואוינט צוזאַמען מיט מיינע נאָענטע חברים און אונדזערע דיסקוסיעס אַרום די פאַרשיידענע פּראָבלעמען זיינען געווען אינטערעסאַנט און לעבעדיק, הויפּטזעכלעך זיינען אונדזערע דיסקוסיעס אָנגעגאַנגען אַרום דער יידן־פראַגע. אונטערן איינפלוס פון מענדל שוכטער בין איך און מיין חבר עמאנועל קליינמאַן אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי „ס.ס.". אין דער היים האָט מען איינגעזען, אַז סוף כל סוף וועל איך אַריינפאַלן אין טורמע אַריין, האָט מיין ברודער זלמן, וועלכער האָט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן ביי ד"ר וואָלבערג אין דער פאַרבן־פאַבריק, אונטערגענומען זיך מיך צו שטיצן און איך זאָל אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. כ'בין טאַקע גאָר בקרוב אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע מיטן צוועק צו דערגרייכן אַ גימנאַזיאַלע מאַטורע.

## אויף עמיגראַציע אין קראָקע

אין קראָקע האָב איך געוואוינט אין פּאָדגורזשע אויף קאָלאָנטאַיאַ גאַס, דאָרט האָב איך געלעבט צווישן די עמיגראַנטן פון קיניגרייך פּוילן וועמען מען האָט גערופן „קרולעוויאַצי". איך האָב ביי מיר געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז אין פאַרלויף פון יאָר זאָל איך מאַכן די מאַטורע. דערווייל האָב איך מיך דאָרט געטראָפן מיט אַ גאַנצער ריי טשענסטאָכאָווער, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון פאַרשיקונגען און אַפילו פון סיביר און סתם אַנטלאָפענע מחמת די שווערע רעפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין פּוילן. עס זיינען געקומען הערשל גאָטיינער (אַנטלאָפן פון סיביר, נאָכן אָפּזיצן פריער עטלעכע יאָר

אין פּיעטרקאָווער טורמע), דוד געריכטער, וועלכער האָט באַקומען אַ פּרייז „וויסילקע" (פאַרשיקונג) אַרויסצופאָרן פון לאַנד; מיכאל אַלטער. אַלס עקסטערניסטן זיינען דאָ אין קראָקע געווען מאָטל אַש, אַלעקסאַנדער האַפּטקע (אין אומאָפּהענגיקן פּוילן געווען אַ הויכער באַאַמטער אין פּוילישן אינערן־מיניסטעריום, איצט געפינט ער זיך אין אַמעריקע) און דוד באָזשיקאָווסקי. עס איז אויך אין קראָקע געווען אברהם וויעוויאָרקע (באַקאַנטער שריפטשטעלער, געשטאָרבן אין מאָסקווע נאָך פאַר דער מלחמה), וועלכער האָט געמוזט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו אַלס איינער פון די אָנפירער פון די „פּועלי־ציון"; דוד גוטערמאַן (דוד יאַיטשאָרזש) און נאָך צענדליקער עמיגראַנטן ס. ס.־אָווצעס. אין קראָקע איז דעמאָלט דערשינען די ס. ס.ישע צייטונג „די פרייהייט". איך האָב די פאַרטייאישע אַרבעט נישט אויפגעגעבן, הגם מיין שטודירן האָט עס פאַרלאַנגט פון מיר. צוביסלעך האָב איך מיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט אַרום דער „פרייהייט". שפּעטער איז אויך פון ווין געקומען די דאָרט אַרויסגעגעבענע צייטשריפט „פריילאַנד", פון וועלכע איך האָב אייניקע נומערן איבערטראַנספּאָרטירט קיין פּוילן. אין קראָקע האָב איך מיך דעמאָלט צוזאַמענגעטראָפן מיט יוסף הלל לעווי, אַ פּאָעט און מיט שכנא זאגאַן, אַ פּועלי־ציוניסט. די פּועלי־ציון האָבן געהאַט זייערס אַ קלוב און אַרום דעם דאָזיקן קלוב האָבן מיר זיך אַלע גרופּירט. מיר זיינען געווען אָפטע באַזוכער פון „פאָלקס־אוניווערסיטעט" אונטער דער השפּעה פון די „פּ. פּ. ס. ד.", געהערט רעדן איגנאַצי דאַשינסקין און בייגעוואוינט די גרויסע מאַי־דעמאָנסטראַציעס.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אין משך פון דער דאָזיקער צייט צוצופאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און אויף די נעמען פון די פריינד לעווי און זאגאַן בין איך דורכגעגאַנגען די עסטרייכישע גרענעץ. די מאַטעריעלע לאַגע מיינע איז ווייט נישט געווען קיין באַפרידיקנדיקע. נישט איינמאָל בין איך געצוואונגען געווען צו פאַרקויפן מיינע שול־ביכער, כדי צו קויפן ברויט און דערנאָך האָב איך די ביכער געמוזט צוריקקויפן, ווען ס'איז מיר אָנגעקומען פון מיין ברודער זלמן די חודשדיקע פּענסיע: און פון צייט צו צייט די אונטערשטיצונג פון מיין קאָזין, דער זון פון מיין מוטערס שוועסטער — זלמן סטאַשעווסקי (שפּעטער געווען ראַטמאַן פון „בונד" אין פּיעטרקאָווער שטאָט־ראָט).

אַ שווערן איינדרוק האָט אין יענער צייט אויף מיר געמאַכט אין קראָקע אַן אויסטערלישע ידיעה וועגן „באַשקע": איך האָב מיך איינמאָל באַגעגנט מיט דעם עסדעק יוזעף דאָמאַנסקי פון טשענסטאָכאָוו און ער האָט מיר געוויזן אַ נומער פון „טשערוואָני שטאַנדאַר", וואו ס'איז געווען אָפּגעדרוקט אַ וואָרנונג, אַז די חברטע באַשקע, די עסדעקישע טוערין אין טשענסטאָכאָוו, פאַר וועלכער איך האָב אַזוי פיל רעספּעקט געהאַט און פאַרגעטערט, איז אין דינסט פון דער צאַרישער אָכראַנע. איך בין ממש געווען דערשיטערט פון דער דאָזיקער ידיעה. איך האָב מיך מיט אַ גרופּע חברים אַזש גענומען צום ביטערן טראָפּן פאַר פאַרצווייפלונג. זיך אָנגעשיכורט און אויפן וועג אַהיים פאַרלוירן אַלע מיינע לערן־ביכער. אַ גענוג לאַנגע צייט, האָב איך וועגן דעם פאַקט נישט געקאָנט פאַרגעסן. אַזוי גרויס איז געווען מיין אַנטוישונג (שפּעטער מיט יאָרן האָט שלום אַש אויפגעקלערט דעם דאָזיקן ווייטיקלעכן ענין: עס איז פּשוט געווען אַ טעות פון פעליקס דזשערזשינסקין. ער האָט עס זי באַשולדיקט אין פאַרראַט).

כמעט צוויי יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין קראָקע. מיין ציל צו באַקומען אַ מאַטורע האָב איך נישט דערגרייכט, אַבער פונדעסטוועגן האָב איך דערוואָרבן אַ ביסל וויסן. איבער דער צייט פון מיין וויילן אין קראָקע זיינען דאָרט אַדורכגעפאָרן אויף זייער וועג קיין אַמעריקע די ס. ס.ישע טוער מענדל שוכטער, ישעיה יעקב מיענטקעוויטש, הערשל עפּשטיין פון ראַדאָמסק, בוגייסקי, שלמה דינער און אַנדערע. זיי האָבן אַלע געמוזט אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו אָדער גאָר פון סיביר...

## אין די רעאַקציאָנערע יאָרן

ווען די רעפּרעסיעס אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך אַ ביסל איינגעשטילט, בין איך צוריקגעקומען אַהיים. כ'האָב באַקומען אַרבעט אין מאָריס נויפעלדס אַפּטייק־סקלאַד אַלס אַן אָנגעשטעלטער. דאָרט האָט געאַרבעט אַלס העכערע באַאַמטין די חברטע „אירא" (דאָראַ וואַרשאַווסקאַ); איך האָב צו איר געפילט אַ סך סימפּאַטיע. דאָס איז געווען די צייט, ווען די באַוועגונג איז געווען טויט, מ'האָט געלייענט ביכער, אַרומגעכאַפּט געווען פון אַ ראָמאַנטישער שטימונג. אַ גרויסן פּלאַץ האָט דעמאָלט אין מיין האַרץ פאַרנומען די טאָכטער פון מיין מאַמעס לערער וואָלף יאַנקל שאַכער, דבורה (דאָרקע שאַכער). כ'האָב זייער פיל צייט און ענערגיע איר אַוועקגעגעבן, כדי זי זאָל קאָנען שטייגן אויף דעם לייטער פון לעבן און מיטגיין מיטן גייסט פון יענער צייט. איך האָב זי אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט", „ליראַ", פאַראינטערעסירט זי מיט דער יידישער סצענישער קונסט. זי איז אונטער מיין ווירקונג אַרויסגעטרעטן, מיט דערפאָלג, מיט דעקלאַמאַציעס און אין טעאַטער־פּיעסן, האָט אָבער געהאַט אַ נייגונג צו פאַנטאַסטישע גוזמאות און האָט מיר געוואָלט דערמיט אימפּאָנירן. דאָס האָט אָבער אויף מיר געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג און איך האָב מיך פון איר דערווייטערט. זי איז שפּעטער געוואָרן די פרוי פון מיין פּאַרטיי־חבר יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי, וועלכער איז אומגעקומען אין אָשוויענטשים.

דורך דער צייט פון אונדזער פריינדשאַפט איז זי זיכער געווען אַ שטיק אינהאַלט אין מיין לעבן. אין דער זעלבער צייט האָב איך אויך געהאַט אַ חברטע מיטן נאָמען יעטשע פּאַקולאַ, וועלכע האָט מיטגעמאַכט צוזאַמען מיט אונדזער חברה אונדזער יוגנט־וועג. מיר זיינען זיך אָפט צוזאַמענגעקומען ביי זיי אין הויז. איר שטוב איז גע־

ווען אַ באַשיידענע; איר פאָטער, מענדל קאָוואַל, האָט אָבער מיט זיין גרויסער ליבע צו זיין פרוי, און קינדער באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון ליבע און פריינדשאַפט אין זיין הויז. מענדל קאָוואַל איז געווען דער טיפּ פון „יעקל דער שמיד". אין דער דאָזיקער שטוב זיינען געבוירן געוואָרן אידעען, שטימונגען פאַר אַ ניי לעבן. דורך דער דאָזיקער שטוב זיינען דורכגעגאַנגען זייער פיל פריינד און חברים, ווי מענדל שוכטער (געוואָרן דער מאַן פון זיין טאָכטער שיינדל), ישעיה יעקב מיענטקעוויטש, יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי, אלקנה כראַבאַלאָווסקי און אַנדערע. ווען מענדל קאָוואַל איז געשטאָרבן נאָך אַן אָפּעראַציע אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל, האָט זיין טויט איבערגעלאָזן אַ טיפן ריס אין מיין נשמה. כ'האָב דערפילט, אַז כ'האָב פאַרלוירן מיין צווייטע היים.

## אין דער רענעסאַנס צייט פון דער יידישער ליטעראַטור

עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון רענעסאַנס פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז געגרינדעט געוואָרן די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט" אַלס קעגנזאַץ צו דער עקסיסטירנדיקער אַסימילאַטאָריש־העברעאישער „לירא". עס זיינען פאָרגעקומען שאַרפע קאַמפן דעמאָלט פאַר יידיש. אויך איך האָב דעמאָלט געהאַלטן מיין ערשטע פאָרלעזונג וועגן דער יידישער שפּראַך און כ'געדענק אַפילו, ווי איך האָב זי פאַרענדיקט מיט אַ ציטאַט פון אַ בראַשור, וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער שרייבער ש. ל. קאָוועו און וואו עס איז געווען אויסגעגאָסן די „תוכחה" אויף די, וועלכע שעמען זיך מיט יידיש. אַלס ענטפער אויף מיין פאָרלעזונג איז געקומען אַ צווייטע פאָרלעזונג פון לעאָן קאַפּינסקי, וועלכער האָט פאַרטיידיקט העברעאיש אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידן.

עס איז דעמאָלט אַראָפּגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו מאַרק שווייד און מרים איזראַעלס, די פרוי פון קינסטלער קראַטקאָ. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ יום־טובדיקע צייט. איך האָב זיך באַטייליקט אין איינציקע איין־אַקטערס פון פּרצן צוזאַמען מיט זיי און אונטער זייער רעזשיסעריע. איך האָב געקוקט דעמאָלט אויף מרים איזראַעלס ווי אויף אַ ביבלישער פיגור. זי האָט פאַרבראַכט אין אונדזער שטאָט איינציקע חדשים מיט קליינע איבעררייסן. זי איז געווען אַן איינגייערין ביי אהרן פּרץ אין הויז. איך געדענק, ווען זי האָט געדאַרפט קומען פון וואַרשע דאָס צווייטע מאָל. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט צו איר אַ געפיל פון גרויס סימפּאַטיע נאָר, כ'האָב איר וועגן דעם קיינמאָל נישט געזאָגט. איך האָב זי אָפּגעוואַרט ביי דער באַן מיט אַ בוקעט בלומען, אָבער צו מיין גרויסער פאַרצווייפלונג איז זי אין דעם טאָג נישט געקומען. כ'האָב אָבער די בלומען באַהאַלטן און ערשט צומאָרגנס האָב איך זיי איר אַרויפגעטראָגן צו אהרן פּרץ אין שטוב.

אין איר געזעלשאַפט איז געווען וואַרעם. זי האָט האַרציק אינטערפּרעטירט לידער, צושפּילנדיק אויף אַ קעסטעלע מיט מעטאַלענע פּליטן און האָט ריטמיש געטאַנצט אונטער די קלאַנגען פון מוזיק. אין דער זעלבער צייט, וואָס זי האָט מיט אונדז אויפגעפירט איין־אַקטערס אויף יידיש, האָט די „לירא" זי איינגעלאַדן אויפצופירן אויך אויף פּויליש „האַנושיא" הויפּטמאַנס מיט קושמינסקי ווי אַ פּאַרטנער.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט מיך דעמאָלט שטאַרק פאַרדראָסן אויף איר, אי דערפאַר וואָס זי האָט געשפּילט אויף פּויליש און אי דערפאַר, וואָס זי האָט געשאָנקען מער אויפמערקזאַמקייט איר פּוילישן פּאַרטנער ווי מיר... עס איז מיר געבליבן פון איר אַן אָנדענקונג צוויי פאָטאָגראַפיעס, אויף איינער זעט מען איר אידל ביבליש פּנים אין פּראָפיל אין אַ הוט מיט אַ גרויסער אָריגינעלער פעדער און אויף דער צווייטער זיצט זי אין אַ ספּאָרט־קאָסטיום און פאַר איר שטייט קושמינסקי און דעקלאַמירט. די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס האָב איך אָפּגעהיט אין מיין אַרכיוו ביז די לעצטע טעג פון מיין זיין אין פּוילן. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זי צופעליק געטראָפן אין וואַרשע אין טראַמוויי אַלס מאַריאַ אַרצישעווסקאַ. מיר האָבן גערעדט צווישן זיך פּויליש. מענדל קאָוואַלס איידעם, מענדל שוכטער מיטן ווייב און שפּעטער יעטשע פאַקולאַ זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. עס איז געבליבן אַ טיפע בענקשאַפט נאָך אַ וואַרעמער שטוב, וואָס האָט דערמאָנט אין יוגנט־קאַמף.

יעטע פאַקולאַ, אַן אויפריכטיקע און נישט פאַרגעסלעכע חברטע, האָב איך ערשט געטראָפן נאָך יאָרן, ווען כ'בין געקומען קיין אַמעריקע, זי איז שטאַרק אַקטיוו אין לאָס אַנדזשעלעס אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג. כ'האָב אויך ביי איר געטראָפן איר 82־יאָריקע מוטער. איך האָב ווידער ביי איר דערפילט די וואַרעמקייט פון מיין יוגנט אין טשענסטאָכאָוו. אין איר שטוב האָט געשוועבט די ליבע און מענטשלעכע וואַרעמקייט פון מענדל קאָוואַל.

## איך פאָר קיין ווין אויף דער טעריטאָריאַליסטישער קאָנפערענץ

אין אַ מאָמענט, ווען די רעאַקציע האָט אָנגעהויבן אָפּצולאָזן אירע צוימען, האָט זיך באַוויזן חבר בערל גוטמאַן אַלס שליח פון צ. ק. פון דער ס.ס.ישער פּאַרטיי און ס'איז צונויפגערופן געוואָרן אַ גרופּע „ס. ס.־אָווצעס". די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין פריזיר־אַנשטאַלט פון וואָלף פאַקולאַ (מענדל קאָוואַלס זון). דער שליח האָט אינפאָרמירט וועגן דעם צוזאַמענפאַל פון דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף פאָרקומען אין ווין און וועגן דער קאָנפערענץ פון די ס. ס., וואָס וועט דאָרט אָפּגעהאַלטן ווערן ביי דער געלעגנהייט. צו דער קאָנפערענץ זיינען געפאָרן פון טשענסטאָכאָוו פרייוויליק דריי חברים אַלס געסט: פּנחס קאַלקע, מיין ווייניקייט און מיין ברודער זלמן.

אין ווין זיינען שוין דעמאָלט געווען די טשענסטאָ־כאָווער טוער ד״ר יוסף קרוק, מאיר פיינרייך און יצחק גורסקי, וועלכער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ און פון צוזאַמענפאָר.

נאָכן צוריקקומען פון ווינער צוזאַמענפאָר, האָבן מיר שוין נישט געהאַט מער די סאָדע־וואַסער פאַבריק. די פאַבריק האָט איצט אָנגעפירט אונדזער ערשטער איידעם, דער מאַן פון מיין עלטסטער שוועסטער הינדע, מאַטעס פוקס. מיר האָבן געוואוינט צוזאַמען מיט דער מוטער און דער יינגסטער שוועסטער צירל אויף אָגראָדאָווע גאַס אין טענענבוימס הויז. מיר האָבן דאַן געלעבט אַ ביסל רואי־קער, ווייל איך און מיין ברודער און שוועסטער זיינען געווען אַלע באַשעפטיקט אויף פאָסטנס און מאַטעריעל איז אונדז נישט געווען שלעכט.

## אַ רעוויזיע אין אונדזער הויז

אין אַ געוויסער נאַכט זיינען באַפאַלן אונדזער הויז זשאַנדאַרן און פאָליציי און געמאַכט אַ רעוויזיע. קיין פאַרדעכטיקע זאַכן האָט מען נישט געפונען. ביי דער רעוויזיע האָט מען צוגענומען אייניקע ביכער פון דער ביבליאָטעק, אָבער קיינעם נישט אַרעסטירט. ווועמען מען האָט געמיינט מיט דער רעוויזיע, מיך צי מיין ברודער, האָבן מיר נישט געוואוסט. שפּעטער, ווען איך בין אַרויס־גערופן געוואָרן צו דער זשאַנדאַרמעריע אויף אַן אויס־פאַרשונג, האָב איך דערשנאַפּט, אַז די רעוויזיע האָט גע־האַט אַ שייכות מיט דער ווינער קאָנפערענץ.

## ווי אַזוי מיין ברודער ווערט באַפרייט פון מיליטער־דינסט

מיין ברודער זלמן האָט געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי ד״ר וואַלבערג אין דער פאַרבןפאַבריק און־ פאַרדינט נישט שלעכט. עס איז גע־וואָרן אַ פּראָבלעם ווי אַזוי אים אָפּצוראַטעווען „פון די גויאי־שע הענט״. וואָרעם טאָמער וואָלט ער געדאַרפט גיין צום מיליטער, וואָלטן מיר פאַר־לוירן דעם הויפּט־פּרנסה־גע־בער פון שטוב. ער האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל פעלער, אָבער אויך מיטן פעלער האָט מען אים צוגענומען. ערשט אין אַ געוויסער צייט אַרום איז ער דורך אַ „מאַכער״ פון לובלין באַפרייט געוואָרן און אויף זיין אָרט איז געגאַנגען דינען אַ „מלאך״... (אַ מלאך האָט געהייסן דאָס שיקן צום מיליטער אַ פּערזאָן אויפן אָרט פון צוגענומענעם).



זלמן פעדערמאַן

ווען מיין ברודער איז בשלום אַהיימגעקומען פון „מי־ליטער־דינסט״, איז דאָס פּראָבלעם פון פּרנסה געווען פאַרענטפערט. אָבער מיט צוויי יאָר שפּעטער איז שוין אויך פאַר מיר געשטאַנען די פראַגע פון גיין דינען.

## איך שרייב תנאים כדת משה וישראל און גיי „דינען״ פּאַניען

ביז צום פּריזיוו האָב איך געאַרבעט נאָרמאַל ביי מאָריץ נייפעלד אין אַפּטייק־סקלאַד אַלס געהילף־בוכהאַל־טער. מיין באַלעבאָס נייפעלד ווי אויך זיין פרוי קלאַראַ, פאַרפּוילישטע יידן, האָבן געהאַט די בעסטע באַציאונג צו מיר. מאָריץ נייפעלד איז אַליין אויך געווען אַ ראַדיקאַ־לער מענטש און ער איז געהאַט געווען פאַרשיקט קיין אויסלאַנד צוליב זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער איז געזעסן אין דייטש הערבי, לעבן טשענסטאָכאָוו, און פון דאָרט אָנגעפירט מיט זיינע געשעפטן. אין 1905 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרויסער דעמאָנסטראַציע, בעת דער צאַר ניקאָלאַי האָט געגעבן די „קאָנסטיטוציע״. ער האָט געטראָגן אַ פּרוכת פון נאַפּאָלעאָנס צייטן מיט אַ פּוילישן אָדלער אויסגעשטריקט. פאַר דער דאָזיקער עבירה איז ער דאָס טאַקע אָפּגעקומען די שטראָף. זיין טאָכטער וואַנדע, אַ מוזיקערין, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טשעך מיטן נאָמען קאָפּעצקי, אויך אַ מוזיקער און זיי פלעגן פון צייט צו צייט געבן קאָנצערטן פאַר וואוילטע־טיקע צוועקן. וואַנדע האָט אין אירע יונגע יאָרן געהערט צום „בונד״ און די שטוב פון אירע עלטערן איז געווען דאָס אָרט פאַר פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע צוזאַמענקונפטן.

זיין צווייטע טאָכטער ד״ר נאַטאַליאַ נויפעלד איז גע־פאַלן אַ קרבן פון אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט גע־הערשט אין טשענסטאָכאָוו בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיצנדיק דריי מעת־לעת ביי אַ קראַנקן אויף טי־פוס, אַן אַרבעטער פון ראַקאָווער פאַבריק, נישט דער־לאָזנדיק קיינעם צו פאַרנעמען איר אָרט, האָט זי זיך אָנ־געשטעקט מיט דער דאָזיקער קראַנקהייט און אין משך פון אַ וואָך צייט אַוועק פון דער וועלט. זי האָט איר לעבן אַוועקגעגעבן אין קאַמף קעגן דער עפּידעמיע. די לעצטע יאָרן האָט מאָריץ נייפעלד געלעבט איינזאַם (דער זון און טעכטער, זיינען אַלע אויף אַ טראַגישן אופן געשטאָרבן) און ער איז אויף דער עלטער געבליבן בלויז מיט זיין טאָכטער וואַנדע, ווועמען דער מאַן, דער טשעך, האָט פאַרלאָזט. ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאָרמאַלן טויט שוין אונטער דער נאַצישער הערשאַפט.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געווען אַ שטילקייט. די יוגנט האָט געטאַנצט. איך האָב איבערגעלעבט געוויסע אַנטוישונגען. ס׳האָט מיר געפעלט אַ נאָענטער מענטש, מיט וועמען איך זאָל קאָנען טיילן מיינע פריידן און ליידן.

אין דער דאָזיקער צייט האָב איך מיך באַקענט מיט אַ מיידל מיטן נאָמען העלע. זי איז געווען די טאָכטער פון מיין מאַמעס חברטע, די לאָמע גיטל האָסענפעלד. אין דעם דאָזיקער מיידל, האָב איך געקלערט, האָב איך דאָס געפונען. זי איז געווען אַן אינטעליגענט מיידל, שטענדיק

איז זי אַרומגעגאַנגען מיט אַ בוך אונטערן אָרעם, אַן אויסגעצערטלטע טאָכטער ביי אירע גאַנץ פֿאַרמעגלעכע עלטערן, אַ קליין צאַרט פּנים. איר שטענדיק געלעכטער, ריינלעכקייט און באַהאַוונטקייט אין ליטעראַטור האָט מיך צוגעצויגן און איך האָב זי ליב באַקומען. כ׳האָב זי באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור, וועגן וועלכער זי האָט קיין אַנונג נישט געהאַט. כ׳האָב פֿאַר איר אָפּט געלייענט. אין אַ צייט אַרום, הגם אירע עלטערן איז עס נישט אָנגעשטאַנען צוליב מיין נישט גענוג פֿאַרדינען אויף חיונה, האָבן מיר תנאים געשריבן כדת משה וישראל. פֿון חתונה האָבן האָט נאָך נישט געקאָנט זיין קיין רייד, וואָרעם איך בין דאָך נאָך נישט געווען פֿריי פֿון פּריזיוו.

אין יאָר 1913 בין איך ענדלעך געשטאַנען צום פּריזיוו און איך בין ביי דער ערשטער סוברעוויזיע געשיקט געוואָרן קיין פּיעטרקאָוו אויף אַ גובערניאַלער סוברעוויזיע און בין דאָרט אָנערקענט געוואָרן אַלס „גאָדיען", דאָס הייסט, פּעאיק צום מיליטער־דינסט. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיך מיר זייער נישט געגלוסט צו דינען פֿאָניען און איך האָב געזוכט פֿאַרשיידענערליי וועגן זיך דערפֿון אַרויסצודרייען. בינו לבינו איז אין איינער אַ נאַכט געקומען זשאַנדאַרמעריע און מ׳האָט מיך אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין טשענסטאָכאָווער טורמע. איך בין ווידער געפֿאָרשט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין פֿאָרן קיין ווין אויפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ס. ס.; פֿיר וואָכן צייט בין איך אָפּגעזעסן, ביז מ׳האָט מיר געמאָלדן, אַז דער פּראָצעס קעגן מיר ווערט בטל, אָבער איך ווער תיכף אָפּגעשיקט צום מיליטער־דינסט. מיט אַ ספּעציעלן קאָנוואָי האָט מען מיך אָפּגעשיקט קיין פּיעטרקאָוו אין „זבאָרני פּונקט". פֿון דאַנען איז מיר געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען. עס האָט מיר דעריין צוגעהאָלפֿן דער מיליטערישער שניידער פֿון טשענסטאָכאָוו, בוים, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין פּיעטרקאָוו. איך האָב זיך דאָן געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיטן „מאַכער", אַ חסידישער ייד פֿון לובלין, וועלכער האָט געהאַט באַפּרייט מיין ברודער זלמן. קודם כל האָט ער זיך באַמיט, אַז מען זאָל פֿון מיינע מיליטערישע פּאַפּירן באַזייטיקן דאָס צוגעלייגטע פּאַפּירל, אַז איך בין אַ פּאָליטישער פֿאַרדעכטיקטער. צוליב דעם איז ער עקסטרע געקומען פֿון לובלין קיין פּיעטרקאָוו. דערנאָך האָב איך באַקומען די פּאַפּירן אויף מיינע אייגענע הענט און אַליין געדאַרפֿט זיך צושטעלן קיין יוריעוו (דאָרפּאַט) צו מיין באַשטימטן פּאָלק, וואו כ׳האָב געזאָלט דורכמאַכן מיין מיליטער־דינסט.

דער מאַכער האָט זיך מיט מיר באַדונגען אויף 1,000 רובל, אַז ער וועט מיך אינגאַנצן באַפֿרייען. 500 רובל האָט ער גענומען אין מזומן און די אַנדערע 500 רובל אין וועקסלען, וואָס עס האָט אים געגעבן מיין באַלעבאָס, מאַריץ נייפֿעלד.

מיט מיינע פּאַפּירן בין איך געפֿאָרן ביז וויניצע. דאָרט האָט מיך דער „מאַכער" אָפּגעוואַרט אין אַ האָטעל. ער האָט פֿון מיר צוגענומען די פּאַפּירן און געהייסן מיר פֿאָרן קיין לובלין אָדער אין אַן אַנדערער שטאָט און צוּוואַרטן דאָרט, ביז ער וועט מיר צו וויסן געבן, אַז איך בין פֿריי. אויף מיין פּלאַץ איז געגאַנגען דינען אַן אַזוי גערופֿענער „מלאך"... זיין נאָמען האָב איך זיך קיינמאָל נישט דערוואוסט. געזען האָב איך אים אין איינציק מאָל אין וויניצע, אין קאָרידאָר פֿון האָטעל. שפּעטער האָבן מיר דערציילט טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן געדינט אין יאָריעוו אַז זיי האָבן געדינט מיט אַ געוויסן רפֿאל פּעדערמאַן, וועלכער איז געווען אַ וויסטע קאַליקע און איז גלייך באַפֿרייט געוואָרן פֿון פּולק.

## איך ווער מיין מאַמעס שדכן

דורך דער צייט, וואָס מיין „מלאך" האָט געדאַרפֿט דינען, האָב איך געמוזט זיין אויסבאַהאַלטן אין אַ פֿרעמדער שטאָט, וואו איך האָב נישט קיין באַקאַנטע. איך בין געווען אַ שטיקל צייט אין וואַרשע, אָבער לאַנג האָב איך דאָרט נישט געקאָנט בלייבן, ווייל צופֿיל טשענסטאָכאָווער זיינען געקומען אַהין; אייניקע מאָל בין איך געווען ביים „מאַכער" אין שטוב אין לובלין. ביז איינמאָל איז מיר איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק צו באַזוכן מיינס אַן עלטער־פֿעטער, וועלכן איך האָב לחלוטין נישט געקענט, אָבער וועגן וועלכן איך האָב אָפּט געהערט רעדן ביי אונדז אין שטוב. דאָס איז געווען מיין פֿאָטערס אַ פֿעטער, דוד פֿעדערמאַן. ער איז געווען אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט און האָט אין רוסלאַנד חתונה געהאַט. צוליב דעם איז ער געוואָרן אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער פֿאַמיליע און ער איז קיינמאָל צו אונדז נישט געקומען. ער האָט זיך באַזעצט אין אַווגוסטאָוו און דאָרט געוואָרן אַ פֿעלדשער.

נאָך אייניקע טעג זיין ביי אים, האָב איך אים דערציילט וועגן פֿריצייטיקן טויט פֿון מיין פֿאָטער, וועגן די פֿאַרבליבענע קינדער און וועגן דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פֿון אונדזער פֿאַמיליע. ער האָט זיך פֿאַר מיר אויך באַקלאָגט אויף זיין איינזאַמקייט. זיין פֿרוי איז ערשט נישט לאַנג געהאַט געשטאָרבן, זיינע צוויי טעכטער זיינען געווען פֿאַרהייראַט; איינע איז געווען אין אַמעריקע און די צווייטע אין כאַרקאָוו. אין פּרנסה דווקא — האָט ער דערציילט — גייט אים נישט שלעכט, ער האָט פֿון כל טוב. ביי די פּויערים איז ער אַ דאָקטאָר און אויך די יידן האַלטן פֿון אים שטאַרק. אין זיין רעדן האָב איך דערפֿילט אַ טאָן פֿון בענקשאַפֿט צו אַ פֿאַמיליע־לעבן און תוך כדי דיבור איז מיר אַדורך אַ געדאַנק: מיין עלנטע, שטענדיק וויינענדיקע מוטער... וואָס וועט זיין פֿון איר דער תכלית?... אפשר בין איך דער שליח... אפשר וועט מיין מוטער ווערן אויס אלמנה... דער פֿעטער הייסט דעם זעלבן נאָמען... יאָ, עס איז אַן איינפֿאַל.

פֿאַרן פֿאַרלאָזן דעם פֿעטער, האָב איך שוין אָפֿן מיט אים גערעדט וועגן דעם, וואָס מיר איז איינגעפֿאַלן און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז ווי נאָר איך וועל זיך דורכרעדן מיט מיין מאַמען, זאָל איך אים שיקן אַ טעלעגראַמע און ער וועט קומען קיין טשענסטאָכאָוו.

אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען איך האָב באַקומען

אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל קומען קיין ווינֿיצע, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז מיין „מיליטער־דינסט" האָט זיך שוין געענדיקט און איך בין אַ פרייער מענטש. אין ווינֿיצע האָב איך באַקומען מיין באַפרייאונגס־בילעט און איך האָב מיך געלאָזט אָפשערן ווי אַן אמתער פּאָניע, פֿאַרלאָזט זיך וואָנסעס, אָנגעטאָן אַ פּאָר שטיוול און געפֿאָרן מיט מיין סאָלדאַטסקע פּעקל קיין טשענסטאָכאָוו. אַלע מיינע פריינט און באַקאַנטע, ווען זיי האָבן מיך דערזען, האָבן געזאָגט: „זעט, וואָס אייניקע וואָכן דינען ביי די זעלנער קאָנען פון אַ מענטש מאַכן! די קאַזאַרמע לייגט אַ שטעמפּל אויפן פּנים..."

דאָס איז געווען יאַנואַר 1914.

כ'בין אַהיימגעקומען אַ באַפרייטער פון מיליטער און מיט דער מיסיע חתונה צו מאַכן מיין מאַמען. כ'האָב באַלד פֿאַראינטערעסירט די גאַנצע פאַמיליע אין דעם דאָזיקן ענין, געמאַכט אַזוי צו זאָגן אַ „פאַמיליע־באַראַטונג". איך האָב צוזאַמענגערופן די שוועסטער, ברידער, מיין מומע הינדע סטאַשעווסקאַ, מיין מאַמעס שוועסטער פון פּיעטרקאָוו, מיין פעטער שלום פעדערמאַן, מיין פאָטערס ברודער. כ'האָב מיט אַלעמען אַדורכגערעדט וועגן שידוך פאַר מיין מאַמען און אַלע האָבן צוגעשטימט, אַז ס'איז אַ גלייכע זאַך. אין אייניקע וואָכן אַרום איז אויף מיינס אַ טעלעגראַם געקומען צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו דער פעטער דוד פעדערמאַן, און — מיין מאַמע האָט למזל צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט. אינטערעסאַנט, אַז מיין מאַמע האָט איר צווייטען מאַן קיינמאָל נישט גערופן ביים נאָמען, נאָר „פעטער". אירע ווענדונגען צו אים זיינען געווען אין דער דריטער פּערזאָן: „זאָל דער פעטער גיין", „זאָל דער פעטער טאָן", און אַזוי ווייטער.

מיין מוטער האָט פֿאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און אין אונדזער הויז זיינען בלויז געבליבן מיין ברודער זלמן, מיין שוועסטער צירל און איך. אין אייניקע חדשים אַרום איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

## אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

טשענסטאָכאָוו איז באַלד אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. מיר זיינען דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה געבליבן אויף אונדזערע אַרבעטס־פּלעצער. מיין שוועסטער צירל האָט געפירט די ווירטשאַפט. דאָס לעבן איז געוואָרן פון וואָך צו וואָך אַלץ שווערער. די אַרבעטער אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן און עס זיינען אַנטשטאַנען פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען. די עקזיסטירנדיקע ראַכיטישע פּראָפ. פֿאַראיינען אין דער צייט פון צאַריזם האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אַ רירעוודיקע טעטיקייט. אַרום די פֿאַראיינען האָט זיך אָרגאַניזירט אַ געוויסע הילפס־אַרבעט, ווי אַ טיי־האַלע פאַר אַרבעטער און גלייכצייטיק דערמיט האָט אָנגעהויבן אויפצושפּראָצן דאָס פּאָליטעש לעבן. איך האָב מיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער דאָזיקער אַרבעט. הגם אָפּגעריסן פון דער איבעריקער וועלט, האָט מען פונדעסטוועגן געהאָפט אויף דער רעוואָלוציע, וואָס ס'וועט קומען נאָך דער מפּלה פון צאַריזם.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, אַ בילדונגס־פֿאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער. די צעשטויבטע געוועזענע ס. ס.־אָווצעס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און עס האָט צוריק אויפגעלעבט די אָרגאַניזאַציע. ווען וואַרשע איז שוין געהאַט גענומען געוואָרן דורך די דייטשן, האָבן מיר געזוכט אַ קאָנטאַקט און אויף אַ פּאַסיר־שיין פון אַ פֿאָרשטאָט אין וואַרשע האָב איך זיך אַריינבאַקומען דאָרט אַהין און זיך באַלד געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט חבר שלמה זוסמאַן, וועלכער איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ס. ס.־ישער פּאַרטיי אין וואַרשע.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען אין יענער צייט פֿאָרגעקומען וואַלן צום שטאָטראַט לויט אַ קוריע־סיסטעם. די ס. ס.־ישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן. די קאַנדידאַטן האָבן געמוזט אַלט זיין נישט ווייניקער פון 30 יאָר און היות אַזעלכע חברים איז שווער געווען צו געפינען האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו סימפּאַטיקער אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן ווען עס איז אַמאָל געהאַט אַ שטיקל שייכות מיט דער פּאַרטיי. מיר האָבן דאַן דורכגעפירט אַלע פיר קאַנדידאַטן אין דער זעקסטער קוריע: שלמה האָראָוויטש, אַ געוועזענער האַנדלס־אָנגעשטעלטער, דוד טאַרבעטשקאָ, אַ פעלדשער, צו דער פּאַרטיי קיינמאָל נישט געהערט, ישעיה נירענבערג און ליפּשיץ, געווען אַמאָל אַ טעריטאָריאַליסט. גייענדיק צו די שטאָט־וואַלן איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען צו פֿאָרמולירן אַ פּלאַטפאָרם, מיט וועלכן מיר זאָלן קומען צו די מאַסן, וואָרעם מיר זיינען נישט געווען פֿאַרבונדן מיט וואַרשע. מיר האָבן דעריבער גענומען די פּלאַטפאָרם פון לאָדזשער „בונד" און צוגעגעבן אַ פּונקט וועגן עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע און דאָס איז געוואָרן די פּלאַטפאָרם פון ס. ס.

די געשיכטע פון דער ס. ס. אין טשענסטאָכאָוו איז רייך אין אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן. צום סוף פון דער מלחמה, ווען עס איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז ווילהעלם דער 2טער האָט אַבדיקירט, האָב איך אויף שנעל צונויפגערופן דעם אַקטיוו פון דער ס. ס.־ישער אָרגאַניזאַציע און אויך צו וויסן געגעבן די אַלע אַנדערע עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, ווי „בונד" און „פועלי ציון". איך האָב פֿאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַ בשותפותדיקע דעמאָנסטראַציע איבער דער שטאָט. דער פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. ס'איז געווען אין אָוונט. די יידישע אַרבעטער זיינען געווען די ערשטע, וועלכע זיינען מיט רויטע פענער אַרויס אין גאַס און דעמאָנסטרירט פאַרן נצחון פון דער דייטשער רעוואָלוציע און פאַרן אומאָפּהענגיקן פּוילן.

די דייטשע פּאַטרולן, וואָס האָבן נאָך געשפּאַצירט אין די גאַסן, האָבן פון גרויס איבעררעשונג מאָמענטאַל נישט רעאַגירט, אדרבה — זיי האָבן מיט גרויס דרך־ארץ סאַלוטירט און אָפּגעגעבן כבוד דער דעמאָנסטראַציע. דערפאַר אָבער האָבן דאָס נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די פּוי־

לישע כוליגאַנישע סטודענטלעך, וועלכע האָבן זיך מיט גרויס כעס געוואָרפן אויף די יידישע דעמאָנסטראַנטן און זיי צעטריבן. מיט גרויס מסירת נפש זיינען די רויטע פּע־נער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אייניקע חברים און חברטעס זיינען דערביי שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. צומאָרגנס זיינען די פירער פון די אָרגאַניזאַציעס געזוכט געוואָרן דורך דער דייטשער געהיים־פּאָליציי.

זייענדיק איבערגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט, וואָס איז אין יענעם מאָמענט געווען זייער וויכטיק, האָב איך אונטער דער ווירקונג פון ד״ר יוסף קרוק פאַר־לאָזט מיין שטעלע אין אַפּטייק־סקלאַד און איבערגענומען די אָנפירונג פון דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער באַוועגונג. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז געוואָרן דער אינהאַלט פון מיין לעבן און כ׳האָב אַבסאָלוט פאַרוואָרפן דעם געדאַנק פון אַ פאַמיליען־לעבן. די עלטערן פון מיין כלה איז מיין נייע באַשעפטיקונג נישט געפעלן געוואָרן און פון מיין זייט האָב איך זיך אויך געשראָקן פאַר די פליכטן פון אַ פאַמיליען־מענטש. האָב איך אין אַ שיינעם העלן טאָג צוריקגעשיקט די תנאים. מיין כלה האָט אין אַ קורצער צייט אַרום חתונה געהאַט און איז אָפּגעפאָרן קיין פּיעטערקאָוו. אין טאָג פון דער חתונה איז זי געקומען צו מיר זיך געזעגענען. מיר האָבן זיך זייער פריינדלעך געזעגנט, איך האָב זי באַגלייט פון שטוב אַרויס מיט אַ בוקעט בלומען און מיר זיינען געבליבן גוטע פריינד. נאָך 30 יאָר האָבן מיר זיך ווידער אַמאָל געטראָפן אין באָסטאָן. זי איז אַ מאַמע פון דריי דערוואַקסענע געראָטענע קינדער. זי איז לעצטנס געוואָרן אַן אַלמנה.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיין מוטער מיט איר מאַן, דוד פעדערמאַן, וועלכער איז געהאַט מיט־געגאַנגען מיט דער רוסישער אַרמיי אין טיף רוסלאַנד, צוריקגעקומען קיין אַווגוסטאָוו. זיי האָבן געהאַט דורכגע־מאַכט די רוסישע רעוואָלוציע, אַ סך זיך אָנגעליטן, אָבער סוף כל סוף צוריק זיך אומגעקערט אין שטעטל אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן.

איך בין געווען אַריינגעטאָן אין געברויז פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין נייעם, זעלבסטשטענדיקן פּוילן, איך האָב מיינע פּאַרטייאישע פליכטן דורכגעפירט מיט אָנגעשטרענגטער ענערגיע. די ס. ס.־ישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו, מיט אירע פאַרצווייגטע אינסטיטוציעס האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן. אויף מיר איז אויסגעפאַלן צו זיין דער פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע, פאָרטרעטער אין אַרבעטער־ראַט, ראַטמאַן און סעקרעטאַר אין שטאָט־ראַט, פאָרטרעטער אין די הויפּט־קאָמיסיעס ביים מאַ־גיסטראַט; איך פלעג אַרויסטרעטן אויף אַ סך פאַרזאַמ־לונגען, און האָב זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע קאַמ־פּאַניעס.

די אָרגאַניזאַציע ס. ס. אין אונדזער שטאָט אָדער ווי מ׳האָט זי שפּעטער גערופן: „די פאַראייניקטע", איז געווען די רירעוודיקסטע אָפּטיילונג פון דער פּאַרטיי אין לאַנד. זייער גערן פלעגן דעריבער די פאָרשטייער פון צענטראַלן קאָמיטעט קומען קיין טשענסטאָכאָוו. אַלע אַן אויסנאַם האָבן באַזוכט אונדזער שטאָט און טאַקע געטראָפן דאָרט די וואַרעמסטע אַטמאָספער. עס האָבן אונדז באַזוכט אין יענער צייט: ש. זוסמאַן, גילינסקי, יעקב פּאַט, יצחק גאָרדין, בערל גוטמאַן, לעאָן פייגנבוים, ד״ר יוסף קרוק, פּיניע בוקסהאָרן, מענדלסבערג, וויקטאָר פישמאַן, גוטע מאַרגאָליס, ד״ר אייגער, איסר גאָלדבערג, ש. באָסטאָמסקי, יאַנקעלע דאַנציגער, האַלפּערן, חיים ראָזענבעסט, גייסט און אַנדערע. אין דעם בליאונגס־פעריאָד פון דער פּאַרטיי איז אויסגעפאַלן דער 1טער שול־צוזאַמענפאָר, וואו די „פאַראייניקטע" האָבן זיך באַטייליקט מיט אַן אָנזעעוודי־קער פראַקציע. פון טשענסטאָכאָוו איז געקומען אַ היפּשע צאָל דעלעגאַטן. ווען די פּאַרטיי האָט איבערגעלעבט דער־נאָך איר אידעאישן קריזיס, זיינען זייער פיל אַוועק צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צום „בונד". טשענסטאָכאָוו האָט זיך אָבער געהאַלטן צום שטאַרקסטן און דאָס אַ דאַנק דער פערזענלעכער השפעה פון ד״ר יוסף קרוק, „דעם טשענסטאָכאָווער"... די דיסקוסיעס אַרום דעם קריזיס זיי־נען געווען זייער הייסע.



די פראַקציע „פאַראייניקטע" אויפן 1־טן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע

חברטע גוטע איז צום ביישפּיל געווען פאַרליבט אין טשענסטאָכאָוו, דאָס הייסט, אין די מענטשן פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע. ווען זי האָט זיך געוואָלט אָפּרוען און שעפּן מוט, איז זי געקומען קיין טשענסטאָ־כאָוו. זי האָט זיך פאַמיליאַריש איינגעלעבט מיט די טשענ־סטאָכאָווער חברים. איך בין דעמאָלט געווען קעגן אַריינ־טרעטן אין „בונד" און איך האָב זיך אויסגעדריקט אין אַ דיסקוסיע, אַז דער „בונד" איז אַן אידעאישער חומר. חברטע גוטע איז דעמאָלט אויפגעשפּרונגען און מיט אַ קלאַפּ אין טיש האָט זי מיך גערופן צו אָרדענונג, „דרך ארץ דאַרף מען האָבן פאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט הינטער זיך אַזאַ רייכע פאַרגאַנגענהייט!" — האָט זי אויסגעשריגן.

אויב דאָס וואָרט „גליק" איז אַ רעאַליטעט, איז דאָס געווען מיין גליקלעכסטער פעריאָד אין לעבן. איך האָב

געפונען פּולקאָמע באַפרידיקונג אין מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין ווירדיקן קאַמף פאַר מענטשלעכע רעכט פאַר מיין פאָלק.



פון רעכטס צו לינקס: רפאל פעדערמאַן, גוטע מאַרגוליס, אסתר פוקס, שאול לאַנדוי, חיה וואַגאַ און רייזעלע פּייערטאַג (בערקענשטאַט)

די באַוועגונג האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און שטייגן און איך צוזאַמען מיט איר. מיר האָבן זיך גענויטיקט אין נייע, יונגע מענטשן; מיר האָבן געדאַרפט האָבן לערער פאַר אונדזערע שולן, פּראָפעסיאָנעלע טוער אין די פאַראיינען. מיר האָבן די דאָזיקע מענטשן געזוכט אומעטום, צווישן דער שטודירנדער יוגנט, צווישן די אַרבעטער ביי די מאַשינען. און פיל פון זיי אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. איינע פון זיי איז געווען אַ יונג בליענדיק מיידל. איר נאָמען איז געווען חיה וואַגע.

חיה וואַגע האָט מיט אַן אינערלעכער טיפער טרייִשאַפט גענומען זיך אַליין לערנען און גלייכצייטיק דאָס אַריבערטראָגן אין דער געשאַפענער קינדער־היים, אָדער קאָלאָניע און אין אַלע אַנדערע צווייגן פון דער באַוועגונג. פאַר די קינדער איז חיהלע געווען די לערערין „וואַגעלע". האָט מען געדאַרפט מוזיק פאַר די קינדער צו זייערע ריטמישע טענץ און געזאַנג האָט זי מוזיק געלערנט, האָט די אָרגאַניזאַציע זיך גענויטיקט אין אַ רעדנערין אויף אַ פרויען־פאַרזאַמלונג איז זי אַ רעדנערין געוואָרן, אָרדנט אין די אָרגאַניזאַציע אַ מאַסקן־באַל פאַר מאַטעריעלע צוועקן איז זי דאָ אויפן מאַסקן־באַל אין אַ מאַסקע און העלפט מיט דעם דערפאָלג פון אָוונט. ווען דער קעגנער רעדט און זי האַלט עס נישט פאַר ריכטיק, בלייבט זי נישט שולדיק מיט אַ צווישנרוף און דאַרף מען גיין אין אַ דעמאָנסטראַציע, רופט זי דערצו אַלעמען, אָבער זי איז אין די פאָדערשטע רייען. זי קריגט דעם צוטרוי פון דעם קליינוואַרג און פון די דערוואַקסענע. זי איז ביי אַלעמען געווען באַליבט. יעדער ווייס, אַז זי איז ערלעך און טריי דער אַלגעמיינער זאַך אין וואָס זי גלויבט און אַז זי טראַכט אַן צווייִדייטיקייטן. האָט מען חיהלען געזאָגט אַ שבח, האָט זי עס מיט צופרידנהייט אויפגענומען, אָבער דערביי זיך פאַררויטלט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. האָט מען איר אַן עוולה געטאָן איז זי אַוועק אין אַ זייט און נישט איינמאָל זיך צעוויינט. דער עיקר איז געווען אין איר אָנצוצינדן גלויבן און דאָס איז אָנגעקומען נישט שווער — האָט חיהלע אין דער אונטערגענומענער אַרבעט איר גאַנצע נשמה אַריינגעלייגט, נישט זאָגנדיק וועגן דעם קיין וואָרט.

אין ווירוואַר פון דעם דאָזיקן קאָכיקן לעבן האָב איך פונדעסטוועגן נישט איינמאָל דערפילט, אַז איך בין פאַראיינזאַמט. מיין עלטערער ברודער זלמן האָט חתונה געהאַט, מיין יינגסטע שוועסטער צירל (צעשע), וועלכע האָט מיך צום בעסטן פאַרשטאַנען און איז געווען שטאָלץ מיט מיין טעטיקייט, און צו וועלכער איך בין געווען צוגעבונדן מיט אַלע פעדעם פון משפחה־געפיל האָט זיך אויך אָפּגעזוכט אַ יונגנמאַן און מיט אים חתונה געהאַט. דאָס איז געווען מיכאל אַלטער, אַ לאַנג־יאָריקער איבערגעגעבענער טוער אין דער ס. ס.־ישער באַוועגונג. איך האָב מיך מיטאַמאָל דערפילט איינער אַליין. מיין איינזאַמקייט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן מיט דער נאָנטער פריינדשאַפט צו חיהלען.

די באַוועגונג „פאַראייניקטע" איז זיך צעוואַקסן. די יידישע פאָלקס־שולן האָבן זיך געפונען אויף די גאַסן קרוטקע און סטראַזשאַצקע. דער לערער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון אייניקע לערער, וועלכע די צישאָ האָט צוגעשיקט. צווישן זיי זיינען געווען: יוזשע שטאָם, טערעניע פייגענבלאַט, רייזעלע בערקענשטאַט, יוכבד זוסמאַן, ראָזע קאַנטאָר־ליכטענשטיין, מאַשע קאַלאַבוס, מילמאַן, איטקע לאַזאַר, מינע וויסבערג, קרול, פאַליע און מאַניע פרידמאַן, רבקה צוקער און אַנד.

דער פּערסאָנאַל אָנגעשטעלטע פון אַלע עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס ביי די „פאַראייניקטע", ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע, האָט געציילט פון 25 ביז 30 פּערזאָן. ס'האָט זיך געשאַפן אַ יידיש־וועלטלעכע סביבה. די לערער און די לערערקעס, וועלכע זיינען געווען יונג און באַגאַבט, האָבן נישט קוקנדיק אויף די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, געשאַפן אַ וואַרעמע משפחה אַטמאָספער און זיי האָבן זיך מיטבאַטייליקט אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך בין דעמאָלט קראַנק געוואָרן, מען האָט מיך אָפּערירט און מיין לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. מיינע חברים און חברטעס, איבערהויפּט אָבער חיהלע און רבקה צוקער — ביידע חברטעס — האָבן מיך געפלעגט און זיינען פון מיין בעט נישט אָפּגעטרעטן.



רבקה צוקער

ווען איך בין געזונט געוואָרן, האָב איך אַ לאַנגע צייט געמוזט אָפּרוען און נישט געטאָרט אָנטיילנעמען אין קיין שום געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך בין דעמאָלט

מיט רבקהן גאָר נאָענט באַפריינדעט געוואָרן, און מיר האָבן חתונה געהאַט אין וואַרשע אין 1922 יאָר.

## איך טרעט אַריין אין „בונד“

אין דעם זעלבן יאָר זיינען פאָרגעקומען וויכטיקע פאַסירונגען אין פאַרטיי־לעבן. די „פאַראייניקטע“ האָבן זיך געהאַט פאַראייניקט מיט דראַבנערס סאָציאַליסטישער גרופּע און פאַרמירט די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פאַרטיי. די פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב זיך באַטייליקט אין אַלע קאָנפערענצן, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך דער פאַראייניקונג. עס זיינען דעמאָלט אויך פאָרגעקומען וואַלן צום סיים און מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אַז אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָן וועלן מיר דורכפירן ד״ר יוסף קרוק, וועלכער איז געווען דער ערשטער קאַנדידאַט אויף דער ליסטע.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קרוק איז נישט דורכגעגאַנגען. דערפאַר האָבן די אַנגעצויגענע שטימען אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָן דערפירט דערצו, אַז ס׳איז דורכגעפאַלן דער קאַנדידאַט פון דער יידישער קאָלאָ, פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן. דער פעפּעסישער טוער זשולאַווסקי האָט וועגן דעם דורכפאַל פון די „אומאָפּהענגיקע“ דערנאָך געזאָגט אַ וויץ אויף אַ מיטינג, אַז „ווען בלויז זיינע געליבטע וואָלטן פאַר אים געווען געשטימט, וואָלט ער אַלץ אַנגעצויגן מער שטימען ווי די גאַנצע פאַרטיי „אומאָפּהענגיקע“.

נאָך בעת דער פאַראייניקונג מיט די דראַבנעראָווצעס האָב איך פאַרטרעטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז די פּונקטן פון דעם פאַראייניקונגס־פּראָיעקט, אין וועלכן ד״ר קרוק און זיינע אַנהענגער האָבן אַנגעוויזן, אַז „צענטראַליזירטע עמיגראַציע און קאָנצענטרירטע קאָלאָניזאַציע איז — טעריטאָריאַליזם“, זיינען נישט דער עיקר פון פּראָגראַם. ביי דער וואַל־קאַמפּאַניע גופא, איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן פאַר אַ גרויסן יידישן עולם אין קראָקע, וואו עס האָט געהאַלטן די הויפּט־רעדע, אויף פויליש, ד״ר דראַבנער. אין זיין פאָרמולירונג פון דער וואַל־פּלאַטפאָרמע האָט ער אַרויסגעוויזן ווי ווייט ווינציק ער איז באַהאַוונט אין דער יידן־פראַגע. אים האָט אָפּגעענטפערט זייער געלונגען חבר דעמביצער. זיין רעדע איז געווען אַזוי צעשמעטערנדיק, אַז איך בין געווען געצוואונגען אַרויפצוקומען אויף דער טריבונע און אָפּגעבן אַ דערקלערונג, אַז די פאָרמולירונג פון ד״ר דראַבנער איז געווען נישט פּינקטלעך און אַז דאָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון נישט זיין באַהאַוונט אין דער יידישער פראַגע.

ס׳האָט מיך נאָך מער איבערצייגט, אַז די פאַראייניקונג האָט פאַקטיש געהאַט נאָר אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן ציל, ווייט פון וועלכער עס איז טעריטאָריאַליסטישער אידעאָלאָגיע.

פאַר מיר פּערזענלעך איז דאָס געווען אַן איבערברוך אין מיין אידעאישער אַנטוויקלונג וואָס האָט דערפירט צו מיין אַריינטריט אין „בונד“.

אין אַ געדריקטער שטימונג בין איך אַהיימגעפאָרן פון דעם דאָזיקן מיטינג. איך האָב זיך באַלד געזען מיט די חברים אין טשענסטאָכאָוו און האָב זיי דערקלערט, אַז איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון דער פאַרטיי.

אויף אַן אָפיציעלער זיצונג פון דעם שטאָטישן קאָלעקטיוו פון דער אומאָפּהענגיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געדויערט אייניקע שעה, האָב איך אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכע דערקלערונג וועגן מיין אַרויסטריט פון דער פאַרטיי און מיין איבערגאַנג צום „בונד“. מיט מיר זיינען מיטגעגאַנגען אייניקע אַקטיווע חברים, ווי: רייזל און משה בערקענשטאַט און אַנדערע. עס איז געווען אַ פיינלעכער מאָמענט אין מיין לעבן. עס האָט געדויערט אייניקע חדשים, ביז איך בין געוואָרן אַקטיוו אין „בונד“. די חברים, מיט וועלכע איך בין געווען געקניפּט און געבונדן אין דער אַרבעט, האָבן געפּרואווט פועלן ביי מיר, אַז איך זאָל נישט אַריינטרעטן אין „בונד“ און בלייבן ביי דער אַרבעט אין די קולטור־אינסטיטוציעס.

מיין ערשטער אַרויסטריט פאַרן „בונד“ איז געווען אויף אַ מיטינג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן מיטן חבר בערל גוטמאַן צוזאַמען, וועלכער איז נאָך מיט אַ צייט פריער געהאַט אַריינגעטרעטן אין „בונד“. מיין דערקלערונג וועגן אַריינטריט אין „בונד“ איז פאָרגעקומען ביי אַ באַנקעט, אויף וועלכן עס איז געווען חבר הענריק ערליך. ס׳איז געווען פאַר מיר איינער פון די געהויבנסטע מאָמענטן אין מיין לעבן. כ׳האָב געפילט, אַז איך האָב זיך באַפרייט פון די אוטאָפּישע אידעען פון א. ג. טעריטאָריאַליזם, וואָס האָט זיך נישט געפּאָרט מיט דער אידעע פון סאָציאַליזם.

ביים איבערגעבן אַלע מאַנדאַטן, האָט די פאַרטיי „אומאָפּהענגיקע“, פונדעסטוועגן נישט פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל אויפגעבן מיין מאַנדאַט אין שטאָטראַט אַלס ראַטמאַן. איך האָב וועגן דעם אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג אין שטאָטראַט און איך האָב מיך תיכף אָנגעשלאָסן אין דער בונדישער פראַקציע.

מיין צווייטער עפנטלעכער אַרויסטריט איז געווען צוזאַמען מיט ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי, וועלכער איז געקומען ספּעציעל פון בערלין צו דער טרויער־אַקאַדעמיע פון חבר וולאַדימיר מעדעם. די אַרבעט אין דער פאַרטיי איז פאַר מיר געווען אַ דערהויבונג. די אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן. ס׳זיינען צוגעקומען אייניקע אינטעליגענטע כוחות אין דער פאַרטיי, ווי: יצחק סאַמסאָנאָוויטש, זיגמונד עפּשטיין, ח. ווילטשינסקי און סימפּאַטיקער, ווי יאָאַכים מאַרקאָוויטש, אַדוואָקאַט לעווקאָוויטש, די לערער פון די שולן.

מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די „אַרבעטער צייטונג“. עס זיינען פאָרגעקומען אָפטע פאַרלעזונגען און מיטינגען. דורך מיין שטוב זיינען דורכגעגאַנגען די טוער פון דער פאַרטיי, די ח״ח הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, חיים וואַסער, גרשון זיבערט, אַרטור זיגעלבוים, מאַניעק

אַרזשעך, שרה שוועבער, וויקטאָר שולמאַן, יעקב פּאַט, ש. גילינסקי, ח׳טע דינה, ח׳טע היסטער, ד״ר אַלעקסאַנדראָוויטש, בוים, ד״ר עמנואל שרער, זיגמונט מושקאַט. עס איז דעמאָלט צוריקגעקומען פון בערלין חבר משה לעדערמאַן מיט זיין פרוי חיה פון בערלין. ער איז געווען אַ שוסטער־אַרבעטער ביים וואַרשטאַט, אַ מוסטער פון אַ בונדיסט. זיין געטרייקייט צום „בונד״ איז באמת געווען „אָן גרענעצן״. זיין שטוב האָט געאָטעמט מיט בונדיזם. מיר זיינען שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן און מ׳האָט אונדז שטענדיק געזען צוזאַמען, אַזוי אַז חברים האָבן אָפּטמאָל פאַרביטן אונדזערע נעמען: מיך האָט מען גערופן לעדערמאַן, און אים — פּעדערמאַן. דערפאַר האָט מען אונדז אָנגעהויבן רופן מיט די ערשטע נעמען: מיך: ח׳ רפאל און אים: ח׳ משה.

אין דער פּאַרטיי איז אויך אַריינגעטרעטן דער פליישער־אַרבעטער ישראל יאַראַנאָווסקי, אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון די „פּאַראייניקטע״־„אומאָפּהענגיקע״ נישט קוקנדיק אויף זיין פאַך איז ער אויסגעוואַקסן איינער פון די באַוואוסטזיניקסטע אַרבעטער. ער איז געווען ערלעך אין דער אַרבעט און איבערגעגעבן דער אַרבעטער־זאַך מיט דער גאַנצער נשמה. אין שפּעטערדיקע יאָרן איז ער געוויילט געוואָרן אַלס פרנס אין דער יידישער קהילה און פאַרנומען מיין אָרט אַלס פאַרזיצער פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״.

איך האָב זיך באַטייליקט אין אַלע צענטראַלע קאָנפערענצן פון דער פּאַרטיי און אין אַלע צווייגן פון דער באַוועגונג. ביי די וואַלן צו די קהילות האָט די אָרגאַניזאַציע דורכגעפירט צוויי ראַטמענער, אהרן פּרץ און מיך. די אַרויסטרעטונגען אין דער קהילה האָבן די אָרגאַניזאַציע געשטעלט פנים אל פנים אין קאַמף מיט די יידישע כלי קודש. צענדליקער פאַרשלאָגן האָבן מיר דאָרט אַריינגעטראָגן און מיר האָבן זיך דערוואָרבן גרויס סימפּאַטיע ביי דער יידישער באַפעלקערונג. די פרנסים פון די קעגנערישע פּאַרטייען האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צו אונדזערע רייד, הגם דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. אין דער קהילה האָב איך זיך געטראָפן מיט שמואל גאָלדשטיין, וויקטאָר אַלטער איז געווען זיין פעטער, אַ ייד אַ למדן, אַ קלוגער. ער האָט פאַרטרעטן די „מזרחי״, וועלכע האָט עקשנותדיק באַקעמפט אַלע פּאַרטייען אָבער אַמשאַרפסטן דעם „בונד״. הרב ר׳ נחום אַש, אַ הדרת פנים, וועלכער האָט בייגעוואוינט די זיצונגען פון קהילה־ראַט האָט פּרינציפּיעל באַקעמפט דעם „בונד״, אָבער אויף אַ העכסט קולטורעלן אופן. און איך מוז מודה זיין, אַז הגם איך האָב אין דער קהילה באַקעמפט דעם בודזשעט פאַר די רעליגיעזע הצטרכותן, האָב איך קיינמאָל נישט געקענט פועלן ביי זיך נישט אויפצושטעלן זיך צוזאַמען מיט אַלע פרנסים ביי זיין אַריינקומען צו דער זיצונג. פאַר מיין פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו קיין פּאַריז, ביים געזעגענען זיך האָט ער געפונען פאַר נייטיק מיר צו געבן זיין אָנגעשריבן ספר מיט אַ געהעריקע עדוקאַציע־אויפשריפט. אין דער קהילה זיינען געווען פאַרטרעטן אַלע יידישע פּאַרטייען ווי „מזרחי״, „אגודת ישראל״. דער פירער פון זיי איז געווען פּאַגעל. אַלגעמיינע ציוניסטן — די פירער זיינען געווען קאַץ און נימיעראָווסקי; די האַנטווערקער — דער פירער איז געווען אַברהם דויאַלאָווסקי, דער געוועזענער „עסדעק״.

פאַר דער צייט פון אומאָפּהענגיקן פוילן זיינען פאַרגעקומען אייניקע מאָל וואַלן סיי צום שטאָט־ראַט, סיי צו דער קהילה. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט יעדעס מאָל באַקומען אַ גרעסערע צאָל שטימען.



חיה שרה׳לע
פּעדערמאַן

נישט קוקנדיק אויף דעם וואוקס פון דער אָרגאַניזאַציע, איז די מאַטעריעלע לאַגע מיינע ווייט נישט געווען קיין באַפרידיקנדיקע. מיין איינציק קינד, חיה־שרהלע, וועלכע האָט זיך דערצויגן אין דער פּרץ קינדערהיים, איז געווען גאָר אַ געראָטן קינד און איז געווען די פרייד אין לעבן פון טאַטע־מאַמע. אַלע חברים, וועלכע האָבן באַזוכט טשענסטאָכאָוו האָבן זי שטאַרק ליב באַקומען. עס איז נישט געווען קיין איין מאָל, ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע, אַז ביינוש מיכאַלעוויטש אָדער הענריק ערליך זאָלן מיך נישט דערמאָנען אָן אַ לידל פון מיין טייער טעכטערל, מיט וועלכער זיי האָבן האַרציק געשפּילט.

ווען מיין פרוים שוועסטער תירצה, איז געקומען פון פּאַריז צו גאַסט קיין טשענסטאָכאָוו און האָט געזען אונדזער ראַנגלעניש פאַרן עקסיסטענץ, האָט זי אונדז שטאַרק צוגערעדט, אַז מיר זאָלן זיך באַזעצן אין פּאַריז.

## פּילסודסקיס פּאַרטיי נעמט איבער די קראַנקן־קאַסע און איך בין געצוואונגען צו פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו

איך האָב דעמאָלט געאַרבעט זינט צוויי יאָר, אַלס באַאַמטער אין דער קראַנקן־קאַסע אין דער אָפּטיילונג „פאַרזיכערונג פאַר די גייסטיקע אַרבעטער״ (אָנגעשטעלטע). מיין ביוראָ איז געוואָרן די ביוראָ פון דער אָרגאַניזאַציע. ווען עס איז געקומען צו דער מאַכט די א. ג. סאַנאַציע און אַלע סאָציאַליסטישע עלעמענטן זיינען פון דאָרט אויף אַ ווירקלעכן אופן באַזייטיקט געוואָרן, בין איך אויך געפאַלן אַ קרבן, ווייל כ׳האָב זיך אַנטזאָגט אונטערצושרייבן אַ לאָיאַליטעט־דעקלאַראַציע צום פּילסודסקי־רעזשים. איך בין געוואָרן אַרבעטסלאָז און געווען געצוואונגען מיין פרוי און קינד אַוועקצושיקן קיין פּאַריז.

מיין טעכטערל חיה־שרהלע האָט אין פּאַריז אָנגעהויבן צו באַזוכן די שול און די מוטער האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיטן קינד. האָב איך אויך געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן פאַרלאָזן פוילן און זיך באַזעצן אין פּאַריז.

איך קאָן נישט פֿאַרבייגיין און נישט דערציילן, אַ פֿאַקט, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן אין טשענסטאָכאָוו אין דער צייט פֿון דער סאַנאַציע־הערשאַפֿט און וואָס האָט דעמאָלט אויפֿגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט.

אַן אַלטער פּעפּעסאָוויעץ, אַ געטרייער פּאַרטיי־טוער מיטן נאָמען יאַן קאָשטשעוואַ, וועמענס היים איז שטענדיק געווען אין לאָקאַל פֿון פּעפּעסישן קלוב, האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק איבערטראָגן דעם פֿאַקט, וואָס די סאַנאַציע־לייט, צוזאַמען מיט די געוועזענע נ. פּ. ר.־ישע טוער, האָבן אין זייער ווילדער וואַקכאַנאַליע דעמאָלירט דעם פּעפּעסישן פּאַרטיי־לאָקאַל און עפֿנטלעך געשענדעט די רויטע פֿענער אויפֿן מאַגיסטראַצקע פּלאַץ. דאָס איז פֿאָרגעקומען אין דער זעלבער צייט, ווען עס זיינען באַזייטיקט געוואָרן אַלע פּעפּעסישע מיטגלידער פֿון דער קראַנקן־קאַסע. ער האָט אָן וויסן פֿון זיין פּאַרטיי זיך אַריינגעריסן אין דער פּרעכטיק־אויסגעבויטער קראַנקן־קאַסע געביידע, ווען ס'איז גראָד פֿאָרגעקומען אַ זיצונג פֿון די סאַנאַציע־טוער און מיט זיין רעוואָלווער דערשאָסן כמעט אַלע אָנוועזנדע אויף דער דאָזיקער זיצונג, אין סך־הכּל 6 מאַן, צווישן זיי דעם קאָמיסאַר און עטלעכע העכערע באַאַמטע פֿון דער סאַנאַציע, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. מיט דער זיבעטער קויל האָט ער זיך אַליין דערשאָסן.

קאָשטשעוואַ אַליין איז געווען וואָזשני (פּאָרטער) פֿון שטאָטישן היגיענישן מוזעאום, און דאָרט האָט ער געוואוינט. ער האָט איבערגעלאָזן אַ צעטעלע ביי זיך אין שטוב מיט אַ פּאָר צענדליק אָפּגעשפּאָרטע זלאָטעס, וועלכע ער האָט געבעטן איבערצוגעבן אויף צו רעמאָנטירן דעם פּאַרטיי־לאָקאַל און זיינע ביכער האָט ער באַשטימט פֿאַר דער ביבליאָטעק פֿון קלוב.

די פּעפּעסישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאַן אָפּגעגרענעצט פֿון דעם דאָזיקן אַטענטאַט, הגם די רעפּרעסיעס קעגן דער פּ. פּ. ס. האָבן זיך געשאָטן פֿון אַלע זייטן. צענדליקער פֿון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן און קעגן צוויי אַרבעטער פֿון דער פּ. פּ. ס. האָט מען פֿאַרפֿירט אַ משפּט אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַטענטאַט און מ'האָט זיי פֿאַראורטיילט צום טויט. דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין זאַל פֿון טשענסטאָכאָווער שטאָטראַט. פֿאַרטיידיקט די דאָזיקע צוויי אומשולדיקע אַרבעטער האָט אַדוואָקאַט לודוויג האָניגוויל (אַ בונדיסט) און אַנדערע אַדוואָקאַטן. ערשט אין העכסטן געריכט איז זיי געלונגען אינגאַנצן צו באַפֿרייען. יאַן קאָשטשעוואַ, וועלכער האָט אויסגעפֿירט דעם אַטענטאַט, האָט דאָס זיכער געטאָן אויף אייגענער איניציאַטיוו. מען האָט געדאַרפֿט קענען דעם דאָזיקן מענטש. ער איז געווען אַ טיפּישער פּעפּעסאָוויעץ, אַ באַוואוסטזיניקער סאָציאַליסט. זיין גיין ביי דער פֿאָן בעת אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע איז געווען ווי אַ הייליקע עבודה און מיט אַ טיפֿן גלויבן אין דער אידעע, מיט וועלכער ער איז געווען דורכגענומען.

צו זיין לוויה, הגם זי איז געווען פּאָליצייאיש פֿאַרבאָטן, זיינען געקומען צענדליקער טויזנטער אַרבעטער פֿון די פֿאַבריקן און האָבן אַוועקגעלייגט אויף דער טרומנע אַ קראַנץ בלומען מיט אַ געהעריקער אויפֿשריפֿט. זיין אייגענע פּאַרטיי האָט פֿאַרשוויגן זיין טויט און טאַט.

זאָלן די דאָזיקע פּאָר ווערטער מיינע זיין אונדזער קראַנץ פֿאַר דעם באַשיידענעם טרייען קעמפֿער קעגן פֿאַשיזם און פֿאַרן סאָציאַליזם, יאַן קאָשטשעוואַ, דעם העלד, וועלכן מען וואָלט געדאַרפֿט היינט שטעלן אַ מאָנומענט, ווייל עס איז געווען דער ערשטער שאָס קעגן פּוילישן פֿאַשיזם אין אונדזער שטאָט.

צוויי מאָל בין איך דערמאָלט געפֿאָרן קיין פּאַריז, כּדי זיך דאָרט צו באַזעצן צוזאַמען מיט מיין פֿאַמיליע. עס האָט מיך אָבער געצויגן צו דער באַוועגונג און צום יידישן אַרבעטער־קלאַס. ביים צווייטן מאָל זיין אין פּאַריז, ווען כ'האָב מיך דווקא געוואָלט דאָרט אַקלימאַטיזירן, האָב איך אַ געוויסע צייט געאַרבעט ביים אַרויסגעבן דאָס „פּאַריזער וואָכנבלאַט", צוזאַמען מיט די פֿריינט ש. ראָזענבערג און ש. ל. שניידערמאַן.

## איך פֿאָר צוריק צו דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט קיין פּוילן

אויפֿן רוף פֿון צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי בין איך גלייך צוריקגעפֿאָרן קיין וואַרשע און איבערגענומען די אַרבעט אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן פֿאַראיין, אַלס איינער פֿון די סעקרעטאַרן.

די אַרבעט איז געווען אַן אינטענסיווע. אונטער מיין פֿירונג זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן אייניקע געלונגענע איטאַליענישע סטרייקן. כ'האָב אויך אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דער צענטראַלע איבערגעטראָגן זיך אויף אַ געוויסער צייט קיין לאָדזש און אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט פֿון דאָרטיקן האַנדלס־אָנגעשטעלטן פֿאַראיין, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן צו גאָר אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע.

נאָך אין טשענסטאָכאָוו האָב איך בעת מיין אַרבעט אַלס פֿאָרזיצער אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן פֿאַראיין געהאַט עטלעכע אינצידענטן מיט מאַרקוס הערשליקאָוויטש, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר אין טשענסטאָכאָווער האַנדלס־אָנגעשטעלטע פֿאַראיין און פֿאַרטרעטן די לינקע פֿראַקציע. ער האָט געשטרעבט מיט כשרע און נישט כשרע מיטלען צו באַהערשן דעם האַנדלס־אָנגעשטעלטן פֿאַראיין אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט אַרויסגעלאָזט פּאַמפֿלעטן, וואָס זיינען געווען ממש אַן אָפֿענע פּראָוואָקאַציע קעגן דעם פֿאַראיין.

שפּעטער האָט ער אין וואַרשע אויך געאַרבעט אין דעם אַזוי גערופֿענעם לינקן פֿאַראיין פֿון האַנדלס־אָנגעשטעלטע אויף לעשנאָ אַלס קאָנקורענץ צום פֿאַראיין פֿון האַנד. אָנגעשטעלטע אויף זאַמענהאָף 5. די אָנפֿירונג פֿון דעם פֿאַראיין אויף לעשנאָ איז דאַן געלעגן אין די הענט פֿון חבר מירסקי־טאַבאַטשניק. איך האָב הערשליקאָוויטשן אין וואַרשע אויסגעמיטן צו באַגעגענען, צוליב זיינע נישט עטישע האַנדלונגען אין טשענסטאָכאָוו, הגם ער האָט דאָס געזוכט ביי יעדער געלעגנהייט.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז חבר מירסקי מיט נאָך אייניקע טוער אַרעסטירט געוואָרן און מ׳האָט זיי פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע און הערשליקאָוויטש איז דערשאָסן געוואָרן דורך זיינע אייגענע חברים, וועגן וואָס זיי אַליין האָבן געמאָלדן. עס האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געדינט אין דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי.

## איך ווער סעקרעטאַר פון דרוקער־פאַראיין

מיטן אַוועקפאָרן פון חבר בונם וואַרשאַווסקי, דעם סעקרעטאַר פון דרוקער־פאַראיין, פון פּוילן קיין אויסטראַליע, האָט דער לאַנדראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען מיך נאָמינירט אויף דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דרוקער־פאַראיין אין פּוילן. דעם דאָזיקן אַמט האָב איך אָנגעהאַלטן פון יאָר 1935 ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווי דער סעקרעטאַר פון דרוקער־פאַראיין, האָב איך דורכגעפירט אייניקע געלונגענע סטרייקן אין די אַקסידענץ־דרוקערייען, ווי אויך אין אַ ריי צייטונגען. דער לעצטער סטרייק אין „מאָמענט“ האָט אַפילו אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. איך בין צוויי מאָל אַרעסטירט געוואָרן, איינמאָל ביי אַ סטרייק אין דער וואַרשעווער פּויליש־יידישער צייטונג „5־טאַ ראַנאָ“, וועלכע האָט אויף אַ פּראָוואָקאַטאָר׳ישן אופן געלאָזט אַרעסטירן די דעלעגאַציע פון פאַראיין. דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג איז געווען דער באַקאַנטער ציוניסט סוויסלאָצקי. ער האָט אָבער אונטערן דרוק פון פאַראיין אַליין זיך געמוזט באַמיען פאַר אונדזער באַפרייאונג. אַ צווייט מאָל בין איך אַרעסטירט געוואָרן בעת אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי אויפן פאַראיין, ווען ס׳איז פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון חבר ש. מענדעלסאָן. צענדליקער יידישע אַרבעטער זיינען דעמאָלט צעשלאָגן און אַרעסטירט געוואָרן. צוזאַמען מיט מיר איז אויך דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן מיין פרוי רבקה, וועלכע האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון פאַריז, מיין שוועסטער צירל אַלטער, וועלכע איז גראָד געווען צוגאַסט ביי אונדז אין וואַרשע און אויך אונדזערס אַ פריינדין פּאָלאַ קאַסטערשטיין. נאָך דער אויספאָרשונג, וועלכע האָט געדויערט אייניקע טעג, זיינען אַלע אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן. איך בין געווען צום לענגסטן פאַרהאַלטן, ווייל ביי דער אויספאָרשונג האָט מען מיך שטאַרק אויסגעפרעגט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערשיסן דעם פּראָוואָקאַטאָר הערשליקאָוויטש. דער חשד האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זיי האָבן געהאַט אַ באַריכט, אַז איך האָב מיט אים געפירט אַ קאַמף אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו און בעת ער איז דערהרגעט געוואָרן, בין איך גראָד אַוועקגעפאָרן אויף אַ קורצער צייט קיין פאַריז.

## מיין טעכטערל חיה־שרהלע שטאַרבט

מיין אַוועקפאָרן קיין פאַריז איז געווען פאַרבונדן מיט דעם טראַגישסטן געשעעניש אין מיין לעבן. מיין טעכטערל חיה־שרהלע איז געווען אין פאַריז צוזאַמען מיט דער מוטער און דאָרט געגאַנגען אין שול. צו 14 יאָר, אין 1936, איז זי צוזאַמען מיט דער מוטער געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן. נאָך אייניקע חדשים פאַרברענגען אין פּוילן אויף וואַקאַציע, איז זי שוין אַליין צוריקגעפאָרן קיין פאַריז. די פרוי מיינע איז געבליבן אין וואַרשע צוזאַמען מיט מיר. שרהלע איז בשלום אָנגעקומען קיין פאַריז. באַלד צום אָנהויב פון שול־יאָר איז זי פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף דער בלינדער קישקע און נישט געקוקט אויף דער אָפּעראַציע פון איינעם פון די גרעסטע פּראָפעסאָרן איז דאָך נישט געלונגען זי צו דערהאַלטן ביים לעבן. די פרוי מיינע איז אָנגעקומען קיין פאַריז און האָט זי נאָך געטראָפן ביים פולן באַוואוסטזיין. אין אירע לעצטע ווערטער פאַרן אויסהויכן די נשמה האָט זי געזאָגט צו דער מוטער: „איך האָב צוויי מאַמעס, דיך און די מומע תירצה“. זי האָט געפרעגט אויף מיר, אָבער ווען איך בין געקומען קיין פאַריז, האָב איך שוין געטראָפן בלויז אַ קבר. זי איז געשטאָרבן דעם 24טן אָקטאָבער 1936.



חיה שרה׳לע אין 1936
אין וואַרשע

דאָס דאָזיקע גרויסע אומגליק האָט פאַרחושכט דאָס פערזענלעכע לעבן מיינס און נאָך מער דאָס לעבן פון מיין פרוי. אַ טיפער טרויער האָט זיך פאַרצויגן אויף אונדזערביידנס לעבן.

איך האָב באַוויזן פּאָליציי דאָקומענטאַריש די אורזאַכן פון מיין פּלוצעמדיקן אַוועקפאָרן קיין פאַריז, און דאָס מאָל מן הסתם געווירקט, אַז די אויספאָרשונג קעגן מיר איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

צוריקקומענדיק קיין וואַרשע צוזאַמען מיט מיין פרוי, האָב איך זיך ווייטער געשטעלט צו דער אַרבעט אין דרוקער־פאַראיין. איך מוז צוגעבן, אַז נאָר אַ דאַנק דער חברישער סביבה וואָס האָט געהערשט אַרום דעם דרוקער־פאַראיין, בין איך געווען אימשטאַנד איבערצוטראָגן לייכטער דעם פערזענלעכן טראַגישן פאָרפאַל פון מיין איינציק קינד, חיה־שרהלע.

מ׳קאָן נישט פאַרבייגיין נישט צו דערמאָנען די פּרעכטיקע געשטאַלט פון דעם ליבן האַרציקן קלאָגן און שטענדיק אָפּטימיסטישן שמייכלענדיקן פאָרזיצער פון דרוקער־פאַראיין, לאָזער קלאָג מיט וועלכן ס׳האָט זיך געאַרבעט און זיך אויסגעלעבט גוזעלשאַפטלעך ווי מיט אַ האַרציקן איבערגעגעבענעם פאָטער אין אַ מוסטערהאַפטער פאַמיליע. זייער זעלטן האָט מען געפּראַוועט אין פּוילן יובלס פאַר געזעלשאַפטלעכע טוער, אָבער נישט אומזיסט האָט מיט אַזויפיל פרייד און נישט געקינסטלטער באַגייסטערונג געפייערט דעם 50־יאָריקן יובל פון ח׳ לאָזער קלאָג, נישט נאָר די דרוקער־אַרבעטער אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פּראָ־

לעטאַרישע וואַרשע. אין דעם זאַמלבוך לכבוד ח׳ קלאַגס יובילעאום האָבן זיך באַטייליקט אַלע אונדזערע טוער פון „בונד“ און אַלע דרוקער־אַרבעטער אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי, וועלכע האָבן נאָר געקאָנט און געהאַט וואָס צו זאָגן און שרייבן. ער איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון וואַרשעווער געטאָ און איז דאָרט אומגעקומען, צוזאַמען מיט זיין גרויסער פאַמיליע צו וועלכער ער איז געווען אַזוי פּאַטערלעך צוגעבונדן. ווי לאַנג מיינע אויגן וועלן זיין אָפן און מיין זכרון וועט אַרבעטן וועל איך זיין געשטאַלט זען און געדענקען מיט דערהויבונג און כבוד.

דער דרוקער־פאַראיין איז געווען אַ מוסטער־פאַראיין פון גאַנץ פּוילן, קיינמאָל נישט קיין געשפּאַלטענער. עס האָבן אין אים מיטגעאַרבעט אַלע ריכטונגען פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. נאָך אין מאַי 1939 איז דורכגעפירט געוואָרן דער 4טער צוזאַמענפאָר אין וואַרשע און אַ פּלענאַרע זיצונג פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג אין ווילנע. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָב איך צוגעהאָלפן מיט אַלע כוחות. נאָך 2—3 וואָכן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָב איך פאַרטראַטן דעם דרוקער־אַרבעטער אויפן צוזאַמענפאָר פון די פּוילישע דרוקער־אַרבעטער אין קאַטאָוויץ. דאָס שרעק־בילד פון דער מלחמה איז שוין געשטאַנען פאַר די אויגן. צוזאַמען מיטן דעמאָלטיקן סיים־דעפּוטאַט סטאַנטשיק (איצטיקער מיניסטער אין פּוילן) בין איך אַרויסגעטרעטן און גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון דעם סאָלידאַרן קאַמף פאַר אַ ניי פּוילן, פאַר אַ פּוילן, אָנגעפירט פון די פאַרטרעטער פון פּויערים און אַרבעטער.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון צוזאַמענפאָר, האָט דער פאַראיין שוין אָרגאַניזירט אויפן פאַרלאַנג פון דער פּאַרטיי אַרבעטס־באַטאַליאָנען צו מאַכן אָקאָפּעס אַרום וואַרשע. יעדן טאָג האָבן די דרוקער־אַרבעטער פרייוויליק מאַרשירט צו דער אַרבעט צו העלפן אין דער מלחמה קעגן היטלערן. עס האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט בונדיסטן, פּועלי־ציון, קאָמוניסטן, אומפּאַרטייאישע — יונג און אַלט.

גראָד אין יענע טעג, סאַמע ערב דער מלחמה, האָט מיין פרוי פאַרלאָזט וואַרשע. זי האָט געוואָלט זיך זען מיט איר נאָענטסטע משפחה אין פּאַריז און זי האָט זיך אויך געהאַט בדעה צו פאַרלענגערן דעם קאָנסולאַרן פּאַס, וואָס זיין גילטיקייט האָט געהאַלטן אין אויסגיין. זי האָט שוין נישט באַוויזן צוריקצוקומען, וואָרעם אין עטלעכע טעג אַרום, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

## צווייטע וועלט־מלחמה און מיין פּליטים־וועג

בליץ־שנעל זיינען געלאָפן די מלחמה־געשעענישן. באָמבעס איבער וואַרשע, טויזנטער פאַרוואונדעטע און טויטע, מיליטערישע מאַרשרוטן, פּליטים פון אַלע שטעט און שטעטלעך. די מלחמה האָט זיך דערנענטערט מיט ריזן־שריט צו די טויערן פון וואַרשע. אויפן 4טן און 5טן טאָג פון דער מלחמה איז שוין געווען קלאָר, אַז וואַרשע וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. אויפן באַפעל פון די פּאַרטיי־אינסטאַנצן האָט מען מבער געווען אַלע וויכטיקע דאָקומענטן און די מיטגלידס־ביכער פון פאַראיין, כדי זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די היטלעריסטן.

די אָנפירערשאַפט פון דער פּאַרטיי האָט באַשלאָסן, אַז ווער פון די פּאַרטיי־מיטגלידער עס וויל, זאָל פאַרלאָזן וואַרשע און גיין אויף דער אַנדערער זייט ווייסל, וואו מען האָט געהאָפט נאָך צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. די פּאַרטיי־פירער האָבן אָפּגעמאַכט, אַז זיי גייען אַרויס דעם 6טן סעפּטעמבער 10 אַזייגער אין דער פרי און מען דאַרף זיך טרעפן אַלע ביים ווילנער וואָקזאַל.

מער ווי פיינלעך איז געווען דער דאָזיקער מאָמענט. שווער, זייער שווער איז מיר אָנגעקומען זיך צו דעצידירן צו פאַרלאָזן וואַרשע כ׳בין גראָד געווען אין דער שטוב פון ח׳ מידלער.

די אָנפירערשאַפט פון דער פּאַרטיי גייט אַרויס פון וואַרשע 10 פרי און מ׳דאַרף זיך טרעפן ביים ווילנער וואָקזאַל. ווען מיר זיינען צוגעקומען אין דער באַשטימטער צייט צום ווילנער וואָקזאַל, האָבן מיר דאָ און דאָרט שוין געפונען גרופּקעס חברים. מיר האָבן געזאָלט נעמען אַ באַן, אָבער אַ האָגל פון באָמבעס פון אָנגעפלויגענע דייטשע עראָפּלאַנען האָט אונדז צעשפּרייט אויף אַלע זייטן.

וועגן פאָרן מיט אַ באַן איז שוין נישט געווען קיין רייד און מיר, אַ גרופּע חברים, האָט באַשלאָסן צו מאַרשירן צופוס. דער מאַרשרוט איז געווען דורך מינסק־מאַזאָוויעצק, קאַלושין, שעדלעץ, מעזריטש, ביאַלע פּאָדלאַסקע, יאַנאָוו, וויסאָקע־ליטעווסק, קאַמיענעץ, פּרוזשאַני, קאַרטוז־בערעזע, דראָהיטשין, פּינסק. אין יעדן שטעטל און שטאָט, וואו מיר זיינען געקומען, האָבן אונדז אָנגעיאָגט דייטשע עראָפּלאַנען. ברענענדיקע שטעט, קופּעס מיט טויטע און פאַרוואונדעטע, פאַרשטאָפּטע וועגן מיט אויטאָס און מענטשן. פון שעדלעץ אָן איז אויסגעקומען צו גיין אין דער גרופּע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען העניק ערליך מיט זיין פרוי און זיין זון, שלמה מענדעלסאָן, עמנואל שערער מיט זיין פרוי, חיים וואַסער א״אַנד.

מיר זיינען אַזוי דערגאַנגען ביז פּינסק. ווער ווייסט, צי מיר וואָלטן ביז דאָרט אַהין אָנגעקומען, ווען נישט די געטריישאַפט פון די בונדיסטן־חברים, וועלכע מיר האָבן אויף אונדזער וואַנדער־וועג אָנגעטראָפן. אַ סך כוח אַדורכצומאַכן דעם דאָזיקן וועג האָב איך געשעפּט פון ביישפּיל פון ח׳ ערליך. צענדליקער מאָל איז אונדז אויסגעקומען זיך צו וואַרפן אויף דער ערד פאַר די אָנגעקומענע דייטשע עראָפּלאַנען. חבר ערליך האָט מיט זיין ווירדיקער פיגור און זעלבסטבאַהערשונג און זיינע פעסטע טריט און קלוגן שמייכל אונדז מאַגנעטיש איבערגעגעבן זיין ווילן צו גיין ווייטער און ווייטער און ער האָט אַלעמען געשטאַרקט.

די לעצטע אויפרייסן פון די דייטשע באָמבעס האָבן מיר געהערט, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּינסק דעם 17טן סעפּטעמבער אין דער פרי. עס זיינען געפאַלן פון

די אָרטיקע פּינסקער איינוואוינער עטלעכע טויטע און אייניקע פאַרוואונדעטע. אין פּינסק האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ווייטער גיין דאַרפן מיר שוין נישט, ווייל די רויטע אַרמיי קומט פון דער צווייטער זייט. צוויי טעג האָבן מיר געוואַרט אויף דער רויטער אַרמיי.

דעם 20טן סעפּטעמבער 1939 האָט די רויטע אַרמיי אַריינגעמאַרשירט קיין פּינסק. איך בין פאַרבליבן אין דער דאָזיקער שטאָט ביז דעם 13טן אָקטאָבער. ס'זיינען דערנאָך צוגעקומען נאָך אַנדערע חברים, ווי: נח, שרה שוואַבער און אַנדערע. די מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שווערע. איך האָב זיך דאַן געמאָלדן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט אָרגאַניזירט און האָט געגעבן אַרבעט. מען האָט אויפגענומען מיין גאַנצן יחוס, סיי דעם פּערזענלעכן, סיי דעם פּאָליטישן. קיין אַרבעט האָב איך נישט באַקומען. עס זיינען דערוויל אָנגעקומען ידיעות פון דער גאַנצער אומגעגנט, אַז מיינע פּאַרטיי־חברים ווערן אַרעסטירט אין אַ ריי שטעט און צווישן די אַרעסטירטע זאָל אויך שוין זיין חבר וויקטאָר אַלטער. דאָס לעצטע מאָל האָב איך וויקטאָר אַלטערן געזען אין מעזריטש אויף אַ באַראַטונג און ער איז דעמאָלט באַשטימט געוואָרן צו גיין מיט אַ גרופּע קיין לובלין און דאָרט פאָרזעצן זיין אַרבעט מיט וואָס עס וועט זיך לאָזן אין קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער אינוואַזיע. דאָרט, אין מעזריטש, האָב איך געדריקט דאָס לעצטע מאָל זיין האַנט.

נאָך די באַאומרואיקנדיקע ידיעות וועגן דעם באַציאונג צו בונדיסטן מצד דער סאָוועטישער מאַכט, האָט מען באַשלאָסן, אַז חבר הענריק ערליך זאָל פאַרלאָזן פּינסק. דער אָפּשייד־מאָמענט מיטן חבר ערליך איז געווען פאַר אַלעמען רירנדיק און טראַגיש. איך געדענק, ווי מיט געשטיקטע טרערן האָבן מיר זיך געקושט מיט אים און עס איז זיכער קיינעם דעמאָלט נישט געלעגן אין געדאַנק, אַז דאָס איז געווען דער לעצטער בלייב געזונט מיט אונדזער פירער און לערער.

אַוודאי איז עס פאַר מיר געווען אַ גרויסע אַנטוישונג, ווען איך האָב זיך מיט אייניקע טעג שפּעטער דערוואוסט, אַז חבר ערליך איז אַרעסטירט געוואָרן אין בריסק און ביי וואָס פאַר אַן אומשטענדן.

ווען ס'איז באַוואוסט געוואָרן, אַז ווילנע וועט איבערגעגעבן ווערן צוריק צו ליטע און קיין אַרבעט איז אויך נישט געווען, האָב איך מיט אַ גרופּע באַשלאָסן איבערצוטראָגן זיך קיין ווילנע. דעם 14טן אָקטאָבער 1939 האָב איך צוזאַמען מיט דער גרופּע חברים: שערער, חיים וואַסער, אַנדזשע מאַנאָוויטש פאַרלאָזט פּינסק. דעם 15טן אָקטאָבער זיינען מיר אָנגעקומען קיין ווילנע. נאָך ביי דער באַן איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז מיין ליבער חבר יוסף אַראָנאָוויטש, וועלכער האָט אַזוי פיל מיטגעווירקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו, איז מיט אַ נאַכט פריער צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט אין ווילנע אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט. ווידער אַ ריס אין דער נשמה: פאַרוואָס? און צענדליקער מאָל: פאַרוואָס? אָבער ווער האָט מיר געקאָנט דערויף ענטפערן?...

ווען ווילנע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו ליטע, האָט זיך די לאַגע ווידער געענדערט. קיין ווילנע זיינען אָנגעקומען טויזנטער פּליטים, יידן און קריסטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּליטים־קאָמיטעט. חברטע אַנדזשיע מאַנאָוויטש און איך זיינען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן גענומען אָרגאַניזירן אַ קיך פאַר די יידישע פּליטים. ביים פאַרזאָרגן די קיך האָט מיר אַ סך צוגעהאָלפן חבר גיטערמאַן פון „דזשאָינט". אויך די אָרטיקע חברים פון „בונד" האָבן מיטגעאַרבעט בפרט די לערערין קאַץ מיט איר מאַן, וועלכע האָבן פּשוט מיט מסירת נפש און גרויס מי פאַרשאַפן די ערשטע פּראָדוקטן פאַר דער קיך און האָבן אַרויסגעוויזן גרויס פריינדשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו אונדזער אַרבעט. כ'האָב זיך באַטייליקט אינם ניי־געשאַפענעם אַרבעטער הילפס־קאָמיטעט די גאַנצע צייט פון זיין עקסיסטענץ. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ פּאָסט־פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו פון פּוילן, פראַנקרייך, ווי נאָר די ליטווינער האָבן איבערגענומען די מאַכט. עס איז אויך אָבער נישט באַגאַנגען אָן אַ קליין פּאָגראָמעלע פון ליטווינער און פּאָליאַקן. אויף דעם געביט האָבן צוויי שונאים שלום געמאַכט. זיי האָבן געהאַקט שויבן און געשלאָגן יידן.

נאָך אייניקע חדשים צייט האָט זיך די אַרבעט פון הילפס־קאָמיטעט אויף אַזוי פיל פאַרשטאַרקט און אויסגעברייטערט — איינגעאָרדנט אינטערנאַטן צום נעכטיקן און אויסגעטיילט קליידונג — אַז עס האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן איינצושטעלן אַ קולטורעלע טעטיקייט אַרום דער קיך, אין וועלכער עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן איבער 500 מיטאָגן אַ טאָג.

די ליטווישע מאַכט האָט אָבער נישט פאַרגונען די אַרבעט פון דעם אַרבעטער פּליטים־קאָמיטעט און געוואָרפן אויף אים אַ בייז אויג. די פּאָליציי איז איינמאָל באַפאַלן דעם לאָקאַל, אַרעסטירט אַ פּאָר צענדליק מענטשן און אַ סך פון זיי געצוואונגען צו פאַרלאָזן ווילנע און זיי מיט צוואַנג באַזעצט אין אַנדערע ליטווישע שטעט, ווי פּאָניעוועזש, אוקמערקע, און אַנדערע שטעטלעך. מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל אַריבערצופאָרן קיין אוקמערקע. דאָ אַהער האָב איך דערהאַלטן בריוו פון מיין פרוי פון פּאַריז און פון מיין שוועסטער פון טשענסטאָכאָוו. איך האָב אויך באַקומען בריוו פון אַמעריקע. עס האָט זיך דערוואוסט וועגן מיין עקסיסטענץ מיין פריינדין חיהלע וואָגע־ראָטמאַן, און ווי גרויס איז געווען די פרייד און די דערמוטיקונג, ווען איך האָב באַקומען פון איר די ערשטע בריוו און די ערשטע 15 דאָלאַר. דאָס איז געווען שוין אין אָנפאַנג 1940.

אין ליטע האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַל לעבן אונטער אַ צייטווייליקער ליטווישער רעגירונג.

פאַרשיידנאַרטיק איז אויסגעטייטשט געוואָרן די פּאָליטיק אין יענער צייט. ווען ס'איז מיר אויסגעקומען אין

יאָר 1940 צו זיין אַנוועזנד דעם 1טן מאַי אין ווילנע אויף אַ גלעזל טיי צווישן אייגענע חברים, ווען מען האָט גערעדט וועגן דער לאַגע, געדענק איך נאָר, אַז כ׳האָב געזאָגט אין מיין רעדע פאָלגנדעס: „איך בין נישט אימשטאַנד מאַטעמאַטיש מיט ציפערן אין די הענט צו באַווייזן ווי אַזוי דאָס וועט געשען, אָבער כ׳האָב אַ טיפן גלויבן, אַז די ישועה אין דער מלחמה וועט קומען פון סאָוויעט־רוסלאַנד“.

די אַרעסטן פון בונדיסטן האָבן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. די פאַרפאָלגונגען קעגן אונדזערע חברים האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אין די רייען פון דער בונדישער פליטים־מאַסע אין ליטע. די פאַרבינדונגען, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן מיט אַמעריקע, האָבן געוועקט אַ האָפענונג פון קאָנען אַרויספאָרן פון ליטע קיין אַמעריקע. ס׳האָט אַפילו אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער חלום, אָבער מיט וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיעס האָט זיך דען אַ מענטש דעמאָלט נישט אַרומגעטראָגן?

אין אַ צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ ידיעה פון מיין פריינדין חיהלע וואגע־ראָטמאַן, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק באַמיט זיך אַרויסצוראַטעווען אויף דער צייט פון דער מלחמה די אַרבעטער־טוער, וועלכע געפינען זיך אין ליטע. הכלל, די פאַנטאַזיע האָט אויסגעזען שוין גאָר קיין פאַנטאַזיע נישט צו זיין, עס האָט געקאָנט ווערןווירקלעכקייט. חיהלע האָט אויך געשריבן, אַז זי וועט טאָן אַלץ, צוצואיילן און דערמעגלעכן מיין קומען.

דערווייל איז די לאַגע אויף די מלחמה־פעלדער געוואָרן ערגער און ערגער. די דייטשן זיינען געגאַנגען פון זיג צו זיג. די קאָנסולאַטן פון די לענדער, וואוהין מען האָט נאָר געקאָנט זיך ראַטעווען, האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו שליסן. עס איז דעריבער זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען איך בין אַריינגעקומען אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און דער קאָנסול האָט מיר דערקלערט, אַז ער איז גרייט מיר צו געבן אַ וויזע קיין אַמעריקע, האָב איך מיינע אייגענע אויערן נישט געוואָלט גלויבן. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך קען וויליאַם גרין אין אַמעריקע. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך ווייס, ווער וויליאַם גרין איז, אַז ער איז דער פרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און אַז כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט אים אַמאָל צו זען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פוילן. „דאָס איז גענוג!“ — האָט מיר דער קאָנסול געענטפערט — „באַמי זיך אַרויסצונעמען די וויזע וואָס שנעלער, ווייל דער קאָנסולאַט האַלט זיך ביים פאַרמאַכן.“

נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע, טאַקע עטלעכע טעג פאַרן שליסן זיך פון קאָנסולאַט, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ יאָגעניש און אַ האַוועניש צו באַקומען די טראַנזיט־וויזעס דורך סאָוויעט־רוסלאַנד און יאַפּאַן. דאָס איז געווען דער איינציקער וועג צו קומען קיין אַמעריקע. נאָך איניקע וואָכן באַמיאונגען, שרעק און האַרץ־קלאַפעניש יעדעס מאָל, וואָס כ׳האָב געדאַרפט אַרויסבאַקומען אַ פאַפירל, אַ דאָקומענט, האָב איך ענדלעך דעם 22טן סעפּטעמבער 1940 פאַרלאָזט ליטע.

צוזאַמען מיט מיר האָט שוין אויך אונדזער חברטע רבקה פאַט, די פרוי פון יעקב פאַט, געהאַט די אַמעריקאַנער וויזע, זי האָט אָבער ליידער נישט דערלעבט אַרויסצונעמען די סאָוויעטישע טראַנזיט־וויזע, זי איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק און איך בין געווען פון די געציילטע חברים, וואָס כ׳האָב זי באַגלייט אויפן ווילנער בית־עולם. דאָס איז געווען מיין לעצטע לוויה פון אַ נאָענטן חבר אין פוילן.

## אין אַמעריקע

אויף מיין רייזע בין איך אַדורכגעפאָרן פאָלגנדע הויפּט־שטעט: מינסק, מאָסקווע, סווערדלאָוו, בריסק טאַטאַרסק, קראַסנאָיאַרסק, בייקאַל, אירקוטסק, טשיטאַ, קויבישעוו, בירא־בידזשאַן א״אַנד. ראש־השנה בין איך געווען אין וולאַדיוואָסטאָק. דעם 7טן אָקטאָבער בין איך מיט דער גאַנצער גרופּע פון 30 מענטשן, וואָס זיינען געווען די ערשטע געראַטעוועט צו ווערן דורכן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אַרויפגעזעצט אויף אַ יאַפּאַנישער שיף אין וולאַדיוואָסטאָק און דעם 9טן אָקטאָבער זיינען מיר אָנגעקומען קיין טסירוגאַ, דעם 10טן קיין קאָבע. דעם 16טן אָקטאָבער 1940 האָבן מיר פאַרלאָזט קאָבע אויף דער שיף „היאָן מארו“, דעם 19טן זיינען מיר געווען אין יאַקאָהאַמאַ, דעם 30טן אָקטאָבער דורכגעפאָרן וואַנקאָווער און דעם 31טן אָקטאָבער זיינען מיר אַראָפּגעשטיגן פון דער שיף אין סיאַטל, וואַשינגטאָן. דאָ האָט אונדז באַגעגנט דער פאָרשטייער פון אַרבעטערקאָ־מיטעט, חבר מינקאָף.

די ערשטע באַגעגניש מיט די אַמעריקאַנער פריינד איז פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ און אויפן צווייטן טאָג בין איך געפאָרן זען מיין טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, דעם באַקאַנטן יידישן פאַרלעגער, משה צעשינסקי. דעם 5טן נאָוועמבער זיינען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, די וועלט־שטאָט, וועגן וועלכער כ׳האָב אַמאָל געחלומט זי צו באַזוכן און כ׳האָב זי שיעור נישט באַזוכט פאַר דער מלחמה אַלס דעלעגאַט פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, נאָר צוליב עפּעס אַ מניעה נישט געקומען. איצט בין איך אַהערגעקומען אַלס פּליט.

משפּחה, קרובים אין אַמעריקע האָב איך נישט געהאַט, אָבער חברים און פריינד און אַפילו אינטימע פריינד האָב איך געוואוסט, אַז איך פאַרמאָג דאָ, אָבער כ׳האָב כמעט קיינמאָל מיט זיי נישט געפירט קיין קאָרעספּאָנדענץ.

ניו־יאָרק, האָט שוין אויף מיר קיין ספּעציעלן איינדרוק נישט געמאַכט, אַפילו נישט די וואָלקנקראַצערס. דער גרעסטער וואונדער איז פאַר מיר געווען דאָס גרינס, די פּאַרקן, וואָס כ׳האָב דאָ געפונען. איך האָב מיר שטענדיק פאָרגעשטעלט, אַז אַמעריקע איז איין גרויסע פאַבריק און

צום סוף האָב איך דערזען גראָז, ממש גרין גראָז, ביימער און געהערט צוויטשערן פון פייגל.

ביי דער באַגעגעניש מיט פריינד און באַקאַנטע האָבן זיי מיך אָפט געפרעגט: „ווי גלייכסטו אַמעריקע?" האָב איך געהויבן מיט די פּלייצעס און נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, האָבן זיי מיר גלייך געזאָגט, אַז „איך וועל מאַכן אַ לעבן און כ'וועל זיין אָל־ראַיט אין אַמעריקע". דאָס האָט מיך געגעבן אַ שטאָך אין האַרץ. מיין ענטפער איז געווען: „כ'בין נישט געקומען מאַכן קיין לעבן, איך בין געקומען בלויז אויף דערוויל"... איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך בין שוין אַ דאַאיקער, איך האָב נאָך אַלץ געטראַכט פון „דאָרטן". און מיט דער גאַנצער נשמה און ווען האָב איך זיך געריסן צו זיין טעטיק און דינען דעם „דאָרטן".

נאָך שטאַרקער איז מיין פאַרלאַנג געוואָרן צו אַרבעטן פאַר מיינע איבערגעבליבענע לאַנדסלייט דאָרט, מחוץ אַמעריקע, מיטן אָנקומען אַהער פון חבר אַרטור זיגעלבוים, וואָס האָט געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון דער פאַרפייניקטער און קעמפנדיקער יידישער מאַסע, צו וועלכער איך האָב געפילט אַזאַ טיפע און געטרייע נאָענטקייט. כ'האָב געגלויבט, אַז די אַלע אָפּגעראַטעוועטע חברים בונדיסטן, וועמען דער מלחמה־שטראָם האָט פאַרוואָרפן אַזש קיין ניו־יאָרק, וועלן אויסבילדן פון זיך אַן אייגענע פרייוויליקע קאַזאַרמע און אויף ברויט מיט זאַלץ וועלן מיר לעבן און מיטמאַכן „דאָ" דעם קרבנותפולן וועג פון די, וואָס זיינען געבליבן „דאָרט" געטריי אונדזערע אידעען, די אידעען פון „בונד". ווי אַזוי האָט דען געקאָנט זיין אַנדערש? אָבער אין ווענען זיך אָנשפּאַרן? אַז אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס הערשט שנאה, ברידער־קאַמף אָנשטאָט אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט!

עס לויפן וואָכן, חדשים. כ'קוק זיך אַרום: דאָס רוב פון מיינע חברים זיינען פאַרשלונגען געוואָרן אין די שעפּער. מען פירט אַ פאַרהעלטנישמעסיק נאָרמאַל לעבן, „מען מאַכט אַ לעבן", „מען איז אָל־ראַיט"... מען רעדט וועגן דער גרויסער בענקשאַפט צו דער אַלטער היים, מען שרייבט בריוו און מען באַקומט גרוסן שלעכטע און ערגערע, מען שיקט הילף און מען פילט, ווי מען דרייט זיך אַריין אין רעדל פון אַמעריקאַנער לעבן.

כדי צו קאָנען עקזיסטירן, האָב איך געמוזט אָנקומען אין אַ שאַפּ און מיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָב איך פאַרבונדן מיטן טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט. איך האָב מיר געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרוועבן און פאַרבינדן די פּשוטע יידן, לאַנדסלייט, אָן אונטערשייד פון וועלכער עס איז איבערצייגונג, מיט דער אַלטער היים טשענסטאָכאָוו, אַז ווען עס וועט קומען די ליכטיקע שעה, זאָלן מיר קאָנען איבערנעמען די ראָל פון דער פאַרניכטעטער קהילה.

דורך דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין אין אַמעריקע, באַטראַכט איך זיך פאַר אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי פון פּוילישן „בונד". כ'האָב געזוכט וועגן מיט אים זיך צוריק פיזיש צו באַהעפטן. ליידער בין איך דערוויל אוממעכטיק דאָס צו דערגרייכן און דאָס לעב איך איבער וויטיקלעך.

די טעטיקייט פאַרן „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט". האָב איך געמאַכט פאַר מיין הויפּט־ציל. דאָ אַרבעטן מיט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון אַלע ריכטונגען, אַנהויבנדיק מיט רעליגיעזע מענטשן און ענדיקנדיק מיט קאָמוניסטן. כ'האָב זיך באַמיט צו פאַרשטאַרקן די וואַרעמע אַטמאָספער און צו פאַרשפּרייטן די אידעע פאַר וועלכער דער רעליף האָט געאַרבעט. דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", האָט די אידעע צעמענטירט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער טעטיקייט בין איך געקומען אין פּערזענלעכער באַרירונג מיט הונדערטער און אַפילו טויזנטער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, דעטראָיט, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס, טאָראָנטאָ, מאָנטרעאָל — אַז אַלע אָן אויסנאַם, פּאַרטיי־חברים און פּאַרטיי־קעגנער, אַלע האָבן מיך אויפגענומען פריינדלעך און חבריש און מיט טרייהייט זיך אָפּגערופן אויף דער זאַך, מיט וועלכער איך בין צו זיי געקומען. כ'האָב ביי זיי אַרויסגעפילט פאַרשטענדעניש, אַ טיף געפיל פון ליבע צו זייערע לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים, צו זייערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די בלוטיקע שונאים אונדזערע. זאָלן זייערע הענט געשטאַרקט זיין!



רבקה פעדערמאַן
(געקומען פון פּאַריז
קיין אַמעריקע דעם
9־טן סעפּטעמב. 1946)
די פרוי פון ר. פעדערמאַן

•

ווען איך ענדיק שרייבן אָט די ווערטער ווער איך גראָד אַלט 55 יאָר. איך געפין זיך אין זאַטן און אין רייכן גרויסן אַמעריקע, אָבער דאָך בין איך אין גלות. כ'בין געבליבן דער איינציקער פון מיין משפחה. די ירושה פון מיין משפחה — דאָס צעשטויבטע אַש איבער דער וועלט, וואָס איז אַ טייל פון דעם זעקס מיליאָניקן אומגעקומענעם יידנטום, נעם איך אַריין אין זיך. כ'וועל דאָס טראָגן אין זיך אַזוי לאַנג, ווי מיינע אויגן וועלן זען די וועלט. כ'וועל מיינע כוחות ווייטער ווידמען דערצו, אַז דאָס אַש זאָל וועקן און מאָנען, אַז די ערד, וואָס איז באַפּרוכפּערט געוואָרן פון דעם אַש פון אונדזערע שוועסטער און ברידער, זאָל קאָנען פאַרטראָגן אויף זיך נאָר אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט און מענטשלעכער ליבע פון איינעם צום אַנדערן, פון פעלקער צו פעלקער און מיין יידיש פאָלק זאָל זיין צווישן זיי.

# די געשיכטע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"

בלי ספק איז דער געדאַנק, אַז די געשיכטע פון יידישן טשענסטאָכאָוו זאָל פאַראייביקט ווערן אין אַ גע־דרוקטן חיבור (בוך), געווען לעבעדיק אַ לאַנגע צייט פריער איידער די געשיכטע פון דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" הויבט זיך אָן.

אין אַ געדרוקטער פאָרם איז עס אָבער געקומען צום אויסדרוק אין דער איינמאָליקער אויסגאַבע „דאָס נייע וואָרט" פון דינסטיק, דעם 18־טן יולי 1922, אַרויס־געגעבן דורך דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון דער ציש"אָ און בעת דעם באַזוך פון די צוויי דעלעגאַטן לואיס שימ־קאָוויטש און ח. ל. שוואַרץ אין טשענסטאָכאָוו. אין דעם נומער „דאָס נייע וואָרט" איז אויף דער לעצטער זייט געווען געדרוקט פאָלגנדע באַקאַנטמאַכונג:

און קורצן דערשיינט א פראכט - אויסגאבע, געוויד־
מעט די אמעריקע ארבעטער - שולן, אונטערן נאמען

**פון ביידע זייטן ים**

מיט א גאנצע ריי אילוסטראציעס און בילדער.
צווישן די ארטיקלען וועט זיך אויך געפונען די גע־
שיכטע פון טשענסטאכאווער רעליעף אין נעוויארק
מיט א רשימה פון אלע זיינע מיטגלידער.

**Redaktor i wydawca R. FEDERMAN**

די אידעע פון בוך איז אַלזאָ געקומען אַלס רעזול־טאַט פון דער פאַרבינדונג פון טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט פון ביידע זייטן ים, וואָס איז צום בולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין דער שאַפונג פון הויז פאַר די י. ל. פרץ קינדערהיימען און פאָלקסשולן אין טשענסטאָכאָוו.

פון יענער צייט, ביזן באַשלוס פון „יונייטעד טשענ־סטאָכאָווער רעליף" אַרויסצוגעבן אַ בוך „פינף און צוואַנ־ציק יאָר ברידער־הילף" איז אַ ווייטער מהלך. אָבער די אידעע האָט שוין געלעבט אין אַ געוויסן געשטאַלט. אויך אין משך פון דער צייט זיינען געמאַכט געוואָרן פרואוון זי צו פאַרווירקלעכן.

אין אָקטאָבער 1924 האָט א. כ., זייענדיק אין אַמע־ריקע אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אין „דאָס נייע וואָרט" פון 12טן אָקטאָבער 1924, געווידמעט דעם גאָלדענעם בוך „פון ביידע זייטן ים".

דעם 4־טן מערץ 1929 האָט דער „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" באַשלאָסן אָנצוהויבן די אַרבעט אַרויסצוגעבן אַ בוך מיט דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער אַלבאָם". אין קאָמיטעט פאַר דעם בוך זיינען געווילט געוואָרן: שימקאָוויטש, ליטמאַן, כראַבאַלאָווסקי, לעווענשטיין, רוק, ווין, א. קויפ־מאַן, גערטער, סילווער, ריקמאַן. דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט שיקאַגאָ און טשענ־סטאָכאָוו. אָבער דער „טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" איז שוין דעמאָלט געווען אָפּגעשוואַכט און דער פּלאַן איז ווידער געבליבן אויפן פּאַפּיר.

מער ווי אין אַמעריקע האָט די אידעע אַרויסצוגעבן אַ געשיכטלעכן בוך געלעבט אין טשענסטאָכאָוו גופא. אינזשינער ה. ווילטשינסקי (אומגעקומען אין וואַרשע) איינער פון די הויפּט־איניציאַטאָרן האָט אָפּגעגעבן אַ סך צייט און אַרבעט פאַר דעם ציל. אויף זיין אייגענער אי־ניציאַטיוו, האָט ער געפאָרשט די אַלטע דאָקומענטן פון דער יידישער קהילה, געזאַמלט מאַטעריאַל און אַפילו פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען פון זיינע פאָר־שונגען אין „טשענסטאָכאָווער צייטונג" און אין אַנדערע יידישע אויסגאַבן. דורך זיין איניציאַטיוו איז ביי דער היס־טאָרישער קאָמיסיע ביים „ייוואָ" אין וואַרשע געשאַפן גע־וואָרן אַ קאָמיטעט אַרויסצוגעבן אַ מאָנאָגראַפיע מיט דער געשיכטע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו. אויך משה אַש, זון פון רב נחום אַש, האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן אין טשענסטאָכאָווער פנקסים און עס פאַרעפנטלעכט אין דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג".

אין 1932 האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו דורך דער איניציאַטיוו פון ר. פעדערמאַן געגרינדעט אַ געזעלשאַפט פון „פריינט פון יידישער געשיכטע אין טשענסטאָכאָוו". אין פּרעזידיום פון דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך געפונען: ד"ר אל. וואַלבערג, פּאַרזיצער, יאַקוב ראָזענבערג, וויצע־פּאָרזיצער, ז. מאַרקאָוויטש, קאַסירער, אינזשינער ה. ווילטשינסקי, סעקרעטאַר.

די געזעלשאַפט האָט געדרוקט און צעשיקט אַ קאָ־מוניקאַט צו אַ גאַנצער ריי פּערזאָנען אין טשענסטאָכאָוו און אַנדערע שטעט אין פּוילן און אין אַמעריקע, וואו ס'איז צווישן אַנדערעס געזאָגט געוואָרן:

„אין דער פּראָיעקטירטער מאָנאָגראַפיע וועט קו־מען צום אויסדרוק אין וואָרט און בילד די עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו".

דער קאָמוניקאַט האָט גערופן צו הילף „די ברייטס־טע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אונדזער שטאָט", כדי „מיט געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען און כוחות צו שאַפן פאַרן היינטיקן און צוקונפטיקן דור די געשיכ־טע פון טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב פון זיין אַנטשטיין ביזן היינטיקן טאָג".

לויט דער ווענדונג פון דעם קאָמיטעט אין טשענס־טאָכאָוו און פון ה. ווילטשינסקי פון וואַרשע צו משה צע־שינסקין אין שיקאַגאָ, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ מיטגליד פון „עדיוקיישאַנאַל פאַראיין", האָט פריינט משה צעשינסקי דעמאָלט געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע אין פאַראיין פאַרן פּלאַן, געהאַלטן אַ לענגערע לעקציע פאַר אַ מיטגלידער־פאַרזאַמלונג וועגן דער געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו און די וויכטיקייט אַרויסצוגעבן אַ גע־שיכטלעך בוך. דער שיקאַגער עדיוקיישאַנאַל פאַראיין

האָט דערוויילט אַ קאָמיטעט, מיט משה צעשינסקי אַלס פאָרזיצער, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן איין זיצונג. שפּעטער האָט אָבער אַ מיטגלידער־פאַרזאַמלונג זיך אָפּגעזאָגט פון פּראָיעקט.

אין ניו־יאָרק איז קיין רעליף־אָרגאַניזאַציע דעמאָלט נישט געווען. דער טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט האָט זיך דעריבער געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איניקע פּערזאָנען אים מיטצוהעלפן אין דער אַרבעט.

עס איז אַריבער זיבן יאָר. פאַר דער צייט איז יאַקוב ראָזענבערג געוואָרן פּרעזעס פון דער יידישער גמינע אין טשענסטאָכאָוו און דורך זיין איניציאַטיוו איז שבת דעם 24טן יוני 1939, אין לאָקאַל פון דער יידישער גמינע אין טשענסטאָכאָוו, פאָרגעקומען אַ גרעסערע קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון היסטאָריקער ד״ר ע. רינגעלבלום (אומגעקומען אין די יאָרן 1939—1945) פון וואַרשע, אויף וועלכער ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרטיקער קאָמיטעט, וואָס זאָל מיטאַרבעטן מיט דעם שוין עקזיסטירנדיקן קאָמיטעט אין וואַרשע.

די איניציאַטיוו־גרופּע, וואָס האָט צונויפגערופן די קאָנפערענץ האָט אין „טשענסטאָכאָווער צייטונג״ פון פרייטיק, דעם 23טן יוני 1939 פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקן אויפרוף:

### געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו

די איניציאַטיוו־גרופּע אַרויסצוגעבן די געשיכטע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביי דער היסטאָרישער קאָמיסיע פאַר פוילן ביים יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ווענדט זיך צו אַלע טשענסטאָכאָווער מיטן פאָלגנדיקן אַפּיל:

אַן ערך 250 יאָר עקזיסטירט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו. די ספּעציעלע געזעצן, וואָס זיינען חל געווען אויף טשענסטאָכאָוו, ווי אויף אַ גייסטלעכער שטאָט האָבן נישט מעגלעך געמאַכט, אַז עס זאָל דאָ פריער אויפקומען אַ יידישע קהילה. במשך פון די 250 יאָר, וואָס יידן וואוינען אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. יידישע אונטערנעמער האָבן מיט זייער איניציאַטיוו און פעאיקייטן אַנטוויקלט אַ גאַנצע ריי צווייגן פון פּראָדוקציע, ווי די מעטאַל־אינדוסטריע, שפּילצייג, גאַלאַנטעריע־אינדוסטריע אאַז״וו, און דערמיט געשאַפן אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַר טויזנטער אַרבעטער, יידן און קריסטן.

אויך אינעם יידישן לעבן האָט טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ גרויסע ראָל. די פאַרשיידענע שטרעמונגען, וואָס זיינען טעטיק אין טשענסטאָכאָוו האָבן אויפגעשטעלט אַ גאַנצע ריי אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וואָס זיינען אַ צירונג פאַר טשענסטאָכאָוו.

עס איז אַ חוב פון היינטיקן דור אָפּצוגעבן כבוד די פאַרגאַנגענע דורות. ס׳איז אונדזער חוב אונטערצופירן אַ סך־הכל פון דעם, וואָס איז ביז איצט אויפגעטאָן געוואָרן דורך די טשענסטאָכאָווער יידן אויפן געביט פון ווירטשאַפט, קולטור אאַז״וו. צו דעם צוועק איז דורך אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער געשאַפן געוואָרן אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע פאַר פוילן ביים יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אַ קאָמיטעט, וואָס דאַרף אָרגאַניזירן דאָס אַרויסגעבן די מאָנאָגראַפיע פון יידן אין טשענסטאָכאָוו.

דער טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט ווענדט זיך צו אַלע טשענסטאָכאָווער אין פוילן און אין אַנדערע לענדער, צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיטן קאָמיטעט און צושטעלן אַלע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין זייער רשות (פאָטאָגראַפיעס, דאָקומענטן, צייטשריפטן אאַז״וו) ווי אויך מיטהעלפן מאַטעריעל דורכצופירן די געפּלאַנטע אויסגאַבע. אַדרעס פון קאָמיטעט:

היסטאָרישע קאָמיסיע ביים ייוו״אָ
וואַרשע, כלאָדנע 2.
פאַרן טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט.

אָדער:

יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו פאַרן מאָנאָגראַפיע־קאָמיטעט.

דעם 22טן מערץ 1942 האָט אַ ספּעציעלער מיטינג פון דער עקזעקוטיוו פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״ באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון פאָרטרעטער פון טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק צו באַשטעטיקן דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ טשענסטאָכאָווער אַלמאַנאַך, אין צוזאַמענהאַנג מיט די 25 יאָר הילפס־טעטיקייט, פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. דאָס בוך האָט געדאַרפט הייסן: ״25 יאָר ברודער־הילף״.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 23טן מאַי 1942. דעם אמת געזאָגט איז די אידעע פון אַרויסגעבן דאָס בוך פאַר אַ גרויסן טייל איבערגעגעבענע טוער פון רעליף געבליבן פרעמד. דער עיקר איז געווען צו שאַפן אַ גרעסערע סומע אַלס ערשטע הילף אין אויפבוי פאַר טשענסטאָכאָוו. ביידע זאַכן, סיי די סומע פון צען טויזנט דאָלער, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן, סיי די אויסגאַבע פון בוך האָט דעמאָלט אויסגעזען מער פאַנטאַזיע ווי ווירקלעכקייט.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט אונטערן נאָמען: „קאָמיטעט 25 יאָר טשענסטאָכאָווער ברודער־הילף״, וועלכער האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף זיין ערשטער זיצונג, מיטוואָך דעם 8טן יולי 1942, אויפן פאָלגנדיקן אופן:

פאָרזיצער: יעקב בער סילווער.

וויצע־פאָרזיצערס: לואיס שימקאָוויטש, ניסן צימערמאַן, הערי פייערשטיין, מרס. יעטאַ לעוונטשנער.

קאַסירער: יוסף קויפמאַן, סעקרעטאַר: ר. פעדערמאַן.

רעדאַקציע־קאָלעגיע: א. כראַבאַלאָווסקי, ר. פעדערמאַן, אַבא קויפמאַן.

עקזעקוטיוו מיטגלידער (לויטן אַלף בית):

## רעדאַקציע־קאָלעגיע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"


רפאל פעדערמאַן


אלקנה כראבאלאָווסקי


ד"ר רפאל מאהלער


אבא קויפמאַן


וואָלף גליקסמאַן

איזידאָר בערגער, סאמועל קאַרפּועל, מרס ראָוז קופּערמאַן, זיגמונד עפּשטיין, מרס. פּ. פייערשטיין, מ. פיינער, מרס. ר. פרייערמויער, מאָריס געלבער, כאַנע גליקסמאַן, יצחק גורסקי, ר. גראָדזענסקי, ד. גוטערמאַן, יוסף דזשייקאָבס, מרס. רעי קויפמאַן, יאַקוב קאָפּין (קאָ־פינסקי), יאַקוב ליווי, מרס. צ. ליווי, סימאָן ליפשיץ, אברהם ליטמאַן, אַנדזשע מאַנאָוויטש, סאַמועל אַבערמאַן, איזידאָר ריקמאַן, חיה וואַגאַ־ראַטמאַן, יוסף ראָזענבלאַט, איטשע זעלקאָוויטש, אברהם סענזער, מרס. סעידי סענזער, מרס. רעי סאָבאָל, נ. ווייסבערג, מאַקס ווילינגער, ה. ווין, עמאַנועל וואַרגאַן, מיכאל ווייסקאָפּ, דוד זיטמאַן, הערמאַן זיגאַס.

דער קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע ריי מי־טינגען, האָט צעשיקט צירקולאַרן מיט אַן אַנקעטע־בויגן צו אַלע לאַנדסלייט כדי צו שאַפן מאַטעריאַל פאַר דער אָפּטיילונג אין בוך: „ביאָגראַפיעס און מעמואַרן" און האָט איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט שיקאַגע, לאָס אַנ־דזשעלעס, דעטרויט און אַנדערע שטעט און מיט גרופּעס און לאַנדסלייט אין אַנדערע לענדער.

אויף איינער פון די זיצונגען פון „יונייטעד טשענ־סטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק" איז פאַרגעלייענט גע־וואָרן אַ בריוו פון דער אָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ארץ ישראל, וואו זיי באַריכטן, אַז זיי ווילן זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פון אויפבוי־פאָנד און פון דער אויסגאַבע פון טשענסטאָכאָווער אַלמאַנאַך. דער ערש־טער בריוו פון ארץ ישראל, וואו עס געפינען זיך די גרעס־טע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט נאָך אַמעריקע האָט אַרויסגערופן פרייד און געהויבן דעם מוט ביי די פאַר־זאַמלטע.

חוץ ארץ ישראל זיינען אייגעשטעלט געוואָרן פאַר־בינדונגען מיט טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס און פער־זאָנען פון בוענאָס איירעס (אַרגענטינע), מעלבאָרן (אויס־טראַליע), און לאָנדאָן.

### מאַטעריאַלן און רעדאַקציע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"

אין 1942 ווען די פּאַקטישע אַרבעט פון בוך „טשענ־סטאָכאָוו" האָט זיך אָנגעהויבן איז די רעדאַקציע געווען אָפּגעשניטן פון טשענסטאָכאָוו, און כמעט נישט געהאַט קיין שום מאַטעריאַל אין איר רשות, חוץ אַ נישט פולן

קאָמפּלעט פון „דאָס נייע וואָרט“ פאַר עטלעכע יאָר, וואָס לואיס שוואַרץ האָט מיט זיך מיטגענומען קיין אַמעריקע בעת זיין באַזוך אין טשענסטאָכאָוו; אַ פולן קאָמפּלעט פון „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען־בלאַט“, און „טשענס־טאָכאָווער וואָכנבלאַט“ און אַ גרעסערע צאָל „טשענסטאָ־כאָווער טאַגעבלאַט“, וואָס משה צעשינסקי (שיקאַגע) האָט צוגעשטעלט, אַ צאָל נומערן „אַרבעטער־צייטונג“, וואָס פריינד ראובן לוקס פון דעטראָיט האָט געזאַמלט און אַ צאָל נומערן „טשענסטאָכאָווער צייטונג“. וואָס האָבן זיך געפונען ביים פאָרזיצער פון „יונייטעד טשענסטאָ־כאָווער רעליף“, — פריינד אברהם בער סענזער.

אַ גרויסע הילף פאַר דער רעדאַקציע פון בוך זיינען געווען די מאַטעריאַלן און אַרטיקלען, וואָס זיינען געזאַמלט און צוגעשיקט געוואָרן פון ארץ ישראל, צומיינסטן גע־שריבן און באַאַרבעט דורך פייטל שמולעוויטש.

חוץ אים האָט פון ארץ ישראל אין אַ גרויסער מאָס צוגעשטעלט מאַטעריאַל פאַר דער רעדאַקציע גאָדל פריי־טאָג, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרן צום אַרטיקל „טשענ־סטאָכאָווער אין ארץ ישראל“.

פון ארץ ישראל זיינען אויך אָנגעקומען די ערשטע צוויי פּראָטאָקאָלן פון חורבן טשענסטאָכאָוו, צוזאַמענגע־שטעלט פון ד״ר יוסף קרוק לויט דעם עדות־זאָגן פון די צוויי טשענסטאָכאָווער פּליטים אברהם איזביצקי און בראַנדעס.

כדי אָבער צו געבן אַ מער אויספירלעך בילד וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו און האָבן מער מאַטעריאַלן וועגן דער נאַצי־צייט, דירעקט פון טשענסטאָכאָוו, איז דאָס אַרויס־געבן פונעם בוך אָפּגעהאַלטן געוואָרן. די מלחמה האָט זיך גראָד דעמאָלט געענדיקט, אַ פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים האָט זיך איינגעשטעלט און עס וואָלט געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער גאַנצקייט פון בוך, אויב די צייט פון חורבן, אויספירלעך באַלויכטן דורך עדי ראיה, וואָלט ניט אַריין אינעם בוך. גראָד דער מאַ־טעריאַל האָט געדאַרפט פאַרשריבן ווערן אַלס אייביקער אָנדענק פון אונדזערע קדושים. אויך פאַרשיידענע דער־גאַנצונגען האָבן גורם געווען, אַז דאָס בוך זאָל טראָגן דעם נאָמען „טשענסטאָכאָווער יידן“.

אין דער רעדאַקציע, וואָס האָט געפּלאַנט דעם צו־זאַמענשטעל פון בוך און באַטראַכט דעם אינהאַלט פון די אַרטיקלען האָבן אָנטייל גענומען: א. כראַבאַלאָווסקי, רפאל פעדערמאַן, אבא קויפמאַן און יעקב בער סילווער.

לויט דעם באַשלוס פון דער רעדאַקציע איז איינגע־לאַדן געוואָרן צו רעדאַגירן דאָס בוך, דער באַקאַנטער היסטאָריקער ד״ר רפאל מאהלער, וועלכער האָט אַליין באַאַרבעט און פאַרפולקאָמט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען. דער גרעסטער טייל מאַטעריאַל פאַר דעם בוך איז באַאַרבעט געוואָרן פון א. כראַבאָלאָווסקי.

נאָכן אָנקומען פון פ׳ וואָלף גליקסמאַן קיין ניו־יאָרק האָט די רעדאַקציע־קאָלעגיע אים באַשטימט אַלס מיט־גליד. חוץ אַ ריי צוגרייטונג־אַרבעט, וואָס ער האָט אויסגע־פירט פאַרן בוך, האָט פ׳ גליקסמאַן אַ סך נוצן געבראַכט ביים צוזאַמענשטעלן דעם מאַטעריאַל פון דער צייט פון חורבן, וועלכן ער אַליין האָט צום גרעסטן טייל איבער־געלעבט אין טשענסטאָכאָוו.

פ׳ וואָלף גליקסמאַן האָט צוזאַמען מיט פ׳ רפאל פעדערמאַן איבערגענומען די טעכנישע אַרבעט ביים צו־זאַמענשטעלן דעם גאַנצן מאַטעריאַל פונעם בוך, צו־גרייטונג צום דרוק און אַ ריי אַנדערע אַרבעטן.

דער טאָג פון איבערגעבן דאָס בוך צו דער עפנט־לעכקייט איז באַשטימט געוואָרן אויף מאַי 18, 1947.




צוזאַמענקונפט געווידמעט דעם דערשיינען פון דער פּראָיעקטירטער אויסגאַבע פון בוך

## אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"



אַברהם יעקב סענזער



יוסף קויפמאַן



יעקב בער סילווער



יאַנקל קאַפּינסקי (קאַפּין)

## מאַהלער רפאל ד״ר

געבוירן דעם 15-טן אויגוסט 1899 אין סאַנדז (מערב-גאַליציע). ביז 15 יאָר געלערנט אין דער ישיבה און אין 1918 געענדיקט די גימנאַזיע אין קראָקע. האָט שטודירט אין ווין היסטאָריע און פילאָסאָפיע און דאָרט באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר אין 1922. נאָכן צוריקקומען קיין פוילן האָט ער געלערנט אַלגעמיינע און יידישע געשיכטע, צוערשט אין דער העברעאישער גימנאַזיע „יבנה" אין לאָדזש, דערנאָך אין גימנאַזיע און ליצעאום „אסכלה" אין וואַרשע. דאָ האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרשן די געשיכטע פון יידן בכלל און פון יידן אין פוילן בפרט. פון זיין יוגנט אָן האָט ער געהערט צו דער לינקער פועלי-ציון באַוועגונג. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין דעם וואָכנבלאַט „אַרבעטער צייטונג" און אין „פרייע יוגנט" און געווען אַקטיוו אין דער יוגנט- און דער סטודענטישער-באַוועגונג.

אין זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער זיך פאַרבונדן מיטן „ייוואָ" פון דער צייט פון דער גרינדונג אין 1925 און דאָרט נאָמינירט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער היסטאָרישער סעקציע.

סוף 1937 איז ער געקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק. ער איז געוואָרן אַנגאַזשירט אַלס לערער אין סעמינאַר פון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. אין דזשעפערסאָן סקול אוו סאָשעל סייענס און אין דער ניי-געגרינדעטער סקול אוו דזשואיש סטאָדיס.

אין אַמעריקע האָט ער פאָרגעזעצט זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין פאַרבינדונג מיטן „ייוואָ". אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז ער טעטיק אין קאָמיטעט פון יידישע שרייבער, קינסטלער און וויסנשאַפטלער (געגרינדעט אין 1941 פאַר אייניקייט פון יידישע קבוצים אין דער וועלט) און אין „איקוף".

ער פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין דער „צוקונפט", „יידישע קולטור", „איינייקייט" און אין „טאָג". אין זיינע ספּעציעלע געביטן פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט זיינען: די געשיכטע פון יידן אין פוילן, די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק, רעליגיעז-סאָציאַלע באַוועגונגען ביי יידן (קראימער-חסידים) און די אַנטוויקלונג פון דער יידישער היסטאָראָגראַפיע.

אין פוילן איז ער געווען רעדאַקטאָר פון די אויסגאַבן: „יונגער היסטאָריקער", „בלעטער פאַר געשיכטע", „דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן".

ד״ר מאַהלער האָט פאַרעפנטלעכט צענדליקע אָפּהאַנדלונגען אין די „ייוו״אָ בלעטער", היסטאָרישע שריפטן ייוו״אָ. „דזשואיש קוואָטערלי רעוויו" „מיעשענטשניק זשידאָווסקי" „ענציקלאָפּעדיאַ דזשודאַאיקאַ" „דזשואיש סאָשל סטאָדיעס, היסטאָריאַ דזשודאַאיקאַ".

פון ד״ר מאַהלער'ס ווערקן זיינען דערשינען:

„מקורים צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין דער צייט פון מיטלאַלטער", וואַרשע, 1930 (צוזאַמען מיט ד״ר עמנואל רינגעלבלום);

דער קאַמף צווישן השכלה און חסידות אין גאַליציע", ביבליאָטעק פון ייוו״אָ, ניו-יאָרק, 1942;

„דזשואיש עמאַנציפּיישאָן — אַ סילעקשאָן אָוו דאָקומענטס", אויסגאַבע אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, ניו-יאָרק, 1942;

„דזשוס אין פּאָבליק סערוויס ענד ליבעראל פּראָפעשאָנס אין פּאָלאַנד 1918—1939", אויסגאַבע פון אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע;

„געשיכטע פון יידן אין פוילן (ביז צום 19-טן י״ה)", דערשינען אין ארץ-ישראל אויף העברעאיש אין פאַרלאַג „ספרית פועלים", 1946; דערשיינט בקרוב אין יידיש אין פאַרלאַג „איקוף".

אין די נאָענטסטע טעג דערשיינט ד״ר מאַהלער'ס ווערק: „קראימער — אַ יידישע גאולה-באַוועגונג אין מיטלאַלטער" (פאַרלאַג אליהו שולמאַן, ניו-יאָרק).



ד״ר עמנואל רינגעלבלום
איינער פון די איניציאַטאָרן פון אַ געשיכטלעכן בוך וועגן טשענסטאָכאָוו

איייניקע מיטאַרבעטער פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"



י. ש. הערץ



גינאַ מעדעם




# ביאָגראַפיעס

---

## א

### אַבערמאַן סעמיועל

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 6-טן יולי 1898. איז געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע אין 1913. ער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק. זיין זון, גוסטאַוו, האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

### אָדערבערג משה

די אָדערבערגס האָבן געהערט צום טשענסטאָכאָווער יחוס. משה, איינער פון זייערע זין איז געבוירן געוואָרן 1891. ער האָט אין הויז פון זיינע עלטערן באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע און פרומע יידישע דערציאונג, אין חדר און דערנאָך אין דער קרימאַלאָווער ישיבה אין טשענסטאָכאָוו.

די פרייהייט-באַוועגונג אין די יאָרן 1904/5, וואָס איז אויך אַריינגעדרונגען אין דער ישיבה און אין שטיבל, האָט אים מיטגעריסן. זייענדיק 14 יאָר אַלט, האָט ער, קעגן דער טראַדיציע פון זיין היים, אָנגעטאָן אַן אַרבעטער-בלוזע און אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערן-יינגל ביי אַ שלאָסער.

וועלוול דער בונדיסט, וואָס האָט געאַרבעט מיט אים אין שלאָסער-ווערקשטאַט, האָט זיך שטאַרק באַמיט מ. אָ.'ן אַריינצוציען אין „יוגנט-בונד". די אידעע האָט אָבער אויף אים נישט געווירקט. אים האָט געצויגן צום פועלי-ציוניזם; באַזונדער דערפאַר, וואָס איניקע פון זיינע ישיבה-חברים האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעשלאָסן אָן דער באַוועגונג.

אין דער פועלי-ציון אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו האָט מען אים גערופן „בן עקיבא". כדי בעסער צו קאָנען דינען דער פאַרטיי, וואָס האָט זיך געניטיקט אין געווער, וואָס מען האָט געבראַכט פון אויסלאַנד און אָפט געדאַרפט אַ סך פאַרריכטן האָט ער באַשלאָסן צו עפענען אַ שלאָסער-וואַרשטאַט אין זיין היים. זיין פּלאַן האָט ער אויסגעפירט צוזאַמען מיט מאיר גרייצער — אַ גוטער שלאָסער-אַרבעטער.

דער צווייטער פּלאַץ פאַר זיין שלאָסעריי איז געווען אין אַ קעלער אין יוסף אָדערבערג'ס הויז אויף וואַרשעווער גאַס. דאָס הויז האָט זיך געגרענעצט מיט מאַרקוספעלד'ס „קאַפּעלושאַרניע". איין מאָל האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט די קאַפּעלושאַרניע און אויך דאָס הויז, וואו דער שלאָסער-וואַרשטאַט האָט זיך געפונען און דאָרט דורכגעפירט אַ שטרענגן „אָביסק". גראָד האָבן זיך דעמאָלט אין קעלער געפונען נישט נאָר רעוואָלווערן און רעוואָלוציאָנערע קולטור, נאָר אויך צוויי אַנטלאָפענע זעלנער פ.פ.'סאָוצעס, וואָס איינער פון זיי האָט דערשאָסן זיין אָפיציר, דער צווייטער איז אַנטלאָפן פון אַ מיליטערישער טורמע, וואו ער איז געזעסן פאַר פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, וואָס האָט גערופן צו אַן אויפשטאַנד. צום גליק האָט די פּאָליציי דעם קעלער נישט אַנטדעקט. אָבער נאָך דעם איבערפאַל פון דער פּאָליציי איז געוואָרן אויס מיטן „וואַרשטאַט".

מיט אַ צייט שפּעטער איז משה געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן קיין דייטשלאַנד. די פּאָליציי, וואָס האָט אים געזוכט, האָט אַרעסטירט אַלס משכן זיין ברודער נתן. די עלטערן איז דאָך געלונגען מיט אַ גרעסערע סומע געלט אים אויסצוקויפן.

נאָך אַ צייט איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און, כדי נישט אַרעסטירט צו ווערן — אַוועק קיין לאָדזש. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט פון 1908 ביז 1913. צומיינסטן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט פּאַרטיי- און קולטור-אַרבעט. די אונטערערדישע פּאַרטיי-טוער האָבן אין דעם פּעריאָד אויסגענוצט די קולטור-פאַראיינען אַלס לעגאַלע מיטלען פאַר זייער טעטיקייט.

אין 1913 איז משה אָדערבערג צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און איז, צוזאַמען מיט משה צעשינסקי, געוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום דריטן צוזאַמענפאָר פון די פועלי-ציון אין קראָקע.

אַ קורצע צייט נאָכן צוזאַמענפאָר איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער נישט געפונען, סיי אין די לאַנדסמאַנשאַפט-פאַראיינען, סיי אין זיין אייגענער פועלי-ציון פּאַרטיי, דעם לעבעדיקן פייער, וואָס האָט געברענט און געגליט אין די יידישע מאַסן אינדערהיים. ער באַשליסט צו גרינדן פּאַרטיי-פאַראיינען פון דער יוגנט, וואָס זאָלן ווערן דער פייער-זייל פון סאָציאַליזם און יידישע באַפרייאונג.

זייענדיק אין שיקאַגאָ, האָט ער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים, געגרינדעט

דעם פועלי-ציון-סאָציאַל-דעמאָקראַטישן בּרענטש 2, אַ פאַראיין פון אמת'ע באָראָ-כאָוויצעס, מיט „באָראָכאָוויזם" אַלס שלאַג-וואָרט. ער איז אויך געווען דער מיט-גרינדער פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישן בר. 3 אין שיקאַגאָ, מיט אַ יוגנט פון אַ ברייטן פאַרנעם.

ווען עס הייבּט זיך אָן די שול-באַוועגונג בּיי די פּועלי-ציון, געפינט ער זיך אין די פאָדערשטע רייען. ער ווערט פאַרוואַל-טער פון די מכבי'ער-שולן אין שיקאַגאָ. איז אויך אַקטיוו אין דער הילף-אַרבּעט פאַר דער אַלטער היים. ער ווערט אַן אַק-טיווער מיטאַרבּעטער אין „פּיפּלס רעליף" און ווען מענדל שוכטער רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס פאַרוואַלטער אין שיקאַגאָ — פאַרנעמט ער זיין פּלאַץ.

אין דערזעלבער צייט איז ער אויך דיסטריקט-סעקרעטאַר פון די פּועלי-ציון און מיטרעדאַקטאָר פון דער שיקאַגער אָפּטיילונג פון „אידישן קעמפער", אונ-טער דער רעדאַקציע פון דוד פּינסקי, שפּעטער אונטער דער באָראָכאָוו-זרובבל רעדאַקציע.

אין 1921, ווען עס קומט פאַר די שפּאַל-טונג אין דער פּועלי-ציון וועלט-באַוועגונג — באַטייליקט ער זיך אין דער גרינ-דונג-פאַרזאַמלונג פון די לינקע פּ"צ, ווערט אַ מיטגליד פון צענטראַל-קאָמיטעט און מיטרעדאַקטאָר אין צענטראַלן פּאַר-טיי-אָרגאַן. ער ציט זיך צוליב דעם אַרי-בּער קיין ניו-יאָרק. ער שרייבּט די אַלע יאָרן אונטער דעם פּסעוודאָנים: מ. ניו-מאַן און דרוקט אויך אַרטיקלען אונטער די נעמען: מ. בּערגלזאָן און יוסף ניו-מאַן אין דער אַרגענטינער „יידישער פּרעסע", אין דער „אַרבּעטער-וועלט" אין וואַרשע, אין דער „ניי-וועלט" אין ארץ-ישראל און אין „פּראָלעטאַרישן געדאַנק" אין ניו-יאָרק.

ווען עס איז אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע אויפגעקומען די באַוועגונג פאַר די באָראָכאָוו-קינדער-שולן — האָט שי-קאַגאָ געגרינדעט צוויי שולן — און משה אָדערבּערג איז געווען זייער פאַרוואַלטער.

אין די לעצטע יאָרן איז ער טעטיק, אַחוץ אין דער פּ"צ פּאַרטיי, אויך אין יידישן אַרבּעטער-קאָמיטעט, אין געווערק-שאַפטן „הסתדרות" קאַמפּיין, אין אַרבּע-טער רינג און אין טשענסטאָכאָווער לאַנדס-מאַנשאַפטס-פאַראיין.

משה אָדערבּערג איז געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ; געווען דריי יאָר זיין פּאַרזיצער און אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין אַלע זיינע אונ-טערנעמונגען.

## אָוועצקי (אָוויעטשקע) מאָריס

שיקאַגאָ



זון פון יוסף און מאַרגולע. געבּוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאַנואַר 1890. ער האָט חתונה געהאַט מיט צעשע קאָניעצ-פּאָלסקי. געקומען קיין אַמעריקע דעם 2-טן יולי 1913. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ. זיינע זין — ווילי און מאַרטין און זיין איידעם, מאָריס גינס-בּערג האָבּן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## אָוועצקי יאַנקל

זון פון פּנחס און יענטל. געבּוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן מערץ 1886. געקומען קיין אַמעריקע דעם 9-טן יאַ-נואַר 1909. ער איז אַ מיטגליד פון בּרענטש 295 אַרבּעטער רינג. זיין זון סאָול האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



די עלטערן פון יאַנקל אָוועצקי

## אויסלענדער אפרים

שיקאַגאָ

זון פון יוסף און חנה. געבּוירן אין ניו-יאָרק דעם 15-טן יאַנואַר 1903. ער איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער עיד סאָסייעטי אין שי-קאַגאָ. זיין זון, לייבּל, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## איזביצקי איזידאָר

זון פון חיים און רבקה. געבּוירן אין טשענסטאָכאָוו אַפּריל 1895. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. ער איז אַ מיטגליד אין דער ערשטער דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו-יאָרק.

## איזשביצקי אַבֿרהם

תּל-אָבֿיבֿ



דער זון פון וואָלף און אסתּר. געבּוירן אין יאָר 1915. זיין געזעלשאַפטלעכע דערציאונג האָט ער באַקומען אין דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער יוגנט-אָרגאַ-ניזאַציע „פרייהייט" און אין „ירדניה". פון יאָר 1932 אָן איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אַר-בּעטס-פּאַרטיי „התאחדות", שפּעטער מיט-גליד פון פּאַרטיי-ראַט. נאָך דער אויס-זידלונג פון די טשענסטאָכאָווער יידן — איז ער אַנטלאָפן קיין בענדין און זיך געשטעלט אין די רייען פון די אונטער-ערדישע קעמפער, וואָס איז צומיינסטן באַשטאַנען פון דער יוגנט, איינצל-געראַטעוועטע פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. שפּעטער האָט זיך דער אונטערערדישער קאַמף אַריבּערגע-טראָגן קיין אויבערשלעזיע.

אין שליחות פון דער באַוועגונג איז אים געלונגען צו ראַטעווען אַ סך יוגנט-לעכע פון לאַגערן און געטאָס און זיי אויסבאַהאַלטן אין די בּאַנקערס (פּאַפּי-לערער נאָמען פאַר אַ באַהעלטעניש). ער איז אַרומגעפאָרן מיט געפעלשטע פּאַפּירן אַלס פאָלקס-דייטש. ער האָט געהאָלפן בּיים שמוגלען די פּויליש-סלאָוואַקישע גרענעץ און דערנאָך די סלאָוואַקיש-אונ-גאַרישע גרענעץ.

אין בודאַפּעשט איז ער ווידער געווען טעטיק בּיים אָרגאַניזירן די יוגנט. איז געווען אַ מיטגליד פון ועד „הגנה" און „הצלה" (זעלבּסט-שוץ און רעטונגס-קאָ-מיטעט). אין מאַי 1944 איז ער געווען דער ערשטער אַריבּערצוגיין די אונגאַ-ריש-רומענישע גרענעץ און איז אָנגע-קומען קיין בוקאַרעשט. אויף דעם וועג זיינען שפּעטער געגאַנגען הונדערטער פּליטים. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט דערגרייכט בוקאַרעשט. באַלד דערנאָך איז ער שוין לעגאַל אַנטלאָפן פון קאָנ-סטאַנץ קיין ארץ-ישראל, וואו ער איז אָנגעקומען דעם 25-טן מאַי, 1944.

## איזראַעל יוכבד

(פון דער היים: רובעל)

שיקאַגאָ



טאָכטער פון משה און פייגע רובעל; געבוירן 25-טן יוני, 1894, אין פיעטריקאָוו. זייענדיק 9 יאָר אַלט האָט זי די מוטער אַוועקגעגעבן צו אַ שניידערין, וואו זי האָט געאַרבעט צוויי יאָר. איר עלטערע שוועסטער, רבקה, וועלכע אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו, נעמט זי דערנאָך מיט קיין טשענסטאָכאָוו, וואו זי אַרבעט צוזאַמען מיט דער שוועסטער ביי מאַנדייט. אין עלטער פון 12 יאָר טרעט יוכבד איזראַעל אַריין אין „בונד" און נעמט אַנטייל אין די סטרייקן, וואָס דער „בונד" פירט אָן צווישן די שניידער-אַרבעטער. אין 1913 האָט זי חתונה מיט איטשע דוד, די קראַסערקעס אַן איייניקל, און זי קומט צוזאַמען מיט איר מאַן און איר שוועסטער קיין אַמעריקע.

## איזראַעל (איזראַעלעוויטש) העריס



זון פון דוד און דזשיען. געבוירן אין יאָר 1867 אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1888. געווען דער דירעקטאָר און מיטגליד פון 22 אָרגאַניזאַציעס אין ניו-יאָרק, אויך פון פּאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק. געשטאָרבן אין יוני 1941.

## אייזנער טשאַרלס

זון פון משה און מלכה, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 2-טן יאַנואַר 1892. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן אָקטאָבער 1910.

## אייזנער איצעק (יצחק)



געבוירן אין פּאַלימאָניץ, ביי קרזשעפּיץ (פּוילן), דער מאַן פון מינדעל אייזנער און פאָטער פון לעמעל, פּנחס, לייביש, ווילי, העראָלד, מערי, ביטריס און פרענסיס. געשטאָרבן אין ניו-יאָרק דעם 30-טן יולי 1940 אין עלטער פון 95 יאָר.

## אייזנער וויליאַם

זון פון איזידאָר און מינע, געבוירן דעם 7-טן מערץ 1892 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1907.

## אייזנער פּנחס



זון פון מרדכי און שרה. געשטאָרבן אין עלטער פון 79 יאָר אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1937.

## אַלטמאַן העניר

ניו ראַשעל, נ. י.

זון פון קאָפּעל און פייגעל. געבוירן אין פרזשערעוו אין מערץ 1887. געקומען קיין אַמעריקע אין יולי 1920.

## אַמסטערדאַם בנימין

פילאַדעלפיע

דער זון פון אַברהם און גוטא. געבוירן 1903 אין אמסטאָוו ביי טשענסטאָכאָוו. מיטגליד פון בני-ברית שלום סופער. זיין זון גוסטאַוו איז אַ מאַיאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## אַמסטערדאַם טשאַרלס לואי

פילאַדעלפיע

דער זון פון אַברהם און גווענדלין. געבוירן יוני 1890 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1902.

## אַמסטערדאַם שלמה

פילאַדעלפיע

דער זון פון יואל און פערל. געבוירן דעם 20-טן מאַי 1881 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. מיטגליד פון די וואַרשעווער סאָשאַל.

## אַסטאָר אַלטער (אַסט)

שיקאַגאָ



דער זון פון יהושע און מינדעל. געבוירן אין לעלעוו (פּוילן) דעם 25-טן סעפּטעמבער 1888. ער האָט חתונה געהאַט מיט חיה ווייספעלנער און געקומען קיין אַמעריקע אין אַפּריל 1913 פון טשענסטאָכאָוו. איז אַ מיטגליד אין דער בענדינער סאָסייעטי, היברו פּראָגרעס, און אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## דוד און חנה אַקערמאַן

לאָנדאָן

געבוירן אין 1882 אין לובלין, ביי פרומע עלטערן. צו 14 יאָר איז ער אַנגעקומען אַלס לערנייונגל ביי בראָנז-אַרבעט און צו 16 יאָר איז ער אַוועק קיין וואַרשע, פונוואַנען ער קומט אין 1903 צוריק קיין טשענסטאָכאָוו.

זייענדיק נאָך אין וואַרשע האָט ער שוין געהערט צום „בונד". אין טשענסטאָכאָוו האָט ער זיך באַקענט מיט דוד מאַלאַרסקי, מענדל שוכטער, מאיר פיינרייך, קאָפּל גריכטער, און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער ס.ס.ישער אָרגאַניזאַציע. בעת אַ סטרייק אין וויינבערגס פאַבריק האָט ער זיך באַקענט מיט יוסף נומער איינס (ד"ר יוסף קרוק) וואָס האָט אין דוד אַקערמאַנען דערקענט דעם טיפּ פון אַ יידישן באַ-

וואוסטזיניקן אַרבעטער און האָט אים באַלד איינגעשפּאַנט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. צוזאַמען מיט אהרן און נחום סינגאַלאָווסקין האָבן זיי געהאָלפן אויפבויען די ס.ס.'ישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו.

ווען דוד מאַלאַרסקי איז געווען אַרעסטירט אין 1905 איז דוד אַקערמאַן געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע צו „זלמן בורזשוי", וועלכער האָט אים באַקענט מיט אַ „טעכניק", וואָס האָט געדאַרפט העלפן באַפרייען מאַלאַרסקין פון דער תפיסה.

בשעת דעם אָקטאָבער־סטרייק אין 1905 האָט דוד אַקערמאַן אַלס פאַרטרעטער פון קאָמיטעט אָנגעפירט מיט דער באַשפּייזונג פון די סטרייקנדיקע יידישע אַרבעטער, איינגעאָרדנט אין גאָלדע'ס טשיינע.

אין 1906 האָט ער חתונה געהאַט מיט חנה איכל פון לובלין.

אין 1909 האָט ער פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און איז אַוועק קיין וואַרשע. מיט אַ יאָר שפּעטער — קיין לאָנדאָן. דאָרט צום ערשטן געאַרבעט אַלס זילבער־שמיד, דערנאָך איינגעאָרדנט פאַר זיך אַ ווערקשטעל פון פּאָפּולערע צירונג. מיט דער צייט האָט ער אַנטוויקלט אַן עקספּאָרט־און אימפּאָרט מסחר פון פּאָפּולערע צירונג און פאַרשידענע גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען ביי וואָס ער איז טעטיק ביז היינט־צו־טאָג.

ביז 25—1924 איז ער אין לאָנדאָן געווען פאַרבונדן מיט דער ס.ס.ישער גרופּע, מיט וועלכער ס'האָט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעפירט ד"ר יוסף קרוק. אַקערמאַן האָט זיך אויך באַטייליקט, צוזאַמען מיט ד. דאַווידאָוויטשן, אין דער גרינדונג פון „אָרט" אין לאָנדאָן און אָנטייל גענומען אין אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפטלעכע און הילפס־אונטערנעמונגען.

זיין הויז אין סטענפאָרד היל איז געווען דאָס אָרט וואו עס פלעגן וואוינען ד"ר יוסף קרוק און אַ גאַנצע ריי פירער פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, ווען זיי האָבן באַזוכט לאָנדאָן.

זומער 1946 האָבן דוד און חנה אַקערמאַן באַזוכט ניו־יאָרק, זיינען אויפגענומען געוואָרן ביי אַ מיטינג פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און בייגעשטייערט צום הילפס־פאָנד פאַר טשענסטאָכאָוו.

דוד און חנה אַקערמאַן זיינען ביזן היינטיקן טאָג טעטיק אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין לאָנדאָן. זיי האָבן דריי זין: דזשעראָם (אין דער ר.א.פ. בעת דער מלחמה), ערני און מאָרי.

---



דער פאָטער פון צינע אָרזשעך

## אָרזשעך צינע



זון פון אַבאָ און פייגל. געבוירן דעם 4־טן יוני 1893 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין קאַנאַדע דעם 26־טן יאַנואַר 1926. געהערט צום אַרבעטער רינג; גרינדער פון בונדישן ברענטש; גרינדער פון דער טשענסטאָכאָווער עיד סאָסייעטי און פון הילפס־פאַראיין ביי דער בעקער־יוניאָן.

אָרזשעך צינע, פון פאַך אַ בעקער, איז אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ טעטיקער טוער אין די פּראָפ. פאַראיינען, אַן אַלטער בונדישער טוער נאָך אין די צאַרישע צייטן, אויך אַ מיטאַרבעטער אין דער טשענסטאָכאָווער „אַרבעטער־צייטונג."

אין 1938 באַזוכט צינע אָרזשעך זיין היימשטאָט טשענסטאָכאָוו, וואו ער ווערט פייערלעך אויפגענומען פון זיינע אַמאָליקע חברים.

---

# ב

## באַראָן מאַקס ה.

(טשענסטאָכאָווסקי)



דער זון פון יצחק און ביילע. געבוירן אין 1891. זייענדיק 5 יאָר אַלט האָט ער פאַרלוירן זיין מוטער און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן ביי זיין באָבען. ביז צוועלף יאָר געגאַנגען אין חדר, דערנאָך אָנגעהויבן אַרבעטן אין פייגעס ליכט־פאַבריק אויף קאזשע גאַס 5. אין 11—1910 האָט ער שוין געאַרבעט אַלס פריזירער ביי איזידאָר פּאָלא (איסר פּאקולא).

אין אָקטאָבער 1912 איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן, און פון דאָרט, אין אַפּריל 1913 געקומען קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. אין יוני 1914 גראַדואירט ער פון אַן ענגלישער אָנפאַנגשול און אָנגעקומען אין דזשאָן מאַרשאַל מיטל־שול. דערנאָך געלערנט אין לואיס אינסטיטוט, אין שיקאַגאָער אוניווערסיטעט און אין 1921 דאָרט באַקומען דעם פילאָזאָפיע־דיפּלאָמע, דערנאָך ווייטער פאָרטגעזעצט זיין לערנען.

אין 1924 שטודירט ער אין פּאַריזער סאָרבאָן און באַזוכט אַ גאַנצע ריי לענדער אין אייראָפּע. אין יוני דעמזעלבן יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט פעליציאַ רובינעק, פון וואַרשע. זייער טאָכטער גוטאַ איז 16 יאָר אַלט. אין אַמעריקע האָט ער אָנגענומען זיין מוטערס מיידלשן פאַמיליען־נאָמען: באַראָן. אַ צייט געווען לערער פון פראַנצויזיש און שפּאַניש אין פאַרשיידענע שיקאַגער אָנפאַנג און מיטל־שולן און איצט איז ער לערער פון די זעלביקע שפּראַכן אין דער דע פּאָל אַקאַדעמיע.

---

## באַלזאַם יאַקוב

זון פון חיים און חנה. געבוירן דעם 18־טן דעצעמבער 1877 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען פון וואַרשע קיין אַמעריקע דעם 7־טן סעפּטעמבער 1909 מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 260 אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק.

## באַרזשיקאָווסקי מענדעל



זון פון יצחק און פרימעט. געבוירן אין פּילץ (פּוילן). ער איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1918 אין עלטער פון 39 יאָר.

## באַרזשיקאָווסקי פייגע חיה



טאָכטער פון יהושע יעקבֿ און מינדעל שוואַרץ. געבוירן אין לעלעוו אין 1879.

## בוכנער קאַרל

זון פון חיים און איטע. געבוירן דעם 16־טן אויגוסט 1901. ער האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1914 און איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1919. חתונה געהאַט מיט אסתר ווייסהאַלץ. ער איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו־יאָרק און לעצטנס פאַרנומען דאָרט דעם אַמט פון פּרעזידענט.

## בוים מאיר

(מאיר ביטשנער)



דער זון פון לייבל און לאה. איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען איינער פון די עלטסטע און באַקאַנטסטע מיטגלידער פון דער „חבֿרה קדישא" און דאָרט געווען טעטיק ביז אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. אויך האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פון די חברות „הכנסת אורחים" און מלבוש ערומים".

געשטאָרבן דעם 19־טן מערץ 1938 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 102 יאָר.

## בוים איטע

(פון דער היים: ווינדמאַן)



די טאָכטער פון פישל און חנה. געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס צדקית. זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1916 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 70 יאָר.

## בוים שלום

שיקאַגאָ



זון פון מאיר און איטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10־טן דעצעמבער 1883. אין יאָר 1903 פאַרלאָזט ער טשענסטאָכאָוו און קומט קיין ענגלאַנד. קיין אַמעריקע קומט ער אין 1907. ער איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון אַרבעטער־רינג, געווו. פּרעזידענט פון דער טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ און דער סעקרעטאַר פון רעליף־קאָמיטעט ביים נויט־פאָנד א. נ. פון סאָול בוים.

## בוים עדנאַ

(פון דער היים: האַנטווערקער)

שיקאַגאָ

טאָכטער פון נפתלי און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885. זי איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. איז טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט און אַ ריי וויכטיקע אינסטיטוציעס, ווי: די פעדעראַציע פון פּוילישע יידן, „הדסה", „עזרה" און טשענסטאָכאָווער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## בוים ישראל יצחק

שיקאַגאָ



זון פון וואָלף און דבורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15־טן יולי 1898. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25־טן נאָוועמבער 1913. מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין דעם טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פּאַראיין אין שיקאַגאָ.

## ביטטער טאָבע

שיקאַגאָ

טאָכטער פון בערל און חיה בראָמבערג. געבוירן אין גריצע. געקומען קיין אַמעריקע דעם 11־טן יוני 1911. דער זון הערמאַן האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ביאַליק גרשון (דזשאָרדזש)



זון פון מענדעל און מרים. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10־טן יוני 1893. געקומען קיין אַמעריקע דעם 13־טן נאָוועמבער 1913. ער איז אַ מיטגליד פון די „טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס" אין ניו־יאָרק און וויצע־פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די כשרע בוטשערס.

## ביאַלעק הלל (הערמאַן)



זון פון דניאל און איידל. געבוירן אין פּאַיענטשנע (פּוילן) דעם 10טן יולי 1881. געוואוינט אין שטראַסבורג, פראַנקרייך. געקומען קיין אַמעריקע דעם 9-טן סעפּטעמבער 1939. ער האָט צוויי זין אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

## ביאַלעק רחל



די פרוי פון הלל, געפינט זיך אין פראַנקרייך זייט 1939.

## בידאַ העלען



טאָכטער פון אַברהם און יענטע. געבוירן דעם 21-טן מאַי 1898 אין טשענסטאָכאָוו. האָבנדיק אַ נייגונג צו סצעניִשער קונסט, פאַרלאָזט זי אין 1912 טשענסטאָכאָוו און פאָרט קיין לאָנדאָן. דאָרט טרעפט זי זיך מיט רוזשע שקלאַרז, די פרוי פון אַקטיאָר מאַקס ברין, וועלכע אַנגאַזשירט זי אַלס ראָריסטקע אין יידישן פּאַוויליאָן-טעאַטער. די ערשטע ראָלע האָט זי געשפּילט צוזאַמען מיט יעקב זילבערט — דאַמאָלט געקומען אַלס גאַסט-שפּילער פון אַמעריקע — אין „ציגעלע די בלינדע" און אין „ישיבה בחור". אין 1913 האָט זי געשפּילט אין פּאַריז מיט יעקב ליבערס, אונטער דער



בידאַ אַברהם



בידאַ יענטע

דירעקציע פון אַקסעלראָד, אין פּאַרשיידענע מעלאָדראַמעס. זי האָט אויך געשפּילט אין אַנטווערפּען. בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט זי געשפּילט אין דענעמאַרק און אין שוועדען מיט אַ גרופּע וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן, צווישן זיי מר. און מרס. ביעלאַווסקי, ראָטשטיין און אַנדערע.

אין 1916 קומט העלען בידא קיין אַמעריקע. דעם ערשטן סעזאָן שפּילט זי אין טאָראָנטאָ אונטער דער דירעקציע פון שאָר און ליפּמאַן אין „ליריק"-טעאַטער. דערנאָך שפּילט זי אין שיקאַגאָ, סט. לואיס, קליוולאַנד, דעטראָיט, וויניפּעג. די לעצטע יאָרן — אין ברוקלין, אין פּאַרקוועי, און אין האָפּקינסאָן טעאַטער. אויך אין בראָנקס אַרט טעאַטער האָט זי אויפגעטראָטן אין די לעצטע סעזאָנען.

מיט רודאָלף שילדקרויטן טרעט זי אויף אין „גאָט פון נקמה" — אַלס רבקהלע, און אין „שיילאָק" — אַלס לאָנצילאָט. אויך האָט זי געשפּילט מיט יאָזעף שוינגאָלד, באָריס טאָמאַשעווסקי, לעאָן בלאַנק, בערטאַ קאַליש, יעקב בן-עמי (די „פּוסטע קרעטשמע") ; אויך אַלס מויטע אין די „גרינע פעלדער". ווי אויך מיט לודוויק זאַץ און ציליע אַדלער אין „גזלן".

אַ ר פּאָטער, אַברהם בידא, דער זון פון ראובן און חיה, איז געבוירן אין דזשאלאָשין. אין עלטער פון 78 יאָר, אין 1930, איז ער געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

די מוטער, יענטע בידא, טאָכטער פון נח און ברײַנדל שאפּראַנסקי, געבוירן אין דזשאלאָשין, איז אין עלטער פון 85 יאָר, אין 1937, אויך געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

## בירא שמעון



זון פון יצחק און ביילע בירנצווייג. געבוירן דעם 1-טן מאַי 1900 אין טשענסטאָכאָוו. זיינע עלטערן, מיטל-פאַרמעגלעכע מענטשן, האָבן זיך באַמיט צו געבן זייערע דריי זין און אַ טאָכטער אַ גוטע דערציאונג. אין דעם דעמאָלטיקן געראַנגל צווישן השכלה און חסידיזם, איז שמעון פון זיין פרומער יוגנט אַרויסגעפאַלן, ווי אַלע אַנדערע יידישע קינדער — אין חדר. צום גליק איז זיין חדר-רבי געווען טוינסקי, אַ מאָדערנער טיפּ מלמד, און געלערנט האָט ער מיט די קינדער אָן אַ קאַנטשיק, ווי ס'איז געווען דער שטייגער ביי אַנדערע מלמדים אין די דעמאָלטדיקע יאָרן. זיין ערשטע וועלטלעכע בילדונג האָט ער באַקומען ביים לערער עדעליסט.

ווען שמעון איז אַלט געוואָרן 10 יאָר איז ער אַריינגעטראָטן אין דער פּוילישער גימנאַזיע „מיצקיעוויטש". דאָ האָט ער באַקומען זיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן אַנטיסעמיטיזם. די פּוילישע סטודענטן האָבן געהאַט אַ ביטש אויף די יידישע: דאָס זידל-וואָרט „בייליס". די יידישע סטודענטן האָבן אָבער געהאַט אַ גרעסערע „קאָרט" קעגן זיי: „מאַצאָך". און דאַמאָזי מאַצאָך איז טאַקע געווען אַ גוט קעגן-וואָפן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט-מלחמה אין 1914 און מען האָט פאַרמאַכט די שולן, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן כאַפּן יוגנטלעכע צו דער אַרבעט אין די אייזנפאַבריקן און קוילנגרובן אין דייטשלאַנד. שמעון, מיט אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער זיינען אַריינגע-

פּאַלן קיין קעניגסהיטע, אַן אויבערשלעזישע קוילן-גרוב.. די דייטשע אויפזעער זיינען געווען ברוטאַל, דער הונגער — גרויס; אַ סך טשענסטאָכאָווער געכאַפּטע אַרבעטער זיינען זיך צעלאָפן, אָן פּאַפּירן און אָן געלט, איבער אַנדערע שטעט פון דייטשלאַנד צו זוכן אַ שטיקל ברויט.

שמעונען איז געלונגען אין 1917 צוריקצוקומען קיין טשענסטאָכאָוו. די אַרבעטער-פּאַרטייען — „ס.ס.", „בונד", פּועלי-ציון און די סאָציאַל דעמאָקראַטן האָבן אין משך פון דער צייט באַוויזן אויפצובויען אַ האַלב-לעגאַלע אַרבעטער-באַוועגונג און אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור-טעטיקייט. ער האָט זיך דאַן אָנגעשלאָסן אָן „גראָסער קלוב". דאָס איז געווען די בונדישע קולטור-אינסטיטוציע וואָס איז געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון דעם לערער פון דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער-שול, יוסף אַראָנאָוויטש.

לאַנג האָט שמעון בירא ניט געקאָנט פאַרבלייבן אין טשענסטאָכאָוו. ער איז ווידער אַוועק קיין בערלין. דאָרט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער דעמאָלט „אומאָפּהענגיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי."

אין בערלין זיינען דעמאָלט געווען אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער, איינער אַ לינקער בונדישער פירער, „ליבעלע", ד"ר אהרן סינגאַלאָווסקי, פייגעלע פיינרייך און אַנדערע. כמעט אַלע האָבן געפירט אַן אַנטי-מלחמה טעטיקייט. אין אָנהייב 1918 איז שמעון אַרעסטירט געוואָרן דורך דער דייטשער מיליטערישער געהיים-פּאָליציי. 6 וואָכן איז ער געזעסן אין דער בערלינער מיליטערישער טורמע, דערנאָך — אַריבערגעשיקט געוואָרן אין מאָדלינער פעסטונג ביי וואַרשע, וואו מ'האָט געהאַלטן לערך 150 פּאָליטישע אַרעסטירטע, מענער און פרויען. צווישן די פּאָליטישע אַרעסטירטע איז, ביי די פרויען, געווען: מאַדאַם גראָסער, די פרוי פון בראָניסלאַוו גראָסער און פייגעלע פיינרייך פון טשענסטאָכאָוו; שפּעטער האָט מען אויך געבראַכט דעם טשענסטאָכאָווער ס.ס.-דעק קאַנעמאַן. מיטן סוף פון דער מלחמה זיינען זיי, נאָך אַ 5-טאָגיקן רעוואָלט אין דער מאָדלינער טורמע, באַפרייט געוואָרן.

שמעון איז צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. אין אָנהייב אַיז ער ווידער געוואָרן אַקטיוו אין דער אַרבעטער-באַוועגונג און איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אָרטיקער „ראַדאַ ראַבאָטניטשאַ" (אַרבעטער-ראַט) וואָס האָט געהאַט אַ קורץ לעבן, צוליב דער אויבערהאַנט פון דער רעאַקציע. ער איז ווידער געפאָרן קיין בערלין, וואו ער האָט געטראָפן מענדל שוכטער, וואָס האָט שמעונען געהאָלפן קומען קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע איז שמעון בירא אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער, געווען טעטיק אין טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס, צוערשט אין א. ר. בראַנטש 261, שפּעטער אין א.א.אָ. טשענסטאָכאָווער בר. 11, אין דער טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג צו העלפן פּאָליטישע קרבנות אין פּוילן און אין טשענסטאָכאָווער רעליף.

---

## בירא—פיינרייך פעלאַ



איר משפּחה האָט געוואוינט אויף וואַרשעווער 72, לעבן די „דריי צלמים". זיי זיינען געווען צען קינדער. איר טאַטע, משה יאָסל, האָט געשטאַמט פון לעליעוו. ער איז געווען אַ פרומער ייד און אַ בן תורה. זיין פּרנסה איז באַשטאַנען אין אויפקויפן מילכוואַרג ביי די קריסטן פון די אַרומיקע דערפער. איר מאַמע — חיה האָט געשטאַמט פון אַ חסידיש-אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. דער פאָטער פון דער מוטער, זיסקינד זיגעלבוים, האָט געהאַט אַ וואַסערמיל מיט אַ גרויסע נחלה לעבן קלאָבוצק. איינער פון פעלאַ פיינרייכ'ס פעטערס, משה זיגעלבוים, האָט געהאַט אַ מיל אויף דאָמיביע לעבן וועלכער עס זיינען פאָרגעקומען אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען.

אין די יאָרן פון דער פרייהייט-באַוועגונג זיינען אין הויז פון די פיינרייכ'ס פאָרגעקומען הייסע דיסקוסיעס צווישן מאיר'ן און דוד'ן — ס.ס.-אָווצעס און שמעונ'ען — אַ בונדאָוועץ. מאיר און דוד זיינען שפּעטער געוואָרן אַרעסטירט געוואָרן. דוד איז געזעסן צוזאַמען מיט דוד לעווענהאָף (געשטאָרבן אין תפיסה) און יאָסל בערלינער זעקס יאָר אין תפיסה. די מאַמע האָט געוויינט גאַנצע נעכט, געטראָגן עסן צו מאיר'ן און געפירט פעקלעך צו דוד'ן.

אין קעגנזאַץ צו איר טאַטן, איז די מאַמע געווען אַן „אויפגעקלערטע" און שטילערהייט געשטיצט די פרייהייט-באַוועגונג. פעלאַ פיינרייכ'ס עלטערן זיינען געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה. די רעשט משפּחה איז צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט: מאיר (מאיר פיינרייך) און שמחה געפינען זיך אין ארץ ישראל; אַבֿרהם — אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, איינער אין אַרגענטינע און איזאַק, דוד, יאַנקל און רחל (געוואוינט אין לאָדזש) און שרה זיינען, צום גרויסן אומגליק, געבליבן אין פּוילן.

פעלאַ האָט געלערנט דאַווענען און יידיש — אין אַ חדר; אַנדערע שפּראַכן — אין אַ פּריוואַטער שול אויף גאַרנצאַרסקע. זייער יונג האָט זי אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין ווינבערג'ס פאַבריק; דערנאָך האָט זי אַ קורצע צייט געלערנט אַלס גאָרסעטשאַרקע ביי „היגיענע" (פרוי פון יעקבֿ ראָזענבערג). אויך האָט זי זיך געלערנט נייען ביי וואַלדפאָגלען.

מאיר איז געווען אַ ליבהאָבער פון ליטעראַטור און טעאַטער און אַליין אָנטייל גענומען אין אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען. די רעפּעטיציעס זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון פעלאַ'ס עלטערן. מען האָט זיך געגרייט צו אַ פּורים-פאָרשטעלונג פון „די צוויי קוני לעמעלס".. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון בעמ'ס האָטעל אין דער צווייטער אַלעע. מאַניע שאַפּעראַנקאָ האָט געשפּילט די שיינע קאַראָלינע. אָט די פאָרשטעלונג איז געווען פעלאַס ערשטע באַקענטשאַפט מיטן טעאַטער. פון דעמאָלט אָן האָט זי נישט אַדורכגעלאָזן קיין איין יידישע פאָרשטעלונג אין טשענסטאָכאָוו.

אויף דער בינע האָט זי אַרויסגעפירט שמואל פראַנק. איר ערשטע ראָל איז געווען טויבעלע אין „יידישן קעניג ליר". די פּיעסע איז אויסגעפירט געוואָרן אין נאָוואָראַדאָמסקער „הזמיר". זי האָט מיטגעשפּילט אין דער טרופּע פון לאָדזשער אַמאַטאָרן: צימבאַליסט, מאַדאַם גליקמאַן, ווייסמאַן, אייזענבערג און אַנדערע, אונטער דער דירעקציע פון ווייסבערג'ן. שפּעטער האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אַמאַטאָרן טרופּע ביי דער „לירא. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. דעמאָלט האָט דאָס פּאָפּולערסטע קינאָ אין טשענסטאָכאָוו — „אַדעאָן", חוץ די מאָווויס, אויך געגעבן „גאַד פּראָגראַם" וואָדעווילן אויף דער בינע. עטלעכע וואָכן האָט מען דאָרט אויסגעפירט אַ יידישן „נאַד פּראָגראַם", וואו זי האָט זיך באַטייליקט אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן אַקטיאָר צימבאַליסט. דער יידישער וואָדעוויל האָט געהאַט גרויס דערפאָלג.

פעלאַ האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן „גראָסער קלוב", מיט וועלכן ס'האָבן אָנגע-

פירט יוסף אַראָנאָוויטש, יאַקוב ראָזענ־
בערג, אַבֿרהם יהושיע שטרויס, לעדער־
מאַן א. אַ. אין 1918 איז זי אַוועק קיין
בערלין, וואו עס האָבן געלעבט אַ גרויסע
צאָל פּאָליטישע פּליטים נאָך פון די צאַ־
רישע צייטן. פרילינג 1918 איז זי אַרעס־
טירט געוואָרן פאַר אַנטייל נעמען אין דער
אַנטי־מלחמה באַוועגונג. נאָכן אָפּזיצן
צוויי חדשים אין דער פרויען־טורמע איז
זי פאַרשיקט געוואָרן קיין מאַדלין.
צווישן די אַרעסטירטע אין מאַדלינער
פעסטונג האָט זי געטראָפן פרוי סלאָוואַ
גראָסער און די בונדיסטקע סאָניע, עמנוי־
אל נאַוואָגרודסקי'ס פרוי. אין 1918 איז
זי ווידער אַוועק קיין בערלין. זי האָט זיך
דאָרט אָנגעשלאָסן אָן דער יידישער טרו־
פּע, אונטער דער לייטונג פון הער שווד־
לאָוער. אין דער טרופּע האָט אויך גע־
שפּילט דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער
אַלעקסאַנדער גראַנאַך. אין 1923 איז זי
מיט דער הילף פון פריינד מענדל שוכטער
געקומען קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע און
דאָרט געשפּילט אין „מאָנומענט נייציאָנאַל
טעאַטער".

אין 1924 איז פעלאַ געקומען קיין ניו־
יאָרק. ווען די ווילנער טרופּע איז אַהער
אָנגעקומען האָט זי זיך אָן איר אָנגע־
שלאָסן און מיטגעשפּילט אין אַ גאַנצע
ריי פּיעסן. ביי די „ווילנער" האָט זי זיך
אויסגעלערנט אַקטיונג געבן און אָפּהיטן
די זויבערקייט פון דער שפּראַך. אַ צייט
שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן די
„פּריוהייט" דראַמאַטישע סטודיע, וואָס
איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אַרטעף".
אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטע אווי־
טאָריטעטן האָבן זיי ערנסט שטודירט די
טעאַטער־קונסט, אויפגעפירט אַ גאַנצע
ריי פּיעסן און זיך באַמיט אויפצוהאַלטן
דעם בעסערן טיפּ יידיש טעאַטער.

פעלאַ האָט אויך אַנטייל גענומען אין
מאָריס שוואַרצ'ס קונסט־טעאַטער, מיט־
געשפּילט אין אַ גאַנצע ריי פאַרשטעלונ־
גען אין ניו־יאָרק און אויף דער פּראָ־
ווינץ און געגאָסן די גרויסע שאַפונגס־
פרייד, וואָס דער קונסט־טעאַטער האָט
געגעבן זיינע שפּילער און צושויער.

די לעצטע צייט האָט זיך פעלאַ בירא
געווידמעט דעם גרויסן ציל צו ברענגען
דאָס קינסטלעריש־יידישע וואָרט צו די
ברייטע מאַסן אויף זייערע צוזאַמענ־
קונפטן און פאַרזאַמלונגען; טרעט אַרויס
מיט מאָנאָ־רעציטאַציעס פון דער קלאַסי־
שער און מאָדערנער יידישער פּאָעזיע און
מיט די לידער און פּאָעזיע פון יידישן
חורבן אין אייראָפּע דריקט זי אויס אין
אַ קינסטלערישער פאָרם דעם גרויסן
שטומען צער, וואָס דריקן ווי שווערע
שטיינער דאָס געמיט פון הונדערטער
לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זייערע טאַטעס און
מאַמעס, ברידער און שוועסטער די דיי־
טשישע אכזרים האָבן אומגעבראַכט.

היינט־צו־טאָג לעבט פעלאַ פיינרייך־
אין ניו־יאָרק.

## בירנהאָלץ יצחק מענדעל



זון פון אַבֿרהם דוד און מלכה. גע־
בוירן אין שטשעקאָטשין (פּוילן). ער
איז געשטאָרבן אין די ערשטע טעג פון
דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר
1939, אין טשענסטאָכאָוו, אין עלטער פון
93 יאָר.

## בירנהאָלץ אַבֿרהם (אייב)

דעטראָיט



זון פון יצחק מענדעל. געבוירן דעם
7־טן נאָוועמבער 1896 אין טשענסטאָ־
כאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין פעב־
רואַר 1920. איינער פון די גרינדער און
טעטיקער מיטגליד, אויך סעקרעטאַר, פון
טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין
דעטראָיט.

## בירנהאָלץ מאַניע (מילדרעד)

דעטראָיט



טאָכטער פון משה שמואל און פעסעל.
געבוירן אין סאָסנאָוויץ אין יוני 1907.
געקומען קיין אַמעריקע דעם 15־טן יולי
1920. טעטיק אין בראַנדעס קלוב אין
דעטראָיט, אויך אין די פרויען פּיאָנערן
אָרגאַניזאַציע.

## בירמאַן מנשה

געבוירן אין קלעטשעוו (פּוילן) אין
יאָר 1886. געוואוינט שטענדיק אין
טשענסטאָכאָוו און דאָרט באַקאַנט געווען
אַלס סוחר. ער און זיין פרוי חנה בירמאַן,
געבוירן אין 1888, ווי אויך זייערע
קינדער: דאַרציא (27 יאָר אַלט), מרים
און הערשל (יעדער 22 יאָר אַלט) האָבן
געטיילט דעם גורל פון די יידן אין
טשענסטאָכאָוו בעת דער אויסזידלונג.
מנשה און חנה בירמאַנ'ס יינגסטע טאָכ־
טער, בלימאַ, האָט אַדורכגעמאַכט דעם
נאַציישן גיהנום אין די געטאָס און קאָנ־
צענטראַציע לאַגערן פון טשענסטאָכאָוו,
בערגען־בעלזען. זי האָט פאַרלוירן איר
מאַן, אליהו באַראַוויעצקי (אויך אַ טשענ־
סטאָכאָווער), בעת מען האָט אים אַוועק־
געשיקט מיטן טראַנספּאָרט פון טשענסטאָ־
כאָוו קיין דייטשלאַנד.



בלימאַ בירמאַן

בלימאַ בירמאַן געפינט זיך איצט ביי
איר אָנקל און טאַנטע, מאַקס און דזשעני
גראָסמאַן, אין ניו־יאָרק. זי איז אַ מיט־
גליד פון יוניייטעד טשענסטאָכאָווער
רעליף.

## בייטנער טוביה

דעטראָיט

זון פון משה און לאה. געבוירן אין
סאָסנאָוויץ דעם 30־טן דעצעמבער 1876.
געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. מיט־
גליד פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער
פאַראיין אין דעטראָיט.

## בייטנער ביילע

(פון דער היים: סטאַראָזום)

טאָכטער פון יעקבֿ הערש און פערעל.
געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען
קיין אַמעריקע אין 1920. געווען אַ מיט־
גליד פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַר־
איין אין דעטראָיט. געשטאָרבן דעם 10־טן
אָקטאָבער 1932 אין דעטראָיט אין עלטער
פון 50 יאָר.

## בייגעלמאַן לייזער



לייזער בייגעלמאַן מיט פרוי און טאָכטער

זון פון צדוק און רחל. געבוירן דעם 18-טן מאַי 1896 אין ראַדאָססק ביי חסידישע עלטערן. צו 10 יאָר שטאַרבט זיין פאָטער. זיין נאָענטער קרוב, דער אַמשינאָווער רבי, וויל אים נעמען אונטער זיין אַפּטרופּסות אָבער ער זאָגט זיך אָפּ פון דעם און ווערט גאָר אַ היטל-מאַכער. זייענדיק אונטערן איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, שליסט ער זיך אָן אין דער פּאַרטיי ס.ס., וואו ער ווערט אין קורצן אַ פירנדיקע פּערזאָן. פירט אָן און געווינט אַ סטרייק ביי די היטל-מאַכער. אַ צייט שפּעטער גיט ער אויף דאָס פאַך און פירט אָן צוזאַמען מיט הערשל קראוז אַן ס.ס. קאָאָפּעראַטיוו, קינדערהיים. ווערט אַ מיטגליד פון קאָמיטעט צו פאַרטיילן אַמעריקאַנער הילף נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. אין שטאָט קומען אָן היימלאָזע. מיט איינער פון די היימלאָזע פרויען האָט ער חתונה. זיין שווער שיקט אים דאַן אויספאָדערונג-פּאַפּירן און קומט אין 1921 קיין אַמעריקע.

דאָ נעמט ער זיך ווידער צו היטל-מאַכעריי. באַקאַנט זיך מיט אַ גרופּע אַרבעטער פון זעלבן פאַך, פירט צווישן זיי אָן אויפקלערונגס-אַרבעט. נאָכן אַדורכפירן אַ דערפאָלגרייכן סטרייק ווערט ער צוליב אַ מסירה אַרויסגעשטויסן פון היטל-פאַך און וואַרפט זיך דערנאָך אַריין אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווערט דער פאַרטרעטער פון דער „מאָרגן-פרייהייט" אין ראָטשעסטער, נ. י., וואו ער וואוינט ביזן היינטיקן טאָג.

בעת דעם קריג באַטייליקט זיך בייגעלמאַן אין פאַרקויף פון וואָר-באָנדס און דערגרייכט די סומע פון דריי הונדערט טויזנט דאָלאַר. דערפאַר באַקומט ער אַן אויסצייכענונג פון דעם טרעזשורי דעפּאַרטמענט. אויך אין דעם קליידער-קאַמפּיין פאַר די נויטלײדנדיקע יידישע מלחמה-קרבנות נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל.

---

## בעסער י.



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1892. געקומען קיין אַמעריקע 1907. ער איז אַ מיטגליד פון „נאַיטס אָוו פּיטאַס".

---

## בעזבאָראָדקאָ יוסף



יוסף בעזבאָראָדקאָ, איינער פון די פּיאָנערן פון דער שפּיגל-אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו, איז דורך דער צאַרישער רעגירונג אַרויסגעשיקט געוואָרן פון זיין וואוינאָרט אין רוסלאַנד, וואָס איז געווען מחוץ דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי". ער האָט זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו אין 1907, ווען ער איז שוין געווען אַ בן-ארבעים. ער איז געוואָרן אַזוי איינגעוואָרצלט און צוגעבונדן צו זיין נייער היים-שטאָט, אַז ווען ער האָט שפּעטער געהאַט אַ געלעגנהייט זיך לעגאַל צו באַזעצן אין פּעטערבורג, וואו זיין ברודער האָט געלעבט, האָט ער זיך דערפון אָפּגעזאָגט, שטעלנדיק די יידישע סביבה און די יידישע דערציאונג פון זיינע קינדער העכער ווי די מאַטעריעלע פּריווילעגיעס.

געבוירן אין סלוצק, אין דער באַקאַנטער ווייס-רוסישער שטאָט פון לומדים, ביי אַ טאַטן אַ גלאָז-פאַבריקאַנט, האָט ער איבערגעוואַנדערט מיט זיינע עלטערן קיין מאָסקווע, וואו ער האָט באַזוכט אַ רוסישע גימנאַזיע. ניט זייענדיק אימשטאַנד אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט צוליב דער פּראָצענט-נאָרמע — האָט ער צוואַנציק יאָר אָנגעהויבן אַרבעטן מיט זיין עלטערן ברודער אין דער שפּיגל-פאַבריק, וואָס זיין פאָטער האָט געגרינדעט. אין 1891, ביים גירוש מאָסקווע, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן אין משך פון 8 טעג די שטאָט, בעת זיין עלטערער ברודער האָט געקאָנט פאַרבלייבן נאָך אַ יאָר, כדי צו ליקווידירן זייער פאַרמעגן. ער האָט זיך באַזעצט אין אָרשע, וואָס האָט זיך געפונען אין תחום המושב, דאָרט געגרינדעט אַ שפּיגל-פאַבריק, אָבער ניט מצליח געווען. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 24 יאָר. ער האָט אויפגעגעבן די פאַבריק און צוזאַמען מיטן ברודער געגרינדעט אַ פאַבריקל אין פּראַגע ביי וואַרשע. ווען דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן — איז ער אַוועק קיין לאָדזש, וואו עס איז געגאַנגען דער שטראָם פון רוסישע יידן פון מאָסקווע. דאָ האָט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער געגרינדעט אַ טעקסטיל פאַבריק (פון פּוילישע קאָלדרעס), האָט אָבער אויך די פאַבריק שנעל ליקווידירט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ גוט-באַזיצערס טאָכטער פון נעסוויזש, ניט ווייט פון זיין היים און איז אַליין אויך געוואָרן אַ לאַנד-ווירט. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ גוט אין אַנדזשעיאָוו לעבן לאָדזש. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער באַשלאָסן זיך צוריקצוקערן צו זיין אַלטן פאַך — שפּיגל-פאַבריקאַציע. בינו-לבינו האָט זיין ברודער איינגעאָרדנט אַ שפּיגל-פאַבריק אין פּעטערבורג און זיך פאַרבונדן מיט טשענסטאָכאָוו. דאָס האָט בעזבאָראָדקאָ'ן געפירט צום געדאַנק צו גרינדן אין טשענסטאָכאָוו אַ שפּיגל-פאַבריק.

דעמאָלט, אין 1907, האָט די גאַנצע שפּיגל-אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו פּראָדוצירט 2-3 קאַסטנס שפּיגל-גלאָז אַ וואָך. בעזבאָראָדקאָ האָט אָבער פאָרויסגעזעען, אַז טשענסטאָכאָוו קאָן ווערן אַ בעסער פּלאַץ פאַר דער שפּיגל-פאַבריקאַציע ווי מאָסקווע, צוליב דער שכנות מיט דייטשלאַנד און אירע מאָדערנע מעטאָדן פון פּראָדוקציע און צוליב דער ראַשיגער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו בכלל.

זייענדיק באַקאַנט מיט די פאָדערונגען פון רוסישן מאַרק, האָט ער זיינע קונים, די פאַבריקאַנטלעך פון צעלאָלאיד און מעטאַל-ראַמען געגעבן די געהעריקע עצות. אַ דאַנק דעם האָבן זיי פאַרגרעסערט זייער פּראָדוקציע און פאַרברייכט מער שפּיגלען. די שפּיגל-אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו

האָט געשטיגן פֿון 2-3 קאַסטנס צו 30 קאַסטנס אַ וואָך אין דער פֿאַבריק פֿון בעזבאַראַדקאָן אַליין, חוץ אין די איבע־ריקע שפּיגל-פֿאַבריקן, אַרום 6 אין צאָל.

חוץ דעם, וואָס בעזבאַראַדקאָ איז געווען אַ הדרת פנים און אַ ייד אַ חכם, איז ער אויך געווען אַ מענטש מיט אַ גוטער יידישער נשמה און אַ גרויסער בעל צדקה. ער איז געווען אי פרום אי וועלט־לעך. ער האָט זיינע קינדער געלאָזט בילדן אין פּוילישע און רוסישע גימנאַזיעס און אויך געזאָרגט פאַר זייער יידישער דערציאונג. זייענדיק אַ רוסישער ייד, אַ „ליטוואַק", אַ מתנגד, האָט ער זיך דאָך דערוואָרבן די גרעסטע סימפּאַטיע ביי די פאַרשיידנסטע חסידים, וואָס האָבן בטבע ניט געהאַלטן פון ליטוואַקעס. ער האָט פאַריידישט דאָס גאַנצע הויז אויף דאַ־יאַזד 21 (וואו ער האָט איינגעאָרדנט זיין פאַבריק און אויך דאָרט געוואוינט), וואָס איז פריער געווען אַ קריסטלעכע געגנט. אויפן הויף פון דעם הויז האָט ער גע־גרינדעט אַ שול צום דאַוונען און פאַר אַ צייט אָפּגעגעבן זיין אייגענע דירה פאַר דעם ציל. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון אַ גמילות-חסדים-קאַסע און ניט זעלטן אַליין געהאָלפן מיט אַ גמילות חסד. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער תלמוד תורה פון „מחזיקי הדת", צוזאַ־מען מיט די גערער און פּילצער חסידים. ווי אַן אַלטער מיטאַרבעטער פון „אָרט" אין רוסלאַנד, האָט ער מיטגעהאָלפן דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער-שול און די גערטנער-פערמע. ער האָט געהערט צו די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „תבונה" מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט דער גראַ־יעווער רב, אַ מזרחי-פירער, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו לערנען ישיבה-בחורים וועלטלעכע לימודים און אַ פאַך. ער איז אויך געווען טעטיק אין לאַדזשער „הזמיר".

בשעת'ן פּאָגראָם אין 1919 זיינען די קריסטלעכע אַרבעטער פון זיין פאַבריק געקומען צולויפן פון סטראַדאָם און ראַ־קאָוו צו באַשיצן זיין הויז און פאַמיליע. כמעט די גאַנצע צייט האָט ער געליטן פון אַ שוואַך האַרץ און גזהאַט אָפּטע האַרץ-אַטאַקעס. זיין קראַנקהייט האָט זיך פאַרערגערט זינט דעם פּאָגראָם. ער איז געשטאָרבן אין 1922 אין עלטער פון 55 יאָר איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט 10 קינדער.

די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו האָט אים געגעבן דעם שענסטן פּלאַץ לעבן אוהל פון פּילצער רבין, כאָטש ער איז געווען אַ סלוצקער מתנגד.

יוסף בעזבאַראַדקאָ'ס קינדער, 4 זין און 6 טעכטער — הילל, באַשקע, אסנה, דוד, מרים, פּערל, חיה, ישראל, שרה, רבקה, באַרים (די לעצטע 4 געבוירן אין טשענסטאָכאָוו) — האָבן אַלע זיך באַזעצט אין פראַנקרייך. אַ טייל פון זיי האָבן דאָרט געגרינדעט פאַבריקן פון דער שפּיגל און גלאָז-אינדוסטריע.

דער פּיאָנער צווישן זיי איז געווען דוד (דייוו) בעזבאַראַדקאָ, וועלכער איז אין 1924 געפאָרן געשעפטלעך אין אויס־לאַנד און איז צופעליק קראַנק געוואָרן און אַלס רוסישער בירגער אַדורכגעלאָזט די צייט פון זיין פּוילישער צוריק-וויזע און איז שוין פאַרבליבן אין אויסלאַנד. נאָך אַ ריי וואַנדערונגען האָט ער זיך באַ־זעצט אין פראַנקרייך, געמאַכט עטלעכע וויכטיקע דערפינדונגען אויפן געביט פון אָפּטיק, שפּיגל פאַר אינסטרומענטן, און דאָרט געגרינדעט צוויי שפּיגל-פאַבריקן — איינע אין סאַווערנע און שפּעטער אַ צווייטע אין פּאַריז. אין 1929 איז מיט זיין הילף אַריבערגעקומען קיין פראַנק־רייך די גאַנצע פאַמיליע.

די מוטער מיט אַלע קינדער, איידעמס און אייניקלעך האָבן דורכגעלעבט די שווערע טראַגעדיע פון דער היטלער-אָקו־פּאַציע. דריי זין און צוויי איידעמס האָבן געדינט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. דער יינגסטער זון, באַרים, וואָס האָט גראַדויִרט פון ליצעאום און איז געווען אַן אָפיציר און צוויי איידעמס זיינען געווען אין דייטשישער געפאַנגענ־שאַפט, איינער פון זיי — אַ פאַרוואונ־דעטער. זיי איז אָבער געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די געפאַנגענען-לאַגערס און קומען אַהיים, דעמאָלט קיין ליאָן, אין דער אַזוי גערופענער „פרייער זאָנע". די משפחה האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען און זיך געראַטעוועט מיט דער הילף פון אַ פריינט, אַ קריסט. די זין זיינען געווען טעטיק אין באַוואָפנטן אונטערגרונט. באַ־זונדער האָט זיך אויסגעצייכנט באַרים אַלס אָנפירער פון אַ יידישער גרופּע. זיי־ענדיק אין די יינגסטע יאָרן אַ פירער פון סקאַוטן און קענענדיק גוט די וועגן אין די אַלפּן-בערג — איז זיין אויפ־גאַבע געווען אַריבערצושמוגלען יידישע קינדער אין דער שווייץ. ער איז געווען אַרעסטירט און שרעקלעך געפייניקט גע־וואָרן דורך דער „געשטאַפּאָ". אים איז אָבער געלונגען צו אַנטלויפן און ווייטער פאָרטזעצן זיין רעטונגס-אַרבעט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן אַ צווייטן מאָל און פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. דורך אַ נס איז אים אָבער געלונגען זיך צו ראַטעווען פון קאַלך-אויוון. ער איז געקומען אַהיים נאָך היטלערס מפּלה — אַ סקעלעט מיט איינגעפאַלענע אויגן־גריבער; עס האָט געדויערט עטלעכע חדשים ביז ער האָט צוריק געוואונען זיין כוח און מענטשלעך אויסזען.

אַ צווייטער קרבן איז געווען דער איי־דעם גינזבורג, אַן אַגראָנאָם, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן צושטעלן שפּייז פאַר די אונטערערדישע קעמפער. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער „געשטאַ־פּאָ" עטלעכע טעג איידער פּאַריז איז באַ־פרייט געוואָרן און איז ביז איצט ניט געקומען צוריק.



**דוד בעזבאַראַדקאָ**

דער איינציקער, וואָס האָט פאַרלאָזן פראַנקרייך, איז געווען דוד, (דייוו בעז־באַראַדקאָ). ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק מיט דער הילף פון דער פראַנצויזי־שער ליג פאַר מענטשן-רעכט, אין וועל־כער ער איז געווען טעטיק. ער האָט דאָ מיטגעמאַכט אַלע שוועריקייטן פון אַ „רע־פיודזשי" (פליכטלינג), באַזונדער צוליב זיין בעזבאַראַדקאָישער עקשנות אָפּצו־היטן דעם שבת. שפּעטער האָט ער גע־גרינדעט די שפּיגל-פאַבריק „מעכאַניקל מיראָר-וואָרקס", וואו עס זיינען באַשעפ־טיקט ביז אַ הונדערט אַרבעטער. אַלס פועל־מזרחי איז זיין אידעאַל צו גרינדן אַ קאָ־אָפּעראַטיווע גלאָז און שפּיגל-פאַבריק אין ארץ ישראל און דאָרט אַנטוויקלען די גלאָז- און שפּיגל-אינדוסטריע.

## בערגער איזי

זון פון שלמה (פּולטראַק) און שיינ־דעל; געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10-טן נאָוועמבער 1892. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן אויגוסט 1911. מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 11 פון אינט. אַרבעטער-אָרדן און עקזעקו־טיוו-מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס.

זיינע צוויי זין, דזשעק און סימאָר, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

איזי בערגער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דעם „פּאַטראָנאַט" צו העלפן פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן און ביי אים אין שטוב איז פאָר־געקומען דער ערשטער מיטינג. ער איז געווען דער קאַסירער פון „פּאַטראָנאַט". ער האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם נאָוואָראַדאָמסקער פּאַטראָנאַט; חוץ דעם האָט ער געהאָלפן גרינדן 22 פּאַטראָנאַטן, וואָס האָבן אין משך פון עטלעכע יאָר געטאָן זייער וויכטיקע אַרבעט.

אין דער צייט פון מלחמה האָט ער שטאַרק מיטגעאַרבעט אין טשענסטאָכאָ-ווער רעליף.



איזי און איוואַ בערגער

## בערגער איוואַ

געבוירן אין וואָלבראָם דעם 20-טן אָקטאָבער 1893. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. געהייראַט אין 1915. מיטגליד פון בר. 11 אינט. אַרבעטער אָרדן און אין די טשענסטאָכאָווער לײדיס אַקזילערי. זי איז געשטאָרבן אין 1946.

## בערגמאַן בראָניסלאַוו

אַ זייער חשוב'ן פּלאַץ צווישן די פּער-זענלעכקייטן און געזעלשאַפטלעכע טוער אין טשענסטאָכאָוו האָט פאַרנומען דער באַקאַנטער באַנקיר בראָניסלאַוו בערגמאַן.

געבוירן דעם 20-טן דעצעמבער 1861 אין באָזשעכאָוויץ (ביי טשענסטאָכאָוו), האָט ער שוין אין זיינע יונגע יאָרן, זיי-ענדיג נאָך אַ שילער אין גימנאַזיע, אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן. זיין פאָטער, שמעון בערגמאַן, אַ משכיל, העברעאישער שרייבער, ווי אויך מיט-אַרבעטער אין דעם זשורנאַל „יוטשענקאַ", האָט זיין זון געוואָלט געבן, אַחוץ אַ נאַ-ציאָנאַל-פּראָגרעסיווע דערציאונג אויך אַן אַקאַדעמישע בילדונג. אָבער דער שוואַכער צושטאַנד פון בראָניסלאַוו בערג-מאַנס אויגן האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט געמוזט איבעררייסן זיין שטו-דיע און איבערגיין אין דער וועלט פון האַנדל און אינדוסטריע.

אַזוי אַרבעט ער אַ קורצע צייט אויסער טשענסטאָכאָוו און ערשט אין יאָר 1890 קומט ער צוריק און נעמט איבער די לייטונג פון זיין ברודערס באַנק-געשעפט, וואו ער ווערט אויך שפּעטער אַ שותף.

חוץ אויפן געביט פון באַנקוועזן, צייכנט ער זיך אויס ביים גרינדן פאַרשידענע אינדוסטריע - אונטערנעמונ-גען וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער פּוילישער אינדוסטריע. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דער טשענסטאָכאָווער קרעדיט-געזעלשאַפט.

די קריזיס-יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, ווי אויך דער געזונט-צו-שטאַנד פון ב. ב.'ס אויגן צווינגען אים צו פאַרקלענערן זיין געזעלשאַפטלעכע און האַנדלס-טעטיקייט. אין 1923 פאַרלירט ער אינגאַנצן זיין ראיה און דעם 29-טן דע-צעמבער 1929 איז ער געשטאָרבן.

בראָניסלאַוו בערגמאַן איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון רעכט. ניט איינ-מאָל האָבן זיך אַפילו אַדוואָקאַטן צו אים געווענדט וועגן עצות און שטענדיק האָט ער באַוויזן אַרויסצוקומען פון די שווער-סטע פאַרפּלאָנטערנישן.

אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון אונדזער שטאָט איז ער געווען באַטייליקט אין דער „דאָבראָטשינאָשטש" און אויך ביים גרינדן פון דער טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע. זייענדיק אַ גרויסער בעל צדקה האָט ער צוזאַמען מיט זיין פרוי טעקלאַ געהאָלפן אַ סך אָרעמע פון אונדזער שטאָט.



טעקלאַ בערגמאַן

טעקלאַ בערגמאַן (פון דער היים: הערץ — פון דער באַקאַנטער משפחה פאָזנאַנ-סקיס אין לאָדזש — איר פאָטער האָט געענדיקט די ראַבינער שולע אין וואַרשע און איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אין לאָדזש) האָט אויך אַליין זיך באַ-טייליקט אין הילף-אַרבעט פאַר יידישן טשענסטאָכאָוו..



אַננאַ בערגמאַן

בראָניסלאַוו בערגמאַן האָט איבערגעלאָזט דריי קינדער: אוון זון — ד"ר סטעפאַן בערגמאַן, היינט לעקטאָר פון האַרוואַרד אוניווערזיטעט אין קעמברידזש, מאַסס., און צוויי טעכטער: אַננאַ און מאַרטאַ, די לעצטע געווען אַ טעטיקער אַדוואָקאַט ביי אונדז אין שטאָט פאַר דער מלחמה. ביידע אומגעקומען בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע.

## בערגמאַן מאַרטאַ



טאָכטער פון בראָניסלאַוו און טעקלאַ. געבוירן דעם 2-טן פעברואַר 1904 אין טשענסטאָכאָוו. נאָכן ענדיקן דאָס גימנאַ-זיום אין טשענסטאָכאָוו שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט און געענדיקט אַדוואָקאַטור.

נאָך אַ פּאָר יאָר פּראַקטיס אין פאַרשי-דענע שטעט אין פּוילן, לאָדזש און פּיעטערקאָוו, באַזעצט זי זיך אין טשענ-סטאָכאָוו וואו זי איז טעטיק אַלס אַדוואָ-קאַט. אין יאָר 1935 האָט זי חתונה מיט אינזש. האַלטרעכט פון לאָדזש און איבער-טראָגט זיך צוליב דעם דאָרט אַהין, וואו זי איז ווייטער טעטיק אַלס אַדוואָקאַט.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

## בערלינער יאָסעל



געבוירן אין 1887 אין טשענסטאָכאָוו. אין 1903 איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אַלס שניידער אין לאָדזש פאַר 80 רובל אַ יאָר. די אַרבעטס-שעה'ן זיינען געווען פון 6 אינדערפרי ביז 12 ביינאַכט.

אין 1904 האָט יאָסל בערלינער דאָס ערשטע מאָל אָנטייל גענומען אין אַ פאַר-זאַמלונג אין די וועלדער אַרום לאָדזש. נאָך דער פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע וואָס האָט געבראַכט צו מאַסן-אַרעסטן. ער איז געווען איינער פון די אַרעסטירטע און אָפּגעזעסן דריי חדשים אין טורמע. נאָכדעם קומט ער צוריק קיין טשענסטאָכאָוו. ער שליסט זיך אָן אָן די ס.ס. און אַרבעט פאַר דער פרייהייטס-באַוועגונג, וואו ער האָט זיך אויסגע-

צייכנט מיט זיין דרייסטקייט און גבֿורה. איינמאָל איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי און יאַנקל דער שטעקעל־מאַכער האָט אים גענומען צו זיך אַהיים קיין וואַרשע. נאָך צוויי חדשים איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און די חברים האָבן אים געשיקט צו אָפּרו אויפן דאָרף. עס איז אים מיטגעגעבן געוואָרן אַ חבֿר אים צו העלפן. דער חבֿר האָט געהאַט מיט זיך אַ רעוואָלווער און ווילנדיק האָט ער אויסגעשאָסן. פּאָליציי איז אָנגעקומען און אָנגעהויבן אויף זיי צו שיסן. זיי האָבן צוריקגעשאָסן און די פּאָליציאַנטן זיינען אַנטלאָפן. ער האָט זיין באַגלייטער געמוזט טראָגן אויף אַ זיכערן אָרט.

איינמאָל האָט דער קאָמיטעט געשיקט בערלינערן קיין קלאָבּיצק צו פאַרמיידן אַ פּאָגראָם, וואָס די ענדעקעס האָבן געהאַט צוגעגרייט. לויט די אינפאָרמאַציע האָט דער פּאָגראָם זיך גאַדאַרפט אָנהייבן נאָכדעם ווי דער המון וועט פאַרלאָזן די קירכע. אין קלאָבּיצק האָט ער גענומען מיט זיך אַ גרופּע פּייערלעשער און זיי געלאָזן פאַרן אַריינגאַנג אין דער קירכע. ער אַליין איז אַריין אינעווייניק און געוואָרענט די פאַרזאַמלטע, אַז אויב ס׳וועט קומען צו אַ פּאָגראָם וועט זיך גיסן אַ סך בלוט.די פירער האָבן זיך דערשראָקן און צוגעזאָגט, אַז קיין פּאָגראָם וועט נישט פאָרקומען. זיי האָבן דאָסמאָל געהאַלטן וואָרט.

זומער 1906, זאַמלענדיק געלד פאַר דער פּאַרטיי אויף דער פּראָווינץ, איז ער, צוזאַמען מיט דוד פיינרייך און דוד לעווענהאַף, אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן דריי יאָר אין קעלצער טורמע. איינער פון די צענדליגער טורמע־עפּיזאָדן איז געווען ווען ער איז איינגעשפּאַרט געוואָרן אין אַ קאַרצער. די פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן אַלס פּראָטעסט אַלץ צעבראָכן אין דער טורמע און דערקלערט אַ הונגער־סטרייק.

נאָך דער באַפרייאונג פון קעלצער טורמע איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. אויף דער עסטרייכישער גרענעץ איז ער אַרעסטירט געוואָרן ווייל ער האָט געהאַט מיט זיך אַ בריוו פון דער פּאַרטיי מיט פאַרשידענע אַדרעסן. די זשאַנדאַרמען האָבן אים געשלאָגן מכות רצח, כדי פון אים אַרויסצובאַקומען די נעמען פון זיינע פריינד.

אין אַמעריקע האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן און מיטגעהאָלפן דעם אָרגאַניזיר־קאַמפּיין אין יענער צייט. שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען צו דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן. די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען דעמאָלט געווען שרעקלאך. די אַרבעטער האָבן זיך ניט געלאָזט אָרגאַניזירן. זיי פלעגן וואַרפן פלעשער און שטיינער און געגאָסן אויף די אָרגאַניזערס וואַסער דורך די פענצטער פון די שעפּער. עס איז געווען אַ שווערע און ביטערע אַרבעט איבערצוציייגן די אַרבעטער אַז די יוניאָן וועט פאַרבעסערן זייער לאַגע. עס האָט געדויערט זייער לאַנג ביז עס איז געלונגען צו שאַפן איינע פון די בעסטע יוניאָנס אין אַמעריקע.

יאָסל בערלינער קאָן פאַרשריבן ווערן אַלס איינער פון די קעמפער פאַר אַרבעטער־רעכט אין זיין אַלטער היים־שטאָט און אין אַמעריקע.

---

## בערנשטיין האַררי

זון פון מילטאָן און ראָז. געבוירן אין בראָדי (עסטרייך) דעם 18־טן נאָוועמבער 1902. געקומען קיין אַמעריקע אין 1919.

---

## בראַטט האַררי (יחיאל)

נאָרפאָלק

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. נאָכן אָפּדינען אַ יאָר און אַ האַלב אין דער פּוילישער אַרמיי פאַרלאָזט ער אין יאָר 1921 טשענסטאָכאָוו און באַזעצט זיך אין בערלין וואו ער וואוינט ביז 1923. אין 1923 איבערטראָגט ער זיך פון בערלין קיין ענגלאַנד און פאַרבלייבט דאָרט ביז 1926. פון ענגלאַנד קומט ער אין 1926 קיין אַמעריקע. זייט 1930 מיטגליד פון בראַנטש 13 א. פּ. פּ. א. אין נאָרפאָלק. געווען אויך אַ מיטגליד פון בראַנטש 11.

---

## בראַט משה דוד

זון פון אַברהם און פראַדעל. געבוירן אין קאַמיק (פּוילן). געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1932 אין עלטער פון 76 יאָר.

---



בראַט משה דוד און זעלדע

## בראַט זעלדע

טאָכטער פון זעליג און חנה איטע העלפגאָט. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 1941 אין עלטער פון 80 יאָר.

---

## בראַט מלכה

טאָכטער פון משה דוד און זעלדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1895. געווען אַ מיטאַרבעטערין אין דער י. ל. פּרץ שול אין טשענסטאָכאָוו פון 1920. זי איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

---

## בראַטמאַן שאַיע

ער איז געבוירן געוואָרן אַלס עלטסטער זון ביי זיינע עלטערן. נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז געשטאָרבן איז שאַיע געוואָרן דער פּרנסה־געבער ביי זיי אין שטוב. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד און דורכדעם איז ער קראַנק געוואָרן. טראָץ די באַמיאונגען פון זיינע חבֿרים (ער האָט געהערט צו די פּועלי־ציון) איז ניט געלונגען אים אויסצוהיילן און אין 1920 איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון 22 יאָר.

---

## בראָדי מאַקס (בערלינער)

שיקאַגאָ

איז געבוירן געוואָרן אין לעלעוו (לעבן טשענסטאָכאָוו) אין 1891. אין די יאָרן פון דער פרייהייטס־באַוועגונג האָט ער געהערט צו דער ס.ס.ישער אָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָוו און איז געווען איינער פון אירע אַקטיווסטע טוער. ער האָט גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון דער זעלבסט־שוץ און אָנגעפירט מיט אירע אָפּטיילונגען בעת מ׳האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָוו אָדער, ווען די אָפּטיילונגען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו. מיט זיין אָנטייל זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע צאָל רעוואָלוציאָנערע און קאָנספּיראַטיווע אונטערנעמונגען. ער איז געווען אָנערקענט ביי די פירער פון דער פּאַרטיי און באַליבט צווישן דער גרויסער צאָל פּאַרטיי־חברים. אין דער פּאַרטיי האָט מען אים געקענט אונטערן נאָמען „דער שוואַרצער מענדל".

ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1908.

מאַקס בראָדי איז אַ מיטגליד פון אָרדן „בני ברית" און איז אויך געווען איינער פון די גרינדער און ערשטער פּרעזידענט פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ.

## בראָדער ישראלקע



זון פון מרדכי און ראַכעל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1864. געקומען קיין אַמעריקע אין 1884. חתונה געהאַט אין 1888 און האָט 5 אייניקלעך אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. איז אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער חתם סופר שוהל, בני ישראל סאָסייעטי. אויך געווען איינער פון די גרינדער און קאַסירער פון טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין אין ניו-יאָרק. הייַנט אַ מיטגליד פון פּראָגרעסיווע טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.

---

## בראָסלאַווסקי אהרן

פאָנד דו לאַק, וויסק.



זון פון פייוועל און גיטעל. געבוירן דעם 20-טן יולי 1904 אין קאַמיק. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע דעם 23-טן נאָוועמבער 1922.

## בראַקמאַן מאַקס

זון פון וואָלף און מרים. געבוירן דעם 16-טן אויגוסט 1878 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין יוני 1913. חתונה געהאַט מיט מאַני ליפּציגער. זיינע זין, לואיס און וויליאַם, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דער ערשטער — אין ראַנג פון אַ קעפּטען, דער צווייטער — אַ קאָרפּאָראַל.

---

## בראַקמאַן מיני



טאָכטער פון אהרן וואָלף און טעמע ליפּציגער. געבוירן אין דזשיאַלאָשין. געווען אַ מיטגליד פון די „לײדיס אָקזיליערי בײַ דער דזשיאַלאָשינער חברה „אַנשי בני אַחים". געשטאָרבן דעם 4-טן דעצעמבער 1943 אין ניו-יאָרק אין עלטער פון 62 יאָר.

---

## ברענער ליבער

טשענסטאָכאָוו



פאָרזיצער פון יידישן ראַיאָן-קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו, מיטגליד פון צ. ק. פון „בונד" אין פּוילן. געבוירן אין טריסק אויף וואָלין בײַ חסידישע עלטערן מקורבים פון טריסקער רבּישן הויף. ביזן 13-טן לעבנסיאָר געלערנט אין חדרים און ישיבות, נאָכדעם באַזוכט אַ רוסישע מיטל-שול און לערער-קורסן. געווען איינער פון די בויער פונם יידישן שולוועזן אויף וואָלין און פּעדאַגאָגישער לייטער פון יידישן פאָלקס-שולן אויף וואָלין, לובלין און אין דער פּרין-שול אין טשענסטאָכאָוו. אין יאָר 1925 פאַרלוירן די רעכט אַלס לערער און דערציער צוליב די עפנטלעכע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען. פון 1936 איבערגענומען די לייטונג פון קינדער-פאַרזיכערונג ביים „טאָז" אין טשענסטאָכאָוו און אין גאַנצן טשענסטאָכאָווער ראַיאָן. מיט דער דאָזיקער אַרבעט אָנגעפירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. אין דער צייט פון קריג ביז דער ליקווידירונג פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו געווען איינער פון די הויפּט-לייטער פון „טאָז" אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט געפירט אַ זייער פאַרצווייגטע טעטיקייט. אין משך פון דער דייטשער אָקופּאַציע ביז דער יידן-אויסזידלונג אָנגעפירט מיט אַן אומלעגאַלן קינדער-קלוב („שוויעטליצא"), וואו צוויי טויזנט קינדער האָבן באַקומען לערע, דערציאונג און פולע אויסהאַלטונג. אין קליינעם געטאָ אָנגעפירט מיט אַן ענלעכע „שוויעטליצא" פאַר 120 לעבנגעבליבענע קינדער. אין אויפטראָג פון „בונד" אָנגעפירט די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע מיט דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט פון דער פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו. אויך זייענדיג אין קאָנצענטראַציע-לאַגער פון „האַסאַג" אין טשענסטאָכאָוו, אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי און מיט דער הילפס-אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע און קראָקע. פון 17-טן יאַנואַר 1945, ווען טשענסטאָכאָוו איז באַפרייט געוואָרן, שטייט ער אין שפּיץ פון אידישן ראַיאָן-קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו.

---

## ג

## גאַנצוווייך הירש (עוזיאל צבי)



זון פון מרדכי גאַנצוווייך פון זאַוויערטשע, אייניקל פון באַוואוסטן רב ר' ישראל לייב גאַנצוווייך. קומט אַרויס פון אַ סך דורות רבנים. ער האָט באַקומען אין דער יוגנט אַ רעליגיעזע דערציאונג, געלערנט אין דער אָסטראָווצער ישיבה, און איז געווען דער באַליבטער תלמיד פון אָסטראָווצער רבי'ן.

אין 1893 האָט ער חתונה געהאַט מיט רבקה בריינדל, די איינציקע טאָכטער פון העניך און אסתר יאַסאָווער פון טשענסטאָכאָוו, בײַ וועמען ער האָט לאַנגע יאָרן



די טאָכטער פון הירש גאַנצוווייך

געגעסן קעסט. זיצנדיק ביים שווער און לערנענדיק תורה, האָט ער דערווייל אין געהיים שטודירט און געענדיקט אויף קאַזיאָני ראַבינער. זיין יינגערער זון, אַברהם גאַנצוויך איז געווען אַ יידישער זשורנאַליסט אין לאָדזש.

ווען די צווייטע וועלט-מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער געבליבן אין טשענסטאָכאָוו. געטיילט דעם גורל פון די קדושים.

## גאַנצוויך ישראל לייב

מעלבורן (אויסטראַליע)



עלטסטער זון פון הירש גאַנצוויך, באַקאַנט אויך אונטערן נאָמען איוואַן גאַנז. אין הויז פון זיינע עלטערן האָט ער באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. אין עלטער פון 13 יאָר טרעט ער אַריין אין גימנאַזיום. אונטער דעם איינפלוס פון דער השכלה-ליטעראַטור ווערט ער אַ הייסער ציוניסט. זיינע חברים זיינען געווען: אליעזר פלאַצקער, סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו, און וואָווטשע וויעוויאָרקע, באַקאַנטער שריפטשטעלער, וואָס האָט לעצטנס געוואוינט אין פּאַריז און בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אומגעקומען אין די גאַז-קאַמערן פון אַשוויענטשים.

אין 1919 איז ער געקומען קיין בערלין, וואו ער האָט פאָרגעזעצט זיינע שטודיעס, דאַן אַוועק קיין אַנטווערפּן, בעלגיע, וואו ער האָט געלעבט ביז 1924. אין דעם יאָר גיט ער אויף דאָס שטודירן און הייבט אָן צו האַנדלען מיט דיאַמאַנטן, דערביי איז ער ווייטער אַנגעגאַנגען מיט זיינע ציוניסטישע טעטיקייטן, ווי, מיטגעאַרבעט מיט ד"ר קובאָוויצקי און ד"ר פּרוזשאַנסקי, געווען אַקטיוו אַלס קאָמיסאַר פון יידישן נאַציאָנאַל-פאָנד און געשריבן אַרטיקלען אין דער בעלגישער ציוניסטישער אויסגאַבע „התקוה". אין 1924 אַוועק קיין אויסטראַליע, וואו ער פאַרנעמט זיך מיט פוטער-געשעפט און איז פאַרבליבן דאָרט ביז היינטיקן טאָג.

## גאָטאיינער משה דוד



פאָטער פון הערשל, חיים, ישראל, סאָלטשע און אַברהם. געשטאָרבן דעם 16-טן נאָוועמבער 1941 אין טשענסטאָכאָוו.

## גאָטאיינער רויזע



טאָכטער פון שמשון האָראָוויטש. אומגעקומען אין 1942 בעת דער אויסזידלונג, צוזאַמען מיט איר זון הערשל און זיין פרוי, ווי אויך איר טאָכטער שרה גרונטשטיין מיט איר קינד.

## גאָטליב משה



אין טשענסטאָכאָוו האָט מען אים גערופן משה'ל גאָטליב. זיין פאָטער, דער שוחט נחמיה גאָטליב איז דער'הרג'עט געוואָרן אויפן שול-הויף בעת'ן פּאָגראָם אין 1919. משה'ל האָט געהערט צו די רעכטע פּועלי-ציון און הגם ער איז געווען דער יינגסטער צווישן זיינע חברים, איז ער געווען דער פאַרזיצער פון דער גרופּע. אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַרנעמט דער קאַמף פאַר יידיש און יידישער קולטור דעם אויבן-אָן. ער האָט אָפט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין טשענסטאָכאָווער „דאָס נייע וואָרט" און אין דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג". ער האָט אָבער געליטן פון אַ לונגען-קראַנקהייט און איז געשטאָרבן אין עלטער פון 36 יאָר. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער שוין געוואוסט, אַז דער סוף פון זיין לעבן איז נאָענט, ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און זיין שטענדיקער שמייכל אויפן פּנים האָט אים נישט פאַרלאָזן. ער איז געשטאָרבן אין 1930.

## גאָלדשטיין ישראל

(סראָלקע צוקער-בעקער)



געבוירן אין פּיעטריקאָוו אין 1873; אין 1900 געקומען קיין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט העניע יאַקובאָוויטש פון טשענסטאָכאָוו, און דאָרט געהאַט אַ בעקעריי. אין 1920 געקומען קיין אַמעריקע. האָט געוואוינט אין אָנפאַנג אין דעטראָיט, שפּעטער, אין 1932, קומט ער קיין ניו-יאָרק. אָבער נישט קענענדיק זיך איינלעבן אין דער ניו-יאָרקער סביבה, קערט ער זיך אום קיין דעטראָיט, וואו ער עפנט אַ בעקעריי.



גאָלדשטיין העניע

קיין אַמעריקע איז ישראל געקומען מיט אַכט קינדער (זיבן זין און איין טאָכטער). דזשאָ און אַרטור גאָלדשטיין פירן היינט אָן מיט דער בעקעריי, אונטערן נאָמען: „גאָלדשטיין בראָדערס"; סימאָר מאָרטאָן (געענדערט דעם נאָמען) איז אַ פאַרמאַצעווט; דייוויד ג. מאָרטאָן — אַ דאָקטאָר (געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי); הערמאַן גאָלדשטיין — אַ מעכאַניקער; קאַרל און מאָריס גאָלדשטיין — פאַרמאַצעווטן. די טאָכטער, ראָוז, האָט חתונה געהאַט מיט **הערי דזשייקאָבס (פון דער היים — יאַ-**

קובאָוויטש), געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. אַ זון פון משה אהרן יאַקובאָוויטש.



גאָלדשטיין אַרטור מיט זיין פרוי און זון

הענע גאָלדשטיין איז געשטאָרבן אין דעטראָיט, דעם 19-טן מאַי 1940 און ישראל — דעם 14-טן סעפּטעמבער 1934. ישראל און הענע גאָלדשטיין האָבן געהערט צום אַרבעטער-רינג, בראַנטש 111, און צו דער טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי.

## גאָלדשטיין יונה

דעטראָיט

זון פון ישראל און הענע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 27-טן פעברואַר 1903. האָט חתונה געהאַט מיט אסתר ליטווינאָוויטש. געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. אין טשענסטאָכאָוו געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי „פּאָראַייניקטע". ער איז אַ מיטגליד אין דער בעקער יוניאָן לאָקאַל 78, ווי אויך אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט.

## גאָלדבערג שלמה און אסתר



זון פון מאיר און שרה. געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק (פּוילן) אין 1870. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר גליקסמאַן. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. איז געווען אַ מיטגליד פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, בראַנטש נומ' 10, אין ניו-יאָרק. היינט געהערט ער צו אַ פאַמיליע סאָסייעטי. געהערט אויך צו דער מעלצער שוהל.

## גאָלדמאַן דזשעק

זון פון טוביה און לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 16-טן פעברואַר 1899. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920.

## גוטערמאַן דוד



זון פון זונדל און רוטא. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יולי 1908. געקומען קיין אַמעריקע דעם 5-טן סעפּטעמבער 1939. ער איז אַ מיטגליד פון פּאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.

## גורסקי וולאַדיסלאַוו

געבוירן 1879 אין טשענסטאָכאָוו.

## גורסקאַ—ליפּסקאַ אָלגאַ

טאָכטער פון מאָוריצי און פעליציאַ ליפּסקאַ. געבוירן דעם 20-טן מערץ 1884; די פרוי פון וולאַדיסלאַוו גורסקי.

## גורסקי יצחק



דאָס הויז און די סביבה, וואו ער איז אויפגעוואַקסן — קאָן באַצייכנט ווערן אַלס אָרטאָדאָקסיש-משכיליש-אַסימילאַטאָריש. זיין זיידע, הערש גורסקי, גרינדער פון די ערשטע וועבערייען אין זאַלאַשין ביי טשענסטאָכאָוו, אַליין אַ פרומער ייד, אַ מתנגד, האָט פאַר זיינע טעכטער געהאַלטן אַ פראַנצויזישע באָנע. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך פראַנצויזיש, דער זון אָבער, יצחקס טאַטע — אברהם, אַדער אַברעמעלע (ווי די שטאָט האָט אים גערופן), האָט באַקומען אַ נאַציאָנאַל-יידישע דערציאונג. אין זייער הויז איז געלייענט געוואָרן די „הצפירה" און די „איזראַעליטאַ". בכלל איז ער געווען נאָר אויסערלעך — פּויליש, אינעווייניק — יידיש.

יצחק גורסקי, דער יונגסטער זון פון 4 ברידער (8 קינדער), האָט געלערנט אין חדר, אין עדעליסט'ס פאָלקשול, דערנאָך אָפּגעגעבן עקזאַמען אַנצוקומען אין אַ גימנאַזיע. צוליב די באַגרענעצונגען פאַר יידן איז ער געפאָרן קיין פּאַביאַניץ, וואו ס'האָט זיך געעפנט די ערשטע האַנדלס-שול מיט אַ 40-פּראָצענטיקער נאָרמע פאַר יידן. קיין טשענסטאָכאָוו איז ער געקומען אויף וואַקאַציעס און אויפגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט זיינע פריינט — יוסף קרוק, לייזער בראָניאַטאָווסקי, שימעק פּרושיצקי, אַלעק טעמפּל, אייזיק שוואַרץ, העלע בירמאַן, מאַטוויי דאַווידאָוויטש און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן שפּעטער געהערט צו דער אָנפירנדיקער אינטעליגענציע פון דער ס.ס.-פּאַרטיי.

אין 1902 איז ער, ווי אַלע זיינע פריינד, באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער גלייכצייטיק האָבן אויף אים געווירקט די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַל-פּאָליטישע אידעען, וואָס האָבן ווי שטורעם-ווינטן זיך געטראָגן איבער רוסלאַנד.

ער איז געוואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער ס.ס.-שער פּאַרטיי און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אידעאַליזם, אויסערגעוויינלעכער ענערגיע און פּראַקטישן חוש. און אויך געווען דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון יוסף נומער איינס (ד"ר יוסף קרוק).

יצחק גורסקי איז געווען איינער פון די, וואָס האָט באַלד פון אָנהייב אָן געפּלאַנט און געשטויסן די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון ס.ס. צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער אין ווייסבער'ס פאַבריק און אין אַלע קלענערע פאַבריקלעך, כדי אויסצוקעמפן פאַר זיי בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען און העכערע שכירות. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף די פּאַרטייאישע מאַסן-פאַרזאַמלונגען, געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן אויף די קרייזן, און אַגיטירט איינצלנע אַרבעטער אויף די וואַלעס. ער האָט גערעדט אין די שולן, ווען מען איז דאָרט אַרויסגעטראָטן קעגן די ציוניסטן און ווען מען האָט גערופן די יידישע באַפעלקערונג צו העלפן דער זעלבסטשוץ.

אין פעברואַר 1906 ווערט ער אַרעסטירט און פאַרמשפּט צו פאַרשיקונג קיין סיביר. ער איז אָבער דעמאָלט קראַנק געוואָרן און געלעגן אַ צייט אין שטאָטישן שפּיטאָל „שווענטאַ מאַריאַ". אין צימער וואו ער איז געלעגן זיינען פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונגען פון די פירנדיקע חברים און דאָ איז אויך געווען אַ סקלאַד פון אומלעגאַלער ליטעראַטור.

אין מאַי 1906 איז צוליבן געבורט פון צאַרעוויטש (רוסישן קרוין-פּרינץ)

אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַמנעסטיע. יצחק גורסקי איז דעמאָלט באַפרייט געוואָרן פון טורמע.

אין זעלבן אָוונט, וואָס ער איז באַפרייט געוואָרן, איז פֿאָרגעקומען אַ וויכטיקע פּאַרטייאישע קאָנפערענץ. מיליטער און פּאָליציי האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז און אַרעסטירט אַ סך אָנטייל-נעמער. גורסקי'ן איז געלונגען אַרויסצושפּרינגען דורך אַ פענצטער און אַנטלויפן.

אין דער טורמע, וואו ער איז אָפּגעזעסן דריי חדשים האָט ער זיך באַקענט מיט עטלעכע פּ.פּ.-סאָווצעס — באַאַמטע פון דער הערבער באַן. דורך זייער פּראָטעקציע און באַקאַנטשאַפט מיטן הויפּט-בוכהאַלטער, גריגאָרי צוויעטאַיעוו, אַ סאָציאַליסט, איז ער אָנגענומען געוואָרן אַלס אָנגעשטעלטער — כמעט דער ערשטער פּוילישער ייד אַלס באַן-באַאַמטער. דאָס פּוילישע אַנטיסעמיטישע וואָכנבלאַט „דער באָטשאַן" האָט עס ניט געקענט פאַרטראָגן און האָט אויף דער ערשטער זייט אָפּגעדרוקט זיין קאַריקאַטור מיט אַ לאַנגע יידישע נאָז און געבויגענעם רוקן.

די פּ.פּ.-סישע חברים האָבן אים איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די אייזן-באַן אַרבעטער. ער האָט אַדורכגעפירט די אויפגאַבע מיטן גרעסטן דערפאָלג. באַלד דערנאָך איז ער אָפּגעזאָגט געוואָרן פֿון זיין אַמט. די אייזן-באַן אַרבעטער און באַאַמטע האָבן אים אַלס זייער דאַנק געשענקט אַ זשעטאָן מיט דער אויפשריפט „זיעדנאָשטשאָן שילני" (אין איינהייט איז מאַכט).

די פּאַרטיי-אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו איז פאַר אים געוואָרן אוממעגלעך. דער צענטראַל-קאָמיטעט פון ס.ס. האָט אים, צוזאַמען מיט'ן ס.ס.-אָוועץ דוד פינסקי (דערשאָסן געוואָרן אויף פּיעטריקאָווער גאַס אין אַ דעמאָנסטראַציע) באַשטימט צו אַרבעטן אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע.

יצחק גורסקי איז שוין דעמאָלט געווען יורי-סטודענט פון דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט. אין לאָדזש האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס. די גאַנצע פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן דער ס.ס.'ישער באַוועגונג.

אין 1909 איז ער, צוליב פּאָליצייאישע רדיפות, אַוועק קיין ווין. דאָרט האָט ער ווייטער שטודירט אַלס יוריסט.

צוזאַמען מיט לאַצקי-בערטאָלדי, דאַווידאָוויטש אַנין, טשערניכאָוו און אַנדערע ס.ס.'ישע פירער, וואָס זיינען שפּעטער געקומען קיין ווין, האָט יצחק גורסקי דאָרט אָרגאַניזירט אַ ס.ס.'ישע גרופּע, האָט אָנטייל גענומען אין אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „פריילאַנד" און געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם טעריטאָריאַליסטישן קאָנגרעס אין 1912 מיט ישראל זאַנגוויל'ן בראש. ער איז אויך געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון די „יידישע סטודענטן פֿון רוסלאַנד", וואָס האָט געציילט אַרום טויזנט מיטגלידער; דער צווייטער קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט איז געווען דער ס.ס.-אָוועץ משה ראַסקין.

אַלס פּרעזידענט פון די רוסישע סטודענטן אין ווין, איז ער געווען פאָרזיצער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער-פאַרזאַמלונג, צו פּראָטעסטירן קעגן די מאַסן-מאָרדן פון די לענא'ער גאָלד-גרובן-אַרבעטער אין סיביר. אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען אַרויסגעטראָטן: וויקטאָר אַדלער, בערטאָלדי, דאַשינסקי, באָראָכאָוו, טראָצקי, לעוויצקי, אַנין, ראַטנער און אַ סך אַנדערע. דער פּראָטעסט-מיטינג האָט דעמאָלט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין אויסלאַנד, אַזוי ווי אין רוסלאַנד.

בשעת דער ערשטער וועלט-מלחמה איז יצחק גורסקי, צוליב זיין שפּראַכן-קענטשאַפט, מאָביליזירט געוואָרן אַלס צענזאָר פון דער קאָרעספּאָנדענץ פאַר קריגס-געפאַנגענע. ער איז געוואָרן שעף פון דער אָפּטיילונג און באַקומען פון דער עסטרייכישער רעגירונג אַ זילבערנעם מעדאַל. הגם אָפיציעל איז ער געווען פאַררעכנט אַלס „פיינטלעכער אויסלענדער".

זיין אַמט אַלס צענזאָר האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט די יידישע קריגס-געפאַנגענע אין די לאַגערן. ער איז געשטאַנען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער גרופּע קריגס-געפאַנגענע פון טשענסטאָכאָוו אין לאַגער ביי לינץ, זיי געשטיצט און פאַרבונדן מיט טשענסטאָכאָוו. ער האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן ביבליאָטעקן און געשטיצט די אַנדערע קולטורעלע טעטיקייטן פון די יידישע און ניט-יידישע געפאַנגענע אין אַנדערע לאַגערן.

אין דערזעלבער צייט האָט ער מיטגעאַרבעט מיט דער עסטרייכישער גרופּע פון די „צימערוואַלדער" (סאָציאַליסטן, וואָס זיינען געווען קעגן שטיצן זייערע רעגירונגען אין דער מלחמה), אָנגעפירט דורך פרידריך אַדלער, וואָס האָט דערשאָסן דעם דעמאָלטדיקן עסטרייכישן קאַנצלער גראַף שטערק. פֿון דעמאָלט אָן האָט ער זיין ענערגיע און פעאיקייט אָפּגעגעבן דער עסטרייכישער אַרבעטער-באַוועגונג. ער איז געווען דער מיטגרינדער פון די פאַראיינען „פרייע שול" און „קינדער-פריינד", דערנאָך געהאָלפן ביידע צו פאַראייניקן. ער האָט אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, איז געווען אינסטרוקטאָר פון ראַציאָנאַלער פירונג פון קאָאָפּעראַטיוון און מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער „גראָס-איינקויפס-געזעלשאַפט פאַר עסטרייכישע קאָנסום-פאַראיינען". אין משך פון דער צייט איז ער 3-4 מאָל געווען דעלעגאַט צו די סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן.

אַלס נאָענטער מיטאַרבעטער פון ד"ר קאַרל רענער — האָט ער מיט גרויס דערפאָלג אָנגעפירט מיט דער געזעלשאַפט פאַר רוסיש-עסטרייכישן אויסטויש פון סחורות און מיטגעאַרבעט אין אַלע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער אַרבעטער-באַנק.

נאָך דעם דאָלפוס-שושניק פוטש אין 1934 אין ווין איז ער געווען אַרעסטירט, צוזאַמען מיט אַ ריי סאָציאַליסטישע פירער, ווי ד"ר קאַרל רענער, זייץ — בירגערמייסטער פון ווין און אַ סך אַנדערע.

ווען די „פריילאַנד"-באַוועגונג **האָט** זיך אויפסניי אָרגאַניזירט אין די יאָרן 1936-1938, איז ער געוואָרן איינער פון אירע אַקטיווע טוער און איז געווען מיטגליד פון דער וועלט-עקזעקוטיווע, צוזאַמען מיט ד"ר א. סינגאַלאָווסקי, דאַווידאָוויטש, פיינלעב, ד"ר קרוק און אַנדערע. דעמאָלט האָט ער אָרגאַניזירט אין ווין אַ גרויסע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט ביי טויזנט מיטגלידער און אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל — „פריילאַנד", אין דייטש.

ער האָט אויך געשטיצט די יידישע קינדערהיימען אין טשענסטאָכאָוו. די אַפּטייק, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, איז געווען איינגעאָרדנט מיט די געלט-מיטלען, וואָס יצחק גורסקי האָט געשיקט פון ווין.

אין מערץ 1938 האָט היטלער אַנעקסירט עסטרייך. סוף יוני דעמזעלבן יאָר איז אים געלונגען, צוזאַמען מיט זיין פרוי העלאַ (מיידלשער נאָמען — העלאַ בירמאַן) און צוויי קינדער צו קומען קיין אַמעריקע.

זיין זון יוליאַן, געבוירן אין ווין, האָט גראַדואירט דעם טעכנישן אוניווערזיטעט אַלס אינזשעניער-עלעקטריקער, און אויך שטודירט די ענגלישע שפּראַך אין לאָנדאָנער אוניווערזיטעט.

זיין טאָכטער איירין, אויך געבוירן אין ווין, האָט שטודירט אַלס דאָקטער אין די אוניווערזיטעטן פון ווין, רוים און אין אַמעריקע — אין פילאַדעלפיער וואָומען מעדיקאַל קאַלעדזש. זי פּראַקטיצירט איצט אַלס פיזישן און פּאָסט גראַדואייט האָספּיטאַל, און ספּעציאַליזירט זיך אין האַרץ-קראַנקהייטן.

אין ניו-יאָרק, וואו יצחק גורסקי האָט זיך באַזעצט, איז ער טעטיק אין דער „פריילאַנד"-באַוועגונג, אין דער עסטרייכיש-סאָציאַליסטישער גרופּע און אין דער הילפס-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט זיין אַפּטיקל קאַרפּאַריישאַן, וואָס ער האָט דאָ געגרינדעט, פּראָדוצירט וויכטיקע אַרטיקלען פאַר דער

קריגס-אינדוסטריע. זיין זון יוליאַן, אינזשעניער און אָנפירער פון דער פאַבריק האָט אויף דעם געביט געמאַכט איניקע וויכטיקע דערפינדונגען.

אין טשענסטאָכאָוו האָט יצחק גורסקי איבערגעלאָזט פאָלגנדיקע משפחה: שוועסטער — רבקה'לע און איר מאַן יעקב דאַווידאָוויטש, צעשאַ און איר מאַן דוד לייזעראָוויטש, אסתר און איר מאַן הענעך קראַוויצקי, וואָלאַ-קרישטאַפּאָרגאַ, כויבע און איר מאַן יעקב קראסקאַלאָווסקי.

ברידער — וולאַדעק גורסקי און פרוי אָלגאַ-ליפּסקאַ, און בערנאַרד גורסקי.



וולאַדיסלאַוו גורסקי

געראַטעוועט האָבן זיך נאָר: אַדעק און העניאַ קראָמאַלאָווסקי, קינדער פון יעקב קראָמאַלאָווסקי — איצט אין טשענסטאָכאָוו; העניאַ און בראָניסלאַוו לייזעראָוויטש (ברידער פון ד"ר לעאָן לייזעראָוויטש, איצט אין ניו-יאָרק, פּראַקטיצירט אַלס מעדיקעל דאָקטאָר) — ביידע אין סאָוועט-רוסלאַנד, און ווערן דערוואַרט אין פּוילן; נאַדזשאַ גורסקאַ, אַ טאָכטער פון בערנאַרד גורסקי, אַ דענטיסטין אין ארץ-ישראל; מאַנקאַ גורסקאַ, אַ טאָכטער פון וולאַדעק גורסקי — זאָל זיך געפינען אין סאָוועט-רוסלאַנד.

## בירמאַן—גורסקי העלע

איר מאַמע, שלעזינגער, איז געווען אַ טשענסטאָכאָווערין. איר טאַטע האָט געוואוינט פון נאָוואָ-ראַדאָמסק. די פאַמיליע בירמאַן האָט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו ביז 1901, דערנאָך זיך איבערגעצויגן קיין סאָסנאָוויצע און דאָרט געפירט אַ וועקסל-הויז. זיי זיינען געווען פאַרמעגלעך און באַלעבאַטיש-פּראָגרעסיוו. אירע ברידער האָבן, אַחוץ וועלטלעכע בילדונג, אויך געלערנט העברעאיש



העלע גורסקי און מאַדזשאַ זאַלצמאַן

העלע האָט געלערנט נאָר פּויליש און אַנדערע שפּראַכן. איר ברודער, לודוויג בערמאַן, איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער ס.ס.-פּאַרטיי און האָט אַנטייל גענומען אין דעם צוזאַמענפאָר איז שווידער, וואו ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער מיטל-שול יוגנט-פאַרבאַנד פון די אַרבעטער-ציוניסטן. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף זיין שוועסטער העלע. אין דער זעלבער צייט איז העלע אויך געווען אונטערן איינפלוס פון אַדאָלף בריל און סעניאר, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַממען מיט איר אין מאַרקוס-פעלד'ס קאַנטאָר ביי דער „מאַלאַרניע" און זיינען ביידע געווען אָנפירער פון דער ס.ד.ק.פּ.ל.

סעניאר (ראַדעק'ס אַ שוואָגער) איז געווען איינער פון די זיילן פון דער ס.ד.-פּאַרטיי. ביי אים אין הויז איז געווען דער צענטער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ליטעראַטור — די „איסקראַ", וואָס איז געדרוקט געווען אין אויסלאַנד, איז פון זיין הויז צעשיקט געוואָרן איבער אַלע שטעט פון רוסלאַנד.

די איבערגעוויכט אין איר באַוואוסטזיין האָט אָבער געוואונען דער ס.ס.'ישער פּראָגראַם, ווייל ער האָט געשטימט מיט די פאַקטן פון לעבן וואָס זי האָט געזען אַרום זיך ווי, למשל, וואָס אין אַזאַ פאַבריק ווי די „מאַלאַרניע" זיינען די יידישע אַרבעטער אַרויסגעשטויסן געוואָרן. דאָסזעלבע — אין אַלע אַנדערע גרויסע פאַבריקן: יידן — דירעקטאָרן און בוכהאַלטערס, גויים — ביי די מאַשינען אין די פאַבריקן. להיפך דערצו האָט זי געזען די גרויסע יידישע מאַסן אַלס אָרעמע הענדלער און מאַרק-שטייער און די יידישע פרויען — אַרומגעטראָגן די קאַשיקעס איבער די הייזער.

העלע בירמאַן — אַ שטילע, באַשיידענע, צוריקגעצויגן פון רוישנדיקן לייבן — האַט אין דער שטיל געטאָן פאַראַנטוואָרטלעכע קאָנספּיראַטיווע פּאַרטיי-אַרבעט, ווי דאס איבערשיקן פון אומלעגאַלע ליטעראַטור, איבערטראָגן געווער און ענלעכע מיסיעס.

איינע פון אירע געוואַגטסטע אויפגאַבן איז געווען איינמאַל אין דער גיך אויסצורייניקן די קוואַרטיר פון אהרן סינגאַלאָווסקי, וואָס איז „פאַרשוט" געוואָרן. זי האָט געדאַרפט מיט [illegible] מיט זיך אַ מאַסע געווער און ליטעראַטור, וואָס איז געווען איבער אירע פיזישע מעגלעכקייטן, און דערמיט אַריבערגיין ייטלעכע גאַסן.

ווען איר ברודער לודוויק איז געזעסן אין דער פּעטריקאָווער טורמע און שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן צו קאַטאָרגע, האָט זי אַריינגעשמוגלט צו אים ליטעראַטור און אָנגעהאַלטן מיט אים די פּאַרטייאישע פאַרבינדונג.

זי און בראָניע קאָניאַרסקי האָבן געפירט די אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן פרויען. העלע האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ געהיימער שול, וואו מען האָט געלערנט מיידלעך לייענען און שרייבן. די שוואַרצע פראַדל איז געווען איינע פון אירע שילערינס.

מיט יצחק גורסקין האָט זי זיך באַקענט אין 1903 דורך איר ברודער לודזיק. אויך ער, יצחק גורסקי און יוסף קרוק האָבן זי באַאיינפלוסט לטובת דער ס.ס.-פּאַרטיי, פאַר וועלכער זי איז געווען אַ גרויס געווינס. אָבער נאָך גרעסער איז געווען דער געווינס פאַר יצחק גורסקין אַליין, ווייל דעם 31-טן דעצעמבער 1911 האָבן זיי חתונה געהאַט אין סאָסנאָווצע און אין יאַנואַר 1912 זיינען זיי שוין געווען אין ווין.

אין ווין האָט זי מיטגעהאָלפן יצחק גורסקין אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, באַזונדער אין דער בילדונג און אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן די מאַסן.

„וואָס איך האַס צומייניסטן, איז דער אומפאַרשטאַנד פון די מאַסן" — פלעגט זי זאָגן. און זי האָט זיך באַמיט אָט דעם אומפאַרשטאַנד צו באַקעמפן.

אין ניו-יאָרק איז העלע בירמאַן טעטיק אין דער פרויען-גרופּע פון דער „פרוילאַנד"-ליגע.

---

## גימפּעל הערש בער

שיקאַגאָ

זון פון יצחק יונה און חנה. געבוירן אין קאָניעצפּאל (פּוילן) דעם 26-טן אויגוסט 1878. ער האָט חתונה געהאַט מיט רחל בערקענשטאַט. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע דעם 6-טן אויגוסט 1906. איז אַ מיטגליד אין היברו פּראָגרעסיוו און טשענסטאַכאַווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ.

---

## גלאַטער אברהם מאיר

און גלאַטער פריידל—ווין

זון פון מרדכי און רבקה. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 56 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.



## גלאַטער מאַקס



זון פון אַבֿרהם מאיר און פֿראַניע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 24-טן דעצעמבער 1886. געוואוינט אַ צייט אין דייטשלאַנד און פון דאָרט געקומען דעם 4-טן יוני 1906 קיין אַמעריקע. ער האָט חתונה געהאַט מיט טילי סילבערבערג. איז 5 יאָר צייט געווען פּרעזידענט פון איוואַ מאַגנעס מעמאָריעל פּיליליע סאָסייעטי, פּרעזידענט פון די בילדינג אינדוסטריע ליגע אין ניו-יאָרק און מיטגליד אין בני ברית. זיין זון סידני האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## גלאַטער טילי



טאָכטער פון הערשל און ליבע. געבוירן אין לאָדזש. געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע דעם 4-טן יוני 1906. האָט חתונה געהאַט מיט מאַקס גלאַטער.

---

## גליקסמאַן רחל

טאָכטער פון אַבֿרהם און מרים גליקסמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1911. געענדיקט דאָס יידישע גימנאַזיום אין טשענסטאָכאָוו. איצט אין ניו-יאָרק. מיטגליד פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף. חתונה געהאַט מיט ארי' פּאַגעל, זון פון ר' עקיבא פּאַגעל ע"ה

## גליקסמאַן ר' אַבֿרהם ע"ה



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885, דער זון פון דוב-בערל (באַקאַנט אונטערן נאָמען דער גרויסער בערל) און הינדע גליקסמאַן. ער האָט פון די פריערדיקע יאָרן אָן, געלערנט אין חדר, ביים אַמסטאָווער רבֿ, ביים סאָכאַטשעווער גאון (ר' אַבֿרהמ'לע זצ"ל) און שפּעטער זעלבסטשטענדיק געלערנט אין שטאָטישן בית-המדרש.

צוזאַמען מיט יידישע למודים נעמט ער אויך גלייכצייטיק וועלטלעכע בילדונג און דאָס דערמעגלעכט אים צו ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער סוחר. אין דער וועלט פון האַנדל אין און אויסער טשענסטאָכאָוו איז ער באַקאַנט געווען אַלס ערלעכער און סאָלידער סוחר. אויך אין פּריוואַט און פאַמיליען לעבן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט גוטע מידות.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשענסטאָכאָוו באַטייליקט ער זיך אַ צייט אַלס פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון „בית-לחם" און פון דער יידישער גימנאַזיע. ער איז אויך געווען איינער פון די מיטגרינדער פון דעם נייעם בית-המדרש „אהל נחום" און פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלע בראָשור וועגן דעם. אַחוץ די שטענדיקע אַמט וואָס ער האָט פאַרנומען אין די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס האָט ער אויך מיטגעהאָלפן ביי יעדער אַקציע פאַר די אָרעמע אין אונדזער שטאָט.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

ת'נ'צ'ב'ה'

---

## גליקסמאַן שבע

די טאָכטער פון אַבֿרהם און מרים גליקסמאַן. געבוירן אין 1908 אין טשענסטאָכאָוו. געענדיקט דאָס יידישע גימנאַזיום אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט יצחק האַראָוויטש (זון פון באַקאַנטן אינדוסטריעלער דובֿ בער האַראָוויטש). געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939-1945

ת'נ'צ'ב'ה'

## גליקסמאַן מרים ע"ה



די פרוי פון אבֿרהם גליקסמאַן ע"ה. זי איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1885 אַלס טאָכטער ביי ר' נתן-יעקבֿ און פייגעל קליינער (פון דער היים — גרילאַק). אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער שטאָט האָט זי אַקטיוו גענומען אַלס וויצע-פּרעזידענטין און פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון פרויען-הילף-פאַראיין „עזרה" און אויך אַלס מיטגליד פון דער „דאַבראָטשינאַשטש". חוץ דעם איז זי געווען טעטיק ביי יעדער הילף-אַקציע פאַר די אָרעמע און נויטבאַדאַרפיקע און אָוועקגעגעבן פאַר זיי אַ סך מי און כוחות. איר הויז אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דאָס אָרט וואו יעדער אָרימאַן האָט געפונען הילף און שטיצע. יאָר-איין יאָר-אויס פלעגט זי אויף אייגענער האַנט אָרגאַניזירן צום ווינטער אַ קליידער-אַקציע פאַר די נאָקעטע און באָרוועסע.

אין פּריוואַט-לעבן איז זי געווען פרום און טראַדיציאָנעל.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

ת'נ'צ'ב'ה'

אַבֿרהם און מרים גליקסמאַן האָבן געהאַט פינף קינדער: וואָלף גליקסמאַן, סעקרעטאַר און עקזעקוטיוו-מיטגליד פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף, איצט אין ניו-יאָרק.

שבֿע גליקסמאַן—האַראָוויטש — געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

רחל גליקסמאַן—פּאַגעל — איצט אין ניו-יאָרק.

ד"ר אינזש. יוסף גליקסמאַן — איצט אין תל-אָבֿיב.

דובֿ-בערל גליקסמאַן — געשטאָרבן אין 1930 יאָר.

---

## גליקסמאַן—באַרענבוים קלער

פילאַדעלפיע

טאָכטער פון אַבֿרהם און סאָניא באַרענבוים. געבוירן דעם 4-טן פעברואַר 1914 אין אָדעס. די צווייטע פרוי פון וואָלף גליקסמאַן.

## ד"ר אינזש. יוסף גליקסמאַן

תל-אַביב

זון פון אַברהם און מרים גליקסמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1913. ער האָט, ווי יעדעס יידיש קינד פון יידישן מיטלשטאַנד, אַ צייט געלערנט אין חדר, פריוואַט-שולע, ביז צו דער גימנאַזיע. נאָך זייענדיק אַ שילער אין דער יידישער גימנאַזיע, האָט ער שוין דאָמאָלט אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט צווישן דער יידישער יוגנט, פאַרשפּרייטנדיק דעם ציוניסטישן געדאַנק און געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון „בית"ר" אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער איז שפּעטער געוואָרן ראש-הקן

אין יאָר 1933 האָט ער באַקומען די „מאַטורע" אין יידישן גימנאַזיום אין טשענסטאָכאָוו און פאָרט אין זעלביקן יאָר שטודירן קיין איטאַליע. נאָכן באַזוכן די אוניווערזיטעטן פון גענואַ און מילאַן (איטאַליע), ענדיקט ער אין יאָר 1939 זיין שטודיע מיטן טיטל דר. אינזש. ציוויל.

נאָך אַ קורצן באַזוך ביי די עלטערן פאָרט ער, אין יולי 1939, אַלס „אומלעגאַלער" עולה קיין ארץ ישראל. אויף דער שיף וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּאַריטאַ", וועלכע בלאָנקעט זיך אַרום זיבן וואָכן אויפן מיטללענדישן ים, קומט אים אויס צו שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע. די עולים באַשליסן אַ געוויסן טאָג צו אַרעסטירן דעם קאַפּיטאַן און מאַטראָזן ווייל זיי האָבן זיך אַנטזאָגט אַריינצופירן די שיף קיין תל-אַביב. עס אָרגאַניזירט זיך אַ קאָמיטעט וואָס נעמט איבער די שיף אין זייערע הענד. ד"ר אינזש. יוסף גליקסמאַן האָט אָנגעפירט מיט די מאַשין-האַלע און פירט אַריין די שיף „פּאַריטאַ", אונטער דער וויים-בלויער פאָן, דעם 22-טן אויגוסט 1939, קיין תל-אַביב, קעגנאיבער דעם האָטעל „ריטץ".

אין די יאָרן 1939—1942 האָט ער געאַרבעט אין סיריע, עבר-הירדן און לבנון.

היינט-צו-טאָג לעבט ער אין תל-אַביב, אַלס זעלבסטשטענדיקער בוי-אינזשינער מיט זיין פרוי, פרידאַ (געבוירן אין ווין, עסטרייך), אויך אַן „אומלעגאַלער" עולה, און זייער זון, גבריאל.

## איתמר גליקסמאַן

זון פון וואָלף און זאָפיא גליקסמאַן. געבוירן דעם 10-טן יאַנואַר 1939. געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

## מגר. פיל. גליקסמאַן-מיטץ זאָפיאַ

די ערשטע פרוי פון וו. גליקסמאַן, טאָכטער פון יצחק-מאיר און שרה מיטץ. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1907. נאָכן ענדיקן דאָס יידישע גימנאַזיום אין טשענסטאָכאָוו, האָט זי שטודירט אין דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט און געענדיקט דעם פילאָזאָפישן-הומאַניסטישן פאַקולטעט (געשיכטע) מיטן טיטל מגר. פילאָזאָפיע, פאַר אַ באַשרייבונג וועגן דער שטאָט שעראַדז (פוילן). קומענדיק צוריק קיין טשענסטאָכאָוו האָט זי צוויי יאָר געלערנט אַלגעמיינע און פוילישע געשיכטע אין דער ערשטער מלוכה-גימנאַזיע (פלאָדאָווסקי) אין טשענסטאָכאָוו. זאָפיא מיטץ ווערט שפּעטער אַמטלעך איבערגעטראָגן אַלס וויצע-לייטערין און לערערין פון דער רעגירונג פאָלק-שול נומ' 13 אויף דער קראָקעווער גאַס, וואו זי האָט פאַרנומען דעם אַמט צוזאַמען מיט דער לייטערין פּרל. נאַטאַליאַ שאכנער ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

## גליקסמאַן—שימערלינג עלפרידע

תל-אַביב

טאָכטער פון אָטטאָ און ערנעסטינע שימערלינג. געבוירן דעם 8-טן יאַנואַר 1918 אין ווין (עסטרייך). די פרוי פון ד"ר אינזש. יוסף גליקסמאַן.

## גליקסמאַן ר' יוסף ע"ה

זון פון דוב-בערל און הינדע גליקסמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געלערנט ביים סאכאטשעווער גאון ר' אַברהמ'לע זצ"ל און דאָרט באַקומען היתר-הוראה. אין טשענסטאָכאָוו געווען באַקאַנט אַלס עילו און איינער פון די געציילטע לומדים.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

## גליקסמאַן איזידאָר

דעטראָיט



זון פון מאיר און שרה גענענדעל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן מערץ 1892. אין טשענסטאָכאָוו געאַרבעט אין דער צעלאָלאָיד בראַנזש און דאָרט געווען טעטיק אין דער אָפּטיילונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. איז אויך געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי ס"ס. אין 1912 פאַרלאָזט ער טשענסטאָכאָוו און איז געפאָרן קיין גאַלוועסטאָן אַלס עמיגראַנט מיט דער 67-טער פּאַרטיע. קיין אַמעריקע (ניו-יאָרק) איז ער געקומען אין 1913. ער איז געווען אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג בראַנטש 261. ער באַטייליקט זיך אויך אין דער אַרבעט פון טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט. אין דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. אין 1919 האָט ער חתונה געהאַט מיט ראָזי וועגנער און זיך באַזעצט אין דעטראָיט. דאָרט געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין און ביז היינט טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער רינג בראַנטש 620 אין דעטראָיט. זיין זון מאיר האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## גליקסמאַן פישל

לאָס אַנדזשעלעס

זון פון יצחק און האָדעס. געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק דעם 3-טן פעברואַר 1893 ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל בירנבוים.



געקומען קיין אַמעריקע דעם 10-טן דעצעמבער 1921. ער איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג, עקזעקוטיוו-מיטגליד פון אידישן אַרבעטער-קאָמיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס, און איז אויך טעטיק פאַרן וועלפעיר פאָנד. זיין זון סימאָר האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

געשטאָרבן אין 1946.

## גליקסמאַן גיטל

לאָס אַנדזשעלעס

טאָכטער פון שמואל יעקב און ביילע. געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק דעם 24-טן נאָוועמבער 1897. זי האָט חתונה געהאַט מיט פישל גליקסמאַן. אין נאָוואָראַדאָמסק איז זי געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי פון די לינקע „פּועלי ציון„, האָט

זיך אויך באַטייליקט אין דער דראַמאַטישער סעקציע אונטער דער רעזשי פון אַרטיסט לעסמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 20-טן פעברואַר 1935 מיט איר זון. זי איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג, טעטיק אין דעם אַרבעטער רינג שול-פאַראיין, אידישן אַרבעטער-קאָמיטעט, אַרבעטער-רינג-כאָר און ביי די לײדיס אוקזילערי.

---

## גליקסמאַן אליעזר

זון פון בערל און פרימעט. געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק. דער פאָטער פון אליהו בער, רחל, משה, שלמה, בלומע, כאָנע, יאָסל און נחמיה.

ער איז געשטאָרבן ל"ג בעומר 1921 אין קראָקע.



אליעזר און מרים גליקסמאַן

---

## גליקסמאַן מרים

די פרוי פון אליעזר גליקסמאַן. די טאָכטער פון כאָנע און שרה קאלעכארע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו.

זי איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1935.

---

## גליקסמאַן יאָסל



זון פון אליעזר און מרים. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1891. ער איז געווען אַ מיטגליד פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין ניו-יאָר. איז געשטאָרבן דעם 15-טן אָקטאָבער 1918 אין ניו-יאָרק.

## גליקסמאַן נחמיה



זון פון אליעזר און מרים גליקסמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט סערא באַרזשיקאָווסקי. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 47 יאָר, דעם 2-טן אויגוסט 1941, אין ניו-יאָרק.

---

## גליקסמאַן ליפּוש



זון פון שלמה און דבורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1910.

---

## גליקסמאַן כאָנע



געבוירן אין 1889. זון פון אליעזר (באַקאַנט אונטערן נאָמען אליעזר כאָנעס) און מרים. זייענדיק זייער פרום, האָבן זיי דערצויגן זייערע קינדער, 6 זין און 2 טעכטער, אין רעליגיעזן גייסט.

כאָנע גליקסמאַן איז געגאַנגען אין חדרים ביז 1905. אין דעם יאָר הייבט ער אָן צו אַרבעטן אין ווײנבערגס פאַבריק, וואו ער ווערט אַרייגעצויגן אין דער פּאַרטיי פ"ס.

דעם 23-טן יאַנואַר 1906 ווערט ער אַרעסטירט אין פאַבריק. דאָס איז געווען אַ טאָג נאָכן סטרייק אין שייכות מיט דער יאָרצייט פון גאַפּאָן, וואָס האָט דאַמאָלט געפירט די פּעטערבורגער אַרבעטער צו דער שחיטה. די פאַבריקאַנטן ווײנבערג האָבן געהאַט געהעצט די קריסטלעכע אַרבעטער קעגן די יידישע. עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן זיי. כאָנע גליקסמאַן האָט געזאָגט צו די בעלי-בתים — אויב זיי זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ פּאָגראָם, וועט ער זיין דער ערשטער, וואָס וועט עס מאַכן אויף זיי. דאָס האָט געבראַכט צו זיין אַרעסט. ער איז אָפּגעזעסן אין די טשענסטאָכאָווער און אין דער פּיעטראָקאָווער תפיסות 15 וואָכן, און דעם 6-טן מאַי קומט ער צוריק אַהיים קיין טשענסטאָכאָוו און ווערט אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

כאָנע'ס עלטערן, זעענדיק אַז זיי קענען אים ניט אַוועקנעמען פון קאַמף, באַשליסן זיי אים צו שיקן קיין אַמעריקע. אין יולי 1906 שיקן זיי אים מיט אַ באַקאַנטע פאַמיליע (שכנים) באָכענעק קיין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. דאָרטן איז ער געווען ביז דעצעמבער 1906. שפּעטער איז ער אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק צו די פאַמיליע קרעמסדאָרף (מעשענגיסערס), וואָס האָבן אים אַרויסגענומען. ביז היינט-צו-טאָג זיינען זיי זיינע בעסטע פריינט.

אין ניו-יאָרק איז ער געווען ביז דעם 18-טן דעצעמבער 1907, אָבער צוליב עקאָנאָמישע און פיזישע אומשטענדן איז ער געווען געצוואונגען צוריק צו פאָרן אַהיים קיין טשענסטאָכאָוו.

הגם ער איז אין דערהיים געווען פינף יאָר, דאָך איז ער געווען זייער ניט צופרידן. ער פאַרלאָזט צום צווייטן מאָל טשענסטאָכאָוו אין יאַנואַר 1913 און אין פעברואַר דעמזעלבן יאָר קומט ער קיין ניו-יאָרק. ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָס פרעסער-פאַך ביי וועלכן ער אַרבעט ביז היינט.

אין יאָר 1914 האָט ער מיטגעהאָלפן ביים גרינדן דעם טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין, שפּעטער — דעם טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט. אין די אָרגאַניזאַציעס איז ער זייער טעטיק. אַ צייט איז ער געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 111 ביים יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און ווען דער ברענטש ווערט אויפגעלייזט, פאַראייניקן זיך אַ גרופּע מיטגלידער מיטן ברענטש 261 פון אַרבעטער רינג. אַ צייט שפּעטער איז ער מיטגרינדער פון ברענטש 11 ביים אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, וואו ער איז אַ מיטגליד ביזן היינטיקן טאָג.

אין 1920 ברענגט ער פון דער אַלטער היים זיין איצטיקע פרוי, פראַדעל בראַט, וואָס די לאַנדסלייט פלעגן זי רופן „די שוואַרצע פראַדל", און אין אַפּריל דעם-

זעלבן יאָר האָט ער מיט איר חתונה. אין אויגוסט 1921 ווערט בײַ זיי געבוירן אַ טאָכטער — חנה. אין מערץ 1941 האָט די טאָכטער חתונה מיט הערי סינגער, וואָס האָט זיך פרייוויליק אין 1942 אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

פּראַדל גליקסמאַן האָט אויך געאַרבעט אין ווײַנבערג'ס פאַבריק. געווען זייער טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי ס"ס. געווען איינע פון די גרינדער פון דער קינדער-היים, דאָרטן געאַרבעט די ערשטע צייט עטלעכע חדשים פרייוויליק, אָן באַצאָלט, שפּעטער — אָפיציעל אָנגעשטעלט געוואָרן אַכטונג צו געבן אויף די קינדער און פירן די ווירטשאַפט. זי האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט די לערערינס יוזשאַ שטאָם און חיה'לע וואַגאַ, וועלכע געפינט זיך איצט אין ניו-יאָרק.

## גליקסמאַן פּראַדל

איר מיידלשער נאָמען איז געווען פּראַדל בראַט. באַקאַנט און פּאָפּולער אַלס „די שוואַרצע פּראַדל".

אויפגעוואַקסן אין אַן אָרעם הויז (איר טאַטע — משה דוד און די מאַמע — זעלדע) מיט זיבן קינדער, האָט זי שוין צו 9 יאָר געמוזט אָנהייבן אַרבעטן אין אַ שפּילצייג פאַבריקל, שפּעטער, אין די יאָרן 5-1904 האָט זי געאַרבעט אין ווײַנבערג'ס קאַם-פאַבריק.

אין די יאָרן פון פריהייטס-באַוועגונג איז זי אין דער פּאַרטיי ס"ס און שפּעטער — געווען דער מוסטער פון אָפּפערוויליקייט און איבערגעבנקייט צו דער אידעע און פּאַרטיי. זי האָט אָנטייל גענומען אין די געפערלעכסטע קאָנספּיראַטיווע אונטערנעמונגען, ווי דאָס אייננאָרדענען פון געהיימע דרוקערייען און קיינמאָל נישט פאַרפעלט די „בערזשע", די מאַסן-מיטינגען און גאַסן-דעמאָנסטראַציעס.

אין 1906 איז זי, צוזאַמען מיט כאַנע גליקסמאַן, באַזייטיקט געוואָרן פון ווײַנבערג'ס פאַבריק אַלס אָנפירערין פון אַ סטרייק. אַ לאַנגע צייט איז פאַר איר אוממעגלעך געווען צו קריגן אַרבעט. כדי אָבער צו זיין אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי-אַרבעט און אויסצומיידן אַרעסטירט צו ווערן — האָט זי געאַרבעט אַלס „קעכן" און גאָלדע'ס משיינע. שפּעטער איז איר געלונגען צו קריגן אַרבעט אין ווערדעס נאָדל-פאַבריק. זי האָט זיך אויפסניי אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, צוערשט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בילדונגס פאַראיין", שפּעטער, אין 1917 — אָן שום באַלוינונג — אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער י. ל. פּרץ קינדער-היים, וואָס איז געוואָרן איר אידעאַל. אין דער פרייער צייט האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט דער אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן די מאַמעס פון די קינדער. זי האָט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו אין 1920. דעמזעלבן יאָר קומט זי אין אַמעריקע און האָט חתונה מיט איר יוגנט-חבר כאַנע גליקסמאַן.

אין ניו-יאָרק איז זי פריער געווען אָנגעשלאָסן אָן יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד, איצט — אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 פון יידישן-פאָלקס-אָרדן (אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרדן).

די גאַנצע צייט איז זי געווען אַן אַקטיווע טוערין אין דער הילפס-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו, וואו איר נאָמען וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

## גליקסמאַן איצעק

זון פון ראובן און רחל לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1901. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען טשענסטאָכאָוו איז געווען אָקופּירט דורך דער דייטשער אַרמיי, האָט ער געאַרבעט אַלס באַן-אַרבעטער און דורך אַן אומגליקספאַל איז ער דורך אַ טראַגישן אופן אומגעקומען.

## גליקסמאַן סערא



די טאָכטער פון מענדל און פייגע חיה באַרזשיקאָווסקי. געבוירן אין פּילץ (פּוילן). געלעבט אין טשענסטאָכאָוו. האָט חתונה געהאַט מיט נחמיה גליקסמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 20-טן מערץ 1921. זי איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד פון א. פ. פ. אָרדן און אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער לײַדיס אָקזיליערי אין ניו-יאָרק.



## גליקערמאַן אפרים

זון פון יאַנקעל און אסתר. געבוירן אין יוני 1883 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1916. ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד און יאָרן-לאַנג טרעזשורער אין טשענסטאָכאָווער נעיבאָרהוד עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ. געשטאָרבן דעם 20-טן יאַנואַר 1938 אין שיקאַגאָ.

## גליקערמאַן חיה רחל (ראָוז)

(שיקאַגאָ)

טאָכטער פון שמואל און אסתר שיינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10-טן יולי 1887. געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן אויגוסט 1920. איז אַ מיטגליד פון דעם טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין און טשענסטאָכאָווער לייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ, די 1-טע טראַסטי פון די לייד סאָסייעטי. איר זון סעם איז נאָך 18 חדשים אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט אויפן שלאַכטפעלד אין פראַנקרייך אין קאַמף קעגן פאַשיזם.

## געבראָוויטש משה



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1894, בײַ אָרעמע עלטערן. אין 1904 שטאַרבט זיין פאָטער און דאָס צווינגט אים צו אַרבעטן און זיך אַליין צו דערנערן. אין דער צייט ווערט ער אַ מיטגליד פון קליינעם

„בונד“ און פון זיין „באָיובקע“ און נעמט אַן אָנטייל אין פאַרשידענע אַקציעס ביז די פאַרטיי האָט אים מיט נאָך צוויי חברים אַוועקגעשיקט קיין פּיעטריקאָוו. דאָ האָט ער זיך באַטייליקט ביים באַפרייען עטלעכע אַרעסטירטע פאַרטיי-חברים פון דער תפיסה. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן אָנטייל גענומען לערך 30 מאַן. דאָס איז פאָרגעקומען אַרום 11—10 ביינאַכט אויף פאָלגנדיקן אופן: די וואַכפּאָסטענס וואָס האָבן געהיטן די תפיסה פון דער זייט פון דער גאַס זיינען אין אַ געוויסן מאָמענט באַפאַלן געוואָרן, יעדער דורך 4 מאַן פון דער „באָיובקע“, זיי אומשעדלעך געמאַכט דורך אָנטוען זיי אַ זאַק אויפן קאָפּ און זיי אַוועקגעפירט. דאָס אָרט פון די וואַכפּאָסטענס האָבן פאַרנומען אייגענע מענטשן, און דורך אַ געגעבענעם צייכן האָט מען פון אַ פענצטער אַראָפּגעלאָזט אַ דינעם שטריק צו וועלכן משה געבראָוויטש האָט צוגעבונדן אַ גראַבן. נאָכדעם זיינען באַזייטיקט געוואָרן די פאַרצוימונגען אַרום די פענצטער און עס האָבן זיך אָנגעהויבן דורך זיי אַראָפּצולאָזן לערך 12 מאַן. זיי זיינען באַלד אַוועקגעפירט געוואָרן מיט ספּעציעל צו דעם צוועק צוגעגרייטע דראָזשקעס. נאָכן אָפּטוען די „אַרבעט“ זיינען די באַטייליקט, און אויך משה, באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ קליינע סומע געלד און אַ ספּעציעלן בריוו און זיי זיינען אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש. דאָ האָבן זיי זיך אויפגעהאַלטן אין אַ „טשיינע“, אויסגעהאַלטן דורך אַרבעטסלאָזע אַליין, אָבער גלייכצייטיק געווען טעטיק אין דער פאַרטיי.

איינמאָל איז משה ג. און נאָך עטלעכע מאַן מיט פאָרשטייער פון דער פאַרטיי געשיקט געוואָרן אויף אַ חתונה זאַמלען געלד. עס איז דאמאָלט געווען ווינטער און די גאַסן זיינען געווען פול מיט שניי. אַרום 2 אַזייגער ביינאַכט זיינען זיי אָנגעפאַלן געוואָרן דורך פּאָליציי און סאָלדאַטן. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז זיי זיינען גע'מסר'ט געוואָרן און די עלטערע, וואָס האָבן ביי זיך געהאַט געווער, האָבן קוים באַוויזן משה'ן, אַלס דעם ייִנגסטן, דאָס געווער אַוועקצוגעבן. אַזוי, אָבער, ווי ער האָט זיך ניט געקאָנט אויסלעגיטימירן, איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע געוואָרן אַרעסטירט. אויפן וועג צום אַרעסט איז אים געלונגען אין אַ געוויסן מאָמענט אָפּצואַווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי און ער איז אַריין אין אַ קופּע שניי. דאָרט האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביז דער פראָסט האָט אים אַרויסגעיאָגט. דערווייל זיינען די אַנדערע פאַרהאַלטענע ווייטער אַוועקגעפירט געוואָרן און זעענדיק, אַז די גאַס איז ליידיק פון מענטשן, איז ער שנעל צוריק אין זאַל פון דער חתונה. דאָרט האָט ער געטראָפן דעם פאָרשטייער און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז אים געלונגען צו פאַרשטעלן זיך פאַר אַ סאַרווער און דורכדעם אויסמיידן אַרעסט. משה ג. האָט אים אַלעס איבערגעגעבן. אויף אַזאַ אופן האָט ער אָפּגעראַטעוועט די אַרעסטירטע, ווייל מען האָט ביי זיי ניט געפונען קיין געווער.

משה געבראָוויטש האָט אַ צייט געלעבט אין בעלגיע און דערנאָך אין ארץ-ישראל. קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה איז ער געקומען קיין אַמעריקע און וואוינט איצט אין ניו-יאָרק.

## געלבער איטשע

זון פון דוד און אסתר. פאָטער פון מאָריס. געשטאָרבן אין 1924 אין עלטער פון 77 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.



## געלבער (דימאַנט) מלכה

טאָכטער פון יוסף און רחל. מוטער פון מאָריס. געשטאָרבן אין 1909 אין עלטער פון 60 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.

## געלבער מאָריס

זון פון איטשע און מלכה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10-טן דעצעמבער 1890. ער האָט חתונה געהאַט מיט גוטשע גראַנעק. געקומען קיין אַמעריקע דעם 17-טן דעצעמבער 1912. געלבער איז אַ טעטיקער מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער יאָנג-מענס — דאָרט טשערמאַן פון הלוואה-פאָנד, און זייער אַקטיוו אין פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק ווי אויך אין בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָוו“. זיין זון דעיוויד און דער איידעם, סאול אינערפעלד, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## געלבער גוטשע

טאָכטער פון מיכל און אסתר גראַנעק. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 2-טן מאַי 1892. געקומען קיין אַמעריקע דעם 17-טן דעצעמבער 1912. זי איז איינע פון די גרינדער און טעטיקסטע מיטגלידער פון די טשענסטאָכאָווער לידיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק פאַר איניקע יאָר געהאַלטן דעם אַמט פון וויצע-טשערלידי, איצט טשערלידי פון אונטערנעמונגען ביים רעליף. זי איז אויך אַ מיטגליד פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָוו“.

## געלבער לעאָנאַרד

זון פון מאָריס און גוטשע געלבער. געבוירן דעם 15-טן אָקטאָבער 1914 אין פּיטסבורג, פּאַ.

## געלבער מערקין

לאָס אַנדזשעלעס



זון פון שמעון און ליבע. געבוירן דעם 5-טן מאַי 1902 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע אין יאַנואַר 1920. ער האָט חתונה געהאַט מיט פעני אַקערפעלד. איז אַ מיטגליד אין הילפס-פאַראיין פון די טשענסטאָכאָווער אין לאָס אַנדזשעלעס.

## געלבער כתריאל



זון פון יצחק לייב און שפרינצע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1871. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן סעפּטעמבער 1929. האָט געהערט צו דער קאָנג. „בני יעקב“. געשטאָרבן אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע, דעם 20-טן סעפּטעמבער 1934.

## געלבער שרה



טאָכטער פון אַבֿרהם און חנה רייזל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 20-טן מערץ 1879. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן סעפּטעמבער 1929. האָט געהערט צו דער „הדסה" און צו דער קאָנג. „בני יעקב". געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, דעם 27-טן אָקטאָבער 1943.

## געלבער שמעון



דער פאָטער פון מערקין געלבער

## געלבער ליפּטשע

(פון דער היים — זיסער)



די מוטער פון מערקין געלבער

געשטאָרבן אין עלטער פון 40 יאָר אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1906.

## געלבער אַבֿרהם

זון פון איטשע און מלכה. געבוירן אין 1883 אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט טויבע, די טאָכטער פון אליʼ און מלכה ווענגער. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. ער איז אַ מיטגליד אין דער דזיאַלאָשינער חבֿרה אַנשי בני אַחים אין ניו-יאָרק.

## געריכטער אייב

זון פון דוד און ריילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 17-טן מערץ 1894. געקומען קיין אַמעריקע אין דעצעמבער 1909. באַטייליקט זיך אַלס סאָלדאַט אין דער ערשטער וועלט-מלחמה. ער איז אַ מיטגליד פון „דזשואיש וואָר וועטעראַנס" און אין ברענטש 86 א. פ. פ. אַ.

## געריכטער קאָפּל (קאַרל)

זון פון דוד (דער גרויסער דוד) און רעליא געריכטער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885.

ביז 14 יאָר האָט ער געלערנט אין חדר און אין לעדערʼס שול. שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין טאַרטאַק ביי דער פירמע רייכמאַן און ראָזענצווייג. צו 16 יאָר איז ער אַריינגעטרעטן אין דער ס.ס. פּאַרטיי. נאָך אַ צייט ווערט ער פאַרשיקט אין וויאַטקער גובערניע, פון וואַנען עס געלינגט אים צו אַנטלויפן, און ער קומט צוריק קיין טשענסטאָכאָוו.

קאַרל געריכטער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1909, געוואָרן אַ שטובן-מאָלער און נעמט אַ זייער אַקטיוון אַנטייל אין דער „פּיינטער יוניאָן" לאָקאַל 1011. אין 1910 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 261 אַרבעטער רינג און דאָרט געווען עטלעכע יאָר סעקרעטאַר. אין 1921 האָט ער חתונה געהאַט מיט רעגינאַ שמידט. געריכטער איז שטענדיק געווען טעטיק אין טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין. ווען עס האָט זיך געגרינדעט דער טשענסטאָכאָווער בר. 11 פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד איז ער געוואָרן סעקרעטאַר פון בראַנטש און איז דאָרט ביז היינט אַ מיטגליד.

צוליב זיין געזונט-צושטאַנד קאָן ער ניט נעמען קיין אַנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## גערמאַן שלמה אהרן



פאָטער פון אַבֿרהם, הערשל, העלען, אסתר און ישראל. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1935.

## גערמאַן אַבֿרהם

זון פון שלמה און שיינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 12-טן אָקטאָבער 1900. געקומען קיין אַמעריקע דעם 10-טן נאָוועמבער 1913. ער איז אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

## גראַנעק מיכאל



זון פון איטשע בער און קריינדל. געשטאָרבן אין עלטער פון 67 יאָר איז 1930 אין טשענסטאָכאָוו.

## גראַנעק מאַכטשע



טאָכטער פון מיכל און אסתר, שוועסטער פון גיטשע געלבער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10טן יוני 1900. זי איז געווען אַ קרבן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. געשטאָרבן דעם 15-טן דעצעמבער 1920 אין טשענסטאָכאָוו.

## גראַנעק (לעווקאָוויטש) אסתר

טאָכטער פון מיכל און לאה, געשטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר אין 1932 אין טשענסטאָכאָוו.

---

## גראומאַן יהודה לייב



געבוירן אין יאַנעוו (פוילן) אין 1859. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 26-טן יאַנואַר 1935.

---

## גראומאַן פערל



געבוירן אין יאנעוו (פוילן) אין 1868. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 20-טן סעפּטעמבער 1929.

---

## גראומאַן רבקה



טאָכטער פון יהודה לייב און פערל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן אויגוסט 1908. געקומען קיין אַמעריקע אין 1928.

## גראומאַן הערי

לאָס אַנדזשעלעס



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1898 אין אַן אָרימער היים; פאַמיליע באַשטייט פון 7 פּערזאָן (פאָטער, מוטער און 5 קינדער). האָבן געוואוינט אין איין צימער אויף זשיקע גאַס אין הויז פון מאיר באָמס. זיין פאָטער, לייבוש, איז געווען אַ שוסטער, וואָס האָט פאַרדינט פון פינף ביז זיבן גילדן אַ וואָך. זיינע קינדער-יאָרן זיינען געווען איין קייט פון הונגער און נויט. די ערשטע „בילדונג" האָט ער באַקומען אין אַן „אָכראַנקע", וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך וואוילטעטיקע דאַמען. אין חדר האָט ער נישט לאַנג פאַרבראַכט. ער האָט זיך דאָרט מער באַשעפטיקט מיט נייען קנעפּלעך אויף טאָוועלעך פאַר גראָסמאַנס קנעפּל-פאַבריק, ווי מיט לערנען.

צו צען יאָר איז ער אַנגעקומען אַרבעטן אין קאָניאַרסקי'ס שפּילצייג-פאַבריק. צו צוועלף יאָר האָט אים זיין טאַטע אָפּגעגעבן אַלס לערן-אינגל צו זיין פעטער, אַ שניידער. אָבער מער ווי איין יאָר האָט ער נישט געקענט אויסהאַלטן און איז דערנאָך אַנגעקומען אַרבעטן צו דער פאַמיליע מאַרטשאַק, וועלכע האָט אים גוט באַהאַנדלט.

אין 1914, בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען טשענסטאָכאָוו, און הונגער, קעלט און טיפוס האָבן געבושעוועט אין די אָרימע גאַסן, האָט ער פאַר אַ ביסל וואַרימער זופּ געאַרבעט ביי די דייטשן, גראָבענדיק אָקאָפּעס אין „בראַלא גורנאַ" און דערנאָך אַראָפּגעפאָרן קיין דייטשלאַנד צו אַרבעטן אין אַ קוילן-גרוב אין רהיין-לאַנד. אָפּאַרבעטנדיק זעקס מאָנאַטן אין דעם קוילן-גרוב אונטער די שווערלעכסטע באַדינגונגען, איז ער מיט אַ גרופּע חברים אַנטלאָפן קיין בערלין, באַקומען אַרבעט אין אַ פאַבריק און שפּעטער געווען באַשעפטיקט ביים דייטשן טעאַטער.

אין 1918 האָט ער זיך באַטייליקט אין די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די דייטשע אַרבעטער. אין 1923 איז ער אַנגעקומען קיין ניו-יאָרק און איז געוואָרן אַקטיוו אין דער הילפס-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו. אין 1928 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל., און דאָרט געווען טעטיק צווישן די פּראָגרעסיווע דייטשע אַרבעטער. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט אין לאָס אַנדזשעלעס, וואָס האָט געשטיצט די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן און זייערע פאַמיליעס. אין 1940 האָט ער אָרגאַניזירט דעם „נאַפטאַלי באָטווין קאָמיטעט", וואָס שאַפט הילף פאַר די געוועזענע אידישע פרייוויליקע קעמפער אין שפּאַניע. אין 1942 איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס פינאַנץ-סעקרעטאַר פון שטאָט-קאָמיטעט פון „איקאָר" אין לאָס אַנדזשעלעס. שטענדיק געשטיצט און אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון טשענסטאָכאָווער רעליף.

---

## גראומאַן משה



זון פון לייבוש און פערל גראומאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 4-טן פעברואַר 1909.

אין 1918 פאָרט ער קיין דייטשלאַנד, וואו ער באַזעצט זיך אין בערלין. ווען די נאַציס קומען צו דער מאַכט, פאָרט ער אַריבער קיין בעלגיע, פון דאָרט — קיין פראַנקרייך. נאָכן אָקופּירן פראַנקרייך, טרעט ער אַריין אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און אַזוי אַרום מיידט ער אויס דעפּאָרטירט צו ווערן קיין פּוילן.

משה גראומאַן געפינט זיך איצט נאָך אַלץ אין פראַנקרייך.

---

## גראַבאָווסקי רחל

שיקאַגאָ

טאָכטער פון משה און פייגע רובעל. געבוירן אין פּיעטרקאָוו. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע דעם 9-טן מאַי 1914. זי האָט געהערט אין פּוילן צום „בונד".

## גראָסבערג הערש קלמן



זון פון פישל און דבורה. געבוירן אין 1859 אין נאָוואָראַדאָמסק. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. ער איז געווען אַ שטרענג-פרומער ייד ביז צום סוף פון זיין לעבן. געשטאָרבן אין 1944 אין לאָס אַנדזשעלעס.

## גראָסבערג אהרן



זון פון קלמן און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1893; געקומען קיין אַמעריקע דעם 11-טן סעפּטעמבער 1913. ער געהערט צו פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: „האָטעל און רעסטאָראַנט יוניאָן, אַמ. פעד. אָוו לעיבאָר", „אידישער פראַטערנאַלער אָרדן", „אַמעריקאַנער רויטער קרייץ" און „טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס", וואו ער איז אַן עקזעקוטיוו מיטגליד. ער וואוינט אין 2516 קענט סטריט, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

אהרן גראָסבערג איז געווען איינער פון זעקס קינדער ביי קלמן בעקער אין הויז. זיין רעליגיעזער פאָטער לייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען און דערוואַרט פון אים צו ווערן אַ למדן. זיינע צוויי עלטערע ברידער האָבן שוין דאַמאָלט באַלאַנגט צו דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער-באַוועגונג. אָבער די שטורמישע טעג פון יענער צייט האָבן אויך אים נישט אויסגעמיטן. נאָך דעם פּריצייטיקן טויט פון זיין מוטער, טרעט ער אַריין, אונטער דעם איינפלוס פון זיין חבר משה צעשינסקי, אין די „פּועלי-ציון". גאַר שטאַרק איבערגעגעבן ווערט ער צו דער אַרבעטער-באַוועגונג, ווען עס ברעכט אויס אַ שרפה אין לאַנדוי'ס צעלאָלאָיד-פאַבריק וואו 7 יונגע מיידלעך, אַרבעטאָרינס, ווערן פאַרברענט. אָנשטאָט דעם טאָג צו גיין ווי געוויינלעך אין חדר אַריין, לויפט ער מיט אויף דער לוויה פון די זיבן אומגעקומענע מיידלעך. עס איז דאַמאָלט געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אין טשענסטאָכאָוו. אַלע פאַבריקן האָבן אָפּגעשטעלט אַלס פּראָטעסט די אַרבעט.

דאָ אין אַמעריקע זעצט ער ווייטער פאָר זיין טעטיקייט אַלס קעמפער פאַר אַ בעסערער וועלט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג.

## גראָסבערג מענדל

(באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען: מענדל קלמן בעקערס)



זון פון קלמן און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1893. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. ער געהערט צום „טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין", „אידישער פראַטערנאַלער אָרדן", „אַמעריקאַנער רויטער קרייץ". איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין.

צו 12 יאָר פאַרלאָזט מענדל דאָס לערנען אין דער טשענסטאָכאָווער ישיבה און גייט אַרבעטן אַלס קאָמאַשן-שטעפּער. ע' האָט באַלאַנגט צו דער ס.ס.-פּאַרטיי ביזן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. דאָ באַזעצט ער זיך אין דעטראָיט. געאַרבעט ביי שיך און ביי פּענסי לעדער-גודס. לעצטנס האָט ער זיך באַזעצט אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל., 2516 קענט סטריט. מענדל גראָסבערג איז אַקטיוו אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

## גראָסבערג פישל יעקב



**זון פון קלמן בעקער און חנה. געבוירן** אין טשענסטאָכאָוו 1890. צו 11 יאָר ווערט ער אַ יתום, הייבט אָן אַרבעטן אין וויינבערג'ס קאָם-פאַבריק און דאָרט ווערט ער אַ מיטגליד אין אַ קליינער סבאָדקע, וואָס האָט זיך דאַמאָלט דאָרט געגרינדעט און פון וועלכן עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן די באַוועגונג ס.ס. (ציוניסטן-סאָציאַליסטן), צו וועלכער ער האָט באַלאַנגט.

שפּעטער איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט אַרומגעוואַנדערט עטלעכע יאָר. נאָכן צוריקקומען אַהיים, האָט ער חתונה געהאַט מיט אסתר פּעיסאָך, אין טשענסטאָכאָוו באַקאַנט א"נ אסתר די יאַנעווערין אָדער אסתרקע, אַן אנגעשטעלטע אין ערליכס וואורשטן-געשעפט.

פישל יעקב גראָסבערג קומט קיין אַמעריקע אין 1920 און באַזעצט זיך אין דעטראָיט. אין 1936 ציט ער זיך איבער קיין לאָס אַנדזשעלעס.

ער האָט צוויי זין. דער עלטערער, מאָריס, אַ דאָקטאָר, האָט אַ ווייב מיט צוויי קינדערלעך; דער צווייטער זון, עלי, איז געווען אַ לייטנאַנט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און האָט געדינט אין די האַוואַאי-אינזלען.

באַלאַנגט צום טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין; נעמט אויך אַן אָנטייל אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

## גראָס (גריין) לואיס דזשיי.

שיקאַגאָ



זון פון יוסף הערש און בראַנדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן מאַי 1893. ער האָט חתונה געהאַט מיט נעמי פעלדמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 12-טן דעצעמבער 1911.

ער איז אַ מיטגליד אין די בני ברית, אַמעריקען דזשואיש קאָנגרעס, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און איז איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ; לאַנגיאָריקער עקזעקוטיוו-מיטגליד און פאַר צוויי טערמינען געווען פּרעזידענט פון דעם פאַראיין. ער איז אויך טעטיק אין רעליף-קאָמיטעט אין שיקאַגאָ.

זיין זון, וויליאַם, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## גראָסמאַן בראַנטשע

זי איז געשטאָרבן אין פילאַדעלפיע אין 1941. געווען לאַנגע יאָרן אַן אַקטיווע טוערין פון טשענסטאָכאָווער רעליף.

## גראָסמאַן י.



געשטאָרבן אין 1941 אין פילאַדעלפיע. געווען לאַנג-יאָריקער אַקטיווער טוער פון טשענסטאָכאָווער רעליף.

## גרילאַק יעקב און ביילע



יעקב גרילאַק

זון פון יוסף גרילאַק. געבוירן אין קזשעפיץ (ביי טשענסטאָכאָוו). געווען אַ מיטגליד פון דער „חברה קדישא" און „גמילות חסד" קאַסע. איינער פון די בעסטע יידן אין טשענסטאָכאָוו.

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 75 יאָר אין 1935.



ביילע גרילאַק

ביילע גרילאַק האָט געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939-1945.

זיי זיינען געווען די עלטערן פון שמחה גרעי אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

## גריי (גרילאַק) שמחה און יעטע



שמחה גריי



די מוטער פון יעטאַ גריי



יעטאַ גריי

די גרילאַקס אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען פאַררעכנט פאַר איינע פון די יחסנישע פאַמיליעס. יעקב גרילאַק, שמחה'ס פאָטער, איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ פרומער ייד און אַ מיטגליד פון דער חברה קדישא, פון דער „גמילת חסדים" קאַסע און אייניקע אַנדערע חברות.

שמחה גרילאַק האָט זיך געלערנט אין דער טשענסטאָכאָווער האַנטווערקער-שול, דערנאָך געווען אַ שילער אין אַ וואַרשעווער טעכנישער חויך-שול.

אין זיין פריסטער יוגנט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פועלי-ציון באַוועגונג און ביז היינט-צו-טאָג געבליבן געטריי דער אידעע און דער פאַרטיי.

אַלס שילער אין דער האַנטווערקער-שול, וואו מענדל פאַקולא איז געווען אַ מייסטער, האָט ער זיך באַקענט מיט זיין טאָכטער יעטע פאקולאַ און מיט איר חתונה געהאַט איידער ער איז אַוועק, אין 1912, קיין אַמעריקע.

יעטע גריי, פון דער היים — פאַקולאַ, איז די יינגסטע טאָכטער פון מענדל און רייזל. די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון צוויי שוועסטער און צוויי ברידער — איסר, וואָלף, שיינדל (שוכטער) און יעטע. אין זייער הויז פלעגן אַריינקומען די פאַרטיי-טוער אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן און שפּעטער — די „ליטעראַטן" (טוער פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט) און „ליריסטן". יעטע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין ביידע — קולטור און מוזיקאַלישע געזעלשאַפטן און האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אַמאַטאָרין אין דער דראַמאַטישער סעקציע.

אין 1913 איז זי געקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. די באַדינגונגען אין אַמעריקע זיינען פאַר שמחה'ן און יעטע'ן אַ לאַנגע צייט נישט געווען קיין לייכטע, אָבער יעטע, אַ קינד פון אַ האָרעפּאַשנער משפחה, אַליין אַ שניידערין פון דערהיים האָט, מיט איר אַרבעט, און נאָך מער מיט איר נאַטירלעכער מונטערער פריילעכקייט אַ סך בייגעטראָגן צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן. שמחה און יעטע האָבן אויפגעכאָוועט אין אַמעריקע 2 קינדער — דן און רות. ביידע האָבן באַקומען אַ נאַציאָנאַל-יידישע דערציאונג אין גייסט פון זייערע עלטערן.

זייער הויז אין שיקאַגאָ איז געווען, אַזוי ווי אין טשענסטאָכאָוו ביי די פאַקולאַס — איינער פון די צענטערס פון פועלי-ציוניסטישער און יידיש-קולטורעלער טעטיקייט. זי איז געווען איינע פון די ערשטע פון אַ גרופּע וואָס האָט געשטיצט די קינדער-היימען אין טשענסטאָכאָוו.

נאָכדעם ווי אונטערן דרוק פון די שווערע באַדינגונגען זיינען זיי אַוועק פון שיקאַגאָ קיין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל., און הגם זייענדיק די ערשטע צייט כמעט אַליין — האָט זי דאָך מיט איר געוויינלעכער ענערגיע געשאַפן אַרום זיך אַ גרופּע סימפּאַטיקער פון פועלי-ציון און אַנטוויקלט אַ שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

**יעטע גריי איז היינט אויך אַקטיוו אין דער הילפס-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.**

**מיט איר צוזאַמען אין לאָס אַנדזשעלעס לעבט איר מוטער, רייזל פאַקולאַ (איר מיידלשער נאָמען — קוואָרט). זי איז שוין איצט אַלט 85 יאָר.**

## גרייצער אפרים

לאָס אַנדזשעלעס



זון פון שמואל און טאָבע. געבוירן אין רודניק (פוילן) דעם 25-טן אויגוסט 1889. האָט חתונה געהאַט מיט פייגל בירנבוים. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. געשטאָרבן מיטוואָך דעם 16-טן יאַנואַר 1946. די זין, מעלווין און סעם, האָבן געדינט אַלס אָפיצירן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## גרייצער פייגל

## גרייצער מאיר

לאָס אַנדזשעלעס



זון פון שמואל און טאָבע. געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק דעם 12-טן נאָוועמבער 1887. האָט חתונה געהאַט מיט פרימעט טענענבערג. געקומען קיין אַמעריקע פון טשענסטאָכאָוו אין יוני 1912. איז אַ מיטגליד אין די „בני ברית, „גאַרדיענס" און „אָלד האָום פאָר די איידזשעט" אין לאָס אַנדזשעלעס. זיין זון, נייטן, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## גרייצער פרימעט

## גרעד מילדרעד



טאָכטער פון איזידאָר און מערי ראָזען. געבוירן אויגוסט 1919 אין ניו-יאָרק. זי האָט חתונה געהאַט מיט סטענלי גרעד דעם 31-טן יאַנואַר 1942. זייער טאָכטער, דזשאָים עלען, איז געבוירן געוואָרן דעם 23-טן דעצעמבער 1944.

---

## גרינבערג מאיר

דעטראָיט



זון פון טוביה און פייגע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 30-טן אָקטאָבער 1898. ער האָט חתונה געהאַט מיט איטע באַלאַנסקי. געקומען קיין אַמעריקע דעם 12-טן מאַי 1913. אַן אַקטיווער מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט.

---

# ד

## דאַנציגער יהודה

ארץ ישראל



צו 15 יאָר האָבן אים זיינע עלטערן אָפּגעגעבן אַלס לערן-ייִנגל צו אַ צוקער-בעקער. אַ צייט שפּעטער איז ער אַוועק פון טשענסטאָכאָוו קיין לאָדזש און אַריינגעטרעטן אין דער פּועלי-ציון פּאַרטיי. ער האָט אויסגעפירט פאַר איר קאָנספּיראַטיווע אַרבעט און איז אויך געווען טעטיק אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און אנטייל גענומען אין „זעלבסטשוץ". איינער פון זיינע נאָענטע חברים אין לאָדזש איז געווען האָלאַדערסקי, וואָס איז געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַציס און לאָדזשער געטאָ.

אין 1906 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און איז אָפּגעזעסן אַ יאָר אין שעראַדזער טורמע. אַ יאָר שפּעטער איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין טאָמסקער געגנט, אין סיביר, אויף דריי יאָר. צוזאַמען מיט אים אין פאַרשיקונג איז אויך געווען ישראל וואַרשאַווסקי, וואָס געפינט זיך איצט אין אַמעריקע.

צוריק קומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו איז ער צוגענומען געוואָרן צום מיליטער אין דער צאַרישער אַרמיי און האָט אנטייל גענומען אין דער ערשטער וועלט-מלחמה וואו ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

**נאָך דער מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און אונטער דער אָנפירונג פון שמעון וואַלדפאָגעל, ווידער געוואָרן טעטיק אין דער פּ. צ. פּאַרטיי.**

ער איז געווען קאַנדידאַט פון דער פּאַר-טיי צום טשענסטאָכאָווער שטאָטראַט און נאָכן טויט פון שמעון וואַלדפאָגעל, אים פאַרטרעטן.

אין 1925 איז ער אָנגעקומען קיין ארץ ישראל. אויך דאָ האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. אָנגעפירט מיט זיין פאַך-סעקציע און געווען מיטגליד פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג פון ועד הכרמל אין חיפה. ער איז געווען דער גרינדער פון טשענ-סטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט-פאַראיין אין חיפה און איז אַ מיטגליד פון „ועד הארצי" פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדס-מאַנשאַפטן אין ארץ ישרל. ער איז דער גרינדער און פאָרזיצער פון אַ גמילת-חסדים-קאַסע אין חיפה, וואו טשענסטאָ-כאָווער לאַנדסלייט באַקומען הלוואות.

די גאַנצע צייט פון זיין געזעלשאַפט-לעכער טעטיקייט איז ער נישט געשטאַנען אַליין ביי דער אַרבעט. זיין לעבנס-באַ-גלייטערין, די פרוי זיינע, האָט אים אין אַלע צייטן מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט און צוזאַמען מיט אים געפירט דעם קאַמף פאַר אַ בעסערע צוקונפט פאַר אונדזער פאָלק.

### דאַנסקי אסתר

דעטראָיט



(פון דער היים — קראַקאָווסקי)

טאָכטער פון משה און דבורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1923. זי איז אַ מיטגליד פון בני ברית און יידישן צענטער אין דעטראָיט.

### דוכאָן בערל און רבקה

נוואַרק, נ. דזש.



זון פון שמואל און חיה שרה. געבוירן דעם 5-טן מאַי 1890 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. מיט-גליד פון דער טאַרנאָפּאָלער סאָסייעטי אין נוואַרק, נ. דזש.

### דזשאַלאָווסקי משה



געבוירן 1870, געשטאָרבן 1936. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער סוחר און שיך-פאַבריקאַנט. אויף דער אויסשטעלונג אין טשענסטאָכאָוו אין 1909 האָט ער גע-קראָגן אַ בראָנזענעם מעדאַל אַלס אויס-צייכענונג. זיין אויסאַרבעטונג: אַ פּאָר שטיוול — זיינען די גאַנצע צייט פון דער אויסשטעלונג געשטאַנען אין וואַסער און זיי האָבן קיין פייכטקייט נישט דורכגעלאָזט.

זיין טאָכטער, פייגעלע הירשבערג, גע-פינט זיך אין ארץ ישראל און האָט אין זיין אָנדענק בייגעשטייערט פאַרן טשענ-סטאָכאָווער הילפס-פאָנד.

### דוקאַט הערשל

שיקאַגאָ



זון פון אליעזר און יוכבד (יאָכעט) געבוירן אין וויטקאָוויץ (פּוילן) דעם 25-טן מאַי 1892. ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה צווייגענבוים. געקומען קיין אַמעריקע דעם 29-טן אויגוסט 1913. זיי-נע זין — לייזער, נפתלי און די איי-דעמס — אַרטור שאַפּיראָ און אירווינג זיידמאַן האָבן געדינט אין דער אַמערי-קאַנער אַרמיי.

הערשל דוקאַט איז אַ מיטגליד פון מאונט סיני שול, ביקור חולים, און פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנעל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

### דיימאַנד וואָלף און מרים



וואָלף דיימאַנד איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, יאַנואַר 1867. געקו-מען קיין אַמעריקע — ניו-יאָרק — אין 1904. ער איז אַ מיטגליד פון טשענ-סטאָכאָווער חתם סופר שול, ניו-יאָרק.

### דזשייקאָבס פיליפ

פילאַדעלפיע

### דזשייקאָבס ראָוז

(פון דער היים — גאָלדשטיין)

דעטראָיט



טאָכטער פון ישראל און הענע גאָלד-שטיין. געבוירן דעם 23-טן פעברואַר 1912 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמע-ריקע אין 1921. זי איז אַ מיטגליד אין די בני ברית.

### דזשייקאָבס (יאַקובאָוויטש) הערש

דעטראָיט



זון פון משה אהרן און ליבע, געבוירן

דעם 8-טן יוני 1904 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעמריקע דעם 2-טן יולי 1921. ער איז אַ מיטגליד אין די בני ברית.

## דזשייקאָבס דזשאָו



זון פון הערש לייב און חנה. געבוירן אין פּראַשקע (פּוילן) דעם 15-טן אַפּריל 1890. געקומען קיין אַמעריקע דעם 10-טן נאָוועמבער 1906. ער איז אַ מיטגליד און טעטיקער טוער אין די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי און עקזעקוטיוו מיטגליד פון פאַראייניגטן טשענסטאָכאָווער רעליף. זיין זון, אירווינג, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## דזשייקאָבס גאָסי

טאָכטער פון איזידאָר און דאָראָטי. געבוירן אין ווילנע דעם 28-טן סעפּטעמבער 1893. געקומען קיין אַמעריקע אין מאַי 1906. זי איז די פרוי פון דזשאָו דזשייקאָבס. איז אַ מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער לײדיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק.

## דרוז עני

די טאָכטער פון מר. און מרס. דרוז. חתונה געהאַט מיט דזשעק ראָזען, זון פון איזידאָר און מערי ראָזען.

## דעלאָוו (קופּערשטיק) מאַקס



איז געבוירן געוואָרן אין יולי 1889. מיט 14 יאָר שפּעטער איז ער שוין געוועזן אין „אחדות" אין לאָדזש און מיט אַ יאָר שפּעטער — אַ מיטגליד פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. (סאָציאַל דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע) אין טשענסטאָכאָוו.

די צאָל מיטגלידער אין דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע אין יענער צייט איז באַשטאַנען פון לערך 50 פּערזאָן — 20 „אינטעליגענטן" און 30 אַרבעטער. די נעמען פון עטלעכע אינטעליגענטן זיינען געווען: מאַגדעלינע, אַ בוכהאַלטער אין דער „טשענסטאָכאָוויאַנקע"; קאַרל אָלשעווסקי, בוכהאַלטער אין דער „שפּאַגאַטשאַרניע"; ווירגובאָווסקי, אַן אַפּטייקער; אַדאָלף בריל, בוכהאַלטער אין דער „מאַלאַרניע", און אונדזער אַלעמענס באַליבטער רובינשטיין (ראַבין), דאָקטאָר פילאָסאָפיע, מיטגליד פון צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס איז געפאָרן פון שטאָט-צו-שטאָט און דעריבער ווייניק געווען אין טשענסטאָכאָוו.

פון דער קליינער גרופּע, וואָס איז געוואָרן צעוואָרפן איבער אַלע גרויסע פאַבריקן איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ מאַסן-באַוועגונג.

דעם שווערסטן קאַמף האָט די פּאַרטיי אָנגעפירט מיט די פּ.פּ.ס., וואָס איז געווען מער פּאָפּולער און מער איינגעפונדעוועט צווישן די פּוילישע מאַסן. אין דער אָרגאַניזאַציע איז אויך אַנטשטאַנען אַ יידישע גרופּע, וואָס מען האָט גערופן „גרופּאַ זשאַרגאָנאָוואַ", אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַרום 25 פּערזאָן.

קיין יידישע ליטעראַטור איז דעמאָלט ניט געווען און די פּוילישע — האָט מען ניט געקענט לייענען... די פּאַרטיי האָט באַשלאָסן צו לערנען לייענען פּויליש. אָבער נאָך איניקע לעקציעס איז די אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן און דעלאָוו איז געבליבן דער איינציקער שילער. די שול איז געווען אין ברילס הויז. די לערער זיינען געווען: ראגע בריל און איר ברודער — אַ גימנאַזיסט. אַ דאַנק זיי האָט זיך דעלאָוו אויסגעלערנט לייענען און שרייבן פּויליש.

אין יענעם פּעריאָד האָט שוין אין טשענסטאָכאָוו עקזיסטירט די פּועלי-ציון פּאַרטיי. שפּעטער איז אויפגעקומען דער „בונד" און די ס.ס., וואָס האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן קאַמף. די „זשאַרגאָנאָוואַ גרופּאַ" האָט באַטראַכט די ס.ס. אַלס אַ פּאַרטיי, וואָס וויל סאָציאַליזם אין אַן אַנדער אָרט. דעם בונד'ס קולטורעלע אויטאָנאָמיע האָט מען דעמאָלט ניט באַגריפן און ניט פאַרשטאַנען. ערשט אין די שפּעטערע יאָרן האָט מען זיך דערוואוסט, וואָס עס מיינט קולטורעלע אויטאָנאָמיע

אין אַ זונטיק, 1904, האָט די פּ.פּ.ס. איינגעאָרדנט אַ גאַסן-דעמאָנסטראַציע. די ס.ד.ק.פּ.ל. האָט אויך באַשלאָסן צו דעמאָנסטרירן און מיט די רויטע פענער האָבן זיי מאַרשירט פון קאָשטשאָל אויפן נייעם מאַרק ביז דער דריטער אַלעע. דאָרט האָבן רוסישע זעלנער באַגעגנט די דעמאָנסטראַציע מיט אַ שיסעריי. עס זיינען געווען אַ סך הרוגים און אַ סך פאַרוואונדעטע. איינער פון די פאַרוואונדעטע איז געווען דעלאָוו. ליגענדיק אין גאַס אין אַ שטאַרבנדיקן צושטאַנד האָט אים אַ פּוילישער אַרבעטער געפרעגט, צי ער וויל אַ גלח. דעלאָוו האָט אים געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל. דעם צווייטן טאָג, ווען ער איז געלעגן אויפן אָפּעראַציע-טיש, האָט אים אַ דאָקטער איינגערוימט, אַז דער אָפיציר, וואָס האָט געהייסן שיסן אויף די דעמאָנסטראַנטן ליגט דאָ אַ טויטער...

אין משך פון אַ פּאָר וואָכן איז דעלאָוו געווען אין אַ צושטאַנד צווישן טויט און לעבן. נאָך 17 וואָכן אָפּזיין אין שפּיטאָל איז ער אַרויס פון דאָרטן אַ צעבראָכענער און אָן מיטלען צו לעבן. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז אויסגעבראָכן אַ פייער אויפן אַלטן מאַרק. זיין גוטער חבר, דוד גאָטליב, איז געלאָפן זען, וואו עס ברענט און איז געקומען צוריק מיט אַ טאָפּ פול מיט געלד (דאָס פייער איז געווען ביי זיין זיידן און דאָס האָט ער אָפּגענומען זיין חלק ירושה...). פאַרן געלד האָט דוד גאָטליב פאַר זיך און פאַר דעלאָוון געקויפט קליידער און שפּעטער איז ער אַוועק קיין פּאַריז. מיט יאָרן שפּעטער האָט דעלאָוו זיין פריינד דוד גאָטליב געטראָפן אין ניו-יאָרק אַלס מיטגליד פון דער לינקער באַוועגונג, וואו ער איז אויף אַ טראַגישן אופן אומגעקומען. ערע זיין אָנדענק!

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט און געוואַקסן פון טאָג-צו-טאָג. טשענסטאָכאָוו איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען פון פרייהייטס-קאַמף. אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ — פאַרזאַמלונגען, סכאָדקעס, דיסקוסיעס, פּראָקלאַמאַציעס. אין אַ ייוויסיז נאַכט איז דעלאָוו, נאָכן פאַרשפּרייטן אַן אויפרוף, אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן 4 חדשים אין פּעטריקאָווער טורמע. ער האָט זיך דאָרט פאַרפולקאָמט אין דער פּוילישער שפּראַך און אַ סך געלערנט פון די דיסקוסיעס מיט די אַרעסטירטע, וואָס האָבן געוואוסט מער פון אים. די טורמע איז פאַר אַ סך אַנדערע פּאָליטיש אַרעסטירטע געווען אַ גוטער אוניווערזיטעט. ער איז אַרויס פון דאָרטן מער רייף, מער באַוואוסטזיניק און מיט

מער חשק צו דער אַרבעט אין דער באַוועגונג.

אין יענע צייטן זיינען אויך פֿאָרגעקומען אַ סך סטרייקן אין די יידישע פֿאַבריקלעך, וואו יידישע און ניט-יידישע אַרבעטער זיינען געווען באַשעפֿטיקט. זייער אָפֿט האָבן מיט די סטרייקן אָנגעפֿירט די ס.ד. צוזאַמען מיט די ס.ס.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואוסטער גענעראַל-סטרייק אין אָקטאָבער 1905. אַלע פֿאַבריקן און אייזנבאַנען אין טשענסטאָכאָוו זיינען געשטאַנען שטיל. נאָר איין „מאָטעס" האָט געאַרבעט. די פֿאַבריק איז געווען באַלאַגערט פֿון מיליטער. אויף אַ מיטינג פֿון דער ראַדע פֿון יענער געגנט האָבן זיך געמאָלדן 8 פֿרייוויליקע אָפּצושטעלן די פֿאַבריק. איינער פֿון די אַכט איז געווען יוזשאַק. זיי זיינען אַריין אין דער פֿאַבריק. יוזשאַק איז אַרויף אויפֿן קעסל-אויוון צום פֿייפֿל (סירענע) און געגעבן דעם סטרייק-סיגנאַל. די פֿאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, נאָר יוזשאַק האָט ניט באַוויזן, צוזאַמען מיט די איבעריקע, צו פֿאַרלאָזן די פֿאַבריק. ער איז אַראָפּ פֿון קעסל און אין אַ געשיסעריי מיט פּאָליציי און זעלנער איז ער געהרג'עט געוואָרן.

דעלאָוו, אויך איינער פֿון די אַכט, האָט זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף אַ הויכן פּאַרקאַן אַרום דער פֿאַבריק. די זעלנער האָבן, שווייגענדיק, אים געהאָלפֿן מיט די פּריקלאַדן אַריבערקריכן דעם פּאַרקאַן. אויף דער צווייטער זייט פֿון פּאַרקאַן איז ער אָבער אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרוב פֿול מיט מיסט און אָפּפֿאַלעכץ. איינציקע אַרבעטער האָבן אים פֿון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט.

די ס.ד. האָט פֿאַר דעם געפֿאַלענעם חבֿר יוזשאַק איינגעאָרדנט אַ לוויה. די דעמאָנסטראַציע איז געווען די ריזיקסטע, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט געזען. אַלע פּוילישע און יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען האָבן אָנטייל גענומען.

צוריקקומענדיק פֿון דער לוויה האָבן זיי שוין געטראָפֿן אויפֿן נייעם מאַרק אַ גרויסן מיטינג, וואו רעדנער האָבן קריטיקירט די קאָנסטיטוציע, וואָס איז נאָר-וואָס געגעבן געוואָרן.

אין די פּאָר יום-טובֿ טעג זיינען די פּאַרטייען אַרויס פֿון אונטערגרונט. די ס.ד. פּאַרטיי האָט געעפֿנט אַ קלוב, וואו אַדאָלף בריל האָט געהאַלטן דעם ערשטן רעפֿעראַט א. ד. ט.: „דער ערפֿורטער פּראָגראַם פֿון קאַרל קאַוטסקי".

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערגערע רעאַקציע מיט בלוט-בעדער, אַרעסטן און פֿאַרשיקונגען. דעלאָוו איז דעמאָלט ווידער אַרעסטירט געוואָרן, אָפּגעזעסן 4 חדשים אין טורמע און פֿאַרשיקט געוואָרן קיין ווילנע.

אין ווילנע איז די ס.ד. פּאַרטיי געווען שטאַרק טעטיק צווישן די פּויליש-רעדנדיקע אַרבעטער. עס האָבן אָבער אויסגעפֿעלט מענטשן, וואָס זאָלן קענען אַרויסטרעטן אין פּויליש. קענענדיק גוט די שפּראַך, איז דעלאָוו שטאַרק צונוץ געקומען דער פּאַרטיי און גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער אַרבעט.

אין 1909 איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן, און, זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו, ווידער אַרעסטירט געוואָרן. ער איז געזעסן צוויי וואָכן אין טשענסטאָכאָוו, איין חודש אין פּעטריקאָוו, צוויי חדשים אין לאָדזש, צוויי חדשים אין שעראַדזש, דערנאָך פֿאַרשיקט געוואָרן קיין אַרכאַנגעלסק. נאָך דריי וואָכן איז ער דורך אַן אַמנעסטיע פֿון דאָרטן באַפֿרייט געוואָרן. ער איז צוריקגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע, וואו ער איז קראַנק געוואָרן און פֿאַר אַ צייט אויפֿגעגעבן זיין פּאַרטיי-אַרבעט.

געפֿינענדיק זיין באַשערטע, האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אין אַ קליין שטעטל לעבן ווילנע. מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט דעלאָוו באַקומען אַ ידיעה פֿון טשענסטאָכאָוו, אַז די פּאָליציי זוכט אים. ער האָט איבערגעלאָזן זיין פֿרוי מיט צוויי קינדער און אַוועק קיין דייטשלאַנד. פֿון דאָרט איז ער מיט דער הילף פֿון פּאַרטיי-חבֿרים אַוועק קיין אַמעריקע.

„די וועלט, דאָס לעבן גייט שטענדיק פֿאָרויס. די מאַסן באַמערקן ניט דעם גאַנג. נאָר ווען מען קוקט צוריק צו דער צייט, ווען די געשיכטע הייבט זיך אָן דאָס איז אַן ערך עטלעכע און פֿערציק יאָר זעט מען ווי דאָס לעבן, צוזאַמען דערמיט די מענטשן, האָבן זיך געענדערט. געשיכטע — איז פּראָגרעס און פּראָגרעס ברענגט נייע צייטן און נייע פֿאַרלאַנגען פֿון די מענטשן, וואָס לעבן אין דער צייט. אונזער איצטיקע געזעלשאַפֿט פֿאָדערט נייע געזעצן, צוגעפּאַסט צו דער צייט אין וועלכער מיר לעבן; דאָס, וואָס איז געווען גוט מיט 40 יאָר צוריק, איז אַלט און אָפּגעשטאַנען אין דער נייער צייט."

און אַזוי געפֿינט זיך דעלאָוו אין אַמעריקע. ער געהערט דאָ צו דער לינקער באַוועגונג פֿון דער ס.פּ..

דעלאָוו אַרבעט אין אַ שאַפּ, וואו עס אַרבעטן מענטשן, וואָס זיינען געווען באַלעבאַטים אין דער אַלטער היים, ביי וועלכע זיי האָבן אָנגעפֿירט סטרייקס. זיין שאַפּ איז אויך דאָ אַרויס אין סטרייק ביי וועלכן ער ווערט אַרעסטירט און באַקומט אַזוי אַרום אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיטן אַמעריקאַנער פּריזאָן.

דעלאָוו איז געבליבן געטריי דיזעלבע אידעאַלן, ווי מיט 40 יאָר צוריק און האָפֿט נאָך אַליין צו דערלעבן די צייט ווען די אידעאַלן וועלן פֿאַרווירקלעכט ווערן.

---

## ה

### האַלבערג טוביה

דעטראָיט

פֿון פֿון שלום און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן אַפּריל 1885. פֿאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אין 1913. געקומען קיין אַמעריקע פֿון קאַנאַדע אין 1914. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן פֿאָלקס-פֿאַראיין און אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פֿאַראיין אין דעטראָיט וואו ער איז איינער פֿון די טעטיקע מיטגלידער. אַ געוויסע צייט געווען פּרעזידענט פֿון פֿאַראיין.

### האַלבערג אַבֿרהם שלמה

דעטראָיט

זון פֿון יהושע דוד און פֿייגל דבֿורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן דעצעמבער 1896. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון די לינקע פּועלי-ציון; פֿאַרוואַלטונגס-מיטגליד פֿון אַרבעטערהיים און פֿון קאָאָפּעראַטיוו. אין דעטראָיט איז ער אַ מיטגליד פֿון יידישן פֿאָלקס-פֿאַראיין און פֿון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פֿאַראיין.

## האַלבערג איזי

דעטראָיט

זון פון יהושיע דוד און פייגל דבורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 22-טן אַפּריל 1892. ער האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אין 1913. געקומען קיין אַמעריקע פון קאַנאַדע אין 1914. ער איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין און אויך דער וויס-פּרעזידענט פון פאַראיין. זיינע צוויי זין — בערל און יחיאל האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## האַמער—דזשעקלין שרה



געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק, ביי פאַרמעגלעכע עלטערן פון חסידישן שטאַם. איר פאָטער, יאָסל האַמער, האָט געהאַט אַ זאָקן-פאַבריק אין שטילן שותפות מיט שלמה העניך ראַבינאָוויטש, דער זון פון חסד לאברהם.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז שלמה העניך ראַבינאָוויטש געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע רבנים אין פּוילן. ער האָט אויך גע'שמ'ט אַלס גרויסער סוחר. האָט אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן און דערמיט געהאָלפן פאַראָרימטע חסידים. ער האָט אויך אויסגעבויט נאָוואָראַדאָמסקער שטיבלעך איבער גאַנץ פּוילן און גאַליציע. שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין סאָסנאַוועץ, און עס איז געוואָרן אויס שותפות. שרה'ס פאָטער איז אָבער אָנגעגאַנגען ווייטער מיטן האַנדל. ער איז אַ סך אַריבערגעפאָרן איבער די גרעסערע שטעט אין פּוילן און אויף איינער אַזאַ רייזע האָט ער שרה'ן מיטגענומען. געפאָרן זיינען זיי קיין טשענסטאָכאָוו וואו עס האָט געוואוינט אַ טייל פון זייער משפחה.

טשענסטאָכאָוו האָט זיך איינגעקריצט אין שרה'ס קינדישן זכרון און זי האָט ניט געוואָלט אַהיימפאָרן. געבליבן איז זי מיט איר אָנקל וואָס איז געקומען מיט איר פאָטער אַלס פאַרקויפער.

נאָך אַ פאָר טעג זיין אין טשענסטאָכאָוו האָט שרה'ן דער אָנקל אָנגעלאָדן מיט כל טוב און זי אָפּגעשיקט קיין ראַדאָמסק מיטן אויסרייד, אַז צוליב געשעפטלעכע ענינים מוז ער, דער אָנקל, בלייבן אין טשענסטאָכאָוו.

זינט יענעם ערשטן פאָר קיין טשענסטאָכאָוו, אַז שרה'ס פאָטער פלעגט זיך קלייבן אין וועג אַריין — קיין לאָדזש, וואַרשע, פּעטריקאָוו אָדער טשענסטאָכאָוו, האָט זי, זיך ניט אָנפרעגנדיק, גלייך גע-פּאַקט איר קליינעם טשעמאָדאַנטשיק און געווען גרייט מיטצופאָרן... אָבער דער פאָטער האָט זיי ניט געוואָלט מיטנעמען, פלעגט איר מאַמע דעמאָלט זאָגן איין וואָרט: „אַהאַ, טשענסטאָכאָוו!"...



יאָסל האַמער מיט זיינע קינדער
(זיצט — שרה האַמער)

אַ סך וואַסערן זיינען זינט דעמאָלט אָפּגעפלאָסן; בלוטיקע מלחמות און רעוואָלוציעס זיינען פאָרגעקומען; קעניגן זיינען געפאַלן; עס איז אויפגעשטאַנען דער גרעסטער רשע פון אַלע צייטן — היטלער ימח שמו און האָט אַ סוף געמאַכט פון אונזערע היים-שטעט און אויסגעמאָרדעט אונזערע נאָענטסטע און טייערסטע. אָבער טייער איז אין שרה'ס זכרון פאַרבליבן איר היים-שטאָט נאָוואָראַדאָמסק, קלאָר שטייט איר פאַר די אויגן טשענסטאָכאָוו, ליב איז איר אויך דאָס קליינע שטעטל פּשעדבאָרזש, וואו עס איז געבוירן געוואָרן איר ליכטיקע מוטער פריידע ריווע. אויך אַהין פלעגט שרה אָפט פאָרן.

איר פאָטערס געשעפטן זיינען געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער. און פּלוצלינג איז די מוטער קראַנק געוואָרן און נאָך איידער עס איז געקומען אַ דאָקטער איז זי געשטאָרבן אין עלטער פון 28 יאָר.

6 חדשים נאָך איר מוטערס טויט האָט איר פאָטער חתונה געהאַט מיט אַ לאָדזשער יונגער דאַמע, צו וועלכער שרה איז פאַרבליבן פרעמד און קאַלט... ווייזט אויס, אַז איר פאָטער איז אויך ניט געווען איבערגליקלעך... ווייל ער האָט פּלוצלינג באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע.

זיי פאַרלאָזן ראַדאָמאָסק און שטעלן זיך פאַר אַ ווײַלע אָפּ אין אַנטווערפּן, וואו איר טאַנטע גוטשע (די שטיף מוטער) האָט געהאַט משפחה וואָס זיינען געווען גרויסע דיאַמאַנטן-הענדלער, און טאַקע דאָ אין אַנטווערפּן באַשליסט די „מומע-

שי" אַז זי פאָרט ניט ווייטער — זי וויל, אַז מיר זאָלן זיך באַזעצן אין אַנטווערפּן, זי וויל ניט פאָרן אין אַ פרעמד, טרפה לאַנד. אָדער אַנטווערפּן, אָדער צוריק אַהיים!... געזען אַז זי מיינט עס ערנסט, האָט דעמאָלט שרה'ס פאָטער איר אָפּגעג'גט, איר געגעבן 1000 רובל, און זי איז צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש.

דער טאַטע מיט זיינע דריי קליינע מיידלעך האָט פאָרטגעזעצט די רייזע און זיי זיינען געפאָרן קיין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, צום אָנקל. אין משך פונם ערשטן יאָר האָט זיך איר פאָטער אַביסל אויסגעגרינט און גענומען איינריכטן אַ פאַבריק פון שטריקעריי. צוליב פאַרנאַכלעסיקן אַ פאַרקילונג איז ער שווער קראַנק געוואָרן און נאָך איניקע טעג ליגן אין ב״ח איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון 39 יאָר.

אַלס די עלטסטע פון די דריי מיידלעך, האָט זיך שרה געלערנט דאָס פאַך פון מילינערי (דאַמען היט), אָבער די גאַנצע צייט האָט עפּעס אַ פאַרבאָרגענע אומרואיקייט זי געצויגן און געמאָנט צו „עפּעס", וואָס איז איר ניט געווען קלאָר — צום פאָרן? צום וואַנדער? דער „עפּעס" איז פאַרבליבן זייער נעבעלדיק, ביז איינמאָל, ביז זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען שפּילן יידיש טעאַטער — ס'איז דאָס געשפּילט יעקבֿ גאָרדינ'ס „שחיטה". זי האָט גענומען זוכן וועגן ווי אָנצוקומען אין יידישן טעאַטער. שרה האָט אייגנטלעך געהאַט צוויי „ליבעס" — 1) צו שפּילן טעאַטער און 2) צו שרייבן. אין דער ערשטער „ליבע" האָט זי געפונען איר תיקון — אין טאָראָנטאָ האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין אַ דראַמאַטישן פאַראיין און אויפגעטראָטן, מיט אַמאַטאָרן, און געשפּילט גרויסע ראָלן. דאָס האָט זי אָבער ניט באַפרידיקט — עס האָט געצויגן ווייטער צום גרויסן ברייטן יידישן טעאַטער.

שרה האָט פאַרלאָזן טאָראָנטאָ און געקומען קיין ניו-יאָרק ווערן אַן אַקטריסע. נאָך שווערער מי און לאַנגע מאַטערנישן האָט זי זיך דערשלאָגן צום פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער, וואו זי האָט פאַר 7 יאָר צייט געשפּילט מיט פאַרשיידענע קאָמפּאַניעס אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע. זי האָט געשפּילט מיט באָרים טאָמאַשעווסקין, רעגינאַ פּראַגער און י. אַדלער, ווען זיי זיינען שוין געווען אין זייערע לעצטע יאָרן פון גלאַנץ. האָט אויך געשפּילט מיט נאָך פאַרשיידענע קאָמפּאַניעס. זי האָט געשפּילט אַלערליי ראָלן: דראַמאַטישע, קאָמישע און אויך אַלס סובּרעטין. זי האָט געהאַט אַ זייער גוטע קריטיק. אָבער דער וואַנדער-לעבן, דאָס ניט-דערעסן און ניט-דערשלאָפן, די טעאַטער-פּאָליטיק אַרום — דאָס אַלץ האָט אונטערגעגראָבן איר געזונט, און אַ דאָקטער האָט איר פאַרזאָגט צו שפּילן טעאַטער פאַר אַ שטיקל צייט — אפשר אַ יאָר און אפשר צוויי שפּעטער.

אונטער דער צייט ווי זי האָט געשפּילט אויף דער פּראָווינץ האָט זי אָנגעשריבן אַ „טאָג-בוך", וואָס האָט אַריינגענומען דאָס גאַנצע ציגיינער-לעבן... די הינטער-קוליסן-פּאָליטיק... די קנאה שנאה וואָס גראָבט אונטער סוף כל סוף דעם באָדן פונם יידישן טעאַטער. עס האָט אויך איינגעשלאָסן בילדער פון שטעט און שטעטלעך מיט פאַרשידענע פּאַסירונגען.

אין די טעג ווען עס איז איר געווען אומעטיק און שווער אויפן האַרצן, פלעגט זי געפינען טרייסט און דערלייכטערונג אין דער פּעדער.

ווען זי איז פאַרבליבן אין ניו-יאָרק, נאָכן לאַנגן וואַנדער, האָט זי ווידעראַמאָל און אָבער-אַמאָל געלייענט איר טאָג-בוך, און עס האָט זיך איר גענומען אויסווייזן, אַז עס איז גאָר ניט שלעכט געשריבן. זי האָט באַשלאָסן דאָס אַוועקצוטראָגן אין רעדאַקציע פון „טאָג" און זי האָט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן געוואַרט אויף אַן ענטפער. דער ענטפער איז געווען, אַז „דאָס טאָג-בוך פון אַן אַקטריסע" איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און געשריבן מיט טאַלענט; מען קען ליידער דאָס טאָג-בוך ניט דרוקן אַמי אַזוי ווי עס איז אָנגעשריבן, ווייל עס וואָלט זיך געפאָדערט צו פאַרמאַכן אַלע יידישע טעאַטערס... די רעדאַקציע האָלט אָבער, אַז זי זאָל אומבאַדינגט שרייבן, ווייל דאָס טאָג-בוך ווייזט אויף אַ בעלעטריסטישן טאַלענט און זי זאָל אָנשרייבן אַ דערציילונג און דאָס צושיקן אין רעדאַקציע.. זי האָט דאַן אָנגעשריבן איר ערשטע דערציילונג: „פלאַרענס — אַ שאַפּ מיידל" און דאָס ווידער געשיקט אין רעדאַקציע פון „טאָג" און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט אויף אַן ענטפער. און דער ענטפער איז גאָר שנעל געקומען מיט אַ טשעק אויף 40 דאָלער. און באַלד איז בריוו אָנגעזאָגט געוואָרן אויף דער ערשטער זייט פון „טאָג", אַז היינטיקן וואָך הייבט זיך אָן דרוקן אַ דערציילונג פון אַ נייער טאַלענטפולער דערציילערין — שרה דזשאַקלינס, מיטן טיטל „פלאַרענס", וועלכע וועט זיך ציִען פון שבת ביז שבת. די דערציילונג האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן דעם 20-טן אַפּריל, 1934. זינט דעמאָלט זיינען אירע דערציילונגען און נאָוועלן געדרוקט געוואָרן, אַחוץ אין „טאָג", אויך אין „וועג" פון מעקסיקע, אין „אַמעריקאַנער", אין „ניו-יאָרקער וואָכנבלאַט", אין „קינדער זשורנאַל" און אין דער טאָראָנטער טעגלעכער צייטונג „דער יידישער זשורנאַל", אין „זשורנאַל שיקאַגאָ", אין דער „יידישער וועלט" פון קליוולאַנד. אַ סך פון אירע זאַכן זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין סאַוט אַמעריקע, ווי אויך אין די לאָדזשער און וואַרשעווער יידישע צייטונגען, איידער די לעצטע שרעקלעכע וועלט-מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

איצט איז אַרויס איר ערשט בוך — „לעבנס און געשטאַלטן", אַרויסגעגעבן פון דער נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי. דאָס בוך איז זייער וואַרים אויפגענומען געוואָרן פון דער קריטיק, און קריגט אַ גרויסן אָפּרוף פון שריפטשטעלער, ווי אויך פון לייענער איבערן לאַנד. זי איז אָבער ווייט ניט צופרידן זיך אַוועקצוזעצן און רוען און זיין צופרידן מיט אירע ביז-איצטיקע שאַפונגען. זי האָט זיך איצט פאַרגומען צו שרייבן אַ גרעסערע נאָוועלע, נאָר איר גרעסטער חלום איז אַלע מאָל געווען צו פאָרן אַהיים. כדי צו זען און איינזאַפּן און שפּעטער שרייבן. אָבער אַזוי ווי עס איז מער ניטאָ קיין היים... איז כאָטש אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט וואו עס איז געשטאַנען איר וויגעלע און זיין אויף איר מוטערס קבֿר; פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, וואו עס איז צווישן די שארית הפליטה, איבערגעבליבן דער לעצטער פאָדים פון איר גרויסער משפחה, אַ קוק טאָן אויף פּשעדבערז, וואו עס איז געבוירן געוואָרן איר מוטער, וועמענס ליכטיקן אָנדענק זי טראָגט מיט זיך אייביק.

---

## האַנטווערקער איטשע

שיקאַגאָ



זון פון נפתלי און שרה. געבוירן אין אַמסטאָוו דעם 27-טן סעפּטעמבער 1888. געקומען קיין אַמעריקע דעם 21-טן מאַי 1921. אין טשענסטאָכאָוו האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אַרבעט פון דער ס.ס.-פּאַרטיי. ער איז אויך 6 חדשים צייט געזעסן אין טורמע אַלס רעזולטאַט פון דעם קאַמף מיט די אַ"ג „וואָוילע יונגען". אין שיקאַגאָ איז ער אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד פון דעם טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין.

## האַנטווערקער נפתלי



זון פון בערל און רחל. געבוירן אין אַמסטאָוו (פוילן). ער איז געשטאָרבן אין 1936 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 67 יאָר. דער פאָטער פון איטשע און בעני האַנטווערקער.

## האַנטווערקער בעני

שיקאַגאָ



זון פון נפתלי און שרה. געבוירן אין אַמסטאָוו דעם 15-טן אויגוסט 1885. ער האָט חתונה געהאַט מיט חיה (ענני) מאַסקאָווסקי. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. ער איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג און אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ. זיין זון, הערי, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## האַנטווערקער גאָלדע

(פון דער היים — נאַפּאַרטיי)



טאָכטער פון ישראל און חנה בוילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. זי איז געשטאָרבן דעם 17-טן סעפּטעמבער 1941 אין שיקאַגאָ.

## האָפּמאַן משה

דעטראָיט



זון פון זלמן און יענטל. געבוירן אין יאַנעוו (פוילן) אין 1892. ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה פיינער. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. ער איז אַ מיטגליד פון דער סאָסנאָוועצער און בענדינער סאָסייעטי וואו ער איז האָספּיטעלער.

## האָראָוויטש דוד בעריש ע"ה

געבוירן אין 1869 אין אַ משפחה פון מתנגדים און אויפגעצויגן אין טראַדיציאָנעל-רעליגיעזן גייסט. אַליין אַ משכיל, האָט ער באַהערשט די העברעאישע שפּראַך און אויך די נייע ליטעראַטור, ווי אויך פרעמדע שפּראַכן. פון דעם גרינדן פון פּאָליטישן ציוניזם, געהערט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. געווען איינער פון די גרינדער פון ערשטן יידישן ציוניסטישן קלוב אין טשענסטאָכאָוו. (אין דער צייט פון צאַר ווען אַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען פאַרבאָטן). אין 1916 גייט ער אַריין אין אין שטאָט-ראַט אַלס ראַטמאַן מצד די ציוניסטן; איינער פון די מיטגרינדער פון יידישן גימנאַזיום אין טשענסטאָכאָוו און לאַנגיאָריקער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. געווען אויך מיטגליד פון דער יידישער האַנטווערקער שול אין טשענסטאָכאָוו און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויך געווען דאָזאָר ביי דער טשענסטאָכאָווער קהילה. ער איז געווען איינער פון די טשענסטאָכאָווער אינדוסטריעלער. געשטאָרבן אין 1924.

## שלמה האָראָוויטש

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

איז געבוירן געוואָרן אין שערעוו אין יאָר 1876. צו 11 יאָר האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ בעקעריי אין יאַנעוו פאַר 11 רובל אַ יאָר מיט עסן און שלאָפן. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן שבת-צו-נאַכט נאָך הבדלה און זיך געענדיקט פרייטיק צו ליכט צינדן. צו 12 יאָר איז ער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און ביז ער איז אַלט געווען 21 יאָר געאַרבעט ביי לאָזער ווילינגער אויף דער בליך. אין דער רוסישער אַרמיי האָט ער געדינט 5 יאָר. נאָכדעם חתונה געהאַט מיט יענטל שלומער. אין 1902, בעת'ן אויסברוך פון דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה איז ער מאָביליזירט געוואָרן. איבערלאָזנדיק די פרוי מיט אַ קינד, איז ער געשיקט געוואָרן קיין ברעסט-ליטאָווסק. אויפן וועג צום ווייטן מזרח איז ער געפאָרן צוזאַמען מיט אַ פּאַפּ, וואָס האָט אים אַגיטירט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין 1905 איז שלמה האָראָוויטש צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און צוגעשטאַנען צו דער ס.ס. פּאַרטיי. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי משה פונטאָוויטש און קאָפּל אויערבאַך. אין 1907, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער קאַמף צווישן די בעקער-אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים איז דערשאָסן געוואָרן פייוויש יאַקובאָוויטש, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן קאַמף קעגן די אַרבעטער און אייניקע, ווי שמעון סידיצקי, זיינען אַרעסטירט געוואָרן דורך זייערע מסירות. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אויך שלמה האָראָוויטש אַרעסטירט געוואָרן אין דער בעקעריי פון אַרבאַך, אויף וואַרשעווער 10. פאַר אים זיינען אַרעסטירט געוואָרן שלמה קראַשינער, דער גרויסער לייב און דער גראָבער בעריש. שפּעטער איז אויך אַרעסטירט געוואָרן יחזקאל ליטוואַק און די צוויי לערן-יינגלעך, וואָס מען האָט גערופן שוואַרצע מאַלפּעס. מיר זיינען געזעסן דריי חדשים אין פּיעטריקאָווער טורמע, דערנאָך באַקומען „פרייע ווי-סילקע."

דער גראָבער בעריש, שלמה קראַשינער, דער גרויסער לייב און די „מאַלפּעס" זיינען געשיקט געוואָרן קיין ווילנע און שלמה האָראָוויטש — קיין סמאָלענסק, פון דאָרט קיין האָמעל, קיעוו, קעשענעוו, אָרגעיעוו, בעסאַראַביע — אַלץ מיטן „עטאַפּ". דער וועג האָט אַזוי אַרום געדויערט דריי חדשים. דערנאָך האָט ער געוואַנדערט פון שטעטל צו שטעטל. איבער אַ שטיק רוסלאַנד, דערגייענדיק ביז אָדעס. פון דאָרט איז ש. ה. צוריקגעפאָרן קיין מינסק; דורך דער קאַלישער גרענעץ איז ער אָנגעקומען קיין דייטש-אַסטראָוו און פון דאַנען צוריקגעשיקט געוואָרן קיין קאַליש. דאָ איז ער ווידער אָפּגעזעסן דריי חדשים אין טורמע און ווידער — אויף „וויסילקע" — דורך וואַרשע און בריסק קיין ווילנע. אין ווילנע איז ער געווען 9 חדשים און געבראַכט אַהער זיין פרוי. אין 1911 האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין טשענסטאָכאָוו.

צו דער אַרבעט האָבן אים די בעקער-אייגנטימער ניט צוגעלאָזט. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ בעקער-מנין און נאָכן דאַוונען האָט ער אַגיטירט די אַרבעטער צו אָרגאַניזירן אַ פאַראיין, וואָס איז שפּעטער לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג. אָנגעפירט מיטן פאַראיין האָבן אַברהם מונאַוויטש, שלמה האַראָוויטש, כאַסקל באַקלאַזש, אַברהם ראָזענבלאַט, דער שוואַרצער משה און רפאל וואָלמאַן.

אין פאַראיין האָבן מיטגעאַרבעט צוויי אינטעליגענטן: פרידע און גאַנזוואַ.

צוליב אַ מסירה פון די בעקער-באַלעבאַטים איז ש. ה. סוף 1912, צוזאַמען מיט אַ גרופּע בעקער-אַרבעטער ווידער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן דריי חדשים.

אין 1919, שוין אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָט דער פאַראיין דערקלערט אַ סטרייק פון די בעקער-אַרבעטער און די גאַנצע פאַרוואַלטונג איז געמשפּט געוואָרן פאַר כלומרשטן טעראָר.

דער פאַרשטייער פון די פּראָפּ' קלאַסן-פאַראיינען, אַנטאָני קערמאַז, האָט אויפן משפּט עדות געזאָגט, אַז דער סטאַראָסטע איז אונטערגעקויפט געוואָרן פון די באַלעבאַטים. פאַרטיידיגט די באַשולדיקטע האָט אַדוואָקאַט לודוויג האָניגוויל (איצט אין אַמעריקע). אַלע באַשולדיקטע זיינען באַפרייט געוואָרן.

ש. ה. איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון בעקער-פאַראיין ביז ער האָט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו אין 1930.

אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, וואו ער האָט זיך באַזעצט, האָט ער געאַרבעט אַלס בעקער-אַרבעטער.

---

## האָנטווערקער שרה

(פון דער היים — וויסבאַרד)

טאָכטער פון עליע און רחל וויסבאַרד. געבוירן אין אַמסטאָוו (פּוילן). זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 53 יאָר אין 1922 אין טשענסטאָכאָוו.

---

## האָפמאַן ראָזע

שיקאַגאָ

טאָכטער פון אהרן און יאַכעט געווערצמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן אָקטאָבער 1888. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25-טן אָקטאָבער 1907. זי איז טעטיק געזעלשאַפטלעך אין אַ ריי אינסטיטוציעס און פאַרנעמט אָנגעזעענע אַמטן. איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ און אין דער אייד סאָסייעטי וואו זי איז וויס-טשערליידי. אירע צוויי זין, יענקל יוסף און דזשאָן, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## הויפטמאַן אברהם

דעטראָיט

זון פון זלמן און יענטל. געבוירן אין יאַנעוו (פּוילן) דעם 25-טן אָקטאָבער 1890. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. זיינע צוויי זין — ישוע און דוד האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## הערשליקאָוויטש חנה שרה



טאָכטער פון אַברהם און דבורה אסתר עססיג. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 62 יאָר אין טשענסטאָכאָוו אין 1918. זי איז געווען די מוטער פון איטע לענטשנער.

---

## הערשליקאָוויטש פייוול



זון פון מרדכי און מרים. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 74 יאָר אין טשענסטאָכאָוו אין 1924. דער פאָטער פון איטע לענטשנער, ניו-יאָרק.

---

## הערשליקאָוויטש בערל

זון פון יאַנקל און פראַדל. געבוירן דעם 28-טן פעברואַר 1887 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1906 פון ענגלאַנד. ער האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1900. געהערט צו דער פּ.פּ.ס. און געווען אַקטיוו צווישן די פּוילישע אַרבעטער. אין לאָנדאָן איז ער ווייטער פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי, געקו-



מען אין באַרירונג מיט פּילסודסקין און וואַשילעווסקין. פאָרט צוריק קיין פּוילן אויף 7 חדשים און אָרגאַניזירט דאָרט דעם אַלגעמיינעם סטרייק. אין 1905 איז ער געווען דעלעגאַט פון דער לאָנדאָנער פּ.פּ.ס.-גרופּע צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אַמסטערדאַם.

דאָ אין אַמעריקע איז ער אַ פּרעסער און איז אַ מיטגליד פון לאָקאַל 3.

---

## הערשקאָוויטש אַברהם (אייב)



זון פון הענעך און שרה לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1890. געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. ער האָט חתונה געהאַט מיט יעטאַ פינקלער אין 1919 איז איינער פון די גרינדער און געוו. סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק און אויך אַ מיטגליד פון דער וועלונער סאָסייעטי אין ניו-יאָרק. איז געווען איינער פון די גרינדער און סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין אין ניו-יאָרק און היינט איז ער אַ מיטגליד פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק. זיינע צוויי זין — אירווינג און בערנאַרד האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

# וו

## וואַלדפאָגעל שמעון



געב. 1887 — געשט. 11-טן פעב. 1920.

ס׳איז די געשיכטע פון אַ טיפּיש אַרבעטער-קינד, וואָס האָט זיך אַ דאַנק זיינע איינגעבוירענע פעאיקייטן און פלייס אַרויפגעאַרבעט צו אַ פירער און קעמפער פון די אַרבעטער-מאַסן. שמעון וואַלדפאָגעל איז געבוירן אין 1887 אין דאָרף קזשיוואַנציע (ראַדאָמסקער קרייז) ביי אַ יידישן לאַנדווירט. די קינדהייט פאַרברענגט ער אין דער דאָרפישער סביבה. ווען ער ווערט אַלט 5 יאָר, דינגט פאַר אים זיין פאָטער אַ מלמד אין שכנותדיקן שטעטעלע סולמעזשיץ, און יעדן פריmאָרגן מוז דער קליינער שמעון לויפן צוויי קילאָמעטער אין שטעטל אַריין צום רבין לערנען עברי. ער באַגרייפט שנעל דאָס געלערנטע און ווייזט אַרויס אַ סך פאַרשטאַנד.

לאַנג אָבער קען אים דער חדר ניט צופרידנשטעלן; דאָס דאָרף איז פאַר אים צו ענג. זיין פאָטער זעט אויך ניט קיין תכלית, ער זאָל בלייבן אין דאָרף, גיט ער אים אַוועק אין דער לער צו אַ שניידער אין סולמעזשיצע — אַ דערבייאיק קליין שטעטעלע.

שמעונס זעלטענע פעאיקייטן, זיין געזונטער שכל-הישר העלפן אים אַרויס און אפילו אויף אַזאַ שווערן אופן געלינגט אים דאָך עפּעס צו דערלערנען. ער הייבט שוין אָן לייענען אַ ביכל, אַ בראָשורקע און טראַכט זיך אַריין אין פאַרשיידענע פראַגן. פראָגרעסירט אויך אין דער אַרבעט, ווערט אַ נישקשהדיקער געזעלן און אין 1903 פאָרט ער קיין טשענסטאָכאָוו, וואו ער באַקומט אַן ערשט-קלאַסיקע אַרבעט-שטעל.

אין טשענסטאָכאָוו איז געווען איינע פון די ערשטע פּועלי ציון אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן. גלייך אין אָנהייב פון איר גרינדונג, סוף 1904, ווערט שמעון איינער פון אירע טרייעסטע חברים. מיט זיין איבערגעגעבנקייט און ליבע צום אידעאַל פון אַרבעטער-קלאַס געווינט ער דעם צוטרוי פון אַלע חברים, און ער ווערט שנעל איינער פון די רירעוודיקסטע און טיכטיקסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן-אָרגאַניזאַטאָרן. ווען ס׳ברעכן אויס די ערשטע סטריקקוואַליעס, שטייט דער יונגער שמעון אין שפּיץ פון אַ גרופּע חברים צו אָרגאַניזירן טייהאַליעס און ביליקע קיכן. אַזאַ גרויסע טייהאַליע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די פּועלי ציון אינם זומער-רעסטאָראַן פון „טיוואָלי” גאָרטן.

נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע ווערט שמעון שטאַרק פאַרפאָלגט פון דער רוסישער פּאָליציי, ביז ער ווערט געצוואונגען אויסצוואַנדערן נאָך אויסלאַנד, צו ערשט אין דייטשלאַנד. דערנאָך אין שווייץ, און שפּעטער אין פּאַריז, וואו ער בלייבט אַ פּאָר יאָר און איז טעטיק אַלס פאַרוואַלטונגס-מיטגליד אין דער דייטש-שפּרעכנדיקער סעקציע פון שניידער-סינדיקאַט אין פּאַריז. די גאַנצע צייט פון זיין עמיגראַנטן-לעבן שטייט שמעון אין ענגן קאָנטאַקט מיט די פּועלי-ציון אין אויסלאַנד..

אין די ערשטע וואָכן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה ווערט טשענסטאָכאָוו אָקופּירט דורך דער דייטשער מיליטערישער מאַכט, און די ערשטע קרבנות פון קריג — די אַרבעטער-מאַסן, ווערן פון די וואַרשטאַטן און פאַבריקן אַרויסגעוואָרפן אין גאַס. ס׳זיינען נייטיק זעלבסט-הילף אינסטיטוציעס; שמעון איז דאָ, ער אָרגאַניזירט אַ טיי-האַלע, ביליקע קיך און שאַפט צו יענער צייט די „אַרבעטער-היים”. ער אָרגאַניזירט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ קינדער-היים, אַ דראַמאַטישן קרייז און אָוונט-קורסן פאַר דערוואַקסענע אַרבעטער.

אין 1918 אָרגאַניזירט ער די ערשטע ראַיאָן-קאָנפערענץ פון זאַגלעמביער ראַיאָן. די פּאָליטישע אַרבעט וואַקסט זיך פונאַנדער, שמעון ווערט אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָטראַט און אַ דאַנק זיין איבערגעגעבענער טעטיקייט ווערט ער באַליבט ביי דער גאַנצער יידישער אָרעמער באַפעלקערונג אין שטאָט. אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי, אין דעצעמבער 1918, איז שמעון אַ דעלעגאַט פון טשענסטאָכאָוו.

זיין פּריוואַט-לעבן פאַרנאַכלעסיקט ער און 1919 פאָרט ער אַריבער אַרבעטן קיין סאָסנאָוויץ. אויך דאָ נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיי-אַרבעט, פאָרט אויך איבערן ראַיאָן. אָנהייב 1920 ווערט ער קראַנק אויף פלעקן-טיפוס און שטאַרבט אין בליענדן עלטער, אין מיטן פון דער אַרבעט פאַר זיין גרויסן אידעאַל — פּאָרזי פּועלי-ציוניזם.

## וואַרגאָן קאָפּל

זון פון שמואל און חוה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 8-טן אויגוסט 1904. די ערשטע טריט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג האָט ער אָנגעהויבן אין דער בונדישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע „צוקונפט”. אין די יאָרן 22-1921 האָבן זיך אין דער יוגנט-אָרגאַניזאַציע געפונען לערך צען יוגנטלעכע מיטגלידער, צווישן זיי חבר מענדל ווילינגער, אַ בעקער-אַרבעטער. קיין גרויסע אַקטיוויטעט האָבן זיי דעמאָלט ניט אַרויסגעוויזן. פון וואַרשע איז בלויז אָנגעקומען דער „יוגנט-וועקער” — די וועכנטלעכע צייטונג פאַר דער אַרבעטער-יוגנט. די טעטיקייט האָט זיך ערשט פאַרגרעסערט, ווען אַ לערערין פון דער י. ל. פּרץ-שול אין טשענסטאָכאָוו איז געקומען צו הילף. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג מיט איר אָנטייל איז אויפן טאָג-אָרדענונג געשטאַנען דער פּונקט: „רעאָרגאַניזאַציע”. וואַרגאָן איז געווען סעקרעטאַר פון דער פאַרזאַמלונג.

עס איז צוגעקומען אַ גרויסן צאָל נייע מיטגלידער פון די יוגנט-סעקציעס ביי די פּראָפ. פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון „בונד”. איינער פון די נייע חברים איז געווען יצחק סטאָפּניצער פון שניידער-פאַראיין, וועלכער איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַלס פירער פון יוגנט-בונד „צוקונפט”.

טייל מאָל זיינען פאָרגעקומען פאַראייניקטע מאַי-פייערונגען פון דער גאַנצער אַרבעטער-יוגנט פון דער שטאָט. אויף איינע פון אַזעלכע מאַי-פייערונגען איז וואַרגאָן אַרויסגעטרעטן אַלס פאַרטרעטער פון דער „צוקונפט”.

אויף אַ ראַיאָן-צוזאַמענפאָר פון טשענסטאָכאָווער געגנט זיינען ער און מענדל ווילינגער געווען דעלעגאַטן.

ביי אַ דעמאָנסטראַציע פון 1-טן מאַי האָט ער געזען — ווער עס זיינען די באַז-אַרבעטער, די קוילן-גרעבער, די טויזנטער אַרבעטער אין די אייזן-פאַבריקן און ווער — די אַרבעטער וואָס זיינען באַשטאַנען פון שניידער, שוסטער, בעקער און אַרבעטער פון קליינע פאַבריקלעך; די ערשטע זיינען געווען כמעט אַלע ניט-יידן און די צווייטע — דורכויס יידן. דער געדאַנק האָט אים געפירט צו דער אידעע פון אַן אייגן לאַנד אין ארץ-ישראל. ער פאַרלאָזט דעם „בונד” און שליסט זיך אָן אין די לינקע פּועלי ציון. לאַנג איז ער אָבער דאָרט ניט פאַרבליבן.

ער שליסט זיך אָן אין דער לינקער באַוועגונג, הגם זי איז געווען אומלעגאַל און יעדער אָנטיילנעמער איז אין אומ-

אָפּהענגיקן פוילן פאַרפאָלגט געוואָרן און געפּייניקט געוואָרן אין די תפיסות.

אין 1921, 17 יאָר אַלט, האָט אים זיין קוזין חיים ערליך פון קאמיק אַריינגעצויגן אין פּראָפ. פאַראיין פון באַקליידונגס-אינדוסטריע. ער האָט געוואוינט אין דער צווייטער אַלעע 40 און איז געווען אונטער דער השפּעה פון „בונד".

אין דער צייט איז ביים פאַראיין אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יוגנט-סעקציע. דאָרט האָט ער באַקומען זיין ערשטע אויפקלערונג אַלס אַרבעטער. ער איז געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער יוגנט-סעקציע.

עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ צווייטער פּראָפ. שניידער-פאַראיין — נייער מאַרק 2, וואָס איז געווען אונטערן איינפלוס פון די לינקע, און ביי דעם פאַראיין האָט אויך עקזיסטירט אַ יוגנט-סעקציע.

די עקזיסטענץ פון צוויי פּראָפ. פאַראיינען פון דעמזעלבן פאַך האָט אין אַ גרויסער מאָס געווירקט צום שלעכטן אויף דער לאַגע פון די שניידער-אַרבעטער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון פּאַרטיי-קאַמף פון „בונד" און לינקע. עס האָט געדויערט יאָרן ביז מען האָט זיך דאָך פאַראייניקט.

גראָד דעמאָלט איז וואַרגאָן אַוועק קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען מאַי 1928. היינט-צו-טאָג איז אים פאַרבליבן אַלס אָנדענק זיין מיטגליד-בוך מיט פאָלגנדיקע אונטערשריפטן: דרעקסלער, טאָביאַש, וואַרגאָן, מעלער, סטיצקי, גאָלדבערג.

קאָפּל (קאַרל) וואַרגאָן איז אַ מיטגליד פון א. פ. פ. אָרדן בר. 11 און עקזעקוטיוו מיטגליד פון י. ל. פּרץ שול אין ניו-יאָרק.

ער האָט חתונה געהאַט מיט הדס וואַרגאָן אין 1928.

---

## וואַרגאָן עמנואל



זון פון שמואל דוד און חיה ציפּרע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 18-טן יולי 1878. מיטגליד און געוועזענער פּרעזידענט פון די ערשטע זאַלאָשינער חברה אַנשי אַחים, גבאי פון דער חברה קדישא, מיטגרינדער און טעטיקער מיטגליד פונם טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין און רעליף קאָמיטעט אין ניו-יאָרק.

זיין אייניקל, סעם ווין, איז געווען אַ דאָקטאָר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, און געשטאָרבן דעם 10-טן יולי 1943. זיין זון — סימאָר האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## די פאַמיליע וואַרשאַווסקי

### אונזער הויז

אונזער לעצטע וואוינונג איז געווען דאָס ירושה-הויז אויף דער גאַרנצאַרסקע, אָדער טעפּער גאַס 77.

פון אונזער הויז צו דער גובערניע און צום טייך, וואו מען האָט זיך זומער געבאָדן און פאַרבראַכט ביי די זומפּיקע ברעגן — איז געווען אַ פּאָר מינוט גאַנג. דער גורל פון אונזער הויז איז מסתמא געווען דערזעלבער ווי פון אַלע יידישע הייזער אין דער געטאָ. אָבער ביי אונז אין זכרון וועט עס אַלע מאָל פאַרבלייבן דאָס רויטע ציגלנע צווייי-שטאָקיקע הויז — אונזער דירה אין טשענסטאָכאָוו, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אויף אייביק געזעגנט ווען מיר זיינען אַוועק קיין אַמעריקע.

אונזער ברודער מאיר און זיין פרוי ליבע
(פון דער היים — שוסטערמאַן)

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געלאָזט אין וועג. דאָס איז געווען פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה. נאָך דער מלחמה האָט ער אונטער די גרעסטע שוועריקייטן אונז אַלע — דעם טאַטן ע"ה, די מאַמע און פינף ברידער אַרויסגענומען קיין אַמעריקע און אַזוי אַרום געראַטעוועט עטלעכע דורות פון אונזער פאַמיליע פון אונטערגאַנג. אים און זיין פרוי, ליבע, וואָס האָט אים געטריי געהאָלפן אין דער שווערער אויפגאַבע — זאָל דאָס פאַרשריבן ווערן צום אייביקן געדעכעניש און אָנערקענונג פון אונז, אונזערע קינדער און קומענדע דורות.



דער אָנדענק פון אונזער פאָטער מענדל ע"ה

דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן האָט ער געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו, מיט וועלכער ס'איז אים שווער געווען זיך צו שיידן. זייענדיק דאָ אין אַמעריקע האָט ער זיין היים-שטאָט שטענדיק דערמאָנט מיט ליבשאַפט.

ער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד. די שול און דער בית-המדרש זיינען געווען פאַרבונדן מיט זיין גייסטיקן לעבן, הגם געווען אַ מאָדערנער — לויט אייראָפּעאישע באַגריפן — מענטש.

ער איז געשטאָרבן אין שיקאַגאָ, אין עלטער פון איבער זעכציק יאָר, און געבראַכט געוואָרן צו קבר-ישראל אויפן טשענסטאָכאָווער בית-עולם אין שיקאַגאָ.

זיין אָנדענק וועט אייביק לעבן אין זכרון פון זיין פרוי, קינדער און אַלע, וואָס האָבן אים געקענט.

דורך די דאָזיקע שורות באַגריסן מיר און שיקן אַ האַרציקן גרוס אַלע לעבן-געבליבענע ברידער און שוועסטער אין אונזער היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואו עטלעכע דורות פון אונזער שטאַם האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן, און אויך אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין דער גאָרער וועלט.

אונזער ביטערער גורל איז, אַז אין אונזער צייט זאָל דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו, וואָס דור נאָך דור האָבן עס געבויט און געשאַפן — איז כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. אָבער אַזוי לאַנג ווי אונזערע אויגן וועלן בלייבן אָפן — וועלן מיר בלייבן צוגעבונדן צו אונזער היים-שטאָט און ברידערלעך פאַרבונדן מיט אַלע אונזערע לאַנדסלייט אומעטום וואו זיי געפינען זיך און וואָס וועלן זיך אָן אונז דערמאָנען, לייענענדיק דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".



צביה וואַרשאַווסקי

אונזער מוטער צביה וואַרשאַווסקי, פון דער היים — בלייוויים. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1870. איר פאָטערס נאָמען — הערשל, די מוטער — צירל. זי איז געווען און איז איינע פון די אַקטיווסטע פרויען אין דער הילפס-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו, געהערט איצט צום טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַר-

איין אין שיקאַגאָ און לײדיס אייד סאָסייעטי.



**דוד וואַרשאַווסקי**

דוד וואַרשאַווסקי, געבוירן אין 1899, און זיין פרוי, עני (פון דער היים — פיינאַרין). וואוינט איצט אין אָקלאַהאָמאַ.



אַברהם וואַרשאַווסקי

אַברהם וואַרשאַווסקי, געבוירן 1908, און זיין פרוי, שוירלי (פון דערהיים — פען). געקומען קיין אַמעריקע אין אָקטאָבער 1922.



מאיר וואַרשאַווסקי

מאיר וואַרשאַווסקי, געבוירן 1895, און זיין פרוי, לינע (פון דערהיים — שוסטערמאַן). וואוינט אין קאָלאָמבוס, אָ.

**צוזאַמען באַשטייט די משפחה וואַרשאַווסקי אין אַמעריקע פון זעקס פאַמיליעס, צוועלף אייניקלעך און איין אור־אייניקל. חוץ די צוויי ברידער, אין אָקלאַהאָמאַ און קאָלאָמבוס, געפינען זיך אַלע איבעריקע אין שיקאַגע.**



ראובן וואַרשאַווסקי

ראובן וואַרשאַווסקי, געבוירן 1896, און זיין פרוי, איטע (פון דערהיים — ווייספעלנער). געוועזענער פרעזידענט און וויים־פרעזידענט פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאל פאַראיין אין שיקאַגע.



אהרן וואַרשאַווסקי

אהרן וואַרשאַווסקי, געבוירן 1893, און זיין פרוי, דבורה (פון דערהיים — גרוימאַן). מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאל פאַראיין אין שיקאַגע און פון בזשעזשינער סאָסייעטי.



**הערצקע וואַרשאַווסקי**

**הערצקע וואַרשאַווסקי, געבוירן 1901, און זיין פרוי, קלאַרע (פון דערהיים — גרינבערג). געקומען קיין אַמעריקע 1920. געהערט צום אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן און צום „איקאָר".**

## וואָראָן מערי

דעטראָיט

טאָכטער פון הײמי און פעני יאָסקאָוויטש. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1909. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. זי איז אַ מיטגליד פון בני ברית און פון יידישן קאָנגרעס אין דעטראָיט.

---

## וואולף מענדל

ווי אַלע יידישע קינדער האָט ער זיין קינדהייט פאַרבראַכט אין חדר. זיין פאָטער, אַ שניידער, האָט אים אין די יונגע יאָרן געוואָלט זען אַלס בית־מדרש בחור. הגם בלויז 13 יאָר אַלט, האָט שוין מענדל באַגריפן, אַז דאָס איז נישט קיין תכלית און איז געוואָרן אַ מאַלאַרזש.

ער האָט געאַרבעט זייער שווער, פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, און איז דאָך געבליבן פרום.

אין 1905 ווערט ער אַריינגעצויגן אין „בונד". ער לייענט אַ סך רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און ווערט אַן אַקטיווער טוער אין דער פּאַרטיי. זיין נייער גלויבן איז געוואָרן דער סאָציאַליזם, און דער יידישער אַרבעטער אונטער דער פאָן פון „בונד" אַלס זיין אַוואַנגאַרד.

ווען די רעאַקציע האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ איז ער נישט געוואָרן אַנטוישט. עס איז דעמאָלט קיין אַרבעט נישט געווען און אין 1908 האָט ער געמוזט עמיגרירן קיין אַמעריקע, הגם דער „בונד" האָט אַפּעלירט צו זיינע חברים, זיי זאָלן נישט פאַרלאָזן דעם קאַמף־פּלאַץ.

אין אַמעריקע האָט ער זיין גייסטיקן דורשט געשטילט מיט יוסף שלאָסבערג׳ס און דוד פּינסקי׳ס לעקציעס. שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין פּיטסבורג און אַריינגעטראָטן אין יידישן ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אין אָנהייב געווען מיט דער פּראָ־דייטשישער ריכטונג אין דער ס. פּ., אָבער די קערענסקי רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און ווילסאָנ׳ס 14 פּונקטן האָבן אינגאַנצן געביטן זיין מיינונג. נאָך דער פּראָ־דייטשישער דעקלאַראַציע פון דער ס. פּ. אויף דער סט. לואיס קאָנווענשאָן, האָט ער פאַרלאָזן די פּאַרטיי.

דער באָלשעוויזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דער דעמאָראַליזירנדיקער קאַמף צווישן רעכטס און לינקס אין די אַרבעטער רייען אין אַמעריקע האָבן אים צום סוף אינגאַנצן אַנטוישט אין סאָציאַליזם און געבראַכט צו דעם, אַז ער איז געוואָרן צוריק רעליגיעז און אַ גלייביקער.

ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָנגעשלאָסן זיך צו די רעוויזיאָניסטן.

## וואַלקאָוויטש שלמה און צירל



זון פון אַבאָ און פריידל. געבוירן אין טשענסטאָוו דעם 25-טן מאַי 1877. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. זיינע דריי זין — אַברהם, ווילי און יאַקאָב האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי; אַברהם האָט געהאַט דעם ראַנג פון קעפטן.

## וואַלקאָוויטש אבאָ

געבוירן אין ראדאָמסק; געשטאָרבן אויגוסט 1919 אין טשענסטאָכאָוו.

## וואלקאָוויטש פריידל

טאָכטער פון יצחק מאיר און גאלעהינדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און דאָרט געשטאָרבן אַפּריל 1895.

## וויאַטראַק יוסף

דעטראָיט



זון פון יצחק שלמה און טויבע גיטל. געבוירן אין דאָמבראָווע דעם 20-טן פעברואַר 1895. ער האָט חתונה געהאַט מיט דאָברע שיניאַווסקי. געקומען קיין אַמעריקע נאָוועמבער 1912. איז איינער פון די גרינדער און אַקטיווסטע מיטגלידער פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון דער עקזיסטענץ פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. זיין זון — מאָרטאָן האָט געדינט אַלס קאָרפּאָראַל אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ווילינגער אלעזר



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און דאָרט געשטאָרבן אָקטאָבער 1922 אין עלטער פֿון 64 יאָר.

## ווילינגער מרדכי



זון פֿון אלעזר און חיה רבקה. געבוירן דעם 28-טן אַפּריל 1883 אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט מיני וועקשטיין. געקומען קיין אַמעריקע דעצעמבער 1904. זיין זון הענרי רובין און טאָכטער האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער איז אַ מיטגליד אין די טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי פון די יאָנג מענס אין ניו-יאָרק און „מעססענס".

## ווילינגער אַברהם

שיקאַגאָ



זון פון אלעזר און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן יוני 1895. ער האָט חתונה געהאַט מיט פעני קליינמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 15-טן יולי 1913. איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאל סאָסייעטי, טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין און אין יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. אין די אַלע אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס איז ער און זיין פרוי פעני שטענדיק פון די אַקטיווסטע. זיי פאַרנעמען אַלע מאָל אַמטן אַלס עקזעקוטיוו און טראָסטי מיטגלידער.

## ווילינגער מאָריס



זון פון זלמן און גאָלדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן אָקטאָבער 1888. געקומען קיין אַמעריקע דעם 12-טן אויגוסט 1912. איז אַ מיטגליד אין דעם טשענסטאָכאָווער בראַנטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק.

## ווילינגער אַברהם מרדכי

זון פון זלמן און גאָלדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 1-טן יולי 1884. געקומען קיין אַמעריקע דעם 6-טן סעפּטעמבער 1906. ער איז אַ מיטגליד און האָספּיטעלער פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק; איינער פון די גרינדער און טעטיקער טוער פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין און אויך אַ מיטגליד פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק און פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן".

## ווילינגער בעני

קליוולאַנד

זון פון אַברהם און ביילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 22-טן יוני 1912.

## ווין יחזקאל (הענרי)



זון פון גרונם און רחל'ע (געשטאָרבן אין ניו-יאָרק און געבראַכט געוואָרן צו קבר-ישראל אויפן בית-עולם פון דער טשענסטאָכאָווער שול, אין עלמאָנט, ל. א.). יחזקאל איז געבוירן געוואָרן אין 1896 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דעם באַוואוסטן צווייג 6 פון דער פועלי-ציון פּאַרטיי און איז דאָרט אַ מיטגליד ביז צו זיין אויפלייזונג אין 1920.

יחזקאל ווין איז אין די יאָרן 1918—1922 געווען סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער רעליף און מיט אַ צאָר אַנדערע לאַנדסלייט געגרינדעט דעם טשענסטאָכאָווער צווייג 111 ביים יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, וואו ער איז יאָרנלאַנג געווען סעקרעטאַר. ער איז אויך אַ מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט פון פאַרבאַנד און פון זיין גענעראַל עקזעקוטיווע. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער, צוזאַמען מיט משה צ., געשאַפן און אָפּגעשיקט אַ ביבליאָטעק פאַר דער „אַרבעטער-היים" פון די פועלי ציון אין טשענ-

אין 1924 האָט ער חתונה געהאַט מיט יעטאַ גלאַטער פון טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן צוויי קינדער.

איצט איז יחזקאל ווין נאָך אַ טעטיקער מיטגליד אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, צווייג 10, וועלכער איז ניט קיין טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט-צווייג, נאָר באַשטייט פון יידן פון אומעטום, אָבער פאַראייניקט מיט דער אידעע פון אַ פרייע וועלט און אויפגעריכט יידיש פאָלק אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער פעלקער-משפחה.

## ווינטער שלמה

זון פון שמואל יאָסל און רחל. געבוירן דעם 28-טן דעצעמבער 1890 אין טשענסטאָכאָוו. האָט חתונה געהאַט מיט סעליוי ענזעל. געקומען קיין אַמעריקע דעם 15-טן יאַנואַר 1913. איז אַ מיטגליד אין דער אונגאַרישער סאָסייעטי. זיין זון, דזשוליוס האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַלס סאַרדזשענט.

## ווין לייבוש

מיט פאַמיליע



זון פון שמואל און אסתר שיינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע מערץ 1914. איז געווען איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער פון די טשענסטאָכאָווער נייבאַרהוד עדיוקיישאַנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ, לאַנגיאָריקער עקזעקוטיוו מיטגליד און געוועזענער פרעזידענט פון דער סאָסייעטי ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן איז ער געווען טעטיק פאַרן רעליף. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 52 יאָר דעם 14-טן יוני 1943.

## ווינטער לואיס

זון פון שמואל יאָסל און רחל. געבוירן דעם 24-טן אַפּריל 1892 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 14-טן דזשולי 1914.

## ווייס סידני

דזשעקסאָנוויל



זון פון דוד און איטע. געבוירן דעם 8-טן יוני 1899 אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט חנה לוסטיגמאַן. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. זיין זון, איזידאָר, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ווייסבארד יעקב

שיקאַגאָ



זון פון יצחק און שיפרע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 9-טן מאַי 1888. ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל האַנטווערקער. געקומען קיין אַמעריקע 1920. ער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ. זיין זון, הײמי, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ווייסבערג נפתלי

זון פון ישראל שלום און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 30-טן אַפּריל 1891. געקומען פון לאָנדאָן קיין אַמעריקע דעם 2-טן אָקטאָבער 1913. ער איז אַן אַקטיווער מיטגליד אין ברענטש 581 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק, פון דער „לעיבאָר פּאַרטי", פינאַנץ-סעקרעטאַר פון דער בראָנקסער אַרבעטער רינג שול 2. ער איז אויך אַ מיטגליד פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק. זיין זון, אַרנאָלד, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ווייסבערג אַבאַ

נאָרוואָלק

זון פון סעם און בערטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו.

## ווייספעלנער משה



זון פון הערשל און רייזל. געבוירן אין פּאָלאַמאַניעץ (פּוילן); אין דאָרט געשטאָרבן אין 1915 אין עלטער פון 66 יאָר.

## ווייספעלנער רודעל



טאָכטער פון לייזער און רבקה. גע-שטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר אין שי-קאַגאָ, דעם 13-טן אַפּריל 1926.

## ווייספעלנער אהרן



זון פון משה און רודל. געבוירן אין פּאָלאָמאַניעץ (פּוילן) אין 1886. ער איז געשטאָרבן דעם 25-טן מאַי 1918 אין שיקאַגאָ.

## ווייספעלנער מרדכי (מאַקס ווייס)

שיקאַגאָ

זון פון משה און רודל. געבוירן אין 1889 אין פּאָלאָמאַניעץ (פּוילן). געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. ער איז איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער און פּרע-זידענט פון דער טשענסטאָכאָווער עדיו-קיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## ווייצבערג עמנואל



זון פון שאול יונה און חנה לאה. גע-בוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 8-טן נאָ-וועמבער 1909. וואוינט אין ארובא, האָ-לענדישע וועסט-אינדיע. געקומען קיין ארובא אין 1933. געהערט צו דער „דזשו-איש עיד סאָסייעטי".

## וונוק מעק

פּיטסבורג



זון פון לייזער און אסתר מלכה. גע-בוירן אויגוסט 1882 אין קאָניעצפּאָל. ער האָט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו און געקומען פון דאָרט קיין אַמעריקע מאַי 1907, צוזאַמען מיט זיין פרוי, גוטשע (פון דערהיים — פּלאָנטשינסקאָ), גע-בוירן אין טשענסטאָכאָוו מערץ 1876.

מעק וונאק געהערט צום אַרבעטער רינג; ערן-מיטגליד פון פּראָטוירנאַל אָרדן; „איקאָר"; „מאָרגן-פרייהייט"-אַסס'ן; פּרעזידענט פון וואַרשעווער אונטערשטי-צונגס-פאַראיין.

## וונוק יצחק

זון פון מרדכי און פייגל. געבוירן אין קאָניעצפּאָל (פּוילן). געקומען קיין אַמעמריקע אין 1912. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 82 יאָר אין שיקאַגאָ אין יאָר 1937.

## וונוק חנה

(פון דערהיים — גימפּל)

געבוירן אין לעלעוו (פּוילן). געקומען קיין אַמעריקע 1912. זי איז געשטאָרבן אין 1938 אין שיקאַגאָ אין עלטער פון 84 יאָר.

## ווייסקאָפּף מיכאל

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 26-טן דעצעמבער 1882. געקומען קיין אַמעמ-ריקע אין 1890. ער האָט חתונה געהאַט מיט ראָוז ווייסקאָפּף. איז אַ מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס אין ניו-יאָרק. וואוינט איצט אין סאַראַטאָגאַ ספּרינגס, נ. י. זיין זון, מעלווין, האָט געדינט אַלס סטעף סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ווייסקאָפּף מייק



געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. דאָ חתונה געהאַט מיט אַ לאַנדסמיידל. פאַרנעמט זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַר-בעט. טעטיק אין טשענסטאָכאָווער רעליף. איצט איז ער וויים-פּרעזידענט פון טשענ-סטאָכאָווער יאַנג מענס.

## ווענגלינסקי מאָזעס

סטאַמפאָרד

זון פון אַברהם און אסתר. געבוירן מאַי 1890 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 3-טן נאָוועמבער 1920.

## ווענגער אַברהם (אייב)



זון פון אליהו און מלכה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 4-טן יולי 1897.

אין יוני 1914 האָט ער געענדיקט די האַנטווערקער-שול אין טשענסטאָכאָוו. ווען די ערשטע וועלט-מלחמה איז אויס-געבראָכן און טשענסטאָכאָוו איז אָקופּירט געוואָרן פון די דייטשן, האָט ער געמוזט זוכן אַ מעגלעכקייט זיך צו דערנערן. די דייטשישע מאַכט האָט דעמאָלט געזוכט שלאָסער און מעכאַניקער צו אַרבעטן אין

דייטשלאַנד אין די אַמוניציע-פאַבריקן. צוזאַמען מיט עטלעכע פריינד, אויך שלאָסערס, ווי וויינריב, גאָטליב, ריזענזאַן, ניימאַן און לאַנצמאַן — האָט ער זיך געלאָזט קיין קעלן. אָבער לאַנג זיינען זיי דאָרטן ניט געווען, ווייל מ'האָט זיי געוואָלט צווינגען דאָרטן צו פאַרבלייבן ביז נאָך דער מלחמה. נאָך עטלעכע חדשים האָבן זיי באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין אויבערשלעזיע. ווענגער און לאַנצמאַן האָבן געזאָלט פאָרן די ערשטע, נאָך זיי — די איבעריקע. ווענגערן מיט זיין פריינד איז געלונגען אָנצוקומען קיין גלייוויץ, אָבער ניימאַנען און גאָטליבן האָט מען געכאַפּט און זיי זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו זעקס חדשים שווערע אַרבעט אין אַ דייטשישער תפיסה. די לעצטע צוויי זיינען שוין געבליבן אין קעלן. פון גלייוויץ איז ווענגער אָפּט געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. דורך פּראָטעקציע איז ער אָנגענומען געוואָרן דאָרט אַלס שלאָסער אין די באַן-וואַרשטאַטן און באַלד נאָך דעם מיטגעמאַכט דעם ערשטן אייזנבאַן סטרייק. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג פאַר בעסערע אַרבעט-באַדינגונגען און העכערע שכירות. אַלס ענטפער האָט זיי אַ דייטשישער אָפיציר געסטראַשעט יעדן סטרייקער צו אַרעסטירן. זיי האָבן גלייך פאַרלאָזט די וואַרשטאַטן. דעמזעלביקן טאָג האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אויפן פּוילישן צמענטאַזש. מיטן סטרייק האָט אָנגעפירט די ס. ד. (ס.ד.ק.פ.ל.) עס זיינען אָבער אויך געווען פאַררעטער. צום גליק זיינען די דייטשן אָנגעקומען אויפן פאַרזאַמלונגס-פּלאַץ נאָכדעם ווי די פאַרזאַמלטע האָבן זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעגאַנגען. אַ סך זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין זייערע היימען. נאָך עטלעכע טעג זיינען זיי צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט אויף די אַלטע באַדינגונגען. אָבער שפּעטער האָבן די דייטשן נאָכגעגעבן אַ סך קאָנצעסיעס פאַר די אַרבעטער. דאָס האָט ווענגערן געפירט צום געדאַנק צו גרינדן אַ מעטאַל-פאַראיין. ער האָט זיך געווענדט צו משה וועקסלער און זיי האָבן צוזאַמענגערופן אַלע שלאָסער-אַרבעטער פון טשענסטאָכאָוו. אויף דער פאַרזאַמלונג איז געגרינדעט געוואָרן אַ מעטאַל-בראַנזשע-פאַראיין. דער ערשטער פאָרזיצער און סעקרעטאַר איז געווען משה וועקסלער. דער ניי-געגרינדעטער פאַראיין האָט דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי סטרייקס אין די פאַבריקן פון שאַיע, ראָזענשטיין און אַנדערע.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די דייטשן האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו, האָט אַ גרופּע יידישע אַרבעטער באַמערקט, אַז די דייטשן מאַכן פּאָרבאַרייטונגען אַרויסצופירן די לאָקאָמאָטיוון. די גרופּע האָט זייערע פּלענער אומשעדלעך געמאַכט און די לאָקאָמאָטיוון זיינען טאַקע געבליבן אויפן אָרט. דעם נעכסטן טאָג זיינען די אייזנבאַנען שוין געווען אונטער פּוילישער פאַרוואַלטונג. אָבער ווען די יידישע אַרבעטער זיינען, ווי יעדן טאָג, געקומען צו דער אַרבעט, האָבן זיי ביים אַריינגאַנג געפונען אַן אויפשריפט, אַז יידישע אַרבעטער איז נישט דערלויבט אַריינצוגיין. דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט פון באַפרייטן פּוילן. דאָסזעלבע איז געשען אין אַנדערע שטעט.

א. ווענגער איז אַריינגעטראָטן אין דער ס.ס.-פּאַרטיי, שפּעטער — „פאַראייניקטע", דאָרט געווען אַ מיטגליד פון פּאַרטיי-ראַט און שפּעטער דערוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון מעטאַל-פאַראיין אין אַרבעטער-ראַט. אין דער צייט האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און מיטגעאַרבעט ביים אָרגאַניזירן דעם פליישער-פאַראיין, פאַראיין פון פריזירער און בעקער-אַרבעטער. די שווערסטע אויפגאַבע איז פאַר אים געווען צו אָרגאַניזירן די טרעגער-אַרבעטער.

די טרעגער-אַרבעטער און זייער פאַראיין, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע הונדערט פערזאָן, זיינען געווען איינגעטיילט אין עטלעכע סעקציעס: אַזעלכע, וואָס האָבן די פּעק און קאַסטנס געשלעפּט אויף זייער אייגענעם רוקן; אַזעלכע, וואָס האָבן די משא געשלעפּט אויף האַנטוועגעלעך, אָפּטמאָל מיט דער הילף פון זייערע פרויען, און אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט מיט פערד-און-וואָגן און קענען בכלל פאַרגליכן ווערן מיט די כינעזישע ריקשעס.

ווענגער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער סעקרעטאַר פון טרעגער-פאַראיין. עס האָט זיך ניט נאָר פאַרבעסערט זייער מאַטעריעלע לאַגע, נאָר דער פאַראיין האָט אויך אין זיי אויפגעוועקט דאָס געפיל פון מענטשלעכער ווירדע און געזעלשאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זיי זיינען געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זייער פאַראיין.

כדי צו פאַרמיידן קאָנקורענץ, איז פאַר די טרעגער מיט פערד-און-וואָגן איינגעפירט געוואָרן אַ סיסטעם פון אַ גלייכן צעטיילן די טעגלעכע פאַרדינסטן. אַלע האָבן אויך געאַרבעט די זעלבע צאָל שעה'ן. דאָס האָט געפאָדערט אַ סך ענערגיע און געדולד; אָבער עס איז געלונגען אין אַ פולער מאָס. די טרעגער-אַרבעטער זיינען געווען זייער דיסציפּלינירט און אויסגעפירט די באַשלוסן פון פאַראיין.

ווען עס זיינען געגרינדעט געוואָרן די קאָאָפּעראַטיוון, איז ווענגער אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס באַצאָלטער פאַרוואַלטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם אויף נאַדזשעטשנע גאַס, אין עסיג'ס הויז. צוזאַמען מיט אים האָבן געאַרבעט די חבר'טעס פייגעלע פראַנק און העלענטשע פליוואַטש.

אָבער ווי שווער עס איז ניט געווען צו אָרגאַניזירן די טרעגער-אַרבעטער — איז עס ניט קיין פאַרגלייך דערמיט, וואָס די אָנגעשטעלטע פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן געהאַט אויסצושטיין פון זייערע קאָנסומערס. ערשטנס האָבן זיי געוואָלט קריגן מיט אַמאָל די פּראָדוקטן, וואָס זיינען געווען באַשטימט פון שטאָטישן אַפּראָוויזאַציע-אַמט פאַר אַ גאַנצן חודש, צווייטנס, האָבן די קאָאָפּעראַטיוון ניט געקראָגן גענוג „פּאָפּולאַרקע"-ברויט פאַר אַלע קאָנסומערס. עס פלעגט זיך אויסשטעלן און וואַרטן אַן „אָגאָנעק" (אַ ריי) פון 300 פערזאָן, אָבער צום פאַרטיילן איז נאָר געווען הונדערט ברויטלעך אַ טאָג.

ווענגער האָט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו אין 1920. עס האָט אים אין דעם אַ סך געהאָלפן חבר דוד שלעזינגער, וואָס האָט מיט זיין אומגעוויינלעכער ענערגיע און באַקאַנטשאַפט אין די „אַמטן", אים געהאָלפן באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַס.

אין ניו-יאָרק איז ער געווען מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער רינג בראַנטש 261 און ווען ער האָט, אין 1926, זיך אַריבערגעצויגן קיין דעטראָיט, איז ער דאָרט געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין אין דעטראָיט, וואָס פלעגט פון דאָרט שיקן הילף קיין טשענסטאָכאָוו און אויך געהאָלפן אין דער אַרבעט דעם רעליף אין ניו-יאָרק.

ער איז מיטגליד און פּרעזידענט פון מאַנהעטן לאָדזש נומער 473 און פון אינדעפּענדענט אָרדער אָוו אַד פעללאָוס.

---

## ווענגער סעם

געבוירן אין קאָניעצפּאָל. ווען זיין פאַמיליע האָט זיך איבערגעצויגן קיין טשענסטאָכאָוו איז ער אַלט געווען איין יאָר. ביז צו דער בר-מצוה האָט ער געלערנט אין אַ חדר, דערנאָך — אין די עלעמענטאַרע שולן, ביי אַראָנאָוויטש, שאַכער, אַוונער און לעדער. בשעת דער דייטשישער אָקופּאַציע פון טשענסטאָכאָוו אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז ער אָנגעקומען אַלס אַרבעטער אין די אייזנבאַן-וואַרשטאַטן. באַלד ווי די באַנען זיינען צוריק איבערגעגאַנגען אונטער פּוילישער פאַרוואַלטונג, האָט מען אים צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע יידישע אַרבעטער אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. מיט דער הילף פון חבר דודעק שלעזינגער האָט ער באַקומען באַשעפטיקונג ביי די עפנטלעכע אַרבעטן, צו גראָבן קאַנאַלן ווייט אונטער דער שטאָט.

זיין פארבינדונג מיט דער פארטיי ס.ס. האט זיך אנגעהויבן דורכן מעטאל-פאראיין, וואו די יידישע אייזנבאן-ארבעטער זיינען געווען ארגאניזירט. ער איז דעמאלט אלט געווען ארום 15 יאר. ווען חבר כראבאלאווסקי האט אנגעהויבן צו ארגאניזירן די יוגנט אין „שטראל", איז ער מיט אברהם בראט, מאטעק פליוואטש און יואל ווייס געווען די ערשטע זיך אנצושליסן אן דער ארגאניזאציע און אקטיוו זיך באטייליקט אין דער ארבעט און אויך געהאלפן ארגאניזירן די אוונט-קורסן. סעם ווענגער און מאטעק פליוואטש האבן פארטראטן דעם „שטראל" אין פארטיי-ראט.

ער האט פארלאזן טשענסטאכאוו אין 1920, אין עלטער פון 17 יאר. אין ניו-יארק איז ער געווען אקטיוו אין טשענסטאכאווער ארבעטער רינג ברענטש 261 ביז דער שפאלטונג. פון דעמאלט אן געהערט ער צו די „אד פעללאוס".

די ערשטע יארן אין ניו-יארק איז ער געווען באשעפטיקט אין קלאוק-שאפ פון מאריס ליטמאן און זיך אנגעשלאסן אן דער אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן, צו וועלכער ער געהערט ביז היינט-צו-טאג. אויך געווען אקטיוו אין טשענסטאכאווער רעליף אין ניו-יארק, אזוי לאנג ווי ער האט עקזיסטירט.

ער האט חתונה געהאט אין 1933 מיט א טשענסטאכאווער מיידל אין ניו-יארק, שיינדל פייערשטיין, טאכטער פון ברכיה פייערשטיין. אין טשענסטאכאוו איז זי געווען א טעטיקער מיטגליד אין ספארט-קלוב „ווארטא".

סעם ווענגער וועט, צוזאמען מיט אלע טויזנטער פריינט, היילִיק היטן די שבועה: קיינמאל נישט צו פארגעסן אן טשענסטאכאוו פון זיינע יונגע יארן, צו העלפן די לעבן-פארבליבענע אויפבויען זייער לעבן אין א נייעם און פרייען פוילן און שטענדיק ערן דעם אנדענק פון די אומגעקומענע ברידער, שוועסטער, חברים און פריינד, די גרויזאמע קרבנות פון פוילישן אנטיסעמיטיזם און דייטשישע גרויזאמע מערדערייען.

ער האט דורך געלט-זאמלונגען געהאלפן ארויסצוגעבן דאס בוך „טשענסטאכאווער יידן". ער איז א געטרייער לאנדסמאן און טראגט צו, לויט זיינע מעגלעכקייטן, צו דער הילף-ארבעט פאר זיין היים-שטאט.

## ווענגער יוסף אהרן

געבוירן אין קאניעצפאל (פוילן) אין 1889, באזעצט זיך אין טשענסטאכאוו מיט זיינע עלטערן אין 1903. ער האט אנטייל גענומען אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. געקומען קיין אמעריקע אין 1913. ער איז געווען א מיטגליד פון טשענסטאכאווער ברענטש 261 ארבעטער רינג. איצט איז ער א מיטגליד אין די „אד פעללאוס". זיין זון אלבערט האט געדינט אין דער אמעריקאנער ארמיי.

## ווראצלאווסקי שמחה און חוה



די איינציקע איבערגעבליבענע געשוויסטער פון דער משפחה ווראצלאווסקי אין טשענסטאכאוו. זייערע עלטערן זיינען אומגעקומען אין טשענסטאכאוו אין די יארן 1939—1945. שמחה און חוה ווראצלאווסקי זיינען געווען אין די לאגערן פון טשענסטאכאוו און בוכענוואלד. זיי זיינען געקומען קיין אמעריקע אין יאר 1946. היינט וואוינען זיי אין פילאדעלפיע.

# ז

## זאלוסקי אבא

זון פון משה יצחק און מלכה. געבוירן אין קאנסקע (פוילן). געשטארבן אין עלטער פון 90 יאר אין טשענסטאכאוו, אין יולי 1914.



די עלטערן פון דאניעל זאלוסקי

## זאלוסקי לאה

טאכטער פון יוסף און חנה גרין. געבוירן אין ברזשעזשניצע (פוילן). געקומען קיין אמעריקע אין 1920. זי איז געשטארבן אין 1921 אין שיקאגא.

## זאלוסקי דאניעל

געבוירן אין טשענסטאכאוו אין 1887. זיין פאטער האט מען גערופן — אבא,



זיין מוטער — לאה. נאכן ענדיקן אלס לערן-יינגל איז ער געווארן א טישלער. ער פלעגט ארבעטן פאר דריי רובל א וואך פון 6 אינדערפרי ביז 10 ביינאכט. דאנערשטאג פלעגט מען ארבעטן א גאנצע נאכט, ביז פרייטאג 12 אזייגער. דער באלעבאס איז געווען א גרויסער ארעמאן. דאס לעבן איז געווען אומדערטרעגלעך.

דער ערשטער, וואס האט זאלוסקין באקענט מיט דער פרייהייטס-באוועגונג איז געווען ליפע גאלדמאן, וואס איז געקומען פון לאדזש און איז געווען א מיטגליד פון דער פוילישער ס.ד. זאלוסקי האט זיך אויך באקענט מיט יוסף און אברהם גרייצער און זיי אלע פלעגן זיך צוזאמענקומען ביי אברהם מאלארזש אויף ניקאלאיעווסקי גאס. זיי האבן געפרואווט צו זאמלען געלט, כדי דורך א סטרייק זיך צו פארבעסערן די לאגע. אבער צוליבן צארישן טעראר און אפגעשטאנענקייט פון די ארבעטער איז זיי צום אנהייב גארנישט געלונגען און די גרופע איז זיך צעפאלן. זאלוסקי האט געארבעט אין זייער שווערע באדינגונגען און געזוכט



וועגן זיך ווייטער אנצושליסן אין די ארבעטער באוועגונג. איינמאל אין א שבת איז פארגעקומען א מאסן-פארזאמלונג פון „בונד" אין א וואלד. דאס איז געווען א פראטעסט-פארזאמלונג קעגן דעם שמייסן פון ארעסטירטע ארבעטער. עס

זייַנען אָנגעקומען פּאָליציי און קאָזאַקן און די פאַרזאַמלונג צעטריבן.

אין אַ געוויסן זונטאָג נאָכמיטאָג, ווען זאַלוסקי איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט ער באַגעגנט אַ דעמאָנסטראַציע פון אַ גרויסע מאַסע אַרבעטער אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס, מיט אַ רויטער פאָן. מען האָט געשריגן: „נידער מיט דער זעלבסט-הערשאַפט". באַלד זייַנען אָנגעקומען קאָזאַקן און אָנגעהויבן האַקן מיט די נאַגייקעס. די גאַס איז באַשפּריצט געוואָרן מיט בלוט. דאָס איז געווען זיין ערשטע רעוואָלוציאָנערע איבערלעבונג. צוליב אַ סטראַשונאָק פון זיין באַלעבאָס, אַז ער וועט אים איבערגעבן צו דער פּאָליציי, איז ער געצוואונגען צו פאַרלאָזן לאָדזש און ער פאָרט קיין סטאַרא-וויעש. מיט זעקס חדשים שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, מער באַוואוסטזיניק און פול מיט מוט. ער האָט זיך באַקענט מיט נייע חברים. איינער פון זיי איז געווען אַ יידישער זעלנער פון דראַגאָנער-פּאָלק אין טשענסטאָכאָוו — עדעלמאַן, פון וויטעבסק. זאַלוסקי און עדעלמאַן האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַ פּאָרשטייער פון די טשענסטאָכאָווער ס.ד. — אָלכאָווסקי. די קאָנפערענצן זייַנען פאָרגעקומען בייַנאַכט אין מאַגיסטראַט, וואו עטלעכע פּוילישע חברים זייַנען געווען אָנגעשטעלט. די אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער איז געווען שווער, ווייל חוץ דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר" (פּוילישער אָרגאַן פון דער ס.ד.) איז ניט געווען קיין יידישע ליטעראַטור. מיטן „בונד" איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג. דוד, דער יידישער זעלנער פון דראַגאָנער-פּאָלק, האָט זאַלוסקין און זייַנע חברים באַקענט מיט אַ פּוילישן אונטער-אָפיציר — שמיגלעווסקי, וואָס האָט אויך געהערט צו דער ס.ד.-גרופּע. ער איז אָבער געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר. צוליב דעם איז זאַלוסקי צוזאַמען מיט אַברהם מאַלאַרזש און נאָך צוויי חברים אויף אַ פאַרזאַמלונג אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט זאַלוסקין געבונדן די הענט, געשלאָגן מיט די קאָלבעס און אָפּגעפירט אין דער טורמע בייַם מאַגיסטראַט. דריי אַזייגער פאַרטאָג האָט מען זיי אַלע איבערגעשיקט אין דער פּיעטרקאָווער טורמע. דאָרט זייַנען זיי געזעסן אין באַזונדערע קאַמערן, נאָר צום שפּאַציר זייַנען זיי געפירט געוואָרן צוזאַמען. ביי אַן אויספאָרשונג האָט זאַלוסקי גענומען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דעריבער האָט מען אים צוזאַמען מיט אַ פּוילישן חבר (אַלע איבעריקע האָט מען באַפרייט) געהאַלטן 8 חדשים אין טורמע. אין באַשולדיקונגאַקט זייַנען געווען פּונקטן, פאַר וועלכע עס האָט אים געדראָט פאַרשיקונג אויף קאַטאָרגע. אָבער די „קאָנסטיטוציע" פון **1905 האָט אים באַפרייט.**

צוליבן אַלגעמיינעם באַן-סטרייק זייַנען זיי פון פּיעטריקאָוו קיין ראַדאָמסק געגאַנגען צו-פוס, דערנאָך — מיט אַ פור קיין טשענסטאָכאָוו.

באַלד איז דערקלערט געוואָרן קריגס-צושטאַנד און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן רעפּרעסיעס. די פּאָליציי האָט אים געזוכט און ער האָט געלעבט אומלעגאַל אויף אַ פאַלשן פּאַספּאָרט. איינמאָל, אין 1907, האָט מען צוליב זאַלוסקין אַרעסטירט זיין פאָטער. מען האָט אים אַרויסגענומען פון דער סוכה בייַם עסן, אויף גאַרנצאַרסקע גאַס. ער איז אָבער שפּעטער באַפרייט געוואָרן. אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט זאַלוסקין ווידער פאַרראַטן און איינער פון די פּאָליציאַנטן, וואָס איז אים געקומען אַרעסטירן, האָט אים דערקענט. דאָס איז פאָרגעקומען אויף דער טעפּער-גאַס ביי שקאַפּען. זאַלוסקין איז געלונגען אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער און צולויפן ביז צום אַלטן מאַרק. דאָרט איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן פון פרעמעלס פּראָוואָקאַטאָרישער באַנדע. דער פּריסטאַוו — אַרבוזאָוו, וואָס איז דערביי געווען, האָט באַפוילן מען זאָל אים אויפהערן שלאָגן. נאָך דעם ווי מען האָט אין שפּיטאָל פאַרבונדן די לעכער אין זיין קאָפּ, האָט מען אים ווידער אַריינגעוואָרפן אין טורמע. אַ מיליטער-געריכט האָט אים פאַרמשפּט צו 4 חדשים טורמע. נאָך דער טורמע איז ער געגאַנגען צו מיליטער-דינסט אויף קאַווקאַז. נאָכן מיליטער-דינסט איז ער געווען אינדערהיים 6 חדשים, מיטגעהאָלפן די אָרגאַניזירונג פון לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייַנען און האַנטווערקער-קלובן, ביז ער איז ווידער אַרעסטירט געוואָרן און געקראָגן אַ וויסילקע ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה.

איצט איז ער אין שיקאַגאָ. ער געהערט צו דער קאַרפּענטערס-יוניאָן און האָט דאָ אויפגעהאָדעוועט צוויי זין — מאַקס און לאָרענץ; ביידע האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## זבאָראָווסקי שמואל



זון פון חנינה און פייגל. געבוירן אין מישקאָוו (פּוילן). ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר, אין 1933, אין טשענסטאָכאָוו.

## זבאָראָווסקי גיטל

טאָכטער פון אַבֿרהם און טעלצל רינסקי. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 40 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.

## זבאָראָוו (זבאָראָווסקי) שמעון

דעטראָיט



זון פון שמואל און גיטל. געבוירן אין וואָלבראָם דעם 2-טן אָקטאָבער 1892. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע דעם 8-טן יולי 1913. ער האָט חתונה געהאַט מיט הענע בלומע שיקמאַן. אין טשענסטאָכאָוו האָט ער געהערט צו די ס.ד.ק.פּ.ל., שפּעטער — צו די ס.ס. אין דעטראָיט געווען אַ מיטגליד פון אַרבעטער רינג בר. 156. איצט איז ער טעטיק אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין און אַ מיטגליד פון דער רעווידיר-קאָמיסיע.

## זבאָראָוו הענע בלומע

דעטראָיט



טאָכטער פון דוד לייב און פייגל שיקמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 14-טן אַפּריל 1897. געקומען קיין אַמעריקע דעם 29-טן מערץ 1913. זי איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד פון פאָלקס-קאָמיטעט פון ראָשן וואָר רעליף, יאָנג ווימענס, טראָסטי אין „מזרחי", יוראָפּין וועלפער פאָנד, מאַונט סיני האָספּיטאַל, קרן היסוד, יידישער אָלד פאָלקס האָום, וואָרטשעסט, רויטער קרייץ און פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. זי איז איינע פון די איבערגעגעבנסטע און אַק-

טיווסטע טוער אויף אַלע געביטן פון יידישן און אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכן לעבן.



מלכה שיקמאַן מיט קינדער
די מוטער פון זבאָראָוו הענע בלומע

## זיגאַס בעני און הערריי

הערריי, דער זון פון שמואל און לייטשע זיגאַס איז געבוירן געוואָרן דעם 29-טן אַפּריל 1892 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע סעפּטעמבער 1907. זייערע צוויי זין — סימאָר און אירווינג האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## זיגאַס סעם



זון פון שמואל און לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן אַפּריל 1898. געקומען קיין אַמעריקע אין 1908. ער האָט חתונה געהאַט מיט שפּרינצע סטאַל אין 1921. איז געווען אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און פון טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַראיין. איצט איז ער אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק. זיינע זין — סימאָר און איזידאָר האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## זיגאַס ישראל׳קע

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געשטאָרבן אָקטאָבער 26, 1945.

## זיגאַס שפּרינצע

טאָכטער פון איטשע און ריווע סטאַל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1901. געקומען קיין אַמעריקע אין 1914. זי האָט חתונה געהאַט מיט סעם זיגאַס אין יאָר 1921. איז אַ מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער לײדיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק.

## זיטמאַן דוד



זון פון וואָלף און שיינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 4-טן דזשון 1891. אַ קינד פון אָרימע אַרבעטס-מענטשן. צו 12—13 יאָר איז ער שוין פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „בונד" און נעמט אָנטייל אַלס איינער פון אַ צענדליק פירער פון „באָיאָווע-אָטריאַד" העלפט מיט אָנפירן סטרייקס און אָרגאַניזירן פאַרשיידענע פאַכן, ווי: די שניידער, מאָלער, טישלער, וועש-נייטאָרינס, הויז-ווירטשאַפטערינס און אַנדערע. ער אַרבעט מיט מיט די באַקאַנטע בונדיסטן אין טשענסטאָכאָוו — הערשל בלאָכאַרזש-פריימאַן, רבקה פון פּיעטרקאָוו, יענקל בלאַכאַרזש א. אַנד. אין דער צייט פון די פּאָגראָם-שטימונגען אין טשענסטאָכאָוו איז ער אַן אָנפירער פון אַ צאָל באָיאָווצעס און האָט זיין זיץ-אָרט אין צענטער פון שטאָט, ביי ד"ר בראָניאַטאָווסקין. בשעת די אַלגעמיינע סטרייקן שטעלט ער אָפּ די פאַבריקן „זאַפּאַלטשאַרניע א. אַנד. פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור אין די אַרומיקע שטעטלעך פון טשענסטאָכאָוו. ער איז אויך אייניקע מאָל געווען אַרעסטירט דורך דער צאַרישער פּאָליציי.

אין דער זעלבער צייט ווייזט ער אַרויס ליבע צו דער סצענישער קונסט און שפּילט צוזאַמען מיט יעקב בער סילווער אין דער פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאַ", וואָס איז געוואָרן אויפגעפירט מיט גרויס דערפאָלג אין „טשענסטאָכאָוו לטובת דעם „בונד". ער טרעט אויף אין דער ראָל פון ראובן.

נאָך דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פון 1905 באַטייליקט ער זיך אין דער געשאַפענער אַמאַטאָרן-טרופּע, וועלכע גאַסטראָלירטאין אַ ריי שטעט, ווי: זאַגלעמביע דאָמבראָווסקע, ראַדאָמסק, פּיעטרקאָוו, טאָמאַשאָוו און אַנד.

מיט גרויסע שוועריקייטן קומט אים אָן צו פאָרן קיין אַמעריקע. אויפן וועג שפּילט ער אויף דער יידישער בינע אין פּאַריז, פון וואַנען ער קומט קיין אַמעריקע אין 1909. דאָ מאַכט ער דורך אַ שווער לעבן ביי פאַרשיידענע אַרבעטן.

אין 1912 פאָרט ער צוריק אין זיין היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואו ער פאַרברענגט 7 חדשים. נאָכן צוריקקומען קיין אַמעריקע באַזעצט ער זיך אין ניו-יאָרק און שליסט זיך אָן אין דער טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי פון די יאָנג מענס און ווערט דאָרט איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער. פאַר דער צייט איז ער געווען פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, מיטגרינדער פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין און יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק. איצט איז ער טרעזשורער פון טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס און טעטיקער מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער רעליף און בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זיין זון — ווילע האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## זיטמאַן שרה

טאָכטער פון הלל און דרעיזע יאַקובסאָן. געבוירן דעם 12-טן אויגוסט 1890 אין ריגע. געקומען קיין אַמעריקע 1905. זי איז די פרוי פון דוד זיטמאַן.

## זיסער סעם

דעטראָיט

זון פון וואָלף לייב און רויזע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן נאָוועמבער 1888. געקומען קיין גאַלוועסטאָן אין 1912. אין אַמעריקע איז ער זייט 1919. ער איז אַ מיטגליד פון פ. פ. אָרדן און פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט.



מיליען זיטענפעלד

## זיטענפעלד וואָווע און מיליען

שיקאַגאָ



זון פון מרדכי און פייגע. געבוירן אין ראַספּרושע (פּוילן) דעם 15-טן דעצעמבער 1885. האָט חתונה געהאַט מיט מיליען שווידערסקי. געקומען קיין אַמעריקע דעם 9-טן אַפּריל 1921. געשטאָרבן 1946.

## זיטמאַן אַננאַ און מאָרדים

פילאַדעלפיע

מאָרדים איז געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1888. געקומען פון פּאַריז קיין אַמעריקע אין 1915.

## זיידמאַן מאיר דוד און שיינדל

פילאַדעלפיע

זון פון יעקב און חיה רבקה. געבוירן דעם 28-טן דעצעמבער 1888 אין זאַווערציע. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. ער איז אַ מיטגליד פון מחזיקי הדת.

## זאנדשטיין יצחק

זון פון וואָווע און מאַכע זאנדשטיין. געבוירן אין 1890 אין טשענסטאָכאָוו. מיטגעמאַכט דעם ערשטן וועלט-קריג אַלס סאָלדאַט אין דער רוסישער אַרמיי. אין טשענסטאָכאָוו געווען מיטגליד פון „אחיעזר", „בית-לחם" און „טאָז".



## זאנדשטיין מרים גאָלדע

טאָכטער פון פרין גאָלדשטיין. געבוירן אין 1900 אין קאָניעוו, אוקראַינע.

דאָס זיינען געווען די עלטערן פון אריה לייב זאנדשטיין, וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן 1939—1945. מיט זיי איז אויך אומגעקומען זייער צווייטער זון אלעזר זאנדשטיין.

## זילבערבערג מ. און פרוי

פילאַדעלפיע

## זאנדשטיין אריה לייב (לוטעק)



זון פון יצחק און מרים גאָלדע זאנדשטיין (פון דערהיים — גאָלדשטיין). געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 13-טן אויגוסט 1926. געוועזענער מיטגליד פון דער פּוילישער אַרבעטער פּאַרטיי און אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי. איצט געפינט ער זיך אין ניו-יאָרק.

## זיידמאַן מ. און ד.

פילאַדעלפיע

## זעווין חיה

שיקאַגאָ

טאָכטער פון משה און פייגע. געבוירן אין פּיעטרקאָוו דעם 25-טן דעצעמבער 1884. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן יולי 1913. זי איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין און אין די אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

# ט

## טשאַרני יעקב דוד און שרה



(פון דערהיים — שערמאַן). באַקאַנטע טשענסטאָכאָווער איינוואוינער. האָבן געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945. דעם זעלביקן גורל האָבן געטיילט זייערע קינדער — רויזע טשאַרני-סאַלאַמאָנאָוויטש מיט איר מאַן; פּעסע טשאַרני-קופּערשמידט מיט איר מאַן און קינד; שמואל טשאַרני מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, ווי אויך פריידל און גריניא טשאַרני.

ערע זייער אָנדענק!

## טשאַרני אַברהם

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1938.



## טשאַרני חנה רייזל

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1932.

## טשאַרני נחום



זון פון אַברהם און חנה רייזל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1900. ער איז געשטאָרבן דעם 1-טן יאַנואַר 1938 אין ניו-יאָרק.

## טשאַרני יעקב (דזשעק)

זון פון אַברהם און חנה רייזל, גע-

בוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 11-טן אָקטאָבער 1893. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַנדזיע גאָלדבערג. געקומען קיין אַמעריקע 1920.

---

## טשאַרני אַנדזשע



יעקבֿ און אַנדזשע טשאַרני

טאָכטער פון שלמה און אסתר גאָלדבערג. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן אַפּריל 1899. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. אין טשענסטאָכאָוו איז זי געווען טעטיק אין דער ס.ס.-פּאַרטיי און אין בילדונג-פֿאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו.

---

## טשאַרני פּעי (פייגל)

טאָכטער פון יעקבֿ און אַנדזשע. געבוירן אין ניו-יאָרק דעם 16-טן סעפּטעמבער 1924. זי איז אַ סטודענט אין האַנטער קאלעדזש אין ניו-יאָרק.

---

## טרעמבאַצקי יצחק

שיקאַגאָ

זון פון יעקב משה און מרים. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 7-טן מערץ 1888. ער האָט חתונה געהאַט מיט מאַניע זאָנשיין. געקומען קיין אַמעריקע דעם 13-טן סעפּטעמבער 1913. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין אין שיקאַגאָ; פאַרנעמט דאָרט דעם אַמט פון טרעזשורער. זיין זון — פיליפּ האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## טשענסטאָכאָווסקי שמחה

זון פון קלמן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1860. דאָרט געשטאָרבן יוני 1941.

## טשענסטאָכאָווסקי (קאַלמענס) מענדל

פּעטערסאָן, נ. דזש.

זון פון קלמן און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1904. ער איז אַן עקזעקוטיוו מיטגליד אין לאָדזשער ברענטש 140 אַרבעטער רינג אין פּעטערסאָן, נ. דזש.

---

## טשענסטאָכאָווסקי פייגל

טאָכטער פון ראובֿן און געלע אבוש. געווען אַ צדקית און געטוען פאַר אָרימע. געשטאָרבן אין עלטער פון 52 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.

איר מוטער איז געפאָרן שטאַרבן קיין ירושלים און אין דעם זעלבן יאָר, ווען זי איז אָנגעקומען, איז זי דאָרט געשטאָרבן.

---

## טשענסטאָכאָווסקי (קאַלמענס) אַברהם



זון פון מענדל און פייגע. געבוירן אין פּעטערסאָן, נ. דזש. דעם 15-טן אויגוסט 1910. געווען אַ מיטגליד פון דער יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן און אַנדערע יידישע געזעלשאַפטן. געשטאָרבן דורך אַן אומגליקס-פאַל דעם 6-טן פעברואַר 1940.

---

## טשענסטאָכאָווסקאַ שושנה

תל-אַבֿיבֿ



אַ טאָכטער פון איינע פֿון די מיוחס'דיקסטע חסידישע משפחות אין טשענסטאָכאָוו, דערוועקט זיך ביי איר פון דער פריסטער יוגנט די נשמה פון אַ דיכטערין און זי הייבט אָן שרייבן לידער, האַרציקע און פאָלקסטימלעכע, אַ דאַנק וועלכע זי האָט זיך זייער שנעל דערוואָרבן אַ נאָמען און באַליבט געמאַכט ביים ברייטן לייענער-פּובליקום. אירע ערשטע לידער זיינען דערשינען אין „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט". כמעט אין יעדן פריי־טאָג-נומער פון דער דאָזיקער צייטונג איז דערשינען אירס אַ ליד און תמיד אַרויסגערופן אינטערעס און סימפּאַטיע ביים פּובליקום. דורך דעם „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט" זיינען אירע לידער באַקאַנט געוואָרן דער גאַנצער יידישער פּרעסע אין פּוילן און אַפילו אין אַמעריקע און זי האָט אָנגעהויבן באַקומען איינלאַדונגען זיך צו באַטייליקן אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע און קינסטלערישע זשורנאַלן. אירע לידער זיינען, צווישן אַנדערן, אויך דערשינען אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע, וואָס איז אַרויס אין ניו-יאָרק, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט נאָר פרויען-דיכטערינס.

צוזאַמען מיט דער נטיה צו דיכטונג האָט זיך ביי איר דערוועקט אויך אַ גרויסע נייגונג צו פּעדאַגאָגיק און קינדער-דערציאונג און זי האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט די דעמאָלט — אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מלחמה — נייגעגרינדעטע אַרבעטער-קינדערהיימען, קינדער-שולן, פּעדאַגאָגישע קורסן און איז געשטאַנען זייער נאָענט צו דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע ציש"אָ און אַ צייט לאַנג מיטגעאַרבעט אין אירע אנשטאַלטן.

אירע עלטערן, אָבער, האָבן אין די ביידע „מלאָכות" נישט געזעען קיין גרויס „תכלית" און לויט דער עצה פון זייער רבי'ן, האָבן זיי באַשלאָסן זי חתונה צו מאַכן פאַר אַ ליטישן חסידישן יונגנמאַנטשיק, טאַקע פאַר דעם, אין וועלכן דער רבי גופא האָט געזעען דעם אמת'ן זיווג.

נישט קענענדיק אויסשטיין דעם דרוק און דעם צער פון די עלטערן, וועלכע זי האָט, אַגבֿ, זייער ליב געהאַט און זייער פאַרערט, האָט זי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן איר היים און איז געפאָרן קיין לאָדזש. דאָרט האָט זי באַלד באַקומען אַ צוטריט צו די יידישע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן, איז געוואָרן אַן אָפּטע אויסגייערין ביי יצחק קאַצענעלסאָן, טאַבענקין, מרים אוליצקאָווער און אַנדערע יידישע שריפטשטעלער, דיכטער און לערער, וואָס האָבן זי זייער מקרבֿ געווען. זי האָט אָנגעהויבן פלייסיק אַרבעטן איבער זיך, זיך פאַרפולקאַמט אין דער העברעאישער שפּראַך און אין אַ גאַנץ קורצע צייט האָט זי זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס ערשט-

קלאַסיקע לערערן און קינדער-דערציערן.

ווען דער באַקאַנטער יידישער געלערנטער און היסטאָריקער, פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן האָט אָנגענומען דעם אַמט אַלס דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו, האָט ער באַלד אַנגאַזשירט שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ אַלס לערערן און אַלס קארפּעטיטארן צו זיינע אייגענע קינדער.

איניקע יאָר האָט זי געאַרבעט אין טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע מיט גרויס דערפאָלג און איז געווען זייער באַליבט ביי די קינדער, אַזוי אויך ביי די עלטערן ווי ביים דירעקטאָר און גאַנצן לערערפּערסאָנאַל, וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען פון ערשטקלאַסיקע פּעדאַגאָגישע קרעפטן, פון וועלכע אַ טייל געפינט זיך היינט-צו-טאָג אויך אן ארץ-ישראל, ווי יצחק שווייגער, ד״ר שוואַרצבארד, פּערעלקא און אַנדערע.

איר נאָמען אַלס לערערן איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין פּוילן און זי האָט אָנגעהויבן באַקומען אָנגעבאָטן פון פאַרשיידענע שטעט אויף זייער גוטע באַדינגונגען.

אַלס הייסע ציוניסטן פון איר פריסטער יוגנט האָט זי אָבער באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ-ישראל, כדי דאָרט פארצוזעצן איר לעבן און איר אַרבעט אויף דעם גביט פון פּעדאַגאָגיע און קינדער-דערציאונג.

אין 1924 פאָרט זי קיין ארץ-ישראל און געפינט באַלד איר פּלאַץ אין דעם גרעסטן קיבוץ פון לאַנד, אין עין-חרוד. זי ווערט אויפגענומען אין עין-חרוד מיט אָפענע אָרעמס און ווערט איינע פון די מיטבויער און מיטגרינדער פון די קינדער-דערציאונג-אנשטאַלטן און שולן אין עין-חרוד, וואָס דינען שפּעטער אַלס מוסטער פאַר אַלע אַרבעטער-זידלונגען, קיבוצים און קבוצות אין גאַנצן לאַנד.

אַרבעטנדיק אין עין-חרוד איניקע יאָר מיט גרויס דערפאָלג, ווערט זי דעלעגירט קיין מערבֿ-איוראָפּע, כדי זיך צו באַקענען מיט די נייעסטע מעטאָדן און דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון פּעדאַגאָגיק און קינדער-דערציאונג, וואו זי פאַרווײלט איניקע חדשים און זאַמלט נייע מאַטעריאַלן און פרישן שטאָף פאַר איר ווייטערדיקער טעטיקייט אין ארץ-ישראל.

צוריקקומענדיק פון אויסלאַנד, באַטייליקט זיך שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ רעגלמעסיק אין די פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן אין לאַנד און טרעט אַריין אַלס מיטגליד פון פּעדאַגאָגישן ראַט פון די פאַראייניקטע קיבוצים אין לאַנד.

היינט-צו-טאָג פאַרנעמט זי דעם פּאָסטן אַלס אינסטרוקטאָרן פון אַלע שולן פון קיבוץ המאוחד און פאָרט אַרום איבערן גאַנצן לאַנד און האַלט פאָרטראגן און לעקציעס פאַר לערער און קינדער-גערטנערנס און רעכנט זיך אַלס איינע פון די אָנגעזעענסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן אין ארץ-ישראל.

*

כדי צוצוגעבן, אַז אירע עלטערן, ר׳ בעריש טשענסטאָכאָווסקי מיט זיין פרוי, ביי וועמען די קאַריערע פון זייער טאָכטער אין פּוילן האָט ניט שטאַרק נושא חן געווען, געפינען זיך היינט-צו-טאָג אויך אין עין-חרוד. ר׳ בעריש איז ווייטער אַ בעל-תפילה און בעל-קורא און לעבט זיך בשלום ובשלוה אין דער קבֿוצה צוזאַמען מיט אַ גרויסע עדה יידן, קיין עין-הרע, פרומע און חסידישע מענטשן, אַלץ עלטערן פון די חבֿרים פון קיבוץ, וואָס לעבן זיך אין עין-חרוד זייער אייגנאַרטיק, זעלבשטענדיק לעבן, פריי און אומגעשטערט, און ערשט ניט לאַנג איז ער, ר׳ בעריש טשענסטאָכאָווסקי, דעלעגירט געוואָרן פון זיינע חברים אין עין-חרוד צו פאָרן קיין ירושלים לאָזן שרייבן אַ נייע ספר-תורה פאַר דעם בית-המדרש פאַר פרומע יידן, וואַס געפינען זיך אין עין-חרוד, דער גרעסטער יידיש-סאָציאַליסטישער אַרבעטער קיבוץ אין ארץ-ישראל.

## י

### יאָסעלאָוויטש יעקב (סאַלאַמאָן)



זון פון צבֿי הערש און פייגע. געבוירן אין קוזשניצע (פּוילן). געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. געאַרבעט אין דער גיסעריי „וואולקאַן״. זיין פאָטער, הערש, איז געווען אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט און געדינט אין מיליטער 25 יאָר, אָנהייבנדיק זיין דינסט צו 12 יאָר. ער ציט זיין יחוס פון דער פאַמיליע בערעק יאָסעלאָוויטש, דער העלד פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין 1863. געווען אַ שטרענג-רעליגיעזער ייד ביז צום סוף פון זיין לעבן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר, דעם 4-טן אָקטאָבער 1943, אין שיקאַגאָ.

### יאָסעלאָוויטש אסתר (סאַלאמאָן)



טאָכטער פון שמעון און פּערל מאַיאָרטשיק. געקומען קיין אַמעריקע 1921. זי איז געווען שטאַרק רעליגיעז. צדקה איז געווען ביי איר איינע פון די הויפּט-מצוות. זי האָט געבוירן און דערצויגן 10 קנדער. געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר, דעם 29-טן יאַנואַר 1943, אין שיקאַגאָ.

### יעלין לאַרי און סיימאָן

זון פון אהרן שלמה און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 27-טן אויגוסט 1886. געקומען קיין אַמעריקע דעם 20-טן אויגוסט 1902.

### יעללען ליפּמאַן

געשטאָרבן אין עלטער פון 74 יאָר אין קאַמיק, אין 1936.



### יעללען אסתר

(פון דערהיים — יאַקובאָוויטש)

געבוירן אין וויטקאָוויץ (ביי קלאמניץ, פּוילן). געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר אין קאַמיק, אין 1934.

## יעללען אסתר



טאָכטער פון אַבֿרהם און חוה פּאַנטאָ-פּעל. געבוירן אין קאַמיק דעם 24-טן מאַי 1907. זי איז געווען טעטיק אַרום דעם יידישן שול-וועזן אין קאַמיק. גע-קומען קיין אַמעריקע דעם 9-טן אַפּריל 1929.

## יעללען הערצי

זון פון ליפּמאַן און אסתר. געבוירן אין קאַמיק (ביי טשענסטאָכאָוו) נאָוועמ-בער 1898. ער האָט אין פּוילן געהערט צו דער ייד. סאָצ. פּאַרטיי „פּאַראייניקטע". איינער פון די גרינדער פון יידישן שול-וועזן אין קאַמיק. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר פּאַנטאָפּעל. געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן אַפּריל 1927.

## יעללען בעני



זון פון ליפּמאַן און אסתר יעללען. געבוירן אין קאַמיק אין 1892.

## יאַסקעוויטש פריידל

דעטראָיט

טאָכטער פון יוסף און פייגל לאַנדוי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין מאַי 1885. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. איינע פון די אַקטיווע מיטגלידער פון טשענ-סטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין און וויס-פּרעזידענט פון די לײדיס אוקזיליערי פון יידישן פאָלקס-פאַראיין אין דעטראָיט.

## יאַסקאָוויטש אתמר

זון פון אליעזר ליפּמאַן און מינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט גע-הערט צו פאַרשידענע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס. געשטאָרבן אין עלטער פון 78 יאָר.

## יאַסקאָוויטש משה

זון פון אתמר און רחל. געבוירן אין 1884 אין דזשיאַלאָשין. פאָרן קומען קיין אַמעריקע, אין 1913, געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו. געהערט איצט צום יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און רעכטע פּועלי-ציון.

משה יאַסקאָוויטש איז אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון „פאַרבאַנד". ער האָט גע-האָלפן אָרגאַניזירן דעם בראַנטש 15 און שטייט ביי דער אַרבעט פון ערשטן טאָג אָן, זינט דער בראַנטש איז געגרינדעט געוואָרן. ער איז איינער פון די אָרגאַני-זאַטאָרן אין ניו-יאָרק פאַר א.נ.אַ.פּ און פאַרשטייער פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו פון פאַרבאַנד און פון ניו-יאָרקער שטאָט-קאָמיטעט.

אין 1945 האָט דער בראַנטש 15 גע-פייערט משה יאַסקאָוויטש'ס 60-יאָריקן יובּילײ און אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל בוך לכבוד אים, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די חשובֿסטע טוער פון פאַרבאַנד.

## יאַסקער (יאַסקיעראָוויטש) סעמועל



געבוירן דעם 30-טן אויגוסט 1893 אין סאָסנאָוויץ. געקומען פון טשענסטאָ-כאָוו קיין אַמעריקע דעם 5-טן אוי-גוסט 1913. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן פראַטערנאַלן אָרדן אין ניו-יאָרק. זיין אוידים — דזשאָרדזש קויפמאַן האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

סעמועל יאַסקער איז געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 פון א. פּ. אָ. אין ניו-יאָרק.

## ישייוויץ הרב מאיר הנוך ז"ל



געבוירן אין שרענסק אין 1872. צו 18 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ שוועסטערן-טאָכטער פון טשענסטאָכאָווער רב — ר' נחום אַש ז"ל. 1902 ווערט ער מורה הוראה אין טשענסטאָכאָוו.

אין 1924 באַזעצט ער זיך מיט זיין פאַ-מיליע אין ארץ-ישראל, וואו ער ווערט נפטר אין 1940. ער האָט אַרויסגעגעבן פיל ספרים, ווי „מאור חדש", אויך אַ לוח אויף טויזנט יאָר. אין דער צייט פון ביילים-פּראָצעס האָט ער גענומען אַן אַנטייל אין די וויכוחים קעגן די בלוט-בילבול-העצערס. ער האָט אָפּגעדרוקט אין „פריינד", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין וואַרשע, אַן אָפענעם בריוו, וואו ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די שוואַר-צע כוחות, וואָס האָבן דעם פּראָצעס אָר-גאַניזירט.

הרבֿ ישייוויץ איז געווען באַקאַנט אַלס דער עילוי פון שרענסק. וואו ער האָט פיל אַנטייל גענומען אין חינוך. האָט גע-גרינדעט אַ ישיבה וואָס האָט עקזיסטירט צוויי יאָר און געמוזט זיך שליסן צוליב מאַנגל אין געלט-מיטלען.



ד"ר משה ישי (ישייוויץ)

ער האָט אין ארץ-ישראל (תל אביב) ווייטער געאַרבעט אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט; אָנגעשריבן אַ פירוש אויף

בראשית רבא; באַוויזן אַרויסצוגעבן דעם ערשטן באַנד אין כתב יד.

זיינע קינדער — זין און טעכטער — זיינען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. דער עלטסטער זון זיינער וואוינט אין ניו־יאָרק, ווי אויך אַ טאָכטער. אַ צווייטער זון — אין פּאַריז. דריי זין און אַ טאָכטער — אין ארץ־ישראל און צוויי טעכטער — אין ראַטן־פאַרבאַנד.

## כלאַפּאַק שרה רחל



טאָכטער פון יעקב דוד און ריווע לאה פישמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1871. געקומען קיין אַמעריקע 1920. וואוינט צוזאַמען מיט די קינדער.

## כלאַפּאַק דוד



זון פון לייב און שרה. געבוירן דעם 9־טן יולי 1882 אין טשענסטאָכאָוו. אין 1908 האָט ער חתונה געהאַט מיט מלכה פרידמאַן. געקומען קיין אַמעריקע 1913.

## כלאַפּאַק לייב

פאָטער פון דוד. זון פון דוד און ראַכמע (פון דערהיים — פּרענקעל). געשטאָרבן אין 1906 אין טשענסטאָכאָוו.

## כראַבאַלאָווסקי אלקנה

אונזער משפחה



יוסף יצחק כראַבאַלאָווסקי

## כ



אלקנה כראַבאַלאָווסקי



כראַבלאָוו לואי

דער זיידע האָט געהייסן צבי־הירש כראַבאַלאָווסקי. דער פאַמיליע־נאָמען שטאַמט פון אַ וואוין־אָרט, וואָס איז געווען דאָס דאָרף כראַבאַלאָווקי. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט פישעריי, און געהאַלטן אַ קרעטשמע. שפּעטער האָט ער געלעבט אין בעלסק, גראָדנער גובערניע. ער האָט געהאַט דריי זין און איין טאָכטער: דער עלטסטער — יוסף יצחק (אלקנה'ס פאָטער), אלקנה, שמולע און מלכה. דער געבילדעטער צווישן זיי איז געווען יוסף יצחק; די אַנדערע צוויי זין זיינען געווען קאַוואַלעס.

אלקנה'ס פאָטער, וועמען מען האָט גערופן פאַרקירצט — יאָסליטשע, האָט חתונה געהאַט מיט רבקה'ן (אלקנה'ס מוטער) פון זעמבראָווע. איר נאָמען פון דערהיים — אַקסעלראָד. אירע עלטערן זיינען געווען „ליכטציערס" (האָבן געמאַכט חלב'נע שבת־ליכט) און האָבן זיך באַזעצט אין אַ קליין שטעטל — יענדזשעווע, לאָמזשער גובערניע. דאָרט זיינען אַלע קינדער געבוירן געוואָרן, פאַרבראַכט די קינדער־יאָרן און ווי נאָר זיך געשטעלט אויף די פיס, ווי פייגל פון דער נעסט, זיך צעפלויגן איבער אַלע עקן וועלט.

חוץ זיין הויפּט־פּרנסה — מלמדות, זיינען אלקנה'ס עלטערן אויך געווען ליכטציערס און פּאַפּיראָסניקעס. דאָס פלעגט געמאַכט ווערן אין די פרימאָרגנס און שפּעט אין די נעכט, פאַרן און נאָכן חדר.

די משפחה איז באַשטאַנען פון פיר ברידער און דריי שוועסטער, חוץ צוויי, וואָס זיינען אַלס קינדער געשטאָרבן. איין שוועסטער, חוה, אַ דערוואַקסן מיידל, איז געבליבן אויפן בית־עולם אין ביאַליסטאָק. די לעבן געבליבענע זיינען, לויטן עלטער: יאַנקל, פעני (סלאַווע־פייגל), אַלקנה, עני (חוה), לואיס (ליימע), סעם (שמואלקע). אַלע, חוץ אַלקנה'ן, וואוינען אין שיקאַגאָ.

אַלקנה, זיין טאַטע און זיין זיידע

דער עלטסטער ברודער, יאַנקל, איז געווען אַ בית־המדרש בחור. אַלקנה'ן האָט דער טאַטע געהאַלטן לעבן זיך; ער האָט אים געהאָלפן קנעלן מיט די חדר־יינגלעך בייטאָג און ביינאַכט האָט אלקנה אין קאַמער געלערנט די מיידלעך פון יענדזשעווע שרייבן יידיש און רעכענען. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 10—9 יאָר. אויך די חדר־יינגלעך האָט ער געהאָלפן לערנען שרייבן יידיש און רוסיש. אלקנה האָט געקענט אויף אויסווייניק כמעט דעם גאַנצן תנ"ך און, להבדיל, די „רוסקאַיאַ ריעטש". פאַר די מיידלעך האָט ער דיקטירט אָדער פאַרגעשריבן בריוו פון בלאָשטיינ'ס בריוו־קאַלענדער.

חוץ מלמדות און אַנדערע מלאכות איז אַלקנה'ס פאָטער אויך געווען אַ בריוו־שרייבער. ער פלעגט פאַרפאַסן בריוו פאַר כלה־מיידלעך און חתן־בחורים און שרייבן בריוו פאַר די פרויען, וועמענס מענער זיינען געווען אין אַמעריקע. ווען אַלקנה'ס עלטסטער ברודער, יאַנקל, איז געוואָרן אַ חתן פון אָסטראָווע — האָט דער טאַטע פאַר אים פאַרפאַסט די ליבעס־בריוו צו זיין כלה.

ווען מ'האָט אָפּגענומען פון די יידן דאָס רעכט צו האַלטן קרעטשמעס, האָט זיך אויפן שטעטל אַראָפּגעלאָזט אַ גרויסע ירעמקייט, וואָס האָט געטריבן אַלקנה'ס פאָטער צו זוכן מלמדות אין אַנדערע שטעט. צו 12 יאָר איז אַלקנה אַוועק מיט זיין פאָטער קיין לאַפּעס, לעבן ביאַליסטאַק, וואו זיין פעטער שמולי האָט געהאַט אַ קוזשניע. צו שמולי'ן איז אויך אויך אויף אַ צייט געקומען דער זיידע. ער און אַלקנה — דער זיידע און איי־ניקל — זיינען צוזאַמען געשלאָפן אויפן בוידעם. דער זיידע איז שוין דעמאָלט געווען אין די 70־קער יאָרן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 106 יאָר. זיינע

אויגן האָבן זיך אָבער נישט פאַרטונקלט און זיין האַנט האָט נישט געציטערט; אַזוי ווי אין דער יוגנט, אַזוי אין די עלטסטע יאָרן, איז זיין כתב געווען געציקלט.

צו אַכצן יאָר איז אַלקנה שוין געווען אַ מורד און געקעמפט קעגן זיין טאַטנס אַלט-יידישקייט. און דאָך איז אלקנה פון דער גאַנצער משפחה געווען דעם זיידנס און טאַטנס יורש. ער איז מיט דערזעל־ביקער התלהבות געווען איבערגעגעבן זיין ניי-יידישקייט, ווי זיין טאַטע — זיין אַלטן גלויבן. פון אַלע זיינע שוועסטער און ברידער איז ער צום לענגסטן געבליבן מיטן טאַטן אין טשענסטאָכאָוו. צוויי וואָכן נאָך דעם ווי אלקנה, דער לעצטער פון דער משפחה, איז אַוועק קיין אַמעריקע — איז דער טאַטע געשטאָרבן.

פון יענדזשעווע קיין טשענסטאָכאָוו.

אלקנה איז געווען אַרום 15 יאָר אַלט, ווען זיין טאַטע האָט אים אַוועקגעפירט אויף דער באַן-סטאַציע סשיזשעווע און טראַנספּאָרטירט אַזש קיין סאָנספּאָוו. איז אַ וואַלד לעבן דער קראָקעווער גרענעץ, וואו זייערס אַ קרובֿ — יהודה לייב לאַנדוי — איז געווען אַ וואַלד-שרייבער. דאָס איז געווען אַלקנה'ס ערשטע רייזע אַליין אויף אַן אייזנבאַן. די נסיעה האָט געדויערט אַרום דריי טעג. ער איז געפאָרן אָן אַ באַן-בילעט. אַ פּאָר יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין דער פּרעכטיקער באַרגי־קער געגנט אַרום אָיצאוו, וואָס איז אַ צווייג פון די קאַרפּאַטן-בערג שפּעטער איז ער געווען אין אָלקוש, קרימאַלאָווע, זאַוויערטשע און קאַמינסק. אומעטום גע־לערנט מיט יידישע קינדער: עבֿרי, חומש מיט רש"י, שרייבן יידיש און אַנדערע שפּראַכן. דאָס האָט פּאַסירט קעגן זיין אייגענעם ווילן — אין האַרצן האָט ער דאָס פיינט געהאַט — ער האָט גע־וואָלט לערנען אין אַ האַנטווערקער-שול אין ביאַליסטאָק, נאָר זיין טאַטע האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַראָפּ פון גלייכן וועג... איין זומער איז ער געווען אין וואַרשע אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ גע־שעפט. די גאַנצע צייט האָט ער דאָרט געוואוינט אָן אַ פּאַספּאָרט, וואָס איז פאַר אים געווען אוממעגלעך צו באַקומען ביז נאָכן פּריזיוו.

שפּעטער איז אלקנה'ס פאָטער געקומען קיין זאַוויערטשע און דאָרט ווייטער גע־ווען אַ מלמד. קיין זאַוויערטשע איז זיך צוזאַמענגעקומען די גאַנצע משפחה. פון דאָרט האָבן זיי, זומער 1905, זיך איבער־געצויגן קיין טשענסטאָכאָוו. דאָרט איבער־געלאָזט אויפן בית-עלם טאַטע-מאַמע און אַלע קינדער האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

די שוועסטער פעני — דער מאַמעס פּאַרטרעטערן.

די ערשטע, וואָס האָט פון טשענסטאָכאָוו אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, אין 1908, איז געווען פעני. צו איר זיי־נען שפּעטער געפאָרן: עני, לואי, סעם; דערנאָך — אַלקנה. זינט די משפחה איז זיך צוזאַמענגעקומען קיין זאַוויערטשע האָט פעני פאַרטראָטן דעם אָרט פון דער שטענדיק קראַנקער מאַמען. אין אַמעריקע איז איר הויז אַ לאַנגע צייט געווען די פאַמילין-היים. חוץ די זאָרגן און פריידן פון פרידנס-צייט — האָט זי געהאַט אויסצושטיין צוויי מלחמות. אין דער ערשטער וועלט-מלחמה האָבן די צוויי ברידער — לואי און סעם — געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, און אלקנה — אין דער רוסישער; אין דער צוויי־טער וועלט-מלחמה זיינען עני'ס אַלע דריי זין געווען אין „אָנקל סעמס" אַרמיי און פעני האָט געהאַט גענוג זאָרג און גענוג אַרבעט צו באַקן „קוקיס" און שיקן „פּעקעדזשעס".



סעם בראָבלאָוו

אויף אַלקנה'ן און פעני'ן האָט דער טאַטע, ווייזט אויס, געלייגט אַ סך האָפע־נונגען... ער פלעגט זיי אויפוועקן באַ־גינען און מיט זיי לערנען...

פעני, איצט — פעני שוואַרץ, איז אויך געווען טעטיק אין דער הילף-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו. זי איז געווען אין דער ערשטער גרופּע אין שיקאַגאָ, נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, וואָס האָט גע־שטיצט די קינדערהיימען.

צוזאַמענקונפט פון דער משפחה אין אַמעריקע

אַלקנה איז געפאָרן קיין אַמעריקע צוויי מאָל — איין מאָל אין 1923 און איז צוריקגעפאָרן, אָפּזייענדיק אַ יאָר אין שיקאַגאָ; דאָס צווייטע מאָל — אין 1926, און שוין געבליבן אין ניו-יאָרק, אין גרויסן יידישן „קיבוץ גלות". דאָ געפינט זיך די גרויסע טשענסטאָכאָווער משפחה; די פריינד און חברים פון 1905, פון 1911 און ייגגערע פריינט און חברים פון נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה; פריינט און חבֿרים פון ביאַליסטאָק, פון וואַרשע, פון נאָוואָראַדאָמסק; דאָ גע־פינען זיך די חדר-חבֿרים פון יענדזשעווע, מיט וועלכע אַלקנה האָט זיך געשפּילט אין די זומער-אָוונטן אין פערדלעך; דאָ געפינט זיך אויך זיין „ווייטע" משפחה, זיין פעטער אַלקנה'ס און מומע מלכה'ס קינדער פון וויסאָקע, וועלכע ער האָט אינדערהיים אַפילו נישט געקענט.

זיין פעטער אלקנה, וואָס האָט צוליבן „פּריזיוו" אָנגענומען דעם פאַמיליען־נאָמען קאַפּלאַן, האָט געבראַכט אויף דער וועלט 14 קינדער, זין און טעכטער. פינף פון זיי געפינען זיך אין ניו-יאָרק; איי־נער — אין סאַוט-אַמעריקע. דער מומע מלכה'ס דריי טעכטער — עטל, פריידקע און חיה — זיינען אויך אין אַמעריקע; צוויי פון זיי — אין ניו-יאָרק און די דריטע — חוה — אין לאָס אַנדזשעלעס.

ווער ווייסט צי פון זיידן צבי-הירש'ס „פּאָקאָלעניע" איז עמיץ געבליבן לעבן ד אָ ר ט ן; אָבער ד אָ, אין ניו-יאָרק און אין שיקאַגאָ, וואַקסט, קיין עין-הרע, זיין משפחה, פאַרמערט זיך, און פראַוועט אָפּט חתונות, ברית'ן, בר-מצוה'ס; אויף די שמחות קומט זיך צוזאַמען די גאַנצע משפחה, מען זעצט זיך אויס אַרום די טישן מיט כל-טוב, מען טרינקט לחיים, די מוזיק שפּילט „סטאַר ספּענגעלד באַ־נער" און די „התקוה"; מען שפּילט „באַרבאַרעטאָ" און אַנדערע דזשעזן פאַרן יינגן דור, דערנאָך קומט דאָס מצוה־טענצל, דער שער און די האָפּקע; דע־מאָלט הויבן זיך אויף די יידן — מע־נער און פרויען — פון וויסאָקע, ביאַ־ליסטאָק, זעמבראָווע, זאַראָמב פון אַרום די טישן, מאַכן אַ קאַראַהאָד, פאַרלייגן הענט אויף אַקסלען, הייבן אַ פוס, פּאַטשן מיט די הענט, פאַרגעסן דעם געבראָכענעם ענגליש און ווערן צוריק יידן, ווי זייערע טאַטעס, מאַמעס, זיידעס און באָבעס זיי־נען געווען. אין קאַראַהאָד ווערן אַריינ־געצויגן די קינדער, די אייניקלעך, די אור-אייניקלעך און אַלע אינאיינעם האָפּ־קען אַ פריילעכס.

נישקשה, צבֿי-הירש'ס אוראייניקלעך וועלן אין אַמעריקע טאַקע קיין יידיש נישט קענען אָבער אַ יידישן קאַראַהאָד, אַ מצוה-טענצל, אַ פריילעכס וועלן זיי נאָך לאַנג, לאַנג טאַנצן.

# ט

## טעמפּעלהאָף־כראַבאַלאָווסקאַ העלען



מאַקס טעמפּעלהאָף



העניעק טעמפּעלהאָף

די פאַמיליע טעמפּעלהאָף שטאַמט פון אָזערקאָוו, דערנאָך זיך באַזעצט אין לאָדזש. זי איז געווען ברייט פאַרצווייגט און איז באַשטאַנען פון לערך 200 פּערזאָן. אין לאָדזש האָבן זיי געוואוינט אויף פּיעטערקאָווער גאַס נומער 24. העלען'ס טאַטע, שמחה טעמפּעלהאָף ע"ה האָט אין לאָדזש געפירט אַ ווערקשטאַט פון מענער־קליידער, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן



די עלטערן און געשוויסטער פון העלען טעמפּעלהאָף

קיין רוסלאַנד. קיין טשענסטאָכאָוו האָבן זיי זיך איבערגעצויגן אין 1913. געווען זיינען זיי פיר ברידער און דריי שוועסטער. זיי האָבן מיט דער צייט ליב געקראָגן טשענסטאָכאָוו מער ווי לאָדזש. העלען'ס נאָענטע פריינט זיינען געווען: העלמשע פעליק, געוואוינט אין בעלגיע, איצט אין לאָנדאָן, אַנדזשע און גוטשע ווין, ראָמעק שוואַרצבוים און שמולעוויטש. אין 1923 האָט זי חתונה געהאַט מיט אלקנה כראַבאַלאָווסקי'ן. אין 1929 איז זי, מיט איר טאָכטער, כאַוועלע, דעמאָלט פיר יאָר אַלט, געקומען קיין אַמעריקע.

אין 1932 איז איר פאָטער, אין עלטער פון 83 יאָר, געשטאָרבן. אירע צוויי ברידער — מאַקס און העניעק — האָבן אויסגעוואַנדערט קיין בעלגיע. איר יונגסטער ברודער, פּינקוס, האָט אַנטייל גענומען אין מאַרש פון די חלוצים, וואָס האָבן געוואָלט דורך רומעניע אַריינקומען קיין ארץ־ישראל. בעת'ן אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער מיט זיין פרוי געבליבן אין באַראַנאָוויטש, דאָרט געוואָרן אַ טראַקטאָריסט. ביז איצט פון אים גאָרנישט געהערט.

דער ברודער העניעק איז בעת דער נאַצישער אינוואַזיע אויף בעלגיע אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך, שפּעטער זיך צוריקגעקערט קיין ליעזש, בעלגיע, איז דורך די נאַציס פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און איז דאָרטן אומגעקומען, איבערלאָזנדיק אַ פרוי, כאַווטשע (פון דערהיים — בראָדער) פון טשענסטאָכאָוו און אַ טאָכטער. דער ברודער מאַקס איז אַרויסגעשפּרונגען פון צוג, וואָס האָט אים געפירט צום טויט, און איז געבליבן לעבן. דער עלטסטער ברודער, משה, האָט חתונה געהאַט מיט דאָראַ לעדערמאַן, אַ שוועסטער פון משה לעדערמאַן, און האָט געהאַט פיר דערוואַקסענע קינדער. קיינער פון זיי איז נישט געבליבן ביים לעבן. איר שוועסטער איטע האָט געוואוינט מיט איר מאַן זעליג ראַפּוף אין לאָדזש. בשעת דער דייטשישער אינוואַזיע זיינען זיי אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו. פון אירע קינדער, פיר זין און איין טאָכטער, האָבן זיך צוויי זין — דודעק און איציק און די טאָכטער סאָניע — געראַטעוועט און געפינען זיך איצט אין בערגען־בעלזען. איר יונגסטע שוועסטער, כאַווע, איז געבליבן מיט דער מאַמען אין טשענסטאָכאָוו און זיינען ביידע אומגעקומען.

אויך פון דער גרויסער פאַמיליע טעמפּעלהאָף אין לאָדזש איז כמעט קיינער נישט געבליבן.

זאָל זייער הייליקער אָנדענק בלייבן פאַר אַלע יידישע דורות און זייער פריצייטיקער אומשולדיקער טויט זאָל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

# ל

## לעווענשטיין טשאַרלי (זכריה)



איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער ס.ס.'ישער פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו. אָנגעפירט דעם פרייהייטס־קאַמף קעגן דער אַלטער צאַרישער אָרדענונג פאַר אַ שענער און בעסער לעבן פאַר די אידישע מאַסן. ער איז געווען און געבליבן באַליבט ביי אַלע זיינע פריינט און חברים.

קיין אַמעריקע איז ער געקומען באַלד נאָך 1905. האָט דאָ פאָרגעזעצט די אַרבעט און דעם קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין דער אַלטער היים. געווען דער סעקרעטאַר פון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס, אויך דער רעקאָרדינג־סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער רעליף און ליידיס אַקזילערי.

געשטאָרבן אין עלטער פון 50 יאָר, דעם 5־טן יאַנואַר 1940.

## לעווענשטיין חנא



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1902. אַלט זייענדיק 2 יאָר איז אים געשטאָרבן די מוטער. דער פאָטער, אַ ייד אַ משכיל,

איז געווען קאָרעספּאָנדענט פון די וואַרשעווער צייטונגען „היינט", „מאָמענט" און אַנדערע.

צו 14 יאָר ענדיקט לעווענשטיין די האַנטווערקער-שול אין טשענסטאָכאָוו. אין יענער צייט האָט אין טשענסטאָכאָוו גאַסטראָלירט אַ יידישע פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער-טרופּע. אַדאַנק דעם, וואָס זיין פאָטער, אַלס צייטונג-קאָרעספּאָנדענט, האָט געהאַט אַ פרייען איינטריט אין טעאַטער, האָט לעווענשטיין געקאָנט כמעט יעדן טאָג ביישוואוינען די פאָרשטעלונגען. דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אים און ער האָט אָנגעהויבן צו טרוימען וועגן שפּילן יידיש טעאַטער. אָבער ערשט אין 1920 פאַרווירקלעכט זיך זיין חלום. זייענדיק אַ זעלנער אַין דער פּוילישער אַרמיי איז ער אין די מלחמה-יאָרן 1920/21 אַריינגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט. דאָ האָט ער זיך באַמיט אָנצוקומען אין דער דראַמאַטישער סטודיע, וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין לענינגראַד, אונטער דער אָנפירונג פון אַלעקסאַנדער קוגל (האַמאָנאָוואוס). זיין ערשטער אַרויסטריט איז געווען אין דער ראָל פון „האָליפּארנעס" אין דער פּיעסע „יהודית" פון העבעל.

אין 1922 איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן, וואו ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אין פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס. ער טרעט אויף אין אַ ריי ראָלן, ווי: יאַנקל טשאַפּשאָוויטש אין „גאָט פון נקמה"; מישקא ציגאַניאַק אין „די 7 געהאַנגענע"; זשאַן וואַלזשאַן אין „גבור אין קייטן". אין 1930 ווערט ער אַנגאַזשירט אין דער ווילנער טרופּע און שפּילט אַלס יאַנקל בולע אין „דאָרפס-יונג" און די ראָל פון גולם אין „גולם".

אין 1939 געלינגט אים צו אַנטלויפן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, קומט קיין טאַרנאָפּאָל, און דאָ ווערט ער אַנגאַזשירט אינם יידישן מלוכה-טעאַטער. ער טרעט אויף אין די ראָלן פון טביה אין „טביה דער מילכיקער" און אין דער ראָל פון פּריץ אין „אויפשטאַנד" פון ד"ר ציפּער. ער ווערט אויך דאָ אויסגעצייכנט פאַר אויספירן פאַרשיידענע ראָלן.

מיטן אויסברוך פון דער רוסיש-דייטשער מלחמה אין 1941 אַנטלויפט ער אין ווייטן רוסלאַנד. היות ער באַזיצט די רוסישע שפּראַך, ווערט ער אַנגאַזשירט אין איינעם פון די בעסטע רוסישע טעאַטערס, שפּילט הויפּט-ראָלן אין פיל סאָוועטישע פּיעסן, און באַקומט די סטאַלינישע אויסצייכענונג.

יי"ר שפּילט אויך אין אַ ריי סאָוועטישע פילמען, צווישן זיי: „באַקענגעניש אין דער פינצטער", „נקמה נעמער" און „ריגער געטאָ".

אין 1946 איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן. היינט-צו-טאָג שפּילט ער אין נידערשלעזיען אין יידישן טעאַטער.

---

## לעווענשטיין יחיאל



געבוירן דעם 8-טן יולי 1900 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון משה לייב און דבורה דאַנציגער-לעווענשטיין. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר, אויך אין אַ פּוילישער עלעמענטאַר-שול. צו 15 יאָר אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער צוזאַמען מיט דעם באַרימטן כאַראַקטער-שוישפּילער שלמה הערשקאָוויטש, מיט זשעלאַזאָ א"אַ. 1919/20 האָט ער געשפּילט אין דייטשלאַנד. געקומען קיין אַמעריקע 1920. אין 1923 זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער טעאַטער-געזעלשאַפט א"נ „אונדזער טעאַטער", אונטער דער אָנפירונג פון מ. עלקין, פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי און דעם באַוואוסטן דייטש-יידישן שוישפּילער עגאָן ברעכער. אין 1928 זיך אָנגעשלאָסן אין „אַרטעף", דערנאָך אויפגעטראָטן אויף קאָנצערטן אין פאַרשיידענע כאַראַקטעריזאַציעס. אין 1944 אָנגעהויבן שפּילן מיט דעם יידישן טעאַטער-אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון באַרימטן רעזשיסער בנימין צמח.

---

## לעוויט יעקב

ארץ-ישראל



געבוירן 1888. אין טשענסטאָכאָוו איז ער געווען אַ באַוואוסטער פאַבריקאַנט פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע, איינער פון די ערשטע פאַבריקאַנטן אויף דעם געביט אין פּוילן.

ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער יידישער קהילה, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער פאַבריקאַנטן- און סוחרים-באַנק, מיטגרינדער פון דער יידישער גימנאַזיע, וואָס האָט אַלס צייכן פון אָנערקענונג אָנגערופן אַ זאַל אויף זיין און זיין פרוי'ס נאָמען. ער האָט אָנטייל גענומען כמעט אין יעדער געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג און הילף-אַקציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו.

קיין ארץ-ישראל איז ער געקומען אין דעצעמבער 1939. צוזאַמען מיט זיין זון האָט ער דאָ, אין רמת-גן, געגרינדעט אַ פאַבריק פון וואָל-שפּינעריי און וועבעריי מיט אַן אָפּטיילונג פון צווירן-ריי.

ער איז אויך דאָ געבליבן דערזעלבער געזעלשאַפטלעכער טוער און נדבן, ווי ער איז געווען אין טשענסטאָכאָוו און דאָרט פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן.

---

## לעווקאָוויטש בערנאַרד

זון פון יאַקוב און דאָרע. געבוירן דעם 22-טן סעפּטעמבער 1921 אין באָסטאָן, מאַסס. ער איז געשטאָרבן דעם 18-טן נאָוועמבער 1944.

---

## לעפקאָוויטש סעם (שמואל)

זון פון פּנחס און נאכע. געבוירן 1875. די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 9 קינדער — 5 זין און 4 טעכטער. ער איז געווען דער עלטסטער פון די זין. האָט זיך געלערנט שניידעריי. אַהיים קומענדיק פון מיליטער האָט ער חתונה געהאַט מיט פּערל ליבגאָט. דערנאָך אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז; דאָרטן געווען 4 יאָר און אין 1907 געקומען קיין אַמעריקע.

ווען די קלאוקמאַכער יוניאָן האָט זיך געגרינדעט, איז ער געווען איינער פון אירע ערשטע מיטגלידער. דאָס זעלבע אויך — פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג; ער האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן פאַרשיידענע אַמטן. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין און רעליף קאָמיטעט און געטאָן גוטע אַרבעט.

זיינע 3 זין און 2 איידעמס האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ליטמאַן מאיר יונה ע"ה



געבוירן אין מאָסקווע אין 1860 און איז פון זיין פאָטער, ר' זאַוועל (אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן אַלס קינד אין נאָוואָראַדאָמסק און האָט געדינט צאַר ניקאָלאַי גאַנצע 25 יאָר), געבראַכט געוואָרן אַהיים קיין נאָוואָראַדאָמסק אַלס יונגער בחור. אין 1880 האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ניסן זעליק קאַלקע — ביילע — פון נאָוואָראַדאָמסק מיט וועמען ער האָט געלעבט צוזאַמען 50 יאָר און וועלכע האָט אים געבוירן 4 טעכטער און 4 זין. אין 1900 האָט ער זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער האָט געוואוינט ביז ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין 1920, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה.

שוין אין די יונגע יאָרן איז ר' מאיר יונה ליטמאַן מיטגעריסן געוואָרן מיט דער חסידישער באַוועגונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע מאַסן אין מזרח-אייראָפּע. ער איז געוואָרן אַ באַגייסטערטער חסיד און אָנהענגער פון חסידישע רביים. אין טשענסטאָכאָוו איז ער פאַר אַ לענגערער צייט געווען שמש ביים רבי'ן ר' אַבֿיגדור שאַפּיראָ, וועלכער איז אונדזערע לאַנדסלייט געווען גוט באַקאַנט.



ר' אַבֿיגדור שאַפּיראָ זצ"ל

זייענדיק אין „רבינ"ס הויף", וואו די אָרימע יידישע מאַסן פלעגן קומען אויסדערציילן זייערע צרות און „אויסגיסן זייערע ביטערע הערצער", איז מאיר יונה געוואָרן אַ גרויסער ליבהאָבער פון דעם אָרעמען מענטשן, פון די לײדנדיקע יידן, וועלכע האָבן געזוכט הילף אין נויט און אַ טרייסט אין אַן עת-צרה.

ווען ער איז אין 1920 אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע מיט זיין פאַמיליע, האָט ער ניט פאַרגעסן אָן די אָרעמע מאַסן, וועלכע זיינען געבליבן אין דער אַלטער היים טשענסטאָכאָוו. אויף קיין איין מינוט האָט ער ניט איבערגעריסן דעם פאָדים מיט די, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין הילף. ער איז כסדר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן טשענסטאָכאָווער רבֿ ר' נחום אַש זצ"ל, מיטן יידישן שפּיטאָל, „לינת הצדק", „בית לחם" און מיט דער תלמוד תורה „מחזיקי הדת". ניט נאָר האָט ער געזאַמלט געלט פאַר די אַלע אינסטיטוציעס ביי זיינע קינדער, באַקאַנטע לאַנדסלייט און פריינט, נאָר אפילו פרעמדע יידן, ליטווישע, רוסישע און גאַליציאַנער, האָט ער פאַראינטערעסירט פאַר די נויטליידנדיקע אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

וועגן מאיר יונה ליטמאַן קען מען באמת זאָגן, אַז „ער איז אַליין געווען אַ רעליף קאָמיטעט". אַלע יאָרן פלעגט ער אַראַנזשירן אַ קאָנצערט אין אַ שוהל און די איינגאַמע אַוועקשיקן קיין טשענסטאָכאָוו פאַר די אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען אים געווען ליב און טייער. ווען דער חזן פון שוהל (אַ פאַרברענטער ליטוואַק), וועלכער פלעגט געבן אַ קאָנצערט אומזיסט, האָט געהאַט אַ טענה, אַז ער איז ניט קיין טשענסטאָכאָווער און ער ווייסט אַפילו ניט וואו די שטאָט געפינט זיך, „טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך רייסן דעם גאָרגל אומזיסט", האָט אים ר' מאיר יונה מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל געבעטן: „די אָרימע קינדערלעך אין טשענסטאָכאָוו דאַרפן דאָך עסן, און שיכעלעך..." דער חזן איז באַלד ווייכער געוואָרן און געענטפערט: „אויב איר זענט דער „אַמבאַסאַדאָר" פון די אָרעמע יידישע קינדערלעך אין אייער פּוילישער שטאָט טשענסטאָכאָוו, קען איך ניט אָפּזאָגן און וועל טאַקע זינגען מיטן גאַנצן האַרצן און אָן אַ גראָשן געלט..."

אָט אַזוי האָט אונדזער חשוב'ער לאַנדסמאַן מאיר יונה ליטמאַן אומדערמידלעך געאַרבעט פאַר אונדזער היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו. ביז זיין לעצטן אָטעם-צוג האָט ער אין זינען געהאַט די לײדנדיקע, אומגליקלעכע יידן אין פּוילן און געטאָן אַלץ וואָס איז פאַר אים געווען מעגלעך זיי צו העלפן. אין זיין הויז האָט מען אַלע מאָל גערעדט ווי אַזוי צו העלפן די לײדנדיקע אין טשענסטאָכאָוו. ער אַליין האָט צוזאַמענגענומען קליידער און שיך, געמאַכט פּעקלעך און עס אָפּגעשיקט קיין פּוילן. אַלעמאָל האָט מען געטראָפן זיינע צימערן אָנגעפילט מיט פּעקלעך זאַכן, אויף וועלכע ער פלעגט מיט שטאָלץ זאָגן: „זיי וועלן די מענטשן אין דערהיים דערהאַלטן ביים לעבן..." דאָס אַלץ האָט ער געטאָן שאַ-שטיל, אָן טומל און אָן צו בעטן כבוד דערפאַר.

אויך אין אַמעריקע, אין דער שול וואו ער איז געווען שמש, איז ער געווען באַליבט און געאַכטעט ביי אַלע. ווען ער איז אַלט געוואָרן 80 יאָר, האָט אים די שוהל געגעבן אַ באַנקעט לכבוד זיין 80-יאָריקן געבורטסטאָג. דער באַנקעט איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג און האָט אַריינגעבראַכט אַריבער 200 דאָלאַר אין קעש. די שול האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן דאָס געלט אַ מתנה צו ר' מאיר יונה'ן. אָבער ער האָט די מתנה ניט געוואָלט צונעמען. „גיט ער בעסער פאַר דער תלמוד תורה, פאַר די אָרעמע קינדערלעך ת"" — האָט ער געענטפערט. און אַזוי איז טאַקע געווען.

וועגן אונדזער לאַנדסמאַן ר' מאיר יונה ליטמאַן האָט דער אָרטאָדאָקסישער „מאָרגען זשורנאַל" אין ניו-יאָרק, אייניקע טעג נאָך דער לויה געשריבן דאָס פאָלגנדיקע:

„דינסטאַג, דעם 17-טן נאָוועמבער 1942 איז געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר אייגער פון די שענסטע טיפּן פון אַלטן דור, ר' מאיר יונה ליטמאַן ע"ה.

„באַלד נאָכדעם ווי ער איז געקומען מיט 22 יאָר צוריק פון טשענסטאָכאָוו, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דער שול פון דער „יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן", פולטאָן עוועניו און 171-טע סט., בראָנקס, וואו ער איז געווען שמש ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

„ר' מאיר יונה ליטמאַן איז געווען באַליבט און פּאָפּולער אין גאַנצן קראָטאָנאַ פּאַרק געגנט פון בראָנקס. ער האָט זיך באַליבט געמאַכט מיט זיין גוטהאַרציקייט און צדקה. יעדן פרימאָרגן נאָכן דאַוונען, פלעגט שטיין אַ לאַין פון צענדליקער מענטשן, וועלכע פלעגן זיך ווענדן צו אים נאָך הילף און קיינער איז ניט אַוועק מיט ליידיקע הענט. צענדליקער רבנישע פאַמיליעס אין אַמעריקע און אין פּוילן זיינען געשטיצט געוואָרן פון אים רעגלמעסיק מיט געלט און מיט פּעקלעך.

**„ער איז אויך געווען דער גרינדער פון אַ גמילות חסד קאַסע און צענדליקער ביזנעסלייט און אַרבעטער זיינען געהאָלפן געוואָרן פון אים.**

**„די לויה איז פאָרגעקומען מיטוואָך ביטאָג און די גרויסע שול איז געווען איבערפילט מיט הונדערטער מענער און פרויען.**

**„הספדים זיינען געהאַלטן געוואָרן פון הרבֿ זלמן רייכמאַן, הרבֿ א. י. ש:כאַטאָ-**

וויץ און פון אַ יוגנט-פריינד פון פאַר-שטאָרבענעם, רבי וויינטרויב.

„אַלע רבנים האָבן גערעדט וועגן דער זעלטענער פּערזענלעכקייט פון דעם חשובן נפטר און וועגן זיין אויסערגעוויינלעכער צדקות און ערלעכקייט."

## ליטמאַן ביילע



געבוירן אין 1861; געשטאָרבן 1931.

## ליטמאַן דוד

זון פון מאיר יונה און ביילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן יוני 1894. געקומען קיין אַמעריקע אין יולי 1913. ער איז אַ מיטגליד אין דער נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי. זיין זון ראַלף האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## לינטש שמואל





אשר לענטשיצקי
דער פאָטער פון שמואל לינטש

זון פון אשר און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן אויגוסט 1892.

פאָרן קומען קיין אַמעריקע געוואוינט אין טאַשקענט, אַסטראַכאַן, פּערסיע און בוכארא. געקומען קיין אַמעריקע 1906.

## לענטשיצקי רחל

טאָכטער פון לייבוש און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1907; דאָרט געשטאָרבן.

## לעש סעם

שיקאַגאָ

געבוירן דעם 1-טן מערץ 1873 אין פּיעטרקאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913.



די עלטערן פון די לעווי'ס



## לעווי יעקב (דזשייקאָב)

זון פון מרדכי און אסתר צעשניעוו-סקי. געבוירן אין פּרזשעדבאָרזש (פּוילן) דעם 15-טן אַפּריל 1886 און אַלס קינד צוזאַמען מיט זיינע עלטערן געקומען קיין טשענסטאָכאָוו. דאָ האָט ער געלערנט אין דער האַנטווערקער-שול בײַ דער תלמוד תורה דאָס טישלער-פאַך. צוזאַמען מיט אים האָבן זיך דעמאָלט געלערנט חנא קאַלעכאַריע, שמואל נאַרדען, אַברהם אַפּטער, חיים ווין און יענקל ווייסבאָרד. דער ערשטער דירעקטאָר פון דער שול איז געווען מנחם יוסף שרייבער; ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט געעפנט אָוונט-קורסן פאַר דערוואַקסענע און אויך געהאַלטן פאַר זיי יעדן שבת נאָכמיטאָג פאַרשיידענע פאָרלעזונגען אין דער פאָרם פון לעקציעס, וואָס זיינען געווען אינ-טערעסאַנט און מיט גרויס אויפמערק-זאַמקייט אויסגעהערט געוואָרן דורך די שילער. דער ערשטער טישלער-מייסטער איז געווען אלעזר בימקא.

שפּעטער איז לעווי געווען טעטיק אין „בונד" ביז צום אָפּפאָרן קיין אַמע-ריקע אין 1906. דאָ איז ער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אָרגאַניזאַציע „פּראָגרעסיוו יאַנג מענס" און אין 1908 איז ער צוזאַמען מיט זיינע פריינט מאיר געלבער, מאַרין קיאַק, בנימין וואלהענדלער צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער צייט וואָס ער האָט דאָרט פאַרבראַכט איז ער געווען אַ מיטגליד פון האַנטווערקער-קלוב און אין דער ביבליאָטעק.

אין 1913 איז ער דאָס צווייטע מאָל געקומען קיין אַמעריקע. ער איז דע-מאָלט געוואָרן אַ מיטגליד אין טשענ-סטאָכאָווער אַרבעטער רינג בראַנטש 261 און אויך פון טש. הילף-פאַראיין. ער איז אויך אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַ-ציע „אַדלערס יאַנג מענס"; ער איז איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק און פון דעם בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן".

## לעווי יצחק (איזידאָר)



זון פון מרדכי און אסתר צעשניעוו-סקי. געבוירן אין פּרזשעדבאָרזש (פּוילן) דעם 15-טן יולי 1882. צו 13 יאָר איז ער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו לערנען זיך אַלס מאַלער בײַ זיינס אַ פעטער. אין די זומער-חדשים איז ער אייגנטלעך געווען דער מיט-העלפער אין דער פּרנסה פון פע-טער — דעם מייסטער. אין די ווינטער-חדשים, ווען קיין אַרבעט בײַ מאַלעריי איז נישט געווען, האָט ער געאַרבעט אין פאַר-שיידענע פאַבריקלעך, ווי בײַ גאָדל וויינ-בערג אין דער ספּינקע פאַבריק א"אַ. גע-געסן „טעג" בײַ די מייסטערס און סוף-כל-סוף געמוזט צוריקפאָרן צו די עלטערן קיין פּרזשעדבאָרזש. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז יצחק צוריקגעקומען קיין **טשענסטאָכאָוו, ווייל ער האָט געפילט, אַז ער האָט פעאיקייטן צו מאַלעריי און גע-שטעלט זיך צו דער אַרבייט בײַ דעם באַ-קאַנטן שילדן-מאַלער חיים יוסף צימ-**

בערנקאָפּף, וואָס איז וואַרשיינלעך געווען דער ערשטער שילדן-מאַלער אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט יצחק'ן צוגענומען אויף אַ יאָר צייט און אים געצאָלט 30 רובל פאַר אַ זמן. שפּעטער האָט ער אַראָפּגעבראַכט די עלטערן קיין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט און זיי האָבן איבערגענומען די אַרבעט אין דער תלמוד תורה.

יצחק לעיווי איז געוואָרן אַ פריינט פון יעקב סילווער און דער לעצטער האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַן אַריינגייער צו זיי אין שטוב. זיי האָבן זיך אפילו אָנגעהויבן קליידן גלייך. אין אַ יאָר צוויי אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן שפּילן טעאַטער, ווייל יעקב בער איז געווען אַ גרויסער ליייענער פון ביכער. זיי האָבן טאַקע באַשלאָסן איבערצואַרבעטן און אויפצופירן די מעשה „שמחה פלאַכטע". צוזאַמען מיט אַנדערע קאָלעגן, ווי: חיים לייב שוואַרץ, יוסף הירש גרייצער און כתריאל ראָטבאַרד (סטאַדאָלע) האָבן זיי טאַקע אויסגעפירט „שמחה פלאַכטע". יצחק האָט אויסגעמאָלט די דעקאָראַציעס און אַליין אויך געשפּילט די ראָל פון „שמחה פלאַכטע'ס" ווייב. אַ קאָמישע ראָלע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 18 יאָר און דאָס טראַגישסטע איז פאַר אים דעמאָלט געווען דאָס, וואָס ער האָט געמוזט ראַזירן די וואָנצעס און שפּעטער זיך געשעמט צו באַווייזן אויף דער גאַס אָן זיי. אויפגעפירט געוואָרן איז דאָס טעאַטער-שטיק ביי יענקל סיבירסקי אין ווינער זאַל. די פאָרשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. פון פריזיון איז ער באַפרייט געוואָרן און באַשלאָסן צו לאָזן זיך אַ ; דער וועלט אַריין.

ביי צימבערקנאָפּן האָט ער אָפּגעאַרבעט אַ יאָר און אַ האַלב ; דערנאָך געאַרבעט אַלס מאלער ביי אָקרענט'ן, גאַסטינסקי'ן. פאָרנדיק קיין אַמעריקע, האָט ער אין לאָנדאָן אויך געאַרבעט ביי גאסטינסקי'ס אַ ברודער. ער האָט אַראָפּגעבראַנגט זיין ברודער יענקל, און ער אַליין האָט געאַרבעט ביי „פּעינטינג".

חתונה געהאַט האָט ער אין 1907 אין ניו-יאָרק מיט חנה פישקאָוויטש. מיט 6 יאָר צוריק האָט ער אָנגעהויבן צו באַזוכן די „אַרט סטודענט ליג" אין ניו-יאָרק און ער מאָלט ביים היינטיקן טאָג פאַרשיידענע לאַנדשאַפטן פון דער נאַטור, ווי בלומען, פרוכטן. ער האָט שוין געמאָלן אייניקע אוילבילדער און מיט וואַסערפאַרבן. ער האָט נאָך זיינע יוגנט-פּעאַיקייטן ניט אויפגעגעבן.

יצחק לעיווי איז אַ מיטגליד אין טש. בר. 261 אַרבעטער רינג, ווילנער סאָסייעטי, יוניייטעד טשענסט. רילִיף קאָמיטעט און פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זיין זון בענדזשאַמין האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## לאַנדאו לייבל



באַקאַנט געווען אין טשענסטאָכאָוו אַלס מלמד, דאָזאָר און גבאי אין בית-המדרש. געשטאָרבן אין 1936, אין עלטער פון 75 יאָר, אין טשענסטאָכאָוו.

---

## לאַנדאו חנה גיטל

פרוי פון לייבל לאַנדאַו. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו ; דאָרט געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר, אין 1929.

---

## לאַכמאַן רייזל

(פון דערהיים — רייזל ריכטער)



ווען די צימערן פון דער „אַרבעטער-היים" אין טשענסטאָכאָוו זיינען פול געוואָרן מיט יוגנטלעכן, האָפערדיקן געזאַנג — האָט מען געוואוסט, אַז דאָס איז חברטע רוזשקעס שטימע. איר לעבן און אין דער פאַרטיי-אַרבעט איז זי אַבער געווען ערנסט, געטריי און איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן. זי האָט אַלע יאָרן אינדערהיים געאַרבעט און ווען זי איז געקומען קיין ארץ-ישראל מיט איר מאַן און צוויי קינדער — איז זי קראַנק געוואָרן און די לעצטע צוויי יאָר פון איר לעבן געלעגן אין שפּיטאָל אָדער אין איר היים. די לעצטע וואָכן פאַר איר טויט האָבן אירע חברים און פריינט — אַברהם גאָטליב, שמחה רייך, יודל דאַנציגער, יעקב גאָטליב (איר שוואָגער), גאָדל פּרייטאָג און אַנדערע געוואַכט ביי איר בעט. אין די לעצטע טעג פון איר לעבן פלעגט זי זאָגן : „„איך האָב זיך געפּלאָגט צו לעבן, און אַזוי פּלאָג איך זיך צו שטאַרבן".

זי איז געשטאָרבן אין 1942 אין עלטער פון 42 יאָר.

---

## לאַזאַראָוויטש לעאָפּאָלד ד"ר



זון פון דוד און צביה (פון דערהיים — גורסקי). געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1895. אין 1914 האָט ער געענדיקט די רוסיטע גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו, שפּעטער שטודירט מעדיצין אין וואַרשע. אין 1922 באַקומען אַ דיפּלאָם פון דאָקטאָר מעדיצין. אַלס סטודענט געווען אַ פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון „יידישן אַקאַדעמישן קרייז אין טשענסטאָכאָוו".

פון 1922 ביז 1939 פּראַקטיצירט אין וואַרשע זעלבסטשטענדיק אַלס ספּעציאַליסט פון אינערלעכע קראַנקהייטן ; אויך געאַרבעט אין יידישן שפּיטאָל אין וואַרשע. געווען מיטגליד פון דער הויפּט-פאַרוואַלטונג און וויים-פּרעזידענט פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון „טאָז" אין פּוילן. אַ געוויסע צייט האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דער יידישער מעדיצינישער געזעלשאַפט אין וואַרשע.

געקומען קיין אַמעריקע אין 1941. דורכגעגאַנגען די מעדיצינישע עקזאַמענס און געעפנט אַן אָפיס אין מאַנהעטן אַלס דאָקטאָר פון אינערלעכע קראַנקהייטן.

פאַרבינדן אַלס סטעף-מיטגליד אין די שפּיטאָלן : ניו-יאָרק פּאָסט-גראַדואייט סקול און האָספּיטאַל ; מעטראָפּאָליטאַן סיטי האָספּיטאַל.

דאָ אין ניו-יאָרק אויך טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט : 1) עקזעקוטיוו-מיטגליד פון דעם אַמעריקאַנער „אָזע" ; 2) דעלעגאַט צו דעם „אַמעריקען קאַונסיל אָוו וואָלונטערי אייזשענסיס פאָר פאָריין סערוויס ; 3) וועטעראַן-סערוויס — מיטגליד פון מעדיקאַל סטעף ; 4) מעדיקאַל אַדווייזער צו דעם רעליעף קאָמיטע פון

דער פּוילישער אַמבּאַסאַדע; 5) סעקרעטאַר פון דער אַמעריקען-פּאָליש מעדיקאַל אַלייענס.

---

## ליפּשיץ סיימאָן



זון פון משה מאיר און פּעסע. געבוירן אין פּראָשקע (פּוילן) דעם 14-טן יוני 1885. געקומען קיין אַמעריקע אין יוני 1902. פאַר דער צייט, וואָס ער איז אין אַמעריקע האָט ער באַזוכט 2 מאָל פּוילן און דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד. ער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער בּרענטש 11 פון יידישן פּראַטערנאַלן פּאָלקס אָרדן אין ניו-יאָרק.

---

## ליפּסקי מאַוריצי

זון פון וואָלף און סטעפּא. געבוירן אין פּיאָטרקאָוו. ער איז געוועזן איינער פון די גרעסטע האָלץ-סוחרים אין טשענסטאָכאָוו. געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר, אין 1936, אין טשענסטאָכאָוו.

---

## ליפּסקאַ פּעליציאַ



טאָכטער פון בּערנאַרד און חנה האַמבּורגער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זי איז געוועזן די פרוי פון מאוריצי ליפּסקי. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 72 יאָר, אין 1929.

---

## ליפּסקי לודוויק

זון פון מאוריצי און פּעליציאַ ליפּסקי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885.

## לעדערמאַן קאָפּל



געבוירן דעם 7-טן מאַי 1915 אין טשענסטאָכאָוו. זיין פאָטער, פישל לעדערמאַן, איז געוועזן אַ שוסטער-אַרבּעטער, אַזוי ווי זיין זיידע שמעון לעדערמאַן און דעם זיידנס בּרודער, משה. שוסטעריי איז אין יענע צייטן געוועזן אַ פּרנסה, וואָס איז איבּערגעגאַנגען פון דור צו דור. זיין מוטער, מאַניע (פון דערהיים — שוואַרצבּוים) איז געוועזן אַ פּשוטע, ערלעכע פרוי. אירע צוויי הויפּט-צילן אין לעבּן זיינען געוועזן: אויפצוהאָדעווען אירע קינדער צו אַ בּעסער לעבּן ווי זי האָט געהאַט (אַ ציל, וועלכן זי האָט נאָר טיילווייז דערגרייכט) און צו העלפן איר מאַן אין דער פּרנסה. פליייש האָט מען בּיי די לעדערמאַנס אין שטוב געזען נאָר צוויי מאָל אַ וואָך; פיש — נאָר צו באַשיינען דעם שבּת'דיקן טיש. איצט, זייענדיק שוין אין אַמעריקע, ווען קאָפּל טראַכט וועגן זיין פאַרשטאָרבּענער מוטער, וואַקסט זי אַרויס פאַר זיינע אויגן ווי אַ סימבּאָל פון די יידישע פרויען, וואָס, נישט געקוקט אויף דעם שווערן עול וואָס זיי האָבּן אויף זיך געטראָגן, האָבּן זיי שטענדיק געטרוימט וועגן אַ בּעסער לעבּן, אויבּ נישט פאַר זיך, איז, לכל הפּחות, פאַר זייערע קינדער. און אַרויסגעקוקט האָבּן זיי צו דעם ליכטיקן ווינקעלע, וואָס הייסט — אַמעריקע.

אַזוי ווי אַלע יידישע יינגלעך האָט קאָפּל צו 4 יאָר אָנגעהויבּן לערנען אין חדר. דאָרט געלערנט עברי, חומש-רש"י און גמרא. ניט איינמאָל האָט קאָפּעל'ס רבּי געגעבּן אים צו פאַרשטיין אַ פּרשה חומש דורך אַריינשמייסן אים אַ פּולן הינטן. קאָפּעל'ס זיידע, ר' מענדיל, האָט געהאָפט צו זען זיין אייניקל אַ דרדקי מלמד אָדער אפשר גאָר אַ שוחט.

אין 1921/22 האָבּן אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבּן בּלאָזן אַנדערע ווינטן. עס איז געבּוירן געוואָרן די יידישע וועלטלעכע פאָלק-שול אויף דער קרוטקע גאַס, וואָס איז געוועזן איינע פון די שענסטע קאַפּיטלעך פון יידישן לעבּן אין טשענסטאָכאָוו. מיט שטאָלץ דערמאָנט קאָפּל די יידישע שול וואו ער און אַנדערע יידישע קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן, אַלס בּאַוואוסטזיניקע יידן, וואָס האָבּן געוואוסט צו קעמפן פאַר זייערע רעכט און קיינמאָל זיך ניט געבּויגן אונטער דער פאַשיסטישער רוט.

דערמאָנענדיק די טשענסטאָכאָווער יידישע פאָלק-שול, פאַרגעסט ניט ק. ל. אָפּצוגעבּן כּבוד די אַלע, וואָס האָבּן געהאָלפן די שול אויפבּויען.

אָבּער מער ווי אַלעמען געדענקט ער די טוער און לערער וואָס האָבּן געאַרבּעט און געקעמפט פאַר דער פאָלק-שול אין טשענסטאָכאָוו גופא — חבר רפאל פעדערמאַן, חבר בּראַט, לערערן וואַגא (איצט מרס. ראָטמאַן), חבר ליבּוש בּערקאָוויטש, משה לעדערמאַן און נאָך פיל אַנדערע ליכטיקע געשטאַלטן פון טשענסטאָכאָוו וואָס האָבּן זייער צייט און געזונט אָפּגעגעבּן פאַר אונדזער שול.

נאָכן פאַרענדיקן די פאָלק-שול האָט ק. ל. אָנגעהויבּן אַרבּעטן אַלס לערן-יינגל בּיי אַ שניידער, כּדי צו לערנען דאָס פאַך. דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער טשענסטאָכאָווער בּאַקלייד-פאַראיין. דער ציל איז געווען — צו פאָדערן אַ 8-שעהדיקן אַרבּעט-טאָג און אַז דער בּעל-הבּית זאָל בּעסער בּאַהאַנדלען זיינע געזעלן און לערן-יינגלעך. דער קאַמף פאַר אַן 8-שעהדיקן אַרבּעט-טאָג איז געווען זייער אַ שווערער, אָבּער אַדאַנק די איינִיקייט אין די רייען פון די אַרבּעטער איז דער קאַמף געוואונען געוואָרן; אַזוי אַרום איז דאָס לעבּן פאַר דעם אָרעמען שניידער-געזעלן געוואָרן אַבּיסל לייכטער.

מיטן אויסבּרוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה אין 1939 האָט ק. ל. געהאַט דאָס גליק אַריבּערצוקומען קיין אַמעריקע. זיינע צוויי אָנקלס אין ניו-יאָרק איז נאָך שווערע מי און אַרבּעט געלונגען אים אַריבּערצובּרענגען, פאַר וואָס ער איז זיי בּיז היינטיקן טאָג דאַנקבּאַר.

ניט זייענדיק קיין מיטגליד פון אַ „יוניאָן", איז אים אין די ערשטע חדשים שווער געווען צו געפינען אַ „דזשאַבּ" און ער האָט זיך געמוזט בּאַנוגענען מיט 12—15 דאָלאַר אַ וואָך. נישט געקוקט אויף דעם האָט ער אָבער געאַרבּעט פלייסיק און ער איז געווען גליקלעך צו זיין אין אַמעריקע. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע מיט 20—30 יאָר צוריק און וואָס האָבּן געהאַט פיל ערגערע בּאַדינגונגען צו בּאַקעמפן.

ווען דער קריג איז אויסגעבּראָכן אין אייראָפּע, איז צו אים דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעה דאָס זיין פאָטער, פישל לעדערמאַן, איז געוועזן איינער פון די

ערשטע קרבנות פון דער נאַציִשער בעסטיע.

צוויי יאָר נאָך זיין אָנקומען קיין אַמעריקע איז פאָרגעקומען דער אָנפאַל אויף פּוירל האַרבאָר. לעדערמאַן איז אַריינגעטראַטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דריי חדשים שפּעטער איז ער אַריבערגעשיקט געוואָרן מעבר-לים. ער איז געווען אין אויסטראַליע, ניו-קאַלעדאָניע, אין די פידזשי אינדזלען און ער האָט זיך באַטייליקט אין די שווערע קאַמפן ביי גוואַדאַקאַנאַל אין 1942/43. זעקס חדשים אין גוואַדאַקאַנאַל זיינען געווען די ערגסטע וואָס ער האָט ווען עס איז דורכגעלעבט און ער דערמאָנט זיי שטענדיק מיט שטאָלץ. קאַפּל ל., אַ טשענסטאָכאָווער בחורל, האָט אָנטייל גענומען אין דעם שענסטן קאַפּיטל פון די קאַמפן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי — וואָס איז געווען דער ערשטער זיג פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

איצט איז ער צוריק אין אַמעריקע. זיין געזונט אונטערגעגראָבן פון דער טראָפּישער מאַלאַריע, אָבער דער גייסט פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, דער ווילן צו העלפן שאַפן אַ פרייע וועלט, אַ וועלט פאַר וועלכע מיר, די טשענסטאָכאָווער יוגנט, און די געפאַלענע העלדן פון גוואַדאַלקאַנאַל האָבן געקעמפט, איז נישט געבראָכן.

ק. ל. האָט דערלעבט די פולשטענדיקע מפּלה פון די געלע, ברוינע און שוואַרצע בעסטיעס; אָבער גלייכצייטיק אויך די אויסראָטונג און פאַרניכטונג פון אַלע יידישע ישובים אין פּוילן, דעם טויט פון אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער און חברים. דאָס לייגט אַרויף אויף אונדז, געראַטעוועטע פון אונטערגאַנג, אַ שווערן חובֿ צו אַרבעטן צוזאַמען. צו העלפן די פאַרבליבענע רעשטלעך ברוידער אויף יענער זייט און נישט אָפּהענטיק, נישט מיד ווערן ווייטער צו אַרבעטן און קעמפן פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק.

## לענטשנער ישראל און אסתר



געבוירן אין לעלעוו (פּוילן). זיי זיינען געשטאָרבן אין יאָר 1914.

די עלטערן פון ישעיהו (טשאַרלס) לענטשנער.

## לענטשער ישעיהו



ישעיהו און איטע לענטשנער אין דער יוגנט-צייט



ישעיהו און איטע לענטשנער אין די מיטל-יאָרן

זון פון ישראל און אסתר. געבוירן אין לעלעוו (פּוילן) דעם 18-טן נאָוועמבער 1881. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע דעם 13-טן אַפּריל 1906. ער איז אַ מיטגליד פון די דזשיאַלאָשינער ערשטע חבֿרה אַנשי בני אַחים, דאָרט טשערמאַן פון לאָאַן פאָנד, אויך פון וויליאַמס עוועניו שוהל. זייער טעטיק אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו-יאָרק.

## לענטשער איטע



טאָכטער פון פייוול און חנה הערשליקאָוויטש. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885. געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. חתונה געהאַט מיט ישעיהו לענטשער.

געהערט צו פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: ניו-לאָטס לײדיס עיד סאָסייעטי (געוו. פּרעזידענטין); ניו-לאָטס פּענסילווייניע תלמוד תורה (געוו. טראַסטי); עזרת יתומים אין בראָנזוויל (געוו. וויס-פּרעזידענטין); בית-אל האָספּיטאַל אָקזילערי (געוו. טשערליידי); דזשעפערסאָן מושבֿ זקנים (מיטגליד); איסט ניו-יאָרק „ווי" (מיטגליד); אַמעריקען דזשואיש וימען וואָלונטירס (מיטגליד); דזשיאַלאָשינער חבֿרה אנשי בני אחים לײדיס אָקז. (איינע פון די גרינדער, געוו. פּרעזידענטין, איצט טשערליידי); „הדסה" אין איסט ניו-יאָרק (מיטגליד); טשענסטאָכאָווער לײדיס אָקזילערי (טשערליידי); טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט (וויס-פּרעזידענטין); בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן" (עקזעקוטיוו-מיטגליד).

אירע קינדער זיינען: משה לענטשנער און פּערל לענטשנער, חתונה געהאַט מיט מאַרי שאַין, אַ לאָיער.

## לעדערבערג פּרענסעס

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט הערי לעדערבערג אין ניו-יאָרק. וואוינט אין לינדהורסט, לאָנג איילאַנד.

## לעססער יצחק

זון פון אַנשל און מאַטל. געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר, דעם 10-טן אַפּריל 1925 אין טשענסטאָכאָוו.



יצחק און זעלדע לעססער מיט פאַמיליע

## לעססער זעלדע

טאָכטער פון אפרים און חיה רייזל גאַרבינסקי. געבוירן אין 1863 אין פּראָשקע (פּוילן). געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן סעפּטעמבער 1923. זי איז געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. געשטאָרבן דעם 19-טן אָקטאָבער 1938 אין דעטראָיט.

## לעססער בעני

דעטראָיט



זון פון יצחק און זעלדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1894. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. זיין זון, סידני, האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמע־ריקאַנער אַרמיי.

---

## לעססער לייב



זון פון יצחק און זעלדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 17־טן מערץ 1883. געקומען קיין אַמעריקע אין 1914. צו־ערשט האָט ער געוואוינט אין גאַלוועס־טאָן (טעקסאַס), דערנאָך אין דעטראָיט. איצט געפינט ער זיך אין שיקאַגאָ זייט צוואַנציק יאָר.

לייב לעססער איז געווען איינער פון די מיטגרינדער פון טשענסטאָכאָווער אינ־דעפּענדענט פאַראיין וואָס איז אָרגאַני־זירט געוואָרן אין שיקאַגאָ אין 1938. ער האָט שטענדיק זיך באַטייליקט אין אַלע וויכטיקע אַרבעטן וואָס דער טשענ־סטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין האָט דורכגעפירט; ער איז אויך געווען סע־קרעטאַר פון סעמעטערי־קאָמיטעט פון טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין. ער באַלאַנגט אויך צום טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל פאַראיין און צו פאַרשיי־דענע אַנדערע וואוילטעטיקע געזעלשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציעס.

---

# מ

## מאַנאָוויטש חנה



טאָכטער פון הנך און רחל ביילע. גע־בוירן אין פּילץ. אַלס קינד געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און דאָ געענדיקט די פאָלק־שול פון מאַדאַם קיאַק. געהערט צום „בונד". פאַר אייניקע קאַדענצן געווען טעטיק אַלס קאָמיטעט־מיטגליד פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין טשענ־סטאָכאָוו. זי איז געווען אַ פּאָר יאָר קאַסירערין אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון דער באַקליידונגס־אינדוסטריע; איי־נע פון די גרינדער פון דער מעדעם־ביבליאָטעק און איר ערשטע ביבליאָטע־קאַרן. געווען אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון קולטור־אַמט ביי די פּראָפ. פאַראיינען און באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט אין צוזאַמענפאָר „פאַר רעכט אויף אַרבעט" פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן.

אין דער פּיליזייטיקער טעטיקייט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איז זי באַקאַנט גע־ווען אַלס באַשיידענער און געוויסנהאַפ־טער חבר.

אין 1933 האָט זי זיך איבערגעטראָגן קיין ווארשע און דאָרט געווען טעטיק אין „בונד" און אין דער פּראָפּ. באַוועגונג א"אַ.

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, אין 1939, פאַרלאָזט זי ווארשע און האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון פּינסק, ווילנע, מאָסקווע, וולאַדיוואָס־טאָק, דורך איראַן, ביז אַמעריקע, וואו זי קומט צום סוף 1940 קומט זי קיין ניו־יאָרק מיט דער הילף פון יידישן אַרבע־טער־קאָמיטעט.

---

## מאַנאָוויטש גרשון



פון פאַך אַ קאָמאַשנמאַכער. געהערט צו די ס.ס.־„פאַראייניקטע". געווען איינער פון די גרינדער און שפּעטער פאַרוואַל־טונגס־מיטגליד פון לעדער־פאַראיין.. די לעצטע יאָרן געהערט צום „בונד" און טעטיק געווען אין יידישן וועלטלעכן שול־וועזן.

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה גע־שטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַ־סאַג" אין טשענסטאָכאָוו.

## מאַנאָוויטש לעאָן



זון פון הנך און רחל ביילע. געבוירן אין פּילץ (פּוילן) דעם 21־טן אויגוסט 1906. געקומען פון פּאַריז קיין אַמעריקע דעם 30־טן יוני 1942.

---

## מאַנאָוויטש נחמיה (העררי)

געבוירן 1895 אין פּילץ. פון קינדווייז אָן געלעבט אין טשענסטאָכאָוו. געווען אַ מיטגליד אין פּראָפ. פאַראיין פון דער־נערונגס־אינדוסטריע און טעטיק אין „בונד". אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף צוואַנג־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. צוריק־קומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו איז ער אין פּאָגראָם פון 1919 שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. געקומען קיין אַמעריקע 1923. שטיצט די הילף־אַרבעט פון טשענסטאָ־כאָווער רעליף קאָמיטעט.

---

## מאַנישעוויטש חוה

טאָכטער פון יצחק און פעסל זשאַר־קאָווסקי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם

20-טן יולי 1885. געקומען קיין אַמעריקע דעם 15-טן יוני 1904. זי איז אַ מיטגליד פון קאַמעניעץ פּאָדאָלסקער סאָסייעטי און פון די טשענסטאָכאָווער לײדיס אַקזילערי אין ניו-יאָרק, וואו זי איז געווען אַ צייט די וויס-טשערליידי.

## מאַרקאָוויטש זיגמונד (שלמה זלמן)

זון פון מרדכי און סאַלאָמעאַ. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געווען אין אַמעריקע אַלס גאַסט אין 1928. ער איז געווען דער פּאַרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פון די 3 גנאַשינער פאַבריקן פון דער „גנאַשינער מאַנופאַקטור אַקציען געזעלשאַפט" אין טשענסטאָכאָוו, מיטגליד פון בני ברית, פּאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון די יידישע גימנאַזיעס אין טשענסטאָכאָוו, מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער נייער שול אין טשענסטאָכאָוו, פון דעם ראַט פון דער יידישער קהלה אין טשענסטאָכאָוו, ראַט ביי דער וואָיעוואָדסטווע אין קעלץ, פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון סוחרים און פאַבריקאַנטן פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו, פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון יידישן ספּאָרט פאַראיין „מכבי" און אויך פון אַ גאַנצער ריי וועלטלעכע יידישע געזעלשאַפטן אין טשענסטאָכאָוו.

ער איז געשטאָרבן דעם 17-טן פעברואַר 1939 אין אַטוואָצק און באַערדיקט געוואָרן אויפן טשענסטאָכאָווער בית-עולם.

ער איז געווען דער איידעם פון איזידאָר סיגמאַן.

## מאַרקאָוויטש אַננאַ

טאָכטער פון איזידאָר און רעגינאַ סיגמאַן. געבוירן דעם 15-טן סעפּטעמבער 1892 אין סטרזשעמיעשיץ (פּוילן). זי איז געווען די פרוי פון זיגמונד מאַרקאָוויטש פון טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעיקע פון פּוילן, דורך ענגלאַנד, מאַי 1943.

אַ טעטיקע מיטגלידערן פון אַלע וואוילטעטיקע יידישע געזעלשאַפטן אין טשענסטאָכאָוו, ווי: יתומים-הויז, זקנים-הויז א"אַ.

איר זון, מאַריאַן, האָט געדינט אַלס אינזשיניער אין דער פּוילישער אַרמיי.

## מאַרקאָוויטש העלענאַ

טאָכטער פון זיגמונד און אַננאַ. געבוירן דעם 24-טן מאַי 1925 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע, פון פּוילן דורך ענגלאַנד, מאַי 1943.

## מאַקרויער משה



געבוירן 1869 אין טשענסטאָכאָוו. ער קומט פון אַ משפחה, וואָס האָט 200 יאָר דאָרט געלעבט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע ציוניסטן-פירער אין אונדזער שטאָט און אויסגעצייכנט זיך מיט זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אין אַ גאַר גרויסער מאָס האָט ער מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע אין טשענסטאָכאָוו. איז לאַנגע יאָרן געווען פאַרזיצער פון ציוניסטישן קאָמיטעט און דעלעגאַט צום 4-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. אין דער קהילה האָט ער מיטגעאַרבעט אַלס באַראַטונגס-מיטגליד, געווען פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון דער תלמוד תורה און האַנטווערקער-שול, ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָט-ראַט פון 1917 ביז 1920; איינער פון די גרינדער פון דער יידישער גימנאַזיע און פאַרזיצער פון דעם פאַרוואַלטונג-קאָמיטעט.

אין פּריוואַטן לעבן איז ער געווען לאַנג-יאָריקער דירעקטאָר אין גראָסמאַנס קנעפּ-פאַבריק. אין 1924 האָט ער מיט זיין פאַמיליע אויסגעוואַנדערט קיין ארץ-ישראל און זיך באַזעצט אין תל-אביב.

ער איז געווען ערן-פּרעזעס פון טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין תל-אביב.

די לעצטע צייט גיט ער זיך אָפּ מיטן שרייבן די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו.

## מיטץ יצחק מאיר ע"ה

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1867. אויסגעצייכנט זיך מיט צדקה און הילף פאַר אָרעמע. געווען מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער נייער שוהל. באַקאַנט געווען אַלס אינדוסטריעלער פון דער צעלאָלאַיד בראַנזשע.

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 28-טן יוני 1942.

## מיללער לואיס

שיקאַגאָ

זון פון הנך און ביילע. געבוירן אין קאָניעצפּאָל (פּוילן). געקומען קיין אַמעריקע דעם 30-טן יוני 1914. ער איז אַ מיטגליד אין בני ברית, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַנשי אמת שול און איז טעטיק אין דעם טשענסטאָכאָווער עדוקיישאָנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ. זיין זון באַרטן האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## מיסקע אַברהם שלמה

שיקאַגאָ

זון פון שמואל וואָלף און לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 16-טן דעצעמבער 1891. געקומען קיין אַמעריקע דעם 26-טן פעבראַר 1907. ער האָט חתונה געהאַט מיט איטע (עדנאַ) האַנטווערקער. איז אַ מיטגליד פון בני ברית און איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער, געוועזענער פּרעזידענט און סעקרעטאַר, פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ. ער איז אויך אַ טעטיקער מיטגליד אין רעליף-קאָמיטעט. זיין זון וויליאַם האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## מיסקע לייבל

זון פון שמואל וואָלף און לאה. געבוירן אין קאָמיק. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע 1905. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ. זיין איידעם — הוימי לעביצקי האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## מענטקאָוו אַברהם



זון פון ישעיהו און שפרה מיענטקאָוויטש. געבוירן דעם 1-טן נאָוועמבער 1882 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן דעצעמבער 1903. זיינע איידעמס — דוד ראשלעף, אַ ליוטענאַנט, און ד"ר סטעפאַן לואי וויס, אַ קעפּטען, זיינען געווען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## מיסקע זיסמאַן



זון פון שמואל וואָלף און לאה. געבוירן אין קאַמיק (פוילן) 1888. געקומען קיין אַמעריקע 1906. איינער פון די גרינדער און געוועזענער פרעזידענט און טעטיקער מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער נעיבאָרהוד עדיוקיישאָנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ.

ער איז געשטאָרבן דעם 16-טן אָקטאָבער 1946 אין שיקאַגאָ.

---

## מיסקע שרה הינדע

שיקאַגאָ



טאָכטער פון מאיר און מלכה שוליט. געבוירן אין קאַמיק דעם 23-טן פעברואר 1888. געקומען קיין אַמעריקע 1905. זי איז 2-טע וויס-פרעזידענטן פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנעל פאַראיין אין שיקאַגאָ; מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער אייד סאָסייעטי; טראָסטי אין דער שול און אין אַ ריי אַנדערע הומאַניטאַרע געזעלשאַפטן. איר זון מילטאָן האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## מיענטקאָוויטש ישעיהו בער

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו 1930.

---

## מיענטקאָוויטש שפרה

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו 1929.

---

## מענקאָוו ישעיהו יעקב

לאָס אַנדזשעלעס





די מוטער פון ישעיהו יעקב מענקאָוו



פרוי מענקאָוו

זון פון יצחק אייזיק און חיה אסתר. געבוירן אין קלוינז (מיעכאָווער פּאָוויאַט). דעם גערער רבינס שוואָגער איז געווען זיין סנדק. ווען מענקאָוו איז אויפגעוואַקסן, האָט ער געלערנט ביי זיין סנדק אין דער ישיבה און ביי אים געגעסן „טעג". נאָכן פאָטערס טויט אין 1903 איז מענקאָוו געקומען קיין טשענסטאָכאָוו. אין אָנהייב האָט ער זיך באַמיט ווייטער צו לערנען אַ האַלבן טאָג און גלייכצייטיק זיין אַן אַרויסהעלפער אין אַ וויין-געשעפט אויפן אַלטן מאַרק (דער אייגנטימער האָט, דאכט זיך, געהייסן ר' ישעיה). אָבער די נויט פון זיין פאַמיליע, אַ מאַמע מיט דריי געשוויסטער, האָבן אים געצוואונגען אָנצוקומען אַלס אַרבעטער אין וויינבערג'ס פאַבריק.

אין 1905 ווערט ער אַריינגעצויגן אין דער ס.ס.-פאַרטיי. זיינע לערער זיינען געווען אהרן סינגאַלאָווסקי, זיין ברודער נחום, שפּעטער — יוסף נומער צוויי און אַלעקסאַנדער (לייבוש לערער).

מיט יוגנטלעכן ברען און חסידישער



מענקאָוו און ד"ר אהרן סינגאַלאָווסקי

התמדה האָט זיך מענקאָוו אַריינגעוואָרפן אין דער פאַרטיי-אַרבעט. ער איז געווען מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע און שפּעטער — פון ראַיאָן-קאָמיטעט. נאָך די אָקטאָבער-טעג 1905 איז ער געוואָרן געצוואונגען צו פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו. דאָ איז ער געווען דער אָנפירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די שפּילצייג-אַרבעטער, פליישער, בעקער, שניידער, לעדער-אַרבעטער און אַנדערע.

אַ וויכטיקער עפּיזאָד פון יענער צייט איז געווען דער „רעוואָלט" פון די אַרבעטער קעגן די „אינטעליגענטן". אַלס רעזולטאַט זיינען אין דרייער-קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט, געוויילט געוואָרן דריי אַרבעטער: מענקאָוו — סעקרעטאַר, מענדל שוכטער — אַגיטאַטאָר און מרדכי אַלטמאַן — קאַסירער. חבר בנימין, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, האָט אָבער מיט זיין גרויסער גייסטיקער השפעה אויסגעמיטן אַ ווייטערדיקן קאַמף און די „אינטעליגענטן" זיינען ווייטער צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט.

זומער 1908 האָט ער ווידער געמוזט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און עמיגרירן קיין ווין, דערנאָך קיין ציוריך (שווייץ), וואו עס האָט זיך געפונען אַ ס.ס.'שע גרופּע מיטן חבר ד"ר יוסף קרוק אין דער שפּיץ. מערץ 1909 איז ער צוריקגעפאָרן קיין קראָקע און דאָרט חתונה געהאַט מיט זיין באַקאַנטע פון די יוגנט-יאָרן — גוטשע גראַנעק. זיי זיינען דעמאָלט, מיט דער הילף פון יט"א-עמיגראַציע-קאָמיטעט, געפאָרן קיין גאַלוועסטאָן (אַמעריקע) און אָנגעקומען קיין לינקאָלן, נעב., וואו זיין פרוי האָט אים געבוירן צוויי זין. שפּעטער זיינען זיי אַריבערגעפאָרן קיין שיקאַגאָ, דערנאָך קיין לאָס אַנדזשעלעס, וואו עס איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער.

אין אַמעריקע האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין יידיש-סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אַרבעטער רינג, אינטערנעשאָנאל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, אינדעפּענדענט אָרדער אָוו פאַרעסטערס און יידישער אַרבעטער-קאָמיטעט.

ער איז וויים-טשערמאַן פון דיסטריקט-קאָמיטעט פון סאַוטערן-קאַליפאָרניע פון אַרבעטער-רינג און סעקרעטאַר פון לאָס אַנדזשעלעס אַרבעטן-קאָמיטעט.

---

## מערקאַזין קלמן

זון פון שלמה מאיר און שרה. געבוירן אין קאָניעצפּאָל אין 1908. געפינט זיך אין ארץ-ישראל זינט 1932. זינט 1940 געדינט אין מיליטער. ער איז אַן איידעם פון בערל פּאַטאַשעוויץ ע"ה פון טשענסטאָכאָוו.

---

## מענדעלסאָן דזשיי.

ניו-ראָשעל, נ. י.



געבוירן אין וואַרשע אין 1886. צו 10 יאָר איז אים די מאַמע געשטאָרבן און דער טאַטע האָט אים אָפּגעגעבן אַלס לערן-יינגל צו אַ בייטל-מאַכער (הענד-בעג אַרבעטער). צו 12 יאָר האָט אים אַ טשענסטאָכאָווער פאַבריקאַנט געבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו. צו 16 יאָר האָט ער שוין באַלאַנגט צום „בונד" און אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן דער שוידערלעכער עקספּלואַטאַציע. צו 18 יאָר איז ער אַריבער צו די ס.ס. און איז געווען אַקטיוו ביים אַריבערפירן פּראָפּאַגאַנדע-ליטעראַטור און אַלס אַגיטאַטאָר אויף דער „בירזשע".

אין 1908, נאָכדעם ווי די רוסישע רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרן, איז ער געווען איינער פון די אַקטיווע טוער פון דער טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט", און אין 1910 — מיטגרינדער פון „לינת-הצדק" אין טשענסטאָכאָוו. מענדעלסאָן האָט זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, ווי גרינדן קיכן פאַר אָרעמע און איינאָרדענען באַזאַרן, פון וועלכע די הכנסה איז געגאַנגען פאַר נויטבאַדאַרפיקע. אין 1911 איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד און שפּעטער פון דאָרט אַריבערגעפאָרן קיין לאָנדאָן, וואו ער האָט געגרינדעט אַן אייגענע פאַבריק און באַשעפטיקט אַ סך לאַנדסלייט, זיי געלערנט די מלאָכה און געהאָלפן מיט אַלעם מעגלעכן. אין 1914, נאָך דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז ער געקומען קיין אַמעריקע. אין דער ערשטער צייט האָט ער פאַרבראַכט אין באָסטאָן. אין 1916 איז ער געקומען קיין שיקאַגאָ און צוזאַמען מיט אַנדערע דאָרט זיך אָנגעשלאָסן אָן טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג, צו וועלכן ער באַלאַנגט ביז היינטיקן טאָג. ער האָט דאָרט אויך, צוזאַמען מיט אַנדערע לאַנדסלייט, דערונטער משה צ., געגרינדעט דעם טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין, פון וועלכן ער איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט. דאָרט איז אויך פאָרגעקומען זיין גליקלעכע חתונה מיט זיין פרוי, וועלכע האָט אים געבוירן אַ זון — ער איז אַ קאַלעדזש סטודענט און שטודירט אויף אַקאַונטענט און לאָאַ.

אין 1918 איז ער מיט זיין פאַמיליע צוריקגעקומען קיין ניו-יאָרק, און אין 1923 האָט ער זיך באַזעצט אין ניו-ראָשעל, נ. י., וואו ער לעבט ביז היינט אַלס א זעלבסטשטענדיקער לעדער-גודס מאַנופאַקטשורער. די גאַנצע צייט איז ער געבליבן אַ געטרייער מיטהעלפער פון דער הילף-אַרבעט פאַר טשענסטאכאוו. ער האָט זי געשטיצט מאַטעריעל און מאָראַליש. ביז היינט-צו-טאָג איז ער פאַרבליבן דער אידעאַליסט, וואָס שטרייבט צו אַ שענער און בעסער לעבן פאַר די יידישע מאַסן און איז צוגעבונדן צו זיין היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו.

---

## מערטז בערל

זון פון גרונם און פראַדל. געבוירן איז רודניק (קאַלישער גובערניע, פּוילן) דעם 15-טן מאי 1886. ער האַט חתונה געהאט מיט רחל סלאָווני. געקומען פון טשענסטאכאוו קיין אמעריקע דעם 5-טן יוני 1914. ער איז א מיטגליד אין דער פּוילישער שול און איז דעם „גמילת חסדים פאַראיין" אין דעטראָיט.

---

## מעראָוויטץ אַברהם

מאָנטרעאָל, קאַנאַדע



אַברהם מעראָוויטץ מיט פאַמיליע

געבוירן אין פּשעראָוו ביי טשענסטאָכאָוו. ער האָט זיין דערציאונג באַקומען ביי זיין פעטער, ר' שלמה ווייצמאַן, באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו אַלס מוהל. געלערנט האָט אַבֿרהם מעראָוויטץ אין „מחזיקי הדת" און אין די קינדער-יאָרן פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין מומע העלפן די קראַנקע פון יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו.

איצט וואוינט ער אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע. ער איז דער גרינדער פון דער טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי אין מאָנטרעאל און איינער פון אירע טעטיקסטע מיטגלידער.

# נ

## נאַכטיגאַל שרה

געבוירן אין פּלאָווגע אין 1866. געשטאָרבן דעם 30-טן אָקטאָבער 1939.



## נאַכטיגאַל אַבאַ

זון פון וואָלף און לאה. געבוירן אין קרזשעפּיץ, ביי טשענסטאָכאָוו אין 1857. ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה עפּשטיין. געקומען קיין אַמעריקע אין 1902. ער איז אַ מיטגליד פון דער ערשטער דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו-יאָרק.

## נאַכטיגאַל משה

זון פון אַבאַ און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1888. ער איז אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, אַלס אַמעריקאַנער זעלנער, אין פראַנקרייך, דעם 30-טן סעפּטעמבער 1918.



## נאַכטיגאַל יצחק וואָלף



זון פון אַבאַ און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1885. געקומען קיין אַמעריקע אין 1903. ער האָט חתונה געהאַט מיט דאָבע לאַזאַרוס פון טשענסטאָכאָוו. ער איז דער פּרעזידענט פון דער ערשטער דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו-יאָרק.

## נידזשינסקי שמעון





יוסף נידזשינסקי

זון פון יוסף און רייזל. געבוירן אין ראַדאָשיץ דעם 16-טן מאַי 1887. געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון אומלעגאַלן בעקער-פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער צוזאַמען. ער האָט געהערט צו דער ס.ס.-פּאַרטיי. איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה לויט אַ מסירה פון די באַלעבאַטים: אויערבאַך, איטשע חוש קאָזשעוואָדע, פּאַנטשע בעקער און אופנער. מ'האָט אים פאַרשיקט קיין פּיעטריקאָוו. 1907 ווערט פּאַנטשע בעקער דערשאָסן. נידזשינסקי זיצט אָפּ אַ יאָר צייט און 1908 ווערט ער פאַרשיקט קיין סיביר, וואו ער זיצט אָפּ 3 יאָר, ביז 1911. קומט צוריק קיין טשענסטאָכאָוו, הייבט ווייטער אָן צו אַרבעטן פּאַרטייאיש. אין זעלבן יאָר, 1911, דעם 19-טן סעפּטעמבער קומט ער קיין אַמעריקע.

דאָ געהערט ער צו דער בעקער-יוניאָן, איז אַ מיטגליד פון פאָלקס-אָרדן בר. 307 (בעקער-בראַנטש). ער איז עקזעקוטיוו-מיטגליד אין דער יוניאָן און טרעזשורער אין זיין בראַנטש.

זיין זון הערי, געבוירן דעם 9-טן פעברואַר 1916 אין ניו-יאָרק, האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## נידזשינסקי לאָלע

טאָכטער פון פּנחס און ריווע אייזנער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן מאַי 1897. זי איז אַ מיטגליד פון ייד. פראַט. פאָלקס אָרדן.

## נידזשינסקי מלך



סאַן-יאָסע, קאָסטעריקע, צענטראַל אַמעריקע

זון פון שמואל און רבקה. געבוירן דעם 1-טן יאַנואַר 1908 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען פון בעלגיע קיין צענטראַל אַמעריקע אין 1933. אַ מיטגליד פון ייד-צענטער אין קאָסטעריקע. געוו. פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון צענטער און פון שול-קאָמיטעט. חתונה געהאַט מיט מאַשע ליבערמאַן.

## נידזשינסקי מאַשע

טאָכטער פון לייב און מרים ליבערמאַן. געבוירן דעם 16-טן מערץ 1911 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין צענטראַל אַמעריקע פון בעלגיע אין 1933. זי איז טעטיק און געווען סעקרעטאַרן אין פרויען-קאָמיטעט ביים יידישן צענטער אין קאָסטעריקע.

## נירענבערג וויליאַם

זון פון יוסף און נאַכע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 14-טן יולי 1887. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. ער איז אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי פון די יאָנג מענס אין ניו-יאָרק.

### נירענבערג דזשוליוס

זון פון יוסף און נאַכע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 31-טן מערץ 1894. געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן יוני 1913. ער איז אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

### נירענבערג אַבאַ

זון פון יוסף און נאַכע. געבוירן דעם 18-טן יולי 1891 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. ער איז אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

## ס

### סאַמסאַנאָוויטש קלמן

זון פון יחזקאל און שרה איטע. געבוירן אין דזשיאַלאָשין (פּוילן) דעם 12-טן אַפּריל 1887. געקומען קיין אַמעריקע דעם 15-טן אויגוסט 1913. ער איז אַ מיטגליד אין דער דזשיאַלאָשינער סאָסייעטי אַנשי בני אַחים אין ניו-יאָרק.

### סאָבעל רעי



טאָכטער פון אייזיק און חנה. האָט התונה געהאַט מיט וויליאַם סאָבעל, וואָס איז געווען איינער פון די גרינדער און אַקטיווער טוער פון דער טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

רעי סאָבעל איז געווען איינע פון די גרינדער פון די לײדיס אַקזילערי און לעצטנס געהאַלטן דעם אַמט פון קאַסירער פון דער אָרגאַניזאַציע. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 65 יאָר, דעם 2-טן אויגוסט 1943.

### סאָבעל וויליאַם



געבוירן אין שעפּס (פּוילן). געווען אַ טעטיקער חבר און עקזעקוטיוו מיטגליד בײַ די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס, אויך אַ מיטגליד און איינער פון די גרינדער פונם טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 67 יאָר.

### סאלאָמאָן (וואַשילעוויטש) פּרץ

זון פון לייבל און לאה. געבוירן אין דערבי, קאָנ., דעם 6-טן פעברואַר 1913. ער איז געשטאָרבן אין שיקאַגאָ דעם 4-טן יולי 1922. געווען דער איינציקער זון בײַ זיינע עלטערן.

### סטאַשעווסקי רודע



טאָכטער פון ראובן און מרים קאָקאַצינסקי. געבוירן אין פּאַיענטשנע (פּוילן).

### סיגמאַן איזידאָר (ישראל יונה)

זון פון ישראל און הינדע. געבוירן אין קונאָוו (פּוילן) אין 1868. קיין אַמעריקע געקומען אין מאַי 1915. ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער בני ברית. אין טשענסטאָכאָוו איז ער געווען דער פונדאַטאָר און פּרעזידענט פון דער אַקציען-געזעלשאַפט פון דער גנאַשינער מאַנופאַקטור.

### סיגמאַן אייב (אַברהם)

זון פון איזידאָר (ישראל) און רעגינאַ. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געקומען קיין אַמעריקע 2 מאָל; דאָס 1-טע מאָל — אין 1915 און דאָס 2-טע מאָל — אין 1938. איז געווען מיטגליד אין דע"מאָסאָניק לאָדזש, פון דער פאַרוואַלטונג פון די יידישע גימנאַזיעס אין טשענסטאָכאָוו, פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם טשענסטאָכאָווער פאַבריקאַנטן - פאַראיין, פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם ספּאָרט-פאַראיין מכבי אין טשענסטאָכאָוו און פון דער פאַרוואַלטונג פון דער גנאַשינער אַקציען-געזעלשאַפט אין טשענסטאָכאָוו.

ער איז געשטאָרבן דעם 19-טן יולי 1940 אין באָפאַלאָ, נ. י.

### סיגמאַן סטענלי (סטאַניסלאַוו)



זון פון איזידאָר און רעגינאַ (פון דערהיים — הערץ). געבוירן דעם 3-טן אויגוסט 1898 אין פּיעטרקאָוו. געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין אַמעריקע אין 1915, צוריקגעפאָרן, און ווידער געקומען אין 1940. געהערט צו פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי: מייסאָן לאָדזש, אַמעריקען לידזשן, מיטגליד פון דעם טשענסטאָכאָווער אינדוסטריעלן פאַרבאַנד און פון פאַרשיידענע וואוילטעטיקע און קולטורעלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס. ער וואוינט איצט 248 סט. דזשיימס פּלעיס, שיקאַגאָ 14, איל.

סטענלי סיגמאַן איז, סיי אינדערהיים, אין טשענסטאָכאָוו, סיי דאָ אין אַמעריקע, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט פיל צוגעהאָלפן צום בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" מיט פאַרשיידענע מאַטעריאַלן און פאָטאָגראַפיעס, וואָס ער האָט צוגעשטעלט.

## סיגמאַן עדמונד



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 1888. צו 10 יאָר אָנגעהויבן גיין אין שול פון לאַמפּאַרסקי'ן, לערנענדיק זיך גליווכצייטיק שפּילן פידל ביי באַלזאַמען.

אין 1905 האָט ער אָנגעהויבן שטודירן אין לייפּציקער קאָנסערוואַטאָריום און אין זעלבן יאָר האָט ער, צוזאַמען מיט וואַנדאַ נויפעלד געגעבן אין טשענסטאָכאָוו אַ קאַמעראַלן קאָנצערט, אין וועלכן עס האָט אויך אָנטייל גענומען דער באַרימטער חזן בירנבוים. די איינקונפט פון דעם דאָזיקן קאָנצערט איז באַשטימט געוואָרן אויף אַן אַרבעטער-בעקעריי.

נאָך אַ יאָר שטודירן אין פּעטערבורג האָט זיך סיגמאַן איבערגעטראָגן קיין וואַרשע, וואו ער האָט צוויי יאָר צייט געשפּילט אין דער פילהאַרמאָניע אַלס פידל-שפּילער אונטער דער דירעקציע פון פיטעלבערגן און בירנבוימען, גלייכצייטיק זיך פאַרפולקאָמט אין מוזיק אין דער קאָנסערוואַטאָריע פון באָרצעוויטשן און פּריוואַט ביים באַרימטן פידל-שפּילער איזידאָר לאָטאָ.

אין 1911/12 איז ער געווען לערער פון פידל אין דער מוזיק-שול אין פּאָלטאַווע.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער געגעבן אין טשענסטאָכאָוו עטלעכע קאָנצערטן צוזאַמען מיט וואַנדאַ נויפעלד קאָפּעצקאַ. די איינקונפט איז געגאַנגען פאַר פאַרשיידענע וואוילטעטיקע צוועקן.

אין 1915 איז ער צוזאַמען מיט זיין פאָטער און ברידער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. פריער זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ אַלס פּעדאַגאָג און גלייכצייטיק אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיוון סימפאָנישן אָרקעסטער, מיט וועלכן ער האָט געגעבן אַ ריי קאָנצערטן.

אין 1926 איבערגעטראָגן זיך קיין פילאַדעלפיע, געגעבן לעקציעס אין דער „סעטלמענט מיוזיק סקול”, כסדר אַרויסגעטרעטן אַלס סאָליסט אויף דער ראַדיאָ און אויך אָרגאַניזירט אַ קאַמעראַלן אָרקעסטער, מיט וועלכן ער איז אַרויסגעטרעטן אין דעם „לייבאָר אינסטיטוט.”

אין 1930 פאָרט ער אָפּ קיין פּאַריז, טרעט אַרויס אַלס גאַסט-דיריגענט אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע, אויף דער ראַדיאָ און אין דער לאָדזשער פילהאַרמאָניע.



עדמונד סיגמאַן דיריגירט דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין תל-אביב

אין 1934 האָט ער דיריגירט מיט אַ שאָפּען-קאָנצערט אין קאַרלסבאַד. דערנאָך אַרויסגעטרעטן מיט אַ ריי קאָנצערטן אין לעני נגראַד, תל-אביב און ירושלים.

אין 1938 זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע. באַזעצט זיך אין ניו-יאָרק, וואו ער איז אַרויסגעטרעטן אַלס גאַסט-דיריגענט פון דעם פעדעראַלן סימפאָנישן אָרקעסטער.

לעצטנס גיט ער פּריוואַטע לעקציעס, שאַפט קאָמפּאָזיציעס, וואָס ווערן אָפט געשפּילט אויף דער ראַדיאָ.

---

## סיגמאַן טאַמאַראַ

### שיקאַגאָ



טאָכטער פון ראָבערט און יאַדוויגאַ (יעטאַ) סוויטגאַל. געבוירן דעם 3-טן אָקטאָבער 1906 אין לאָדזש. געקומען קיין אַמעריקע אין 1937. אַ מיטגליד פון אַלע יידישע וואוילטעטיקע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו און פון אַמעריקאַנער „אָרט”.

---

## סטאַשעווסקי יוסף



זון פון משה און לאה. געבוירן אין פּיעטריקאָוו. געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר אין דזשיאַלאָשין, אין 1932.

---

## סילווער הערשל



(באַקאַנט אונטערן נאָמען — הערשל נאמעראָווער), פאָטער פון יעשיהו לייזער סילווער און זיידע פון יעקב בער סילווער. געשטאָרבן אין עלטער פון 88 יאָר.

---

## סילווער רחל



מוטער פון ישעיהו לייזער און באָבע פון יעקב סילווער. געשטאָרבן אין עלטער פון 90 יאָר.

## סילווער ישעיהו אליעזר



זון פון הערשל און רחל. געבוירן אין דווינסק, דעצעמבער 1859. אַלס קינד, אין עלטער פון 5 יאָר, איז ער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו. אין 1880 האָט ער חתונה געהאַט מיט חנה בירמאַן פון נאָוואָראַדאָמסק.

דאָס ערשטע מאָל איז ער געקומען קיין אַמעריקע אין 1889; דאָ געווען אַ יאָר און אַ האַלב; דאָס צווייטע מאָל — אין 1906 און פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

ער איז אַ מיטגליד אין די בני ישראל סאָסייעטי, אין די זאלאָשינער חבֿרה אַנשי בני אַחים און אין טשענסטאָכאָווער רעליף; איינער פון די גרינדער און ערשטער טראָסטי פונם טשענסטאָכאָווער הילף פאַראיין.

זיינע פינף אייניקלעך האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## סילווער חנה



פרוי פון ישעיהו אליעזר און מוטער פון יעקבֿ בער, צירל, רעילי, שרה שפרינצע, לייביש און טאָבע.

זי איז געשטאָרבן אין ניו-יאָרק.

## סילווער יעקב בער



געבוירן אין 1882. זיין טאַטע, ישעיהו ליזער, איז געווען אַ היטל-מאַכער. זיין מאַמע, חנה (פון דערהיים — בירמאַן), שטאַמט פון אַ דערפל לעבן ראַדאָמסק. יעקבֿ בער איז דער עלטסטער זון פון אַ פאַמיליע פון אַכט קינדער — צוויי זין און זעקס מיידלעך. די געשיכטע מיט זיין לאָמען פוס האָט אין גרויסער מאָס משפיע געווען זיין גאַנץ לעבן. עס איז געווען אין א תשעה באָב, ווען די עלטערע יידן גייען אויף קבֿר אָבות און דאָס יינגוואַרג מאַכט אָן אַ חורבן אויף בית-עולם. פאַר אָט-דעם יונגן עולם האָט דער בית-הקבֿרות-מאַן פאַרשלאָסן די טויערן. יעקבֿ בער, דער קליינער „מזיק", האָט אָבער געוואָלט וויזן דער חבֿרה, אַז מ'קאָן זיך אַן עצה געבן און אַריבערשפרינגען דעם פלויט. ער האָט זיך אַזוי-אַרום צעהאַקט די קני; געלעגן אין שפיטאָל און נישט געקאָנט גיין אין חדר און נישט אין דער שול. אַביסל עברי האָט אים דער טאַטע געלערנט אינדערהיים. דעם צונאָמען „לאָמער סטאַלוך" האָט ער באַקומען, ווייל אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ גוי, וואָס מ'האָט גערופן — דער לאָמער סטעלמאַך.

פון קינדוואַיז אָן, ביז 1901, האָט ער געאַרבעט אין די טשענסטאָכאָווער פאַבריקלעך, וואו דער „פאַרדינסט" איז דעמאָלט געווען 20 קאָפּיקעס אַ וואָך. געוואוינט האָבן זיי אין בייערס הויז, וואָס מ'האָט גערופן „בייערס האָטעל", אויף נאַדזשעטשנאַ. אין יענער צייט האָט ער שוין אָרגאַניזירט אַ טרופּע פּורים-שפּילער, וואָס איז געווען די ערשטע קינדערשע טריט פון יידישן טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו.

ער איז אַוועק קיין לאָנדאָן, געוואָרן אַ פרעסער און איז צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין 1904. דאָ האָט ער געעפנט אַ „טשיינע" אין יאַנקל קוילן-הענדלערס הויז (אַריינגאַנג דורכן ליקל), וואָס איז געוואָרן די קוואַרטיר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער איז געוואָרן דער שעיר לעזאָזל פאַר אַלץ, וואָס ס'איז אין יענער צייט פאָרגעקומען. האָבן די ס.ס. אונטערגעצונדן איציק שלוזעס הויז — האָט מען דערין באַשולדיקט יעקבֿ בער'ן; האָט מען ערגעץ געוואָרפן אַ באָמבע — האָט די פּאָליציי געזוכט יעקבֿ בער'ן. אָבער צווישן איין אַרעסט און דעם צווייטן — האָט יעקבֿ בער געטאָן זיינס — אָרגאַניזירט, אַגיטירט און געקערט וועלטן.

ווי ס'ווייזט אויס, איז פאַר יעקבֿ בערס טעמפּעראַמענט דער „בונד" געווען צו ווייניק. דערוויסנדיק זיך וועגן דער טעטיקייט פון דער אַנאַרכיסטן-גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון יאַנקל קאַמאַשן-מאַכער, האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט קיין וואַרשע זיך זען מיט אים. יאַנקעל קאַמאַשן-מאַכער איז שוין אָבער געווען אַרעסטירט נאָך אַ באָמבע-אַטענטאַט. באַוואַכט פון שפּיאָנען, וואָס האָבן יעקבֿ בער'ן נאָכגעפאָלגט קיין טשענסטאָכאָוו, איז ער באַלד נאָכדעם אַרעסטירט געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג פון אַנאַרכיסטישער טעטיקייט אין פאַרבינדונג מיטן באָמבע-אַטענטאַט. ער איז אָפּגעזעסן אַ יאָר אין תפיסה, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן קיין בערלין. אין אַ צייט אַרום איז ער צוריקגעקומען, אַריינגעטרעטן אין אַ וואַנדערנדיקער אַקטיאָרן-טרופּע, דערנאָך אין אַ פּראָפעסיאָנעלער טרופּע און געשפּילט טעאַטער אין טשענסטאָכאָווער געגנט.

בעת אַ פאָרשטעלונג פון „אוריאל אַקאָסטאַ" אין ראַדאָמסק, האָט דער טעאַטער-פאַרוואַלטער זיך אָנגעהויבן צו חידושן, וואָס אַזוי פיל אומבאַקאַנטע און „אומגעבעטענע" געסט געפינען זיך אין טעאַטער. יעקב בער, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט-ראָל, האָט נאָכן ערשטן אַקט געוואָלט מאַכן ויברח. אַלע אַרויסגאַנגען זיינען אָבער געווען באַזעצט מיט שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען. מען האָט אים אַרעסטירט אינמיטן שפּילן און זיין ראָל האָט איבערגענומען דוד זיטמאַן. די פאָרשטעלונג איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. אַ גרויסער פּאַראַד פון נאָוואָראַדאָמסקער יידן האָבן יעקבֿ בער'ן באַגלייט. ער איז אָפּגעזעסן 6 חדשים און פאַרמשפּט געוואָרן נאָר פאַר פאַרשפּרייטן אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, אויף 1 יאָר תפיסה — די צייט וואָס ער איז שוין אָפּגעזעסן ביזן משפּט. שפּעטער האָט ער ווידער געשפּילט טעאַטער, ביז ער איז אין 1909 אַוועק קיין לאָנדאָן און נאָך דריי חדשים געקומען קיין ניו-יאָרק.

ער איז דאָ אַריינגעטרעטן אין טשענסטאָכאָווער אַרבעטער רינג בראַנטש 261. אַרבעטנדיק די גאַנצע צייט אין שאַפּ, האָט ער אָנטייל גענומען אין פאַרשיידענע אַמאַטאָרישע און פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער-טרופּעס, ביז ער האָט איבערגענומען די פּירערשאַפט פון „טשענסטאָכאָווער רעליף

„אין ניו-יאָרק". ער איז פאַרבליבן טשער-מאַן פון רעליף אין משך פון עטלעכע יאָר.

זינט 1930 איז ער אַנגעשלאָסן אַן טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 פון יידישן פאָלקס-אָרדן (אינטערנאַצ. אַרבעטער-אָרדן). ער איז געווען איינער פון די גרינדער און אַקטיווסטע טוער פון טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט; פּאָרזיצער פון עקזעקוטיוו פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף און פּאָרזיצער פון קאָמיטעט און זיין פאַר-טרעטער אין רעדאַקציע-קאָלעגיע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

## סלאַווינע קעידי

דעטראָיט

טאָכטער פון יודל און גיטל. געבוירן אין סלאָמניק (פּוילן) דעם 25-טן מאַי 1887. געקומען פון אַרגענטינע קיין אַמעריקע אין 1912. זי איז אַ מיטגליד אין וועסטערן לײדיס אייד סאָסייעטי אין דעטראָיט.

## סלאָוויק איידע

געבוירן 1884, געשטאָרבן דעם 13-טן סעפּטעמבער 1933.



## סלאָוויק מאָריס

געבוירן 1882, געשטאָרבן דעם 5-טן אויגוסט 1945.

אין אַנדענק.

די קינדער:

טילע רובין
דאָראַ לאַפּאַטי
מאַקס סלאָוויק
אַבאַ סלאָוויק
אַנאַ סלאָוויק

## סעלצער קאַרל

זון פון אייזיק און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 10-טן אַפּריל 1894. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן אָקטאָ-בער 1912. ער איז אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, בני ברית און אין יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. וואוינט אין יוסטאָן, טעקסאַס. זיינע צוויי זין — אורווינג און אַרטור — האָבן געדינט אין דער אַמע-ריקאַנער אַרמיי.

## סלאָוויק ה.



מאיר גאָלדבערג

טאָכטער פון מאיר גאָלדבערג (מאיר זאַביאַק), וואָס איז גוט געווען באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו און צו יעדן געווען אַ פריינד.

בשעת דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער אַ סך געהאָלפן קראַנקע און ביים באַ-שפּייזן אָרעמע.

זיינע קינדער אין אַמעריקע ווי אויך אין קאַנאַדע דערמאָנען שטענדיק זיין נאָמען מיט גרויס יראת-הכבוד.

## סענזער (צינצינאַטוס) נחום



זון פון הערשל און חיה שרה. געבוירן אין קרזשעפּיץ (פּוילן) דעצעמבער 1867. ער האָט חתונה געהאַט מיט דבורה אסתר קרעמסקי. געקומען קיין אַמעריקע דעם 10-טן יוני 1914. ער איז געווען טעטיק אין דער ערשטער דזשיאַלאָשינער חברה אַנשי בני אחים אין ניו-יאָרק, איז דאָרט אויך געווען טרעזשורער פון לאָאַן-פאָנד.

נחום סענזער איז געשטאָרבן דעם 5-טן פעברואַר 1944 און באַערדיקט געוואָרן אויפן בית-עולם פון די דזשיאַלאָשינער חברה אַנשי בני אחים. ער האָט איבער-געלאָזט 8 קינדער (3 טעכטער און 5 זין), 15 אייניקלעך און 1 אור-אייניקל.

די זין: אַבֿרהם יעקב מיט זיין פרוי סעידי, אורווינג, הערי מיט זיין פרוי פּעלע, סידני מיט זיין פרוי ראָוז, סאול מיט זיין פרוי ראָוז.

די טעכטער: לילי מיט איר מאַן ראובֿן בעקער, איידע מיט איר מאַן לואי מייזלין (וואוינען אין ניו-יאָרק), און מיני מיט איר מאַן פּאסקע דוימאַ (וואוינען אין פראַנקרייך).

## סענזער (צינצינאַטוס) דבורה אסתר

טאָכטער פון מרדכי און פּעסע קרעמ-סקי. געבוירן 1872 אין טשענסטאָ-כאָוו. די פרוי פון נחום סענזער. געקו-מען קיין אַמעריקע דעם 12-טן אָקטאָבער 1920. זי איז געשטאָרבן דעם 20-טן מערץ 1945 אין ניו-יאָרק. איז באַער-דיקט געוואָרן אויפן בית-עולם פון די דזשיאַלאָשינער חבֿרה אַנשי בני אחים.

## סענזער (צינצינאַטוס) אַבֿרהם י.



זון פון נחום און דבורה אסתר. גע-בוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 30-טן יאַ-נואַר 1894. אין די יונגע יאָרן, אין דער אַלטער היים, האָט ער אַלס האַנדלס-אַנגע-שטעלטער אַרויסגעוויזן זיין אַקטיוויטעט ביי דער גרינדונג פון אומלעגאַלן האַנדלס-אַנגעשטעלטע פאַראיין ביי די ס.ס.'ישע אָרגאַניזאַציע. קיין אַמעריקע איז ער גע-קומען דעם 7-טן יולי 1913.

אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו-יאָרק פאַרנעמט ער אַן אָנגעזעענעם אָרט. ער איז איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פאַר די לעצטע 25 יאָר פון די ערשטע דזשיאַלאָשינער חבֿרה אַנשי בני אחים. פאַר דער צייט האָט ער דאָרט געהאַט דעם אַמט אַלס פּרעזידענט, וויצע-פּרעזידענט, פינאַנס סעקרעטאַר און איצט איז ער דאָרט דער טשערמאַן פון דער סעמעטערי. פאַר 10 יאָר צוריק, נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז ער געווען פּרעזידענט פון דזשיאַלאָשינער רעליף-קאָמיטעט אין ניו-יאָרק. אַ לאַנגע צייט געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער אַרבעטער רינג בראַנטש 261 און איינער פון די גרינדער פון אַרבעטער רינג בראַנטש 324, ווי אויך פון טשענסטאָכאָ-ווער הילף-פאַראיין אין ניו-יאָרק און איינער פון די גרינדער און ערשטער וויצע-פּרעזידענט פון יונייטעד טשענ-סטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו-יאָרק. איצט איז ער שוין 9 יאָר צייט דער פּרע-זידענט פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רע-ליף-קאָמיטעט. ער איז אַן אַקטיווער מיט-גליד פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". אַ דאַנק זיין טעטיקייט איז ער


פאמיליע קרעמסקי
זיצט פון רעכטס צו לינקס: א. י. סענזער (פרעזידענט פון רעליף)

פארטראטן פאר די לעצטע 10 יאר אין אדמיניסטראציע-באארד פון דער אמעריקאנער פעדעראציע פון פוילישע יידן; אין אדמיניסטראציע-באארד פאר די לעצ-


מרדכי און בעסע קרעמסקי

טע 6 יאר אין „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטעט", אין אדמיניסטראציע-באארד פאר די לעצטע 8 יאר פון דער געזעלשאפט „ארט", עקזעקוטיוו-מיטגליד פון מאג-העטן אפטיילונג פון אמעריקאנער יידישן קאנגרעס, עקזעקוטיוו-קאמיטע מיטגליד פון אידישן וועלט קאנגרעס און אין אד-מיניסטראטיוון קאמיטעט פון דזשואיש קאונסיל פון ראשען וואר רעליף אין ניו-יארק פון זיין ערשטער גרינדונג אן.

ער האט חתונה געהאט דעם 5-טן אוי-גוסט 1917 אין ניו-יארק מיט סעידי יאקובאוויטש (דזשייקאבס). זיי האבן 3 קינדער: ישראל — האט געדינט אין דער אמעריקאנער ארמיי, און די טעכטער חיה שרה און מלכה.

## סענזער (צינצינאטוס) סעידי

טאכטער פון ישראל און פערל יאקו-באוויטש (דזשייקאבס). געבוירן אין טשענסטאכאוו דעם 28-טן מערץ 1896. געקומען קיין אמעריקע דעם 20-טן דע-צעמבער 1912. זי איז די פרוי פון אברהם יעקב סענזער.

סעידי סענזער איז איינע פון די טע-טיקסטע פרויען אין יידישן געזעלשאפט-לעבן אין ניו-יארק. זי איז איינע פון די גרינדער פון די דזשיואלאשינער לוידיס אקזילערי פון דער ערשטער חברה אנשי בני אחים, דארט געוועזן טשערליידי און וויס-פרעזידענט פאר א לאנגער צייט, און איצט — עקזעקוטיוו-מיטגליד. זי איז איינע פון די גרינדער פון טשענסטאכאווער הילף-פאראיין און טשענסטאכאווער לוידיס אקזילערי, דארט געוועזן טשערליידי און איצטיקע לאנג-יאריקע סעקרעטארן; איינע פון די טע-טיקסטע מיטגלידער פון דעיווויד מאיעס מלביש ערומים — געוו. וויס-פרעזי-דענטן און איצט עקז.-מיטגליד; איינע פון די גרינדער פון „סטאר טשאריטי סיסטערס" — דארט געוועזן וויס-פרע-זידענטן, פרעזידענט און איצט טרעזשו-רער און עקזעקוטיוו-מיטגליד. זי איז אקטיוו אין בוך-קאמיטעט „טשענסטאכא-ווער יידן".

## סענזער אירווינג (צינצינאטוס איסער)



זון פון נחום און דבורה. געבוירן אין טשענסטאכאוו דעם 17-טן יאנואר 1901. ער האט חתונה געהאט מיט גיטל סענזער. געקומען פון דייטשלאנד קיין אמעריקע דעם 23-טן יאנואר 1923. ער איז א מיט-גליד פון די דזשיואלאשינער סאסייעטי אנשי בני אחים און פון טשענסטאכאווער בר. 11 ייד. פראט. פאלקס-ארדן אין ניו-יארק.

## סענזער (צינצינאטוס) גיטל (גאסי)

טאכטער פון אברהם און איטע. געבוירן דעם 27-טן מערץ 1901 אין טשענסטאכאוו געקומען קיין אמעריקע יוני 1913. זי איז געוועזן די פרוי פון אירווינג סענ-זער. געוועזן א מיטגליד אין די דזשיוא-לאשינער לוידיס אקזילערי און אין יידישן פראטערנאלן פאלקס-ארדן.

גיטל סענזער איז געשטארבן דעם 2-טן יוני 1943, אין ניו-יארק.

## סקאווראנעק הערשל



געשטארבן אין טשענסטאכאוו אין 1918 אין עלטער פון 55 יאר.

## סקאווראנעק רייזל



טאכטער פון בערל און חנה מאסס. געשטארבן אין ניו-יארק אין עלטער פון 61 יאר, אפריל 1931.

## סקאווראנעק רפאל

זון פון הערשל און רייזל. געשטארבן דעם 12-טן נאוועמבער 1936 אין ניו-יארק אין עלטער פון 44 יאר.

## סקאָווראָנעק איזידאָר



זון פון הערשל און רייזל. געשטאָרבן דעם 2-טן מערץ 1943 אין ניו-יאָרק אין עלטער פון 48 יאָר.

---

## סקאָווראָן (סקאָווראָנעק) יחיאל

זון פון הערשל און רייזל. געבוירן דעם 10-טן יוני 1898 אין קלאָבוצק. געקומען קיין אַמעריקע דעם 23-טן דעצעמבער 1921. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר צימערמאַן. איז אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

---

## סקאָווראָן (סקאָווראָנעק) אַלעקס

זון פון הערשל און רייזל. געבוירן אין קלאָבוצק דעם 23טן דעצעמבער 1899. געקומען קיין אַמעריקע דעם 5-טן אויגוסט 1920. ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל דרילינגס. ער איז אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

## סקאָווראָן (סקאָווראָנעק) דזשעק

זון פון הערשל און רייזל. געבוירן אין קלאָבוצק אין 1902. ער האָט חתונה געהאַט מיט לאה קליין. געקומען קיין אַמעריקע דעם 10-טן דעצעמבער 1920. זיין זון הערי האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## ליטמאַן דזשאָ (יאָסל)



זון פון ר׳ מאיר יונה און ביילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 18-טן אַפּריל 1898. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. חתונה געהאַט אין לאָנדאָן (ענגלאַנד) אין 1925. וויצע-פּרעזידענט פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע אין לאָנדאָן.

---

## נידזינסקי יוסף

זון פון אַבֿרהם און שרה. פאָטער פון שמעון. געבוירן אין ראַדאָשיץ (פּוילן). געשטאָרבן אין עלטער פון 92 יאָר אין פּרזשעבאָרזש (פּוילן) אין 1915.

---

## וואָלף ענזעל

שיקאַגאָ

## ענזעל חיים



זון פון אָשר און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, דעצעמבער 1890. געקומען קיין אַמעריקע אין 1911. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק. געשטאָרבן אין ניו-יאָרק דעם 23-טן יוני 1941.

---

## ענזעל חנה



מוטער פון מיכל, וואָלף, הענע, קריינדל נחמן, חיים און פייגל. זי איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1913.

---

## ענזעל מאַקס



זון פון אָשר און חנה. געבוירן דעם 5-טן אויגוסט 1896 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. ער איז אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

---

# ע

## עבערסמאַן יודל

פּיערמאָנט, נ. י.



זון פון מרדכי יוסף און רודל-מינדל. געבוירן דעם 28-טן אָקטאָבער 1880. געקומען קיין אַמעריקע 1920.

---

## עווענסאָן חנה

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

טאָכטער פון אַבֿרהם און שיינדל מאַלאַרסקי. געבוירן אין נאָווידוואָר דעם 10-טן יולי 1892. געקומען קיין אַמעריקע דעם 24-טן נאָוועמבער 1908. איז טעטיק אין „ראַשן וואָר רעליף״. זי איז אַ מיטגליד אין פראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן אין לאָס אַנדזשעלעס.

## ענזעל אשר

פאָטער פון מיכל, וואָלף, הענע, קריינדל נחמן, חיים און פייגל. ער איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1917.

## ענזעל לענאַ

ניו־יאָרק

## ענזעל נייטען

שיקאַגאָ

זון פון ישראל און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25־טן אָקטאָבער 1894. ער האָט חתונה געהאַט מיט ליליאַ שיפּפער. געקומען קיין אַמעריקע 1914. ער איז אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## עססיג אַברהם

געשטאָרבן 1908 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 85 יאָר.

דער זיידע פון איטע לענטשנער, נ. י.



## עססיג דבורה אסתר

(פון דערהיים — שטרויס)

געשטאָרבן 1906 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 80 יאָר.

די באָבע פון איטע לענטשנער, נ. י.

## עססיג סעמיועל

קליוולאַנד, אָהייאָ

זון פון הערשל און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 16־טן אויגוסט 1892. געקומען קיין אַמעריקע דעם 10־טן סעפּטעמבער 1911. ער איז אַ מיטגליד פון אַמעריקען לידזשאָן, יידישע מלחמה וועטעראַנען, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, בני ברית און פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק.

זיינע 2 זין האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער נייווי.

## עפשטיין שלמה יצחק



זון פון אהרן און טאָבע. געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר, אין 1932, אין נאָוואָראַדאָמסק.

## עפשטיין הערשל

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.



הערשל עפשטיין און ר. פעדערמאַן

זון פון שלמה יצחק און טעמע. געבוירן דעם 27־טן סעפּטעמבער 1888 אין נאָוואָראַדאָמסק. פון 1903 ביז 1913 איז ער אין פוילן געווען איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער ס.ס.׳ישער פּאַרטיי. אין 1913 איז ער געקומען קיין אַמעריקע און זיך אַנגעשלאָסן אָן דער פועלי־ציון און אָן יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. ער איז אַ מיטגליד פון אַרבעטער רינג און לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון זיין בראַנטש און איז טעטיק אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, געווערקשאַפטן קאַמפּיין, הסתדרות און איז איינער פון די גרינדער פון נאָוואָראַדאָמסקער און טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיינען אין לאָס אַנדזשעלעס. איז אַ איבערגעגעבענער און פאַראַנטוואָרטלעכער טוער, וואָס רופט אַרויס צו זיך אַנערקענונג און דרך־ארץ. ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה שאַריגראַד. זיין זו־ האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער נייווי

## עפשטיין שרה

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.



טאָכטער פון ישראל איסר און לאה שאַריגראַד. געבוירן דעם 17־טן יוני 1891 אין נאָוואָראַדאָמסק. אין די יאָרן 1903—1913 האָט זי געהערט אין פוילן צו דער ס.ס.׳ישער פּאַרטיי. געקומען קיין אַמעריקע 1913.

שרה עפשטיין איז אַ מיטגליד פון אַרבעטער רינג, ראָזענבלאַט לייען־קרייז, הסתדרות, אויך טעטיק אין יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. זי איז איינע פון די גרינדער פון נאָוואָראַדאָמסקער און טשענסטאָכאָווער הילף־פאַראיינען.

## עפשטיין פייגעלע

לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.



טאָכטער פון הערשל און שרה. געבוירן דעם 19־טן יולי 1926 אין סט. גאַבריעל, קאַליפאָרניע.

## עפשטיין ישראל יצחק

זון פון יחזקאל און רייזל. געבוירן אָקטאָבער 1881 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע 1903. ער איז אַ מיטגליד פון די ערשטע דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אין ניו־יאָרק און דאָרט אַן אַקטיווער עקזעקוטיוו־מיטגליד. זיין זון פייוול האָט געדינט אַלס סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

# פּ

## פּאַקעלע לייבל און פרוי



## פּאָל (פּאַקולאָ) איסר

שיקאַגאָ



זון פון מענדל און רייזל. געבוירן אין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק דעם 5-טן אָקטאָבער 1885. ער האָט חתונה געהאַט מיט חנה וועלנער. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן מאַי 1914. אין טשענסטאָכאָוו געווען יאָרן לאַנג טעטיק אין דער ס.ס.׳ישער פּאַרטיי. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל פּאַראיין אין שיקאַגאָ, טרעזשורער פון אַן אינסטיטוציע פאַר אויפזיכט איבער יידישע קינדער אין שיקאַגאָ.

## פּאָל (פּאַקולאָ) וועלוול

שיקאַגאָ



די קינדער פון וועלוול פּאַקולאָ
מענדל און רחל

זון פון מענדל און רייזל. געבוירן אין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק דעם 1-טן מאַי 1888. ער האָט חתונה געהאַט מיט שיינדל גראָסמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25-טן מערץ 1922. ער און זיין פרוי זיינען טעטיקע מיטגלידער אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל פּאַראיין און אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ. לאַנגיאָריקע עקזעקוטיוו-מיטגלידער און טעטיק אין רעליף קאָמיטעט.

זייער זון מענדל האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פּיעפּש אַברהם



זון פון יצחק שלמה און פריידע. געבוירן אין קאָניעצפּאָל (פּוילן) 1870. ער איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו 1935.

## פּעפּער טעסי (טויבע) און מעקס (מאיר)



זון פון אַבֿרהם און דינה פּיעפּזש. געבוירן דעם 14-טן אַפּריל 1900 אין טשענסטאָכאָוו. געוואוינט אַ סך יאָרן אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. געקומען קיין אַמעריקע 1919. געהערט אַמאָל צום אַרבעטער רינג, דערנאָך צום אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. מיט 15 יאָר צוריק געווען טעטיק אין טשענסטאָכאָווער פּאַראיין אין דעטראָיט, געווען אויך טעטיק אין פראַטערנאַלן אָרדן אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.; פאַרנומען דורך דער צייט פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אַמטן, איצט טשערמאַן פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס.

זייער זון שעלטאָן סעם, געבוירן דעם 14-טן נאָוועמבער 1920, האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

מעקס פּעפּער וואוינט איצט 224 ס. פּאָינסעציא פּלעיס, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

## פּאָזנער חיה שרה

טאָכטער פון יעקב און אסתר. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1902. געקומען קיין אַמעריקע 1920. געהערט צום אינטערנאַציאָנאַלן אָרדן, „איקאָר", לייען-קרייז „גאָרעליק", „איקוף". פאַרנעמט אַמט פון סעקרעטאַר אין לייען-קרייז „גאָרעליק". זי איז די פרוי פון רפאל פּאָזנער.

## פּאָזנער רפאל

זון פון יחיאל יצחק און פערל יהודית, געבוירן אין ליטאָמירסק 1898. פאַרן קומען קיין אַמעריקע געוואוינט אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיע, קובא מעקסיקע, גוואַטעמאַלע און זיד-אַמעריקע. געקומען קיין צפון אַמעריקע 1926.

## פּראָקאָש ר׳ יוסף ע״ה

(יאָסעלע קיר׳ה)

אין טשענסטאָכאָוו איז ער געווען באַקאַנט אַלס ר׳ יאָסעלע קיר׳ה. איז געווען איינער פון די טיפּן יידן, וואָס איז אין דער לעצטער צייט כמעט ניט צו געפינען.

באַשיידן, אַ רואיקער פון דער נאַטור. האָט ער אין טשענסטאָכאָוו געהאַט בלויז גוטע פריינד און עס האָט זיך אין שטאָט ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל האָבן אויף אים געריידט אַ שלעכט וואָרט. ער איז געווען מורה הוראה און מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ראַבינאַט.

ר׳ יאָסעלע איז געווען איינער פון די גרעסטע לומדים אין טשענסטאָכאָוו, יומם ולילה געזעסן על התורה. ניט איינמאָל האָט מען אים געדאַרפט דערמאָנען צו דער מאָלצייט — אַזוי פאַרטיפט איז ער געווען אין לערנען. זיין הויז איז שטענדיק געווען אַ בית ועד לחכמים. מענטשן פון דער גאַנצער שטאָט זיינען צו אים געקומען פרעגן קשיות און לערנען, און סתם זיך שואל עצה זיין אין פאַרשיידענע ענינים, ווי אויך מיט דין-תורה׳ס. און פסק׳ענען שאלות וועגן כשרות. איז ער געווען אַ מקיל. אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט „טריפה" איז אים זייער שווער אָנגעקומען.

ר׳ יוסף פּראָקאָש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1872 אין גאַליציע. קיין טשענסטאָכאָוו האָט אים געברענגט דער באַקאַנטער און אונדזער שטאָט גביר ר׳ נאָטל פּאַנקאָווסקי צו לערנען מיט זיינע קינדער און איידעמעס. פון דעמאָלט אָן האָט ער געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו און חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר׳ הערש יואל אַמסטאָווער.

באַליבט און געשעצט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע איבערצייגונגען, איז ר׳ יאָסעלע קיר׳ה געווען איינער פון די טשענסטאָכאָווער באַלעבאַטים מיט וועלכע טשענסטאָכאָוו האָט שטאָלצירט. ער האָט געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין 1939—1945.
ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

---

## פרעגער גרשון ע״ה



געקומען קיין טשענסטאָכאָוו 1911 פון בריסק. באַקאַנט געווען אין אונדזער שטאָט אַלס ציוניסט און געזעלשאַפטלעכער עסקן. באַטייליקט זיך אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מעטאַל-אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו.
געשטאָרבן 1942 אין טשענסטאָכאָוו.

---

## פיטטעל יודל

שיקאַגאָ

זון פון שלמה מאיר און גיטל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 18-טן יולי 1889. געקומען קיין אַמעריקע דעם 26-טן יולי 1912. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

---

## פינקוס בנימין

זון פון אהרן און גענענדל. געבוירן דעם 1-טן יולי 1880 אין טשענסטאָכאָוו.

## פילין פּאָליאַ



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. באַזוכט די טשענסטאָכאָווער י. ל. פרץ שולן. געקומען קיין אַמעריקע 1930 און איז דאָ באַרימט געוואָרן אַלס אַרטיסטין-מאָלערין. זי האָט געהאַט אויסשטעלונגען אין ניו-יאָרק, שיקאַגאָ און אין אַנדערע פּלעצער און אומעטום איז זי וואַרעם אויפגענומען געוואָרן.



„שיקאַגאָ סאַיד סטריט״, פון פילין פּאָליאַ



„ניו מעקסיקאָ לאַיף״ פון פילין פּאָליאַ

## פיינסקי לייזער

דעטראָיט



זון פון ישראל משה און חוה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן דעצעמבער 1900. ער האָט חתונה געהאַט מיט חיה שולדינגער. געקומען קיין אַמעריקע דעם 18-טן פעברואַר 1921. אין טשענסטאָכאָוו איז ער געווען טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע פון די „ס.ס.-פאַראייניקטע". ער איז פרעזידענט אין דער סאָסנאָוויצער און בענדינער סאָסייעטי און געוו. פרעזידענט און אַקטיווער מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין. זיין זון מאַקס און דער איידעם סאָול פישמאַן האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פראָדעל פעסי

שיקאַגאָ



פעסי פראָדעל מיט איר פאַמיליע

טאָכטער פון הערשל און חיה קאַפּלאַן. געבוירן אין לובין, לובלינער קרייז, דעם 10-טן מערץ 1905. געקומען קיין אַמע-ריקע דעם 12-טן מאַי 1914. זי איז טשערלידי פון דער טשענסטאַכאָווער אייד סאָסייעטי און וויים-פרעזידענטן פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאל פאַר-איין אין שיקאַגאָ. זי איז איינע פון די איבערגעגעבנסטע און אַקטיווסטע טוער פון די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין שיקאַגאָ; באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע קאַמפּיינס וואָס די אָרגאַניזאַ-ציעס פירן דורך.

## פעלץ פערל



אַרן פעלץ מיט זיין פרוי פערל

טאָכטער פון יצחק און מלכה געלבער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1872.

---

# פ

## פייולאָוויטש דאָברע



טאָכטער פון נחום און מרים, געשטאָרבן אין עלטער פון 89 יאָר אין טשענ-סטאָכאָוו.

## פייולאָוויטש טאָבע

שיקאַגאָ



טאָכטער פון אַבאַ און דאָברע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1886. געקומען קיין אַמעריקע 1913.

## פייולאָוויטש מאיר



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1888. האָט געאַרבעט אין ווערדעס נאָדל-פאַבריק (איגליאַרניע), וואו עס זיינען געווען באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל יידישע אַר-בעטער (אַן ערך 30 פּראָצענט). מאיר האָט געהערט צו דער פּועלי-ציון פּאַרטיי און געווען מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט. אין 1904 האָט ער געהאָלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון דער נאָדל-פאַבריק און גרינדן דעם אומלעגאַלן מעטאַל-אינ-דוסטריע-פאַראיין.

צוליב די פאַרפאָלגונגען פון זיין פאַ-מיליע איז ער אַוועק קיין לאָדזש. דאָרט געווען טעטיק אין „בונד" אונטערן פסעוודאָנים „דער שוואַרצער מאיר" נאָכן „בלוטיקן מיטוואָך" אין לאָדזש איז ער, אין 1905, צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און ווידער זיך אָנגעשלאָסן אָן די פּועלי-ציון.

זייענדיק איינמאָל באַשטימט אַריבער-צופירן 1-טע מאַי אויפרופן, איז ער, צוזאַמען מיט אַ צווייטן חבר, יעקב וויגענסבורג (איצט אין קאַנאַדע) אַרעס-טירט געוואָרן. ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ שמוקלער, געגומען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און איז אָפּ-געזעסן עלף און אַ האַלב חדשים אין טורמע. אין 1906 איז ער ווידער אַרעס-טירט געוואָרן און איז אַנטלאָפן פון דער קאַזאַרמע וואו מען האָט אים געהאַלטן. די זעלנער האָבן אים נאָכגעשאָסן און גע-טראָפן אַ קויל אין פוס. לויט די בלוט-צייכנס האָט מען אים געכאַפּט און אָפּגע-פירט אין שפּיטאָל. פון דאָרט איז ער ווידער אַנטלאָפן, איז אָפּגעווען אין ווין אַ שטיקל צייט און צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

אין אַן איבערפאַל אויף דער ס.ס.'ישער „גאָלדעס טשיינע" איז ער ווידער אַרעס-טירט געוואָרן צוזאַמען מיט 38 פּערזאָן. און ווידער — פּראָצעס און טורמע.

נאָך דער באַפרייאונג פון דער טורמע איז ער ווידער אַוועק קיין ווין, וואו ער האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק און איז געווען טעטיק אין דער פּועלי-ציון פּאַרטיי.

קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין 1914 און איז געווען טעטיק אין דער פּועלי-ציון פּאַרטיי און אין טשענסטאָ-כאָווער אַרבעטער רינג ברענטש אין שי-קאַגאָ. שפּעטער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער לינקער באַוועגונג און איז אַריין אין אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-אָרדן. ער איז אויך צום אָנהייב געווען טעטיק אין „איקאָר" און האָט זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילף-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

---

## פרייטאָג גאָדל



געבוירן 1895 אין טשענסטאָכאָוו. זיין טאַטע — יצחק משה — איז געווען אַ שניידער. זיין ערשטע קינדערשע איבער-לעבונג איז געווען דער פּאָגראָם אין 1902. ער האָט דעמאָלט געלערנט אין חדר ביי הערצקע מלמד. אין טאָג פון פּאָגראָם איז זיין מאַמע, כאַשע, פאַרשטעלט אַלס קריסטין, געקומען אים נעמען אַהיים. געוואוינט האָבן זיי דעמאָלט אין וועקס-לערס הויז אויף אַלעע 6 — איינע פון די גרעסטע הייזער אין טשענסטאָכאָוו, מיט צוויי הויפן און צוויי אייזערנע טויערן. דאָ האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ סך יידן מיט זייער ביסל „בעבעכעס".

בשעת דעם אָקטאָבער-סטרייק און פּראָ-קלאַמירונג פון דער צאַרישער קאָנסטי-טוציע אין 1905 האָט גאָדל פרייטאָג שוין געפירט אַ פּראָצעסיע פון קינדער מיט אַ פּאַפּירענער רויטער פאָן, וואָס זיין טאַטע האָט פאַר אים געמאַכט.

צו 13 יאָר האָט ער אָנגעהויבן אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ קאָלאָניאַל-געשעפט און אין 1912 טרעט ער אַריין אין דער פּועלי-ציון פּאַרטיי. אין די אָוונטן האָט מיט אים געלערנט היפּעק גייזלער (שפּע-טער דר. היפּאָליט גייזלער), וואָס האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן אויף אַלעע 4 און דאָרט געפירט אַ בילדונג-קרייז פאַר נישט-פאַרמעגלעכע קינדער.

אין 1914, בשעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט ער געוואוינט מיט זיינע עלטערן אויף פּילסודסקי (פריער דאַ-יאַזד) 27. די פּועלי-ציון, אַזוי ווי די אַנדערע פּאַרטייען, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. די ערשטע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון אַבֿרהם גאָטליב און אין אַרטעל פון שמעון וואַלד-פאָגל. ווען די אַרבעטער-היים איז גע-גרינדעט געוואָרן, איז ער געווען אויף אַרבעט אין „פרידנס-הוטע", לעבן בויטן, אין דייטשלאַנד. ער נעמט דאָרט אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער גרינדונג פון אַ קולטור- און אונטערשטיצונג-פאַראיין. אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין זיי-נען דערוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע טשענ-סטאָכאָווער : בראַקמאַן, לעווענהאַף, פּיי-ערמאַן, פעלדמאַן, גאָדל פרייטאָג און בערל (זיין פאַמיליען נאָמען פאַרגעסן).

אין 1917 איז גאָדל פרייטאָג צוריק-געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, איז גע-וואָרן אַ באַן-אַרבעטער, האָט זיך אָנגע-שלאָסן אָן מעטאַל-פאַראיין, וואָס איז אָר-גאַניזירט געוואָרן ביי די ס.ס.; ער איז דערוויילט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטונג-מיטגליד. אין בלימל-טאָג, וואָס דער פאַראיין האָט איינגעאָרדנט, האָט ער מיט זיין פּאַרטנערקע חברטע רעגיע גראָס, שפּעטער פרוי שלעזינגער, געוואונען דעם ערשטן פּרייז.

אין 1918 האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן די קאָאָפּעראַטיוון. גאָדל פרייטאָג איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין קאָאָפּע-ראַטיוו „אַרבעטער-היים" (פון די פּ"צ) און איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון די פּועלי-ציון אין טשענסטאָכאָוו. ווערט געוויילט אַלס דעלעגאַט צום אַרבעטער-ראַט פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע; צו-זאַמען מיט שמחה רייך און יעקבֿ קויפ-מאַן נעמט ער אַן אַקטיוון אַנטייל אין די וואַלן צום ערשטן שטאָט-ראַט, וואו די פּ"צ האָבן דערוויילט צוויי ראַטמענער. ער האָט געהאָלפן שאַפן די „באַראַכאָוו-קינדערהיים" און די ביליקע קיך ביי דער קינדערהיים און איז געווען טעטיק אין האַנדלס-אָנגעשטעלטע פאַראיין. זיין פּאַר-טיי-אָנגעהעריקייט האָט אים נישט גע-שטערט מיטצואַרבעטן מיט אַנדערע פּאַר-טייען אין אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

בעת דער שפּאַלטונג אין דער פּ"צ-פּאַר-טיי אין 1291, אויף רעכטע — אונטער דער פירערשאַפט פון ד"ר שיפּער, און לינ-קע — אונטער דער לייטונג פון זרובבל, איז גאָדל פרייטאָג געבליבן מיט ז רעכטע, וועלכע האָבן צום אָנהייב פאַרנו-מען דעם לאָקאַל פון דער אַרבעטערהיים; זיי זיינען אָבער געווען אַ מינדערהייט און זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער פאַראיין, נוצנדיק אַלס לאָקאַל די וואוינונג פון חבר ווין.

אַלס פאַרשטייער פון די רעכטע פּ"צ האָט ג. פ. אַנטייל גענומען אין 1923/24 אין פּאַלעסטינע-אַמט און געהאָלפן ביי דער עליה קיין ארץ-ישראל. אין דער „הכשרה" פון „החלוץ", וואָס די טשענ-סטאָכאָווער פּ"צ האָבן געגרינדעט אין לינקאָווע ביי פּיעטרקאָוו, איז ער געווען איינער פון די פּאַטראָנען.

ביים אָפּפאָרן פון טשענסטאָכאָוו קיין ארץ-ישראל אין 1925 האָבן אין באַנקעט לכּבֿוד אים אָנטייל גענומען רעכטע אַזוי ווי לינקע פּועלי-ציון. לעאָן זיידמאַן, פירער פון די לינקע פּ"צ האָט אים גע-ווידמעט אַ ליד און שמחה רייך האָט אים איבערגעגעבן, אין נאָמען פון דער פּאַר-טיי, אַ זשעטאָן פאַר זיין געטרייער אַרבעט.

זיין אָרגאַניזאַציע-טעטיקייט אין ארץ-ישראל הייבט זיך אָן מיט דער גרינדונג פון „קבֿוצה-פרייטאָג". דאָ איז געווען אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן מיט דער צושטימונג פון דער הסתדרות גע-אַרבעט אַלס קאָלעקטיווע גרופּע ביים בויען הייזער. זייער ערשטע אַרבעט איז געווען ביים בויען דאָס הויז פון אַבאַ ליבראָוויטש. ווען די טשענסטאָכאָווער עולים אין ארץ-ישראל האָבן זיך אָרגאַני-זירט אין אַ באַזונדער לאַנדסמאַנשאַפט-פאַר-איין און ווען ס'איז דערנאָך געשאַפן געוואָרן דער פאַראיין „עולי טשענ-סטאָכאָוו", איז ער געווען פון די ערשטע מיטצוהעלפן די אָרגאַניזאַציע-אַרבעט און איז צוזאַמען מיט משה זילבערשאַץ דער-וויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון „עולי פּולניה". אין 1929 ווערט ער דער-וויילט פאַרזיצער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט-פאַראיין אין תל-אביבֿ און רבֿ ישי (דער וואָלער רבֿ) — ערן-פאַרזי-צער. אין 1931 האָט ער גענומען אַן אַנ-טייל אין שאַפן די באַנק פאַר פּוילישע יידן אין ארץ-ישראל.

נאָך דעם ווי די אַרבעט ביים הייזער-בוי האָט אויפגעהערט, האָט די טשענ-סטאָכאָווער גרופּע „קבֿוצה-פרייטאָג" גע-אַרבעט ביי וועגן-בוי (שאָסיי-אַרבעט). דערנאָך האָט ג. פ. געגרינדעט אַ טוי-פּאַקעריי און עקספּאָרטירט זיין טוי אין פאַרשיידענע וועלט-טיילן: אַפריקע, אַמע-ריקע, קאַנאַדע, פראַנקרייך אאַז"וו. זיין טוי-פירמע האָט באַקומען אויסצייכענונ-גען אויף דער וועלט-אויסשטעלונג אין תל אביבֿ אין 1929 און אין פּאַריז — אין 1931. אין 1932 האָט ער באַזוכט פראַנקרייך, בעלגיע און פּוילן און אָר-גאַניזירט דעם עקספּאָרט פון אַ גאַנצער ריי אויסאַרבעטונגען אין ארץ-ישראל. זיין הייסע ליבע צום יידישן טשענסטאָכאָוו האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. ער האָט צוויי מאָל באַזוכט טשענסטאָכאָוו. דאָס לעצטע מאָל — אין 1937. ער האָט גע-שריבן אין דער „טשענסטאָכאָווער צײַ-טונג" און אין „אונזער וועג" (ציוניס-טיש וואָכנבלאַט אין טשענסטאָכאָוו) און

פאַרשפּרייט די טשענסטאָכאָווער ייִדישע צייטונגען אין ארץ-ישראל. אויף זיינע רייזעס איבער פאַרשיידענע לענדער האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ סך טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און אַגיטירט פאַר דער אידעע צו גרינדן אַ טשענסטאָכאָווער קאָלאָניע אין ארץ-ישראל און אַ וועלט-פאַרבאַנד פֿון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַלע וועלט-טיילן.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט ער געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך צו אָרגאַניזירן די הילף-אַקציע פאַר טשענסטאָכאָווער און העלפן די טשענסטאָכאָווער פּליטים אין סאָוועטן-פאַרבאַנד און אין אַנדערע לענדער.

ער האָט אויך אַ סך מיטגעהאָלפן צום דערשיינען פון היסטאָרישן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", מיט געלט-זאַמלונגען און באַריכטן פון לעבן פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ארץ-ישראל.

אין 1939, ווען עס האָט זיך געגרינדעט די ארץ-ישראל מיליץ „משמר אזרחי", איז גאָדל פּרייטאָג געוועזן איינער פון אירע גרינדער און מיטגלידער. ביז איצט האָט ער שוין באַקומען אַן אויסצייכענונג פאַר זיינע 5 יאָר דינסט. זיין טאָכטער איז איינע פון די יינגסטע אָפיצירן אין דער „משמר אזרחי".

## פאָגעל ר' עקיבא ע"ה



געקומען קיין טשענסטאָכאָוו פֿון לאַסק, ביי לאָדזש. ער האָט געלערנט אין אַמסטאָוו ביי טשענסטאָכאָוו און שוין אין די יונגע יאָרן געהאַט אַ שם אַלס עילוי. פאַרנומען זיך מיט צדקה און מעשים טובים פאַר אָרעמעלייט אין אונדזער שטאָט און שטענדיק געזעסן און געלערנט. ער איז אויך געוועזן דער גרינדער פון דעם ערשטן מאַנופאַקטור-געשעפט אין טשענסטאָכאָוו.

געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1940 און דאָרט געבראַכט געוואָרן צו קבֿורה.

ת'נ'צ'ב'ה'

## פאָגעל מענדל

געבוירן 1880 אין לאַסק (לעבן לאָדזש). גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין טשענסטאָכאָווער געזעלשאַפטלעכן לעבן; געוועזן פּרעזעס פון דער „אגודת ישראל" און דאָזאָר אין דער קהילה.

געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

## פּאַקס אַבֿרהם

דעטראָיט

זון פֿון עקיבֿה און לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1893. ער האָט חתונה געהאַט מיט דזשעני קראַקאָווסקי. געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. אין טשענסטאָכאָוו איז ער געוועזן דער פאַרוואַלטער פון קאָאָפּעראַטיוו פון די לינקע פּועלי ציון. אויך איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. ביזן יאָר 1938 איז ער געוועזן דער סעקרעטאַר פון פאַראיין. זיין פרוי, דזשעני, איז טעטיק אין דעם לייען-קרייז ביים יידישן פאָלקס-אָרדן און אין די יידישע שולן פון פאָלקס-אָרדן אין דעטראָיט.

## פינקעל סעם



זון פון יהודה משה און איטע ביילע. געבוירן דעם 22-טן דעצעמבער 1882 אין זאַוויערטשע, שפּעטער געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 16-טן נאָוועמבער 1906. געהערט צו ברענטש 90 פֿון אינט. אַרבעטער אָרדן, מיטגרינדער פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן, און איז אין אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון יידישן קאָנגרעס, ווי אויך פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל; איינער פון די גרינדער פון דער יידישער סעקציע פון ראָשן וואָר רעליף; געוועזענער אַקטיווער טוער אין דער בעקער יוניאָן; מיטגרינדער פון דער בענדין-סאָסנאָווצער סאָסייעטי און פּראַטוירנאַל אָרדער אָוו בענדין-סאָסנאָוויץ.

סעם פינקעל איז אין 1938 געפאָרן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד (די קאָסטן פֿאַר דער רייזע האָט ער געוואונען אין דעם קאַמפּיין פאַר דער „מאָרגן-פרייהייט").

סעם פינקעל (שמעלקע בעקער) האָט חתונה געהאַט מיט מלכה אורמאַן פון בענדין. 12 יאָר געוועזן אַ בעקער, מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן דעם בעקער-פאַראיין אין בענדין, דאָמבראָווע, סאָסנאָוויץ און טשענסטאָכאָוו; געהערט צו דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג; צוערשט געוועזן אַ מיטגליד פון „בונד", דערנאָך — פון דער ס.ד.ק.פּ.ל.; אַרעסטירט געוואָרן אין בענדין אין 1905 און אָפּגעזעסן 22 וואָכן אין תפיסה, דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן קיין מינסק. נאָכן צוריקקומען קיין טשענסטאָכאָוו איז ער אין 1906 אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. דאָ איז ער געוועזן אַ מיטגליד פֿון בר. 261 אַרבעטער רינג, בעת דער שפּאַלטונג — אַריבער צום אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

## פינקעל בערל

זון פון שמואל און רבֿקה פינקעל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זיין פאָטער איז דאָרט געוועזן אַ העברעאישער לערער אין דער תלמוד תורה. אין 1924 געפאָרן קיין ארץ-ישראל און דאָרט געאַרבעט אין דער „קבֿוצה יהודה אריה" פון די מזרחים. 1928 געקומען קיין אַמעריקע, וואו ער איז באַשעפטיקט ביי לוידיס בעלטס אין ניו-יאָרק.

## פינקלער דייוו

זון פון יצחק מאיר און חיה. געבוירן אין 1879. די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 8 קינדער — 5 טעכטער און 3 זין. דייוו איז געוועזן דער עלטסטער. ער האָט זיך געלערנט שילדן-מאָלעריי. געאַרבעט ביי די באַוואוסטע מאָלער צימבערקנאָפּ און זאַלצמאַן. געקומען קיין אַמעריקע אין 1900. דאָ חתונה געהאַט מיט דזשאזי לעווויט פון ווילין אין 1915. ער איז אַ טעטיקער מיטגליד פון דער ווילינער סאָסייעטי, דאָרט געוועזן אַ פּאָר מאָל פּרעזידענט און אויך געהאַט אַנדערע אַמטן. ער איז אויך אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און שטענדיק מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. זיין איידעם ווילי גאָלדבערג איז געוועזן אַ ליוטענאַנט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פישעל סעידי

טאָכטער פון נחום און מרים. געשטאָרבן געבוירן אין קאמיק 1913. געהערט צו דער שטשעקאָטשינער סאָסייעטי.

איר זון און איידעם — ביידע אָפיצירן — האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פיינער זלמן



זון פון יעקב מאיר און אַדעל, דער פאָטער פון מאיר. געבוירן אין אַמסטראָוו. איז געשטאָרבן אין עלטער פון 42 יאָר, מערץ 1904, אין טשענסטאָכאָוו.

## פיינער (קאַנטאָר) ביילע



טאָכטער פון איטשע און הענע, מוטער פון מאיר. איז געשטאָרבן אין עלטער פון 63 יאָר, אין 1931, אין טשענסטאָכאָוו.

## פיינער מאיר

זון פון זלמן און ביילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן מאַי 1895. ער האָט חתונה געהאַט מיט רויזע וויסאָצקי. פאַרן קומען קיין אַמעריקע איז ער געווען אין לאָנדאָן און אין קאַנאַדע. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן סעפּטעמבער 1916. ער איז אַ טעטיקער עקזעקוטיוו-מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער בר. 261 אַרבעטער רינג און טעטיקער מיטגליד פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.

## פיינער מאיר

זון פון יעקב מאיר און אַדעל; געבוירן אין וויעלון. זיין פרוי, פייגעל פיינער און זייערע קינדער אומגעקומען אין טרעבלינקע אויף קידוש השם.

## פיינער צדוק



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1902. אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אין 1945 דורך די דייטשע באַרבאַרן אין אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער אין דייטשלאַנד.

## פייערטאַג פיליפּ

דעטראָיט



זון פון נאַטע און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעצעמבער 1886. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. ער איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג אין דעטראָיט. זיין זון מאַקס האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פייערשטיין רחל



טאָכטער פון משה און שיינדל גרינבערג און פרוי פון אַברהם זלמן פייערשטיין. געשטאָרבן אין עלטער פון 58 יאָר, אין 1921, אין אַמסטאָוו.

## פייערשטיין אַברהם זלמן

געבוירן אין אָלשטין. איז געשטאָרבן אין עלטער פון 32 יאָר, אין 1882, אין טשענסטאָכאָוו.

## פייערשטיין ברכיה



זון פון אַברהם זלמן און רחל. איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

## פייערשטיין הערי



זון פון אַברהם זלמן און רחל. איז געבוירן געוואָרן אין אַמסטאָוו דעם 6-טן מאַי 1881. ער האָט געוואוינט אין לאָדזש. 1907 האָט ער חתונה געהאַט מיט פרידע שפּיץ פון טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע דעם 4-טן יולי 1909. ער איז עקזעקוטיוו-מיטגליד פון דער ערשטער דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אַחים, מיטגליד פון דזשיאַלאָשינער רעליף קאָמיטעט, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, יאָנג איזראַעל, פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין, פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט, וואו ער איז וויים-פּרעזידענט, און פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן".

זייער פאַמיליע באַשטייט פון 3 קינדער. דער זון, סידני, האָט חתונה געהאַט מיט סיבעל סיימאָן; די טאָכטער ראָוז האָט חתונה געהאַט מיט סעם באַגאַטעל און דער זון דזשאָ האָט חתונה געהאַט מיט מיני שעפּטעל; ער איז געווען אַ לייטענאַנט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פייערשטיין פעני



טאָכטער פון יחיאל און ראַצע שפּיץ. געבוירן דעם 15-טן אַפּריל 1887 אין טשענסטאָכאָוו. דעם 25-טן דעצעמבער 1907 האָט זי חתונה געהאַט מיט הערי פייערשטיין און אין יוני 1910 איז זי געקומען קיין אַמעריקע. זי איז אַ מיטגליד בײַ די לײדיס אקזילערי פון די דזשיאַלאַשינער חברה אנשי בני אחים, האָספּיטאל פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע אין ברוקלין, ראָוז-רובעל סאָסײעטי אין פלעטבוש און בײַ די לײדיס אָקזילערי פון טשענסטאָכאָווער רעליף, ווי אויך פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זײט אײניקע יאָר פאַרנעמט זי דעם אַמט פון וויים-פּרעזידענטן פון די לײדיס אָקזילערי און איז דאָרט אײנע פון די טעטיקסטע פרויען, וואָס אַרבעטן פאַר דער אַלטער היים.

---

## פייערשטיין משה לייב

אָמאַהאָ, נעבּ.



זון פון הערשל און פייגל. געבוירן דעם 10-טן מערץ 1890 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1925. ער איז אַ מיטגליד פון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין אָמאַהאָ, היברו קלוב און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

## פייערשטיין הערשל



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1878. געווען מיטגרינדער און טרעזשורער פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג; אויך מיט גליד און מיטגרינדער פונם טשענסטאָכאָווער רעליף.

געשטאָרבן דעם 31-טן אָקטאָבער, 1938.

---

## פייערשטיין חנה



טאָכטער פון יאַנקל קרעמסקי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט הערשל פייערשטיין און צוזאַמען געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. די פאַמיליע באַשטייט פון 6 קינדער.

די ערשטע עקזעקוטיוו מיטינגען פון הילף-פאַראײן און פון רעליף זײנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הויז פון חנה פייערשטיין. זי איז אויך אַ מיטגליד אין די טשענסטאָכאָווער לײדיס אָקזילערי אין ניו-יאָרק.

---

## פרידמאַן זלמן



זון פון אַברהם. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

## פייערמאַן סאַמועל

דעטראָיט



זון פון מאיר און פייגל. געבוירן אין זשארקי (פּוילן) דעם 17-טן מאַי 1894. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר פייערמאַן. געקומען פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע דעם 7-טן פעברואַר 1922. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן, בר. 42, אין דעטראָיט.



אסתר פייערמאַן

---

## פרוויליך היינריך

סענט לואיס, מיזורי



זון פון יצחק און ניסעל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן סעפּטעמבער 1884. געקומען קיין אַמעריקע דעם 21-טן דעצעמבער 1904. מיטגליד פון בני ברית אָרגאַניזאַציע. געווען אײנער פון די גרינדער פון אַ טשענסטאָכאָווער פאַראײן אין ניו-יאָרק, איז אויך געווען סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג.

## פרידמאַן געלע הינדע



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו ; דאָרט געשטאָרבן יאַנואַר 1904.

## .מאַן פייגל



טאָכטער פון שלמה און אסתר גאָלד־בערג. געבוירן 1893 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1917. זי איז געשטאָרבן דורך אַ טראַגישן פאַרפאַל דעם 3־טן יוני 1922 אין ניו־יאָרק.

## פרידמאַן זיסל

שיקאַגאָ



טאָכטער פון איטשע און צירל קוסי. געבוירן אין גאָרשקאָוויץ אין 1873. געקומען קיין אַמעריקע פון טשענסטאָ־כאָוו אין 1927. זי איז אַ מיטגליד אין די טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל סאָ־סייעטי און אין די אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## פרידמאַן שרה רחל

טאָכטער פון יצחק יעקב און לאה קאַזאַק. געשטאָרבן אין עלטער פון 47, 1904, אין טשענסטאָכאָוו.

## פרידמאַן אברהם

זון פון זלמן און שרה רחל. געבוירן דעם 4־טן יולי 1878 אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט העלען קרעמסדאָרף. געקומען קיין אַמעריקע אין אויגוסט 1903. ער איז אַ מיטגליד אין די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי און אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רע־ליף אין ניו־יאָרק. זיין זון הערי האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## פרידמאַן העלען

טאָכטער פון יידל און חוה קרעמסדאָרף. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15־טן יאַנואַר 1886. געקומען קיין אַמעריקע דעם 22־טן סעפּטעמבער 1902. זי איז זייער טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן — אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון „האַיאַס", טרעזשורער פון דעם גענעראַל באָאַרד אין פאַמיליען סוירקעל קרעמס־דאָרף און פון די אונטערנעמונגען ביי די טשענסטאָכאָווער לוידיס אַקזילערי ; מיטגליד פון בוך־קאָמיטעט „טשענסטאָ־כאָווער יידן" און פון קאָנקורס סענטער סיסטערהוד.

העלען פרידמאַן איז איינע פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער לוידיס אַקזילערי אין ניו־יאָרק.

## פעדערמאַן נתן אביגדור

זון פון איטשע און פּעסע צוטל. געבוירן אין פּרזשעראָוו (פּוילן). ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר, 1914, אין טשענסטאָכאָוו.

## פעדערמאַן מאיר שמעון (סעם)

שיקאַגאָ

זון פון נתן אביגדור און טאָבע. געבוירן אין פּרזשעראָוו אין 1885. גע־קומען קיין אַמעריקע פון טשענסטאָכאָוו אין 1906. ער איז אַ מיטגליד פון היברו פּראָגרעסיוו און טשענסטאָכאָווער עדיו־קיישאַנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ. זיין זון בנימין האָט געדינט אין דער אַמערי־קאַנער אַרמיי.

## פעדערמאַן דוד זלמן

שיקאַגאָ



זון פון נתן אביגדור און טאָבע הינדע. געבוירן אין פּרזשעראָוו (פּוילן) 1884. האָט חתונה געהאַט מיט רחל סאַקס און געקומען קיין אַמעריקע אין 1910. ער איז אַ מיטגליד אין די בענדינער סאָ־סייעטי, היברו פּראָגרעסיוו און אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## פרידמאַן נחום יאַנקל



זון פון אברהם נתן און פריידל. גע־בוירן אין וואַרשע אין 1870. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיסל קוסי. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. געווען אַ מיט־גליד פון טשענסטאָכאָווער נייבאָרהוד סאָ־סייעטי אין שיקאַגאָ ; דאָרט געשטאָרבן אין 1940.

## פריילעך משה

פאָטער פון שלמה, זיסל, דזשאָו, עטל, עמנואל, חוה און אברהם הירש.

רחל מיטלער און לאה גאַרבער.

געשטאָרבן 1907 אין טשענסטאָכאָוו.

## פריילעך דזשאָ

זון פון משה און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1891. ער האָט חתונה געהאַט אין 1912 מיט עטל פּיעפּרזש. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. ער איז אַ מיטגליד אין דער בעקער יוניאָן לאָקאַל 169 און עקזעקוטיוו מיטגליד אין בּרענטש 307 פון יידישן פּראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן.

## פריילעך עמנואל

זון פון משה און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1895. ער האָט חתונה געהאַט אין 1920 מיט חיה פריילעך. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. זיין זון מאָריס איז געווען אַ פרייוויליקער סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פריילעך אַברהם הערש

זון פון דוד און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1904. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1920 און איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער בּרענטש 11 פון יידישן פּראַטערנאַלן פאָלקס-אָרדן.

## פּעפּער אַברהם



זון פון משה און אסתר. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 1-טן מאַי 1888. געקומען קיין אַמעריקע דעצעמבער 1911. ער איז אַ מיטגליד אין די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק.

## פרייערמויער יעקב

געשטאָרבן אין 1918 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 85 יאָר.

## פריימאַר רעליע און טוביה



זון פון יעקבֿ און ריווע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1897. געקומען קיין אַמעריקע 1914. ער געהערט צו דער וולאָשטשאָווער סאָסייעטי. איז אַ דרעס-אָפּעריטאָר.

רעליע פריימאַר איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל לעבן טשענסטאָכאָוו. אין עלטער פון 9 יאָר קומט זי קיין טשענסטאָכאָוו, וואו זי ווערט אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און שליסט זיך אָן אין דער פּאַרטיי ס.ס., וועמענס סדאַרטיקער אָנפירער איז געווען רפאל פעדערמאַן. אונטערן איינפלוס פון פעדערמאַנען, וואָס גייט איבער צום „בונד", טרעט רעליע אויך אַריין אין דער דאָזיקער פּאַרטיי. אין 1924 קומט זי קיין אַמעריקע. צוליב פאַמיליען-ענינים דערוויַיטערט זי זיך אַ ביסל פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, דערציט אירע קינדער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מיטגליד פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי גייען אין אַ יידישער שול. זי אַליין איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג שול 1, וואו זי איז אַ קורצע צייט געווען טשערלוידי.

ווען ר. פעדערמאַן קומט קיין אַמעריקע און הויבּט דאָ אָן זיין טעטיקייט, ווערט רעליע צוריק אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. זי ווערט אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער רעליף, וואו זי איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד. זי איז אויך אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער לוידיס אָקזילערי.

## פרייערמויער לייב און לינע

זון פון יאָקל און פריידע. געבוירן דעם 20-טן אָקטאָבּער 1885 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. מיטגליד פון די „יאָנג מענס". זייערע צוויי זין — מאַקס און אייב — האָבּן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## פרייטאָג הערשל



ר' הערשל פרייטאָג איז געווען אַ באַקאַנטער נאָמען אין טשענסטאָכאָוו. ער איז 50 יאָר געווען שמש אין דער „דייטשער שול". נאָך איידער די שול איז אויפגעבויט געוואָרן איז ער שוין געווען שמש פון אַ מנין, וואָס האָט זיך גערופן „רייכער'ס מנין" אויף ערשטער אַלעע 10. צו וועלכער עס האָבּן געהערט די טשענסטאָכאָווער אַריסטאָקראַטיע, ווי: רייכער, וויערניק, העניג, ווערדע, הערץ, גרויסמאַן, מאַרקוספעלד, גראַדשטיין, פּרוינד, אימיך און אַנדערע. אָט דער מנין האָט געבויט די „דייטשע שול" (נייע סינאַגאָגע) אין 1894. דעם פּלאַץ פאַר דער שול האָט געשענקט העניג.

אין 1935 איז ר' הערשל פרייטאָג געשטאָרבן אין עלטער פון 107 יאָר. גאָדל פרייטאָג, אין ארץ-ישראל, איז זיין אייניקל.

# צ

## צימערמאַן אייזיק

### אויסטראַליע

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט געענדיקט לעדער'ס פאָלקס-שול, באַזוכט די גימנאַזיעס אויפן נאָמען פון מיצקיעוויטשן און שודעיקא און שטודירט רעכטסוויסנשאַפט אין די וואַרשעווער און קראָקעווער אוניווערזיטעטן. אין די לעצטע 15 יאָר אַלס סטודענט איז ער געווען טעטיק אין די יידישע אַקאַדעמישע



קרייזן און ביים אויפבויען די יידישע אַקאַדעמישע היים אין וואַרשע.

אין 1924 באַזעצט ער זיך אין לאָדזש. ער פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז ער טעטיק אַלס וויצע-פּרעזידענט פון צענטראַלן האַנטווערקער-פאַרבאַנד (פּאָלודניאָוואַ 4) אין לאָדזש; אַרבעט אין עקאָנאָמישן ראַט פון יידישן וועלט-קאָנגרעס, אונטער ד"ר טאַרטאַקאָווער; מיטגרינדער פון קלוב פאַר יידישער אינטעליגענץ און גרינדער

פון יידישן אַדוואָקאַטן-פאַראיין אין
לאָדזש און זיין ערשטער פּרעזידענט;
ווען ד"ר זאַמערשטיין האָט געגרינדעט
אין 1933 אַן אַלפּוילישן ראַט פאַר יידי-
שע אַדוואָקאַטן, כדי אים צו העלפן אין
סיים צו פאַרטיידיקן די פּאָזיציעס פון
יידישע אַדוואָקאַטן, איז אַדוו. צימערמאַן
געווען דער פאַרשטייער פון לאָדזש אין
ראַט. אין לאָדזש געווען טעטיק אויך אַלס
פּובליציסט.

אין ווילנע, שוין אַלס פּליט, איז אַדוו.
צימערמאַן איינער פון די גרינדער פון
אַ היים פאַר יידישער אינטעליגענץ.

אין 1941 איז ער געקומען איבער רוס-
לאַנד קיין יאַפּאַן און דאָרט געאַרבעט
אין יידישן פּליטים קאָמיטעט אַלס אַד-
מיניסטראַטיווער לייטער. אין אויגוסט
1941 איז ער געקומען קיין אויסטראַליע,
וואו ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט אין
יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז
קאָ-רעדאַקטאָר פון דער איינציקער יידי-
שער צייטונג „סידנייער יידישע נייעס",
און געווען ערן-סעקרעטאַר פון יידישן
וועלט-קאָנגרעס דורך 4 יאָר. ער האָט גע-
גרינדעט די פעדעראַציע פון פּוילישע
יידן אין אויסטראַליע און איז מיטגליד
פון באָארד או דעפּיוטיס. איינער פון די
גרינדער פון הילף-פאָנד פאַר אייראָפּע-
אישע יידן.

אַדוו. צימערמאַן פאַרעפנטלעכט כסדר
אין דער אויסטראַלישער פּרעסע אַרטיק-
לען פון פּובליציסטישן, פּאָליטיש-סאָ-
ציאַלן און ליטעראַרישן כאַראַקטער.

## צווערן זיסקינד

שיקאַגאָ



זון פון יוסף און חיה. געבוירן אין
טשענסטאָכאָוו דעם 16-טן אָקטאָבער 1888.
ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל קירשענ-
בוים. געקומען פון בעלגיע קיין אַמערי-
קע דעם 10-טן אַפּריל 1909. ער איז איי-
נער פון די גרינדער און אַ מיטגליד אין
טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין
אין שיקאַגאָ און איז פאַר 4 יאָר צייט
געווען דאָרט פינאַנץ-סעקרעטאַר.

## צעשניעווסקי מרדכי

געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר,
אין 1928, אין טשענסטאָכאָוו.

## צעשניעווסקי אסתר

געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר,
אין 1927, אין טשענסטאָכאָוו.

## צעשינסקי בלומע



געבוירן אין קאַמאַרנע, גאַליציע, אין
אַ חסידיש הויז. דער פאָטער, ר' יצחק
לעמבערג, איז געווען אַ חסיד פון בעלזער
רבי'ן. בלומע איז דערצויגן געוואָרן אין
הויז זייער פרום. יונגערהייט האָט זי
אין 1914 פאַרלאָזט די היים און געלעבט,
געאַרבעט און געלערנט אין פּאַריז און
אין בערלין. 1923 געקומען קיין אַמע-
ריקע, באַזעצט זיך אין ניו-יאָרק. איצט
וואוינט זי אין שיקאַגאָ. זי איז די פרוי
פון משה צעשינסקי.

## צעשינסקי משה (משה צ.)



זיינע עלטערן, ערלעכע יידישע מענטשן,
געוואוינט אויף גאַרנצאַרסקע 58 —
האָבן געהערט צו די ליכטיקע יידישע
געשטאַלטן, וואָס אין דער גרעסטער
אָרעמקייט — האָבן זיי זיך נישט אָפּגע-
זאָגט פון דער זכיה צו צאָלן שכר לימוד
פאַר זייערע קינדער. דעריבער איז משה,
איינער פון דריי ברידער און איין שוועס-
טער, געגאַנגען אין חדר, נישט אין דער
תלמוד תורה. און שכר-לימוד האָט מען
געצאָלט פאַר אים אויך פאַר די יום-
טובים, ווייל אַזוי ווי יעדער ייד —
האָט זיין טאַטע, יעקב צעשינסקי, איינ-



יעקב און אסתר פייגל צעשינסקי

געטענה'ט מיט דער מאַמען, אסתר פייגל
—דאַרף אויך דער מלמד מאַכן יום-טוב.

חוץ אין חדר, האָט משה געלערנט אין
אַ שטאַטישער פאָלקשול רוסיש, פּויליש
און אַביסל דייטש. צו 15 יאָר האָט ער
אָנגעהויבן אַרבעטן. אַ דאַנק זיין פאָטער,
וואָס איז געווען אַ מזרחי און מיטגע-
נומען דעם זון אויף ציוניסטישע אסיפות
— האָט ער שוין דעמאָלט געוואוסט
וועגן ד"ר הערצל און זיין אידעאַל, דעם
ציוניזם. אָבער מער ווי „די וועלט" פון
ווין, „דער ייד" פון קראָקע און אַנדערע
ציוניסטישע בראָשורן, וואָס ער האָט
געלייענט — האָבן אויף אים געווירקט:
דער דרייפוס-פּראָצעס און די פּאָגראָמען
אויף יידן אין רוסלאַנד און פּוילן.



דער ברודער פון משה צעשינסקי

אין 1904 איז משה צעשינסקי אַריינ-
געטרעטן אין דער פּועלי-ציון פּאַרטיי
און אָנטייל גענומען אין אַלע קאַמפן און
סכנות פון דער רעוואָלוציאָנערער באַ-
וועגונג אין יענער צייט. ער איז געבליבן
אַקטיוו און געטריי זיין אידעע די גאַנצע
צייט וואָס ער איז געווען אין טשענסטאָ-
כאָוו און אויך היינט אין אַמעריקע.

אין 1910 איז ער געווען דער טשענ-
סטאָכאָווער קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשע-
ווער „מאָמענט" אונטער דער רעדאַקציע
פון צבי פּרילוצקי. נאָך פריער האָט ער
געשריבן קאָרעספּאָנדענצן אין די וואַרשע-
ווער צייטונגען „דער וועג" און „אונזער
לעבן". פון די קאָרעספּאָנדענציעס שטאַמט
טאַקע זיין פּסעוודאָנים: משה צ.

פירנדיק אַן אויפקלערונג-אַרבעט אין די פּועלי-ציוניסטישע קרייזן אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן — האָט ער שפּעטער אַנטייל גענומען אין דער קולטור-אַרבעט פון דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט" און געשטיצט יעדע קולטורעלע אונטערנעמונג.

פון 1912 איז משה צעשינסקי איינער פון די ערשטע פּיאָנערן און וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון דער יידישער פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו, אָנהייבנדיק מיט דעם „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען-בלאַט", „וואָכנבלאַט" און „טאָגעבלאַט". מיט זיין גוואַלטיקער ענערגיע און שטראַמיקן אימפּעט האָט ער אין דער גרעסטער מאָס געהאָלפן איר אַנטשטייאונג און זיך איינגעוואָרצלען אין יידישן לעבן פון טשענסטאָכאָוו, נישט געקוקט אויף די אומגעהויערע שוועריקייטן, וואָס זיינען איר געשטאַנען אין וועג. ער האָט אויך מאָראַליש און מאַטעריעל געשטיצט די טשענסטאָכאָווער יידישע פּרעסע נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה.

אין אַמעריקע האָט ער מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט געזאַמלט און אָפּגעהיט די אויסגאַבן פון די וועכנטלעכע און טעגלעכע אויסגאַבן פון די יידישע צייטונגען אין טשענסטאָכאָוו. אַ גאַנצע ריי מאַטעריאַלן פאַרן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון די צייטונגען, וואָס משה צעשינסקי האָט געזאַמלט.

אין 1913 האָט ער זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון טשענסטאָכאָוו אין דער אַלוועלטלעכער פּועלי-ציון-קאָנפערענץ אין קראָקע.

די רוסישע זשאַנדאַרמעריע האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים. באַזונדער פאַר אַ סך געדרוקטע צייטונגס-נאָטיצן פון אַרבעטער-לעבן. אין 1914 איז ער אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון בעקער-אַרבעטער פאַר זיין עפנטלעכן אַרויסטריט אויף איינער פון זייערע פאַרזאַמלונגען און איז אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין תּפיסה.

אין 1914, ערבֿ דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז משה צעשינסקי אַוועק קיין אַמעריקע. אין ניו-יאָרק האָט ער באַלד געפונען אַ ברייט פעלד פאַר זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און איז געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 פון יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד.

אין 1915 איז אין ניו-יאָרק דערשינען זיין בראָשור „טורמע דערינערונגען". זיין הויפּט-באַשעפטיקונג אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין ניו-יאָרק, איז געווען: רייזנדיקער אַגענט פאַר פאַרשיידענע יידישע ביכער-פאַרלאַגן און צייטונגס-פאַרשפּרייטער. ער האָט אַרומגערייזט איבער שטעט און שטעטלעך און אָנגעפילט יידישע היימען מיט די ביכער פון יידישע קלאַסיקער: מענדעלע, שלום-עליכם, פּרץ און פון די יינגערע יידישע דיכטער.


הינדע רייך, פרוי פון אלחנן רייך
משה צעשינסקיס שוועסטער
געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו


אלחנן רייך, שוואָגער פון די צעשינסקיס
געשטאָרבן אין וואַרשע

אין 1922 האָט זיך משה צעשינסקי באַזעצט אין שיקאַגאָ. דאָרט האָט ער זיך פאַרבונדן מיט בינה צעשינסקי. זי האָט געשטאַמט פון קרעמעניעץ. אין איר הייםשטאָט איז זי דערצויגן געוואָרן מער אין רוסיש ווי אין יידיש. קומענדיק קיין שיקאַגאָ אין 1914 האָט זי זיך אויסגעלערנט אַ זאַפטיקן יידיש און זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון די נאַציאָנאַלע אַרבעטער-קרייזן. באַזונדער האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט דער יידישער קינדער-שול. בינה צעשינסקי איז געווען איינע פון די גרינדערנס פון דער מכבי'ער-שול אין שיקאַגאָ; זי האָט מיטגעהאָלפן אין דער גרינדונג פון שלום-עליכם בראַנטש פון יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד, וואו זי איז געווען עקזעקוטיוו-מיטגליד און איז אויך געווען רעליף-טוער. פּאָליטיש האָט זי סימפּאַטיזירט מיט דער לינקער פּועלי-ציון-באַוועגונג.

דעמזעלבן יאָר ווערט געעפנט משה צעשינסקיס בוכהאַנדלונג אין שיקאַגאָ, וואָס איז געווען דער צענטער פון די שיקאַגער יידישע לייענער, שרייבער און אינטעליגענץ פון אַלע ריכטונגען.

די דיסקוסיעס אין משה צעשינסקיס בוכהאַנדלונג האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט — זיי זיינען אָנגעגאַנגען פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דיכטער האָבן קאָרעגירט זייערע מאַנוסקריפּטן, מאָלער האָבן געצייכנט זייערע אילוסטראַציעס, פּלענער פאַר ליטעראַרישע אַרבעט זיינען געמאַכט געוואָרן, זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, צווישן אַנדערע — אויך פון „טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין שיקאַגאָ".

גלייכצייטיק איז משה צעשינסקיס בוכהאַנדלונג אויך געוואָרן אַ וועלט-צענטער פאַר שרייבער און ביכער-פאַרלאַגן פון דער גאַנצער וועלט: שרייבער פון פּוילן, ארץ-ישראל, מעקסיקע, אַרגענטינע, וואָס האָבן באַזוכט אַמעריקע — האָבן נישט פאַרפעלט אָפּצושטאַטן אַ וויזיט מ. צ.'ס בוכהאַנדלונג — זיך דערוויסן ליטעראַרישע וועלט-נייעס, מאַכן פּלענער און איינקויפן זעלטענע מציאות, וואָס איז אַנדערשוואו נישט געווען בנמצא. מ. צ.'ס בוכהאַנדלונג איז אויך געשטאַנען אין שריפטשטעלערישער פאַרבינדונג מיט יידישע שרייבער, פאַרלאַגן און קולטור-אינסטיטוציעס איבער דער גאַנצער וועלט.

משה צעשינסקי האָט אַליין אויך געדרוקט אַרטיקלען איבער פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע ענינים אין אַ גאַנצער ריי צייטונגען און זשורנאַלן אין שיקאַגאָ, ניו-יאָרק, פילאַדעלפיע, טאָראָנטאָ, בוענאָס איירעס אאַז"וו.

*

אין 1931 הויבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין זיין אַרבעט. ער ווערט אַ פאַרלעגער און אַרויסגעבער פון יידישע ביכער — „משה צעשינסקיס ביכער-פאַרלאַג אין שיקאַגאָ". מיט דער גרויסער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פאַרנעמט דער פאַרלאַג אַ חשובֿ'ן אָרט אויף דער יידיש-ליטעראַרישער וועלט-מאַפּע. לויט די אומשטענדן אין אַמעריקע לייגט ער צו דערצו אַ סך געלט. אָבער די צעשינסקיס ווערן דערפון נישט אַנטוישט און שטייען נישט אָפּ פון דער אַרבעט.

פון 1931 ביז 1942 האָט זיין ביכער-פאַרלאַג אַרויסגעגעבן אַרום 50 ביכער פון אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע שרייבער. צווישן די מער-באַוואוסטע אויסגאַבעס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן לייוויקס לידער „פון גן עדן"; פישל בימקאָס 9 בענד דראַמעס; רבֿקה קאָלינס לידער „טויבעלע"; שלום שוואַרצבאַרדס 2 בענד מעמואַרן; ד"ר פּאָלישיקס 2 בענד „די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון וויסן"; ד"ר ישראל מאַרקוס „געקליבענע פּערל פון

אונדזער קולטור-אוצר" און אַנדערע.

צעשינסקי'ס ביכער-אויסגאַבעס זיינען צעשיקט געוואָרן אין אַלע אייראָפּעאישע יידישע צענטערן. צו אַ סך אייראָפּעאישע קולטור-אינסטיטוציעס זיינען די אויסגאַבעס געשיקט געוואַרן בחינם, אַבי מ'האָט נאָר פאַרלאַנגט און געוואָלט לייענען און אויפהאַלטן דאָס יידישע וואָרט.

משה צעשינסקיס אומציייליקע טעטיקייטן פאַרן יידישן בוך און יידיש וואָרט, זיינען בכלל צופיל אויסצורעכענען — איינע פון זיי דאַרף דאָך דאָ דערמאָנט ווערן — ווייל עס האָט אַ שייכות נישט מיט די יידן אויף די ערטער, נאָר יידן אין וועג — יידישע עמיגראַציע. מ. צ. האָט זיך געווענדט מיט אַ צירקולאַר צו די שיף-געזעלשאַפטן און אַ סך לענדער איינצופירן יידישע אָפּטיילונגען אין די ביבליאָטעקן פון זייערע שיפן פאַר דער גרויסער צאָל יידישע פּאַסאַזשירן וואָס זיי פירן. זיין ווענדונג דאַרף זיין אַ גוטער משל פאַר אונדזערע גרויסע און איינפלוסרייכע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

*

אין שיקאַגאָ איז משה צעשינסקי געווען איינער פון די ערשטע מיטגרינדער פון ייוו"אָ (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט). פריער האָט ער איבערגעשיקט אַ גאַנצע ריי ביכער און מאַטעריאַלן און אַביסל געלט-שטיצע פאַר יידישע שרייבער צום ייוו"אָ אין ווילנע, כאָטש ער האָט זיך צוליב דעם געמוזט אָפּזאָגן פון אַ סך פּערזענלעכע נייטיקייטן.

ער איז געווען טעטיק אין דער שיקאַגער „קולטור געזעלשאַפט", האָט געהאָלפן גרינדן די „געזעלשאַפט פאַר יידישער קולטור"; איז אַ מיטגליד פון שלום-עליכם ברענטש פון יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד; איז מיטגליד פון שלום-עליכם אינסטיטוט; העלפט מיט אין דער אַרבעט פון די פאַרשיידענע טיפּן יידישע שולן, ווי: שלום-עליכם שולן, אַרבעטער-רינג שולן, פאַרבאַנד שולן א"אַ. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער שיקאַגער אָפּטיילונג פון „אַמעריקאַנער פאַרבאַנד פון פוילישע יידן", וואו ער איז געווען עטלעכע יאָר עקזעקוטיוו-מיטגליד; ער איז איינער פון די גרינדער און סעקרעטאַר פון „טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין" און איז אין משך פון דער גאַנצער צייט אין שיקאַגאָ געווען טעטיק אין דער הילף-אַרבעט פאַר טשענסטאָכאָוו.

מ. צעשינסקי איז געווען עטלעכע יאָר אין דער עקזעקוטיווע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל.

*

צוזאַמען מיט דער גרינדונג פון זיין בוכהאַנדלונג — האָבן די צעשינסקיס — משה און בינה אָנגעהויבן זאַמלען ביכער און זעלטענע עקזעמפּלאַרן פאַר זיין פּריוואַטע יידישע ביבליאָטעק. זיינע אַגענטן אין אייראָפּע האָבן פאַר אים איינגעקויפט די בעסטע קולטור-אוצרות. אין משך פון יאָרן איז אים געלונגען אויפצוזאַמלען אַ ריזיקע ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין שיקאַגאָ. אין זייער הויז, וואו די ביבליאָטעק האָט פאַרנומען אַ באַזונדער צימער, פלעגן אַ סך מאָל קומען שרייבער נאָכזוכן אינפאָרמאַציע פאַר זייער ליטעראַרישער אַרבעט.

די גוטע און געדולדיקע בינה צעשינסקי האָט אָפּגעגעבן דער ביבליאָטעק אָן אַ שיעור אַרבעט און אויפמערקזאַמקייט; קראַנקערהייט, טאָג-איין, טאָג-אויס געשטויבט די טויזנטער ביכער און אויסגאַבעס און זיי געהאַלטן אין אָרדענונג.

אין דעצעמבער 1934 איז דורך אַ גרופּע פריינד, שרייבער און קולטור-טוער, מיטן הויפּט-כּחותן — דער שלום-עליכם אינסטיטוט — לכבוד די צעשינסקיס איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכער באַנקעט. אין באַנקעט האָבן אָנטייל גענומען אַ גרויסע צאָל פריינט, לייענער, שרייבער און קולטור-טוער. די גרויסע צאָל באַגריסונגען פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, שרייבער און קולטור-טוער פון אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער האָבן באַוויזן, אַז די יידיש-ליטעראַרישע וועלט ווייסט ווי אָפּצושאַצן די קרבנות-פולע אַרבעט פון די צעשינסקיס.

אין דעצעמבער 1936 איז בינה צעשינסקי געשטאָרבן פון אַ האַרץ-קראַנקייט. משה צעשינסקי האָט פאַרלוירן זיין פרוי, געטרייסטן חבר און מיטהעלפער אין אַלע זיינע אונטערנעמונגען.

נאָך איר טויט איז, נאָך מער ווי משה צעשינסקי אַליין, זייער הויז-ביבליאָטעק געבליבן פאַר'יתומ'ט און איז עטלעכע יאָר געשטאַנען אין אַ סטאָרעדזש-הויז. פון די אונטערהאַנדלונגען מיטן שלום-עליכם אינסטיטוט אין שיקאַגאָ, מיט דער „בית המדרש לתורה"-ביבליאָטעק און אַנדערע אינסטיטוציעס אַריינצונעמען די ביבליאָטעק אין זייער לאָקאַל, איז גאָרנישט געוואָרן. ערשט דורך דער פאַרמיטלונג פון מענדל עלקין האָט די ביבליאָטעק געפונען איר תיקון אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוו"אָ), 535 וועסט 135-טע גאַס, ניו-יאָרק. די „בינה צעשינסקי ביבליאָטעק" געפינט זיך אין דער ייוו"אָ-געביידע אין אַ באַזונדערן צימער צוזאַמען מיט דער ביבליאָטעק פון קלמן מרמר. צווישן די ביכער פון דער ביבליאָטעק געפינען זיך אַ סך אינטערעסאַנטע אַלטע מאַנוסקריפּטן, קונסט-בילדער, סטאַטועז אד"גל. אין זעלבן צימער געפינט זיך אויך אַ קונסט-פּאָרטרעט פון בינה צעשינסקי, געמאָלן פון שיקאַגער יידישן קינסטלער סעם בייער, צום אָנדענק פון דער פאַרשטאָרבענער.

אין 1942 האָט משה צעשינסקי זיך פאַרבונדן מיט זיין צווייטער פרוי — בלומע ווייזער, וועלכע שטאַמט פון אַ חסידישער פאַמיליע פון קאָמאַרנע (גאַליציע). איר פאָטער האָט מען גערופן ר' איציק מירעל לאהס. בלומע ווייזער-צעשינסקי איז נישט פרעמד צו דער יידישער שפּראַך און קולטור און אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן.

צו דעם אַלעם, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן וועגן משה צעשינסקי, אָדער זיין פּאָפּולערן נאָמען „משה צ.", מוז נאָך צוגעגעבן ווערן איין אייגנשאַפט, אפשר דער גרעסטער און שענסטער שבח פאַר אַ מענטשן: ער איז קיינמאָל — יונגערהייט, אָדער איצט, אין די עלטערע יאָרן — פּאַרטייאיש, געזעלשאַפטלעך און פּערזענלעך — נישט געווען פאַרביטערט, נישט געפירט קיין אינטריגעס קעגן קיינעם. ער איז שטענדיק געווען יעדנס פריינט און יעדנס חבר.

---

## צעשינסקי זאַמלונג אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק און אַרכיוו ביים איוו"אָ



בינה צעשינסקי




די צענטראַלע ביבליאָטעק און אַרכיוו ביים איוו"אָ איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ וויכטיקער ביכער- און פּעריאָדישע-זאַמלונג. דעם דאָזיקן ביכער-אוצר,

וואָס באַשטייט פון אַרום צוויי טויזנט נומערן, האָט אַריינגעבראַכט דער שיקאַגער קולטור-טוער און פאַרלעגער — משה צעשינסקי, אויפן נאָמען פון זיין פריצייטיק-פאַרשטאָרבענער פרוי, בינע צעשינסקי, וועלכע האָט זיך יאָרן-לאַנג אָפּגעגעבן מיט זאַמלען ספרים, ביכער, פּעריאָדישע אויסגאַבעס און אויך אַרכיוו-מאַטעריאַלן.

אַמשטאַרקסטן איז די דאָזיקע זאַמלונג פאַרגעשטעלט מיט אירע פּעריאָדיקלס. עס זיינען דאָ זעלטענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, ווי: "וואַרשעווער יודישע צייטונג", 1767-8; "קול מבשר", 1869, אדעס; "וויענער יידישער קיקעריקי", 1879; "הצפירה", 1881, וואַרשע; "האסיף", 1885, וואַרשע; "פאַמיליען פריינד" (דער ספּעקטאַטאָר) 1888; "יודידישעס פאָלקס בלאַט", 1889, פּעטערבורג; "די יודישע ביבליאָטעק" (דער י. ל. פּרץ), 1891; "די נייע צייט", 1898; "דער יוד", 1899, קראָקע; "די יודישע פאַמיליע", 1902, קראָקע; "דאָס יודישע פאָלק", 1906, ווילנע, און אַ סך אַנדערע.

אויך זיינען אין דער ביכער-זאַמלונג פאַראַן אַ היפּש ביסל וויכטיקע עקזעמפּלאַרן, ווי: בן זאב'ס "אוצר השישים", 1817; חיים זעליג סלאָנימסקי'ס כתבים, 1866; ליפשיצעס "רוסיש אידישער ווערטער בוך, 1869; "תפארת ישראל" (אידיש), 1883, אדעס; פרעסבורגער אויסגאַבע פון גליקעל פאַן האַמלינס זכרונות, 1836; אַן אַלטע אויסגאַבע פון "מורה נבוכים" אין העברעאיש און נאָך איינע אין יידיש אאַז"וו.

אַחוץ דעם איז אויך דאָ אַ קאָלעקציע קונסט-ביכער און ביכער וועגן קונסט.

פון דער זאַמלונג איז צו זען, אַז די צעשינסקיס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן זאַמלען לויט אַ געוויסן פּלאַן און דעריבער איז די זאַמלונג פון גרויס וויכטיקייט. זיי האָבן ניט פאַרפעלט צונויפזאַמלען אַ פיינע קאָלעקציע פון סאָוועטישע אויסגאַבעס, וואָס איז איצט שוין שווער צו קריגן ערגעץ.

ד פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַלער ביבליאָטעק איז איצט פאַרנומען מיט מאַכן רשימות און צוגרייטן דעם ביכער-אוצר צום קאַטאַלאָגירן. אַלע צעשינסקי ביכער שטעלן צוזאַמען ווי אַ גאַנצער איינס אין אַ באַזונדערן פּלאַץ.

צוזאַמען מיט די ספרים און אַרכיוון, וואָס זיינען ניט לאַנג צוריק אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון פראַנקרייך, — איז די צענטראַלע ביבליאָטעק און אַרכיוו ביים ייוו"אָ לעצטנס שטאַרק באַרייכערט געוואָרן, הן מיט ביכער, הן מיט אַרכיוו-מאַטעריאַלן.

---

# ק

## קאַווע יעקב

זון פון דוד און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. ער איז אַ מיטגליד פון סטיפן וויז לאָדזש נומ' 1. ער איז היינט אין עלטער פון לערך 84 יאָר.

## קאַלקע שמחה



שמחה קאַלקע איז געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט די קינדער-יאָרן אין נאָוואָ-ראַדאָמסק. זיין פאָטער, טוביה, איז געווען אַ חסידישער ייד, שטענדיק פאַרטיפט אין "עין יעקב" אָדער אין אַנדערע יידישע ספרים. די מאַמע, שרה איז געווען באַקאַנט מיט איר ערלעכקייט און גוטסקייט. זי האָט זיך געטיילט מיטן אָרימען ביסן מיט אַנדערע און איז געווען באַליבט ביי אירע שכנים — יידן און קריסטן.

פון די יינגסטע יאָרן האָט שמחה געהאַט אַ שטאַרקן, זעלבסטשטענדיקן און אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין סביבה מיט זיין האַלטונג און קליידונג. נאָך זייער יונג האָט ער זיך שוין פאַראינטערעסירט מיט דער מאָדערנער ליטעראַטור און מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, געפירט דיסקוסיעס מיטן פאָטער און מיט חסידים, וואָס פלעגן אַריינקומען אין זייער הויז.

שמחה קאַלקע איז געוואָרן אַ דרוקער און זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו. די ס.ס.'ישע באַוועגונג, אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן אומגעצוימטן טעמפּעראַמענט און יוגנטלעכן ברען — האָט אין אים געוואונען איינעם פון די אַקטיווסטע, איבערגעבנסטע טוער.

חוץ צענדליקער אויפגאַבעס, וואָס "חבר שמחה", נישט שרעקנדיק זיך פאַר קיין שום סכנה, איז שטענדיק געווען גרייט אויסצופירן סיי אין די יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן שטראָם, סיי שפּעטער אין די צייטן פון פינצטערער רעאַקציע — איז כמעט די גאַנצע אומלעגאַלע ליטעראַטור, געדרוקט אין טשענסטאָכאָוו, געווען זיין מלאכה, וואָס ער האָט אויסגעפירט אין באַטשאַנס דרוקעריי, אָדער אין קאָנספּיראַטיווע דרוקערייען.

אין מאַי 1913 האָט ער חתונה געהאַט מיט לאה הערשליקאָוויטש, אַ גוטע חברטע פון ס.ס. און איז דעמזעלבן יאָר אַוועק קיין אַמעריקע. צום אַנהויב האָט ער דאָ שווער געאַרבעט צו מאַכן אַ לעבן ביי זיין פאַך. שפּעטער האָט ער, צוזאַמען מיט יוסף קויפמאַן, געעפנט אַן אייגענע דרוקעריי אויף דעלענסי סטריט, ניו-יאָרק, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער זאַמל-פּונקט פון טשענסטאָכאָווער און ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. אין יאַנואַר 1919 איז ער געשטאָרבן, אין עלטער פון 33 יאָר, פון דער פלו-קראַנקייט, איבערלאָזנדיק אַ פרוי און צוויי זין — יאַנקל און לואי.

מיט טיפער ליבע און כבוד וועט זיין נאָמען שטענדיק דערמאָנט ווערן.

## קאַלקע שרה

ארץ ישראל



שרה קאַלקע (פון דערהיים — גרינבוים) איז געבוירן געוואָרן אין 1895 אין טשענסטאָכאָוו. זי האָט חתונה געהאַט מיט יהושע קאַלקע פון נאָוואָ-ראַדאָמסק. אין טשענסטאָכאָוו איז זי געווען טעטיק אין האַנטווערקער-קלוב. אין 1921 האָט זי עולה געווען קיין ארץ-ישראל און דאָ צומיינסטן זיך אָפּגעגעבן מיט הילף-אַרבעט פאַר די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט. זי איז געשטאָרבן אין 1943 אין עלטער פון 48 יאָר.

ווען די ראַדאָמסקער אין תל-אביב האָבן געגרינדעט אַ הילף-פאָנד פאַר זייער שטאָט מיט אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדיקע פערזאָנען — שלמה קראַקאָווסקי, שלמה וואַקסמאַן, משה שיטענבערג, דוד קרויזע, יהושע קאַלקע, דבורה כרמל, לאה בירנבוים, מרדכי חתום — האָבן זיי באַשלאָסן אָנצורופן דעם פאָנד אויפן נאָמען פון שרה קאַלקע. מיט דעם איז פאַראייביקט געוואָרן אַ נאָמען פון אַ זעלטן-גוטער נשמה, וואָס דער טויט האָט זי אַוועקגעריסן אין סאַמע בליענדן עלטער און וואָס האָט איבערגעלאָזן אַ טרייסטלאָזן צער אין די הערצער פון איר מאַן און אירע פילע פריינט.

כבוד איר אָנדענק!

---

## קאַלאַזשינסקי יוסף (ארואילי)



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1888. אין 1902 הויבט ער שוין אָן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אַלס פועלי-ציוניסט. אין 1903 באַטייליקט ער זיך אַלס דעלעגאַט אין דער קאָנפערענץ פון די פועלי-ציון אין קראָקע, אין וועלכער ס'האָט זיך אויך באַטייליקט יוסף קרוק. אויף דער קאָנפערענץ איז געקומען צו אַ שפאַלטונג צווישן דער ס.ס.'ישער גרופּע און די פועלי-ציון. יוסף קאַלאַזשינסקי איז געבליבן אין דער פ"צ-פאַרטיי און דאָרט פאָרגעזעצט זיין טעטיקייט ביז 1908. צוליב רדיפות מצד דער צאַרישער רעגירונג פאַרלאָזט ער אין 1908 טשענסטאָכאָוו און וואַנדערט אויס קיין ארץ-ישראל.

דאָ נעמט יוסף קאַלאַזשינסקי (ארואלי) אַ שטאַרקן אָנטייל אין אויפבוי פון לאַנד. ער האָט געהערט צו די ערשטע גרינדער פון שכונת באָראָכאָוו און פון „דפוס אחדות" (אַ קאָאָפּעראַטיווע דרוקעריי און בוכבינדעריי פון דער „הסתדרות"). צען יאָר איז ער געווען דער דירעקטאָר פון דער דרוקעריי. שפּעטער האָט ער געעפנט אַן אייגענע דרוקעריי, וואו ס'ווערן ביז היינט-צו-טאָג געדרוקט די שענסטע ווערק אין דעם פאַך.

יוסף קאַלאַזשינסקי האָט ביז היינט-צו-טאָג נישט אויפגעהערט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אַ סך ענערגיע גיט ער אָפּ דער באַוועגונג פון די „פריי-מויער". אין 1943 איז דערשינען זיין בוך וועגן דער פריימויער-באַוועגונג. אין דעם חודשלעכן זשורנאַל פון די „פריי-מויער" דרוקט ער זיינע אַרטיקלען אונטערן טיטל: „ברודער צו ברודער". בכלל איז ער איינער פון די מענטשן, מיט וועלכע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט קענען שטאָלצירן.

---

## קאַמינסקי מאיר קלמן



זון פון בער זיינוול און זעלדע. געבוירן אין 1866 אין קאַמינסק, ביי פּיעטרקאָוו. ער איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 17-טן אָקטאָבער 1930 (כ"ה תשרי).

---

## קאַמינסקי חיה שרה



טאָכטער פון חיים און מרים פרידמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1868 (מוצאי יום-כפור). זי איז געשטאָרבן דעם 5-טן דעצעמבער 1936 (כ"ב כסלו תרצ"ז) אין טשענסטאָכאָוו.

---

## קאַמינסקי אַרטור

זון פון מאיר קלמן און חיה שרה. געבוירן דעם 27-טן מערץ 1895 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע אין 1913. ער איז אַ מיטגליד אין יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד און אין ראַיאָנער טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין דעטראָיט.

## קאַמינסקי מרדכי (מאַרקוס)



איז געבוירן געוואָרן דעם 5-טן סעפּטעמבער 1897 אין טשענסטאָכאָוו. ער שטאַמט פון דער משפחה קאַמינסקי, וואָס האָבן געהאַט אַ געוועלב אויף פאַבריטשנע,קעגנאיבער דער „איגליאַרניע". דעם עלטערן דור איז ער געווען באַקאַנט אַלס חיים לאַסקאָווסקי'ס איינקל. זיין זיידן, חיים פרידמאַן ז"ל פון דער סענאַטאָרסקע, נידזשעלעס הויז, האָט מען געקענט אין טשענסטאָכאָוו אַלס ר' חיים לאַסקאָווסקי. ער איז געווען אַ פרומער ייד, אַ בן-תורה, אַ חברה-קדישא-מאַן און איינער פון די גרינדער פון דער „חברה תהילים" אין שמעון בעקערס הויז אויף מאָסטאָווע. צו דער „חברה תהילים" האָבן געהערט אַזעלכע אָנגעזעענע באַלעבאַטים ווי אברהם מאיר גלאַטער, ר' יהושע דוד דאַווידאָוויטש, — דעם אינזשעניער דאַווידאָוויטש'ס פאָטער, ר' שמעון קלאַבוצקער (דער גראָבער שמעון), ר' פייוועל אַלטער — פאָטער פון מיכאל אַלטער, יחזקאל שמולעוויטש — פאָטער פון פאָטאָגראַפיסט און אַקטיווער טוער אין דער „ליראַ" — העניעק שמולעוויטש.

זיין פאָטער — מאיר קלמן — איז געבוירן געוואָרן אין קאַמינסק (לעבן ראַדאָמסק); דאָרט האָבן געוואוינט דער זיידע און עלטער-זיידע פון פאָטערס זייט. פון דאָרט שטאַמט דער נאָמען — קאַמינסקי.

צו 3 יאָר האָט מ. קאַמינסקי אָנגעהויבן לערנען זיך ביי קליין ידעסל, וואָס איז געווען באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו. שפּעטער האָט קאַמינסקי זי געטראָפן אין פּאַריז פאַרקויפן ארץ-ישראל נים.

די חדר-יאָרן האָט ער פאַרבראַכט ביי יחיאל מלמד (יחיאל קלאַבוצקער, אָדער יחיאל לאַנדסמאַן) אויף דער וואַרשעווער גאַס.. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ גרויסער טונקל-רויטלעכער באָרד. האָט אונדז געלערנט יידישקייט מיט גוטן און מיט בייזן. דאָס הייסט — מיטן קאַנטשיק. שפּעטער האָט ער געלערנט אין לעדערס שול.

זיין ערשטע אַרבעט-שטעלע איז געווען אין באַנק-הויז פון העניק זאָרסקי.

דאָרט האָט ער געוואונען אַ סך פריינד און באַקאַנטע צווישן די מענטשן, וואָס פלעגן קומען אין געשעפטלעכע ענינים.

אין דער פרייהייטס-באַוועגונג האָט ער געהערט צו דער ס.ס.-פּאַרטיי.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט קאַמינסקי, צוזאַמען מיט רפאל פעדערמאַן און אַנדערע חברים פון האַנדלס-אַנגעשטעלטן פאַראיין, געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם סטרייק פון די האַנדלס-אַנגעשטעלטע אין טשענסטאָכאָוו. פון 1916 ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער געווען אַן אייזנבאַן-אַנגעשטעלטער, אין לעצטן יאָר — אפילו שעף פון דער קאַסע אויף דער וואַגאָנען-ראַמפּע. ווען די דייטשן זיינען צום סוף פון דער מלחמה אַנטלאָפן געוואָרן און פוילן האָט איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון די אייזנבאַנען — האָט מען אים, אַזוי ווי צענדליקער אַנדערע יידישע באַן-אַרבעטער, אויך צומאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג — אָפּגעזאָגט פון דער שטעל. מיט די ווערטער: „אידזש דאָ בערלינאַ" (גיי קיין בערלין) האָט מען אים, ווי אַנדערע יידן, פאַרווערט זיך צו באַווייזן אויף דער באַן. פאַרשטייט זיך, אַז פּוילישע באַן-אַרבעטער און באַאַמטע, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אויף דער באַן, זיינען ווייטער פאַרבליבן אויף זייערע פּאָסטנס.

מ. קאַמינסקי איז געווען איינער פון די צוויי דעלעגאַטן (דער צווייטער איז געווען ביאַלעק — אַ קריסטלעכער אַרבעטער, וואָס האָט געשטאַמט פון ליטע און איז געווען איינער פון די אָנפירער פון די „אומאָפּהענגיקע") וואָס זיינען געפאָרן קיין וואַרשע פאָדערן מען זאָל די קרוב 200 יידישע, אָפּגעזאָגטע באַן-אַרבעטער אַמווייניקסטנס אויסצאָלן צו 300 זלאָטעס פאַרגיטיקונג פאַר דער צייט פון זייער אַרבעט, ווי עס האָבן באַקומען אַלע קריסטלעכע אַרבעטער. אין וואַרשע האָט קאַמינסקי צוזאַמען מיט ביאַלעק'ן קאָנפערירט מיטן אייזנבאַן-מיניסטער עבערהאַרדט, וואָס האָט די פאָדערונג באַשטעטיקט. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס דערגרייכט געוואָרן מיט דער הילף פון פאַרשטייער פון די ס.ס. אין וואַרשע, וואָס האָבן זיי געפירט איבער אַלע ביוראָס אין מיניסטעריום.

אַ צייט שפּעטער איז ער אַוועק קיין דיסעלדאָרף. דאָרט האָט ער געטראָפן אַ סך חברים, וואָס זיינען אין דער מלחמה-צייט פאַרשלעפּט געוואָרן אויף אַרבעט אין די קוילן-גרובן און פאַבריקן. זיי האָבן דאָרט געגרינדעט אַ פאַראיין פון פּוילישע יידן, וואו ער האָט געאַרבעט 20 יאָר — די גאַנצע צייט פון זיין וואוינען אין דייטשלאַנד. ער האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער באַוועגונג, געווען טעטיק אין דער אָרטיקער ציוניסטישער פאַרוואַלטונג און געפאָרן אויף לאַנד-קאָנפערענצן און קאָנגרעסן. ער האָט אויך אָנטייל-גענומען אינעם קהילה-לעבן אין דיסעלדאָרף און שפּעטער געוויילט געוואָרן אַלס רעפּרעזענטאַנט אין דער פאַרוואַלטונג. עס האָט געדויערט אַ סך יאָרן ביז פּוילישע יידן — צאָלער פון קהילה-שטייער, ווי די דייטשישע יידן — האָבן אויסגעקעמפט פּאַסיווע וואַל-רעכט, ד"ה רעכט געווילט צו ווערן אין דער געמיינדע-פאַרוואַלטונג. אין 1924 האָט ער, צוזאַמען מיט אַנדערע, געהאָלפן גרינדן דעם ספּאָרט-פאַראיין „מכבי" אין דיסעלדאָרף.

אין 1936 האָט ער באַזוכט ארץ-ישראל, וואו ער האָט אין תל אביב געטראָפן זיין ברודער דניאל און זיין פרוי, וואָס זיינען מיט אַ יאָר פריער אויסגעוואַנדערט פון דיסעלדאָרף. דניאל האָט צוזאַמען מיט אים געאַרבעט אין טשענסטאָכאָוו אויף דער אייזן-באַן.

אין דער נאַכט פון 28-טן אָקטאָבער 1938 האָבן די נאַציס איבער גאַנץ דייטשלאַנד אַרויסגעשלעפּט פון זייערע היימען 30 טויזנט פּוילישע יידן, אַלטע און יונגע, פרויען און קינדער, אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד, — אָבער געבליבן פּוילישע בירגער — זיי אַריינגעפּאַקט אין אייזנבאַן-וואַגאָנען און טראָקס און אַוועקגעפירט צו דער פּוילישער גרענעץ. צוזאַמען מיט קאַמינסקין האָט מען פון דיסעלדאָרף אַרויסגעפירט קרוב 600 יידן און אונטער פּאָליציייִשער שמירה געבראַכט קיין זבאָנשין. דאָרטן האָט מען שוין געטראָפן טויזנטער יידן פון אַלע עקן דייטשלאַנד — אַ סך נאַקעט און באָרוועס — אַלע זיינען איבער נאַכט געוואָרן בעטלערס. אין זבאָנזשין האָט מען די יידן „איינקוואַרטירט" אין פערד-שטאַלן. עס זיינען געווען קאַלטע נעכט, און מיט וואָס זיך צוצודעקן איז נישט געווען. אַזוי האָט אויסגעזען די נייע „היים". אין זבאָנזשין גופא האָבן זיך אינגאַנצן געפונען 5 יידישע משפחות. איינער פון זיי איז געווען דוד יעלין פון טשענסטאָכאָוו. (קאַמינסקיס קוזין). ער און זיין פרוי מיט איר שוועסטער האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין זייערע כחות צו העלפן די פּליטים. די ערשטע הילף איז געווען — ברויט מיט טיי, מיט וואָס מען האָט זיך דערוואָרעמט און געזעטיקט. דעמזעלבן טאָג (שבת-צונאַכטס) איז קאַמינסקי געפאָרן קיין לאָדזש, וואו ס'האָט געוואוינט זיין ברודער, ד"ר יהודה קאַמינסקי.

פון לאָדזש איז מרדכי קאַמינסקי געפאָרן קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן סענאַטאָר פּראָפעסאָר שאָר און מיטגעהאָלפן אין דער רעטונג-אַקציע פאַר די יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד. מיט דער הילף פון ד"ר עמיל זאָמערשטיין, דעם יידישן סיים-דעפּוטאַט האָט מען געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן פּוילישן אויסערן-מיניסטעריום וועגן דעם צוריק-קער קיין דייטשלאַנד צו ליקווידירן די היימען און אונטערנעמונגען. אָבער אין דייטשלאַנד זיינען דערווייל פאָרגעקומען די פּאָגראָמען פון 9-טן נאָוועמבער 1938, ווען אַלע יידישע הייזער און סינאַגאָגעס זיינען צעשטערט געוואָרן. פון וואַרשע איז ער געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו צו זען זיין שוועסטער מרים (מאַניאַ) מויער, די איינציקע געבליבענע פון דער משפחה. דאָ האָט ער געטראָפן אַ סך פּליטים, וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן פון דער יידישער קהילה.

דורך דייטשלאַנד און האָלאַנד איז ער געפאָרן קיין אַמעריקע און איז אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק דעם 10-טן נאָוועמבער 1939.

היינט-צו-טאָג לעבט ער אין דעטראָיט און נעמט ווידער אָנטייל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין יידישן קאָנגרעס, אין יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד און מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן שטיצט ער די הילף-אַרבעט פאַר די פּוילישע יידן בכלל און פון די טשענסטאָכאָווער בפרט.

---

## קאַמינסקי (ראַטנער) ליבי



טאָכטער פון האַראַלד און פריידע. געבוירן דעם 10-טן אַפּריל 1885 אין זאַוויערטשע. געקומען קיין אַמעריקע מערץ 1906. געשטאָרבן דעם 4-טן יאַנואַר 1928 אין ניו-יאָרק.

## קאַמינסקי אַרוש

זון פון מרדכי און פייגל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן יוני 1877. ער איז אַ שניידער-אַרבעטער. חתונה געהאַט אין טשענסטאָכאָוו מיט ליבע ראַטנער פון זאַוויערטשע. געקומען קיין אַמעריקע אין 1904. ער איז אַ מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס און פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.

---

## קאַניעצפּאָלער דוד

טשענסטאָכאָוו



געבוירן דעם 27-טן פעברואַר 1897 אין טשענסטאָכאָוו. פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „איחוד" און פון יידישן קאָמיטעט. אין 1915 האָט ער אין ראַדאָמסק צוגעטרעטן צו דער פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געווען טעטיק ביז און בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה. היינט שטייט ער ווייטער אין דינסט פון ערלעכער געזעלשאַפטלעכער יידישער אַרבעט אין טשענסטאָכאָוו.

---

## קאַפּינסקי לעאָן



די פאַמיליע קאַפּינסקי

געבוירן געוואָרן אין 1881 אָדער 1882. האָט געלערנט אין חדר, אין דער ישיבה,



משפחה-מיטגלידער פון די קאַפּינסקיס
אויפן קבר פון לעאָן און מאָוריץ קאַפּינסקי



די מצבה פון די קאַפּינסקיס מוטער



די מוטער פון די קאַפּינסקיס
מיט אירע קינדער



אַ פראַגמענט פון דער מצבה אויפן קבר
פון לעאָן און מאָוריץ קאַפּינסקי

דערנאָך שטודירט אין דייטשלאַנד. אין זיינע יינגסטע יאָרן איז ער געווען אַ אָנהענגער פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. (סאָציאַל-דעמאָקראַטיע), שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען צום ציוניזם און איז געוואָרן איינער פון די שטאַרקסטע קעמפער פאַר העברעאיזם.

אין 1908 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער „לירא" און איז די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ געווען איינער פון אירע אַקטיווסטע טוער. ער האָט אָפט געהאַלטן עפנטלעכע פאַרלעזונגען און געפירט דיסקוסיעס מיט די יידישיסטן, פאַרטרעטנדיק די אידעען פון „חובבי שפת עבר".

כאָטש ער האָט אַליין גערעדט יידיש און זיך באַטייליקט אין דער יידישער פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו — איז זיין לאָזונג אָבער געווען: „פּולנית או עברית" (פּויליש אָדער העברעאיש).

זיין ציוניזם איז מער געווען אַ גייסטיקער ווי אַ טעריטאָריעלער. ער האָט אין וואָרט און שריפט געפּרעדיקט די אחד העם'יסטישע אידעע. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע, וואָס האָט געלערנט, זיך פאַרטיפט אין דער תלמודים-

טישער און העבּרעאיש-מאָדערנער ליטעראַטור.

ביז דער צווייטער וועלט-מלחמה איז ער געווען טעטיק אין אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציס איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט פון יידן-ראַט און איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס אויפן טשענסטאָכאָווער בית-עולם צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער פון יידן-ראַט און פון דער יידישער אינטעליגענץ.



די פאַמיליע קאַטש

## קאַטש נחום



זון פון שלמה הערש און בלומע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 27-טן נאָוועמבער 1902.

## קאַטש רבקה



## קאַלין דוד

זון פון מענדל און חנה. געבוירן אין ניו-יאָרק דעם 14-טן יולי 1895. ער איז פּראָפעסאָר אין ניו-יאָרק אוניווערזיטי און מיטגליד פון אַמעריקען עקאָנאָמיר אַסאָסיאיישאַן.

## קאַלין שלמה



זון פון חיים יוסף און מרים. געבוירן אין קרימעלעוו (פּוילן). ער איז 74 יאָר אַלט.

## קאַלין בעריש

דעטראָיט

זון פון שלמה און אסתר. געבוירן אין מישקאָוו (פּוילן) 1895. געקומען קיין אַמעריקע דעם 13-טן מאַי 1913. ער איז אַ מיטגליד אין דער פּינסקער סאָסייעטי, עקזעקוטיוו-מיטגליד און געוועזענער וויס-פּרעזידענט פון דעם טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. געווען אויך איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דעם טשענסטאָכאָווער פאַראיין. זיינע צוויי זין — נאָרמאַן און אַרטור — האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## קאַרפּיעל ישראל

געשטאָרבן מערץ 1881 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 42 יאָר.

## קאַרפּיעל פּראַדל

(פון דערהיים — זייגערמאַכער)

געשטאָרבן דעם 6-טן פעברואַר 1920 אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 76 יאָר.

## קאַרפּיעל סעם

זון פון ישראל און פּראַדל. געבוירן דעם 23-טן נאָוועמבער 1876 אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט מאַרטע קאַרי נאָוועמבער 1904. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25-טן דעצעמבער 1887 יאָר.

סעם קאַרפּיעל איז אַ לאַנג-יאָריקער טעטיקער מיטגליד און געוועזענער וויס-פּרעזידענט אין טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס אין ניו-יאָרק. ער איז אַקטיוו אין טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט און אין בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זיינע זין, יוליאַן און סימאָר, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## קאַרפּיעל מאַרטע

געבוירן דעם 4-טן יאַנואַר 1881. מיטגליד פון די יאַנג מענס, יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף און פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן".

## דזשייקאָב און שרה קאָרי

## קאָפּפי אַברהם

שיקאַגאָ



זון פון שמואל און הינדע לאה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן יולי 1895. ער האָט חתונה געהאַט מיט חוה וויינריב. געקומען פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע דעם 21-טן מאַי 1921. ער איז אַ מיטגליד פון די לובלינער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי און פון די טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי.

## קוזשמינסקי מרדכי (מאַקס)

געבוירן 1894. זיין פאָטער בעריש און זיין מוטער חנה האָבן געפירט אַ רעליגיעז הויז און געלעבט אין טשענסטאָכאָוו. פון 14 יאָר אָן זיך געלערנט שניידעריי ביים פאָטער. האָט געהערט צום שניידער-פאַראיין און צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר ראָזענבלאַט.

מאַקס קוזשמינסקי איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1918. ער איז אַ מיטגליד

אין דער קלאוקמאַכער יוניאָן און אויך געווען אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ברענטש 26 א. ר. און פון רעליף-קאָמיטעט. ווען דער טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט האָט עקזיסטירט איז ער דאָרט געווען טעטיק און איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע.

אסתר קוזשמינסקי איז אַ מיטגליד פון די טשענסטאָכאָווער לײדיס אוקזילערי.

זײער זון, הײמי, האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמײ.

## קוטנער מאָריס



זון פון הערשל און ליבע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן אַפּריל 1897. געקומען קיין אַמעריקע מאַי 1913. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק.

## קופּערמאַן הענרי

זון פון שלמה דוד און שרה. געבוירן אין בענדין. ער האָט חתונה געהאַט מיט רעגינע ראָזענפעלד. געקומען קיין אַמעריקע דעם 22-טן יוני 1922. ער איז געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק. הײנט איז ער אַ מיטגליד אין די פּיעטרקאָווער און בענדינער סאָסײעטי.

## קופּערמאַן־ראָזענפעלד רעגינע (רבקה)



רעגינע קופּערמאַן מיט איר מוטער

טאָכטער פון דוד ראָזענפעלד, אַ בעל-מלאָכה. זי האָט דעם פאָטער ניט געקענט, ווייל, ווען זי איז געבוירן געוואָרן, איז ער אַלס רוסישער זעלנער געווען אין דער רוסיש-יאפּאנישער מלחמה און וועלכער איז אומגעקומען. זי האָט אים שטענדיק דערמאָנט מיט ליבשאַפט אין האַרצן.

איר מוטער, נאַכע (פון דערהיים — גרין) איז צו 18 יאָר געבליבן אַלײן מיט דרײ קינדער: דער ברודער איציק לייב, ר. ראָזענפעלד און איר שוועסטער רוזשקע (רייזל). די מוטער האָט געטאָן אַלץ, כדי אירע קינדער צו געבן אַ גוטע דערציאונג און מיט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן. די שווערע אַרבעט האָט זי געבראַכט צו אַ לונגען-קראַנקייט.

דער ברודער איציק לייב איז געוואָרן אַ טאַפּעצירער און האָט געהערט צום „בונד". ער האָט חתונה געהאַט מיט בוכלע פרידמאַן. זײ האָבן געהאַט אײן טאָכטער, יאַדזשאַ (איטקע).

די ייִנגערע שוועסטער, רוזשקע, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס שנײדערין אין עלטער פון 12 יאָר. זי האָט געהערט צו דער יוגנט-אָרגאַניזאַציע „שטראַל" ביים אַרבעטער-קלוב „פּאַראיײניקטע" און געלערנט אויף די אָוונט-קורסן פאַר דער אַרבעטער-יוגנט. שפּעטער איז זי אַריבער צו די קאָמוניסטן, איז געוואָרן אײנע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין דער באַוועגונג און איז לאַנגע יאָרן אָפּגעזעסן אין די פּוילישע תפיסות.

רעגינא ראָזענפעלד האָט געלערנט אין דער עלעמענטאַרער רוסישער שול, אָנגעפירט פון פרוי ווייזער אויף טעאַטראַלנע גאַס. ייִדיש האָט זי געלערנט אויף דער גאַרנצאַרסקע גאַס ביי דער לאָמער רחל. צו 12 יאָר האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס פריזירערין אין דעם הויז-פאַבריקל פון פרוי ווייסמאַן אויף דער ערשטער אַלעע 8, וואו די מײנסטע באַשעפטיקונג איז געווען די פּראָדוקציע פון שייטלעך. 1916 האָבן די ס.ס. אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די פריזירער-אַרבעטער און ר. ר. איז אַרײנגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. חוץ איר זײנען צווישן די פריזירער-אַרבעטער געווען טעטיק מאקס כראַפּאָט, ס. מאָשקאָוויטש און אַ גאַנצע רײ אַנדערע פּערזאָנען.

צוליב איר טעטיקייט צו אָרגאַניזירן די פריזירער-אַרבעטער איז זי אָפּגעזאָגט געוואָרן פון איר אַרבעט און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר זיך. דאָס האָט געבראַכט צו אַ פאַרבעסערונג פון איר און איר מוטערס לאַגע.

הגם זײ זײנען געווען אַן אָרימע אַרבעטער-פאַמיליע, אָן אַ טאַטן, און געליטן נויט — איז דאָס לעבן נאָך דער אַרבעט, צווישן אַ סך נאָענטע פרײנט און חברים, געווען אינטערעסאַנט און אינהאַלט-רייך. ר. ר. האָט געהערט צו די „פּאַראיײניקטע" און אָנטייל גענומען אין אַלע טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע און זיך געפרייט אויף אַלע יום-טובים. צום קרייז פון אירע נאָענטע פרײנט האָבן געהערט: אַבֿרהם ווענגער, העלע ווענגער, מאַניע הערשליקאָוויטש (שפּעטער פרוי פון משה שיין), פייגל שליווינסקאַ (שפּעטער פרוי לינקינסקאַ), קאַראַלאַ שאָכער (חתונה געהאַט מיט מאַקס כראָפּאַט), ביילע ליבעראָוויטש (חתונה געהאַט מיט דוד כראַפּאט), העלפגאָט, רעניע גראָס, שרה'לע אפּאטשינסקאַ, גערשון מונטאַוויטש און אַ רײ אַנדערע. ווען די פאַמיליע ראָזענפעלד האָט זומער געוואוינט אין אָסטראָוו, צוליב דעם שוואַכן געזונט-צושטאַנד פון זײער מוטער, האָבן ביי זײ אין הויז געפלעגט פאַרברענגען מיכאל אַלטער, צעשא פעדערמאַן, אברהם בראַט, רוזשע פלאַווער, רייזעלע פייערטאָג, משה בערקענשטאַט, רעגינא וואַזשעכאַ און אַנדערע חבֿרים.

אין 1922 איז זי אַוועק קיין אַמעריקע.

אין 1925 האָט זי חתונה געהאַט מיט הענרי קופּערמאַן. זײ האָבן 3 קינדער: אַ זון, דעני, 19 יאָר אַלט — סטודענט פון אוניווערזיטעט (האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמײ), אַ 14-יאָריקע טאָכטער, אדרי (אלטערע) און אַ 6-יאָריקער באָי, דזשאָעל (גרשון).

אין 1931 האָט זי באַזוכט טשענסטאָכאָוו. דעמאָלט איז דאָס לעבן אין טשענסטאָכאָוו געווען נאָרמאַל. מיט איר מוטער און געשוויסטער האָט זי זיך געזעגנט צום לעצטן מאָל. זײ זײנען אומגעקומען אין די יאָרן 1939-1945. די אײנציקע וואָס האָט זיך געראַטעוועט, אַ דאַנק איר גוטע באַקאַנטשאַפט מיט די פּוילישע תפיסות, איז איר ייִנגערע שוועסטער, רוזשקע. זי איז איצט אין וואַרשע און איז ווידער געזעלשאַפטלעך טעטיק, ווי פריער.

## קוקלינסקי יעקב

שיקאַגאָ



זון פון יוסף און רייזל. געבוירן אין אָלשטין דעם 18-טן יולי 1894. ער האָט חתונה געהאַט מיט ראָזע מילשטיין. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאל פאַראיין אין שיקאַגאָ.

## קויפמאַן מענדל

זון פון אבאַ (אַבעלע שוחט) און יענטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1873. ער האָט התונה געהאַט מיט איטע לעווענהאָף, די טאָכטער פון כתריאל שענקער און בראַנדל לעווענהאָף. אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן 1939/45.



מענדל קויפמאַן



יענטע קויפמאַן



כתריאל לעווענהאָף



בראַנדל לעווענהאָף



ר' בעריש דין ז"ל
פאָטער פון אבאַ און יוסף קויפמאַן



מלכה קויפמאַן ע"ה
מוטער פון אבאַ און יוסף קויפמאַן

## קויפמאַן אבאַ



זון פון ר' בעריש (דין און מורה הוראה) און מלכה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1882. (אַן אייניקל פון ר' דוד דין, ע"ה). אין די קינדער-יאָרן האָט ער געלערנט ביי די מלמדים הערצקע גאָטליב, לייבל לאַנדוי, יחיאל לאַנדסמאַן (קלאָבוצקער) און יצחק ראָזענבערג. צו 13 יאָר אָנגעהויבן לערנען אין שטאָטישן בית-מדרש, ביי יוסף גליקסמאַן, זון פון ר' בערל גליקסמאַן (באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער גרויסער בערל"), ביי יעקל קאָרנבערג (פּאָדמאָרעק), וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ שוחט אין ראָטערדאַם, האָלאַנד, ביי הערשל גאַנצוויך, ביי נאָטע גערשאָנאָוויטש (זון פון ר' יחזקאל מלמד) און ביי הענעך גראַנעק. אויך האָט ער געלערנט ביי זיין פאָטער ר' בעריש דין און יעדן פרימאָרגן אַ שיעור ביים שטאָטישן רב, ר' נחום אַש, ע"ה.

חוץ לערנען תנ"ך, תלמוד און פוסקים, האָט ער געלייענט העברעאישע און יידישע ביכער און צייטונגען, ווי צב"ש דעם „המליץ" און „הצפירה". ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער רעליגיעזער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „מזרחי", פון פאַראיין „חובבי שפת עבר" אונטער דער אָנפירערשאַפט פונם באַוואוסטן משכיל און פּעדאַגאָג קליניצקי.

אין 1904 איז ער געגאַנגען צום מיליטער, דאָרט פאַרבראַכט 8 חדשים און נאָכן קומען פון קאַווקאַז קיין טשענסטאָכאָוו איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער ס.ס.'ישער פּאַרטיי.

אין מאַי 1906, נאָכדעם ווי מ'האָט, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, געוואָרפן אַ באָמבע פון שמולעוויטש'ס הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס, וואו זיינע עלטערן האָבן געוואוינט, פאַרלאָזט ער טשענסטאָכאָוו, צוזאַמען מיט הערשל גאָטאיינער און בעם. ער איז געווען אין שווייצאַריע, עטלעכע חדשים אין אַנטווערפּן (בעלגיע) און דעם 22-טן יאַנואַר 1907 קומט ער קיין ניו-יאָרק.

צוזאַמען מיט עטלעכע לאַנדסלייט האָט ער געגרינדעט, אין 1908, די „טשענסטאָכאָווער פּראָגרעסיוו יאַנג מענס סאָסייעטי". דער הויפּט-ציל פון דער סאָסייעטי איז געווען צו העלפן די ניי-אָריבערגעקומענע לאַנדסלייט צו געפינען באַשעפטיקונג און זיי צו העלפן אין אַ נויט-פאַל.

אין פעברואַר 1909, צוזאַמען מיט חבר און פריינד חיים לייב שוואַרץ, האָט ער געגרינדעט דעם „טשענסטאָכאָווער בראַנטש 261 אַרבעטער רינג און דאָרט עטלעכע יאָר געווען סעקרעטאַר.

אין יולי 1914 האָט ער געגרינדעט, צוזאַמען מיטן זעלבן חבר שוואַרץ, דעם „טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין" וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער „טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט".

אין 1922 איז ער געשיקט געוואָרן פונעם רעליף-קאָמיטעט אין פאַרשיידענע שטעט איבערן לאַנד צו זאַמלען געלט-שטיצע פאַר דעם קאָמיטעט.

אין 1929 האָט ער געגרינדעט, צוזאַמען מיט נאָך חברים, דעם טשענסטאָכאָווער בראַנטש 11 אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, דער איצטיקער יידישער פראַטערנאַלער פאָלקס אָרדן.

אין 1930 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דורך דער צייט צייט געווען עטלעכע יאָר אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד אין „איקאָר" (יידישע קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד); עטלעכע יאָר סעקרעטאַר פונם טשענסטאָכאָווער

פּאַטראָנאַט (צו העלפן די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן).

ביים היינטיקן טאָג איז ער עקזעקוטיוו-מיטגליד און סעקרעטאַר פונעם טשיענסטאָכאָווער ברענטש 11 יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס אָרדן און עקזעקוטיוו-מיטגליד און פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר פונעם פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט.

## קויפמאַן יוסף



זון פון ר׳ בעריש דין ז״ל און מלכּה (פון הערהיים — בראַכנער). געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 24-טן דעצעמבער 1892. אין הויז פון זיינע עלטערן האָט ער, ווי יעדעס יידיש קינד אין דער דעמאָלטיקער צייט, באַקומען אַ נאַציאָנאַל-רעליגיעזע דערציאונג און אַדורכגעמאַכט דעם וועג פון חדר ביז פּריוואַטע רעליגיעזע למודים. אָבער דער חוש פאַר פּראַקטישער אַרבעט האָט אים לאַנג ניט געהאַלטן ביים לערנען און נאָך אַלס יונגל הויבט ער אָן צו לערנען זיך דאָס דרוקער-פאַך.

דער דראַנג צו אַ ברייטערן אויסלעבן זיך און די אַטמאָספערע וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין די קרייזן פון יידישן מיטלשטאַנד אין פּוילן, וועקט ביי אים אויף דעם געדאַנק צו פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און אַרויסגיין אין דער גרויסער וועלט אַריין. אַלס רעזולטאַט פון דעם קומט ער אין 1909 קיין אַמעריקע.

אָבער דאָך זיינען די פעדעם, וואָס האָבן אים געבינדן מיט דער אַלטער היים, ניט איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם מרחק, וואָס האָט אים פון דאָרט אָפּגעטיילט. ער הויבט אָן צו זוכן אַ דערנענטערונג צו זיינע לאַנדסלייט, וואָס זיינען שוין דאָ געווען פון פריער, מיטן ציל צו גרינדן אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו-יאָרק און אַזוי אַרום ווידער אָנקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט זיין געבוירן-שטאָט. ער הויבט אָן די ערשטע שריט אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

**אין 1910 ווערט ער מיטגליד פון ברענטש 261 אַרבעטער רינג און איז דאָרט ביז היינט-צו-טאָג.**

אין אַ צייט שפּעטער האָט ער די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן זיין צוגעבונדנקייט צו זיין היים-שטאָט און די איבערגעבנקייט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער.

דאָס איז געווען אין יאָר 1914 ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין" אין ניו-יאָרק.

ווי עס דערציילן אונדז מיטציטלער, האָט יוסף קויפמאַן אויף זיך גענומען די שווערע אַרבעט פון אַ סעקרעטאַר און ניט איינמאָל געשטעלט אין אַ זייט זיינע פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע ענינים, כּדי צו דער ריכטיקער צייט צו קומען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די טשענסטאָכאָווער. זיין „פּרינטינג שאַפּ" אויף 154 דילענסי גאַס, ניו-יאָרק, איז געווען דאָס אָרט וואו טשענסטאָכאָווער פלעגן „עולה רגל"זיין. דאָס איז געווען דאָס פאַרבינדונג-אָרט מיט דער אַלטער היים.

אין 1917 ווערט ער אַ מיטגליד פון די „יאָנג מענס" און 1918 פאַרנעמט ער אויף אַ צייט דעם אַמט אַלס וויים-פּרעזידענט. היינט-צו-טאָג איז ער טשערמאַן פון דעם „סעמעטערי קאָמיטעט" און איינער פון זיינע טעטיקסטע מיטגלידער.

אָבער גלייכצייטיק מיט דער אַרבעט אין די „יאָנג מענס" איז ער ווייטער זייער אַקטיוו פאַר די טשענסטאָכאָווער אין ניו-יאָרק, און פון 1936 פאַרנעמט ער דעם אַמט אַלס פינאַנץ-סעקרעטאַר ביז היינטיקן טאָג.

עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז דער יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף האָט דעם 18-טן סעפּטעמבער 1938, אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אַרבעט לטובת טשענסטאָכאָוו און טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, איינגעאָרדנט פאַר אים און זיין פרוי אַ באַנקעט וואו עס איז געקומען צום אויסדרוק אויך די דאַנקבאַרקייט פון אַנדערע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו-יאָרק.

היינט-צו-טאָג איז זיין פּרינטינג שאַפּ, 416 — 4-טע עוועניו, דאָס קליינע טשענסטאָכאָוו אין ניו-יאָרק. אַלע באַראַטונגען קומען דאָרט פאָר און יוסף קויפמאַן באַדינט און נעמט אויף אַלעמען מיט חבר׳ישער ליבע און לאַנדסמאַנשאַפטלעכע איבערגעבנהייט.

ספּעציעלע אַקטיוויטעט ווייזט ער אַרויס אַלס מיטגליד פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זיינע פאַכמענישע עצות און אָנווייזונגען זיינען ווערטפול און באַלערנד.

צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער שטייט ער אין די פאָדערשטע רייען פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף.

## קויפמאַן רעי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1897. געקומען קיין אַמעריקע 1906 און אין 1917 התונה געהאַט מיט יוסף קויפמאַן. זי איז טעטיק אין די לייידיס אוקזילערי.

רעי און יוסף קויפמאַן האָבן 3 טעכטער.

## קליינער שמשון ע״ה

זון פון נתן יעקב און פייגל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1882. באַקאַנט געווען אַלס קליין-אינדוסטריעלער און ערלעכער סוחר אין טשענסטאָכאָוו. געווען מיטגליד פון „מזרחי". געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

## קליינפעלד טשאַרלז (קאָפּל)



זון פון נחמיה און פייגל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 12-טן נאָוועמבער 1902; געקומען קיין אַמעריקע דעם 1-טן יולי 1921. וואוינט אין טשעלסי, מאַסס., 18 מאַווערק סטריט.

צו 16 יאָר שליסט זיך קאָפּל אָן אין יוגנט-בונד. וואו ער איז געבליבן ביזן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. אָנקומענדיק קיין אַמעריקע, שטייט ער אָן אַ זייט פון וועלכער ס׳איז פּאָליטישער טעטיקייט. אָבער נאָך צוויי יאָר אָפּזיין אין אַמעריקע, באַקענענדיק זיך מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג הי אין לאַנד, טרעט ער אַריין אין אַרבעטער רינג. אין קאַמף צווישן „רעכטע" און „לינקע" אין אַרבעטער רינג, פאַרנעמט זיך קאָפּל אויף לינקס, פאַרלאָזט דעם אַרבעטער רינג און ווערט אַ מיטגליד פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן און רעקאָרדינג-סעקרעטאַר פון ברענטש 1702, שפּעטער — דער קולטור-דירעקטאָר פאַר עטלעכע יאָר צייט און מיטגליד פון דיסטריקט קאָמיטעט פון אָרדן. אין דער זעלביקער צייט איז ער אַ מיטגליד פון „לייבאָר ליסעאום אַסס׳ן" (אַן אַרבעטער-אינסטיטוציע), ווערט מיטגליד פון באָאַרד אָוו דירעקטאָרס, שפּעטער — רעקאָרדינג סעקרעטאַר.

אין די יאָרן 1925—1930 איז ער ביבליאָטעקאַר פון דער לייבאָר ליסעאום ביבליאָטעק, וואָס איז אַ פאַרצווייגטע קולטור-אינסטיטוציע און באַדינט די

בריטע מאַסן אויפן קולטורעלן געביט. אין 1932 ווערט ער הויפט-פאַרוואַלטער פון דער ביבליאָטעק; אין יענע יאָרן איז ער אויך שטאַרק אַקטיוו פאַרן „איקאָר”, שאַפט אַ ברענטש אין טשעלסי, וואָס טוט גוטע אַרבעט און ער ווערט אַ מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט פון „אי-קאָר”.

די לעצטע צוויי יאָר איז ער שטאַרק פאַרטאָן אין „ראָשען וואָר רעליף”, נעמט אויך אָנטייל אין קאַמפּעינען צו פאַרקוי-פֿען וואָר-באָנד. בכלל אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך די גאַנצע צייט, וואָס ער געפינט זיך אין אַמעריקע מיט געזעל-שאַפטלעכער אַרבעט און איז טעטיק אויף אַ סך געביטן.

---

## קעלציגלאָווסקי בערל

זון פון יעקל און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1882. געוואוינט אין דאַנציג און לעצטנס אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט חתונה געהאַט מיט רבֿקה רייזל בערקאָוויטש. געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939/45.



## קעלציגלאָווסקי רבקה רייזל

טאָכטער פון מענדל און פרימעט בער-קאָוויטש. געבוירן אין דזיאַלאָשין (פּוילן) אין 1881. געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939/45.

---

## קיעל (קעלציגלאווסקי) חיים ישעיה



זון פון בערל און רבֿקה רייזל. גע-בוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 9-טן סעפּ-טעמבער 1901. געקומען פון דאַנציג קיין אַמעריקע דעם 9-טן פעברואַר 1939. ער איז אַ מיטגליד פון ברוקלינער דזשוּאיש סענטער, ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס און יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק. ער האָט חתונה געהאַט מיט דזשעני קויפ-מאַן, יולי 1923, אין בערלין.



ליזא קעלציגלאָווסקאַ-קוטנער
צווייטע פרוי פון חנא קעלציגלאָווסקי



חנא קעלציגלאָווסקי



רוטקע קעלציגלאָווסקי
טאָכטער פון חנא און שרה



שרה קעלציגלאָווסקי
ערשטע פרוי פון חנא קעלציגלאָווסקי



די פאַמיליע קויפמאַן

---

## קיעל (קעלציגלאווסקי) דזשעני

טאָכטער פון מענדל און איטע קויפ-מאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 26-טן אויגוסט 1899. געקומען פון דאַנ-ציג קיין אַמעריקע דעם 12-טן מאַי 1939. זי איז אַ מיטגליד פון ברוקלינער דזשוּ-איש סענטער, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס און אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.



## קאַרנבערג משה

פילאַדעלפיע

זון פון אַלטער און גנענדל. ער איז טרעזשורער פון דער פילאַדעלפיער בעקער יוניאָן לאָקאַל 201.

## קנאָבלער איטשע לייב

זון פון ירחמיאל און אסתר. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. געהערט צו די זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים.

## קעפּפּ (קרזשעפּיצקי) מאַקס

זון פון קלמן און הינדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 25-טן אָקטאָבער 1891. געקומען קיין אַמעריקע דעם 11-טן יוני 1911. ער האָט חתונה געהאַט מיט אסתר פייערשטיין.

מאַקס קעפּפּ איז אַן עקזעקוטיוו-מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג, מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין, פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף און פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן".

זיין איידעם — אַלפרעד ברוינער און זיינע 2 זין — לואיס און קאַלווין האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



## קעפּפּ אסתר

טאָכטער פון שמואל זאַנוול און רחל פייערשטיין. געבוירן אין בראָדי (פּוילן) דעם 25-טן אָקטאָבער 1913. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25-טן אָקטאָבער 1913. זי איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג, און אַ טראַסטי ביי די טשענסטאָכאָווער לוידיס אוקזילערי אין ניו-יאָרק.

## קופּער ראָוז

טאָכטער פון שלמה און אסתר. געבוירן דעם 10-טן אַפּריל 1895 אין קרזשעפּיץ. געקומען דעם 23-טן מאַי 1914 פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע. זי איז אַ מיטגליד אין די אַפּעלער סאָסייעטי אין ניו-יאָרק און פון די טשענסטאָכאָווער לוידיס אוקזילערי.

## קעפּפּ (קרזשעפּיצקי) הינדע



טאָכטער פון לייזער און רוזשע שימקאָוויטש. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו געקומען קיין אַמעריקע אין 1928.

זי איז געשטאָרבן דעם 3-טן מאַי 1944 אין עלטער פון 83 יאָר.

## קראַקאָווסקי משה

דעטראָיט



זון פון לייבוש און טויבע. געבוירן אין וואָלבראָם (פּוילן). געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין קאַנאַדע אין 1913, פון דאָרט קיין אַמעריקע אין 1915. ער איז אַ מיטגליד אין דער פּוילישער שול אין דעטראָיט.

## קראַקאָווסקי דבורה



טאָכטער פון יוסף און נאַכע ביילע זיידמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זי איז געוועזן אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט, טעטיק אין פאַרשיידענע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און געגעבן אַ סך צדקה. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 49 יאָר אין דעטראָיט, דעם 2-טן מערץ 1928.



## קראַקאָווסקי יוסף



זון פון משה און דבורה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע יאַנואַר 1922. דאָ געשטאָרבן.

## קראַק הערמאַן



געבוירן 1860 אין קאָנין (פּוילן) אַלס איינציקער זון ביי זיינע עלטערן. דאָרט האָט ער געענדיקט דאָס גימנאַזיום מיט אַן אויסצייכענונג און דערנאָך — דעם לערער-סעמינאַר אין לענטשיץ. אין 1900 באַזעצט ער זיך אין טשענסטאָכאָוו, אַרבעט צוערשט אַלס לערער און שפּעטער געהאַט אַן אייגענע פּריוואַט-שולע, וואו אַ גרויסע צאָל קינדער פון טשענסטאָכאָווער בעלי-בתים זיינען געווען צווישן זיינע תלמידים.

הערמאַן קראַק איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן אין טשענסטאָכאָוו. אין זיין שולע האָט מען געלערנט העברעאיש, רוסיש, פּויליש און דייטש. אַ ריי יאָרן איז ער אויך געווען לערער אין דער האַנטווערקער-שול אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען דער פאָטער פון 5 זין און 2 טעכטער. אין עלטער פון 51 יאָר איז ער אין 1911 געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו. זיין פרוי, מאַטילדע, איז געשטאָרבן אין 1938 אין עלטער פון 92 יאָר.

## קרעמסדאָרף אוירווינג



זון פון יידל און חוה. געבוירן דעם 12-טן מערץ 1893 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1904. מיטגליד און טראַסטי פון נח בענעוואַלענט סאָסייעטי און פון יופּיטער לאָדזש י. א. אָ. פ.

זיין זון יוליאַן קרעמסדאָרף איז געווען אַ סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

•

באַגריסונג פון קרעמסדאָרף
פאַמיליע סוירקל

אונדזער פאַמיליע סוירקל איז געגרינדעט געוואָרן דורך די קינדער און צום אָנדענק פון יידל און חוה קרעמסדאָרף. דער ציל פון אונדזער סוירקל איז, צוזאַמען צו האַלטן אַלע מיטגלידער פון דער משפחה אין אחדות און ליבע און קעגנזייטיק זיך צו שטיצן. די צאָל מיטגלידער, וואָס באַשטייט פון קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך צוזאַמען מיט זייערע מענער און פרויען דערגרייכט איצט די צאָל פון לערך 70 פּערזאָן. 11 מיטגלידער פון אונדזער סוירקל האָבן אין דער לעצטער מלחמה געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

די דערפאַרונגען פון די לעצטע 13 יאָר האָבן באַרעכטיקט די עקזיסטענץ פון אונדזער סוירקל. אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אוירווינג קרעמסדאָרף, וואָס איז געווען פּרעזידענט אין די ערשטע 5 יאָר, האָט אונדזער סוירקל געשלאָגן טיפע וואָרצלען און פאַרווירקלעכט די האָפענונגען פון די גרינדער. דורך די דאָזיקע יאָרן האָבן מיר געהאַט דערפאָלגרייכע אונטערנעמונגען, געשטיצט מיט געלד און עצות יעדן נויטבאַדאַרפטיקן מיטגליד און געווען צוזאַמען אין לייד און אין פרייד. אונדזער סוירקל ווערט איצט אָנגעפירט פון די יינגערע מיטגלידער און מיר האָפן אַז זיי וועלן ווייטער טאָן זייער אַרבעט צום שטאַלץ פון זייערע עלטערן.

די גרינדער פון דעם סוירקל זיינען געווען:

אסתר קריסטעל
לואיס און מערי לעפקאָוויץ
לואיס און סאַרא זינגער
אבֿרהם און העלען פרידמאַן
דוד און ראָזע קרעמסדאָרף
לואיס און האַננאַ קרעמסדאָרף
אוירווינג און מערי קרעמסדאָרף

---

## קרעמסדאָרף יידל

זון פון שמואל יחזקאל און הינדע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין מערץ 1903. געווען אַ מיטגליד אין די דזיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים. ער איז געשטאָרבן אין דעצעמבער 1912 אין ניו-יאָרק.



## קרעמסדאָרף חוה

טאָכטער פון הערשל און רחל שיף. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין מערץ 1903. געווען אַ מיטגליד ביי די דזיאַלאָשינער לוידיס אוקזיליערי פון דער חבֿרה אנשי אחים. זי איז געשטאָרבן אין נאָוועמבער 1933 אין ניו-יאָרק.

---

## קרעמסדאָרף אפרים

איז געווען אַ גוטער חבר פון די פּועלי-ציון אין טשענסטאָכאָוו, אַ שוואָגער פון לעאָן אַלטמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ קאַוויאַרניע אויף דער טעאַטראַלנע גאַס.

ווען אין אונגאַרן האָבן די אַרבעטער-מאַסן, אונטער דער אָנפירונג פון בעלאַ קון, איבערגענומען די מאַכט, האָט אפרים קרעמסדאָרף אָנטייל גענומען אין קאַמף צוזאַמען מיט זיינע חבֿרים פון דער פּ.-צ.-פּאַרטיי. שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און צייטווייליק געאַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער-היים". אין אַ צייט אַרום איז ער צוריק אַוועק קיין ווין און אין דער צייט פון דער 4-טער עליה געקומען קיין ארץ-ישראל. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַלס ערד-אַרבעטער, וואָס איז געווען זיין אידעאַל. אָבער נאָך אַ פּאָר יאָר געמאַטערטן לעבן קומט ער קיין תל-אבֿיבֿ און באַזעצט זיך אין „עיר גנים", און זיין מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן. אָבער עס געדויערט ניט לאַנג און מען דערוויסט זיך, אַז אפרים קרעמסדאָרף איז איין נאַכט פאַרברענט געוואָרן. ווי אַזוי דאָס איז געשען, איז ביז היינט קיינעם ניט באַוואוסט.

---

## קרוק יוסף ד"ר



„מיין זיידע", — שרייבט ד"ר יוסף קרוק אין זיין אַרטיקל „דער סוף", — האָט געקעמפט אין די וועלדער פאַר דער פרייהייט פון פּוילן". גאַנץ באַשטימט איז די טראַדיציע פון קאַמף פאַר פרייהייט און יושר פון דער יידישער אינטעליגענץ — עלטער פון זיין זיידן און עלטער-זיידעס. אָבער זיכער איז, אַז אין יוסף קרוק'ס נשמה האָט געלעבט דער בונטאַר און קעמפער פון זיין זיידן, דעם פּאַרטיזאַן פון פּוילישן רעוואָלוציאָנער.

אָבער די מיינסטע קינדער פון אַט דער אַמאָליקער יידישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ און קעמפער פאַר פּוילנס פרייהייט זיינען דערצויגן געוואָרן און געוואַקסן אין אַן אַסימילאַטאָרישער סבֿיבה. יידיש, די שפּראַך פון פאָלק, איז געווען ביי זיי פאַרמיאוסט. עס האָט געהייסן: „שוואַרגאַטשען דעם זשאַרגאָן". זיין פּראָגרעסיוו ביי זיי האָט געהייסן, וואָס ווייטער זיך אָפּשיידן פון לעבן פון יידישן פאָלק. ווען די פרייהייט-באַוועגונג נאָך די 90-ער יאָרן האָט די מער פּילנדיקע פון זיי געפירט צו די מאַסן, איז ביי זיי געווען אַ כבֿוד צו זיין קאָסמאָפּאָליטן, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אָדער — ווען מער פּויליש-פּאַטריאָטיש — פּעפּעסאָוצעס.

אויך יוסף קרוק איז געוואַקסן אין אַ אַסימילאַטאָרישער סבֿיבה. זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אויף דער שול-באַנק אין דער רוסישער גימנאַזיע, אין דער טראַדיציע פון זיין זיידן: קעגן דער רוסיפיקאַציע פון די שולן. אָנהויבנדיק זיין טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער — האָט ער נאָך קיין יידיש ניט געקענט רעדן, און אַפילו אין די שפּעטערע יאָרן איז זיין יידיש געווען אַביסעלע פאַרגויאישט.

און דאָך איז ער, יוסף קרוק — צי אַלס אָנפירער און וועג-ווייזער פון אַ

גרויסער טייל יידישער אינטעליגענץ אין טשענסטאָכאָוו, צי אַלס גרינדער פון דער ערשטער גרופּע אַרבעטער-ציוניסטן, שפּע-אַלס איינער פון די פירער פון ס.ס.-„פאַראייניקטע"-„אומאָפּהענגיקע" — געוואָרן דער פלאַמיקער פּראָפּעט פון יידישן ווידער-געבורט. דער פירער-זייל, וואָס האָט שטענדיק געפירט, באַגייסטערט און גערופן די יידישע מאַסן צום קאַמף פאַר זייערע נאַציאָנאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט דאָרט וואו זיי לעבן און צום קאַמף פאַר אַ געזונט און געזיכערט יידיש לעבן אויף טעריטאָריעלע יסודות.

ווי אַ סך גרויסע פּערזענלעכקייטן און פירער אין דער מענטשלעכער געשיכטע, האָט ער זיך ניט געשראָקן צו בלייבן אַליין. ווי אַ העלדישער קאַפּיטאַן, האָט ער אין די שווערסטע צייטן ניט פאַרלאָזן די שיף, ניט אָפּגעזאָגט זיך פון זיין אידעאַל. אים האָבן ניט אָפּגעשראָקן די טורמעס און תפיסות, אַזוי ווי אין די אַלטע רוסישע צייטן, אַזוי אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. ער געהערט צו דער קליינער מחנה פון „צוועלף מאַרטירער, צוועלף רעגירער".

דעם אָנהויב פון זיין רעוואָלוציאָנערע יידיש-סאָציאַליסטישע טעטיקייט באַצייכנט ער אין אַ קאַפּיטל פון זיינע זכרונות „ווי מיר האָבן געדרוקט און געשמוגלט די ערשטע דעקלאַראַציע", מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„ס'איז געווען די ראָמאַנטישע, „העראָאישע צייט", ווען יעדער רעוואָלוציאָנער האָט זיך געפילט ווי אַ העלד, וואָס שאַפט נסים. אַ צייט פון רעוואָלוציאָנערע טרוימעריען, אַ צייט פון ליבע און גלויבן; אַ צייט ווען יעדע אומלעגאַלע בראָשור האָט געוועקט נייע געדאַנקען — און יעדע פּראָקלאַמאַציע — אַ נשמה-ציטערניש; אַ צייט ווען יעדעס רעוואָלוציאָנער וואָרט איז געווען די גרעסטע טאַט, די העלדן-טאַט — ס'איז געווען די אָפּפערווויליקסטע צייט."

„נאָך מער ראָמאַנטיש, נאָך אַ מער רעוואָלוציאָנערע צייט איז עס געווען פאַר די גרופּן יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וועלכע האָבן אַזוי ליידנשאַפטלעך, מיט דער גאַנצער נשמה געשטרעבט צו געפינען אַ האַרמאָנישן סינטעז צווישן די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע אידעאַלן און די יידיש-נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און טעריטאָריאַליזם. פאַר זיי איז דאָס געווען אַן אמת'ער „שטורם-און-דראַנג-פּעריאָד, פאַר זיי האָט יעדעס געדרוקטע פּאַרטייאישע וואָרט געהאַט אַ צויבער-קראַפט, פאַר זיי האָט יעדער געדרוקטער פּרוּוו צו באַגרינדן די נייע פּרינציפּן פון נייע יידישן שעפערישן סאָציאַליזם באַדייט אַ נייע עפּאָכע."

דאָס איז געווען אין 1905. יוסף קרוק האָט שוין דעמאָלט געהאַט אונטער זיך אַ „סטאַזש" פון עטלעכע יאָר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, דער פּיאָנער פון דער טשענסטאָכאָווער מאַסן-באַוועגונג פון ס.ס. און אָנערקענטער פירער צווישן די מיטגלידער פון צ"ק. אים האָט דער צ"ק איבערגעגעבן אָפּצודרוקן אין קראָקע די ערשטע פּאַרטיי-דעקלאַראַציע און צוזאַמען מיט דוד מאַליאַרסקי האָט ער זיי אַריבערגעשמוגלט איבער דער גרענעץ. עס איז גלאַט נישט אָפּגעגאַנגען, אָבער מיט „נסים" און אומדערשראָקענעם, אייזערנעם ווילן האָט ער זיין ציל דערגרייכט.

אין 1906 האָט יוסף קרוק פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַלס אָנפירער פון די פּאַרטייאישע גרופּן אין אויסלאַנד. ער איז אַריינגעטרעטן אין בערנער אוניווערזיטעט און גראַדואירט מיטן טיטל דאָקטאָר. אין 1911, ווען ער איז צוריקגעפאָרן פון אַן עמיגראַציע-קאָנגרעס אין קיעוו — האָבן זיך מיט אים אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער חברים: העלע בירמאַן, יאַקוב גאָלדשטיין, א. כראַבאַלאָווסקי, געטראָפן אין הויז פון גוטק באָרנשטיין אין זאַווערטשע. (אַדורכפאָרן טשענסטאָכאָוו איז נאָך אַלץ פאַר אים געווען אַ סכנה).

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער, צוזאַמען מיט זיין פרוי ד"ר ראָזע קרוק, געווען אין לאָנדאָן. ער איז געווען איינער פון די נאָענטע פריינד פון ד"ר ישראל זאַנגוויל, און מיט זיין ברייטער באַקאַנטשאַפט מיט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-פּראָבלעמען, געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער לייבאָר-פּאַרטיי. שפּעטער, שוין זייענדיק אין פּוילן, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן דורך די פירער פון דער לייבאָר-פּאַרטיי קיין לאָנדאָן, דאָרט צו האַלטן לעקציעס וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

מיטן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע פאָרט ער צוריק קיין רוסלאַנד. אין 1918 קומט ער קיין פּוילן, באַזעצט זיך אין וואַרשע און שטעלט זיך ווידער אָן דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי „פאַראייניקטע".

אַ דערהויבענער היסטאָרישער מאָמענט איז געווען, ווען ד"ר קרוק איז, אַלס קאַנדידאַט צו דער ערשטער פּוילישער גרינדונג-פאַרזאַמלונג (קאָנסטיטואַנטע) אַרויסגעטרעטן אין טשענסטאָכאָוו מיט זיין ערשטער פאָרלעזונג: „דער קאַמף פאַר יידישע רעכט אין דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט".

עס איז גראָד געוואָרן 15 יאָר זינט ער האָט צוזאַמען מיט אַ הייפל אינטעליגענטן געגרינדעט אין טשענסטאָכאָוו די ערשטע גרופּע אַרבעטער-ציוניסטן און אַרויסגעגעבן דעם ערשטן העקטאָגראַפירטן אויפרוף צו די טשענסטאָכאָווער יידישע אַרבעטער.

מיט פייערלעכער באַגייסטערונג, פרייד און ליבע האָט אים די יידישע מאַסע און אינטעליגענץ פון טשענסטאָכאָוו אויפגענומען. פון אים האָט געשטראַלט די ליכט פון אַ העראָאישער פּערזענלעכקייט, טרעגער פון אַ גרויסער מענטשלעכער באַפרייאונג-אידעע און קעמפער פאַר די רעכט פון די יידישע מאַסן צו לעבן אַלס אַ פאָלק גלייך מיט אַלע פעלקער אויף דער ערד.

דאָס דרייפאַכע ליכט האָט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. עס האָט געשטראַלט פון זיין פּערזענלעכקייט, פון זיינע ברייט-אָריענטירטע און טיף-אַנאַליזירנדיקע אַרטיקלען און פאָרלעזונגען, וואָס זיינען שטענדיק געווען וויכטיקע געשעענישן אין די שטעט פון פּוילן, וואו זיי פלעגן פאָרקומען: אין וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, ווילנע, ביאַלאַסטאָק אאַז"וו, מיט דעם ליכט איז אַדורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדרי של גהינום פון פּאַרטייאישן קאַמף און רדיפות פון דער פּוילישער פּאָליציי.

ער האָט זיך ניט געשראָקן צו זאָגן דעם אמת דער פּוילישער רעאַקציע און מיליטאַריסטישער קליקע, וואָס האָט פאַרכאַפּט די ממשלה. און דאָס איז געווען אַ זעלטענהייט אין פּוילן און אַ גרויסע סכנה, באַזונדער, ווען ער איז שפּעטער, אַלס „אומאָפּהענגיקער", אַרויסגעטרעטן אויף די מאַסן-מיטינגען פון פּוילישע אַרבעטער.

דעם ערשטן טעם פון פּוילישער „פרייהייט", פאַר וועלכער ער האָט פון זיין יוגנט אָן געקעמפט, האָט ער פאַרזוכט באַלד אין 1919, ווען ער האָט אויפן וועג קיין טשענסטאָכאָוו אויף איין באַן-סטאַציע זיך געוואָרפן ראַטעווען אַ ייד פון די הענט פון מונדירטע כוליגאַנעם און אַליין געקריגן אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

אַ צווייטן מאָל האָט ער שיעור ניט געקראָגן אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, ווען ער האָט אויף אַ פּ.פּ.ס.'ישער פאַרזאַמלונג אין זאַל פון די פייערלעשער איז טשענסטאָכאָוו, נאָך דער פּילסודסקי-„רעוואָלוציע", אָנגערופן פּילסודסקי'ן אַ פאַררעטער פון די אַרבעטער.

און אויב ס'האָט נאָך געפעלט צרות, האָט עפּעס אַ פּאָליציייאישער טשינאָווניק זיך אַריינגעצויגן אין זיין דירה אין וואַרשע און לאַנגע חדשים אים געזעסן אויפן קאַרק.

ער האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אַ לאַנגע צייט אין טשענסטאָכאָווער און פּיעטרקאָווער תפיסות נאָך אַ פּראָצעס, אויף וועלכן ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אָנדערהאַלבן יאָר תפיסה.

דאָס לעצטע — דאָס „בעסטע". נאָך דעם ווי די אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי איז ליקווידירט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג פון די פּאָלקאָווניקעס — איז

ער פאַרשיקט געוואָרן אין באַרימטן לאַגער קארטוז בעריאזע, פון וואַנען מען האָט אים קוים אַ לעבעדיקן אַרויסגעראַטעוועט..

איינע פון זיינע אויפטואונגען, וואָס דאַרף אַמאָל ברייטער באַשריבן ווערן, איז געווען דאָס גרינדן פון „אַרבעטער-עמיגראַציע-פאַרבאַנד". נאָך ד"ר מאַכעלמאַנס „עמיגראַציע-געזעלשאַפט" אין קיעוו, איז דאָס געווען דער ערשטער פרואוו צו אָרגאַניזירן די יידישע עמיגראַציע אויף אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער באַזע. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אין דער אַרבעט האָט אים אַרויסגעהאָלפן ד"ר שיפּער, דער רעכטער פועלי-ציוניסט. פאַרטיי-קאָנקורענץ און מסירות פון שאַנטאַזשיסטן האָבן אָבער געווירקט, אַז די וויכטיקע אינסטיטוציע זאָל געשלאָסן ווערן דורך דער רעגירונג.

אין 1938 איז ד"ר יוסף קרוק מיט אַ גרופּע נאָענטע חברים צוגעשטאַנען צום „קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל". אין דער זעלבער צייט האָט ער פאַר זיך באַוואָרנט דאָס רעכט ווייטער מיטצואַרבעטן אין דער „פריילאַנד ליגע", וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר פריער אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די אַלטע פירער פון ס.ס., ווי זלמן (בירזשוי) מייזעל אין וואַרשע און ד. טשערנישעווסקי אין ווילנע.

נאָך דער אָקופּאַציע פון פּוילן האָט זיך ד"ר יוסף קרוק געראַטעוועט קיין ארץ-ישראל. די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן דאָרטן האָבן אים אויפגענומען מיט באַגייסטערונג און אים דערוויילט אַלס ערן-פאָרזיצער פון זייער לאַנד-ראַט. אַזוי ווי אין פּוילן, פאַרנעמט ער אויך אין ארץ-ישראל אַ חשובן אָרט צווישן די געזעלשאַפטלעכע טוער און זשורנאַליסטן און באַטייליקט זיך אין אַ גאַנצע ריי געזעלשאַפטלעכע קאָמיטעטן און וויכטיקע אנשטאַלטן.

# ר

## רוסאַק משה זלמן



זון פון יעקבֿ. געבוירן אין דזיאַלאָשין און דאָרט געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר אין 1919.

## רוסאַק חיה



טאָכטער פון קויפמאַן און נאכע לעווקאָוויטש. געבוירן אין דזיאַלאָשין. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר אין דזיאַלאָשין, אין יאָר 1928.

## ראָזען דזשעק

זון פון איזידאָר און מערי. געבוירן אין ניו-יאָרק דעם 24-טן יוני 1915. ער האָט חתונה געהאַט מיט ענני דרייז דעם 4-טן פעברואַר 1938. זייער זון, מעטיו איז געבוירן געוואָרן דעם 12-טן מערץ 1941 און די טאָכטער, מאַרדזשי — דעם 11-טן יוני 1944, בײדע אין ניו-יאָרק.

דזשעק ראָזען איז אַ לאַנג-יאָריקער מיטגליד אין דער ערשטער דזיאלאָשינער חבֿרה אַנשי בני אַחים אין ניו-יאָרק.

## ראָזען איזידאָר (יצחק ריסאַק) און מערי



איזידאָר ראָזען



מערי ראָזען

זון פון משה זלמן און חיה. געבוירן אין דזיאלאָשין דעם 10-טן אָקטאָבער 1890. צו 19 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט מערי סטאַשעווסקי, די טאָכטער פון יוסף און רודע. זי איז געבוירן געוואָרן דעם 10-טן יולי 1892 אין דזיאלאָשין.

די צרות וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אַלס יונגער בחור אין זיין קליין שטעטל, דורכלעבענדיק די צייט פון רעאַקציע אין דעם פּעריאָד פון 1905 ווי אויך די שוועריקייטן צו דערשלאָגן זיך צו אַ בכבודיק לעבן און מפרנס צו זיין אַ ווייב, האָבן אים געצוואונגען צו עמיגרירן.

מיט 10 רובל אין קעשענע און מיט אַן אַדרעס צו אומבאַקאַנטע קוזינס, וואָס האָבן געוואוינט אין אַמעריקע, האָט ער פאַרלאָזט דזיאלאָשין. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין נאָוועמבער 1919. די טעלעגראַמע וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט צו זיינע קוזינס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אין אַ זייט און פון זיי פאַרגעסן געוואָרן, ווייל ס'איז גראָד דעמאָלט געווען דער סעזאָן און קיינער פון זיי האָט



ענני ראָזען—דרוז

ניט געהאַט גענוג צייט צו קומען אים אַראָפּנעמען פון דער שיף. 3 טעג איז ער געזעסן אין קעסלגאַרטן ביז אַ לאַנדסמאַן, זקן ראָזענטאל, האָט זיך איבער אים דערבאַרעמט און אים פון דאָרט אַרויסגענומען.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו-יאָרק, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אַרבעטן אין שאַפּ פאַר 3 דאָלאר אַ וואָך און,

ווי דער שטייגער איז געווען, ניט האָבנדיק קיין פאַך אין האַנט, האָט ער אָנגעהויבן פון אויסקערן דעם שאַפּ, און זייער שנעל געוואָרן אַ פאָרמאַן אין שאַפּ פון זיינע קוזינס, ביי לײדיס וועיסטס.

זיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל צוריקקומען קיין פוילן און זיך שטעלן צום פּריזיוו, אָבער ער האָט זיך ניט דעצידירט אויף דעם און אָנגענומען אַלע מיטלען צו בלייבן אין אַמעריקע און באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען קיין אַמעריקע זיין פרוי, וואָס איז געבליבן אין פוילן. און טאַקע דעם 10־טן אָקטאָבער 1913 איז זיין פרוי מערי אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. אַ שטיקל צייט האָבן זיי ביידע געאַרבעט און זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל ביזנעס. די ביזנעס איז אַוועק ניט זייער גוט; ניט איינמאָל געמוזט אויפגעבן און ווידער אויפסניי אָנהייבן. פאַר דער צייט האָט זיך זיין פאַמיליע פאַרגרעסערט מיט 3 קינדער — 2 זין און 1 טאָכטער. שפּעטער איז ראָזען אַריין אין ביזנעס מיט אַ שותּף, און נאָך אַ געוויסער צייט מיט שוועריקייטן, איז די ביזנעס אַוועק פון טאָג צו טאָג אַלץ בעסער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיין פרוי געהאַלטן וואָרט, וואָס זי האָט געגעבן אירע עלטערן, און זי איז געפאָרן, צוזאַמען מיט אירע קינדער, אין איר היים־שטאָט, צו זען אירע עלטערן און פרייען זיך מיט זיי.

אַלע דריי קינדער האָבן געקראָגן אַ קאָלעדזש עדיוקיישאָן און היינט־צו־טאָג זיינען זיי אין בשותּפותדיקע ביזנעס מיט די פאַמיליע ראָזען.

נאָך 3 געשוויסטער האָבן זיי באַוויזן אַראָפּצוברענגען פון זייער גרויסער פאַמיליע, וואָס זיי האָבן געלאָזט אין פוילן.

מיט אַ ברייטע האַנט שטיצט די פאַמיליע ראָזען אַלע יידישע אינסטיטוציעס און האָבן קיינמאָל ניט פאַרגעסן זייער אַלטע היים.

איזידאָר ראָזען איז אַ לאַנגיאָריקער אַקטיוווער מיטגליד פון די ערשטע דזיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים, טרעזשורער פון דזיאַלאָשינער רעליף־קאָמיטעט, און טשערמאַן פון לאָאַן־פאָנד ביי די פּראָגרעסיוו פרענדס אין די בראָנקס.

מערי ראָזען איז די ערשטע פּרעזידענטין פון די דזיאַלאָשינער לײדיס אוקזילערי, ערשטע פּרעזידענטין פון די סטאַר טשאַריטיס סיסטערס, מיטגליד פון באָארד אָוו דירעקטאָרס אין די שילד אָוו דעיוויד און וויִס־פּרעזידענטין ביי די לײדיס סאָסייעטי פאַר פרענדשיפּ (אַ היים פאַר מיידלעך).

די ראָזענס רופן זיך אָפּ וואַרעם און ברייט אויף יעדן רוף פון טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט.

זייער זון רובין איז געווען אַ ליוטענאַנט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ראָטמאַן—וואַגאַ חיה



טאָכטער פון יעקבֿ צבי און ביילע גיטל וואַגאַ. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו סעפּטעמבער 1898. אירע עלטערן זיינען געווען באַלעבאַטישע, פרומע מענטשן, בפרט די מוטער, וואָס האָט מיט איר פרומקייט געלייגט אַ חותם אויף דער פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי זין און צוויי טעכטער. איר מוטער האָט אַ סך געהאָלפן אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע מענטשן. זי פלעגט אַליין געבן צדקה און געווען אַ ביישפּיל פאַר שכנים און פריינד. זי האָט געהאָפט מיט אירע מעשים טובֿים צו האָבן אַ גרעסערן שכר אויף יענער וועלט. זי פלעגט די קינדער דערציילן פאַרשיידענע מעשׂיות פון דער יידישער געשיכטע, כדי אַזוי־אַרום זיי צו באַאיינפלוסן אָפּצוהיטן די יידישע רעליגיעזע מנהגים. און הגם זי האָט זייער געוואָלט זעען אירע קינדער — מענטשן מיט וועלטלעכער בילדונג, האָט אָבער די מורא, אַז זיי וועלן „קאַליע" ווערן, זי גובֿר געווען, און דערפאַר איז חיה וואַגאַ'ן שווער אָנגעקומען דאָס לערנען זיך אין אַ יידישער פּענסיע, שפּעטער — אין אַ פּוילישער גימנאַזיע.

חיה וואַגאַ'ס פאָטער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון שפּילגעצייג. ער פלעגט זיין פּראָדוקציע פאַרקויפן קיין רוסלאַנד. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך די פאַבריק געמוזט פאַרמאַכן. נאָך דער מלחמה האָט ער אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן שפּיגלען. אויך אויף דעם געביט האָט ער אַרויסגעוויזן פעאיקייטן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקאַנטוויקלטן חוש פאַר דערפינדונגען; האָט ליב געהאַט אַלץ צו טאָן אַליין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן אים אַרויסגעהאָלפן זיינע צוויי דערוואַקסענע זין. דער עלטערער — משה — איז געווען אַ ישיבֿה בחור ביז 15 יאָר, שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו לערנען בוכהאַלטעריע און נאָך אַנדערע פּראָפעסיעס; ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו זינגען און געטרוימט צו ווערן אַ חזן. ער האָט געלערנט ביים שטאָטישן חזן זיסקינד ראָזענטאַל, שפּעטער — אין דער חזנים־שול פון אַבֿרהם בער בירנבוים. ער האָט אָבער דאָס לערנען איבערגעריסן און אָנגעהויבן אַרבעטן צוריק ביים פאָטער אין פאַבריק. אָבער, מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט פרעגערס טאָכטער, חנה, און שוין געהאַט דערוואַקסענע קינדער, האָט ער נאָך אַמאָל געפּרוּווט צו ווערן אַ חזן. ער איז אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט געלערנט אין אַ חזנים־שול. קומענדיק צוריק קיין טשענסטאָכאָוו, האָט ער געדאַווענט שבת חנוכה אין דער דייטשער שול. אַ גרויסער עולם איז אים געקומען הערן און די מוטער איז געווען זייער שטאָלץ מיט איר זון.

חיה וואַגאַ'ס יוגנט־צייט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער גלויבן, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן, האָט די יוגנט צוריקגעהאַלטן פון יעדער קולטור־טעטיקייט. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפלעבונג אין קולטורעלן לעבן פון דעם יידישן טשענסטאָכאָוו, און, ווי חיה וואַגאַ זאָגט, האָט אויף איר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק די ערשטע יידישע פאָרלעזונג פון רפאל פעדערמאַן וועגן ד"ר חיים זשיטלאָווסקי'ס „ייד און מענטש". פון דעמאָלט אָן האָט זי אָנגעהויבן לייענען יידישע ביכער, זיך פאַראינטערעסירט מיט יידישע פּראָבלעמען און דערנענטערט זיך צו דער יידישער שפּראַך. דעם דאָזיקן פּעריאָד האָט זי דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט איר חבֿרטע אסתּר פוקס (היינט אַ לערערין אין סאָוועט־רוסלאַנד). צו יענער צייט האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו אָרגאַניזירט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער. דער סעקרעטאַר פון פאַראיין איז געווען שאול לאַנדע. אונטער זיין ווירקונג האָבן חיה וואַגאַ און איר פריינדין אָנגעהויבן העלפן דעם פאַראיין מיט זייער מיטאַרבעט. זיי זיינען געוואָרן ביבליאָטעקאַרן פון דער פאַראיין־ביבליאָטעק און



לייזער ראָטמאַן

בכלל זיך באַטייליקט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פונעם פאַראיין. אַרום דעם פאַראיין, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף ספּאַדעק גאַס, האָט זיך גרופּירט אַ גרויסער טייל פון די יידישע אַרבעטער. זיי האָבן דעמאָלט אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע קולטורעלע טעטיקייט, אין וועלכער חיה וואַגאַ האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט. אין אַ צייט שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן אַ „בילדונגס-פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער" אין טשענסטאָכאָוו. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ליטעראַרישע אָוונטן, קורסן פאַר דערוואַקסענע, אַ ביבליאָטעק און אַ לייענזאַל. זי האָט מיטגעאַרבעט מיט די חברים רפאל פעדערמאַן, שאול לאַנדע, יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי, אלקנה כראַבאַלאָווסקי, מיכאל שלעזינגער (דודעק), מיכאל אַלטער, משה וועקסלער, יוסף שיינוועקסלער, משה בערקענשטאַט, ליוביש בערקאָוויטש, פראַדל בראַט, הערשל גאָטיינער, שמואל פראַנק, די ברידער פינקעלשטיין, רייזעלע פרייטאָג און אַנדערע. איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס איז געווען צו אָרגאַניזירן אַ קינדער-היים, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען פון י. ל. פּרץ. חיה וואַגאַ איז דאָרט געוואָרן אַ געהילף-לערערין צו יוזשע שטאַם. אין דער זעלביקער צייט האָט זי דורכגעמאַכט צוויי יאָריקע פּרעבל קורסן אין דער פּוילישער שפּראַך פון מאַדזשע זאַלצמאַן. אַ יאָר שפּעטער האָט זי איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער צווייטער קינדער-היים — „פאַראייניקטע". 4 יאָר צייט איז זי געווען פאַרבונדן מיט די קינדער-היימען און די יידישע וועלטלעכע שולן אין טשענסטאָכאָוו.

חיה וואַגאַ האָט זיך ביי דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט **באַגעגנט מיט רפאל** פעדערמאַן און איז געוואָרן אינטים באַפריינדעט מיט אים און דאָס האָט געהאַט אויף איר אַ גרויסע ווירקונג און אויסגעברייטערט איר האָריזאָנט פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. יאָרן לאַנג האָבן די קעגנזייטיקע פריינדשאַפט-געפילן זי געשטאַרקט און געמוטיקט. אָבער די ווייטערדיקע צופאַלן אין לעבן האָבן געענדערט איר לעבנס-וועג. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט איר אָבער געהאָלפן איבערטראָגן און מילדערן אירע שווערע איבערלעבונגען. 3 יאָר צייט האָט זי אָנגעפירט מיט אַ קינדער-היים אין וואַרשע, 1 יאָר אין נאָוואָ-ראַדאָמסק און 1 יאָר צייט אין גראָדנע, וואו זי איז אויך געווען די גרינדערין פון דער קינדער-היים.

גלייכצייטיק מיט דער קולטור-אַרבעט האָט זיך חיה וואַגאַ אויך באַטייליקט אין פּאָליטישן לעבן. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער ס"ס, שפּעטער — „פאַראייניקטע", אָנטייל גענומען אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, געווען מיטגליד פונעם פּאָליטישן ראַט און באַטייליקט זיך אין די צוזאַמענפאָרן פון דער פּאַרטיי. זי איז געווען אַ קאַנדידאַט ביי די וואַלן צום שטאָט-ראַט אין טשענסטאָכאָוו. נאָכן אויפלייזן זיך פון דער פּאַרטיי „פאַראייניקטע", האָט זי זיך צוריקגעצויגן פונעם פּאָליטישן לעבן. דער וואוקס און צעבליאונג פון יידישן שולוועזן איז געוואָרן איר אידעאַל. זי באַטראַכט דעם פּעריאָד אַלס דעם שענסטן **פון איר יוגנט.**

אין 1927 האָט זי זיך באַגעגנט אין פּוילן מיט ב. מ. ראָטמאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט און אינעם זעלביקן יאָר זיינען זיי געקומען קיין אַמעריקע. דאָ האָט זי אַ צייט געאַרבעט אין דער שלום-עליכם קינדער-היים. אַ צייט שפּעטער פאָרט זי מיט איר מאַן קיין אייראָפּע. זי האָט אויך באַזוכט טשענסטאָכאָוו.

היינט-צו-טאָג לעבט זי אין ניו-יאָרק מיט איר מאַן און זון, לייזער, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין אויגוסט 1934.

פון איר משפחה אין פּוילן האָט זיך, על פּי נס, געראַטעוועט פון די היטלעריסטישע בעסטיעס, איר ברודער שלמה מיט זיין פרוי רענאַ און זייער זון לודוויק, וועלכע זיינען געווען אויסבאַהאַלטן 22 חדשים אין איינעם פון די באָנקערס אין טשענסטאָכאָוו. איר ברודער האָט אויך אָנגעשריבן אַ טאָג-בוך פון איבער 300 זייטן וועגן זיינע איבערלעבונגען פאַר דער צייט פון דער היטלערישער ממשלה אין טשענסטאָכאָוו. די איבעריקע מיטגלידער פון איר משפחה — אירע עלטערן, דער ברודער משה און זיין ווייב און צוויי קינדער זיינען אומגעקומען אין דער מלחמה-צייט. איר יינגסטע שוועסטער, פייגעלע, איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט אין בליענדיקן עלטער פון 21 יאָר אין 1937. פון אירע הונדערטער פריינד פון דער היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו, מיט וועמען זי איז געווען פאַרבונדן מער ווי אַ העלפט פון איר לעבן, זיינען געבליבן בלויז איינצעלנע.

אַ דערפרייענדיקער מאָמענט פון אויפריכטיקער טרייער פריינדשאַפט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה איז פאַר איר געווען דאָס קומען קיין אַמעריקע, אַלס פּליט, פון רפאל פעדערמאַן, אַדאַנק דעם יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט. זי איז איצט טעטיק אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט אין ניו-יאָרק און איז באַטייליקט אין אַרויסגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".



די פאַמיליע וואַגאַ

## ראָזענבלאַט מאַקס

זון פון חיים שמעון און חוה. געבוירן אין נאָוואָ-ראַדאָמסק דעם 1-טן אָקטאָבער 1888. ער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין 1902.

מאַקס ראָזענבלאַט האָט געוואוינט איניקע יאָר אין פּאַריז, דאָרטן חתונה געהאַט מיט ראַשעל גוטמאַן און געקומען קיין אַמעריקע אין 1915. ער איז אַ מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי אין ניו-יאָרק. זייערע צוויי זין — היימי, דר. פילאָזאָף און בעני האָבן זיך פריוויליק אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## ראָזענבלאַט דזשאָ

זון פון חיים שמעון און חוה. געבוירן אין נאָוואָ-ראַדאָמסק אין 1896. ער האָט זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו און דעם 16-טן יאַנואַר 1921 איז ער געקומען קיין אַמעריקע. ער איז אַ טעטיקער עקזעקוטיוו-מיטגליד אין א.פ.פ.א. בר. 11, טשענסטאָכאָווער יונייטעד רעליף קאָמי-

טעט אין ניו-יאָרק און אין בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן“, אויך אין די-קערמאַן-ראָזענבלאַט פאַמיליע סוירקל. ער האָט חתונה געהאַט מיט בעלאַ ריד.

## רובין סידנעי

זון פון יצחק און לענא. געבוירן דעם 15-טן נאָוועמבער 1902 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין דעצעמבער 1912.

## רובין אורווינג

זון פון יצחק און לענא. געבוירן דעם 14-טן יולי 1910 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1911.

## רובין סאול

זון פון יצחק און לענא. געבוירן אין מאַי 1907 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין דעצעמבער 1912.

## ראָזענפעלד דוד



געבוירן אין לאָדזש. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 31 יאָר, זייענדיק אין דינסט אין דער רוסישער אַרמיי אין מוקדען בעת דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה.

דוד ראָזענפעלד איז געווען דער פאָטער פון רעגינע קופערמאַן-ראָזענפעלד.

## רובעל משה



זון פון זעליג און לאה. געשטאָרבן אין עלטער פון 82 יאָר אין טשענסטאָכאָוו.

## רובעל פייגע



טאָכטער פון וואָלף און דאָברע. געשטאָרבן אין עלטער פון 82 יאָר אין פיעטריקאָוו.

## רודניצקי זיסער און שיינדל

(פון דערהיים — פיינער)

זיי זיינען געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

## ראַבינאָוויטש שלמה (סעם)

זון פון מרדכי ישראל און שרה געלע. געבוירן אין 1896 אין שעראַדז. געקומען קיין אַמעריקע פון טשענסטאָכאָוו אין 1913. ער האָט חתונה געהאַט מיט יהודית דזשאַראָוו. זיין אייניקל, יצחק פלעקמאַן האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַלס ליוטענאַנט.

## ראַדאָש קלאַראַ און משה

זון פון מענדל און ברוינדל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1883. מיטגליד פון אַרבעטער רינג בראַנטש 471. זיינע זין — אַלען און הערבערט האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.



משה זלמן ראָזען

## רוק שמואל



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זיין פאָטער איז געווען אַ שניידער און האָט דעם זון געלערנט די זעלבע מלאכה. בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער, ווי אַ סך אַנדערע, אַוועק קיין דייטשלאַנד אַרבעטן. קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין 1923. דאָ האָט ער זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט אין ניו-יאָרק און אויך אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיטן טשענסטאָכאָווער יוגנט-קלוב.

אין 1933, ווען ס'איז אין ניו-יאָרק געגרינדעט געוואָרן דער צענטראַל-קאָמיטעט פון די פּאַטראָנאַטן צו שטיצן די פּאָליטיש-אַרעסטירטע אין פוילן — איז ער דערוויילט געוואָרן סעקרעטאַר און פאַרבליבן אין דעם אַמט ביז 1935.

אַ שווערע קראַנקייט האָט איבערגעריסן זיין יונג לעבן. ער איז געשטאָרבן אין מאַי 1935.

כבוד זיין אָנדענק!

## ריקמאַן יצחק



זון פון חיים לייב און מייטע. געבוירן דעם 26-טן דעצעמבער 1880 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע 1900. מיטגליד און וויס-פּרעזידענט פון „יאַנג מענס“.

## ריכטער רחל



טאָכטער פון לייביש און בראַנדל אַלט-מאַן. געבוירן אין פרזשערעוו דעם 10-טן יולי 1894. געקומען פון קאַנאַדע קיין אַמעריקע אין סעפּטעמבער 1914. זי איז געווען איינע פון די טעטיקע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון טשענסטאָכאָ-ווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק. פאַר אַ לאַנגער צייט געווען טשערלעידי פון די טשענסטאָכאָווער לייַ-דיס אוקזילערי און אַ מיטגליד פון בוך-קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". זי איז געשטאָרבן דעם 17-טן דעצעמבער 1944 אין ניו-יאָרק.

---

## רעמבאַק מאיר



זון פון אייזיק און קיילע. געבוירן אין רעמבליצע (פוילן) דעם 25-טן פעב-רואַר 1886. ער איז געקומען קיין אַמע-ריקע פון לאָנדאָן אין 1921. אין אַמע-ריקע געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. געגומען אַ וואָרט אויף די שפּאַלטן פון דער יידישער פּרעסע אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און אַרבעטער פראַגן. ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק, פאַראייניקטער טשענ-סטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק און אַנ-דערע אָרגאַניזאַציעס. ער איז געשטאָרבן דעם 13-טן דעצעמבער 1943. צו זיין טויט האָבן פאַרעפנטלעכט טרויער-רעזאָלוציעס די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: לאָק. 9 א.ל.ג.וו.י., מיוטשועל עיד קאַלפיראַל סאָסייעטי, אַרבעטער רינג, ב. שלעזינגער קלאָוק פינישער בר. ייד. סאָצ. פאַרבאַנד און מעדעם-קלוב אין ניו-יאָרק. פאַרן פאַרלאָזן פוילן האָט ער געלעבט אין טשענסטאָכאָוו און איז געווען טעטיק אין דער פראָפ. באַוועגונג און אַ לאַנגע צייט אין אַלג. ייד. אַרבעטער בונד — „בונד" אין פוילן.

---

## ריכטער נייטן



זון פון הערשל און פרימעט. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן יוני 1894. געקומען קיין אַמעריקע דעם 25-טן נאָ-ווועמבער 1913. ער איז אַ טעטיקער עקזע-קוטיוו-מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער ראַ-יאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. זיין זון עלי האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## ריכטער זלמן און חנה

אין אָנדענק!

דעיוו ריכטער.

---

## ריכטיגער דוד

שיקאַגאָ



זון פון מרדכי און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 16-טן אָקטאָבער 1890. געקומען קיין אַמעריקע אין 1909. ער איז אַ מיטגליד אין דער בענדינער סאָ-סייעטי, אַרבעטער רינג ברענטש 176, און טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ.

בעת דער לעצטער מלחמה האָט ער גע-געבן 8 מאָל בלוט פאַרן רויטן קרייץ און זיין ווייב ראָזע — 4 מאָל. זייער זון לואיז איז געווען אַ ליוטענאַנט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## רייך ברוינע

דעטראָיט



טאָכטער פון שלמה און אסתר קאַלין. געבוירן אין 1900 אין מישקאָוו (פוילן). געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע אין 1922. זי איז אַ מיטגליד אין יידישן פראָגרעסיוון פאָלקס-אָרדן אין דעטראָיט. איר זון סעם האָט געדינט אין דער אַמע-ריקאַנער אַרמיי.

---

## ריכטער יהושיע



זון פון עזריאל און בלומע רייזל. געבוירן אין ליסאָוויץ (פוילן) דעם 12-טן אָקטאָבער 1888. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1913 און קיין אַמעריקע אין סעפּטעמבער 1914. ער איז אַ מיט-גליד פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער רינג און פון יונייטעד טשענ-סטאָכאָווער רעליף אין ניו-יאָרק.

# ש

## שאַיאַ דזשאו

פּאַסייק, נ. דזש.

---

## שאַיאַ מרדכי און זיינע זין

פון מאָריס שאַיאַ

די משפחה שאַיאַ איז געווען פאַררעכנט צווישן די עלטסטע פאַמיליעס אין טשענסטאָכאָוו. מרדכי „דרעקסלער", שאַיאַס פאָטער, האָט געפירט אַ גרעסערע פאַבריק מיט לערך 50 אַרבעטער. לויט די אומשטענדן אין יענער צייט איז די פאַבריק געפירט געוואָרן אויף אַ פּרימיטיוון אופן. אַ טייל פון די אַרבעטער האָבן געגעסן און געשלאָפן ביים באַלעבאָס, און זיין פרוי, וואָס מ'האָט גערופן "די מוטער", האָט געזאָרגט פאַר זיי.

מרדכי שאַיאַ איז אַליין געווען אַ געניטער פאַכמאַן און זיך באַמיט צו מאַכן זיינע קינדער פאַר גוטע פאַכלייט. ער האָט דערמוטיקט זיינע 5 זין צו עפענען אייגענע פאַבריקן און גענומען פון זיי פאַרזיכערונגען, אַז זיי זאָלן קיינמאָל ניט ווערן קיין שותפים און קיין קאָנקורענטן, ווייל נאָר אַזוי וועלן זיי קענען לעבן בשלום. האָט טאַקע דער עלטסטער זון, איצעקל, אויסגעאַרבעט ספּינקעס, רינגען, מעדאַלן; הערמאַן — ברילן און שפּילצייג; שייאוש — פּאַרטאַבאַקן און ציגדערס; מאַטוש — שרייב־פעדערן און פעדער־האַלטער און בעריש — פינגערהוטן. זיי זיינען טאַקע געבליבן פריינד, זיך צוזאַמען באַראָטן וועגן דער פירונג פון זייערע פאַבריקן און געהאָלפן איינס דאָס אַנדערע.

ביי די שאַיאַס זיינען געווען באַשעפטיקט הונדערטער יידישע אַרבעטער.

פון די שאַיאַס האָבן נאָר צוויי אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. איינער איז משה (מאָריס) שאַיאַ, דער שרייבער פון די שורות, אַ זון פון איציקל שאַיאַ, געפינט זיך זינט 1920 אין ניו־יאָרק. ער האָט דאָ חתונה געהאַט מיט אַ טשענסטאָכאָווער מיידל — סערע ווין, אַ טאָכטער פון גרונם ווין. דער צווייטער זון האָט דאָ חתונה געהאַט מיט מאָס'עס טאָכטער נעטי.

ביז איצט זיינען נישטאָ קיין שום ידיעות פון טשענסטאָכאָוו, אַז עמיץ פון דער ברייט־פאַרצווייגטער פאַמיליע שאַיאַ זאָל זיך האָבן געראַטעוועט פון אונטערגאַנג.

## שאַפּיראָ מאָטע



זון פון מענדל און מאַשע. געבוירן אין נאָוואָ־ראַדאָמסק דעם 2־טן יאַנואַר 1893. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. חתונה געהאַט מיט לאה'קע וואַלעס פון קאָזלאָווע רודע (ליטע).

מאָטע שאַפּיראָ איז אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי, האָספּיטאַלער זינט לאַנגע יאָרן; עקזעקוטיוו־מיטגליד פון רעליף־קאָמיטעט פון דער גרינדונג אָן. געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון פּאַטראָנאַט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן. אין ראַדאָמסק האָט ער געהערט צו דער ס.ס.־פּאַרטיי.



לאה שאַפּיראָ

---



שאַפּיראָס פאַמיליע אין ראַדאָמסק



די פאַמיליע שאַפּירא

---

## שאַרפּ (שערפּינסקי) מאיר

שיקאַגאָ



זון פון אשר אַנשל און חיה, געבוירן אין וואַרשע דעם 9־טן פעברואַר 1892. ער האָט חתונה געהאַט מיט לינע גראַנעק. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. ער איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג און אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל פאַראיין



לינע שאַרפּ

---

## שיקמאַן פייגל

טאָכטער פון שמואל ברוך און ריווטשע סטאַשעווסקי. געבוירן אין זשאַרקי פּוילן. געשטאָרבן אין 1918 אין עלטער פון 47 יאָר אין ציריך (שווייץ).

אין שיקאַגאָ. זיינע 2 זין — סידני און נייטן האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## שאַפּיראָ מענדל

זון פון מאקס און לינא. געבוירן אין ניו-יאָרק דעם 19-טן מערץ 1923. אומ-געקומען אין אַן אַקציע דעם 30-טן יוני 1944 אין אינדיע.

די נאָוואָ-ראַדאָמסקער סאָסייעטי האָט באַשלאָסן אין זיין אָנדענק צו שאַפן ביים נאָוואָ-ראַדאָמסקער רעליף-קאָמיטעט אַ פאָנד פאַר קינדער-יתומים אין אייראָפּע. דער פאָנד פאַרמאָגט שוין אַרום 1,500 דאָלאַר.

ס'איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן, אַז בעת מענדל שאַפּיראָ איז אין 1928 געלעגן אויף אַ שווערער קראַנקייט אין מאָנטע-פיאָרע-האָספּיטאל, האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער חודש-אויסגאַבע פון האָספּיטאל א. נ. „עכאָ״; פאַרעפנטלעכט יעדן חודש אַן אַרטיקל פון בעלעטריסטישן כאַראַק-טער וועגן לעבן פון די קראַנקע אין האָספּיטאל. ער איז איניקע מאָל באַ-לוינט געוואָרן פאַר זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן מיט אויסצייכענונגען.

---

## שוכטער סעמואל (שמחה)



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1893. קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין 1910 און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. ער האָט גראַדואירט די עלעמענטאַרע שול, דערנאָך — היי-סקול און אין 1914 אָנגעקומען אַלס סטודענט אין שיקאַגאָער אוניווער-זיטעט. אין דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט ער איבערגעריסן זיין בילדונג און אַריינגעטרעטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי מיט וועלכער ער האָט פון 1917 ביז 1918 געקעמפט אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד. אין דער אַרמיי האָט ער גראַדואירט אַלס ליוטענאַנט און איז באַ-שטימט געוואָרן אין דער „אינטעלי-דזשענטס״-אָפּטיילונג.

אין סעפּטעמבער 1919 איז ער צוריק אַריינגעטרעטן אין שיקאַגאָער אוניווערזי-טעט און אין דעצעמבער דעמזעלבן יאָר גראַדואירט אַלס דאָקטאָר פילאָזאָפיע מיט דער אויסצייכענונג אין ראָמאַנישע שפּראַכן.

ער האָט זיך דערנאָך פאַרבונדן מיט דער קליידער-אינדוסטרי, וואו ער איז געווען טעטיק אַלס לייבאָר-פאַרוואַלטער און עקזעקוטיוו-מיטגליד פון פאַרשיי-דענע באַקאַנטע קליידער-פירמעס.

איצט וואוינט ער אין סינסינעטי, אָ., און איז וויים-פרעזידענט פון אַ גרויסער קליידער-פאַבריקאַציע געזעלשאַפט.

ער האָט די גאַנצע צייט ניט פאַרגעסן אָן טשענסטאָכאָוו און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אָנטייל גענומען מיט קלע-נערע אָדער גרעסערע ביישטייערונגען צו דער הילף-אַרבעט פאַר זיין היים-שטאָט פון די יונגע יאָרן.

---

## שוכטער מענדל



מענדל שוכטער, דאָס קינד פון אָרעמען שוסטער פון דער טעפּערגאַס 70 (גאַרנ-צאַרסקע) אין טשענסטאָכאָוו האָט מיט זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג, בילדונג און פלאַץ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די יידישע מאַסן אין טשענסטאָכאָוו, דערנאָך אין אַמעריקע — פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן זיינע ברידער, חברים, פריינד און מיטקעמפער.

זיין נאָמען איז געוואָרן דער סימבאָל פון אידעאַליזם, חברשאַפט, צוגעבונדנקייט צו זיין פאָלק און געטריישאַפט צו זיין אידעאַל ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

אינמיטן פון אַלע שטראָמען און שטו-רעמס פון לעבן, וואָס האָבן אים געקערט רעכטס און לינקס — פון ס.ס. צו דער אַלגעמיינער פועלי-ציון-פאַרטיי, צו די לינקע פועלי-ציון און צום סוף — צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי — איז ער פאַרבליבן דערזעלבער: פראַמעטיאוש, וואָס איז צוגעשמידט צו דער ערד פון יידישן לעבן, דער טרוימער פון געטאָ, דער קעמפער פאַרן קיום פון יידישן פאָלק און פאַר אַ ניי, פריי און געזונט יידיש לעבן.

ער איז געווען דער טיפּ פון דער יידי-שער מאַסע, וואָס האָט זיך געריסן פון דערשטיקעניש און ענגקייט פון געטאָ צו אַ פרייען פלאַץ אויף גאָטס ערד גלייך מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט.

*
* *

מענדל שוכטער איז געבוירן געוואָרן אין 1890 אָדער 1891. זיין פאָטער איז שוין דעמאָלט געווען אַן עלטערער מענטש. אויך זיין מאַמע איז אים, זייענדיק נאָך אַ יינגל, אָפּגעשטאָרבן. ער איז באמת גע-ווען אַ קינד פון עלנט און נויט.

נאָך אין די יונגע יאָרן האָט מענדל אָנגעהויבן לערנען אַלס שניידער. אין 1905, דעמאָלט 15—16 יאָר אַלט, איז ער גע-וואָרן איינער פון די פּיאָנערן פון דער אַרבעטער-גרופּע ס.ס., וואָס יוסף קרוק און יצחק גורסקי האָבן אָרגאַניזירט. אין זעלביקן יאָר איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן. אַ יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

אין 1908 איז ער אַרעסטירט געוואָרן בעת אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי אויף דער ס.ס.'ישער דרוקעריי און אין 1909 פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. עס איז אים געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן און נאָך אַ קורצער צייט איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן ביי קלאוקס און מיט זיין ברען אַריינגע-וואָרפן זיך אין דער יוניאָן-טעטיקייט, וואו ער איז געוואָרן איינער פון די פירער.



משה שווייצער

אין דערזעלביקער צייט איז ער אויך געווען טעטיק אין דער אַמעריקאַנער ס.ט. (סאָציאַליסטיש-טעריטאָריאַליסטישע) אָר-גאַניזאַציע און איינער פון די ערשטע פּיאָנערן פון די יידיש-ראַדיקאַלע שולן, וואָס די ס״ס און פּ״צ האָבן געשאַפן. נאָך דער באַלפור-דעקלאַראַציע איז ער, צוזאַמען מיט דער מערהייט פון דער ס.ט.-אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע אַריינ-געטרעטן אין דער פועלי-ציון-פאַרטיי און נאָך דער שפּאַלטונג — אַריבער צו די לינקע פועלי-ציון און געוואָרן איינער פון אירע אָנפירער.

די שווערע לאַגע פון די יידישע מאַסן אין אייראָפּע נאָך דער ערשטער וועלט-

מלחמה; די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אין פּוילן האָבן אויף אים געווירקט אַריינצואוואַרפן זיך אין דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די עפנטלעכע מיינונג אין אַמעריקע קעגן די פּאָגראָמען און רדיפות. ער איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע טוער פון דער הילף־אַרבעט און האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין פּיפּלס־רעליף־קאָמיטעט. אין 1920 איז ער געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו אַ הילף־קאָנפערענץ אין בערלין, האָט באַזוכט פּוילן און מיטגעבראַכט הילף פאַר אַ גרויסער צאָל מענטשן און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

זיין באַזוך אין אייראָפּע, וואו ער האָט זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט דעם אומגליק, וואָס די ערשטע וועלט־מלחמה האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט און מיט דער נויט און ליידן פון די מאַסן — האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק און אים געשטויסן צו דער לינקער ריכטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געוואָרן איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון „יידישן אַרבעטער־הילף־קאָמיטעט" און אַ הייסער אָנהענגער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. די יידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און די פּראָקלאַמירונג פון אַ יידישער אויטאָנאָמער געגנט אין בירא־בידזשאַן האָט אים באַגייסטערט. ער איז געוואָרן איינער פון די גרינדער פון „איקאָר" און מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

אָבער גלייכצייטיק מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער נישט אויפגעהערט זיך צו בילדן. ער איז אַריינגעטרעטן אין שיקאַגאָער אוניווערזיטעט. צוערשט איז ער געווען בדעה צו שטודירן אַלס אַגראָנאָם, האָט אָבער שפּעטער שטודירט לאָא (יורי) — ביז ער האָט אין 1924 גראַדואירט אַלס לאָיער. אין די לעצטע יאָרן פון זיין שטודיום איז ער אויך געווען אַ לערער אין אַ יידישער שול אין אַ שטעטל לעבן שיקאַגאָ.

זייענדיק אַ לאָיער, איז זיין פּאָפּולאַריטעט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער און אַרבעטער־קעמפער געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ער איז געוואָרן דער אַדוואָקאַט און קעמפער פאַר די רעכט פון די מאַסן, פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג און פון יעדן איינעם, וואָס האָט זיך גענייטיקט אין יורידישער הילף.

די יידישע מאַסן האָבן זיך אין יענע יאָרן גענייגט מער צו דער לינקער באַוועגונג. מענדל שוכטער, ווי הונדערטער אַנדערע, איז געגאַנגען מיטן שטראָם, און אין 1927 איז ער אָפיציעל אַריינגעטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

צוזאַמען מיט די כוואַליעס פון דער לינקער באַוועגונג איז געוואַקסן זיין רום און נאָמען אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער און געטרייער חבר. אָבער אין 1929 איז געקומען דאָס יאָר פון איבערברוך און דער אָנהויב פון זיין טראַגישן סוף.

בעת די אַראַבישע אָנפאַלן אויפן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל האָט ער געדאַרפט אַרויסטרעטן אויף אַ מאַסן־מיטינג צו באַרעכטיקן די שטעלונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי בנוגע די געשעענישן דאָרט. ער האָט זיך אָבער דערפון אָפּגעזאָגט און דערפאַר אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. דערמיט האָט ער פאַרלוירן יעדן געזעלשאַפטלעכן אָנשפּאַר און האָט אָנגעהויבן פאַלן פון זיין געזעלשאַפטלעכן פּיעדעסטאַל.

ער איז אָבער שפּעטער ווידער אַריינגענומען געוואָרן אין דער פּאַרטיי. גייסטיק און פיזיש צוזאַמענגעבראָכן, האָט ער פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין אַ סאַניטאַריום, האָט אויפגעהערט צו פּראַקטיצירן אַלס לאָיער און מער ניט געקאָנט קומען צו זיינע כוחות.

זיין לעצטע רעטונג־ברעט, וואו ער האָט געגלויבט צו געפינען אַן אָנהאַלט, איז געווען זיין טעטיקייט אַלס פעלד־אָרגאַניזער פון „איקאָר". זייענדיק אין אַ שטעטל לעבן ניו־יאָרק, האָט ער זיך אין גאַס דערפילט נישט־גוט, איז אַוועקגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל און דאָרט באַלד געשטאָרבן.

זיין נאָמען, זיין אָנדענק אַלס ליבער חבר, פון וועמען ס'האָט שטענדיק געשטראַלט אידעאַליזם, חבֿרישע ליבע און אומבאַגרענעצטע געטריישאַפט צו זיין פאָלק — וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.



מענדל שוכטער אויף אַ פאַרזאַמלונג ביי לאַנדסלייט

---

## שולדינגער טוביה

דעטראָיט

זון פון דוד און פייגל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15־טן סעפּטעמבער 1901. געקומען קיין אַמעריקע אין 1920. ער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט.

---

## שולדינגער אהרן

דעטראָיט

זון פון משה און רחל. געבוירן אין יאָנעוו אין 1988. געקומען קיין אַמעריקע פון טשענסטאָכאָוו דעם 20־טן מערץ 1906. ער איז אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. האָט חתונה געהאַט מיט גיטל (קעידי) באַלאַנטסאָוו.

---

## שומער דזשעק
## (שמולעוויטש יענקל)

דעטראָיט

זון פון מרדכי און מאַלי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1903. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין דעטראָיט.

---

## שומער דזשאָו
## (שמולעוויטש גאָדל)

דעטראָיט

זון פון מרדכי און מאלי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1906. געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין דעטראָיט.

---

## שומער סעם
## (שמולעוויטש שמואל)

דעטראָיט

זון פון מרדכי און מאַלי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1907. געקומען קיין אַמעריקע אין 1921. ער איז אַ מיטגליד אין יידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין דעטראָיט.

## שומער (שמולעוויטש) שלום

שיקאַגאָ

זון פון מרדכי בייניש און מאַטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן יולי 1901. ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל גריטץ. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. ער איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

---

## שוואַרץ חיים לייב



געבוירן אין ראָספּשע, ביי טשענסטאָכאָוו, דעם 15-טן אויגוסט 1883. די דאַטע איז אָבער ניט קיין פעסטע ווייל אין די דעמאָלטיקע צייטן האָבן עלטערן צוליב פאַרשיידענע סבות פאַרנאַכלעסיקט דאָס מעלדן אין דער ריכטיקער צייט. חיים לייב שטאַמט אָבער פון טשענסטאָכאָוו. דאָס וואָס ער איז געבוירן אין ראָספּשע, נעמט זיך פון דעם, ווייל זיין פאָטער אביגדור ברוקאַזש האָט גראָד אין דער צייט ווען חיים לייב'ס מוטער איז געווען אין די הויכע חדשים, ברוקירט דעם הויף ביים ראָספּשער רבי'ן און זי איז דאָרט אַהין געפאָרן ברענגען חיים לייב'ן אויף דער וועלט. זיין ברית איז טאַקע פאָרגעקומען אין רבי'נס הויף.

חיים לייב'לע שטאַמט פון די זיגאַסעס. איינער פון זיינע פעטערס איז געווען אַ קאַנטאָניסט. אַ טייל פון דער משפחה און אויך זייערע ברידער, וואָס האָבן ביי די פאַרהער אין אַ רוסישן צאָל-אַמט באַקומען דעם נאָמען ב ר ו ד ע ר, האָבן אין די 80-ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און דאָ האָט דער צעשפּאָלטענער שטאַם זיך פאַרצווייגט. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען אין ניו-יאָרק האָט זיך געגרינדעט די טשענסטאָכאָווער שול אויפן נאָמען „חתם סופר" און דער פאַראיין „יאָנג מענס". אין די יאָרן 1904/05 זיינען ווייטערע מיטגלידער פון די זיגאַסעס געקומען קיין אַמעריקע, אַ סך פון זיי אַראָפּגעבראַכט פון זייערע קרובים און עלטערן. די לעצטע האָבן די קינדער אויסגעהאַלטן מיט גרויס כבוד און דרך-ארץ. פון די איבערגעבליבענע אין פוילן איז ביז



לינע שוואַרץ



די מוטער פון חיים לייב שוואַרץ



די פרוי פון ח. ל. שוואַרץ
מיט זייער טאָכטער

היינט-צו-טאָג נישטאָ קיין צייכן פון לעבן. נאָר איינער, האַרצקע זיגאַס (דער זון פון מענדל) איז געראַטעוועט געוואָרן. געבראַכט געוואָרן דורכן יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט קיין אַמעריקע און היינט-צו-טאָג געפינט ער זיך אין ניו-יאָרק.

חיים לייבעלע האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין די גאַסן פון טשענסטאָכאָוו. די זשיקע גאַס איז געווען דאָס דאָרט וואו ער האָט שוין אין די קינדער-יאָרן אַרויסגעוויזן זיין שטיפערישקייט און פלינקקייט. ער האָט באַקומען דעם צונאָמען „דזשאַבע". צו 5 יאָר הייבט חיים-לייב'לע צו גיין אין חדר. זיין מלמד איז געווען יצחק קראַסער, אַ שטרענגער, בייזער ייד. חיים לייבעלע האָט אָבער ביי דעם רבי'ן לאַנג ניט געלערנט. ער האָט, אנשטאט זיצן אין חדר, אַרומגעטראָגן זיך אין די גאַסן, אויפן אַלטן מאַרק, און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן פאַרן באַהעלפער. דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז זיין פאָטער האָט אים אַוועקגענומען פון יצחק מלמד און אים אַוועקגעפירט אין דער נייער תלמוד תורה צו טביה מלמד. טביה האָט אָבער ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען מיט די קינדער און חיים לייבעלע האָט דערווייל געהאָלפן דעם קריסטלעכן טעפער מאַכן ליימענע פייפערלעך. צו 8 יאָר איז חיים לייבעלע געוואָרן אַ באַהעלפער ביי אַן אַנדערן מלמד — ר' אַברהמ'לע. אָבער אויך דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן פיל שטיפערישקייט און אָפּגעטאָן פאַרשיידענע שטיקלעך. צו 11 יאָר האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין די פאַבריקן פון מרדכי דרעקסלער און גאָדל וויינבערג פאַר 45 קאָפּיקעס אַ וואָך פאַר אַן אַרבעט-טאָג פון 6 אינדערפרי ביז 9 ביינאַכט.

אין 1896, נאָך ניט 13 יאָר אַלט, האָט חיים לייבעלע אָנגעהויבן אַרבעטן ביי אַ שטובן-מאַלאַרזש — אהרן גאָלדבערג. נאָך אַ יאָר אַרבעט האָט ער שוין באַוויזן אויסצומאָלן אַ שטוב און צו 14 יאָר האָט ער שוין פאַרדינט 3 רובל אַ וואָך. אין אַ קורצער צייט שפּעטער נעמט אים אַ מייסטער אַריבער אַרבעטן קיין בענדין. צוליב אַן עוולה פון מייסטער, וואָס חיים לייבעלע האָט פון אים געהאַט וועגן זיין אַרבעט-לוין און צוליב דעם סכסוך, וואָס איז דורכדעם אַנטשטאַנען, שמוגלט ער די עסטרייכישע גרענעץ און נאָך אַ קורצן וואַנדערן קומט ער אָן קיין קראָקע. דאָ ווערט ער אַלס פאַרדעכטיקטער פאַרהאַלטן פון דער פּאָליציי. ער ווערט אָבער, נאָכן אָנפרעגן אין טשענסטאָכאָוו, באַפרייט. טראָץ דעם שווערן ווינטער האָט ער זיך געלאָזט ווייטער — קיין ווין. אויפן וועג אַרבעט ער אַ קורצע צייט אין ביליץ, דערנאָך קומט ער קיין ווין. אויף ראש-השנה איז ער צוריק אין טשענסטאָכאָוו. אָנגעזאַפּט מיט סאָציאַליסטישע און פרייהייט-אידעאַלן פון יענער זייט גרענעץ, הייבט חיים לייבעלע אָן צו זוכן ליטעראַטור פון דעם מין. דער ערשטער שריט איז צו הנך לפּידות, און דאָ טרעפט ער זיין איצטיקן פריינד אבאָ קויפמאַן. חיים לייבעלע הייבט אויך אָן צו שרייבן לידער. דאָס פאַרהיט אים ניט פאַרפאָלגט צו ווערן פון די טשענסטאָכאָווער וואוילע יונגען. חוץ דעם באַשיצן אים זיינע פריינד: יוסף הירש גרייצער, כתריאל סטאָדאָלע, יעקב בער זילבער, ליפּע גאָלדבלום און מרדכה'לע בעקער. חיים לייבעלע האָט אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן מיט יידיש טעאַטער. ער פלעגט אין גערטנער מאַכן רעפּעטיציעס און טאַקע שפּילן טעאַטער. ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַקטיארן — פּיורניק'ן, די געלע צלאָווע און אַקסעלראָד'ן. ער הייבט אויך אָן דעמאָלט צו שרייבן, לייענען און מאָלן. פאַר דעם פאַרדינטן געלט שטיצט ער זיין קראַנקן פאָטער.

אין 1904 האָט ער חתונה געהאַט מיט משה פּאָזנאַנסקי'ס טאָכטער אָדל און זיך באַזעצט אין זשוריק. אַ קורצע צייט שפּעטער קומט ער צוריק קיין טשענסטאָכאָוו. ער פירט דורך דעם ערשטן שטרייק בײַ די מאַלאַרזשעס און געווינט אים. אינעם זעלביקן יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די רוסיש-יאַפּאַנישע מלחמה, אַנטלויפט חיים לייבעלע צו זײַן ווײַבס אַן אָנקל קיין קאַטאָוויץ. ער איז אָבער דאָ נאָר עטלעכע טעג און פאָרט ווײַטער — קיין מעריש אוסטרוי (דעמאָלט עסטרייך). דאָ ווערט ער אויפגענומען פון אַ קאָמיטעט פאַר עמיגראַנטן און ווערט נאָך אַ קורצער צייט אַן אַקטיווער טוער; העלפט אַ סך אייגענע לאַנדסלייט, וואָס פלעגן דאָ אַדורכפאָרן אויף זייער וועג קיין ענגלאַנד, אַמעריקע אאַז"וו. לאַנג, אָבער, בלייבט ער ניט אין מעריש-אוסטרוי און יאַנואַר 1905 קומט ער קיין לאָנדאָן. דאָ מאַכט ער אַדורך שווערע טעג. דורך אַ צופאַל טרעפט ער אָבער עטלעכע לאַנדסלייט: סטאַדאַלע — ראַטבאַרד, יעקבֿ בער סילווער, דוד גאָטליב א"אַ. ער הייבט אָן צו אַרבעטן בײַ מאַלעריי בײַ גאָסטינסקי'ן (אַ ברודער פון טשענסטאָכאָווער גאָסטינסקי), פאַרדינט צו ערשט 3, דערנאָך 8 שילינג אַ טאָג און נעמט אַרײַן זײַן פרײַנד דוד גאָטליב צו דער אַרבעט. הגם עס זײַנען שוין דעמאָלט אין לאָנדאָן געווען טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, ווי אבֿרהם וואָלף יאַנקל שאכער'ס, אבֿרהם בער מוזשין, ריוועק קאַנטאָר און אַנדערע, פאַרבינדט זיך חיים לייבעלע מיט אַנדערע, און אין 1906 איז ער איינער פֿון די מיטגרינדער פון אַ יידיש-סאָציאַליסטישן קלובֿ. צווישן אַנדערע טעטיקייטן וואָס דער קלובֿ האָט געפירט, האָט ער אויך געגעבן טעאַטער-פאָרשטעלונגען.

אין 1906 פאָרט חיים לייבעלע קיין קאַנאַדע. ער קומט קיין טאָראָנטאָ, וואו ער טרעפט זײַנע פרײַנד: משה-דוד און אהרן — טשענסטאָכאָווער מאַלאַזשעס. אין טאָראָנטאָ אַרבעט ער אַ קורצע צייט און אין 1907 קומט ער קיין ניו-יאָרק. דאָ האָט ער פון אָנהויבֿ אַדורכגעמאַכט זייער שווערע צייטן. ער אַרבעט צוערשט אַלס ברויט-טרעגער, נעמט אָנטייל אין אַ סטרייק וועגן אַרײַננעמען די ברויט-טרעגער אין דער בעקער-יוניאָן און איז איינער פון די, וואָס דערפירן דעם סטרייק צו אַ זיג.

אין 1908 טרעפט ער זיך מיט אבאָ קויפמאַן און גרינדעט מיט אים צוזאַמען דעם בראַנטש 261 אַרבעטער רינג. אין 1914 איז ער איינער פֿון די מיטגרינדער פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין און אין 1916 ווערט ער זײַן טשערמאַן. אין 1922 פאָרט ער, צוזאַמען מיט ל. שימקאָוויטש, אַלס דעלעגאַט קיין טשענסטאָכאָוו מיטן אויפטראַג צו פאָרשן די לאַגע פון די יידישע שול-קינדער-היים אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

נאָכן יאָר 1925 טראָגט ער זיך אַריבער קיין שיקאַגאָ. דאָ איז ער איינער פון די מיטגרינדער פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין; ער איז אויך געווען אין דעטראָיט אין אויפטראַג פון רעליף-קאָמיטעט פֿון ניו-יאָרק.

אין 1931 טראָגט ער זיך אַריבער קיין לאָס אַנדזשעלעס. דאָ הייבט ער אָן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אין אַרבעטער-ער איז זייער אַקטיוו בײַם שאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע. צוזאַמען מיט דזשאָו שטיבל, דוד און יוכבד איזראַעל, הערי גראָומאַן, פּעפּער און לינאַ שוואַרץ איז ער איינער פון די מיטגרינדער פון אַ הילף-קאָמיטעט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין טשענסטאָכאָוו, שפּעטער איז אויך צוגעקומען ד"ר זאַנוויל קליין. די ערשטע גרינדונג-פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 10-טן מאַי 1933. אויך האָט ער זיך באַטייליקט אין גרינדן די שפּייז-אַרבעטער יוניאָן. ער איז געווען אַרעסטירט פאַר אָרגאַניזירן אַ סטרייק, אָבער נאָכן משפט איז ער באַפרייט געוואָרן. ער, צוזאַמען מיט זײַן פרוי לאה זײַנען געווען זייער טעטיק בײַם גרינדן דעם טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס. אין 1936 באַזוכט ער האָנאָלולו און שרײַבט אַ ריי לידער. נאָך 8 וואָכן קומט ער צוריק קיין האָנאָלולו.

אין 1938 ווערט ער איינער פון די דירעקטאָרן אין סענטראַל דזשוּאיש קאָמיטע און ווערט רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „טאַון-פּעיר נייעס".

אין 1939 באַזעצט ער זיך אין פּאָרטלאַנד. דאָ שאַפט ער ווידער לידער.

אין 1941 איז ער ווידער אין שיקאַגאָ.

הײַנט-צו-טאָג לעבט ער מיט זײַן פרוי לאה און זײַן טאָכטער בעווערלע אין סיאַטל, וואַשינגטאָן. הגם ווײַט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, איז ער דאָך מיט די אײַדעלסטע געפילן פאַרבונדן מיט זײַן היים-שטאָט, ווידמעט איר אַ סך פון זײַן ליטעראַרישע אַרבעט און שטיצט די טשענסטאָכאָווער מיט אַלע זײַנע מעגלעכקייטן.

---

## שטיללער יעקב

שיקאַגאָ

זון פון חיים און עלקע. געבוירן אין קלאָבוצק דעם 10-טן סעפּטעמבער 1884. ער האָט חתונה געהאַט מיט מרים ליוואַק. געקומען קיין אַמעריקע סעפּטעמבער 1910. ער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

## שוואַרץ בעווערלע



טאָכטער פֿון חיים-לייבֿ און לאה. געבוירן אין 1930. זי האָט געענדיקט הײַ-סקול און איצט לערנט זי אין קאָלעדזש.

בעווערלע שוואַרץ ווײַזט אַרויס גרויסע דיכטערישע פעאיקייטן. איינס פון אירע געדיכטן איז „ראש השנה", געשריבן אין ענגליש און איבערגעזעצט פון ח. ל. שוואַרץ.

I

ס'איז הײַנט יום-טובֿ איבער דער וועלט,
אין יעדן האַרץ — איז דער ציטער
ראש השנה;
פון אַלע גאַסן שטראָמט מײַן פאָלק
און ווינטשן לשנה טובֿה תכתבֿו!

II

ווײַזן זיך פערלדיקע טרערן
פון אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר זײַן לאַנד;
דער עדות איז געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג
די כותל-מערבֿי-וואַנט.

III

דאָס לאַנד פון מילך און האָניק,
אין דעם לאַנד פון מײַנע הייליקע אָבות;
אין דעם לאַנד וואו בלוט האָט זיך געגאָסן,
געשאָכטן, געברענט אָן רחמנות.

---

## שוואַרץ מאָריס

(פען-נאָמען — מאָריס סוואַן)



זון פֿון לואיס שוואַרץ. געבוירן אין ניו-יאָרק דעם 19-טן יאַנואַר 1908. אַרײַנגעטרעטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי דעם 22-טן מאַי 1943. באַשטימט געוואָרן צו שרײַבן ביאָגראַפיעס פון מיליטערישע לידערס פאַר וואַשינגטאָן. אין

1944 באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטאָר פון דער אַרמיי-צייטונג „ווינגס". דעם דאָזיקן פּאָסטן אָנגעהאַלטן 7 חדשים. אַחוץ דעם האָט מאָריס סוואַן געשריבן די עדיטאָריעלס אין די צייטונגען „קיפּ 'עם פליייאינג" און פאַרשיידענע אַרטיקלען פאַר דער צייטונג „אַלערט". די פרוי פון מאָריס סוואַן איז נאָראַ, אַן אַרטיסט, די טאָכטער פון אַ באַרימטן מוזיקער, מר. לעאָ בירטשאַנסקי און מרס. בעטי בירטשאַנסקי, געוועזענע פּרינציפּאַל אין אַ היי-סקול אין אדעס.



מאָריס שוואַרץ מיט זיין פרוי און קינד

מאָריס סוואַן איז געווען דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער נ״וס-פּרעס אין סאַנטאַ-באַרבאַראַ פון 1937 ביז 1939. גלייכצייטיק איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם פאַרלאַג י. פּ. ראָווני אין דער זעלבער שטאָט. דערנאָך איז ער גערופן געוואָרן אין דער „ניו-יאָרק טיימס" צו ווערן דער ליטעראַטור-קריטיקער. דעם דאָזיקן פּאָסטן האָט ער אָנגעהאַלטן ביז מ'האָט אים גערופן אין דער אַרמיי.

ער האָט לעצטנס פאַרענדיקט אַ היסטאָרישן ראָמאַן „מאַרדזשין אָוו רואין", וואָס וועט אינגיכן דערשיינען.

## שווידערסקי זאַנוועל



זון פון יעקב און דאָברע. געבוירן אין שערעדז (פּוילן). געשטאָרבן אין עלטער פון 78 יאָר, צוויי טעג פאַר יום-כיפּור, 1937, אין טשענסטאָכאָוו.

## שווידערסקי אָדעל



טאָכטער פון ליפּמאַן און פייגע לוריש. געבוירן אין פּראשקע (פּוילן). געשטאָרבן אין עלטער פון 81 יאָר, אין 1938, אין טשענסטאָכאָוו.

## שטיבעל אַברהם

לאָס אנדזשעלעס, קאַל.

זון פון וואָלף און ביילע. געבוירן דעם 22-טן אָקטאָבער 1892 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912.

אַלס רעזולטאַט פון זיין באַטייליקונג אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער אין 1938 געווען דער קאָמאַנדיר פון אַמעריקען לידזשאַן פּאָסט 394 אין איאָוואַ סטעיט. ער האָט דורך דער גאַנצער צייט אין אַמעריקע געשטיצט דעם טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און די אינסטיטוציעס, וואָס זיינען דורך אים אויסגעהאַלטן געוואָרן. ער איז איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער הילף-פאַראיין אין לאָס אַנדזשעלעס.

זיין זון סידני איז געווען אַ קאָרפּאָראַל אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## שטיבעל דזשעק



זון פון וואָלף און ביילע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 28-טן אויגוסט 1898. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. זיין איינציקער זון הייסט יוסף באַררי.

אין טשענסטאָכאָוו האָט דזשעק שטיבעל געהערט צו דער ס.ס.'ישער פּאַרטיי „פאַראייניקטע". אין אַמעריקע איז ער געווען טעטיק אין שיקאַגאָער רעליף קאָמיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס — איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון טשענסטאָכאָווער פּאַטראָנאַט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן און זיין קאַסירער ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. ער איז געשטאָרבן דעם 30-טן מאַי 1940 אין לאָס אַנדזשעלעס.

## שטייער מרדכי

שיקאַגאָ

זון פון דוד און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1887. געקומען קיין אַמעריקע אין 1911. זיין זון העגרי דייוויד האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## שטענצעל הירשל



דער פאָטער פון מרדכי און קאַפּל. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1927.

## שטענצעל חנה

די מוטער פון מרדכי און קאַפּל. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין 1927.

## שטענצעל קאַפּעל



זון פון הערשל און חני איטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 5-טן יולי 1884. געקומען פון קראָקע קיין אַמעריקע אין 1911. ער איז אַ מיטגליד אין אינדעפּענדענט לאַדזשער סאָסייעטי אָוו ברוקלין.

## שטענצעל מרדכי יוסף

זון פון הערשל און חנה איטע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 4-טן מאַי 1877. ער האָט חתונה געהאַט אין 1902 מיט רחל גליקסמאַן. געקומען קיין אַמעריקע דעם 31-טן יולי 1914. ער איז אַ מיטגליד פון אינדעפּענדענט לאָדזשער סאָסייעטי אָוו ברוקלין. זייער זון הײמאַן איז געווען אַ סאַרדזשענט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## א. שטענצעל

אַ טשענסטאָכאָווער פּאָעט פּראַוועט
עונג שבת אין לאָנדאָנער ווייטשעפּל

...ס'וועט זיין אַ זינד פאַר מיר, ווען איך וועל ניט אָפּגעבן קיין באַזונדערן כּבֿוד די פּאָר געציילטע יחידים אין לאָנדאָן, וואָס האָרעווען מיט אַ טראַגישער האָרעוואַניע כּדי אָנצוהאַלטן אַ ברענענדיק ליטעראַריש ליכטל אין דער טונקלקייט פון יידישן לעבן אין ענגלאַנד.

אַזאַ פּאַטעטישער יידיש-האָרעפּאַשניק איז דער ליבער א. שטענצעל.

ער איז אי דאָן-קיכאָט פון יידיש, אי לאַמעד-וואָווניק פון יידיש.

ער איז שואב מים און חוטב עצים פון יידיש וואָרט אין לאָנדאָן.

ער איז רירענד ביז גאָר אין זיין אידיש-ליבשאַפט, אידיש-קנאות און, ווי אַליין אַ דיכטער, אין זיין אידיש-עלנד.

אַ גלויביקער אין דער יידישער ליטעראַטור, פילט ער אָבער, ווי אַליין אַ פּאָעט, די טראַגיק פון לשון יידיש.

ער גיט אַרויס מיט גרויס מי און געלט-מאַטערניש חודש-העפטן, „לשון און לעבן", און שוין אינם נאָמען אַליין פון דער שריפט ליגט די אָנדייטונג אויף דער פאַרצווייפלטער אָנשטרענגונג, וואָס ער, מיט דער הילף פון משה עובֿר, לייגט אַריין אין דעם קאַמף צו פאַרפעסטיקן אַ שטיקל פּאָזיציע אין לאָנדאָן פאַר דעם פאַרנאַכלעסיקטן יידישן לשון.

דאָס בילד פון זיין פּאַטעטישער, מסירת-נפש'דיקער איבערגעבנקייט צו אידיש און צו דער אידישער ליטעראַטור האָב איך געזען, ווען מיר זיינען אומגעריכטערהייט אַריינגעקומען שבת בייטאָג אין דער פּסח-וואָך אין דעם קליינעם זאַלכל ערגעץ אויף דער רואינירטער ווייטשעפּל, וואו ער, שטענצעל, פירט אָן פון וואָך צו וואָך אַ מין עונג שבת.

ער האַלט אָן דעם טשיקאַווען עונג שבת שוין אַ לאַנגע צייט, וואָך-איין, וואָך-אויס. עס מעג דונערן און בליצן, עס מעגן פאַלן באָמבעס איבער ווייטשעפּל — ער, שטענצעל, גיט ניט אויף די שעה, ווען עס פאַרזאַמלט זיך, אונטער דער וויר-קונג פון זיין עקשנות, אַן עולם פון אַ הונדערט מענטשן צו פאַרברענגען מיט אים אין אַן אַטמאָספערע פון יידיש לשון, פון יידישער ליטעראַטור און פון יידישער נגינה.

ער האַלט פאַרן עולם לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע, ריכט אָפּ מיטן עולם ליטעראַרישע יום-טובים אאַז"וו.

דאָס בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר, ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אומגעריכטערהייט, האָט אי גערירט, אי פאַרקלעמט.

דער עולם — אַ הונדערט מענטשן, ווי געזאָגט, — איז באַשטאַנען פון אַ דורכאויס עלטערן עמך-שיכט. די מערסטע פון זיי זיינען געזעסן אין היטלען. פרויען, אייניקע פון זיי כּמעט זקנות, מיט פאַטשיילעס אויף זיך.

פון דעם פאַקט אַליין קאָן מען, און מוז מען, בפירוש גערירט זיין:

פּשוט פאָלק, יידישע מענטשן, קומען שבת בייטאָג הערן אַ יידיש וואָרט פון אַ יידישן פּאָעט, ווי מען פלעגט אַמאָל קומען הערן אַ מגיד.

הלוואי וואָס מער אַזוינע צונויפקומס. אָבער די צרה ליגט טאַקע אין דעם הלוואי.

קוים, קוים אַ הונדערט עלטערע מענטשן אין אַ גרויסן לאָנדאָנער ישוב.

אָנפילן דאָס האַרץ מיט אָפּטימיזם בנוגע יידיש אין לאָנדאָן קאָן מען דערפון ניט.

כ'האָב דערפילט אַ שניידענדיק רחמנות צו אונזער יידיש.

איך פיל עס אויך ניט איין מאָל אין ניו-יאָרק. מער ניט — אין ניו-יאָרק פאַרגינען זיך שרייבער אַמאָל, געשטאַרקט זאָלן זיי זיין, אַרויסצואווייזן תּקיפות פון באַליידיקטער גדלות, עקשנות פון קאַפּיטאַנען, וואָס גיבן ניט אויף זייערע שיפן אַפילו ווען איבער די שיפן הויערן טויט-סכּנות. זיי גלויבן נאָך אַלץ אין די שיפן און אינם כּוח פון זייער אייגענעם גלויבן מער ווי אין דעם כּוח פון די סכּנות.

די צונויפגעטוליעטע יידיש-פאַרזאַמלונג פון עלטערע יידן, אין אַן אַרום פון צעשמעטערטע גאַסן, האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק פון אַ פאַרוואָגעלטער מחנה נשרפים, וואָס ווילן אונטערמינטערן איינע די אַנדערע מיטן אייגענעם ביסל עלנד.

איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין שאַרף און בייסיק:

אָט-דאָס, הייסט עס, איז דער מצבֿ.

ווען איך בין אַרויס, איז מיין האַרץ, וואָס אַ רגע אַלץ מער און מער אָנגעפילט געוואָרן מיט טיפער אַכטונג, מיט גרענעצלאָזער פּיעטעט צו דעם ריטער פון יידיש — צו שטענצעל'ן, וועלכער איז איבערגעבליבן אין זאַלכל — כאָטש אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט גיין באַגלייטן מיך — צו פאַרענדיקן ביזן סוף דעם ליב-אָרעמען, זיס-עלנדן עונג שבת.

ה. לייוויק

---

## שטערנבערג יעקב



זון פון שלום און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. ער איז געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער נעיבאָרהוד עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ און איז געווען טעטיק פאַרן טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט. איז געשטאָרבן אין עלטער פון 38 יאָר אין שיקאַגאָ אין 1935. ער איז געווען פאַרהייראַט צו מרס. דזשאָנעל.

---

## שטערנבערג חיים

זון פון שלום און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1899. געקומען קיין אַמעריקע (שיקאַגאָ) אין 1920 און דאָ חתונה געהאַט מיט זיין פרוי מרים. זיי האָבן דריי קינדערלעך. ער איז אַ מיטגליד פון דער שיקאַגאָער פּענטערס יוניאָן לאָק. 275, מיטגליד פון שיקאַגאָער טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין און אין אינטערנאַציאָנאַלן פאָלקס-אָרדן.

---

## שטערנבערג נתן (נייטן)

שיקאַגאָ



זון פון שלום און רחל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 12-טן מאַי 1902. ער

האָט חתונה געהאַט מיט סילוויע ליפּמאַן. געקומען פון ארץ-ישראל קיין אַמעריקע דעם 15-טן אויגוסט 1923. ער איז אַ מיט-גליד אין פאָלקס-אָרדן און אין טשענ-סטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַראיין אין שיקאַגאָ.

## שטערן מאָריס

זון פון שמחה בינם און רייזל. גע-בוירן אין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק (פּוילן) דעם 17-טן יולי 1893. געקומען קיין אַמעריקע דעם 15-טן אויגוסט 1912. ער איז פינאַנץ-סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָ-ווער בראַנטש 261 אַרבעטער רינג אין ניו-יאָרק. זיינע 2 זין — סידני און לואיס האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַ-נער אַרמיי.

## שטשעקאַטש קלמן



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1848. ווען ער איז אַלט געווען 20 יאָר האָט מען אים גענומען אין רוסישן מיליטער אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם 2-טן. ער האָט דאָרט געענדיקט אַן אונטער-אָפיציר-שול און געוואָרן אַ פעלדפעבל. האָט אַנטייל גענומען אין רוסיש-טער-קישן קריג. ווען ער איז אַלט געווען אַרום 33 יאָר איז ער אַהיימגעקומען און געוואָרן שמש אין אַלטן בית-המדרש, וואו ער איז אָפּגעווען 45 יאָר. ער האָט זייער ליב געהאַט צו רעדן וועגן מיליטער-זאַכן און האָט געהאַט הנאה, ווען מ'האָט אויס-געהערט זיינע מעשיות. ער האָט אויף זיך גענומען אַ חוב יידישע קינדער אויסצו-לערנען קדיש זאָגן. אַזוי אַרום האָט ער אויסגעלערנט אַרום 250 קינדער. אונטער די נאַציס איז ער געווען דער "יודען-עלטסטער". אין פעברואַר 1942 איז נאָך געווען פון אים אַ גרוס. זינט דעמאָלט איז שוין מער וועגן אים קיין ידיעה ניט געווען. ער האָט נאָך געקענט לעבן פיל יאָר. ער האָט אַ זון, מיכאל שטשע-קאַטש, אין תל-אביב.

## שימקאָוויטש גרונם

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1876. געקומען קיין אַמעריקע אין 1886.

## שימקאָוויטש הערלד



זון פון גרונם און ציליע. געבוירן דעם 4-טן אַפּריל 1915, געשטאָרבן דעם 30-טן יוני 1940.

געווען אַ טעטיקער מיטגליד אין דזשאָרדזש האַמילטאָן לאדזש נומער 456 נאַיטס אָוו פּיטהעאַס.

## שימקאָוויטש לייבל (לואי)



זון פון אייזיק און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1866. זיינע עלטערן זיינען געווען מיטל-פאַרמעגלעכע מענטשן. זיין פאָטער איז געווען אַ שניידער. אין 1883 האָט דער פאָטער פאַרלאָזט טשענ-סטאָכאָוו און געפאָרן קיין אַמעריקע. לייבל שימקאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און באַקומען אַן עלע-מענטאַרע בילדונג אין אַ רוסישער פאָלקס-שול. זיינע לערער זיינען געווען סאַ-פּאָטשניק און מייערסאָן. נאָכן פאַרענדיקן די שול האָט ער געלערנט אַ פאַך — אַלס גאָלדשמיד, און געאַרבעט ביז צום פּריזיוו. דער פעטער היימען האָט געשיקט שיפסקאַרטן און לייבל, צוזאַמען מיט זיין מוטער חנה, ברודער גרונם און די שוועס-טער רחל און בענטשע האָבן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און געקומען קיין אַמערי-קע זומער 1886.

לייבל שימקאָוויטש געהערט צו דער טשענסטאָכאָווער שול אויף קלינטאָן סטריט, ניו-יאָרק, וואו עס האָט אויך גע-הערט זיין פאָטער.

זיין פאָטערס הויז איז ער געווען גע-צוואונגען צו פאַרלאָזן צוליב דעם, וואָס ער האָט געמוזט אַרבעטן אום שבת. ער האָט געאַרבעט ביי דזשוּלערי. צו 25 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט חיה גאָט-איינגער, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, וועל-כע איז געשטאָרבן דעם 26-טן פעברואַר 1920, איבערלאָזנדיק 4 יתומים (2 זין און 2 טעכטער).

שפּעטער איז לואי שימקאָוויטש אַוועק אין יידיש טעאַטער-ביזנעס, אָנגעפירט מיט דעם וואָדעוויל טעאַטער און קינאָ-הויז אויף סוטער עווענוי, בראַנזוויל און אין 1898 אויף דעלענסי סטריט, ניו-יאָרק — מיט יידיש טעאַטער. גענומען בענעפיטס אין ברוקלין, סיגעל סטריט, אין „ליראַ"-טעאַטער אין 1918—1919. ביי אים אין טעאַטער האָבן געשפּילט די באַרימטע אַרטיסטן: דזשייקאָב אַדלער, קעסלער, שיינגאָלד, בידא פון טשענסטאָ-כאָוו, מר. און מרס. גאָלדבערג, מר. און מרס. דזשייקאָבס און אַנדערע. ביז היינט-צו-טאָג איז ער באַשעפטיקט אין די ביז-נעס פון יידיש טעאַטער.

לייבל שימקאָוויטש איז איינער פון די גרינדער פון די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס, מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער שוהל, גרינדער פון טשענסטאָכאָווער רע-ליף-קאָמיטעט און פון דער לוידיס אוקזילערי. ער איז געוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט קיין טשענסטאָכאָוו נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון אויפבויען דאָס י. ל. פּרץ-הויז פאַר קינדערהיימען און יידישער פאָלק-שול. ער איז מיטגליד פון בוך-קאָ-מיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן" און עקס-טשערמאַן פון רעליף-קאָמיטעט. זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען זיינע סאָציאַ-ליסטיש און ער איז אַ מיטגליד פון דער לייבאָר פּאַרטיי.

זיינע צוויי אייניקלעך האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## שימקאָוויטש דזשאָרדזש



זון פון לואיס און העלע. געשטאָרבן אין עלטער פון 21 יאָר אין ניו-יאָרק דעם 15-טן נאָוועמבער 1916.

## צילי שימקאָוויטש

(פון דערהיים — גאָטאַיינער)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1877. חתונה געהאַט מיט לואי שימקאָוויטש אין 1901.

---

## שייער חנינה



זון פון יהודה מאיר און לאה שייער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 15-טן מאַי 1882. געקומען קיין אַמעריקע 1906. חתונה געהאַט 1908 מיט ריילי סילווער, די טאָכטער פון ר' ישעיה אליעזר סילווער. ער איז אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּאַסעיק, ניו-דזשוירזי. זיין זון דזשולים איז געווען אַ דאָקטער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## שייער לאה

געבוירן אין קזשעפּיץ, ביי טשענסטאָכאָוו, 1859. געשטאָרבן 1921. מוטער פון: חנינה, פראַדל, מרדכי, דוד, רייטשל, אסתר, משה און יוסף.

ערע איר אָנדענק.

---

## שלינגבוים שלמה מאיר

דזשעקסאָן האַיטס, נ. דזש.



זון פון יהושיע און אסתר-מלכה. געבוירן דעם 14-טן דעצעמבער 1893 אין וואַרשע. ער האָט אַ לאַנגע צייט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו און געקומען קיין אַמעריקע דעם 28-טן אויגוסט 1912.

שלמה שלינגבוים איז אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער בראַנטש ביים אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

---

## שלעזינגער שלמה

שיקאַגאָ

זון פון אַברהם לייב און חיה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 7-טן פעברואַר 1885. ער האָט חתונה געהאַט מיט הענדל פּרזשערעאָווסקי. פון דייטשלאַנד איז ער געקומען קיין אַמעריקע אין 1921.

שלמה שלעזינגער איז אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער עדוקיישאָנאַל פּאַראַיין אין שיקאַגאָ. זיין פרוי הענדל איז טעטיק אין די בענדינער לײדיס אוקזילערי און איז טרעזשורער פון דער טשענסטאָכאָווער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ. זי איז איינע פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטערינס. זייערע 2 זין — קורט און מאָריס האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

---

## שמולעוויטש גאָלדע

שיקאַגאָ



טאָכטער פון מאָרטאָן און עליס שעראַדסקי. געבוירן אין ראַדאָמסק דעם 18-טן סעפּטעמבער 1889. געוואוינט אַלע יאָרן אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע יולי 1904. מיטגליד פון לײדיס אונטערשטיצונג און סיסטערהוד בני ישראל.

---

## שמולעוויטש פייטל



אין 1904, דעמאָלט 17—16 יאָר אַלט (אַן אַרבעטער אין וויינבערגס פאַבריק) איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פרייהייט-באַוועגונג און איז געוואָרן אַן



מענדל שמולעוויטש



די מוטער פון פ. שמולעוויטש



פייטל שמולעוויטש
אין דינסט פון „משמר אזרחי"

ס.ס.'אָווער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערנסטקייט און איבערגעבנקייט דעם יידיש-סאָציאַליסטישן אידעאַל.

נאָך די יאָרן 1905/6, ווען פון דער גרויסער ס.ס.'ישער מאַסע אין טשענסטאָכאָוו איז געבליבן אַ קליינע גרופּע, איז פייטל שמולעוויטש געבליבן געטריי דער אידעע און איינער פון די אַקטיווסטע אין דער גרופּע. ער איז געווען אַ מענטש פון מעשים. איז געווען איינער פון די גרינדער און טעטיקסטער מיטגליד פון דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט" און שפּעטער — פון דער „לירא". האָט געהאָלפן גרינדן די יידישע ביבליאָטעק און איז יאָרנלאַנג געווען איר בי-

בליאָטעקאַר. אויך האָט ער שטאַרק מיטגעהאָלפן ביי דער שאַפונג פון דער יידישער פרעסע אין טשענסטאָכאָוו. איינער פון זיינע פעליעטאָנען אין „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט" איז געווען: „מיט וואָס יידן פרייען זיך".

פ. ש. איז געווען איינער פון די גרינדער און קאָמיטעט-מיטגליד פון דער פּאָפולערער בעקעריי אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און סעקרעטאַר פון „בילדונגס פאַראיין", וואָס איז געווען דער שילד פון ס.ס. אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

אין 1916 ווערט ער פאַרשיקט אויף אַרבעט דורך די דייטשן און קומט אַן קיין ברעסלאַו. ער טרעפט זיך דאָרט מיט אַ סך יידישע אַרבעטער, גרינדעט אַ קולטור-פאַראיין מיט אַ לייען-זאַל, אָרדנט איין פאַרלעזונגען אאַז"וו.

אין 1918, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע מאַסן-עמיגראַציע דורך דייטשלאַנד, שטעלט ער זיך אין פאַרבינדונג מיט דער יידישער דעלעגאַציע אין פּאַריז און גרינדעט אַן אינפאָרמאַציע-ביוראָ פאַר עמיגראַנטן.

ווען דער „אָרט" ווערט איבערגעפירט קיין בערלין, גרינדעט ער, מיט דער הילף פון אהרן סינגאַלאָווסקי, אַן אָפּטיילונג אין ברעסלאַו.

אין 1920 גרינדעט ער אַן אָפּטיילונג פון בערלינער מזרח-יידישן פאַרבאַנד, ווערט זיין לאַנג-יאָריקער פאָרזיצער, אָרדנט איין פאָרלעזונגען, ווערט דערווײַלט אַלס דעלעגאַט צו אַלע צוזאַמענפאָרן פון פאַרבאַנד, גרינדעט אַ יידישע צייטונג פאַר מזרח-יידן — „אונזער לעבן", נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קהילה-וואַלן, אין וועלכע ס'ווערט דערווײַלט אַ טשענסטאָכאָווער ייד אַלס פאָרטרעטער פון די מזרח-יידן און פ. ש. ווערט אַ מיטגליד אין דער קולטור-קאָמיסיע פון דער ברעסלאַווער געמיינדע.

אין 1922, ווען די פּוילישע רעגירונג נעמט אָפּ די בירגער-רעכט פון אַ טייל אויסגעוואַנדערטע יידן — באַטייליקט ער זיך אין דער גרינדונג פון שטאַטלאָזן פאַרבאַנד און מיט דער הילף פון פאָרטרעטער פון פאָלקס-בונד, מאָצקין, פון יידישן נאַציאָנאַל-ראַט אין וואַרשע און דורך פּערזענלעכע אינטערווענצן ביים פּוילישן קאָנסול — געלינגט אים צוריק צו באַקומען פּוילישע בירגער-רעכט פאַר אַ סך יידן אין דייטשלאַנד.

אין 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרויסשיקונגען פון פּוילישע יידן, פאָרט ער וועגן דעם ענין קיין וואַרשע צו אינטערווענירן ביים פּליטים-קאָמיטעט.

ווען ער קומט צוריק ווערט ער אויך אַרויסגעשיקט און ער באַשליסט צו פאָרן קיין ארץ-ישראל.

זייענדיק באַשעפטיקט ביים גלאָז-פאַך — ווערט ער דאָ דער לאַנג-יאָריקער פאָרזיצער פון דער סעקציע און שרייבט אין דער איינציקער יידישער צייטונג — „נייוועלט" — אַ ריי אַרטיקלען וועגן די פּראָבלעמען פון אַ בעל-מלאָכה. ער ווערט אַ מיטגליד פון יידישן ליטעראַטן- און זשורנאַליסטן-קלוב; אַרבעט מיט מיטן ייוו"אָ-קאָמיטעט אין לאַנד; נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער טעטיקייט פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אַלס סעקרעטאַר פון „ועד ארצי" אונטערן פאָרזיץ פון ד"ר יוסף קרוק.

מיט דער גרינדונג פון לאַנד-שוץ „משמר אזרחי" טרעט ער אַריין, איינער פון די ערשטע, אין זיין דינסט, און פאַרבלייבט דאָרט ביז הײַנט-צו-טאָג.

זיינע צוויי זין דינען דעם ישוב — איינער אַלס גאַפיר, דער צווייטער — אַ מיטגליד אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן קיבוץ.

אַלס סעקרעטאַר פון טשענסטאָכאָווער „ועד ארצי" נעמט ער דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דער אויסגאַבע פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", סיי מיט זיינע אייגענע אַרטיקלען, סיי מיטן באַאַרבעטן די אַרטיקלען פון אַ גאַנצע ריי לאַנדסלייט אין ארץ-ישראל.

---

## שקלאַרטשיק לואיס (לייזער)

שיקאַגאָ

זון פון הערשל און לאה. געבוירן אין ראַדאָמסק אין 1894. געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין אַמעריקע אין 1912. ער איז אַן עקזעקוטיוו מיטגליד פון עדיוקיישאָנאַל סאָסייעטי אין שיקאַגאָ.

---

## שפּיץ יחיאל

זון פון יוסף און פראַדל. געבוירן אין דזיאַלאָשין. ער איז געשטאָרבן אין ברעסלאַו (דייטשלאַנד).

---

## שפּיץ ראַצע

טאָכטער פון יצחק און רייזל כאַסקעל. איז געשטאָרבן אין קרזשעפּיץ (פּוילן).

## שפּיגעלמאַן וואָלף און חנה



וואָלף שפּיגעלמאַן



חנה שפּיגעלמאַן

ביידע געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זייער נאָמען איז גוט באַקאַנט געווען אין טשענסטאָכאָוו צוליב זייער וואוילטעטיקער אַרבעט. וואָלף איז געשטאָרבן אין 1912 און חנה אין 1932.

---

## שפּיגעלמאַן יוסף

זון פון וואָלף און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. איצט וואוינט ער אין דיטראָיט. באַקומען אַ גימנאַזיאַלע בילדונג, געלערנט אויך יידיש און העברעאיש ביי דעם באַוואוסטן פּעדאַגאָג ר' אליעזר קלינעצקי ז"ל, מחבר פון די ספרים „הלל וזמרה", „החיים החדשים". 1910 האָט ער פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו, ווייל ער האָט ניט געוואָלט דינען אין דער רוסישער אַרמיי. 1931 באַזוכט טשענסטאָכאָוו.

---

## שפּיגעלמאַן מאַקס

דעטראָיט

זון פון וואָלף און חנה. געבוירן דעם 5-טן מאַי 1905 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע יוני 1921. אין טשענסטאָכאָוו איז ער געווען אַ פאַרוואַלטונגס-מיטגליד פון יידישן טורן- און ספּאָרט-פאַראיין.

# צוגאָב

## גאָלדבערג שלמה זלמן



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1862; דאָרט געשטאָרבן אין 1916.

## גאָלדבערג בלומע



געבוירן 1866; געשטאָרבן אין אַמע-ריקע אין 1940.
עלטערן פון לואיס גאָלדבערג.

## גראָס באַרנעט



זון פון וואָלף און גיטל גריק. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו **דעם 4-טן יולי 1883.** געקומען קיין אַמעריקע אין 1906. גע-שטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס דעם 9-טן יולי 1937. מאַן פון שפּרינצע און פאָטער פון גלאַדיס, פּריטצי, לײלאַ און װילי.

## גראָסמאַן װאָלף



געבוירן אין לעלעוו (פּוילן). ער איז געשטאָרבן אין 1925, אין עלטער פון 60 יאָר, אין טשענסטאָכאָוו.

## גרינבערג שלמה (סאָול)



זיין נאָענטקייט צו טשענסטאָכאָוו נעמט זיך ניט נאָר פון דעם, וואָס זיין פרוי, נעכע שפּיטץ ע"ה איז געווען אַ טשענ-סטאָכאָווערין, נאָר אויך פון דעם, וואָס סאָול גרינבערג, דער געזעלשאַפטלעכער עסקן, דער פילאַנטראָפּ, דער ייִד, דער מענטש — איז אומעטום דאָ, וואו עס איז נאָר אַ הילף-אַקציע פאַר ייִדן, אַ פשיטא שוין פאַר טשענסטאָכאָוו.

געבוירן אין נאָווא-ראַדאָמסק אין 1873, דער פערטער זון פון שמואל און שיינדל, האָט ער שוין אין די ייִנגע יאָרן דער-פילט דחקות, נויט און אָרעמקייט. די אָרעמקייט אין שטוב פון זיינע עלטערן איז געווען אַזוי גרויס, אַז שלמה'לע מוז צו 12 יאָר אויפהערן צו לערנען אין חדר, ווייל מען קאָן פאַר אים ניט צאָלן דעם שכר-לימוד. ער איז געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין היים און פאָרן אין דער וועלט אַריין זוכן אַ תכלית.

שלמה'לע קומט קיין לאָדזש, לערנט זיך 3 יאָר דאָס גאָלדשמיד-פאַך, און זייענדיק פון דער נאַטור אַ זייער פעאיקער, באַ-קומט ער שפּעטער אַרבעט אין בענדין, וואו ער פאַרברענגט אַ לענגערע צייט. דאָ, אין בענדין, שטעלט ער זיינע ערשטע שריט אין געזעלשאַפטלעכער ווי אויך קולטור-אַרבעט, אָרגאַניזירט אַ טעאַטער-טרופּע און נאָך אַ צייט קערט ער זיך צוריק קיין נאָוואָראַדאָמסק.

אין 1899 האָט ער חתונה מיט נעכע שפּיטץ פון טשענסטאָכאָוו, באַזעצט זיך אין ראַדאָמסק, נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט און געווינט אַ סך פריינד.

אַן אינצידענט וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָוואָראַדאָמסק בעת דער רוסיש-יאַ-פּאַנישער מלחמה אין די יאָרן 1904/5, מאַכט אויף שלמה גרינבערג אַ שטאַרקן איינדרוק און, אַלס פועל יוצא דערפון, באַשליסט ער נאָך דעם זעלבן יאָר צו פאַר-לאָזן זיין היים-שטאָט און פאָרן קיין אַמעריקע. אַהער קומט ער אין 1905 צוזאַ-מען מיט זיין פרוי נעכע. ווי יעדער אי-מיגראַנט אין יענער צייט, מאַכט ער אַדורך דעם דערנער-וועג פון „שאַפּ". זיין עקשנותדיקייט, זיין ענערגיע, האַלט אים אָבער ניט לאַנג ביים „שאַפּ" און שוין אין אַ קורצער צייט ווערט ער זעלבּ-שטענדיק — ער ווערט דער פּיאָנער און גרינדער פון דיימאָנט-צענטער אויף דער באַוערי אין ניו-יאָרק.

מיט דער צייט געווינט סאָול גרינבערג זיין פינאַנציעלע פּאָזיציע און דאָס גיט אים די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ ברייטע פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפט-לעכע טעטיקייט.

עס איז ניט מעגלעך אויסצורעכענען אין אַ קורצער ביאָגראַפיע די שטיצע און הילף, וואָס סאָול גרינבערג האָט פאַר-אַרויסגעגעבן, אַ טייל פון זיין אַרבעט:

אַנהויבנדיק פון אינדיווידועלע שטיצע פאַר פריינד, באַקאַנטע, משפחה בכלל און איינצלנע מיטגלידער בפרט, איז כמעט ניט פאַראַן קיין פילאַנטראָפּישע אינסטיטו-ציע און הילף-אַקציע אין ניו-יאָרק, אין טוילט אין פאַרלויף פון יאָרן פאַר ייִדן בכלל און פאַר זיינע לאַנדסלייט בפרט. מיר וועלן דאָ אָנגעבן, אויפן סמך פון דאָקומענטן און בולעטינען, וואָס דער נאָוואָראַדאָמסקער רעליף האָט ביז איצט וועלכער סאָול גרינבערג האָט זיך ניט געזאָלט באַטייליקן. אפילו ניט-ייִדן פון זיין היים-שטאָט האָבן ביי אים געפונען, דעם מענטש מיט אַ האַרץ, און דורכדעם געוואונען די פריינדשאַפט פון דער קריסט-לעכער באַפעלקערונג אין ראַדאָמסק. ווי ווייט הויך סאָול גרינבערג שטייט עטיש, קאָן באַווייזן דער פאַקט, וואָס ער איז אַפילו מוחל די מענטשן, פון וועלכע ער

האָט געהאַט אַן עוולה צוליב ריין געשעפט־לעכע ענינים.

דער נאָוואָראַדאָמסקער רעליף האָט נאָך ביז איצט אין זיינע אויסגאַבעס ניט אויסגעשעפּט די טעטיקייט פון סאול גרינבערג אַלס רעליף־טוער. דאָס ווערט ערשט געשריבן און אין קורצן וועט עס פאַרעפנטלעכט ווערן.

מיר ווילן דאָ נאָר געבן עטלעכע אויס־צוגן פון גאָלדענעם בוך פון דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער סאָסייעטי, אין וועלכן סאול גרינבערג איז געוואָרן פאַראייביקט.

38 לאַנדסלייט און פריינד האָבן גע־שריבן נאָר אַ קליינעם טייל פון זיין טע־טיקייט אַלס רעליף־טוער.

הונדערטער באַגריססונגען פון יחידים און פון אָרגאַניזאַציעס; אויך אַ פּער־זענלעכער בריוו פונעם פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, צו גרינבערג׳ן, פאַר זיין העלפן פאַרקויפן וואָר־באָנדס.

35 יידישע סאָלדאַטן פון נאָוואָראַדאָמ־סקער סאָלדאַטן האָבן גרינבערג׳ן באַגריסט פאַר זיין טעטיקייט לטובת זיי אין דער צייט פון דער מלחמה און נאָכן צוריק־קומען פון דער אַרמיי.

די פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אין אַמעריקע האָט אים צוגעשיקט אַ דאַנק־בריוו (געחתמ׳עט פון בנימין ווינטער) פאַר זיין טעטיקייט לטובת די פּוילישע יידן.

פאַרשיידענע בילדער פון קינסטלער, אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אַרבעט, באַ־צירן זיין שטוב.

תלמוד־תורה׳ס, אָרעמע און באָרוועסע קינדער, גמילות חסדים קאַסע און אַנ־דערע אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן, און ווערן נאָך היינט, פון אים אויסגעהאַלטן.

דאָ אין אַמעריקע געהערט ער צו די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס:

גרינדער און פּאַטער פון „בית לחם עניים״ אין מאַנהעטן און בראָנקס; אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס; מאדי־נער בעל־צדקה; היברו האָום פאָר אינ־וואַלידס; ליידיס מבקר חולים; בראָנקס סאָסייעטי; ועד הצלה; היברו טשילד־רענס האָום; קאָנג. בית יוסף; קאָנג. שער תפילה און אַ ריי אַנדערע, לערך 41, אינסטיטוציעס.

קורץ נאָכן באַפרייען פון ראַדאָמסק, האָט ער געלייגט דעם פאָנד פאַר אַ 5,000 דאָלאַר דראַיוו צוריק אויפצובויען זיין היים־שטאָט — נאָוואָראַדאָמסק.

היינט־צו־טאָג לעבט ער אין ניו־יאָרק.









צייכענונגען אַלס אָנערקענונג פאַר ס. גרינבערג

## גרינבערג נעכע

טאָכטער פֿון מרדכי און איטע שפּיק. געבוירן אין 1871 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1905. זי האָט געהערט צום ראַדאָמסקער רעליף, צו דער ראַדאָמסקער סאָסייעטי און צו פֿאַרשיידענע פֿילאַנטראָפּישע געזעלשאַפֿטן. געשטאָרבן אין יאָר 1936 אין ניו־יאָרק.

## גרין סעמיועל

זון פֿון יוסף און צירל. געבוירן אין קלאָבוצק דעם 28־טן נאָוועמבער 1881. ער האָט חתונה געהאַט מיט פרענסיס קאָווע. געקומען קיין אַמעריקע פֿון וואַרשע אין 1907. ער איז אַ מיטגליד אין דער פּראָשקער סאָסייעטי און אין יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק. זיין זון, דזשייקאָב, איז געווען אַ ליוטענאַנט און דער צווייטער זון, אַרטור — אַ פּריוואַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## גרין גרשון



זון פֿון לייב און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 29־טן פֿעברואַר 1896. געקומען קיין אַמעריקע אין 1912. ער האָט חתונה געהאַט מיט סערע מולאַרזש. איז געווען אַ מיטגליד פֿון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס און פֿון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק. איז געשטאָרבן דעם 29־טן אַפּריל 1939 אין ניו־יאָרק.

## גרין סערע

טאָכטער פֿון הענעך און ביילע מולאַרזש. געבוירן אין קאָניעצפּאָל דעם 30־טן נאָוועמבער 1896. געקומען קיין אַמעריקע דעם 17־טן פֿעברואַר 1914. האָט חתונה געהאַט מיט דזשאָו גרין. זי איז אַ מיטגליד פֿון טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס סאָסייעטי און איינע פֿון די טעטיקע מיטאַרבעטער און יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף אין ניו־יאָרק און לײדיס אַקזילערי. אירע זין — דזשעסי — אַ סאַרדזשענט און בערנאַרד — אַ פּריוואַט, האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

## האָראָוויטש בערנאַרד (בראָנעק)

זון פֿון יצחק און שבֿע האָראָוויטש־גליקסמאַן. געבוירן דעם 14־טן פֿעברואַר 1935. געטיילט דעם גורל פֿון די קדושים 1939—1945.

## האַפּטקאַ אַלעקסאַנדער ז.



זון פֿון טוביה און סאַלאָמעא. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו 1893. געקומען קיין אַמעריקע 1941. געהערט צו דער „נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פֿון פּוילישע אידן". אין פּוילן, ביז דער מלחמה, געווען רעפֿערענט פֿון יידישע ענינים ביים אינערן־מיניסטעריום.

האַפּטקאַ עלע
געבוירן 1907 אין זשאַרקי (פּוילן)

## וואַרשאַווסקי ישראל

שיקאַגאָ

זון פֿון דוד שמואל און בלומע. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 13־טן אויגוסט 1891. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913.

## וואַרשאַווסקי מענדל

זון פֿון אַבֿרהם און מלכה. געבוירן אין קאָניעצפּאָל (פּוילן) אין 1865. געקומען קיין אַמעריקע אין 1922. ער איז געשטאָרבן דעם 7־טן מאַי 1932 אין שיקאַגאָ.

## וויעוויאָראַ (יורא) שמחה

געבוירן אין קלאָמניץ. געקומען קיין אַמעריקע אין 1914. ער איז געווען אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פֿאַראיין אין דעטראָיט. געשטאָרבן אין עלטער פֿון 64 יאָר אין פֿלינט, מיש.

## טאַנסקי חיים הירש



זון פֿון בעריש און אסתר טאָבע. געבוירן אין ראַדאָמסק אין 1871. געווען אַ לערער אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923.

פֿאָטער פֿון אַבֿרהם, יצחק, דוד, משה, הערשי און טילי קעפּס.

## טאַנסקי חוה



(פֿון דערהיים — דוקאַרט) פֿון טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1923. געשטאָרבן אין 1942 אין ניו־יאָרק.

ערע איר אָנדענק!

## טאַנסקי דוד

זון פֿון חיים הירש טאַנסקי.



## טאַנסקי עלען

טאָכטער פֿון דוד און שרה טשאַרני.

## זיידמאַן דזשייקאָב



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 12-טן פעברואַר 1874. געקומען קיין אַמעריקע אין 1886. אין 1900 חתונה געהאַט מיט בעטי קאָהען.

זייט 1893 מיטגליד ביי די טשענסטאָכאָווער יאָנג מענס. געהאַט עטלעכע אַמטן אין דער אָרגאַניזאַציע און איצט דאָרט ערן-מיטגליד. ער איז אויך מיטגליד אין עטלעכע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

---

## יאַסקאָוויטש הענעך (היימי)

זון פון יוסף און פייגל. געבוירן אין פּיעטרקאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1914. ער איז געווען אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג און אין יידישן פאָלקס-פאַראיין אין דעטראָיט. איז געווען איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט. איז געשטאָרבן דעם 20-טן אויגוסט 1939 אין דעטראָיט.

---

## פּאַקולאַ מענדל

זון פון לייביש און נאַכע. געשטאָרבן 1911 אין עלטער פון 54 יאָר אין וואַרשע. דער פאָטער פון איסר, וועלוול און איטע.

---

## קאַזשיוואָדע פישל



## קאָניעצפּאָלסקי



אַן אַקטיווער טוער פון די פּועלי-ציון אין טשענסטאָכאָוו.

---

## פיינרייך דוד



געוועזענער מיטגליד פון די ס"ס. געזעסן אייניקע יאָר אין תפיסה. דער ברודער פון מאיר פיינרייך און פעלא בירא.

---

## סטאָראָזום מאכל און פרוי



איצט אין אַמעריקע.

---

## גאָלדבערג סעם



## ווייסבערג

ליין, מאַס.



---

## לעסער שמואל

לאָנדאָן



---

## לעסער זעלדע



---

## גרייצער יוסף הירש



### גאָטליב אַברהם



טוער פון די פועלי-ציון אין טשענ-
סטאָכאָוו. היינט אין ארץ-ישראל.

---

### שפיצער ל.



---

### פורמאַן אַדאָלף



---

### וויינהאָלץ דוד

אַרגענטינע
טוער פון הילף-פאַראיין



### ווייסמאַן

אַרגענטינע
טוער פון הילף-פאַראיין



---

### גרייצער ישכר



---

### עפשטיין אַדאָלף



דער ברודער פון הערשל עפשטיין
(לאָס אַנדזשעלעס). פאָרזיצער פון קליינ-
הענדלער פאַראיין אין טשענסטאָכאָוו.
אין דער יוגנט געהערט צו דער פ.פ.ס.

---

### ווילינגער בלענטש



### שוואַרץ משה און זיין פרוי





איבערגעגעבענע אַקטיווע טוער פון
נאָוואָראַדאָמסקער רעליף אין ניו-יאָרק.
רעדאַקטאָר פון נאָוואָראַדאָמסקער אַלמאַנאַך

---

### נאָוויד מרס.



---

### פריימאָוויטש רבקה מיט טאָכטער



די שוועסטער פון מאקס פעפער, לאָס
אַנדזשעלעס.

## ברענער לילי



דאָס קינד פון פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו, ליבער ברענער.

---

צום אַרטיקל: ראָזענבלאַט-דיקערמאַן סוירקל.



דיקערמאַן



חוה ראָזענבלאַט

---





פייערשטיינס טאָכטער מיט מאַן



די עלטערן פון פינקל.

---

## קרעמסדאָרף אפרים



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1893. געשטאָרבן 1936 אין ארץ-ישראל. גרינדער פון פאָלקשול אין נחלת-גנים אין תל-אָביב.

---

## ראָזען דזשעק



זון פון איזידאָר ראָזען

## קאָלין הענע





---





העלען בראָבאַלאָסקי-טעמפּעלהאָף
פרוי פון אלקנה בראָבאלאָווסקי



חוה בראָבאלאָווסקי
טאָכטער פון אלקנה בראָבאַלאָווסקי

# פרענקלין ד. רוזוועלט



קאָמענדאַנט און שעף פון דער אַרמיי און נייווי
פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין אַמעריקע



1882—1945


TO THOSE OF MY PEOPLE
WHO FIGHT FOR THE RIGHT
TO DIE WITH THEIR BOOTS ON:
MY PRIDE, MY LOVE, MY DEVOTION....—
(TO THOSE OF YOU, WHO TUNED IN LATE..)
Arthur Szyk
New York, Dec. 1942.
ARTHUR SZYK
N.Y. 42




OBERMAN GUSTAVE

**אָבערמאַן גוסטאַוו**

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 27-טן מערץ 1919. זון פון סעמיועל און אסתר אָבערמאַן.

---

OBERMAN PHILIP

**אָבערמאַן פיליפ**

געבוירן דעם 24-טן מערץ 1925. זון פון סעמיועל און אסתר אָבערמאַן.

---

UNGER JOSEPH

**אונגער יוסף**

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 24-טן יאַנואַר 1918. איידעם פון סעם און גאַסטי מאַשקאָוויטש, ניו-יאָרק.

---

AUSLENDER L.

**אויסלענדער לייבל**

זון פון אפרים און מלכה אויסלענדער, שיקאַגאָ, איל.

OVIETZKY WILLIAM

**אָוויעצקי ווילי**

קאָרפּאָראַל

געבוירן דעם 6-טן מאַי 1915. זון פון מאָריס און צעשא אָוויעצקי, שיקאַגאָ.



OVIETZKY MARTIN

**אָוויעצקי מאַרטין**

פּעטי אָפיסער 3-טע קל.

געבוירן דעם 10-טן יולי 1925. זון פון מאָררים און צעשא אָוויעצקי, שיקאַגאָ.

---

OVIETZKY SAUL

**אָוויעצקי סאול**

סאַרדזשענט

געבוירן אין 1918. זון פון יאַנקל און ראָזי אָוויעצקי, שיקאַגאָ.

---

YNDELBAUM B.

**אינדענבוים בערל**

איידעם פון טוביה האָלבערג, דעטראָיט.

INNERFIELD SAUL

**אינערפעלד סאול**

פּריוועט



געבוירן דעם 15-טן דעצעמבער 1910. זון פון הנך און איידע אינערפעלד.

---

EISNER MILTON

**אייזנער מילטאָן**

פּריוועט פוירסט קלעס



זון פון לואיס אייזנער. געבוירן דעם 28-טן יולי 1917. סטודענט פון אַרקענ-סאַס אוניווערסיטעט. ענליסטעד אין סיג-נאַל-קאָרפּס.

## EISNER BERNARD
## אייזנער בערנאַרד

ענסיין יו. עס. נייווי רעזערוו



זון פון לואיס אייזנער. געבוירן דעם 6-טן מערץ 1919. גראַדואירט קאָלאָמביא יוניווערזיטי דעם 24-טן נאָוועמבּ. 1943.

---

## EILENBERG HENRY
## איילענבערג הענרי

פּריוועט



געבוירן דעם 20-טן יאַנואַר 1912. זון פון מאָריס און גאָססי איילענבערג, ניו-יאָרק.

---

## EILENBERG SEYMOURE
## איילענבערג סעימאָר

קאָרפּאָראל



געבוירן דעם 15-טן יוני 1914. זון פון מאָריס און גאָססי איילענבערג, ניו-יאָרק.

## BIALECK LOUIS
## ביאַלעק לואיס



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1919. זון פון הלל און רחל ביאַלעק, ניו-יאָרק. געדינט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

---

## BIALECK JACK
## ביאַלעק דזשעק



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1918. זון פון הלל און רחל ביאַלעק, ניו-יאָרק. געדינט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

---

## BIDMAN IRVING JACK
## בידמאַן אירווינג דזשעק

---

## BITTER HERMAN
## ביטטער הערמאַן ל.

קאָרפּאָראל



געבוירן דעם 28-טן יולי, 1922. זון פון ישראל און טאָבע ביטטער, שיקאַגאָ.

## BEM KAZIMIERZ
## בעם קאַזשימיערזש



זון פון אַלעקסאַנדער און דאָברע בעם פון טשענסטאָכאָוו.

---

## BERGMAN HERMAN N.
## בערגמאַן הערמאַן נ.

פּריוועט



געבוירן דעם 15-טן יוני 1922. זון פון וויליאַם און ראָוז בערגמאַן, ניו-יאָרק.

---

## BERGMAN IRVING
## בערגמאַן אירווינג

פּריוועט



געבוירן דעם 16-טן נאָוועמבער 1925. זון פון וויליאַם און ראָוז בערגמאַן, ניו-יאָרק.

## BERGER SIMON
## בערגער סימאָן
סאַרדזשענט



זון פון איזידאָר און איווא. געבוירן דעם 29-טן יוני 1922 אין ניו-דזשוירזי.

## BERGER JACK
## בערגער דזשעק
קאָרפּאָראַל



זון פון איזידאָר און איווא. געבוירן דעם 11-טן מערץ 1921 אין ניו-דזשוירזי.

## BERNSTEIN ARNOLD
## בערנשטיין אַרנאָלד



געבוירן דעם 26-טן מאַי 1925. זון פון הארי און אסתר בערנשטיין, ניו-יאָרק.

## BROCKMAN LOUIS
## בראָקמאַן לואיס
קעפּטן



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, אַפּריל 1905. זון פון מאַקס און מיני בראָקמאַן, ניו-יאָרק.

## BROCKMAN WILLIAM
## בראָקמאַן וויליאַם
קאָרפּאָראַל

געבוירן דעם 28-טן מאַי 1914. זון פון מאַקס און מיני בראָקמאַן, ניו-יאָרק.

## BRAUNER ALFRED
## ברונער אַלפרעד



געבוירן 1918. איידעם פון מאַקס און אסתר קעפּפּ.

## NIZINSKY HARRY
## נידזינסקי הערי



## GIDINS LEO
## גידינס לעאָ



24 יאָר אַלט. זון פון בערנעט און גאַסי גידענסקי און איידעם פון אברהם און טאָבע געלבער, ניו-יאָרק.

## GINSBERG MORRIS
## גינזבערג מאָררים
קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 12-טן יאַנואַר 1918. זון פון וויליאַם און קעיט גינזבערג, שיקאַגאָ.

## GEIZER ABRAHAM
## גייסער אַברהם



געבוירן דעם 4-טן מאַי 1912. איידעם פון סעם און גאַסי מאָשקאָוויטש, ניו-יאָרק.

## GLATTER SIDNEY
## גלאַטער סידניי
קעפּטן



געבוירן דעם 24-טן מערץ 1915. זון פון מאַקס און טילי גלאַטער, ניו-יאָרק.

---

## GLIKSMAN MEYER
## גליקסמאַן מאיר
קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 22-טן נאָוועמבער 1920. זון פון איזידאָר און ראָוז גליקסמאַן, דעטראָיט.

---

## GLIKERMAN SAM JACK
## גליקערמאַן סעם דזשעק
פּרייוועט פוירסט קלעס



געבוירן דעם 22-טן פעברואַר 1922. זון פון אפרים און ראָוז גליקערמאַן, שיקאַגאָ. געפאַלן אין פראַנקרייך דעם 29-טן סעפּטעמבער 1944.
ערע זיין אָנדענק.

## GLIKSMAN SEYMORE
## גליקסמאַן סימאָר
פּרייוועט

געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק דעם 14-טן סעפּטעמבער 1920. געקומען קיין אַמעריקע אין 1935. זון פון פישל און גיטל גליקסמאַן, לאָס אַנדזשעלעס.

---

## GELBER DAVID
## געלבער דייוויד
סאַרדזשענט



געבוירן דעם 19-טן יוני 1917. זון פון באָררים און גוטשע געלבער.

---

## GELBER JACK
## געלבער דזשעק



29 יאָר אַלט. זון פון אַבֿרהם און טאָבע געלבער, ניו-יאָרק.

---

## GRANECK HERBERT
## גראַנעק הערבערט
פּרייוועט



זון פון וויליאַם און ראָוז גראַנעק, ניו-יאָרק.

## GERICHTER WILLIAM
## געריכטער ווילי
פּעטטי אָפיסער טהוירד קלעס



געבוירן דעם 3-טן מערץ 1922. זון פון קאַרל און רעגינע געריכטער.

---

## GRANECK HERBERT
## גראַנעק הערבערט
פּרייוועט

געבוירן דעם 28-טן אַפּריל 1923. זון פון טשאַרלס און לענאַ גראַנעק, ניו-יאָרק.

---

## GRANECK JERRY
## גראַנעק דזשעררי
קאָרפּאָראַל

זון פון וויליאַם און ראָוז גראַנעק, ניו-יאָרק.

---

## GRANEK ROBERT
## גראַנעק ראָבערט
פּרייוועט

געבוירן דעם 21-טן אויגוסט 1925. זון פון וויליאַם און ראָוז גראַנעק, ניו-יאָרק.

---

## GRODZINSKY RICHARD
## גראָדזינסקי ריטשאַרד



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו דעם 24-טן מאַי 1916. געקומען קיין אַמעריקע דע-צעמבער 1941. איינ יקל פון וואָלף שיינ-וועקסלער און זון פון משה און נאַטאַליע גראָדזינסקי.

### GROSS WILLIAM
### גראָסס וויליאַם
פרייוועט



געבוירן דעם 20-טן סעפטעמבער 1926. זון פון לואיס דזשיי. און נעמי גראָס (גרין), שיקאַגאָ.

---

### GROSSBERG
### גראָסבערג



---

### GREEN JACOB
### גרין דזשייקאָב
ליוטענאַנט



געבוירן דעם 25-טן אָקטאָבער 1911. זון פון סעמיועל און פרענסיס גרין, ניו-יאָרק.

---

### GREEN ARTHUR
### גרין אַרטור
פרייוועט

געבוירן דעם 13-טן יולי 1926. זון פון סעמיועל און פרענסיס גרין, ניו-יאָרק.

### GREEN JESSIE
### גרין דזשעססי
סאַרדזשענט

געבוירן דעם 11-טן מערץ 1919. זון פון גרשון און סערא גרין, ניו-יאָרק.

---

### GREEN BERNARD
### גרין בערנאַרד
פרייוועט



געבוירן דעם 6-טן דעצעמבער 1925. זון פון גרשון און סערא גרין, ניו-יאָרק.

---

### GRINSPAN MARVIN
### גרינשפאַן מאַרווין



---

### GREITZER MELVIN
גרייצער מעלווין
אָפיסער

געבוירן דעם 5-טן יוני 1916. זון פון אפרים און פייגל גרייצער, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

---

### GREITZER SAM
### גרייצער סעם
אָפיסער

געבוירן דעם 13-טע יאַנואַר 1914. זון פון אפרים און פייגל גרייצער, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

### GREITZER NATHAN
### גרייצער נעיטן
ליוטענאנט



געבוירן דעם 18-טן אויגוסט 1918. זון פון מאיר און פרימעט גרייצער, לאָס אַנדזשעלעס.

---

### DUKAT LEIZER
### דוקאַט לייזער
פוירסט ליוטענאַנט



געבוירן דעם 15-טן פעברואַר 1920. זון פון הערשל און שרה דוקאַט, שיקאַגאָ.

---

### DUKAT NAFTALI
### דוקאַט נפתלי
פרייוועט פוירסט קלעס

געבוירן דעם 30-טן יוני 1913. זון פון הערשל און שרה דוקאַט, שיקאַגאָ.

---

### JACOBS IRVING
### דזשייקאָבס אירווינג
פרייוועט



געבוירן דעם 28-טן אויגוסט 1924. זון פון דזשאָזעף און גאָסי דזשייקאָבס.

## JACOBS MILTON
## דזשייקאָבס מילטאָן



זון פון לייבוש. געבוירן דעם 29-טן מערץ 1913 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע אין 1929. ער האָט גע-לערנט אין סיטי קאָלעדזש, געהאָלפן אָר-גאַניזירן די שטודירנדיקע יוגנט אין קאָ-לעדזש און אין דער „סטודענטן ליג״; געווען אַ מיטגליד אין ברענטש 500 פון „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן״ אין ניו-יאָרק.

מילטאָן דזשייקאָבס האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי זינט דעם 13-טן מערץ 1943 און אַפּריל דעם 16-טן 1944 איז ער געפאַלן אויפן שלאַכט-פעלד אין איטאַליע. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פאָ-טער, ברידער, שוועסטער און פאַמיליע.

---

## HALBERG S.
## האַלבערג שלום

זון פון ישעיהו דוד האַלבערג.

---

## HALBERG BERNIE
## האַלבערג בערל

געבוירן אויגוסט 1922. זון פון איזי און רחל האַלבערג, דעטראָיט.

---

## HALBERG EAZL.
## האַלבערג יחיאל

פּריייוועט

געבוירן דעם 29-טן דעצעמבער 1919. זון פון איזי און רחל האַלבערג, דעטראָיט.

## HANDWERKER HARRY
## האַנטווערקער הערי

פּריייוועט



געבוירן דעם 26-טן יאַנואַר 1916. זון פון בעני און עני האַנטווערקער, שיקאַגאָ.

---

## HOFFNUNG NORMAN
## האָפנונג נאָרמאַן

פּריייוועט

געבוירן דעם 25-טן מאַי 1926. זון פון הערמאַן און הילדע האָפנונג, ניו-יאָרק

---

## HOFFMAN J. J.
## האָפמאַן יאַנקל יוסף

פּריייוועט

געבוירן דעם 15-טן יוני 1907. זון פון דוד און ראָזע האָפמאַן, שיקאַגאָ.

---

## HOFFMAN JOHN
## האָפמאַן דזשאָן

פּריייוועט פוירסט קלאַס

געבוירן דעם 18-טן יוני 1913. זון פון דוד און ראָזע האָפמאַן, שיקאַגאָ.

---

## HAUPTMAN I.
## הויפּטמאַן ישעיהו

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 12-טן אַפּריל 1914. זון פון אַברהם און דבורה הויפּטמאַן, דעטראָיט.

## HAUPTMAN DAVE
## הויפּטמאַן דוד

קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 23-טן אָקטאָבער 1921. זון פון אַברהם און דבורה הויפּטמאַן, דעטראָיט.

---

## HERSHKOWITZ S.
## הערשקאָוויטש סאַמיועל



געבוירן דעם 14-טן יולי 1915. זון פון בערל און ריקל הערשקאָוויטש, ניו-יאָרק.

---

## HERSHKOWITZ B.
## הערשקאָוויטש בערנאַרד

ליוטענאַנט

---

## HERSHKOWITZ I.
## הערשקאָוויטש אירווינג

קאָרפּאָראַל

---

## WARSHAWSKY SAUL
## וואַרשאַווסקי סאָול

## WOLOZOWSKY IRVING
## וואָלאָזאָווסקי אירווינג
סאַרדזשענט



געבוירן דעם 28-טן פעברואַר 1921. זון פון מאיר און זעלדע וואָלאָזענסקי, ניו-יאָרק; אוידעם פון נחמיה און סאַרא גליקסמאַן.

---

## WIATRACK MARTIN
## וויאַטראַק מאַרטין
קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 5-טן יוני 1923. זון פון יוסף און דאָברע וויאַטראַק, דעטראָיט.

---

## WILLINGER HENRY R.
## ווילינגער הענרי רובין
פּריוואַט

געבוירן פעברואַר 1916. זון פון מרדכי און מיני ווילינגער, ניו-יאָרק.

---

## WILLINGER KATIE
## ווילינגער קיטטי
ליוטענאַנט



געבוירן דעם 12-טן יולי 1920. טאָכטער פון מרדכי און מיני ווילינגער, ניו-יאָרק.

## WILLINGER ABRAHAM
## ווילינגער אברהם
סאַרדזשענט



געבוירן דעם 24-טן אַפּריל 1919. זון פון סעם און גאָסי ווילינגער, ניו-יאָרק.

---

## WIEN SAMUEL
## ווין סעמיועל ד"ר
קעפּטן



זון פון בערל און רבקה ווין. געבוירן אין ניו-יאָרק 1900. ער איז געווען אַ באַוואוסטער דאָקטער אין לעבאַנאָן האָספּיטאַל און אין אַנדערע שפּיטעלער.

ד"ר ווין איז געווען דער מאַן פון פרידא וואָרגאַן, טאָכטער פון עמנואל און חוה רחל וואָרגאַן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער ערשטער זאַלאָשינער „חברה אנשי בני אחים". אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט ד"ר ווין זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי מיטן ראַנג פון קעפּטן. ער איז געשטאָרבן אויף זיין פּאָסטן אין אַ שפּיטאָל אין קענטאַקי דעם 10-טן יולי 1943. ער איז באַערדיקט געוואָרן אין ניו-יאָרק אויף דער סעמעטערי פון זיין סאָסייעטי „ערשטע זאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים."

---

## WINTER JULIUS
## ווינטער דזשוליוס

געבוירן דעם 28-טן דעצעמבער 1916. זון פון שלמה און סילי ווינטער, ניו-יאָרק.

## WEINSTOCK MIETEK
## וויינשטאָק מעיטעק
מאַסטער סאַרדזשענט



געבוירן דעם 22-טן מאַי 1908 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון יעקב און רעגינע וויינשטאָק, טשענסטאָכאָוו.

---

## WEINSTOCK LUCIAN
## וויינשטאָק לוטעק
ליוטענאַנט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי



געבוירן דעם 5-טן אָקטאָבער 1905. זון פון יעקב און רעגינע וויינשטאָק פון טשענסטאָכאָוו.

---

## WEISS ISIDORE
## ווייס איזידאָר
סאַרדזשענט



זון פון סידני און עדני ווייס, דזשעקסאָנוויל, פלאָרידא.

## WEISBARD HYMAN
## ווייסבאַרט היימי
פּריוועט



געבוירן 1919 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון יעקב און גיטל ווייסבאַרט.

---

## WEISBERG ARNOLD
## ווייסבערג אַרנאָלד
פּריוועט



געבוירן דעם 10-טן מערץ 1923. זון פון נפתלי און ראָזע ווייסבערג.

---

## WEISSMAN STEPHAN L.
## ווייסמאַן סטעפאַן ל.
קעפּטן



געבוירן דעם 15-טן פעברואַר 1910. זון פון בענדזשאמין און לואיס ווייסמאַן און איידעם פון אַבֿרהם מענטקאָף.

## WEISKOPF MELVIN O.
## ווייסקאָפּף מעלווין
סטעף סאַרדזשענט



געבוירן דעם 25-טן אויגוסט 1915. זון פון מיכאל און ראָזע ווייסקאָפּף.

---

## WEISKOPF MARTIN
## ווייסקאָף מאַרטין
קאָרפּאָראַל



געבוירן 1926. זון פון בנימין ווייס-קאָפּף, ניו-יאָרק.

---

## WEISKOPF LOUIS
## ווייסקאָף לואיס
פּריוועט



געבוירן דעם 29-טן יולי 1926. זון פון מאַקס און אסתר ווייסקאָף, ניו-יאָרק.

## WEISKOPF MARVIN
## ווייסקאָפּף מאַרווין
סאַרדזשענט



געבוירן דעם 15-טן מאַי 1925. זון פו דוד און עני ווייסקאָפּף, ניו-יאָרק.

---

## WENGER ALBERT
## ווענגער אַלבערט
סאַרדזשענט



זון פון יעקב אהרן ווענגער, ניו-יאָרק.

---

## WENGER EMANUEL
## ווענגער עמאַנועל



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון אליהו און מלכה ווענגער, ניו-יאָרק.

---

## ZALUSKY MAX
## זאַלוסקי מאַקס

## ZALUSKY LORENTZ
## זאַלוסקי לאָרענץ

### ZYGAS ISIDORE A.
### זיגאַס איזידאָר



געבוירן דעם 3-טן אַפּריל 1925. זון פון סעם און פאולין זיגאַס, ניו-יאָרק.

### ZYGAS SEYMORE
### זיגאַס סימאָר

געבוירן דעם 11-טן מאַי 1922. זון פון סעם און פאולין זיגאַס, ניו-יאָרק.

### ZITMAN WILLIAM
### זיטמאַן ווילי

פּרייוועט



געבוירן דעם 17-טן פעברואַר 1917. זון פון דוד און שרה זיטמאַן, ניו-יאָרק.

### ZISER ISAAC
### זיסער יצחק

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 27-טן יולי 1918. זון פון סעם און לאנבע זיסער, דעטראָיט. ליוטענאַנט זיסער איז געפאַלן אין שלאַכט דעם 26-טן יולי 1944. ערע זיין אָנדענק.

### SELKOWITZ LEO
### זעלקאָוויטש לעאָ

סאַרדזשענט



געבוירן 1923. זון פון דזשאָו און ראוז זעלקאָוויטש, ניו-יאָרק.

### TOPCIK RHARY
### טאָפּציק הערי

מעידזשאָר



געבוירן דעם 12-טן אויגוסט 1905. זון פון בנימין און פייגל טאָפּציק, דעטראָיט.

### TREMBATZKI PHILIP
### טרעמבאַצקי פיליפּ

פּרייוועט

געבוירן דעם 7-טן יוני 1920. זון פון יצחק און מאַניע טרעמבאַצקי, שיקאַגאָ.

### YOST (YOSKOWITZ) WM.
### יאָסט (יאָסקאָוויטש) ווילי

ליוטענאַנט



געבוירן 1916 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון היימי און פעני יאָסקאָוויטש, דעטראָיט.

### LIEBERMAN HYMAN
### ליבערמאַן היימאַן

קאָרפּאָראַל



### LIEBERMAN ABRAHAM



### ליבערמאַן אַברהם

זון פון הערי און מרים ליבערמאַן.

### LIEBERMAN DAVE



### ליבערמאַן דייוו

סאַרדזשענט

### LEVITZKY HYMAN
### לעוויצקי היימי

סאַרדזשענט

געבוירן אין 1910. זון פון זינדל און גאָסי לעוויצקי, שיקאַגאָ.

### LITMAN RALPH



**ליטמאַן ראַלף**

זון פון דוד און בערטאַ ליטמאַן.

---

### LEVY JACK

**לעווי דזשעק**

קאָרפּאָראַל

געבוירן דעם 17-טן יולי 1914. זון פון סעם און עני ליוויי, ניו-יאָרק.

---

### LEVY HARRY

**ליוויי הערי**

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 27-טן יולי 1922. זון פון דזשעק און סילוויאַ ליוויי, ניו-יאָרק.

ביי אַ צוזאַמענשטויס מיט אַ גרופּע דייטשן איז ער געפאַלן אין אַ קאַמף אין איטאַליע דעם 29-טן אַפּריל 1945.

הערי ליוויי האָט גענומען 58 געפאַנגענע דייטשן און געהרג'עט 6. ער האָט באַקומען אַ סילווער מעדאַל און אַ ריי אויסצייכענונגען. זיינע עלטערן האָבן באַקומען פון זיין קאָמאַנדיר בריוו פון אָנערקענונג פאַר זייער העלדן-טאַטן.

ערע זיין אָנדענק.

---

### LEVY BENJAMIN

**ליוויי בענדזשאַמין**

זון פון איזידאָר און עני ליוויי, ניו-יאָרק.

### LEFKOWITZ BERNARD

**לעפקאָוויטש בערנאַרד**



---

### MARKOWITZ MARION

**מאַרקאָוויטש מאַריאָן**

געבוירן דעם 17-טן יולי 1921 אין טשענסטאָכאָוו. דינט אין דער פּוילישער אַרמיי. זון פון זיגמונד און אַננאַ מאַרקאָוויטש.

---

### MORTON DAVID G.

**מאָרטאָן דוד ג.**

קעפּטן

געבוירן אין מערץ 1908. זון פון ישראל און העניע גאָלדשטיין, דעטראָיט.

---

### MORTON MORRIS A.

**מאָרטאָן מאָריס א.**

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 16-טן יולי 1920. זון פון ישראל און העניע גאָלדשטיין, דעטראָיט

---

### MORRISON (LEDERMAN) JOE

**מאָריסאָן (לעדערמאַן) דזשאָו**

ליוטענאַנט

געבוירן דעם 28-טן מאַי 1918. זון פון מאָריס לעדערמאַן און ראָוז לעדערמאַן-קופּער.

### MOSHKOWITZ ALVIN

**מאָשקאָוויטש אַלווין**



געבוירן דעם 6-טן סעפּטעמבער 1925. זון פון סעם און גאַסי מאָשקאָוויטש, ניו-יאָרק.

---

### MOWRER MANNY

**מאורער מעני**



געבוירן דעם 28-טן מערץ 1914. זון פון טשאַרלי און לילי מאַורער, ניו-יאָרק.

---

### MOWRER HERSHEY

**מאורער הוירשי**

געבוירן דעם 10-טן סעפּטעמבער 1920. זון פון טשאַרלי און לילי מאורער, ניו-יאָרק.

---

### MILLER LOUIS

**מיללער לואיס**



געבוירן אויגוסט 1926. זון פון לוא און מאָלי מילער, שיקאַגאָ.

## MILLER BURTON
## מיללער בערטען
געבוירן דעם 26-טן אויגוסט 1926.

## MISKA MILTON
## מיסקא מילטאָן



געבוירן יוני 1915. זון פון זיסמאַן און שרה הינדע מיסקא, שיקאַגאָ.

## MISKA WILLIAM
## מיסקא וויליאַם
סאַרדזשענט

געבוירן דעם 24-טן יאַנואַר 1916. זון פון אַבֿרהם שלמה און עדנא מיסקא, שיקאַגאָ.

## MEYERSON HERBERT
## מייערסאָן הערבערט
געבוירן דעם 29-טן אַפּריל 1923. זון פון לואיס און רבֿקה מייערסאָן, ניו-ראשעל, נ. י.

## MENDELSON MURRAY
## מענדעלסאָן מאַרעי

## NUDALMAN



## נודעלמאַן
סענט לואי, מיזורי

## NIZINSKY HARRY
## ניזשינסקי הערי

## SILBERLICHT SAM
## סילבערליכט סעם
געבוירן אין 1923.

## SILVERBERG IRVING
## סילווערבערג אירווינג
קאָרפּאָראַל



פאַרהייראַט צו רוטה גרושקא.

## SILVER FRANK
## סילווער פרענק



איידעם פון יוסף און רעי קויפמאַן.

## SINGER HARRY
## סינגער הערי
קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 22-טן יוני 1918. איידעם פון כאַנע און פראַדל גליקסמאַן, ניו-יאָרק.

## SEIDMAN IRVING J.
## סיידמאַן אירווינג דזשעק



געבוירן דעם 23-טן אַפּריל 1920. זון פון זעליג און שרה סיידמאַן, שיקאַגאָ.

## SEIDMAN SIDNEY
## סיידמאַן סידני
סאַרדזשענט

געבוירן דעם 3-טן פעברואַר 1915. איידעם פון סעמיועל און שרה לעססער, דעטראָיט.

## SELZER IRVING
## סעלצער אירווינג
געבוירן דעם 2-טן אַפּריל 1923. זון פון קאַרל און בעסי סעלצער.

## SENZER ISRAEL
## סענזער ישראל
סאַרדזשענט



געבוירן דעם 9-טן מאַי 1918. זון פון אַברהם יעקב און יידי סענזער, ניו-יאָרק.

## PAUL H.
## פּאול חיים
סאַרדזשענט

געבוירן דעם 21-טן פעברואַר 1922. זון פון איסער און חנה ענע פּאול—פּאקולא, שיקאַגאָ.

## SKOVRON HARRY
## סקאָווראָן (סקאָווראָנעק) העררי



געבוירן דעם 18-טן יוני 1923. זון פון רפאל און רבקה סקאָווראָנעק, ניו-יאָרק.

---

## ESSIG HAROLD F.
## עססיג האַראָלד



געבוירן דעם 26-טן מאַי 1926. זון פון סעמיועל און יעטא עססיג, קליוולאַנד.

---

## EPSTEIN PHILIP
## עפשטיין פיליפ

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 22-טן דעצעמבער 1920. זון פון ישראל יצחק און שיינדל עפשטיין, ניו-יאָרק.

---

## SKOVRON HARRY
## סקאָווראָן (סקאָווראָנעק) העררי



געבוירן דעם 2-טן דעצעמבער 1926. זון פון יוסף און לילי סקאָווראָנעק, נ. י.

---

## ESSIG SAMUEL
## עססיג סעמיועל



---

## PANSKY MAX
## פּאַנסקי מאקס

פּרייוועט



געבוירן דעם 18-טן פעברואַר 1921. זון פון לייזער און חיה פּאַנסקי, דעטראָיט

---

## ESSIG ALBIN
## עססיג אַלווין



געבוירן דעם 16-טן פעברואַר 1923. זון פון סעמיועל און יעטא עססיג, קליוולאַנד.

---

## EPSTEIN AARON
## עפשטיין אהרן



געבוירן דעם 22-טן נאָוועמבער 1917. זון פון הירשל און שרה עפשטיין, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

---

## FASTOV HERBIE
## פאַסטאָוו הוירבי



געבוירן דעם 19-טן סעפּטעמבער 1924. זון פון העררי און בלענטש פאַסטאָוו, ניו-יאָרק; אייניקל פון גרשון און העלטשע שפּרינגער.

### PAUL M.
### פּאָול מענדל

פּרייוואַט

געבוירן דעם 18־טן מאַי 1920 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון וועלוול און שיינדל פּאָול—פּאַקולאַ, שיקאַגאָ.

---

### PAUL M
### פּאָול מענדל

ליוטענאַנט

געבוירן דעם 27־טן דעצעמבער 1918. זון פון איסער און חנה ענע פּאָול—פּאַקולאַ, שיקאַגאָ.

---

### PORTER VERNON
### פּאָרטער ווערנאָן

געבוירן דעם 20־טן יוני 1917.

---

### FIERMAN JOSEPH
### פייערמאַן יוסף



געבוירן 1915. זון פון אַדאָלף און דזשעני פורמאַן, ניו־יאָרק.

---

### FISHMAN SAUL
### פישמאַן סאול

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 21־טן פעברואַר 1916. זון פון מאָריס און רחל פישמאַן, דעטראָיט.

---

### FISHEL BERNARD
### פישעל בערנאַרד

ליוטענאַנט



געבוירן געבוירן 1920. זון פון איזי און סיידי פישעל, ניו־יאָרק.

---

### FEIMAN JACK
### פיימאַן דזשעק



זון פון דזשאָו און מיני פיימאַן.

---

### FEIERTAG IRVING
### פייערטאַג אירווינג

געבוירן דעם 12־טן נאָוועמבער 1921. זון פון נייטן און ראָוז פייערטאַג.

---

### FEIERTAG MAX
### פייערטאַג מאַקס

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 21־טן יוני 1920. זון פון פיליפּ און בעסי פייערטאַג, דעטראָיט.

---

### FEIERSTEIN JOE
### פייערשטיין דזשאָו

דעטראָיט



---

### FEIERSTEIN JOE
### פייערשטיין דזשאו

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 12־טן יולי 1916. זון פון הערי און פרידע פייערשטיין.

---

### FEIERSTEIN HARRY
### פייערשטיין הערי



---

### FEDERMAN NATHAN
### פעדערמאַן נייטן

סאַרדזשענט

געבוירן דעם 13־טן מאַי 1922. זון פון סעם און פרימעט פעדערמאַן, שיקאַגאָ.

## FLEKMAN ISAAC
## פליקמאַן יצחק

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 21-טן מאַי 1924. זון פון משה און חנה פלעקמאַן, ניו-יאָרק און איידעם פון שלמה (סעם) ראבינאָוויטש.

## FELDSTEIN JULIUS
## פעלדשטיין דושליוס



זון פון ד"ר פיליפ און אסתר פעלדשטיין.

## FREEMAN JOSEPH
## פרימאַן דזשאו

געבוירן דעם 10-טן דעצעמבער 1919.
זון פון העררי און לינאַ פרימאַן.

## PEPPER SAM
## פעפפער שעלטאָן סעם



געבוירן דעם 14-טן נאָוועמבער 1919.
זון פון מאַקס און טעסי פעפער, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

## FRIEDSON NATHAN
## פרידסאָן נייטן



## FRIEDMAN HARRY K.
## פרידמאַן העררי ק.

פאַרמאַסיסט



געבוירן דעם 24-טן אָקטאָבער 1924. זון פון אַברהם און העלען פרידמאַן, ניו-יאָרק.

## FRIEDMAN JACK
## פרידמאַן דזשעק

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 9-טן יוני 1920. זון פון דוד און מלכה פרידמאַן, ניו-יאָרק.

## FREILICH MORRIS
## פריילעך מאָריס



## FREEMOUR MAX
## פריימאָר מאַקס

געבוירן דעם 17-טן יוני 1921.

## FREEMOUR ABE
## פריימאָר אבאָ

געבוירן דעם 20-טן נאָוועמבער 1915.

## ZIMMERMAN GEORGE
## צימערמאַן דזשאָרדזש



זון פון נייטן און ראָוז צימערמאַן.

## ZIMMERMAN SEYMOUR
## צימערמאַן סעימאָר



## KATZ LEO
## קאַץ ליאָ

איידעם פון העררי און מרים ליבערמאַן.

## COLIN NORMAN
## קאָלין נאָרמאַן (נח)

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 16-טן אויגוסט 1921.
זון פֿון בעריש און לינא קאָלין, דעטראָיט.

---

## CORPUEL JULIAN
## קאָרפּיעל דזשוליען



געבוירן דעם 10-טן אויגוסט 1905.
זון פון סעם און מאַרטאַ קאָרפּיעל.

---

## KLEIN BENJAMIN
## קליין בנימין



געבוירן דעם 16-טן אַפּריל 1923 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון נחמיה און שוינדל קליין (קלאָפּערמאַכער).

---

## COLIN ARTHUR
## קאָלין אַרטור

פּרייוועט



געבוירן דעם 17-טן מערץ 1926. זון פון בעריש און לינא קאָלין. דיטראָיט.

---

## KUZMINSKY HYMAN
## קוזשמינסקי היימאַן



---

## KNOBLER ABRAHAM
## קנאָבלער אַברהם

קאָרפּאָראַל



---

## CORPUEL SEYMOUR
## קאָרפּיעל סימאָר



געבוירן דעם 19-טן נאָוועמבער 1911.
זון פון סעם און מאַרטאַ קאָרפּיעל.

## KAUFMAN GEORGE
## קויפמאַן דזשאָרדזש



געבוירן דעם 4-טן יולי 1921. איידעם פון סעמיועל יאסקער.

## KNOBLER CHARLIE
## קנאָבלער טשאַרלי

ליוטענאַנט



## KNOBLER EUGENE
## קנאָבלער יודזשין

סאַרדזשענט



---

## KAPP CALVIN
## קעפּפּ קאַלווין

פּרייוועט



געבוירן דעם 9-טן אויגוסט 1922. זון פון מאקס און אסתר קעפּפּ, ניו-יאָרק.

---

## KAPP LOUIS
## קעפּפּ לואי

פּרייוועט פוירסט קלעס



געבוירן דעם 1-טן יאַנואַר 1918. זון פון מאקס און עסתר קעפּפּ, ניו-יאָרק.

## KRAKAUER DAVID
## קראַקויער דייוויד



געבוירן דעם 5-טן יוני 1912. זון פון איזידאָר און ראָוז קראַקויער.

---

## RASHLEFF DAVID
## ראַשלעף דייוויד

געבוירן דעם 2-טן מערץ 1909. זון פון בענדזשאמין און מאַלי ראשלעף; איידעם פון אבא מיענטקאָוו.

---

## ROSEN RUBIN
## ראָזען רובין



געבוירן דעם 4-טן יולי 1917. זון פון איזידאָר און מערי ראָזען, ניו-יאָרק.

---

## ROSENBLATT BERNARD
## ראָזענבלאַט בערנאַרד



געבוירן דעם 23-טן יולי 1923. זון פון מאַקס און רייטשל ראָזענבלאַט, נ. י.

## ROSENBLATT HYMAN
## ראָזענבלאַט היימאַן



געבוירן דעם 1-טן יאַנואַר 1919. זון פון מאקס און רייטשל ראָזענבלאַט, נ. י.

---

## RICHTIGER LOUIS
## ריכטיגער לואי

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 18-טן סעפּטעמבער 1918. זון פון דוד און ראוז ריכטיגער, שיקאַגאָ.

---

## RICHTER ELI
## ריכטער עליע

פּרייוועט פוירסטקלעס



געבוירן דעם 5-טן דעצעמבער, 1919. זון פון נייטן און גוטשע ריכטער, דעטראָיט.

## RICH SAM
## רייך סעם

פּרייוועט



געבוירן דעם 13־טן מערץ 1925. זון פון חיים און גרוינע רייך, דעטראָיט.

## RECKLIF DAVID
## רעקליף דייוויד ד״ר

ליוטענאַנט



געבוירן דעם 2־טן מערץ 1902. איידעם פֿון אבא מיענטקאָוו.

## SHAPIRO ARTHUR
## שאפּיראָ אַרטור ד״ר

קעפּטן



געבוירן דעם 24־טן נאָוועמבער 1916. זון פון יוסף און ראָוז שאַפּירא, שיקאַגאָ.

## SHARF SIDNEY
## שאַרף סידני

פּרייוועט

געבוירן דעם 27־טן אויגוסט 1918. זון פון מאיר און לינא שארף (שאַר־פינסקי), שיקאַגאָ.

## SHARF NATHAN
## שאַרף נייטען

סימען פּוירסט קלעס



געבוירן דעם 22־טן יוני 1922. זון פון מאיר און לינא שארף (שארפינ־סקי), שיקאַגאָ.

## SHUMER (PELTZ) FRANK
## שומער (פּעלץ) פרענק

זון פון שמעון און חיה שרה פּעלץ—שמולעוויטש.

## SCHWARTZBAUM CARL
## שוואַרצבוים קאַרל

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 20־טן סעפּטעמבער 1923. זון פון לואי און לילי שווארצבוים, נ. י.

## SHTIEBEL SIDNEY
## שטיבל סידנע

קאָרפּאָראַל



געבוירן דעם 28־טן יוני 1924. זון פון אַבֿרהם און חנה שטיבל, לאָס אַנדזשעלעס.

## SHTEIER HENRY D.
## שטייער הענרי דייוויד



געבוירן 1923. זון פון מרדכי און דזשאַנעט שטייער, שיקאַגאָ.

## STENZEL HYMAN
## שטענצל היימאַן

סאַרדזשענט



געבוירן דעם 20־טן מערץ 1921. זון פון מרדכי און רחל שטענצל, ניו־יאָרק.

## STERN SIDNEY
## שטערן סידני

קאָרפּאָראַל

געבוירן דעם 4-טן סעפּטעמבער 1918.
זון פון מאָריס שטערן.

---

## STRAUSMAN ALBERT
## שטרויסמאַן אַלבערט



געבוירן 1925. זון פון יעקב און העלען שטרויסמאַן, ניו-יאָרק.

---

## STRAUSMAN HENRY
## שטרויסמאַן הענרי

זון פון יצחק און פּערל שטרויסמאַן, ניו-יאָרק.

---

## STRAUSMAN JOE
## שטרויסמאַן דזשאָו



זון פון יצחק און פּערל שטרויסמאַן, ניו-יאָרק.

---

## SCHLESINGER KURT
## שלעזינגער קורט

ליוטענאַנט

געבוירן דעם 17-טן יולי 1918. זון פון שלמה און הענדל שלעזינגער, שיקאַגאָ.

---

## SCHLESINGER MORRIS
## שלעזינגער מאָריס

סאַרדזשענט

געבוירן דעם 14-טן נאָוועמבער 1920.
זון פון שלמה און הענדל שלעזינגער, שיקאַגאָ.

## SCHNEIDER JULIUS
## שניידער דזשוליוס

סימען פוירסט קלעס




געבוירן דעם 28-טן דעצעמבער 1918.
זון פון יוסף און דוואָשע שניידער; איידעם פון אַברהם יעקב און סיידי סענזער.

---

## SCHROEDER ARTHUR H.
## שרעדער אַרטור הערבערט

זון פון מאַקס יאָנאַס און שוירלי שרעדער, ניו-יאָרק.

---

## SHYER SIDNEY
## שייער סידניי




זון פון משה און עדא שייער.

## BERKOWITZ ABRAHAM
## בערקאָוויטש אַברהם



ער איז אַלטער שאַכטל-מאַכערס אַן איניקל. לייזער בערקאָוויטש, איינער פון די אַקטיווע מיטאַרבעטער אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט" איז זיין פעטער. ער האָט אויסגעוואַנדערט פון טשענסטאָכאָוו קיין זיד-אַפריקע און איז אין דער צווייטער וועלט-מלחמה אַלס קאָרפּאָראַל אין דער זיד-אַפריקאַנער אַרמיי, דורך ארץ ישראל געגאַנגען אויף ליביע (פריערדיקע איטאַליענישע קאָלאָניע). אין ארץ ישראל האָט ער זיך געטראָפן מיט טשענסטאָכאָווער פריינט און אָפּגעגעבן אַ גרוס פון לאַנדסלייט אין זיד-אַפריקע, וואָס קומען זיך אָפּט צוזאַמען.

אַלס טשענסטאָכאָווער אין דער זיד-אַפריקאַנער אַרמיי, וואָס האָט מאַרשירט אויף ליביע — איז ער געווען אַ לעבעדיקער סימבאָל פון אונזער יידישן טשענסטאָכאָוו, וואָס וועט ווייטער לעבן אין אַלע וועלט-טיילן וואו נאָר אירע קינדער געפינען זיך.

---

## צוגאָב

•

## HEILBORN
## היילבאָרן



## BEIGELMAN
## בייגעלמאַן



### VLODOVSKY MEYER
### װלאָדאָװסקי מאיר



קצין בײַ דער מאַרינע אין די פֿאַראײניקטע אַרמײען

### WALKER WILLIAM
### װאלקער װילי



### SCHLESINGER KURT
### שלעזינגער קורט



### WALKER A.
### װאלקער א.



### WILLINGER SHLOIM
### װילינגער שלמה זלמן



### WILLINGER HENRY R.
### װילינגער הענרי רובין



### WEISKOFF SEYMOUR
### װײסקאָף סײמאָר



געבוירן דעם 18-טן נאָװעמבער 1914.
זון פֿון דוד און עני װײסקאָף, ניו-יאָרק.

### WEISKOFF SEYMOUR
### װײסקאָף סײמאָר



### GOLDSTEIN MORTON
### גאָלדשטײן מאָרטאָן



זון פֿון י. גאָלדשטײן (ישראל'קע צוקערבעקער).

### GOODMAN — MALARSKI JERRY
### גודמאַן — מאַלאַרסקי דזשערי



### HANIGMAN
### האָניגמאַן



זון פֿון יעקב האָניגמאַן.

### HAUPTMAN CHARLIE
### הויפּטמאַן טשאַרלי



## CHARNEY WOLF
## טשאַרני וואָלף



זון פון יעקבֿ דוד און שרה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה אַריינגעטראָטן אַלס פריי-וויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי צום קאַמף קעגן נאַצי-דייטשלאַנד. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין מאַרסעל אין 1941 דורך דער ווישער פּאָליציי, בשעת זייער איבערפאַל אויף די דאָרטיקע יידן.

---

## LEVIN JACOB
## לעווין דזשייקאָב



---

## ITZHAKI (ITZEK)
## יצחקי יצחק



זון פון חיים און הינדע איצעק.

## JAKUBOVITCH ELIEZER
## יאַקובאָוויטש אליעזר



## JARZAMBECK SH.
## יארזאָמבעק שלמה בן מאיר



---

## LEFKOWITZ REUBEN
## לעפקאָוויטש ראובן



---

## MONAWITZ HERBERT
## מאָנאָוויטש הערבערט



געבוירן מאַי 1926. זון פון הערריי און רעגינע מאָנאָוויטש.

## MENDELSOHN MURRAY
## מענדעלסאָן מאָררייי



## FIERTAG S.
## פייערטאָג שושנה



אין דינסט פון „משמר אזרחי"

---

## FIERTAG G.
## פייערטאָג גאדט



אין דינסט פון „משמר אזרחי"

---

## FIERSTEIN HY
## פייערשטיין ה.



SCHWARTZ SAUL
שווארץ סאָל.



געבוירן דעם 10-טן מערץ 1921. זון פון בערל און גאָססי שווארץ.

SCHWARTZ SAUL
שווארץ סאָל.



SHTEINITZ DAVID
שטייניץ דוד



זון פון מרדכי און קיילע שוואַרצבוים.

SCHWARTZBAUM A.
שוואַרצבוים אשר



זון פון מרדכי און קיילע שוואַרצבוים.

KARTOUS E.
קאַרטוס יעקב



MARKSON K.
מאַרקסאָן ק.



געבוירן אין קאָניעצפּאָל (פּוילן). זון פון שלמה און שרה מאַרקסאָן.

KATZ LEO
קאַץ לעאָ



COOPER—LIEBERMAN
קופּער—ליבערמאַן



ראוז—קופּער



KREMSDORF JEROME
קרעמסדאָרף דזשעראָם



KREMSDORF MORTON
קרעמסדאָרף מאָרטאָן



**WALKER JACOB**

**וואַלקער דזשייקאָב**



געבוירן דעם 27-טן מערץ 1923.

**פריימאַן מאָריס**







**ALBERT**

**אַלבערט**



705 Saratoga Av., B'klyn, N.Y.

**BROCKMAN WILLY**

**בראָקמאַן ווילי**



**GELBER DAVID**

**געלבער דוד**



**ENZEL HAROLD**

**ענזעל האַראָלד**



**GOLDMAN JOE**

**גאָלדמאַן דזשאָו**



**ZYGAS SEYMOUR**

**זיגאַס סימאָר**



Grandson of Mr. Wasserman

איניקל פון ישעיה וואַסערמאַן



**SCHLESINGER MORRIS**

**שלעזינגער מאָררים**



## צום אייביגען אָנדענקען

# דעם אָנדיינק פון די, וואָס זיינען אַוועק פון אונז אין זייער אייביגער רו

די רשימה, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז נאָר אַ קליי־נער טייל פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון אונדזער שטאָט און האָבן פאַרדינט, אַז זייערע נעמען זאָלן לייכטן אין דער געשיכטע פון יידישן טשענסטאָכאָוו.

---

## אַלטער מיכאַל און צעשע.

אַלטער מיכאַל, אַ ס.ס.'אָוויעץ פון די יינגסטע יאָרן ביז דער עלטער — האָט קיין יידיש נישט געקענט. ער איז געווען אַ פּראַקטישער טוער און פלאַנירער פון דער פּאַרטיי.



מיכאל אַלטער



צעשע אַלטער



האַנקעלע אַלטער

צעשע פעדערמאַן, מיט וועמען ער האָט חתונה געהאַט אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה איז געווען באַשעפ-טיקט אין נויפעלדס אָפיס. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר באַשיידנקייט און מיט איר אַריסטאָקראַטיש, זעלטן-אָריגינעל פּנים.

מיכאל אַלטער, צעשע און זייער קינד — האַנקעלע זיינען אומגעקומען אין די יאָרן 1939—1945.

•

## באַטשאַן דוב בער.

בערל באַטשאַן איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין 1877. אין 1898 האָט ער, צוזאַמען מיט זיין פאָטער, ר' משה באַטשאַן, געגרינדעט די יידישע דרוקעריי אויף אַלעע 6. נאָכן טויט פון זיין פאָטער איז די דרוקעריי געפירט געוואָרן בשותפות מיט זיין ברודער, דעם זעצער און דרוקער שמעון באַטשאַן.

בערל באַטשאַן איז געווען פאַרוואַלטונג-מיטגליד פון איי-ניקע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַרויסגעבער פון „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט" און „טשענסטאָכאָווער צייטונג".

ער איז געשטאָרבן כ"ג סיון תרצ"ט אין עלטער פון 62 יאָר.

## בירנבוים אברהם בער.

אַברהם בער בירנבוים איז געבוירן געוואָרן 3 טעג אין חודש שבט 1865 אין פולטוסק (פוילן), אין דער פרומער פאַמיליע פון אַ קאָצקער חסיד, אַ ייד אַ למדן.

ביז 12 יאָר האָט אַבֿרהם בער געלערנט אין חדרים, דער-נאָך — אין בית-המדרש. צו 17 יאָר האָט אים זיין פאָטער חתונה געמאַכט. ער איז געווען פון די גרויסע טיש-זינגער ביים רבין, ער האָט אָבער זיין נשמה איבערגעגעבן צו מוזיק. דאָס איז זיין שווער ניט געפעלן און מען האָט אים אָפּגע'גט. צו 19 יאָר האָט בירנבוים חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל.



אַבֿרהם בער בירנבוים מיט זיין פאַמיליע

אין 1890 איז ער געוואָרן חזן און שוחט אין פראסניש. אין 1893 האָט ער אַוועקגעוואָרפן שחיטות און אָנגענומען די איינלאַדונג צו ווערן אויבער-קאַנטאָר אין דער ניי-אויפ-געבויטער סינאַגאָגע פון טשענסטאָכאָוו. דאָ האָט זיך פאַר בירנבוימען געעפנט אַ נייע וועלט. ער האָט זיך ערנסט גע-נומען צו מוזיק, אָנגעהויבן צו שרייבן מוזיקאַלישע אַרטיקלען אין העברעאיש און דייטש.

אין 1906 האָט ער געעפנט אין טשענסטאָכאָוו אַ חזנים-שול, וואו ער האָט זיך באַמיט צו פאַראייניקן חזנות מיט וועלטלעכער מוזיקאַלישער בילדונג. די חזנים-שול האָט דער-צויגן צענדליקער חזנים און שפּעטער — גרויסע אָפּערא-זינגער און געהאַט אַ שם אין גאַנץ פוילן און רוסלאַנד. נאָך 13 יאָר חזנות איז ער אויך געוואָרן פּרעדיגער אין דער דייטשער שול.

אין 1913 האָט ער רעזיגנירט פון זיין פּאָסטן אַלס טשענ-סטאָכאָווער אויבער-קאַנטאָר און האָט זיך באַזעצט אין לאָדזש.

ווען ער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אויף אַ גע-שעפטלעכן באַזוך איז ער פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף אַ מאַרך-אַנטצינדונג און איז געשטאָרבן פרייטאָג דעם 11-טן נאָוועמבער 1922 אין עלטער פון 58 יאָר.

**בירנצווייג מאַכל.**—מאַכל בירנצווייג איז געבוירן געוואָרן אין 1907 אַלס דער יינגסטער זון ביי זיינע עלטערן. האָט באַקומען אַ יידיש־רעליגיעזע דערציאונג אין חדר, דערנאָך — אין דער יידישער גימנאַזיע, וואו ער ווערט אַריינגעצויגן אין אַ ציוניסטישן יוגנט־קרייז. ער ווערט גיך אַנטוישט אין דער ציוניסטישער אידעע און טרעט אַריין אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אונטער דער בלוטיקער הערשאַפט פון די נאַציס, איז מאַכל בירנצווייג און זיין ברודער פּנחס געווען באַשעפטיקט ביי די דייטשן אַלס טאַפּעצירער. אין דער געביידע פון וויינבערגס פאַבריק איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „מעבל־לאַגער".

עס קומט אָן דער טרויעריקסטער טאָג פאַרן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו — דער 22־טער סעפּטעמבער 1942. די גאַסן זיינען אַרומגעשטעלט מיט אוקראַאינער און נאַציס. דער וועג צום זאַמלפּלאַץ פירט דורך טויער און מעבל־לאַגער וואו עס שטייט אַ דייטשישע וואַך. אין אַ געוויסן מאָמענט געלינגט בירנצווייגן אָפּצואווענדן די וואַכזאַמקייט פון פאַרוואַלטער און פון דער וואַך און אַ שטראָם פון געטריבענע און געפּייניקטע יידן ראַטעווען זיך אין מעבל־לאַגער. זייער צאָל באַטרעפט שוין 600. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע אויפגאַבעס


מאַכל בירנצווייג

אַדורכצופירן אונטער דער נאָז פון די דייטשן און פון די צוויי יידישע שפּיאָנען, „קוליבייקע" און גנאַט, ספּעציעל אַריינגעשיקט דורך דער „געסטאַפּאָ". נאָר אַדאַנק דער עקשנות און אייזערנע נערוון פון מאַכל בירנצווייג איז דאָס מעגלעך געוואָרן.

יעקבֿ פּאַט, באַשרייבנדיק דעם אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט וועגן אים אַזוי געשריבן:

„די געהיימע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אונטער דער פירונג פון העלדישן מאכל בירנצווייג, האָט אויך געפירט אויף וועגענער שאנק, טאפּטשאנעס, קאַסטנס, אָבער אינעווייניק זיינען געלעגן יידישע מאַמעס און קינדער, וועלכע מ'האָט אַרויסגעשמוגלט אונטערן נאָז פון די דייטשן. מען האָט זיי געפירט צו פריעד־צוגעגרייטע אונטערערדישע באָנקערס. אייניקע פון יענע קינדער געפינען זיך איצט אין די קינדערהיימען."

דעם 8־טן יולי 1943 איז אין מעבל־לאַגער אַריינגעפאַלן דער דייטשישער טשענסטאָכאָווער תליון דעגענהאַרד מיט אַ באַנדע זשאַנדאַרמען און באַפוילן בירנצווייגן צונויפצונעמען זיין גאַנצע משפּחה, ד"ה זיין מוטער, ברודער און פרוי. פאַר אים איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז דער מלאך המות שטייט אים פאַר די אויגן. דאָך האָט ער זיך אַרויסגעדרייט און איז אַנטלאָפן איבער אַ פּלויט. זיין 72־יאָריקע מוטער איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מאכל בירנצווייג האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע „אָנשטענדיקע" פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אים כסדר שאַנטאַזשירט און צום סוף אים אויסגעליפערט אין די הענט פון די תליינים. מען האָט אים געבראַכט אין דער תפיסה אַ צעבראָכענעם און דערשלאָגענעם. ער האָט מער נישט געהאַט קיין ווילן צו אַנטלויפן. דעם 28־טן יולי איז ער דער־שאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך 60 יידן אויפן יידישן בית־עולם.

**בערקאָוויטש לייביש.**—לייבל בערקאָוויטש איז געווען איינער פון יינגן דור יידישע אַרבעטער, וואָס די פרייהייט־באַוועגונג פון 1905 האָט אויפגעוועקט צום קאַמף פאַר אַ נייַ און געזונט יידיש לעבן. ער האָט זיין גאַנץ לעבן געדינט דער אידעע פון ס.ס., דעם סאָציאַליסטישן טעריטאָ־ריאַליזם. ער האָט חתונה געהאַט מיט יענטל שליווינסקאַ און די 5 קינדער, וואָס זיי האָבן אויפגעהאָדעוועט: רוזשע, שמשון, דאַליע, געניע און מאָטוש זיינען געווען צווישן די ערשטע שיינהייטן, זינגער און אַרטיסטן פון דער י. ל. פּרץ קינדערהיים און פאָלקשול, וואָס לייביש און יענטל בערקאָוויטש זיינען געווען איינע פון זייערע גרינדער.


לייביש בערקאָוויטש


געניע בערקאָוויטש

לייביש און יענטל בערקאָוויטש מיט זייער טאָכטער רוזשע און איר קינד, ווי אויך שמשון זיינען אומגעקומען אין דער נאַצי־צייט. געבליבן איז געניע (היינט אַ לערערין אין דער י. ל. פּרץ שול) מיט איר מאַן און מאָטוש.

•

**בערקאָוויטש לייזער.**—זיין רבי, וועמען ער איז נאָכגעגאַנגען, איז געווען רפאל פעדערמאַן. מיט אים צוזאַמען האָט ער אָנגעהויבן אין דער ס.ד.ק.פּ.ל., איז אַריבער צו די ס.ס., אָנטייל גענומען אין די כאָרן פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט", „לירא", דערנאָך ווידער אין דער פּאַרטיי „פּאַראייניקטע". ער איז געווען אַ קאַמאַשן־שטעפּער און לאַנג געאַרבעט אין דזיאַלאָשינסקי'ס ווערקשטעל, שפּעטער האָט ער געפירט אַן אייגענע ווערקשטעל אויף דער צווייטער אַלעע. פון אים, זיין פרוי פון נאָוואָ־ראַדאָמסק און קינדער זיינען קיין זכר נישט געבליבן.

•

**באַטאַוויע דר. און דר. קולין קיהן.**—חוץ זייער טעטיקייט אין אַ גאַנצער ריי וואוילטעטיקע און קהלשע געזעלשאַפטן, האָבן זיי זיך באַזונדער אויסגעצייכנט אין דער אָנפירונג פון יידישן שפּיטאָל. כדאי צו באַמערקן, אַז צו דער אַנטוויקלונג פון יידישן שפּיטאָל האָט אַ סך מיטגעווירקט דער קריסטלעכער דאָקטאָר מיקולסקי.

•

**בראַט אַברהם.**—שטיל, געלאַסן, שטענדיק פאַרשלאָסן אין זיך, האָט אַבֿרהם בראַט כמעט נאָך אַלס קינד אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע קאַריערע. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דער ביוראָ פון דער ס"ס'שער אָרגאַניזאַציע אויף אַלעע 43. ער איז שפּעטער געוואָרן דער בוך־פירער פון דער גרויסער „פּאַראייניקטער" „מלוכה" אין טשענסטאָכאָוו, אַדמיניסטראַטאָר פון „דאָס נייַע וואָרט" און צענדליקע אַנדערע אַדמיניסטראַטיווע אַרבעטן אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס.

אין 1924 האָט ער חתונה געהאַט מיט חבֿרטע רוזשע פּלאַוונער.

אין 1926 האָט ער איבערגענומען די פירונג פון דער י. ל. פּרץ קינדערהיים און פאָלקשול, אַ זכיה, וואָס איז באַשערט געווען זייער ווייניק מענטשן, אָבער אויך אַ שווערער עול און איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג אין די אומשטענדן פון פּאַרטיי-קאַמף פון אינעווייניק און פאַשיסטישער רעאַקציע פון דרויסן.

אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציס האָט ער, צוזאַמען מיט וואָלף פייגע, נאָך אַכטונג געגעבן אויפן י. ל. פּרץ הויז, וואָס איז געווען אַ מקום מקלט פאַר די פּליטים פון לאָדזש און פּלאָצק. אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער וועלט-מלחמה זיינען נאָך אָנגעקומען בריוו פון אים. אין איין בריוו לאָזט ער וויסן, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין וואוינונג צוזאַמען מיטן מעבל און וועש. די נאַציס האָבן פון אים אַלץ צוגענומען און צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע פאַרשפּאַרט אין דער געטאָ.



אַבֿרהם בראַט



רוזשע בראַט—פּלאַוונער



טאָכטער פֿון א. און ר. בראַט

אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער, צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער — דעמאָלט שוין 16 יאָר אַלט — אַוועק אויף דעם וועג פון די מיליאָנען יידישע קדושים.

•

## בראָם אַרנאָלד ד״ר

—לאַנגיאָריקער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו. ער איז אויך געווען מיטגליד פון דער קהילה-פאַרוואַלטונג אין ראַט-כאַן אין שטאָט-ראַט.

•

## גאַטאיינער הערשל.

—זיין הויפּט-שטריך איז געווען חקרנות. ער האָט אָנגעהויבן אַלס שילער פון דער אָרטי-קער האַנדלס-שול, אין דעם הוטל מיטן בלויען לאַמפּאַס. דע-מאָלט האָט ער געהערט צו דער גרופּע ס״ס׳שער האַלב-אינטע-ליגענץ. שפּעטער האָט ער שטודירט אין קראָקע. אין די יאָרן פון דער קולטור-טעטיקייט האָט ער אויף די גאַסן פון טשענ-סטאָכאָוו, אויף די שפּאַצירן אין די אַלעען אַ סך פילאָזאָפירט וועגן ניטשען, שאָפּענהאַוערן, קאַנטן, העגעלן און שפּינאָזאַן.

ער האָט חתונה געהאַט מיט פרל. רייכער און געפירט אייגענע געשעפטן. ער איז געווען אַן אָריגינעלער מענטשן און אַ שטאַר-קער כאַראַקטער, שווער מנצח צו זיין אין אַ דיסקוסיע וועגן געזעלשאַפטלעכע פראַגן. איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

•

## גייסלער היפּאָליט ד״ר.

—ד״ר גייסלער האָט צומ-מיינסטן געווידמעט זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט דעם יידישן בעל-מלאָכה און האָט לאַנגע יאָרן אָנגעפירט מיטן האַנטווערקער-קלוב.

•

## גאָלדשטיין שמואל.

—שמואל גאָלדשטיין האָט שוין אין 1914 פיגורירט אַלס ערשטער פון די קאַנדידאַטן פאַר דאָזאָרעס צו דער יידישער גמינע, אויף דער ליסטע, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן קעגן די „אַסימילאַטאָרן״.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער געוואָרן פּרעזעס פון דער יידישער גמינע און אָנגעהאַלטן דעם אַמט אַ לאַנגע צייט.

אונטער דער נאַציישער אָקופּאַציע איז ער ביז 1940 געווען אין וואַרשע, דערנאָך צוריקגעקומען קיין טשענסטאָ-כאָוו, וואו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע מערדער אין טרעבלינקע.

•

## געלבער מאיר

— זון פון חיים הירש און רויזע.



מאיר געלבער

געבוירן 1890. געטיילט דעם גורל פון די קדושים אין די יאָרן 1939—1945.

•

## ווילענבערג פּרץ.

—פּרץ ווילענבערג איז געווען באַקאַנט אין טשענסטאַכאָוו אַלס קונסט-מאָלער. מיט אייניקע פון זיינע קונסט-בילדער האָט ער זיך דערוואָרבן אַ נאָמען און אָנערקענונג אין גאַנץ פּוילן. ער איז געווען אַ מייסטער אין




צייכענונגען פון פּ. ווילענבערג מיט דעם אייגנאַרטיקן יידישן סטיל, געווידמעט די יידישע קדושים און פּערזענלעכקייטן.

צייכענען, האָט געפירט ביי זיך אין הויז אַ קונסט-שול און איז געווען לערער פון צייכענען אין דער האַנטווערקער-שול, יידישע גימנאַזיע און אין דער י. ל. פרץ פאָלקשול.

בעת דער נאַצישער הערשאַפט האָט ער זיך געפונען אין וואַרשע, פאַרשטעלט אַלס טויב-שטומער, כדי זיך נישט צו פאַרראַטן מיט זיין פוילישער אויסשפּראַך. נאָך היטלערס מפּלה האָט ער געלעבט אין לאָדזש, וואו ער איז געשטאָרבן דעם 17-טן פעברואַר 1947 אין עלטער פון 73 יאָר.

•

**וויינשטאָק חיים, עפּשטיין אַדאָלף, פּיליפּאָוויץ דוד** האָבן אָנגעפירט מיטן קליינהענדלער-פאַראיין און אָפּגעגעבן אַ סך צייט און כוחות אין קאַמף צו באַשיצן דעם יידישן מאַרק-שטייער און קליין-הענדלער.

**זשאַרנאָוויעצקי יעקב יצחק** — זיין גאַנץ לעבן איז געווען: אַרבעט און נויט. פון די יינגסטע יאָרן פון זיין לעבן ביז זיין מאַרטירער-טויט. ער האָט אָנגעהויבן אַלס שפּילצייג-אַרבעטער און פּשוטער זעלנער אין די רייען פון ס"ס אין די יאָרן 1904/5. ער איז נישט אָפּגעשטאַנען פון זיין פּאַרטיי אין די רעאַקציאָנערע יאָרן. בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער געווען אַן אייזנבאַן-אַרבעטער און דעמאָלט חתונה געהאַט מיט דאָרקע שאכער. ער איז „באַפּרייט" געוואָרן פון זיין אַרבעט צוזאַמען מיט דער באַפּרייאונג פון פוילן און איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער צענטראַל-ביורע, פון צענטראַל-ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אָנגעפירט מיט אַ גרויסע צאָל פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. מאַטעריעל האָט ער זיך אָבער געמאַטערט און געליטן נויט. ער איז געוואָרן אַ טאַטע פון צוויי קינדער און די נויט איז געוואָרן גרעסער. ווען די טשענסטאָכאָווער שטאָט-פאַרוואַלטונג האָט איינגעפירט אַן אָמניבוס-פאַרקער צווישן ראַקאָוו און דער שטאָט, איז ער ווי דורך אַ נס געווען דער איינציקער יידישער קאָנדוקטאָר צווישן די, יידן-ריין, שטאָטישע אָנגעשטעלטע. ער איז געווען כמעט דער איינציקער אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז צוזאַמען מיט ד"ר קרוק איבערגעגאַנגען צו די פּועלי-ציון. זיין מאַרטירער-טויט איז באַשריבן אין די באַריכטן פון חורבן טשענסטאָכאָוו.

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז אומגעקומען אַ שטילער, באַשיידענער פאָלקס-מענטש.

•

**זיידמאַן, פּרענטקע, קויפּמאַן** — האָבן אָנגעפירט מיט די לינקע פּועלי-ציון.

•

**פויגל מענדל, קרעל יצחק מאיר** — זיינען געווען טוער פון דער „אגודה". דער לעצטער איז אויך געווען ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָט-ראַט.

•

**אַדוואָקאַט מענדל קאָניאַרסקי, וויליאַם זשעריקער, ד"ר אַש** (אַ זון פון רב ר' נחום אַש) — האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טעטיקייט לטובת די יידן פון טשענסטאָכאָוו. ד"ר אַש איז אויך געווען איינער פון די גרינדער און אין משך פון אַ סך יאָרן פּאָרזיצער פון „מכבי".

•

**רבי יוסף שמעון קאַבלינץ ז"ל.**—יוסף שמעון קאַבלינץ איז געווען איינער פון די זעלטנסטע טיפן רעליגיעזע יידן, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט פאַרמאָגט. אין זיין יוגנט איז ער צוגעשטאַנען צו דער חובבי-ציון-באַוועגונג, און זייענדיק אַ טאַלאַנטפולער מטיף און גרויסער תלמיד חכם — האָבן זיינע באַרימטע דרשות, באַזונדער וועגן ארץ-ישראל, צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל צוהערער.

במשך פון 45 יאָר, וואָס ער האָט געלעבט אין טשענסטאָכאָוו, איז ער געווען טעטיק אין אַ גרויסער צאָל געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. ער איז געשטאָרבן נאָוועמבער 1937 (כסלו תרצ"ח). זיין טויט האָט אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער אין יידישן טשענסטאָכאָוו. טויזנטער מענטשן האָבן אָנטייל גענומען אין זיין לויה.

דער ועד המזרחי פון טשענסטאָכאָוו האָט באַשלאָסן צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון יוסף שמעון קאַבלינץ אין ספר הזהב פון קרן קימת לישראל.

•

**ראָזענבערג יעקב.**—יעקב ראָזענבערג איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו פון וואַרשע אין 1912 און איז באַלד געוואָרן טעטיק, צום ערשט אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט", דערנאָך — אין דער „ליראַ". ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט און געשטיצט אַלע יידישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער גימנאַזיע, אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר אַקסער. האָט געהאָלפן שאַפן די מעדעם-ביבליאָטעק און ער האָט געקעמפט פאַר יידיש און פאַר די רעכט פון די יידישע מאַסן און זייערע אייגענע אינסטיטוציעס אין די צייטן פון דער אַסימילאַטאָרישער הערשאַפט.

אַלס לאַנג-יאָריקער פּרעזעס פון דער יידישער גמינע האָט ער זיך דערוואָרבן די ליבע און אָנערקענונג פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו.

יעקב ראָזענבערג איז געשטאָרבן אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. פון זיין פאַמיליע (פרוי און איינציקע טאָכטער) איז קיין זכר נישט פאַרבליבן.

•

**פייגע וואָלף.**—ער איז געווען אַן אַרבעטער אין פייגעס ליכט-פאַבריק. זיין גאַנצע פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן דער פּאַרטיי און דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. חוץ דעם האָט ער נאָך געפונען צייט צו העלפן גרינדן אַ ביבליאָטעק אין זשאָריק און אָנטייל נעמען אין דער פאַרוואַלטונג פון די שולן. אין 1938, ווען די „אומאָפּהענגיקע" זיינען ליקווידירט געוואָרן, איז ער אַריין אין „בונד". ער און זיין פרוי זיינען אומגעקומען. זיין זון האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך אין אַ לאַגער אין דייטשלאַנד.

•

**מאַרקוספעלד הענריק.**—דאַכט זיך, אַז קיין שום אַנדער נאָמען איז נישט אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון טשענסטאָכאָוו, ווי דער נאָמען מאַרקוספעלד.



הענריק מאַרקוספעלד

די ברידער הענריק און ד"ר יוזעף מאַרקוספעלד האָבן אויפן אינדוסטריעלן, געזעלשאַפטלעכן און פילאַנטראָפּישן גע-

בית נאָכגעפאָלגט, אַנטוויקלט און פאַרברייטערט די אַרבעט, וואָס זייער טאַטע, אַדאָלף מאַרקוספעלד האָט אָנגעהויבן.

די האַנטווערקער-שול אין טשענסטאָכאָוו איז אויפגעבויט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו און מיטלען פון די ברידער העניריק און יוזעף מאַרקוספעלד אויפן נאָמען פון זייערע עלטערן — אַדאָלף און אסטינא. מיט זייער אָנטייל איז געגרינדעט געוואָרן די גערטנער-פערמע און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פילאַנטראָפישע אינסטיטוציעס. פון די צוויי ברידער האָט זיך מיט זיין געזעלשאַפטלעכקייט באַזונדער אויסגעצייכנט דער עלטערער — העניריק.

עס איז אין טשענסטאָכאָוו כמעט נישט געווען קיין איין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואו ער זאָל נישט זיין — ערן-פּרעזעס, פּאָרזיצער, אָדער פאַרוואַלטונגס-מיטגליד.

אין די פרייע אָוונטן פלעגט ער פאַרברענגען אין דער „ליראַ". אָפט פלעגט ער שטיין ביים וואַרעמען אויוון, אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע „ליריסטן". ער פלעגט זאָגן חכמות און אַמאָל — אויך מוסר די עקסטרעמע „יידישיסטן". אָבער נאָך מער ווי ביים אויוון פלעגט ער זיך אין דער „ליראַ" וואַרעמען ביים פייער פון דער יוגנט.

זיינע פילפאַכע פליכטן און באַשעפטיקונגען האָבן אים קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן אָנטייל צו נעמען אין די זיצונגען פון די וואַרוואַלטונגען פון צענדליקער אינסטיטוציעס. ער האָט זעלטן פאַרפעלט אַ זיצונג.

איינמאָל האָט ער פאַרשפּעטיקט אַ זיצונג אין דער „ליראַ". ער האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז ער קומט דירעקט מיטן קוריער פון ברעסלוי. „איך פיל זיך צווישן אייך בעסער ווי מיט די דייטשן..." — האָט ער צוגעגעבן.

מיט זיין אויטאָריטעט און הילף האָבן עקזיסטירט אַ גאַנצע ריי יידישע קולטורעלע און פּראָפעסיאָנעלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך פינאַנציעל שטענדיק געוואַקלט. ער האָט געצאָלט דירה-געלט, ער האָט געדעקט די דעפיציטן פון די אונטערנעמונגען. „וואָס הערט זיך עפּעס וועגן דירה-געלט" — פלעגט ער פרעגן דעם דענטיסט אהרן פּרץ, פּאָרזיצער פון דער „ליראַ" — „קום אַריין צו מיר מאָרגן..."

ווען העניריק מאַרקוספעלד איז געשטאָרבן, האָט גאַנץ טשענסטאָכאָוו געטרויערט נאָך אים און אים געגעבן די גרעסטע לויה, וואָס אַ מענטש האָט ווען עס איז געהאַט.

•

## נירענבערג יהושע.— די נירענבערגס האָט מען געקענט מיט זייער שרייב-געצייג-קראָם אויף דער צווייטער אַלעע. זייערע צוויי זין — העניך און יהושע — זיינען געווען ס"ס-אָוועצעס. אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע איז יהושע נירנבערג דערשינען בעת די ערשטע וואַלן צום טשענסטאָכאָווער שטאָט-ראַט בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין 1917. ער איז דעמאָלט, צוזאַמען מיט נאָך דריי, דערוויילט געוואָרן אויף דער ס"ס-ישער ליסטע אין דער 6-טער קוריע. ער איז נאָך אַמאָל אויסדערוויילט געוואָרן אַלס שטאָט-ראַטמאַן אין „פרייען" פּוילן און זיינע אַרויסטריטן מיט „האַרטע פאַקטן" קעגן די אַנטיסעמיטישע פירער פון שטאָט-ראַט האָט זיי קיין גרויס נחת נישט פאַרשאַפט. דאָך איז ער שפּעטער געווען דער איינציקער יידישער אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט.

אויך פון אים, זיין פרוי און איינציקן זון מאָניעק איז קיין זכר נישט געבליבן...

•

## נעמיראָווסקי שמואל — איינער פון די ענערגישסטע עסקנים פון דער צייט נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה. פאָרזיצער פון „הכנסת אורחים", מיטגרינדער פון „מכבי", פאָרזיצער פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי און עסקן אין אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס. אומגעקומען בעת דער נאַצי-צייט.

## ערליך הערשעלע — ער איז געווען דער שטילער טרוימער פון . . . קאַמיק, פון זיין קליין שטעטל. דער חלום פון זיין לעבן איז געווען — צו זען קאַמיק „אויפגעלעבט", אַרבעטאָריש, פּראָגרעסיוו. זיין גרעסטע דערגרייכונג — די קינדערהיים און פאָלקשול אין קאַמיק. ער איז געווען אַ ס"ס-אָוויעץ, אַ „פאַראייניקטער" און אַ „פרייַלאַנדיסט". אַזוי שטילשוויַגעריש ווי ער איז געווען — אַזוי זיינע אַמביציעס: עפּעס טאָן פאַר זיין קאַמיק, אַרויסהעלפן אין דער רעדאַקציע פון „דאָס נייע וואָרט" אין טשענסטאָכאָוו. דאָסזעלביקע ווען ער איז געווען אין וואַרשע..



הערשעלע ערליך

אין וואַרשע האָט ער חתונה געהאַט, געהאַט אַ קינד און געלעבט אין שרעקלעכער אָרעמקייט ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ קיך. געהונגערט מיט זיין ווייב און קינד, אָבער אַלץ, וואָס איז אים נאָך געבליבן: אַביסל צייט — אָפּגעבן אַנדערע. ער איז אומגעקומען אין די יאָרן 1945—1939.

•

## ראָטבאַרד זעליג און צעשאַ (שיין).— זעליג ראָטבאַרד, אַ זון פון איטשע בער און שפּרינצע, וואָס האָבן געפירט אַ לעדער-געשעפט אויפן אַלטן מאַרק 23 — איז געווען אַ גוט-באַקאַנטער נאָמען אין טשענסטאָכאָוו. אין זיינע גאָר-יונגע יאָרן האָט ער געהערט צו ד'ער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (ס. ד. ק. פּ. ל.). שפּעטער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אַלס טעטיקער מיטגליד אָן דער „יידיש-ליטעראַרישער געזעלשאַפט", וואו ער האָט זיך באַקענט מיט צעשאַ שיין און מיט איר חתונה געהאַט. זיי האָבן אויפגעכאָוועט צוויי טעכטער: די עלטערע — לאָלאַ (לאה) און יינגערע — סעלאַ (פייגל).



זעליג ראָטבאַרד

אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציס האָט זעליג ראָטבאַרד געהערט צום יידן-ראַט און ער, צוזאַמען מיט זיין פרוי און יינגערע טאָכטער זיינען אומגעקומען מיט דער גרופּע יידן, וואָס זיינען אין טאָג פון פּורים אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית-עולם און דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן.

זייער עלטערע טאָכטער האָט אין 1940 חתונה געהאַט מיט העברי (הענעך) העלמאַן.ביידע האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך איצט אין ניו-יאָרק.

•

**ריכטער דוד.**—אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט פון פאַרמלחמהדיקן פוילן האָט דוד ריכטער פאַרנומען איינע פון די וויכטיקסטע ערטער ביי דער מזרח-וואַנט פון דער באַוועגונג. אַ געבוירענער אין טשענסטאָכאָוו, האָט ער באַהערשט אויסגעצייכנט די פוילישע שפּראַך (געווען טעטיק אַלס פּובליציסט און רעדאַקטאָר אויך אין דער פּויליש-פּראָלעטאַרישער פּרעסע), און דאָך האָט אים געוואַלטיק געצויגן צו יידיש, צו יידישער קולטור, צו יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. געקומען איז ער פון דער אַלטער פּוילישער סאָצ. דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (ס.ד.ק.פּ.ל.), צוזאַמען מיט די בעסטע עלעמענטן פון דער פּאַרטיי זיך אַריינגעגאָסן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון פוילן. און מערקווירדיק: געקומען פון ס.ד.ק.פּ.ל., וואו די אַסימילאַטאָרישע און נאַציאָנאַל-ניהיליסטישע טענדענצן זיינען געווען גענוג גרויס, און דאָך זיך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג געשטעלט גלייך צו יידישער אַרבעט. דער דאָזיקער אַרבעט איז דוד ריכטער געבליבן טריי ביז צום סוף.

דוד ריכטער האָט אויפגעגלאַנצט ווי אַ פּרעכטיקער פּובליציסט, ווי אַן עלעמענטאַרער און איינציק לאָגיש-שאַרפער פּאָלעמיסט, ווי אַ פיינער פעליעטאָניסט און טעאַטער-קריטיקער, מיט געשמאַק און מאָס.

זיינע ערנסטע פּובליציסטישע אַרבעטן אין דער „ליטעראַרישער טריבונע", זיינע טעאָרעטישע פעליעטאָנען (אונטערן פּסעוודאָנים „ל. חאַנקעס"), זיינע גלענצנדיקע אַרטיקלען אין „פריינד" (אונטערן נאָמען: „ד. לייבין"), זיינע בראָשורן און ליטעראַרישע אַרבעטן — האָבן אים אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען פון דער יידישער פּובליציסטיק.

דוד ריכטער האָט פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקן סטיל — אַ לייכטפעדערדיקייט, אַן עלעגאַנץ אין שרייבן, ליב געהאַט דאָס ווערטערשפּיל, פיינט געהאַט די סתם-שיינע פראַזע, תמיד אַרגומענטירט לאָגיש, מיט טאַקט.

די יאָרן תפיסה אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, די כסדרדיקע ביטערע דאגות פּרנסה, דאָס אומרואיקע לעבן האָבן אים נישט געמאַכט בייז, גאַליק, שווער-מוטיק. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ וויץ, אַ גלייכווערטל אויף די ליפּן, שטענדיק געווען געמיטלעך, געהאַט צייט זיך אַדורכצושמועסן וועגן די נייסטע פאָרמען פון דער מאָלערישער קונסט, צי וועגן אַן אינטערעסאַנטן טעאַטער-ספּעקטאַקל. דאָס איז געווען אַ לעבנס-פריידיקער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און ליב געהאַט חבֿרים.

אין ביאַליסטאָק, אין יאָר 1940, איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער יידישער צייטונג „ביאַליסטאָקער שטערן", און זיך געווידמעט געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער אַרבעט.

ער איז אומגעקומען בעת דער שחיטה אין סלאָנים אין יאָר 1941.

•

**שלעזינגער דודעק.**—ער איז געווען אַ זון פון רייכע עלטערן. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ גרויס הויז און אַ פאַבריק פון סטענגעס אויף ספּאָדעק גאַס. ער האָט שטודירט אַלס אינזשיניער אין בעלגיע אָבער דעם קורס נישט פאַרענדיקט. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. ער האָט, צוזאַמען מיט יוזשעק פינקעלשטיין, אָנגעפירט מיטן אַרבעטער-ראַט. זיין ענערגיע האָט ווי אַ פייער-לאַווע אָן אויפהער געשטראָמט אין אַלע טעטיקייטן פון די „פאַראייניקטע" און שפּעטער — „אומאָפּהענגיקע". אין דער פּאַרטיי האָט ער זיך באַקענט מיט רעגינע גראָס, די אָריגינעלע שיינהייט, אויסגעוואַקסן אין קעלער אין הויז אויף ראָג ספּאַדעק און אָגראָדאָווע און מיט איר חתונה געהאַט. אין די צייטן פון דער נאַצישער ממשלה האָבן זיי זייער איינציק קינד פּרובירט ראַטעווען, אָפּגעבנדיק עס צו אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט זיי פאַרראַטן. די „געסטאַפּאָ" האָט דאָס קינד געבראַכט אין זייער הויז און פאַר די אויגן פון טאַטע-מאַמע עס דערמאָרדעט. ביידע — דודעק און רעניע — זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קדושים פון טשענסטאָכאָוו.

•

**שלעזינגער דוד, שטילער זיגמונד, באַזשיקאָווסקי דוד, די ברידער דיקמאַן, נויפעלד מאָריץ** — האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט פון פאַבריקאַנטן- און סוחרים-פאַראיין. מאָריץ נויפעלד, פריער אַן „אַסימילאַטאָר", האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיינע מוטיקע אַרויסטרעטונגען קעגן די „ענדעקעס" אין שטאָט-ראַט.

•

**שאַפּיראָ פעליקס.**—צום ערשטן איינער פון די אָנפירער פון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע, שפּעטער — ציוניסטישער טוער אין לאָווניק אין מאַגיסטראַט. ער האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זיין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין שטאָט-ראַט.

•

**וועקסלער חיים.**—אַ מזרחי-טוער. איז געווען פּרעזעס פון קהילה און לאַנגע יאָרן ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָט-ראַט. ער איז געווען באַליבט אין דער שטאָט אַלס גוטהאַרציקער מענטש און בעל צדקה.

•

**פרוי סאַלאָמעאַ שטאַרקע.**—דאָס זקנים און יתומים הויז אויפן נאָמען פון מינא ווערדע איז אין טשענסטאָכאָוו געווען איינע פון די פּאָפּולערסטע אינסטיטוציעס און פרוי סאַלאָמעאַ שטאַרקע האָט מיט איר זעלטענער ענערגיע, כמעט אַליין געטראָגן אויף זיך דעם עול אויפצוהאַלטן די אינסטיטוציעס אין משך פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. עס איז איר געלונגען אויסצוואווירקן פאַר דעם אַנשטאַלט געוויסע סובסידיעס פון מאַגיסטראַט, 2,000 זל. אַ חודש, פון דער יידישער גמינע און מער פאַראינטערעסירונג מצד די "דאָבראָטשינאָשטש". דאָס האָט דערמעגלעכט איינצופירן אַ קיך פאַר די יתומים און זקנים און אין 1928 איז צוגעבויט געוואָרן אַ נייער שטאָק צו דעם אַלטן בנין. די צאָל זקנים און יתומים אין הויז האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן. פאַר די קינדער איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַ לערער-פּערסאָנאַל.



סאַלאָמעאַ שטאַרקע

פאָרשטייער פון דער טשענסטאָכאָווער יידישער געזעלשאַפט האָבן אויסגעדריקט דער פרוי סאַלאָמעאַ שטאַרקע אָנערקענונג און דאַנק. זי איז אומגעקומען אין די יאָרן 1939-1945.